פערלאג „ארבייטער פריינד“.

SOUVENIRS et AVENTURES
DE
LOUISE MICHEL.



# לואיזע מישעל׳ס לעבענס־בעשרייבונג.

געשריבען פון איהר אליין.



איבערזעצט פון א. פרומקין.



לאָנדאָן, 1906—1908.

„ארבייטער פריינד“ דרוקעריי, 163 דזשובילי סטריט, מייל ענד.

# אינהאלטס-פערצייכנים:

## ערשטער טהייל—די קאמונע.





## צווייטער טהייל — אין ניי־קאלעדאניען.

זייטע





## דריטער טהייל—צוריק אין דערהיים.





# פיערטער טהייל—אין ענגלאנד.





פינפטער טהייל—די לעצטע יאהרען.







## ערשטער טהייל.

••••••

# די קאַמונע.

••••••

### I.

### די גאַסען־שלאַכט.

איך בין געבוירען געוואָרען אין דער פּראַנצויזישער פּראָווינץ „האָט-מאַרן“, אין וואָראַנקור, אַ קליין דערפעל, וואָס ליגט אויף אַ באַרג איבער אַ גרויסען טהאָל, וואו מען האָט ביינאַכט געהערט, ווי די וועלף וואויען. אָבער איך האָב קיין מורא ניט געהאַט פאַר זיי... זייט יענער צייט האָב איך בעגעגענט אַנדערע וועלף, אַסך ווילדערע איידער די פון וואָראַנקור, און יענע אפילו האָבען מיר אויך ווייניג וואָס געשראָקען.

אין 1853טען יאָהר בין איך אַריין אין לעבען אַלס לעהרעריין אין אַדעראַנקור. מיין דעביוט, מיין אָנפאַנג דאָרט איז געוועזן אַ שלעכטער, מחמת איך האָב נאָך ניט אויספּייעט זיך ריכטיג צו אַראַנזשירען אויף מיין שטעלע, האָב איך שוין געהאַט אַ שטיקעל עסק מיט דער דעמאָלדיגער רעגירונג.

דער פּאָליציי-פּרעפעקט פון האָט-מאַרן האָט מיך איינמאָל געשיקט רופען צו זיך וועגען אַ פּעליטאָן, וואו איך האָב, ווייזט אויס, שטאַרק פוגע בכבוד געווען נאַפּאָלעאָן דעם דריטען.

און אין וואָס, מיינט איהר, איז די בעליידיגונג בעשטאַנען? כ'האָב קיין אַנדער זאַך ניט געטהאָן, נור איהם פערגליכען צו אַ רוימישען קייזער!

מילא, ווי עס איז שוין, נאָכדעם ווי דער פּאָליציי-פּרעפעקט האָט מיך גוט אָנגעסטראַשעט, האָט ער געזאָגט: „ווען איהר וואָלט ניט געוועזן אַזוי יונג, קליינע אינגליקליכע וואָס איהר זייט, וואָלט מען געהאַט אַ רעכט אייך צו פערשיקען אין קאַיען...“

מען ווייסט, אַז איך האָב גאָרנישט פֿערלאָרען וואַרטענדיג, מחמת אין עטליכע יאָהר אַרום האָט מען מיך טאַקי פֿערשיקט אין ניי-קאַלעדאָניען!

אַרום 1856 בין איך געקומען קיין פאַריז און איך בין גלייך אריין אַלס לעהרערין אין דער שוהלע פֿון מאַדאַם וואָליע, וועגען וועמען איך וועל נאָך האָבען אַ געלעגענהייט צו ריידען אין דיזע ערא־ינערונגען מיינע.

דערנאָך... בין איך אַוועק אויף מאָנמאַרטר...

דאָרט האָט זיך דאָס אויף ריכטיג אָנגעהויבען מיין לעבען פֿון פראָפּאַגאַנדאַ און טהעטיגקייט.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

ביים סוף פֿון נאַפּאָלעאָן דעם דריטענ׳ס הערשאַפֿט האָב איך געוואוינט מיט מיין מוטער אין אַ קליינע, פֿרעהליכע און זויבערע דירה, אין 24 „רי הודאָן“, וואו איך האָב געעפֿענט מיין שולע.

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג, האָב איך געהאַט גענוג שילערקעס.

גאַנץ פֿריה פֿלעגען זיי זיך אַריינלאָזען צו מיר אין קלאַס, די מחנה פֿון פֿרעהליכע מיידעלאַך מיט די מונטערע, לעבעדיגע פנים׳לאַך; זיי פֿלעגען אַרומשפּרינגען אַרום מיר און מיך רופֿען: „קליינע מאַמאַ לואיזע...“

כ׳האָב זיי ליעב געהאַט, אָט די קינדערלאַך פֿון מאָנמאַרטר, גוט און אויפֿריכטיג, מונטער און פלאַפּלענדיג אַזוי ווי יונגינגע פֿייגעלאַך.

עפּעס האָט זיך מיר געדוכט, אַז זיי ברייננגען מיט זיך מיט אַ קלאָהרען שטראַהל פֿון דער זונן, אַ זיסען הויך פֿון פֿריהלינג.

ווי סען ווערט עס צוגעבונדען צו די דאָזיגע קליינינטשקע, נאַאיווינקע און אויפֿריכטיגע וועזענדלאַך, וואָס געהען אָקאָרשט אַריין אין לעבען, און וועמעס יונגינגע הערצלאַך זיינען נאָך פֿול מיט צערטליכקייט און מיט פֿרייד!

כ׳זעה זיי נאָך פֿאַר די אויגען, אָט די שעהנינקע בלאָנדע אין ברונעטע מיידעלאַך, כ׳זעה זיי נאָך אויף די פלעצער זייערע ביי מיר אין שולע.

וואו זיינען זיי אַהינגעקומען? וואָס האָט דאָס לעבען פֿון זיי געמאַכט? צו האָבען זיי זיך אויסגעדרעהט פֿון... דעם בלוט-באָד? אַה! ווי אָפֿט האָב איך געטראַכט פֿון זיי אין די פֿראַנצויזישע תפיסות און אין דער מדבר פֿון ניי-קאַלעדאָניען!...

— — — — — — — — — — — — — — —

אין דער צייט פֿון דער בעלאַגערונג איז מיין קלאַס וואָס ווייטער אַלץ שיטערער געוואָרען; און אַז די קאָמונע איז פראָקלאַמירט געוואָרען זיינען שוין אַלע ביינק געווען ליידיג.

איך האָב אַלזאָ דאַן פֿערבראַכט מיינע טעג, טרוימענדיג און בעאונרוהיגט, צווישען מיין גוטער מוטער און צוויי פֿון איהרע פֿריינדינען, וואַרטענדיג מיט אונגעדולד אויף דעם אָנקומען פֿון דעם אָוועגד. דען אַז די נאַכט האָט זיך אַראָבגעלאָזט איבער פאַריז, פֿלעג איך אַרויסגעהן מיט וואָס פֿאַר עס איז

אויסרייד: עפעס אַ לעקציאָן צו געבען, אָדער אַ קראַנקע שילערין צו בעזוכען... נאָר אין דער אמת׳ן פלעג איך אַוועקגעהן אין די קלובס און אויף די פערזאַמלונגען, וועלכע האָבען זיך אָרגאַניזירט אין מאָנמאַרטר...

נאָך׳ן נאַכט-מאָל — וואָס איך האָב ניט פערגעסען צו צוגרייטען אַזוי פריה ווי מעגליך — בין איך פערבליבען עטליכע מינוטען לעבען מיין מוטער, וועלכע פלעגט זיך נעהמען צו וואָס פאַר עס איז נעה-אַרבייט...

אין אַזוי ווי אַ קינד, וואָס פלאַנעוועט צו אַנטלויפען פון שטוב, האָב איך אַלץ אָבגעלייגט ווי ווייט מעגליך דעם מאָמענט אַרויסצוגעהן... מיין קליין הינטעלע און מיין קעצעל האָבען זיך אויסגעצייגען פאַר מיינע פיס און זיך געשפּיעלט מיט מיר, אָקוראַט ווי זיי וואָלטען פערשטאַנען, די אָרימע בריאים׳לאַך, אַז איך גרייט זיך צו, זיי צו פערלאָזען...

אָפטמאָל האָט מיין מוטער אויפגעהויבען די אויגען צו מיר, איהרע גוטע אויגען, אַזוי צערטליך און אַזוי אומעטיג..

אָרעמע מוטער!

זי האָט פערבראַכט מיט מיר גאַנץ ווייניג רוהיגע טעג...

כ׳פלעג איהר איבערלאָזען גאַנצע אָווענדען אַליין..

דערנאָך האָט זי פערבראַכט נעכט, מאָנאַטען... יאָהרען, מיך ניט זעהענדיג...

אָרימע מוטער! זי, וועמען איך האָב אַזוי שטאַרק געליעבט, אַז איך וואָלט זיך קיין מאָל ניט געוואָלט שיידען פון איהר... לעבען שטענדיג, כסדר לעבען איהר.

אָבער די אידעע, וואָס איז געווען דער ציעל פון מיין גאַנץ לעבען.. דיזע אידעע, פאַר וועלכער איך האָב אַזוי פיעל געליטען און פאַר וועלכער איך בין גרייט נאָך ווייטער צו ליידען... אָט די אידעע, זאָג איך, האָט אין גאַנצען בעהערשט מיין האַרץ און מיין מוח.

אין אַחיין דעם, דאַרף איך עס זאָגען אין מיין פערטהיידיגונג? כ׳האָב קיינמאָל ניט געטראַכט מכח די געפאַהרען אין די אונגליקען, וואָס האָבען מיך געקענט טרעפען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין פאַריז האָבען זיך די פערזאַמלונגען פערמעהרט פון טאָג צו טאָג... יעדען אָווענד פלעגען קאַמעראַדען קומען אָבוואַרטען מיך ביי מיין טהיר...

ווי איך פלעג נור דערהערען זייערע טריט אין גאַס, פלעג איך זיך אויף גיך אויפהויבען, אַרויפכאַפּען אויף מיר אַ שטרוי-הוט און אומאַרמענדיג מיין מוטער, זאָג איך צו איהר:

— מאַמאַ... כ׳געה צו אַ שילערין... געבען אַ לעקציאָן... כ׳וועל ניט בלייבען לאַנג...

די אויסגעצייכענטע פרוי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ בליק פון צווייפעל, דערנאָך... האָט זי אַ טרויעריגען שמייכעל געטהאָן...

כ׳האָב זיך געשעהמט מיט די קליינע ליגענס, נאָר וואָס האָב איך געקע
טהאָן? האָב איך איהר דען געקענט איסזאָגען דעם אמת, זיך מורה זיין פ
איהר, אַז איך געה זיך קהל׳ן אין די רעוואָלוציאָנערע גרופען?

דאָס וואָ״ט דאָך געהייסען איהר גאָר צוטרייסלען די נשמה... ס׳איז ש
בעסער געווען, אַז זי האָט געצווייפעלט...

אָבער איין אָווענד — ס׳איז געווען דעם 20 טען מאַי — האָט זי
געזאָגט מיט אַ צערטליכען זיסען טאָן:

— לואיזע... ס׳איז ניט גוט פון דיר וואָס דו גיסט זיך אָב מיט
ליטיק...

— אָה! מוטער...

— כ׳ווייס אַלעס... מען האָט מיר דע״צעהלט...

— מען האָט איבערטריבען...

— ניין, מיין קינד... כ׳ווייס, אַז דו געהסט אויף די פערזאַמלונגע
אַהין... געהסט דו דאָס געבען דיינע לעקציעס...

כ׳האָב איינגעבויגען דעם קאָפּ...

— בערעכען פאָרט, מיין טאָכטער... טאָ״ער טרעפט דיך אַן אונגליק

כ׳האָב איהר געטרייכט אַזוי גוט ווי איך האָב געקענט... ס׳איז ני
וואָס מורא צו האָבען... אונזערע פערזאַמלונגען געהען אַריבער איינפאַך
שטילע, פריעדליכע דיסקוסיאָנען... מען אַגיטירט דאָרט פאַר גרויסע
שעהנע זאַכען... מען נעהמט זיך דאָרט אָן פאַר די ערנידריגטע, פאַר
וואָס ליידען, מען טרוימט דאָרט פון גלייכהייט, פון בע...נג, פון
רעכטיגקייט...

— יאָ... — האָט מיין מוטער געזאָגט. — אָבער די גאַסען זיינען
פעהרליך איצט... דער עיקר ביי נאַכט...

— אָה! — האָב איך געענטפע״ט — ווער האָט עס דיר געזאָג
איבעריגענס, האָסט דו גאָר ניט וואָס מורא צו האָבען, כ׳געה שטענדיג
ענטשלאָסענע, מוטהיגע פריינד, וועלכע וועלען זיך לאָזען הרג׳ענען פאַר מי
ווייסט גאָר וואָס... מאַמאַ... כדי דיך צו בערוהיגען... ועל איך דיר געב
מיין וואָרט: כ׳וועל קיינמאָל ניט אַריינקומען צוריק שפעטער ווי האַל
נאַכט אין דו וועסט אימער ווייסען, וואוהין איך געה...

אין דער רגע האָט זיך פון דער גאַס דערהערט אַ גוט בעקאַנטער רוף
דאָס זיינען געווען מיטגליעדער פון דער וואַך, וועלכע זיינען געקומען נ
מיר...

— דו געהסט אלזאָ ווידער אַרויס... לואיזע, — האָט מיין מוטער געזאָ

— יאָ... אָבער האָב קיין מורא ניט... איך פערזיכער דיר, אַז איך וו
זיך ניט לאַנג זאַמען... כ׳געה צו דער פערטהיידיגונגס-קאָמיטע...

— ענדליך! — האָט די גוטע פרוי אַ זיפץ געטהאָן, און זי האָט מ
אַרומגענומען, דאָס מאָל מיט אַזאַ הארציגקייט... מיט מעהר קראַפט אייד
געוועהנליך, מיט אַ צערטליכקייט, וועלכע האָט מיך דערשראָקען...

מען וואָלט געקענט זאָגען, אַז זי האָט פּאָראייסגעזיעהן אַן אונגליק. דאָס האַרץ פון אַ מוטער האָט אָפּט: אָל אַזע׳כעפּאָרגעפּיהלען!

— — — — — — — — — — — — — — — —

אונטען האָבען אויף מיר געוואַרט צוויי קאַמעראַדען: ל. און מ.

— ס׳געהט שלעכט, — רופּט זיך אָב איינער פון זיי, — אַפּנים מען האָט געקראָגען שלעכטע נייעס פון דאָמבראָווסקי׳ן..

— וואָס פאַר נייעס?

— כ׳ווייס ניט... לאָמיר צוגעהן צום „האָטעל דע וויל", וואו די וואָהל-שטאַנדס-קאָמיסיאָן איז איצט פּערזאַמעלט... מיר וועלען דאָרט אודאי עפּעס געוואָהר ווערן...

אין „האָטעל דע וויל' האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז מען האָט ער-האַלטען אַ טעלעגראַמע פון דאָמבראָווסקי׳ן, וואו ער מעלדעט, אַז די ווערסאַילער זיינען אַריין אין פאַריז דורך׳ן טויער פון „סען-קלו" און ער בעט מען זאָל איהם שיקען הילף, וועט ער זיי צוריקשלאָגען...

עס מוז דאָ געזאָגט ווערען, אַז זייט דעם 18טען מערץ זיינען אויפגע-טהאָן געוואָרען גרויסע זאַכען, אָבער די אַרבייט פון די ליעבהאָבער פון גלייכהייט איז נאָך ניט געווען צו ענד... פיעל גרעסערע ערייגניסע האָבען נאָך געדאַרפט צושטאַנד קומען.

אָט דערפאַר האָבען מיר געמוזט זאַמלען אונזער גאַנצע ענערגיע, אונזער גאַנצען גלויבען אין אונזער כוח...

מיר האָבען זיך געמוזט צוגרייטען צו נייע זעלבסט-ענטזאַגונגען, צו אַלע סאָרטען געפאַהרען, צו אַלערליי אָפּפער!

אונזער זיעג איז דערפון אָבגעהאַנגען.

אַ קריעג, וואָס האָט גאָר זיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע, האָט מען אונז ערקלעהרט: ער האָט אונז מיט עהרע בעקרוינט און בעדעקט אונזערע שונאים מיט שאַנדע.

קיין גרויסע זאַך ווי וואַהרהייט, גערעכטיגקייט אָדער פרייהייט איז קיינמאָל ניט געקומען אויף דער וועלט, אָהן דעם, אַז די ערנידריגטע זאָלען ניט האָבען צו קעמפּפען מיט די אינטריגעס און קאַפּריזען פון געוויסע מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט אויפהאַלטען דאָס אַלטע.

די בירגער פון פראַנקרייך האָבען געהאַט פאַר זיך צוויי פראָגראַמען: דער ערשטער, דאָס איז געווען דער פּראָגראַם פון די ראָיאַליסטען פון ווערסאַיל, געפיהרט פון נאַפּאָלעאָן׳ס גענעראַלען.

אָט דער פּראָגראַם איז געווען די אייביגע שקלאַפעריי; ס׳איז געווען די אונטערדריקונג פון דער אינטעליגענץ און פון דער גערעכטיגקייט.

דער אַנדערער, דאָס איז געווען דער פּראָגראַם, פאַר וועלכען מען האָט שוין געמאַכט דריי רעוואָלוציאָנען; ס׳איז געווען דער, פאַר וועלכען מיר האָבען זיך געשלאָגען.

ס׳איז געווען, מיט איין וואָרט, די פֿערטהיידיגונג פֿון די מענשען-רעכטע. ס׳איז געווען דער פֿערלאַנג, אַז דאָס פֿאָלק זאָל זיין זיין אייגענער בעל הבית; ס׳איז געווען דאָס רעכט צו לעבען אַרבייטענדיג; ס׳איז געווען דער סוף פֿון דעם טיראַנען סצעפטער,׳ וועלכער מוז צוברעכען ווערען אונטער דעם האַמער פֿון׳ם אַרבייטער...

דאָס איז ניט געווען קיין 1830 אָדער אַ 1848... ס׳איז געווען דער אויפֿשטאַנד פֿון אַ פֿאָלק, וואָס וויל לעבען פֿריי... אָדער שטאַרבען...

מען האָט געמוזט זיעגען, ווייל די מפלה וואָלט געבראַכט מיט זיך מורא׳דיגע אָפּפֿער, געיאָגט און געמאַרטערט און איבערגעגעבען צו דער ווילדער ראַכע פֿון די ווילדע זיעגער; מחמת קאַיען, דאָס פֿראַנצויזישע „סי-ביר”, וואָלט אָנגעפֿילט געוואָרען מיט די רעבעלען, וועלכע וואָלטען געמוזט פֿערברייגען דאָרט זייערע יאָהרען, געשלאָסען אין דיזעלבע קייטען וואָס די גנבים, די שווינדלער און די מערדער; ווייל אויף מאָרגען וואָלטען די געפֿענגניסע פֿול געוואָרען און די הריגות פֿון יוני וואָלטען זיך בעניית, און נאָך פֿיעל גרעסער און בלוטיגער ווי יענע!

מען האָט געמוזט זיעגען, אין דערנאָך וואָלט דער אַרבייטער זיך אומגעקעהרט צו זיין מאַשין, דער מאָלער צו זיין פּינזעל... די ערד וואָלט געוואָרען פֿרוכטבאַר, די אַרבייט וואָלט זיך פֿון דאָס ניי אָנגעפֿאַנגען.

דער ווידערשטאַנד איז אָרגאַניזירט געוואָרען...

ראָסעל, וועלכער איז געווען אַ סאָלדאַט, האָט ניט אַנדערש נור געוואָלט אַ דיסציפּלינירטע אַרמעע... דעלעקלוז האָט געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיין אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמעע, וואָס זאָל געהן פֿרייוויליג איהר וועג, זיך שלאָגענדיג ווי זי פֿערשטעהט פֿאַר דעם טריאומף פֿון איהר אידעאַל.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און גערעכט איז געווען דעלעקלוז.

עטליכע שעה נאָכדעם ווי מען האָט ערהאַלטען דאָמבראָווסקי׳ס טעלעגראַמע, האָט די אַרמעע פֿון די ווערסאַילער גענומען אַריינברעכען אין די פֿאָרשטעדט פֿון פּאַריז...

תחילת איז דאָס בלויז געווען אַ שוואַכע שיסעריי אַזוי ווי אָנצושרעקע דערנאָך האָט זיך גענומען הערען אַ מורא׳דיגער ליאַרם, אַ שיסעריי אויסגעמישט מיט ווילדע קולות.

דער שטראָם פֿון די איינברעכער איז וואָס ווייטער אַלץ גרעסער געוואָרען...

באַלד האָט מען שוין גאַנץ דייטליך געקענט הערען די טריט פֿון די סאָלדאַטען, די בעפֿעהלען פֿון די קאָמאַנדירען און די קנאַלען פֿון די מאָרד-איסטרומענטען.

פֿון דער זייט פֿון דער אַרמעע איז דאָס געווען די אונערבאַרמליכסטע, די ברוטאַלסטע קראַפֿט... פֿון דער אַנדער זייט איז געווען די ערוואַרטונג, די רוהיגע, העלדישע ערוואַרטונג, דער קאַלטער מוטה פֿון זעלבסט-אויפֿאָפּפֿערנדע מענשען.

די גאַסען זיינען געווען פוסט, פערלאָזען; אַלע פענסטער און אַלע טהירען פערמאַכט.

מען האָט געפיהלט, אַז דער טויט האַלט ביים אַרויפּ־אַרפען זיך אויף פאַריז...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

באַריקאַדען האָבען זיך אויפגעהויבען אויף אַלע זייטען און ביים שיין פון די פאַקעלן האָט מען געקענט בעמערקען די שוואַכע ווענד פון די ברוק־שטיינער, די לעצטע מויערן פון אַ אירעע, וואָס האַלט ביים אונטערגעהן!...

אַ טיעפע שטילקייט האָט געהערשט איבער דער אַנגסט־פולער שטאָדט, וועלכע האָט געוואַרט מיט אונגעדולד אויף דער מינוט, אויפצועפענען דאָס פייער...

וואו ניט וואו האָט זיך געלאָזט הערען אַ סיגנאַל...

אַזוי ווי אַ שוואַרצער שלאַנג האָבען זיך געצויגען די טרופען ביי די ווענד... איינצעלנע געשטאַלטען האָבען זיך בעוויזען הינטער די לאָדענס פון די שטילע הייזער...

מען האָט אין שאָטען געקענט בעמערקען ביקסען, וועלכע זיינען אָנגעשטעלט אויף די איינברעכער.

ס'איז געווען אַ קלאָהרע און וואַרימע נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר פלוצלינג האָבען די גלאָקען אָנגעהויבען קלינגען מיט שטורם... אין די עקען פון די גאַסען האָט מען גענומען פוקען, דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַר דעם מורא'דיגען קאַמפף...

דער שטורם, וועלכער האָט געסטראַשעט, האָט ענדליך אַרויסגעפלאַצט אויף אַ שרעקליכען אויפן, די בליצען פון די שיסערייען לעכערן דורך די פינסטערניש... די לופט איז פול מיט דעם דונער פון די קאַנאָנען.

דאָס געשלעג הויבט זיך אָן, ביטער און ווילד.

מען שיסט פון די פענסטער, קוילען הילכען זיך אָב מיט אַ קליינעם טרוקענעם געראַוש אויף די עקען פון די גאַסען...

דערנאָך הויבט מען אָן אויפברעכען די טהירען פון די הייזער!

און מען הערט שווערע טריט אויף די טרעפ, קולות פון מענער, קוויטשערייען פון פרויען, אַ געוויין פון קינדער.

די הריגה געדויערט אַ גאַנצע נאַכט.

גאַנץ פריה, בעגינען צו טאָג, פעראייניגט זיך די אַרמעע, וועלכע האָט בעלאַגערט פאַריז, מיט די פינף אין צוואַנציג טויזענד מאַן, ווענען ס'האָט זיך איינגעבען אַריינצוברעכען אין שטאָדט אַריין.

ס'איז אַלזאָ דער מאָמענט פון דעם גרויסען, לעצטען קאַמפף!!!...

אָרעמע מוטער! זי איז גערעכט געווען, וואָס זי האָט זיך אַזוי בעאונרוהיגט!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַרום „פּלאַס בלאַנש" האָבען זיך שוין געלאָזט הערען קולות פון אַ מהומה...

מיט אַמאָל האָט איטיצער פון אונז דערלאַנגט אַ געשריי.

מיט אַ מוראדיגען קראַך האָט זיך אַ קויל פון אַ קאַנאָן אַראָבגעלאָזט אין דער ערד, צווישען צוויי קברים.

גלייך נאָכדעם איז געקומען נאָך איינע, וועלכע האָט געטויטעט צעהן און פערוואונדעט פערצעהן אונזערע...

דערנאָך זיינען זיי געקומען צופליהען רעגעלמעסיג אַלע פּאָר מינוט, אָט די שרעקליכע גראַנאַטען, און האָבען אָנגעמאַכט אַ חורבן אויפ'ן בית עולם...

— אָבער אָט די צוקער-קיכלאַך קומען דאָך פון שפּיץ באַרג! — האָט זיך אָבגערופען איינער פון אונז.

אין דער רגע האָט אַ לאַנגער פייערדיגער פּאַס איבערגעשניטען דעם הימעל איבער אונזערע קעפּ...

— נאַ, כ'מיין עפּעס אַזוי, — האָט בעמערקט אַ פערדרייטער, — דאָס זיינען אונזערע קאַמעראַדען אונז מכבד מיט די באָמבעס...

— זיי מיינען, אַז זיי שיסען אויף די ווערסאַילער און זיי הרג'ענען גאָר אונז... — זאָגט אַן אַנדערער — זיי שיסען צו קורץ!...

— אַה! מען קען דאָך מעהר ניט בלייבען דאָ!...

— שנעל! שנעל! זאָל זיך איינער אויפּאָפּפערן און לויפען אָנזאָגען אונזערע פריינד...

איך בין געשטאַנען גרייט.

— לויפט שנעל צו דער „מעירי" און זאָגט „לאַ סעסיליאָן", מען זאָל אויפהערען שיסען... אָדער, ווייניגסטענס, מען זאָל שיסען אין אַ ווייטערע שטרעקע.

איך בין אויף גיך אַרויס פון בית עולם און אָהן אַן אָטהעם געלאָפען צו דער „מעירי"...

אַז „לאַ סעסיליאַ" האָט מיך געזעהן אָנקומענדיג אין איין אָטהעם, בעדעקט מיט שוויס, האָט ער אַ פרעג געטהאָן:

— וואָס איז געשעהן? איז דאָס מעגליך, אַז איהר זייט שוין בעזיעגט געוואָרען?

— ניין, — האָב איך איהם געענטפערט — מיר האַלטען זיך נאָך... נאָר אויב איהר וועט ווייטער אַזוי שיסען, וועלען מיר גאָר אין גיכען זיין קאַפּוט... מיר האָבען שוין באַלד דרייסיג מאַן, געטויטעטע און פערוואונדעטע.. אייערע גראַנאַטען פאַלען אַלע אויף דעם בית עולם פון מאָנמאַרטר.

די קאַנאָנען האָבען אויפגעהערט שיסען...

אַז איך האָב זיך געלאָזט צוגעהן צו „לאַ סעסיליאַ'ן", אום צו בעטען ביי איהם פערשטאַרקונג, האָב איך בעמערקט אויפ'ן פּלאַץ אַ יונגען מאַן, וועלכער האָט זיך בעקלאָגט אויף עפּעס...

ס'איז געוועזן אַ סטודענט... ער האָט זיך געוואָלט אַנשליסען אָן די פרייהייטס-קעמפפער, נאָר אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין פּאַפּירען, האָט מען איהם ניט געוואָלט אויפנעהמען.

כ'האָב איהם צוגעפיהרט צו לאַ סעסיליאַ'ן.. ער האָט בעטראַכט דעם יונגען מאַן און ענדליך האָט ער אַ זאָג געטהאָן צו איינעם פון זיינע לייט:

— זאָל מען איהם געבען אַ ביקס און קוילען...

— אָה! אַ דאַנק, אַ דאַנק אייך! — שרייט אויס דער סטודענט, וועלכער פערמישט זיך גלייך צווישען די פופציג מאַן, וועלכע איך פיהר אייגען מיט מיר.

צוקומענדיג צום בית עולם זעהען מיר, אַז דער שונא איז שוין דאָרט, און ער אַטאַקירט די אינזורגענטען מיט ווילדען צאָרן.

צווישען די בוימער זעהט מען דאָס פייער און די שטיקער בלויען רויך; די קוילען פייפען איבער אונזערע קעפּ.

איך וואַרף זיך אַריין אין געשלעג און נאָך מיר דער סטודענט, וועלכער פאַלט כמעט באַלד אויף'ן אָרט לעבען קאָוואַניאַק'ס סטאַטוע.

אָרעמער יונג! ער, וואָס האָט אַזוי שטאַרק חשק געהאַט זיך שלאָגען פאַר פרייהייט, האָט אפילו ניט געהאַט דאָס גליק איינמאָל אויסצושיסען פון זיין ביקס!

ווי לאַנג האָט געדויערט דער קאַמפּף?

איך ווייס ניט.

אַלעס וואָס איך קען זיך דערמאָנען איז, אַז ער איז געוועזן מורא'דיג. מען האָט זיך געשלאָגען מאַן אויף מאַן, מען האָט זיך געשטיקט און געוואָרגען מיט די האַנטען...

די לופט איז פיל געוועזן מיט'ן כאָכלען פון די גוסס'ע, מיט די געשרייען פון שמערץ און צאָרן...

מיט צרות האָט זיך אונז איינגעגעבען זיך צוריקצוציהען אויף די באַריקאַדען. די איבעריגע האָבען זיך נאָך געהאַלטען.

נאָך טויזענדער דרעהענישען און הינטער-וועגען בין איך צוגעקומען צו דער באַריקאַדע, וואָס האָט זיך געפונען לעבען „שאָסע קליניאַנקור", אָקוראַט אין דער רגע ווען דאָמבראָווסקי איז פערבייגעגאַנגען.

— שוין, אַ סוף! — האָט ער זיך אָבגערופען טרויעריג.

— ניין... נאָך נישט, — האָב איך איהם געענטפערט — קוראַזש!

ער האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנד און האָט אַוועקגאַלאָפּירט מיט זיין פערד.

דאָס איז געוועזן דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב איהם געזעהן אַ לעבעדיגען!

עטליכע מעטער פון דאָרט איז ער געפאַלען טויט. באַלד האָט מען איהם דורכגעטראָגען פערביי מיר אויף אַ בעטעל, מיט דעם קאָפּ פערוואָרפען אויף הינטען, מיט צונעמאַכטע אויגען און געלעהמטע הענד..

אויף דער באַריקאַדע, וואו איך בין אַרויף, האָבען מיר אַלע אַרונטערגע-
נומען די היטלען פאַר דיזען העלדישען קאַמעראַד, זיך גאָר ניט אומקוקענדיג
אויף די קוילען, וועלכע האָבען גערעגענט אַרום אונז.

מיר זיינען נאָך געוועזען פופצעהן מאַן הינטער אונזער באַריקאַדע.

באַלד זיינען מעהר ניט געבליבען ווי פינף... דערנאָך בלויז דריי: אַ
קאַפּיטאַן פון די פעדערירטע, אַ קליינער ברעטאָן און איך.

דער קאַפּיטאַן האָט געשאָסען אָהן אַן אויפהער...

אַז זיין ביקס איז געוואָרען צו הייס, האָט ער זיך גענומען צו זיין
רעוואָלווער...

דער קליינער ברעטאָן ווידער איז געשטאַנען אויף די קניע ביים ראַנד
פון דער באַריקאַדע און האָט געציעלעוועט מיט געדולד.

איך... איך האָב אויך געשאָסען און איך בין זיכער, אַז פיעלע פון מיינע
קוילען האָבען געטראָפען...

די בעלאַגערער איז זיכער ניט אַרויפגעקומען אויף'ן זינען אפילו, אַז מיר
זיינען בלויז דריי, צוויי מענער און אַ פרוי—זיי צו האַלטען ווייט פון אונז!

נאָר ענדליך האָבען מיר שוין מעהר ניט געהאַט קיין קוילען מיט וואָס
צו שיסען.

אינז איז אַלזאָ מעהר ניט איבערגעבליבען נור וואַרטען אויף'ן טויט.
דאָס מאָל האָב איך שוין ניט געצווייפעלט, אַז אַלעס איז צו ענדע... און דאָס
בילד פון מיין אָרעמער מוטער האָט זיך מיר געשטעלט פאַר די אויגען, אין אַ
נוטנעם שלייער...

זאָל עס אַלזאָ אמת זיין, אַז איך וועל איהר מעהר ניט זעהן!...

— הערט אויס, — האָט זיך אָבגערופען צו מיר דער קאַפּיטאַן פון די
פעדערירטע, מיר דערלאַנגענדיג אַ גאָלדענעם רינג... — אַזוי ווי איהר זייט
אַ פרוי, וועלען זיי אייך אפשר ניט הרג'ענען... נאַט אייך דעם דאָזיגען רינג...
אַז איך וועל שטאַרבען, גיט עס איבער מיין טאָכטער... זי איז אַלט צוועלף
יאָהר... מעהר ווי זי האָב איך ניט... איהר וועט זי געפינען אויף דעם
אַדרעס... אין אָטוי... ביי איהר באָבען! אָרים קינד! זאָגט איהר, אַז מיין
לעצטער געדאַנק איז געוועזען וועגען איהר!...

אָבער פלוצלונג האָבען מיר דערלאַנגט אַ געשריי פון פרייד:

— נאַציאָנאַל-וואַך! אָט זיינען נאַציאָנאַל-וועכטער!

עטליכע מעטער ווייט פון אונז, אַרויסקומענדיג פון אַ געסעל, האָבען
מיר ווירקליך דערזעהן די אוניפאָרם פון דער נאַציאָנאַל-וואַך...

מיר זיינען גערעטעט!

— קומט, קומט גיך אַהער, — האָב איך געשריען צו דיזע אומגע-
ריכטע פריינד... — מיר זיינען ניט מעהר ווי דריי... און מיר האָבען שוין
מעהר קיין קוילען ניט.

די סאָלדאַטען קומען צו און קלעטערן אַרויף אויף דער באַריקאַדע.

אָבער אָה, ווי שרעקליך! אָנשטאָט אונז אויסצושטרעקן זייערע הענד, וואַרפֿען זיי זיך אַרויף אויף אונז מיט ווילדע קולות... איך ווער אַנידערגעוואָרפֿען... מען טרעט מיך מיט די פֿיס... מען שלאָגט מיך מיט די ביקסען און מיט די פּלאַכע זייטען פֿון די שווערדען.

דאָס זיינען געווען ווערסאַילער, וועלכע האָבען זיך פֿערקליידט אין דער אוניפֿאָרמע פֿון דער נאַציאָנאַל-וואַך, כדי צו קענען אָנפֿאַלען אויף אונז...

— פֿייגלינגע! פֿייגלינגע! — האָב איך געשריען, ציינענדיג אָט די באַנדיטען די פֿויסט.

אַז איך האָב זיך אויפֿגעהויבען זיינען מיינע צוויי חברים, דער קאַפּיטאַן און דער קליינער ברעטאָן, געווען פֿערשוואונדען און די באַנדיטען פֿון ווערסאַיל האָבען אַרומגעזוכט אין די הייזער, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום דער באַריקאַדע.

פֿאַר וואָס האָבען זיי מיך ניט געטויטעט?

זיי האָבען אודאי גערעכענט, אַז איך וועל ניט קענען אַנטלויפֿען, מחמת אונזער אָרעמע באַריקאַדע איז געווען אַרומגערינגעל פֿון אַלע זייטען.

כ׳האָב זיך דורכגעגליטשט צווישען די טויטע און ביי די ווענד פֿון די הייזער אין מיטען רויך בין איך געלאָפֿען צום מאָנמאַרטר, וואו די הריגה האָט געהאַלטען ביים אָנפֿאַנגען.

איך בין געווען גערעטעט, אָדער יעדענפֿאַלס אַזוי גוט ווי גערעטעט, אָבער מיין מוטער! וואָס וועט פֿון איהר ווערען?

זיי זאָלען זיך אַקאָרשט ניט נוקם זיין אָן איהר!

א צושראָקענע בין איך געלאָפֿען צו „רי הודאָן", וואו אונזער וואוינונג האָט זיך געפֿונען.

דערווייל איז געוואָרען נאַכט.

דער מאָנמאַרטר איז שוין געווען פֿול מיט שכור׳ע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען דערשאָסען אויף טויט אַלע מענער, וואָס האָבען געהאַט שווארצע הענד... און אויך די, וואָס די הענד זייערע זיינען געווען ווייס..

די גאַס איז פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין א שלאַכט-הויז.

כ׳בין אַריין אין אַ הויז, וואו איך האָב איבערגעביטען מיין מענערקאָסטיום אויף אַ גראָהע קליידעל, אַ שווארץ יאַקעל און א היטעלע, און איך האָב זיך געלאָזט געהן אַרויף מיט „רי קליניאַרקור"...

נאָר באַלד נאָכדעם בין איך געצוואונגען געווען זיך אָבצושטעלען...

אַ מחנה רייטער זיינען אָנגעקומען און האָבען אָבגעשפּאַרט די גאַס.

פֿאָראויס פֿאַר דיזער טרופּע, בעלייכטעט פֿון פֿאַקעלן, האָט גאַלאָפּירט אַ מאַן איינגעטונקט אין גאָלד, דאָס אָפֿיצירסקע היטעלע אָן אַ זייט.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט לעבען אַ צוואַנציג פֿעדערירטע, וואָס זיינען געשטאַנען צונויפֿגעשפּאַרט לעבען אַ הויז...

— אַה, קאַנאַליעס! — האָט ער זיך צושריען. — אַה, באַנדיטע!

נישקשה, איהר וועט בעצאָהלען טהייער דערפֿאַר... קוקט מיך נור אַקאָרשט אָן... איהר דערקענט מיך ניט?

און אַזוי ווי די אינגליקליכע, וועלכע ער האָט בעליידיגט, זיינען געבלי־בען שטום, דאָט ער מיט אַ פּייפּענדע שטימע ווייטער געזאָגט:

— נאַ, איך בין גאַליפֿע... די אויסוואורפֿען פֿון מאָנמאַרטר זאָגען, ווייזט אויס, אַז איך בין אונבאַרמהערציג...

און מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל האָט ער געזאָגט.

— זיי קענען מיך ניט, בנאמנות. איך בין נאָך פֿיעל גרוויזאַמער ווי זיי שטעלען זיך עס פֿאָר... אַה, קאַנאַליעס! קאַנאַליעס!

דערנאָך, זיך ווענדענדיג צו די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט, האָט ער געזאָגט:

— נאַ, איהר דאָרט... אויף וואָס וואַרט איהר? וואַרום דערשיסט איהר ניט אָט דעם פּאַק דאָ?...

אַן אונגליקליכער קרעמער, וועלכער האָט גאָר קיין שום אַנטהייל ניט גענומען אין קאַמפּף, נאָר ער איז צופֿעליג אַריינגעפֿאַלען צווישען די רעוואָ־לוציאָנערן, האָט זיך געבעטען רחמים ביי דיזען תליון...

— כ'בין אונשולדיג... כ'בין אונשולדיג, כ'שווער עס אייך, הערר אָפֿיציר, — האָט געשעפּטשעט דער אָרעמער מענש, ציטערנדיג מיט אַלע זיינע גליעדער, — מען האָט מיך געבראַכט צושלעפּען אַהער... כ'בין גע־שטאַנען לעבען מיין טהיר... זיינען פֿערבייגעגאַנגען סאָלדאַטען... האָבען זיי מיך צוגענומען... כ'האָב אַ פֿרוי... קינדער... האָט רחמנות אויף זיי, הערר־אָפֿיציר... גנאַדע! גנאַדע! איך שווער אייך, אַז איך האָב קיין איינציגען מאָל ניט אויסגעשאָסען... נאַט, זעהט מיינע הענד!

— הרג'עט מיר אָט דאָס דאָ, — האָט גאַליפֿע קאַלטבלוטיג געזאָגט צו די סאָלדאַטען.

דער אונגליקליכער קרעמער האָט זיך גענומען וועהרען... ס'האָט זיך איהם זאָגאַר איינגעגעבען זיך אויסצורייסען פֿון די סאָלדאַטען און ער האָט פּרובירט אַנטלויפֿען.

אַ הויפֿען פֿון קוילען האָט איהם אַוועקגעלייגט אויף'ן טראָטואַר...

מיט אַ צובראָכען האַרץ, צוטרייסעלט פֿון אויפֿרעגונג, בין איך אַוועק ווייטער מיין וועג.

הינטער מיר הער איך אַ מורא'דיגע שיסעריי, דאָס זיינען געווען די הינריכטונגען, וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען.

די קאָמונע איז געווען טויט, בעגראָבענדיג מיט זיך טויזענדער אונבע־קאַנטע העלדען!

און מאַרשאַל דע מאַק מאַהאָן האָט געקענט לאָזען אויפֿקלעפּען אויף די מיט בלוט בעדעקטע ווענד דיזען פּלאַקארד:

„איינוואוינער פֿון פּאַריז! די אַרמעע פֿון פֿראַנקרייך איז געקומען אייך

דעטען, פּאַריז איז ערלייזט, אונזערע מוטהיגע סאָלדאַטען האָבען אין פיער שעה צוגענומען די לעצטע פיער פּאָזיציאָנען פון די רעבעלען.

היינט איז שוין מעהר ניטאָ קיין קאַמפף: די אָרדנונג, די אַרבייט, די זיכערהייט וועלען איצט קומען..."

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

ענדליך קום איך צו צום קוואַרטאַל, וואו מיין מוטער געפינט זיך...

וואָס נעהנטער איך קום צו, אַלץ שווערער ווערט מיר אויף'ן האַרצען...

אַ פינסטערער פאָרגעפיהל מוטשעט מיך...

דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז עס האָט געמוזט טרעפען עפּעס אַן אונגליק, אַ קאַטאַסטראָפע.

די סאָלדאַטען זיינען שוין געוועזען פערבייגעגאַנגען יענעם קוואַרטאַל...

אויף די ווינקלען פון די גאַסען ליגען טויטע קערפּערס...

אַ ריח פון פולווער און בלוט פילט אָן די גאַנצע לופט.

איך דערלאַנג עטליכע שפּאַן און שטעה ביי דעם נומער 24 „רי הודאָן."

אָבער דער הויף פון מיין שוהלע איז ליידיג... אַלע טהירען זיינען פער-שלאָסען.

איך הער, ווי מיין קליין הינטעל וואויעט צום טויט... און מיין קעצעלע, וועלכע מיאַוקעט אַזוי טרויעריג...

איך רוף... איך שריי...

קיינער ענטפערט מיר ניט.

ענדליך בעווייזט זיך אַ פרוי מיט אַ ליכט אין דער האַנד.

ס'איז אַ שכנה...

איך לויף צו צו איהר, און אָננעהמענדיג זי פאַר די הענד, זאָג איך:

— מיין מוטער! וואו איז ערגעץ מיין מוטער?

די גוטע פרוי שווייגט אַ ווײלע, דערנאָך רעדט זי עפּעס אַרויס וואָס איך פערשטעה ניט, און איך זעה ווי צוויי טרעהרען קאַטשען זיך אַראָב איבער איהרע באַקען...

— אָבער ענטפער דאָך... וואו איז מיין מוטער? וואָס איז מיט איהר געשעהן?

— אייער מוטער... מען האָט זי צוגענומען...

און זיך צושלוכצענדיג האָט זי צוגעלייגט:

— יאָ... זיי האָבען זי צוגענומען... כדי זי צו דערשיסען!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

II.

## אין סאַטאָרי.

— אָבער וואו?... וואו האָט מען זי אַוועקגעפיהרט?... ענטפערט מיר.:. רעדט דאָך, רעדט גיכער...

— כ׳ווייס ניט, — האָט געענטפערט די שכנה, וועלכע איז געווען אין גאַנצען צומישט. — איהר זעהט... דאָרט אַנטקעגען, אין דעם קאַפע הויז, זיינען פאַרהאַן סאָלדאַטען... דאָרט געפינט זיך דער אָפיציר, וועלכער איז געקומען מיט זיינע זעלנער אַרעסטירען אייער מוטער...

איך בין גלייך אַריבער אין קאַפע-הויז. שוין ביים אַריינגאַנג האָט מען געקענט הערען דעם קלאַנג פון גלעזער און אַ מורא׳דיגען ליאַרם פון קולות, וועלכע האָבען זיך אויסגעמישט איינע מיט די אַנדערע.

— מיין מוטער... מיין מוטער... וואו האָט איהר אַהינגעטהאָן מיין מוטער?

— האָב איך געשריען אַריינגעהענדיג.

די סאָלדאַטען האָבען מיך אָנגעקוקט מיט אַ ציניש׳ען בליק און איך בין אויפגענומען געוואָרען מיט אַ ים פון געלעכטער און פון גראָבע בעליי-דיגונגען.

צוגעהענדיג נאָהענט צו דעם וואָס האָט אויסגעוויזען צו זיין דער עלצטער פון דיזע ווילדע חיות, האָב איך מיט אַ ריהרענדע, פון אויפרעגונג דערשטיקטע שטימע געזאָגט:

— מיין הערר!... מיין הערר... איך בעט אייך, כ׳בעשוועהר אייך, זאָגט מיר, וואָס האָט איהר געטהאָן מיט מיין מוטער?...

דער אָפיציר האָט מיך דורכגענומען מיט זיין קאַלטען בליק.

— ווי אַזוי איז זי אייער מוטער?... וואו וואוינט זי?

— זי האָט געוואוינט דאָ... אַנטקעגען... אין דער שולע...

— אַה! אודאי, אודאי... איהר זייט עס לואיזע מישעל... די אונטער-צינדערין... די שרפה׳ניצע... כלעבען... אָט איצט דערקען איך אייך... איהר זייט עס געווען אויף דער באַריקאַדע פון קליניאַנקור... ניט אמת?

— ס׳געהט דאָך ניט וועגען דעם אצונד... איך וויל וויסען, וואו איז מיין מוטער...

— אייער מוטער! — האָט דער אָפיציר געענטפערט פלעגמאַטיש — זי מוז שוין אודאי זיין דערשאָסען אַצונד...

— ניין... — האָב איך אַ געשריי געטהאָן, אָנכאַפענדיג דיזען מאַן ביים אָרעם — ניין! דאָס וואָס איהר זאָגט איז ניט אמת... מען האָט ניט געקענט הרג׳ענען מיין מוטער... אַן אָרעמע פרוי, וועלכע האָט גאָרניט גע-טהאָן!... זי איז אפילו קיין איינציגען מאָל ניט אַרויס פון שטוב בעת;

אויפשטאַנד... ס'קען ניט זיין, מיין הערר... איהר האָט אַ טעות... איהר האָט ניט געקענט אַרויסגעבען אַזאַ בעפעהל...

און איך האָב זיך צושלוכצט אַזוי ווי אַ קליין קינד... מיינע אויגען זיינען געווען פערלאָפען מיט טרעהרען.

דער אָפיציר איז אַפנים געריהרט געוואָרען אַביסעל.

מעגליך, אַז ער האָט זיך אין דער רגע בערעכענט, ווי גרויזאַם דאָס איז אַזוי צו מאַטערן אַ פרוי...

מיט אַ ברומענדען טאָן, אין וועלכען ס'איז געלעגען אַן איינגעהאַלטענע געריהרטקייט, האָט ער מיר געענטפערט:

— אַלץ וואָס איך קען אייך זאָגען איז, אַז מען האָט אָבגעפיהרט אייער מוטער אין דער 37טער פעסטונג.

— כ'געה אַהין, — האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

— כ'וואָלט אייך סיי ווי סיי אָבגעשיקט אַהין, — האָט דער אָפיציר געזאָגט.

אָבער ניט וואַרטענדיג אויף קיין זאַך האָב איך שוין געעפענט די טהיר פון קאַפע-הויז און בין אַרויס אין גאַס.

— געהט איהר נאָך... געהט איהר נאָך, — האָט געשריען דער אָפיציר.

— פערלירט איהר ניט פון אויג... לאָזט זי ניט אַנטלויפען, ס'איז אַ געפעהרליכע פרוי...

איך בין געלאָפען אין איין אָטהעם, און נאָך מיר פיער שכיר'ע סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס און וועלכע האָבען ניט אויפגעהערט צו פלוכען און צו שיטען מיט שימפפווערטער...

ענדליך בין איך צוגעקומען צו דער 37טער פעסטונג. אַז איך בין שוין געווען אינעווייניג, זיינען ערשט אָנגעקומען די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען מיר נאָכגעגאַנגען.

אין אַ גרויסען הויף, בעלייכטעט פון פאַקעלן, האָט זיך דאָרט געפינען אַ גאַנצע מאַסע פון געפאַנגענע, וואָס זיינען געלעגען צונויפגעשפאַרט איינע לעבען די אַנדערע אויף דער ערד...

רעבעלען, ווען איך האָב דערקענט נאָך דער אוניפאָרמע נאָך, זיינען דאָ און דאָרט געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד, אין אַ טייך פון בלוט...

גאַליפע איז דאָרט פערבייגעגאַנגען!

— מוטער! מוטער! מאַמינקע מיינע! — האָב איך געשריען, אַרומלויפענדיג ווי אַ משוגענע און זיך אָבשטעלענדיג ביי יעדע גרופע פון אַרעסטאַנטען.

ענדליך האָט זיך פלוצלינג אָבגערופען אַ שטימע, וואָס האָט געענטפערט אויף מיינע:

— לואיזע! לואיזע! מיין טאָכטער!

און פון צווישען אַ מחנה געפאַנגענע איז אַרויסגעלאָפען מיין מוטער, זיך אַרויפוואַרפענדיג אויף מיר מיט אויסגעשטרעקטע אָרימס.

מיר האָבען זיך אומאַרמט, גיט געפינענדיג קיין איין וואָרט אויסצורייידען א ינע צו דער אַנדערער.. די פרייד, וואָס מיר האָבען זיך ווידער געפינען, האָט אונז אָבגענומען דאָס לשון... האָט פערגליוועדט די ווערטער, וואָס זיינען געלעגען אויף אונזערע ליפען..

אַרום אונז האָבען זיך אַרומגעקליבען אַ מחנה רעבעלען אין אַ קרייז און זיי זיינען געווען געריהרט אויף א׳נז קוקענדיג.

אין אַ ווײלע אַרום איז צוגעקומען דער קאָמאַנדיר פון דער פעסטונג.

— ווער איז די דאָזיגע פרוי? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן, אָנווייזענדיג אויף מיר.

די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען מיך אָבגעפיהרט אַהער, האָבען איהם געזאָגט ווער איך בין...

— אַה! זעהר גוט... — האָט ער געמורמעלט — ווי באַלד די טאָכטער איז דאָ, איז ניט נייטיג צו האַלטען די... אַלטע..:

און זיך ווענדענדיג צו מיין מוטער, האָט ער מיט אַ טרוקענעם טאָ-נעזאָגט:

— איהר זייט פריי.

מיין אָרעמע מוטער האָט מיך אָנגענומען פאַר׳ן אָרים.

— קום, לואיזע, האָט זי געזאָגט — ראָמיר דאָ קיין איין רגע מעהר ניט בלייבען.. מען הרג׳עט דאָ... מען האָט שוין דערשאָסען אַ צוואַנציג אונגליקליכע מענשען, כ׳האָב עס אַליין מיט מיינע אויגען געזעהן, ס׳איז געווען שרעקליך! קום... נו, קום שוין גיכער... וואָס שטעהסט דו דאָ?

— איין מינוט... האָט אַ געשריי געטהאָן דער אָפיציר, וועלכער האָט געהערט וואָס מיר האָבען גערעדט — איך האָב געזאָגט, אַז איהר זייט פריי, מאַדאַם... אָבער וועגען אייער טאָכטער איז עפּעס אַנדערש... זי בלייבט אונזער געפאַנגענע...

— אויב אַזוי, — האָט מיין מוטער געזאָגט — בלייב איך דאָ... פאַר קיין אופן אין דער וועלט וועל איך זיך ניט צושיידען מיט מיין טאָכטער...

די לאַגע איז געוואָרען שרעקליך.. איך האָב גאַנץ גוט געזעהן, אַז מיין מוטער וועט בשום אופן ניט מרוצה ווערן אַוועקצוגעהן אָהן מיר, און דאָך איז להלוטין נייטיג געווען, איך זאָל זי ווי עס איז אַוועקשיקען פון דער דאָזיגער פעסטונג, וואו ס׳האָט אָהן אַ שום ספק געהאַלטען דערביי מען זאָל מיך דערשיסען...

אַ דערשראָקענע, אַ ציטערטע, האָב איך זיך געטראַכט:

— אַז זי זאָל זיין דערביי ווי מען וועט מיך הינגריכטען, וועט זי אידאי שטאַרבען דערפון... וואָס זשע טהוט מען? וואָס פאַר אַ ליגען קלעהרט מען עפּעס אויס, כדי זי צו בערוהיגען... כדי איהר איינצורייידען, זי זאָל זיך אומקעהרען אַהיים אויף׳ן מאָנמאַרטר... און מיך איבערלאָזען דאָ אַליין צווישען די געפאַנגענע?

— הער אויס, מאַמאַ, — רוף איך זיך אָב צו איהר מיט אַ צערטליכען טאָן, זי אומאַרמענדיג, — דו קענסט דאָך ניט בלייבען דאָ...

— און דו? — האָט זי מיט אַ רוהיגען טאָן געענטפֿערט.

— איך... דאָס איז עפּעס אַנדערש... מען איז מיך חושד, אומזיסט פֿערשטעהסט זיך, אַז איך האָב אָנטהייל גענומען אין קאַמפף... וויל מען זיך פֿונאַנדערפֿרעגען ביי מיר... דאָס איז גאַנץ נאַטירליך... אָבער ס'וועט מיר ניט אָנקומען שווער זיך צו פֿערענטפֿערן... אַז מען וועט נור אויסהערן מיינע ערקלעהרונגען, וועט מען מיך גלייך אַרויסלאָזען פֿריי...

— נו גוט... — מאַכט מיין מוטער, — וועל איך וואַרטען אויף דיר, מיר וועלען געהן צוזאַמען אַהיים...

מיט טויט-שרעק אין דער נשמה, האָב איך זיך דאָך געמאַכט האַרץ אַ שמייכעל צו טהאָן.

— אָבער, — זאָג איך ווייטער — ס'קען געמאָלט זיין, מען זאָל מיך פֿערהערען ערשט מאָרגען אין דער פֿריה...

— וועל איך דאָ נעכטיגען...

דאָס איז געוואָרען אונערטרעגליך...

ווער ווייסט, מען קען נאָך גלייך קומען און מיך צונעהמען צום שלאַכט-פּלאַץ...

צום גליק איז מיר אַרויף אַ געדאַנק אויף'ן זינען.

זיך אָנבויגענדיג צו מיין מוטער, האָב איך איהר שטילערהייט אויף'ן אויער געזאָגט אַ סוד:

— הער זיך אַקאָרשט צו, מאַמאַ... ס'איז אונבעדינגט נייטיג דו זאָלסט אוועקגעהן פֿון דאַנעט, און טאַקי גלייך אויף'ן שטעל... מען מוז געהן אָנזאָגען ד..., אַז איך בין דאָ. (ד..: איז געווען איינער פֿון אונזערע פֿריינד). ער איז, ווייזט אויס, אַ גוטער-ברודער מיט דעם קאָמאַנדיר פֿון דיזער פֿעסטונג, און איין וואָרט זיינס קען מיך בעפֿרייען זאָגאַר היינט ביינאַכט נאָך... אין דער צייט איז אַ גוט וואָרט פֿיעל ווערטה... די סאָ-דאַטען זיינען ווילד, זי קענען נאָך בעגעהן וואָס פֿאַר עס איז געוואַלט טהאַט...

מיין מוטער האָט מיך אויסגעהערט מיט אויפֿמערקזאַמקייט.

— אויב אַזוי, — זאָגט זי — בין איך מרוצה צו געהן... צו ד...'ן, כ'מיין, ס'איז ווירקליך ניצליך, אָבער איך זאָג דיר פֿאָראויס, אַז אַזוי גיך ווי איך וועל מאַכען דעם גאַנג, קום איך צוריק אַהער...

— פֿערשטעהט זיך, — האָב איך געענטפֿערט, וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז ווען די אָרעמע מוטער וועט צוריקקומען, וועל איך שוין אודאי זיין דערשאָסען!...

מיר האָבען זיך אַלזאָ אומאַרמט, און ווען איך האָב צום לעצטען מאָל צוגעדריקט מיין מוטער צו מיין ברוסט, האָב איך אָבגעקעהרט דעם קאָפּ אָן אַ זייט, זי זאָל ניט זעהן ווי איך האָב געוויינט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי שנעל ווי זי איז ארוס. האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט לעבען די איבעריגע געפאַנגענע, צווישען וועלכע איך האָב געפונען פרייגד און בע-קאַנטע פון דעם שוין קאָמיטעט פון מאַנאַטער, פון דעם רעוואָלוציאָנס קלוב און אויך עטלכע פרויען, וואָס זיינען געוועזען אויף דער באַריקאַדע פון „פראַס בלאַנש".

אין דער ווייטענס האָט מען געזעהן אַ מורא'דיגען פייער...

ס'איז געוועזען דאָס ברענענדע פאַריז.

— אָט דאָס איז אייער אַרבייט, באַנדיטען וואָס איהר זייט! — האָבען די סאָלדאַטען געזאָגט, אונז צייגענדיג די פויסטען זייערע — אָבער נישקשה, איהר וועט בעצאָהלען טהייער דערפאַר... מען וועט אייך צונעהמען פון דאַנעט אין אַ ווייטע אָרום... און...

— און וואו וועט מען אונז פיהרען? — האָב איך געפרעגט.

— קיין סאַטאָרי, — האָט געענטפערט אַן אָפיציר — און דאָרט... פאַף!... פאַף!...

און ער האָט זיך געמאַכט אַזוי ווי ער שטעלט אָן אַ ביקס צו שיסען.

כ'האָב געציטערט, מיין אָרעמע מוטער זאָל ניט קומען, איידער מיר וועלען אַוועקגעפיהרט ווערן פון דער פעסטונג.

אָבער איך האָב זיך באַלד בערוהיגט.

אַן עסקאַדראָן דראַגונער זיינען געקומען צו פאָהרען.

— אַה, אָט זיינען זיי ענדליך! — האָט אַ געשריי געטהאָן דער קאָ-מאַנדיר. — קוים אַמאָל...

און ניט איבערלאָזענדיג די רייטער קיין צייט אַרונטערצושפרינגען פון זייערע פערד, האָט ער זיך געווענדעט צום עלצטען מיט דער פראַגע:

— איהר ווייסט וואָס איהר האָט צו טהאָן?

— יאָ, מיין קאָמאַנדיר... איך דאַרף אָבפיהרען דיזע קאַנאַליעס קיין סאַטאָרי...

— ריכטיג... נעהמט זיי און גיט גוט אַכטונג אויף זיי... טאָמער איז פאַרהאַן צווישען דער באַנדע אַזעלכע, וואָס וועלען מאַכען שטיק, שיסט זיי אַזוי ווי די הינט... מיט די לייט דאַ איז ניטאָ קיין רחמנות... וואָס מעהר מען וועט זיי אויסהרג'ענען, אַלץ בעסער וועט זיין...

און די צוויי אָפיצירען האָבען ארויסגעפלאַצט מיט אַ געלעכטער.

מען האָט אונז גלייך אַרומגערינגעלט מיט דראַגינער, פערשפאַרט צווישען אַ דאָפעלטע שורה פון פערד, דערנאָך האָט מען געגעבען דעם סיגנאַל צו געהן...

כ'האָב אַ פרייען זיפץ געטהאָן, כ'בין געוועזען צופריעדען... לכל הפחות בין איך איצט זיכער געווען, אַז מיין מוטער וועט ניט זיין דערביי, ווען איך וועל שטאַרבען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קאָמאַנדיר האָט געהייסען, מען זאָל אויף אונז גוט אַכטונג געבען אין אונז „ניט שאַנעווען", און אָט אפנים די סאָלדאַטען האָבען נור געוואַרט אויף דעם דאָזיגען בעפעהל און זיי האָבען איהם אויסגעפיהרט נאָך בעסער ווי מען האָט זיי אָנגעזאָגט. אַזוי גיך ווי מיר זיינען נור אַריבער די מויער פון שטאָדט האָבען זיך אונזערע בעגלייטער געצייגט אַזוי ברוטאַל ווי די קאָזאַקען, ווען זיי פיהרען אָב די פערשיקטע קיין סיביר.

פיעלע פון אונז האָט מען זאָגאַר געשלאָגען מכות רצח.

ס'איז געווען אַ פינסטערע נאַכט.

ווען ניט ווען נור האָט אַ שיין געטהאָן די לבנה, וואָס האָט זיך גע-גליטשט צווישען די געדיכטע שוואַרצע כמאַרעס, מיט וועלכע דער הימעל איז געווען בעדעקט, און מיר האָבען קוים מיט צרות געקענט דערקענען, וואו מיר זיינען ערגעץ אין דער וועלט.

צוקומענדיג צו דעם פאַלאַץ „לאַ מיעט", האָט מען אונז אַרונטערגע-לאָזט אין די גראָבענס, וועלכע ציהען זיך אין דער לייגג פון דעם גאַנצען וועג. אויף אַזאַ'ן אופן איז פאַר זיי לייכטער געווען אַכטונג צו געבען אויף אונז, און ס'איז איינפאַך געווען אונמעגליך צו אָרגאַניזירען וואָס פאַר עס איז בונט געגען די סאָלדאַטען.

מיר זיינען געווען אַן ערך הונדערט אַרעסטאַנטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען אַ צעהן פרויען.

לעבען מיר איז געגאַנגען אַ באַרמהערציגע שוועסטער, בלאַס און שטיל, אין איהר גרויסער ווייסער הויב.

מען האָט זי אַרעסטירט אויף'ן מאָנמאַטר אין דער רגע, ווען זי האָט געגעבען אַ טרונק עטליכע שטאַרבענדע רעוואָלוציאָנערן.

— אָט די אונגליקליכע האָבען געהאַלטען ביים אויסגעהן, — האָט זי זיך אַזוי ווי פערענטפערט פאַר מיר... — זיי זיינען דורשטיג געווען... זיי האָבען געבעטען רחמים אַ טרונק... האָב איך געטהאָן מיין פליכט!

אין די אָרעמע פרוי איז אריינגעוואָרפען געוואָרען אין דער מחנה, וועלכע מען האָט געפיהרט צום טויט...

לעבען מיר רעכטס איז געגאַנגען אַ קליינע אַלטיטשקע, אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, מיט אַן איינגעהויקערטען רוקען, און זי האָט כסדר געהאַלטען די הענד צונויפגעלייגט איינע איבער די אַנדערע אויף דער ברוסט...

אַז די לבנה האָט אויף אַ ווײַלע אַ שײַן געטהאָן, האָב איך זיך גוט צוגעקוקט צו איהר און איך האָב געזעהן, ווי עס רינען איהר גרויסע טרעהרען פון די איינגעשלאָגענע אויגען, וועלכע זעהען אויס ווי צוויי שוואַרצע לעכער אין מיטען פון איהר אָרעמען פנים, בעדעקט מיט קנייטשען.

אָט די פרוי האָט ניט געקענט זיין קיין רעוואָלוציאָנערין, זי האָט זיכער קיין אָנטהייל ניט גענומען אין קאַמפף...

שטילערהייט האָב איך זיך צופרעגט ביי איהר ווי אַזוי זי קומט אַהער,

אין אָט איז די הערצרייסענדע געשיכטע, וואָס זי האָט מיר דערצעהלט מיט אַ ציטערענדער שטימע, איבערגעריסען אלע ווײלע פון שלוכצען:

— אָה, מאַדאַם! איהר ווייסט גאָרניט ווי אומגליקליך איך בין!... און זייען איך וואָלט ניט געהאַט מיין זוהן... וואָלט איך מיט צופריעדענהייט געשטאָרבען... אָה! ס'איז שרעקליך! נעכטען זיינען מיר ביידע, איך און מיין מאַן, געזעסען; ביי זיך אין הויז אויף'ן בילוואַר קלישי... זיך צוהערענדיג מיט טויט-אַנגסט צו די מורא'דיגע שיסערייען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין גאַס.

רופט זיך מיין אָרעמער מאַן אָב צו מיר:

— די אַרמעע פון ווערסאַיל איז דאָ אין שטאָדט... שאַרל מוז אודאי זיין אין פאַריז... דו מעגסט זיכער זיין, אַז אויב ער איז אין דיזען קוואַרטאַל, וואָס איז גאַנצן וואַהרשיינליך, וועט ער אודאי אַרויפקומען צו אונז געוואָהר ווערן וואָס מיר מאַכען..

ווארים איך מוז אייך זאָגען, מאַדאַם, אַז דער זוהן מיינער איז אַ פאָלקאָווניק אין דער אַרמעע.

— יאָ... יאָ, — רוף איך זיך אָב צו מיין מאַן, — כ'מיין אויך, אַז מיר וועלען זיך מיט איהם זעהן. כ'האָב איהם געזעהן אין חלום די נאַכט...

און אַזוי ווי מיר האָבען געדאַרפט טרינקען קאַפע, האָב איך אָנשטאָט צוויי טאַסען אַוועקגעשטעלט דריי אויף'ן טיש..., חאָפענדיג, אַז דער גוטער יונג מיינער וועט טאַקי באַלד אָנקומען... ס'איז געוועזן נאַריש פון מיר... אָבער וואָס ווילט איהר? די מאַמעס האָבען אָפטמאָל מאָדנע איינפעלע

אין עטליכע סעקונדען אַרום האָט זיך געלאָזט הערען אַ גערויש אויף די טרעפ... מיר האָבען געהערט אַ קלאַפעריי פון שטיוועל...

— שאַרל! אָט קומט ער, שאַרל! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

און אַזוי ווי מען האָט אָנגעקלאַפט, האָב איך אויף'ן שטעל געעפענט די טהיר.

אַן אָפיציר איז אַריין.

מיט אַ שנעלען בליק האָט ער דורכגעזעהן דאָס צימער, וואו מיר זיינען געוועזן.

— וואו איז די דריטע פערזאָן, וואָס איהר בעדאַרפט דאָ? — האָט ער זיך צושריען אויף'ן קול.

— וואָס הייסט... ניטאָ דאָ קיינער... — האָט מיין מאַן געענטפערט — מיר זיינען ניט מעהר ווי צוויי... מיין פרוי און איך.

דער סאָלדאַט איז אַלזאָ צוגעגאַנגען צום טיש...

— און אָט די דריטע טאַס, — האָט ער געפרעגט — פאַר וועמען איז זי דאָ אָנגעגרייט?

מיין מאַן האָט ערקלעהרט אַזוי גוט ווי ער האָט געקענט — אַזוי שטאַרק מבולבל איז ער געוואָרען דורך דיזער פראַגע — אַז די דריטע טאַס

איז געווען אָנגעגרייט פֿאַר אונזער זוהן... אַן אָפּיציר אין דער אַרמעע פֿון ווערסאַיל...

אָבער דער סאָלדאַט האָט איהם ניט געלאָזט ענדיגען זיינע ווערטער.

— גו, גו, — האָט ער געזאָגט. — גענוג ליעגען צו זאָגען., אָט אפנים איהר האַלט מיך פֿאַר אַ בהמה... דאָ איז געווען אַ דריטע פּערזאָן, וואָס האָט זיך אָהן אַ שום ספק אַרויסגע׳גנב׳עט אַזוי שנעל ווי מיר זיינען אָנגעקומען... אַלזאָ גוט... דאָס איז גענוג... ניט מיר וועט איהר פֿערדרעהען אַ מוח..

און ער האָט אונז צוגענומען, ניט קוקענדיג אויף אונזערע פּראָטעסטען... אַז מיר זיינען נור אַרויס אין גאַס... אַה, מאַדאַם! דאָס איז געווען שרעקליך, שווידערליך! זיי האָבען דעם מאַן מיינעם צוגעשפּאַנט צו אַ קלייטעל און איהם דערשאָסען פֿאַר מיינע אויגען... איך בין געפֿאַלען אין חלשות... זייט דאַן... ווייס איך ניט וואָס איז פֿאָרגעקומען.. מיין מאַן... מיין אָרעמער מאַן! מיין זוהן... מיין שאַרל!

און די אַלטיטשקע האָט זיך ביטער צוּאוויינט, און דער גאַנצער מאָגען רער קערפּער איהרער האָט זיך געטרייסעלט פֿון טיעפֿען שמערץ...

איהר ווייטאָג האָט געמאַכט אויף מיר אַ שרעקליכען רושם. אין דער רגע האָב איך זיך ווידער דערמאָנט אָן מיין מוטער, וועלכע האָט אין דעם סאָמענט אודאי אויך געמוזט וויינען און קלאָגען נאָך מיר, אַזוי ווי אָט די אונגליקליכע...

בעגינען צו טאָג האָט אָנגעהויבען רעגענען.

מען האָט אונז אַלזאָ אַריינגעפֿיהרט אין אַ גרויסער געביידע, וועלכע האָט געמוזט זיין אַ פֿערלאָזענע פֿאַבריק. און דאָרט האָט מען אונז געגעבען ברויט, צו וועלכען איך האָב ניט געהאַט קיין האַרץ זיך צוצוריהרען.

דערנאָך האָט מען זיך ווידער אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז ס׳איז געוואָרען נאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין סאַטאָרי.

דאָרט האָט מען אונז אויפֿגענומען מיט ווילדע קולות און מיט שימפֿערייען...

— די קאָמונאַרען! אָט זיינען די קאָמונאַרען!... די קאַנאַליעס, די אונטערצינדער!...

— טויט! טויט צו זיי! — האָט געליאַרעמט אַ ווילדע מאַסע, פֿער־שכור׳ט פֿון ראַכע, געגען וועלכע די דראַגונער האָבען אונז געמוזט בעשיצען...

מיר זיינען אַריין אין אַ גרויסען הויף, וואו פֿיעל מענשען, געפֿאַנגענע אַזוי ווי מיר, זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט, און איינע נאָך די אַנדערע האָבען מיר געמוזט דורכגעהן פֿערביי אַ הויכען אָפֿיציר, וועלכער איז גע־שטאַנען ביי דער טהיר פֿון אַ גרויסען שטאַל.

שפעטער אַוויילע האָט מען אונז אַ־ייגגעלאָזט אין אַ בוידים, וואו איך האָב געפונען עטליכע פריינדינען, וועלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין די פערשיעדענע קוואַרטאַלען פון פאַריז.

אַדיינקומענדיג אין דעם דאָזיגען בוידים, זיינען די געפאַנגענע פרויען פון דער קאָמונע מיר אַרויפגעפאַלען אויף׳ן האַלז און האָבען מיר גלייך פערשאַפט אַנדערע קליידער, מחמת מיינע זיינען געווען דורך און דורך אויסגעווייקט פון׳ם רעגען... דערנאָך זיינען עטליכע פון זיי אַנשלאָפען געוואָרען, בעת ווען איך האָב שטילערהייט צוריסען אויף שטיקלאַך די פאַפירען, וואָס איך האָב געהאַט ביי מיר און וואָס די ווערסאַילער איז ניט איינגעפאַלען ביי מיר צוצונעהמען...

אָה, אָט די נעכט פון סאַטאָרי! איך וועל זיי קיינמאָל ניט פערגעסען!

דורך אַ פענסטער האָב איך כסדר אַרויסגעקוקט. ס׳איז געווען פער־באָטען עס צו טהאָן, מיט טויט האָט מען דערפאַר געסטראַשעט; נאָר וואָס האָב איך געהאַט וואָס מורא צו האָבען, אַז איך בין געווען זיכער, אַז מען וועט מיך סיי ווי סיי דערשיסען!... און דורך דעם דאָזיגען פענסטער האָב איך פון צייט צו צייט געזעהן שאָטענס, וועלכע האָבען זיך געגליטשט אין דער בלאָטע, געפאַנגענע, וועלכע זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך סאָלדאַטען מיט לאַמטערנעס אין די הענד... דערנאָך האָב איך געהערט דעם טרוקענעם געראויש פון די ביקסען, וועלכע מען לאָדעוועט אָן און דערנאָך די שיסערייען, וועלכע האָבען אַריינגעוואָרפען די פעראורטהיילטע אין די גריבער, וואָס די קרבנות האָבען אַפריהער אויסגעגראָבען פאַר זיך אַליין!

אָט די הינריכטונגען אין מיטען נאַכט האָבען געהאַט אין זיך עטוואָס שרעקליכעס, מורא׳דיגעס, הערצרייסענדעס!!!

זיבען טעג און זיבען נעכט נאָכאַנאַנד האָב איך אַלין געוואַרט, מען זאָל קומען נאָך מיר, אום מיך אַוועקצופיהרען צו די סטאָלפען, וועלכע זיינען נאָך געווען פייכט פון דעם בלוט פון מיינע ברידער, אָבער איך האָב אומזיסט געוואַרט...

מיר האָט זיך שוין כמעט אויסגערוכט, אַז מען האָט זיך שוין גאָר פערגעסען אין מיר!

אָקוראַט ווי ס׳וואָלט געקענט פאַסירען, אַז דער טיגער זאָל ווען עס איז אָבלאָזען זיין אָפפער!

און וואָס פאַר מורא׳דיגע יסורים איך האָב דאָס געהאַט אויסצושטעהן! איך האָב געטראַכט וועגען מיין מוטער, וועלכע האָט מיך אודאי געמוזט אַרומזוכען איבעראַל... זי זאָל זיך אַקאָרשט ניט דערוויסען, אַז איך בין אין סאַטאָרי... זי זאָל אַקאָרשט ניט אָנקומען סאַמע אין דער רגע, ווען מען וועט מיך דערשיסען!

און אויף קיין איין מינוט האָב איך ניט פערלאָזען דאָס פענסטערל פון מיין תפיסה... יעדע רגע האָב איך מורא געהאַט, איך זאָל ניט דערזעהן, ווי

מיין מוטער קומט אָן... און דאָך האָט זיך מיר אַזוי שטאַרק געוואָלט זי אומאַרמען כאָטש איין מאָל נאָך איידער איך שטאַרב!

— — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל אין אַן אין דער פ״ה האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פּעררע *) איז אַרעסטירט געוואָרען און אַז מען דאַרף איהם אָבפיהרען קיין ווערסאַיל.

נאָך אַ העכדישער מענש, וואָס איז געווען גרייט צו בעצאָהלען מיט זיין בלוט פאַר זיין מתיגער האַלטונג בשעת׳ן אויפשטאַנד!

זיין אַרעסט איז געווען פאַרבונדען מיט טראַגישע און זעהר שמערצליכע אומשטענדען, וועלכע האָבען אַרויסגערופען אַ הערצרייסענדע סצענע, מיט וועלכער אונזערע זיעגער ווילען זיך קיינמאָל ניט קענען בעהאַלטען פאַר ח״פה וועגען זייער ברוטאַליטעט.

אַז די ווערסאַילער זיינען אַריינגעפאַלען צו פּעררע׳ן אין הויז, אום איהם צו אַרעסטירען, איז דער פאָטער פון דעם אונגליקליכ׳ן געווען ביי דער אַרבייט.

אין שטוב זיינען בלויז געבליבען צוויי פרויען: די מוטער און די שוועסטער פון דעם יונגען מאַן, נאָך וועמען מען איז געקומען...

די שוועסטער, מאַריע פּעררע, איז געלעגען אין בעט, אין אַ געפעהרליכען צושטאַנד: זי האָט געהאַט אַ מוראדיגע היץ קראַנקהייט און איז כמעט געווען בעיאוסטלאָז.

*) טהעאָפיל פּעררע, געבאָרען אין פאַריז אין 1845 און געשטאָרבען אין 1871, איז געווען אַ יונגער בוכהאַלטער. שוין באַלד אין די ערשטע טעג פון דער גרויסער בעוועגונג האָט מען איהם געקענט בעמערקען אויף די עפענטליכע פערזאַמלונגען, וואו ער האָט מיט אַ געוואַלדיגער איבערצייגונג פערטהיידיגט די סאָציאַליסטישע לעהרען.

בעת דער בעלאַגערונג פון פאַריז האָט ער אָרגאַניזירט די שוץ-קאָמיטען פון 18-טען דיסטריקט, האָט גענומען אַנטהייל אין דעם אויפשטאַנד פון 18-טען מערץ, און דעם 26-טען איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליעד פון דער קאָמונע. דערנאָך האָט ער ערפילט פערשיעדענע אַמטען און צולעצט, ביי דער העלדישער פערטהיידיגונג פון די קאָמונאַרען געגען די ווערסאַילער מערדער, האָט ער ניט געפעהלט. נאָך דעם פאַל פון דער קאָמונע איז איהם געלונגען זיך צו בעהאַלטען. נאָר מען האָט איהם אויסגעפונען דורך אַ צופאַל, ווי די לעזער וועלען זעהן פון דער בעשרייבונג, וואָס ווערט דאָ איבערגעגעבען, און איהם געשטעלט פאַר אַ קריעגס-געריכט אין ווערסאַיל. פּעררע האָט זיך ניט געוואָלט פערטהיידיגען.

דעם 2 טען סעפטעמבער 1871 איז ער פער׳משפט געוואָרען צום טויט און אינאיינעם מיט ראָסעל און בורזשוא האָט מען איהם דערשאָסען אין סאַטאָרי. געשטאָרבען איז ער מיט מוטה, שרייענדיג: „לעבען זאָל די קאָמונע!“

— וואו איז פערער? — האָט אַ פרעג געטהאָן אַ ווערסאַילער פּאָליציסט, אַריינקומענדיג מיט זיינע חברה-לייט אין דעם צימער, וואו די צוויי פרויען האָבען זיך געזעגנט.

— כ׳ווייס ניט, — האָט געענטפערט דעם רעוואָלוציאָנער׳ס מוטער...

— איך פאָדער אייך אויף, איהר זאָלט מיר זאָגען, וואו אייער זוהן איז.

— אָבער איך זאָג דאָך אייך, אַז איך ווייס עס ניט, מיינע הערען.

און מיט אַ מוטהיגען טאָן פון פעראַכטונג האָט זי צוגעלייגט:

— און ווען איך וואָלט עס אפילו געוואוסט, וואָלט איך עס אייך אויך ניט געזאָגט. קען מען פאָדערן פון אַ מוטער, אַז זי זאָל מסר׳ן, אַז זי זאָל אויסגעבען איהר אייגענעם זוהן?

— ניט אַקאָרשט גוט אַכטונג וואָס איהר זאָגט, — האָט דער שפּיאָן געליאַרמט מיט כעס.

— כ׳האָב קיין מורא ניט פאַר אייערע סטראַשונקעס...

— אַלזאָ איהר ווילט, הייסט עס גאָרניט זאָגען?

— ניין. כ׳קען אייך נור ווידערהאָלען דאָסזעלבע וואָס פריהער: איך ווייס ניט וואו מיין זוהן איז.

— גוט, — האָט דער באַנדיט געזאָגט — נעהמט די דאָזיגע פרוי און פיהרט זי אָב אין געפענגניס.

מאַדאַם פערער איז געבליבען אַ פערציטערטע.

— מיך אַרעסטירען? מיך... אין דעם מאָמענט, ווען מיין טאָכטער איז אַזוי קראַנק? אָה, ניין, מיינע הערען... איהר וועט עס ניט טהאָן, ניט אמת? איהר וועט ניט זיין אַזוי גרויזאַם אָבצורייסען אַ מוטער פון איהר קינד...

נאָר פלוצלינג האָט דער פּאָליציסט אַ מאָדנעם שמייכעל געטהאָן.

א טייפלישער, ווילדער געדאַנק איז איהם אַרויף אויף׳ן זינען...

— גאַנץ ריכטיג, ניין, — האָט ער געזאָגט — מיר וועלען אייך ניט נעהמען אין טורמע...

— אָה! אַ דאַנק, אַ דאַנק אייך, מיינע הערען, — האָט מאַדאַם פערערע אַרויסגעפּלאַצט מיט שמחה. — כ׳האָב פריהער געוואוסט, אַז איהר זייט ניט אַזוי שלעכט, ווי איהר האָט זיך כלומר׳שט געמאַכט... איך...

— ניין, — האָט דער טייפעל לאַכענדיג ווידער געזאָגט, — מיר וועלען אייך ניט אַרעסטירען. איהר בלייבט דאָ ביי זיך אין דערהיים, נאָר...

— נאָר?

— מיר וועלען צונעהמען אייער טאָכטער...

אַ געשריי פון פערצווייפלונג רייסט זיך אַרויס פון מאַדאַם פערערע׳ס האַלז.

— מיין טאָכטער? מיין טאָכטער? איהר וועט מיר צונעהמען מיין טאָכטער? אָה, איהר וועט עס ניט טהאָן! ניין, ניין, איהר וועט עס ניט סמייען

צו טהאָן. בערעכענט פֿאָרט... מיין קינד איז אַזוי קראַנק; דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז יעדע קלייניגקייט, יעדער ריהר קען איהר הרג׳ענען... ניין, איהר קענט זי ניט צונעהמען. איהר טרייבט קאַטאָוועס, איהר קענט דאָך דאָס ניט מיינען ערנסט... איהר ווילט זי דאָך ניט דער׳הרג׳ענען, מיין אָרעמע, קליינע מאַריע. זאָגט פֿאָרט, איהר זייט דאָך מענער... איהר האָט דאָך אויך עפּעס פֿאַמיליען, קינדער...

אָבער די אַלע רייד, דאָס געבעט פֿון דער פֿערצווייפֿעלטער מוטער, איז געווען אַרויסגעוואָרפֿען. דער פּאָליציסט האָט דערלאַנגט אַ וואונק און זיינע לייט זיינען צוגעגאַנגען צום בעט פֿון דער קראַנקער און האָבען זיך גענומען זי אָנטהאָן, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס איהר לעבען איז אין אַזאַ געפֿאַהר.

— זיי ניט אַזוי פֿערצווייפֿעלט, מאַמינקע, — האָט דאָס יונגע מיידעל מיט אַ זעהר שוואַכער שטימע זיך געבעטען, — האָב קיין מורא ניט, איך וועל זיין שטאַרק, כ׳וועל עס אויסהאַלטען. און דו רעד גאָרנישט, גאָרנישט... מען וועט דאָך מיר מוזען אַרויסלאָזען פֿריי... איך האָב דאָך גאָרנישט גע-טהאָן, איך.

דערווייל האָבען די באַנדיטען אָנגעטהאָן דאָס אָרים קינד... אָט שטעהט זי דאָרט, בלייך, זיך טרייסלענדיג, אונטערגעהאַלטען פֿון צוויי מענער... זיי ווילען איהר שוין אַוועקפֿיהרען.

נו, וואָס האָט די אָרעמע מוטער געקענט טהאָן? זי האָט געהאַט צוויי ברירות, איינע אַזוי שרעקליך ווי די אַנדערע: ענטוועדער שיקען איהר זוהן צום טויט אָדער דער׳הרג׳ענען איהר טאָכטער דערמיט וואָס זי וועט זי לאָזען צונעהמען פֿון דאַנעט. און די אונגליקליכע פֿרוי ווייסט ניט וואָס פֿאַר אַן עצה זיך צו געבען...

— שטיל, זאָג גאָרנישט, מאַמאַ, — שושקעט די קראַנקע מאַריע דער מוטער אין אויער אַריין.

נאָר דאָס איז שוין געווען צופּיעל... פֿאַרהאַן אַזעלכע יסורים, וואָס די שטאַרקסטע זעעלע קען ניט אַריבערטראָגען...

מאַדאַם פֿעררע גיט אַ מאַך מיטביידע הענד אין דער לופֿטען, לאָזט אַרויס אַ מורא׳דיגען געשריי און פֿאַלט אַנידער אויף דער ערד.

זי פֿאַלט אַריין אין אַ שרעקליכען פֿיבער און הויבט אָן ריידען פֿון היץ.

און די שפּיאָנען הערען זיך צו. זיי נעהמען קיין אויג ניט אַראָב פֿון דער אונגליקליכער פֿרוי׳ס ליפּען. אַ וואָרט ערוואַרטען זיי, איין איינציגען וואָרט...

— מיין זוהן! מיין קינד טהעאָפֿיל, — מורמעלט שטיל מאַדאַם פֿעררע — זיי זיינען דאָ... זיי זיינען געקומען דיך אַרעסטירען... בעהאַלט זיך... כ׳וועל קומען צו דיר... יאָ, כ׳וועל דיך קומען זעהן...

און פֿון צייט צו צייט האָט די אונגליקליכע מוטער צווישען אַנדערעס אויך

אַרויסגעשעפּטשעט די ווערטער: „די סען-פּאָווער גאַס... סען-סאָווער... זיי ווייסען ניט!“

דאָס איז געווען אַלעס, אויף וואָס די באַנדיטען האָבען געוואַרט... איצט ווייסען זיי שוין דעם אָרט, וואו פּערלע בעהאַלט זיך...

אין דער צייט וואָס צוויי חברה-לייט בלייבען היטען דאָס הויז, לויפען די איבעריגע אַוועק אָבטהאָן זייער אַרבייט.

די גאַס „סען סאָווער“ ווערט אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען, מען זוכט אין אַלע הייזער.

ענדליך געפינט מען פּערלע׳ן אויף אַ בוידים און ער ווערט אַרעסטירט. קען מען זיך גאָר פאָרשטעלען אַ שרעקליכערע, אַ מאוים׳דיגערע דראַמאַ!!

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב אָנגעהויבען גלויבען, אַז מען האָט זיך גאָר פערגעסען אָן מיר, און ביסלעכווייז האָט די האָפנונג ווידער אָנגעפאַנגען וואַקסען ביי מיר אין האַרצען...

איך האָב שוין גענומען טראַכטען מכח אַנטלויפען פון מיין תּפיסה.

כ׳האָב געהאָפט, אַז איך וועל קענען זיך זעהן צוריק מיט מיין מוטער און אַנטלויפען מיט איהר, און דערנאָך פערזיסען איהר לעבען, וואָס איז אַזוי פערביטערט געוואָרען אין דער לעצטער צייט... אָבער די דאָזיגע אילוזיאָן האָט לאַנג ניט געדויערט!

איינמאָל אין אַ פריה-מאָרגען איז מען געקומען מיך רופען.

אַלע מיינע פריינד־ינען האָבען אַלזאָ פערשטאַנען, אַז דאָס איז מיין סוף. מיט טרעהרען אין די אויגען האָבען זיי מיך אומאַרמט.

— לואיזע! אָרעמע לואיזע! — האָבען זיי געשעפּטשעט.

איך האָב גענאַכט אַ סוף צו דער דאָזיגער האַרצרייסענדער סצענע, אַרויסלויפענדיג שנעל מיט די ווערטער:

— אַדיע! טרייסט מיין אָרעמער מוטער! און דער עיקר זאָלט איהר אַכטונג געבען בעת איהר וועט איהר דאַרפען איבערגעבען די טרויעריגע בשורה...

מען האָט מיך אַריינגעפיהרט אין אַ קליינעם בּיראָ, וואו ס׳איז געזעסען אַ מאַן מיט אַ פעטער צורה.

— אַה! איהר זייט דאָ, — רופט ער זיך אָב צו מיר, — איהר האָט אודאי געמיינט, אַז מען האָט זיך שוין גאָר פערגעסען אָן אייך?

און מיט אַ ביטערען שמייכעל האָט ער ווייטער געזאָגט:

— אָבער איהר מעגט זיכער זיין, אַז איהר וועט קריגען אייער שטראָף!

דערנאָך, פון דער פאָרמע וועגען, האָט ער זיך גענומען צופרעגען ביי מיר ווער און וואָס איך בין, אַקוראַט ווי ער וואָלט גאָרנישט געוואוסט.

פּאַרהאַן צייטען, ווען די פּערברעכער זוכען צו פּערדעקען זייערע רציחות כלומר׳שט מיט אַ מאַנטעל פון גערעכטיגקייט.

— וואו זייט איהר געוועזען דעם 18טען מערץ?

— איך בין געוועזען אויף׳ן שפּיץ פון מאָנמאַרטר, אינאיינעם מיט די אַנדערע, — האָב איך געענטפערט. — וואו זשע דען, מיינט איהר, האָב איך געזאָלט זיין, ווען מיינע פריינד האָבען זיך געשלאָגען?

דער דיקער מאַן האָט עפּעס פערשריבען אין אַ ביכעל.

— אין וואָס האָט איהר געטהאָן בעת דער קאָמונע? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— כ׳בין געוועזען צווישען די פוסגעהער, אַלס סאָלדאַט...

ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ נאַרישען געלעכטער. דערנאָך האָט ער צוגערופען צוויי פון זיינע הברה-לייט:

— אָט די פרוי געהט קיין ווערסאַיל, — האָט ער זיי געזאָגט — און גיט אַקאָרשט גוט אַכטונג אויף איהר.

און מיר אַריינקוקענדיג גלייך אין די אויגען האָט ער צוגעלייגט:

— כ׳מיין, אַז דאָס מאָל קענט איהר שוין אָבזאָגען ווידוי...

III.

## די תלינים.

א עטליכע שעה אַרום האָט מען מיך אָבגעפיהרט קיין ווערסאַיל אינאיינעם מיט אַ צוואַנציג ווייבער, צווישען וועלכע עס זיינען געווען אַ פיער אָדער פינף „פיגוראַנטקעס“ — אַזוי האָבען מיר גערופען די אָבשטויסענדע, פּער׳שכור׳טע גאַסען-פרויען, וועלכע האָבען דאָס רוב בעלאַנגט צו דער קלעגליכער מחנה פון די פערדאָרבענע מענשען.

די ווערסאַילער פּאָליציי האָט צונויפגענומען אָט די אונגליקליכע פון אַלע שמוציגע לעכער און האָט זיי אונז אָנגעהאַנגען פאַר חבר׳טעס!

דאָס איז געווען בלויז כדי אַרויפצוציהען אויף אונז די פעראַכטונג און דעם האַס פון דער בעפעלקערונג.

— אָט זיינען זיי, די אונטערצינדערקעס, — האָבען געזאָגט אונזערע בעזיעגער. — קוקט זיי נור גוט אָן... דאָס איז דער אויסוואורף פון דער מענשהייט! דאָס סאַמע נידעריגסטע פון דער בעפעלקערונג!

אין די אָרעמע, אונפעראַנטוואָרטליכע ברואים, וואָס מען האָט מיט אַ כיוון אָנגע׳שכור׳ט, האָבען איבערגע׳חזר׳ט די גראָבע, שמוציגע ווערטער, ניט פערשטעהענדיג וואָס פאַר אַ טרויעריגע ראָלע לאָזט מען זיי דאָ שפּיעלען.

זיי האָבען געדיענט אַלס סטראַשידלעס אָבצושרעקען דעם עולם, כדי אויף זיי קוקענדיג זאָל פֿערשווינדען יעדעס געפֿיהל פֿון סימפּאַטהיע און רחמנות, וואָס מיר וואָלטען נאָך חלילה געקענט אַרויסרופֿען ביי וועמען עס איז!

אַה! טיער'ס אַגענטען האָבען, נישקשה, געוואוסט וואָס זיי האָבען צו טהאָן!

אויף'ן גאַנצען וועג פֿון סאַטאָרי קיין ווערסאַיל זיינען מיר בעריידיגט געוואָרען פֿון מחנות נייגיעריגע מענשען, וועלכע האָבען ניט אויפֿגעהערט ליאַרעמען:

— טויט! טויט! הייגגט זיי, די אונטערצינדער!

— — — — — — — — — — — — — — — —

ענדליך זיינען מיר אָנגעקומען אין דעם געפֿענגניס פֿון שאַנטיע, וואו מיר זיינען אַריין דורך אַ דורכזיכטיגער טהיר, בעפֿלעקט מיט בלוט.

נאָכדעם ווי מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַ גרויסען הויף, פֿול מיט גע-פֿאַנגענע און מיט סאָלדאַטען, האָט מען אונז אַריינגעפֿיהרט אין אַ פֿינסטערן חדר, וואָס האָט אויסגעוויזען אַזוי ווי אַ הייהל.

דאָרט זיינען געלעגען, צונויפֿגעדריקט איינע אויף די אַנדערע, פֿרויען אין טראַנטעס, יונגע מיידלאַך און קינדער.

פֿון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ געוויין און אַ זיפֿצען אין דער חשך'דיגער הייהל, וואו ס'האָט געהערשט אַ קעלט דערפֿראָרען צו ווערן.

ווי מיר זיינען נור אַריין אַהין האָט זיך דערהערט די קלינגענדע שטימע פֿון אַ וועכטער, וועלכער האָט אויסגערופֿען:

— מישעל לואיזע... זשאָרזשעט וויקטאָרין... מאַרטעלעט פֿעליסי... פּאַפּאַוואוּאַן... פּאַפּאַוואוּאַן אוילאַל!

און דער שפּאַסיגער בעאַמטער האָט ווידערהאָלט עטליכע מאָל דעם לעצטען נאָמען מיט פֿערשיעדענע קאָמישע ניגונים.

פּאַפּאַוואוּאַן! אָט דער שרעקליכער נאָמען איז דאָ אַריינגענומען גע-וואָרען אין חשבון, מחמת דאָס האָט דערמאָנט אָן אַ מורא'דיגען פֿערברע-כער*), מיט וועמען די אָרעמע אוילאַל האָט בסך הכל ניט געהאַט קיין שום פֿערוואַנדטשאַפֿט...

די גאַנצע צייט, וואָס זי איז געווען אין געפֿענגניס, האָט דאָס אונ-גליקליכע מיידעל געמוזט אויסשטעהן די גרעבסטע זלזולים און שפּאָטערייען פֿון די וועכטער. טאָמער זיינען געקומען געסט אין טורמע, האָט מען זיי

*) לואי-אויגוסט פּאַפּאַוואוּאַן איז געווען אַ בערימטער פֿערברעכער. ער האָט דערשטיקט צוויי אונשולדיגע קינדער, וועלכע האָבען שפּאַצירט מיט זייער מוטער אין דעם וואַלדעל פֿון וואַנסען אין פּאַריז. מען האָט איהם פֿעראורטהיילט צום טויט און ער איז גיליאָטינירט געוואָרען דעם 25טען מערץ 1825.

גלייך פֿאַרגעשטעלט די געפֿאַנגענע אויפֿאַל פּאַפּאַוואַן... און די נייגיעריגע געסט איז אַריבער אַ שווידער איבער׳ן לייב, דערזעהענדיג די אונשולדיגע בריאה, וועמען זיי האָבען, פֿערשטעהט זיך, אָנגענומען פֿאַר אַ פֿערוואַנדטע פֿון דעם בערימהמטען „מערדער פֿון וואַנסען״.

איך האָב געזאָגט, אַז מיט אונז אינאיינעם אין אונזער תפיסה זיינען געווען קינדער, אָרעמע קליינע ברואים׳לאַך, שוואַכע און קראַנקע קינדערלאַך פֿון עלענד און נויט.

אָט די קליינינקע ברואים׳לאַך האָט מען געבראַכט צו פֿיהרען אַהער פֿון אַלע טהיילען פֿון דער שטאָדט.

אַ טהייל פֿון זיי זיינען געווען יתומים ערשט פֿון עטליכע טעג אָן: זייערע עלטערן זיינען דערשאָסען געוואָרען אין סאַטאָרי און אין די פֿאָבורגס פֿון פּאַריז.

די אַנדערע האָט מען געפֿונען אין די הייזער און מען האָט געהאָפֿט, אַז אייניגע פֿון די דאָזיגע אָרעמע קינדער, וועלען דורך סטראַשונקעס און קלעפּ געטריבען ווערן דערצו, אַז זיי זאָלען אויסזאָגען, וואו זייערע עלטערן זיינען בעהאַלטען!

די וועלף פֿון ווערסאַיל האָבען אויף יעדען פֿאַל געמוזט האָבען קרבנות!

מיר האָבען געהאַט אַ געפֿענגנים וועכטער מיט דעם נאָמען מאַרסעראָני, אַ ריכטיגער תליון. עס פֿלעגט ניט אַריבערגעהן קיין איין טאָג, די דאָזיגע ווילדע חיה זאָל ניט שלאָגען מיט אַ שטריק די קריינע געפֿאַנגענע, וועלכע זיינען געווען אונטער זיין השגחה.

איין פֿריה מאָרגען — איך געדענק עס נאָך אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטען פּאַסירט — איז ער אַריין צו אונז אין טירמע און האָט גלייך אַרויס־גערופֿען איינעם פֿון די יונגע אַרעסטאַנטען:

— זשאַן דאָמאַס! אַהער... זשאַן דאָמאַס!

אַ צעהן־יעהריגער אינגעל, בלאַנד, בלייך, מאָגער און אין טראַנטעס, איז אַרויסגעקומען.

— אַה! אָט ביסט דו אַלזאָ, דו קליינער מערדערל דו! — האָט מאַר־סעראָני געליאַרמט. — נאַ, מיר זיינען איצט אַליין!... דו ווערסט מיר אַקאָרשט זאָגען, וואו דיין פֿאָטער איז, אַניט וועל איך דיר צוברעכען די ביינער...

רוהיג און גלייכגילטיג האָט דער קליינער זשאַן געקוקט דעם תליון זיינעם אין די אויגען.

— ווערסט ענטפֿערן צי ניט, דו קליינער וואָרים... — האָט דער וועכטער געשריען.

דעם קינד׳ס ליפּען זיינען געבליבען פֿערשלאָסען.

דאַן איז מאַרסעראָני, אָט דער מענש אָהן אַ האַ־ץ, אָט דער מענש וואָס האָט אַפּנים אין זיין לעבען קיין פֿאַמיליע ניט געהאַט, אַריינגעקומען אין אַ ווילדער רציחה, און ער האָט זיך צוליאַרעמט:

— אַה, דו קליינער באַנדיט! דו ניט דערוואַקסענער קאָמונאַר... אַזוי גאָר, דו ווילסט אויך שפּיעלען דעם רעוואָלוציאָנער? נאַ, מיר וועלען באַלד זעהן!

און דער באַנדיט האָט גענומען אַ שטריק און אָנגעהויבען שלאָגען דאָס קינד, וואָס האָט צונויפגעלייגט די הענדלאַך איינע איבער דער אַנדערער און צוגעמאַכט די אויגעלאַך זיינע...

ביי יעדען קלאַפּ האָט זיך דער מאָגערער קערפּער פון דעם קליינעם מאַרטירער צוטרייסעלט, אָבער סטאָאיש אַזוי ווי אַ יונגער ספּאַרטאַנער האָט דער קליינער זשאַן אויסגעהאַלטען און קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

אָט דער אינגעל האָט גע׳האַט די נשמה פון אַ העלד.

מיט אַמאָל האָט זיך מאַרסעראָני אָבגעשטעלט... ער איז צומישט געוואָרען און האָט זיך אודאי פערשעהמט פאַר זיך אַליין דערפון וואָס ער האָט דאָ געטהאָן.

זיין אָפּפער איז פּלוצלינג אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד, שעפּטשענדיג מיט אַ שוואַכער שטימע די ווערטער:

— אָה!... מאַמע!

אין דער רגע האָבען מיר זיך אַלע אַ לאָז געטהאָן אויף דעם ווערכטער און מיר וואָלטען איהם מן הסתם צוריסען אויף שטיקער. נאָר ער האָט גלייך געמאַכט אַ געוואַלד און סאָלדאַטען זיינען איהם געקומען צו הילף.

כ׳האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט מוחל זיין וואָס איך האָב ניט צוגעהרג׳עט אָט דעם באַנדיט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר האָבען דעם פּלאַץ, וואו מיר זיינען געלעגען צונויפגעשפּאַרט, אַ נאָמען געגעבען „טויטענ-הויז", און אין דער אמת׳ן האָט ער ווירקליך אויסגעוויזען אַזוי, כאָטש ער איז נאָך געווען אַסך פינסטערער און שמוציגער ווי דער ריכטיגער טויטענ-הויז.

וואַסער פּלעגט שטענדיג אַראָברינען איבער אונזערע קעפּ, און ביי יעדען קעהר וואָס מיר האָבען זיך געגעבען, ליגענדיג אויף דער ערד, האָבען זיך אָנגעקלעפּט אָן אונז גאַנצע שטיקער בלאָטע, אַ שוואַרצע און פייכטע בלאָטע, אין וועלכער ס׳איז אויך געווען בלוט!

איינמאָל האָט זיך איינע פון אונז בעקלאָגט פאַר מאַרסעראָני׳ן.

דער באַנדיט האָט געענטפערט מיט אַ נאַרישען געלעכטער:

— ניט נעהמט זיך אַזוי צום האַרצען... אויב ס׳טהוט אייך וועה, וועט זיך עס נאָך פערהיילען... מיט׳ן טויט!

וואָס האָט מען געקענט ערוואַרטען פון אַזאַ מין אונמענש?!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז אַ שטראַהל פון ליכט האָט ווען עס איז אַריינגעשיינט צו אונז, האָבען מיר אויסגעניצט די געלעגענהייט און זיך גענומען אויסרייניגען אַביסער

אינזער תפיסה. וואָס זאָג איך איס־ייִנגען? ס׳רעדט זיך נור אַזוי.. אָקוראַט ווי עס וואָלט גאָר מעגליך געווען אַריינצובריינגען כאָטש וויפיעל עס איז ריינקייט אין דעם דאָזיגען חזיר-שטאַל!

מיר האָבען זיך בענוגענט דערמיט וואָס מיר האָבען פערשאָטען מיט ערד די קליינע לוזשקעס און צושאַרט אַביסעל די צופוילטע שטרוי פון אונזערע מאַטראַצען.

איינמאָל, אַ שבת צו נאַכט איז דאָס געווען, האָט מען אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר וועלען מאָרגען האָבען געסט.

געסט?

ווּעמען וועט דאָס איינפאַלען צו קומען צו אונז אין די שטאַלען?

זונטאָג נאָכמיטאָג האָבען זיך די טהירען פון אונזער תפיסה געעפענט און מיר האָבען דערזעהן אַ גאַנצע מחנה פון נייגיעריגע, צווישען וועלכע מען האָט געקענט בעמערקען אַסך פרויען.

דאָרט זיינען געווען דאַמען אָנגעטהאָן אין זיידענס.. בעגלייט פון יונגע פראַנטען, מיט קוק-גלעזער פאַר די אויגען און מיט בלומען אויף די לאַפּעלען פון זייערע רעק...

ס׳האָט אויסגעוויזען אַזוי ווי גאַנץ ווערסאַיל וואָלט זיך צונויפגערעדט זיך צו טרעפען דאָ אין אונזער קאַזעמאַט!

מען איז געקומען אונז אָנקוקען, עפּעס אַזוי ווי מיר וואָלטען געווען מאָדנע חיות...

אָט אַפנים איידער מען האָט אונז איבערגעגעבען צום תליון, האָט מען נאָך געמוזט אונז ערנידעריגען און פערלעצען אונזערע געפיהלען.

אַ הויכע יונגע דאַמע מיט אַ העל בלויע קלייד און אַ גרויסען הוט מיט פעדערן האָט אונז בעטראַכט מיט אַ בעזונדערער אויפמערקזאַמקייט...

ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז זי זוכט אימיצען.

פון צייט צו צייט האָט זי זיך אָנגעבויגען צו איהר קאַוואַליער, זיך פאָכענדיג מיט אַ צייטונג. וואָס זי האָט געהאַלטען אין האַנד.

ענדלִיך, זעהענדיג, אַז איהר בעגלייטער הערט זיך גאָרניט צו צו איהר, האָט זי זיך אומגעדרעהט צום וועכטער און הויך אויף׳ן קול האָט זי איהם געפרעגט:

— און לואיזע מישער? וואו איז זי? כ׳וואָלט איהר געוואָלט זעהן...

איך האָב זיך גלייך אויפגעהויבען און זיך אַנידערגעשטעלט אַנטקעגען דער שעהנער נייגיעריגער דאַמע.

— איהר ווילט מיך זעהן? — האָב איך זיך אָנגערופען צו איהר. — נו, אָט בין איך!

און איך האָב פערלייגט אַ האַנד איבער אַ האַנד און איהר געקוקט גלייך אין די אויגען מיט אַ בליק פון מיטלייד.

די יונגע פרוי האָט זיך אַביסעל פערשעהמט; עטליכע סעקונדען האָט

זי מיך בעטראַכט, דערנאָך האָב איך געהערט ווי זי מורמעלט אַרויס די דאָזיגע ווערטער:

— נאַ, זי זעהט גאָרנישט אויס אַזוי שרעקליך ווי מען האָט זי פאָרגעשטעלט... אדרבה, כ׳געפין, אַז זי האָט גאָר גוטע אויגען...

און ציגעהענדיג נאָהענט צו מיר האָט זי מיר געזאָגט:

— ענטשולדיגט מיר, מאַדאַם... איך האָב זיך געלאָזט פערפיהרען פון מיין נייגיעריגקייט... ס׳איז געווען אַ פעהלער פון מיין זייט. איך בעט אייך אום פערצייהונג... ווינשט איהר פיליכט וואָס עס איז? איך בין גרייט אייך צו קומען צו הילף... איהר דאַרפט אפשר האָבען געלד?

כ׳האָב זי אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעל.

— ווייבאַלד איהר ווילט יאָ וואָס טהאָן פאַר מיר, — האָב איך איהר געזאָגט מיט אַ נידעריגער שטימע — טאָ גיט מיר די צייטונג, וואָס איהר האַלט אין האַנד... נאָר גיט אַכטונג, מען זאָל ניט בעמערקען ווי איהר גיט זי מיר...

זי האָט אונבעמערקטערהייט אַראָבגעלאָזט די צייטונג אויף דער ערד.

— אַ דאַנק, — האָב איך איהר געזאָגט.

די יונגע פרוי האָט ניט אויפגעהערט קוקען אויף מיר.

ענדליך האָבען זיך בעוויזען טרעהרען ביי איהר אין די אויגען.

זי האָט מיר אָנגעקומען פאַר דער האַנד און שטילערהייט געזאָגט:

— פאַרדאָן!

דערנאָך איז זי צוריק צוגעגאַנגען צו איהר קאַוואַליער, וועלכער איז נאָך אַלײן געשטאַנען מיט׳ן קוק-גלאָז פאַר׳ן אויג און בעטראַכט די געפאַנגענע פרויען.

אַז די געסט זיינען פערשוואונדען, בין איך צוגעגאַנגען צו איינס פון די קליינע פענסטערלאַך, וואָס זיינען געווען ביי אונז אין תפיסה, און איך האָב צוגערופען מיינע חבר׳טעס.

— קומט, קומט אַהער, — האָב איך געזאָגט, — כ׳האָב אַ צייטונג!...

מיט נייגיעריגקייט האָבען זיי זיך אַלע אַרומגעקליבען אַרום מיר.

מיר האָבען אַלזאָ דאָך אַ מעגליכקייט צו דערגעהן, וועלכע פון אונזערע פריינד זיינען אַריינגעפאַלען צום שונא אין די הענד — מיר, וועלכע זיינען שוין פון אַזאַ צייט אָן געווען אָבגעריסען פון דער וועלט.

מיר וועלען ענדליך דאָך וויסען די נעמען פון די אונגליקליכע, וואָס אונזערע פיינדע האָבען שוין אַראָבגעשיקט אין קבר!

אָה! אָט די צייטונג!

ס׳וואָלט שוין אפשר בעסער געווען, ווען מען גיט זי מיר גאָר ניט!

ווי איך האָב זי נור געעפענט, זיינען מיינע אויגען געפאַלען אויף דאָס דאָזיגע שטיקעל נייעס:

„מאַדאַם פעררע, די מוטער פון דעם רעבעל טהעאָפיל פעררע, איז

אייער-נעכטען געשטאָרבען פון אַ היץ־קרענק, אין דעם משוגעים-הויז פון סיינט-אַן".

כ'האָב אויסגעבראָכען אין אַ געוויין.

אָט די קורצע נאַכריכט האָט מיר פערדריקט ביים האַרצען.

גלייך נאָכדעם האָב איך זיך דערוואוסט וואָס עס איז פאָרגעקומען נאָך דער ריהרענדער סצענע, מיט וועלכער מיינע לעזער זיינען שוין בעקאַנט.

נאָך די יסורים און ענוים קשים, וואָס די ווערסאַילער פּאָליצי-לייט האָבען איהר אָנגעטהאָן, איז מאַדאַם פעררע אַראָב פון זינען.

מען האָט זי אָבגעפיהרט אין סיינט-אַן, און דאָרט איז די אָרעמע פרוי באַלד געשטאָרבען.

איהר גסיסה איז געוועזען שרעקליך.

ביז דער לעצטער מינוט, ווען איהרע ליפען האָבען זיך צום לעצטען מאָל צוגעמאַכט, האָט זי אויף קיין איין רגע ניט אויפגעהערט ווידערהאָלען די ווערטער:

— טהעאָפיל... מיין זוהן... זיי וועלען באַלד קומען... בעהאַלט זיך... כ'וועל דיך קומען זעהן... אין דער גאַס „סען-סאָנער"! זיי ווייסען ניט!

אָרעמע פרוי! זי איז אַראָב אין קבר מיט עטליכע טעג פאַר איהר זוהן!

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

איין פריה מאָרגען האָב איך געהערט ווי מען ריגעלט אויף גיטהער פון אונזער טורמע.

— לואיזע מישעל! — האָט זיך געהערט אַ שטימע.

— אָט בין איך, — האָב איך געענטפערט.

— קומט מיט מיר... און שנעל.

כ'בין נאָכגעגאַנגען דעם געפענגניס וועכטער, ניט פרעגענדיג אפילו ביי איהם, וואו ער פיהרט מיך.

איך בין דאַן געוועזען צוגעקומען צו איינעם פון יענע מאָמענטען אין לעבען, ווען דער מענש האָט זאָגאַר ניט די נייגיריגקייט צו וויסען, וואָס פון איהם וועט ווערן.

אַז איהר האָט זיך שוין זייט אַ לאַנגע צייט צוגעוועהנט צו דעם גע-דאַנק פון טויט, ווערט איהר גלייכגילטיג צו אַלצדינג.

דער וועכטער האָט מיך געפיהרט דורך אַ לאַנגען קאָרידאָר און ענדליך האָט ער מיך אַריינגעלאָזט אין אַ קליין הילצערן שטיבעל מיט צוויי טהירע איינע אַנטקעגען די אַנדערע.

און איך בין געבליבען דאָרט אַ ווײַלע און האָב געוואַרט.

פּלוצלינג... עפענט זיך אויף אַ טהיר, און איך האָב אַרויסגעלאָזט אַ עשריי פון פרייד.

— מוטער!

מיין מוטער איז געשטאַנען אַנטקעגען מיר, בלאַס, אין הוילע צי-טערניש...

— ליאיזע, מיין אָרעמע לואיזע! — האָט זי געזאָגט, זיך אַריינוואַר-פענדיג אין מיינע אָרעמס — איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דיך שוין קיינמאָל ניט זעהן.

— מוטערל. גוטע מוטער מיינע!

און מיר זיינען אַזוי געבליבען שטעהן צונויפגעדריקט, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט און ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט.

ענדליך האָב איך איבערגעשלאָגען די שטילקייט.

— ווי אַזוי ביסט דו געקומען אַהער? — האָב איך אַ פרעג געטהאָן.

— ס'וועט זיין צו לאַנג, עס דיר צו ערקלעהרען. נאָר דאָס קען איך דיר אָנזאָגען, מיין קינד, אַז איך וועל אָפּט קומען אַהער זיך זעהן מיט דיר.

אָפּט! האָט מען נאָך געקענט אַרויסריידען דאָס דאָזיגע וואָרט, ווען דער טויט האָט שוין אַרומגעשוועבט אַרום אונז; ווען דער בעפעהל, אונז צו דערשיסען, איז שוין פילייכט געווען אַרויסגעגעבען!

אָפּט! ווי פינכטער און טרויעריג דאָס דאָזיגע וואָרט קען צייטענוויז קלינגען...

אָפּט!... דאָס איז דער „כאָ־גען" פון דעם פער'משפּט'ן, וועלכער וואַרט אויף דעם תליון...

אַ רגע זיינען מיר געבליבען שטיל אין בעת מעשה האָט מען געקענט הערען דאָס קלאַפּען פון אונזערע הערצער!

מיין מוטער איז געווען שטאַרקער און מוטהיגער פון מיר.

— הער אויס, לואיזע, — האָט זי זיך אָבגערופען, אָנגעהמענדיג מיך פאַר די הענד — דו דאַרפסט ניט זיין אַזוי פערצווייפעלט, אַ־עס איז נאָך ניט פערלאָרען... מען האָט מיר געזאָגט, אַז דו וועסט ניט דערשאָסען ווערן... יאָ, כ'בין זיכער... זיי וועלען עס ניט טהאָן, זיי וועלען ניט סטייען...

— גו אודאי, מען וועט זיך שעהמען, — האָט זיך דערהערט אַ לאַ-כענדיגע שטימע לעבען אונז.

מען האָט אונז נאָכגעשפּיאָנירט!

אַ וועכטער, וואָס האָט געהאַלטען דעם אייער אָנגעשטעלט בייַ דער וואַנד פון שטיבעל, האָט געהערט אַלעס, וואָס מיר האָבען גערעדט.

מיר האָבען געמיינט, אַז מיר זיינען אַליין פאַר זיך, און דאָ האָט מען אונז גאָר בעוואַכט..

מיין אָרעמע מוטער איז שיער ניט אומגעפאַלען פון שרעק... כ'האָב איהר אונטערגעהאַלטען און זי געפּרואווט טרייסטען.

— האָב קיין מורא נישט, מאַמאַ, — האָב איך איהר איינגערעדט,— מען זאָגט עס בלויז, כדי אונז איבערצושרעקען... ס'איז אויף שפּאַס...

אָבער די טייפלישע שטימע האָט זיך ווידער אַריינגעמישט.

— ניין, — דאָט מען פֿון דער אַנדער זייט געזאָגט, — ס'איז שוין גאָר קיין שפּאַס ניט!...

אָהּ, אָט דער ווערכטער! אָט דער אונבאַרמהאַרציגער און ווילדער מענש, כ'האָב איהם געוואָלט דערשטיקען אויף טויט!

דאָס וואָס ער האָט געטהאָן איז געווען שרעקליך, גרוויזאַם!

וואָס פֿאַר אַן אינטערעס האָט דער דאָזיגער באַנדיט געהאַט אויף אַזאַ'ן אופן צו פערניכטען די לעצטע האָפֿנונג פֿון מיין אָרעמער מוטער?

דאָס איז געווען גרוויזאַמקייט, אַ קאַלטע, בערעכענטע גרוויזאַמקייט!

מען קען זיך שוין משער זיין, וואָס עס איז דערנאָך געוואָרען פֿון אונזער בעגעגעניש...

מיין אָרעמע מוטער האָט געשלוכצט ווי אַ קליין קינד און האָט מיך צוגעדריקט מיט אַלע כחות צו איהר האַרצען ..

און איך... איך האָב איהר שטילערהייט אַריינגעשושקעט אין אויער די ווערטער: „דער מאַן ליגט... דער מאַן ליגט . גלויב איהם ניט!"

אָבער ס'איז געווען אומזיסט, מיין מוטער, וועלכע איז געקומען מיט אַ שטיקעל האָפֿנונג אין האַרצען, איז אַוועק מיט אַ זיכערהייט, אַז איך בין פֿערלאָרען פֿאַר איהר!

ענדליך איז אַריינגעקומען דער מאַן, וועלכער האָט זיך אונטערגעהערט וואָס מיר האָבען גערעדט. ער האָט געהאַט אַ שמייכעל אויף די ליפּען.

— די צוואַנציג מינוטען זיינען פֿערביי, — האָט ער געזאָגט.

און מיך אָנגעהמענדיג מיט געוואַלד פֿאַר'ן אָרים, האָט ער מיך אַרויס־געשלעפּט פֿון שטיבעל, ניט אומקוקענדיג זיך אויף דעם ביטערן געוויין פֿון מיין מוטער.

אַז איך בין אַריין צוריק אין מיין תפיסה, האָב איך אַ היבשע ווײַלע געוויינט מיט ביטערע טרעהרען; מיר האָט כמעט פֿערדראָסען, וואָס מיין מוטער איז מיך געקומען זעהן... איצט וועט זי איבערלעבען שרעקליכע מינוטע פֿון הוילע פֿערצווייפֿלונג אין מורא'דיגע יסורים, און אַלצדינג צוליעב דעם דאָזיגען פֿערפֿלוכטען ווערכטער...

אָט אַזעלכע שוידערליכע וויצען האָבען זיי דאָס געמאַכט, די געפֿענגנים־ווערכטער פֿון ווערסאַיל!

ניט גענוג וואָס זיי האָבען געמאַטערט זייערע קרבנות, האָבען זיי זיך אויך אמוזירט דערמיט וואָס זיי האָבען אַרויסגעצויגען די נשמה פֿון די, וועלכע זיינען געקומען זיך זעהן מיט די געפֿאַנגענע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט אפנים ס'איז בעשטימט געווען, מען זאָל מיר קיין רוה ניט געבען. כ'האָב געמיינט, אַז איך בלייב שוין אין ווערסאַיל.

נאָר איך האָב אַ טעות געהאַט.

מיט אַמאָל האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מען האָט בעשטימט אַן אַנ־

דער געפּענגניס פאַר מיר, און אין עטליכע טעג אַרום האָט מען מיך ווירק-ליך אַריבערגעפיהרט קיין אַראַס.

דאָך האָב איך נאָך אויסגעפּיעט צו לאָזען וויסען מיין מוטער וועגען דעם. נאָר עפּעס אַזוי ווי אויף צו להכעיס האָט מען אומגעביטען די צייט פון מיין אָבפאָהרען, און איך האָב זיך ניט געקענט זעהן מיט איהר.

אָנשטאַט אָבצופאָהרען קין אַראַס נאָכמיטאָג, ווי ס'איז געווען אָבגע-מאַכט, האָט מען מיך שוין גאַנץ פריה צוגענומען פון דער ווערסאילער טורמע. מיין מוטער איז אַלזאָ געשטאַנען דעם גאַנצען טאָג אין שנעע, וואַרטענדיג אומזיסט אויף מיין אַרויסקומען פון דער תפיסה פון שאַנטיע.

אָרעמע פרוי! ס'האָט גאָר קיין סוף ניט גענומען צו איהרע מורא'דיגע יסורים...

אין אַראַס בין איך געבליבען אַן ערך פינפצעהן טעג. דערנאָך האָט זיך דער רעגירונג ווידער פערגלוסט עפּעס נייעס, און אין דער נאַכט פון'ם 27טען אויף'ן 28טען נאָוועמבער איז מען געקומען מיט אַן אימפּעט מיך אָבשיקען צוריק קיין ווערסאַיל.

איך ווייס ניט ווי שפּעט ס'איז געווען, ווען מיר זיינען אַרויס פון אַראַס. צוויי זשאַנדאַרמען האָבען מיך בעגלייט, און איך מוז זאָגען דעם אמת, אַז איך האָב זיך גאָרניט געהאַט וואָס צו בעקלאָגען אויף די צוויי דיענער פון אַ רעזשים פון גרויזאַמקייט.

אָט אַפּנים זיי האָבען רחמנות געהאַט אויף מיר.

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס סאָלדאַטען האָבען מיך ניט גע-שלאָגען מיט זייערע ביקסען!

אָבער ווי איך בין נאָר אָנגעקומען אין ווערסאַיל האָב איך שוין געהאַט אַ נייע בעגעגעניש, וואָס האָט מיר צוריסען דאָס האַרץ!

די ערשטע פערזאָן, וואָס איך האָב דערזעהן אויף'ן וואָקזאַל, איז געווען מאַריע פערדרע, די שוועסטער פון דעם אָרעמען טהעאָפיל... די, וועמען די ווערסאַילער פּאָליציסטען האָבען מיט עטליכע טעג פריהער אויף אַזאַ גרוי-זאַמען אופן אַרויסגעשלעפּט פון בעט, וואו זי איז געלעגען און געברענט פון היץ.

אָרעמע מאַריע! כ'האָב זי קוים דערקענט, אַזוי בלאַס און אויסגעמאָ-גערט איז זי געווען...

ווי אַ מת פון קבר אַרויס האָט זי אויסגעזעהן.

איך בין צוגעלאָפען צו איהר מיט די ווערטער:

— מאַריע... מיין טהייערע מאַריע!

— אָה, מיין אָרעמע לואיזע, — האָט מיר די אונגליקליכע געענטפערט, אויסשטעלענדיג בעת מעשה אויף מיר איהרע גרויסע אויסגעלאָשענע אויגען — זיי האָבען איהם דער'הרג'עט! יאָ... זיי האָבען איהם דער'הרג'עט, די כאַנדיטען!

און מיט אַ ציטערענדע האַנד האָט זי מיר דערלאַנגט אַ בריוועל.

כ'האָב גלייך דערקענט פּערע'ס האַנדשריפט... ער האָט געשריבען אַז אין עטליכע מינוט אַרום וועט ער זיין טויט... און ער בעט די שוועסטער זיינע, זי זאָל פאָדערן זיין טויטען קערפּער און איהם בעגראָבען אין איינעם מיט דעם קערפּער פון זייער אינגליקליכער מוטער. ער דאַנקט איהר פאַר דער הייסער ליעבשאַפט, וואָס זי האָט איהם געוויזען און בעט איהר, זי זאָל מוטהיג אַריבערטראָגען איהר שמערץ. „וואָס מיר אָנבעלאַנגט", שרייבט ער, בין איך גליקליך; כ'וועל באַלד פטור ווערען פון מיינע יסורים..."

— אַלעס איז נאָך אפשר ניט פערלאָרען, — האָב איך אַ געשריי גע-טהאָן, נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט דעם בריעף.

מאַריע האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ טרויעריגען בליק.

— זיי האָבען איהם גע'הרג'עט! — האָט זי געזאָגט. — כ'האָב אַליין געזעהן פון וויטען די הינריכטונג... כ'האָב ניט געקענט צוגעהן נאָהענט... די סאָלדאַטען האָבען ניט צוגעלאָזען.

און מיט אַ שלוכצענדען טאָן האָט זי צוגעלייגט:

— איצט וועל איך פערלאַנגען זיין קערפּער!...

ס'איז אַלזאָ ווירקליך אַזוי געווען!

פערע איז דערשאָסען געוואָרען אין איין צייט מיט ראָסעל*) און מיט בורזשוא'ן.

ער האָט זיך געהאַלטען זעהר מוטהיג אַנטקעגען זיינע תלינים. אַז אַ סאָלדאַט איז צוגעקומען צו איהם און האָט איהם געוואָלט פערבינדען די אויגען, האָט פערע אַ געשריי געטהאָן:

— לאָזט אָב, כ'וויל קוקען דעם טויט גלייך אין די אויגען אַריין...

ראָסעל און בורזשוא זיינען געשטאַנען לעבען איהם, פונקט אַזוי רוהיג און מוטהיג ווי ער.

---

*) לואי נאַטהאַניעל ראָסעל איז געווען אַ גענעראַל פון דער קאָמונע. ער איז געבוירען געוואָרען אין 1844 און געשטאָרבען דעם 28טען נאָוועמבער 1871. אין דער צייט פון פראַנצויזיש-דייטשען קריעג איז ער געווען אָפיציר אין דער פראַנצויזישער אַרמעע, נאָר דעם 19טען מערץ 1871 האָט ער אָבגעגעבען זיין אַמט, איז געקומען קיין פאַריז און האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער קאָמונע. דעם 19טען מאַי, בעת די ווערסאַילער האָבען אַריינגעבראָכען אין פאַריז דורך די פעסטונג פון איסי, וואו ראָסעל האָט פערטהיידיגט די קאָמונע, האָט זיך איהם איינגעגעבען צו אַנטלויפען און ער האָט זיך בעהאַלטען ביז דעם 7טען יוני, ווען טיערס פאָליציי האָט איהם אויסגעפונען. אַ קריעגס-געריכט האָט איהם פער'משפט צום טויט און ער איז דערשאָסען געוואָרען אין סאַטאָרי אין איין צייט מיט טהעאָפיל פעררע און מיט דעם אונטער-אָפיציר בורזשוא.

פּערדע איז ניט דער'הרג'עט געוואָרען גלייך אויף'ן ערטעל, ער איז געבליבען שטעהן עטליכע סעקונדען צייט, און ער האָט נאָך געהאַט גענוג קראַפֿט אין זיך אַרויסצוזאָגען דעם לעצטען געשריי: „לעבען זאָל די קאָמונע!"

דערנאָך איז ער אַנידערגעפֿאַלען און מען האָט איהם געגעבען דעם לעצטען קלאַפּ...

אַזוי האָט מיר זיין שוועסטער דערצעהלט.

דערנאָך האָבען מיר זיך געמוזט צושיידען איינע פֿון דער אַנדערער. זי איז אַוועק אין סאַטאָרי און מיך האָט מען אָבגעפֿיהרט אין דעם געפֿענגניס פֿון שאַנטיע.

די צוויי גוטע זשאַנדאַרען, וועלכע האָבען מיך געפֿיהרט, האָבען געהאַט אַ פּסק דערפֿאַר וואָס זיי האָבען מיר געלאָזט רעדען מיט דער אונגליקליכער מאַריע.

אַ גליק וואָס מען האָט זיי אויך ניט דערשאָסען דערפֿאַר!

— — — — — — — — — — — — — — — —

פֿון'ם 28טען נאָוועמבער ביז דעם 11טען דעצעמבער האָט מען זיך ווינציג וואָס פֿערנומען מיט מיר.

דאָך האָט מען מיר עטליכע מאָל ערלויבט זיך צו זעהן מיט מיין מוטער, נאָר אונזערע בעגעגענישען זיינען וואָס אַמאָל וויטער אַלץ שמערצליכער געוואָרען.

איך האָב מיט אַלע מעגליכקייטען געזוכט צו טרייסטען די אָרעמע פֿרוי.

— זיי רוהיג, — פֿלעג איך איהר כסדר זאָגען, זיך סטאַרענדיג בלומר'שט צו מאַכען אַ בערוהיגטע מיענע, — זיי רוהיג, מאַמאַ; מען וועט מיך ניט שיסען... אַז מען וואָלט געהאַט בדעה מיך צו טויטען, וואָלט מען עס שוין לאַנג געטהאָן.

די גוטע פֿרוי האָט זיך געמאַכט האַרין און אַ שמייכעל געטהאָן, אָבער איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי גלויבט מיר ניט.

אין דער אמת'ן איז געווען גענוג אורזאכע ניט צו גלויבען אין דעם; יעדען טאָג האָט מען נאָך אַלץ דערשאָסען צעהנדליגע מענשען אויף די פֿעלדער פֿון סאַטאָרי.

ענדליך, דעם 11טען דעצעמבער נאָכמיטאָג האָט מען מיר איבערגעגעבען אַ פּאַפּיר, וואו מען האָט מיר מודיע געווען, אַז איך וועל דאַרפֿען שטעהן פֿאַר'ן קריגס געריכט דעם 16טען דעצעמבער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דעם 16טען דעצעמבער בין איך געשטאַנען פֿאַר מיינע ריכטער.

דער פּרעזירענט איז געווען אַ קאָלאָנעל פֿון דער קאַוואַלעריע מיט'ן נאָמען דעלאַפּאָרט, און אַלס פּראָקוראָר איז בעשטימט געוואָרען אַ קאַפּיטאַן מיט'ן נאָמען דאַאי.

אז איך בין אַריינגעקומען אין געריכטס זאַאַל, איז צווישען די אַנ...

זענדע געוואָרען אַ שושקעריי; פֿון אַלע זייטען האָט מען גענומען קוקען מיט נייגיעריגע אויגען אויף מיר.

כ'האָב געהערט דעם דאָזיגען געשפּרעך:

— אַה! אָט איז זי!

— מען וועט זי פֿעראורטהיילען.

— צום טויט.

— מיינט איהר אַזוי?

— ס'איז קיין ספק ניט.

— אָרעמע פֿרוי, — האָט זיך שטילערהייט אָבגערופֿען איינער פֿון די אַנוועזענדע.

— אַה! מען זעהט גאַנץ גוט, אַז איהר קענט זי ניט... איהר האָט, הייסט עס, ניט געלייענט וואָס די צייטונגען שרייבען וועגען איהר...

אַ קלונג מיט'ן גלעקעל האָט געמאַכט אַ סוף צו דיזען געשפּרעך, און גלייך נאָכדעם האָט דער געריכטס-שרייבער דיפּלאָן מיט אַ שטילער, שלעפּעדיגער שטימע גענומען לייענען דעם בעשולדיגונגס-אַקט.

אַה! ער איז געווען לאַנג, אָט דער דאָקומענט, און דער וואָס האָט איהם רעדיזשירט האָט געמוזט אַרבייטען שווער און ביטער צונויפֿצוקלייבען די אַלע שרעקליכע זאַכען, וואָס ער האָט ענטהאַלטען.

הערענדיג ווי דער שרייבער לייענט דעם דאָזיגען בעשולדיגונגס-אַקט, האָב איך זיך געמוזט פֿרעגען, צו האַנדעלט עס זיך דאָ ווירקליך וועגען מיר...

מען האָט מיך דאָרט ניט געשאַנעוועט, אויסגערופֿען מיט די ערגסטע נעמען. וואָס בין איך דאָרט ניט געווען? אַ „טיגרין", אַ „ווילדע חיה", אַ „טייוועל" און ווער ווייס וואָס נאָך פֿאַר שעהנע טיטלען האָט מען מיר געגעבען!

מיינע ריכטער האָבען געקוקט אויף מיר מיט אַ קאַלטען בליק...

פֿון זייערע אויגען האָב איך אַרויסגעלייענט אַ ביטערן האַס.

ענדליך האָט דער געריכטס שרייבער געענדיגט מיט דיזער קנאַקענדיגער פֿראַזע:

„אָט די פֿרוי האָט אויפֿגערייצט די לײדענשאַפֿטען פֿון דער מאַסע, זי האָט געפּריידיגט קריעג אָהן רחמנות און מיט בלוט-דורשטיגקייט האָט זי איבעראַל אויפֿגעהעצט צו מאָרד און פֿערניכטונג."

מיט אַ טיעפֿער, מעלאַנכאָלישער שטימע, וועלכע איז געפֿאַלען ווי אַ שטיק אייז אויף די צוהערער, האָט זיך דאַן דער פּרעזידענט אָבגערופֿען:

— אָנגעקלאָגטע, איהר האָט געהערט די זאַכען, אין וואָס איהר ווערט בעשולדיגט. וואָס האָט איהר צו זאָגען אין אייער פֿערטהיידיגונג?

— איך וועל זיך ניט פֿערטהיידיגען, — האָב איך געענטפֿערט, — איך וויל ניט פֿערטהיידיגט ווערן... איך ערקלעהר, אַז איך נעהם אויף זיך

די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון אַלע מיינע טהאַטען. דאָס וואָס איך פֿערלאַנג פֿון אייך, וואָס איהר רופֿט זיך קריעגס-געריכט, פֿון אייך, וואָס איהר גיט זיך אויס פֿאַר מיינע ריכטער, — דאָס וואָס איך פֿערלאַנג פֿון אייך איז דאָס פֿעלד פֿון סאַטאָרי, וואו מיינע ברידער זיינען געפֿאַלען! מען מוז מיך אָב רייסען פֿון דער געזעלשאַפֿט... מען האָט אייך געגעבען אַ בעפֿעהל עס צו טהאָן... נו, ווי באַלד יעדעס האַרץ, וואָס שלאָגט פֿאַר פֿרייהייט, האָט, ווייזט אויס, קיין אַנדער רעכט ניט נאָר אויף אַ שטיק בליי, טאָ פֿערלאַנג איך מיין טהייל... אַז איהר וועט מיך לאָזען לעבען, וועל איך ניט אויפֿהערן שרייען נאָך ראַכע...

— כ׳קען אייך ניט לאָזען ריידען ווייטער, — האָט מיר דער פּרעזידענט איבערגעשלאָגען די רייד.

דאַן האָב איך זיך אויפֿגעהויבען און אַ געשריי געטהאָן:

— כ׳האָב געענדיגט!... אויב איהר זייט ניט קיין טרוסען... הרג׳עט מיך!

נאָך דיזע ווערטער, וועלכע האָבען געמאַכט אַ טיעפֿען רושם אויף דעם פּובליקום, האָט זיך דאָס קריעגס-געריכט צוריקגעצויגען, אום זיך צו בעראַטהען וועגען מיין פּראָצעס.

אין עטליכע מינוטען אַרום זיינען די ריכטער צוריק אַריינגעקומען אין זאַאַל און אויסגעשפּראָכען מיין אורטהייל.

גלייך נאָכדעם האָט דער פּרעזידענט אַ זאָג געטהאָן:

— פֿיהרט אַריין די אָנגעקלאָגטע.

מען האָט מיך צוגעפֿיהרט צו מיין באַנק.

מיט אַ האַלב-פֿערדריקטע, ציטערנדע שטימע האָט דער פּרעזידענט מיר געלאָזט וויסען, אַז איך בין פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿערשיקט צו ווערען אויף אַ פֿעסטונגס-אינזעל.

כ׳האָב זיך קיין ריהר ניט געטהאָן און ניט אויפֿגעהערט קוקען מיינע ריכטער גלייך אין די אויגען אַריין.

זיי האָבען אַלע אויסגעזעהן בלאַס ווי דער טויט, נאָר אין זייערע גלאַנציגע אויגען האָט מען געקענט בעמערקען אַ בעהאַלטענע פֿרייד.

דער געריכטס-שרייבער דיפּלאָן האָט זיך אויפֿגעהויבען פֿון זיין פּלאַץ.

— אָנגעקלאָגטע, — האָט ער זיך אָבגערופֿען, — איהר האָט צייט פֿיער און צוואַנציג שטונדען צו אַפּעלירען.

כ׳האָב אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען און גאָרנישט געענטפֿערט.

— איהר האָט געהערט? — האָט דער געריכטס שרייבער געפֿרעגט.

— יאָ, — האָב איך געענטפֿערט. — כ׳האָב גאַנץ גוט געהערט, נאָר פֿאַר מיר איז אַלץ איינס... כ׳דאַרף ניט אַפּעלירען. כ׳וואָלט בעסער געוואָלט שטאַרבען!

פֿון צווישען פּובליקום האָט זיך געלאָזט הערען אַ שטימע:

— בראוואָ, לואיזע מישעל!

דער פּרעזידענט האָט געמאַכט אַ קרומע צורה.

— מען זאָל גלייך אַרעסטירען דיזען מאַניפעסטאַנט, — האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געגעבען.

באַלד האָט זיך אויפגעהויבען אַ שרעקליכער טומעל אין געריכטס-זאַאַל. שטוהלען זיינען אומגעוואָרפען געוואָרען, עס האָבען זיך געלאָזט הערען ווילדע קולות, און אין אַ רגע אַרום האָט זיך געעפענט אַ טהיר און מען האָט אַריינגעפיהרט דעם אומבעקאַנטען, וועלכער האָט געהאַט די העזה עפענטליך אויסצודריקען זיין סימפּאַטהיע מיט מיר.

איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט ווער דער דאָזיגער מאַן איז געווען...

ווער ווייסט? אפשר האָט ער אויך בעצאָהלט מיט זיין לעבען פאַר דעם אונפאָרזיכטיגען אויסרוף וואָס האָט זיך איהם אַרויסגעריסען פון מויל!

## IV.

## דער „גיהנום".

מען האָט מיך צוריק אָבגעפיהרט אין דער טורמע פון שאַנטיע.

— נא, — האָט זיך אָבגערופען מאַרסעראָני אַזוי גיך ווי ער האָט מיך נור דערזעהן, — איהר קענט זיין צופרידען מיט זיך, דען איהר האָט גליק... כ'האָב זיכער געגלויבט, אַז איהר וועט פעראורטהיילט ווערן צום טויט.

כ'האָב איהם אָנגעקוקט, אָט דעם נידעריגען מענשען, דעם דאָזיגען באַנדיט, וועלכער האָט געפייניגט די קינדער, און איך האָב איהם געענט-פערט:

— צום טויט אָדער פערשיקט צו ווערען, וואָס מאַכט עס אויס? דער עיקר איז, איך זאָל אייך מעהר ניט האָבען פאַר די אויגען...

ער האָט אַ נאַרישען לאַך געטהאָן און איז פערשוואונדען, אַרויסמורמ-לענדיג די ווערטער:

— אַה! ווען איך וואָלט געווען דאָס קריעגס-געריכט, וואָלט איך שוין ניט געהאַט קיין איינזעהעניש מיט אָט דער פרוי!

די אינבעוואוינטע פרויען, די „פיגוראַנטקעס", וועלכע האָבען צווישען אונז געשפּיעלט די ראָלע פון „אונטערצינדערינען", האָט מען אַרויסגעלאָזען פריי.

מען האָט ענדליך פערשטאַנען, אַז עס האָט שוין מעהר קיין זינן ניט נאָך ווייטער פאָרטצוזעצען דיזע מיאוס'ע קאָמעדיע.

עס זיינען אַלזאָ אין ווערסאַיל, אין דער פרויען-אָבטהיילונג, ניט מעהר געבליבען ווי פעראורטהיילטע אָדער געפאַנגענע, וועלכע האָבען נאָך גע-אַרפט שטעהן צום געריכט.

צווישען די לעצטע, די געפאַנגענע, האָט זיך געפונען א יונגע פרוי מיט אַ סימפּאַטישען געזיכט, מיט גרויסע טיעף-טרויעריגע אויגען.

זי האָט ניט אויפגעהערט צו קלאָגען, און פון איהרע ליפען זיינען כמעט אויף קיין איין מינוט ניט אַראָב די דאָזיגע ווערטער:

— מיינע קינדער! מיין מאַן!

עטליכע מאָל האָב איך געפּרואווט זיך נאָכפרעגען ביי דער דאָזיגער אונגליקליכער פרוי, וועלכע איז אודאי געווען אַן אונשולדיגער אָפּפער; כ'האָב געוואָלט וויסען, ווי אַזוי זי קומט אַהער. אָבער אויף אַלע מיינע פראַגען האָט זי זיך כסדר בענוגענט צו ענטפערן:

— דאָס וואָס האָט געטראָפען מיט מיר איז שרעקליך, מאַדאַם, ס'איז מורא'דיג.. גאָר נישט צו גלויבען!

און זי פלעגט אויסברעכען אין אַ ביטער געוויין.

עטליכע טעג נאָכדעם ווי איך בין פער'משפט געוואָרען איז אַראָב-געקומען אַ מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט, בעזוכען די תפיסה פון שאַנטיע.

ווי ער איז נור אַריין אין הויף, וואו מיר זיינען געווען צונויפגעשפּאַרט אַזוי ווי די שאָף צו דער שחיטה, האָט ער מיט אַמאָל דערפיהלט, ווי איינע פון די געפאַנגענע פרויען, אָנגעטהאָן אין טראַנטעס, האָט איהם אָנגעכאַפּט ביים אַרים.

— פערלאָזט מיך ניט.. לאָזט מיך ניט איבער דאָ, מיין הערר, איך בעשווער עס אייך, — האָט זיך געבעטען די אונגליקליכע, וואָס איז ניט געווען קיין אַנדערע גאָר די געהיימניספאָלע פרוי, וועגען וועלכער איך האָב אָקאָרשט גערעדט.

דער דעפּוטירטער האָט געפּרואווט זיך אַרויסרייסען פון איהר.

פע!.. אַן אינטעליגענטער זאָל האָבען די העזה צוגעהן אַזוי נאָהענט צו איהם!

אָבער די געפאַנגענע האָט זיך נאָך פעסטער אָנגעהאַנגען אָן דעם אָרם פון'ם דעפּוטירטען, זאָגענדיג:

— איך גאָטעס ווילען, פערלאָזט מיך ניט... קוקט מיך אַקאָרשט אָן.

— כ'קען אייך ניט...

— כ'האָב זיך שטאַרק געענדערט, דאָס איז אמת... אָבער קוקט מיך קאָרשט גוט אָן, כ'בעט אייך. איך בין... מאַדאַם דיביעף...

דער דעפּוטירטער האָט דערלאַנגט אַ געשריי פון ערשטוינונג.

— ווי, מאַדאַם, איהר ?...

— אַך, יאָ, איך!

ער האָט דערקענט די פרוי פון איינעם פון זיינע בעסטע פריינד.

ער האָט זי אָנגענומען ביי די הענד און געפרעגט:

— אָבער זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווי אַזוי זייט איהר אַריינגעפאַלען אַהער ?

— אָה! — האָט די יונגע פֿרוי געענטפֿערט — ס׳איז אַ שווידערליכע געשיטע מיין הערר.

דעם 23-טען מאַי, אַז די שלאַכט האָט זיך געענדיגט, בין איך אַריין צו אַ קרעמער עפּעס איינקויפֿען... אַרויסקומענדיג פֿון קראָם, האָב איך זיך געפֿונען צווישען אַ גרופּע מיט פֿרויען, וואָס זיינען אַנטלאָפֿען פֿאַר סאָלדאַטען, וועלכע האָבען זיי נאָכגעיאָגט.

„אַרעסטירט זיי," האָט מען געשריען, דאָס זיינען אויסוואורפֿען, אינטערצינדערינען!"

אין דערזעלבער רגע האָט מען אונז אַרומגערינגעלט, אַרעסטירט, און ניט קוקענדיג אויף מיינע פּראָטעסטען, האָט מען מיך אָבגעשיקט אַהער.

דעם גאַנצען וועג זיינען מיר געגאַנגען צופֿוס.

איהר קענט זיך גאָרניט מְשער זיין, מיין הערר, די פֿיזישע און מאָראַלע יסורים, וואָס מיר האָבען געהאַט אויסצושטעהן.

זעהט, וואָס די אָנשטריינגונג, דער הונגער, דער דורשט האָבען פֿון מיר געמאַכט.

אומזיסט האָב איך די גאַנצע צייט געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו קומען אין וואָס פֿאַר עס איז פֿערבינדונג מיט מיין פֿאַמיליע, מיט מיינע פֿריינד!

קיינער האָט מיר ניט געגלויבט, אַלע האָבען געזאָגט, אַז איך בין אַ געפֿעהרליכע רעוואָלוציאָנערקע; און אַז איך האָב געפּרואווט ריידען, דער צעהלען, אַז איך האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ געוועהנליכע פֿרוי, אַז אי האָב ניט גענומען קיין שום אָנטהייל אין דער קאָמונע, האָט מען מיר אַרייגעלאַכט אין פּנים אַריין און מיך גערופֿען ליגנערין!'

פֿערשטעהט זיך אַז דער דעפּוטירטער האָט זיך געסטאַרעט אין בעפֿרייט דיזע פֿרוי, וועלכע וואָלט, אָהן זיין הילף, זיכער פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿון אַ קריעגס-געריכט און פֿערשיקט געוואָרען קיין נומעא, „אַלס אונטערצינדערין"!!!



די קעלט איז וואָס וואייטער געוואָרען אַלץ שטאַרקער אין ס׳איז אונמעגליך געוועזען צו לעבען אין אונזערע שטאַלען.

אין דעם אָרט, וואו איך און נאָך צעהן פֿעראורטהיילטע האָבען זיך געפֿונען, זיינען מיר געצוואונגען געוועזען אַרומצוגעהן די גאַנצע נאַכט, אַניט וואָלטען מיר פֿערפֿראָרען געוואָרען פֿון קעלט...

ס׳איז געוועזען אַזוי קאַלט, אַז מיר האָבען דעם אָטהעם ניט געקענט אָבכאַפּען. ביי איינער פֿון אונז זיינען די פֿינגער פֿערגליווערט געוואָרען...

עסען האָט מען אונז געגעבען פֿין׳ם ערגסטען, איינפֿאַכע פּאָמניע, מיט וואָס מען פֿלעגט אויסשווייקען די געפֿעס.

ס׳איז שוין פּשוט געוועזען אונמעגליך אויסצוהאַלטען, און איין אָבענד,

ווען דער הויפּט-וועכטער איז דורכגעגאַנגען, האָב איך זיך איינגעשטעלט פאַר מיינע פריינדינען און האָב פּראָטעסטירט געגען די נידעריגע בע-האַנדלונג.

— מיין הערר, — האָב איך זיך אָבגערופען צום הויפּט-וועכטער — מיר קענען דאָ מעהר ניט בלייבען. ביינאַכט איז אונמעגליך איינצושלאָפען מחמת קעלט. און נאָך מעהר: מיר שטאַרבען איינפאַך פון הונגער. קענט איהר ניט זעהן, אַז מען זאָל אונז געבען בעסערע שפּייז און אויך קאָלדרעס מיט וואָס זיך צו צודעקען ביינאַכט?

דער וועכטער האָט כלומר׳שט געמאַכט אַ רחמנות-פּנים.

— אָרעמע פרויען! — מאַכט ער — זייט בערוהיגט, איך וועל זיך אָננעהמען פאַר אייך און זעהען פערבעסערן אייער לאַגע.

אָבער עטליכע טעג זיינען אַוועק און אונזער לאַגע האָט זיך אפילו אויף קיין איין האָר ניט פערבעסערט.

דאָך האָט דער וועכטער, וועלכער איז וואָס ווייטער אַלץ פריינדליכער געוואָרען צו אונז, ניט אויפגעהערט צו ווידערהאָלען:

— האָט ניט קיין יסורים... כ׳פערזיכער אייך, אַז איך טהו אַלץ וואָס איך קען, אייער לאַגע צו פערבעסערן.

אָט דער בחור איז געווען אַ ריכטיגער תלמיד פון מאַרסעראָני׳ן... מעהר ניט, מאַרסעראָני איז געווען ברוטאַל, בעת ווען זיין חבר האָט גע-וואוסט ווי אַזוי צו זיין גרויזאַם אין דערזעלבער צייט וואָס ער האָט כלומר׳שט געמאַכט אַ פריינדליכען פּנים.

אָה, אָט די געפענגניס-וועכטער!

כ׳האָב זיי גוט דורכגעשטודירט...

מען וועט זעהן פון דעם, וואָס קומט ווייטער, אַז דער בעסטער פון זיי איז ניט ווערטה געווען קיין שטריק אפילו אויפגעהאַנגען צו ווערען.

מיר האָבען אויך געהאַט סאָלדאַטען אונז צו היטען, און כאָטש זיי האָ-בען אונז בעהאַנדעלט גראָב און שטרייננ, האָבען זיי פונדעסטוועגען געהאַט פאַר אונז אַ מין דרך ארץ און זיי האָבען בעוואונדערט אונזער האַלטונג.

איין אָווענד האָב איך דורך דער טהיר פון מיין געפענגניס געהערט אַ געשפּרעך:

דאָס האָבען די וועכטער צווישען זיך גערעדט.

איינער פון זיי רופט זיך אָב:

— אַה, מיינע פריינד, ווען איהר וואָלט געוואוסט וויפיעל פון די דאָ זיגע קאָמונאַרען איך האָב דערשאָסען!... ווען איך וואָלט געהאַט אַזויפיעל פינף פראַנק-שטיקער וויפיעל קוילען איך האָב אין זיי אַריינגעשאָסען, וואָלט איך זיך געקענט קויפען אַ הויז... און אַ שעהן הויז דערצו...

— איך — האָט אַן אַנדערער געענטפערט — האָב אויך גע׳הרג׳עט איבער אַ הונדערט... אָבער וואָס אמת איז אמת, דיזע רעוואָלוציאָנערן זיינען

אַלע געווען שטאָלצע יונגען. זיי זיינען אַלע געשטאָרבען ווי מיטהיגע העל-דען. זיי האָבען אַריבערגעליינט איין האַנד איבער דער אַנדערער און גע-האַלטען דעם קאָפּ אין דער הויך... אַ טהייל פון זיי האָבען זיך איינגעריסען די העמדער און געשריען: „שיסט! מיר האָבען קיין מורא ניט." קיין איינער פון די וואָס מיר האָבען אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט האָט זיך קיין קרים ניט געגעבען...

וואַרט אַקאָרשט, איך דערמאָן זיך אָן אַ הויכען בחור, וואָס ער אַליי האָט אונז אָנגעטהאָן פיעל מעהר צרות איידער אַ גאַנצע מחנה רעוואָלו-ציאָנערן...

ער איז געשטאַנען אויף אַ באַריקאַדע, איינער אַליין, ביי אַ קאַנאָן.

דער בחור האָט געמוזט זיין אַ דעזערטירער פון דער קאַוואַלעריע, מחמת ער האָט פערשטאַנען אַן עסק... מען האָט געדאַרפט זעהן ווי ער האָט דאָס אַביסעל געשאָסען!

כמעט אַ האַלבע שעה נאָכאַנאַנד האָט ער אונז געהאַלטען אין איין באָמבאַרדירען... ווילסט נאָך — נאַ דיר!

ענדליך איז ער בעזיעגט געוואָרען.

אונז האָט זיך איינגעגעבען זיך אַראָבצולאָזען פון דער אַנדער זייט באַריקאַדע.

ער שטעהט מיר נאָך פאַר די אויגען... דאָס איז געווען אַ מאַן פון זעקס פוס די הויך...

ער איז געווען מלא שמחה, צופריעדען און גליקליך מיט דעם וואָס ער האָט אויפגעטהאָן.

אָנשטאָט צו וועלען אַנטלויפען פון אונז, בעת מיר זיינען צוגעקומען נאָהענט צו איהם, האָט ער אונז אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעל און איינפאַך געזאָגט:

— נאַ!... אַצונד איז אייער צייט! כ'האָב פערדיענט דערשאָסען צו ווערן, אָבער איך וועל שטאַרבען מוטהיג, ווי אַ העלד.

און, בנאמנות, ער איז געשטאָרבען ווי אַ אמת'ער העלד...

— דאָס איז מיר גאָר קיין חידוש ניט, — האָט זיך אָבגערופען אַן אַנדער סאָלדאַט.

אַז איך בין געווען ביי גענעראַל קלינשאַן אין קאָרפּוס, האָט מען אונז איינמאָל געגעבען צופיהרען אַ מחנה פון הונדערט פופציג רעוואָלוציאָנערן, וואָס מען האָט איבערגענומען מיט זייערע וואַפען אינאיינעם.

זיי האָבען זיך אַלע איינגעשטעלט אין א שורה, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען געווען אויף'ן מושטיר, און קיין איינער פון זיי האָט ניט געמאַכט קיין קרומע מיענע.

איינער פון זיי, פיין געקליידעט, כ'זעה איהם נאָך, אַקוראַט ווי ס'וואָלט אַר וואָס געשעהן — האָט זיך גאָר אָבגערופען צו אונז מיט אַ שמייכעל

אויף די ליפען: „סטאַרעט זיך צו שיסען אין האַרצען... זעהט, מיין קאָפּ זאָל בלייבען גאַנץ, כדי מיין פֿאַמיליע זאָל מיך קענען דערקענען."

דאָס האָט אודאי געמוזט זיין אַ רייכען מאַן׳ס אַ זוהן, וואָס האָט זיך אַריינגעוואָרפֿען אין דער קאָמונע, ווייל די עלטערן זיינע האָבען איהם אויפֿגעהערט געבען געלד א־יף צו לעבען...

ווי מיינט איהר, הערר אָפּיציר?

— וואָס ווייס איך? — האָט געענטפֿערט אַ גראָבע שטימע. — איי זאַך איז זיכער, אַז די, וועלכע מיר האָבען דערשאָסען, זיינען ניט געווען קיין טרוסען...

אַז איך האָב בעדאַרפֿט געבען אַ בעפֿעהל צו שיסען אויף די קאָמונאַרען, האָב איך זיך איבער צוריקגעהאַלטען אויף אַ ווײַלע.

דאָס איז דאָך אַ זעלבסטפֿערשטענדליכע זאַך, ניט אַזוי? אָט די אַלע חברה-לייט, כאָטש דער מוח איז ביי זיי געווען איבערגעקעהרט, זיינען זיי פֿונדעסטוועגען פֿאָרט געווען פֿראַנצויזען...

מיט די פרייסען איז עפּעס אַנדערש... אין זיי האָב איך מיט פֿערגניגען געשאָסען, ניט קוקענדיג אויף קיין זאַך... אָבער די קאָמונאַרען... מילא! וואָס געווען איז געווען, אָבער נאָך אַלעמען איז דאָס אַן אונגליק, אַז ברידער זאָלען זיך דאַרפֿען קוילען און שטיקען איינע די אַנדערע!...

און אַזוי ווי ס׳איז געוואָרען שפּעט, האָבען זיך די סאָלדאַטען אויסגעצויגען אויף זייערע בעטען און פֿערזוכט צו שלאָפֿען.

אויב איך האָב דאָ געבראַכט דיזען געשפּרעך, וועלכען איך האָב פֿערצייכענט כמעט וואָרט ביי וואָרט, איז דאָס נור דערפֿאַר, כדי צו ווייזען, אַז צווישען אונזערע תלינים זיינען געווען אַסך, וואָס האָבען געטהאָן דאָס וואָס זיי האָבען געטהאָן געגען זייער ווילען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז אונמעגליך זיך צו מאַכען אַ בעגריף מכח דעם צושטאַנד פֿון שרעק און אויפֿרעגונג, וואָס די פּאַריזער בעפֿעלקערונג האָט איבערגעלעבט אין משך פֿון די בלוטיגע טעג.

די, וואָס נאָך זייער פּאָזיציאָן נאָך אָדער נאָך זייער פֿערגאַנגענהייט וואָלט מען גאָר ניט געגלויבט, זיי זאָלען נעהמען אַנטהייל אין קאַמפּף, האָבען צייטענווייז אַרויסגעצייגט אַ העלדישען מוטה.

דער עיקר האָבען זיך די פֿרויען אויסגעצייכענט דורך זייער ענערגישער האַלטונג.

בורזשואַזע רייכע פֿרויען זיינען אַרונטער אין גאַס, מיט רעוואָלווערן אין די הענד. זיי פֿלעגען שיסען אין די סאָלדאַטען און מיט אַ שטאָלצע מיענע און מיט אַ בליק פֿון האַס פֿלעגען זיי דערנאָך זאָגען: „נו שוין, דערשיסט נו דאָ אויף׳ן אָרט."

איינע פֿון זיי, מאַדאַם ב., וועלכע איז געקומען געוואָרען פֿון אַ הויז זואו מען האָט געשאָסען פֿון די פֿענסטער, האָט זיך שיער ניט אַליין דער-שטיקט, אום ניט אָבגעפֿיהרט צו ווערן קיין ווערסאַיל.

— ווייס איך וואָס, — האָט זי געשריען צו די סאָלדאַטען — מאַכט אַ סוף! וואָס טויג אייך נאָך מיך פֿיהרען אַזאַ לאַנגען וועג?

און זיך אָנשפּאַרענדיג אָן וואַנד, מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, האָט זי געבעטען, מען זאָל זי גלייך הרג'ענען.

די אַלע, וועמען מען האָט הינגעריכטעט, זיינען געשטאָרבען מיט אַ שמייכעל פֿון פֿעראַכטונג, אַזוי ווי אמת'ע מאַרטירער, וואָס זיינען זיך מקריב פֿאַר אַ גרויסע זאַך.

די סאָלדאַטען האָבען ניט געהאַט קיין פֿונק פֿון מיטלייד אין זיך...

מען האָט זיי אַזוי אויפֿגערייצט געגען פּאַריז און איהר בעפֿעלקערונג, אַז ביי זיי אין די אויגען איז יעדער איינער וואָס האָט ניט געטראָגען קיין אוניפֿאָרמע געווען פֿעררעכענט פֿאַר אַ שונא.

און זיי האָבען גע'הרג'עט אָהן אַ פֿאַר וואָס,

זיי האָבען געשאָסען אָהן אויפֿהער.

טאָמער האָט זיך בעוויזען אַ קאָפּ ערגעץ-וואו הינטער אַ פֿענסטער, האָבען זיי גלייך געשאָסען.

קוים האָט זיך אַ צושראָקענער פֿערבייגעהער געציינט ערגעץ-וואו אויף אַ קאָלין פֿון גאַס, האָט מען איהם דערשאָסען אַזוי ווי אַ משוגע'נעם הונד...

וואָס איז דער וואונדער, אַז אַזויפֿיעל פֿרויען, וועמעס מענער, ברידער אָדער זיהן מען האָט גאָר אָהן אַ שום אורזאַכע דערשאָסען, זיינען געוואָרען רעוואָלוציאָנערקעס אין די בלוטיגע טעג?

אָבער ניט נור אויף דער גאַס האָט מען גע'הרג'עט.

מען האָט אויך ערמאָרדעט די פֿערוואונדעטע אין די אַמבולאַנסען.

אַ געוויסער דאָקטאָר פֿאַנאָ איז אויף אַזאַ'ן אופֿן דער'הרג'עט געוואָרען, בעת ער איז אַרומגעגאַנגען אַרום פֿערוואונדעטע רעוואָלוציאָנערן.

דעם 25טען מאַי איז ער געווען אין דעם גרויסען סעמינאַר פֿון „סען-סיפּליס", וואו די פֿעדערירטע האָבען געמאַכט אַן אַמבולאַנס, אַ שפּיטאָל פֿאַר די פֿערוואונדעטע.

אַז די ווערסאַילער אַרמעע האָט פֿערכאַפּט דעם געגענד פֿון דעם „רויטען קרייץ" איז צוגעקומען אַ מחנה פֿון סאָלדאַטען צום סעמינאַר. דער אָפֿיציר האָט געזאָגט, אַז ער וויל ריידען מיט דעם שעף פֿון אַמבולאַנס.

דאָקטאָר פֿאַנאָ איז אַרויס צו איהם.

— פֿאַרהאַן דאָ פֿערערירטע? — האָט דער אָפֿיציר געפֿרעגט.

— איך האָב דאָ פֿערוואונדעטע, דאָס איז אַלעס, — האָט דער דאָק-טאָר געענטפֿערט — ס'איז אמת, אַז זיי זיינען רעוואָלוציאָנערן, אָבער זיי זיינען שוין דאָ זייט היבשע עטליכע טעג...

ער האָט נאָך ניט אוספּייעט ענדיגען די ווערטער, האָט זיך דערהערט אַ שאָס. דאָס האָט איינער פֿון די פֿערוואונדעטע, וועלכער איז געווען צו-מישט פֿון היץ, אויסגעשאָסען אין דער לופֿטען.

אַן אויפֿגערעגטער האָט זיך דער אָפֿיציר אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף דאָקטאָר פֿאַנאָ מיט אַ געשריי:

— אָה, איהר לייגט.. איהר לייגט!... איהר האָט אונז געוואָלט אַריינכאַפּען אין אַ פּאַסטקע. איהר זייט אַ פֿריינד פֿון דיזע באַנדיטען... איהר זייט איינער פֿון זייער חברה... נאַ, איהר וועט גלייך דערשאָסען ווערן.

דער דאָקטאָר האָט פֿערשטאַנען, אַז עס וועט זיין אַרויסגעוואָרפֿען די מיה, ווען ער וועט פּרובירען זיך פֿערטהיידיגען. און ער האָט דעריבער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט און זיך ניט געוועהרט געגען די תלינים.

אין עטליכע מינוט אַרום איז דער אונגליקליכער יונגער מאַן געפֿאַלען טויט מיט צעהן קוילען אין זיין קערפּער...

דער דאָקטאָר פֿאַנאָ איז אַן אונשולדיגער אָפּפֿער.

און וויפֿיעל זיינען געוועזען צווישען די, וועמען די ווערסאַילער האָבען אויסגעשלאַכט, וואָס זיינען ניט געוועזען מעהר שולדיג פֿון איהם!

וויפֿיעל האָבען בעצאָהלט מיט זייערע לעבענס פֿאַר די טהאַטען פֿון אַנדערע!

אויף „רי דע גרענעל", ביים קאָלץ פֿון „רי דע לאַ שעז", וואו די רע-וואָלוציאָנערן האָבען אויפֿגעשטעלט אַ באַריקאַדע, זיינען פֿאָרגעקומען ברו-טיגע סצענעס.

פֿון אַ פֿענסטער איז אַראָב אַ קויל און האָט דער׳הרג׳עט אַ סאָלדאַט.

גלייך האָבען זיך די סאָלדאַטען אַ לאָז געטהאָן אויף די טרעפּ, אויפֿ-געבראָכען די טהיר און אַרונטערגעפֿיהרט אין גאַס אַלעמען, וועמען זיי האָבען נור געפֿונען אין הויז.

צווישען די דאָזיגע געפֿאַנגענע איז געווען אַן אָרעמער שריפֿט זעצער, בלינד און געלעהמט אויף די פֿיס.

מען האָט איהם צוגעטראָגען צו דער באַריקאַדע, וואו מען האָט איהם אַנידערגעזעצט, און ניט קוקענדיג אויף די פּראָטעסטען און די געשרייען פֿון זיין פֿרוי און זיינע צוויי טעכטער, האָט מען איהם דערשאָסען.

וועט מען ווען עס איז דערגעהן די צאָהל פֿון די שווינדלערישע שפּעקולאַנטען, וועלכע האָבען אַליין אונטערגעצונדען זייערע וואוינונגען, כדי אָבצונעהמען דערפֿאַר געלד ביי די פֿערזיכערונגס-געזעלשאַפֿטען, און וועלכע האָבען אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף די פֿעדערירטע דעם פֿערברעכען, וועלכען זיי האָבען אַליין בעגאַנגען? *)

---

*) עטליכע מאָנאַט נאָך דעם אויפֿשטאַנד האָט דאָס געריכט פֿון דער סעין פֿעראורטהיילט צו צעהן יאָהר שווערען קערקער אַ געוויסען שווינ-

ווער קען דערגעהן די צאָהל פון די שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרס, וועלכע זיינען געשטאַנען אין טיער'ס דיענסט?

עטליכע טעג נאָך'ן 18-טען מערץ זיינען צוויי פּעדערירטע, וועלכע האָבען געטראָגען אַ קאַסטען אין „האָטעל דע וויל," בעפאַלען געוואָרען פון אַן אונבעקאַנטען מאַן, מיט אַ האַק אין דער האַנד.

איינער פון די פּעדערירטע איז געפאַלען טויט.

מען האָט גלייך געפּאַקט דעם מערדער. וועלכער האָט זיך געזוכט אַרויסצודרעהען און האָט כלומר'שט געשריען: „מיר זיינען פערלאָרען... מיר זיינען פערראַטהען! פאַראַן שפּיאָנען צווישען אונז... גיט מיר אָב מיין האַק, איך וועל צו'הרג'ענען נאָך עטליכע."

דער פּאָליציי קאָמיסאַר פון'ם „האָטעל דע וויל" האָט געפונען ביי דיזען באַנדיט פּאַפּירען און אַ ביכעל, וועלכע האָבען געצייגט, אַז ער איז געוועזען אין דיענסט פון דער ווערסאַילער רעגירונג.

דעם זעלבען טאָג אין אָווענד איז אַ מאַן, אָנגעטהאָן ווי אַן אָפיציר פון דער קאָמונע, געקומען אין „האָטעל דע וויל" פרעגען, וואָס ער האָט צו טהאָן."

אַ קאָמאַנדיר פון די פּעדערירטע איז אַריינגעקומען אין זאַאַל, האָט אַ קוק געטהאָן אויף'ן אָפיציר, און אַזוי ווי ער האָט איהם ניט געקענט, האָט ער איהם געפרעגט ווי ער הייסט.

דער „אָפיציר" איז געבליבען אַ צוטומעלטער.

— אָבער ניין, — מאַכט דער קאָמאַנדיר, — איהר זייט ניט איינער פון אונזערע.

מען האָט דעם בחור אַרעסטירט און געפונען, אַז ער איז געוועזען אַ ערסאַ ילער שפּיאָן.

דער פערראַטה האָט אָנגענומען אַלערליי פאָרמען.

---

לערישען סוחר מיט'ן נאָמען פ., וועלכער האָט זיך מודה געוועזען, אַז ער האָט אַליין אונטערגעצונדען זיין הויז מיט דעם צוועק, אָבצוגעהמען אַ געוויסע סומע געלד, אויף וועלכע דאָס הויז איז געוועזען פערסעקורירט.

אַן אַנדערער, מיט'ן נאָמען וויענאָ, האָט אַליין אָנגעמאַכט אַ שרפה ביי זיך אין הויז און האָט אַוועקגעשיקט אַ בריף צום קריעגס געריכט פון ווערסאַיל, מסר'ענדיג אַ פּעדערירטען, וועלכער האָט געוואוינט לעבען איהם.

דער פּעדערירטער איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט. מען האָט איהם דערשאָסען און וויענאָ האָט אָבגענומען אַ גרויסע סומע ביי דער פערזיכערונגס-געזעלשאַפט.

אָבער דער דאָזיגער וויענאָ האָט געהאַט אַ שוואַרצען סוף. איינער פון זיינע קרובים האָט אוהם גע'מסר'ט און ער איז פערשיקט געוואָרען אויף קאַטאָרגע, וואו ער איז אַ פּאָר יאָהר צוריק געשטאָרבען.

אזוי קען מען לייענען אויף׳ן סוף פון לאַרא׳עס ראַזאָרט צו קאָלאָנעל באָפּאָר פאָלגענדע ווערטער:

„איך שיק אייך דאָ די נעמען פון די פריינדע און פריינדינען, וואָס האָבען זיך גוט אויפגעפיהרט אין צייט פון אויפשטאַנד און האָבען פיעל געלייסטעט פאַר דער ווערסאַילער רעגירונג.‟

און נאָכדעם אַ גאַנצע ליסטע פון נעמען פון מענער און פרויען, וועלכע האָבען פערראַטהען דאָס פאָלק. אונזערע שׂונאים האָבען געפונען מיטהעלפער צווישען די גאַסען-פרויען און אַנדערע געזונקענע ברואים, וועלכע האָבען צו זייער געוועהנליכער שאַנדע נאָך גענומען אויף זיך די שאַנד פון פער-ראַטה!!

מען דערצעהלט אויך וועגען אַ געוועזענעם רעגירונגס-בעאַמטען, וועלכער האָט אין צוויי מאָנאַט צייט אָבגענומען זעכציג טויזענד פראַנק פאַר זיינע מסירות. אָבער ער האָט זיך אַליין פערראַטהען. דורך אַ בריעף זייגעס צו זיינע עלטערן האָט מען זיך דערוואוסט וועגען דעם. מען האָט איהם געפאַקט און נאָכדעם ווי ער האָט זיך מודה געווען, האָט מען איהם דער-שאָסען אויף טויט.

אַ געוויסער פראַצענטניק פון „רי דע טאַמפל‟ האָט אַרויסגעגעבען די ווערסאַילער צוויי און דרייסיג קאָמונאַרען, וועלכע זיינען דער׳הרג׳עט גע-וואָרען.

דער דאָזיגער מוסר האָט געקראָגען פאַר זיין שמוציגער אַרבייט עלף טויזענד פראַנק, פון וועלכע ער האָט אָבער גאָר ניט גענאָסען, ווייל אימיצער פון זיינע שונאים האָט איהם אַליין גע׳מסר׳ט. מען האָט איהם אָבגעפיהרט אין דער קאַזאַרמע „לאָבאָ‟ און דאָרט איז ער דערשאָסען געוואָרען.

ווי מען קען זעהן, בעצאָהלען זיך די שלעכטע טהאַטען זעלטען פאַר די, וועלכע טהוען זיי.

*
* *

איך קעהר זיך אום צו דעם געפענגניס פון שאַנטיע.

מען האָט אונז דאָרט נאָך אַלץ געהאַלטען אונטער דער שטרענגסטער אויפזיכט און מיר האָבען ניט אָנגעהויבען וויסען, וואָס מען קלעהרט צו טהאָן מיט אונז. איינמאָל, אין אַ אין דער פריה, זאָגט אונז דער הויפט וועכטער אָן אַ נייעס, אַז מיר ווערען איבערגעשיקט קיין אָבעריוו.

— וואו איז דאָס ערגעץ אָבעריוו? — האָט אַ פרעג געטהאָן איינע פון די געפאַנגענע.

— כ׳הויב ניט אָן וויסען, — האָט דער וועכטער געענטפערט.

איך האָב ערקלעהרט מיינע פריינדינען, וואו עס געפינט זיך די דאָזיגע שטאָדט, וועלכע איך האָב גוט געקענט, ווייל איך בין דאָרט פערבייגעפאָה-רען עטליכע מאָל.

מען האָט אונז אַוועקגעפיהרט אויף דעם ווערסאַילער וואָקזאַל און דאָרט האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין געפענגניס-וואַגאָנען.

דער שנעע איז געפֿאַלען גרויסע שטיקער-ווייז און מיר האָבען זיך גע-טרייסעלט אונטער אונזערע קלעגליכע דינגע מלבושים.

דעם גאַנצען וועג האָט מען אונז מעהר ניט געגעבען נאָר צו שטיקלאַך ברויט, און אַז מיר האָבען פֿערלאַנגט אַ טרונק, האָבען אונז די וועכטער אַרויפֿגעבראַכט שנעע אין זייערע היטלען.

אויף מאָרגען, בעגינען צו טאָג, זיינען מיר אָנגעקומען אין אָבעריוו.

פֿון וואָקזאַל האָט מען אונז אַוועקגעפֿיהרט אויף וועגען אין דער טורמע פֿון דיזער שטאָדט. אַ גרויסע טהיר האָט זיך אויפֿגעעפֿענט אין מען האָט אונז אַריינגעלאָזט אין אַ זאַאַל, וואו ס'איז געשטאַנען אַ גרויסער אויווען און האָט פֿערשפּרייט איבער'ן גאַנצען צימער אַן אַנגענעהמע, זיסע וואַרים-קייט.

דאָס איז געוועזען דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר האָבען דערזעהן אַ פֿייער פֿאַר אינזערע אויגען, זינט מען האָט אונז גענומען אין תפיסה.

אָבער ווי מיר זיינען נאָר צוגעגאַנגען צום אויווען, זיך אָנצוואַרעמען ביסעל, האָט אונז אַ וועכטער אַוועקגעשטופּט מיט אַ ווילדער רציחה, אַשרייענדיג:

— טראָגט זיך אָב פֿון דאַנעט, איהר אויסוואורפֿען וואָס איהר זייט!

מיר האָבען אַלזאָ געמוזט אַוועקגעהן.

מען האָט אונז אַריינגעפֿיהרט אין אַ קאַלטען קאָרידאָר מיט אָפֿענע פֿענסטער, און נאָך געוויסע צערעמאָניעס האָט מען אונז אַריינגעלאָזט אין אַ צימער, וואו עס האָבען זיך געפֿונען אַ צוואַנציג בעטען.

— איהר בלייבט דאָ דערווייל, ביז וואַנעט מען וועט אייך צונעהמען אין בעזונדערע קעמערלאַך, — האָט געזאָגט אונזער געפֿענגניס-וועכטער — און דער עיקר, קיין ליאַרם געמאַכט, איהר הערט? אָדער איך וועל אייך אַלעמען אַריינוואַרפֿען אין קעלער...

מיר זיינען געוועזען שרעקליך פֿערמאַטערט, אָהן כוחות. אייניגע פֿון אונז האָבען זיך גלייך אויסגעצויגען אויף די בעטלאַך און די איבעריגע האָבען זיך גע-גענומען פֿערריכטען ווי עס איז זייערע קליידער, וועלכע זיינען געווען אין אַ שרעקליכען צושטאַנד.

אַרום זעקס אַזייגער פֿאַרנאַכט האָט מען אונז אַריינגעטראָגען אַ מין מוטנע, שוואַרצע געקעכץ, וואָס מען האָט ניט געקענט נעהמען אין מויל און מען האָט אונז צוגעשפּילעט יעדער איינער אַ נומער צום אַרבעל.

איך האָב געקראָגען דעם נומער 2182.

— אַ שלעכטע צאָהל! — רופֿט זיך אָב אַ חבר'טע צו מיר.

— פֿאַר וואָס עפּעס?...

— ווייל אַז מען רעכענט צונויף דעם 2, דעם 1, דעם 8 און דעם 2, איז צוזאַמען דרייצעהן.

— נאַ! — האָב איך געענטפֿערט — איך בין ניט אַבערגלויביש... או

אַחוץ דעם קען מיר שוין ניט זיין ערגער ווי ס׳איז מיר געגאַנגען ביז אַהער!

אַך! איך האָב ניט געוואוסט וואָס עס ערוואַרטעט מיך!

איך האָב שוין, דוכט זיך, געהאַט גענוג געליטען, אָבער איך האָב נאָך געמוזט ליידען פיעל מעהר!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב געקענט כמעט אַלע מיינע ליידענס-גענאָסינען.

איינינע פון זיי האָבען געשפּיעלט אַ ראָלע אין דער צייט פון דעם אויפשטאַנד. די אַנדערע האָבען כמעט ניט גענומען קיין שום אַנטהייל אין דער קאָמונע און זיינען פונדעסטוועגען פאָרט פערוּרטהיילט געוואָרען.

איינע פון די לעצטע איז געוועזען אַן אָרימע אַלטיטשקע, וועלכע מיר האָבען גערופען „מאַמאַ לואי“.

אָט די אונגליקליכע איז גאָרניט געוועזען פערמישט אין די אונרוהען פון מאַי און דאָך האָט איהר אַ קריעגס-געריכט פער׳משפט פערשיקט צו ווערן אין ניי-קאַלעדאָניען.

איהר געשיכטע איז האַרצרייסענד.

„מאַמאַ לואי“ האָט געהאַט צוויי זיהן, צוויי עהרליכע, בראַווע יונגען אינטעליגענטע, פלייסיגע אַרבייטער, וועלכע זיינען געוועזען איהר גאַנצע פרייד, איהר גאַנצע האָפנונג...

אַז דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכען, האָבען פיער און זשאַק — אַזוי האָבען די צוויי יונגע לייט געהייסען — אָנגעהויבען בעזוכען די רע-וואָלוציאָנערע קלובס און די פערזאַמלונגען.

זיי זיינען באַלד געוואָרען איבערגעגעבענע אָנהייננער פון דער קאָמונע און זיי האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין קאַמפף מיט דעם גאַנצען פייער פון זייערע יונגע יאָהרען.

אין די לעצטע טעג פון דער קאָמונע זיינען זיי מיט אַמאָל נעלם גע-וואָרען...

זיינען זיי דער׳הרג׳עט געוואָרען אויף אַ באַריקאַדע אָדער מען האָט זיי אָבגעפיהרט אין סאַטאָרי?

די מוטער זייערע האָט זיך גענומען זיי זוכען. זי איז אַרומגעלאָפען פון פאָבורג צו פאָבורג, פון פעסטונג צו פעסטונג; זי האָט דורכגעזוכט אַלע טויטע קערפּער, וואָס זיינען געלעגען אויף די עקען פון די גאַסען.

אָבער זי האָט ניט געפונען איהרע זיהן.

אַן אַנדערע אויף איהר אָרט וואָלט פערצווייפעלט געוואָרען. אָבער „מאַמאַ לואי“ איז געוועזען איינע פון יענע פרויען, וועלכע פערלירען קיינמאָל קיין האָפנונג ניט און וועלכע קענען זיך גאָר ניט גלויבען, אַז דער טויט זאָל אויף אַזאַ׳ן אופן פערכאַפּען די, וועמען זי האָט אַזוי ליעב...

— מיינע זיהן זיינען ניטאָ אין פּאַריז, — האָט זי זיך געטראַכט — מען האָט זיי אודאי אָבגעשיקט אין סאַטאָרי

און זי איז אוועק צופוס קיין ווערסאיל און פון דארט צו דעם שרעקליכען פלאץ, וואו דער טויט האט ניט אויפגעהערט צו בושעווען...

ביים אריינגאנג צו סאטארי איז געשטאנען א סאלדאט מיט א ביקס אין דער האנד.

— מיינע קינדער זיינען דא, — האט „מאמא לואי" געזאגט — כ'וויל זיך זעהן מיט זיי...

— אונמעגליך, — האט דער סאלדאט געענטפערט.

— כ'וויל זיי זעהן, זאג איך אייך...

— איהר וועט ניט אריינגעהן... איהר קענט ניט אריינגעהן!

— נא, און איך זאג אייך, אז איך וועל יא אריינגעהן, — האט די ארימע אלטיטשקע זיך אבגערופען.

און מיט א שניידענדער שטימע האט זי אויסגעשריען

— ס'לעבע... די... קאמינע!...

מען האט זי גלייך ארעסטירט.

— איהר זעהט אלזא, אז איך האב רעכט געהאט, ווען איך האב געזאגט, אז איך וועל פארט אריינגעהן, — האט די מוטהיגע פרוי געזאגט צום סאלדאט.

אז זי איז נאר ארויף אויף דעם פעלד פון סאטארי האט „מאמא לואי" גענומען זוכען איהרע צוויי זיהן.

זיי זיינען נאך מיט א פאר טעג פריהער דערשאסען געווארען!

דאך האט מען רחמנות געהאט אויף דיזער מוטער — א זעלטענהייט ביי די ווערסאילער — און מען האט איהר קיינמאל ניט אויסגעזאגט אט די טרויעריגע זאך.

מען האט זאגאר געטריבען די „מענשליכקייט" אזוי ווייט אז מען האט איהר איינגערעדט, אז איהרע צוויי זיהן זיינען פערשיקט געווארען אין ניי-קאלעדאניען.

ביים קריגס-געריכט, אז מען האט זי פעראורטהיילט אלס „אונטערצינדערין" — א פרוי, וואס האט אויסגעשריען „ס'לעבע די קאמונע," האט דען געקענט זיין עפעס אנדעריש ווי אן אינטערצינדערין? — האט „מאמא לואי" ניט פראטעסטירט, נאר אז מען האט איהר געלאזט וויסען, אז זי וועט פערשיקט ווערן אין גיואן, האט זי אויסגעשריען מיט א געוויין:

— ניין! ניין! איך וויל געהן נאך ניי-קאלעדאניען.

און אזוי ווי מען האט געצויגען מיט די פלייצעס, ניט פערשטעהענדיג וואס דאס בעדייטעט, האט די מוטהיגע פרוי צונויפגעלייגט די הענד איינע איבער דער אנדערער און מיט א בעטענדער שטימע האט זי געזאגט:

— אה, מיינע הערען ריכטער, האט רחמנות אויף מיר... שיקט מיך ניט אין גיואן... מיינע צוויי זיהן, פיער און זשאן, זיינען אין נומעא, ניי-קאלעדאניען, כ'וויל זיין מיט זיי אין איינעם...

אן אפיציר האט זיך אנגעבויגען צום פרעזידענט און האט איהם שטילערהייט ערקלעהרט וואס דא טהוט זיך.

— איהרע צוויי זיהן האָט מען דערשאָסען, — האָט דער אָפיציר גע-זאָגט, — נאָר זי גלויבט, אַז זיי זיינען אין נײ-קאַלעדאָניען... מען האָט איהר אַזוי איינגערעדט.

אַ היבשע ווײלע האָט דער פּרעזידענט געקוקט אויף דער אָרעמער אַלטיטשקע, וועלכע איז געשטאַנען אויף די קניע מיט פערלייגטע הענד, און דערנאָך האָט ער מיט אַ ריהרענדער שטימע געזאָגט:

— אייער בקשה וועט ערפילט ווערען... איהר ווערט פערשיקט קיין נומעאַ.

— אָה, אַ דאַנק, אַ דאַנק, מיינע הערען ריכטער! — האָט די בראַווע פרוי אויסגערופען מיט פרייד, — אַ דאַנק! איהר זייט גוט, איהר ראַטעוועט מיר דאָס לעבען! איך וועל ענדליך זיך קענען זעהן מיט מיינע קינדער!

## V.

## אַ מוטער'ס יסורים.

אין דער תפיסה פון אָבעריוו, וואו איך האָב נאָך אַלץ געוואַרט, מען זאָל מיך פערשיקען קיין נײ-קאַלעדאָניען, איז דער רעזשים געוואָרען פון טאָג צו טאָג אַלץ שטרייגגער.

אָט אַפנים מען האָט אונז געוואָלט בעצייטענס געבען צו פערזוכען דעם טעם פון'ם לעבען, וואָס מיר וועלען האָבען צו פיהרען דאָרט, אין אונזער גלות.

און דאָך האָבען מיר אַלע ניט געשטעה'ט קיין צו גרויסע פאָדערונגען.

מיר האָבען בלויז פערלאַנגט ברויט צו שטילען אינזער הונגער און אַ ביסעל פייער זיך צו דערוואַרימען!

ברויט האָט מען אונז געגעבען גאַנץ ווייניג; וואָס איז שייך צו פייער, איז עס געוועזען אַזוי זעלטען, אָקוראַט ווי אַ געפיהל פון מענשליכקייט ביי טיער'ן אין האַרצען.

אין מיין לעבענס-טאָג האָב איך ניט געליטען אַזוי פיעל קעלט ווי אין דער דאָזיגער פערשאָלטענער תפיסה.

אָבער בעת איך בין געלעגען פערשמאַכט אויף דער פייכטער ברעט, וואָס האָט מיר געדיענט אַלס בעט, האָב איך געטראַכט פון די אונגליקליכע, וואָס ווערען פערשיקט קיין סיביר, און איך האָב זיך געקלעהרט, אַז זיי זיינען נאָך פיעל מעהר צו בעדויערן איידער איך!

דער הונגער, די קעלט, — דערצו ווערט מען סוף כל סוף צוגעוועהנט! דער מאַגען ווערט איינגעשרומפּען און די הויט הויבט וואָס ווייטער אַלץ ווייניגער אָן צו פיהלען די בייסענדע, ביטערע קעלט.

פאַרהאַן אָבער איין זאַך, צו וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געקענט גע-וועהנט ווערען, דאָס איז: זעהן ווי אַנדערע לייד'ען.

אפשר איז דאָס דערפֿאַר וואָס די אייגענע יסורים קען מען ניט זעהן מיט די אויגען, אין דער צייט וואָס מען זעהט צו גוט די יסורים פֿון אַנדערע.

אַז איך זעה, ווי מען וויינט אַ־ום מיר, ברייננגט עס מיך אַריין אין אַ צושטאַנד פֿון מורא׳דיגער אויפֿרעגונג...

כ׳הויב אָן שרעקליך צו ליידען.

איך ווער איינפֿאַך ווילד דערפֿון וואָס איך בין אונמעכטיג צו שטילען די שמערצען פֿון די, וואָס רינגלען מיך אַרום, און איך וואָלט געוואָלט דער־שטיקען די, וועלכע פֿעראורזאַכען זיי.

אין דעם געפֿענגנים פֿון אָבעריוו האָב איך איינמאָל בייגעוואוינט אַ הערצרייסענדע סצענע, וועלכע האָט מיך קראַנק געמאַכט אויף עטליכע טעג און איבערגעלאָזט אויף אייביג אין מיר אַ געפֿיהל פֿון עקעל פֿאַר די בע־אַמטע פֿון די טורמעס.

מיר האָבען געהאַט צווישען אונז אַ געפֿאַנגענע מיט׳ן נאָמען בלאַנש דיוואַל, אַ יונגע בלאָנדע פֿרוי, מיט גרויסע בלויע אויגען, פֿול מיט איבער־געבענהייט און צערטליכקייט.

מען האָט לייכט געקענט אַרויסזעהן, אַז די דאָזיגע פֿרוי האָט געהאַט טיעף אין איהר האַרצען איינעם פֿון יענע ווייטאָגען, וועלכע גראָבען אונטער דאָס געזונד און טרייבען דעם מענשען אין קבר, אַסך זיכערער פֿילייכט אייי־דער די שווינדזוכט אפילו.

בלאַנש דיוואַל איז אַרעסטירט געוואָרען אין דעם געגענד פֿון „רויטען קרייץ,״ אין דעם מאָמענט וואָס זי איז אַרוים מיט איהר קינד, אַ אינגעלע פֿון פֿינף יאָהר, פֿון אַ הויז, וואָס איז בעפֿאַלען געוואָרען פֿון סאָלדאַטען.

— האַלט! — רופֿט זיך אָן אַ סאָלדאַט — אָט האָט איהר אייך נאָך אַ קאָמונאַרקע... זי מיינט, אַז זי וועט זיך אויסדרעהען פֿון אונזערע הענד, זי האָט אָבער אַ טעות...

און מיט אַ ווילדער רציחה האָט מען אַ פּאַק געטהאָן די אָרעמע מוטער ביי די אָרעמס און זי אָבגעפֿיהרט אין דער פֿעסטונג פֿון וואָזשיראַר.

זי איז געבליבען עטליכע טעג, אין אַ קאַלטען קאַזעמאַט, און איהר אונגליקליכעס קינד, דער קליינער זשאַק, איז פלוצלונג שטאַרק קראַנק גע־וואָרען.

אַזוי ווי דעם קינד׳ס צושטאַנד איז וואָס ווייטער אַלץ ערגער געוואָרען, האָט מען איהם אָבגעפֿיהרט אין שפּיטאָל און די מוטער, ניט קוקענדיג אויף איהר געוויין און געבעט, איז אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין ווערסאַיל.

וואָס פֿאַר אַ מורא׳דיגער שמערץ דאָס איז פֿאַר אַ מוטער!

וויסען, אַז איהר קינד ליגט קראַנק און ניט קענען זיין ביי זיין בעטעל, איהם דערוואַרימען מיט איהרע קושען, איהם געבען די נייטיגע צערטליכקייט, וואָס קיין אַנדערער אויסער אַ מוטער איז ניט אים שטאַנד צו געבען!

— זשאַק!... מיין קליינער זשאַק!... — האָט די אָרעמע געפאַנגענע געשלוכצט. — איך בעט איך, מיינע הערן, ערלויבט מיר וויינגסטענס איהם צו געהן זעהן, כאָטש אויף איין רגע... כ'שווער איך, ביי מיין קינד, וואָס איז מיר אַזוי טהייער, שווער איך אייך, אַז איך וועל ניט זוכען צו אַנטלויפען. אַז איך וועל איהם נור זעהן, וועל איך קומען צוריק אַהער. נאָר איך מוז זעהן מיין קינד... איהם אומאַרמען... ריידען מיט איהם... כ'מוז עס!... כ'קען ניט לעבען אַזוי.

מען האָט זיך לאַנג מישב געווען, צו זאָל מען דער אָרעמער מוטער געבען די ערלויבניש צו געהן זעהן איהר קראַנק קינד. מיט אַ מאָל איז געקומען אַ וועכטער מיט'ן נאָמען זשאַנוואַן און האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם ישוב הדעת. ער האָט דערצעהלט, אַז אין דעם מאַטראַץ, אויף וועלכען בלאַנש דיוואַל איז געשלאָפען, האָט ער געפונען צוויי קוילען פון אַ ביקס.

דאָס איז געווען מעהר וויפיעל די ווערסאַילער האָבען געדאַרפט, אום צו דערשטיקען דאָס געפיהל פון רחמנות, וואָס האָט זיך געצאַפּעלט ביי אַ טהייל פון זיי אין די הערצער.

בלאַנש דיוואַל איז אַלזאָ ווירקליך געווען אַ שולדיגע; זיי האָבען איהר, הייסט עס, ניט אומזיסט אַרעסטירט...

אַז מען האָט איהר געפרעגט מכח די קוילען, וואָס מען האָט געפונען ביי איהר אין מאַטראַץ, האָט זי ערקלעהרט, אַז זיי זיינען ניט איהרע, און אַז אַן אַנדער געפאַנגענע האָט עס אודאי געמוזט איבערלאָזען אין מאַטראַץ.

אָבער די ווערסאַילער האָבען ניט געוואָלט וויסען דערפון. מען האָט זי אַריינגעזעצט אין אַ בעזונדערן קעמערל, און אַלס שומר, זי צו היטען, האָט מען אָנגעשטעלט איהר מוסר זשאַנוואַן גופא.

מען איז געווען זיכער, אַז ער וועט שוין ניט אַרויסלאָזען זיין אָפּפער פון אויג.

דריי מאָנאַטען איז בלאַנש געבליבען אין דער דאָזיגער פערפעסטעטער תפיסה, וואו די שיין פון טאָג פליעגט זעלטען ווען צוקומען.

איין פריה מאָרגען האָט מען איהר אַרויסגעפיהרט פון דאָרט, אום זי אָבצושיקען קיין אָבעריוו.

אַז די אָרעמע פרוי האָט ווידער דערזעהן דעם ליכטיגען טאָג, האָט זיך ביי איהר אין האַרצען אַריינגעגנב'עט אַ שטיקעל האָפנונג.

אַלעס איז נאָך אפשר ניט פערלאָרען!

מען וועט איהר מן הסתם אַרויסלאָזען פריי, אָדער וויינגסטענס איהר ערלויבען געהן זעהן איהר קינד.

ווי ווייניג זי האָט עס געקענט איהרע תלינים!

— מען וועט אייך אַצונד אָבפיהרען אין דער טורמע פון אָבעריוו, — האָט איהר זשאַנוואַן געזאָגט.

— וועל איך דאָרט בלייבען לאַנג? — האָט די אונגליקליכע געפרעגט.

— אָה ניין, כ׳מיין, אַז ניט, — האָט געענטפֿערט דער וועכטער מיט אַ ביטרען שמייכעל...—איהר וועט דאָרט פֿערברייננגען פֿופֿצעהן טעג, דריי וואָכען... אפשר...

— און דערנאָך?... — האָט געפֿרעגט די געפֿאַנגענע, און איהרע אויגען האָבען זיך בעת מעשה אָנגעצונדען.

— דערנאָך, — האָט געענטפֿערט דער געפֿענגניס-וועכטער מיט אַ גראָבען טאָן — דערנאָך וועט מען אייך משפט׳ן און פֿער׳משפט׳ן, וועגען דעם איז גאָר קיין שום צווייפֿעל ניטאָ, און איהר וועט פֿערשיקט ווערען קיין נײַ-קאַלעדאָניען!

— און מיין זוהן, מיין קליינער זשאַק?

— מען וועט איהם אָבנעמען אין קהל׳שע הענד, וואו עס ווערען אויפֿגעצויגען אַלע פֿערלאָזענע יתומים...

— אין קהל׳שע הענד!... מיט אַלע פֿערלאָזענע, עלענדע קינדער!... ניין, איהר זאָגט עס נאָר מיך איבערצושרעקען... ניט אַזוי, מיין הערר? ס׳האָט מיך נור אַזוי אָבגעדוכט. כ׳האָב שלעכט געהערט. איהר האָט דאָך ניט געזאָגט, אַז מען וועט אַוועקנעבען מיין טהייער קינד אין איינעם מיט די, וואָס האָבען ניט קיין פֿאָטער און קיין מוטער. איהר קענט דאָך מיר ניט אָבשיידען פֿון איהם. זינט ווען רייסט מען עס אָב אַזוי אַ מוטער פֿון איהר קינד? בערעכענט פֿאַרט, אַז דאָס אָרים עופֿה׳לע וועט מיך ניט זעהן צוריק. ס׳וועט דאָך איינפֿאַך שטאַרבען פֿון שמערץ!

— וואָס ווילט איהר פֿון מיר? — האָט געענטפֿערט זשאַנוויראָן, וועלכער איז געבליבען אונגעריהרט אַנטקעגען דיזען טיפֿען מוטערליכען ווייטאָג, — ניט איך מאַך דאָך די געזעצען, — דאָס ווייסט איהר דאָך געוויס.

דערנאָך האָט זיך דער באַנדיט פֿערטראַכט אַ ווײַלע.

—מען וואָלט אפשר געקענט געפֿינען אַ מיטעל אייך אַרויסצושלעפען פֿון דער צרה,—האָט ער זיך ענדליך אָבגערופֿען מיט פֿערלעגענהייט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך געשעהמט מיט די ווערטער וואָס ער וויל דאָ אַרויסזאָגען.

— אָה, רעדט, רעדט, שנעל... כ׳זעה דאָך, אַז איהר זייט אַ גוטער מענש, איהר האָט רחמנות אויף מיר. איהר ווילט זיך אָננעהמען פֿאַר מיר. כ׳בעשווער אייך, רעדט!

— נאַ, כ׳מיין, אַז איהר וואָלט זיך געקענט פֿיעל גוטעס טהאָן, ווען איהר וואָלט געוואָלט אויסגעבען די סודות וואָס איהר ווייסט. דעם דירעקטאָר פֿון דער טורמע קען מען אָבקויפֿען מיט אַזעלכע זאַכען!

— אָבער וואָס פֿאַר סודות ווילט איהר, איך זאָל אויסזאָגען? כ׳ווייס דאָך גאָרנישט, איך!...

— אָה! דאָס זאָגט איהר נאָר אַזוי. איך אָ בערבין זיכער, אַז ווען איהר זאָלט נור וועלען ריידען, וואָלט איהר געקענט דיזע הערען דערצעהלען זעהר אינטערעסאַנטע זאַכען.

— איך ווידערהאָל אייך, מיין הערר, אַז איך ווייס גאָרנישט, אָבער מאַקי גאָרנישט.

— איהר האָט דאָך געהאַט אַ מאַן!

— יאָ...

— וואו איז ער אַצינד?

— כ'ווייס עס ניט. איין נאַכט איז ער ניט געקימען אַהיים. ס'איז געווען דעם 23טען מאַי. ער איז אודאי דערשאָסען געוואָרען, דער אָרעמער מענש! וואָרים אַז ניט, וואָלט ער ווי עס איז געפינען אַ מיטעל דאָך אַהיים צו קומען. ער האָט אַזוי ליעב געהאַט זיין קינד! יאָ, מען האָט איהם אודאי געמוזט הרג'ענען, אַזוי ווי מען האָט גע'הרג'עט מיין פאָטער און מיינע צוויי ברידער.

— איהר זייט אַ שווינדלערקע. איהר ווילט מיר איינריידען נעכטיגע טעג, נישקשה, כ'קען אייך שוין! אָבער ניט מיר וועט איהר נעהמען מיט אָט די מעשה'לאַך אייערע! ס'געהערט אַביסעל? שטענדיג דערזועלבער פּימון. אַז מען פרעגט די אונטע־צינדערינען, וועלכע געפינען זיך דאָ, וואו זייערע מענער זיינען, ענטפערן זיי, אַז זי זיינען אלמנות. ס'איז זעהר אַ רייכטער וועג, ווי אַזוי זיך אויסצודרעהען! נאָר... מיין דאגה! אַז איהר ווילט ניט ריידען, זאָל זיין מיט אייך וואָס עס וועט זיין. איהר וועט גע־שטעלט ווערען צום געריכט און מען וועט אייך פערשיקען קיין נומעאַ, — דאָס איז אַזוי זיכער ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער. נאַ, בערעכענט זיך בעסער וואָס צו טהאָן, דאָס איז אייער לעצט וואָרט?

— אָבער איך זאָג דאָך אייך, מיין הערר, אַז דער מאַן מיינער איז טויט, אָדער ער ליגט ערגעץ אין אַ טורמע!

— גוט, זאָל זיין אַזוי. אָבער אייער מאַן האָט דאָך געהאַט פריינד... קאָמונאַרען פונקט ווי ער; איהר דאַרפט זיי דאָך קענען. נאַ! גיט מיר אַקאָרשט אַהער די נעמען און די אַדרעסען זייערע, און איך וועל שוין צורעכט מאַכען אייער דיעלע.

— מיין מאַן האָט ניט געהאַט קיין פריינד, — האָט געענטפערט בלאַניש דיוואַל.

— נאַ, טהוט ווי איהר פערשטעהט.

אין פערציהענדיג מיט די פּלייצעס, איז זיך ישאַניוראָן אַוועק, אָנמאַ־כענדיג אַ רעש מיט זיין בונד שליסלען.

אַז דאָס גערוישׁ פון זיינע טריט האָט זיך שוין מעהר ניט געהערט אין די קאָרידאָרען, איז די אונגליקליכע מוטער אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד און האָט זיך צושריען אויפ'ן קול:

— מיין קינד! מיין אָרים קינד!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס האָט מיר בלאַנש דיוואַל אַליין, אָנקומענדיג אין דעם געפֿענגניס פֿון אָבעריוו, דערצעהלט די געשיכטע פֿון איהרע שרעקליכע יסורים.

זי האָט געהאַט ביי זיך אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון איהר קינד, און אָפֿטמאָל פֿלעגט זי עס מיר ווייזען, זאָגענדיג מיט אַ צערטליכער שטימע.

— זעהט, מאַדאַם, ווי שעהן ער איז. ווען איהר וואָלט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ זיס און קלוג קינד דאָס איז געווען! .. וואו איז ער אַצונד? ווי אַזוי מאַכט מען, איך זאָל קענען פֿאָרט דערגעהן, וואָס פֿון איהם איז געוואָרען? ער מוז מיך אידאי ערוואַרטען יעדע מינוט! ער מוז אודאי וויינען, ער, וואָס איז קיין מאָל ניט געבליבען אָהן מיר!

צייטענווייז האָט די אונגליקליכע מוטער אויסגעדריקט פֿאַר מיר איהרע האָפֿנונגען, וועלכע האָבען איהר נאָך געהאַלטען אויף די פֿיס.

— איהר פֿערשטעהט, — זאָגט זי צו מיר, — איך האָב גוט נאָכגע-דיינקט וועגען דעם... זיי קענען מיך ניט אין גאַנצען אָברייסען פֿון מיין קינד. איינע פֿון די געפֿאַנגענע האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל איהם זיכער קענען מיטנעהמען מיט מיר אין ניי-קאַלעדאָניען, אויב איך וועל פֿערשיקט ווערן אַהין... ווייל — מען האָט מיך נאָך דערוויל ניט גע׳משפט... מען האָט מיר אויך געזאָגט, אַז איך וואָלט געדאַרפֿט זיך ווענדען מיט אַ בקשה צו דער אַדמיניסטראַציע פֿון דעם געפֿענגניס, אַז מען זאָל מיר ערלויבען האַלטען מיין קינד ביי זיך.

אָרעמע פֿרוי, וועלכע האָט נאָך געלעבט אין האָפֿנונגען!...

איהר לאַגע האָט מיר פֿערנומען ביים הארצען און איך בין געוואָרען שטאַרק צוגעבונדען צו איהר.

זי איז געווען אַ גוטע, געטרייע נשמה!

ווען מיר פֿלעגען זיך נאַר טרעפֿען, האָבען מיר וועגען קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט, נאָר וועגען איהר קינד.

איין פֿריה-מאָרגען האָב איך זי בעגעגענט אין קאָרידאָר.

זי איז געווען בלאַסער ווי געוועהנליך און איהרע אויגען זיינען געווען רויט.

— וואָס איז אייך? — האָב איך איהר געפֿרעגט.

— כ׳האָב נאָר וואָס געקריגען נייעס פֿון זשאַק׳ן...

— אַה! וואָס זשע?

— ער איז נאָך אלץ קראַנק.

— אין שפּיטאָל?

— יאָ.

— אָבער ס׳איז ניט געפֿעהרליך?

— כ׳ווייס ניט... אין בריעף מעלדעט מען בלויז, אַז זיין צושטאַנד האָט זיך ניט געבעסערט, זינט ער איז אין שפּיטאָל.

אין מיט אַ ציטערנדער האַנד האָט מיר בלאַנש דערלאַנגט אַ בריעף מיט אַ זיעגעל פֿון דער קהל׳שער צדקה.

כ'האָב איהם נאָר געדאַרפֿט דורכקוקען, האָב איך שוין פֿערשטאַנע־
אַז דער קליינער זשאַק איז פֿערלאָרען.

פֿאַרהאַן בריעף, וואָס פֿון צווישען די שורות זייערע קען מען אַרויס־
לייענען אַן אונגליק.

— אייער קינד וועט געזונד ווערן, — רוף איך זיך אָב צו איהר, אוּן
זי צו טרייסטען. — אין די שפּיטעלער גיט מען גוט אַכטונג אויף די קראַנ־
קע... מען ווערט דאָרט געפּפלעגט אַזוי ווי ביי זיך דערהיים, און אָפֿטמאָ־
נאָך בעסער... ניט נעהמט זיך צום האַרצען! איבעריגענס, אַז זשאַק וואָלט
געווען אין געפֿאַהר, וואָלט מען עס אייך געלאָזט וויסען. די שרייבער פֿון
שפּיטאָל מאַכען ווינציג וואָס צערעמאָניעס אין אַזעלכע פֿעלע.

אָבער איך האָב גאַנץ גוט געזעהן, אַז די אונגליקליכע פֿרוי קען ניט
געטרייסט ווערן.

טרעהרען האָבען זיך לאַנגזאַם אַראָבגעגליטשט איבער איהרע באַקען.

כ'האָב איהר אָנגענומען ביי די הענד; זיי האָבען געברענט ווי פֿייער.

— הערט אויס, — רוף איך זיך ווידער אָב צו איהר, — איהר מוזט
האָבען אביסעל קוראַזש! אייער קינד איז ניט אין געפֿאַהר, ער וועט געזונד
ווערן! און האָט מען אייך ניט געגעבען אָנצוהערן, אַז דער קריעגס-געריכט
וועט אייך מן הסתם בעפֿרייען אויך?!

— ס'איז אמת, — האָט זי געזאָגט, אויפֿהויבענדיג צו מיר איהרע
שעהנע פֿייכטע אויגען. — איהר זייט גערעכט. איך טאָר ניט פֿערלירען קיין
האָפֿנונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער וואָכען זיינען פֿערביי און בלאַנש דיוואַל איז נאָך אַלץ ניט גע־
שטאַנען פֿאַר איהרע ריכטער.

ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט מיט אַ כיוון אָבגעצויגען
די זאַך, כדי צו פֿערלייכגערן איהר מאַטערניש.

אַ שטיק צייט האָט זי ניט געקראָגען קיין נייעס פֿון איהר קינד.

דריי בריעף האָט זי געשיקט אין שפּיטאָל אַריין, אָבער זי האָט קיין שום
ענטפֿער ניט ערהאַלטען.

ענדליך, איינמאָל נאָכמיטאָג, איז אַ וועכטער אַריינגעקומען אין דעם
צוגעדעקטען הויף, וואו מיר זיינען אַרומגעגאַנגען, וואַרטענדיג אויף אונזער
נאַכטמאָל.

— נומער 2988! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן.

דאָס איז געווען בלאַנש דיוואַל'ס נומער.

זי איז צוגעגאַנגען, אומרוהיג און דערשראָקען.

— דעם נאָמען און פֿאָרנאָמען פון אייער קינד? — האָט ער געפֿרעגט.

— זשאַק דעזירע דיוואַל.

— געבאָרען?

— אין פאַריז, דעם 8-טען אַפּריל 1866.

— גוט, — האָט דער וועכטער געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט פֿערציי-כענט אַלעס וואָס ער האָט אויסגעפֿונען אויף אַ געלען פּאַפּירעל. — דאָס פרעגט מען זיך ביי אונז אָן פֿון דער „אַסיסטאַנס פובליק" (קהל'שע צדקה). אָט אַפּנים מען האָט ניט געקומען דעם ריכטיגען נאָמען פֿון אייער קינד, בעת ער איז אַריין אין שפּיטאָל. מען האָט איהם בלויז פֿערשריבען מיט'ן נאָמען דיוואַל, און ווייטער נישט.

— און... וואָס... מאַכט ער, דער אָרעמער?—האָט די צוטראָגענעפֿיריי געפֿרעגט. — מען לאָזט דאָך אייך מן הסתם וויסען אין דעם בריעף, וואָס איהר האָט ערהאַלטען, ווי עס געהט דעם קינד...

— ער איז געשטאָרבען! — האָט דער געפֿענגניס-וועכטער געענטפֿערט מיט אַ גראָבען טאָן.

און אויפֿפֿנגנדיג אַ טהיר, איז ער געלם געוואָרען.

בלאַנש דיוואַל האָט זיך מעהר ניט געקענט האַלטען אויף די פֿיס; זי איז אַנידערגעפֿאַלען אויף די קניע.

— געשטאָרבען!... געשטאָרבען!... — האָט זי געשריען — ניין, ניין, ס'איז ניט אמת! איהר לייגט. מיין קינד איז ניט געשטאָרבען! איהר...

און זי האָט זיך איבערגעקעהרט אייף הינטען און איז געבליבען ליגען אויף דער ערד, ניט אַ ריהר טהוענדיג מיט קיין אבר.

מיר האָבען געמאַכט אַ געוואַלד.

דער וועכטער איז צוריקגעקומען.

— אָט האָט איהר אייך אייער אַרבייט, — האָב איך איהם געזאָגט, זוויזענדיג איהם די געפֿאַנגענע, וועלכע איז געלעגען אויף דער ערד אָהן אַ שום צייכען פֿון לעבען. — איהר האָט דאָך געקענט זיין אַביסעל פֿאָרזיכטי-גער, אָנזאָגענדיג דער דאָזיגער מוטער, אַז איהר קינד איז געשטאָרבען.

— אַה! — האָט די ווילדע בריאה געענטפֿערט — כ'האָב קיין צייט ניט צו האַלטען רעדעס, איך! וואָס זשע, איהר אינגעל איז געשטאָרבען, נאַ, איז אייך קיין גרויס אונגליק ניט! זי איז ניט די ערשטע, ווענען עס טרעפֿט... נישקשה, זי וועט זיך ווי צו טרייסטען, האָט קיין מורא ניט!

איך בין אַנטלאָפֿען, אום ניט אַריינצושפּרינגען דיזען באַנדיט אין פּנים אַריין...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מען האָט אָבגעפֿיהרט בלאַנש דיוואַל אין דעם געפֿענגניס-שפּיטאָל.

גלייך נאָכדעם האָט מען געבראַכט אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט איהר אָבגעזאָגט פֿון לעבען...

— ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו טהאָן, — האָט ער ערקלעהרט. — אָט די אָרעמע פֿרוי וועט ניט איבערלעבען די נאַכט.

און אָט אַפּנים שטאַרק פֿעראינטערעסירט דורך דעם זיסען פּנים פֿון דער

געפאַנגענער, האָט דער דאָקטאָר איהר בעטראַכט נאָך עטליכע מינוט, האָט אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען און איז אַוועק פון שפיטאָל.

אַרום צעהן אַזייגער ביינאַכט איז מיר געלונגען זיך אַריינצו׳גנב׳ענע אין קראַנקען-הויז און איך בין גלייך צוגעגאַנגען צו בלאַנש׳ס בעט.

זי האָט גערערט פון היץ...

נאָר מיט אַמאָל האָט זי געעפענט די אויגען, האָט זיך אומגעקוקט אַרום זיך און האָט מיך דערזעהן.

זי האָט מיך דערקענט, ווייל מיר אָנצייגענדיג מיט׳ן פינגער אויף איהר קלייד, וואָס איז געלעגען לעבען איהר אויף אַ ביינקעל, האָט זי מיט אַ נידעריגע, זעהר שוואַכע שטימע געשעפטשעט:

— דעם... דעם פאָר... טרעט!...

כ׳האָב געזוכט אין איהר קלייד און געפינענדיג דאָרט די פאָטאָגראַפיע פון איהר אונגליקליך קינד, האָב איך עס איהר אַריינגעלייגט אין האַנד אַריין.

זי האָט צוגעדריקט דעם פאָרטרעט צווישען איהרע ברענענדע פינגער, דערנאָך איז זי ווידער אַריינגעפאַלען אין היץ. זי האָט גענומען ריידע ווערטער אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג, נאָר פלוצלונג האָט זי זיך אויסגעדריקט אַביסעל דייטליכער.

— מאָרגען... מאָרגען... — האָט זי געזאָגט. — יאָ, מאָרגען, וועט זיין אַ שעהנער טאָג, זעהר אַ שעהנער טאָג... מיר וועלען געהן שפאַצירען, זשאַק. מיר וועלען געהן זעהן די וועקסענע מענשעלעך... דו ווייסט דאָך, די גרויסע וועקסענע מענשעלאַך...

דערנאָך האָט זי אָנגעהויבען געוואַלדיג צו אָטהעמען, איהרע אויגען האָבען זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אויסגעלאָשען און דאָס שלאָגען פון איהר אָרעם האַרץ איז אַלץ שטילער געוואָרען.

ווען דער זייגער פון דער טורמע האָט געשלאָגען צוועלף, האָט בלאַנש זיך אויפגעכאַפט און אַנידערגעזעצט זיך אויף׳ן בעט. איהרע גליעדער זיינען מיט אַמאָל שטייף געוואָרען. דערנאָך האָט זי געקראָגען אַ שרעקליכען קראַמפף און איז צוריקגעפאַלען אויף איהר געלעגער.

זי איז געווען טויט!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב געקראָגען די ערלויבניש צו וואַכען לעבען איהר טויטען-בעט די גאַנצע נאַכט.

גאַנץ פריה האָב איך זיך ערשט רעכט איינגעקוקט אין איהר.

איהר געזיכט איז געווען זעהר רוהיג, כמעט שמייכעלענדיג...

דער מויל איהרער איז געבליבען אָפען. מען וואָלט געזאָגט, אַז די אונגליקליכע האָט נאָך אַ רגע פאַר׳ן טויט געוואָלט אויסריידען דעם נאָמען פון איהר קינד.

אַז מען האָט זי אַריינגעלייגט אין טרונע, האָב איך איהר פערגלייכט

איהרע שעהנע בלאָנדע האָר, וואו איך האָב אַריינגעשטעקט אַן אָרעמע קליינע ווינטער-בלומע, וואָס איך האָב אָבגעריסען ביים געפֿענגנים-דירעקטאָר אין גאָרטען.

דערנאָך האָב איך איהר אַ קוש געטהאָן אויף׳ן קאַלטען שטערן און אַרויפֿגעלייגט ביי איהר אויף׳ן האַרצען דעם פּאָרטרעט פֿון איהר אָרעמע ושאַק!!!

## VI.

## אַנטלאָפֿען!

דאָס געפֿענגנים פֿון אָבעריוו איז געווען אַ תפיסה ווי אַלע אַנדערע תפיסות, נאָר מיט דעם איינציגען חילוק, וואָס די בעהאַנדלונג פֿון די בע-אַמטע איז דאָרט געווען נאָך שטרייגער ווי איבעראַל.

די טורמעס אין דער פּראָווינץ האָבען נאָך אַ בעזונדערן צוג אין זיך, וואָס זיי ווערן פֿערוואַלטעט פֿון אָרעמע בעאַמטע, וועלכע קוקען תמיד אויס אויף גרעסערע שטעלעס; און זיי טהוען אַלעס מעגליכע נושא חן צו זיין ביי די, וואָס שטעהען איבער זיי.

און ניט נאָר די דירעקטאָרען פֿון די געפֿענגניסע זוכען זיך אַריבערצו-שטייגען איינע די אַנדערע אין ברוטאַליטעט, נאָר אויך די וועכטער, וועלכע האָבען אַ כלל, אַז וואָס מעהר זיי וועלען מאַרטערן די געפֿאַנגענע, אַלץ אָנגענומענער און חשוב׳ער וועלען זיי זיין ביי זייערע עלצטע אין די אויגען.

מיינע לעזער קענען שוין מאַרסעראַגי׳ן און זשאַנווראָן; איך וויל זיי דאָ פֿאָרשטעלען נאָך איינעם מיט׳ן נאָמען בענאַסי.

אָט דער וועכטער פֿערדיענט ספּעציעלע עטליכע ווערטער.

דאָס איז ניט געווען קיין בעזגראַמעטנער, קיין גראָבער, אונוויסענדער קערל, ווי די אַלע אַנדערע; ער איז אַמאָל געגאַנגען אין אַ שולע, וואו ער האָט גענאָסען אַ געוויסע בילדונג.

בענאַסי איז געווען אַ הויכער, מאָגערער יונג, מיט אַ גנב׳ישען קוק. ער פֿלעגט אַרומגעהן אין די קאָרידאָרען, אַזוי ווי אַ שאָטען, מיט די הענד אויף׳ן האַרצען, אַ נעביכעל...

פֿאַר זיינע עלצטע פֿלעגט ער שטעהן מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ און ענטפֿערן מיט אַ הכנעה׳דיגען טאָן אויף אַלע זייערע פֿראַגען. נאָר קוים האָט ער זיך געפֿונען אַנטקעגען די געפֿאַנגענע, איז ער גאָר געוואָרען אַן אַנדער מענש. מיט זיי האָט ער גערעדט גאָר אַנדערע ווערטער, און ניט איינמאָל האָט ער אויפֿגעהויבען די דאַרע הענד זיינע אויף זיי. ער פֿלעגט איבערהויפּט אויסלאָזען צו די געפֿאַנגענע דעם כעס, וואָס ער פֿלעגט אָפֿט האָבען אויף די העכערע בעאַמטע פֿון געפֿענגנים. אַזוי האַנדלען אַלע פֿייגלינגע.

דיזער וועכטער איז ביז דאַן געווען אין דער אָבטהיילונג פֿון די גע-

אַן איבערראַשטע האָט די געפֿאַנגענע געקוקט איהר וועכטער גלייך אין פּנים אַריין.

— יאָ,—זאָגט ער—איהר זייט ערשטוינט דערפֿון, אָבער איך וועל עס אייך ערקלעהרען.

איהר מיינט, איך בין טאַקי אַ געפֿענגניס-וועכטער... איהר האָט אַ טעות. איך בין אַ רעבעל!

— איהר!—האָט די געפֿאַנגענע זיך אָבגערופֿען, אויסשטעלענדיג אויף איהם אַ פּאָר אויגען, פֿול מיט פֿערוואונדערונג.

— יאָ; אויב איך געפֿין זיך דאָ איז דאָס נור, כדי ניט אַריינצופֿאַלען צו די ווערסאַילער סאָלדאַטען און צו די מיליטער-ריכטער אין די הענד... איך בין זיכער, אַז זיי וועלען ניט קומען מיך זוכען דאָ אין דער דאָזיגער תפיסה.

— אָבער,—האָט הענריעט דעלאַזש געפֿרעגט—ווי אַזוי האָט זיך אייך איינגעגעבען אַריינצוקומען אַהער אַלס וועכטער?

— דער דירעקטאָר איז מיינער אַ יוגענד-פֿריינד, האָט ער רחמנות געהאַט און מיך צוגענומען אַהער. נאָר איך וועל דאָ לאַנג ניט בלייבען... מען וועט מיך אין גיכען אַריבערשמוגלען קיין בעלגיען.

און זעהענדיג, אַז די געפֿאַנגענע גלויבט איהם נאָך אַלץ ניט, האָט ער איהר גענומען דערצעהלען, ווי אַזוי ער האָט זיך בעהאַלטען פֿאַר די ווערסאַילער ביז וואַנעט ער איז אָנגעקומען אין דעם געפֿענגניס פֿון אָבריוו.

— איהר פֿערשטעהט דאָך,—האָט ער ענדליך געזאָגט,—אַז איך האָב נור איין איינציגען וואונש, צו זיין אַזוי ניצליך ווי נור מעגליך פֿאַר די געפֿאַנגענע; און אויב איך האָב זיך געווענדעט צו אייך די ערשטע, איז דאָס דערפֿאַר, ווייל איך בין בעקאַנט מיט אייערע ברידער. גוסטאַוו איבערהויפּט איז געוועזען מיין פֿריינד. מיר זיינען געוועזען צוזאַמען ביים „פּאַנטהעאָן", ווען מען האָט דערשאָסען דעם אָרעמען מיליער... אייער ברודער האָט גאָר ניט געוואוסט, אַז מען האָט אייך אַרעסטירט.

— ווירקליך,—האָט זיך די געפֿאַנגענע אָבגערופֿען—איך האָב איהם ניט געזעהן זייט דעם 20טען מאַי.

דאַן האָט בענאַסי געמאַכט אַ רחמנות-פּנים.

— איהר ווייסט דאָך,—זאָגט ער—וואָס אייך ערוואַרטעט, ניט אַזוי? מען דאַרף זיך ניט ריכטען אויף מיטלייד פֿון די ווערסאַילער רוצחים.

מען האָט אייך נאָך ניט געמשפּט, אָבער אייער פּראָצעס וועט זיין דעם 23טען פֿון דיזען מאָנאַט, כ'ווייס דאָס אויף זיכער... היינט איז דער 14טער. איהר האָט אַלזאָ ניין טעג צייט... זיי וועלען אייך פֿעראורטהיילען פֿערשיקט צו ווערן, און איהר וועט געהן קיין ניי-קאַלעדאָניען.

— מיין גאָט! מיין גאָט!—האָט די געפֿאַנגענע געשעפּטשעט.—ס'איז דאָך שרעקליך! מיין אָרעמער פֿאָטער! מיין מוטער, מיינע ברידער,— 'וועל' זיך שוין קיינמאָל ניט זעהן מיט זיי!

— פֿיליכט יאָ,—האָט דער געפֿענגגים וועכטער געזאָגט, צוגעהענדיג נעהנטער צו איהר.—נאָר לאָמיר ריידען אַביסעל שטילער. אַז מען זאָל אונז דערהערען הינטער דיזער טהיר, זייט איהר אַ פֿערלאָרענע און איך אויך... איך קען אייך אַרויסראַטעװען פֿון דאַנעט.

— איהר?

— יאָ..

— אָה, רעדט, איך בעט אייך! ערקלעהרט מיר, ווי אַזוי איך קען אַרויסגעהן פֿון דיזען קבר!

— אָה, ניט דורך דער טהיר, פֿערשטעהט זיך. יעדער אַרויסגאַנג איז דאָ גוט בעוואַכט... הערט מיך אויס: אין דער אָבטהיילונג פֿון דער טורמע, וואָס געהט אַרויס אויף׳ן פֿעלד, איז פֿאַרהאַן אַ נידעריגע וואַנד, וועלכע מען קען גאַנץ לייכט אַריבערקלעטערן.

—אָה, אַ דאַנק אייך, אַ דאַנק אייך, מיין הערר! איך וועל קיינמאָל ניט פֿערגעסען וואָס איהר טהוט פֿאַר מיר.

— כאַפּט ניט אַזוי;—האָט זיך אָבגערופֿען בענאַסי—איהר זייט נאָך דערווייל ניט אַרויס פֿון דאַנעט... איך וועל אייך געבען די מיטלען צוצוקומען צו דער וואַנד און איך וועל אייך פֿערשאַפֿען אַ לייטער.

ליידער איז דאָס אָבער ניט אַלעס, וואָס מען דאַרף...אַז איהר וועט שוין זיין אויף דער וואַנד וועט איהר ניט אַזוי גרינג קענען אַרונטערשפּרינגען; איהר קענט דערביי ברעכען האַלז און געניק... ווייל אויף דער אַנדער זייט איז פֿאַרהאַן אַ גרוב דרייסיג פֿוס די טיעף... אימיצער וועט מוזען שטעהן אונטען ביי דער וואַנד, אום אייך אויפֿצוכאַפּען.

— אַה, ווען איך וואָלט געקענט לאָזען וויסען מיינע ברידער מכּת דעם!—האָט אַ געשריי געטהאָן הענריעט דעלאַוש.

— שרייבט זיי.

— אָבער ווער וועט אויפֿפֿליגען דעם בריעף אויף דער פּאָסט?

— איך.

— איהר וועט עס טהעלען?

— אַז איך זאָג דאָך אייך, אַז איך וויל אייך אַרויסראַטעווען פֿון דאַנעט... אַז עס וועט זיך איינגעבען מיט אייך, וועלען מיר דערנאָך פּרואווען מיט נאָך איינע און אַזוי ווייטער—מען זאָל מיך נור ניט פּאַקען!

— איהר זייט ווירקליך אַ גוטער,—האָט די געפֿאַנגענע געזאָגט.

— נאַ, וואָס איך וויל איז אַרויסרייסען אַזוי פֿיעל אָפּפֿער וויפֿיעל איך וועל נור קענען ביי די ווערסאַליער וועלף פֿון די לאַפּעס...

— אָבער,—האָט זיך אָבגערופֿען הענריעט דעלאַוש—אַז איך וועל בעטען אַן ערלויבניש צו שרייבען, וועט מען פֿרעגען צו וועמען איך שרייב, דער דירעקטאָר מוז דאָך אַרויפֿליגען זיין זיעגעל אויף מיין בריעף.

— כ׳האָב עס שוין בעוואָרענט...

און בענאַסי האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ קליין קעסטעל, וואו ער האָט געהאַט טינט און פֿעדער, קאָנווערטען און פאַפּיר.

— נאַ,—האָט ער געזאָגט—מאַכט עס שנעל, און איך וועל דערווייל אַכטונג געבען ביים טהיר, צי אימיצער קוקט אונז ניט נאָך.

די געפֿאַנגענע האָט זיך אַנידערגעזעצט אין אַ ווינקעל פֿון איהר קע-מערל און האָט אָנגעשריבען פֿאָלגענדען בריוועל:

„מיין ליעבער ברודער!

„אַ בראַווער וועכטער פֿון דעם געפֿענגניס פֿון אָבערייוו, וואָס איז דיין קאַמעראַד, וויל מיך בעפֿרייען פֿון תפיסה... דאָס איז אַ רעבעל, וועמען ס'האָט זיך איינגעגעבען אַריינצוקימען אַהער אַלס ו'עכטער... דו זאָלסט זיך געפֿינען!..."

דאָ האָט זיך הענריעט אָבגעשטעלט און אַ פֿרעג געטהאָן בענאַסי'ן:

— וואָסער טאָג און וועלכע שעה זאָל איך אָנגעבען?

— האַ?.. שרייבט אין פֿיער טעג אַרום, געכסטען שבת, אַרום עלף אַזייגער ביינאַכט. זאָגט אייערע ברידער, זיי זאָלען שטעהן ביי דער וואַנד פֿון טורמע, לעבען דער קירכע. דאָרט וועל איך אַוועקשטעלען דעם לייטער.

די געפֿאַנגענע האָט אויף גיך צוגעשריבען די עטליכע זאַכען, דערנאָך האָט זי גענומען אַ קאָנווערט און אָנגעשריבען דעם אַדרעס, אויף וועלכען דער באַנדיט האָט געוואַרט מיט אונגעדולד: „מאָסיע בערטען, 35 רי שע-מען-ווער, פּאַריז."

אונטער דיזען נאָמען האָט זיך דאָס בעהאַלטען הענריעט'ס ברודער גוסטאַוו.

בענאַסי האָט גענומען דעם בריעף און איז פֿערשוואונדען, זאָגענדיג:

— צום ווידערזעהן!

הענריעט דערלאַזש האָט איהם שוין מעהר אין די אויגען ניט געזעהן.

דערפֿאַר האָט זי אין ניי-קאַלעדאָניען, וואו זי איז פֿערשיקט געוואָרען, זיך דערוואוסט, אַז איהרע צוויי ברידער זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין פּאַ-ריז און מען האָט זיי פֿערשיקט קיין גיואַן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

פֿון צייט צו צייט האָב איך געקראָגען צו וויסען וואָס עס האָט זיך גע-טהאָן אין פּאַריז, אַ דאַנק דעם געפֿענגניס-דאָקטאָר, וועלכער איז געוועזען אַן אויסגעצייכענטער מענש.

ביינאַכט פֿלעג איך שרייבען ביי מיר אין קעמערל, און ס'וועט ניט נייטיג זיין צו זאָגען, וואָס פֿאַר אַ מיה איך האָב געהאַט ניט נור צו קריגען ליכט, נאָר אַכטונג געבען, אַז מען זאָל ניט בעמערקען פֿון דרויסען, אַז ביי מיר אין קעמערל איז ליכטיג.

דאָך, איינמאָל ביינאַכט, ווען איך בין זיך געזעסען גאַנץ רוהיג ביי אַ ברעטעל, וואָס האָט מיר געדיענט אַלס טיש. און געשריבען פֿערזען, האָט זיך מיין טהיר געעפֿענט מיט אימפעט און אַ וועכטער איז אַריין.

— אַהאַ!—מאַכט ער—כ'האָב איך געפּאַקט... דאָס שרייבט איהר דאָס בריוולאַך און וואַרפט זיי אַריבער די ווענד פון הויף.

האָב איך, פערשטעהט זיך, פּראָטעסטירט געגען דיזען ניט געשטויגענעם ליגען.

דער וועכטער האָט מיט רציחה אַ כאַפּ געטהאָן דאָס בלעטעל פּאַפּיר, וואָס איז געלעגען לעבען מיר, און האָט עס איבערגעלייענט הויך אויף'ן קול.

— וואָס איז דאָס אַזוינס?—האָט ער זיך געוויאונדערט.—אָט מיט אַזעלכע נאַרישקייטען גיט איהר זיך דאָס אָב, אָנשטאָט צו שלאָפען. אַזוי גאָר, פּאָעזיע שרייבט איהר? פונקט ווי וויקטאָר הוגאָ...

ער האָט זיך פערטראַכט אַ ווייל'ע און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— כ'וועל עס ניט מעלדען... ניט כדאי צו מאַכען אַ וועזען איבער אַזאַ זאך... כ'וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך בין גרייט אין דער צוקונפט איבער־הויפּט צומאַכען אַן אויג און אייך לאָזען צורוה... נאָר מיט איין בעדינגונג.

— דהיינו?

— אַז איהר זאָלט לערנען מיט מיין אינגעל... איהר זייט אַ געבילדעטע פרוי, מען האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זייט געווען אַ לעהרערין אין פּאַריז. און אַחוץ דעם גלויב איך, אַז איהר זייט נאָך אַלעמען אַן אָנשטענדיגע פרוי. ס'איז אַלזאָ אָבגעמאַכט?

— יאָ,—האָב איך געענטפערט.

נאָר אַפּנים, אַז דער וועכטער האָט חרטה געהאַט, מחמת ער האָט מיר קיינמאָל ניט געשיקט זיין אינגעל צו לערנען.

ער האָט אודאי געמוזט זיך אַן עצה האַלטען מיט אַ פּאָר פון זיינע קאַמעראַדען און מען האָט איהם אָהן אַ שום ספק געזאָגט, אַז איך וואָלט געווען אַ צו שלעכטע לעהרערין פאַר דעם זוהן פון אַ געפענגניס-וועכטער.

* *
*

דער ווינטער איז זיך געגאַנגען זיין וועג און ס'איז נאָך אַלץ קיין פראַגע ניט געווען וועגען אַריבערפיהרען אונז קיין נייקאַלעדאָניען.

פיעלע געפאַנגענע האָט מען ביז דאַן נאָך אפילו ניט געהאַט גע'משפט' אויף וואָס האָט מען געוואַרט?

די געפאַנגענע אין אָבעריוו האָבען שוין איינפאַך אָנגעהויבען פערצווייפעלט צו ווערן.

איין אונגליקליכע, וועמען דאָס געפענגניס האָט פון זינען אַראָבגעפיהרט, האָט זיך איבערגעשניטען דעם האַלז מיט אַ שערעל... אַן אַנדערע האָט זיך אויפגעהאַנגען!

עטליכע האָבען זיך געפּרואווט אַנטלויפען, אָבער ס'האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען.

אַ קעמערל לעבען אַ קעמערל מיט מיר איז געזעסען אַ יונגע פרוי מיט'ן נאָמען זשאַן וו.

דאָס איז געווען אַ וואַש-פֿרוי, מוטהיג און אונערשראָקען אַזוי ווי אַלע פּאַריזערינען.

מען האָט זי ארעסטירט אין דעם געגענד פֿון קליניאַנקור אין אָבגעשיקט קיין ווערסאַיל.

איהר פּראָצעס האָט געהאַט דעם זעלבען רעזולטאַט וואָס מיינער: זי איז פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿערשיקט צו ווערן קיין ניי-קאַלעדאָניען.

די אונגליקליכע האָט זיך גאָרניט געקענט איינגעוואוינען מיט׳ן געדאַנק, אַז זי וועט פֿערלאָזען פּאַריז, וואו זי איז ערצויגען געוואָרען, וואו זי לאָזט איבער איהרע ליעבסטע און טהייערסטע.

און זי האָט זיך ניט אויפֿגעהערט צו בעקלאָגען איבער איהר טרויערי-גער לאַגע.

— אַה!—האָט זי געזאָגט—כ׳וועל ניט פֿאָהרען פֿיערפֿוילט ווערן דאָרט אין ניי־קאַלעדאָניען... אַחוץ דעם, כ׳קען דאָך גאָרניט פֿאָהרען. איהר וועט מיר ניט גלויבען, אָבער איידע־ איך בין געקומען אַהער בין איך קיינמאָל פֿון פּאַריז ניט אַרויס.

אָט אַזוי געהט עס, מען ווערט צוגעבונדען צו אַ פּלאַץ, זיצט מען דאָרט.

און אויסער דעם, כ׳מוז אייך זאָגען, אַז איך האָב פֿון קינדווייז אויף געאַרבייט און איך האָב קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט צו שפּאַצירען.

אַז איך בין אַלט געווען פֿינף יאָהר, בין איך אַריין אין אַ יתומים-אַנ-שטאַלט, וואו מען האָט מיר שוין בעזאָרגט מיט אַ בעשעפֿטיגונג, אַרומזוי-מען שמאַטעס.

צו צוועלף יאָהר האָט מען מיר אַריינגעגעבען אין דער לעהרע אין א וואַש-הויז.

זייט דאַן האָב איך ניט אויפֿגעהערט צו אַרבייטען. כ׳האָב קיינמאָל ניט געקענט מיינע עלטערן. אָבער איך האָב אָנגעטראָפֿען בראַווע לייט, וועלכע האָבען זיך אָנגענומען פֿאַר מיר און ליעבען מיך, אָקוראַט ווי איך וואָלט גע-ווען זייער קינד.

איצט זיינען זיי אַלט... איך בין זייער איינציגע שטיצע.

וואָס וועט ווערן פֿון זיי אָהן מיר?

ווען איך וואָלט וויינגסטענס עפּעס געטהאָן, ווען איך וואָלט כאָטש געשאָסען, ווי אַנדערע פֿרויען וואָס איך קען!

אָבער ניין! כ׳האָב קיין אַנדער זאַך ניט געטהאָן נאָר געעפֿענט די טהיר פֿון אונזער הויז פֿאַר אַ פֿעדערירטען, וועמען די סאָלדאַטען האָבען נאָכגע-יאָגט און ער האָט גערופֿען נאָך הילף...

האָב איך דאָך איהם ניט געקענט לאָזען הרג׳ענען! אָט דער אונגליקלי-כער האָט אודאי געהאַט אַ פֿאַמיליע, קינדער.

איהם איז געלונגען זיך צו ראַטעווען; מיך האָט מען געכאַפּט... און דאָס איבעריגע ווייסט איהר.

אָבער איך זאָג אייך זיכער, כ'וועל ניט געהן קיין ניי-קאַלעדאָניען... ניין, ניין, כ'וועל ניט געהן... כ'זאָג אייך זיכער, אַז ניט.

— אַך. מיין אָרעמע פריינדין,—האָב איך געענטפע־ט—א־הר וועט דאָך מוזען געהן...

— כ'זאָג אייך, זיי וועלען מיך ניט האָבען. איהר וועט זעהן... אַז איך האָב זיך איינמאָל אַריינגענומען עפּעס אין קאָפּ, קען מיר קיין זאַך ניט אָב-האַלטען דערפון.

—דאָך... דערווייל זיינען זיי די מאַכט. אין עטליכע וואָכען, אין עטליכע טעג אפשר, וועט מען קומען אונז נעהמען, און מיר וועלען מוזען געהן, צי מיר ווילען צי ניט.

זשאַן האָט אויסגעשטעלט אויף מיר איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען און מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען האָט זי געזאָגט.

— הערט אויס! אייך קען איך דאָך אַלעס פערטרויען. איך וויים, אַז איהר וועט מיך ניט פערראַטהען.

— אַלזאָ! איך האָב אַ פּלאַן, וואָס איך וויל אייך דאָ פּאָרלייגען, און איהר וועט מיר זאָגען אייער מיינונג דעריבער.

איהר ווייסט, אַז אַלס געוועזענע וועשין אַרבייט איך דאָ אין וואַש-הויז פון געפענגניס. די ערשטע צייט, ווי מיר זיינען נור אָנגעקומען אַהער, האָט מען פון אונז קיין אויג ניט אַראָבגענומען. איהר האָט געדאַרפט זעהן ווי מען האָט אונז געהיט! ווי די אַרבייט האָט זיך געענדיגט, האָט מען אונז איבער געצעהלט און ווידער אַמאָל איבערגעצעהלט, ס'האָט גאָר קיין ענד ניט גע נומען.

איצט האָבען זיי אויפגעהערט זיין אַזוי פאָרזיכטיג.

ווי ס'ווערט נור נאַכט געהט זיך יעדע פון אונז אַוועק אין איהר אָב-טהיילונג און דאָס איז אַלעס.

אָווענד-צייט רופט מען שוין אפילו ניט אויס די נעמען, ווי מען פלעגט פריהער טהאָן.

אַלזאָ... אָט וואָס פאַר אַ פּלאַן איך האָב.

כ'האָב בעמערקט, אַז דער שליסעל פון דער גאַס טהיר הייננט תמיד אין בירא ביים אויפזעהער, וועלכער געפינט זיך ביים אַריינגאַנג, לעבען וואַש-הויז.

דער אַלטער איז אַ שטיקעל שכור און ער כאַפּט זיך פון צייט צו צייט אריין אַן שענק אַ טרונק טהאָן...

כ'האָב חשק אין דער צייט, וואָס ער וועט זיין אָבוועזענד, אַרונטער-נעהמען דעם שליסעל.

— אָבער ער וועט דאָך בעמערקען!

— ניין, מחמת איך וועל אויפהייננען אַן אַנדערן אויף זיין פלאַץ, דעם שליסעל פון וואַש הויז, וועלכער איז עהנליך צו איהם.

— און דערנאָך ?—האָב איך געפֿרעגט.

— דערנאָך... אָה! ס׳וועט געהן ווי געשמירט.

אָנשטאָט אַרויסצוגעהן פֿון וואַש-הויז, וועל איך זיך בעהאַלטען אונטער אַ פּאַק מיט וועש, און אַז אַלע וועלען שלאָפֿען וועל איך שטילערהייט אַרויס פֿון מיין בעהעלטעניש, כ׳וועל עפֿענען די גאַס-טהיר און—אַ גוטע נאַכט, מיינע פֿריינד !..

— אָבער איהר האָט פֿערגעסען איין זאַך.

— דהיינו ?

— דאָס וואָס ביי די ווענד אַרום געפֿינגגים זיינען שטענדיג פֿאַרהאַן סאָלדאַטען, וואָס שטעהען אויף דער וואַך...

— נאַ! מילא, וואָס זשע ווילט איהר,—האָט די מוטהיגע פֿרוי געענט-פֿערט—כ׳וועל אַכטונג געבען, ניט אַריינצופֿאַלען צו זיי אין די לאַפּעס.

— דאָס איז נאָך ניט אַלעס,—האָב איך ווידער געזאָגט.—אַז איהר וועט שוין זיין אויף דרויסען, וואָס וועט איהר טהאָן ?

— וואָס איך וועל טהאָן ?.. וואָס הייסט ? כ׳וועל אַנטלויפֿען.

— דער וואַקזאַל פֿון אָבערויו איז גאַנץ ווייטליך פֿון טורמע.

— דער וואַקזאַל... וואָס זשע, איהר מיינט אַפּנים, אַז איך וועל נעה-מען די באַהן ? נו, און געלד ? כ׳האָב ביי זיך אַ פֿראַנק מיט דריי פֿערטעל, ניט אַ סאַנטים מעהר!

— און איהר וועט געהן קיין פּאַריז צו פֿוס ?

— נו אודאי.

— אין אַזאַ מין קעלט, אין דעם שנעע ?

— אַה ! די קעלט ! דערפֿאַר האָב איך קיין מורא ניט.

וואָס מיינט איהר, מיר וואַש-פֿרויען זיינען ניט געוועהנט צו קעלט ? אַז מיר שטעהען אָב אין רעכטען מיטען ווינטער גאַנצע טעג די פֿיס און די הענד אין אייז-קאַלטע וואַסער.. צייטענווייז מוז מען זאָגאַר צוברעכען די אייז אין די וואַש-בעקענס...

— אָבער מען וועט דאָך אייך מן הסתם נאָכיאָגען.

— כ׳וועל נור געהן ביינאַכט.

— און בייטאָג ?

— וועל איך זיך בעהאַלטען, ווידוואַ ווי איך וועל קענען, אין וואַלד, אין אַ הייזעל ערגעץ ביי אַ בויער.. פֿון צייט צו צייט וועל איך זיך קויפֿען אַ שטי-קעל ברויט.

— אָבער אויף אַזאַ׳ן אופן וועט איהר דאָך דאַרפֿען געהן ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ לאַנגע צייט ביז וואַנעט איהר וועט קומען קיין פּאַריז.

—דאָס וועט יעדענפֿאַלס ניט זיין אַזוי לאַנג ווי די רייזע קיין ניי-קאַלע-דאָניען,—האָט די געפֿאַנגענע געענטפֿערט.

אין דאַן, וועל איך דאָך ווייניגסטענס זיך זעהן מיט מיינע אַלטיטשקע...

— הערט אויס,—האָב איך איהר געזאָגט—כ'האָב קיין זאַך ניט אייג צואווענדען געגען אייער פּלאַן. איהר ווילט געהן, אַלזאָ, געהט. אָבער לאָזט מיר וויסען דעם טאָג, ווען איהר וועט דורכפיהרען אייער פּלאַן.

— כ'זאָג אייך צו, אַז איהר וועט עס וויסען.

אַכט טעג זיינען אַריבער.

יעדעס מאָל, וואָס איך האָב זיך בעגעגענט מיט זשאַנען, האָב איך גע- פרעגט:

— וועט דאָס געשעהן היינט?

— כ'ווייס ניט,—האָט זי געענטפערט.—ס'וואונדערט זיך ווי עס וועט געהן... שוין צוויי טאָג, אַז דער שליסעל הייגגט ניט ביים אויפזעהער אין בירא.

ענדליך, איינמאָל נאָכמיטאָג, האָט זי מיר דערזעהן אין קאָרידאָר און איז צוגעקומען צו מיר.

— דאָס מאָל,—רופט זי זיך אָב—מיין איך, אַז עס וועט שוין זיכער געשעהן.

אין מיר דריקענדיג די האַנד איז זי נעלם געוואָרען מיט די ווערטער:

— צום ווידערזעהן...

ביינאַכט האָב איך זי ניט געזעהן צווישען די געפאַנגענע פון איהר אַבטהיילונג.

כ'האָב פערשטאַנען, אַז זי איז געבליבען אין וואַש-הויז, וואו זי איז געלעגען בעהאַלטען און האָט געוואַרט אויף אַ גינסטיגען מאָמענט צו אַנט- לויפען.

ענדליך איז געקומען די שטונדע, ווען מען האָט געדאַרפט געהן שלאָפען.

מען האָט אונז אַריינגעלאָזט אין די קעמערלאַך. נאָר עס זיינען ניט אַרי- בער קיין צעהן מינוטען, האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער ליאַרם פון טריט אין די קאָרידאָרען.

מען האָט געהאַלטען אין איין עפענען און פערמאַכען די טהירען—דאָס האָט מען געזוכט זשאַן ווו.

אַ שעה נאָכאַנאַנד האָט אָנגעהאַלטען דער ליאַרם. ענדליך איז שטיל געוואָרען.

האָט מען זי געפונען?

איך בין געוועזען כמעט זיכער, אַז ניט; וואָרים איהר קעמערל איז גע- ווען לעבען מיינעם, און איך וואָלט געוויס געהערט, אַז מען וואָלט איהר דאָרט אַריינגעפיהרט.

און אפשר האָט מען זי אַריינגעוואָרפען ערגעין אין אַ קעלער. ווער ווייס?

אזוי האָב איך געטראַכט. מיט אַמאָל האָט מען אויף דרויסען צוויי מאָל אויסגעשאָסען, און גלייך נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ מורא'דיגער, האַרצ- רייסענדער געשריי... איך האָב זיך אַרויפגעדראַפעט אויף דער פּריזבע פון מיין פענסטער און אַרויסגעקוקט אויף דרויסען.

איך האָב מעהר ניט געזעהן נ׳ר אַ קליין ציטערנדיג ליכטעל, וואָס האָט זיך גערוקט איבער דער לייננ פֿון דער געפֿעננגנים ו׳אַנר...

איך בין געבליבען ווי צודולט. אַ שווידער איז מיר אַריבער איבער׳ן לייב.

וואָס איז געוואָרען מיט זשאַנען?

צי האָט מען זי גע׳הרג׳עט?

איך האָב ערוואַרטעט צו זעהן מאָרגען איהר צובלוטיגטען טויטען קערפּער אויף אַ בעט אין שפּיטאָל.

אין הויף פֿון געפֿענגנים האָבען זיך נאָך אַלץ געהערט טריט און געשרייען... ביים דירעקטאָר פֿון טורמע אין די פֿענסטער איז מיט אַמאָל געוואָ־ען ליכטיג און איך האָב געקענט בעמערקען, ווי מען געהט אַרום איבער׳ן שטוב און מען איז שטאַרק צוקאָכט.

ענדליך איז געוואָרען פֿינסטער און אין אונזער תפיסה האָט געהערשט אַ טויטענשטילקייט.

כ׳האָב זיך צובראָכען דעם מוח, טראַכטענדיג וואָס דאָ האָט געקענט פּאַסירען.

מען האָט אודאי געמוזט כאַפּען זשאַנען, בעת זי האָט געעפֿענט די טהיר אַרויסצוגעהן, און מען האָט אודאי געשאָסען אויף איהר און זי דער׳הרג׳עט, —האָב איך געטראַכט.

און איך האָב בעדויערט דיזע אונגליקליכע, וועלכע האָט אַרויסגעצייגט אַזאַ ענטשלאָסענהייט און אַזאַ מוטה, וואָס איז אַזוי זעלטען צו געפֿינען ביי אַ פֿרוי.

אין דער פֿריה האָב איך געפּרואווט אויסגעפֿינען עפּעס פֿון די געפֿאַנגענע.

— איהר האָט געהערט דעם שאָס די נאַכט? —האָב איך געפֿרעגט.

— יאָ, —האָבען מיר עטליכע פֿון זיי געענטפֿערט—וואָס איז געשעהן?

— אימיצער האָט אודאי געמוזט אַנטלויפֿען.

— אַנטלויפֿען? וואָס פֿאַלט אייך איין? מען קען דען אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט? אַז מען געהט אַרויס פֿון דאַנעט איז ענטוועדער אָבגעפֿיהרט צו ווערן אויף׳ן בית עולם אָדער פֿערשיקט צו ווערן ערגעץ אויף קאַטאָרגע...

— האָט מען, הייסט עס, אימיצען דערשאָסען אויף טויט?

— דאָס איז גאַנץ מעגליך.

איך האָב אָבגעוואַרט אַ מאָמענט, ווען אונזער וועכטער האָט זיך פֿערקוקט ערגעץ און איך האָב זיך אַריבערגעכאַפּט אין געפֿענגנים שפּיטאָל.

אַלע בעטען זיינען געוועזן ליידיג, אויסער איינס, וואו ס׳האָט גע׳גוסס׳ט אַן אַלטע פֿרוי.

דעם גאַנצען טאָג האָב איך אַלץ געזוכט צו דערגעהן, וואָס פֿון זשאַנען איז געוואָ ען.

כ׳האָב שוין געמיינט אויף זיכער, אַז נאָכדעם ווי מען האָט זי דער׳-

הרג׳עט, האָט מען איהר מן הפתח גלייך בעגראָבען, אַזוי ווי הינגעריכטעטע..״

ניט איין מאָל האָב איך געזעהן אַזאַ מין פּיהרונג אין סאַטאָרי!

נאָר אָוועגד-צייט האָב איך געהערט אַ געשפּרעך פון צוויי וועכטער, וועלכער האָט מיר קלאָהר געמאַכט איבער אַלעס, וואָס איך האָב געוואָלט וויסען.

זיי האָבען גערעדט פון דעם אַלטען אויפזעהער, וועלכער האָט געהאַלטען ביי זיך דעם שליסעל פון טהיר, און ס׳איז קיין צווייפעל ניט געווען ביי זיי, אַז דיזער אויפזעהער וועט אָבגעזאָגט ווערן פון זיין שטעלע. פון זייער ווייטערדיגען געשפּרעך האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די וואַך האָט געשאָסען אויף זשאַנען, נאָר די קוילען האָבען איהר ניט געטראָפען; אַז זי איז אַנטלאָפען און ס׳איז קיין האָפנונג ניטאָ, זי צו קענען כאַפּען...

כ׳האָב אַלזאָ געוואוסט וואָס איך האָב געוואָלט וויסען: זשאַן איז געראַטעוועט און פריי.

מען זאָל זי נור ניט אַרעסטירען, איידער זי וועט אָנקומען קיין פּאַריז! —האָב איך זיך געטראַכט.

אָבער שפּעטער בין איך דערגאַנגען, אַז זי איז אָנגעקומען בשלום קיין פּאַריז צו איהרע צוויי אָרעמע אַלטיטשקע, וועמען זי האָט אַזוי שטאַרק געליעבט! און די ווערסאַילער האָבען געהאַט מיט איין קרבן ווייניגער...

## VII.

## די ענוים פון אַ הונגר.

נאָך דיזער פּאַסירונג איז די אויפזיכט אין געפענגניס געוואָרען מורא׳דיג שטרייננ.

מען האָט איינפאַך קיין אויג ניט אַראָבגענומען פון אונז און אונז פערווערט צו ריידען איינע מיט די אַנדערע, אויב מיר ווילען ניט בעשטראָפט ווערן מיט 15 טעג קאַרצער.

מיר האָבען אַלזאָ אַרומגעבלאָנדזשעט איינציגווייז, מיט פערמאַכטע מיילער, און אונז אָנקוקענדיג וואָלט מען געקענט מיינען, אַז מיר זיינען הייליגע שוועסטער.

אין דער ווינטער איז דערוויייל געוואָרען שטאַרקער און שטאַרקער, און די אויוועגס אין טורמע האָבען אַלץ ווייניגער געוואַרעמט.

מיט מיין גוטער מוטער פלעג איך זיך אָפט זעהן.

וואָך ביי וואָך, ס׳האָט געמעגט זיין וואָס פאַר אַ פראָסט אָדער גיסען וואָס פאַר אַ שטאַרקער רעגען,—זי האָט קיין איינמאָל ניט פערפעהלט צו קומען צו אַ בעשטימטער שעה און איך בין געווען גליקליך צו פערברייננען מיט איהר אַ צוואַנציג מינוט צייט.

זי פֿלעגט זיך אַנידערזעצען אויף דער באַנק אַנטקעגען דעם פֿענסטער מיט גראַטעס, הינטער וועלכען איך בין געשטאַנען, און אַזוי פֿלעגען מיר ריידען כמעט אין דער פֿינסטער.

די אָרעמע פֿרוי האָט אַלץ געזוכט מיך צו טרייסטען. זי סטאַרעט זיך פֿון מיינעטוועגען, האָט זי געזאָגט, און זי האָפֿט, אַז מען וועט מיר פֿערגרינגערן מיין שטראָף.

— איך האָף,—האָט זי מיר פֿערטרויט איהר סוד—אַז מען וועט דיך ניט פֿערשיקען, נאָר דו וועסט אָבזיצען דיין צייט אין אַ געפֿענגניס אין פֿראַנקרייך, און איך וועל קענען קומען זיך זעהן מיט דיר יעדען דאָנערסטאָג און יעדען זונטאָג. און דאַן... אַז דער שטורם וועט אַריבערגעהן און דער עולם וועט זיך בערוהיגען, וועט מען דיך זיכער בעגנאַדיגען...

כ׳האָב זיך געמאַכט, אַז איך גלויב אַלעס, וואָס זי האָט מיר געזאָגט; כדי איהר ניט אָנצוטהאָן קיין יסורים, בין איך, ריידענדיג מיט איהר, כלומר׳שט געווען נאָך אָפטימיסטישער איידער זי אַליין, נאָר כ׳האָב זיך ניט אָנגעהויבען פֿאָרשטעלען, אַז מיין לאַגע קען אויף וואָס פֿאַר עס איז אופן פֿערבעסערט ווערן.

זיי האָבען מיך אין זייערע הענד און זיי וועלען מיר ניט אַרויסלאָזען,— האָב איך ביי זיך געטראַכט.

פֿיעלע פֿון די געפֿאַנגענע, וואָס זיינען געווען מיט מיר אינאיינעם, האָט מען שוין געהאַט פֿערשיקט. די שיפֿען פֿלעגען יעדעס מאָל אַוועקפֿיהרען גאַנ-צע מחנות פֿון אונזערע לייט. איבער פֿופֿצעהן הונדערט זיינען שוין ביז דאַן געווען פֿערשיקט קיין ניי-קאַלעדאָניען.

פֿופֿצעהן הונדערט פֿערשיקטע!

און דאָך האָט דער גוטער הערר טהיער מיט עטליכע מאָנאַטען פֿריהער געזאָגט: „איך בין אַליין געווען פֿערשיקט, כ׳וועל קיינמאָל קיינעם ניט פֿער-שיקען.״

אָט דער מאַן פֿלעגט אָפֿט פֿערגעסען אויף מאָרגען וואָס ער האָט צו-געזאָגט נעכטען.

און זינט מען האָט אָנגעהויבען פֿע־שיקען טויזענדער אונגליקליכע אויף זעקס טויזענד מיילען ווייט פֿון זייער פֿאָטערלאַנד, האָט מען גענומען ריידע פֿון מענשליכקייט.

„די רעגירונג—האָט מען אויף אַ היפּאָקריטישען אופן איינגערעדט—האָט בדעה צו געבען די פֿערשיקטע אַ פֿאַמיליע און אַ היים.״

און דער אַדמיראַל פֿורישאָן איז נאָך געגאַנגען ווייטער.

האָט ער ניט געהאַט די חוצפּה צו ערקלעהרען אין פּאַרלאַמענט, אַז „די פֿערשיקטע זיינען אַסך גליקליכער פֿון אינזערע סאָלדאַטען, מחמת די סאָלדאַטען מוזען שטעהן אויף דער וואַך, בעת ווען דער פֿערשיקטער לעבט זיך פֿריי צווישען די בלומען פֿון זיין גאָרטען.״

מען וועט זעהן שפעטער, אין דער דאָזיגער לעבענס-בעשרייבונג, וואָס פאַר בלומען און גערטנער מיר האָבען געהאַט דאָרט, וואו מען האָט אונז פערשיקט.

דערווייל, איידער מען האָט אונז בעגליקט צו ווערן קליינע ניי-קאָלעדאָנישע גוטס-בעזיצערקעס, האָבען מיר געהאַט אויסצושטעהן אלערליי צרות אין אַלערליי גראָבהייטען אין דעם געפענגניס פון אָבעריוו.

מען האָט אונז דאָרט בעהאַנדעלט נאָך ערגער ווי חיות.

אמת אפילו, אַז די חיות זיינען ניט געווען גליקליכער פון אונז.

אין דער טורמע פון אָבעריוו איז געווען אַ הונד, וועלכען מען האָט גערופען „מוטאָן".

דאַרפען האָט ער אייגענטליך געדאַרפט זיין ווייס, נאָר אַזוי ווי ער פלעגט זיך אויפהאַלטען וואו ער האָט נור געקענט, דאָס רוב אין די קוילען, האָט זין הויט אָנגענומען אַן אונבעשטימטען קוליער.

די געפענגניס-וועכטער פלעגען איהם שרעקליך שלאָגען.

איך האָב עס שוין וויפיעל מאָל בעמערקט, אַז די, וואָס זיינען גרוּזאַם און ברוטאַל צו חיות, זיינען עס אויך אַנטקעגען מענשען.

אַ גוט האַרץ קען מען ניט קריגען במתנה; די וואָס האָבען עס ניט, וועלען עס קיינמאָל ניט האָבען.

די וועכטער פון אָבעריוו האָבען קיינמאָל קיין גוט האַרץ ניט געהאַט.

כ'ווייס ניט, ווי אַזוי דער אָרימער „מוטאָן" איז אַריינגעפאַלען אין דער טורמע פון אָבעריוו...

פיליכט האָט ער איינמאָל געפונען אַן אָפענע טהיר און ער איז אַריין אַהער, מיינענדיג, אַז דאָ וועט איהם זיין בעסער ווי אויף דער גאַס.

אָדער אפשר האָט איהם אַ וועכטער מיטגעבראַכט מיט זיך און איז דערנאָך אַוועק, איבערלאָזענדיג זיין הינטעל אַליין. ווייל „מוטאָן" איז געווען איינזאַם און אַליין אין דער דאָזיגער תפיסה.

קיין האַנד האָט איהם קיינמאָל ניט קיין גלעט געטהאָן, קיין שטימע האָט איהם קיינמאָל ניט גערופען; אָדער אַז מען האָט איהם שוין יאָ גערופען אַז דאָס געווען, כדי איהם צו שלאָגען.

איינמאָל איז „מוטאָן" אַריין אין הויף, וואו מיר האָבען זיך געפונען.

ער האָט געהאַלטען אַביין אין מויל און האָט אויסגעוויזען צו זיין זעהר גליקליך דערמיט.

נאָר גלייך נאָכדעם איז געקומען צו לויפען אַ וועכטער.

— וואו איז זי ערגעץ, די מיאוס'ע בריאה ?—האָט ער געשריען מיט צאָרן—וואו איז זי ערגעץ ? כ'וועל איהר דערשלאָגען אויף טויט.

און נעהמענדיג אַ שטיק אייזען אין האַנד, האָט ער געוואָלט דערלאַנגען דעם הונד.

„מוטאָן" האָט אָבער גלייך דערזעהן, אין וואָס פאַר אַ געפאַהר ער איז,

האָט ער גענומען לויפען ווי אַ פערריקטער, זוכענדיג אַן אויסגאַנג, זיך צו ראַטעווען פון דעם רוצח.

כ'האָב גלייך געעפענט אַ טהיר און דער הונד איז נעלם געוואָרען...

— איהר וועט קריגען טרוקענע ברויט מיט וואַסער,—האָט מיר דער וועכטער געזאָגט, אויסשטעלענדיג אויף מיר אַ פּאָר שרעקליכע אויגען.

— נו מילא,—האָב איך געענטפערט,—כ'וועל נאָך אַלץ זיין גליקליכער איידער דער הונד...

— וואָס איז דאָס פאַר רייד? אָט אַפנים איהר ווילט חוזק מאַכען פון מיר... הערט אויס, איהר זאָלט זיך נור ניט שפּיעלען מיט מיר!

כ'האָב זיך אַנידערגעשטעלט פונקט אַנטקעגען איהם און זיך צולאַכט אויף'ן קול.

ער האָט צונויפגעדריקט די פויסטען און איז געוואָרען מלא רציחה.

כ'האָב געמיינט, אַז ער וועט אָנפאַלען אויף מיר, און איך בין געווען גרייט איהם אויפצונעהמען, נאָר אַפנים אַז ער האָט פערשטאַנען, ווי לעבערליך ער איז, מחמת ער האָט זיך באַלד אָבגעטראָגען.

און ווי ער איז נור אַוועק, איז „מוטאָן" צוריקגעקומען. עפּעס אַזוי ווי דאָס אָרעמע טהיער, בעגרייפענדיג, אַז איך האָב איהם געראַטעוועט, וואָלט געוואָלט מיך בעדאַנקען דערפאַר...

ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיר גענומען לעקען די הענד.

כ'האָב אַרויסגענומען אַ שטיק ברויט פון קעשענע און עס איהם געגעבען. דער אונגליקליכער, אויסגעהונגערטער חונד האָט עס אַרונטערגעשלונגען מיט איינמאָל.

פון יענעם טאָג אָן האָט מיך שוין „מוטאָן" ניט אָבגעלאָזט פון אויג. בייטאָג, אַז ער האָט ניט געקענט צוקומען נאָהנט צו מיר, פלעגט ער שטעהן פון וווייטען אין קוקען אויף מיר, און איך האָב געקענט הערען, ווי ער האָט געקוויטשעט שטילערהייט. דאָס איז גע'זען זיין אויסדרוק פון פרייד. נאָר ווי דער וועכטער האָט זיך אויף אַ ווייל אָבגעקעהרט פון אונז, פלעגט ער גלייך צולויפען צו מיר, זיך אויסציהען פאַר מיינע פיס, וואַרפענדיג בעת מעשה אַן אויג אויף דער טהיר, פון וואַנעט דער וועכטער דאַרף צוריק אַרויסקומען; און ווי דער שונא האָט זיך נור בעוויזען, איז שוין „מוטאָן" ניט געוואָרען, ער פלעגט פערשווינדען ערגעץ אין גאָרטען פון געפענגניס.

דאָס קלוגע טהיער האָט ענדליך אויסגעפונען מיין קאַמערל, און מעהר ווי איין מאָל, ביינאַכט, האָב איך איהם געהערט קראַצענדיג מיט די נעגעל מיין טהיר, וועלכע איך האָב, פערשטעהט זיך, איהם ניט געקענט עפענען..

„מוטאָן" איז געוואָרען מיין פריינד... און אַזאַ אמת'ער, אויפריכטיגער, איבערגעבענער פריינד, ווי מען וואָלט זיך געוואונשען צו געפינען שטענדיג צווישען די מענשען.

און טאַקי אָט די פריינדשאַפט זיינע האָט איהם גאָר גע'הרג'עט; וואָ-

רים פֿריינדשאַפֿט ברייננט מיט זיך איבערגעבענהייט און איבערגעבענהייט פֿיהרט צו אויפֿאָפּפֿערונג.

די אַלע, וועלכע זיינען געווען שטאַרק איבערגעבען, זיינען אימער גע-ווען אָפּפֿער.

און מיין אָרעמער „מוטאָן" איז געווען אַן אָזפֿער!

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַ שטיקעל צוזאַמענשטויס צווישען מיר און אַ וועכטער מיט'ן נאָמען זשיווערני.

דער באַנדיט האָט ניט אַנדערש געוואָלט, נאָר איך זאָל איהם אויסזאָגען דעם נאָמען פֿון אַ געפֿאַנגענער, וועלכע האָט מיר צוגעוואָרפֿען אַ בריוועלע.

ווי דער שטייגער איז האָב איך גאָרניט געזאָגט.

איך וואָלט זיך גיכער געלאָזט הרג'ענען, איידער אויסגעבען דעם נאָמען פֿון דער, וואָס האָט צו מיר געשריבען, וועלכע איז געווען אַ קאָמונאַרין גלייך מיט מיר.

זשיווערני האָט געשריען, געליאַרעמט, געסטראַשעט און זיך געלאָזט צו-געהן נעהענטער צו מיר.

ער וואָלט מיך אפשר געשלאָגען—ווער ווייס? ס'איז אמת, אַז ער וואָלט געבליבען אַ טויטער אונטער מיינע הענד—נאָר מיט אַמאָל האָט ער דערלאַנגט אַ מורא'דיגען געשריי.

„מוטאָן" איז אַרויפֿגעשפּרונגען אויף איהם און האָט איהם אַ ביס גע-טהאָן אין קניע.

— אַה, דו שמוציגער הונד!—האָט זשיווערני געשריען.

און זיך אומדרעהענדיג האָט ער אָנגעכאַפּט דעם הונד ביים האַלז און איהם דערלאַנגט אַ שליידער אָן דער ערד:

— נאַ, ס'וועט דיר שוין טהייער קאָסטען, דו מיזראַבלער הונד,—האָט ער געזאָגט, זיך רייבענדיג די קניע—נו יאָ, דו וועסט טהייער בעצאָהלען דערפֿאַר, און נאָך היינט.. און איהר,—האָט ער זיך געווענדעט צו מיר—אייך וועט מען ווייזען ווי אַזוי צו לערנען די הינד, זיי זאָלען אַרויפֿ-שפּרינגען אויף מענשען... שוין פֿון אַ שטיקעל צייט, אַז איך זעה, ווי איהר רייצט אָן דיזען הונד אויף די אויפֿזעהער פֿון טורמע. נאָר איהר קענט זיך אָבגעזעגענען מיט אייער טהייערן הונד... איהר וועט איהם שוין מעהר אין די אויגען ניט זעהן.

כ'האָב געוואָלט פּראָטעסטירען, נאָר זשיווערני איז נעלם געוואָרען.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה האָב איך שוין ניט געזעהן „מוטאָן'ן".

— די באַנדיטען,—האָב איך זיך געטראַכט—זיי האָבען איהם אודאי גע'הרג'עט.

און דאָס וואָס האָט מיך בעפֿעסטיגט אין דיזען געראַנק איז געווען דער פֿינסטערער, געהיימניספֿאָלער בליק פֿון די וועכטער.

פֿע־טיעפֿט אין מרה שחורה'דיגע געדאַנקען האָב איך אַרומגעשפּאַצירט אין הויף, מיט אַמאָל האָב איך דערהערט שרעקליכע קרעכצען.

כ'האָב זיך צוגעהערט נאָך אַ ווײַלע און באַלד איז בײַ מיר קיין צוויי-
פֿל ניט געוועזן, אַז דאָס זיינען די קרעכצען פֿון מיין אָרעמען הונד.

וואָס האָבען זיי איהם געטהאָן?

ניט קוקענדיג אויף קיין זאַך האָב איך זיך דורכגעשפּאַרט דורך אַ האַלב
פֿערמאַכטע טהיר, וואָס איז אַרויס אין אַ גאָרטען. דאָרט אונטער אַ בוים,
אין שנעע, איז ער געלעגען אויסגעצויגען, אַ צו'הרג'עטער, אַ פֿערוואונדע-
טער, נור זיין האַרץ האָט זיך שטאַרק געהויבען.

אַז ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער זיך גענומען טרייסלען; דערנאָך
האָט ער געמאַכט אַן אָנשטריינגונג אין האָט זיך געוואָלט אויפהויבען, נאָר
ער האָט קיין כח ניט געהאַט און איז באַלד צוריק אַנידערגעפֿאַלען אין שנעע.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און ער איז אויסגעגאַנגען מיר פֿאַר די אוי-
גען. אַ ווײַלע בין איך געבליבען שטעהן לעבען איהם, דערנאָך האָב איך
אויסגעזוכט אַ גראָב-אייזען, אויסגעגראָבען אַ גרוב אין דער האַרטער ערד
און אַריינגעלייגט אַהין דעם אָרעמען הונד...

מען וועט אפשר לאַכען פֿון מיר, מען וועט זאָגען, אַז איך האָב צופֿיעל
רחמנות אויף אַ הונד. אָבער די וואָס געהען אַרום חיות וועלען מיך פֿער-
שטעהן...

מען ווערט צוגעבונדען צו ריזע געטרייע ברואים אַזוי ווי צו קינדער און
צו די בעסטע פֿריינד!

אין דער צייט וואָס איך האָב בעגראָבען דעם הונד, האָט מען מיך
אַרומגעזוכט איבעראַל.

— זי האָט אודאי געמוזט אַנטלויפֿען, זי אויך,—האָבען די וועכטער
געזאָגט.

מען האָט שוין געוואָלט געהן אָנזאָגען דעם דירעקטאָר פֿון דער טורמע,
אַז איך בין אַנטלאָפֿען, נאָר מיט אַמאָל האָבען זיי מיך דערזעהן אין הויף.

— אַה, אָט איז זי!—האָט זשיוועָרני געזאָגט.

און ער האָט זיך געלאָזט צוגעהן צו מיר מיט אויפֿגעהויבענע פֿויסטען,
נאָר אַז ער האָט דערזעהן מיין פֿערמאָרעטע געזיכט, האָט ער אַראָבגע-
לאָזט די הענד.

— אָה!—האָט ער געמורמעלט—כ'זעה וואָס דאָס איז... דער הונד, ניט
אַזוי? נאָר איך קען אייך זאָגען איין זאַך: ניט איך האָב איהם גע'הרג'עט.
דאָס האָט דער דירעקטאָר געהייסען איהם מאַכען דעם טויט... ער איז גע-
וואָרען זעהר שלעכט, פֿערשטעהט איהר... ער האָט מיר געביסען, און די
קינדער פֿון דעם אויבער-וועכטער האָבען מורא געהאַט... טאַקי כדאי זיך אַזוי
נעהמען צום האַרצען דערפֿון! נאָך אַלעמען איז דאָך דאָס געוועזן ניט מעהר
ווי אַ הונד...

— יאָ,—האָב איך געענטפֿערט—אַ הונד וואָס האָט די ווערטה געהאַט
מעהר ווי אסך וועכטער...

זשיוועדני האָט קיין וואָרט ניט געענטפֿערט דערויף.

— איהר וועט זעהן,—האָבען מיך געוואָרענט מיינע פֿריינד־נען—איהר יועט זיך נאָך אַמאָל אָנמאַכען אַ מיאוס׳ע געשיכטע מיט די וועכטער. איהר וייט צו העזה׳דיג אַנטקעגען זיי, און אָט די לייט שיינקען ניט קיין בעליי-דיגונג.

— נאַ,—האָב איך געזאָגט, אַ ציה טהאָנדיג מיט די פּלייצעס. — קיין ערגערס קען דאָך ניט טרעפֿען ווי דאָס, וואָס זיי וועלען מיך צו׳הרג׳ענען אַזוי ווי מוטאָן׳ן... נאָר זיי וועלען עס ניט סמייען!

* *
*

איינמאָל, ס׳איז געווען אַ דאָנערסטאָג, האָט מען מיר אָנגעזאָגט, אַז מיין מוטער וואַרט אויף מיר אין קאָרידאָר.

כ׳האָב זיך געסטאַרעט אַרויפֿציהען אַ שמייכעל אויף׳ן געזיכט און איך בין אַוועק צו דער פֿינסטערער לאָזשע, הינטער וועלכער מיר פֿלעגען זיך אַלע מאָל צונויפֿטרעפֿען.

אָבער איך האָב געפֿונען די אָרעמע פֿרוי אַסך אומעטיגער ווי גע-וועהנליך.

מיט אַ ריהרענדע שטימע האָט זי מיר ערקלעהרט, אַז איהר השתדלות פֿאַר מיר, מען זאָל מיר פֿערגרינגערן מיין שטראָף, האָט זיך ניט איינגעגע-געבען; אַז זי האָט אומעטום געפֿונען אונבאַרמהערציגע מענשען און קאַלטע, אייזיגע געזיכטער.

די, אויף וועמען זי האָט אַם מייסטען געהאָפֿט, האָבען ערקלעהרט, אַז זיי זיינען פֿעוּ צוּוויפֿעלט און זיי ווייסען ניט ווי אַזוי מיר צו העלפֿען, און די איבעריגע האָבען איהר גאַנץ העפֿליך אָבגע׳פטר׳ט...

— ניט נעהם זיך אַזוי צום האַרצען, מוטער, — האָב איך איהר געטרייסט. — כ׳וועל לאַנג ניט בלייבען אין קאַלעדאָניען... די, וואָס האָבען אַצונד די מאַכט אין זייערע הענד, זיינען ניט זיכער מיט איהר; זיי שווימען אויף אַ וואולקאַן. די פֿאָלקס לאַווא וועט זיי אין גיכען בעגראָבען אונטער זיך... אָט נעהם, אַלס ביישפּיעל, דעם אָרעמען בלאַנקי*); ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט שטאַרבען אין „מאָן-סאַן-מישעל", 

*) לואי-אָגיסט בלאַנקי איז געבוירען געוואָרען דעם 8טען פֿעברואַרן 1805 אין פּוזשע-טעניע און געשטאָרבען אין פּאַריז דעם ערשטען יאַנואַר 1881. אין זיינע יונגע יאָהרען האָט ער געשטודירט מעדיצין און יורי, און ש׳ין גאָר פֿריה איז ער אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער פּאָליטיק; ער האָט אַנטהייל גענומען אין דער בעוועגונג פֿון די „קאַריבאָנאַרען", און מען ווייסט, וואָס פֿאַר אַן איינפֿלוס דיזע געזעלשאַפֿט האָט געהאַט אין יענע צייטען. ביי די איפֿשטענדע פֿון 1827טען יאָהר איז ער עטליכע מאָל פֿערוואונדעט געוואָ-רען. דעם 18טען יאַנואַר 1832 איז ער געשטאַנען פֿאַר׳ן געריכט פֿאַר זיין

און דאָך האָט איהם די רעוואָלוציאָן פֿון 1848 בעפֿרייט... און אַהויץ דעם, צוגעכענדיג אפילו, אַז עס וועט ניט צוגעהן אַזוי גיך ווי איך שטעל זיך פֿאָר, וועט אויך קומען דער טאָג, ווען די איצטיגע פֿערגעטערער פֿון דעם הערר טהיער וועלען חרטה האָבען אויף דעם וואָס זיי האָבען געטהאָן. מען וועט דורכפֿיהרען אַן אַמנעסטיע און איך וועל קומען צוריק... מיר וועלען העכסטענס זיין צושיידט עטליכע יאָהר צייט. ס'איז אמת, אַז די דאָזיגע יאָהרען וועלען זיין אַזוי ווי גאַנצע יאָהרהונדערטע פֿאַר דיר און פֿאַר מיר. אָבער בערעכען פֿאָרט, וואָס וואָלט געווען, ווען איך בלייב אין סאַטאָרי, ווי אַזוי פֿיעל פֿון אונזערע ברידער!... דו טהאָרסט קיין האָפֿנונג ניט פֿערלירען, מאַמאַ, און דער עיקר, הער אויף צו וויינען!

אָבער די אָרעמע פֿרוי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען; זי האָט זיך בעגאָסען מיט טרעהרען.

— איך בין אַלט,—האָט זי מיר געזאָגט,—כ'האָב אפשר איבערהויפט וויניג טעג צו לעבען... ווער ווייסט, צי אַז דו וועסט קומען צוריק...

זי האָט ניט געקאָנטשעט דעם זאַץ.

— מוטער,—האָב איך זיך אָבגערופֿען,—כ'בעט דיך, שלאָג זיך אַרויס אָט די געדאַנקען פֿון קאָפּ, האָב צוטרוי צו דער צוקונפֿט.

און דערנאָך האָב איך מיט אַ צערטליכען טאָן צוגעלייגט:

— און אויסערדעם, דאַרפֿסט דו מיר ניט פֿערשאַפֿען קיין שמערצען. כ'מוז אַוועקגעהן פֿול מיט קוראַזש, כ'מוז זיין איבערצייגט, אַז דו וועסט האָבען גענוג ענערגיע, גענוג שטאַרקייט אויסצוהאַלטען... אַז איך וועל וויסען,

---

רעוואָלוציאָנערער האַלטונג. ער האָט ניט געוואָלט האָבען קיין אַדוואָקאַט און האָט אַליין פֿערטהיידיגט זיינע טהעאָריען מיט אַזאַ מין פֿייערדיגער איבערצייגונג, אַז די דזשורי האָט איהם ערקלערט אונשולדיג, נאָר דאָס געריכט האָט איהם פֿער'משפט צו אַ יאָהר געפֿענגניס דערפֿאַר וואָס ער האָט פּראָקלאַמירט די נויטווענדיגקייט פֿון דעם קריעג צווישען די רייכע און די אָרעמע.

בלאַנקי איז דערנאָך עטליכע מאָל געזעסען אין געפֿענגניס. ענדליך אין 1839 איז ער פֿעראורטהיילט געוואָרען צום טויט, נאָר מען האָט איהם בעגנאַדיגט אויף לעבענסלענגליכען קערקער אין „מאָן סאַן-מישעל", וואו ער איז געבליבען ביז 1848, ווען די רעוואָלוציאָן האָט איהם בעפֿרייט. אָבער ניט אויף לאַנג. דיזער גרויסער רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט מקריב געווען זיין לעבען פֿאַר דער מענשהייט, איז מעהר געווען אין תפיסה ווי אויף דער פֿרייהייט. ביי דער קאָמונע איז ער געווען מיט אונז. מען האָט איהם אַרעסטירט; דעם 19טען נאָוועמבער 1871 האָט מען איהם אַריבערגעפֿיהרט קיין ווערסאַיל און דעם 16טען פֿעברואַר 1872 איז ער פֿער'משפט געוואָרען. פֿערשיקט צו ווערן. איך וועל נאָך ווייטער האָבען די געלעגענהייט צו ריידען וועגען דיזער נאָבעלער און גרויסער רעוואָלוציאָנערער פערזענליכקייט.

אַז דו ביסט אומעטיג, וועל איך כסדר זיין אונגליקליך, כ׳וועל תמיד זעהן דיינע אויגען פֿול מיט טרעהרען, כ׳וועל שטענדיג הערען דיין געוויין...

מיין מוטער האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— מיין גוטע לואיזע,—האָט זי געזאָגט—כ׳וועל זיך סטאַרען, מעהר ניט וויינען. אָבער ווייסט דו, אַז מען איז אַזוי אַלט ווי איך בין, קוקט דאָס לעבען אויס מורא׳דיג שוואַרץ. כ׳האָב מעהר קיינעם ניט געהאַט נאָר דיך אויף דער וועלט. איצט וועט מען דיך אויך צונעהמען. דאָס וועט זיין דאָס גרעסטע אונגליק אין מיין גאַנץ לעבען!

אין דער רגע האָט דער וועכטער, וועלכער איז געקימען אונז אָנזאָגען, אַז די צייט פֿון אונזער אינטערהאַלט איז אַריבער, געעפֿענט אַ פֿענסטער פֿון קאָרידאָר. די זונן איז אַריין צו אונז אין קעמערל און איך האָב דערזעהן מיין מוטער פֿאַר׳ן ליכטיגען שיין פֿון טאָג!

ס׳איז געוועזען דאָס ערשטע מאָל זינט זעקס מאָנאַטען!

כ׳האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען, און איך האָב אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פֿון איבערראַשונג!

מיין מוטער, ווען איך האָב אין ווערסאַיל איבערגעלאָזט אַזוי ווי איך האָב זי שטענדיג געקענט, מיט אַ פֿרישען פּנים און מיט אַ קאָפּ האָר, וואָס ס׳האָט ניט געבלישטשעט קיין איין זילבערנער פֿאָדים,—מיין מוטער האָט איצט געהאַט ווייסע האָר!

## VIII.

## דער „זיי געזונד!"

אַז מיין מוטער איז אַוועק, בין איך גלייך אַריין צו מיר אין קעמערל, און דאָרט האָב איך אַרויסגעפּלאַצט אין אַ מורא׳דיגען געוויין. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געוויינט, זינט איך בין אַריין אין תפיסה

אין אַלצרינג, וואָס מיר האָט געטראָפֿען, איז זי דאָך גאָר ניט שולדיג; כ׳האָב זיך אַליין אַלעס גענומען,—האָב איך זיך געטראַכט.

כ׳האָב געקענט לעבען גליקליך, רוהיג, מיט מיין אָרעמער מוטער, און איך האָב זיך פֿרייוויליג אַריינגעוואָרפֿען אין קאַמפּף מיט דעם גאַנצען פֿייער און מיט דעם גאַנצען גלויבען אין אַ בעסערער צוקונפֿט, וואָס האָט אָנגעפֿילט מיין האַרץ.

ווי די אָרעמע פֿרוי האָט עס געמוזט אַביסעל בעדויערן!

זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. דעם גאַנצען שמערץ איהרען האָט זי געהאַלטען ביי זיך; זי האָט געליטען מורא׳דיגע יסורים, און איצט, ווען ס׳האָט געהאַלטען דערביי, איך זאָל איהר פֿערלאָזען, האָב איך זיך געפֿרעגט, צי וועל איך זיך נאָך ווען עס איז זעהן מיט איהר.

אין דער צייט וואָס איך וועל זיין דאָרט אין דעם איינזאַמען מדבר פֿון ניי-קאַלעדאָניען, וועט אפשר די, וועמען איך האָב ליעב ווי דאָס לעבען, אויסגעהן, רופֿענדיג מיין נאָמען!

דאָס איז געוועזן איינע פֿון די גרעסטע יסורים פֿון מיין לעבען, — אָט דאָס שרעקליכע אָבגעזעגענען זיך מיט איהר, אויף אייביג אפשר.

כ׳האָב בעהאַלטען ביי מיר דעם פּאָרטרעט פֿון דער אָרעמער, גוטער פֿרוי.

זעהר אָפֿט האָב איך זיך איינגעקוקט אין איהר און איך פֿלעג בעדע-קען מיט קושען די דאָזיגע פֿאָטאָגראַפֿיע, וועלכע איך האָב אָבגעהיט ווי מיין אויג אין קאָפּ!

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס געפֿענגניס פֿון אָבעריוו האָט זיך ביסלאַכווייז אויסגעליידיגט.

פֿון מיינע אַלטע פֿריינדינען איז ניט געבליבען קיין איינציגע.

די חבר׳טעס מיינע זיינען איצט געוועזן איינפֿאַכע אָנגעקלאָגטע, אָרעמע פֿרויען, קרבנות פון דעם קאַמפּף פֿאַר׳ן לעבען, צו וועלכע איך האָב גע-פֿיהלט אַ טיעפֿע סימפּאַטהיע, ניט קוקענדיג אויף די פֿעהלערן, וואָס זיי זיי-נען בעגאַנגען.

אַ טהייל פֿון זיי זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿאַר גנבה, די אַנדערע האָבען, אין אַ מאָמענט פֿון אויפֿרעגונג, אויפֿגעהויבען די הענד געגען די, וואָס האָבען זיי געפּייניגט.

ווי אַזוי זשע האָב איך ניט געדאַרפֿט רחמנות האָבען אויף אָט די ער-נידעריגטע פֿון דער געזעלשאַפֿט?

דיזע פֿרויען האָבען געזואָלט אָבזיצען זייער צייט אין דעם געפֿענגניס פֿון אָבעריוו. איך אָבער האָב געדאַרפֿט אָבגעשיקט ווערן קיין ניי קאַלעדאָ-ניען, און דאָס האָט געזאָלט זיין גאָר גיך, ווייל מען האָט מיר שוין געהאַט אָנגעזאָגט, איך זאָל זיין גרייט צו דער רייזע.

— ווען וועל איך אָבפֿאָהרען פֿון דאַנעט? — האָב איך געפֿרעגט איינעם פֿון די וועכטער.

— אין עטליכע טעג אַרום, אודאי, — האָט ער מיר געענטפֿערט.

— איהר ווייסט אפשר, וואוהין מען וועט מיך אָבפֿיהרען צוערשט?

— כ׳ווייס עס ניט, איך בין ניט בעקאַנט מיט די סודות פֿון דער אַד-מיניסטראַציע.

— כ׳וואָלט געוואָלט ריידען מיט׳ן דירעקטאָר פֿון דער טורמע, — האָב איך זיך אָבגערופֿען.

— אָה, אָה, — האָט דער וועכטער געענטפֿערט — דאָס איז ניט אַזאַ לייכ-טע זאַך. דער הערר דירעקטאָר נעהמט ניט צו אַזוי איינפֿאַך... אַפֿריהער מוז מען איהם שרייבען אַ ביטע, און דערנאָך...

— און דערנאָך?

— מוז מען וואַרטען...

— זאָל זיין אַזוי,—האָב איך געזאָגט—גיט מיר די שרייב-געצייג, כ'וועל מאַכען די ביטע.

דער „הערר דירעקטאָר" איז געווען אַזוי פריינדליך און שוין אויף מאָרגען האָט ער מיך געלאָזט רופען צו זיך אין ביוראָ.

דאָס איז געווען אַ הויכער מאַן, זעהר מאָגער, מיט ביסטרע אויגען, אויפגערעגט און אונגעדולדיג.

פערשטעהט זיך, אַז ער האָט מיך ניט געבעטען זיצען.

— וואָס ווילט איהר מיר זאָגען?—האָט ער געפרעגט, מיך אָנקוקענדיג מיט אַ שטרייגגען בליק.

— מיין הערר,—האָב איך געענטפערט—כ'בין געוואָהר געוואָרען, אַז איך וועל גאָר אין גיכען אָבגעשיקט ווערן אין נוי-קאַלעדאָניען, און... כ'וואָלט אייך געוואָלט בעטען אַ טובה.

— ווי? איהר?

— יאָ, איך,—האָב איך געענטפערט, ארונטערלאָזענדיג די אויגען.

— לאָמיך הערען.

— מיין הערר... איהר ווייסט דאָך, אַז מיין מוטער קומט אָפט אַהער, זיך זעהן מיט מיר. זי ריכט זיך אידאי ניט, אַז מען וועט מיך אַזוי שנעל אַוועקשיקען... און אַחוץ דעם, וואָלט איך וועלען, אויב ס'איז נור מעגליך, זי זאָל ניט וויסען דעם טאָג, ווען דאָס וועט געשעהן:

— פאַרוואָס עפּעס?—האָט דער דירעקטאָר לעבעדיג אַ פרעג געטהאָן.

— ווייל די אָרעמע פרוי, כאָטש זי איז אַזוי אַלט און שוואַך און אויס-געמוטשעט פון די צרות און יסורים, וואָס זי האָט געהאַט, קען נאָך וועלען, מיך בעגלייטען צו דעם האַפען, וויאו מען וועט מיך אויפזעצען אויף'ן שיף.

— אויב דאָס איז אַלעס וואָס איהר בעט איז דאָס אַ גרינגע זאַך.

— מיין מוטער,—האָב איך ווייטער געזאָגט—דאַרף קומען מאָרגען זיך זעהן מיט מיר, און איך האָב מורא, אַז די וועכטער זאָלען איהר ניט אויס-זאָגען אַלעס...

— כ'וועל אָנזאָגען, מען זאָל גאָר ניט ריידען; אייער מוטער וועט גאָר ניט וויסען.

און מיט אַ שמייכעל האָט ער צוגעלייגט:

— כ'קען אייך ווירקליך טהאָן אָט די לעצטע טובה.

ער האָט גענומען אַרומגעהן אין זיין ביוראָ אַהין און צוריק, זיך אָב-שטעלענדיג פון צייט צו צייט, אַזוי ווי איינער וואָס איז שטאַרק פערטראַכט. דערנאָך איז ער פּלוצלונג שטעהן געבליבען אַנטקעגען מיר, האָט צונויפגע-לייגט איין האַנד איבער דער אַנדערער און געזאָגט:

— כ'מוז מודה זיין, אַז איך בין איינפאַך ערשטוינט איבער אייך, כ'האָב

ביז היינט ניט געהאַט דאָס פֿערגניגען, אייך צו זעהן... די בעריכטען, וואָס מען האָט וועגען אייך אָבגעגעבען, זיינען געוועזען זעהר מיאוס׳ע: מען האָט אייך דאָרט פֿאָרגעשטעלט עפּעס אַזוי ווי אַ ווילדע, שרעקליכע בריאה, אַ פֿרוי אָהן אַ ברעקעל דיסציפּלין, פֿעהיג אויף אַלצדינג, און בנאמנות! וואָס מעהר איך קוק אייך אָן, אַלץ מעהר פֿרעג איך זיך, צי זייט איהר דאָס טאַקי די אונטערצינדערין, וואָס דאָס קריגס-געריכט פֿון ווערסאַיל האָט פֿער׳משפט פֿערשיקט צו ווערן.

— ניטאָ קיין צוויי לואיזע מישעל׳ס,—האָב איך געענטפֿערט.

— און אַ דאַנק גאָט דערפֿאַר,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט.—צוויי פֿרויען ווי איהר ו׳אָלטען פֿעהיג געווען צו רעוואָלוציאָנירען די גאַנצע וועלט.

— מיין הערר,—האָב איך זיך אָבגערופֿען—ס׳איז עפּעס ניט אַזוי אַב פּלאַין פֿאַר מיר צו דיסקוטירען מיט אייך וועגען דיזער ברענענדער טהעמאַ... איהר זייט אַ טשינאָווניק... איך בין אַ רעוואָלוציאָנערקע...

דער דירעקטאָר האָט געצויגען מיט די פּלייצעס.

— צו וואָס נוצט אייך דאָס רעוואָלטירען,—האָט ער געזאָגט—אַז מיר האָבען די מאַכט ביי אונז אין די הענד?

— די מאַכט!—האָב איך געענטפֿערט—אָה, די געדולד פֿון די אונ-טערדריקטע מוז פּלאַצען... וואָס זשע, גיט זיך דען די כוואַליעס ניט איין ביסלאַכווייז צו צוברעכען די וואַסער וואַנד, וועלכע שטעהט זיי אין וועג?

— אָה! פֿערשטעהט זיך, די גרויסע, הויכקלינגענדע פֿראַזען, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט—דערמיט ציהט איהר דאָס צו די דומע, אונוויסענדע מאַסען צו זיך.

— הערר דירעקטאָר, דעם טאָג, ווען די אונוויסענדע מאַסען, ווי איהר רופֿט זיי וועלען אָנערקענען זייער מאַכט...

— ניט נייטיג, ניט נייטיג אייערע ערקלעהרונגען, כ׳בין ניט אויפֿגעלייגט צו נעהמען ביי אייך אַ קורס אין סאָציאַלע רעוואָלוציאָן... איהר האָט מיך געבעטען אַ טובה, כ׳בין זעהר צופֿריעדען עס אייך צו טהאָן, ווייל איך גע-פֿין, אַז איהר האָט אַסך אַ בעסער האַרץ ווי איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט... אייער ליעבע צו אייער מוטער איז אַ גוטער בעווייז דערצו... איך וועל זיך אַליין זעהן מיט איהר מאָרגען, און זייט רוהיג, איך וועל זעהן, אַז ביי איהר זאָל ניט בלייבען קיין שום צווייפֿעל, וואָס זאָל איהר פֿערשאַפֿען יסורים... כ׳וועל איהר יאָגאַר געבען אַביסעל האָפֿנונג אויך; דאָס איז אַלעס וואָס איך קען טהאָן.

— אַ דאַנק אייך, מיין הערר.

דער דירעקטאָר האָט זיך אַנידערגעזעצט ביי זיין שרייב-טיש און זיך גענומען צו זיינע פּאַפּירען.

איך האָב געזעהן, אַז איצטער געשפּרעך איז צו ענדע, און איך בין אַרויס פֿון ביוראָ.

דער וועכטער, וואָס האָט מיך בעגלייט אַהין, האָט זיך אפנים צוגעהערט הינטערן טהיר, וואָס מיר האָבען גערעדט,—דאָס איז געווען אַ גאַנץ געוועהנ-ליכע זאַך ביי די וועכטער פון אָבעריוו—ווייל ער איז געווען זעהר העפליך צו מיר.

ער האָט מיך אַריינגעפיהרט צוריק צו מיר אין קעמערל, און דאָרט האָב איך זיך געגעזעגענט צו דער אַרבייט.

כ'האָב געענדיגט עטליכע געדיכטע, וועלכע איך האָב געהאַט אָנגע-פאַנגען, צונויפגעלייגט מיינע פאַפירען און געמאַכט צוויי קליינע פאַקעטען פון אַלעס, וואָס איך האָב אָנגעשריבען אין משך פון מיין זיין אָבעריוו.

אין דער רגע וואָס איך האָב געענדיגט איינפאַקען מיינע פאַפירען, איז אַ וועכטער פלוצלונג אַריין צו מיר אין קעמערל—ניט אָנקלאַפענדיג אין טהיר, פערשטעהט זיך.

ס'איז געווען דערזעלבער, וואָס האָט מיך אַמאָל געבעטען, איך זאָל לערנען מיט זיין אינגעל.

— איהר פאָהרט שוין, הייסט עס, אַוועק—האָט ער מיר געזאָגט.

— דאָס דאַרפט איהר דאָך וויסען בעסער פון מיר.

— יאָ... און דעריבער טאַקי בין איך געקומען זיך זעהן מיט אייך... אין עטליכע מאָנאַטען אַרום וועט איהר זיין אין נייע קאָלעדאָניען, אַ לאַנד, וואו די פער'משפט'ע אַמוזירען זיך ניט, דאָס קען איך אייך אָפיהער זאָגען; כ'וויים וואָס דאָס איז אַזוינס פאַר אַן אָרט, כ'בין געווען אַ וועכטער אויף'ן אינזעל „נו" אַן ערך פינף יאָהר צייט.

— אויב איהר זייט געקומען בלויז דערפאַר, מיר אָנזאָגען די דאָזיגע בשורה, וואָלט איך אייך ווירקליך געקענט מוחל זיין אייער בעזוך.

— הערט מיך נור אויס, כ'האָב אייך צו זאָגען אַן ערנסטע זאַך, און יקדם כל וויל איך אייך פערזיכערן, אַז איך מיין ווירקליך אייער טובה... אַז איהר וועט זיין אין נומעאַ, פרעגט זיך נאָך אין מיין נאָמען אויף איינעם אַ ל'זעוויסען פיקאָ, וועלכער איז אייבער-וועכטער אין דער דאָרטיגער תפיסה. אויב איהר ווילט, קען איך אייך זאָגאַר מיטגעבען אַ בריעף צו איהם. דאָס איז אַן אויסגעצייכענטער יונג, מיט וועלכען איך האָב זיך פערהאַלטען זעהר פריינדליך.

— כ'דאַנק אייך זעהר,—האָב איך איהם געענטפערט—נאָר איך האָב קיינמאָל ניט געדאַרפט קיין רעקאָמענדאַציעס און איך דאַרף זיי איצט אויך ניט. זאָ איך וועל זיין אין נייע-קאָלעדאָניען, וועל איך שוין ווי עס איז געפי-נען מיין וועג...

— דאָך ?—האָט זיך דערוועכטער אָבגערופען.

— הערט אויס, מיין פריינד,—האָב איך געזאָגט—וואָס פאַר אַ מיינונג װעלען מיינע קאַמעראַדען האָבען פון מיר, אַז זיי וועלען זעהן, ווי איך פראָטעקציע ביי אַ געפענגניס-וועכטער ? מיר זיינען ניט קיין געוועהנליכע פערברעכער... מיר זיינען רעבעלען.

— ס׳איז ריכטיג,—האָט ער געזאָגט,—כ׳האָב זיך גאָר פֿערגעסען אָן דעם.

אַ קליינע ווײַלע איז ער געבליבען שטיל, דערנאָך רופֿט ער זיך אָב:

— כ׳וואָלט זעהר געוואָלט, איהר זאָלט מיר איבערלאָזען עפּעס אַן אָנדיינקען... אַ געדיכט אייערס, למשל.

כ׳האָב איהם אָנגעקוקט מיט אַ צערטליכען בליק.

— אויב דאָס איז אַלעס וואָס איהר פֿערלאַנגט,—האָב איך געזאָגט,— איז דאָס אַ גאַנץ לייכטע זאַך.

כ׳האָב אַ בלעטער געטהאָן צווישען מיינע פּאַפּירלאַך און איהם אויס-געזוכט אַ ליעדעל.

כ׳דאַרף אייך ניט זאָגען, אַז דאָרט זיינען געווען אויסדריקע, וועלכע האָבען גאָרניט געדאַרפֿט געפֿעלען די הערען פֿון ווערסאַיל.

הערר טיער האָט דאָרט געכאַפּט אַ ריכטיגע פּאָרציע, און דער גענעראַל גאַליפֿע איז אין דעם ליעדעל פֿערגליכען געוואָרען צו אַ טיגער, אַ שאַקאַל און אַ היענע.

נאָר דעם וועכטער זיינען די דאָזיגע פֿערזען זעהר געפֿעלען.

ס׳קאָן זיין, אַז ער האָט זיי מיט דער צייט אויסגעלערנט אויסענווייניג, נאָר איך צווייפֿעל, צי ער האָט זיי ווען עס איז דעקלאַמירט אין דער הויך פֿאַר אַן עולם.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען, אַרום איינס אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט מען מיר אָנגעזאָגט, אַז מיין מוטער וואַרט אויף מיר אין קאָרידאָר.

כ׳האָב געפֿינען די אָרימע פֿרוי פֿאָלשטענדיג בערוהיגט.

— דו ווייסט,—רופֿט זי זיך אָב צו מיר—נאָר וואָס האָט מיך דער דירעקטאָר געשיקט רופֿען און האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָפֿט פֿיעל אויף דיינע ריכטער, אַז זיי וועלען רחמנות האָבען אויף דיר... ווי דו זעהסט, האָב איך רעכט געהאַט, ווען איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט פֿערלירען קיין האָפֿנונג. כ׳האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מען קען דיך ניט אַוועקשיקען אויף אייביג אַזוי ווייט, זעקס טויזענד מייל פֿון פֿראַנקרייך... זיי האָבען איינגעזעהן, אַז דאָס איז צופֿיעל, און איך בין זיכער, אַז אין גיכען וועסט דו הערען גוטע נייעס.

און מיט אַן אומעטיגען טאָן האָט מיין מוטער צוגעלייגט.

— כ׳מאַך זיך ניט קיין פֿאַנטאַזיעס, פֿערשטעהט זיך; כ׳ווייס גאַנץ גוט, אַז זיי וועלען דיך ניט אין גאַנצען בעגנאַדיגען, נאָר ווייניגסטענס בין איך כמעט זיכער, אַז זיי וועלען דיין שטראָף פֿערגרינגערן אַזוי ווייט ווי ס׳וועט גור זיין מעגליך. לכל הפחות, איצט בין איך רוהיג; כ׳ווייס, אַז דו וועסט ניט אָבגעשיקט ווערען קיין ניי-קאַלעדאָניען... דו וועסט בלייבען אין פֿראַנק-רייך, אין דער דאָזיגער טורמע, פֿילייכט, און איך וועל קענען קומען זיך זעהן

מיט דיר אַלע דאָנערסטאָג און אַלע זונטאָג... בנאמנות, אָט דער דירעקטאָר איז אַן אויסגעצייכענטער מענש, און עס איז געווען אַ פֿעהלער פֿון מיר, וואָס איך האָב וועגען איהם געהאַט אַזאַ שלעכטע מיינונג.

— דו זעהסט אַלזאָ, מוטער, אַז אַלעס ענדיגט זיך בעסער ווי מען רע-כענט,—האָב איך געזאָגט.—אָפֿטמאָל טרעפֿט, אַז גראָד אין דער רגע, וואָס מען איז אַם מייסטען פֿערצווייפֿעלט, קומט די רעטונג... ני, ביסט דו איצט כמעט גליקליך, ניט אַזוי? דו וועסט שוין מעהר ניט וויינען.

— אָה ניין,—האָט די אונגליקליכע פֿרוי געענטפֿערט—כ׳פֿערזיכער דיר, אַז ניט.

אַזוי ווי די צייט פֿון אונזער אונטערהאַלטונג איז שוין באַלד געווען פֿערביי, האָט זיך מיט אַמאָל געיאָוועט אַ וועכטער, וועלכער האָט גענומען אַרומשפּאַצירען אַרום דעם אַרומגעצאַמטען קאַסטען, לעבען וועלכען מיין מוטער איז געשטאַנען.

כ׳האָב זיך גאָרניט אומגעקוקט אויף דיזען בחור, אָבער כ׳האָב געמאַכט אַ פֿעהלער דערמיט, ווייל איך האָב געדאַרפֿט זיין פֿאָרזיכטיג, ווי מען וועט באַלד זעהן.

— נו,—רופֿט זיך אָב מיין מוטער,—צום ווידערזעהן, מיין גוטע לואיזע, אויף זונטאָג.

ס׳האָט זיך דערהערט אַ גראָבע שטימע, די שטימע פֿון׳ם וועכטער.

— זונטאָג,—מאַכט ער און צולאַכט זיך בעת מעשה אויף׳ן קול—זונטאָג וועט אייער טאָכטער שוין זיין אין לאַ ראָשעל.

— וואָס הייסט?—האָט מיין מוטער אַ געשריי געטהאָן מיט שרעק.

— גאַנץ געוויס, האָט די ווילדע חיה געזאָגט.—אָקאָרשט האָט מען בעקומען דעם בעפֿעהל, זי אַריבערצופֿיהרען.

— אָט דער מאַן ווייסט ניט וואָס ער רעדט,—האָב איך זיך אָבגערופֿען—כ׳זאָג דיר זיכער, ער ווייסט ניט.

דער וועכטער איז אָבער ניט אָבגעשטאַנען.

— אַ שעהנע מעשה, איך ווייס ניט, כ׳מיין, אַז איך קען, דוכט זיך, לייענען, ווי? נאַט, זעהט!

און ער האָט דערלאַנגט מיין מוטער אַ געל בלעטעל פּאַפּיר, וואָס האָט געטראָגען דעם זיעגעל פֿון ווערסאַיל.

מיין מוטער האָט איבערגעלייענט פֿאָלגענדע ווערטער:

„ס׳ווערט געגעבען אַ בעפֿעהל דעם דירעקטאָר פֿון דער טירמע אין אָבעריוו, אַרויסצושיקען מאָרגען פֿרייטאָג נאָך לאַ ראָשעל די געפֿאַנגענע מישעל, וועלכע איז פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿון דעם קריגס-געריכט אָבגעשיקט צו ווערען קיין ניי-קאַלעדאָניען.“

די אָרעמע פֿרוי האָט אַ געשריי געטהאָן: „אָה, מיין גאָט! אָה, מיין גאָט!“ און איז געפֿאַלען אין חלשות.

וואָס פֿאַר אַ מורא׳דיגע לאַגע!

מיין מוטער איז געלעגען אין אונמאַכט אויף דער ערד, עטליכע טריט פֿון מיר, און איך האָב ניט געקענט צוגעהן צו איהר, איהר אָבמינטערן, איהר זאָגען עטליכע גוטע, זיסע ווערטער, איהר טרייסטען און אַריינגעבען אַביסעל האָפֿנונג אין איהר פֿערצווייפֿעלט האַרץ.

כ׳בין געשטאַנען דאָרט, הינטער אַ גראַטע, האָב זיך געריסען די נעגעל און געשריען פֿון גרויס פֿערצווייפֿלונג.

קאַלטבלוטיג, מיט די הענד אויף׳ן רוקען, האָט זיך דער וועכטער אַרום-געדרעהט אַהין און אַהער איבער׳ן קאָרידאָר.

— אָבער, מיזראַבלער מענש וואָס איהר זייט,—האָב איך געשריען צו איהם—איהר זעהט דאָך, אַז די אונגליקליכע נייטיגט זיך אין הילף, אַז ז׳ וועט אפשר שטאַרבען אַזוי.

ענדליך האָט עס דעם וועכטער געריהרט.

— כ׳וואָלט געגאַנגען אַ רוף טהאָן דעם דאָקטאָר,—מאַכט ער—נאָר אין דער צייט וועט איהר אַנטלויפֿען און מיך וועט מען דער:אָך אָבזאָגען פֿו מיין שטעל.

— כ׳גיב אייך מיין עהרען-וואָרט,—זאָג איך צו דעם דאָזיגען ווילדען מענשען—אַז איך וועל זיך פֿון דאַנעט ניט ריהרען.

— אָה, געוויס! מען קען עס שוין, דאָס דאָזיגע עהרען-וואָרט.

— אָבער געהט, געהט שנעל, זאָג איך אייך, כ׳שווער אייך, אַז איך זועל ניט אַנטלויפֿען.

אָבער אַזוי ווי דער וועכטער האָט זיך ניט געקענט ענטשליסען וואָס צו טהאָן, האָב איך גענומען מאַכען אַזעלכע געוואַלדען, אַז דער הויפּט-וועכ-טער, וועלכער איז געווען עטליכע טריט פֿון דאָרט, איז געקומען צו לויפֿען.

— וואָס איז דאָ?—האָט ער געפֿרעגט—וואָס זיינען דאָס פֿאַר קולות?

— מיין העררי, מיין העררי,—האָב איך געשריען—איהר זעהט אָט די פֿרוי, וואָס ליגט דאָ אויף דער ערד, ס׳איז מיין מוטער, זי שטאַרבט, כ׳בעט אייך, קומט איהר צו הילף.

— העי דו,—האָט ער קאָמאַנדירט דעם וועכטער—לויף שנעל רופֿען דעם דאָקטאָר.

כ׳האָב זיך געבעטען ביים אויבער-וועכטער, ער זאָל מיר עפֿענען די טהיר, ער זאָל מיר לאָזען צוגעהן צו מיין מוטער, נאָר ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט; ער קען עס ניט טהאָן, האָט ער געזאָגט.

כ׳בין געווען אין אַן אונבעשרייבליכען צושטאַנד פֿון צורייצטקייט און פֿון צאָרן.

נאָך איירער דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט מיין מוטער געעפֿענט די אויגען, האָט אַ זיפֿץ געטהאָן און זיך פּלוצלינג אויפֿגעזעצט אויף דער ערד

— לואיזע, לואיזע,—האָט זי געמורמעלט—וואו ביסט דו? ס׳איז אמת אַז דו וועסט מיך פֿערלאָזען?

— ניין, מוטער,—האָב איך געענטפֿערט.—כ׳בין דאָ און איך וועל דיך ניט פֿערלאָזען; קענסט זיכער זיין, אַז ניט.

די אָרעמע פֿרוי איז אויפֿגעשטאַנען.

זיך אַריבערפֿיהרענדיג די הענד איבער׳ן שטערן, אַזוי ווי איינער, וואָס כאַפּט זיך אויף פֿון אַ חלום, האָט זי שלוכצענדיג געזאָגט:

— אָה ניין, ניין! כ׳האָב גאַנץ גוט געהערט, מען וועט דיך צונעהמען פֿון דאַנעט, דו פֿאָהרסט אַוועק, וועסט מיך פֿערלאָזען אויף אייביג!... אָה, ס׳איז שרעקליך, שרעקליך! לואי ע, מיין מהייערע לואיזע!

און די אונגליקליכע האָט ניט אויפֿגעהערט צו וויינען.

— וויין ניט, כ׳בעט דיך,—האָב איך געזאָגט.—דער וועכטער האָט אַ טעות געהאַט; ניט וועגען מיר איז דער בעפֿעהל, נאָר וועגען אַן אַנדער געפֿאַנגענע, וועמען דו קענסט גאַנץ גוט, וועגען וויקטאָרין גאָרזשע... איהר וועט מען אָבשיקען קיין ניי-קאַלעדאָניען, יאָ, איהר...

מיין מוטער איז צוגעגאַנגען צו די גראַטעס, הינטער וועלכע איך בין געשטאַנען, און מיט אַ ציטערנדע שטימע, פֿיל מיט אויפֿרעגונג, האָט זי געשעפּטשעט:

— ניין, לואיזע, דו דאַרפֿסט מיך ניט נאַרען. אָט דער מאַן האָט געזאָגט דעם אמת, דיך וועט מען עס פֿערשיקען, מיין טהייער קינד.

— ניין, מוטער, כ׳זאָג דיר זיכער, ס׳איז וויקטאָרין גאָרזשע.

— וויקטאָרין איז שוין אַוועקגעפֿאָהרען מיט צוויי מאָנאַטען צוריק אויף׳ן שיף „דאַנאַע״,—האָט זי געענטפֿערט.

— ניין, כ׳זאָג דיר זיכער, דו האָטסט אַ טעות.

— כ׳האָב שוין גאָר קיין טעות ניט. כ׳ווייס עס גאַנץ זיכער... וואָס מיינסט דו, שוין זעקס חדשים, אַז איך קום אַהער וואָך פֿאַר וואָך, זאָל איך ניט וויסען, וואָס דאָ טהוט זיך דאָ אין געפֿענגניס? אָה, איצט פֿערשטעה איך אַלעס! פֿאַרוואָס האָט מיך עפּעס דער דירעקטאָר געשיקט רופֿען נאָר וואָס, גלייך ווי איך בין געקומען? ער האָט שוין, הייסט עס, געוואוסט די שרעקליכע נייעס... דו האָסט איהם מן הסתם געבעטען, ער זאָל מיר גאָר-ניט זאָגען, און ער האָט ערפֿילט דיין בקשה. אַה, מיין אָרים קינד! מיין אָרים קינד!... אַז איך בין היינט געקומען אַהער, האָט מיר עפּעס דאָס האַרץ געזאָגט, אַז מיך וועט טרעפֿען אַן אונגליק... אפילו די וועכטער האָבען מיך עפּעס ניט אָנגעקוקט ווי געוועהנליך... זיי האָבען עפּעס אויסגעזעהן מאָדנע. אָה! כ׳האָב עס גלייך געדאַרפֿט פֿערשטעהן.

— מוטער,—האָב איך זיך ענדליך אָבגערופֿען—מוזט זיך מאַכען קוראַזש... אין גרונד גענומען איז דאָך בעסער, וואָס מען שיקט מיך אָב אַהין.

— ווי, לואיזע, דו זאָלסט עס זאָגען!

— יאָ, ס׳איז בעסער, איך זאָל פֿאָהרען קיין ניי-קאַלעדאָניען... וואָס פֿאַר אַ מיינונג וואָ בען פֿון מיר געהאַט מיינע ברידער, די אונגליקליכע, וועלכ

שמאַכטען אין די פֿערשיעדענע פֿראַנצויזישע קערקערס! וואָס וואָלטען געזאָגט די, וועלכע מוטשען זיך דאָרט אונטער די שרפה׳נדע שטראַהלען פֿון דער טראָפּישער זונן? צי דען פאַסט זיך צו בעטען גנאַדע ביי די לייט פֿון ווערסאַיל, ווען מען האָט, אַזוי ווי איך, געקעמפּפט פֿאַר די אינטערעסען פֿון דער גערעכטיגקייט און פֿאַר דאָס גליק פֿון דער מענשהייט? צי דען פאַסט זיך פֿאַר מיר זיך צו ערנידעריגען און בעטען רחמים ביי די תלינים, וואָס האָבען אויסגעשלאַכטעט אַזוי פֿיעל מענשען אין סאַטאָרי?... גלויב מיר, מוטער, ס׳איז אַסך בעסער, איך זאָל פֿערשיקט ווערן! אָננעהמען אַ קלענערע שטראָף, וואָלט געהייסען איבערלאָזען אַ טהייל פֿון מיין עהרען-געפֿיהל ביי דיזע באַנדיטען אין די הענד... האָסט דו ניט אַליין אַנומאָלט געזאָגט: „דער שטורם וועט אַריבערגעהן, ס׳וועט רוהיגער ווערן און דו וועסט צוריקקומען קיין פֿראַנקרייך!..." יאָ, איך וועל צוריקקומען, אָבער שטאָלץ, מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, און קיינער וועט מיר ניט קענען זאָגען: „איהר, וואָס איהר האָט געפּריידיגט דעם סאָציאַלען קריעג, זייט געפֿאַלען פֿאַר אייערע בעזיעגער צו די פֿיס..."

אין דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב גערעדט, האָט מיין מוטער שטילערהייט געוויינט, און איך האָב געקענט זעהן אין שאָטען די טרעהרען ביי איהר אין די אויגען.

די צייט פֿון אונזער אוטערהאַלט איז שוין לאַנג געוועזען אַריבער, דאָך האָט דער וועכטער ניט געסמייעט מיך אַריינצופֿיהרען צוריק אין מיין קעמערל.

אָט אַפֿנים דער דאָזיגער מענש האָט דאָך פֿערשטאַנען ווי געמיין און נידערטרעכטיג ער האָט געהאַנדעלט, און ער האָט געוואָלט גוט-מאַכען זיין רשעות דערמיט, וואָס ער האָט זיך געוויזען פֿריינדליך צו אונז.

אָבער ענדליך האָט ער שוין מעהר ניט געקענט וואַרטען, און מיט אַ מילדען טאָן האָט ער זיך געווענדעט צו מיין מוטער און געזאָגט:

— מאַדאַם, כ׳מוז אייך צושיידען פֿון אייער טאָכטער... איהר פֿערשטעהט. שוין מעהר ווי אַ שטונדע, אַז איהר זייט דאָ, און דאָס געזעץ איז...

— גוט, גוט,—האָב איך זיך אָבגערופֿען.—אַלזאָ, מוטער, קוראַזש!

— לואיזע! לואיזע! כ׳וויל וויסען, ווען דו פֿאָהרסט אַוועק... כ׳וועל דיך בעגלייטען, כ׳וועל מיטפֿאָהרען ביז לאַ ראָשעל...

— הער מיך אויס,—האָב איך געענטפֿערט.—דו ווייסט ווי איך ליעב דיך: אין פֿערלויף פֿון מיין גאַנצער רייזע פֿון אָבעריאָן, ביים אַרויפֿגעהן אויף׳ן שיף, פֿון דאָרט קיין נומעאַ, דערנאָך אין די וויסטע געגענדען פֿון קאַלעדאָניען—אין ערגעץ וועל איך ניט אויפֿהערן דיינקען פֿון דיר... דיין בילד וועט מיר תמיד שטעהן פֿאַר די אויגען. נאָר איך טהאָר ניט אוועקפֿיהרען קיין טרויעריגען, האַרצרייסענדען אָנדענקען פֿון דיר, כ׳מוז דיך כסדר זעהן אַזוי ווי איך האָב דיך שטענדיג געזעהן, פֿרעהלאַך, מיט אַ שמייכעל אויף׳ן פּנים... נאַ! לאָמיר דיך אָנקוקען אַזוי לוסטיג ווי אימער, און לאָמיך ווידער הערען

פֿון דיר יענע זיסע ווערטער, וואָס דו האָסט מיר אַזוי אָפֿט געזאָגט דאָרט אין וואָרקיר, בעת איך בין נאָך געווען אַ קליינינקע.

מיין מוטער האָט זיך אָנגעטהאָן אַ כח און געמאַכט אַ רוהיגע מינע.

— לואיזע, — האָט זי געזאָגט — דו ביסט גערעכט, כ׳וועל שוין מעהר ניט וויינען... נאַ, זעה, כ׳האָב שוין מעהר קיין טרעהרען ניט אין די אויגען, און איך שמייכעל.

און בשעת ווען די אָרעמע פֿרוי האָט זיך מיט אַן איבערנאַטירליכען כח איינגעהאלטען, ניט אַרויסצופלאַצען אין אַ ביטערן געוויין, האָב איך דער־פֿיהלט, אַז מיינע קרעפֿטען געהען מיר ביסלעכוויין אויס.

דאָס איז שוין געווען צופֿיעל!

— צום ווידערזעהן, מוטער מיינע! — האָב איך מיט אַמאָל אַ געשריי געטהאָן — צום ווידערזעהן! און הער אויף וויינען... מיר וועלען זיך זעהן צוריק...

נאָר מיין מוטער האָט זיך אַזוי ווי איינגעמויערט אין די גראַטע.

— הערט אויס, — האָט זי געזאָגט, זיך ווענדענדיג צום וועכטער — איהר וועט דאָך איהר ניט לאָזען אַוועקפֿאָהרען, איידער איך וועל איהר אומאַרמען אַם ווייניגסטענס.

דער אויבער־וועכטער, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען דאָרט, האָט געענפֿערט די טהיר זאָגענדיג:

— כ׳קען עס אי׳ך ניט ענטזאַגען.

כ׳האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן צו מיין מוטער אין די אָרעמס, און עטליכע מינוט זיינען מיר אַזוי געבליבען שטעהן, צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדע־רער, און מיר האָבען ביידע ביטער געוויינט.

מיין גאַנצע ענערגיע האָט זיך אויפֿגעלייזט, און איך האָב שוין מעה־קיין כוחות ניט געהאַט איינצוהאַלטען מיינע טרעהרען.

ענדליך האָט דער אויבער־וועכטער אונז גאַנץ לאַנגזאַם אָבגעטהיילט איינע פֿון דער אַנדערער, און בעת ער האָט אונטערגעהאַלטען מיין מוטער, וועלכע איז שיער ניט אומגעפֿאַלען, האָט דער וועכטער מיך אָבגעפֿיהרט צו מיר אין קעמערל.

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

## IX.

## דאָס אָבפֿאָהרען.

אויף מאָרגען גאַנץ פֿריה האָט מען מיך אַרויסגענומען פֿון מיין קעמער־און מען האָט מיך אָבגעפֿיהרט אין קאַנצעלאַריע.

דאָרט האָט איינער פון די שרייבער געפרעגט ביי זיין עלצטען:

— זי בלייבט אַלזאָ ביים זעלבען נומער?

— יאָ.

— אַלזאָ, שרייב איך איהר איין אונטער'ן ציפער 2182; זי וועט איהם טראָגען אויך דאָרט אין קאַלעדאָניען... נאָר וואָס טהוט מען מיט איהרע פאַפירען? זיי איבערלאָזען ביי איהר? זי האָט אַ גאַנצען פּאַק מיט כּתבים, גאַרישקייטען, וואָס זי האָט אָנגעשריבען אין דער צייט, וואָס זי איז געזעסען אין תפיסה.

— מען וועט עס אַלעס אָבשיקען צו איהר מוטער.

נאָך אַסך צערעמאָניעס—וואָרים מען דאַרף ניט דיינקען, אַז ס'איז אַזוי גרינג אַרויסצוקומען פון תפיסה, זאָגאַר ווען מען דאַרף פון דאָרט פערשיקט ווערן אין ניי-קאַלעדאָניען—האָט מען מיך אַריינגעפיהרט אין אַ גרויסען צימער, וואו איך האָב געפונען אַ צעהנדליג געפאַנגענע, וועלכע איך האָב ניט געזעהן די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געוועזען אין דעם געפענגניס פון אָבעריוו.

זיי זיינען אַלע געוועזען קאָמונאַרינען אָדער אונגליקליכע, וואָס זיינען אָנגעקלאָגט און פער'משפט געוואָרען אַלס אַזעלכע, כאָטש זיי האָבען קיין שום אָנטהייל ניט גענומען אין אויפשטאַנד.

איינע פון זיי, אַ פרוי מיט'ן נאָמען וואַלענטין בלאַנשאַר, האָט געמאַכט מורא'דיגע געוואַלדען און זיך געקאַטשעט אויף דער ערד פון יסורים.

— ניין, ניין!—האָט זי געשריען—איהר וועט מיך ניט פערשיקען... איך האָב גאָר נישט געטהאָן! מען האָט מיך אומזיסט און אומגישט פעראורטהיילט. כ'וויל ניט איבערלאָזען מיינע קינדערלאַך... איך בין אַן אַלמנה. כ'האָב געלאָזט צוויי קליינע קינדער אין דערהיים... וואָס וועט ווערן פון זיי אָהן מיר?

און די אונגליקליכע האָט זיך געוואָרפען אויף אַלע זייטען און געקלאַפט מיט פערצווייפלונג אין די טהירען.

אַנדערע מענשען, ניט קיין געפענגניס-וועכטער, וואָלטען געריהרט געוואָרען פון אַזאַ מין פערצווייפלונג.

אָבער די וועכטער אונזערע, אי אין פראַנקרייך אי אין ניי-קאַלעדאָניען, האָבען געהאַט שטיינערנע הערצער.

— נאַ, נאַ, נומער 1915,—האָט מען זיך געווענדעט צו דער אונגליקליכער וואַלענטין בלאַנשאַר—ס'וועט אייך גאָרניט אַרויסקומען פון אייער בונטעווען זיך; צי איהר ווילט, צי ניט, איהר וועט מוזען פאָהרען, וואוהין מען שיקט אייך.

— און מיינע קינדער? וואָס וועט פון זיי ווערן אָהן מיר?... ווער וועט אַכטונג געבען אויף זיי?

— זיי זיינען שוין פערזאָרגט,—האָט זיך אָבגערופען אַ וועכטער.

— וואו ערגעץ?—האָט מיט שרעק געפרעגט די מוטער.

— די שטאָדט האָט זיי ביידען אַװעקגעשיקט צו צוויי גוטס-בעזיצער, וואו זיי וועלען ערציינגען ווערן.

— גו, און איך וועל מוזען אַוועקפאָהרען און זיך גאָרניט זעהן מיט זיי?

— ס'ווייזט אויס אַזוי,—האָט איינער פון די וועכטער געענטפערט.

וואלענטין בלאַנשאַר האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף א באַנק, און זיך אָנגעהמענדיג מיט ביידע הענד פאַר'ן קאָפּ, איז זי געבליבען זיצען און האָט זיך נית געריהרט פון אָרט.

— איהר זעהט שוין, ווי זי איז שטיל געוואָרען,—האָט זיך אָבגערופען איינער פון די וועכטער—זיי זיינען אַלע אַזוי. זיי שרייען, שרייען, ביז וואַנעט זיי בערוהיגען זיך; זיי זעהען דאָך, אַז ס'העלפט זיי ניט...

איך בין צוגעגאַנגען צו דער אָרעמער פרוי און זיך געפּרואווט זי טרייסטען.

— פערליערט נור קיין האָפנונג ניט,—האָב איך איהר געזאָגט.—אַז איהר וועט צוריקקומען פון דאָרטען—און איהר וועט זיכער צוריקקומען—וועט איהר זיך ווענדען דאָרט וואו מען דאַרף וועגען אייערע קינדער. מען וועט זיך גאָר אָהן אַ שום ספק ניט ענטזאָגען, אייך אָנווייזען דעם פּלאַץ, וואו אייערע קינדער געפינען זיך.. איהר וועט זיי געפינען און זיי נעהמען צוריק צו זיך, ווייל איהר האָט דאָך זיי נאָך אַלעמען ניט אַוועקגעוואָרפען...

ס'האָט אויסגעזעהן, אַז די געפּאַנגענע הערט זיך איין וואָס איך זאָג איהר. זי איז געזעסען מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ און האָט ניט געוויינט, נאָר אָט די רוהיגקייט איהרע האָט מיך שטאַרק בעאונרוהיגט.

כ'האָב איהר אָנגענומען פאַר די הענד און געקוקט אויף איהר שמייכלענדיג.

זי האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר מילדע, רחמנות'דיגע אויגען, און איהר געזיכט איז געווען בעצויגען מיט אַ שלייער פון בעוואונדערונג.

איך האָב פערשטאַנען וואָס מיט איהר טהוט זיך.

איצט וועט די אונגליקליכע שוין ניט דאַרפען מעהר קיין טרייסט-ווערטער, האָב איך זיך געטראַכט.

אין איהר אָרעמען צושמעטערטען מוח וועט זיך שוין מעהר קיין איין געדאַנק ניט אריינקלייבען.

זי איז געווען פון די, ביי וועמען די זעעלע איז אָבגעשטאָרבען אויף אייביג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב אַלזאָ געמוזט פערלאָזען די טורמע פון אָבעריוו, און איך ב; זיך מודה, אַז דאָס האָט מיר זעהר לייד געטהאָן.

דאָרט, וויינינגסטענס, האָב איך זיך געקענט זעהן מיט מיין מוטער.

איך בין פונדעסטוועגען געווען זעהר אונגליקליך אין דער דאָזיגער פּראָ-

יזינציעלער הפיסה, וואו די וועכטער האָבען אַרויסגעצייגט זייער ברוטאַליטעט אויף אַן אויסערגעוועהנליכען אופן.

נאָר די יסורים מיינע זיינען אפשר געווען אַ גאָרנישט אַנטקעגען די ליידען, וואָס מיינע ברידער האָבען געהאַט איסצישטעה אין די אַנדערע געפענגניסע.

עליזעע רעקליו האָט דערצעהלט דעם קאָמינאַר ליסאַגערי׳ן זיין טרויעריגע ערפאַהרונג וואָס ער האָט געהאַט אַלס געפאַנגענער, פון דעם טאָג אָן וואָס ער איז אַרעסטירט געוואָרען ביז וואַנעט מען האָט איהם, אויף דעם פערלאַנג פון די געאָגראַפּישע געזעלשאַפטען פון אייראָפּאַ, בעפרייט, דאָס הייסט אָבגעפיהרט ביז דער שווייצער גרענעץ.

אָט וואָס מיין מוטהיגער פריינד רעקליו דערצעהלט וועגען דעם:

„איהר קענט דאָך סאַטאָרי. דורך מאַנגעל אין לופט און דורך שלאָפלאָזיגקייט בין איך דאָרט שיער פון זינען ניט אַראָב.

איהר האָט אויך מן הסתם געהערט ריידען מכח די פּיה וואַגאָנעס, אין וועלכע מען האָט אונז אַריבערגעפיהרט קיין ברעסט.

פערציג איהרע זיינען מיר דאָרט געווען, צונויפגעדריקט, צוזאַמענגעשטיקט, איינע אויף די אַנדערע.

דאָס איז געווען אַן אויסגעמישטע קופה פון אָרעמס, פון קעפּ, פון פיס, די טהירלאַך האָט מען פאַרזיכטיג פערמאַכט און פערקלאַפּט אַרום דעם דאָזיגען פאַק פון מענשען-פלייש. מיר האָבען קיין לופט ניט געהאַט צו אָטהעמען נור די, וואָס איז געווען אינעווייניג, אין די פערשטיקטע קאַסטענס...

ערגעץ אין אַ ווינקעל האָט מען אַוועקגעוואָרפען אַ הויפען מיט צובראָכענע קיכלאַך. דאָס האָט געזאָלט זיין אינזער שפייז, נאָר מיר האָבען זיך דערמיט ווייניג וואָס געקענט בענוצען, ווייל ביז וואַנעט מיר זיינען צוגעקומען דערצו איז דערפון געוואָרען אַ בערגעל מיט שטויב.

אַ גאַנצען מעת-לעת נאָכאַנאַנד האָט מען אונז קיין שום אַנדער זאַך ניט געגעבען צו עסען. מיר האָבען קיין שום זאַך ניט געקראָגען צו טרינקען. ערשט אויף דעם וואָקזאַל פון לאָריאַן האָט מען אונז געגעבען יעדען איינעם צו שטיקלאַך ברויט, אַזוי גרויס ווי אַ פויסט.

און אָט די רייזע האָט געדויערט איין און דרייסיג שעה, און זי האָט אונז אַלעמען אַזוי אויסגעמוטשעט, אַז קיינער פון אונז האָט קיין כח ניט געהאַט אַרונטערצוגעהן און ניט אפילו דעם אָטהעם אָבצוכאַפּען.

עטליכע פון אונז זיינען קראַנק געוואָרען און זיי האָבען קיין אַנדער בעריד ניט געהאַט נאָר טהאָן זייער געברויך אין וואַגאָן, און דער שמוץ האָט זיך אויסגעמישט מיט די צוריבענע קיכלאַך, וועלכע מען האָט אונז אַלס שפּייז געגעבען. אַ טהייל פון אונז האָבען ניט אויסגעהאַלטען און זיינען פון זינען אַראָב.

מען האָט זיך געשלאָגען פאַר אַ קאַפּעלע לופט, פאַר אַ שטיקעל פּלאַץ

פֿיעל פֿון אונז זיינען אייגפּאַך פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין ווילדע, צו-רייצטע היות.

אין קעלערן האָט מען אונז איבערגעגעבען אין די הענד פֿון אַ וועכטער מיט׳ן נאָמען רוכאָ, אַ געיועזענעם וועכטער פֿון אַ טורמע אין עלזאַס.

אין דער צייט פֿון דער קאָמונע איז ער פֿערבייגעפֿאָהרען פּאַריז. מען האָט איהם געבראַכט פֿאַר די מיטגליעדער פֿון דער קאָמונע.

ער האָט עפּעס אַרויסגעפּלוידערט עטליכע פּאַטריאָטישע פֿראַזען, און דאָס וואָרט „עלזאַס" איז גענוג געווען אויפֿצוהויבען יעדען חשד פֿון איהם.

די ווערסאַילער האָבען איהם בעצאָהלט פֿאַר זיין טרייהייט דערמיט וואָס זיי האָבען איבערגעגעבען די קאָמונאַרען צו איהם אין די הענד, צו טהאָן מיט זיי וואָס ער וויל.

ער האָט ערפֿילט זיין אַרבייט ווי געהעריג איז, דער עיקר ווען די קאַ-מונע איז געפֿאַלען.

אַזוי לאַנג ווי זי האָט זיך נאָך געהאַלטען, האָט מען אונז ווי עס איז געשאַנעוועט; מען האָט מורא געהאַט. אָפּטמאָל האָט מען אונז נאָך געבע-טען אום פֿערצייהונג פֿאַר די שלעכטע בעהאַנדלונג.

נאָר נאָך די בלוטיגע טעג פֿון מאַי, האָט אויפֿגעהערט יעטוועדער רחמנות, יעדעס געפֿיהל פֿון מיטלייד פֿאַר אונז; מען האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אַז מיר וועלען שוין מעהר ניט זייגען, און ס׳איז גיטאָ וואָס מורא צו האָבען פֿאַר אונז.

מען האָט איינגעטהיילט צו פֿערציג אויף איין פּלאַץ, וואו מיר זיינען געלעגען איינע לעבען די אַנדערע, אויף שמוציגע שטרוי-זעק.

אין די קאַזעמאַטען וואָס זיינען געווען אויף׳ן הויף איז די לופֿט געווען מורא׳דיג פֿערפעסטעט, נאָר דאָס איז נאָך געווען אַ גאָרנישט אַנטקעגען דעם שרעקליכען ריח, וואָס פֿלעגט אַרויפֿקומען פֿון די אונטערשטע קאַזעמאַטען.

צו די אַכט הונדערט אַרעסטאַנטען, וואָס מיר זיינען געווען, זיינען צו-געקומען נאָך צוויי הונדערט.

מען האָט זיי אַוועקגעזעצט אין אַ ביידעל אויף׳ן הויף.

אַז ס׳האָט געדעגענט, און ס׳פֿלעגט גאַנץ אָפֿט רעגענען, איז די ביי-דעל פֿול געווען מיט וואַסער.

צום עסען האָט מען קיין אַנדער זאַך ניט געגעבען נאָר אַלטע סוכאַרעס און פֿערשטונקענע שמאַלץ.

— דער וואָס וועט סמייען צו זאָגען, אַז די סוכאַרעס טויגען ניט, וועט געהן אין קאַרצער,—האָבען אונזערע וועכטער געסטראַשעט.

דעם בופֿעט האָט מען איבערגעגעבען אַ מאַן, וועלכער האָט געזוכט צו מאַכען דערפֿון וואָס מעהר פּראָפֿיט.

ס׳האָט געהייסען, אַז זיין פֿערדיענסט טהאָר ניט אַריבערשטייגען מעהר ווי 10 פּראָצענט, אָבער ער פֿלעגט מאַכען 450 און צייטענווייז 500 פּראָ-צענט.

מיר האָבען אָנגעהויבען אומציקומען ביסלאַכווייז פֿון שמוין און אָב געלאָזענקייט."

מען זעהט אַלזאָ, אַז עליזעע רעקליו האָט נאָך געהאַט אויסצושטעהן מעהר צרות פֿון אונז!

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

ביז דער שטאָדט לאַנגער האָט מען אונז געדאַרפֿט פֿיהרען אין אַן אַל־טען וואָגען, אויסגעשפרייט מיט שטרוי. דאָרט האָט מען אונז געזאָלט אַרי בערזעצען אין דעם געפֿענגניס־וואָגען, אום אָבגעפֿיהרט צו ווערן קיין פאַריז.

אַרום מיטאָג־צייט האָט מען אונז אַלעמען אַרויסגעפֿיהרט אויף'ן גרויסען הויף, און דאָרט האָבען מיר געמוזט וואַרטען אויף די בעפֿעהלען פֿון די העררן וועכטער.

אָבער זיי האָבען זיך ניט אָנגעהויבען ריהרען. רוהיג האָבען זיי געררוי־כערט זייערע ליולקעס און געמאַכט אַלערליי פֿוילע וויצען איבער אונז.

ווער האָט געדאַרפֿט געבען דעם בעפֿעהל אָבצופֿאָהרען? דער דירעק־טאָר אָדער דער עקאָנאָם?

מען האָט עס ניט געוואוסט.

יעדענפֿאַלס זיינען מיר נאָך אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג געווען אויף'ן הויף, אונטער דער זונן.

צוויי פֿון אונז האָבען געקראָגען אַ זונען־שטיק.

מען האָט זיי אָבגעפֿיהרט אין שפּיטאָל און איך האָב דערנאָך געהערט, אַז זיי זיינען דאָרט געשטאָרבען.

— וואָס זשע, מיר ווע‌לען דאָ בלייבען דעם גאַנצען טאָג?—האָב איך געפֿרעגט.

— וואָס וויל זי נאָך, אָט די דאָ, אָט די אונטערצינדערין?—האָט אַ געשריי געטהאָן איינער פֿון די וועכטער.—אָט אַפּנים זי האָט חשק צו שפּיע־לען די ראָלע פֿון אַ העלדין... פֿון מיינעטוועגען; אַז איהר וועט אונז וויי־טער אַזוי דרעהען אַ מוח, וועל איך צושטעלען עטליכע ווערטער אין דעם בעריכט וועגען אייך, און איהר וועט זעהן ווי מען וועט אייך מקבל פנים זיין, אַז איהר וועט אָנקומען אַהין... אָנשטאַט אייך אָבצוגעבען אַ קליין, פֿיין שטיבעלע, וועט מען אייך לאָזען שלאָפֿען אין דרויסען, אין דער וויסטעניש.

כ'האָב געצויגען מיט די פּלייצעס, הערענדיג אָט די נאַרישע סטראַ־שונקעס.

— אַה!—איז דער וועכטער געוואָרען ווילד פֿאַר צאָרן—איהר ווילט, הייסט עס, ווייטער שפּיעלען די „רעוואָלוציאָנערקע"... ווזרט אַ ווייל, איהר וועט באַלד זעהן. ראשית וועט מען אייך אַריינזעצען אין קאַרצער אַזוי גיך ווי מיר קומען אָן אין לאַ־ראָשעל.

— און דערנאָך?—האָב איך געפֿרעגט מיט אַ שפּאָטישען טאָן

— דערנאָך ?... דערנאָך...

דער וועכטער האָט ניט געענדיגט. ער איז געוואָרען מלא רציחה און האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר מערדערישע אויגען, אָקוראַט ווי ער וואָלט מיר געוואָלט אויפעסען אַ לעבעדיגע.

זעהענדיג, אַז זיינע סטראַשונקעס האָבען אויף מיר קיין שום ווירקונג ניט, און אַז איהם וועט זיך ניט איינגעבען מיך איבערצושרעקען, איז דער וועכטער אָנגעפאַלען אויף אַן אַנדער געפאַנגענע מיט'ן נאָמען אַדעלאַאיד ראָמיע, אַ גוטע, זיסע נשמה, איינע פון יענע פאַריזער אַרבייטערינען, וועלכע ווערן פערחשך'ט און אַלט פאַר דער צייט פון שווערער אַרבייט און נויטה.

אָט די פרוי איז אַרעסטירט געוואָרען דעם 23טען מאַי אַרום „פּלאַס קלישי", אין דער רגע, ווען זי האָט גערופען אַ געפאַנגענעם קאָמונאַר, וועמען די סאָלדאַטען האָבען געפיהרט.

דאָס איז געווען גענוג צו מאַכען פון איהר אַ שולדיגע.

מען האָט זי אָבגעפיהרט אין דער תפיסה פון שאַנטיע, וואו זי איז אָבגעזעסען פינף חדשים. דערנאָך האָט מען זי פער'משפט פערשיקט צו ווערן און מען האָט זי געבראַכט אהער קיין אָבערייו, פון וואַנעט זי האָט געדאַרפט מיט די איבעריגע אָבפאָהרען קיין נומעאַ.

אַזוי ווי זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ ביסעל שטרוי, וואָס איז געלעגען אין הויף, איז דער וועכטער פון רציחה צוגעלאָפען צו איהר, האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר'ן אָרים און זי געצוואונגען זיך אויפצוהייבען.

— ס'געזעהן אַביסעל, קיין אַנדער זאַך האָבען זיי שוין ניט וואָס צו טהאָן נאָר זיך זעצען אויף בינטלאַך שטרוי. נאַ, אויפגעשטאַנען, און שנעל!

אַדעלאַאיד איז געווען פון די אויסערליך רוהיגע נאַטורען, וואָס קענען פונדעסטוועגען ניט פערטראָגען קיין בעליידיגונגען און קיין ברוטאַליטעט.

זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנד און אַראָבגעלאָזט דעם וועכטער אַ פּאַטש.

מיר האָבען אַלע אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון פרייד.

מיט אַ מורא'דיגען צאָרן האָבען זיך די וועכטער אַ וואָרף געטהאָן צו אונז: אַזוי ווי ווילדע חיות; זיי האָבען גאָר פערגעסען, אַז זיי האָבען צו טהאָן מיט פרויען.

ס'איז געווען אַ שרעקליך געשלעג.

מיר האָבען זיך אַזוי שטאַרק פערטהיידיגט, אַז די וועכטער, זעהענדיג, אַז זיי וועלען אונז אַליין ניט קענען בייקומען, האָבען געשיקט נאָך הילף, און באַלד איז געקומען די וואַך פון געפענגניס, בעוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס.

די סאָלדאַטען האָבען אויסגעשטרעקט די באַיאָנעטען. דערנאָך האָט דער אָפיציר, וועלכער האָט זיי קאָמאַנדירט, געהייסען יעדע פון אונז, זיך שטעלען אויף די קניע.

ער שטעהט מיר נאָך פֿאַר די אויגען, אָט דער אָפֿיציר.

דאָס איז געווען אַ יונגער אונטער-לייטענאַנט, מיט אַ ביסטרען פּנים און מיט קאַלטע אויגען.

— אַז איהר וועט זיך נור אַ ריהר טהאָן,—האָט ער אונז געזאָגט—וועל איך הייסען שיסען.

— אַזוי ווי אין סאַטאָרי, הייסט עס?—האָב איך זיך אָבגערופֿען, צו-געהענדיג נאָהענט צו איהם.—אָבער איהר פֿערגעסט אַפּנים, מיין הערר, אַז דער קריגס-געריכט פֿון ווערסאַיל האָט אונז ניט פֿעראורטהיילט צום טויט, נאָר פֿערשיקט צו ווערן.. וואָס זשע, איהר ווילט, הייסט עס, זיין נאָך גרוי-זאַמער פֿון גאַליפֿע׳ס פֿריינדע אַליין?

אַן איבעררַאַשטער, מיט אַן אָפֿענעם מויל, איז דער אָפֿיציר געבליבען שטעהן און האָט מיך אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג און שרעק.

— ווער איז אָט די פֿרוי?—האָט ער געפֿרעגט איינעם פֿון די וועכטער.

— דאָס איז אַ משוגע׳נע אונטערצינדערין, וועלכע האָט פֿערפֿלייצט פּאַריז מיט פֿייער און בלוט... איהר קענט זי גוט, די צייטונגען האָבען גע-נוג גערעדט פֿון איהר... ס׳איז לואיזע מישעל, די בלוט דורשטיגע ווערפֿין, ווי קאָלאָנעל מערלען האָט זי גערופֿען.

דער יונגער אונטער-לייטענאַנט האָט זיך עפּעס געפֿיהלט צומישט.

נאָר כדי זיך צו מאַכען קוראַזש האָט ער זיך געביסען די ליפּען פֿאַר כעס.

ענדליך איז געקומען דער דירעקטאָר פֿון געפֿענגניס.

ער האָט אויף גיך אויסגעפֿרעגט וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען און דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט מיט אַ בייזען טאָן צו די וועכטער:

— דאָס אַלעס קומט דורך אייער שולד. איך האָב אייך אַפֿריהער גע-זאָגט, אַז מען מוז זיין שטרייננג, מיט אַזעלכע בחיר׳טעס טהאָר מען קיינמאָל ניט מאַכען קיין שפּאַסען. איהר זייט געווען צו גוט, זעהט, צו וואָס איהר האָט עס געבראַכט.. נאַ, דער וואָגען איז דאָ, זעצט זיי גיך אַרויף, און לאָמיר שוין אַמאָל פּטור ווערן פֿון דיזער באַנדע.

כ׳האָב אַ קוק געטהאָן אויף׳ן דירעקטאָר און געזעהן, אַז ער שמייכעלט אין גרונד גענומען איז אָט דער מענש, ווייזט אויס, ניט געווען אַזוי שלעכט, ווי ער האָט זיך געמאַכט, נאָר די קלעגליכע שטע־ע זיינע האָט איהם שטענדיג געצוואונגען אָנצונעהמען אַ ביסטרע, בייזע מינע.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהם.

— מיין הערר,—האָב איך איהם געזאָגט—כ׳דאַנק אייך דערפֿאַר, וואָס איהר האָט בערוהיגט מיין מוטער, כאָטש אייער פֿריינדשאַפֿט האָט ליידער קיין נוצען ניט געבראַכט. דער גאַנצער פּלאַן איז צושטערט געוואָרען דורך די אומגעזעליגקייט פֿון א וועכטער, וועלכער האָט אָנגעזאָגט דער אָרע-מער פֿרוי, אַז מען שיקט מיך אַוועק קיין ניי-קאַלעדאָניען.

— ווי הייסט אָט דער וועכטער?—האָט דער דירעקטאָר געפֿרעגט.

— כ'ווייס ניט.

— אָבער איהר וואָלט איהם דערקענט, ווען איהר זעהט איהם?

— יאָ... אָבער נאָך וואָס? אָט דער מאַן איז ניט אַזוי שלעכט ווי נאַ-ריש און ס'איז ניטאָ וואָס פֿאַראיבעל צו האָבען אויף איהם.

דאָס איז געווען דער לעצטער געשפּרעך, וואָס איך האָב געהאַט מיט דעם דירעקטאָר פֿון אָבערייוו.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ ווייִלע אַרום האָט מען אונז אַרויסגעפֿיהרט אויף'ן גרויסען הויף פֿון געפֿענגניס, אָבער דער וואָגען איז געבליבען שטעהן אויף'ן גאַס.

פֿאַרוואָס?

מען האָט געוואָלט אָנטהאָן דעם עולם פֿון אָבערייוו אַ נחת רוח און איהם ווייזען די געפֿעהרליכע פֿערברעכערקעס, וועלכע ווערן פֿערשיקט פֿון פֿראַנקרייך.

ווי עס ווייזט אויס האָט מען זיך געריכט אויף אַ פֿיינדליכע מאַניפֿע-סטאַציע געגען אונז, נאָכדעם ווי מען האָט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד זי צוגע-גרייט אין די צייטונגען, וואו מען האָט אינז בעשריבען אויף דעם געמיינ-סטען אופן. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך פונקט פֿערקעהרט. דער עולם פֿון בוייערן האָט אונז בעגעגענט מיט רעספּעקט ביים טויער פֿון דער תפיסה.

אַ טהייל פֿון זיי האָבען זאָגאַר אַרונטערגענומען די הוטלען פֿאַר אונז, ווען זיי האָבען אונז דערזעהן.

אָט די פּראָסטע לייט, וועלכע האָבען זיך אַזויפֿיעל אָנגעהערט פֿון די געפֿענגניס-וועכטער וועגען אונז, האָבען אָפּנים פֿערשטאַנען, אַז מיר זיינען גאָרניט אַזעלכע טייוואָלים, ווי מען האָט אונז פֿאַרגעשטעלט פֿאַר זיי.

מיר זיינען אַרויף אויף'ן וואָגען. דאָס איז געווען אַן אַלטער צובראָכע-נער קאַסטען, און די רעדער האָבען זיך יערע ווייִלע געהאַלטען אין אָב-טשעפּען.

איבער דעם דאָזיגען וואָגען האָט מען אויסגעשפּרייט אַן אַלטע שטיק לייווענט, פֿול מיט לעכער, דורך וואַנעט דער רעגען איז אַריין גאַנצע שטראָ-מען-ווייז.

אַזוי האָבען מיר זיך געשלעפּט ביז דער שטאָדט לאַנגער.

דאָרט האָט מען אונז בעגעגענט מיט סימפּאַטהיע און מיט רעספּעקט.

אין איינער פֿון די גאַסען פֿון דיזער שטאָדט זיינען מיר פֿערבייגעפֿאָה-רען גראָד אין דעם מאָמענט, ווען די אַרבייטער פֿון אַ פֿאַבריק זיינען אַרויס פֿון דער ארבייט.

נאָך'ן אויסזעהן זייערן האָבען דאָס געמוזט זיין שמידען.

איינער פֿון זיי, אַ הויכער אַלטער מאַן מיט אַ ווייסער באָרד, האָט זיך אָוועקגעשטעלט לעבען אונזער וואָגען און האָט צוויי מאָל אויסגעשריען: „לעבען זאָל די קאָמונע!"

אונזער פֿיהרער האָט אַפּנים מורא געהאַט, אַז דער עולם קען נאָך אָנ-פֿאַלען אויף איהם און זיינע צוויי וועכטער, האָט ער אַ אמיין געטהאָן די פֿערד, וועלכע האָבען גענומען זיך יאָגען אין איין אָטהעם.

אַז איך האָב זיך אומגעקיקט אַ הינטען, האָב איך געזעהן, ווי דריי זשאַנדאַרמען אויף פֿערד זיינען צוגעקומען צו די אַרבייטער און האָבען גע-נומען ריידען מיט זיי. אָט אַפּנים, זיי האָבען געוואָלט אויסגעפֿינען, ווער פֿון זיי איז דאָס געוועזען דער פֿערברעכער, וואָס האָט אויסגעשריען דאָס פֿער-האַסטע וואָרט...

אָבער אונזער וואָגען איז איצט געלאָפֿען זעהר גיך און באַלד איז די גרופּע פֿון מענשען פֿערשוואונדען פֿון אינזערע אויגען.

מיר האָבען איבערגענעכטיגט אין לאַנגער, אין אַן אַלטע געביידע, אַ געוועזענעם מאָנאַסטיר.

אויף מאָרגען האָט מען אונז אריינגעזעצט אין אַ ריכטיגען אַרעסטאַנ-טען-וואָגען מיט בעזונדערע קעמערלאַך, ניי אָבגעפּאַרט, און מיר האָבען פֿאָרטגעזעצט אונזער רייזע קיין פּאַריז.

פֿאַרוואָס האָט מען אונז געפֿיהרט דעם גאַנצען וועג פֿון אָבעריוו קיין פּאַריז אין אַ וואָגען? דאָס איז פֿאַר אונז געבליבען אַ סוד ביז אויף היינ-טיגען טאָג.

דער נייער וואָגען אונזערער איז פֿונדעסטוועגען ניט געוועזען בעסער פֿון דעם אַלטען.

ער איז געוועזען איינגעטהיילט אין צוועלף קליינינקע קעמערלאַך, וואו מען האָט קוים געקענט שטעהן, און דאָ האָבען מיר פֿונדעסטוועגען געמוזט שלאָפֿען אויך.

די וועכטער זיינען געצוואונגען געוועזען צו שלאָפֿען אין קאָרידאָר פֿון וואָגען, אינטערן פֿרייען הימעל, אין דאָס האָט זיי מורא'דיג בייז געמאַכט.

פֿערשטעהט זיך, אַז זיי האָבען דעם כעס זייערן אויסגעלאָזט צו אונז.

— — — — — — — — — — — — — — — —

איין קאָמישע פּאַסירונג האָבען מיר געהאַט אויף'ן וועג. איינער פֿון די וועכטער, אַ דיקער בחור, איז מיט אַמאָל קראַנק געוואָרען.

דער מאַנגעל אין לופֿט און די פֿעשטיקטקייט פֿון דעם וואָגען האָבען איהם אַפּנים ניט פּאָליובעט. ער איז געלעגען אויסגעצויגען אין קאָרידאָר און האָט ביטער געקרעכצט.

ווי דער שטייגער איז האָבען די געפֿאַנגענע פֿרויען, וועלכע האָבען איהם בעמערקט דורך די גראַטעס פֿון זייערע קעמערלאַך און געהערט זיינע קרעכצען, זיך געמאַכט אַביסעל לוסטיג איבער איהם.

— וואָס זשע, ס'געהט אייך ניט בעסער? — האָט איינע געפֿרעגט.

— איהר ווילט אפשר אַ גלאָז זיסע וואַסער? — מאַכט אַ צווייטע.

— מען וואָלט גאָר געדאַרפֿט געהן רופֿען דעם דאָקטאָר, — רופֿט זיך אָן אַ דריטע.

— ניט נעהמט זיך אַזוי צום האַרצען,—שפּאַסט אַ פּערטע,—אין אַ 60 שטונדען צייט וועלען מיר זיין אין פּאַריז.

און דער וועכטער האָט געבורטשעט, געשאָלטען און געקלאַפּט מיט די פויסטען אין וואַנד. נאָר ס׳האָט איהם גאָרנישט געהאָלפען, ווייל די קאָמע-ראַדען זיינע, די אַנדערע צוויי וועכטער האָבען זיך אַליין אָנגעטהאָן דאָס פּערגנניגען צו מאַכען אַביסעל שפּאַס פון איהם.

אָנקומענדיג קיין פּאַריז, האָט מען אונז גלייך אָבגעפיהרט אויף דעם וואָקזאַל „מאָנפּאַרנאַס", וואו מען האָט אונז אויפגעזעצט אויף דער באַהן נאָך לאַ ראָשעל.

מיר האָבען דאָרט געפינען נאָך אַ פּאַרטיע מיט אַרעסטאַנטען, וועלכע מען האָט געפיהרט צו דעם זעלבען אָרט וואָס אונז.

מען האָט אונז אַריינגעזעצט אין וואַגאָנעס דריטע קלאַסע, וואו מיר זיינען געזעסען אַזוי צונויפגעדריקט, ווי רעקרוטען, ואָס מען פיהרט אָב אין רעגימענט, און דער צוג איז אָבגעפאָהרען.

פיעלע פון אונז זיינען אַנשלאָפען געוואָרען, נאָר איך האָב ניט געקענט צומאַכען קיין אויג.

וואָס ווייטער מיר זיינען אַוועק פון פּאַריז, אַלץ טרויעריגער איז מיר געוואָרען אויף׳ן האַרצען, כ׳האָב געטראַכט פון מיין מוטער, פון דיזער טהייערער פרוי, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט פערלאָזען און ווען איך וועל אפשר קיינמאָל ניט זעהן צוריק.

וואָס וועט ווערן פון איהר אָהן מיר?

וועט זי האָבען כח אַריבערצוטראָגען אָט די גרויזאַמע צושיידונג?

זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט זיין שטאַרק און מוטהיג. צי וועט זי אָבער קענען האַלטען איהר פערשפרעכען?

כ׳האָב זיך ניט אָבגענאַרט; כ׳האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך וועל אַזוי גיך ניט צוריקקומען פון ניי-קאַלעדאָניען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין לאַ ראָשעל האָט מען אונז ווידער אַריינגעזעצט אין טורמע.

— אַהאַ! אָט זיינען זיי, די אַרעסטאַנטקעס,—האָבען אונז די וועכטער בעגעגענט.—זיי קומען פון פּאַריז; מען מוז גוט אַכטונג געבען אויף זיי... אָט די בחור׳טעס קענען נאָך אונטערצינדען די טורמע...

איבעריג צו זאָגען, אַז מען האָט אונז שוין גוט געהיט. מען האָט אונז אַריינגעפיהרט אין אַ גרויסען צימער, וואו עס זיינען געלעגען זעק מיט ים-גראָז. דאָס האָבען געזאָלט זיין אונזערע בעטען.

צוויי וועכטער, מיט רעוואָלווערן אין די הענד, זיינען געשטאַנען ביים טהיר, און אָנגעזאָגט האָט מען אונז. מיר זאָלען זיך ניט דערוועגען צו ריה-רען פון די ערטער. אַניט, וועט מען אונז גלייך דערשיסען אויף טויט!

מיר האָבען גאָרניט אין זינען געהאַט, זיך צו ריהרען. אַזוי צובראָכען און אויסגעמוטשעט זיינען מיר געווען פון דעם לאַנגען וועג. ווי מיר האָבען זיך נור אַנידערגעלייגט, זיינען מיר גלייך אַנשלאָפען געוואָרען ווי די גע׳הרג׳עטע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין מיטען נאַכט האָבען מיר זיך אַלע אויפגעכאַפט. אַ גערויש פון טריט און געשרייען האָט אָנגעפילט די גאַנצע טורמע.

וואָס איז אַזוינס געשעהן?

די וועכטער, וועלכע האָבען אונז געהיט, האָבען זיך אַריינגעלאָזט מיט אימפעט צו אונז אין שלאָף-צימער.

— אָט דאָ, אָט דאָ,—האָט איינער פון זיי געזאָגט,—זי האָט אַודאי געמוזט אַרונטערשפּרינגען פון דיזען פענסטער.

און באַלד איז דאָס צימער פול געוואָרען מיט וועכטער.

כ׳האָב געוואָלט געוואָהר ווערן וואָס דאָ האָט פּאַסירט. אָבער אומזיסט; די וועכטער זיינען געווען צופיעל פערנומען און האָבען גאָרנישט געוואָלט ענטפערן.

דאָך האָב איך געכאַפּט עטליכע ווערטער פון זייער געשפּרעך.

— ס׳איז דום,—רופט זיך אָב דער שעף פון די וועכטער,—מען וואָלט וויינינגסטענס געדאַרפט אַוועקשטעלען אַ וואַך-מאַן אונטער דיזען פענסטער, וואָס האָט זאָגאַר קיין גראַטעס ניט.

— גאַנץ ריכטיג,—האָט געענטפערט אַן אַנדערער.—ס׳איז דאָך אַזוי גרינג אַרונטערצושפּרינגען פון דאַנעט אין הויף.

ענדליך האָט מען אונז געגומען אויספרעגען, צי האָבען ניט אַנדערש געגלויבט נאָר אַז מיר האָבען געוואוסט פון דעם וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און אַז מיר האָבען געהאָלפען איינע פון אונזערע צו אַנטלויפען פון טורמע.

אַז דער שעף פון די וועכטער האָט זיך בערוהיגט, האָט ער דערצעהלט זיינע חברים, וואָס דאָ איז געשעהן.

ער איז געווען אין הויף. מיט אַמאָל בעמערקט ער עפּעס אימיצער גליטשעט זיך אַראָב פון וואַנד. ער איז צוגעגאַנגען שטילערהייט און איז אָנגעקומען פונקט אין צייט; אין זיינע אָרעמס האָט ער אויפגעכאַפּט אַ פרוי, וועמען ער האָט גלייך אָבגעפיהרט צוריק אין געפענגניס.

דאָס איז געווען אַדעלאַאיד ראָמיע, וועמען איך האָב אויבען דערמאָנט

זי האָט שוין פון אַ לאַנגע צייט אָן געמאַכט פּלענער צו אַנטלויפען. זי האָט געהאַט עטליכע פריינד אין לאַ-ראָשעל און צווישען זיי אויך אַ קרוב, אַ סאָלדאַט פון דער פלאָטע. ווי אַזוי איהר האָט זיך איינגעגעבען זיך צונויפצורייידען מיט זיי, ווייס איך ניט, ווייל אָנשטאָט ניי-קאַלעדאָניען, האָט מען זי פערשיקט קיין גיואַן, און איך האָב איהר מעהר אין די אויגען ניט געזעהן.

אָבער די, וואָס האָבען זיך אונטערגענומען זי אַרויסצוראַטעווען, האָ-בען נאָך אַ מאָל פּרובירט. אין עטליכע טעג אַרום, בעת מען האָט אָבגע-פיהרט אַדעלאַאיד׳ן קיין ראָשפאָר, האָט זי ווידער געמאַכט אַ פּערזוך צו אַנטלויפען. נאָר לײדער איז איהר דאָס מאָל אויך ניט געלונגען און דערביי זיינען נאָך איהרע פריינד, דריי אַרבייטער און דער סאָלדאַט, אויך אַריינגע-פאַלען. מען האָט זיי פערשיקט קיין נומעאַ.

ווי עס ווייזט אויס האָט מען מורא געהאַט אונז צו לאָזען לאַנג אין דעם געפענגניס פון לאַ ראָשעל, ווייל אין עטליכע טעג אַרום האָט אונז אַ קליינע דאַמפף-שיפעל אָבגעפיהרט קיין ראָשפאָר.

דאָרט האָבען מיר זיך דאָס געדאַרפט אויפזעצען אויף דעם שיף „לאַ ווירזשיני", וואָס האָט אונז געפיהרט קיין ניי קאַלעדאָניען.





# צווייטער טהייל.

# אין ניי־קאלעדאניען.

## I.

### אויף „לאַ ווירזשיני“.

„לאַ ווירזשיני“ איז געווען אַן אמת׳ע שיף פאַר אַרעסטאַנטען, אַ מין שווימענדע טורמע. דאָרט זיינען געווען צוויי גרויסע שטייגען, איינע רעכטס און די אַנדערע לינקס, אָבגעטהיילט איינע פון די אַנדערע מיט אַ לאַנגען דורכגאַנג. און אין דיזע שטייגען, וועלכע זיינען געווען אין אַ קלעגליכען, שמוציגען צושטאַנד, האָט מען אונז פונאַנדערגעזעצט גלייך ווי מיר זיינען אַרויפגעקומען אויף׳ן שיף.

דעם גאַנצען וועג פון לאַ ראָשעל ביז ראָשפאָר זיינען אונז נאָכגעפאָהרען קליינע שיפלאַך, און די וואָס זיינען געזעסען אין זיי האָבען אונז געהאַלטען אין איין בעגריסען פון וויטען. דאָס זיינען אָהן צווייפעל געווען פריינדע, וועלכע האָבען געפינען פאַר זייער פליכט אונז צו בעגלייטען און זיך מיט אונז אָבגעזעגענען, אידער מיר פערלאָזען פראַנקרייך.

אויף „לאַ ווירזשיני“ האָט מען די פערשיקטע קאָמונאַרען צוטהיילט אין צוויי לאַגערן: די מענער אין אַ בעזונדער אָבטהיילונג, וועלכע האָט זיך געפינען אַנטקעגען דער שטייג, וואו מיר, פרויען, זיינען געזעסען.

צווישען די מענער זיינען געווען הענרי ראָשפאָר און נאָך עטליכע בעקאַנטע קאָמונאַרען. נאָר איינער, שעווריע, האָט זיך דאָרט געפונען סתם אַזוי אָהן אַ שום אורזאַכע, ווייל ער האָט קיינמאָל קיין אַנטהייל ניט גענומען אין דער קאָמונע.

אידער דאָס שיף האָט זיך גענומען ריהרען, איז דער קאַפּיטאַן אַליין אַרונטערגעקומען צו אונז און האָט פאַר אונז געהאַלטען אַ דרשה.

— ס׳איז אייך פערבאָטען, — האָט ער אונז געזאָגט — צו ריידען איינע

איינציגאַל איז זאָגאַר צוליעב דעם אַרויסגעקומען אַ שטיקעל סקאַנדאַל. אַ קליין פּראַנטעל, וועלכער איז צוריקגעפאָהרען קיין ניי-קאַלעדאָניען, וואו ער האָט געהאַט אַ שטעלע אַלס אַ בוכהאַלטער—האָט זיך פּערגלוסט לאַכען פון אונז און אויף אונזער רעכנונג מאַכען עטליכע גראָבע, נידעריגע וויצען. איינער פון די מאַטראָזען, אַ בראַוועער ברעטאָנער בויער, האָט עס ניט געקענט פערטראָגען און ער האָט דעם פּראַנט אַוועקגעגעבען אַ גאָב פאַר זיינע בעליידיגענדע ווערטער.

— דאָס וואָס איהר טהוט, מיין הערר, איז עקעלהאַפט,—האָט דער מאַטראָז געזאָגט.—כ'האָב שוין אָפט געפיהרט אַרעסטאַנטען, און קיינמאָל, הערט איהר, האָט זיך קיין מענש ניט ערלויבט זיי צו בעליידיגען... און די דאָ זיינען ניט קיין גנבים אָדער מערדער. דאָס זיינען פּאָליטישע פּעראור-טהיילטע. מיר מוזען זיי רעספּעקטירען, און איך זאָג אייך זיכער, ווען איך וואָלט געווען אויף זייער פּלאַץ, וואָלט איך קיין ספק ניט געוואַרט; כ'וואָלט איבערגעריסען דעם שטריקעל און אייך מכבד געווען ווי איהר פּערדיענט...

דער יונגער קאָלאָניאַל-בעאַמטער האָט זיך געקלאָגט פאַר'ן קאַפּיטאַן, וועלכער האָט ערקלעהרט, אַז דער מאַטראָז איז גערעכט.

זייט יענעם טאָג האָבען די פּאַסאַזשירען זיך אויפגעהערט ווייזען אויף'ן דעק פון שיף, בעת מיר האָבען זיך געפונען אויבען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

דעם 19טען סעפּטעמבער האָט זיך אויף „לאַ ווירזשיני" געטהאָן חושך. וואָס האָט אַזויגס פּאַסירט?

דער קאַפּיטאַן און זיינע אַדיוטאַנטען און העלפער זיינען ארומגעלאָפען אויף'ן שיף הין און צוריק שטאַרק צוטראָגען.

יענעם טאָג האָט מען אונז געהאַלטען פּערשפּאַרט אין אונזערע „שטייגען".

כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי עטליכע מאַטראָזען, אָבער מען האָט זיי אַפּנים אָנגעזאָגט, זיי זאָלען גאָרניט ריידען. כ'האָב קיין זאַך ניט געקענט דערגעהן.

ענדליך, האָב איך דעריהערט אַ געשפּרעך צווישען דעם קאַפּיטאַן און זיין פּאָמאָטשניק. זיי זיינען געשטאַנען אויף'ן אונטערשטען דעק און גערעדט און איך האָב געקענט גאַנץ קלאָהר כאַפּען יעדעס וואָרט, וואָס זיי האָבען געזאָגט.

— וואָס זשע, מען זעהט עס נאָך אַלץ? — האָט געפרעגט דער קאַפּיטאַן.

— יאָ,—האָט געענטפערט דער פּאָמאָטשניק.—עס איז געווען פּער-שוואונדען אויף אַ רגע, אָבער זייט עטליכע מינוט, אַז איך קען זעהן זיינע מאַטשטען דורך מיין שפּאַקטיף.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שיף?

— דאָס קען איך אייך ניט זאָגען. נאָר איין זאַך איז זיכער, אַז עס געהט אונז נאָך.

— מען קען זעהן גאַנץ דייטליך,—האָט זיך דער קאַפּיטאַן אָבגערופען —אַז דאָס דאָזיגע שיף וויל אונז אָניאָגען און אָנפאַלען אויף אונז פלוצלינג... דער ציעל איז קלאָהר, מען וויל אונז אַטאַקירען, כדי צו בעפרייען די אַרעסטאַנטען... מען מוז האַלטען אָפען די אויגען און גוט אַכטונג געבען... אַז דאָס שיף וועט צוקומען נאָהענט וועלען מיר איהם הייסטן נעהמען דעם וועג, און אויב עס וועט ניט העלפען, וועלען מיר שיסען...

אין דער רגע האָב איך דערהערט, ווי אַ מאַטראָז האָט אויסגעשריען:

— קאַפּיטאַן! קאַפּיטאַן! דאָס שיף קומט פאָרווערטס... ס׳געהט גלייך אויף אונז.

— גוט,—האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט און ער האָט זיין פּאָמאָטשניק אַרויסגעשיקט פאָלגענדען בעפעהל:

— איהר געהט צו די קאַנאָנען און איך וועל אַכטונג געבען אויף אונזער שיף.

גאַנץ שטיל, שעפּטשענדיג, האָב איך איבערגעבען מיינע קאַמעראַדען דאָס וואָס איך האָב געהערט, און באַלד האָט זיך דיזע נייעס פערשפּרייט אַזוי ווי אַ בליץ:

„אַ שיף קומט אונז בעפרייען.״

מיר האָבען געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד אין זיך איינגעהערט צו דעם מינדעסטען גערויש. מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ מורא׳דיגער קראַך פון אַ קאַנאָן.

און גלייך איז אויבען אויף׳ן דעק פון שיף געוואָרען אַ טומעל. דערנאָך האָט זיך געהערט אַ צווייטער שאָס.

דאַן האָט מען פון פערשיעדענע זייטען גענומען שרייען:

— עס איז אַוועק!... עס געהט אַוועק!...

מיר האָבען פערשטאַנען, אַז אונזער לעצטע האָפנונג איז אַוועקגעשוואומען!

וואָס איז דאָס געוועזען פאַר אַ שיף?

האָט עס ווירקליך געוואָלט אונז ראַטעווען, אָדער איז דאָס געוועזען אַן איינפאַך פּיראַטען-שיף, דאָס הייסט ים-גזלנים, וועלכע האָבען געמיינט אָנצופאַלען אויף אונזער שיף מיט דעם ציעל, עס צו בערויבען?

אַ לאַנגע צייט האָב איך געגלויבט, אַז גוטע, עדעלע פריינד האָבען געמאַכט אַ פערזוך אונז צו בעפרייען, אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז געוועזען אַ טעות, ווייל איך האָב קיינמאָל ניט געהערט ריידען פון דיזע געהיימע רעטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען האָט מען אונז ווידער אַרויסגעפיהרט אויף׳ן דעק.

די זונן האָט מורא'דיג געברענט איבער אונזערע קעפּ.

די ים־פֿויגעלאַך האָבען זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די מאַטשטען פֿון שיף.

איינס פֿון זיי, וואָס איז אודאי געווען פֿערמאַטערט פֿון איהר לאַנגער רייזע, איז אַרונטערגעפֿאַלען לעבען מיינע פֿיס.

כ'האָב עס אויפֿגעהויבען, עס געגעבען אַ שטיקעל ברויט און דערנאָך עס אַרונטערגענומען מיט מיר אין מיין שטיבעל. איך האָב געהאַט ברעה דאָס פֿויגעלע צו האַלטען ביי מיר אין פֿערלויף פֿון דער גאַנצער רייזע. אָבער אין עטליכע טעג אַרום האָב איך בעמערקט, ווי דאָס קליינע ווערעזענדעל שפּרינגט אַרום אונגעדולדיג אין הילצערן קעסטעל, וואו איך האָב עס גע־האַלטען; ווי עס רייסט זיך אַרויס צוריק אין דער פֿרייהייט...

איך האָב אַלזאָ גערעכענט, אַז עס איז ניט ניצליך צו פֿערלייגערן דער פֿויגעלע'ס יסורים, וויסענדיג פֿון ערפֿאַהרונג, ווי שווער און ביטער ס'איז צו זיין געפֿאַנגען!

אַז מען האָט אונז ווידער אַרויפֿגעפֿיהרט אויף'ן דעק, האָב איך צוגע־בונדען צו איינעם פֿון דער פֿויגעלע'ס פֿליגלען אַ שטיקעל פּאַפּיר מיט פֿאָל־גענדע ווערטער

„די טויטע קערפּער זיינען די זריעה,
די צוקונפֿט וועט שניידען די פֿרוכט אָהן מיהע.“
און איך האָב עס אָבגעלאָזט אין דער לופֿטען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַלד האָבען מיר דערזעהן די קאַנאַריען־אינזלען, וואָס ליגען ביים אַט־לאַנטישען אָקעאַן, אַנטקעגען די וויסטע, זאַהאַראַ־פּראָווינצען פֿון מאַראָקאָ. ביי איינעם פֿון דיזע אינזלען האָט זיך אונזער שיף אָבגעשטעלט, און די איינגעבאָרענע האָבען אונז אַרויפֿגעבראַכט פֿריכטע. נאָכדעם ווי מען האָט אונז ערלויבט צו קויפֿען עטליכע פֿון דיזע געשמאַקע פּירות, זיינען מיר גע־פֿאָהרען ווייטער.

ביי „סאַנט קאַטהערין־ברעזיל“ האָט אונזער שיף גענומען געהן לאַנגזאַם.

דאָס איז געווען אַ וואונדערבאַרעס בילד: פֿון ווייטען האָבען מיר גע־זעהן אַ האַלב צירקעל פֿון הויכע בערג, וואָס זייערע הויכע שפּיצען האָבען זיך פֿערלאָרען אין די וואָלקענס.

פֿאַר מיר, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן נור מיין געבורטס־אָרט שאָמאָן און פּאַריז און איהר אומגעגענד, ניט רעכענענדיג די עטליכע פֿראַנ־צויזישע שטעדט, וואו מען האָט מיך בלויז געהאַלטען אין אָסטראָג,—פֿאַר מיר זיינען דיזע לאַנדשאַפֿטען געווען זעהר אינטערעסאַנט.

ענדליך זיינען מיר ציגעקומען צום „קאַפּ פֿון גוטער האָפֿנונג“ און מיר זיינען איהם פֿערבייגעגאַנגען.

כאָטש מען האָט אונז פֿערבאָטען צו קאָרעספּאָנדירען איינע מיט די אַנ־דערע, האָבען מיר זיך פֿונרעסטווּעגען געשריבען בריעף. ראָשפֿאָר האָט אָנגע־

שריבען אַ לאַנגעס געדיכט וועגען מיר. דאָס איז געווען דאָס איינציגע שטי-קעל פּאַפּיר, וואָס איז ניט פערלאָרען געגאַנגען פון די אַלע שריפטען, זיינע און מיינע, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען אויף „לאַ ווירושיני".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף'ן וועג קיין נייי-קאַלעדאָניען בין איך אויך געקומען צו אַ נייער איבערצייגונג. דאָרט אויף'ן שיף, צווישען הימעל און וואַסער האָב איך גע-האַט אַ געלעגענהייט צו בעטראַכטען דעם גאַנצען קאַמפף אונזערן און זיינע פעהלערן. אויף „לאַ ווירושיני" האָב איך צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען דיינ-קען אַנאַרכיסטיש.

האָבענדיג פאַר מיינע אויגען אונזערע פריינדע פון דער קאָמונע, וועלכע זיינען געווען אַזוי עהרליך, אַז זיי האָבען כסדר געציטערט, זיי זאָלען חלילה ניט זיין צו גרויזאַם, און זיי זיינען דאַרום געווען ענערגיש נור דאַן, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אַוועקצוגעבען זייער לעבען,—האָבענדיג פאַר זיך די-זעס בילד, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די עהרליכע מענשען, וואָס וועלען האָבען די מאַכט אין די הענד, וועלען זיין פונקט אַזוי אונפע-היג, ווי די אונעהרליכע זיינען שעדליך, און עס איז אונמעגליך, די פרייהייט זאָל געהן האַנד אין האַנד מיט וואָס פאַר ס'איז מאַכט.

דאַן האָב איך דערפיהלט, אַז אַ רעוואָלוציאָן, וואָס ענדיגט זיך מיט אירגענד וועלכער רעגירונג, איז מעהר ניט ווי פערבלענדעט די אויגען, מחמת זי קען נור מאַכען אַ טריט ווייטער, אָבער ניט עפענען אַלע טהירען צום פּראָגרעס. איך האָב געפיהלט, אַז די אינסטיטוציאָנען פון דער פערגאַנגענ-הייט, וועלכע שיינען צו פערשווינדען, בלייבען אויף אַזאַ אופן איבער, נאָר זיי נעהמען אָן אַנדערע נעמען; אַז אַלצדינג איז געקייטעלט אין געקניפּט און פעסט צוגעוואַקסען צו דער אַלטער וועלט, און דאַרום איז קיין אַנדער עצה ניטאָ נאָר אַלעס אַלטע זאָל פערשווינדען און מאַכען פּלאַץ פאַר אַ נייער וועלט, אַ גליקליכע, פרייע וועלט אונטער דעם פרייען הימעל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַרום דעם „קאַפּ פון גוטער האָפנונג", האָב איך בייגעוואוינט אַ גרוי-זאַם, שמערצליך בילד: די מורא'דיגע יסורים, וואָס מען טהוט אָן די גרויסע ים-געגנז, די „אַלבאַטראָסען".

דאָס זיינען אַזעלכע גרויסע ים-פויגעל, וואָס די מאַטראָזען רופען די „שעפּסען פון'ם קאַפּ", ווייל מען טרעפט זיך דאָס רוב אויף מיט זיי אין יע-נעם געגענד און מחמת דעם וואָס נאָך זייער גרוים און נאָך דעם קוליער פון זייערע פעדערן קען מען זיי פערגלייכען מיט שעפּסען.

גאַנצע שטונדען נאָכאַנאַנד יאָגען זיך די „אַלבאַטראָסען" נאָך די שיפען, אויפצוכאַפּען די איבערגעבליבענע, פערלעגענע שפּייז, וואָס מען וואַרפט פון דאָרט אַרונטער אין ים. ביי דער געלעגענהייט פאַלען זיי לייכט אַריין אין די נעצען, וואָס די מאַטראָזען וואַרפען אַראָב, און זיי ווערן געכאַפּט צעהנ-דליגע ווייז.

און אויף׳ן שיף הויבט זיך אָן זייער מאַרטירעריי.

נאָכדעם ווי מען פֿאַנגט זיי הייגגט מען זיי אויף פֿאַר די פֿיס, אום זיי זאָלען שטאַרבען, ניט פֿערפֿלעקענדיג די ווייסקייט פֿון זייערע פֿעדערן. אָרע-מע שעפֿעלאַך! ווי האָט דאָס האַרץ וועה געטהאָן צו זעהן, ווי זיי הויבען אויף די קעפּ וואָס העכער און דרעהען מיט די לאַנגע העלזער זייערע, כדי צו פֿערלייננערן די מורא׳דיגע גסיסה, וועלכע מען האָט געקענט לייענען ביי זיי אין די אויגען!

ענדליך הערען זיי אויף זיך צו וואַרפֿען, זייערע גרויסע פֿליגלען פֿאַלען אַרונטער, און די אָרעמע אַלבאַטראָסען שטאַרבען, נאָכדעם ווי זיי לאָזען אַרויס אַ געשריי וואָס צורייסט דאָס האַרץ.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב בייגעוואוינט דיזען באַרבאַרישען ספּעקטאַקעל, האָב איך פּראָטעסטירט געגען דעם מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון מיין זעלע; און די מאַטראָזען זיינען געוועזען איבעררראַשט און האָבען ניט אָנגעהויבען פֿערשטעהן, ווי אַזוי איך ווער גערירהט פֿון אַ זאַך, וואָס זיי האַלטען פֿאַר גאַנץ נאַטירליך.

— דאָס זיינען שמוציגע טהיערע,—רופֿט זיך אָב צו מיר אַ מאַטראָז,—און אַז אַ מענש פֿאַלט אַריין אין ים, מאַכען זיי קיין שהיות ניט און וואַרפֿען זיך אַרויף אויף איהם און לעכערן איהם דעם מוח מיט זייערע שנאָבלען... וואָס מעהר מען הרג׳עט פֿון זיי, אַלץ בעסער איז.

— איהר קענט זיי הרג׳ענען, אויב דאָס מאַכט אייך פֿערגניגען,—האָב איך געענטפֿערט—אָבער צו וואָס נאָך זיי מאַטערן?

— מען דאַרף זיך דאָך אַביסעל אַמוזירען,—מאַכט דער מאַטראָז,—איהר ווייסט דאָך, אַז מיר האָבען ניט קיין צופֿיעל צושטרייאונג דאָ אויף׳ן שיף.

ווי איהר זעהט, האָט אָט דער מענש גערעכענט, אַז מאַטערן חיות איז אַ צושטרייאונג, אַ צייט-פֿערטרייב.

ער האָט מיך דערמאָנט אָן די תלינים פֿון ווערסאַיל.

נאָר יענע האָבען געמאַטערט מענשען אָנשטאָט חיות.

אָבער מיינע פּראָטעסטען האָבען ניט געהאָלפֿען; די פּייניגונג פֿון די „אַלבאַטראָסען" איז אָנגעגאַנגען ווי פֿריהער.

אום ניט צוצוזעהן דאָס דאָזיגע שרעקליכע בילד, וואָס האָט מיר געשני-טען אין האַרצען, פֿלעג איך אויסזוכען אַ תירוץ און בלייבען אונטען אין „שטייג". אַזוי בין איך טעג נאָכאַנאַנד ניט אַרויף אויף׳ן דעק.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב שוין געזאָגט, אַז די דיסציפּלין איז געוועזען אַזוי שטרייננג ווי מען קען זיך נור דיינקען אויף „לאַ ווירזשיני".

אין פֿערלויף פֿון אונזער גאַנצער רייזע איז זי קיין איין מינוט ניט אויף אַ האָר לייכטער געוואָרען.

וויפיעל פון אונזערע האָב איך געזעהן געשמידט אין קייטען און אַריינ-
געוואָרפען אין אַ פינסטערן קעלער, לעבען דער מאַשינעריע!

און וואָס האָבען זיי געטהאָן?

גאָרנישט.

דאָס רוב פון זיי האָבען ניט געקענט אַריבערטראָגען דעם גראָבען, בעליידיגענדען טאָן, מיט וועלכען מען האָט זיך שטענדיג געווענדט צו זיי.

די פרויען אַזוי ווי די מענער האָט מען אַריינגעוואָרפען אין קאַרצער.

איבער פינף חדשים צייט האָבען מיר געמוזט אויסשטעהן די גרעסטע יסורים און ניט געטאָרט זיך קלאָגען. מיר האָבען געמוזט ליגען אין אונזער שמוציגער, פערפעסטעטער שטייג, עסען די פערשימעלטע סוכאַרעס און טרינ-קען געזאַלצענע וואַסער, פער׳שרפה׳ט ווערן פון דער טראָפּישער זונן און דורכ-גענומען ווערן פון די קאַלטע ווינדען, וואָס האָבען זיך געמאַכט אין פער-לויף פון אונזער רייזע.

צוקומענדיג צו מעלבורן, אויסטראַליען, זיינען אויף אונזער שיף געווען פיעלע קראַנקע, כמעט אַלע בעפאַלען פון אַן אויסשלאָג אויף די קעפּ.

אַז די איינוואוינער פון מעלבורן האָבען זיך דערוואוסט, אַז „לאַ וויר-שיני" פיהרט מיט זיך פּאָליטישע פּעראורטהיילטע, האָבען זיי בעשלאָסען אונז צו העלפען מיט וואָס זיי קענען.

זיי האָבען צונויפגעקליבען פאַר אונז אַ סומע פון עטליכע טויזענד פראַנק, נאָר דער קאַפּיטאַן האָט זיך ענטזאָגט, עס אונז איבערצוגעבען.

מען האָט אונז געוואָלט אַרויפשיקען עסען און קליידער, אָבער דער קאַפּיטאַן האָט ניט דערלאָזען.

— — — — — — — — — — — — — —

איצט, ווען מיר זיינען שוין געווען נאָהענט ביי ניי-קאַלעדאָניען, איז מיר וואָס ווייטער אַלץ אומעטיגער געוואָרען אויף׳ן האַרצען.

כ׳האָב צוריק איבערגעלעבט מיין גאַנצע פערגאַנגענהייט.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער צייט, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד און איך האָב געלעבט אין אַ פענסיאָן אין מיין געבורטס-שטאָדט שאָ-מאָן, דאַן ווען מיין מוטער פלעגט קומען מיך געוואָהר ווערן און מיר בריינ-גען אַלערליי גוטע זאַכען.

דערנאָך האָב איך זיך צוריקגעזעהן אין פאַריז, אַרומגערינגעלט פון מיינע גוטע קליינע שילערקעס פון מאָנמאַ־טר.

און ענדליך האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער קאָמונע, אָן יענע מורא׳-דיגע טעג, די שטונדען, וואָס מיר האָבען פערבראַכט אונטער׳ן רעגען, אַנטקעגען די קוילען פון דעם שונא.

די רעפּרעסיע, די טייכען בלוט, די פערצווייפלונג, דער שמערץ—דאָס אַלעס איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגען.

און אין מיטען פון דיזע אַלע זכרונות האָט דאָס בילד פון מיין מוטער

כסדר געשוועבט פאַר מיינע אויגען, און איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַל-
טען פון וויינען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביים סוף פון איצטער רייזע האָט אויפ׳ן שיף פאַסירט אַ טרויערי-
גער פאַל.

איינער פון אונזערע חברים איז געשטאָרבען.

אויסגעמוטשעט פון די שרעקליכע יסורים, וואָס ער האָט זיך אָנגעלי-
טען, איז לאַנדרען—אַזוי האָט דער אינגליקליכער געהייסען—אויסגעגאַנגען
איינמאָל אין אַ שבת צו נאַכט.

דאָס איז געווען אַ שרעקליכער טויט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער גערעדט פון היץ, און מיר האָבען גאַנץ
דייטליך געהערט, ווי ער רופט אָן געוויסע נעמען, וואַהרשיינליך די נעמען
פון זיין פרוי און זיינע קינדער.

אונזערע וועכטער אפילו זיינען געריהרט געוואָרען פון דיזען טרויעריגען
סוף. וועגען אונז, לאַנדרענ׳ס קאַמעראַדען אין נויטה, איז דאָך ניטאָ וואָס
צו ריידען. אונזער שמערץ איז זיך גאָרניט משער צו זיין.

אין דער פריה האָט מען לאַנדרענ׳ס טויטען קערפער איינגעוויקעלט אין
אַ שטיק גראָבע לייווענד, און צוויי מאַטראָזען האָבען אָנגעצונדען לעבען
דעם טויטען צוויי קליינע וועקסענע ליכטלאַך.

ס׳איז געווען אַ טרויעריג, ריהרענד בילד צו זעהן, ווי דער טויטער ליגט
אויסגעצויגען אין אַ פינסטערער שטייג, וואו ס׳האָט זיך געהערט דער מאָ-
נאָטאָנער גערויש פון די כוואַליעס.

אין פערלויף פון זיין קראַנקהייט האָט דער אָרעמער פריינד אונזערער
נאָך געהאַט קרעפטען גענוג אָנצושרייבען אַ לאַנגען בריעף צו זיין פאַמיליע,
און די לעצטע עטליכע פראַזען פון דיזען בריעף האָט ער געענדיגט מיט
ציטערנדע הענד.

נאָר דאַן ווען ער האָט געהאַלטען דערביי אַריינצולייגען דעם בריעף אין
אַ קאָנווערט, איז איהם מיט אַמאָל פינסטער געוואָרען אין די אויגען, און
ער האָט געמוזט בעטען איינעם פון זיינע חברים, אָנצושרייבען דעם אַדרעס.

איז דיזער בריעף אָנגעקומען אויף׳ן אָרט?

האָט דעם אונגליקליכען׳ס פאַמיליע ווען עס איז געלייענט די אָבשיעד׳ס-
ווערטער, וואָס ער האָט איהר פאַר זיין טויט צוגעשיקט?—ווער ווייס?

ענדליך, אין אַ שעהנעם פריה-מאָרגען, האָט מען לאַנדרען׳ס קערפער
אַריינגעוואָרפען אין ים, און מיך האָבען גליך בעמערקט אַ ברייטען שטראָם
מיט בלוט איבער די כוואַליעס

„די הייפיש דאַרפען אויך עסען", האָט אַמאָל געזאָגט אַ מיטגליעדער פון
דער בעגנאַדיגונגס-קאָמיסיאָן אין ווערסאַיל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל אין דערפֿריה האָבען מיר פֿון די פֿענסטערלאַך פֿון אונזער שטייג בעמערקט פֿון וווייטען אַ גרויסע ווייסע ליניע, וועלכע האָט אָבגע- האַקט די כוואַליעס פֿון ים.

דאָס איז געווען דער קאָראַלען-צירקעל, וועלכער רינגעלט אַרום ניי- קאַלעדאָניען.

וואָס נעהנטער מיר זיינען צוגעקומען, אַלץ דייטליכער האָבען זיך אַרויס- געזעהן די פֿיעלע פֿעלזען, וואָס זיינען דאָ אויף יענעם אָרט. אויף'ן שיף האָט זיך אין דער צייט געגומען רודערן. מען האָט געהערט ווי דער קאַפּיטאַן און זיינע אַדיוטאַנטען גיבען אַרויס בעפֿעהלען. מיר האָבען גערודערט פֿערביי- געהן דעם קאַלעדאָנישען קאַנאַל, און מען ווייס ווי געפֿעהרליך דיזער דורכ- גאַנג איז.

צוויי שוימיגע וועלנט האָבען אַרומגענומען די „ווירזשיני".

מיט אַמאָל האָט זיך בעוויזען אַ זעגעל-שיף, וואָס איז געקומען אונז העלפֿען דורכגעהן דאָס שווערע שטיקעל וואַסער.

ענדליך זיינען מיר אַריין אין דעם האַפֿען פֿון נומעאַ. איבעראַל, וואו מיר האָבען געוואָרפֿען אַ בליק, האָבען מיר געזעהן אונגעהייער הויכע בערג. פֿון דער אַנדער זייט פֿאָרט זיינען געשטאַנען קליינע הייזלאַך, אַרומגערינגעלט פֿון גרויסע בוימער מיט פֿייער-רויטע בלומען.

און ניט ווייט פֿון ברעג האָב איך דערזעהן אַ ברוינע געביידע, אויף וועלכער עס האָט געפֿלאַטערט אַ פֿאָהן.

דאָס איז אונזער קערקער!

## II.

## אויף דעם האַלב-אינזעל דיקאָס.

מיר זיינען אַלזאָ איצט געווען אין גיהנום ווי די אמת'ע רשעים.

און דריי אָבטהיילונגען האָט דיזער גיהנם געהאַט: אויף דער גרויסער, וויסטער ערד, ניט ווייט פֿון נומעא, איז געלעגען דער האַלב אינזעל דיקאָס פֿאַר די, וואָס ווערן פֿער'משפט פֿערשיקט צו ווערן אין אַ בעפֿעסטיגטען אָרט. אַן ערך פֿינף און צוואַנציג מייל פֿון דאָרט איז געלעגען דער אינזעל פֿון די פֿיינס פֿאַר די, וואָס ווערן פֿעראורטהיילט צו איינפֿאַכע פֿערשיקונג. און גאַנץ ביים ברעג, אַנטקעגען דעם האַלב-אינזעל דיקאָס, האָט זיך געפֿונען דער קערקער פֿון דעם אינזעל נו.

דער האַלב-אינזעל בעשטעהט פֿון אַ שמאָלע שטיק ערד, אַרומגעצאַמט אַרום און אַרום מיט סאָלדאַטען. ניטאָ דאָרט ניט קיין פֿרישע וואַסער, ניט קיין גרין גרעזעל—אַן איינפֿאַכער מדבר.

קיינער פֿון די קאָלאָניסטען, פֿון די פּריווויליגע איינוואוינער פֿון נײ-קאַלעדאָניען, האָט ניט געוואָלט פֿערלירען קיין איין שטונדע אויף דיזער טויטער ערד.

באָטש מען האָט געוואוסט מיט מאָנאַטען פֿאָראויס, אַז זיי קומען, דאָך האָבען די פֿערשיקטע דאָרט ניט געפֿונען מעהר ווי שטרויענע באַטקעס, א העמאַק און עטליכע הילצערנע קאַנען—דאָס איז געווען זייער גאַנצע מעבעל.

דער אינזעל פֿון די פּיינס איז געווען אַרומגערינגעלט פֿון פֿרוכטבאַרע שטיקער ערד, וועלכע די קאָלאָניסטען האָבען שוין פֿון לאַנג אָן געהאַט פֿערכאַפּט פֿאַר זיך און זיי בעאַרבייט מיט דער הילף פֿון די איינגעבאָרענע, וועמען זיי האָבען, פֿערשטעהט זיך, עקספּלואַטירט אויף'ן שענדליכסטען אופן.

און דאָרט איז גאָרנישט געווען צוגעגרייט פֿאַר די פֿערשיקטע.

אַזוי ווי וואַגאַבּונדען האָבען די ערשטע פֿערשיקטע אַרומגעבלאָנדזשעט אין דער ווילדערניש, צווישען די דערנער, אונטער'ן פֿרייען הימעל.

ערשט שפּעטער האָט מען זיי אויפֿגעשטעלט ביידלאַך, וואָס זיינען אַלע ווײלע צוריסען געוואָרען פֿון די אָפֿטע שטורמווינדען.

די, וואָס האָבען געהאַט זייער אייגענס אַביסעל געלד, האָבען זיך אַליין געמאַכט שטרויענע באַטקעס.

אויך די קליידער זיינען ניט בעסער געווען. די אַדמיניסטראַציע האָט ניט ערפֿילט איהרע פֿפֿליכטען, און דאָס רוב פֿערשיקטע זיינען אַרומגעגאַנגען מיט בלויזע קעפּ און מיט גאַקעטע פֿיס אונטער דער שרפה'נדער זונן און אין די גוס-רעגענס.

קיין טאַבאַק, קיין שטיקעל זייף, קיין קאַפּ ווײן האָט מען ניט געקענט בעקומען, אין דאָס וואַסער איז ניט געווען אין מויל צו נעהמען.

צום עסען האָט מען געקראָגען: פֿערפֿוילטע גרינוואַרג, טוכלע שמאַלץ און האַלב-פֿערשימעלטע סוכאַרעס; זעלטען ווען אַ שטיקעל פֿלייש ברויט.

און אַלעס האָט מען געגעבען רויהערהייט, און קיין ברען-מאַטעריאַל צו קאָכען איז ניט געווען צו בעקומען.

די וועכטער זיינען, ווי דער שטייגער איז, געווען בייז, גרויזאַם, זעהר אָפֿט שכור, און זיי האָבען אימער געסטראַשעט די פֿערשיקטע מיט זייערע רעוואָלווערן.

די פֿערשיקטע זיינען דאָס רוב געווען יונגע אַרבייטזאַמע מענשען; זיי האָבען אַלזאָ אין נײ-קאַלעדאָניען געוואָלט אָנהויבען אַ נײ לעבען פֿון אַרבייט און טהעטיגקייט.

די פֿראַנצויזישע רעגירונג האָט ניט געזשאַלעוועט קיין גוזמאות, רייענדיג וועגען נײ-קאַלעדאָניען. ס'איז אַן אויסגעצייכענטעס לאַנד פֿאַר די וואָס ווילען אַרבייטען, האָט מען געזאָגט. מען קען זיך דאָרט אָבגעבען מיט

פיש-פאַנגען, אויסהאָדערווען פיה און מינען-גרעבעריי. אָט די געצוואונגענע עמיגראַציע איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס אורשפּרונג פון אַ נייעם פראַנצויזישען רייך אויף דעם פאַסיפישען אָקעאַן.

נו, האָבען די פערש״קטע געוואָלט אויסניצען זייערע קרעפטען אויף דאָס דאָזיגע פעלד. זיי האָבען געבעטען, מען זאָל זיי געבען אַרבייט.

די פון דעם האַלב-אינזעל, סטאָליאַרעס, שמיעדען, דרעקסלער, שניידער, פלעגען אַריבערפיהרען די זאַכען, וואָס זיי האָבען געמאַכט, קיין נומעאַ, וואו זיי האָבען געפונען קונים דערויף.

די, וואָס זיינען געווען אויף׳ן אינזעל פון די פיינס, האָבען אָנגעבאָטען זייערע הענד צו בויען אַדמיניסטראַטיווע מאַגאַזיינען, מאַכען שאָסעען א.ז.וו. אָבער פון צוויי טויזענד פערשיקטע האָט מען בלויז אָנגענומען אַכט הונדערט צו דער אַרבייט, און זייער לוין איז ניט געווען העכער פון 85 סאַנטים אַ טאָג.

אַ טהייל האָבען געקראָגען שטיקלאַך ערד צו בעאַרבייטען, אָבער דער מיליטערישער רעזשים, וואָס האָט געהערשט אין דער קאָלאָניע, האָט זיי פערביטערט דאָס לעבען, און פיעלע פון דיזע „קאָלאָניסטען״ האָבען געמיזט פערלאָזען זייערע שטיקלאַך ערד און צוריקקומען אויף׳ן אינזעל, וואו זיי האָבען אַרומגעוואַנדערט אין דער ווילדערניש.

און דער סוף איז געווען, אַז די שטאַאַטס-פאַבריקען און די גאַנצע רעגירונגס-אַרבייט האָט זיך אין 1873 אָבגעשטעלט. די ווערסאַילער רעגירונג האָט בעשלאָסען צו מאַכען אַ סוף דערצו. „אַז מען וועט די פערשיקטע געבען דאָס רעכט צור אַרבייט״, האָט מען געזאָגט, „וועט מען אין גיכען האָבען די סקאַנדאַלען פון די נאַציאָנאַלע פאַבריקען פון 1848״.

מען האָט אַלזאָ אויפגעהערט געבען די פערשיקטע אירגענד וועלכע בעשעפטיגונג. נאָך מעהר: די וועלדער אויף דעם אינזעל פון די פיינס זיינען געווען אַ קוואַל פאַר די דאָרטיגע סטאָליאַרעס, פון וואַנעט זיי האָבען געקענט נעהמען געגנוג האָלץ און מאַכען פערשיעדענע מעבעל. אָבער די אַדמיניסטראַציע האָט זיי פערבאָטען אַריבערצופיהרען דיזע מעבעל קיין נומעאַ, וואו זיי האָבען געקענט אָבגעזעצט ווערן.

און דער פראַנצויזישער מיניסטער פון דער מאַרינע האָט פונדעסטוועגען געהאַט די העזה אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין פאַרלאַמענט, צו זאָגען, אַז דער גרעסטער טהייל פון די פערשיקטע זיינען פוילענצער און ווילען ניט אַרבייטען.

אָבער אין דערזעלבער צייט, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט אין ניי-קאַלעדאָניען פערפינסטערט דאָס לעבען פון די פערשיקטע, האָט די רעגירונג אין פראַנקרייך געזוכט איינצורעדען זייערע ווייבער, זיי זאָלען פאָהרען צו זייערע מענער. מען האָט זיי צוגעזאָגט אַלערליי גליקען. זיי וועלען דאָרט געפינען וואוינונגען מיט בעל הבית׳ישקייט און אַלעס וואָס מען דאַרף האָבען צום לעבען, האָט מען זיי פערזיכערט.

דאָס רוב פֿון די פֿרויען האָבען פֿערשטאַנען, אַז מען וויל זיי דאָ אַריינ-באַפּען אין אַ נעץ, און זיי האָבען זיך ענטזאַגט צו פֿאָהרען, איידער די מע-נער זייערע וועלען זיי אַליין רופֿען.

אָבער אַ טהייל פֿון זיי האָבען זיך געלאָזט איינריידען און מען האָט זיי אָבגעשיקט אויף אַ שלעכטער שיף קיין ניי-קאַלעדאָניען מיט דער אבזיכט, זיי צו פֿערקופּלען צו די דאָרטיגע קאָלאָניסטען פֿאַר ווייבער...

ערשט אַז זיי זיינען אָנגעקומען אַהין, האָבען זיי אויסגעפֿונען וואָס פֿאַר אַן עלענד און גויטה עס ערוואַרטעט זיי, און זיי האָבען זיך געבעטען מען זאָל זיי אָבשיקען צוריק. נאָר די אַדמיניסטראַציע האָט ניט געוואָלט וויסען דערפֿון.

אין דעם צושטאַנד האָבען זיך געפֿונען די טויזענדער פֿערשיקטע. מענ-שען, וואָס זיינען געווען צוגעוועהנט צו אַרבייטען זיי האָבען זיך געמוזט אַרומ-דרעהען פּוסט און פּאַס, די איינע אויף דעם איינגען האַלב-אינזעל דיקאָס, אונטער דער שטענדיגער שטריינגער אויפֿזיכט פֿון די וועכטער, די אַנדערע אויף דעם אינזעל פֿון די פּיינס, וואו זיי האָבען קיין אַנדער האָריצאָנט ניט געהאַט אויסער דעם ים, אָנגעטהאָן אין טראַנטעס, האַלב-פֿערהונגערט און אָבגעריסען פֿון דער וועלט.

און די דערשלאָגענקייט און די פֿערצווייפֿלונג זיינען געוואָרען גרעסער פֿון טאָג צו טאָג.

אַ טהייל זיינען פֿון זינען אַראָב, אַנדערע זיינען געשטאָרבען פֿון יסורים.

מיט די קאָמונאַרען האָט מען זיך גערעכענט אויף אַ מורא׳דיגען אופֿן. מען האָט זיי געלאָזט טהאָן די שווערסטע אַרבייט, אָהן אַ שום נוצען: אַרי-בערטראָגען די גרעסטע שטיינער פֿון איין אָרט אויף׳ן צווייטען. אָפֿטמאָל פֿלעגט מען זיי אויפֿוועקען אין מיטען נאַכט פֿון שלאָף און זיי טרייבען צו דער אַרבייט.

אויף די, וואָס האָבען זיך געפֿונען אין דער ווילדערניש, אונטער׳ן פֿריי-ען הימעל, האָט מען אָפֿט אָנגערייצט די קאַנאַקען, די איינגעבאָרענע ווילדע פֿון יענעם געגענד, וועלכע פֿלעגען אָנפֿאַלען אויף די פֿערשיקטע מיט זייערע שטיינער און בולאַוועס.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט דאָס איז געווען די לאַגע אין ניי-קאַלעדאָניען, ווען איך בין אָנגע-קומען קיין נומעאַ מיט מיינע אונגליקליכע קאַמעראַדען.

אַזוי ווי דער שטייגער איז, האָט מען געזוכט צו מאַכען אַן אויסנאַהם מיט די פֿרויען, זיי אָבטהיילען בעזונדער.

— אָט די פֿרויען-פֿערשיקטע קענען ניט אַריבערגעפֿיהרט ווערן אינאיי-נעם מיט די מענער אויף דעם האַלב-אינזעל דיקאָס אָדער אויף דעם אינזעל

פֿון די פיינס,—האָט געזאָגט אַ דיקער מאַן, אָנגעטהאָן אין דער קאָלאָניאַלער אוניפֿאָרמע—מען דאַרף זיי אַוועקשיקען קיין בוראַי; דאָרט וועט זיי בעסער געהן... מען וועט מיט זיי זאָגאַר מאַכען געוויסע אויסנאַהמען, און זיי וועלען דאָרט האָבען אַ שטיקעל צושטרייאונג...

אָבער איך האָב ענערגיש פּראָטעסטירט געגען דעם.

— וואָרום זאָל מען אונז אָבטהיילען און מאַכען מיט אונז אויסנאַהמען?—האָב איך געפֿרעגט.—ווייבאַלד מען האָט אונז פֿער׳משפט גלייך מיט די מענער, טאָ פֿאַרוואָס זאָלען מיר ניט האָבען דיזעלבע שטראָף וואָס זיי? מיר זיינען דאָך ניט געקומען אַהער פֿון פֿערגניגען וועגען, מיין איך... נו, וואָס מיר אַנבעלאַנגט בין איך מוחל אָט די אויסנאַהמע און איך וויל ניט וויסען פֿון איהר.

— גוט!... — האָט זיך אָבגערופֿען דער דיקער מאַן, וועלכער האָט זיך גערופֿען טורנעמין.—ס׳איז אָבער אַ מערקווירדיגע זאַך מיט מיר; כ׳האָב קיין מזל ניט. יעדעס מאָל, ווען איך וויל אַרויסווייזען אַביסעל רחמנית, געהט עס ניט. נאַ! ניט אומזיסט האָט מען געזאָגט, אַז אָט די אַלע אונטערציגדערינגען זיינען אייגעשפּאַרטע קעפּ... נאָר נישקשה, מען וועט שוין מיט אייך לערנען דרך ארץ, און איך פֿערזיכער אייך, אַז פֿון היינט און ווייטער האָט איהר מעהר ניט וואָס צו רעכענען אויף מיר. אַזוי! איהר ווילט ניט קיין אויסנאַהמען? גוט, כ׳וועל עס געדיינקען.

און טורנעמין איז אַוועק, וואַרפֿענדיג מיט די הענד פֿאַר כעס.

די וועכטער, וועלכע האָבען געהערט זיינע רייד, האָבען גלייך אומגעביטען זייער האַלטונג צו אונז.

מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען, די פֿרויען פֿון איין זייט און די מענער פֿון דער אַנדערער זייט.

און די זונן האָט גע׳שרפה׳ט איבער אונזערע קעפּ און איהרע שטראַהלען האָבען איינגעפֿאַך געברענט ווי פֿייער.

— וואָס זשע, ווי לאַנג וועט מען אונז דאָ לאָזען אַזוי זיך באַקען אונטער דער זונן?—האָב איך אַ פֿרעג געטהאָן.—אויב מען האָט אונז געבראַכט אַהער, אום אונז צו לאָזען שטאַרבען פון זונען-שטיך, טאָ פֿאַרוואָס זשע זאָגט מען עס אונז ניט?

איינער פֿון די וועכטער האָט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט, און ער איז צוגעלאָפֿען צו מיר ווי אַ ווילדער.

— וואָס זאָגט זי, אָט די דאָ?

כ׳האָב איהם אָנגעקוקט, ניט ענטפֿערענדיג קיין וואָרט, און איך האָב גענומען שמייכלען.

מיין האַלטונג האָט איהם אַרויסגעבראַכט פֿון די כלים.

ער האָט מיר מיט ברוטאַליטעט אַ כאַפּ געטהאָן פֿאַר׳ן אָרים און מיר געזאָגט:

— אַזוי, אַזוי! איהר, הייסט עס, ווילט אויפעפּנען דעם פייער, כ׳זעה דאָס. גו, כ׳וועל אייך ווייזען... מען וועט אייך אַוועקשיקען צווישען די אונ-פערבעסערבאַרע, און דאָרט וועט מען אייך אָנטהאָן אַ פּאָר שעהנע קליינע קייטעלאַך אויף די הענד.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט.

דער צווישעטער וועכטער איז נאָך מעהר אַריינגעקומען אין כעס.

— אַה, איהר מיינט אודאי, אַז איך שפּאַס,—האָט ער געזאָגט — נאַ, איהר וועט באַלד זעהן.

און ער האָט קאָמאַנדירט:

— נעהמט אָט די פּרוי און פיהרט זי אָב אין דער שמיעדעריי, וואו מען זאָל איהר שליסען די הענד אין קייטען.

דיזער בעפעהל וואָלט אָהן צווייפעל אויסגעפיהרט געוואָרען, נאָר פּלוצ-לינג איז טורנעמין אָנגעקומען.

ער האָט זיך אויסגעבייזערט אויף׳ן וועכטער.

— פון זיים ווען אָן גיבען עס די וועכטער בעפעהלען?—האָט ער געשריען—פאַרהאַן נור צוויי מענשען דאָ, וואָס האָבען אַ רעכט צו שליסען די פּערשיקטע אין קייטען, און דיזע צוויי מענשען קענט איהר, דאָס איז דער גובערנאַטאָר און איך... אויב דיזע פרוי בונטעװעט זיך, איז אַלעס וואָס איהר דאַרפט טהאָן איז מיר דערלאַנגען אַ בעריכט און איך וועל שוין זעהן וואָס איך האָב צו טהאָן... נאַ, שעהן וואָלטען מיר אויסגעזעהן, ווען יעדער איינער וואָלט זיך דאָ געמאַכט פאַר אַ בעל הבית און אַרויסגעגעבען בעפעהלען.

דער וועכטער האָט זיך געוואָלט פערענטפערן.

— גענוג!—האָט איהם טורנעמין איבערגעשלאָגען די רייד און איז זיך אַוועק.

דאָס האָט געווירקט ווי אַ שטראָם קאַלטע וואַסער אויף די וועכטער, וועלכע האָבען אַראָבגעלאָזט די קעפּ.

אַז דער דיקער מאַן איז פערשוואונדען, האָבען די וועכטער גענומען מיהּ שחורה׳דיג אַרומשפּאַצירען לעבען אונז, ניט אויסריידענדיג קיין איין וואָרט.

צוויי שטונדען זיינען מיר אַזוי געשטאַנען און האָבען זיך געבאַקען אונטער דער זונן, מיט אַמאָל איז אָנגעקומען אַ בעפעהל וואָס צו טהאָן מיט אונז.

אַן אָפיציר איז צוגעגאַנגען צו דעם אויבער-וועכטער, וועלכער איז נאָר וואָס געוועזען אַזוי גראָב געגען מיר, און האָט איהם געזאָגט מיט אַ בעפעהלענדען טאָן:

— מען דאַרף אָבשיקען אָט דעם גאַנצען פּאַק נאָך דעם האַלב-אינזעל דיקאָס.

— אַלעמען?

— יאָ, אַלעמען, מענער און פרויען.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין אַ קליין שיפעל. מיר זיינען געווען צעהן אונזערע, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען ראָשפּאָר, מאַדאַם לעמעל און איך. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דאָס שיפעל געגומען געהן.

— איהר ווייסט וואָהין, — רופט זיך אָב צו מיר מאַדאַם לעמעל, — אַז זיי וועלען אונז ניט איבערלאָזען אויף דעם האַלב-אינזעל דיקאָס, זיי וועלען אונז אַריבערפיהרען קיין בוראַי.

— אַז זיי וועלען עס טהאָן, — האָב איך געענטפערט, — וועל איך זיך גיכער אַריינוואַרפען אין ים.

— אָבער פאַרוואָס שרעקט איהר זיך אַזוי פאַר בוראַי? — האָט מיין פריינדין געפרעגט.

— ווייל אַהין שיקט מען די, וועלכע זיינען בעשטימט צו ווערן... די פרויען פון די קאָלאָניסטען אָדער... פון די בעפרייטע אַרעסטאַנטען.

— אַה! איצט פערשטעה איך, — האָט מאַדאַם לעמעל געזאָגט, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ.

אַז מיר זיינען אַראָב אויף׳ן האַלב-אינזעל, האָבען אונז בעגעגענט פיעלע פריינדע, אַרעסטאַנטען פונקט ווי מיר. זיי האָבען געוואוסט, אַז מיר דאַרפען קומען און זיי האָבען אונז אָבגעוואַרט ביים ברעג.

איך האָב דאָרט געפונען פיעלע פון מיינע בעקאַנטע קאַמעראַדען, די קעמפּפער פון דער קאָמונע, טשיפּריאַני, ראַוואַ, באָוער, אָליווויע, פען און אַסך אַנדערע, וועלכע האָבען אונז אויפגענומען מיט פרייד.

— אָט דאָ וועלען מיר דאָס וואוינען? — האָב איך אַ פרעג געטהאָן.

— יאָ, — האָט פען געענטפערט, — אָבער די הייזער זיינען גאָר ניט בעקוועם, מיין אָרעמע לואיזע.

— נאַ, מען וועט זיך שוין ווי ס׳איז איינגעוועהנען דערצו.

— די צרה איז אָבער וואָס איהר האָט גאָר קיין הייזער ניט, — האָט זיך אָבגערופען אַן אַנדערער. — די אַדמיניסטראַציע האָט גאָר ניט געפונען פאַר נייטיג אייך צו צוגרייטען וואוינונגען.

— נו, — האָט טשיפּריאַני געזאָגט — וועלען מיר אונזערע קאַמעראַדען אָוועקגעבען אונזערע שטיבלאַך.

אין אַ שטונדע אַרום זיינען מיר שוין געווען איינגעשטעלט ביי אונזערע פריינדע אין די שטיבלאַך.

ווי איך בין נור אָנגעקומען, האָב איך זיך גלייך נאָכגעפרעגט אויף איינעם פון מיינע אַלטע קאַמעראַדען, ווערדיר, וועמען איך האָב ניט געזעהן צווישען די איבעריגע.

און אָט איז די הערצרייסענדע געשיכטע, וואָס איינער פון די פערשיקטע האָט מיר דערצעהלט וועגען דעם אונגליקליכען ווערדיר:

— ער איז געווען זעהר טרויעריג, ווען ער איז אַריבערגעקומען אַהער. איהר ווייסט דאָך, ער האָט איבערגעלאָזט אין פראַנקרייך אַ פאַמיליע, און ער האָט זיך בשום אופן ניט געקענט טרייסטען, וואָס ער מוז זיין אַזוי דער־ווייטערט פון די זייניגע.

יעדען טאָג פלעגט ער אַרומבלאָנדזשען ביים ברעג ים, פערטיעפט אין מרה שחורה׳דיגע געדאַנקען. אָפטמאָל פלעגט ער זיך אָבשטעלען, קוקען ווייט, העט ווייט אין ים, אַ מאַך טהאָן מיט דער האַנד אַזוי ווי אַ פער־צווייפעלטער, און דערנאָך אַריינגעהן צו זיך אין שטיבעל און זיך צואוויינען ווי אַ קליין קינד.

אומזיסט האָבען מיר געפרואווט איהם טרייסטען. זיין האַרץ איז געווען מורא׳דיג פערוויטאָגט.

ס׳איז שוין געווען אַריבער פיער מאָנאַט זייט ווערדיר איז געווען אין ניי־קאַלעדאָניען, און ער האָט נאָך ניט געהאַט ערהאַלטען קיין שום בריעף פון זיין פאַמיליע.

איין טאָג האָט ער פאַר מיר אייפגעעפענט דאָס האַרץ:

— זעהסט דו,—האָט ער מיר געזאָגט,—וואָס עס מאַכט מיר פערצוויי־פעלט, איז דאָס וואָס איך האָב קיין; שום ידיעה ניט פון פאַריז. אין פיער חדשים צייט האָב איך דאָך געדאַרפט בעקומען כאָטש איין בריעף. אָבער גאָרנישט! גאָרנישט ..

— האָב געדולד אַביסעל,—האָב איך איהם געזאָגט,—דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אונזערע בריעף ווערן אַפריהער דורכגענישטערט פון די רע־גירונגס־בעאַמטע, און דאָס קען דאָך דיר גאַנץ גוט ערקלעהרען די פער־שפעטיגונג.

ס׳האָט אויסגעוויזען, אַז ווערדיר האָט געקראָגען אַ פונק פון האָפנונג, אָבער דער אונגליקליכער איז איינגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג. ער איז גע־וואָרען אַן איינגעפאַלענער סקעלעט.

אַכט מאָנאַטען זיינען אַריבער, און ער האָט קיין איין בריעף ניט גע־קראָגען. איהר קענט פערשטעהן וואָס דאָס האָט פון דעם אָרעמען מענשען געמאַכט.

איין אָבענד, אָט טאַקי אויף דעם פלאַץ, וואו מיר געפינען זיך, האָט ער מיר אָנגענומען פאַר׳ן אָרים און געזאָגט:

— מיין גוטער אַלטיטשקער, הייגט בין איך צופריעדען.

און די אויגען האָבען בעת מעשה ביי איהם געפונקעלט מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ.

— פאַרוואָס עפעס?—האָב איך איהם אַ פרעג געטהאָן.

— פאַרוואָס?... ווייל איך וועל שטאַרבען.

— וואָס רעדסט דו פאַר נאַרישקייטען!—האָב איך אויסגערופען.—מען שטאַרבט ניט אָט אַזוי, איינס אין צוויי... דו ביסט קראַנק, דאָס איז אמת,

נאָר מען מוז אויפּפּאַסען אויף דיר, דיך צוזעהן. דער דאָקטאָר קומט אַהער אָפּט; פאַרוואָס האָסט דו איהם ניט געפרעגט וועגען דיין קראַנקהייט?

ווערדיר האָט אַ ציה געטהאָן מיט די פּלייצעס.

— נאָך וואָס?—האָט ער געזאָגט.—וואָס זשע, אָט אַפּנים איהר מיינט, אַז די דאָקטוירים פערשטעהען דיזע קראַנקהייטען!

און דער אונגליקליכער יונג האָט אַרויפגעלייגט דעם פינגער אויף'ן האַרצען, און מיט אַ טיעפער שטימע האָט ער געזאָגט:

— זיי קענען ניט זעהן וואָס דאָ אינעווייניג טהוט זיך.

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אַליין אויך אָנגעהויבען ערשטווינט צו ווערן וואָס ווערדיר האָט נאָך ניט ערהאַלטען קיין איין בריעף פון פראַנקרייך: דאָס איז איינפאַך געוועזען אונבעגרייפליך.

זיין פאַמיליע האָט איהם דאָך ניט געקענט אויף אַזאַ'ן אופן פערגעסען. עפּעס האָט געמוזט פּאַסירען, נאָר וואָס?

איינמאָל, אַ זונטאָג מיטאָג-צייט, האָט מיך ווערדיר געשיקט רופען.

איך בין אַוועק איהם זעהן און איך האָב איהם געפונען אין זיין שטיבעל, וואו ער איז געלעגען אין היץ.

כ'האָב איהם אָנגענומען פאַר די הענד: זיי זיינען געוועזען ווי אָבגע-שטאָרבען.

— וואָס איז דיר?—האָב איך געפרעגט—דו פיהלסט זיך, הייסט עס, ערגער?

— יאָ.

— אָבער מען מוז זיך שטאַרקען.

ווערדיר האָט אַ טרויעריגען שמייכעל געטהאָן און האָט שטילערהייט געזאָגט:

— זיך שטאַרקען! אַה, ס'איז לייכט צו זאָגען...

און ער האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

— ניטאָ קיין בריעף!... ניטאָ קיין איין בריעף!...

אַזוי ווי איך האָב פערשטאַנען, אַז עס האַלט זעהר שלעכט מיט איהם, האָב איך געשיקט רופען איינעם פון אונזערע פריינדע, וועלכער איז געוועזען אַ דאָקטאָר.

ער איז גלייך געקומען

נאָכדעם ווי ער האָט עטליכע מינוט בעטראַכט ווערדיר'ן, האָט ער גע-מאַכט אַ פערצווייפעלטע מיענע, און מיך אַוועקגעהמענדיג אָן אַ זייט, האָט ער מיר געזאָגט:

— ס'איז דער סוף!

ביינאַכט האָט ווערדיר אויסגעהויכט זיין לעצטען אָטהעם-צוג.

פאַר'ן טויט האָט ער זעהר פיעל גערעדט פון היץ, אין אַלע ווייַלע האָט מען געקענט הערען די ווערטער: „אַ בריעף", „אַ בריעף!"

איינער פֿון אונז איז געפֿאַלען אויף אַ המצאה.

ער האָט אויף גיך פֿערקלעפּט אַ קאָנווערט, אָנגעשריבען דעם אַדרעס און אַרויפֿגעקלעפּט דערויף אַ פֿראַנצויזישע פּאָסט-מאַרקע. דערנאָך האָט ער עס צוגעטראָגען צום שטאַרבענדען.

ווערדיר האָט געמאַכט אַן אָנשטריינגונג און האָט זיך אויפֿגעזעצט אַ ווײַלע. זיינע אויגען האָבען אויף אַ רגע אויפֿגעבליצט. מיט אַ ציטערנדע האַנד האָט ער אָנגענומען דעם קאָנווערט, נאָר נאָכדעם ווי ער האָט איהם בעטראַכט עטליכע סעקונדען, האָט ער געמורמעלט:

— ניין, ניין, דיזע האַנדשריפֿט איז מיר ניט בעקאַנט, דער בריעף איז ניט פֿאַר מיר: אַדיע!

דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט.

אויף מאָרגען האָט מען איהם בעגראָבען אונטער דעם גרויסען בוים, וועלכען איהר זעהט דאָרט.

נאָר גראָד אין דער רגע, וואָס מען האָט איהם געטראָגען צו זיין לעצטער רוה, איז אָנגעקומען אַ וועכטער מיט אַ גאַנצען פּאַק פּאַפּירען, אַ שטיקלאַך צעהן בריעף—אַלע פֿאַר דעם אָרעמען ווערדיר.

דיזע בריעף האָבען אַרומגעוואַנדערט אין פֿערשיעדענע געגענדען ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין נומעאַ. איך האָב זיי אַלע אַריינגעלייגט ביי אונזער אונגליקליכען פֿריינד אין קבר.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

דיזע געשיכטע האָט מיר צוריסען דאָס האַרץ.

ווערדיר איז געווען איינער פֿון מיינע עלטסטע פֿריינד און איך בין שטאַרק צוגעבונדען געווען צו איהם.

דאָס איז געווען אַ מוטהיגער מאַן.

אין זיינע יונגע יאָהרען איז ער געווען אַ לעהרער אין פּאַריז. ער האָט אַנטהייל גענומען אין דער „אינטערנאַציאָנאַלע" און אין דער „פֿעדעראַציאָן פֿון די אַרבייטער".

ביי דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1871 איז ער געווען פֿון דעם ערשטען טאָג אָן, פֿריהער אין דער נאַציאָנאַל-וואַך און דערנאָך אַ מיטגליעד פֿון דער קאָמונע, ביז וואַנעט ער איז אַרעסטירט געוואָרען און דאָס קריעגס-געריכט פֿון ווערסאַיל האָט איהם פֿעראורטהיילט אויף אייביג פֿערשיקט צו ווערן קיין ניי-קאַלעדאָניען.

ווי אַזוי די בריעף צו איהם האָבען זיך אַזוי פֿערשפּעטיגט, איז ווירקליך ניט צו פֿערשטעהן, כאָטש עס פֿלעגט זיך מיט אונז אויך מאַכען, אַז מיר האָבען געמוזט וואַרטען עטליכע מאָנאַט אויף אַ בריעף.

די פּאָסט פֿון אייראָפּאַ פֿלעגט אָנקומען איינמאָל אין מאָנאַט. און וואָס פֿאַר אַ יום טוב דער טאָג איז געווען! ווער קען גאָר בעשרייבען די פֿרייד

אונזערע, ווען מיר פלעגען יעדער איינער אָבנעהמען אַ בריעף. אַזוי ווי אַן אוצר איז דאָס געווען ביי אונז אין די אויגען.

און מען קען זיך משער זיין, ווי עס האָט זיך געמוזט פיהלען דער, וואָס האָט מיט דער פּאָסט גאָר קיין בריעף ניט בעקומען. דאָס האָט גע-הייסען וואַרטען אַ גאַנצען מאָנאַט צייט ביז דער נעכסטער פּאָסט!

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — -

א גאַנצע וואָך האָבען מיר פערבראַכט אַזוי לוסטיג ווי מען קען פער-בריינגען אין אַזאַ וויסטע ווי דער האַלב אינזעל דיקאָז איז געווען. די פער-שיקטע האָבען געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען אונז צו געבען די בעסטע אויפנאַהמע. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד זיינען מיר געגאַנגען פון איין שטיבעל אין אַנדערן, וואו מיר האָבען געפּראַוועט אונזערע מאָהלצייטען אַזוי גוט ווי ס'האָט זיך נור געלאָזט.

ביי דאָס רוב פון אונזערע אונטערהאַלטונגען האָט בייגעוואוינט אַן איינגעבאָרענער, אַ קאַנאַק פון סיפּו מיט'ן נאָמען דאאומי. ער איז געווען האַלב-ציוויליזירט, איז געגאַנגען אייראָפּעאיש געקליידעט און האָט געקענט לעזען און שרייבען פראַנצויזיש. תחילת האָט ער זיך געפיהלט אינבעקוועם צווישען אונז, נאָר ער האָט זיך ביסלאַכווייז צוגעוועהנט צו אונז, און ער האָט אונז אונטערהאַלטען מיט זיינע קאַנאַקישע ליעדלאַך, וועלכע ער האָט גע-זונגען מיט האַרץ.

עטליכע טעג נאָך אונזער אָנקומען, האָב איך בייגעוואוינט אַ פיינליכע סצענע, וועלכע וועט מיר אימער בלייבען אין זכרון.

איך האָב זיך געפונען צוזאַמען מיט נאָך עטליכע קאַמעראַדען ביים ברעג ים. מיט אַמאָל האָב איך דערזעהן, ווי אַנטקעגען אונז קומט אַ מחנה פון אַרעסטאַנטען, וועלכע ווערן געפיהרט פון פיער וועכטער.

די אַרעסטאַנטען האָבען אויסגעזעהן שרעקליך אויסגעמאַטערט. עטליכע פון זיי האָבען זיך קוים געשלעפּט אויף די פיס.

פּלוצלינג איז איינער פון זיי אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד און האָט אַרויסגעלאָזט אַ מורא'דיגען געשריי.

— איהר הויבט זיך אויף, צי ניט? — האָט אַ קאָמאַנדעווע געטהאָן דער וועכטער, און דאָס זאָגענדיג האָט ער דעם אונגליקליכען דערלאַנגט אַ שרעקליכען זעץ מיט'ן פוס.

אויסער זיך פאַר כעס, בין איך צוגעלאָפען צום וועכטער.

— איהר שעהמט זיך ניט, — האָב איך געזאָגט — אַזוי צו שלאָגען דיזען אָרעמען מענשען?

דער וועכטער האָט מיך אָבגעמאָסטען פון קאָפּ ביז די פיס און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— נאַ, וואָס זאָגט מען דערצו? וואָס מישט זי זיך דאָ אריין, אָט די'

דאָ? מען וואָלט געזאָגט, אַז זי איז דאָ עפּעס אַן אויפזעהערין ביי אונז... אָבער איהר פערגעסט גאָר, אַז איהר זייט ניט מעהר ווי אַן אַרעסטאַנטקע, און אַז אויב איהר ווערט ניט גלייך אַנשווייגען, וועט איהר פון מיר קריגען דאָסזעלבע וואָס דער דאָ.

איך בין שיער ניט צופּלאַצט געוואָרען פון אויפרעגונג.

— איהר האָט קיין רעכט ניט אַזוי צו בעהאַנדלען די געפאַנגענע,— האָב איך געשריען.—איהר קענט זיי בעשטראָפען, איהר האָט ביי זיך אין די הענד אַלע מיטלען דערצו, אָבער ס'איז אייך פערוועהרט, זיי צו שלאָגען. איהר זעהט דאָך, אַז דער מענש קען מעהר ניט געהן, אַז ער איז אָהן כוחות.

— דאָס איז אַ פּוילענצער,—האָט דער וועכטער געענטפערט—ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער שפּיעלט מיר אָב דיזען קונץ...

און ער האָט פון דאָס ניי דערלאַנגט אַ זעץ מיט'ן פוס דעם אַרעסטאַנט, וועלכער איז נאָך אַלץ געלעגען אויף דער ערד.

אָבער דאָס מאָל האָט זיך דער אונגליקליכער ניט געריהרט פון אָרט. ער איז געשטאָרבען.

מיינע קאַמעראַדען און איך האָבען דעם באַנדיט גוט אויסגעזידעלט, און ס'האָט קיין סך ניט געפעהלט, אַז די איבעריגע אַרעסטאַנטען, וואָס ער האָט געפיהרט, זאָלען זיך אַרויפוואַרפען אויף איהם.

עס וואָלט זיכער אויסגעבראָכען אַ געשלעג.

נאָר מיט אַמאָל זיינען אָנגעלאָפען נאָך עטליכע וועכטער.

נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך דערוואוסט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָבען זיי איינגעבויגען די קעפּ; זיי האָבען פערשטאַנען, אַז זייער חבר האָט דאָ בעגאַנגען אַ מאָרד, און זיי האָבען זיך ניט וואָס אָנצונעהמען פאַר איהם.

מען האָט באַלד געלאָזט וויסען דער אַדמיניסטראַציע מכח דער רציחה.

כ'האָב געמיינט, אַז דער מערדער וועט שווער בעשטראָפט ווערן, און ווי גרויס איז געווען מיין איבערראַשונג, ווען איך האָב זיך איינמאָל דערוואוסט, אַז אדרבה, ער האָט נאָך געקראָגען אַ העכערן טשין.

פאַר די ערמאָרדונג פון אַן אַרעסטאַנט איז ער בעלוינט געוואָרען מיט אַ זילבערנעם מעדאַל.

איך האָב פערשטאַנען, אַז אין ניי-קאַלעדאָניען, אַזוי ווי אין די אַנדערע פּלעצער, וואו עס געפינען זיך פערשיקטע, זיינען די ווילדע רציחות אַ גאַנץ געוועהנליכע, אַלטעגליכע זאַך.

און זעהענדיג די אויפפיהרונג פון די וועכטער, וועלכע זיינען דאָך גע-וועזן „ציוויליזירטע" לייט, האָב איך ענדליך ליעב געקראָגען די קאַנאַקען, וועלכע זיינען געווען ווילדע!

---

## III.

## מיינע שוואַרצע שילער.

יאָ, אמת׳ע ווילדע... זאָגאַר מענשענפֿרעסער!

איידער איך בין געקומען קיין ניי-קאַלעדאָניען האָב איך געמיינט, אַז דער קאַניבאַליזם איז אַ לעגענדע, אַן אויסגעטראַכטע מעשה, כדי איבער-צושרעקען די אייראָפּעער און דער עיקר די אויספֿאָרשער.

און דאָך זיינען די קאַנאַקען געווען מענשענפֿרעסער, אָדער, אויב זיי האָבען שוין אפילו דאַן ניט געגעסען קיין מענשענפֿלייש, זיינען זיי אַמאָל זיכער געווען קאַניבאַלען.

איינער אַ קאַנאַק פֿון סיפֿו מיט׳ן נאָמען קאָיאַ, מיט וועמען איך האָב געהאַט די געלעגענהייט עטליכע מאָל זיך דורכצושמועסען, האָט מיר ער-קלעהרט פֿאָלגענדעס:

„די ווייסע זאָגען, אַז מיר עסען מענשען-פֿלייש. ס׳איז ניט אימער אַ ליגען. מיט אַ לאַנגע צייט צוריק איז מענשענפֿלייש געווען אונזער איינציגע שפּייז. דערנאָך זיינען אַוועק אונגעהייער פֿיעלע יאָהרען און מיר האָבען דעם טעם דערפֿון ניט פֿערזוכט... דערנאָך איז דאָס ווידער געקומען.

„אָפּט האָט אונז דער הונגער דערצו געטריבען, און צייטענווייז אויך דער מורא׳דיגער צאָרן, וואָס מיר האָבען געהאַט געגען געוויסע שונאים אונזערע.

„פֿאַר דעם גרויסען שטורם-ווינד, וועלכער האָט געמאַכט אַ תל פֿון דעם אינזעל, זיינען מיר געווען גליקליך. מיר האָבען געהאַט אַלעס וואָס מיר האָבען געוואונשען. די ערד איז אויסגעטריקענט געוואָרען און מענשען זייי-נען געוואָרען אַסך, אַזוי אַז מיר זיינען געצוואונגען געווען זיך צו הרג׳-ענען איינע די אַנדערע...

„און די בעזיעגטע האָבען געדיענט אַלס שפּייז פֿאַר די זיעגער..."

אָט ווי אַזוי דער רייזענדער זשול גאַרניע, וועלכער האָט אין 1867טען אויסגעפֿאָרשט ניי-קאַלעדאָניען, בעשרייבט אַ קאַניבאַלישע סעודה פֿון די קאַנאַקען:

אַ דוצענד מענשען זיינען געזעסען לעבען אַ גרויסען פֿייער.

אויף ברייטע בלעטער פֿון אַ באַנאַנען-בוים, אין מיטען פֿון דער קאָמ-פּאַניע, איז געלעגען אַ באַרג מיט פֿלייש, אַרומגערינגעלט מיט פֿערשיע-דענע קרייטיכער.

דער דאַמפּף, וואָס איז אַרויס פֿון דיזע געבראָטענע פֿלייש, איז צוגע-קומען ביז צו אונז, און איך האָב זיך געסטאַרעט פֿערהאַלטען דעם אָטהעם, אום ניט איינצואָטהמען אַזאַ מין שרעקליכען גערוך.

די קאַנאַקען האָבען זיך מיט אַפּעטיט גענומען צו זייער באַרבאַרישער מאָהלצייט, וואָס זיי האָבען געמאַכט פֿון דעם פֿלייש פֿון זייערע אונגליקליכע קאַמעראַדען.

פֿון ווייטען האָב איך געזעהן דעם לאָך, וואו מען האָט געבראָטען די גליעדער זייערע, וועלכע מען האָט אַפֿריהער צושפּאָלטען און פֿונאַנדערגע-נומען מיט אַ האַק.

אַן אָפּענע פֿרייד איז געווען אויסגעגאָסען אויף די פּנים׳ער פֿון דיזע שדים.

זיי האָבען געגעסען מיט ביידע הענד.

אָט די סצענע איז געווען אַזוי אויסערגעוועהנליך, אַז זי האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ חלום, און מיר האָט זיך עפּעס געוואָלט צו-געהן צו זיי, אום זיי אָנצוריהרען און ריידען מיט זיי, כדי זיך איבערצייגען, צי דאָס איז אַ ווירקליכקייט.

איין זאַך איבערהויפּט האָט צוגעצויגען מיין גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט.

פּונקט אַנטקעגען מיר, און גוט בעלויכטען דורך דעם שיין פֿון פֿייער, איז געזעסען אַן אַלטער קאַנאַק מיט אַ ווייסער באָרד, מיט אַן איינגעפֿאַלענע ברוסט און אויסגעדאַרטע אָרעמס.

אָט אפּנים ער האָט ניט געהאַט אַזאַ גרויסען אַפּעטיט ווי זיינע יונגע חברים; דערפֿאַר האָט ער זיך בענוגענט מיט אַ קאָפּ, וועלכען ער האָט גענאָגט, אָנשטאָט אַ שטיק מיטעלסטע פֿלייש...

דער קאָפּ איז געווען גאַנץ, וואָרים בעטראַכטענדיג דעם מאַרך פֿאַר אַ הייליגען צייכען, צוברעכען די קאַנאַקען קיינמאָל ניט דעם קאָפּ פֿון זיי-ער אָפּפֿער.

נאָר די האָר זיינען געווען אָבגעסמאַליעט. קיין באָרד האָט נאָך ניט פּאַספּייעט אַרויסצושפּראָצען אויף דעם געזיכט פֿון דעם אונגליקליכען יונגען קרבן, און דער אַלטער טייוועל האָט זיך צוגעכאַפּט צו דעם דאָזיגען פּנים און האָט אַראָבגעגריזעט אַלע פֿליישיגע טהיילען זיינע, די נאָז און די באַקען...

עס זיינען אַלזאָ נאָך איבערגעבליבען די אויגען, וועלכע זיינען געווען האַלב אָפּען און האָבען אויסגעזעהן אַזוי ווי זיי וואָלטען נאָך געלעבט.

דער אַלטער קאַנאַק האָט גענומען אַ שפּיציג שטיקעל האָלץ און האָט עס אַריינגעשטאָכען אין די צוויי אויגען-לעכער.

מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ער טהוט עס, כדי פּטור צו ווערן פֿון דיזען בליק, וועלכער צושטערט איהם זיין גאַנצען פֿערגניגען. אָבער ס׳האָט זיך גאָרניט אָנגעהויבען. ער האָט עס געטהאָן איינפֿאַך אום צוצוקומען צום מאַרך און איהם קענען אויסזויגען.

עטליכע מאָל האָט ער אַזוי דורכגעבויערט מיט דעם שפּיציגען שטעקעל די אויגען-לעכער און דערנאָך געקלאַפּט מיט׳ן קאָפּ אָן אַ שטיין, אום אַרויס-צוקריגען די שטיקלאַך מאַרך פֿון אינעווייניג. ער האָט זיך בעהאָלפֿען מיט

די מאָגערע פינגער זיינע, נאָר דאָס איז אַלץ ניט גענוג געווען. דער אַלטער שד האָט געוואָלט אַרויסקריגען אַלעס וואָס איז געווען אינעווייניג, און ער האָט דעם קאָפּ צוגעלייגט צום פייער, און דורך דער היץ האָט זיך דער מאַרך צולאָזט און האָט אַרויסגעפלאָסען דורך די פערשיעדענע עפנונגען פון דעם שאַרבען.

און דער אַלטער טייוועל האָט זיך צופריעדענגעשטעלט...

גליקליכערווייזע האָבען זיך די קאַנאַקען אַביסעל ציוויליזירט, קומענדיג אין בעריהרונג מיט די אייראָפּעער.

ווען איך זאָג, אַז זיי האָבען זיך ציוויליזירט, איז דאָס בלויז אַזאַ'ן אויסדרוק.

זיי האָבען כמעט אין גאַנצען אויפגעגעבען די מענשענפרעסעריי, אָבער אַ טהייל פון זיי האָבען, לײדער, איבערגענומען ביי די ווייסע זייערע פעה-לערן און זייער פערדאָרבענהייט!

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַז איך בין אָנגעקומען אין ניי-קאַלעדאָניען זיינען די קאַנאַקען נאָך גע-ווען זעהר געפעהרליך.

זיי פלעגען אָפט אָנפאַלען ענטוועדער אויף די קאָלאָניסטען, אָדער אויף די פערשיקטע, און זיי האָבען זיך איבערהויפּט צוגעוועהנט צו בעטראַכטען אַלס שונאים די אַלע, וועלכע האָבען ניט געהאַט אַזאַ קופּערנע הויט ווי זיי.

דיזע אָרעמע ווילדע האָבען מיך שטאַרק פעראינטערעסירט. זיי האָבען גאָרניט אויסגעזעהן אַזוי בייז אין ווילד, ווי מען האָט זיי פאָרגעשטעלט.

אין זייערע אויגען האָט מען זאָגאַר געקענט לייענען אַ געוויסע אינטע-ליגענץ, נאָר זיי זיינען געווען שרעקליג אַזוי ווי חיות, וועלכע האָבען קיינמאָל קיין מענשען ניט געזעהן.

איין אָוענד בין איך אַוועק צו זיי אויף אַ בעזוך.

— ווי אונפאָרזיכטיג דאָס איז פון אייער זייט, לואיזע,—האָט מיר איינער פון די פערשיקטע געזאָגט.—אָט אַפנים איהר ווייסט ניט, אַז די דאָזיגע קאַנאַקען זיינען פעהיג אייך צו הרג'ענען... זיי האָבען שוין אַוועק-גע'פטר'ט היבשע עטליכע ווייסע.

— נאַ, מיר וועלען זעהן,—האָב איך געענטפערט.

און איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט צום לאַגער פון די קאַנאַקען, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ וואַלד, אין מערב-זייט פון דעם האַלב-אינזעל דיקאָס.

ס'איז געווען נאַכט, ווען איך בין אָנגעקומען צו די ווילדע אין לאַגער.

זיי זיינען געזעסען אויף דער ערד און די לבנה האָט אַראָבגעשיינט אויף זיי און בעגאָסען דעם גאַנצען געגענד מיט אַ זיסער, שטילער ליבטיגקייט.

כ'האָב זיך געלאָזט צוגעהן נאָהנט צו זיי.

אַז זיי האָבען דערהערט מיינע טריט, האָבען זיי אויפגעהויבען די קעפ און אַרויסגעלאָזט אַ פערצווייפעלטען געשריי.

די מענער זיינען אויפגעשפרונגען אין האָבען זיך געשטעלט אויף די פיס, די פרויען האָבען גענומען די קינדער אויף די אַקסלען.

אַז איך בין שוין געווען ניט מעהר ווי עטליכע טריט ווייט פון די קאַנאַקען האָב איך זיי געזאָגט: „גו שענערע", (איך פריינדליכע שוועסטער).

אָט אַפנים איך האָב ניט גוט אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, מחמת ס'האָט אויסגעזעהן, אַז זיי פערשטעהען מיך ניט.

כ'האָב ווידערהאָלט דיזע צוויי קאַנאַקישע ווערטער און ענדליך האָבען די נעגערס בעגריפען וואָס איך זאָג.

נאָר זיי האָבען קיין צוטרוי ניט געהאַט צו מיר.

ס'קען זיין, זיי האָבען גערעכענט, אַז איך בין געשיקט צו זיי פון זייערע שונאים.

איינער פון זיי איז צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיר אין אַ שלעכטען פראַנצויזיש געפרעגט:

— ווער ביסט דו? וואָס ווילסט דו?

— ביסט געשיקט צו אונז פון די שלעכטע ווייסע?

— ניין, — האָב איך געענטפערט — כ'בין אַ פריינדין...

— ביסט מן הכתם אַנטלאָפען פון קערקער און דו האָפסט, אַז מיר וועלען דיך בעהאַלטען?... אָבער קאַנאַקען בעהאַלטען קיינמאָל ניט קיין אַרעסטאַנטען.

— איך בין ניט אַנטלאָפען, — האָב איך ערקלעהרט.

מען האָט געקענט זעהן אויף די פנים'ער פון די נעגערס, אַז זיי זיינען ערשטוינט.

דער, וואָס האָט אויסגעזעהן צו זיין דער עלצטער זייערער, האָט מיך אָנגענומען פאַר'ן אָרים און געזאָגט:

— אויב דו ביסט ניט קיין אַנטלאָפענע, קענסט דו זיך אַנידערזעצען צווישען אונז. אָבער טאָמער נאַרסט דו אונז!...

דער קאַנאַק האָט ניט געענדיגט.

ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד און געוויזען אויף די כאַטקעס פון דעם געפענגניס זייערן, וואו מען האָט געקענט זעהן ליכט אין די פענסטער.

אַ קאַנאַקען-פרוי, וואָס האָט געהאַלטען צוויי „פיקיניני" (קינדערלאַך) אויף די הענד, האָט געהייסען איינעם פון די ווילדע, ער זאָל מיר מאַכען אַ וויין-פלאַץ פון בלעטער, און איך האָב זיך אַנידערגעזעצט צווישען דער גרופע.

אַ ווייַלע איז געווען שטיל.

די קאַנאַקען האָבען נאָך אַלץ געהאַט אַ פערדאַכט אויף מיר.

מיין פלעצליכע ערשיינונג האָט זיי עפּעס ניט אויסגעוויזען נאַטירליך.

ענדליך רופט זיך דער עלצטער אָב צו מיר:

— ביסט שוין לאַנג אין קאַלעדאָניען?

— צוויי מאָנאַט,—האָב איך געענטפערט.

— דו, אַודאי אַ פערברעכערין? האָסט געקוילעט דיין מאַן? אָדער פּילייכט פער׳סם׳ט דיינע ברידער?.. .

— ניין,—האָב איך געענטפערט מיט אַ שמייכעל.—איך בין ניט קיין פערברעכערין.

דער קאָנאָק האָט ניט געוואוסט וואָס איבערצוקלעהרען.

— היינט פאַר וואָס זשע—האָט ער געפרעגט—האָבען דיך די ווייסע פון אייראָפּאַ פערשיקט אהער?

ס׳איז געוועזען גאַנץ שווער צו ערקלעהרען אָט די ווילדע מיין אַנטהייל-נעהמען אין דער קאָמונע.

דאָך האָב איך געפּרואווט זיי געבען צו פערשטעהן די אורזאַכען, וואָס האָבען געפיהרט דערצו, אַז מיינע שונאים זאָלען מיך פערשיקען קיין ניי-קאַלעדאָניען.

— אין פראַנקרייך, — רוף איך זיך אָב, — זיינען פאַרהאַן גוטע און שלעכטע.

די שלעכטע זיינען די, וואָס אונטערדריקען דאָס פאָלק: די, וואָס אַר-בייטען צו ערנעהרען די רייכע...

כ׳האָב אַלזאָ, מיט נאָך פיעל אַנדערע פריינד, געוואָלט אַרונטערוואַרפען די שלעכטע פון זייער מאַכט.

— אַלזאָ, דו אַ גוטע,—האָט דער קאַנאַקען-עלצטער געזאָגט.—דו אַ בעש׳צערין פון די אונגליקליכע.

דער ווילדער האָט מיך ווי עס איז פערשטאַנען.

דערנאָך האָב איך איהם ערקלעהרט, אַזוי דייטליך ווי מעגליך, די פּער-שיעדענע פאַזען פון דעם קאַמפּף, וואָס האָט פערפלייצט פאַריז מיט בלוט, און ס׳איז איהם ניט שווער אָנגעקומען צו פערשטעהן די ראָלע, וואָס איך האָב געשפּיעלט.

— דו אַ קעמפּפערין, ווי מיר,—האָט ער געזאָגט.—דו האָסט זיך גע-שלאָגען פאַר דיינע ברידער, אָבער דו ביסט בעזיעגט געוואָרען, ווי די אָרע-מע קאַנאַקען, ויען זיי האָבען זיך געשטעלט געגען די ווייסע.

אין דער עלצטער איז אַנשווייגען געוואָרען אייף אַ ווייכע און דערנאָך האָט ער ווידער געזאָגט:

— יאָ, יאָ, די שלעכטע תמיד מעהר איידער די גוטע... זיי שטענדיג שעכט, און בלייבען גערעכט...

פון יענעם טאָג אָן האָבען די קאַנאַקען געמאַכט אַן אינטערשיעד צווי-שען די געוועהנליכע אַרעסטאַנטען אין די פּאָליט׳שע פערשיקטע, אין מען וועט זעהן, אַז מיין בעזוך ביי די אויסטראַליער נעגערס איז ניט געבליבען אָהן אַ געוויסען רעזולטאַט.

אין עטליכע טעג אַרום איז אַ געוויסער קאָמונאַר מיט׳ן נאָמען וו. אַנט-

לאָפּען פון דעם האלב-אינזעל דיקאָס אין האָט זיך בעהאַלטען ערגעץ אין דער וויסטע.

ווי דער שטייגער איז, זיינען די נעגערס געווען גרוויזאַם צו די אַנטלאָ-פּענע און זיי האָבען זיך מיט זיי בעגאַנגען אָהן אַ שום רחמנות.

זיי פּלעגען זיי אַרעסטירען, זיי גלייך בינדען און זיי אָבפּיהרען אין זייער נעפּענגנים.

נאָר גליקליכערווייזע איז וו. אַריינגעפּאַלען גראָד צווישען דעם ווילדען שבט, ביי וועמען איך בין געווען אויף בעזוך.

דער עלצטער האָט איהם קודם כל אַ פּרעג געטאָן:

— דו... מערדער... אָדער דו אַ פּריינד פּון די אונגליקליכע?

דער אַנטלאָפּענער האָט תחילת ניט פּערשטאַנען וואָס דער קאַנאַק מיינט.

דער ווילדער האָט זיך ערקלעהרט און וו. האָט ענדליך בעגריפּען אַז די נעגערס, צו וועמען ער איז אַריינגעפּאַלען, מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען געוועהנליכע פּערברעכער און פּאָליטישע פּערשיקטע.

ער האָט געטהאָן אַזוי ווי איך, ער האָט גערעדט פּון דער קאָמונע, וועגען דעם קאַמפּף געגען די אונטערדריקער, און דער שעף פּון די קאַנאַ-קען האָט זיך אָבגערופּען צו איהם:

— כ׳וואָלט דיך געדאַרפּט אָבפּיהרען אין טורמע, נאָר... דו ניט קיין שלעכטער, דו אַ גוטער, ווי דיין ווייסע שוועסטער, וועלכע איז געווען ביי אונז צו גאַסט... כ׳וועל דיך אָבפּיהרען צוריק אין דער וויסטע, און דו קענסט בלייבען דאָרט אַזוי לאַנג ווי דו וועסט וועלען. אונזערע ווייבער וועלען דיר ברייננען עסען אַהין.

וו. איז געבליבען בעהאַלטען אויף׳ן אינזעל ביז וואַנעט אַ זעגעל-שיף האָט איהם מיטגענומען קיין מעלבורן.

און איך מיין, אַז די קאַנאַקען אַליין האָבען איהם צוגעהאָלפּען צו אַנט-לויפּען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי ווי אַלע אַנדערע פּרימיטיווע פּעלקער, האָבען די קאַנאַקען איבער-הויפּט אַ רייכע פּאַנטאַזיע.

און דאָס וואָרט איז ביי זיי הייליג.

די קאַנאַקישע בעפּעלקערונג, ווי עס ווערט אָבגעשאַצט, בעשטעהט פּון איבער פּערציג טויזענד פּערזאָן.

מענער זיינען דאָ פּיעל מעהר איידער פרויען.

די שדוכים ווערן געשלאָסען פּון די עלטערן בעת די פּאָרלאַך, דער חתן מיט דער כלה, זיינען נאָך קליינע קינדער.

דעם מיידעל׳ס עלטערן קריגען מתנות, פּערשיעדענע עסענוואַרג, פּון די מחותנים פּון חתן׳ס צד; דערמיט, הייסט עס, איז די קניה געמאַכט און קיין זאַך קען זי ניט מבטל זיין.

אויף אַזאַ'ן אופן מאַכען זיך אָפּטמאָל ניט קיין געלונגענע שידוכים, און די פּרוי האָט דאַן קיין אַנדער ברירה ניט נאָר צו אַנטלויפען פון דאָרף.

איינער פון די ספּעציעלע ניי-קאַלעדאָנישע מנהגים איז דאָס וואָס די מענער וואוינען בעזונדער, אָבגעטהיילט פון זייערע פרויען און קינדער.

פונדעסטוועגען זיינען זיי זעהר אייפערזיכטיג אויף זייערע ווייבער, און זיי זיינען אים שטאַנד זיי צו הרג'ענען, ווען זיי ווערן זיי אונטריי.

אַז אַ קאַנאַקען-פרוי ווערט אונטריי דעם מאַן, נעהמען זיך צונויף די מענער פון דעם אָבגענאַרטען מאַן'ס שבט און יאגען זיך נוקם אָן איהר דערמיט וואָס זיי טהוען אָן די גרעסטע יסורים די פרוי פון דעם מאַן, מיט וועמען די קאַנאַקין האָט געזינדיגט...

די מענער קענען האָבען אַזוי פיעל ווייבער וויפיעל זיי קענען נור ערנעהרען; זיי מאַכען זיי פאַר זייערע שקלאַפינען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב בעשלאָסען צו גרינדען אַ שולע פאַר די קאַנאַקען.

···· אַז איך האָב דערצעהלט עטליכע פון מיינע פריינד וועגען מיין פלאַן, האָבען זיי זיך צולאַכט.

— אָבער, גוטע לואיזע, וואָס רעדט איהר? — האָבען זיי מיר געזאָגט.
— אַ שולע פאַר די ווילדע? זיי וועלען ניט אָנהויבען קומען.
— דאָס וועלען מיר שוין זעהן, — האָב איך געענטפערט.

און אין אַן אַלטע כאַטע פון ברעטער, פלעג איך צונויפנעהמען יעדען זונטאָג ביז אַ צוואַנציג שוואַרצע.

זעלטען ווען איך האָב געהאַט בעסערע שילער, מיט מעהר פלייס און מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט איידער די דאָזיגע.

דער קאַנאַק איז נייגיריג און פערשטענדיג. ער פאַסט גרינדליך אויף אַלעס, וואָס מען זאָגט איהם.

אין דיזע ניט-ענטוויקעלטע מוחות ווערן די נייע זאַכען טיעף איינגעקריצט, בעסער אפשר איידער אין אונזערע מוחות, וועלכע זיינען פערטומעלט פון פאַרטיגע תירות און צוגעשניטענע כללים פון לעבען.

מיינע שילער האָבען געמאַכט שנעלע פאָרטשריטע.

נאָר פערשטעהט זיך, אַז דער אַדמיניסטראַציע האָט דיזע ערציהונג פון די שוואַרצע גאָרניט געשמעקט.

איין טאָג האָט מיר אַן אַדמיניסטראַטאָר געשיקט רופען און מיר געזאָגט:
— מען וועט מוזען פערמאַכען אייער שולע.
— פאַרוואָס עפּעס?
— ווייל איהר פערטומעלט די קעפ פון די קאַנאַקען מיט שערליכע לעהרען...
— אַזוי גאָר? — האָב איך געזאָגט.
— נו יאָ... אַנומאָלט האָט איהר מיט זיי גערעדט פון מענשליכקייט, פון

געזעכטיגקייט, פֿון פֿרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט... דאָס זיינען אוננאַ-טירליכע זאַכען. מען טהאָר מיט די מענשען ניט ריידען פון בעפֿרייאונג... ס׳קען אַמאָל ווערן געפֿעהרליך.

כ׳האָב פֿערשטאַנען וואָס ער מיינט.

די קאַנאַקען מוזען בלייבען ווילדע, פֿערגראָבטע בְרואים.

ס׳איז פֿערבאָטען זיי אויפֿצועפֿנען די מוחות.

אָרעמע ווילדע!

אַ שאָד, וואָס מען האָט זיי ניט צוגעשיקט גאַליפֿע׳ן, ער זאָל זיי גע-בען לעקציעס אין מענשענפֿרעסעריי!

— — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר ווי מען קען זיך משער זיין, האָב איך ניט אָנגעהויבען קוקען אויף די בעפֿעהלען פֿון דער אַדמיניסטראַציע.

אָנשטאָט זיי צו אונטערריכטען אין אַ פֿערמאַכטען פלאַץ, האָב איך עס געטהאָן אונטער׳ן פֿרייען הימעל, אונטער די בוימער, ווייט פֿון די וועכטער׳ס בליקען.

איין טאָג, ווען איך בין זיך געזעסען רוהיג צווישען מיינע שוואַרצע שילער אין דעם שאָטען פֿון אַ קליינעם וועלדעל, איז פלוצלונג ערשיענען אַ וועכטער מיט׳ן נאָמען דע רענעל.

— אַה, כ׳האָב אייך געפֿאַקט, — האָט ער אַ געשריי געטהאָן. — מען האָט אייך דאָך אָנגעזאָגט, איהר זאָלט ניט לערנען מיט דיזע אידיאָטען... אַלאָ, מאַרש פֿון דאַנעט, און שנעלער אַביסעל!

און אַזוי ווי איך האָב זיך געמאַכט ניט הערענדיג, איז דער וועכטער צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיך מיט רציחה אַ שלעפּ געטהאָן ביי דער האַנד.

דער דאָזיגער שריט זיינער האָט איהם שיער ניט געקאָסט דאָס לעבען.

צוויי געזונדע אָרעמס האָבען איהם אַ כאַפּ געטהאָן, איהם אויפֿגעהויבען פֿון דער ערד און איהם אַ שליידער געטהאָן עטליכע מעטער די ווייט, צווישען שטעכעדיגע דערנער.

דאָס איז געווען אַ היבשער וואָרף. מחמת רענעל האָט זיך שוין אַליין ניט געקענט אויפֿהויבען.

אַזוי ווי ער איז געבליבען אויסגעצווינען צווישען די דערנער, האָב איך געבעטען צוויי קאַנאַקען, זיי זאָלען געהן איהם ברייגען.

באַלד איז דער אָרעמער וועכטער צוריקגעקומען.

ער איז געווען האַלב טויט פֿאַר שרעק און שטאַרק צוקאַליעטשעט.

אָבענד-צייט, אַז איך בין אַריינגעקומען צוריק אין לאַגער, האָט מיך דער אויבער-וועכטער געשיקט רופֿען.

— צוליעב אייך, — האָט ער מיר געזאָגט — האָבען די קאַנאַקען שטאַרק פֿערוואונדעט אַ וועכטער, ווער איז דער, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנגריף אויף רענעל׳ן?

כ׳האָב ניט געענטפֿערט.

— היט זיך, זאָג איך אייך; אויב איהר וועט זיך איינ׳עקשן׳ן און ניט אויסזאָגען דעם נאָמען פֿון דעם ווילדען, וועט איהר בעשטראָפֿט ווערן אָנ-שטאָט איהם...

— טהוט וואָס איהר ווילט,—האָב איך געענטפֿערט.

דער אויבער־וועכטער האָט אַ וואונק געטהאָן און איינער פֿון זיינע לייט איז צוגעקומען.

— פֿיהרט אָב אָט די פֿרוי אין דער אָבטהיילונג פֿון די אונפֿערבעסער-ליכע,—האָט ער געזאָגט.

אין דער רגע איז צוגעקומען צו דעם אויבער-וועכטער אַן אַרעסטאַנט מיט׳ן נאָמען מיעט.

— איך קען דעם נאָמען פֿון׳ם קאַנאַק; כ׳האָב געזעהן די סצענע פֿון ווייטען.

— און ווי רופֿט ער זיך?

— קיאָ.

— אַה!—האָט דער וועכטער אַ געשריי געגעבען—ס׳איז קיאָ, דער וואָס האָט שוין עטליכע מאָל געהאַט צו טהאָן מיט די בעאַמטע פֿון דעם אינזעל.

— יאָ.

— גוט, זיין רעכנונג איז געמאַכט... דער גובערנאַטאָר וועט איהם אודאי ניט שאַנעווען. און דיך, מיעט, וועט מען געוויס וויסען ווי צו בעלוינען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען אין דער פֿריה האָט מען קיאָ׳ן געבראַכט אין טורמע, בעגלייט פֿון עטליכע וועכטער. מען האָט איהם גלייך פֿערהערט און ניט געמאַכט מיט איהם קיין סך שהיות: מען האָט איהם פֿער׳משפט צו קריגען פֿינף און צוואַנציג שמייץ מיט אַ דיקען שטריק.

דער קאַנאַק האָט אַריבערגעטראָגען די יסורים פֿון זיין שטראָף אָהן אַ קרעכץ אפילו.

אַז דער שטריק האָט זיך דאָס לעצטע מאָל אַרונטערגעלאָזט אויף זיינע פּלייצעס, האָט ער אַ קוק געטהאָן זיין תליון גלייך אין פנים אַריין און גע-פֿרעגט:

— בין איך פֿריי אַצונד?

— יאָ,—האָט מען איהם געענטפֿערט.

קיאָ האָט לאַנג ניט געוואַרט.

ער האָט געכאַפּט די פֿיס אויף די פּלייצעס, און אַרויסלאָזענדיג אַ מורא׳-דיגען געשריי איז ער נעלם געוואָרען אין דער וויסטע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עטליכע טעג זיינען אריבער.

אז איך בין ארויס פון תפיסה—וואו מען האט מיך פערשפארט אויף א האלב יאהר צייט—האב איך זיך געסטארעט דערגעהן וואס ס'איז געווארען מיט קיא'ן.

צווישען זיין שבט האט ער זיך ניט געוויזען פון דעם טאג אן, וואס מען האט איהם געגעבען די שמייך.

קיא איז געווען בעהאלטען.

ער האט אבגעווארט דעם וואס האט איהם גע'מסר'ט, און דער קאנאק איז קיינמאל ניט מוחל די מוסרים.

איין פריה-מארגען האט מען געפונען מיטע'ן א דער'הר'געטען אונטער א בוים, מיט א צושפאלטענעם מוח און מיט א דערשטאכענע ברוסט...

ס'האט קיין ספק ניט געקענט זיין, אז קיא האט גע'הרג'עט דעם ארעסטאנט.

מען האט זיך ארויסגעלאזט איהם זוכען, נאר ס'איז געווען אומזיסט; קיא האט זיך בעהאלטען, און גוט בעהאלטען.

נאר איינמאל האט מען איהם געזעהן לויפען אויף א הויכען פעלז. מען האט אויסגעשאסען אין איהם, און דער קאנאק איז פערשוואונדען.

איז ער געשטארבען? איז ער ארונטערגעפאלען ערגעץ וואו אין א טיעפען אבגרונד.

ווער ווייס?...

## IV

## די קרבנות.

איך בין שטארק צוגעבונדען געווארען צו א מיידעלע מיט'ן נאמען וואלענטין מ., די טאכטער פון א פערשיקטען.

ס'איז געווען א וואונדערבארעס קינד: א פאר גרויסע בלויע אויגען האבען בעלויכטען איהר שעהנעם בלייכען פנים. זי האט געוואונען די ליעבע פון יעדען איינעם פון אונז.

נאר איך האב בעמערקט, אז די קליינע וואלענטין איז שטענדיג פער-טרויערט און אז זי בעהאלט זיך אויס פון איהרע עלטערן.

אפטמאל פלעג איך איהר טרעפען וויינענדיג לעבען איהר שטיבעל.

דיזער שמערץ ביי א קליין מיידעלע האט מיך שטארק איבערראשט.

וואלענטין לאנגווייליט זיך מן הסתם אין ניי-קאלעדאניען, האב איך זיך געטראכט. זי בעדויערט אודאי איהר פראנקרייך, די שעהנע שטאדט פאריז, וואו זי איז געבוירען געווארען...

און איינמאל, ווען איך בין געווען אליין מיט וואלענטינען, האב איך זי גענומען אויספארשען, וואס מיט איהר טהוט זיך.

— פֿאַרוואָס וויינסט דו כסדר אָהן אַן אויפֿהער? — האָב איך איהר געפֿרעגט. — וואָס זשע, דו פֿיהלסט זיך ניט גליקליך דאָ?

דאָס קינד האָט ניט געענטפֿערט.

— הער צו, — בין איך פשוט צוגעשטאַנען צו איהר — דערצעהל מיר, וואָס דיר איז אַזוינס, וואָס דריקט דיר אַזוי אויף'ן האַרצען? דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב דיך ליעב...

וואַלענטין האָט זיך שלוכצענדיג אַריינגעוואָרפֿען צו מיר אין די אָרעמס.

דאָס האָט מיך זעהר געריהרט. איך האָב איהר געגומען איינשטילען, איהר בעטען, זי זאָל אויפֿהערן וויינען. דאָס אָרים קינד האָט זיך מיט אַלע קרעפֿטען אָנגעשטריינגט איינצוהאַלטען איהרע טרעהרען, און זי האָט מיר פֿערשפּראָכען, אַז זי וועט שוין מעהר ניט וויינען.

נאָר וואָס מיט איהר איז, האָט זי נאָך אַלץ ניט געזאָגט.

— אָבער זאָג מיר פֿאָרט, וואָס דריקט דיר? דיינע עלטערן האָבען זיך פֿילייכט געבייזערט אויף דיר?

— אָה! — האָט דאָס קינד געענטפֿערט — מיינע עלטערן האָבען מיר קיינמאָל קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט. זיי זיינען אַזעלכע גוטע, אַזעלכע גוטע...

— וואָס זשע דען? בייינקסט נאָך פֿראַנקרייך?

— נאָך פֿראַנקרייך! יאָ, כ'וואָלט געבייינקט נאָך דעם, ווען איך וואָלט דאָרט איבערגעלאָזען די, וואָס איך האָב ליעב. אָבער זיי זיינען דאָך דאָ, לעבען מיר.

— טאָ פֿאַרוואָס זשע וויינסט דו פֿאָרט אָהן אַן אויפֿהער? פֿאַרוואָס ביסט דו שטענדיג אַזוי טרויעריג?

די קליינע וואַלענטין האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, אום צו זיין זיכער, אַז קיינער אויסער מיר הערט זיך ניט צו, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— הערט אויס, מאַמאַ לואיזע, (אַזוי פֿלעגט זי מיך רופֿען), כ'וועל אייך עפּעס דערצעהלען, נאָר זאָגט מיר צו, אַז איהר וועט עס קיינעם ניט זאָגען.

— כ'גיב דיר מיין וואָרט דערויף.

דאָס קינד האָט געשוויגען אַ ווייַלע, דערנאָך האָט זי מיר אָנגענומען ביי די הענד און געזאָגט:

— איהר האָט אַלזאָ אויך בעמערקט, אַז איך בין טרויעריג?

— ווי אַזוי זאָל מען עס ניט בעמערקען?...

— אַלזאָ, דאָס זעהט זיך אָן אויף מיר?

— יאָ, — האָב איך געענטפֿערט.

— כ האָב מורא, מיינע עלטערן קענען נאָך בעמערקען מיין האַרצווייטאָג...

— אָבער, — האָב איך געזאָגט — אויב דו האָסט וואָס פֿאַר ס'איז האַרצווייטאָג, דאַרפֿסט דו דאָך עס דערצעהלען דיינע עלטערן. זיי קענען דאָך דיך בעסער טרייסטען ווי אירגענד וועלכער אַנדערער.

דאָס מײדעלע האָט זיך אַ טרײסעל געטהאָן פֿון שרעק.

— אָה, ניין, ניין! — האָט זי געזאָגט — מײן פֿאָטער און איבערהױפּט מײן מוטער טהאָרען ניט װיסען דאָס װאָס איך װעל אײך דערצעהלען...

איך האָב אָנגעהױבען װערן אונרוהיג.

ענדליך האָט מיר װאַלענטין דערצעהלט איהר צרה.

— איהר װײסט, — האָט זי מיר געזאָגט — װי גוט מײנע עלטערן זײנען צו מיר. אַז איך בין מיט זײ צוזאַמען, סטאַרע איך זיך צו מאַכען אַ פֿרײליך געזיכט; נאָר אַז איך געפֿין זיך אַלײן, װײן איך, יאָ, איך װײן אָהן אױפֿהער, בײם געדאַנק, אַז איך װעל זײ גאָר אין גיכען מוזען פֿערלאָזען...

— זײ פֿערלאָזען? װאָס רעדסט דו?

— איהר װעט גלײך פֿערשטעהן װאָס איך מײן: נאָך אין פּאַריז זײענדיג בין איך שױן געװען קראַנק, כ'האָב שרעקליך געהוסט און געשפּיגען מיט בלוט. אָבער דאָס איז געװען אַ קלײניגקײט, און איך האָב געמײנט, אַז די קראַנקהײט װעט אַריבערגעהן. די ערשטע צײט, גלײך װי מיר זײנען אָנגעקומען אַהער, איז מיר בעסער געװאָרען; די זונן האָט מיר גוט געטהאָן, און איך האָב אָנגעהױבען האָפֿען, אַז איך װעל װערן פֿאָלשטענדיג געזונד. נאָר איצט, זעהט איהר, מוטער לואיזע, איצט איז מיר אַסך ערגער... איך הוסט אָהן אױפֿהער, איבערהױפּט בײנאַכט, און איך פֿיהל, אַז מײנע טעג זײנען געצעהלט. איך טהו אַלעס מעגליכע, זיך אױסצוהיטען, מײנע עלטערן זאָלען זיך ניט דערװיסען דערפֿון, נאָר איך זעה, אַז זײ װעלען עס סוף כל סוף בעמערקען... אָה, מײן גאָט! מײן גאָט!

און זי האָט װידער אױסגעבראָכען אין אַ געװײן.

איך בין געװען שטאַרק צורודערט. דאָך האָב איך געפּרואװט זי טרײסטען. איך האָב איהר געזאָגט, אַז מען מוז זיך זעהן מיט אַ דאָקטאָר, אַז איך האָב אַ בעקאַנטען אַרצט אױף'ן אינזעל, װאָס װעט איהר אױסהײלען.

דאָס קינד האָט אַ טרױעריגען שמײכעל געטהאָן.

— מיך אױסהײלען! — האָט זי מיט אַ זיפֿץ געזאָגט — נײן, דאָס איז אונמעגליך. אָה! װי אונגליקליך איך בין!

איך האָב איהר אָבער דאָך אײנגערעדט און זי איז מיט מיר געגאַנגען צו דיביעף'ן, דעם בעקאַנטען דאָקטאָר מײנעם, װעלכער האָט געװאױנט אין אַ קלײן שטיבעל בײם עק פֿון'ם האַלב-אינזעל.

ער איז גראָד געװען אין דערהײם, װען איך בין אַרײן צו איהם מיט װאַלענטינען.

— אָט איז אַ קלײן מײדעלע, װעלכע מײנט, אַז זי איז זעהר קראַנק, און װעלכע הערט ניט אױף צו װײנען, — האָב איך איהם געזאָגט.

דיביעף האָט בעטראַכט דאָס קינד און געזאָגט:

— ס'איז קײן שום בײז ניט מיט איהר, אַ פֿערקיהלונג, װײטער גאָרניט. כ'װעל איהר געבען אַ מעדיצין, און אין עטליכע װאָכען אַרום װעט זי פֿאָלשטענדיג אױסגעהײלט װערן.

נאָר דיביעף האָט מיר בעת מעשה אַ וואונק געטהאָן פון דער זייט, און איך האָב פערשטאַנען, אַז דאָס וואָס ער זאָגט איז נור לפנים.

און נאָכדעם ווי איך האָב בערוהיגט וואַלענטינען און איהר געבעטען, זי זאָל האָבען צוטרוי אין אונזער פריינד, דעם דאָקטאָר, האָב איך זי אומ-אַרמט און זי אַוועקגעשיקט אַהיים.

אַז זי איז אַרויס פון שטוב, האָט מיר דיביעף אויסגעזאָגט דעם גאַנצען אמת: דאָס אָרים קינד איז געוועזן פערלאָרען. זי האָט געהאַט די שווינדזוכט, און אין אַזאַ גראַד, אַז עס איז שוין ניט געוועזן צו העלפען.

— מען קען איהר דערהאַלטען ביים לעבען נאָך עטליכע וואָכען, נאָך עטליכע מאָנאַטען,—האָט ער געזאָגט—אָבער דאָס איז אַלעס...

אָרעמע וואַלענטין! זי האָט געוואוסט, אַז זי איז פערלאָרען. זי האָט געפיהלט ווי די כוחות געהען איהר אויס, און דאָך האָט זי געהאַט גענוג מוטה צו בעהאַלטען איהרע ליידען, אום ניט צו פערביטערן דאָס לעבען פון די איהריגע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ מאָנאַט אַרום, אַז איך בין געגאַנגען געוואָהר ווערן מיין קליינע פריינדין, האָב איך זי געפונען צו בעט.

זי האָט מיר געזאָגט, אַז נאָך אַלעמען האָט זי זיך פאָרט ניט אָבגע-נאַרט מיט איהר שרעק; אַז זי האַלט ביים סוף... נאָר איהרע עלטערן האָ-פען נאָך אַלץ.

און זי האָט מיך געבעטען, איך זאָל זיי טרייסטען.

נאָר וואָס האָט עס געהאָלפען? ס'האָט ניט גענומען לאַנג, און דאָס אָרים קינד איז געשטאָרבען.

זי ליגט איצט אויף'ן בית עלמן פון די פערשיקטע, לעבען אַ גראַניט-פעלז, ניט ווייט פון ים.

אָרעמע וואַלענטין! זי שטעהט מיר נאָך פאַר די אויגען, און ווען איך דערמאָן זיך אָן איהר, ווייז איך פונקט ווי אין דעם טאָג, ווען מיר האָבען איהר געפיהרט צו איהר לעצטער רוה!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דיזער טראַגישער טויט דערמאָנט מיר אויך אָן דעם טויט פון אַלבערט גראַנדיע, דעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „ראַפּעל".

גראַנדיע האָט איבערגעלאָזט אין פראַנקרייך אַ שוועסטער, וועמען ער ער האָט זעהר ליעב געהאַט און מיט וועמען ער האָט שטענדיג געוואוינט צוזאַמען.

ער האָט געהאָפט, אַז די אַדמיניסטראַציע וועט ערלויבען דיזע שוועס-טער זיינע קומען צו איהם קיין ניי-קאַלעדאָניען. אָבער ער האָט אומזיסט געהאָפט.

גראַנדיע איז געווען אַ מרה-שחורה'דיגער, אַ פֿערטראַכטער, אַ טרוימער.

ער האָט זיך קיינמאָל ניט בעקלאָגט. רוהיג האָט ער געוואַרט, האָפֿענדיג, אַז די ווערסאַילער וועלען ניט מאַכען קיין שוועריגקייטען און ערלויבען זיין שוועסטער צו פֿאָהרען קיין נײ-קאַלעדאָניע. נאָר זיינע האָפֿנונגען זיינען געווען אַרויסגעוואָרפֿען. די אַדמיניסטראַציע האָט זיך ניט אָנגעהויבען קימערן וועגען דער פֿראַגע און אַלע ביטעס, וואָס גראַנדיע האָט געשיקט, זיינען געבליבען אָהן אַן ענטפֿער.

יעדעס מאַל, ווען אַ שיף פֿלעגט צוקומען צום האַפֿען, האָט זיך גראַנדיע אַוועקגעלאָזט צום ברעג, מיט דער האָפֿנונג צו בעגעגענען דאָרט די שוועסטער זיינע וועמען ער האָט ערוואַרטעט.

איין טאָג, ווען ער איז געזעסען אויף אַ פֿעלז ביים ברעג ים, האָט ער פֿון ווייטען דערזעהן אַ שיף, וואָס איז געבליבען שטעהן אין מיטען ים.

גראַנדיע האָט קיין אויג ניט אַראָבגענומען פֿון דיזען שיף און אויף זיין פֿערצומערטען געזיכט האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אַ מערקווירדיגע פֿרייד.

אַ פֿריינד איז צוגעגאַנגען צו דעם אָרעמען פֿערשיקטען.

— וואָס קוקסט דו אַזוי? — האָט ער איהם געפֿרעגט.

— וואָס הייסט, — האָט גראַנדיע געענטפֿערט — זעהסט ניט?... איך קיק אויף דעם שיף. ס'קומט פֿון פֿראַנקרייך.

— ניין, דו האָסט אַ טעות, ס'איז איינפֿאַך אַ קוילען-שיף, וואָס קומט פֿון מעלבורן.

נאָר גראַנדיע האָט זיך בעגיגענט מיט אַ שמייכעל און איז געבליבען זיצען אויף'ן פֿעלז.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה איז ער אַליין געזעסען אויף'ן זעלבען פלאַץ, דעם קאָפּ צווישען די הענד און די אויגען אָנגעשטעלט אויף דעם ים אויסגיס, וואָס פֿיהרט אַריין קיין נומעאַ.

עטליכע קאַמעראַדען האָבען געפּרואווט איינ'טענה'ן מיט איהם און געבען צו פֿערשטעהן, אַז ער וואַרט אומזיסט, און אַז דער נעכסטער טראַנספּאָרט פֿון איראָפּאַ וועט ניט קומען פֿאַר אַ מאָנאַט צייט.

— און איך זאָג אייך, — האָט גראַנדיע געענטפֿערט, — אַז דאָס איז ניט קיין קוילען-שיף, ווי מען וויל מיר איינרעדען... ס'איז אַ דאַמפֿף-שיף!

— איבעריגענס, — האָט ער ווייטער געזאָגט, שאָקלענדיג דערביי מיט'ן קאָפּ, — איך זעה דאָך גאַנץ גוט אַלע פּערזאָנען, וועלכע געפֿינען זיך אויף'ן שיף... אָט, גיט אַ קוק דאָרט אין פֿראָנט... זעהט איהר ניט אַ פֿרוי אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, וועלכע מאַכט צו מיר מיט איהר טיכעל? ס'איז מיין שוועסטער, ב'דערקען איהר גאַנץ גוט... און עטליכע מינוט אַרים וועט זי זיין דאָ! ענדליך וועל איך שוין ניט זיין אַזוי איינזאַם דאָ אויף דיזער פֿערשאָלטענער ערד!

אין זיך אויפֿהויבענדיג, האָט גראַנדיע אָנגעוויזען מיט׳ן פֿינגער אויף אַ פונקט פֿון דעם האָריצאָנט, מורמלענדיג בעת מעשה:

— זעהט... דאָס שיף קומט אַלץ נעהנטער. אַה! אָט פֿעראַנקערט עס שוין, גיכער, גיכער! לאָמיר לויפֿען צום האַפֿען! קומט, וואָס שטעהט איהר?...

די פֿריינדע, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום דעם אונגליקליכען, זיינען געבליבען ווי די צומישטע.

מען האָט קיין שום שיף ניט געזעהן, דער ים איז געווען ליידיג און וויסט.

און דאָך האָט גראַנדיע ניט אויפֿגעהערט אָנווייזען זיינע קאַמעראַדען מיט דער האַנד אויף אַ שיף, וואָס ער האָט זיך איינגעבילדעט צו זעהן.

דער אונגליקליכער איז אַראָב פֿון זינען!

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַכט טאָג נאָכאַנאַנד איז ער אַרומגעלאָפֿען איבער׳ן ברעג ים און גע-מאַכט קולות און געוואַלדען.

מיט צרות פֿלעגט אָנקומען איהם צו געבען עפּעס עסען.

— אַ שיף! אַ שיף! — האָט ער אַלץ געשריען אָהן אַן אויפֿהער.

ס׳איז דאָך אונמעגליך געווען צו לאָזען דעם מענשען אַזוי אַרומלויפֿען און גאָרניט טהאָן פֿאַר איהם, אום איהם צו בערוהיגען.

עטליכע פֿון אונז האָבען זיך געווענדעט צו דער אַדמיניסטראַציע, און דער אויבער-וועכטער טורנעמין, ווען איך האָב שוין געהאַט אַ געלעגענ-הייט פֿריהער צו דערמאָנען, האָט זיי געגעבען פֿאָלגענדען „קלוגען" ענטפֿער:

— ער איז משוגע, זאָגט איהר? בעסער פֿאַר איהם... די משוגעים זיינען גליקליכער פֿאַר אונז, מחמת זיי ווייסען און פֿיהלען גאָרנישט. יואָס זשע, גראַנדיע מיינט, ער זעהט אַ שיף? לאָמיר איהם לאָזען מיט דיזער אילוזיע זיינער. ווען שאַדט עס?

— אָבער, — האָט זיך אָנגערופֿען איינער פֿון די פֿערשיקטע — פֿראַנקרייך, וואָס איז, זאָגט מען, אַ ציוויליזירט לאַנד, שיקט אַריין די משוגעים אין אַנשטאַלט, וואו מען גיט אויף זיי אַכטונג און וואו מען היילט זיי ציי-טענווייז אויס.

— דאָ האָבען מיר ניט קיין דאָקטוירים פֿון גייסטעס-קראַנקהייטען, — האָט טורנעמין געענטפֿערט. — אַחוץ דעם מיין איך, אַז ס׳איז בעסער צו לאָזען די וואַהנזיניגע אויף דער פֿרייהייט; די אָבגעשלאָסענקייט הרג׳עט זיי אַוועק. פֿערשטעהט זיך, אַז גראַנדיע וואָלט געווען געפֿעהרליך, וואָלטען מיר איהם איינגעשפּאַרט. דאָס וואָלט געווען אונזער פֿליכט. אָבער דער אָרעמער יונג טהוט דאָך קיינעם קיין שלעכטס ניט. לאָמיר איהם לאָזען אַרומלופֿען ביים ברעג פֿון ים.

— און אַז ער וועט זיך אַריינוואַרפֿען אין וואַסער?

— אַךְ וואָס, דאָס וועט ניט פּאַסירען!

אין די דעלעגאַציאָן איז אַוועק פֿון טורנעמינען מיט דעם וואָס זי איז געקומען...

אין עטליכע טעג אַרום האָט זיך גראַנדיע אויסגעדרעהט פֿון די פֿריינדע, וועלכע האָבען איהם געהיט, און איז נעלם געוואָרען.

אומזיסט האָט מען איהם אַרומגעזוכט איבעראַל; מען האָט איהם ניט געקענט געפֿינען.

— דער אונגליקליכער האָט זיך געמוזט דערטרינקען, — האָבען מיר זיך געטראַכט.

אָבער ניין, גראַנדיע האָט זיך ניט דערטרונקען.

איינמאָל נאָכמיטאָג האָט איהם אַ קאַנאַק מיט'ן נאָמען ראָהי געפֿונען אין דער ווילדעניש, ניט ווייט פֿון'ם וועג, וואָס פֿיהרט צום ים.

ניט האָבענדיג מעהר קיין כחות אַרומצולויפֿען, איז ער אַנידערגעפֿאַלען אויף דער ערד און די קעלט פֿון דער נאַכט האָט איהם דער'הרג'עט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די דיסציפּלין אויף די ניי-קאַלעדאָניער אינזלען איז וואָס ווייטער אַלץ שטרייגגער געוואָרען.

די ווערסאַילער האָבען אָהן צווייפֿעל אַרויסגעגעבען ספּעציעלע בע-פֿעהלען וועגען דעם.

די וועכטער האָבען זיך בענומען זעהר מילד מיט די איינפֿאַכע פֿער-ברעכער, זיינען געווען גוטע ברידער מיט זיי, אין דער צייט וואָס זיי האָבען אַרויסגעצייגט זייער גאַנצע שטרייגגקייט און ווילדקייט צו די פֿערשיקטע: די בעזיעגטע פֿון אַ אידעע!

פֿאַר אונזער איינעם איז געווען גענוג צו זיין איבערצוטרעטען אויף דעם מינ-דעסטען אופן אירגענד וועלכען געזעץ, און דאָס האָט געפֿיהרט צו די שרעק-ליכסטע שטראָפֿען: קאַרצער, הונגער, קייטען, דריק-אינסטרומענטען און זאָ-גאַר שמיץ!...

און זאָל מען נור ניט מיינען, אַז איך איבערטרייב. ליסאַגערי, וועלכער האָט גוט דורכגעשטודירט די ניי-קאַלעדאָנישע קערקערס, דערצעהלט אין זיין „געשיכטע פֿון דער קאָמונע" די גרויזאַמקייטען פֿון די דאָרטיגע „שווערע קאַרצערס".

יעדען פֿרייטאָג האָט פֿונקציאָנירט דער בייטש.

אַז דער דאָקטאָר האָט זיך געצייגט מילד צו אַ פֿערשיקטען, האָט די אַדמיניסטראַציע פֿון קערקער, וועלכע איז דיריזשירט געוואָרען פֿון אַ היענע, אַ געוויסען באַנדיט מיט'ן נאָמען קאַריער, פֿערניכטעט דעם דאָקטאָר'ס רע-צעפּט.

סוף 1873טען יאָהר איבערהויפּט איז די גרויזאַמקייט פֿון די בעאַמטע נעגען די פֿערשיקטע געוואָרען מורא'דיג.

פֿין פֿערשיעדענע פֿאַקטען וועל איך דאָ ברייננען דעם פֿאָלגענדען, וועלכער איז זעהר כאַראַקטעריסטיש.

פֿיער איינפֿאַכע פֿערשיקטע זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צום טויט דערפֿאַר וואָס זיי האָבען געשלאָגען איינעם פֿון זייערע חברים, וועלכער האָט זיי גע׳מסר׳ט.

איינער פֿון זיי האָט קיין אַנדער שולד ניט געטראָגען אויף זיך נאָר דאָס וואָס ער איז געווען אַ פֿריינד פֿון די איבעריגע דריי.

אָבער אַפנים, אַז דאָס איז געווען גענוג איהם צו פֿער׳משפט׳ן צום טויט.

מען האָט אייפֿגעשטעלט פֿיער סטאָלבען אין מיטען פֿעלד, אַזוי ווי אין כאַטאָרי!

מען האָט געבראַכט די אָפּפֿער און זיי געצוואונגען זיך אַרומצודרעהען אַרום זייער קבר!

מען האָט זיי ניט געצוואונגען אליין אויסצוגראָבען זייער גרוב, אָבער דאָס איז געווען איינפֿאַך דערפֿאַר וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט זיך גאָר פֿערגעסען אָן דעם.

אַז אַלעס איז געווען פֿאַרטיג, האָט מען די פֿער׳משפט׳ע אויפֿגעשטעלט אַנטקעגען די הינריכטער...

אין יענעם מאָמענט האָט זיך געלאָזט הערען אַ מורמלען, פֿיל מיט צאָרן.

— ס׳איז אַ שאַנדע! ס׳איז באַרבאַריש, — האָט מען זיך אָבגערופֿען פֿון אַלע זייטען.

די סאָלדאַטען, מיט די אויסגעשטרעקטע באַיאָנעטען, האָבען צוטריבען דעם אויפֿגערעגטען עולם.

דאַן האָט פּאַסירט עטוואָס, וואָס איז מיר געבליבען טיעף איינגעקריצט אין מיין זכרון.

דער יונגסטער פֿון די פֿעראורטהיילטע, אַ הויכער ברונעטער בחור, מיט אַ רוהיגען און מילדען געזיכט, האָט דערזעהן ווי איינער פֿון די סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיי געדאַרפֿט דערשיסען, האָט גענומען ציטערן, און ער האָט אַ געשריי געטהאָן צו איהם:

— וואָס איז דאָס, נומער איינס? אַביסעל קוראַזש, צום טייפֿעל!... דאָס וועט מען דאָך ניט אייך דערשיסען. וואָס זשע ציטערט איהר אַזוי?...

ס׳האָט זיך דערהערט אַ מורא׳דיגער שאָס און די פֿיער אַרעסטאַנטען זיינען אַנידערגעפֿאַלען טויט אויף דער ערד.

מען האָט אונז ניט ערלויבט זיי צו בעגראָבען, און די פֿיער סטאָלבעס, אָבגעפֿאַרבט מיט רויטען, זיינען געבליבען שטעהן אויף שטענדיג.

און דאָס האָט פּאַסירט אַם ענדע פֿון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, אין דער קאָלאָניע פֿון אַ גרויסער ציוויליזירטער נאַציאָן!

פֿון די שפּיץ בערג אָדער פֿון צווישען די פֿעלזען האָבען זיך די קאַ-נאַקען צוגעקוקט צו דיזע שווידערליכע סצענעס, און יעדעס מאָל, וואָס איך האָב זיך מיט זיי צוגויפֿגעטראָפֿען, האָבען זיי מיר געזאָגט:

— איהר, פּאָליטישע, ווערט בעהאַנדעלט אַזוי ווי מיר, אָרעמע ווילדע... ווייסע גרויסע רשעים, ווען האָבען מאַכט אין די העגד!

מען זעהט אַלזאָ, אַז מיינע שילער האָבען פּראָפּיטירט פֿון מיינע לעק-ציעס, וואָס איך האָב זיי געגעבען, און זיי ווינען ניט געווען ווייט דערפֿון צו רעוואָלטירען געגען דיזע אונגערעכטע מאַכט, וועלכע האָט זיי געפּייניגט אָהן אַן אויפֿהער.

V.

## דער אַדמיניסטראַציע'ס פּלענער.

כ'האָב געלעבט גאַנץ רוהיג איוף דעם האַלב-אינזעל דיקאָס.

די וועכטער האָבען מיך אויפֿגעהערט שטאַרק צו בעאונרוהיגען פֿון דעם טאָג אָן, וואָס זיי האָבען געזעהן, אַז איך בין ענטשלאָסען זיך צו שטעלען אַנטקעגען זיי, און ווען דאָס זאָל מיר אפילו קאָסטען דאָס לעבען.

זיי האָבען זיך אויך צוריקגעהאַלטען און אויפֿגעהערט צו שלאָגען די פּרויען-פֿערשיקטע.

זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די קאַנאַקען זיינען מיינע פֿריינד, אַז זיי היטען מיך און וועלען מיך פֿערטהיידיגען, ווען ס'וועט נור נייטיג זיין.

דאָך האָט מען מיך איינמאָל שיער ניט פֿעראורטהיילט צו אַ ווילדע שטראָף אַזוי ווי אין די פֿינסטערע צייטען פֿון מיטעל-אַלטער.

ניט קוקענדיג אויף די בעפֿעהלען פֿון דער אַדמיניסטראַציע, האָב איך ווייטער געלערנט מיט די קאַנאַקען אַזוי ווי פֿריהער. צייטענווייז פֿלעגען מיר זיך צונויפֿקומען אין דער וויסטע, צייטענווייז אין ליידיגע, פֿערגאַבלעסיגטע כאַטעס, וואו איך פֿלעג גאַנץ בעקוועם איינריכטען מיין שולע.

אין די שוואַרצע שילער מיינע האָבען געמאַכט גרויסע פֿאָרטשריטע, אין וואָס ווייטער זיינען זיי אַלין מעהר בעקאַנט געוואָרען מיט זייער קלעג-ליכען צושטאַנד און זיי זיינען אַלין אונגעהאָרכזאַמער געוואָרען. מיט אַמאָל האָבען די וועכטער אָנגעהויבען הערען פֿון די ווילדע אַזעלכע ווערטער, וועלכע זיי האָבען ביז דאַן קיינמאָל פֿון זיי ניט געהערט.

איינמאָל, אָווענד-צייט, ווען אַ וועכטער האָט געסטראַשעט אַ קאַנאַק, אַז ער וועט איהם לאָזען בעשטראָפֿען פֿאַר אַ קליינעם פֿעהלער, וואָס ער האָט בעגאַנגען, האָט איהם דער ווילדער געענטפֿערט:

— דו קענסט מיך הייסען שלאָגען, אָבער ס'וועט קומען דער טאָג, ווען די קאַנאַקען וועלען הרג'ענען די אונטערדריקער.

אָט די פּראַזע האָט מען אָבגעטראָגען דער אַדמיניסטראַציע, וועלכע איז געווען אויסער זיך פֿאַר כעס.

— וואָס טהוט זיך דאָ מיט אונז, גרויסער גאָט,—האָט זיך דער גו-בערנאַטאָר צושריען אויף׳ן קול,—אַז די קאַנאַקען הויבען שוין גאָר אָן ריי-דען פֿון אונטערדריקונג! נאַ, דאָס הייסט אַלזאָ, אַז מיר ווערען האָבען די אַנאַרכיע דאָ אויף׳ן אינזעל... קיין צווייפֿעל, אָט די לואיזע מישעל איז זעהר געפֿעהרליך, ניט געננג וואָס זי האָט גענימען אָנטהייל אין דעם פּאַריזער אויפֿשטאַנד, זוכט זי נאָך אויפֿצוהויבען די קאַנאַקען. אָבער דיזע פֿרוי איז אַ טייפֿעל! מען מוז מיט איהר לערנען דרך ארץ!...

— כ׳מיין אויך אַזוי,—האָט זיך אָבגערופֿען דער אויבער-וועכטער, וועל-כער האָט מיך גאָרנישט ליעב געהאַט.

— וואָס פֿאַר אַ שטראָף קען מען איהר אַרויסגעבען?—האָט דער גו-בערנאַטאָר געפֿרעגט.—דער קאַרצער שרעקט איהר שוין ניט אָב; זי לאַכט זיך איינפֿאַך אויס דערפֿון.

— פֿאַרהאַן דער בייטש,—האָט פֿאָרגעשלאָגען דער וועכטער.

— יאָ, כ׳האָב שוין געטראַכט דערפֿון,—האָט דער גובערנאַטאָר גע-ענטפֿערט,—אָבער ס׳איז דאָך שווער צו פֿעראורטהיילען אַ פֿרוי צו פֿינף און צוואַנציג שמיין מיט׳ן שטריק... ס׳האָט דאָך ביז אַהער נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט.

— ענטשולדיגט, מיין העדר,—האָט דער אויפֿפּאַסער געזאָגט—מען האָט שוין געשמיסען פֿרויען און איך זאָג אייך זיכער, אַז דיזע שטראָף האָט געבראַכט אויסגעצייכענטע רעזולטאַטען.

— נאַ, איהר זייט אפשר גערעכט .. כ׳וועל זיך מישב זיין וועגען דעם.

אָט דעם געשפּרעך, במעט וואָרט ביי וואָרט, האָט מיר איבערגע-געבען אַ פֿעראורטהיילטער, וועלכער איז בעת מעשה געשטאַנען לעבען דעם גובערנאַטאָר און זיין אונטערגעאָרדענטען.

דאָך האָט מען ניט געסמייעט מיר צו געבען דיזע שטראָף, און ס׳איז בעשלאָסען געוואָרען, אָנשטאָט פֿינף און צוואַנציג שמיין מיך אַריינצווועצען צווישען די געפֿעהרליכע פֿערברעכער און מיך שמידען אין קייטען ווי אַ ווילדע היה.

נאָר ווען ס׳האָט געהאַלטען דערביי אויסצופֿיהרען דיזע שטראָף, האָבען זיך מיינע שונאים געפֿונען אין אַ גרויסער פֿערלעגענהייט.

וואָס פֿאַר אַן אורזאַכע האָט מען געקענט אָנגעבען, אום מיך צו שלי-סען אין קייטען?

ס׳איז אמת, אַז איך האָב די קאַנאַקען געגעבען לעקציעס אין דער סאָ-ציאַלער פּאָליטיק, אָבער דאָס איז דאָך לויט׳ן געזעץ קיין פֿערברעכען ניט געווען.

אין די געזעצען, וואָס זיינען ספּעציעל געמאַכט געוואָרען פֿאַר די

פֿערשיקטע, איז קיין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרען וועגען די, וואָס „לער-נען ניט קיין גוטע זאַכען מיט די קאַנאַקען”.

מען האָט זיך אַלזאָ בענוגענט דערמיט וואָס מען האָט מיך געשיקט רופֿען צום גובערנאַטאָר, וועלכער האָט מיך אויפֿגענומען גאַנץ קאַלט.

ער האָט זיך געשטעלט פּינקט אַנטקעגען מיר, האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ ביסטרען בליק און מיר געזאָגט:

— איהר לאַכט זיך אויס פֿון דער גאַנצער וועלט דאָ, ניט אמת?

איך האָב פּראָטעסטירט געגען דיזער בעהויפּטונג און בעת מעשה האָב איך אַ שמייכעל געטהאָן.

— שוין רעכט, שוין רעכט, כ׳ווייס וואָס איך רייד,—האָט זיך ווידער אָבגערופֿען דער גובערנאַטאָר.—איהר זייט אַ בונטאָווּשטשעניצע... ניט גענוג וואָס איהר העצט אויף אייערע קאַמעראַדען געגען די וועכטער, סטאַרעט איהר זיך נאָך אויך אויפֿצוהויבען געגען זיי דיזע ווילדע חיות, די קאַנאַקען. מיט איין וואָרט, איהר ווילט דאָ מאַכען אַן אויפֿשטאַנד. אַלזאָ גוט, כ׳האָב געפֿונען אַ מיטעל אייך אַביסעל איינצוהאַלטען, אַן אויסגעצייכענטען מיטעל...

— כ׳וואָלט זעהר געוואָלט וויסען וואָס דאָס איז אַזוינס פֿאַר אַ מיטעל, —האָב איך געענטפֿערט.

דער גובערנאַטאָר האָט אָנגעבויגען דעם קאָפּ.

— נון,—האָט ער געזאָגט,—דערווייל וועט מען אייך אָבטהיילען פֿון אייערע קאַמעראַדען... אָנשטאָט צו לעבען אינאיינעם מיט זיי, וועט איהר וואוינען אָבגעזונדערט, אַליין אין אַ כאַטקע, וואָס איך וועל בעשטימען פֿאַר אייך.

— איהר קענט מיך ניט פֿעראורטהיילען צו איינצעל-צעלע דאָ אויף׳ן אינזעל,—האָב איך געענטפֿערט.—דער קריעגס-געריכט פֿון ווערסאַיל האָט מיך בלויז פֿער׳משפּט פֿערשיקט צו ווערן אַהער. איהר ווילט פֿערגרעסערן מיין שטראָף, מיר וועלען זעהן, צי איהר האָט אַ רעכט דערצו.

— איך בין דער גובערנאַטאָר, און אַלס אַזעלכער בין איך פֿריי צו בעשטראָפֿען די פֿער׳משפּט׳ע ווי איך געפֿין פֿאַר נייטיג.

— דאָס זאָגט איהר אַזוי, מיר וועלען אָבער זעהן, צי וועט אייך די העכערע אַדמיניסטראַציע געבען רעכט. אָט אַפּנים, איהר האָט גאָר פֿער-געסען, אַז איהר דאַרפֿט וואַרטען אויף אַ בעפֿעהל פֿון פּאַריז.

— אין איהר, איהר פֿערגעסט גאָר, אַז איך האָב דאָס רעכט צו בע-האַנדלען די אונפֿערבעסערליכע ווי איך געפֿין פֿאַר גוט.

— מיט וואָס, איך בעט אייך, בין איך דאָס אונפֿערבעסערליך?—האָב איך געפֿרעגט.

— ניט קוקענדיג דערויף וואָס מען האָט עס אייך פֿערבאָטען, האָט איהר געהאַלטען אין איין אונטעררייכטען די קאַנאַקען און זיי אָנשטאָפּען די מוהות מיט אידעען... מיט לעבערליכע אידעען פֿון בעפֿרייאונג, וועלכע

קענען סוף כל סוף פֿיהרען צו אַ שטרייט צווישען דער אַדמיניסטראַציע און דיזע ווילדע.

— כ׳בין זיך מודה,—האָב איך געענטפֿערט,—אַז איך האָב ווירקליך געזוכט צו ענטוויקלען די מוחות פֿון דיזע אָרעמע שוואַרצע, אָבער איך וואָלט וועלען, איהר זאָלט מיר ווייזען צווישען אייערע געזעצע איין איינציגען פונקט, אויף וועלכען איהר זאָלט מיך קענען פֿעראורטהיילען. איך האָב זיך ניט געשטעלט אַנטקעגען די וועכטער, כ׳האָב זיי קיינמאָל מיט קיין וואָרט ניט בעליידיגט, און איך מיין, אַז איהר האָט קיין שום גרונד ניט צו פֿערשאַרפֿען מיין שטראָף.

— אַז איך האָב איהם ניט, נעהם איך איהם.

— אויב אַזוי, לאָמיר זשע עס אָנרופֿען מיט׳ן ריכטיגען נאָמען: ס׳איז דעספאָטיש.

— רופֿט עס ווי איהר ווילט; כ׳בין דער בעל הבית דאָ.

— און איהר מיסברויכט אייער מאַכט.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך אָנגעצונדען ווי אַ פֿייער.

ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס מען האָט געוואַגט זיך אַזוי צו שטעלען אַנטקעגען איהם.

ער איז געוועהנט געווען צו זעהן פֿאַר זיך שטילע, אונטערוואָרפֿענע מענשען, מיט אַמאָל נאַ דיר גאָר אַ פֿרוי, וואָס האָט גאָר קיין דרך ארץ ניט פֿאַר איהם.

און דער פֿאַל איז געווען זעהר אַן ערנסטער.

אַז ער זאָל מיר אַרויסגעבען די שטראָף זיינע, זיך ניט אָנפֿרעגענדיג אַפֿריהער ביי דער העכערער אַדמיניסטראַציע, קען ער נאָך כאַפּען אַ פסק, און דאָס האָט דער גובערנאַטאָר לחלוטין ניט געוואָלט.

ס׳איז אמת, אַז מען האָט איהם געגעבען די פֿרייהייט צו פֿיהרען די אַדמיניסטראַציע אויף׳ן אינזעל ווי ער פֿערשטעהט; אָבער נאָך אַלעמען בין איך דאָך ניט קיין געוועהנליכער פֿערברעכער. דערצו נאָך אַ פֿרוי...

דער געשפרעך האָט נאָך געקענט אַזוי אָנגעהן ווייטער אין דיזען טאָן, נאָר אָט אַפנים דער גובערנאַטאָר האָט פֿערשטאַנען מיט וועמען ער האָט דאָ צו טהאָן, ווייל ער האָט פלוצלינג אַ קלאַפּ געטהאָן מיט׳ן פֿוס און געזאָגט:

— נו גוט, איהר קענט צוריקגעהן צו אייך אין אייער אָבטהיילונג, נאָר איהר וועט שוין זעהן, וואָס איך קען טהאָן...

דאָס איז נור געווען אַ פוסטער סטראַשונאָק, וואָרים דערווייל האָט דער אָרעמער גובערנאַטאָר, נעביך, גאָרנישט געקענט טהאָן.

אַז איך בין צוריקגעקומען אין לאַגער, האָבען מיינע קאַמעראַדען מיר גענומען אויספֿרעגען:

— נו, וואָס האָט דער גובערנאַטאָר בעשלאָסען?

— גאָרנישט,—האָב איך געענטפֿערט—ער דוינקט נאָך.

— וואָס זשע, איהר מיינט אפֿניס, אַז אָט די בריאה איז פֿעהיג צו דיינקען?—האָט זיך אָבגערופֿען לוסיפיאַ.

די פֿערשיקטע האָבען אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

אַכט טאָג נאָכאַנאַנד בין איך אַרומגעגאַנגען פֿראַנק און פֿריי איבער'ן האַלב-אינזעל און קיינער האָט מיך ניט געטשעפּעט.

כ'האָב געמיינט, אַז מען האָט זיך שוין גאָר פֿערגעסען אָן מיר.

אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט.

דער גובערנאַטאָר איז געווען פֿון די פֿערביסענע לייט, וואָס גיבען ניט אַזוי גיך אויף זייער פּלאַן פֿון ראַכע.

ס'האָט איהם געפֿעהלט אַן אורזאַכע צו פֿערשאַרפֿען מיין שטראָף.

ער האָט זי געפֿונען, און מען וועט זעהן, אַז דער פּלאַן וואָס ער האָט אויסגעטראַכט, כאָטש ער האָט קיין גרויסע מבֿשות ניט געהאַט, איז ער דאָך געווען שרעקליך.

דער גובערנאַטאָר האָט געהאַט אַן איבערגעבענעם דיענער, בעכער געזאָגט אַ שקלאַף, איינער פֿון די וועכטער מיט'ן נאָמען פֿענע, אַ בחור, וואָס איז פֿעהיג געווען אויף אַלצדינג אין דער וועלט.

איין פֿריה-מאָרגען האָט ער געשיקט רופֿען דעם דאָזיגען פֿענע און איהם געזאָגט:

— מיין פֿריינד,—מיט דיזען וואָרט פֿלעגט ער זיך אַדרעסירען צו די זיעבטער, ווען ער האָט געדאַרפֿט אָנקומען צו זייער לאַסקע,—מיין פֿריינד, איהר האָט דאָך אודאי געמוזט בעמערקען, אַז מיר האָבען דאָ אַ פֿער'משפּט'ע, אַן אונטערצינדערין פֿון פּאַריז, וועלכע טהוט וואָס זי וויל און לאַכט זיך אויס פֿון אונז אַלעמען.

— איהר מיינט דאָך מן הסתם לואיזע מישעל, העררר גובערנאַטאָר?

— יאָ, דאָס מיין איך טאַקי איהר, מיין פֿריינד. איהר האָט זיך שוין איך אָהן אַ שום ספק געהאַט צו בעקלאָגען אויף דיזער פֿרוי; זי האָט איך אידאי בעליידיגט אין גראָב אָנגעטראָטען ניט אכית?

דער וועכטער, וועלכען איך האָב ניט געקענט און מיט וועמען איך האָב זיך קיינמאָל ניט צונויפֿגעטראָפֿען, האָט געענטפֿערט:

— יאָ, מיין העררר, כ'האָב זיך ווירקליך געהאַט וואָס צו בעקלאָגען אויף איהר... דיזע פֿרוי איז מורא'דיג שטאָלץ ביי זיך; יעדעס מאָל, וואָס זי געהט דורך פֿערביי מיר, קוקט זי מיך אָן מיט אַ פֿעראַכטענדען בליק און הויבט אויף די אַקסלען...

— אַהאַ!—האָט זיך דער גובערנאַטאָר אָבגערופֿען—כ'האָב דען ניט געוואוסט, וואָס? איהר זייט ניט דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט אויס-צושטעהן די בעליידיגונגען פֿון אָט דער לואיזע מישעל. נון, מיין פֿריינד, מען דאַרף איהר ניט שאַנעווען. דאָס נעכסטע מאָל, ווען זי וועט איך עפּעס

פוגע בכבוד זיין, לאָזט עס מיר וויסען און איהר קענט זיכער זיין, אַז זי וועט שוין פֿערשפּאָרען צו ווידערהאָלען איהרע העזה׳דיגע שטיק..

— אַה„—האָט דער וועכטער געזאָגט מיט אַ זיפֿץ,—ווען איך וואָלט געוועזען אין איהר אָבטהיילונג, מעגט איהר זיכער זיין„ אַז זי וואָלט שוין פֿון מיר געהאַט איהר חלק.

— נון, מיין פֿריינד, פֿון מאָרגען אָן אין ווייטער וועט איהר האָבען די אויפֿגאַבע, זי ספּעציעל צו בעוואַכען. כ׳דאַרף אייך ניט זאָגען, אַז איך פֿערלאָז זיך אין גאַנצען אויף אייך.. יאָ, ווי לאַנג איז שוין, אַז איהר זייט אַ וועכטער אין דעם היגען קערקער?

— פֿינף יאָהר, העררר גובערנאַטאָר.

— פֿינף יאָהר! און איהר טראָגט נאָך נים קיין זילבערנעם עפּאָלעט? איך גיב צו, אַז דאָס איז אַ פֿערנאַכלעסיגונג„ וועלכע דאַרף פֿעררריכט ווערן. איהר גיט מיר אַקאָרשט גוט אַכטונג אויף דער דאָזיגער פֿערשיקטער, און... איהר וועט זיכער בעלוינט ווערן דערפֿאַר.

דאָס האָט פּשוט געהייסען: „לואיזע מישעל שטעהט מיר אין וועג; וואָס איך פֿערלאַנג פֿון אייך איז, איהר זאָלט מיר שאַפֿען אַ מיטעל, ווי אַזוי פּטור צו ווערען פֿון איהר.”

אָבער אין נײ-קאַלעדאָניען, אַזוי ווי אין פֿראַנקרייך„ האָבען די ווענד אויערן.

איינער פֿון אונזערע פֿריינד„ אַ שרייבער, וועלכער האָט געאַרבייט אין אַ זייטיגען צימער, האָט דורך׳ן וואַנד געהערט דעם גאַנצען געשפּרעך, און אַז דער וועכטער איז אַרויס, האָט ער אַ קוק געטהאָן פֿון פֿענסטער, אום צו דערגעהן ווער דאָס איז. ער האָט גלייך דערקענט פֿענע׳ן. ער האָט אַלזאָ גענומען אַ שטיקעל פּאַפּיר און אויף גיך אָנגעשריבען פֿאָלגענדע עטליכע ציילען:

„מיין גוטע לואיזע!

„אַ וועכטער מיט׳ן נאָמען פֿענע וועט פֿון מאָרגען אָן אָנקומען אין אייער אָבטהיילונג. איך דאַרף אייך ניט דערצעהלען, אַז דיזער מאַן איז בעאויפֿטראַגט ספּעציעל אייך צו שפּיאָנירען און אייך צו פּאַקען ביי וואָס פֿאַר עס איז פֿערברעכען... היט זיך פֿאַר איהם; דאָס איז אַ מיאוס׳ער בחור, פֿעהיג אויף אַלצדינג.”

כ׳האָב אַלזאָ געוואוסט וואָס איך האָב צו טהאָן.

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען, אַז פֿענע איז געקומען און האָט גענומען אַרומגעהן אַרום מיין שטיבעל, בין איך איהם אַרויס אַנטקעגען און האָב גלייך פֿערבונדען מיט איהם אַ שמועס.

— אָהאָ,—האָב איך זיך אָבגערופֿען,—ס׳איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך זעה אייך. איהר זייט צודאי ניט לאַנג דאָ?

דער שפיאָן איז אַביסעל צוטומעלט געוואָרען און האָט געענטפערט:

— אָה געוויס, געוויס, שוין אַ לאַנגע צייט, נאָר איך בין געוועזן אויף׳ן אינזעל „נו“.

— אַה, זעהר גוט,—האָב איך זיך אָבגערופען—דאָ וועט איהר קיין סך נים האָבען צו טהאָן, ווייל די פּאָליטישע פּעראורטהיילטע זיינען נאָך אַלעמען זעהר פערנינפטיגע מענשען.

— אָה, פאַרהאַן צווישען זיי... נאָר גענוג... כ׳ווייס וואָס איך וויל זאָגען.

אָבער איך האָב דעם באַנדיט ניט אָבגעלאָזען און איהם געצויגען פאַר׳ן צונג.

— איך פערזיכער אייך, האָב איך זיך ווידער אָבגערופען,—אַז איהר ווע׳ט נים דאַרפען בעשטראָפען ניט מיינע פריינד אָך ניט מיך. מיר זיינען גאַנץ רוהיגע מענשען. מען האָט אונז פעראורטהיילט און מיר טראָגען אַרי-בער אונזער שטראָף, זיך ניט בעקלאָגענדיג אויף קיינעם.

דער וועכטער האָט נים געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

איך האָב ווייטער געזאָגט:

— די בעשעפטיגונג אייערע דאַרף ניט זיין קיין זעהר פרעהליכע, על כל פנים ניט תמיד? איהר טרעגט זיך אָפט צונויף מיט איינגעשפאַרטע קעפ...

— נאַ, מיט די איינגעשפאַרטע קעפ גיט מען זיך שוין גאָר גיך אַן עצה.

— יאָ, כ׳פערשטעה, אָבער דאָך, ס׳מוז אייגעם נמאס ווערן צו שפיע-לען שטענדיג דעם שלעכטען.

— דאָס איז אונזער אויפגאַבע,—האָט דער וועכטער מיט אַ טרוקענעם טאָן געענטפערט.

— נון, דאָ וועט איהר ניט האָבען קיין שום שוועריגקייטען, ווייל עס זיינען ניטאָ דאָ קיין איינגעשפאַרטע לייט. מיר זיינען דאָך ניט קיין פראָסטע אַרעסטאַנטען, איהר מאַכט דאָך מסתמא אַ חילוק צווישען גנבים אָדער מער-דער און פּאָליטישע פעראורטהיילטע?

— אָט די אַלע הברה-לייט זיינען ניט בעסער איינער פון אַנדערן... די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען זיינען אויך מערדער, ווייל זיי האָבען דאָך גע׳הרג׳עט סאָלדאַטען ביים אויפשטאַנד אין פאַריז.

מען קען זעהן, אַז עס איז געוועזן זעהר שווער צו איבערצייגען דעם וועכטער פּענע, מחמת דער דאָזיגער בחור איז געשטאַנען אויף אַ זעהר רעאַקציאָנערען שטאַנדפונקט אין בעצוג צו דער פערברעכער-פראַגע.

דאָך האָט דער צופאַל געמאַכט, אַז דיזער אויפזעהער, וועלכען מען האָט אָנגעשטעלט מיך צו היטען און וועלכער איז געוועזן אַ שונא, איז מיט דער צייט געוואָרען איינער פון די מילדעסטע וועכטער.

אָט ווי אַזוי דאָס איז געקומען:

איין אָוועגד האָבען זיך עטליכע קאַנאַקען פערזאַמעלט ביים ברעג ים און גענומען זינגען איינס פון זייערע טרויעריגע ליעדלאַך.

דיזער שטילער געזאַנג האָט קיינעם ניט געקענט שטערן.

אָבער פֿענע האָט אַנדערש געדיינקט.

צוגעהענדיג נאָהענט צו די אָ־עמע נעגערס, האָט ער זיי מיט אַ גראָ-בען, בייזערדיגען טאָן געזאָגט:

— שטיל זאָל זיין! מען זינגט ניט נאָך זונען-אונטערגאַנג.

איינער פֿון די קאַנאַקען האָט געוואָלט עפּעס זאָגען דאַגעגען.

פֿענע איז צוגעלאָפֿען צו איהם, האָט איהם אָנגעכאַפּט פֿאַר׳ן אָרם און געזאָגט:

— אַזוי! דו ווילסט שפּיעלען דעם בונטאָווש־טשיק? גוט! קום מיט מיר, כ׳וועל דיר געבען פֿינף און צוואַנציג שמיץ. דאָס וועט זיין פֿאַר דיר אַ לעהרע, אַז מען דאַרף ווייטער ניט וועלען ריידען אַנטקעגען.

איך בין געשטאַנען עטליכע טריט ווייט פֿון דער גרופּע, וועלכע איז געוועזען בעלייכטעט פֿון די שטראַהלען פֿון דער לבנה.

די קאַנאַקען האָבען זיך שוין געהאַט אויפֿגעהויבען, גרייט צו פֿערטהיי-דיגען זייער חבר, סטראַשענדיג, אַזוי ווי גרויסע הינט, וועלכע מען וויל שלאָגען.

ווען פֿענע וואָלט ניט געוועזען קיין חמור קאָפּ, וואָלט ער גלייך פֿער-שטאַנען וואָס פֿאַר אַ געפֿאַהר עס איז פֿאַר איהם צו בעשטעהן אויף זיינס און ניט אָבלאָזען דעם קאַנאַק.

אָבער איך האָב דאָך שוין געזאָגט, אַז דאָס איז געוועזען אַ האַרטער מענש און דערצו נאָך גאָרניט קיין איבערגעשפּיצטער.

ער האָט זיך איינגעשפּאַרט ניט אַנדערש נור אָבפֿיהרען דעם קאַנאַק אין תפיסה.

אָבער יענער האָט זיך ניט געוואָלט לאָזען נעהמען, און דער וועכטער, זעהענדיג, אַז קיין ווערטער העלפֿען ניט, האָט ער אַרויסגענומען דעם רע-וואָלווער פֿון קעשענע.

מעהר האָט מען ניט געדאַרפֿט אויפֿצורייצען די קאַנאַקען.

זיי האָבען זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף פֿענע׳ן, צוגענומען ביי איהם דעם רעוואָלווער, און איהם אַנידערגעשליידערט אויף דער ערד, איהם שלאָגענדיג מכות רצח.

דער וועכטער האָט געשריען, גערופֿען נאָך הילף.

די קאַנאַקען וואָלטען איהם זיכער דערשלאָגען אויף טויט, ווען איך קום ניט אָן.

— טאַיאָס, טאַיאָס, (ברידער, ברידער)—האָב איך זיי געזאָגט—לאָזט אָב דיזען מאַן.

די נעגערס האָבען גלייך געפֿאָלגט.

כ׳האָב געהאָלפֿען פֿענע׳ן זיך אויפֿהויבען פֿון דער ערד, און אין דער צייט וואָס ער האָט זיך אָבגעפּראָשעט דעם אוניפֿאָרם-מאַנטעל זיינעם פֿון שטויב, האָב איך איהם געזאָגט:

— געהט בעסער שוין אַיועק פֿון דאַנעט, וועט זיין בעסער פֿאַר אייך.

— זאָלען זיי מיר אָבגעבען מיין רעוואָלוועך,—האָט דער וועכטער זיך אָבגערופֿען.

כ׳האָב אָבגענומען די וואַפֿע ביי די קאַנאַקען פֿון די הענד, און שנעל ווי אַ בליץ האָב איך אַרויסגעכאַפּט די זעקס קיילען, וואָס זיינען געלעגען אינעווייניג; דער וועכטער האָט ניט אָנגעהויבען בעמערקען וואָס איך טהו.

— אָט האָט איהר אייער רעוואָלוועך,—האָב איך זיך אָבגערופֿען צו איהם—אָבער איך גיב איהם אייך אָב צוריק מיט אַ בעדינגונג, אַז איהר זאָ׳ט איהם מעהר ניט בענוצען געגען דיזע מענשען.

— ניט אָקאָרשט אַהער,—האָט פֿענע געזאָגט.

כ׳האָב איהם דערלאַנגט דעם רעוואָלוועך, און ער האָט איהם כמעט אַרויסגעכאַפּט ביי מיר פֿון האַנד.

מאַכענדיג עטליכע טריט הינטערוויילאַכס, האָט ער גענומען כטראַשען זיינע געגנער מיט אַ געשריי:

— דער ערשטער, וואָס וועט זיך איצט אַ ריהר טהאָן, איך שיס איהם אַריין אַ קויל אין קאָפּ.

די שוואַרצע זיינען געבליבען פֿערציטערט.

— האָט קיין מורא ניט,—האָב איך זיך אָבגערופֿען צו זיי אויף קאַנאַקיש,—כ׳האָב אַרויסגענומען די קוילען.

די „טאַיאָס״ האָבען אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער און גענומען אַרומטאַנצען אַרום דעם וועכטער, וועלכער איז געוועזען אויסער זיך פֿאַר רציחה.

אומזיסט האָט ער עטליכע מאָל אָבגעדריקט דעם רעוואָלוועך זיינעם. ס׳האָט זיך גיר געהערט אַ טרוקענער קלאַנג, אָבער ניט קיין שאָס; און יעדעס מאָל, וואָס דיזער טרוקענער קלאַנג האָט זיך געלאָזט הערען, זיינען די נעגערס שיער ניט צופּלאַצט געוואָרען פֿון געלעכטער.

מורא האָבענדיג פֿונדעסטוועגען, אַז דער שפּאַס זאָל זיך ניט ענדיגען שלעכט, האָב איך געבעטען די קאַנאַקען זיי זאָלען זיך פֿונאַנדערגעהן, און איך בין אַיועק מיט׳ן וועכטער אויף׳ן, וועג צום קערקער.

פֿענע איז שוין ניט געוועזען אַזוי שטריינג צו מיר.

אָט אַפּניב, ער האָט פֿערשטאַנען, אַז איך האָב איהם געראַטעוועט פֿון אַ זיכערן טויט.

ווען מיר האָבען זיך געדאַרפֿט צושיידען, רופֿט ער זיך אָב צו מיר:

— איהר האָט אַ מערקווירדיגען איינפֿלוס אויף דיזע נעגערס. זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי אַזוי זייט איהר געקומען דערצו צו געווינען זייער צוטרוי?

— גאַנץ איינפֿאַך,—האָב איך געענטפֿערט—כ׳האָב זיי געוואונען מיט פֿערנינפֿט און מילדקייט, גלויבט מיר, דאָס איז אַ בעסערער מיטעל איידער געוואַלט.

פענע האָט זיך פֿערטראַכט.

— מילדקייט, מידקייט, איהר זייט אפשר גערעכט; נאָר זעהט איהר, מיר קענען זיך גיט בעגיצען מיט דיזע מיטלען... מען האַלט אונז רק אין איין הייסען זיין שטריינג און געוואַלטיג, און מיר פֿאָלגען. וואָס ווילט איהר, איך בעט אייך? מען קען דאָך ניט כסדר שטעלען אין געפֿאַהר די צוקונפֿט; מיר וואָלטען דאָך ניט געקימען אַ טריט ווייטער, ווען מיר פֿאָלגען ניט..

— וואָס זשע, איהר מיינט, אַז ס'איז דוקא נייטיג צו זיין שלעכט און בייז, אום צו מאַכען פֿאָרטשריטע?—האָב איך איהם שטילערהייט געזאָגט.

—איך וועל אייך דערווייזען גראָד דאָס געגענטהייל.

— אַדרבה,—האָט זיך אָבגערופֿען דער וועכטער, וועלכער איז שוין געוואָרען אַסך מילדער.

און נאָכדעם ווי ער האָט מיך אָנגעקוקט אַ היבשע ווײלע, האָט ער געזאָגט:

— אין גרונד גענומען, זייט איהר גאָ־ניט אַזוי שלעכט ווי מען האָט אייך פֿאָרגעשטעלט, נאָר...

ער האָט ניט געענדיגט, און ער איז פֿערשוואונדען פֿון מיינע אויגען.

זייט דאַן איז פֿענע געוואָרען גאָר אַן אַנדער מענש.

כ'זאָג ניט, אַז איך האָב איהם בעקעהרט צו מיינע אידעען, נאָר מיר האָט זיך ווייניגסטענס איינגעגבען איהם צו מאַכען מענשליכער ווי ער איז געווען, און דאָס איז שוין געווען אַ היבשער רעזולטאַט.

## VI

## אַ קאַנאַקען־אויפֿשטאַנד.

אין אַ שטיקעל צייט אַרום האָב איך בעמערקט אַ געוואַלטיגע אויפֿרע־גונג ביי די קאַנאַקען.

יעדען אָוועגד פֿלעגען זיי זיך פֿערזאַמלען אין טהאָל אָדער אין די וועל־דער און דיסקוטירען שטונדען־לאַנג וועגען זייער לאַגע.

די „טאַקאַטאַ"—(דאָס זיינען די דאָקטוירים און די געלערנטע שמע־נ־זעהער, וועלכע ווערן פֿערהייליגט פֿון די קאַנאַקען) האָבען געמאַכט מיט די הענד און יעדעס מאָל אַרויסגעזאָגט מאָדנע, גרעכטענט־ילס אונפֿערשטענד־ליכע ווערטער.

צווישען זייערע פֿראַ־יען איז געווען איינע, וועלכע האָט זיך ווידערהאָלט אָהן אויפֿהער. זי איז בעשטאַנען פֿון פֿאָלגענדע צוויי ווערטער: „מאַטע יוביי" (טויט די ווייסע!)

אַ ווינד פֿון רעבעליאָן האָט געבלאָזען איבער דער גאַנצער וויסטע פֿון דעם האַלב-אינזעל.

די קאַנאַקען האָבען געהאַט צוטרוי צו מיר; זיי האָבען געוואוסט, אַז איך בין זייער פֿריינדין און אַז איך וועל זיי ניט פֿערראַטהען.

דאָך האָבען זיי זיך געהיט פֿאַר מיר און ניט געענטפֿערט אויף די פֿראַגען וואָס איך פֿלעג זיי שטעלען.

דאָס האָט מיר אויסגעקוקט זעהר מערקווירדיג.

ענדליך האָב איך זיך געווענדעט צו איינעם פֿון זייערע עלצטע און ער האָט מיר געענטפֿערט:

— דו אַ „שענערע" (שוועסטער), אָבער די קאַנאַקען קענען דיר ניט זאָגען וואָרום זיי האַלטען אָב זייערע בעראַטהונגען. דו ווערסט עס וויסען אין גיכען... די שלעכטע ווייסע וועלען דיך אַריינוואַרפֿען אין טורמע, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אַז דו קוממסט צו אונז.

דאָס איז געוועזען אַלעס וואָס איך האָב געקענט אַרויסציהען פֿון דעם נעגער.

אָבער דאָס וואָס ער האָט מיר געזאָגט איז געוועזען גענוג.

כ'האָב פֿערשטאַנען, אַז די קאַנאַקען זיינען איינפֿאַך מיעד געוואָרען צו טראָגען דעם שווערען הערשאַפֿטס-יאָך פֿון די ווייסע און זיי האָבען געפּלאַנעוועט צו מאַכען אַן אויפֿשטאַנד געגען זייערע אונטערדריקער.

אויס פֿריינדשאַפֿט צו מיר, האָבען דיזע ווילדע ניט געוואָלט איך זאָל קאָמפּראָמיטירט ווערן מיט זיי אינאיינעם.

און דאָך האָב איך אפשר בייגעטראָגען דערצו אַז דיזער אויפֿשטאַנד, וועלכער האָט זיך שוין צוגעגרייט פֿון אַ לאַנגע צייט, זאָל אויסברעכען וואָס פֿריהער.

אַלע קאַנאַקען, מיט וועמען איך פֿלעג זיך טרעפֿען, האָבען מיך בעגריסט מיט פֿערשיעדענע פֿריינדליכע צייכענס און געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען דיזעלביגע צוויי ווערטער: „דו—שענערע".

די אויפֿרעגונג האָט געוואַקסען פֿון טאָג צו טאָג.

נאָר די אַדמיניסטראַציע האָט ניט אָנגעהויבען זעהן וואָס דאָ טהוט זיך.

די וועכטער זיינען אַרומגעגאַנגען אַהין און אַהער אַזוי ווי פֿריהער, מיט מרה שחורה'דיגע געזיכטער, די קעפּ אַריינגעזעצט אין די אַקסלען.

דער גיבערנאַטאָר, מיט אַ שמייכעל אויף'ן פּנים, איז זיך וויטער אַרומגעפֿאָהרען שפּאַצירען אין זיין וועגעלע איבער'ן אינזעל.

די אָפֿיצירען אין די סאָלדאַטען האָבען זיך ווי דער שטייגער איז געשפּילט און פֿערבראַכט זייער צייט לעבען די קאַזאַרמעס, אין די מיליטערישע מוזיק האָט ניט אויפֿגעהערט שפּילען איהרע געוועהנליכע פֿריהליכע שטיקער—אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט גאָרניט פֿאָרגעקוממען.

אין דערזעלבער צייט איז אין דער טיעפֿעניש פֿון די וועלדער, אויף די

בערג, הינטער די גרויסע בוימער אָנגעגאַנגען אַ געוואַלדיגע טהעטיגקייט. שטיל, סיסטעמאַטיש, אַזוי ווי ריכטיגע סטראַטעגיקער, האָבען דאָרט די קאַנאַקען צוגעגרייט זייער קאַמפּפּ-פּלאַן.

ביים שיין פֿון פֿייערן האָט מען פֿעררכיכט די שפּיזען אין די פֿיילען.

די ווייבער האָבען צוגעשטעפּט קולירטע פֿעדערן אייף די היטעלאַך פֿון זייערע מענער, אין דער צייט וואָס די „פּיקיניני" (קינדער) האָבען געהאַלטען די וואַך, אַכטונג צו געבען, טאָמער קומט אימיצער אָן פֿון דעם שׂונא'ס לאַגער.

אַז די קליינע פּיקעטס האָבען פֿון וויטען דערזעהן אַ וועכטער, האָבען זיי עס גלייך געלאָזט וויסען, און די קאַנאַקען זיינען שטילערהייט פֿערשוואונדען און זיך בעהאַלטען אין די הויכע גראָז אָדער הינטער די פֿעלזען.

און אזוי ג'יך ווי דער שונא איז אַוועק, האָבען זיך די בעראַטהונגען ווידער אָנגעפֿאַנגען.

די קאַנאַקען פֿון די בערג האָבען זיך גענומען פֿעראייניגען מיט די פֿון טהאָל, און מערקווירדיג, דיזע קאָנצענטראַציאָן פֿון קעמפּפֿער איז געמאַכט געוואָרען אַזוי געהיים, אַז די אַדמיניסטראַציע האָט וועגען דעם קיין שום אַהנונג ניט געהאַט.

די הויפּט טענה, וואָס די קאַנאַקען האָבען געהאַט צו זייע־ע אונטער-דריקער, איז געווען פֿאָלגענדע:

זיי האָבען זיך בעקלאָגט געגען די ווייסע דערפֿאַר וואָס זיי האָבען ביי זיי ביסלאַכווייז צוגענומען אַלעס וואָס זיי האָבען געהאַט צו גונסטען די אַרעסטאַנטען, און זיי האָבען געהאַפּט מיט געוואַלט אָבצונעהמען צוריק דאָס, וואָס די געוואַלט האָט ביי זיי אַוועקגערויבט.

ווען די וועכטער ויאָלטען זיך ביינאַכט אַביסעל דורכגעגאַנגען ביים ברעג ים, אָנשטאָט צו זיצען ביי זיך אין די שטיבלאַך ביי די פֿלעשער בראַנפֿען, וואָלטען זיי געזעהן פֿיעלע קליינע שיפֿלאַך, אַרומשווימענדיג ווי קראָקאָדי-לען ביים ברעג ים.

די פֿאָרבערייטונגען האָבען געדויערט אַ גאַנצען מאָנאַט.

איין פֿריה-מאָרגען האָט מען געפֿינען אַ קאַזאַרמע פֿון קאָלאָניאַלע סאָל-דאַטען, איבערגעקעהרט און פֿערניכטעט אויף אַש.

די קאַנאַקען האָבען דער'הרג'עט די סאָלדאַטען און דערנאָך האָבען זיי אינטערגעצונדען די געביידע.

אויף אַן אַנדער אָרט האָט מען געפֿונען דריי וועכטער, צו'הרג'עט אויף אַ מורא'דיגען אופן.

דאַן ערשט איז די אַדמיניסטראַציע אַרויס פֿון די כלים.

מען האָט אַלזאָ צינויפֿגענומען אַזויפֿיעל סאָלדאַטען וויפֿיעל מען האָט נור געקענט און מען האָט זיי אַרויסגעשיקט אויף'ן שונא.

אָבער די קאַנאַקען האָבען זיך אויף אַ וואונדערבאַרען אופן בעהאַלטען אין די בערג און מען האָט זיי ניט געקענט געפֿינען.

נאָר פֿון צייט צו צייט זיינען די סאָלדאַטען אַטאַקירט געוואָרען און אַ ים פֿון פֿיילען האָט זיך פּלוצלונג אַ גאָס געטהאָן און אַוועקגעלייגט מאַסען פֿון זיי.

די זעלנער האָבען געענטפֿערט מיט גאַנצע זאַלפּען, אָבער די קוילען זייערע האָבען זיך אָבגעשלאָגען אָן די גראַניט-שטיינער פֿון די בערג.

קיין זאַך איז ניט געווען אַזוי ש־עקליך ווי דיזער קריעג, אין וועלכען די פּרימיטיווע געוועהר האָט געהאַט די אויבערהאַנד איבער די ביקסען.

דאָס האָט לאַנג ניט געקענט אָנגעהן אַזוי.

אַזוי ווי די קאַנאַקען זיינען געבליבען בעהאַלטען, האָט די אַדמיניסטראַציע בעשלאָסען אָבצוטהאָן אַ מורא׳דיגע זאַך.

מען האָט אָנגעצונדען דאָס פֿעלד אין די אַרומיגע וועלדער.

באַלד האָט זיך פֿון אַלע זייטען אויפֿגעהויבען אַ שטיקענדער רויך און מורא׳דיגע פֿלאַמען האָבען אַרומגענומען דעם גאַנצען אינזעל.

דערצו האָט זיך נאָך געמאַכט אַ שרעקליכער ווינד, וועלכער האָט פֿערשטאַרקט דאָס פֿייער.

אין טהאָל האָבען זיך געלאָזט הערען מורא׳דיגע קולות, און פֿון וויי־טען האָט מען געקענט זעהן ווי די שוואַרצע קערפּער פֿון די קאַנאַקען וואַרפֿען זיך אַרום אהין און אַהער אין רעכטען מיטען פֿון די פֿלאַמען.

אום ניט בייצואוואוינען דיזע שרעקליכע כצענעס, האָב איך זיך פֿערשלאָסען ביי מיר אין שטיבעל.

איין נאַכט האָב איך געהערט ווי מען קלאַפּט ביי מיר אין טהיר.

— ווער איז דאָרט?—האָב איך געפֿרעגט.

— טאַיאָ, טאַיאָ,—האָט מען געענטפֿערט.

כ׳האָב דערקענט די שטימע פֿון גולי, אַ קאַנאַקען הויפּטמאַן פֿון די בערג, איך האָב גלייך געעפֿענט.

דריי נעגערס זיינען אריין צו מיר אין שטיבעל.

ס איז געווען אַ שרעק אַ קוק צו טהאָן אויף זיי.

די האָר זייערע זיינען געווען אָבגעסמאַליעט און די קערפּערס בעדעקט מיט מורא׳דיגע וואונדען.

גולי האָט צוערשט גענומען דאָס וואָרט.

— שוועסטער,—האָט ער געזאָגט—מיר זיינען פֿערלאָרען, מיר זיינען אונגליקליך!...

און דער אָרעמער קאַנאַק האָט זיך געקלאַפּט מיט די פֿויסטען אין קאָפּ.

אין אַ ווײילע אַרום האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— די ברידער און איך פֿאָהרען אָב פֿון דאַנעט אין אַ שיפֿעל.

— וואוהין?—האָב איך געפֿרעגט.

גולי האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד און געענטפֿערט:

— ווייט, זעהר ווייט! נאָר מיר האָבען ניט געוואָלט אַוועקפֿאָהרען איי־

דער מיר זאָגען דיר אַדיע... דו ביסט אימער געווען אַזוי גוט צו די אָרעמע קאַנאַקען און זיי וועלען דיך קיינמאָל ניט פֿערגעסען.

אויף דרויסען איז געווען אַ מירא׳דיגער שטורם.

אַלע ווײלע האָט אַ בליץ געטהאָן און מען האָט געקענט זעהן פֿון ווייטען די שוואַרצע כוואַליעס פֿון ים.

דער דונער האָט זיך אויסגעמישט מיט׳ן ליאַרם פֿון די כוואַליעס, און אַלס צוגאָב האָט מען געהאַלטען אין איין שיסען, אום אָנצוזאָגען, אַז עס איז אַ געפֿאַהר איצט זיך צו געפֿינען אויף׳ן ים.

כ׳האָב אָנגעקוקט די אָרעמע קאַנאַקען, וועלכע זיינען געווען גרייט איינצושטעלען זייערע לעבענס און זיך אַוועקלאָזען אין מולטערס אויף׳ן ים אין אַזאַ שרעקליכער צייט, און מיינע אויגען זיינען פֿול געוואָרען מיט טרעהרען.

זיי האָבען בעמערקט מיין אויפרעגונג און נולי האָט מיר אָנגענומען פֿאַר די הענד און געזאָגט:

— דו „שענערע", ניט וויין... אָרעמע קאַנאַקען וועלען זיין גליקליך, ווען זיי וועלען שטאַרבען, ניט אַריינפֿאַלענדיג ביי די ווייסע אין די הענד.

— אָבער וואָס רעכענט איהר צו טהאָן?—האָב איך געפֿרעגט.

— מיר וועלען זיך אַריינזעצען אין אַ שיפֿעל און אַוועקפֿאָהרען ווייט, זעהר ווייט, ביז׳ן ברעג פֿון אינזעל.

ווען זיי האָבען שוין געהאַלטען ביים אַוועקגעהן, רופֿט זיך נולי אָב צו מיר:

— שוועסטער, מיר וועלען דיך ניט פֿערגעסען ביז אונזער טויט.

כ׳האָב געהאַט ביי מיר מיין רויטען באַנד פֿון דער קאָמונע, וואָס איך האָב די גאַנצע צייט אָבגעהיט און געהאַלטען טהייער. איצט האָב איך איהם צוריסען אין דרייען און געגעבען אַ שטיק יעדען איינעם פֿון די אָרעמע שוואַרצע.

זיי זיינען שטילערהייט אַרויס פֿון מיין שטיבעל און זיינען פֿערשוואונדען.

ביים שיין פֿון די בליצען האָב איך זיי נאָך איין אָדער צוויי מאָל בעמערקט, לויפֿענדיג צום ים, אַזוי ווי די טייוואָלים אין רעכטען מיטען פֿייער. דערנאָך האָב איך זיי מעהר ניט געזעהן.

אָרעמע פֿריינד! ווער ווייסט וואָס פֿון זיי איז געוואָרען?

זיי זיינען אודאי דערטרונקען געוואָרען אין ים.

דער אויפֿשטאַנד איז גיך אונטערדריקט געוואָרען.

אַז די אָרדנונג האָט צוריק אָנגעהייבען הערשען אין דער קאָלאָניע, זיינען די ווילדע שבטים געווען האַלב פֿערניכטעט.

נאָר די קאַנאַקען-ראַסע איז פֿונדעסטוועגען געבליבען לעבען.

עטליכע טויזענד שוואַרצע זיינען געשטאָרבען אין קאַמפף פֿאַר זייער אונאַבהייניגקייט.

די וואָס זיינען לעבען געבליבען האָבען געמוזט בלייבען שקלאַפֿען.

## VII.

# אַ פּלאַן צו אַנטלויפֿען.

איין טאָג האָב איך בעמערקט, אַז דאָס סיגנאַל-שיף, וואָס איז געשטאַנען ביים האַפֿען פֿון דעם האַלב-אינזעל׳ דיקאָס, איז גאַנץ שטאַרק בעשעדיגט געוואָרען פֿין אַ שטורם-ווינד און אַז מען האָט עס אָבגעפֿיהרט אין אַ קליינעם קאַנאַל, אים עס צו פֿערריכטען.

דער האַלב-אינזעל איז אַלזאָ כמעט געבליבען אונבעוואַכט.

מיר איז אַלזאָ איינגעפֿאַלען אַ פּלאַן.

אַזוי ווי דער גאַנצער ברעג איז ניט בעוואַכט, פֿאַרוואָס ניט מאַכען אַ פֿערזוך צו אַנטלויפֿען?

ס׳האָט מיר אויסגעוויזען אַ זעהר לייכטע זאַך.

די שוועריגקייט איז אַצונד ניט געווען צו פֿערלאָזען דעם אינזעל, נאָר צו געפֿינען עפּעס אַ שיפֿעל, און צו וואָס צו אַנטלויפֿען.

כ׳בין אַוועק צו איינעם פֿין מיינע קאַמעראַדען, אַ פֿערשיקטען מיט׳ן נאָמען פּערוסע.

פּערוסע איז געווען אַ געוועזענער קאַפּיטאַן, אַ דרייסטער, ענטשלאָסענער מענש.

אַז איך בין געקומען צו איהם, איז ער געזעסען אין אַ ווינקעל ביי זיך אין שטיבעל און האָט געראויכערט זיין ליולקע.

— זעה נאָר,—האָט ער זיך אָבגערופֿען—וואָס ברייגגט אייך אַהער צו מיר?

און זיך אויפֿהויבענדיג האָט ער מיר געגעבען דעם שטוהל, אויף וועלכען ער איז געזעסען.

— כ׳האָב זעהר אַ וויכטיגע זאַך מיט אייך צו ריידען.

פּערוסע האָט פֿערריגעלט די טהיר פֿין זיין שטיבעל.

— לאָמיר ריידען שטיל,—האָט ער געזאָגט—וואָרים עס זיינען אימער דאָ געגנוג שפּיאָנען, וואָס דרעהען זיך אַרום לעבען די וואוינונגען פֿון די פֿערשיקטע. אַני, לאָמיר הערען, וואָס איהר האָט צו זאָגען.

— אָט וואָס: דאָס שיף, וואָס בעוואַכט דעם האַלב-אינזעל, וועט ניט זיין אין דעם געגענד ניט היינט ביינאַכט און ניט די ווייטערדיגע עטליכע נעכט, ווייל דער לעצטער שטורם-ווינד האָט עס, ווי איהר ווייסט מן הסתם, שטאַרק צושעדיגט. כ׳מיין, אַז עס וועט נעהמען גאַנצע דריי וואָכען, אויב ניט מעהר, עס צו פֿערריכטען. נו, ביז דאַן וואָלט ניט געווען אַ כברא, פּערוסע, צו מאַכען עפּעס אַ שיפֿעל, אויף וועלכען מיר זאָלען קענען אַנטלויפֿען פֿין דאַנעט?

פערוסע האָט זיך אַ קראַין געטהאָן אין דער פּאָט־ליניצע, דע־נאָך האָט ער געענטפערט:

— כ׳האָב שוין אַליין געטראַכט דערפון, נאָר איהר דאַ־פט ניט פערגעסען, אַז מיר ווערן זעהר שטארק בעוואַכט... די געוויעהנליכע אַרעסטאַנטען טהוען וואָס זיי ווילען אויף׳ן אינזעל, אָבער אינז, אונז לאָזט מען פון אייג ניט אַרויס; מען געהט אונז נאָך ווי די ווילדע חיות. בויען אַ שיף איז אַ קליינ׳גקייט, די זאַך איז נור ניט אַריינצופאַלען.

— און אַ שטייגער מיר זאָלען אַריינפאַלען, איז וואָס איז דאָ דער אונגליק?

— אַ שעהנע פראַגע; איהר ווייסט דאָך, אַז די רעגירונג טרייבט קיין קאַטאָוועס ניט. מען וועט אונז אָנשמיעדען אַ שעהנע קייט צו די פיס און אונז אָב׳שיקען אין טורמע מיט די געפעהרליכע פערברעכער.

— וואָס זשע, איהר, אַן אַלטער מאַטראָז, איהר האָט אַזוי שטאַרק מורא פאַר אַ קייטעל אויף די פיס?

פערוסע האָט מיך אָנגעקוקט, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט.

ער האָט זיך פערטראַכט.

ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען:

— ווייסט איהר, אַז מען קען ניט קומען קיין סידניי אויף אַ נוסען־שאָלאַכין... דער ים איז זעהר שלעכט דאָ אין דעם געגענד, און אָט די פערדאַמטע קאָראַלען־פעלזען צושמעטערן אייך אַ שיף איינס און צוויי.

— דאַרף מען זעהן אויסמיידען די פעלזען, דאָס איז אַלעס.

— ס׳רעדט זיך אייך אַזוי גרינג. מען קען זעהן, אַז איהר זייט ניט בעקאַנט מיט׳ן ים.

— אָבער איך האָב דאָך פאָרט געהערט, אַז אַרעסטאַנטען זיינען אַנטלאָפען אויף שיפלאַך און מען האָט זיי קיינמאָל ניט געפינען.

— כ׳גלויב אייך,—האָט פערוסע געענטפערט,—מען האָט זיי קיינמאָל ניט געפונען, ווייל זיי זיינען דערטרונקען געוואָרען...

— נאָך אייער מיינונג נאָך, הייסט עס, אויב מען איז דאָ, דאַרף מען דאָ בלייבען אייביג?

— ווער זאָגט עס דען? מען קען אַנטלויפען פון ניי קאַלעדאָניען, נאָר מיט דער בעדינגונג, אַז מען זאָל ניט אויסקלייבען אַזאַ צייט ווי די איצטיגע, ווען דער ים איז אַזוי אומרוהיג, און אַחוץ דעם מוז מען האָבען אַ גוט שיף.

— גוט,—האָב איך געזאָגט,—לאָמיר אָננעהמען, אַז דער ים איז שטיל און מיר האָבען אַ גוטע זעגעל־שיף.

— דאַן איז פאַרהאַן אַן אַנדער צרה,—האָט פערוסע געענטפערט מיט אַ שמייכעל,—אַז דער ים איז רוהיג, קען גאַנין גוט געמאָלט זיין, אַז מיר זאָלען גאָר קיין ווינד ניט האָבען, אָדער יעדענפאַלס ניט גענוג ווינד צו פאָהרען.

— אַלזאָ?

— אַלזאָ, מוז מען אָבוואַרטען אַ גינסטיגען מאָמענט, נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלעס. אַ גוטער ווינד קען אונז פֿערהיטען פֿון אַן אָנשטויס אויף די פֿעלזען; אָבער אויב מיר זאָלען ניט האָבען גענוג ווינד, קענען מיר גאָר פּשוט בלייבען שטעהן אין מיטען ים עטליכע מיילען ווייט פֿון איביעל און שטאַרבען פֿון הונגער.

— עפּעס זייט איהר מיר שוין צו פּעסימיסטיש,—האָב איך זיך אָבגע-רופֿען,—און איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך פֿערשטעה אייך נישט; כ׳מיין, אַז איהר טרייבט גאָר שפּאַס.

— איך? ס׳הויבט זיך גאָרניט אָן,—האָט פּערוסע געענטפֿערט.—הערט מיך אַקאָרשט אויס און איהר וועט מיך פֿערשטעהן. אייערע הילצערנע מול-טערס, אייערע זעגעל שיפֿלאַך,—אָט דאָס אַלעס איז ניט ווערט קיין שמעק טאַבאַק... אַז שטאַרבען, וואָס איז מיר די נפקא מינה וואו, דאָ צי ערגעץ אַנדערש? כ׳קען כין פֿאַך, און איהר מעגט זיכער זיין, אַז ווען עס וואָלט ניר מעגליך געווען צו אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט אויף די פּרימיטיווע שיפֿלאַך, וואָלט איך שוין פֿון לאַנג זיך אָבגעזעגענט מיט דער היגער אַדמיניסטראַציע. זייט איך בין דאָ האָב איך געטראַכט וועגען אַנטלויפֿען, נאָר איך וועל ניט אונטערנעהמען קיין „רייזע״ אַזעלכע סיידען איך זאָל זיין זיכער, אַז איך וועל צוקומען בשלום קיין אויסטראַליען... אויף אַ זעגעל-שיף, ווי גוט עס זאָל ניט זיין, ריזיקירט מען מיט׳ן לעבען. מען מאַכט פּלענער, מען אַנטלויפֿט, מען געהט אַריבער בשלום דעם קאַנאַל, און מיט אַמאָל—שטעה!... מען בלייבט שטעקען אין מיטען ים. דער קאַנאָן נעהמט דונערן, די שיפֿלאַך יאָ-גען, זיך נאָך אייך מען פּאַקט אייך אין מען זעצט אייך אַריין אין טורמע... זעהט איהר, אויב איך זאָל שוין יאָ אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט, וויל איך זיך מיט דער אַדמיניסטראַציע אָבגעזעגענען אויף אייביג.

— אויף אַזאַ׳ן אופן וועט איהר, הייסט עס, קיינמאָל ניט אַנטלויפֿען.

— איהר האָט אַ טעות. איך ווייס, אַז איהר וועט זיין ערשטוינט, ווען איהר וועט עס הערען, מיין גוטע לואיזע, אָבער לאָמיך אייך זאָגען, אַז איך האָב ביי דער האַנד אַ שטאַרקע שיף, וואָס איז פֿעהיג צו געהן ביז פֿראַנק-רייך... מיט איין וואָרט, אַ דאַמפּפֿ-שיף.

כ׳האָב אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

— אַה, פּערוסע,—האָב איך זיך אָבגערופֿען,—איהר ווילט זיך לוסטיג מאַכען איבער מיר.

— חלילה, איך רייד גאַנץ ערנסט. יאָ, דאָ ניט ווייט פֿון דאַנעט האָב איך אַ דאַמפּפֿ שיף; ס׳האַנדעלט זיך נור אויסצוניצען דעם מאָמענט, ווען איך וועל איהם קענען נעהמען אין מיין רשות... יענעם טאָג וועלען אַלע קאַמעראַדען, וועמען איך וועל נ.ר קענען מיטנעהמען מיט מיר, בעצייטענס קריגען צו וויסען, איהר מעגט זיך פֿערלאָזען דערויף.

— אין צו ווּעמען בעלאַנגט דאָס דאָזיגע דאַמפּפ-שיף ?—האָב איך גע-פרעגט.

— טאַקי צו דער אַדמיניסטראַציע אַליין,—האָט פּערוסע געענטפערט מיט אַ געלעכטער.

— צו דער אַדמיניסטראַציע ?

— יאָ...

ענדליך האָב איך בעגריפען וואָס דאָ טהוט זיך.

פּערוסע האָט געהאַט בדעה צו פערכאַפּען איינס פון די שיפען, וואָס שטעהען ביים אינזעל אויף דער וואַך און דערויף האָט ער עס געוואַרט אויף אַ גינסטיגען מאָמענט.

אָט די אידעע, וועלכע איז, אמת, געווען צופיעל געוואַגט, האָט אָבער דאָך געקענט דורכגעפיהרט ווערן.

אַלעס וואָס איז נייטיג איז צו זעהן, אַז מען זאָל ניט געפּאַקט ווערן איידער מען געהט אַריבער דעם קאַנאַל.

— איך וועל זיין איינע פון אייערע ?—האָב איך אַ פרעג געטהאָן פּערוסע׳ן.

— גאַנץ געוויס,—האָט ער געענטפערט,—איהר זייט די ערשטע, וועמען איך האָב אין זינען געהאַט מיטצונעהמען.

פּערוסע איז אַנשוויגען געוואָרען אויף אַ ווייל, דערנאָך האָט ער ווי-דער געזאָגט:

— ניט היינט איז ביי מיר געבוירען געוואָרען דער געדאַנק וועגען אַנטלויפען.

זייט איך בין דאָ האָב איך ניט אויפגעהערט טראַכטען און זוכען מיט-לען ווי אַזוי צו אַנטלויפען פון דיזען אינזעל.

מיט צוויי מאָנאַט צוריק האָב איך שוין געמיינט זיכער, אַז ס׳וועט זיך מיר איינגעבען דורכצופיהרען מיין פּלאַן.

אַ דאַמפּפשיף, וואָס האָט געהאַט אַלס קאַפּיטאַן איינעם פון מיינע פריינ-דע, האָט זיך אָבגעשטעלט ביים אינזעל „נו״.

כ׳האָב געהאַט אַ שטיקעל אינטערהאַנדלונג מיט דעם דאָזיגען אַלטען קאַמעראַד מיינעם, און איך בין זיכער, אַז אַלעס וואָלט דורכגעגאַנגען אין דער בעסטער אָרדנונג, ווען אימיצער וואָלט מיך ניט גע׳מסר׳ט און קאַליע געמאַכט מיין גאַנצען פּלאַן.

דעם טאָג, ווען איך האָב געזאָלט אַרויפגעהן אויף דעם „ווייסען שטערן״ (אַזוי האָט דאָס שיף געהייסען), איז אָנגעקומען אַ בעפעהל פון דער רע-גירונג צו מיינע וועכטער, אַז זיי זאָלען גוט אַכטונג געבען אויף מיר.

דער „ווייסער שטערן״ איז אָבגעפאָהרען אָהן מיר און איז אַוועק קיין פראַנקרייך.

דאָ האָט זיך פּערוסע אָבגעשטעלט, און אָנשטאָפּענדיג זיין ליולקע,

וועלכע ער האָט פֿון דאָס נײַ פֿעררויכערט, האָט ער מיט אַ פֿערטרוילּיכען טאָן ווידער אָנגעהויבען:

— כ'האָב אייך נאָר וואָס געזאָגט, אַז איך רעכען אין איינער פֿון די קומענדע נעכט צו פֿע־כאַפּען דאָס קליינע שיף, וואָס שטעהט דאָ ביי אונז אויף דער וואַך. ס'איז ניט אַזוי שווער ווי עס זעהט אויס צו זיין, און איהר ווייסט דאָך אַזוי גוט ווי איך, אַז מען דאַרף נור וואַגען, אויב מען וויל עפּעס דורכפֿיהרען.

איך האָב זיך איבערצייגט, אַז ביינאַכט איז אויף דעם דאָזיגען שיף קיין לעבעדיגער נפש ניטאָ...

לויט געזעץ מוזען ווייניגסטענס פֿיער מענשען שטענדיג זיין אויף'ן שיף. אָבער איהר ווייסט דאָך, ווי ס'געהט צו מיט די געזעצען. אין אָנהויב היט מען זיי אָב אויף אַ האָר, דערנאָך פֿערנאַכלעסיגט מען זיי ביסלאַכוויוז ביז וואַנעט מען פֿערגעסט זיך גאָר אָן זיי.

כ'האָב גוט נאָכגעשפּירט, וואָס די מאַטראָזען פֿון דעם שיף טהוען און אָט וואָס איך האָב אויסגעפֿונען: אַזוי גיך ווי די זונן געהט אונטער, לייגען זיי אָן קוילען אין דער מאַשין און געהען אַרונטער אויף דער יבשה שכור'ן. ס'איז קיינמאָל ניטאָ קיין וואַך אויף'ן שיף.

פֿון צייט צו צייט, יאַוועט זיך אַ מאַטראָז, אום זיך צו פֿערזיכערן, אַז אַלעס איז אין דער בעסטער אָרדנונג אויף'ן שיף און דערנאָך לויפֿט ער גלייך צוריק צו זיינע חברים.

נון, אָט וואָס איך האָב בעשלאָסען. איך האָב קיין מורא ניט, עס אייך צו ענטדעקען. איהר זייט אַ פֿריינדין און איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז איך האָב אייך געהאַט אין זינען אין פֿאַל אַז דער פּלאַן זאָל זיך איינגעבען.

— איך דאַנק אייך זעהר,—האָב איך זיך אָבגערופֿען, — נאָר לאָמיר אַקאָרשט הערען אייער פּלאַן.

— ער איז אַזוי איינפֿאַך ווי אַ גוט־מאָרגען... דעם אמת זאָגענדיג, איז עס ניט אַזוי אַ פּלאַן ווי אַ געוואַגטע שטיקעל אַרבייט. די קלענסטע קלייניגקייט קען מאַכען אַ תל פֿון אַלצדינג.

שטעלט אייך פֿאָר, אַז איך זאָל מאָרגען אָדער איבערמאָרגען, למשל, בעשטעלען אַ געוויסע צאָהל קאַמעראַדען און זיי אָנזאָגען, זיי זאָלען זיך געפֿינען צו אַ בעשטימטער מינוט ביים ברעג ים, דאָרט צווישען די פֿעלזען...

— דאָס איז גאַנץ לייכט.

— יאָ, כ'פֿערשטעה, אָבער אָט וואו די שוועריגקייט פֿאַנגט זיך אָן. מען מוז זעהן, אַז אין ווייניגער ווי פֿינף מינוט צייט זאָל דאָס שיף נעהמען געהן און אַלע זאָלען זיין אויבען אויף'ן דעק.

— דאָס איז אויך זעהר גרינג.

— גאַנץ ריכטיג, אָבער די רעכטע פּאָרזיכטיגקייט מוז זיך ערשט אָנ- פאַנגען דאַן, ווען דאָס שיף וועט אָנהויבען מאַכען אַ גערודער אין וואַסער. אַז די וועכטער זאָלען דערהערן דיזען גערויש, זיינען מיר פערלאָרען.

— אָבער אַז מיר זאָלען פּאָהרען שנעל?

— אָה! פערשטעהט זיך, אַז מיר ווילען פּאָהרען שנעל. וואָס מיינט איהר, איך וועל זיך האַלטען ביים ברעג אינזעל? איין זאַך נאָך טהאָר מען ניט פערנאַכלעסיגען; איידער מען פּאָהרט אָב, מוז מען אויף זיכער דער- געהן, וואו די מאַטראָזען פון שיף געפינען זיך. אַז מיר ווילען ניר דורכ- שניידען דעם קאַנאַל, ווילען איך קען אויסגעצייכענט גוט, ווילען מיר ערשט נעהמען פּאָהרען מיט פולען דאַמפף, און אַזוי ווי מיר ווילען זיין אַ גוטע האַלבע שטונדע פּאָראויס פון די וועכטער, ווילען מיר האָבען שאַנסען אָנ- צוקומען קיין סידניי פאַר זיי.

— פערוסע,—האָב איך אויסגערופען,—איהר זייט אַ געניאַלער מענש!

— אָה,—האָט ער געענטפערט—נאָר ניט איבערטריבען; איך בין אַ גוטער שיפּס-מאַן, און איך קען אייך גאַראַנטירען, אַז קוים ווילען מיר נור זיין צוויי קילאָמעטער אַוועק פון ברעג, אויב דאָס שיף וועט נור זיין אין אַ גוטען צושטאַנד, וועל איך אייך ברייננגען קיין אויסטראַליען.

— אויב אַזוי,—האָב איך זיך אָבגערופען,—בלייבט אונז ניר, צו בע- שטימען דעם טאָג, ווען מיר זאָלען אַנטלויפען... מיר ווילען קיינמאָל ניט געפינען קיין בעסערע געלעגענהייט איידער די. דאָס סיגנאַל-שיף איז גע- שעדיגט, און דער גאַנצער ברעג איז ניט בעוואַכט.

— הערט מיך אויס,—האָט פערוסע שטילערהייט געמורמעלט.—כ׳האָב געמאַכט אַ צעטעל פון די, וואָס איך קען מיטנעהמען. זיי זיינען צוועלף פער- זאָן. איהר פערשטעהט דאָך, אַז איך וואָלט געקענט נעהמען מעהר, נאָר מען קען ניט מיט אַמאָל אויסליידיגען אַלע שטיבלאַך, ניט צוציהענדיג דורך דעם די אויפמערקזאַמקייט פון דער אַדמיניסטראַציע. אַלזאָ, נאַט אייך דעם צעטעל פון די קאַמעראַדען, וועלכע מען דאַרף צו וויסען געבען וועגען דעם. זאָגט זיי, זיי זאָלען זיך האַלטען גרייט, און איהר קומט זיך זעהן מיט מיר יעדען טאָג. טאָמער וועל איך ניט קענען ריידען מיט אייך, וועל איך אייך פון וויטען מאַכען אַ צייכען, אָט אַזוי.

און פערוסע האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענד אויף׳ן קאָפּ.

— דאָס וועט הייסען, אַז מען פאָהרט דעם זעלבען אָווענד,—האָט ער געענדיגט.

— אָבגעמאַכט,—האָב איך געזאָגט.

און נאָכדעם ווי איך האָב געדריקט די האַנד פון דעם מוטהיגען פריינד, בין איך אַוועק צו מיר אין שטיבעל.

מען קען פערשטעהן, וואָס פאַר אַ רושם דיזער געשפּרעך האָט אויף מיר געמאַכט.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געהאַלטען אין איין פֿאַנטאַזירען פֿון אַנטלויפֿען. איך האָב זאָגאר געהאַט אַ זיסען חלום וועגען דעם.

ס'האָט זיך אונז איינגעגעבען צו פֿערלאָזען דעם אינזעל און מיר זיינען שוין געווען אויף'ן וועג קיין סידניי.

מיר האָבען זיך אַלע געפֿיהלט אַזוי גליקליך און מיר האָבען אויף'ן שיף געזונגען אַ רעוואָלוציאָנערעס ליעד, אַ הימנע פֿון פֿרייהייט, וואָס איך האָב פֿערפֿאַסט ספּעציעל לכבוד אונזער בעפֿרייאינג.

אַראָבקומענדיג אין סידניי איז די ערשטע פּערזאָן, וואָס איך האָב דער-זעהן ביים פּאָרט, געווען מיין מוטער.

נאָר אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט. ניט ווייט פֿון מיין שטיבעל האָט מען אויף אַ ברוטאַלען שטייגער געשמיסען אַ קאַנאַק, און דער אונגליקליכער האָט אָנגעפֿילט די לופֿט מיט מורא'דיגע קולות.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה בין איך אין דער שטיל אַרומגעגאַנגען פֿון איין שטיבעל אין אַנדערן צו די קאַמעראַדען, וועלכע זיינען געווען פֿערציי-כענט ביי פּערוסע'ן אויף'ן צעטעל.

— פֿאַרהאַן אַ פֿריינד, וואָס האָט אייך אין זינען,—האָב איך זיי גע-זאָגט,—ס'קען זיין, אַז אין עטליכע טעג אַרום זאָלען מיר אַנטלויפֿען פֿון דאַנען .. כ'וועל אייך מעהר גאָרנישט דערצעהלען. אַז איהר וועט מיך זעהן מיט אַ ווילדער באַנוויל-בלום אויף'ן לאַפּעל, וועט דאָס זיין אַ סימן, אַז איהר דאַרפֿט דעם זעלבען אָוענד זיך געפֿינען ביים ברעג ים, ביי די פֿעלזען. נאָר פֿאָרזיכטיג... אייער פֿרייהייט הייננגט אָב דערפֿון.

איך בין געווען אַזוי איבערצייגט, אַז פּערוסע'ס פּלאַן מוז זיך איינגע-בען, אַז עס איז מיר גאָר אויף'ן זינען ניט אַרויפֿגעקומען, אַז עס קענען זיך מאַכען אונגליקליכע עראייגניסע, וואָס ווילען פֿערניכטען אַלע אונזערע האָפֿ-נונגען.

און דאָך האָב איך, דוכט זיך, פֿון ערפֿאַהרונג שוין געמעגט וויסען, אַז גראָד דאַן, ווען דאָס שיף דאַרף שוין צוגעקומען צים ברעג, מאַכט זיך אַן אונגליק און מענשען ווערן דערטרונקען...

צוויי טעג נאָך מיין געשפּרעך מיט פּערוסע'ן האָט מען געקענט בע-מערקען אַ געוואַלדיגע אויפֿרעגונג אויף'ן האלב-אינזעל דיקאָס.

די וועכטער זיינען אַרומגעלאָפֿען פֿערשמאַיעטע, צוטראָגענע.

דער גובערנאַטאָר איז עטליכע מאָל פֿערבייגעגאַנגען צוזאַמען מיט דיס אויבער אויפֿזעהער טורנעמין פֿערביי די הייזלעך. דער קאַנאָן האָט פֿון צייט צו צייט אויסגעשאָסען.

וואָס איז דאָ אַזוינס געשעהן?

ווען איך האָב ניט געפֿרעגט, יעדער איינער האָט געצויגען מיט די פּלייצעס; קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן.

נאָר באַלד האָט זיך די זאַך אויפֿגעקלעהרט. צווישען צוויי רייהען סאָל-

דאַטען מיט אויפגעשטעלטע באַיאָנעטען, האָבען מיר געזעהן פערבייגעהן די מאַטראָזען פון דעם וואַך-שיף, וואָס איז ביינאַכט נעלם געוואָרען.

איינפאַכע אַרעסטאַנטען האָבען פערכאַפּט אַפריהער דעם אָרעמען פע-רוסע׳ס פלאַן.

זיי האָבען געטהאָן אָקוראַט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט זיך פאָרגענו-מען צו טהאָן. ביינאַכט, ווען די שיפס-לייט האָבען גע׳שכור׳ט ע׳רגעץ אויף דער יבשה, האָבען זיי פערכאַפּט דאָס שיף אין אַנטרונגען געוואָרען דערויף.

פערשטעהט זיך, אַז די מאַטראָזען האָבען בעצאָהלט טהייער פאַר זייער נאַכלעסיגקייט. מען האָט זיי גלייך אַריינגעזעצט אין קאַרצער און דער-נאָך זיי געשטעלט פאַר אַ קריגס געריכט.

אַזוי שנעל ווי ס׳איז נור מעגליך געווען האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט אויף עטליכע שיפען נאָכיאָגען נאָך די אַנטלאָפענע, וועלכע זיינען בעשטאַ-נען פון פינף איינפאַכע אַרעסטאַנטען, צוויי פון זיי מאַטראָזען און איינער אַ שיפס-מעכאַניקער.

אַז פערוסע האָט זיך דערוואוסט פון דער געשיכטע, איז ער געוואָרען אויסער זיך פאַר כעס.

— ס׳איז אונמעגליך, אַז די דאָזיגע חברה-לייט זאָלען האָבען געפּאַ-לען אויף דעם זעלבען איינפאַל וואָס איך,—האָט ער געזאָגט.—ניט אַנדערש, אַז זיי האָבען זיך אונטערגעהערט, בעת מיר האָבען געהאַט דעם געשפרעך ביי מיר אין שטיבעל און זיי האָבען אויסגעכאַפּט ביי מיר מיין פלאַן. נאָר איך בין כמעט זיכער, אַז מען וועט זיי פאַקען.

אָבער דער גוטער פערוסע האָט אַ טעות געהאַט.

ניט נור האָט מען זיי ניט אָנגעיאָגט, דען די אַרעסטאַנטען זיינען אָנ-געקומען קיין סידניי מיט אַ גאַנצען מעת-לעת פאַר די רעגירונגס-שיפען, נאָר די אַדמיניסטראַציע האָט נאָך געהאַט אַ מיאוס׳ן אָבשניט אויך. זי האָט, פערשטעהט זיך, פערלאַנגט ביי דער רעגירונג פון סידניי, אַז מען זאָל אַרויסגעבען די „געפּעהרליכע פערברעכער״, אָבער דיזער פערלאַנג איז גלייך צוריקגעוויזען געוואָרען. האָט זי זיך געבעטען, מען זאָל איהר אָבגעבען דאָס שיף, וואָס די אַרעסטאַנטען האָבען „גע׳גנב׳עט״, האָט מען איהר געענט-פערט בזה הלשון:

„דאָס שיף איז דאָס אייגענטהום פון די, וועלכע זיינען געקומען אַהער דערמיט. אַז זיי ווילען, קענען זיי עס אייך אָבגעבען...״

נאָר די אַרעסטאַנטען זיינען גאָר קיין נאַרען ניט געווען אין האָבען ניט געוואָלט. זיי האָבען דאָס שיף פערקויפט און פאַר׳ן געלד אויפגעפּענט אַ געשעפט אין דער אויסטראַלישער שטאָדט, און היינט זיינען זיי פעררעכענט צווישען די גרעסטע האַנדעלס-לייט פון סידניי.

## VIII

# אַ פּאָר עפּיזאָדען.

ענדליך האָב איך זיך געמוזט טרייסטען און ווי עס איז פֿערגעסען דעם דורכפֿאַל אונזע־ן.

כ׳האָב פֿערבראַכט מיינע טעג, בעזוכענדיג די חברים מיינע. אָפּטמאָל פֿלעג איך געהן הערען ל׳הוירע׳ן, איינעם פֿון אונזערע קאַמעראַדען, וועלכער האָט געשפּיעלט אויף דער גיטאַרע. מיר פֿלעגען איבערהויפּט האָבען מוזי־קאַלישע אונטערהאַלטונגען, און די קאַנאַקען, וועלכע זיינען זיך אימער צו־נויפֿגעקומען הערען דיזע מוזיק, האָבען זיך מיט דער צייט אויסגעלערנט אַלע ניגונים אונזערע.

אין אַלגעמיין וואָלטען מיר זיך גאָרניט געפֿיהלט אַזוי אונגליקליך אויף׳ן האַלב־אינזעל, ווען די וועכטער און אויפֿזעהער וואָלטען אונז ניט אַזוי פֿער־פֿאָלגט אויף שריט און ט־יט.

איך פֿאַר מיין טהייל בין געוועזען גאַנץ רוהיג.

מען האָט מיך, אמת, געהאַלטען פֿאַר א העזה׳ניצע, אָבער ווי׳עס ווייזט אויס האָט מען מיך געשאַנעוועט, ווייל איך בין א פֿרוי, און דעריבער האָב איך ניט געהאַט אויסצושטעהן אַזעלכע שווערע שטראָפֿען ווי מיינע קאַמע־ראַדען.

מען וועט זעהן ווייטער ווי ווייט עס קען אַוועקגעהן די ווילדקייט פֿון וועכטער, וועלכע קענען טהאָן וואָס זיי ווילען.

מיר האָבען געהאַט צווישען אונז אַ קאַמעראַד מיט׳ן נאָמען דערני, אַ שוואַכער, מרה שחורה׳דיגער מענש.

פֿערשיקט קיין ניי־קאַלעדאָניען האָט מען איהם דערפֿאַר וואָס ער האָט גענומען אָנטהייל אין דעם פּאַריזער אויפֿשטאַנד. אין דער אמת׳ן אָבער איז ער געוועזען אַ קנאַפּער רעוואָלוציאָנער, און אסור אויב איך ווייס פֿאַר וואָס צוויי וועכטער זיינען איהם כסדר נאָכגעגאַנגען און האָבען פֿון איהם קיין אויג ניט אַרונטערגענומען.

ענדליך איז דער אָרעמער יונג געריהרט געוואָרען פֿון זינען, ביינאַכט, ליגענדיג ביי זיך אין שטיבעל, פֿלעגט ער ציטערן ביי דעם מינדעסטען גערויש.

און וואָס מעהר ער האָט מורא געהאַט, אַלץ מעהר האָבען איהם די וועכטער זיינע געשראָקען.

איין נאַכט האָבען דיזע טייוואָלים אויסגעקלעהרט אַ שרעקליכען שפּאַס, וועלכער האָט דעם אָרעמען פֿערשיקטען געקאָסט דאָס לעבען.

כ׳איז געוועזען אַרום צעהן אַזייגער; מיר זיינען שוין אַלע געשלאָפֿען. אין

דרויסען האָט געבלאָזען אַ מורא׳דיגער ווינד. די צוויי וועכטער זיינען צוגע-גאַנגען צו דערני׳ס שטיבעל, האָבען אויפגעעפענט די טהיר, אַוועקגעשטעלט אינעווייניג אַ שטיק חאַלץ אין דער פאָרמע פון אַ קרייץ און אַרויפגעוואָר-פען דערויף אַ גרויסע, ווייסע העמד.

איף׳ן שפּיץ פון דעם שטיק האָלץ האָבען זיי אַרויפגעשטעלט אַ טוי-טענקאָפּ, אַ שאַרבען פון אַ קאַנאַק.

אויף די צוויי ליידיגע לעכער-איגען האָבען די וועכטער אָנגעקלעפּט צוויי רויטע פּאַפּירלאַך אין אינעווייניג אין שאַרבען האָבען זיי אָנגעצונדען אַ ליכט.

אַז דערני האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטען נאַכט, האָט ער דערזעהן דיזעס שרעקליכע בילד. אַ פּע־ציטערטער איז ער געלעגען און האָט זיך ניט געקעגט אַ ריהר טהאָן פון אָרט.

אום צו פערגרעסערן זיין שרעק האָבען די וועכטער פון דרויסען זיך גע-ווענדעט צו דעם אונגליקליכען, און געזאָגט:

„דערני, דו וועסט שטאַרבען, דערני, איך בין געקומען נאָך דיר.”

דער אָרעמער פערשיקטער האָט אפילו קיין כח ניט געהאַט אַ געשריי צו טהאָן.

אין דער פריה האָט מען איהם געפונען אַ טויטען; ער איז געשטאָרבען פון שרעק.

די וועכטער, וועלכע האָבען זיך זיכער ניט גע־יכט, אַז זייער שפּאַס וועט אַוועקגעהן אַזוי ווייט, האָבען עס, פערשטעהט זיך, קיינעם ניט דער-צעהלט.

נאָר אַ קאַנאַק מיט׳ן נאָמען ניאָקאָ האָט אַלעס געזעהן. ער האָט עס דערצעהלט זיינע פריינד און באַלד האָט זיך איבער׳ן גאַנצען אינזעל צוטראָ-גען די געשיכטע מיט׳ן טויטען קאָפּ.

און איינינע פּאָליטישע פערשיקטע האָבען געשוואָרען זיך אָבצורעכענען מיט די מערדער פון דעם אָרעמען דערני. זיי האָבען זיי גענומען נאָכשפּירען, און איין אָווענד, ווען וועגעל און ריקאָרדאָ (אַזוי האָבען די צוויי וועכטער געהייסען) האָבען זיך געלאָזט געהן אויף׳ן וועג צו אַן אַרעסטאַנט, וועלכער האָט פערקויפט וויין, זיינען זיי מיט אַמאָל בעפאַלען געוואָרען. מען האָט זיי געבונדען און זיי אַוועקגעפיהרט אין אַ וועלדעל, וואו עס זיינען געווען אָנגעגרייט צוויי גריבער. פערשטעהט זיך, אַז די חברה-לייט, וואָס זיינען אָנגעפאַלען אויף די וועכטער, האָבען ניט געוואָלט מען זאָל זיי דערקענען, און זיי האָבען זיך דאַרום פערשמירט די פנים׳ער מיט סאַזשע.

נון, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכע צערעמאָניע, וואָס די צוויי וועכטער גערייינקען אודאי, אויב זיי לעבען נאָך.

איינער פון די אָנפאַלער האָט גענומען דאָס וואָרט:

— וועגעל און ריקאָרדאָ,—האָט ער געזאָגט—איהר האָט פעראורזאַכט

דערני׳ס טויט .. מיר ווע֝לען איך איצט בעצאָה֝לען דערפאַר, אָבער מיר ווי֝-לען, אַז די שטראָף אייערע זאָל זיין די שרעקליכסטע... איהר וועט בעגראָ-בען ווערן לעבעדיגערהייט.

די צוויי וועכטער האָבען דערלאַנגט אַ מורא דיגען געשריי.

— לאָזט אַרונטער דיזע באַנדיטען אין די גריבער,—האָט קאָמאַנדירט אַ שטימע.

אין מיט שטריק האָט מען זיי אַרונטערגעלאָזען אין די קברים, וואָס מען האָט פאַר זיי אויסגעגראָבען. דערנאָך האָט מען אָנגעפאַנגען פערשיטען די גריבער.

די צוויי וועכטער זיינען געפאַלען אין אונמאַכט פון שרעק.

דאַן האָט מען זיי אַרויסגעצויגען צוריק, זיי בעפרייט פון די שטריק, מיט וועלכע זיי זיינען געווען געבונדען, און דערנאָך האָט מען זיי אַוועקגע-טראָגען עטליכע טריט ווייטער אונטער אַ בערגעל מיט טרוקענע בלעטער.

די גריבער זיינען צוריק פערשאָטען, די ערד אויסגעגלייכט געוואָרען און די פערשטעלטע זיינען זיך אַוועק יעדער איינער צו זיך אין שטיבעל.

בעגינען צו טאָג האָבען זיך די וועכטער מיט צרות אַרויסגעמאַכט פון צווישען די בלעטער אין זיך קוים אַוועקגעשלעפט אין זייער לאַגער. איינער פון זיי, ריקאָרדאָ איז געלעגען קראַנק, דער אַנדערער, ווענעלי, האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס. זיי האָבען געוואָלט דערצעה֝לען וואָס מיט זיי האָט פאַסירט, נאָר קיינער האָט זיי ניט געגלויבט.

פון דאַן אָן זיינען זיי געוואָרען זיס און רוהיג אַזוי ווי די לעמעלאַך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל נאָכמיטאָג האָב איך שפאַצירט אין אַ וועלדעל אויף אַ באַרג. פלוצלינג האָב איך דערזעהן אַנטקעגען מיר אַ מאַן אין טראַנטעס, מיט אַ ווילדער באָרד, מיט צושויבערטע האָר. ווי ער האָט מיך בעמערקט האָט ער גענומען לויפען, מאַכענדיג דערביי אַזעלכע געוואַלדען, אַזוי ווי מען וואָלט איהם געוואָלט צו׳הרג׳ענען.

דער אונבעקאַנטער, וועמען איך האָב אפילו ניט אוספייעט רעכט אָנ-צוקוקען, איז פערשוואונדען ערגעץ צווישען די פעלזען.

צוריקקומענדיג אין לאַגער, האָב איך עס דערצעהלט איינעגע פון מיינע קאַמעראַדען, און עס איז בעשלאָסען געוואָרען אויפצווזוכען דיזען געהיימ-ניספאָלען מענשען.

מיר האָבען זיך נאָכגעפרעגט ביי עטליכע קאַנאַקען, האָבען זיי געזאָגט, אַז זיי האָבען שוין אויך בעמערקט דיזען מאַן, וועמען זיי האָבען אַ נאָמען געגעבען „דער אַרומלויפער פון די וועלדער״.

אַ טהייל האָבען געזאָגט, אַז דאָס מוז זיין אַן אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט. אַנדערע ווידער זיינען געווען אין דער מיינונג, אַז דאָס איז אַ קאָלאָ-ניסט, וואָס איז אַראָב פון זינען.

אָבער מיר האָבען דעם מאַן ניט געקענט געפֿינען.

אַכט טאָג נאָכאַנאַנד האָבען מיר איהם אַרומגעזוכט. ענדליך האָבען מיר דאָך ערדייכט אונזער ציעל.

אַ קלוגער קאַנאַק איז געװען אונזער פֿיהרער און ער האָט אונז דער-פֿיהרט ביז אַ הײהל, װאו מיר זיינען אַריינגעגאַנגען. דאָרט אין אַ שמאָלען דורכגאַנג האָבען מיר מיט אַמאָל בעמערקט װי עטװאָס בעװעגט זיך. אימי-צער פֿון אונז האָט אָנגעריבען אַ שװעבעלע און אַ מורא׳דיגע, פֿערקרימטע פֿיגור האָט זיך געװיזען פֿאַר אונזערע אויגען.

ס׳איז געװען „דער אַרומלויפֿער פֿון די װעלדער״.

זעהענדיג, אַז ער איז געפֿאַנגען, האָט ער גענומען קװיטשען אין אַ האַרצרייסענדער געװיין האָט זיך איהם אַרויסגעריסען פֿון דער ברוסט.

מיר האָבען איהם געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז מיר זיינען ניט געקומען איהם טהאָן שלעכטס, נאָר מיר װאָלטען װעלען װיסען װער און װאָס ער איז.

ענדליך האָט ער אונז אין אַ האַלב-װילדער, האַלב־פֿראַנצויזישער שפּראַך דערצעהלט זיין געשיכטע:

ס׳איז װירקליך געװען אַן אַמאָליגער אַרעסטאַנט.

מען האָט איהם געהאַט פֿעראורטהיילט צום טויט, דערפֿאַר װאָס ער האָט גע׳הרג׳עט אַ װעכטער. מען האָט איהם געהאַלטען אין געפֿענגניס אויף׳ן אינזעל „נו״, נאָר איהם האָט זיך איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען. װיפֿיעל די אַדמיניסטראַציע האָט איהם ניט געזוכט, זי האָט איהם בשום אופן ניט געקענט געפֿינען.

און צװיי יאָהר נאָכאַנאַנד האָט ער געלעבט אין אַ װילדען צושטאַנד; בייטאָג פֿלעגט ער זיך בעהאַלטען און בייגאַכט אַרומלויפֿען איבער די פֿעל-דער, כדי צו געפֿינען עטליכע געמיזען, מיט װאָס צו דערהאַלטען די נשמה.

דאָס איז געװען די גאַנצע געשיכטע זיינע. אַז ער האָט זי געענדיגט, האָט ער אונז מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען, מיר זאָלען איהם ניט אויסגעבען.

מיר האָבען איהם בערוהיגט און איהם פֿערזיכערט, אַז קיינער װעט ניט װיסען, װאו ער האַלט זיך אויף.

צװיי מאָנאַט צייט האָבען מיר איהם ניט געזעהן. ענדליך האָט ער זיך געװיזען פֿאַר אונז, נאָר שוין גאָר אַן אַנדער מענש. ער האָט געטראָגען אַ לייװענטענעם קאָסטיום. און אַ שטרויענעם הוט.

איך האָב איהם געפֿרעגט, װאָס מיט איהם איז אַזוינס געשעהן, און ער האָט מיר ערקלעהרט, אַז ער האָט איצט ניט װאָס מורא צו האָבען, װייל מען דערקענט איהם ניט און מען נעהמט איהם אָן פֿאַר אַ קאָלאָניסט, װאָס איז אַריבערגעקומען פֿון אויסטראַליען.

ס׳איז ניט אמת געװען.

ער האָט עס אונז דערצעהלט, כדי מיר זאָלען ניט זוכען װייטער צו דערגעהן װאָס מיט איהם טהוט זיך.

אין טאָג האָט אונז אַ קאַנאַק געבראַכט די נאַכריכט, אַז דער „אַרומ-לויפער פֿון די וועלדער" איז אַנטלאָפֿען פֿון אינזעל אויף אַ זעגעל-שיף.

דאָס וואָס דער מאַן האָט אונז ניט געזאָגט איז געווען אָט וואָס: אַז ער האָט צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד געאַרבייט, אום צו בויען אַ שיפֿעל.

מיט אַ מערקווירדיגער געדולד, כמעט אָהן געצייג, האָט ער געאַרבייט און ענדליך געמאַכט אַ באַרקע, דריי מעטער די לייגג און אָנדערהאַלבען מעטער די ברייט.

ס'איז גאָר ניט צו בעגרייפֿען, ווי אַזוי דיזער מאַן האָט געקענט קומען אויף דעם מולטער קיין אויסטראַליען. אָבער ער האָט דאָך דורכגעפֿיהרט זיין געוואַגטע אונטערנעהמונג.

אין עטליכע יאָהר אַרום האָב איך זיך מיט איהם געטראָפֿען אין לאָנ-דאָן. איך וועל נאָך שפעטער האָבען די געלעגענהייט צו ריידען וועגען דיזער מערקווירדיגער פערזאָן.

## IX

## דער סטרייק.

איך האָב פֿריהער דערצעהלט, אַז די אַדמיניסטראַציאָן האָט באַלד ווי מיר זיינען אָנגעקומען קיין ניי קאַלעדאָניען געפֿונען, אַז עס לוינט זיך ניט פֿאַר איהר צו בעשעפֿטיגען די פֿערשיקטע ביי די אַרבייטען פֿון אינזעל.

נאָר שפעטער, אַז מען האָט בעמערקט צווישען די פֿערשיקטע אַכט-גוטע אין קונסטפֿאָלע אַרבייטער, האָט זיך דער אויבער-אויפֿזעהער בערע-כענט, אַז עס איז פֿאָרט אַ פלאַן אויסצוניצען דיזע אונבעשעפֿטיגטע הענד.

אַ טהייל פֿון די פֿעראורטהיילטע האָבען געקראָגען האָלץ, אַנדערע — אייזען, און מען האָט זיי געהייסען מאַכען מעבעל און אַלערליי שלעסער פֿאַר דעם שטראָף-הויז.

אָבער די פֿערשיקטע האָבען זיך באַלד אַרומגעקוקט, אַז מיט דעם אויס-רייד, אַז מען זוכט זיי צו פֿערזאָרגען מיט אַרבייט, עקספלואַטירט מען זיי אויף אַ שענדליכען אופן.

פֿאַר דעם בעסטען טיש האָבען זיי געקראָגען בעצאָהלט אָנדערהאַלבען פֿראַנק; פֿאַר אַ שלאָס מיט די שליסלען — ניט מעהר ווי 20 סאַנטים.

און דאָס זעלבע איז געווען מיט אַלע אנדערע זאַכען, וואָס די געפֿאַנ-גענע האָבען פֿאַבריצירט.

אין ווייסט איהר ווער ס'איז ביסלעכווייז רייך געוואָרען פֿון דער אַר-בייט פֿון דיזע אונגליקליכע?

דאָס איז געווען דער אויבער-וועכטער טורנעמין.

ער האָט געהאַט אַ מאַגאַזין פֿול אָנגעפּאַקט מיט די זאַכען, וואָס די

פֿערשיקטע האָבען פֿאַבריצירט, אין די קאָלאָניסטען פֿון ניי־קאַלעדאָניען פלע־גען קויפֿען ווייערע מעבעל און אַנדערע כלי בית ביי דער פֿירמאַ „טורנעמין און קאָמפּאַני“, און דער גראָבער אויפֿזעהער האָט זיך אָנגעשאָטען מיט געלד.

און אַנדערער אויף זיין פלאַץ וואָלט וויניגסטענס געווען מענשליך צו די, וואָס אַרבייטען אַזוי שווער איהם רייך צו מאַכען.

אָבער טורנעמין איז ניט געווען קיין מענש ווי אַלע אַנדערע מענשען.

ער האָט זיינע אַרבייטער בעהאַנדעלט אַזוי שטריינג, אַז זיי האָבען עס שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען, און איין טאָג זיינען זיי אַרויס אין סטרייק.

די לאַגע איז געוואָרען גאַנץ ערנסט.

טורנעמין איז, פֿערשטעהט זיך, געווען פֿאָרזיכטיג ניט צו זאָגען דעם גובערנאַטאָר, אַז ער נוצט אויס פֿאַר זיין פראָפֿיט די אַרבייט פֿון אַ הונדערט מענשען.

ווי אַזוי זשע אָבער אונטערדריקט מען דעם סטרייק? וואָס דאַרף מען טהאָן, אום צו קענען לערנען מיט די סטרייקער דרך ארץ?

אַרויסזאָגען אָפֿען די גרינדע פֿון דעם בונט וואָלט געהייסען זיך מודה זיין אין דעם געשעפֿטעל, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט אָנגעפֿיהרט אָהן דעם וויסען פֿון דער אַדמיניסטראַציע.

ער האָט אַלזאָ אויסגעקלעהרט אַ נידעריגע אינטריגע.

ער איז אַוועק צום גובערנאַטאָר און האָט איהם דערצעהלט, אַז די פּאָ־ליטישע פֿערשיקטע האָבען אָרגאַניזירט אַ בונט מיט דעם אויסרייד, אַז די דיסציפּלין איז צו שטריינג און אַז זיי ווילען ניט בעהאַנדעלט ווערען אַזוי גרוויזאַם...

און אַנדער גובערנאַטאָר ווי דער וואָס מיר האָבען געהאַט, וואָלט אַפֿריה־ער געמאַכט אַן אונטערזוכונג און דערנאָך געזעהן וואָס ער האָט צו טהאָן, אָבער אונזער פריץ האָט עס געהאַלטען פֿאַר איבעריג.

ער האָט טורנעמינען געגעבען אַ פֿרייע האַנד צו האַנדלען ווי ער פֿער־שטעהט און האָט איהם אָנגעזאָגט איינצושטילען דעם בונט.

מען וועט זעהן וואָס איז נאָכדעם געשעהן.

פֿון דעם גובערנאַטאָר איז טורנעמין גלייך אַראָבגעקומען אין לאַגער אַריין. ער האָט זיך געפֿיהלט אַלס פֿאָלשטענדיגער בעל הבית און דאָס ער־שטע וואָס ער האָט געטהאָן, איז געווען צונויפֿצורופֿען איניגע פֿון די סטריי־קער און פֿאַר זיי האַלטען אַ רעדע.

ער האָט תחילת פּרובירט מיט גוטען. ער ווייסט גאַנץ גוט, זאָגט ער, אַז ניט אַלע זיינען שולדיג אין דעם בונט. דאָס האָבען אודאי עטליכע פֿער־שיקטע אויפֿגעהעצט זייערע חברים. מען האָט זיי איינגערעדט, אַז זיי ווערען עקספּלואַטירט, אָבער ס׳הויבט זיך גאָר ניט אָן; קיינער ווערט ניט עקספּלואַ־

— וואָס געהט דאָס אייך אָן?

— דאָס געהט מיך אָן דערפֿאַר, ווייל איך פֿערטרעט מיינע סטרייקענ־דע קאַמעראַדען.

— כ׳וויל ניט דיסקוטירען מיט אייך.

— ווערט מען ניט געהן צוריק צו דער אַרבייט און איהר וועט פֿערלירען אַן אויסגעצייכענטע קוועלע פֿון פּראָפּיט.

— שווייגט, שווייגט, — האָט דער אויפֿזעהער געליאַרעמט, ווערענדיג אַלערליי קוליערען.

— הייסט עס, ווילט איהר מעהר ניט ריידען וועגען דעם? זאָל זיין אַזוי,—האָב איך זיך אָבגערופֿען.

— כ׳ווייס, וואָס איך האָב צו טהאָן,—האָט טורנעמין געזאָגט—אָבער וויסען זאָלט איהר, אַז איהר אַליין וועט זיין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר אַלעס. וואָס וועט טרעפֿען. איך בין געקומען אַהער ריידען מיט אייך מיט גוטען, אַלס פֿריינד; איהר ווילט, איך זאָל אַוועקגעהן פֿון אייך אַ שונא. זאָל זיין אַזוי... אין אַ שטונדע אַרום וועט איהר הערען פֿון מיר, און איהר וועט זעהן, אַז איך לאָז זיך ניט אַרומפֿיהרען ביים נאָז פֿון אַ באַנדע משוגעים.

זיינע רייד האָבען אַרויסגערופֿען אַ שטורם פֿון פּראָטעסטען, און מיט אַמאָל האָט זיך טורנעמין געזעהן אַרומגערינגעלט פֿון אַ גאַנצע מחנה פֿער־שיקטע. ער האָט, פֿערשטעהט זיך, גלייך געוואָלט מאַכען די פּליטה, נאָר צוויי פֿערשיקטע האָבען איהם אַ פּאַק געטהאָן פֿאַר די הענד און איהם גע־זאָגט:

— דו וועסט שוין צוריקנעהמען דאָס, וואָס דו האָסט געזאָגט.

— קיינמאָל, קיינמאָל ניט, האָט דער אויפֿזעהער געשריען, סטאַרענדיג זיך אַרויסצורייסען פֿון זייערע הענד.

— אויב אַזוי, — האָט זיך אייגער אָבגערופֿען—וועסט דו גלייך זעהן, ווי נאַריש עס איז געוועזן פֿון דיין זייט צו בעליידיגען מענשען, וועלכע שטעהען געווים העכער פֿון דיר אין עהרליכקייט און פֿערנונפֿט.

— לאָזט מיך אָב, ווילט איהר מיך אָבלאָזען?—האָט געליאַרעמט דער דיקער מאַן, זיך סטאַרענדיג מיט אַלע כוחות זיך צו בעפֿרייען.

מען וועט דיך אָבלאָזען, אויב דו וועסט זיך ענטשולדיגען,—האָבען די פֿערשיקטע געזאָגט.

— זיך ענטשולדיגען? קיינמאָל, קיינמאָל ניט. איהר הערט?

און טורנעמין האָט מיט אַ הייזעריגער שטימע גענומען רופֿען נאָך הילף.

אָבער קיינער האָט איהם ניט געקענט הערען. דער פּלאַץ, וואו דיזע סצענע האָט זיך אָבגעשפּיעלט, איז געוועזן אַ צוויי הונדערט מעטער ווייט פֿון דעם לאַגער.

אויף יענעם אָרט איז געשטאַנען אַן אַלטער שטאַל מיט אַ צעהנדליג קליינע קעמערלאַך, וואו מען פֿלעגט אָפֿט פֿערשפּאַרען געוויסע פֿערשיקטע,

וועלכע האָבען זיך פּערזענדיגט געגען דער אַדמיניסטראַציע. אַהין האָט מען אַריינגעשלעפּט טורנעמינען, אום דאָרט איהם צו שטעלען צום געריכט.

פיער פון אונזערע קאַמעראַדען זיינען אַרויף אויף אַלטע קאַסטענס. אַנטקעגען זיי איז געשטאַנען דער אויפזעהער, וועמען צוויי פערשיקטע האָבען צוגעהאַלטען פעסט ביי די הענד, ער זאָל ניט אַנטלויפען, און איינער פון די פיער „ריכטער", וועלכער האָט געשפּיעלט די ראָלע פון אַ פּאָרזיצענדער, האָט געזאָגט:

— אָנגעקלאָגטער טורנעמין.

— איך בין ניט קיין אָנגעקלאָגטער,—האָט דער אויבער־וועכטער פּראָטעסטירט.—איך פערוועהר אייך, באַנדיטען וואָס איהר זייט, צו ריידען מיט מיר אַזעלכע ווערטער.

— אָנגעקלאָגטער טורנעמין,—האָט זיך ווידער אָבגערופען דער „פּרעזידענט"—איהר האָט אויף אַ שענדליכען אופן מיסברויכט די מאַכט, וואָס מען האָט אייך אָנפערטרויט. ניט גענוג וואָס איהר האָט מאַרטירירט די געפאַנגענע, ווילט איהר זיי נאָך עקספּלואַטירען. איהר געפינט, אַז דאָס געהאַלט, וואָס איהר קריגט פאַר אייער עקעלהאַפטע אַרבייט, איז אייך ניט גענוג, און איהר ווילט רייך ווערן פון איינפאַכער גנבה... אָנגעקלאָגטער טורנעמין, איהר זייט ניט נור אַ נידערטרעכטיגער געפענגניס־וועכטער, נאָר אויך איינער פון די ערגסטע עקספּלואַטאַטאָרס. אַזוי ווי מיר צווייפלען אויב דער גובערנאַטאָר ווייסט פון אייערע גענג, האָבען מיר בעשלאָסען זיך צו ווענדען צו איהם מיט אונזערע פאָדערונגען. דערווייל, כדי איהר זאָלט איהם ניט קענען פערדרעהען אַ קאָפּ מיט נייע ליגענס, וועלען מיר אייך פערשפּאַרען אויף אַ שטיקעל צייט אין איינעם פון די קעמערלאַך, וואָס געפינען זיך דאָ...

מען קען זיך מישער זיין, וואָס פאַר אַ רושם דיזע ווערטער האָבען געמאַכט אויף דעם אויפזעהער. ס'איז געוועזען אַ שרעק אַ קוק צו טהאָן אויף איהם. ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט זיך געשטעלט דאַגעגען, האָט מען איהם אַריינגעפיהרט אין איינעם פון די קעמערלאַך און איהם דאָרט פערשלאָסען.

איצט האָט מען געדאַרפט געהן צום גובערנאַטאָר און איהם קלאָהר מאַכען וועגען טורנעמין'ס מעשים. נאָר ווער זאָל געהן? דיזע פראַגע האָבען כמעט אַלע פערשיקטע גלייך געשטעלט מיט איין מאָל.

— לואיזע מישעל! לואיזע מישעל!—האָט מען באַלד גענומען שרייען פון אַלע זייטען.

— ניין, מיינע פריינד,—האָב איך געענטפערט.—איך האָב שוין געהאַט אַ שטיקעל סכסוך מיט'ן גובערנאַטאָר, און איך מיין, אַז איך קען גיכער ערגער מאַכען מיט מיין איצטיגען געהן צו איהם, איידער עפּעס אויפטהאָן. זאָלען אַנדערע צוויי פון אונזערע קאַמעראַדען צוגעהן צו איהם.

מען האָט אויסגעקליבען צוויי פון אונזערע לייט און זיי אַוועקגעשיקט צום גובערנאַטאָר.

זיי האָבען איהם געפֿונען אַרומגעהענדיג לעבען זיין וואוינונג.

ווי ער האָט זיי דערזעהן, האָט ער צונויפֿגעצויגען די ברעמען, דערנאָך האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן פֿאַר זיין רעוואָלווער, ווייל ער האָט גערעכענט, אַז די צוויי פּערשיקטע זיינען געקומען מאַכען אַן אָנפֿאַל אויף איהם.

אָבער די צוויי דעלעגאַטען האָבען איהם גלייך איבערצייגט, אַז ער האָט זיך אומזיסט געשראָקען.

זיי האָבען זיך פֿערנייגט פֿאַר איהם און איינער פֿון זיי האָט איהם ער-קלעהרט, אַז זיי קומען צו איהם וועגען זעהר אַן ערנסטען ענין. דערביי האָבען זיי ביידע אַרונטערגענומען זייערע שטרויענע היט און זיינען געבלי-בען שטעהן מיט די הוילע קעפּ, ריזיקירענדיג צו קריגען אַ זונען שטיך. אָבער דער גובערנאַטאָר האָט זיי ניט געהייסען אָנטהאָן צוריק די היט׳ען.

אַ ווײילע איז געווען שטיל. דערנאָך האָט זיך דער גובערנאַטאָר מיט אַ גראָבען טאָן געווענדעט צו די דעלעגאַטען:

— וואָס טהוט זיך דאָרט ביי אייך? לאָמיך הערען, רעדט! אָבער ווי-סען זאָלט איהר, אַז איך וועל געפֿינען, אַז דאָס וואָס איהר האָט מיר צו זאָגען איז ניט קיין וויכטיגע זאַך, וועל איך אייך ביידען הייסען מכבד זיין מיט 25 שמיץ יעדען איינעם...

איינער פֿון די פּערשיקטע, אַ דיפּלאָמאַט פֿון דער נאַטור, האָט געפֿונען פֿאַר נייטיג זיך צו ווענדען צום גובערנאַטאָר מיט פֿאָלגענדע ווערטער:

— מיין הערר, אויב מיר קומען איצט צו אייך, איז עס דערפֿאַר, ווייל מיר ווייסען אַז מען ווענדעט זיך קיינמאָל ניט אומזיסט צו אייער גערעכטיג-קייטס-געפֿיהל.

דיזע ווערטער האָבען אַביסעל בערוהיגט דעם פּריץ. ער האָט זיך אַוועק-געשטעלט אין שאָטען פֿון אַ בוים, איבערלאָזענדיג די צוויי פּערשיקטע אונ-טער דער ברענענדער זונן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— רעדט, איך הער אייך.

— הערר גובערנאַטאָר, — האָט זיך אָבגערופֿען דער דיפּלאָמאַטישער דעלעגאַט, — ניט קוקענדיג אויף אייער אויפֿזיכט, אויף די אָנשטריינגונגען, וועלכע איהר מאַכט, אַז די געזעצע זאָלען רעספּעקטירט ווערן, זיינען פֿונ-דעסטוועגען דאָ געוויסע בעאַמטע, וועלכע מיסברויכען דעם צוטרויעז, וואָס איהר האָט אין זיי, און זיי זוכען רייך צו ווערן אויף׳ן חשבון פֿון די פֿער-אורטהיילטע.

די ווערטער „רייך ווערן" האָבען אַרויסגערופֿען די נייגיעריגקייט פֿון דעם גובערנאַטאָר.

— וואָס הייסט דאָס? — האָט ער געזאָגט.—איהר ווילט דאָך מיר ניט דערצעהלען, אַז מיינע בעאַמטע מאַכען געלד- געשעפֿטען?

— אַז דער הערר גובערנאַטאָר וועט מיר ערלויבען, וועל איך איהם ווייזען, אַז דאָס וואָס איך זאָג איז ריכטיג. איהר ווייסט דאָך שוין מן הסתם

ווענען דעם סטרייק, וואָס האָט אויסגעבראָכען צווישען די פּאָליטישע פּער-שיקטע?

— יאָ, איך וויים,—האָט דער גובערנאַטאָר געענטפּערט.

— אָבער דאָס, וואָס איהר ווייסט אַודאי ניט, זיינען די אורזאַכען, וועלכע האָבען געטריבען די אַרבייטער אַוועקצולייגען די אַרבייט.

— איהר האָט אַ טעות: הערר טורנעמין האָט מיר אַלעס דערצעהלט. די אַרבייטער קלאָגען זיך אויף דער צו שטרייגגער דיסציפּלינע.

— ס'איז ניט דאָס, הערר גובערנאַטאָר,—זיי בעקלאָגען זיך, וואָס זיי דאַרפען מאַכען פאַר הערר טירנעמין אַזעלכע קינסט-אַרבייטען, וואָס פאָדערן פיעל מיה און וועלכע ווערן פונדעסטוועגען זעהר שלעכט בעצאָהלט.

דער גובערנאַטאָר האָט אַ שמייכעל געטהאָן. און אַרויסנעהמענדיג פון זיין בוזים-קעשענע אַ קליין ביכעלע, האָט ער געזאָגט:

— אָט האָב איך דאָ פערצייכענט אַלע פרייזען; כ'וויים וואָס מען צאָהלט די אַרבייטער פאַר יעטוועדער זאַך, וואָס זיי מאַכען.

גאָרניט אַראָבפאַלענדיג ביי זיך, האָט דער דעלעגאַט געפרעגט:

— ווייסט איהר, צום ביישפּיעל, הערר גובערנאַטאָר, וואָס מען צאָהלט פאַר אַ טיש מיט קיילעכדיגע פיס און מיט פיער שופלאָדען?

— ניין, — האָט דער גובערנאַטאָר געענטפּערט, — נאָר ס'איז לייכט אויסצוגעפינען.

און נאָכדעם ווי ער האָט אַריינגעקוקט אין ביכעלע, האָט ער מיט בע-שטימטהייט געענטפּערט:

— אַזאַ טיש, ווי איהר האָט נאָר וואָס דערמאָנט, צאָהלט זיך 4 פראַנק מיט 75 סאַנטים.

— נו, — האָט דער דעלעגאַט געזאָגט,—איהר וועט אַודאי זיין ער-שטיינט, ווען איך וועל אייך זאָגען, אַז הערר טורנעמין צאָהלט די אַרבייטער מעהר ניט ווי 1 פראַנק מיט 50 סאַנטים.

— אָבער,—האָט זיך דער גובערנאַטאָר אָבגערופען — עס זיינען דאָך פאַרהאַן ביכער; מען קען דאָך זעהן, ווי ס'איז דאָרט פערשריבען.

— די ביכער מעגען זיך זיין אין אָרדנונג, אָבער איין זאַך איז זיכער, אַז הערר טירנעמין צאָהלט מעהר ניט ווי אָנדערהאַלבען פראַנק פאַר דעם, וואָס ער בערעכענט דער אַדמיניסטראַציע 4 פראַנק מיט 75 סאַנטים... ער מאַכט אַלזאָ ביי יעדען טיש אַ שעהנעם פּראָפיט פון 3 פראַנק מיט 25 סאַנ-טים. אין דאָס זעלבע איז אויך מיט די שלעסער און אַלע אַנדערע זאַכען, וואָס די פערשיקטע אַרבייטען אויס.

דער גובערנאַטאָר האָט אָנגעקוקט די צוויי דעלעגאַטען.

— ווייסט איהר, אַז דאָס וואָס איהר ברייננט דאָ פאָר, איז זעהר אַן ערנסטע זאַך?

— דאָס איז אָבער דאָך די ריכטיגע וואַהרהייט, און טאָמער ווילט איהר מעהר איינצעלהייטען מכח דעם, דאַרפט איהר זיך ווענדען צו הערר פערו.

ווער איז דאָס דער דאָזיגער הערר פֿערו? — האָט דער גובערנאַטאָר געפֿרעגט.

— דאָס איז הערר טורנעמין׳ס שותף... דער, וואָס האַלט דעם מאַגאַ-זין אין נומעאַ.

דאָס איז געווען גענוג פֿאַר׳ן גובערנאַטאָר. ער האָט שוין פֿריהער גע-הערט זאָגען, אַז טורנעמין האָט עפּעס אַ שטיקעל געשעפֿט, נאָר ער האָט ניט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ סאָרט געשעפֿט דאָס איז. איצט ווייסט ער אַלעס. זאָל דאָס, הייסט עס, אמת זיין, אַז טורנעמין איז אַן איינפֿאַכער עקספּלואַ-טאַטאָר? וואָס זשע, אָט דער אויבער-ווערכטער האָט געפֿינען אַ מיטעל ווי אַזוי רייך צו ווערן אין ניי-קאַלעדאָניען, אין דער צייט, וואָס ער, דער גו-בערנאַטאָר, מוז זיך בענוגענען מיט זיין בעשיידענעם געהאַלט?

דאָס מוז אויפֿגעקלעהרט ווערן. נאָר דערווייל טהאָר מען ניט לאָזען, די זאַך זאָל פֿונאַנדערגעפּויקט ווערן. ס׳איז פֿאַר איהם אויך קיין כבוד ניט...

ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז די צוויי פֿערשיקטע שטעהען נאָך אַלץ מיט די הוילע קעפּ אונטער דער שרפה׳נדער זונן און דער שוויים גיסט זיך פֿון זיי.

— טהוט אָן אייערע היט, מיינע פֿריינד, — האָט ער זיך אָבגערופֿען צו זיי. — איהר קענט נאָך קריגען אַ זונען-שטיך.

דערנאָך האָט ער זיי געזאָגט, אַז זיי האָבען זעהר גיט געטהאָן, וואָס זיי זיינען געקומען צו איהם, און אַז ער וועט אונטערזוכען די זאַך און מאַ-כען אַ סוף צו טערנעמין׳ס געשעפֿטען.

אַז די דעלעגאַטען זיינען צוריקגעקומען אין לאַגער האָט מען זיי אַרום-גערינגעלט מיט פֿראַגען:

— נו, וואָס איז דאָרט געוועזן?

— דער גובערנאַטאָר האָט אייך אויסגעהערט?

— וואָס האָט ער אייך געזאָגט?

אין עטליכע ווערטער האָבען די צוויי פֿערשיקטע איבערגעגעבען זייערע קאַמעראַדען וואָס זיי האָבען אויסגעפֿיהרט מיט זייער בעזוך ביים גובערנאַטאָר.

— נו, וואָס וועט מען איצט טהאָן מיט טורנעמינען? — האָט איינער פֿון אונז געפֿרעגט. — מען קען דאָך איהם ניט לאָזען ליגען דאָרט אין קעמערל. ער קען זיך נאָך דערווערגען מיט זיין גאַרטעל.

— ער... ניטאָ וואָס מורא צו האָבען דערפֿאַר, — האָב איך געענטפֿערט. — ער האָט צופֿיעל ליעב דאָס לעבען.

איינער פֿון די צוויי פֿערשיקטע, וועלכע זיינען נור וואָס געקומען פֿון גובערנאַטאָר, איז צוגעגאַנגען צום פלאַץ, וואו טורנעמין איז געוועזן פֿער-שפּאַרט. ער האָט געעפֿענט די טהיר פֿון קעמערל און געזאָגט:

— הערר טורנעמין, דער גובערנאַטאָר דאַרף אייך האָבען.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שפּאַס? — האָט דער דיקער מאַן געמורמעלט.

— ס׳איז ניט קיין שפאַס, דער העדר גובערנאַטאָר מוז אייך נייטיג זעהן, אום אויסצוגעפינען אַ געוויסע געשיכטע, וועלכע איהר האָט פון איהם אויסבעהאַלטען... געהט שנעלער אַריבער צו איהם.

טורנעמין האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן, ענדליך האָט ער געפּאַסט מוטה און איז אַרויס פון קעמערל.

אַז ער איז אָבגעגאַנגען אַ פּאָר צעהנדליג טריט, האָט ער זיך אומגע-קעהערט מיט׳ן פּנים צו אונז און געזאָגט:

— נישקשה, מיר וועלען זיך נאָך זעהן!..."

— קיינמאָל ניט,—האָט געענטפערט איינער פון אונז,—וואָרים נאָך די שעהנע מעשים אייערע, אויב ס׳איז נאָר פאַרהאַן אַ שטיקעל גערעכטיגקייט דאָ אין ניי-קאַלעדאָניען, וועט מען אייך אַוודאי אַוועקשיקען צווישען די גע-וועהנליכע פערברעכער, אָבער ניט צווישען די פּאָליטישע...

מיר האָבען אַלע אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

דער אויבער-וועכטער האָט געצויגען מיט די פּלייצעס און איז פער-שוואונדען.

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום האָבען מיר זיך מיט פרייד דערוואוסט, אַז טורנעמין איז אַרונטער פון זיין שטעל און אַז ער האָט אָב קיין פראַנקרייך.

מען קען זיך משער זיין ווי צופרידען מיר זיינען געווען.

דיזער טורנעמין איז געווען אַן אמת׳ער טיראַן. אַזוי ווי אַלע נידעריגע, גרוויזאַמע כאַראַקטערע, וועלכע קריגען די מאַכט אין די הענד, האָט ער מיסברויכט זיין אַמט און געמאַרטערט די פערשיקטע. נאָר וואָלט ער דאָס אַליין געטהאָן, וואָלט ער נאָך געקענט אָנגעהן, אָבער דאָס, וואָס ער האָט נאָך דערצו געוואָלט רייך ווערן, זיך גאָר פערגעסענדיג אָן דעם גובערנאַטאָר, וועלכער וואָלט זיך זיכער אויך ניט געוואָרפען מיט אַ חלק פון זיינע פּראָ-פיטען,—דאָס האָט איהם אַוועקגע׳הרג׳עט. דער גובערנאַטאָר האָט איהם גאָר ניט געקענט מוחל זיין פאַר דיזער נאַכלעסיגקייט... און טורנעמין האָט נעביך געמוזט פערלאָזען דעם גאָלד-גרוב, וואָס ער האָט אומגעריכטערהייט געפונען אין ניי-קאַלעדאָניען.

דעם טאָג, וואָס ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף׳ן שיף, האָבען זיך איי-ניגע פון אונז פערזאַמעלט ביים האַפען און איהם בעגלייט מיט אונזערע פעראַכטענדע בליקען.

## X

## דער נייער אויפזעהער.

איינמאָל ווייניגסטענס האָבען די פּאָליטישע פעראורטהיילטע אַרויסגע-טראָגען אַ שטיקעל זיעג.

נאָר ס׳איז ניט צו גוטען געווען.

מיר האָבען אויסגעביטען איין צרה אויף נאָך אַן ערגערער.

דער נייער אויפזעהער. וואָס איז געקומען אויף טורנעמין׳ס אָרט, איז געווען אַ געוויסער לעבלאַנד, אַ הונד, וואָס האָט זיך בעריהמט געמאַכט מיט זיינע גרויזאַמע מעשים, אַלס וועכטער אין די פראַנצויזישע געפענגניסע. ניט איין קאָמונאַר איז צוליעב איהם דערשאָסען געוואָרען.

דיזער לעבלאַנד איז פאַר מיר ניט געווען פרעמד. איך האָב געהאַט אַ געלעגענהייט איהם צו דערקענען אין דער ווערסאַילער טורמע, און ווען ער איז אָנגעקומען אויף טורנעמין׳ס אָרט, האָב איך מיינע קאַמעראַדען געלאָזט וויסען, וואָס פאַר אַן אומבייט מיר האָבען דאָ געמאַכט.

אַ שטיקעל צייט נאָך טורנעמין׳ס מפּלה זיינען די וועכטער געווען אַבי־סעל מילדער צו אונז. מיר האָבען געהאַט אויף זיי אַ שטיקעל ווירקונג און עס האָט זיך אונז איינגעגעבען זיי אַביסעל צו „ציוויליזירען“. אָבער דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

בלויז אַכט טעג זיינען אַריבער נאָך לעבלאַנד׳ס קומען, און די גאַנצע האַלטונג פון די וועכטער צו אונז האָט זיך געענדערט. מען האָט אונז ווי־דער אָנגעהויבען אָנטהאָן צרות, אונז אַרומיאָגען, אונז נאָכשפּירען און פאַר די קלענסטע קלייניגקייט בעשטראָפען. דער גובערנאַטאָר האָט זיך אויפגע־הערט ווייזען צווישען די פערשיקטע. ער האָט ניט געוואָלט, מען זאָל זיך קלאָגען פאַר איהם. דאָס איז געווען אַ שוואַכער כאַראַקטער, וועלכער האָט אַליין גאָרנישט געקענט אויספיהרען און ער איז אַפּנים צופרידען געווען, וואָס ער האָט אַלס אויפזעהער אַזאַ ווילדע חיה ווי לעבלאַנד, אויף וועמען ער האָט זיך געקענט פערלאָזען.

אָבער לעבלאַנד אַליין האָט זיך אויך ניט אָפט געוויזען פאַר אונז. אָט אַפּנים ער האָט גערעכענט, אַז אַן אויפזעהער דאַרף זיך וואָס ווייניגער ווייזען און דאַרף נור אַרויסטרעטען דאַן, ווען עס מאַכט זיך אַן ערנסטע אַנ־געלעגענהייט.

און עס האָט זיך געמאַכט אַן ערנסטע אַנגעלעגענהייט.

איינמאָל האָט אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען אַ פערשיקטען מיט׳ן נאָ־מען זשוליען און אַ וועכטער. דער וועכטער האָט געוואָלט צווינגען אונזער קאַמעראַד אויסצורייניגען אַ שטאַל. דער פערשיקטער האָט זיך ענטזאַגט דערפון, ער האָט געהאַט אַ רעכט דערצו, ווייל אַזעלכע אַרבייט פלעגען טהאָן די געוועהנליכע אַרעסטאַנטען, ניט די פּאָליטישע. מילא, פון ווערטער איז מען אַריבער צו זידלערייען, פון זידלערייען צו קלעפּ. פערשטעהט זיך, אַז דער וועכטער האָט אָנגעהויבען, נאָר די גאַנצע שולד איז געפאַלען אויף זשוליען.

ס׳איז געווען אַ גאַניץ ערנסטע געשיכטע.

מען האָט עס גלייך געמעלדעט דעם אויפזעהער לעבלאַנד, און ער האָט געשיקט רופען דעם פערשיקטען צו זיך און אָנגעפאַלען אויף איהם מיט די ווערטער :

— אַה, דו הונד דו! דו נידערטרעכטיגער קאָמונאַר! דו סמייעסט אויפ־צוהויבען אַ האַנד אויף אַ וועכטער; דאָס וועט דיך קאָסטען טהייער.

זשוליען האָט זיך געוואָלט פֿערענטפֿערן, ערקלעהרען, ווי אַזוי די זאַך איז פֿאָרגעקומען, נאָר לעבלאַנד האָט איהם ניט געלאָזט ריידען. ער האָט געהייסען, מען זאָל איהם אַוועקפֿיהרען אין אַ הויף פֿון קערקער, און דאָרט האָט מען דעם אָרעמען זשוליען אויסגעטהאָן נאַקעט, איהם צוגעבונדען צו אַ ברעט און איהם מורא׳דיג געשמיסען.

געוועהנליך, ווען מען פֿלעגט דאַרפֿען שמייסען איינעם, וואָס האָט זיך פֿערזינדיגט, האָט מען זיך אַפֿריהער געמוזט אָנפֿרעגען ביים גו־בערנאַטאָר; אָהן זיין ערלויבעניש האָט מען עס ניט געטאָרט טהאָן. לעבלאַנד האָט ניט געקוקט דערויף, אַזוי ווי ער האָט איבערהויפּט ניט געקוקט אויף די געזעצע, אונטער וועלכע די אַדמיניסטראַציע איז געוועזען אונטערוואָרפֿען.

זשוליען האָט בעקומען עטליכע און צוואַנציג שמייץ.

אַזוי ווי דער דאָקטאָר, וואָס איז געוועזען דערביי, האָט בעמערקט, אַז דער פֿערשיקטער וועט ניט קענען מעהר אַריבערטראָגען און מען טהאָר איהם מעהר ניט שלאָגען, האָט זיך לעבלאַנד צושריען אויף׳ן קול:

— איך וויל, ער זאָל קראַפּירען דערפֿון!

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער אָרעמער זשוליען אַרויסגעלאָזט אַ טיעפֿען זיפֿץ און איז געפֿאַלען אין אינמאַכט.

— שמייסט ווייטער! — האָט קאָמאַנדירט לעבלאַנד.

— כ׳וועל עס ניט דערלאָזען, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט,—דיזער מאַן איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו שמיין אָבער ניט צום טויט.

מלא רציחה האָט דער בלוטדורשטיגער אויפֿזעהער געהאַלטען אין איין שרייען, מען זאָל ווייטער שמייסען.

— אויב אַזוי, — האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופֿען, — וועל איך עס לאָזען וויסען דעם גובערנאַטאָר.

דאָס האָט לעבלאָנד׳ן אָבגעקיהלט.

ער האָט געהייסען אָבבינדען דעם אָרעמען זשוליען, וועלכען מען האָט אַוועקגעפֿיהרט אין׳ם שפּיטאָל פֿון׳ם אינזעל.

אין עטליכע טעג אַרום איז ער געשטאָרבען.

דיזע געשיכטע מיט דעם אָרעמען זשוליען האָט אָנגעמאַכט אַ רעש.

דער גובערנאַטאָר, ווען דער דאָקטאָר האָט אָבגעגעבען אַ בעריכט וועגען דער גרוזאַמער כצענע, האָט לעבלאָנד׳ן עפֿענטליך אויסגערעדט דערפֿאַר.

אָבער מיר האָבען געדיינקט, אַז דיזער מאָרד טהאָר ניט בלייבען אונ־בעשטראָפֿט. מיר האָבען ציגעגרייט אַ מאַניפֿעסטאַציע אויף דעם טאָג פֿון אונזער אונגליקליכען חבר׳ס לויה. נאָר די אַדמיניסטראַציע האָט זיך דער־וואוסט פֿון אונזער פּלאַן און זי האָט געלאָזט אַרויס׳גנב׳ענען זשוליען׳ס קער־פּער און האָט איהם שטילערהייט בעגראָבען.

און לעבלאַנד איז ניט אויף אַ האָר ווייכער געוואָרען. ער פֿלעגט אַרומ-געהן און זיך איינפּאַך בעריהמען מיט דעם פֿערברעכען, וואָס ער האָט בע-גאַנגען.

גליקליכערווייזע האָט זיך געמאַכט אַ צופֿאַל, וועלכער האָט זיך אָן איהם נוקם געווען שוין פֿאַר אונז אויך.

לעבלאַנד איז געווען אַ לעבע-יונג, אַ פֿראַנט, און ער האָט לייכט גע-קענט פֿערפֿיהרען די אונגליקליכע פֿרויען פֿון זיינע חברים, די וועכטער.

איין פֿריה-מאָרגען, ווען מיר זיינען אַרויס פֿון אונזערע שטיבלאַך, האָ-בען מיר בעמערקט אַ געוואַלדיגע אויפֿרעגונג צווישען די וועכטער. מיר האָבען געמיינט, אַז אימיצער איז אַנטלאָפֿען פֿון אינזעל, אָבער מיר האָבען זיך באַלד איבערצייגט, אַז קיינער פֿון אונז פֿעהלט ניט.

עס האָבען זיך געלאָזט הערען פֿערשיעדענע סלוכען. אימיצער האָט ערקלעהרט, אַז ניט אַנדערש נאָר אַז דער גובערנאַטאָר איז אָבגעזאָגט גע-וואָרען פֿון זיין שטעל, איז אָבער דער גובערנאַטאָר גלייך אָנגעקומען, נאָר דאָס מאָל אָהן לעבלאַנד'ן.

דאָס איז געווען אויפֿפֿאַלענד.

נאָכדעם ווי ער איז אַ ווײַלע אַרומגעגאַנגען איבער'ן לאַגער, האָט ער אַ וואונק געטהאָן צו צוויי וועכטער און איז מיט זיי אַוועק צו אַ קליין היי-זעל מיט רויטע דאַכעלקעס, וואו איינער פֿון די וועכטער מיט'ן נאָמען בע-זאָמב האָט געוואוינט.

אַ היבשע ווײַלע איז ער געבליבען אינעווייניג. ענדליך איז ער אַרויס-געקומען פֿון דאָרט צוזאַמען מיט די צוויי וועכטער, און גלייך נאָך זיין אַוועק-געהן האָבען מיר געזעהן, ווי דער אַמבולאַנס-וואָגען פֿאָהרט צו דעם זעלבען קליינעם הייזעל און שטעלט זיך דאָרט אָב.

מיר זיינען געלאָפֿען זעהן וואָס דאָ טהוט זיך, און כאָטש די וועכטער האָבען אונז ניט צוגעלאָזען, האָבען מיר דאָך געקענט בעמערקען, ווי צוויי מענער לייגען אַריין אין וואָגען אַ צובלוטיגטען וועכטער, וועלכער האָט ניט געהאַט אין זיך קיין שום צייכען פֿון לעבען.

מיר האָבען זיך ניט געקענט איינהאַלטען און דערלאַנגט אַ געשריי; דיזער וועכטער איז געווען לעבלאַנד!

— כ'מיין, ער האָט געקראָגען זיין פסק,—האָט זיך אָבגערופֿען איינער פֿון אונז.

— ס'איז ווירקליך די העכסטע צייט,—האָט געזאָגט אַ צווייטער.

— אַ מצוה אויף איהם,—האָט פֿערשטאַרקט אַ דריטער.

מיר האָבען זיך צובראָכען דעם קאָפּ, קלעהרענדיג ווי אַזוי דאָס האָט געקענט געשעהן.

אַ טהייל האָבען געזאָגט, אַז לעבלאַנד האָט זיך אַליין געמאַכט דעם טויט, אָבער דאָס איז פשוט ניט גלויבליך געווען.

אנדערע האָבען געגלויבט, אַז ער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען אויף׳ן פעלד, ניט ווייט פון בעזאָמב׳ס הויז, וואו מען האָט איהם דערנאָך אַריינגעטראָגען.

אָבער אַ קאַנאַק מיט׳ן נאָמען זידי האָט אונז ערקלעהרט די גאַנצע געשיכטע: דער וועכטער בעזאָמב האָט איין נאַכט, צוריקקומענדיג אַהיים, געפונען לעבלאָנד׳ן מיט זיין פרוי, האָט ער איהם דערשאָסען אויף טויט און זיין ווייב האָט ער פערוואונדעט.

די אַדמיניסטראַציע האָט געטהאָן אַלעס מעגליכע צו דערשטיקען די געשיכטע, דער גובערנאַטאָר האָט זאָגאַר אויסגעקלעהרט אַ נאַרישע מעשה, וועלכע די וועכטער האָבען פערשפרייט איבער דער גאַנצער קאָלאָניע. גאָר קיינער האָט עס ניט געגלויבט.

לעבלאָנד׳ן האָט מען בעגראָבען אָהן פאַראַד. דער גובערנאַטאָר האָט אפילו ניט געפינען פאַר נייטיג צו זיין אויף דער לויה פון זיין געטרייסטען מיטאַרבייטער.

אַזוי זיינען מיר אַלזאָ פטור געוואָרען פון דעם בלוט הונד לעבלאָנד און מיר האָבען געקענט פריי אויפאָטהמען אַ מאָנאַט אָדער צוויי, ביז וואַנעט ס׳איז געקומען אַן אַנדערער אויף זיין אָרט.

## XI

## אַ נייער פּלאַן צו אַנטלויפען.

אין יענער צייט, ווען מיר זיינען געבליבען אָהן אַן אויפזעהער, האָט זיך ביי מיר און ביי אייניגע קאַמעראַדען מיינע ווידער אַמאָל געיאַוועט דער געדאַנק צו אַנטלויפען פון אינזעל. ס׳איז געווען אַ גוטע געלעגענהייט, וועלכע האָט ניט געטאָרט פערנאַכלעסיגט ווערן.

איך האָב זיך פון דאָס ניי געווענדעט צו פערוסע׳ן, נאָר זייט די געשיכטע מיט די פיער אַרעסטאַנטען, וועלכע זיינען אַנטלאָפען מיט דעם שיף „לע רעקען״, האָט ער פערלאָרען זיין ענטהוזיאַזמוס. דערצו האָט ער, ווי ס׳איז שוין בעקאַנט, ניט געהאַט קיין צוטרויען צו די זעגעל-שיפען און ניט געוואָלט אונטערנעהמען קיין זאַך סיידען נאָר אויף אַ רעכטע דאַמפף שיף.

נאָר אונטער דער צייט האָב איך זיך בעקאַנט מיט אַ קאָלאָניסט פון אויסטראַליען, אַ געוויסען סמיטה, וועלכער האָט זיך אָנגעבאָטען מיך און נאָך אַנדערע פערשיקטע אַריבערצופיהרען אין אַ זעגעל-שיף קיין סידניי פאַר אַ געוויסע סומע געלד.

דיזער סמיטה האָט ניט געמאַכט קיין שלעכטען איינדרוק. דאָס איז געווען איינער פון יענע אַוואַנטוריסטען, וואָס געהען איין אויף אַלעס און זיינען פעהיג אויף אַלעס, אויף אַ פערברעכען אַזוי ווי אויף אַ העלדענטהאַט.

איך האָב זיך דורכגערעדט מיט דריי פֿריינדע וועגען דעם און ס׳איז געבליבען ביי אונז, זיך צו זעהן מיט סמיטה׳ן און האָבען מיט איהם אַן ערנסטען געשפּרעך.

דאָך האָב איך געפֿונען פֿאַר נייטיג צו זיין שטאַרק פֿאָרזיכטיג און איך האָב זיך ניט אין גאַנצען פֿערלאָזען אויף דיזען בחיר.

די קאַנאַקען האָבען איהם אַלע געקענט און זיי האָבען פֿאַר איהם גע-האַט אַ געוויסען רעספּעקט. איך האָב אַלזאָ דורך אַ קאַנאַק געלאָזט וויסען סמיטה׳ן, אַז איך וועל זיך מיט איהם צונויפּטרעפֿען אויף מאָרגען אָוועגד-צייט אַרויס פֿון לאַגער אין די פֿערוויסטעטע פֿעלדער.

צו דער בעשטימטער שעה בין איך געוועזען אויף דעם אָבגעמאַכטען פּלאַץ.

די לבנה האָט בעלויכטען דעם גאַנצען געגענד אַזוי ווי אין מיטען טאָג. אין אַ ווייליע אַרום האָב איך דערזעהן אַ פֿיגור, וועלכע האָט זיך געשאַרט הינטער אַ קליינעם וועלדעל.

דאָס איז געוועזען סמיטה.

ער האָט מיך אויך דערזעהן, און צולויפֿענדיג שנעל צו מיר, האָט ער מיר געזאָגט:

— אַה! איהר זייט אַלזאָ דאָ... קומט אַריין אינעווייניג אין וואַלד; ס׳איז ניט גוט צו בלייבען דאָ. די לבנה שיינט צו העל און מען קען אונז נאָך דערזעהן. איך האָב ניט וואָס מורא צו האָבען, נאָר איהר, אַז מען וועט אייך בעמערקען מיט מיר צוזאַמען, וועט איהר זיכער האָבען צרות.

איך בין נאָכגעגאַנגען סמיטה׳ן אין וואַלד אַריין.

דאָרט האָט ער מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ גרויסען שטיין און ער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען מיר.

— לאָמיר ריידען שטילערהייט, —האָט ער געזאָגט, —און איהר זאָלט זיך ניט וואונדערן, ווען איהר וועט זעהן, אַז איך ווער מיט אַמאָל פֿערשוואונדען. כ׳האָב זעהר אַ פֿיינעם געהער, ס׳קומט פֿון לעבען כסדר אין די סטעפּעס. אַלזאָ, ווען איהר וועט זעהן, ווי איך ווער פּלוצלונג אַנטרונען, זאָלט איהר זיך פֿערשטעקען ערגעץ אין וואַלד אין זיך בעהאַלטען אַזוי שנעל און אַזוי גוט ווי איהר וועט נור קענען. אויב די זאַך איז ניט קיין וויכטיגע און ס׳איז ניטאָ פֿאַר וואָס זיך צו שרעקען, וועט איהר הערען אַ קליינעם פֿייף און דאָס וועט הייסען, אַז איהר קענט צוריקקומען אויף דעם פּלאַץ, וואו מיר גע-פֿינען זיך.

דעם אמת זאָגענדיג האָבען מיר דיזע אַלע זאַכען אויסגעוויזען צו גע-היימניספֿאָל, נאָר איך האָב זיך בערעכענט, אַז נאָך אַלעמען איז דאָך דאָס גאַנץ נאַטירליך, אַז סמיטה זאָל זיין פֿאָרזיכטיג.

אָנגעפֿאַנגען דעם געשפּרעך האָט ער.

— איך האָב זיך דערוואוסט, —זאָגט ער— אַז איהר האָט בדעה צו

אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט. איך קען פֿערשטעהן פֿאַר וואָס. כאָטש איהר לעבט ניט זעהר אונגליקליך דאָ, דאָך זייט איהר פֿאָרט אַ געפֿאַנגענע, און איהר שטרעבט צו זיין פֿריי. דאַרום האָב איך גערעכענט אייך פֿאָרצולייגען אַ שטי־קעל פּלאַן, וועלכער וועט אייך זיכער געפֿעלען... איהר דאַרפֿט ניט פֿער־געסען, אַז ווען איהר זאָלט אַליין זוכען צו אַנטלויפֿען, אויף אייערע אייגענע מיטלען, קען גאַנץ גוט געמאָלט זיין, מען זאָל אייך אין עטליכע שעה אַרום ברייננגען צוריק. פֿאַרהאַן דאָ זעהר פֿיעל שפּיאָנען... די קאַנאַקען, אַסך אַרעס־טאַנטען און געוויסע קאָלאָניסטען זיינען געוואָרען פּריוויליגע געהיים־פּאָלי־ציסטען אין זיי לייסטען זעהר פֿיעל פֿאַר דער אַדמיניסטראַציע, וועלכע בע־צאָהלט זיי, פֿערשטעהט זיך, פֿאַר זייער טרחה מיט געלד אָדער מיט געוויסע טובות, וואָס זי טהוט זיי. איהר פֿערשטעהט אַלזאָ, ווי פֿאָרזיכטיג מען מוז זיין.

— נו אַודאי פֿערשטעה איך,—האָב איך געענטפֿערט.

סמיטה האָט פֿאָרטגעזעצט:

— איהר וועט זיך מן הכתס וואונדערן, וואָס איך באָט זיך אָן אייך צו העלפֿען אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט... אָבער ווייסט קודם כל, אַז איך טהו דאָס ניט פֿון גוטסקייט. וואָס איך זוך איז, פֿערדיענען געלד. איהר זעהט, איך בין אָפֿענהערציג מיט אייך. איך וואָלט אייך געקענט דערצעהלען גאַנצע מעשיות, אַז איך בין גערירהרט פֿון אייער לאַגע, אַז איך בין אַ פֿילאַנטראָפּ און דער־גלייכען. איהר וועט מיך ניט גלויבען, און איהר וועט זיין זעהר גערעכט. איך בין פֿריהער פֿון אַלצדינגג אַ געלד מענש און איך האַלט, אַז יעדע זאַך, וואָס אַ מענש טהוט, דאַרף ווערן בעצאָהלט.

— פֿערשטעהט זיך,—האָב איך געזאָגט—וועניגסטענס זייט איהר כאָטש אויפֿריכטיג.

— איך וואָלט אפשר ניט געוואָרען דאָס וואָס איך בין, דאָס הייסט אַ צווייפֿלער, וואָס גלויבט גיט אין קיין זאַך, ווען די נויטה וואָלט מיר ניט אַזוי פֿערביטערט דאָס לעבען. נאָר דאָס האָט דאָך גאָרניט צו טהאָן מיט אונזער זאַך. די פֿראַגע איז נור: ווילט איהר אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט? יאָ צי ניין?

— איינע אַליין, ווילט זיך מיר ניט, נאָר מיט עטליכע קאַמעראַדען יאָ.

— אַזוי פערשטעה איך דאָס אויך.

— קענט איהר מיר ניט ערקלעהרען דייטליכער וואָס איהר מיינט?

— אַודאי, אויב איהר ווילט וועלען מיר זיך אַראַנזשירען צום אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט אַזוי ווי ביי אַ פּיקניק... יעדער וועט בעצאָהלען פֿאַר זיין טהייל.

— וואָס זיינען אייערע בעדינגונגען?

— אָה, וואַרט אַקאָרשט... קודם כל מוז מען וויסען וויפֿיעל איהר זייט. וואָס מעהר עולם, אַלין ביליגער וועט עס אייך אויסטראָגען... נאָר לאָמיר זיך אויף ריכטיג פֿערשטעהן, מעהר ווי זעקס פֿערשיקטע קען איך ניט אַרי־בערפֿיהרען קיין סידניי; כ'האָב ניט קיין דאַמפֿ־שיף, נאָר גאָר איינפֿאַך אַן אויסגעצייכענטעס זעגעלשיף, וואָס קען אויסהאַלטען אַ שטורם אויף'ן ים און געהט זעהר געשווינד.

— כ׳מיין, איך קען אייך ציקריגען נאָך פֿינף פּאַסאַזשירען צו מיר, וועלכע וועלען נעהמען אָנטהייל אין דיזען קליינעם אויספֿאָהר.

— זעהר גוט, ווער זיינען זיי, די דאָזיגע פּאַסאַזשירען?

— פּאָליטישע פֿעראורטהיילטע.

— כ׳פֿערשטעה... נאָר די נעמען זייערע?

— וואָס געהט דאָס אייך אָן?

— כ׳מוז עס נייטיג וויסען.

אַזוי ווי דאָס איז מיר פֿאָרגעקומען פֿערדעכטיג, האָב איך איהם אויסגערעכענט נעמען, וועלכע זיינען מיר נור אַריינגעפֿאַלען אין זינען.

סמיטה האָט מיר געהייסען ווידערהאָלען דיזע נעמען צוויי, דריי מאָל, אום זיי זאָלען זיך גוט איינקריצען ביי איהם אין זכרון, דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— נו, אָט וואָס מיר וועלען אָבמאַכען. איהר לאָזט וויסען אייערע פֿריינד, אַז אין פֿיער טעג אַרום זאָלען זיי זיך געפֿינען ניט ווייט פֿון דעם קליינעם קאַנאַל ביים ברעג ים. דאָרט וועט איהר און אייערע קאַמעראַדען געפֿינען אַ זעגעל-שיף, וואָס וועט שטעהן אייניגע מעטער ווייט פֿון ברעג. ריידען וועל איך ניט צו אייך. אויב דער ווינד וועט זיין אַ גינסטיגער, וועל איך עס אייך לאָזען וויסען, אויספֿייפֿענדיג דריי מאָל, אַלעס וואָס איהר וועט האָבען צו טהאָן איז אַריינגעהן אין וואַסער—ס׳איז ניט זעהר טיעף דאָרט אויף יענעם אָרט—און זיך אַריינזעצען אין שיף... אויב איך וועל ניט פֿייפֿען, וועט איהר זיך מוזען אומקעהרען אין אייערע שטיבלאַך און קומען אויף מאָרגען. אַזוי וועלען מיר מוזען טהאָן ביז וואַנעט אַ גינסטיגער ווינד וועט אונז געבען די מעגליכקייט אָבצופֿאָהרען אויף גיך פֿון דאַנעט.

— איך פֿערשטעה אַלעס, — האָב איך געענטפֿערט — אָבער איהר האָט נאָך דערווייל ניט געזאָגט וויפֿיעל מיר וועלען אייך דאַרפֿען בעצאָהלען דערפֿאַר.

— אָט דאָס איז טאַקי די פֿראַגע. שטעלט אייך פֿאָר, מען פּאַקט אונז. מילא איהר און אייערע פֿריינד ריזיקירען דאָ ניט זעהר פֿיעל. אַלעס וואָס מען קען אייך טהאָן איז פֿערדאָפּלען אייער שטראָף. אָבער איך ריזיקיר מיט מיין פֿרייהייט, און דאָס איז ביי מיר זעהר טהייער. איך בין אימער געוועזען אַ פֿרייער פֿויגעל, און אַז מיר זאָל אויסקומען צו זיין אַ געפֿאַנגענער ביי די וועכטער אין די הענד, וואָלט איך איינס און צוויי געמאַכט אַ סוף צו מיין לעבען. אַלזאָ. אויב איך ריזיקיר אַלזאָ איצט און שטעל איין מיין פֿרייהייט אין קאָן, איז דאָס דערפֿאַר ווייל איך נייטיג זיך זעהר אין געלד. איך האָב בדעה זיך צו עטאַבלירען אין אויסטראַליען.

— טאָ שטעלט זשע אייער פּרייז.

— נו, לאָמיר זאָגען פֿינף הונדערט פֿראַנק אַ פּערזאָן.

— פֿינף הונדערט פֿראַנק!—האָב איך אַ געשריי געטהאָן—וואו, ווילט איהר, זאָלען מיר קריגען דיזע סומע.

— אויב איהר קענט ניט, דאַרף מען ניט; ס׳לוינט דאָך ניט צו ריידען אומזיסט.

אַ ווײַלע זיינען מיר ביידע געבליבען שטיל, דערנאָך האָט זיך סמיטה ווידער אָבגערופען:

— איהר האָט דאָך אַודאי פריינד אין פראַנקרייך, וועלכע וואָלטען מיט פערגניגען געגעבען דאָס געלד, וואָס דאָס דאָזיגע אַנטלויפען דאַרף קאָסטען.

— פערשטעהט זיך, דאַרף מען זיי דאָך שרייבען וועגען דעם, און די בריעף אונזערע געהען דורך דער אַדמיניסטראַציע...

— דערצו איז דאָ אַן עצה, שרייבט, איך וועל שוין די בריעף איבער-שיקען.

— אָבער דאָס קען דאָך געדויערן צוויי מאָנאַטען ווייניגסטענס.

— וועל איך וואַרטען, — האָט סמיטה געזאָגט — וויבאַלד איך האָב אייער וואָרט, איז מיר גענוג.

— הערט אויס, — האָב איך זיך אָבגערופען—איך וועל זיך מאָרגען זעהן מיט די קאַמעראַדען מיינע, וועלכע איך דיינק צו ברייגגען אַהער, און איך וועל זיי פאָרלייגען צו שרייבען צו זייערע פריינד וועגען געלד. אין אַ פיער טעג אַרום שפעטסטענס וועל איך אייך ברייגגען די בריעף.

סמיטה איז צופריעדען געווען דערמיט. איידער מיר האָבען זיך בעדאַרפט פונאַנדערשיידען, האָב איך איהם געפרעגט:

— נאָך וואָס האָט איהר געדאַרפט וויסען די נעמען פון די קאַמעראַ-דען, וועלכע מיר דיינקען מיטנעהמען מיט אונז?

— כ׳וועל עס אייך גלייך זאָגען...

נאָר אין דער רגע האָט זיך דערהערט אַ לייכטער געוויש צווישען די בוימער.

סמיטה איז פערשוואונדען אין אַן אויגענבליק אין איך בין געלאָפען זיך בעהאַלטען ערגעץ הינטער די געדיכטע בוימער.

דער אָרט, וואו מיר האָבען זיך נאָר וואָס געפונען, איז געווען בעגאָ-סען מיט דעם ליכט פון דער לבנה.

איך האָב בעמערקט צוויי בעוואָפענטע וועכטער, וועלכע זיינען צוגע-קומען צום פלאַץ, האָבען זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און זיינען גלייך אַוועקגעגאַנגען. דאָס איז געווען די נאַכט-וואַך.

סמיטה איז אַרויס פון זיין בעהעלטעניש און איך אויך.

— זיי זיינען שוין אַוועק,—האָט ער געזאָגט—איהר זעהט אַלזאָ, אַז איך האָב געהאַט אַ גרונד פאָרזיכטיג צו זיין. דיזע חברה-לייט זיינען דאָ אי-בעראַל. אומגעריכטערהייט פאַלען זיי אייך אַרויף אויף׳ן רוקען... אַלזאָ, צום ווידערזעהן. גרייט צו אייערע בריעף, אַז איהר וועט מיך דאַרפען, וועט איהר מיך געפינען דאָ יעדען אָוונד.

איך האָב שוין געוואָלט אַיועקגעהן. מיט אַמאָל האָט זיך דעריהערט אַ הערצרייסענדער געשריי ניט ווייט פון אונז.

— וואָס איז דאָס? — האָט זיך סמיטה אָבגערופען, זעהר אונרוהיג.

— איך מיין, אַז דאָס האָבען די צוויי וועכטער געמוזט בעגעגענען אַן אַרעסטאַנט אויף׳ן וועג, און זיי פיהרען דאָס איהם אָב צוריק אין לאַגער, — האָב איך געגעבען מיין ערקלעהרונג.

— ניין, — האָט ער געענטפערט — דאָס מוז זיין עפּעס אנדערש. יעדענ־פאַלס מיין איך, אַז עס איז ניט פערנינפטיג דאָ צו בלייבען לאַנג. געהט שנעל אַהיים, און זעהט נור, מען זאָל אייך ניט בעמערקען. ס׳האָט געמוזט פּאַסירען עטוואָס שרעקליכעס.

איך האָב געפאָלגט סמיטה׳ן, און אין אַ ווייל ע אַרום בין איך געווען ביי מיר אין שטיבעל. אויף׳ן וועג האָב איך קיינעם ניט בעגעגענט, און איך בין געווען זיכער, אַז קיינער האָט מיך ניט בעמערקט.

אויף מאָרגען, ווען איך בין אַרויס אויף דרויסען, האָב איך בעמערקט, אַז עס טהוט זיך חושך אין לאַגער.

א גאַנצען טאָג האָט מען ניט געקענט דערגעהן וואָס דאָ איז געשעהן. ערשט פאַרנאַכט בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז צוויי וועכטער זיינען פאָריגע נאַכט ערמאָרדעט געוואָרען אויף׳ן מיטען פעלד, און מען האָט ניט געצוויי־פעלט, אַז דאָס איז געווען די אַרבייט פון געוויסע אַרעסטאַנטען, וועלכע האָבען געהאַט אַ רעכנונג מיט די וועכטער און האָבען זיך נוקם געווען אָן זיי.

דער גובערנאַטאָר האָט גלייך געלאָזט מאַכען אַן אונטערזוכונג, און באַלד איז מען דערגאַנגען, אַז יענע נאַכט ווען דער מאָרד איז געשעהן, האָט מען אויף יענעם פּלאַץ געזעהן אַרומגעהן אַן אויסטראַליער קאָלאָניסט. דיזער אויסטראַליער איז געווען סמיטה.

איינינע קאַנאַקען האָבען איהם געלאָזט וויסען, אַז ער ווערט פערדעכ־טיגט אין דעם מאָרד, און ער האָט געפונען פאַר נייטיג זיך אָבצוטראָגען בעצייטענס. ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף זיין זעגעל־שיף און איז וואַהר־שיינליך אַוועק קיין אויסטראַליען.

אַזוי איז מיין פּלאַן צו אַנטלויפען אַ צווייטען מאָל דורכגעפאַלען.

דאָך האָט סמיטה געמאַכט אַ פעהלער דערמיט, וואָס ער איז אַנטלאָפען, ווייל אין אַ טאָג אַרום האָט מען זיך דערוואוסט אויף ריכטיג, ווער עס האָט בעגאַנגען דעם מאָרד.

דאָס זיינען געווען צוויי געוועהנליכע אַרעסטאַנטען מיט די נעמען זשאַנ־וואוואַ און לעקלערק. די צוויי וועכטער האָבען זיי אָנגעטהאָן שרעקליכע צרות, האָבען זיי בעשלאָסען זיך נוקם צו זיין אָן זיי.

ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז ווען זשאַנוואוואַ און לעקלערק וואָלטען אָבגע־וואַרט אַ שטיקעל צייט מיט זייער נקמה, וואָלט איך פערלאָזען ניי־קאַלעדאָ־ניען מיט גאַנצע זיעבען יאָהר פריהער...

— — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב נאָך פונדעסטוועגען געהאָפט זיך ווידער צו זעהן מיט סמיטה׳ן. גאַנץ זיכער, אַז ער איז אוועק קיין אויסטראַליען, זיינען מיר דאָך ניט געווען. מיר האָבען גערעכענט, אַז ער בעהאַלט זיך אפשר ערגעץ-וואו און ער וועט מיט אַמאָל זיך בעוויזען צוריק אויף׳ן אינזעל.

אָבער איך האָב זיך אָבגענאַרט.

סמיטה איז שוין קיינמאָל ניט צוריקגעקומען.

ס׳וואָלט זיך מיר פיליכט איינגעגעבען צו געפינען אַן אַנדער אונטער-נעהמער, וועלכער זאָל מיך און עטליכע פון מיינע קאַמעראַדען העלפען אַנט-לויפען פון ניי-קאַלעדאָניען, נאָר אַ פּאָר פּאַסירונגען האָבען ביי מיר צונע-נומען יעדע האָפנונג, ווען עס איז פטור צו ווערן פון דיזען לעבען דאָ אויף דעם פערשאָלטענעם אינזעל.

צוויי אַרעסטאַנטען זיינען מיט אַמאָל נעלם געוואָרען פון אינזעל. ס׳איז זיכער געווען, אַז זיי זיינען אַנטלאָפען אויף אַ שיף. די אַדמיניסטראַציע האָט גלייך אַרויסגעשיקט עטליכע שיפלאַך זיך נאָכיאָגען נאָך זיי. ענדליך זיינען די רעגירונגס-לייט צוריקגעקומען אויף׳ן האַלב-אינזעל דיקאָס און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ זעגעל-שיף מיט עטליכע פּאַסאַזשירען. צווישען זיי זיינען געווען די צוויי אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטען און דריי אויסטראַליער. ס׳האָט זיך אַרויס-געשטעלט, אַז דיזע אויסטראַליער האָבען זיך אונטערנומען צו ברייננען די אַרעסטאַנטען קיין מעלבורן און דערפאַר זאָלען זיי קריגען צו 500 פראַנק פון יעדען איינעם פון זיי.

זייט דאַן האָבען די וועכטער געהאַלטען אָפען די אויגען, און ווי מען האָט גאָר בעמערקט אַן אַרעסטאַנט אַרומשפּאַצירען ביים ברעג ים, האָט מען איהם אַריינגעזעצט אויף 15 טעג אין קאַרצער אָדער גאָר דערשאָסען אויף טויט.

אין די אונבעקאַנטע קאָלאָניסטען האָט מען געהיט ווי גנבים.

ס׳איז געוואָרען אונמעגליך צו אַנטלויפען.

פּערוסע, אויף וועמען איך האָב נאָך אַלץ געהאָפט, האָט מיר אָנגע-הויבען ענטמוטהיגען און ווייזען די מורא׳דיגע שוויריגקייטען, וואָס מאַכען יעטוועדען פראַן פון אַנטלויפען איינפאַך אונמעגליך.

ס׳איז אַלזאָ געקומען אַ סוף צו אונזערע שעהנע חלומות!

מען וועט שוין מוזען לעבען און שטאַרבען אויף דיזען פערפלוכטען אינ-זעל, האָב איך זיך געטראַכט. אָבער איך בין אימער געווען געדולדיג און האָב אַריבערגעטראָגען אַלע ליידען ניט פערצווייפלענדיג. איך האָב געוואוסט, אַז ס׳לוינט ניט זיך אַריינצולאָזען אין צו גרויסע האָפנונגען, זיך לאָזען פער-שכור׳ן פון צופיעל פרייד, וואָרים מען קען קיינמאָל ניט זאָגען, וואָס עס קען זיך אויסלאָזען. עס קען נאָך קומען אַ מאָמענט, ווען אָט די אַלע האָפנונגען צורינען און געהען אַוועק מיט׳ן רויך און אַלעס בלייבט ווי געווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער גובערנאַטאָר מיט זיין חבר, אַדמיראַל ריבור, זיינען געוואָרען גרויזאַמער פון טאָג צו טאָג. מען האָט אָנגעהויבען די פּאָליטישע פּערשיקטע צו בעשטראָפען פאַר יעדע קלייניגקייט, פאַר יעדע נאַרישקייט. און אַז מיר פּלעגען פּראָטעסטירען, האָט מען אונז נאָך מעהר בעשטראָפט. מיט אַלע כחות האָט די אַדמיניסטראַציע געזוכט אונז צוצוטהיילען, ברעכען אונזער סאָלידאַריטעט, אָבער ס'האָט איהר גאָרנישט געהאָלפען. די פּאָליטישע פּערשיקטע האָבען זיך געהאַלטען אייניג און זיך אָנגענומען איינע פאַר די אַנדערע.

האָט זיך די אַדמיניסטראציע גענומען צו אונז אייזנציגווייז.

טשיפּריאַני'ן, וועלכער איז בעקאַנט געוועזען ביי אַלעמען פאַר זיין מוטה, האָט מען שטריינג בעשטראָפט דערפאַר וואָס ער האָט זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט קלאַגען וועגען דער בעהאַנדלונג פון דער אַדמיניסטראַציע.

דעם פּאָטער מאַלזיע, דעם עלטסטען פון די פּערשיקטע, האָט אַ שכור'ער וועכטער איינמאָל געשלאָגען מכות רצח. און ווען, מיינט איהר, האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמע? דעם אַלטען מאַלזיע.

אַזוי ווי מען האָט גראָד ניט געפונען קיין זאַך, אויף וואָס זיך צו טשעפּען צו מיר, האָט מען אויסגעטראַכט אַ לעכערליכע קאָנספּיראַציע און מיך פערמישט אין איהר.

מען האָט מיך בעשולדיגט, אַז איך געה יעדע נאַכט אַרויף מיט נאָך צוויי קאַמעראַדען אויף אַ באַרג און דאָרט צינדען מיר אָן גרויסע פּייערן און ריידען זיך אויף אַזאַ'ן אופן דורך מיט געוויסע לייט, וואָס געפינען זיך אויף'ן ים.

דאָס איז געוועזען אַן ערנסטע בעשולדיגונג, פערשטעהט זיך; און באָטש ס'איז קיין וואָהר וואָרט ניט געוועזען אין דעם, האָט מיך דער גובערנאַטאָר פונדעסטוועגען געשיקט רופען.

— שוין לאַנג, — זאָגט ער — אַז מען האָט ניט געהערט פון אייך. דאָס איז עפּעס גאָרניט געוועזען קיין נאַטירליכע זאַך און מען האָט געקענט פערשטעהן, אַז איהר פּלאַנעוועט... גליקליכערווייזע האָבען די אויפזעהער זיך דערוואוסט דערפון בעצייטענס און עס מיר מיטגעטהיילט. ווי קומט עס וואָס איהר צינדט אָן גרויסע פּייערן אויף אַ בערגעל לעבען ים?

איך בין געבליבען שטעהן אַ צוטומעלטע און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

— איך ווייס אַלעס,—האָט דער גובערנאַטאָר ווייטער געזאָגט—איהר שטעהט אין פּערבינדונג מיט געוויסע אויסטראַליער באַנדיטען, וועלכע דאַרפען צוקומען אַהער אין מיטען נאַכט און אייך העלפען אַנטלויפען פון דאַנעט. איהר וואַרט אויף זיי...

איך האָב געוואָלט פּראָטעסטירען, ערקלעהרען, אַז איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגען, נאָר דער גובערנאַטאָר האָט מיך ניט געלאָזט ריידען.

— ס ווערט איך גאָרניט העלפֿען אייער לייקענען, — האָט ער געזאָגט —כ'ווייס אַלעס, וואָס איהר האָט געטהאָן זייט אַ מאָנאַט צייט.

כ'האָב געצווינגען מיט די פּלייצעס.

— אויב ס'איז אמת, אַז איך בין שולדיג אין אַ געוויסער טהאַט, האָב איך געזאָגט—פֿאַרוואָס זשע האָט מען מיך ניט געכאַפּט ביי דער האַנד? ס'איז גרינג צו זאָגען: „מען האָט איך נאָכגעשפּירט, מען האָט געהאַט אַן אויג אויף אייך..."

דער גובערנאַטאָר האָט מיך אָנגעקוקט.

— ווילט איהר, איך זאָל אייך זאָגען, וואָס איהר האָט געטהאָן נעכטען ביינאַכט?

— אדרבה, כ'וואָלט עס אַליין געוואָלט וויסען.

— נו, הערט! אַרום ניין אַזייגער זייט איהר מיט נאָך צוויי פֿערשיקטע אַרויף אויף דעם באַרג מבע, און דאָרט האָט איהר געמאַכט אַ גרויסען פֿייער פֿון גראָז.

כ'האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

דער גובערנאַטאָר האָט פֿערלייגט איין האַנד איבער דער אַנדערער און האָט מיר געקוקט גלייך אין פּנים אַריין.

— די, וואָס דערצעהלען אייך אָט די מעשיות, מאַכען חוזק פֿון אייך, —האָב איך געזאָגט.

— קיינער מאַכט דאָ ניט חוזק פֿון מיר, איסער אייך אַליין.

— ווילט איהר, איך זאָל אייך בעווייזען, אַז אייערע אויפֿזעהער זיינען איינפֿאַכע ליגנער?

— נאַ, זאָל זיין גענוג,—האָט ער געענטפֿערט—איך ערלויב אייך ניט צו ריידען צו מיר אין אַזאַ טאָן.

— אַלזאָ, טהאָר איך, הייסט עס, זיך גאָרנישט פֿערטהיידיגען?

— איהר האָט גאָרנישט וואָס צו זאָגען אין אייער פֿערטהיידיגונג: מען האָט אייך געזעהן, דאָס איז פֿאַר מיר גענוג.

— אָבער הערט מיך אויס, איך בעט אייך. מען האָט מיך געזעהן, זאָגט איהר, אויף דעם באַרג מבע, אַרום ניין אַזייגער ביינאַכט. נון, אין דער צייט בין איך גראָד געשטאַנען לעבען מיין שטיבעל און האָב גערעדט מיט די וועכטער רעניאַר און זשאָפֿרע.

דער גובערנאַטאָר האָט מיך בעטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— ס'איז ניט ריכטיג.

— ס'איז דאָך אייך אָבער גאַנץ גרינג צו דערגעהן, צי איך זאָג דעם אמת. אַלעס וואָס איהר דאַרפֿט טהאָן, איז שיקען רופֿען די וועכטער, וואָס איך האָב נאָר וואָס דערמאָנט. אויב זיי וועלען ניט בעשטעטיגען מיינע רייד, דאַן איז פֿערפֿאַלען...

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום זייגען די צוויי וועכטער געשטאַנען פֿאַר'ן גובערנאַטאָר, וועלכער האָט זיי גלייך געשטעלט די פֿראַגע:

— איז דאָס אמת, אַז דיזע פֿרוי איז נעכטען אָוועגד אַרום ניין אַזייגער געשטאַנען לעבען איהר שטיבעל און האָט גערעדט מיט אייך?

— מיר ווייסען ניט וואָס צו זאָגען.

— איהר בעשטעטיגט אַלזאָ, אַז דיזע פֿרוי איז נעכטען אָוועגד אין יענער צייט ניט געשטאַנען מיט אייך אינאיינעם,—האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט.

— מיר בעשטעטיגען עס,—האָבען די צוויי באַנדיטען געענטפֿערט.

כ'האָב זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען.

— איהר לייגט! איהר לייגט!—האָב איך געשריען מיט כעס.

די צוויי וועכטער האָבען איינגעבויגען די קעפּ און גאָרניט געענטפֿערט.

כ'האָב אָנגעכאַפּט איינעם פֿון זיי ביים אָרם און געזאָגט:

— וואָס טהוט זיך דאָ מיט אייך? זאָגט פֿאָרט די וואהרהייט...

— כ'האָב גאָרנישט וואָס צוצולייגען צו דעם, וואָס איך האָב שוין גע-זאָגט, — האָט דער באַנדיט געענטפֿערט.

געגען אַזאַ חוצפּה האָב איך ווירקליך ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. כ'האָב זיך אָנגעזעהן מיט געגנוג נידערטרעכטיגקייטען אין מיין לעבען, נאָר די דאָזיגע געמיינהייט האָט אַריבערגעשטיגען אַלצדינג.

דער גובערנאַטאָר האָט אַלזאָ געזיעגט.

ער האָט אַוועקגעשיקט די וועכטער, און אַז מיר זייגען געבליבען אַליין, האָט ער זיך אָבגערופֿען צו מיר:

— נאַ, ניטאָ וואָס צו ריידען, איהר האָט אין זיך אַ מאָדנע העזה! אָבער האָט קיין מורא ניט, דאָס מאָל וועט עס אייך גלאַט ניט אַריבערגעהן. כ'וועל אייך ווייזען וואָס איך קען מיט אייך מאַכען: מאָרגען שוין וועט איהר פֿערלאָזען דעם האַלב-אינזעל דיקאָס.

— און וואוהין וועל איך געהן?

— דאָס וועט איהר שוין געוואָהר ווערן,—האָט דער גובערנאַטאָר געענטפֿערט מיט אַ פֿערקרימטער מיענע.

## XII

## ראָשפּאָר'ס פּליטה.

אויף מאָרגען האָט דער גובערנאַטאָר מיר געלאָזט וויסען דורך אַ צעטעל, וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרען אויף די ווענד פֿון דעם אַד-מיניסטראַציאָנס-הויז, אַז איך און נאָך פֿינף חבר'טעס מיינע וועלען מוזען פֿערלאָזען דעם לאַגער פֿון נומבאָ און געהן וואוינען אויף אַן אַנדער זייט פֿון אינזעל.

איך האָב גלייך אָנגעשריבען אַ בריעף צום גובערנאַטאָר, אין וועלכען איך האָב פּראָטעסטירט געגען דיזער האַנדלונג. איך האָב געפאָדערט, ער זאָל אָנגעבען אַן אורזאַכע, וואַרום ער האָט אַרויסגעלאָזען דיזען בעפעהל, און כל זמן ער וועט עס ניט טהאָן, וועלען מיר זיך פון אָרט ניט ריהרען.

ניט קוקענדיג דערויף האָט מען אונז אייף מאָרגען אין דער פריה גע-לאָזט וויסען, אַז מיר וועלען נאָך דעם זעלבען טאָג מוזען זיך אַריבערציהען אויף א נייער נייעם פּלאַץ.

איך האָב צונויפגערופען מיינע פריינדינען און זיי געזאָגט:

— מיר טהאָרען ניט פערלאָזען דיזע געגענד איידער מען וועט ענטפערן אויף אונזער פּראָטעסט און אָנגעבען עפענטליך די אורזאַכע, וואַרום מען לייגט אַרויף אויף אונז די דאָזיגע שטראָף.

— מיר וועלען ליבערשט געהן אין טורמע, איידער זיך אונטערגעבען, —האָבען זיי אַלע געענטפערט.

נאָך דעם סטרייק פון טורגעמין׳ס אַרבייטער האָט דער גובערנאַטאָר אַלזאָ געהאַט פאַר זיך אַ סטרייק פון פרויען.

באַלד איז דער גאַנצער לאַגער געגאַנגען כאָדאָרעם. די וועכטער זיינען אַרומגעלאָפען ווי די פער׳סס׳טע מייז. כדי אונז איבערצושרעקען איז דער גובערנאַטאָר אַליין אַראָבגעקומען רייטענדיג אויף זיין פערד. נאָר אַזוי ווי ער איז ניט געווען קיין גוטער רייטער האָט איהם דאָס פערד זיינס פּלוצלונג אַרונטערגעוואָרפען פון זיך און איז אַנטלאָפען, וואו די אויגען האָבען איהם געטראָגען.

מיר זיינען שיער ניט צופּלאַצט געוואָרען פון געלעכטער. און דער גו-בערנאַטאָר איז געווען אויסער זיך פאַר כעס, ער האָט געשימפּפט און גע-שאָלטען. נאָר מיר האָבען זיך ניט אומגעקוקט אויף זיינע רייד; מיר האָבען איהם אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען.

— געהט אייך, געהט אייך פון דאַנעט, — האָט ער געליאַרעמט — כ׳וויל אייך ניט אויסהערען, אַוועק פון דאַנעט!

איך האָב אויסגענוצט די דאָזיגע געלעגענהייט אַרויסצוזאָגען דעם גו-בערנאַטאָר אַלעס וואָס איך האָב געדיינקט וועגען איהם און וועגען זיין לעצטע האַנדלונג.

— אָט דאָס איז אייער נקמה, וועלכע איהר האָט עס פאַר מיר צוגע-געגרייט, — האָב איך געזאָגט. — ניט האָבענדיג די מעגליכקייט מיך אָנ-צוגרייפען אַלס פערשיקטע, אַטאַקירט איהר איצט מיין פרויען-עהרע... איהר ווילט מאַכען דעם איינדרוק, אַז איך בין דאָ אין לאַגער אַן אורזאַכע פון סקאַנדאַל; און אום צו רעכטפערטיגען אייער שענדליכע האַנדלונג געגען מיר, ווילט איהר נאָך קאָמפּראָמיטירען אַנדערע פרויען, אַנשטענדיגע פאַמיליען-מוטערס... דאָס וואָס איהר טהוט, מיין העדר, איז שענדליך, איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט געריכט אויף אייך, אַז איהר זאָלט פעהיג זיין צו בעגעהן אַזאַ פּויגהייט.

דער גובערנאַטאָר איז געשפּרונגען פֿאַר רציחה. די סלינע איז איהם געלאָפֿען פֿון מויל. ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען. וואָס זשע, ס'איז גאָר ניטאָ קיין שום וועכטער, וואָס זאָל איהם קומען צו הילף? וואו זיינען זיי אַלע אַהינגעקומען?

ער האָט גענומען מאַכען קולות, און אויף זיין געשריי זיינען אָנגעלאָפֿען צוויי וועכטער. דער גובערנאַטאָר האָט זיי געהייסען, זיי זאָלען אונז אַרעס-טירען און אונז אָבפֿיהרען אין געפֿענגניס. נאָר מיר זיינען זיך צולאָפֿען אין פֿערשיעדענע זייטען און די וועכטער האָבען אונז ניט געקענט כאַפּען.

דער גובערנאַטאָר האָט אפנים פֿערשטאַנען, אַז ס'וועט זיין גלייכער אונז צו לאָזען צורוה, און ער איז זיך אַוועק אַהיים.

דאָך האָבען מיר געקראָגען דעם בעפֿעהל זיך אַרויסצוציהען פֿון דעם לאַגער. איינער פֿון די וועכטער, וועלכער האָט געוואָלט ווייזען, אַז ער איז פּינקטליך און געטריי די בעפֿעהלען פֿון דעם גובערנאַטאָר, איז איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג אַריין צו מיר אין שטיבעל און האָט מיך אויפֿגעפֿאָדערט גלייך אַרויסצוציהען. איך האָב גענומען אײַנ'טענה'ן מיט איהם און איהם איינריי-דען, אַז דער גובערנאַטאָר האָט צוריקגעצויגען זיין בעפֿעהל. ער האָט ניט געוואָלט וויסען דערפֿון, נאָר מיט צרות האָט זיך מיר איינגעגעבען פּועל'ן ביי איהם, ער זאָל זיך נאָכפֿרעגען וועגען דעם ביי די העכערע בעאַמטע.

— גוט,—האָט דער וועכטער געזאָגט—איך וועל זיך נאָכפֿרעגען וועגען דעם, נאָר אויב איהר האָט מיר דערצעהלט אַ ליגען, וועט עס אייך אַזוי גלאַט ניט אָבגעהן. מאָרגען אין דערפֿריה וועל איך זיין דאָ, און אויב איהר וועט זיך גלייך ניט אַרויסציהען פֿון דאַנעט, וועל איך אַרויסוואַרפֿען אַלע אייערע זאַכען דורך'ן פֿענסטער.

און ער וואָלט עס זיכער געטהאָן. נאָר גליקליכערווייזע האָט זיך געמאַכט אַ געשיכטע, צוליעב וועלכער מען האָט זיך אין גאַנצען פֿערגעסען אָן אונז.

אַז איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט אויף מאָרגען אין דער פֿריה, בין איך ערשטוינט געוואָרען, ניט זעהענדיג קיין איין וועכטער אַרום אונזער געגענד. געוועהנליך פֿלעגען זיי ליגען גאַנצע טעג אַרום אונזערע וואוינונגען, נאָר דעם פֿריה-מאָרגען האָט מען זיי אין די אויגען ניט געזעהן.

— אָט אַפנים די קאַנאַקען האָבען זיי אויפֿגעפֿרעסען,—האָב איך זיך אָבגערופֿען צו איינעם פֿון מיינע שכנים.

— עס וואָלט גאָר קיין עולה ניט געווען,—האָט יענער געענטפֿערט— נאָר איך גלויב ניט, אַז מיר זאָלען האָבען אַזאַ מזל.

אַ געוויסער פּאָליטישער פֿערשיקטער מיט'ן נאָמען פעריע איז צוגעקומען צו אונז.

— ס'מוז פֿאָרקומען עטוואָס שרעקליכעס,—האָט ער געזאָגט. — דער גאַנצער ברעג איז פֿול מיט וועכטער, וועלכע לויפֿען אַרום ווי די פֿעררירקטע. דער גובערנאַטאָר איז מורא'דיג אויפֿגערעגט. אימיצער האָט אודאי געמוזט אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט די נאַכט.

— ווירקליך ?—האָב איך געפֿרעגט מיט אַ צווייפֿלענדען טאָן.

— כ׳בין כמעט זיכער אַז יאָ, און אויב די מהומה איז ניט דערפֿאַר וואָס אימיצער איז אַנטלאָפֿען, מוז דאָס אודאי זיין אַן אָנפֿאַל... ווער ווייס? אפשר האָט איינע פֿון די אייראָפּעאישע מעכטע ערקלעהרט פֿראַנקרייך אַ מלחמה, און זי קימט איצט פֿערכאַפּען ניי-קאַלעדאָניען.

מיר האָבען אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

אַזוי ווי די וועכטער האָבען זיך אַלץ ניט בעוויזען, זיינען מיר אַוועק צום ברעג ים.

אַן ערך הונדערט מעטער פֿון ברעג, האָבען מיר בעמערקט סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי די פֿעלזען. ווייט אויף׳ן ים זיינען געווען איינגעשטעלט זעגעלשיפֿען און דאַמפּפֿערס, וואָס מען האָט אָהן אַ שום צווייפֿעל מאָביליזירט אין דער גיך.

— וואָס פֿאַר אַ געוואַלדיגע פּלאָטע!—האָט זיך פּעריע אָבגערופֿען— דאָס מוז אַודאי מאַק-מאַהאָן אַליין קומען אַהער אויף בעווך.

— אפשר איז דאָס גאָר גאַליפֿע,—האָב איך געזאָגט.

אָבער באַלד זיינען מיר דערגאַנגען וואָס דאָ טהוט זיך. ס׳האָט זיך ווירקליך געהאַנדעלט וועגען עטליכע פּאָליטישע פֿערשיקטע, וועלכע זיינען אַנטלאָפֿען פֿון אינזעל.

ראָשפֿאָר מיט נאָך פֿינף פֿערשיקטע זיינען פֿערשוואונדען פֿון ניי-קאַלעדאָניען. דאָס אַנטלויפֿען איז צוגעגאַנגען זעהר געשיקט. אַ קאַפּיטאַן פֿון אַן אויסטראַליער שיף האָט זיי אָנגענומען אַלס פּאַסאַזשירען פֿאַר 1500 פֿראַנק יעדען איינעם.

אָט ווי אַזוי ראָשפֿאָר אַליין בעשרייבט די פּליטה, וואָס ער און זיינע חברים האָבען געמאַכט פֿון ניי-קאַלעדאָניען.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך צונויפֿגערעדט מיט די אַנדערע פֿערשיקטע, האָבען זיי אָבגעמאַכט, אַז אין אַ געוויסע נאַכט זאָלען זיי זיך צונויפֿטרעפֿען אויף אַ פּלאַץ לעבען ברעג, און פֿון דאָרט זאָלען זיי צושווימען צו דעם זעגעלשיף, וואָס וועט שטעהן אויף׳ן ים און וואַרטען אויף זיי.

ענדליך איז געקומען דער גרויסער טאָג.

יענעם פֿריה-מאָרגען האָבען די פֿערשיקטע אויסגעמיטען זיך צונויפֿצוטרעפֿען איינע מיט די אַנדערע. ס׳האָט זיך זיי אָבגעדוכט, אַז די וועכטער שפּירען זייער פּלאַן אָדער יערענפֿאלס פֿערשטעהען זיי, אַז עפּעס קומט דאָ פֿאָר. אָבער ס׳איז געווען אַן אומזיסטער שרעק.

דער טאָג איז ענדליך פֿערביי. די נאַכט איז געווען אַ ליכטיגע. די לבנה האָט געשיינט גאַנץ העל און דאָס האָט נאַטירליך אָנגעפֿילט די הערצער פֿון די פֿערשיקטע מיט זאָרג און אונרוהיגקייט, מורא האָבענדיג, אַז אימיצער פֿון די וועכטער זאָל זיי ניט בעמערקען און דאַן וועט דער גאַנצער פּלאַן זייערער געהן קאַפּוט. נאָר ניט קוקענדיג דערויף האָבען זיי זיך אַריינגעלאָזט און גענומען שווימען.

ביי די ערשטע עטליכע שפאַן, וואָס זיי האָבען געמאַכט אין וואַסער, זייַנען זיי פערציטערט געוואָרען, בעמערקענדיג אַ מענשליכע געשטאַלט ניט ווייט פון ברעג. דאָס איז געווען אַ וועכטער, וועלכער איז גראָד פערבייגעגאַנגען. נאָר גליקליכערווייזע האָט ער גאָרניט בעמערקט און איז זיך אַוועק זיין וועג.

דאַן האָבען די זעקס געפאַנגענע גענומען שווימען מיט אַלע כחות פאָרווערטס. מיט אַמאָל האָבען זיי דע זעהן אַ גרויסע גראָע מאַסע פאַר זיך.

דאָס איז זיכער דאָס זעגעלשיף! זיי האָבען פריי אויפגעאָטהעמט.

נאָר אַזוי ווי זיי האָבען געוואָלט צושווימען צום שיף, האָבען זיי מיט אַמאָל דערזעהן אַן אַנדער גראָעָ מאַסע. אָנשטאָט איין זעגעל-שיף זיינען געווען צוויי..

צו וועלכען שווימט מען צו? וואָסער זעגעלשיף איז דאָס ריכטיגע?

די פערשיקטע האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טהאַן.

— איך מיין, דאָס איז אונזער שיף,—האָט ראָשפאָר געזאָגט און האָט זיך געלאָזט צושווימען צום נאָהנטסטען שיף.

נאָר ער האָט זיך גלייך אומגעקעהרט.

— שנעל! שנעל! צום אַנדערן! אין דעם דאָ רעדט מען פראַנצויזיש..

און זיי זיינען שנעל געשוואומען צום אַנדערן שיף.

אַזוי ווי די אַפען האָבען זיי זיך אַרויפגעדראַפעט אויף'ן לייטער, וואָס איז אַראָבגעהאַנגען פון זעגעלשיף אין וואַסער. אַ דיקער מאַן האָט זיי געהאָלפען אַרויפגעהן. דאָס איז געווען דער קאַפיטאַן. אָבער דערזעהנדיג פאַר זיך זעקס מענשען, איז ער ערשטוינט געוואָרען.

— וואָס הייסט דאָס?—האָט ער זיך אָבגערופען צו ראָשפאָר'ן—איהר האָט דאָך בלויז געדאַרפט זיין צוויי פערזאָן, און דאָ זעה איך גאָר אַ גאַנצע מחנה...

— דיזע העררן זיינען מיינע פריינד,—האָט ראָשפאָר געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

— ס'איז גאַניץ מעגליך, אָבער זיי קענען אַרונטערגעהן, כ'וויל מעהר ניט ווי צוויי.

מען האָט גענומען איינ'טענה'ן מיט'ן קאַפיטאַן. ענדליך האָט ער זיך אונטערגעגעבען.

— אַלזאָ, געהט גלייך אַרונטער אין קעלער,—האָט ער געזאָגט.

און ער איז געגאַנגען פאָראויס מיט זיין לאַטטערנע, זיי צייגענדיג דעם וועג.

אַלס קאַיוטע האָט ער זיינע „פאַסאַזשירען" אָבגעגעבען דעם פלאַץ פון די קויהלען.

אין עטליכע מינוט אַרום זיינען זיי אַלע, דורכגענעצט, כמעט האַלב נאַקעטע, געלעגען אין דעם קויהלען-שטויב, אום צום ערשטען מאָל פאַר אַ לאַנגע צייט האָבען זיי זיך פערגונען צו לאַבען אויף'ן קול.

נאָר דאָס שיף האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

— ס׳איז מערקווירדיג,—האָט זיך אָבגערופען ראָשפאָר.

— אָט אפנים דער קאפיטאן וויל מיט א כיוון בלייבען שטעהן א ווײלע כדי ניט ארויסצורופען קיין שום חשד אויף זיך,—האָט בעמערקט איינער פון די אַטלאָפּענע.

ס׳זיינען אריבער צעהן מינוט, א שעה, גאנצע שטונדען, און דאָס שיף איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף אַן אָרט.

— כּ׳האָב מורא, אַז מיר וועלען דאָ האָבען אַ מיאוס׳ן פּסק,—רופט זיך אָב איינער פון די פּאַסאַזשירען.

ענדליך האָבען זיך די אַנטלאָפענע ניט געקענט איינהאַלטען, זיינען ארויס פון זייער בעהעלטעניש און אַרויף אויבען אויף׳ן פּאָרדעק.

— וואָס איז דאָ פּאָרט?—האָבען זיי געפרעגט דעם קאַפּיטאַן.

— צום טייפעל! ווילט איהר אַרונטערגעהן?—האָט דער קאַפּיטאַן גע-שריען—וואָס דאָ איז? איהר זעהט דאָך וואָס דאָ איז: מיר קענען ניט פאָהרען, ניטאָ קיין ווינד, קיין שום ווינטעל ניט!

די פערשיקטע זיינען אַרונטער צוריק אין זייער קאַיוטע, מיט אַ פערדריקט האַרץ און מיט טרערען אין די אויגען האָבען זיי ערוואַרטעט די מינוט אָב-צופאָהרען אָדער זיך אומצוקעהרען... אין זייער געפאַנגענשאַפט.

פּלוצלונג האָט איינער אַ געשריי געטהאָן:

— מיר געהען!

און ווירקליך דאָס שיף האָט אָנגעהויבען געהן.

— געראַטעוועט!... — האָבען די פערשיקטע מיט אַמאָל אויסגערופען.

ס׳איז ווירקליך צייט געווען, ווייל דאָרט ביים ברעג האָט שוין דער קאַנאָן געלאָזט וויסען, אַז די פערשיקטע זיינען אַנטלאָפען פון אינזעל.

דאַן האָבען זיך די פריינדע אומאַרמט, און זיך אָנגעהמענדיג פאַר די הענד, כמעט וואַהנזיניג פאַר פרייד, האָבען זיי אין דעם פינסטערן קעלער געטאַנצט און מיט אַלע כוחות געזונגען:

„טאַנצט, ברידער, קאַרמאַניאָל,
זאָל לעבען דער גראַנאַט!
טאַנצט, ברידער, קאַרמאַניאָל,
לעבען זאָל דער האַרמאַט!"

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך ראָשפאָר׳ס אַנטלויפען זיינען די וועכטער נאָך געוואָרען אַסך ברו-טאַלער ווי פריהער.

מיר זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען ווי די קאַנאַקען.

די פערשיקטע האָבען געהאַט אַ בעשטימטען שטח, וואו זיי האָבען זיך געמעגט בעוועגען, וואו זיי האָבען געמעגט אַרומגעהן, און טאָמער האָט

אימיצער אַריבערגעטראָטען דעם גרענעץ, האָבען די וועכטער אויף איהם געשאָסען. אויך האָט מען איצט געמוזט אַריינגעהן אין די שטיבלאך צו אַ בעשטימטער צייט און די מינדעסטע פֿערשפעטיגונג האָט געקענט קאָסטען דאָס לעבען.

געוויסע קויפֿלייטע פֿון נומעאַ, וועלכע זיינען בעשולדיגט געוואָרען, אַז זיי האָבען געהאַט פֿערבינדונגען מיט ראָשפֿאָר׳ן און מיט זיינע חברים, האָט מען אַרויסגעשיקט פֿון ניי-קאַלעדאָניען.

דערצו האָבען מיר געקראָגען אַ נייעם פּראָוויזאָרישען גובערנאַטאָר, דעם קאָלאָנעל אַלייראָן, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין די הריגות פֿון מאַי 1871.

דיזער באַנדיט האָט זיך מיט זיינע גרויזאַמקייטען פֿערהאַסט ניט נור ביי די פֿערשיקטע, נאָר אויך ביי די קאַנאַקען.

אַ שטיק צייט האָט מען זיך שוין גאָר געהאַט פֿערגעסען אָן מיר; מען האָט אויפֿגעהערט ריידען דערפֿון, מיך צו שיידען פֿון מיינע קאַמעראַדען, און איך האָב זיך געלעבט רוהיג און פֿריעדליך אין מיין שטיבעל.

נאָר דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

אַלייראָן האָט ניט אַנדערש נאָר געוואָלט מיך צווינגען צו פֿערלאָזען דעם לאַגער פֿון נומבאָ.

איך האָב פּראָטעסטירט מיט אַלע קרעפֿטען. דאַן האָבען די וועכטער אָנגעהויבען מיר אָנטהאָן ביטערע צרות.

איינער פֿון זיי, אַ געוויסער גריפאַר, וועלכער האָט זיך אין פּאַריז אויסגעצייכענט ביי די הריגות, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין דער קאַזאַרמע „לאָבאָ“, איז געוועזען דער ברוטאַלסטער פֿון זיי אַלעמען.

וואָס האָט ער ניט צוטהאָן, מיך אַרויסצוברייננגען פֿון געדולד! ער פֿלעגט אָהן אירגענד וועלכער אורזאַכע אַריינקומען צו מיר אין שטיבעל און צוברעכען וואָס איז איהם געקומען אין דער האַנד. איינמאָל, אום מיך צו ערגערן, האָט דיזער באַנדיט דערשטיקט אַ פֿויגעלע, וואָס איך האָב אויפֿגעהאָדעוועט ביי מיר אין שטיבעל.

אָבער אָקוראַט ווי דאָס רוב וועכטער פֿון זיין גלייכען, האָט ער געהאַט זיין פּסק.

איינמאַל, ווען גריפאַר איז דורכגעגאַנגען אויף׳ן פֿעלד, איז איהם אַנטקעגען געקומען איינער פֿון די פֿערשיקטע מיט׳ן נאָמען רוסעל, וועלכער האָט איהם אָנגעקוקט אַ ווייילע און איהם גלייך דערקענט. דיזער איצטיגער אויפֿזעהער האָט ערמאָרדעט רוסעל׳ס ברודער, אַ זעכצעהן יעהריגען אינגעל, דאַן בעת ער איז געוועזען אין דער קאַזאַרמע לאָבאָ. איצט איז געקומען זיין צייט; דער פֿערשיקטער איז געוועזען ענטשלאָסען זיך נוקם צו זיין אָן איהם. ער איז אָנגעפֿאַלען אויף גריפאַר׳ן און האָט איהם גענומען וואַרגען. ער וואָלט איהם זיכער דערשטיקט, ווען עס קומען ניט אָן צוויי פּאָליטישע פֿעראורטהיילטע, וועלכע האָבען ווי עס איז אַרויסגעריסען גריפאַר׳ן פֿון רוסעל׳ס הענד.

געטהאָן האָבען זיי עס, פֿערשטעהט זיך, ניט אויס פֿריינדשאַפֿט צו דעם וועכטער, נאָר ווײסענדיג, וואָס רוסעל׳ן ערוואַרטעט נאָך אַזאַ טהאַט.

נאָר דער באַנדיט גריפאַר, אָנשטאָט צו דאַנקען די צוויי פֿערשיקטע, וועלכע האָבען איהם געראַטעוועט פֿון אַ זיכערן טויט, האָט זיי אַלע דריי אָנ-געקלאָגט און זיי בעשולדיגט, אַז זיי זיינען אָנגעפֿאַלען אויף איהם מיט דער אַבזיכט איהם צו ערמאָרדען. נאָר אַ געוויסער וועכטער מיט׳ן נאָמען פּאָרעל, וועלכער איז גראָד אָנגעקומען בעת די צוויי פֿערשיקטע האָבען אָבגעריסען רוסעל׳ן פֿון גריפאַר׳ן, האָט ביים פּראָצעס ערקלעהרט די גאַנצע געשיכטע, און דער סוף איז געווען, אַז נור רוסעל איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו פֿינף יאָהר קערקער און די איבעריגע צוויי זיינען בעפֿרייט געוואָרען.

גריפאַר, פֿערשטעהט זיך, איז פֿון יענעם טאָג אָן חשוב׳ער געוואָרען ביים גובערנאַטאָר אין די אויגען און ער האָט געהאַלטען אין איין מאַטערן די פֿערשיקטע, ביז וואַנעט אַן אומגעריכטער שונא האָט איהם דער׳הרג׳עט.

דיזער שונא איז געווען אַ היי-פֿיש.

איינמאָל, ווען דער אויפֿזעהער האָט זיך געבאָדען אין ים, האָט איהם אַ היי-פֿיש צורעכט געמאַכט. מען האָט דעם וועכטער אַרויסגעשלעפּט אַ טויטען פֿון וואַסער. די אַדמיניסטראַציע האָט איהם געמאַכט אַ שעהנע לויה, און דער גובערנאַטאָר האָט ביי דער געלעגענהייט מספּיד געווען זיין גע-טרייען דיענער. נאָר אין זיין רעדע האָט ער פֿערגעסען דערמאָנען די בע-ריהמטע פֿראַזע פֿון אַ מיטגליעד פֿון דער בעגנאַדיגונגס-קאָמיסיע:

„די היי-פֿיש מוזען האָבען וואָס צו עסען.“

## XIII

## דער „פֿאָטער מאָראָ“.

איינמאָל כאָטש האָבען אונז די היי-פֿיש געטהאָן אַ ווירקליכע טובה, אונז בעפֿרייענדיג פֿון דעם באַנדיט גריפאַר.

נאָר די לאַגע אונזערע איז פֿונדעסטוועגען ניט בעסער געוואָרען. די אַדמיניסטראַציע האָט פֿערפֿאָלגט די פּאָליטישע פֿערשיקטע מיט די שרעקליכ-סטע מיטלען. ניט נור פֿלעגט מען אונז בעליידיגען פֿאַר יעטוועדע קלייניג-קייט, נאָר מען האָט אונז אָנגעהויבען נאָכשפּיאָנירען, און נאָכגעהן טריט ביי טריט; וואו מיר האָבען זיך אַ קעהר געטהאָן, איז געשטאַנען אַ שפּיאָן. ס׳איז אַזוי ווייט געקומען, אַז מיר האָבען מורא געקראָגען צו ריידען צווישען זיך הויך אויף׳ן קול.

אין יענער צייט האָט זיך געמאַכט אַ שטיקעל סקאַנדאַל, וועלכען ס׳וועט ניט זיין איבעריג דאָ איבערצוגעבען.

אַ געוויסער קאָלאָניסט מיט׳ן נאָמען מאָראָ, אַ זעכציג יעהריגער מאַן מיט אַ זעהר סימפּאַטישען אויסזעהן, פֿלעגט אָפֿט קומען צו אונז צו גאַסט.

ס׳האָט אויכגעזעהן, אַז ער אינטערעסירט זיך זעהר אין אונזער שיקזאַל און ער האָט אונז מעהר ווי איינמאָל פֿערזיסט די ביטערע מאָמענטען אונזערע מיט זיינע פֿריינדליכע ווערטער.

מאָראָ האָט אָנטהייל גענומען אין די אויפֿשטענדע פֿון 1848 און ווי ס׳ווייזט אויס אויך אין דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1871. דאָס איז געווען אַן אַל-אַלטער רעוואָלוציאָנער, און ס׳איז גענוג געווען אַ קוק צו טהאָן אויף איהם, און מען האָט גלייך געקראָגען דעם גרעסטען צוטרוי צו איהם.

ער פֿלעגט אָפֿט קומען זיך זעהן מיט מיר אין מיין שטיבעל, וואו מיר פֿלעגען אָבזיצען גאַנצע שטונדען און ריידען איבער דעם טרויעריגען צושטאַנד פֿון די פֿערשיקטע.

— זעהט איהר,—האָט ער מיר עטליכע מאָל געזאָגט—אַזוי לאַנג ווי די היגע אַדמיניסטראַציע וועט ליגען אין סאָלדאַטסקע הענד, וועט עס אַנ-דערש ניט ווערן. דיזע סאָלדאַטען האָבען ניט קיין שום שכל, ווי אַזוי צו פֿיהרען אַזאַ קאָלאָניע ווי דיזע. זיי וויסען בלויז איין זאַך: הערשען מיט׳ן שווערד, די פֿערשיקטע זיינען ביי זיי אין די אויגען ווי רעוואָלטירטע סאָל-דאַטען און זיי האַלטען כסדר אין איין ווידערהאָלען גאַליפֿע׳ס פֿראַזע: „דער-שיסט מיר אַקאָרשט אָט די אַלע הינט!“

איך בין זיך מודה, אַז דיזער אַלטער מאַן האָט געוואונען מיין צוטרוי און איך בין צוגעבונדען געוואָרען צו איהם מיט אַ וואַרעמער פֿריינדשאַפֿט.

דיזעלבע פֿריינדשאַפֿט האָט ער זיך אויך געמאַכט צווישען אַלע אי-בעריגע פֿערשיקטע. מיר האָבען איהם אַלע געהאַלטען פֿאַר איינעם פֿון אונזערע.

דערפֿאַר האָט מאָראָ גאָרניט נושא חן געווען ביי די וועכטער אין די אויגען. יעדענפֿאַלס האָט דאָס אַזוי אויסגעוויזען. ס׳איז אמת, אַז זיי פֿלעגען איהם ניט טשעפען, איהם ניט שטערן אין זיין אַרבייט, אין זיינע געשעפֿטען, וואָס ער האָט געפֿיהרט אויף׳ן אינזעל, נאָר פֿריינדליך זיינען זיי קיינמאָל ניט געווען צו איהם. אדרבה, מאָראָ האָט זיך כסדר געהאַט צו בעקלאָגען, אַז צוליעב דעם, וואָס ער האָט ניט קיין גוטען נאָמען ביי דער אַדמיניסטראַציע, ביים גובערנאַטאָר, קען ער זיך ניט צושלאָגען צו אַ שטיקעל פֿערמעגען אויף׳ן אינזעל.

— אַזוי לאַנג ווי דיזער גובערנאַטאָר וועט זיין דאָ,—פֿלעגט דער אַל-טער מאָראָ זאָגען—וועל איך זיך ניט קענען דערשלאָגען צו וואָס עס איז, ווייל מען פֿערפֿאָלגט מיך צוליעב מיינע פֿאָרטגעשריטענע אידעען, און איך וועל ניט זיין ערשטוינט, אַז מען וועט מיך אין אַ שעהנעם טאָג גאָר אַרויס-שיקען פֿון ניי-קאַלעדאָניען. וואָס ווילט איהר? איך קען ניט מאַכען קיין חניפה׳לאַך און זיך בויגען אין דרייען ווי אַנדערע... דער גובערנאַטאָר האָט מיר שוין עטליכע מאָל געלאָזט וויסען, אַז ער וואָלט זיך ווילען זעהן מיט מיר און זיך דורכריידען וועגען געוויסע זאַכען, אָבער איך האָב איהם אפילו

ניט געענטפֿערט. ס'וואָלט געווען אַ שאַנד און שמאַך פֿאַר מיר אַרויפֿצוטרעטען אויף זיין שוועל. נו, אונטער אַזעלכע אומשטענדען פֿערשטעהט איהר דאָך שוין, וואָס די אַדמיניסטראַציע האַלט פֿון מיר. מען רופֿט מיר: „דער רעוואָלוציאָנערער פֿאַרמער". נאַ, און איך בין שטאָלץ מיט דיזען נאָמען.

אזוי פֿלעגט דער „פֿאָטער מאָראָ" ריידען מיט אונז, און קיינער האָט ניט געקענט צווייפֿלען אין דער ריכטיגקייט פֿון זיינע ווערטער.

כאָטש ס'האָט אויסגעוויזען, אַז ער ווערט פֿערפֿאָלגט פֿון די שפּיאָנען, פֿלעגט ער דאָך קומען צו אונז כמעט יעדען אָוועטד, פֿלעגט מיטברייגגען מיט זיך אַמאָל אַ הוהן, אַמאָל אַ פֿלאַש וויין און זיצען גאַנצע שטונדען און ריידען מיט אונז.

מיר האָבען קיין בעסערן פֿריינד ניט געהאַט ווי דעם אַלטען קאָלאָניסט. אַלעס, וואָס מיר האָבען געדאַרפֿט אין אויב ער איז נור אים שטאַנד געווען עס צו טהאָן פֿאַר אונז, האָט ער עס געטהאָן מיט פֿערגניגען. קיין זאַך איז פֿאַר איהם ניט שווער געווען.

מיר האָבען געהאַט צווישען אונז אַן אַלטען פֿערשיקטען מיט'ן נאָמען מאַלעקאָ.

מען האָט איהם אין 1871 געכאַפּט מיט די וואַפֿען אין די הענד אויף דער באַריקאַדע פֿון קליניאַנקור און ער איז פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿערשיקט צו ווערן אויף אייביג קיין ניי-קאַלעדאָניען.

מאַלעקאָ האָט אַריבערגעטראָגען מיט קוראַזש די יסורים פֿון דעם גלות, נאָר די, וואָס זיינען געווען מיט איהם אינטימער בעקאַנט, האָבען געוואוסט, אַז ער טראָגט אַ ווייטאָג אין האַרצען. אַ זוהן האָט דער אַלטער איבערגעלאָזט אין פּאַריז, אַ זוהן, וועמען ער האָט זעהר געליעבט. און ער האָט געטרוימט אין געהאָפֿט צו האָבען דעם זוהן זיינעם לעבען זיך. מעהר ווי איינמאָל האָט ער זיך געווענדעט קיין פֿראַנקרייך מיט ביטעס, אַז מען זאָל ערלויבען זיין קינד צו קומען קיין ניי-קאַלעדאָניען, נאָר זיין מיה איז געווען אַרויסגעוואָרפֿען.

איך האָב דערצעהלט מאָראָ'ן וואָס מיט דעם אַלטען מאַלעקאָ טהוט זיך און ער האָט פֿערשפּראָכען עפּעס צו טהאָן אין דעם.

— פֿערשטעהט זיך, אַז איך האָב קיין שום איינפֿלוס ניט ביי דער רעגירונג, — האָט ער געזאָגט — נאָר איך האָב אַ בעקאַנטען יונגען מאַן, וועלכער איז אָנגעשטעלט אין דעם יוסטיץ-מיניסטעריום. איך וועל איהם שרייבען און איהם רעקאָמאַנדירען דעם יונגען מאַלעקאָ, און מיר וועלען זעהן, פֿיליכט וועט עס העלפֿען.

מיר האָבען אפילו ווינציג וואָס געבויט דערויף, נאָר דאָך אַ שטיקעל האָפֿנונג איז דאָס פֿאָרט געווען.

אין צוויי מאָנאַט אַרום איז אין דעם פּאָרט פֿון נומעאַ אָנגעקומען אַ שיף פֿון פֿראַנקרייך, ברייגגענדיג מיט זיך אַ געוויסע צאָהל בעאַמטע און אַ

צוואַנציג פּאַסאַזשירען, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפֿינען אַ יונגער מאַן, מאָגער און זעהר אָרים געקליידעט.

דאָס איז געוועזען מאַלעקאָ׳ס זוהן.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען די שמחה פֿון דעם אַלטען מאַן, וועלכער האָט צוריקגעפֿונען זיין זוהן, נאָכדעם ווי ער האָט גערעכענט, אַז ער האָט איהם שוין פֿערלאָרען אויף אייביג.

ער האָט גאָרניט געוואוסט, ווי אַזוי אָבצודאַנקען מאָראָ׳ן פֿאַר זיין טובה, אין זייט דאַן איז צווישען דיזע צוויי אַלטע לייט געשלאָסען געוואָרען אַ זעהר איינגע פֿריינדשאַפֿט.

דאָך איז די לאַגע געוועזען אַ שוערע.

וואָס זאָל דער ניי-אָנגעקומענער טהאָן? פֿון וואָס וועט ער לעבען?

דער אַלטער מאָראָ האָט גלייך אָוועקגעמאַכט מיט דיזע שוועריגקייטען.

ער האָט צוגענומען מאַלעקאָ׳ס זוהן צו זיך. דער יינגער מאַן איז געוועזען אַ גוטער ביכהאַלטער אין מאָראָ האָט איהם געגעבען אַן אַרבייט צו ברייגגען אין אָרדנונג זיינע שריפֿטען און איהם פֿיהרען די ביכער. דערפֿאַר האָט ער איהם געצאָהלט זעכציג פֿראַנק אַ מאָנאַט.

זעכציג פֿראַנק! אין ניי-קאַלעדאָניען איז דאָס געוועזען אַ גאַנצער אוצר.

איך בין נאָך אַלץ געוועזען אויף דעם האַלב-אינזעל דיקאָס, ניט קוקענדיג אויף די וואַרנונגען פֿון דעם גובערנאַטאָר זיינען מיר דאָרט געבליבען, און ער האָט קיין מוטה ניט געהאַט אונז מיט געוואַלד אָוועקצוטרייבען פֿון דאָרט.

מיין שטיבעל איז געוועזען אַ מין קראַנקען הויז, וואו איך פֿלעג צונויפֿנעהמען די אַלע אונגליקליכע, וועמען מען האָט ניט געוואָלט אַריינגעהמען אין שפּיטאָל.

ניט האָבענדיג קיין מעדעצין זיי צו געבען, פֿלעג איך זיי מאַכען געוויסע מאכלים זיי צו קרעפֿטיגען.

דער אַלטער מאָראָ פֿלעגט אונז קומען צו הילף.

צווישען מיינע חולאים איז געוועזען איינער מיט׳ן נאָמען פּואַריע, אַן אַלטער בוי-מייסטער פֿון דער פֿלאָטע.

דיזער מאַן האָט געליטען פֿון אַ שווערען בראָנכיט, און כאָטש ער האָט געהאַט אַ געפֿעהרליכע היץ און האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פֿיס, איז ער כסדר געווען גרייט צו געהן צוריק צו זיך אין שטיבעל אַריין.

— וואָס איילט איהר זיך? — פֿלעג איך איהם זאָגען — איהר האָט דאָך גענוג צייט. ווערט אַפֿריהער געזונד.

נאָר פּואַריע האָט זיך אַלץ ניט געוואָלט בערוהיגען.

— מען וואָלט געזאָגט, אַז איהר האָט איבערגעלאָזט אַן אוצר דאָרט ביי אייך אין שטיבעל און איהר האָט מורא, מען זאָל אייך ניט בע׳גנב׳ענען, — האָב איך זיך איינמאָל אָבגערופֿען צו איהם.

פּואַריע האָט אַ שמייכעל געטהאָן און געענטפֿערט:

— ס׳איז ניט קיין אוצר, נאָר יעדענפֿאַלס אזוי ווי אַן אוצר... איבערי-גענס, פֿאַר אייך דאַרף איך זיך דאָך ניט בעהאַלטען. שוין צוויי יאָהר, אַז איך בוי אַ שיף, וואָס וועט קענען אַוועקפֿיהרען פֿון דאַנעט אַכט, פֿילייכט ניין פֿערשיקטע.

— אַזוי,—האָב איך געזאָגט—איהר האָט אַלזאָ גוט אויסגענוצט אייער צייט... נו, און דאָס שיף, האַלט איהר שוין ווייט דערמיט?

— ס׳איז שוין כמעט פֿאַרטיג. ס׳פֿעהלט בלויז דער זעגעל און די לייוועגט.

כ׳האָב זיך גוט איינגעקוקט אין פיאַריע׳ן, דיינקענדיג, אַז ער רעדט פֿון היין. ער האָט פֿערשטאַנען וואָס איך טראַכט און ער האָט מיר פֿערזיכערט, אַז דאָס איז ניט קיין שפאַס, נאָר אַ ווירקליכקייט.

— מיין שיף,—האָט ער געזאָגט—איז זעקס מעטער לאַנג און צוויי מעטער ברייט.

און דאָס האָט איהר איינער אַליין געבויט?

— ניין,—האָט פואַריע געענטפֿערט—אַ קאַמעראַד האָט מיר געהאָלפֿען, לוּאווּעל... איהר קענט דאָך איהם?

— געוויס, — האָט איך געזאָגט.

— צוויי יאָהר צייט האָבען מיר געאַרבייט טאָג און נאַכט, און איהר קענט זיך פֿאָרשטעלען וואָס פֿאַר פֿערשיעדענע קונצ-שטיק מיר האָבען גע-דאַרפֿט אָנווענדען, מען זאָל אונז ניט כאַפּען ביי דער אַרבייט.

אין פואַריע האָט מיר דערצעהלט, ווי אַזוי ער מיט לוּאווּעל׳ן האָבען געאַרבייט אין דער שטיל, בעהאַלטענערהייט, און כמעט אין גאַנצען פֿאַרטיג געמאַכט דאָס שיף.

— אלעס וואָס מען דאַרף נאָך טהאָן,—האָט ער געזאָגט—איז אויפֿ-שטעלען דעם זעגעל. דאָס וועט ביי אונז נעהמען העכסטענס אַ טאָג. דער-נאָך וועט מען דאַרפֿען אָנציהען די לייוועגט, און דאָ קומט די הויפט צרה, וואו קריגט מען לייוועגט?

— לייוועגט? לייוועגט?—האָט זיך אָבגערופֿען דער „פֿאָטער מאָראָ", וועלכער איז אַריינגעקומען צו מיר אין שטיבעל אונבעמערקטערהייט און האָט געהערט דעם סוף פֿון אונזער געשפּרעך.—איך וועל אייך שאַפֿען אַזויפֿיעל לייוועגט וויפֿיעל איהר דאַרפֿט נור...

פואַריע האָט מיר דערלאַנגט אַ וואונק, ניט וויסענדיג ווי זיך צו האַל-טען אַנטקעגען דעם אַלטען קאָלאָניסט.

— האָט קיין מורא ניט,—האָב איך איהם געזאָגט שטילערהייט.—דער פֿאָטער מאָראָ איז איינער פֿון אונזערע בעסטע פריינד; איהר קענט האָבען דעם פֿולען צוטרוי צו איהם.

אָבער פואַריע איז אַפּנים ניט געוועזען זיכער מיט מיינע ווערטער.

דאַן איז מאָראָ צוגעגאַנגען צו איהם, האָט איהם פֿריינדליך אַ קלאַפּ געטהאָן איבער׳ן פלייצע און געזאָגט:

— נאַ, מיין ליעבער יונג, ווי איך זעה, ביסט דו גאָר קיין נאַר ניט... דו לאַנגווייליסט זיך דאָ אויף׳ן אינזעל און דו ווילסט זיך אָבטראָגען פון דאַ-נעט. דו ביסט גאַנץ גע־עכט. ניט איך וועל דיך פאָרהאַלטען דערפֿאַר, אדרבה, די פרייהייט, זעהסט דו, דאָס איז דאָס טהייערסטע, וואָס אַ מענש בעזיצט. ווי איך פערשטעה האָסט דו געבויט אַ שיף... איז עס כאָטש שטאַרק גענוג? ווייל ווייסט דו, מיין ליעבער, דער ים איז זעהר אונרוהיג דאָ אין דעם געגענד.

— איך גלויב, אַז אונזער שיף איז פעסט,—האָט פואַריע געענטפערט

— אַלזאָ, זעהר גוט. האָסט, ווייזט אויס, ניט פערלאָרען דין צייט פאַר גאָרנישט. דאַרפסט האָבען לייוועגט, זאָגסט דו?

— יאָ,—האָט דער פערשיקטער געענטפערט.

— ווי מיינסט דו, אַן איבערצוג פין אַ וואָגען וועט זיין גוט פאַר דעם וואָס דו האַרפסט?

— אויסגעצייכענט,—האָט פואַריע געענטפערט,—כ׳וועל עס צושניידען אין צוויי אונ מאַכען צוויי לייוועגטען.

— גוט! דו וועסט עס קריגען פון מיר. וואו דאַרף מען דיר עס ברייגגען?

— איהר קענט עס צושיקען צו מיר אין שטיבעל, דאָס לעצטע רעכטס.

— אָבגעמאַכט. אָבער ווען?

— נאַ, לאָמיר זאָגען אין דריי טעג אַרום, אויב איהר ווילט.

— גוט, איך וועל אַלזאָ איינפאַקען דעם איבערצוג אין אַ זאַק און עס אייך צושיקען, וועט מען מיינען, אַז דאָס איז אַ זאַק מיט קאַרטאָפעל, וואָס איך לייג אַוועק אויף אַ שטיקעל צייט ביי דיר אין שטיבעל.

דער פערשיקטער האָט וואַרים געדאַנקט דיזען מאַן, וואָס איז איהם געקומען צו הילף.

— דו האָסט מיר ניט וואָס צו דאַנקען, מיין פריינד,—האָט מאָראָ גע-זאָגט—כ׳בין גליקליך, וואָס איך קען דיר בעהילפיג זיין, אָבער דו וועסט דאָך ניט זיין איינער אַליין אויף׳ן שיף.

— כ׳וועל קענען מיטנעהמען מיט זיך זיבען אָדער אַכט קאַמעראַדען.

— און ווער וועט אַרויספיהרען דאָס שיף פון דעם קאַלעדאָנישען קאַנאַל?

— איך,—האָט פואַריע געענטפערט.

— דו ביסט אַלזאָ אַ שיפס מאַן?

— יאָ; ניט קיין זעהר גוטער, נאָר דאָך, כ׳וועל עס קענען דורכפיהרען.

— און איהר וועט דאָך, פערשטעהט זיך, פאָהרען קיין אויסט־אַליען?

— נו אַודאי.

— נאָר די רייזע, ווייסט איהר דאָך, איז אַ לאַנגע. מען דאַרף האָבען לעבענס-מיטלען. האָט איהר זיי?

— מיר וועלען עס קריגען.

— איך וועל עס אייך קענען פֿערשאַפֿען, — האָט מאָראַ געזאָגט — נאָר פֿערשטעהט זיך, אַז איך וועל עס ניט קענען צושיקען מיט עטליכע טעג פֿריהער, ווייל דאָס קען פֿערראַטהען דעם גאַנצען פּלאַן. דו וועסט מיר אַלזאָ מוזען לאָזען וויסען מיט אַ טאָג פֿריהער, איירער איהר וועט זיין גרייט אָב-צופֿאָהרען. אַ פּאָר ווערטער וועלען זיין גענוג, און איך וועל שוין וויסען וואָס איך האָב צו טהאָן. נאָר... ביז וואַנעט איהר פֿאָהרט אָב מוזט איהר זיין פֿאָרזיכטיג, זעהר פֿאָרזיכטיג.

— אָה! זייט רוהיג, — האָט פּואַריע געענטפֿערט — איך וועל שוין גוט אַכטינג געבען.

און דער אַלטער מאָראָ איז אַוועק, נאָכדעם ווי ער האָט זעהר וואַרים געדריקט פּיאַריע'ס האַנד.

אַז ער איז אַרויס פֿון מיין שטיבעל, האָט מיר פּואַריע ערקלעהרט, אַז איהם פֿערדריכט וואָס ער איז געוועזען אַזוי אָפֿען מיט מאָראָ'ן.

— כ'האָב מורא, אַז עס איז געוועזען צו לייכטזיניג פֿון מיר, איהם אַלעס צו דערצעהלען, — האָט ער געזאָגט, — זייט איהר כאָטש זיכער מיט דיזען מאַן?

— אָה, געוויס! — האָב איך געענטפֿערט — וואָס זשע, איהר קענט איהם גאָרניט? מען רופֿט איהם דאָ „דער פֿאָטער פֿון די פּאָליטישע פֿער-שיקטע", דאָס האָט ער דאָס אויסגעווירקט, מען זאָל מאַלעקאָ'ס זוהן לאָזען פֿאָהרען אַהער פֿון פֿראַנקרייך. ער איז אַ בראַווער מאַן, דאָס קען איך אייך פֿערזיכערן.

— ווי באַלד איהר זאָגט מיר אַזוי, גלויב איך אייך, — האָט פּואַריע געענטפֿערט.

און פּיאַריע האָט מיר ערקלעהרט, אַז שוין אויף מאָרגען האָט ער בדעה צו פֿערלאָזען מיין שטיבעל, ווייל ער פֿיהלט זיך שוין געזונד, און אַז ער וויל זיך גלייך נעהמען צו דער אַרבייט און צוגרייטען אַלעס וואָס איז נייטיג צום אַנטלויפֿען.

איהר ווייסט דאָך וואַה־שיינליך, אַז מיר וועלען אייך מיטנעהמען, טהייערע לואיזע,—האָט ער זיך אָבגערופֿען.—שפּעטסטענס אין דריי וואָכען אַרום וועלען מיר שוין ניט זיין אין נוי-קאַלעדאָניען.

איך האָב זיך געפּרואווט געבען צו פֿערשטעהן דעם בראַווען יונג, אַז עס זיינען פֿאַרהאַן צווישען די פֿערשיקטע אַסך אינטערעסאַנטערע פּערזאָנען פֿאַר מיר, נאָר ער האָט ניט געוואָלט וויסען דערפֿון.

— איהר וועט זיין צווישען אונז,—האָט ער געזאָגט.—מיר וועלען אָהן אייך ניט אָבפֿאָהרען פֿון דאַנעט. איך וועל ליעבערשט צוברעכען מיין שיף!

אויף מאָרגען איז פּואַריע אַוועק, כאָטש ער איז נאָך ניט געוועזען פֿאָל-קאָם געזונד.

פּופֿצעהן טעג צייט האָב איך פֿון איהם גאָרניט געהערט.

ענדליך, איינמאָל שפּעט ביינאַכט איז ער געקומען צו מיר און האָט מיר מיט פרייד געזאָגט:

— איהר ווייסט, ס'איז מאָרגען.

— אויף געווים? — האָב איך געפֿרעגט.

— אַזוי זיכער ווי ס'איז איצט נאַכט. איך האָב שוין צו וויסען געגעבען דעם „פֿאָטער מאָראָ"; ער וועט אונז צושיקען די עסענוואַרג. איהר ווייסט? איך האָב שוין געקראָגען דעם איבעריצ:ג פֿון זיין וואָגען, וואָס ער האָט מיר פֿערשפּראָכען, אַן אויסגעצייכענטע זאַך. איך האָב דערפֿון אויסגעשניטען צוויי גרויסאַרטיגע לייוועגטס, וועלכע וועלען זיין ווי געיואונשען אויף'ן ווינד. דאָס שיף שטעהט שוין גרייט. מיר דאַרפֿען עס בלויז אַריינשטופּען אין ים אַריין; דאָס וועט נעהמען ניט מעהר ווי עטליכע מינוטען. מאַכט זיך אַלזאָ גרייט, מיין גוטע לואיזע, און מאָרגען אַרום צעהן אַזייגער ביינאַכט זאָלט איהר זיך געפֿינען אויף דעם „האָזען-בערגעל", ווייל פֿון דאָרט וועלען מיר אָבפֿאָהרען.

אין פּואַריע האָט מיר געגעבען די נעמען פֿון די, וועלכע האָבען גע-דאַרפֿט אַנטלויפֿען מיט איהם צוזאַמען.

אַז ער האָט שוין געהאַלטען ביים אַוועקגעהן, איז אַריינגעקומען דער אַלטער מאָראָ.

— זעה נאָר, — האָט ער זיך אָבגערופֿען, דערזעהענדיג פּואַריע'ן — דו ביסט דאָ! כ'האָב בעקומען דיין צעטעל... אַלזאָ, האָב קיין מורא ניט, מאָרגען קריגכט דו די עסענוואַרג. איהר וועט האָבען אַ היבשע פּראָוויזיע, מיינע פֿריינדע, און אויב אייך וועט אויסקומען בלייבען אַ לאַנגע צייט אויף'ן ים, קען איך אייך גאַראַנטירען, אַז איהר וועט ניט שטאַרבען פֿון הונגער... כ'האָב אַלעס אין זינען געהאַט; איהר וועט זאָגאַר האָבען צוויי פֿעסלאַך זיסע וואַסער און עטליכע היהנער.

פּואַריע איז געווען אַזוי בעגייסטערט, אַז ער האָט גאָרנישט געוואוסט, ווי אַזוי אָבצודאַנקען דעם אַלטען קאָלאָניסט.

— אָבער דאָס אַלעס דאַרף דאָך קאָסטען אַזויפֿיעל געלד, — האָט ער געזאָגט. — ווי אַזוי וועלען מיר אייך קענען צוריקצאָהלען די אויסגאַבען, וואָס איהר מאַכט פֿון אונזערטוועגען?

— לאָמיר ניט ריידען דערפֿון, האָט מאָראָ געזאָגט מיט אַ שמייכעל. — אַז איהר וועט אַמאָל רייך ווערן אין אויסטראַליען אָדער ערגעץ אַנדערש, וועט איהר זיך דערמאָנען אָן דעם אַלטען קאָלאָניסט. דערווייל דאַרף מען בלויז קלעהרען וועגען אייער אָבפֿאָהרען. איז אַלעס גוט צוגעגרייט?

— אָה! געווים, — האָט פּואַריע געענטפֿערט.

— איהר האָט דאָך אַלעס אין זינען געהאַט?

— נאַ, פֿערשטעהט זיך.

— און וואו זעצט איהר זיך אויף?

— אויף דעם „האָזען-בערגעל".

— ווי שפעט?

— צעהן אַזייגער.

— איך מיין, אַז איהר וועט האָבען גוטעס וועטער... ס׳מאַכט זיך אַ ווינטעל, און איהר וועט ניט דאַרפֿען בלייבען שטעהן ניט ווייט פֿון ברעג... דאָס איז דער עיקר... נאָר גיט אַקאָרשט גוט אַכטונג, מען זאָל אייך ניט בעמערקען. די לבנה שיינט איצט צו ליכטיג.

— מיר וועלען שוין אַכטונג געבען,—האָט פּואַריע געענטפֿערט.

— און וועמען נעהמט איהר מיט?—האָט געפֿרעגט דער אַלטער מאָראָ.

—קען איך זיין, די קאַמעראַדען, וועלכע פֿאָהרען מיט אייך?

פּואַריע האָט אויסגערעכענט עטליכע נעמען, דערנאָך מיינעס.

— אַזוי! דיזע גוטע לואיזע איז אויך צווישען די, וואָס אַנטלויפֿען. נאַ, בעסער פֿאַר איהר, כאָטש פֿאַר מיר איז דאָס גאָרנישט גוט!... איך פֿערליר אַ פֿריינדין, און אַן אמת׳ע פֿריינדין; נאָר..

און טרעהרען האָבען זיך געשטעלט ביים אַלטען אין די אויגען.

נאָכדעם ווי פּואַריע האָט פֿון דאָס ניי בעדאַנקט זיין רעטער, איז ער אַרויס פֿון מיין שטיבעל און איז פֿערשוואונדען אין דעם חושך פֿון דער נאַכט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך „פֿאָטער מאָראָ" אָבגעזעגענט מיט מיר, זאָגענדיג:

— נאַ, צום ווידערזעהן, אָדער בעסער געזאָגט, אַדיע, מיין גוטע לואיזע, וואָרים ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז מיר וועלען זיך שוין קיינמאָל ניט זעהן. איך בין אַלט; איך וועל שוין קיינמאָל ניט צוריקפֿאָהרען קיין אייראָפּאַ, און איהר וועט דאָך העכסט וואַהרשיינליך זיך קיינמאָל ניט אומקעהרען אַהער אין ניי-קאַלעדאָניען.

איך בין געווען גערירט.

דיזער מאַן איז געווען אַזוי גוט און אַזוי פֿריינדליך צו אונז, אַז עס האָט מיר ווירקליך וועה געטהאָן דאָס האַרץ זיך מיט איהם צו שיידען...

אויף מאָרגען אין דער פֿריה בין איך אויפֿגעשטאַנען בעגינען צו טאָג.

כ׳האָב צוגעגרייט אַלעס, וואָס איך האָב געדאַרפֿט צו דער רייזע. ביי-טאָג זיינען געקומען צו מיר עטליכע קאַמעראַדען, וועלכע האָבען געוואָלט אָבפֿאָהרען מיט אונז.

דעם גאַנצען טאָג האָבען מיר אַלע געהאַט אַ דאָפּעלטען געפֿיהל פֿון פֿרייד, פֿערמישט מיט אונרוהיגקייט.

ענדליך איז געקומען די נאַכט.

וואָס נעהנטער מיר זיינען צוגעקומען צו דער שטונדע פֿון ערלייזונג, אַלץ מעהר האָבען אונזערע הערצער געקלאַפּט פֿון שרעק.

אַרום האַלב צעהן אַזייגער בין איך אַרויס אויף׳ן וועג צום „האָוען בער-געל", וואו איך בין אָנגעקומען עטליכע מינוט פֿאַר צעהן.

דאָס שיף האָט זיך שוין געשאָקעלט אויף׳ן וואַסער, האַלב פֿערשטעלט פֿון די פֿעלזען און די בוימער פֿון׳ם ברעג.

איינע נאָך די אַנדערע האָבען מיר אָנגעפֿאַנגען זיך אויסזעצען אין דעם דאָזיגען שיף, וואָס מיר האָבען אַ נאָמען געגעבען „דער רעטער".

נאָר פלוצלינג האָט זיך אַרויסגעריסען אַ פֿערצווייפֿלונגס-זיפֿץ פֿון אונזערע אַלעמענס הערצער.

מיר זיינען געוועזען ניין פערזאָנען און דאָס שיף האָט געקענט אַרויפֿנעהמען אויף זיך בלויז זיבען פּאַסאַזשירען.

אַן אַכטער וואָלט שוין געווען אַ געפֿאַהר, און דאָס שיף וואָלט זיך לייכט געקענט איבערקעהרען.

— מיין גאָט! מיין גאָט! וואָס טהוט מען?—האָט זיך אָבגערופֿען פּאַריע מיט אַן אויסדרוק פֿון פֿערצווייפֿלונג אויף זיין געזיכט.

— כּמעט טהאָר קיין צייט ניט פֿערלירען,—האָב איך געענטפֿערט.—פֿאָהרט געזונדערהייט, מיינע פֿריינדע, איך בלייב דאָ.

עס האָבען זיך אויפֿגעהויבען פראָטעסטען פֿון אַלע זייטען.

— ניין, ניין, גוטע לואיזע, איהר קומט מיט אונז... די מענער מוזען זיך אויפֿאָפּפֿערן... צוויי פֿון אונז וועלען בלייבען. איהר פֿאָהרט מיט; ס׳מוז אַזוי זיין.

איך בין שוין געוועזען אַרונטערגעגאַנגען פֿון שיף.

— ניין,—האָב איך זיך אָבגערופֿען,—איך בלייב. ס׳וועט אייך גאָרניט העלפֿען, איהר וועט עס ביי מיר ניט פּועל׳ן.

— אָבער אייער מוטער, לואיזע,—רופֿט זיך אָב צו מיר אַ קאַמעראַד,—וואָס זשע, איהר דיינקט גאָרניט פֿון איהר?

— קענט איהר דאָס גלויבען? אָבער איהר האָט דאָך אַלע מוטערס... איהר האָט פֿרויען, קינדער, וואָס וויינען נאָך אייך. פֿאָהרט, זאָג איך אייך, און לאָזט מיך דאָ. איך וועל שוין ווי עס איז געפֿינען אַ געלעגענהייט ווען עס איז צו אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט...

ס׳האָט געשלאָגען צעהן אַזייגער.

— נו, וואָס וואַרט איהר נאָך?—האָב איך אַ געשריי געטהאָן.—פֿאָהרט, אָבער פֿאָהרט דאָך!

אַ שטימע האָט זיך אויפֿגעהויבען:

— לואיזע! מיר בעטען אייך נאָך אַמאָל, קומט מיט אונז.

— ניין,—האָב איך געענטפֿערט,—פֿאָהרט, איך בלייב דאָ.

דאָס שיפֿעל האָט זיך לאַנגזאַם גענומען גליטשען אויף׳ן וואַסער און איך בין געבליבען אויף׳ן ברעג צוזאַמען מיט דעם פֿערשיקטען דימיען, אויף וועמען דער גורל איז געפֿאַלען אַרונטערצוגעהן פֿון דער באַרקע.

עטליכע אויגענבליקען האָבען מיר בעטראַכט דאָס זעגעל-שיף, וואָס איז געגאַנגען מיט שנעלע טריט פֿאָרווערטס אין ים אַריין.

די לבנה האָט געשיינט אַזוי העל, אַז מען האָט געקענט זעהן יעדע מינדעסטע בעוועגונג, וואָס דאָס קליינע שיפֿעל האָט געמאַכט.

מיט אַמאָל האָט מיך דימיען אָנגעכאַפּט פֿאַר'ן אָרים.

— דאָרט!... דאָרט!—האָט ער זיך אָבגערופֿען—איהר זעהט?

— יאָ,—האָב איך געענטפֿערט, אַ צומישטע.

איך האָב אייך דערזעהן צוויי דאַמפּף-שיפֿען, וועלכע האָבען זיך אַרויס-געלאָזט אויף'ן ים.

ס'איז קלאָהר געווען, אַז זיי האָבען נאָכגעשפּירט דאָס זעגעל-שיף פֿון די פֿערשיקטע, ווייל זיי זיינען פּלוצלונג אַרויס פֿון הינטער די פֿעלזען און האָבען זיך געלאָזט לויפֿען גלייך אויף דעם שיפֿעל.

— אָה, די אינגליקליכע! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן—זיי זיינען פֿערלאָרען!

— יאָ,—האָט טרויעריג געמורמעלט דימיען.

פּלוצלינג האָט זיך אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט אויפֿגעהויבען אַ גראָבער קול:

— ווער איז דאָרט?

קיינער האָט ניט געענטפֿערט.

דאָס זעגעל-שיף פֿון די פֿערשיקטע האָט זיך מיט אַמאָל אַ קעהר גע-טהאָן, זיך סטאַרענדיג צוריקגעהן וואָס גיכער צום ברעג, נאָר די צוויי דאַמפּפשיפֿען זיינען גלייך געווען אויף איהם.

דאַן האָבען מיר גאַנץ דייטליך בעמערקט, ווי עטליכע וועכטער האַל-טען אָנגעשטעלט זייערע רעוואָלווערן געגען די אונגליקליכע פֿערשיקטע.

באַלד איז געוואָרען אַ גרויכער גערודער.

צוויי פֿון אונזערע קאַמעראַדען האָבען זיך אַריינגעוואָרפֿען אין ים, כדי ניט אַריינצופֿאַלען צו די וועכטער אין די הענד.

דערנאָך איז געוואָרען שטיל. די וועכטער אויף די צוויי דאַמפּף-שיפֿען זיינען אַרומגעלאָפֿען ווי די פֿער'סמ'טע מייז, און באַלד האָבען מיר געזעהן, ווי מען נעהמט אונזערע אונגליקליכע חברים אַרויף דורך אַ שטריק-לייטער אויף איינעם פֿון די שיפֿען.

זיי זיינען געווען געפאַנגענע.

אַזוי איז דורכגעפֿאַלען דיזע אונטערנעהמונג, וועלכע איז פֿונדעסטווע-גען אָנגעפֿיהרט געוואָרען מיט אַזאַ געשיקטקייט.

קיין צווייפֿעל ניט, אַז דער צופֿאַל האָט זיך דאָ אַריינגעמישט און גע-מאַכט אַ שטריך אין אונזערע רעכנונגען.

זעלטען ווען די דאַמפּף-שיפֿען האָבען זיך ביינאַכט געפֿונען אויף די-זען פּלאַץ.

יאָ, ס'איז אַ ביטערער צופֿאַל! האָב איך זיך געטראַכט.

וואָס וועט אַצונד ווערן פֿון אונזערע אונגליקליכע קאַמעראַדען?

אַ היבשע ווײלע האָב איך נאָכגעקוקט די צוויי דאַמפּפשיפען, וועלכע האָבען געפיהרט די געפאַנגענע און געשלעפּט מיט זיך דאָס קלײנע זעגעל-שיף.

אַז זײ זײנען ענדליך פערשוואונדען, בין איך אײנאײנעם מיט דימיען׳ן אַוועק צוריק אין לאַגער און דאָרט בין איך גלײך אַרײן צו מיר אין שטיבעל.

ווער קען בעשרײבען די טרויעריגע נאַכט, וואָס איך האָב פערבראַכט, קלעהרענדיג וועגען אונזערע אָרעמע פרײנדע, וועלכע האָבען נאָר וואָס געהאַט דאָס אונגליק צו זעהן, ווי זײער האָפנונג איז אַזוי פלוצלינג אינטער-געגאַנגען!

אויף מאָרגען אין דער פריה איז די גאַנצע אַדמיניסטראַציע געווען אויף די פיס.

דער גובערנאַטאָר איז אַלײן אַרונטערגעקומען צום ברעג אין האָט מיט אויפמערקזאַמקײט בעטראַכט דאָס זעגעל-שיף, וואָס לוי און פּוארִיע האָבען אויפגעבויט.

ער איז געווען אַרומגערינגעלט פון וועכטער.

— ס׳איז מערקווירדיג, — האָט זיך דער גובערנאַטאָר אָבגערופען — ווי אַרעסטאַנטען זאָלען קענען זײן אַזוי פעהיג צו בויען שיפען!

— אָה, די חברה-לײט האָבען אַ גוטע ידיעה אין די זאַכען, — האָט געענטפערט אַן אויפזעהער.

אַלײראָן האָט געשמײכעלט און מיט אַ צופרידענעם טאָן געהאַלטען אין אײן ווידערהאָלען:

— מערקווירדיג!... זעהר מערקווירדיג!

און די אויפזעהער האָבען איהם צוגעבאַמקעט:

— יאָ, יאָ, זעהר מערקווירדיג!

מיט אַמאָל האָט דער גובערנאַטאָר אַ פרעג געטהאָן:

— און וויפיעל זײנען זײ געווען אין דיזען שיף?

— זיבען, הערר גובערנאַטאָר. מיר האָבען געפאַנגען גענומען פינף פון זײ, צוויי האָבען זיך אַרײנגעוואָרפען אין ים און זײנען דערטרונקען געוואָרען.

— איהר זײט זיכער, אַז זײ האָבען זיך דערטרונקען?

— יאָ, מיר האָבען געפונען צוויי טויטע קערפּער.

— אַהאַ! — האָט קאָלאָנעל אַלײראָן געזאָגט. — פערשטעהט זיך, די פינף פערשיקטע, וואָס איהר האָט געפאַנגען, זײנען דאָך אודאי איצט אין געפענגניס?

— יאָ, הערר גובערנאַטאָר, — האָט געענטפערט דער אויבער-וועכטער.

— זאָל מען זײ שליסען אין דאָפּעלטע קײטען און גוט אַכטונג געבען אויף זײ. אַזעלכע חברה-לײט זײנען פעהיג אויף אַלעס.

איך בין צוגעגאַנגען נאָהענט צו דעם פּלאַן, וואו זײ זײנען געשטאַנען, נאָר קײנער האָט מיך ניט בעמערקט.

— דאָס איז געווען אַ שעהנע שטיקעל אַרבייט, וואָס איז אַן עהרע פֿאַר א נזערע אויפֿזעהער, — האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט.

דער אויבער-וועכטער האָט זיך אָנגעבלאָזען, אָקוראַט ווי דיזער קאָמ־פּלימענט וואָלט אַדרעסירט געווען בלויז צו איהם.

— אָט אפנים מען האָט דאָס אייך געלאָזט וויסען? — האָט דער גו-בערנאַטאָר געפֿרעגט. — איהר האָט, הייסט עס, געוואוסט, אַז אַרעסטאַנטען גרייטען זיך צו, צו אַנטלויפֿען אויף אַ זעגעל-שיף?

אי־צט האָב איך זיך צוגעהערט מיט דער גרעסטער אינטערעסע.

— יאָ, — האָט געענטפֿערט דער אויבער-וועכטער, — מען האָט עס מיר געלאָזט וויסען.

— ווער?

— א ך, העדר גובערנאַטאָר, — האָט געענטפֿערט אַ מאַן, וועלכער האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך דער מחנה פֿון וועכטער.

דיזער מאַן איז געווען דער אַלטער מאָראָ.

איך האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהם, גרייט איהם אַריינצושפּרינגען אין געזיכט אַריין, נאָר איך האָב דערפֿיהלט, ווי עטליכע געזונדע אָרעמס האָבען מיר אָנגעכאַפּט און ניט געלאָזט גהען ווייטער.

— באַנדיט! באַנדיט! — האָב איך געשריען. — שפּיאָן!

מאָראָ האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעל, אין דער צייט וואָס דער גובערנאַטאָר האָט איהם אָבגעגעבען זיין דאַנק און איהם גאָר ניט געקענט גענוג אָבלויבען פֿאַר דעם, וואָס ער האָט געלייסטעט דער אַדמיניסטראַציע.

אַזוי איז דיזער מאַן, אין וועמען מיר האָבען געהאַט אונזער פֿולען צוטרוי; דיזער מאַן, וועלכער איז אַריין אין די טיעפֿסטע קעמערלאַך פֿון אונ-זערע געדאַנקען פֿאַר וועמען מיר האָבען געעפֿענט אונזערע הערצער און ענטדעקט אונזערע כודות — דיזער מאַן איז אַלזאָ געווען אַן איינפֿאַכער שפּיאָן!

ער איז געקומען צו אונז, האָט געמאַכט אונזער בעקאַנטשאַפֿט, כדי אונז צו פֿערקויפֿען!...

— פֿיינלינג! באַנדיט! — האָב איך ווייטער געשריען.

— וואָס וויל דיזע פֿרוי? — האָט דער גובערנאַטאָר געפֿרעגט, אָנ-ווייזענדיג אויף מיר.

און ער האָט צוגעלייגט קאַלטבליטיג:

פֿיהרט איהר אָב אין טורמע!

איך בין געווען אויסער זיך פֿאַר צאָרן.

זיך אימער ווענדענדיג צו מאָ־אָ׳ן, האָב איך איהם אַריינגעשפּיגען מיין פֿעראַכטונג אין צורה אַריין.

און ער האָט ניט אויפֿגעהערט שמייכלען.

די וועכטער האָבען מיך אָבגעפֿיהרט אין געפֿענגניס. דאָרט האָט מען מיך אַריינגעוואָרפֿען אין אַ פֿינסטער קעמערל.

ווי לאַנג איך האָב דאָ געװאָלט בלייבען, — האָב איך איּף ריכטיג ניט געוואוסט, נאָר שטאַרק בעקלאָגט האָב איך זיך ניט אויף מיין שיקזאַל. מיינע קאַמעראַדען האָבען געליטען, זיי זיינען געווען פערשפּארט אין נאָך ערגערע, פּערפעסטעטע קעמערלאַך אין דערצו געשלאָסען אין קייטען.

איז דען ניט געווען מעהר ווי רעכט, אַז איך זאָל זיך טהיילען מיט זייער שיקזאַל? נאָך אַלעמען, אויב איך בין ניט געפּאַנגען געוואָרען מיט זיי אינ־איינעם, איז דאָך דאָס נאָר געווען אַ דאַנק געוויסע אומשטענדען, מיט וועלכע די לעזער זיינען שוין בעקאַנט.

אַרום פּיער אַזייגער נאָכמיטאָג קומט אַריין אַ וועכטער צו מיר אין קע־מערל אין זאָגט:

— איהר קענט אַרויסגעהן, איהר זייט פּריי.

— פּריי? — האָב איך זיך אָבגערופען — אין ווער האָט עס ג׳געבען דיזען בעפעהל?

— דער הערר ג׳בערנאַטאָר.

— געהט זאָגט דעם גובערנאַטאָר, אַז איך האָב בדעה דאָ צו בליי־בען... פאַרוואָס קומט עס מיר אַזאַ׳ן אויסנאַהמע, וועלכע איך האָב ביי קיי־נעם ניט געבעטען?

— דאָס אַלעס געהט מיך גאָר ניט אָן, — האָט דער וועכטער געענט־פערט. — מען הייסט מיר, איך זאָל אייך בעפּרייען; כ׳פּיהר אויס דעם בע־פעהל, וואָס מען גיט מיר, און דאָס איז אַלעס. אויב איהר זייט ניט צו־פּריעדען דערמיט, קענט איהר שיקען אַ ביטע און פּערלאַנגען, מען זאָל אייך פין דאָס ניי איינשפּאַרען, נאָר איצט, מוזט איהר אַרויסגעהן. אַלזאָ, גע־גאַנגען!

און מיך אָננעהמענדיג ביים אָרעם, האָט מיך דער וועכטער אַרויסגע־וואָרפען פון קעמערל.

ס׳איז אַלזאָ גאָרנישט געווען צו מאַכען; ס׳וואָלט דאָך געווען אַרויסגע־וואָרפען מיין גאַנצע מיה, ווען איך שפּאַר זיך איין, אַז איך וויל ניט געהן.

איך בין אַלזאָ אַוועק אין לאַגער און באַלד בין איך געווען ביי מיר אין שטיבעל, וואו איך האָב געטראָפען מיינע אָ־עמע קראַנקע.

ווען זיי האָבען מיך דערזעהן, האָבען זיי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון פריייד.

— אַה, ס׳איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז מען האָט אייך אַריינגע־זעצט אין טורמע, — האָבען זיי געזאָגט.

— ס׳איז אמת; נאָר מען האָט מיך בעפּרייט.

דערהערענדיג, אַז איך בין דאָ, זיינען פּיעלע קאַמעראַדען זיך צונויפּ־געקומען און ווי מען קען פערשטעהן, האָבען מיר וועגען קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט, נאָר וועגען דער ניט־געלונגענער אינטערנעהמונג פון אונזערע פריינדע.

— מען האָט אינז גע׳מסר׳ט,—רופט זיך אָב איינער פון די פערשיקטע.
—די אויפזעהער האָבען קיין שום אַהנונג ניט געהאַט וועגען דעם פערזוך צו אַנטלויפען.

— יאָ,—האָב איך געענטפערט,—מען האָט אונז פערקויפט, און ווייסט איהר, ווער עס איז דער אונמענש, וואָס האָט אונז פעראַטהען?

מען האָט אויסגערעכטנט עטליכע נעמען.

— איהר טרעפט ניט,—האָב איך זיך אָבגערופען,—איהר קענט איהם אַלע, דעם שפיאָן. איהר האָט צו איהם געהאַט דעם פולסטען צוטרוי און איהר האָט איהם גערעכענט פאַר׳ן בעסטען פריינד. דיזער מאַן איז „פאָטער מאָראָ״.

אַזוי ווי אייז קאַלטע וואַסער האָבען דיזע ווערטער גע׳ווירקט אויף מיינע חברים.

— „פאָטער מאָראָ״! „פאָטער מאָראָ״!—האָבען זיי געשריען.—איז דאָס מעגליך?

— יאָ, מיינע פריינדע, דאָס איז ער. דיזער אַלטער, וועלכער האָט זיך שטענדיג אַרומגעטראָגען מיט הייכע פראַזען וועגען מענשליכקייט און גערעכטיגקייט, איז געווען אַ מיאוס׳ער שפיאָן. ער האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט צו אונז אין די וואוינונגען, אום אונז אויסצושפיאָנירען, דערגעהן אונזערע געדאַנקען. אַלע זיינע טובות, וואָס ער האָט אונז געטהאָן, האָבען געהאַט איין איינציגען צוועק. איהר זעהט וואָס דערפון איז אַרויסגעקימען. דיזער מאַן איז געווען דער אַגענט פון דעם גובערנאַטאָר, אויף וועמען ער פלעגט אַזוי פיעל שימפפען, און ער איז אַודאי ניט דער איינציגער שפיאָן דאָ אויף׳ן אינזעל. מיר מוזען פון היינט און ווייטער גיט אַבטונג געבען. מיר מוזען לעבען פאַר זיך, פאַר זיך אַליין.

— אַ פעררעטהער ווי דער אַלטער מאָראָ קען ניט בלייבען אונבע-שטראָפט,—האָט זיך אָבגערופען איינער פון די פערשיקטע.—איך נעהם זיך אָן, איהם צו בעצאָהלען וואָס איהם קומט...

— טהוט ווי איהר פערשטעהט,—האָב איך געענטפערט.

דעם גאַנצען טאָג האָט מען פון קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט, נאָר וועגען מאָראָ׳ס פעררעטה.

ווי ס׳איז נור נאָכט געוואָרען האָב איך בעמערקט אַ מאָדנע אויפרעגונג אין לאַגער. אַ היבשע צאָהל פון אינזערע פריינד, בעוואַפענט מיט העק און מיט גראָב-אייזענס, זיינען געשטאַנען גרייט אין ס׳האָט אויסגעקוקט, אַז זיי וואַרטען אויף אַ בעפעהל פון וואַנעט עס איז. נאָר באַלד האָב איך געזעהן, ווי זיי לאָזען זיך אַוועק גרופקעס-ווייז אין פעלד, און איך בין זיי נאָכגע-גאַנגען.

לעבען אַ קליינער און שעהנער געביידע, וועלכע האָט אויסגעזעהן ווי אַ זיעד-אַמעריקאַנישׁ הייזעל, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט.

— אָט דאָ איז דאָס,—האָט זיך אָבגערופֿען איינער פֿין זיי,—צו דער אַרבייט, קאַמעראַדען!

און גלייך האָבען זיך די פֿערשיקטע גענומען מיט זייערע העק און גראָב-אייזענס צו די ווענד פֿון'ם הייזעל, וועלכע זיינען איינגעפֿאַלען, אַרונטער-שלעפענדיג מיט זיך דעם דאַך.

ווען פֿין דער געביידע איז געוואָרען אַ תל, האָבען זיך די פֿערשיקטע אויף גיך אומגעקעהרט אין לאַגער, יעדער איינער אין זיין שטיבעל.

דאָס הויז, וואָס זיי האָבען חרוב געמאַכט, איז געווען די וואוינינג פֿון דעם שפּיאָן מאָראָ.

ער אַליין האָט געשפּיעלט מיט גליק; ער איז בעת מעשה אין דערהיים ניט געווען, אַניט וואָלט ער אָהן אַ שום ספק צוריבען געוואָרען אונטער דער חורבה, און עס וואָלט געווען ניט מעהר ווי רעכט.

איך האָב זיך בעהאַלטען צווישען געדיכטע ביימער און געוואַרט ביז וואַנעט מאָראָ וועט קומען אַהיים.

איך האָב געוואָלט האָבען דעם נחת רוח און זעהן, וואָס פֿאַר אַ מיענע ער וועט מאַכען, דערזעהענדיג וואָס פֿון זיין הויז איז געוואָרען.

אַ היבשע ווייל האָב איך געוואַרט.

ענדליך אַרום עלף אַזייגער איז ער אַנגעקומען.

ס'האָט אויסגעוויזען, אַז ער איז שטאַרק אויפֿגעלייגט, ווייל ער האָט זיך צוגעזונגען געהענדיג.

אַ פֿולע לבנה האָט בעגאָסען דעם גאַנצען געגענד מיט איהר זילבער-נעם שיין.

צוקומענדיג צו זיין וואוינונג, האָט דער שפּיאָן דערלאַנגט אַ געשריי:

— אָה, די באַנדיטען!... אָבער נישקשה, זיי וועלען מיר בעצאָהלען טהייער דערפֿאַר.

— אַפֿריהער לאָמיר מאַכען אינזער חשבון,—האָט זיך דערהערט אַ שטימע.

און איינער פֿון די פֿערשיקטע מיט'ן נאָמען בערטען איז געשטאַנען פּנים אל פּנים אַנטקעגען מאָראָ'ן.

דאַן ערשט האָב איך געזעהן, וואָס פֿאַר אַ טרוס ס'איז געווען אָט דער מאַן, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי אַ גבור.

ער האָט זיך אָבגערוקט אָן אַ זייט, אַרויסשעפּטשענדיג האַלבע אָבגע-בראָכענע ווערטער, זיך פֿערענטפֿערנדיג אַפּנים.

נאָר בערטען האָט קיין שהיות ניט געמאַכט און זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף'ן שפּיאָן.

מאָראָ האָט צונויפֿגעקליבען אַלע זיינע כוחות און גענומען שרייען:

— הילף! ראַטעוועט!

אָט אַפּנים ס'איז געווען אָבגעמאַכט, אַז דיזער באַנדיט זאָל ניט געה אַליין, וואָרים גלייך אויף'ן שטעל האָבען זיך געוויזען צוויי וועכטער.

בערטען האָט קוים אוספייעט אָבלאָזען דעם שפיאָן און איז פֿערשוואונ-
דען ערגעץ אין אַ געדיכטען וועלדעל.

עס האָבען זיך דערהערט צוויי רעוואָלווער-שאָסען.

— יאָגט איהם נאָך. יאָגט איהם נאָך,—האָט געשריען מאָראָ—איהר
מוזט איהם כאַפּען! איהר הערט?

די וועכטער, וועמען מען האָט מן הסתם אָנגעזאָגט, זיי זאָלען שטענ-
דיג פֿאָלגען אָט דעם אַלטען שפּיאָן, האָבען זיך גלייך אַריינגעלאָזט אין
וועלדעל, אין דער צייט וואָס מאָראָ איז געבליבען שטעהן אויף אַן אָרט אין
הוילע ציטערניש, מעהר טויט ווי לעבעדיג.

איך האָב געהאַט בדעה זיך אַרויפֿצוּוואַרפֿען אויף איהם און נעהמען
ראַכע פֿאַר מיינע אונגליקליכע חברים, נאָר די וועכטער זיינען גלייך אַרויס-
געקומען צוריק.

— ער איז אַנטלאָפֿען,—האָט זיך אָבגערופֿען איינער פֿון זיי—ער מוז
שוין אודאי זיין ווייט אַוועק פֿין דאַנעט.

— שלים-מזל׳ניקעס! בהמות וואָס איהר זייט!—האָט געשריען מאָראָ
—כ׳וועל אייך פֿער׳מסר׳ן פֿאַר׳ן גובערנאַטאָר. איהר זייט איין האַנד מיט
דיזע באַנדיטען, איהר זייט זייערע משרתים, ווייל איהר ציטערט פֿאַר זיי.
איך וועל אייך שוין ווייזען, ווי אַזוי מען דאַרף זיין אויפֿ׳עהער דאָ אויף׳ן
אינזעל. איהר לאָזט די פֿערשיקטע אָבטהאָן די ערגסטע זאכען. אָט זעהט..
מען האָט אַ תל געמאַכט פֿון מיין הויז, און ס׳איז קיין איין וועכטער ניט
געווען אויף׳ן פלאַץ, ניט צו דערלאָזען דערצו. קומט מיט מיר צום גובער-
נאַטאָר.

און מאָראָ איז אַוועק מיט די צוויי אָ־עמע וועכטער, אויף וועמעס
פנים׳ער ס׳איז געווען צו דערקענען, אַז זיי ריכטען זיך אויף אַ פסק.

איך בין נאָך אַלין געווען פֿערשטעקט צווישען די בוימער. נאָר אַז דער
שפּיאָן און זיינע לייב-שומרים זיינע פֿערשוואונדען, בין איך אַרויס און האָב
זיך געזעגענט צו צוגעהן צו דעם פֿערוועסטעטער׳ס וואוינונג.

כ׳האָב זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף דעם הויפֿען פֿון אָנגעוואָרפֿענע שטיי-
נער און קלעצער און האָב בעטראַכט די חורבה פֿין אַלע זייטען. אויף דער
ערד איז געלעגען אַן איבערגעקעהרטער טיש און ניט ווייט דערפֿון אַ שופֿ-
לאָד פֿול מיט פּאַפּירען.

אַ געדאַנק איז מיר אַרויף אויף׳ן זינען. כ׳האָב אויף גיך צוגויפֿגענומען
די פּאַפּירען און בין אַנטלאָפֿען אַהיים.

איך בין אַריין צו מיר אין שטיבעל, האָב בעהאַלטען די מאַנוסקריפּטען
אונטער מיין מאַטראַץ, וואַרטענדיג מיט אונגעדולד, ס׳זאָל טאָג ווערן, אום
צו וויסען וואָס דאָרט טהוט זיך.

גאַנץ פֿריה האָב איך צונויפֿגערופֿען איניגע פֿריינד און מיר האָבען
אינאיינעם דורכגעקוקט דאָס פעקעל מיט דאָקומענטען, וואָס איך האָב געפֿו-
נען ביי מאָראָ׳ן אין הויז.

דאָס זיינען געווען זעהר אינטערעסאַנטע שריפטען. זיי האָבען אונז גע-עפענט די אויגען. איצט איז אונז אַלעס קלאָהר געוואָרען: מאָראָ איז שוין פון אַ צייט אָן געשטאַנען אין דיענסט פון דער אַדמיניסטראַציע אַלס שפּיאָן.

פון דיזע פאַפּירען בין איך דערגאַנגען, אַז ער האָט עס דאַן אויסגע-טראַכט די ליגנערישע געשיכטע, אַז איך מיט נאָך אַ פּאָר פערשיקטע געהען יעדע נאַכט אַרויף אויף׳ן בארג מבע, וואו מיר פלעגען כלומר׳שט אָנצינדען גרויסע פייערן און זיך אויף אַזאַ׳ן אופן דורכריידען מיט אַן אויסטראַליער שיף, וועלכע האָט אונז געזאָלט בעפרייען.

נאָר דאָס איז ניט אַלעס. וועגען יעדען איינעם פון די פערשיקטע איז דאָרט געווען אַ דאָקומענט. דערצו האָבען מיר פון די פאַפּירען זיך דער-וואוסט, וויפיעל געלד מאָראָ פלעגט אַרויסשווינדלען פון דעם גובערנאַטאָר מיט דעם אויסרייד, אַז ער דאַרף אינטערקויפען אַ טהייל פון די פערשיקטע, אום צו דערגעהן געוויסע סודות. ס׳איז איבעריג צו זאָגען, אַז ער האָט דאָס גאַנצע געלד אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע און קיינער פון די פערשיקטע האָט קיין אַהנונג ניט געהאַט דערפון.

נאָך עפעס זיינען מיר געוואָהר געוואָרען פון דיזע דאָקומענטען — און דאָס איז די הויפּט זאַך — אַז מאָראָ האָט געהאַט צו זיך צוויי העלפער, וועל-כע האָבען זיך גערופען מישעל און באַרי.

מיר האָבען אַלזאָ געקענט נאָך צוויי שפּיאָנען און מיר זיינען געווען גרייט זיך צו היטען פאַר זיי.

אַז מיר האָבען געענדיגט דורכקוקען די מאַנוסקריפּטען פון דעם אַלטען פעררעטהער, האָט איינער פון די פערשיקטע געמאַכט אַ פאָרשלאַג, זיי צו פערברענען.

— ס׳הויבט זיך גאָר ניט אָן, — האָב איך געזאָגט. — איך וועל זיי אַריינ-לייגען אין אַ קאָנווערט און זיי אָבשיקען צום גובערנאַטאָר.

— יָה, דאָס איז אַן אויסגעצייכענטע אידעע! — האָבען זיך מיינע פריינ-דע אָבגערופען.

כ׳האָב גלייך גענומען אַ פעדער און אָנגעשריבען פאָלגענדען בריעף:

„העהר גובערנאַטאָר!

„אין דיזען קאָנווערט האָב איך דיר עהרע אייך צוצושיקען דאָקומענטען, וועלכע קענען אייך אָהן צווייפעל אינטערעסירען, נאָר ערלויבט מיר אייך צו זאָגען, אַז איהר מוזט גוט אונטערזוכען, צי זיי זיינען ריכטיג.

„דער שפּיאָן מאָראָ, וועמען איהר בעצאָהלט מיט דער פולער האַנד פאַר זיין דיענסט, לאַכט זיך איינפאַך אויס פון אייך... איך מאַך אייך ספּעציעל אויפמערקזאַם אויף די הוצאות, וואָס איהר האָט בעשטימט פאַר דיזען באַנ-דיט. ער מאַכט אייך חשבונות און לייגט אַריין צו זיך אין קעשענע דאָס געלד, וואָס איהר גיט איהם מיט דעם צוועק אונטערצוקויפען די פּאָליטישע פערשיקטע.

„זייט וויסען, הערר גובערנאַטאָר, אַז קיינער פֿון אונז וועט זיך ניט ערנידעריגען צו ווערן אַ מוסר.

„מען דאַרף זיין אַזוי נאַאיוו ווי איהר זייט, זיך צו לאָזען פֿערפֿיהרען פֿון אַזעלכע נידעריגע שפּיאָנען ווי מאָרא, מישעל און באַרי.“

און איך האָב אונטערגעשריבען: „אַ פּערשיקטער פֿון דעם האַלב אינזעל דיקאָס.“

איינער פֿון די פּערשיקטע, בערניע, האָט גענומען אַ גרויסען קאָנווערט און אָנגעשריבען דעם גובערנאַטאָר׳ס אדרעס.

— נו, און איצט,—האָט ער זיך אָבגערופֿען,—ווי אַזוי מאַכט מען, אַז דיזער בריעף זאָל קומען צום גובערנאַטאָר?

— גאַנץ איינפֿאַך,—האָב איך געזאָגט.—מיר ווערען איהם נאָך היינט אָווענד אַוועקלייגעןביים אויפֿזעהער בריקו אויף׳ן פֿענסטער. ער וועט איהם גלייך איבערגעבען דעם גובערנאַטאָר.

— — — — — — — — — — — — — — —

דער פּראָצעס פֿון אונזערע פֿינף פֿריינדע, וועלכע מען האָט געכאַפּט אויף׳ן זעגעל־שיף אַנטלויפֿענדיג, איז פֿאָרגעקומען פֿאַר אַ כלומר׳שטען קריעגס־געריכט.

דאָס איז געווען אַ צערעמאָניע, ווי דער שטייגער איז ביי אַזעלכע פֿעלע. אַלס ריכטער האָט מען אויסגעקליבען די ערגסטע שופֿטען צווישען די אָפֿי־צירען, און ווי געוועהנליך איז דער בעשולדיגונגס־אַקט געווען פֿול מיט שקרים און פֿאַלשקייטען.

דער זאַאַל, וואו דער פּראָצעס האָט שטאַטגעפֿונען, איז געווען פֿול מיט מענער און פֿרויען, וועלכע זיינען זיך צונויפֿגעקומען אין האָבען זיך צוגע־הערט מיט גרויס אינטערעס צו די פֿערהאַנדלונגען. די ערשטע, וועלכע זיי־נען גענומען געוואָרען אויף׳ן פֿערהער, נאָכדעם ווי מען האָט איבערגעלייענט דעם בעשולדיגונגס־אַקט, זיינען געווען די פֿינף אָנגעקלאָגטע. נאָר דיזער פֿערהער האָט לאַנג ניט געדויערט, ווייל דער פֿאָרזיצענדער דיפֿעראָן האָט גלייך אין אָנהויב אַרויסגערופֿען אַ געלעכטער ביים עולם מיט זיינע נאַרישע פֿראַגען. אַזוי האָט ער זיך, למשל, געווענדעט צו איינעם פֿון די אָנגעקלאָגטע מיט דער פֿאָלגענדער דומער פֿראַגע:

— וואַרום האָט איהר געוואָלט אַנטלויפֿען פֿון דאַנעט?

— נישקשה פֿון אַ פֿראַגע!—האָט דער אָנגעקלאָגטער געענטפֿערט—ווייל ס׳איז מיר געווען סקוטשנע דאָ אויף׳ן אינזעל.

און דער עולם האָט אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

דער פֿאָרזיצענדער איז געוואָרען מורא׳דיג אויפֿגערעגט. ער האָט זיך צו־געווענדעט אויף׳ן פּובליקום און געהייסען ברייגען די עדות פֿאַר דער אָנקלאַגע.

דער ערשטער עדות איז געווען דער שפּיאָן מאָרא. ער איז געווען אויסגעפּוצט ווי אַ פֿראַנט און האָט מיט אַ פֿרעכען בליק געקוקט די ריכטער גלייך אין פּנים אַריין.

נאָכדעם ווי דער פּאָרזיצענדער האָט איהם געשטעלט אַ פּאָר סקאַרבאָ-ווע פראַגען, האָט ער איהם געבעטען, ער זאָל דערצעהלען, ווי אַזוי ער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם פּלאַן פון די פערשיקטע צו אַנטלויפען. דערביי איז מאַראָ אונטערבראָכען געוואָרען עטליכע מאָל פון די אָנגעקלאָגטע, וועלכע האָבען איהם אַלע ווײַלע געכאַפּט ביי ליגענס. ער האָט אויך געהאַט אַ מיאוס׳ן אָבשניט פון דעם עולם, וועלכער האָט ניט געקענט אויסהערן זיינע פאַלשע רייד אָהן אַ פּראָטעסט.

נאָר אַן אמת שוואַרצען סוף האָט ער געהאַט דאַן, ווען איינער פון די אַדוואָקאַטען, מיטעל, האָט גענומען דאָס וואָרט.

— איידער איך פאַנג אָן מיין פערטהיידיגונגס-רעדע,—האָט דער אַד-וואָקאַט געזאָגט—מוז איך אייך קלאָהר מאַכען ווער און וואָס דיזער מאַראָ איז...

דאָס האָט ניט וואָס צו טהאָן מיט אונזער ענין,—האָט דער פּאָרזיצענדער בעמערקט.

אין אַז מיטעל האָט געוואָלט דערוויזען, אַז ס׳איז נייטיג, האָט איהם דער פּאָרזיצענדער געהייסען שווייגען וועגען דעם.

— אויב אַזוי, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט — דאַן פערלאַנג איך, אַז מאַראָ׳ס רייד זאָלען ניט גענומען ווערן אין בעטראַכט, ווייל דיזער מאַן האָט קיין רעכט ניט צו זיין אַן עדות אין אַ געריכט.

— פאַר וואָס עפּעס, איך בעט אייך?

— ווייל ער איז אויסגעשלאָסען פון זיינע ציווילע און פּאָליטישע רעכטע; ווייל זיין פלאַץ איז ניט דאָ...

און ניט קוקענדיג אויף די פּראָטעסטען פון דעם פּאָרזיצענדען האָט דער אַדוואָקאַט דאָך דערצעהלט, ווער און וואָס מאַראָ איז; אַז ער איז אַ פּאָר מאָל פעראורטהיילט געוואָרען צו עטליכע יאָהר קערקער פאַר גנבה און שווינדעל, און דאָס לעצטע מאַל, אין 1870טען יאָהר, איז ער ווידער פער׳-משפט געוואָרען פאַר עהנליכע פערברעכענס צו 5 יאָהר געפענגניס, נאָך ער האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט, וואָס דאָס האָט גדאָך פאַסירט אין אַן אונרוהיגער צייט, און אויף אַזאַ׳ן אופן האָט ער זיך אויסגעדרעהט.

— אָט דאָס איז דער מאַן, ווענען איהר האָט דאָ פאַר זיך, מיינע הערען, — האָט דער אַדוואָקאַט געענדיגט זיין רעדע. — איהר זעהט אַלזאָ, אַז ווען איך האָב נאָר וואָס געזאָגט, אַז זיין פלאַץ איז ניט דאָ ביי דיזען פּראָ-צעס, נאָר אין קערקער, האָב איך געוואוסט, וואָס איך רייד. כ׳האָב דאָ ביי מיר אַלע דאָקומענטען, וועלכע זיינען נייטיג צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון מיינע בעהויפּטונגען.

אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטען האָט בעגלייט מיטעל׳ס רעדע.

די אָנגעקלאָגטע האָבען געקוקט מיט פעראַכטונג אויף דעם שפּיאָן.

און ער, דער באַנדיט אַליין, האָט פערלאָרען דעם גאַנצען קוראַזש זיינעם.

מיט אַן אַראָבנעלאָזענעם קאָז איז ער גענעסען אויף אַ באַנק און זיין גאַנצער קע־פּער האָט זיך געטרייסעלט פּאַר אויפרעגונג.

ס׳האָט דעם פּאָרזיצענדען גאָרנישט געהאָלפּען. ווילענדיג ניט ווילענדיג האָט ער געמוזט הייסען די וועכטער, זיי זאָלען אַרויספיהרען מאָראָ׳ן פון זאַאל און איהם אָבפּיהרען אין טורמע, ביז וואַנעט עס וועט געמאַכט ווערן אַ גרינדליכע אינטערזוכונג וועגען איהם.

פערשטעהט זיך, אַז די אָנגעקלאָגטע האָט עס ווינציג וואָס געהאָלפען. מען האָט זיי אַלעמען פער׳משפט צו פינף יאָהר קערקער.

ווי דער שטייגער איז האָבען די בלעטער פון נומעאַ בעשריבען דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אויף דעם קריעגס-געריכט.

אין זייערע אַרטיקלען האָבען די צייטונגען קריטיקירט דעם גובערנאַטאָר דערפאַר וואָס ער איז געווען אַזוי אונפּאָרזיכטיג אַריינצונעהמען אַזאַ מאַן אין זיין דיענסט, און ער איז געצוואונגען געווען זיך צו פערענטפערן. אַ נס ויאָס ער האָט געהאַט איין צייטונג, וועלכע האָט גענומען אויף זיך דיזע אויפגאַבע, ניט פאַר מצוה, פערשטעהט זיך.

— איהר וועט זעהן, אַז מאָראָ וועט זיך ווידער אויסדרעהען פון זיין שטראָף, — האָבען מיר מיינע פריינד געזאָגט. — ער האָט דעם גובערנאַ-טאָר צופיעל טובות געטהאָן, אין ער וועט איהם געוויס ניט לאָזען געהן אין תפיסה.

און ווירקליך, אין אַ מאָנאַט אַרום האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז מאָראָ איז כלומר׳שט אָבגעשיקט געוואָרען צוריק קיין פראַנקרייך, אום דאָרט אָב-צומאַכען זיין שטראָף; אָבער דאָס איז בלויז געווען אַן אויסרייד, וואָס דער גובערנאַטאָר האָט אויסגעטראַכט. דער אמת איז געווען, אַז מאָראָ איז אַוועק-געפאָהרען קיין גויאַן, וואַהרשיינליך, אום צו ווערן אַ שפיאָן ביי דעם דאָר-טיגען גובערנאַטאָר.

אַ שטיקעל צייט נאָך זיין אָבפאָהרען, האָבען מיר זיך אַביסעל לוסטיג געמאַכט אויף דעם אָרעמען גובערנאַטאָר׳ס רעכנונג.

פּופּצעהן טעג נאָכאַנאַנד האָבען מיר איהם געהאַלטען אין איין שיקען בריעף, וועלכע זיינען כמעט אַלע געווען געשריבען מיט פאָלגענדען נוסח:

„העררר גובערנאַטאָר!

„אַזוי ווי איך בין 24 מאָל פעראורטהיילט געוואָרען צו פערשיעדענע געפענגנים-שטראָפען פאַר גנבה, שווינדעל, אונטערציגדעריי, מאָרד-פערזוך א.ז.וו., מיין איך, אַז איך בין גענוג פעהיג, אום אייך צו קענען דיענען אַלס אויסגעצייכענטער שפיאָן אין אייער ביורא.

„איהר קענט זיכער זיין, העררר גובערנאַטאָר, אַז קיין בעסערן שפיאָן פאַר מיר וועט איהר ניט האָבען, און איך וועל טהאָן אַלעס, וואָס וועט נאָר זיין אין מיין מעגליכקייט צו דערגרעהן אַלע פּלענער צו אַנטלויפען, וואָס וועלען נאָר געמאַכט ווערען דאָ אויף׳ן אינזעל.

„פֿאַר נויטה וועל איך אַליין בויען שיפֿע, כדי צו קאָמפּראָמיטירען די פּאָליטישע פֿערשיקטע.“

פֿערשטעהט זיך, אַז אונטער דיזע בריעף האָבען מיר אַוועקגעשטעלט אויסגעטראַכטע נעמען, אַזוי אַז דער גובערנאַטאָר האָט בשום אופן ניט גע-קענט דערגעהן אויף ריכטיג ווער עס שרייבט זיי, כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זיי קומען פֿון די פּאָליטישע.

די ערפֿאַהרונג מיט מאַראָ'ן האָט אונז שוין געפֿיהרט דערצו, זיך נאָכ-צופֿרעגען וועגען זיינע צוויי חברים, די שפּיאָנען מישעל און באַרי. מיר זיי-נען געווען איבערצייגט, אַז אויך זיי זיינען אַיעלכע באַנדיטען ווי דער אַלטער פֿעררעטהער. דער אדוואָקאַט מיטעל איז אונז בעהילפֿיג געווען דעריין, אין אין פֿיער מאָנאַט צייט האָבען מיר געהאַט אַלע נויטיגע ידיעות וועגען זיי.

מיר האָבען אַלוּאָ געוואוסט, אז מישעל איז אַנטלאָפֿען פֿון מיליטער-דיענסט אין 1870טען יאָהר, אין דער צייט פֿון קריעג, און דערפֿאַר איז ער פֿעראורטהיילט געוואָרען צום טויט, נאָר ער האָט זיך אויסגעדרעהט און איז אַנטלאָפֿען אין אויסלאַנד.

באַרי ווידער איז געווען א פֿערברעכער פֿון ריכטיגען סאָרט. מען האָט איהם בעשולדיגט, אַז ער האָט פֿערגיפֿטעט זיין פֿרוי און דערפֿאַר איז ער פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אייביגע קאַטאָרגע. ער איז פֿערשיקט געוואָרען נאָך גויאַן, נאָר עס האָט זיך איהם איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען קיין אַמעריי-קאַ, וואו ער האָט פֿערבראַכט עטליכע יאָהר צייט, מאַטערענדיג די נעגער און פֿיהרענדיג פֿערשיעדענע שווינדלערישע געשעפֿטען. ענדליך, אין אַ שעה-נעם טאָג איז ער געקומען קיין ניי-קאַלעדאָניען, האָט זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר'ן גובערנאַטאָר, וועלכער האָט איהם אָהן שאלות אָנגענומען אַלס שפּיאָן.

האָבענדיג דיזע אַלע ידיעות, האָבען מיר געפֿונען פֿאַר נייטיג זיך מיט זיי צו בענוצען און זיך כאָטש אויף וויפֿיעל עס איז אָברעכענען מיט די צוויי באַנדיטען.

— מען מוז זיי טרייבען פֿון זינען,—האָט איינער פֿון די פֿערשיקטע געזאָגט.

באַרי איז געווען דער ערשטער, צו וועמען מיר האָבען זיך גענומען.

מיר האָבען אָנגעפֿאַנגען איהם צושיקען לאַנגע בריעף, אין וועלכע מיר האָבען איהם פֿערזיכערט, אַז אין גיכען וועט מען זיך נוקם זיין אין איהם פֿאַר זיין אונגליקליכער פֿרוי, וועמען ער האָט פֿערגיפֿטעט, און אַז די נעגער, וועלכע ער האָט אַמאָל געמאַרטערט אין אַמעריקאַ, האָבען זיך דערוואוסט, וואו ער געפֿינט זיך און זיי קומען מיט דעם נעכסטען שיף קיין ניי-קאַלעדאָ-ניען, אום זיך נוקם צו זיין אין איהם.

באַרי, וועלכער איז ביז דאַן זיכער געווען, אַז קיינער ווייסט ניט פֿון דיזע אַלע שעהנע מעשים זיינע, איז געוואָרען זעהר אונרוהיג. ער האָט פֿער-נאַכלעסיגט זיין דיענסט, דאָס הייסט, ער האָט אויפֿגעהערט אונז נאָכצושפּיאָ-נירען.

אָבער דאָס איז פֿאַר אונז ניט גענוג געווען.

דער אַדוואָקאַט מיטעל, וועלכער איז געווען אונזער פֿריינד, האָט אונז פֿערשאַפֿט דעם טעקסט פֿון דעם שפּיאָן׳ס אורטהייל, וועלכער האָט איהם פֿער׳משפט צו אייביגע קאַטאָרגע, דערפֿאַר וואָס ער האָט פֿער׳סם׳ט זיין פֿרוי.

אַזוי גיך ווי מיר האָבען געקראָגען דיזען דאָקומענט, איז איינער פֿון אינז אַוועק ביינאַכט און האָט איהם אָנגעקלעפּט אויף דעם גובערנאַטאָר׳ס טהיר.

דער גובערנאַטאָר האָט גלייך געשיקט רופֿען באַרי׳ן און איהם געפֿרעגט, וואָס דאָס בעדייטעט.

וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען צווישען זיי איז שווער געווען צו דער-געהן, נאָר דער סוף איז געווען אַז מען האָט באַרין ענדליך ארויסגעשיקט פֿון ניי-קאַלעדאָניען.

וואַהרשיינליך האָט מען איהם אויך אַריבערגעפֿיהרט נאָך גויאַן.

איז געבליבען מישעל.

מיט איהם האָבען מיר שוין געהאַט גרעסערע שוויריגקייטען, ס׳איז ניט אַזוי לייכט געווען פּטור צו ווערן פֿון איהם.

דער אַדוואָקאַט מיטעל איז אין אַ שעהנעם טאָג אויסגעוויזען געוואָרען פֿון ניי-קאַלעדאָניען.

דער גובערנאַטאָר האָט איהם ניט געקענט מוחל זיין פֿאַר דער קאַשע, וואָס ער האָט איהם פֿערקאָכט, אויפֿדעקענדיג די פֿערברעכען פֿון דעם תכשיט מאָראָ.

מיר זיינען אַלזאָ געבליבען אָהן אַ העלפֿער, אָהן אַ פֿריינד, וועלכער האָט אונז געקענט זיין זעהר ניצליך.

ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז דער שפּיאָן מישעל וואָלט ווייטער פֿאָרטגע-זעצט זיין מיאוס׳ע אַרבייט אונבעשטראָפֿטערהייט, ווען עס טרעפֿט ניט אַ טראַגישער פֿאַל, וועלכער האָט געמאַכט אַ סוף צו דער קלעגליכער קאַר-יערע פֿון דיזען בחור.

מישעל האָט זיך געלאָזט וואויל געהן. ער האָט געהאַט אַ משרת, אַ יונגען קאַנאַק מיט׳ן נאָמען מיראָ און ער האָט דעם אָרעמען יונג בעהאַנ-דעלט גרויזאַם. ער פֿלעגט איהם שטענדיג שלאָגען מכות רצח און דערצו איהם לאָזען הונגערין גאַנצע טעג.

דער יונגער קאַנאַק, וועלכער איז געווען אַזוי מילד ווי אַ שעפֿעלע, האָט אַלעס אַריבערגעטראָגען שטילערהייט און האָט זיך קיינמאָל ניט בע-קלאָגט פֿאַר קיינעם.

נאָר איינמאָל, אַז מישעל האָט איהם געשלאָגען שטאַרקער ווי געוועהנ-ליך, איז דער קליינער מיראָ אַנטלאָפֿען צו זיינע עלטערן, וועלכע האָבען געוואוינט אויף׳ן באַרג.

ער האָט דערצעהלט די מיטגליעדער פֿון זיין שבט וואָס פֿאַר מורא׳-דיגע יסורים און ענוים דער בעל הבית זיינער האָט איהם אָנגעטהאָן, און

מידאָ׳ס ברודער האָט בעשלאָסען ביי זיך צו לערנען דרך ארץ מיט דעם רשעות׳דיגען ווייסען.

בעוואָפֿענט מיט אַ בולאַווע איז ער אַראָבגעקומען אויף דעם האַלב-אינזעל, האָט אָבגעוואַרט מישעל׳ן ביי זיין טהיר און איהם דערלאַנגט אַ מורא׳דיגען זעץ אין קאָפּ.

דער קאַנאַק האָט געהאַט אַ שווערע האַנד.

מישעל׳ס מוח איז צוזעצט געוואָרען אויף שטיקלאַך.

נאָך דיזער ראַכע טהאַט איז זיך מידאָ׳ס ברודער רוהיג צוריקגעגאַנגען אַהיים צו זיין שבט, וואו איך האָב זיך גראָד אין יענער צייט געפֿונען.

ער איז געווען זעהר רוהיג.

קיינעם איז גאָר ניט איינגעפֿאַלען, אַז ער האָט נור וואָס גע׳הרג׳עט אַ מענשען.

די, וואָס האָבען זיך ביי איהם נאָכגעפֿרעגט, פֿון וואַנעט ער קומט און וואָס ער האָט געטהאָן, האָט ער גאַנץ קאַלט-בלוטיג געענטפֿערט:

— כ׳האָב בעגעגענט אַ שלעכטען ווייסען, האָב איך איהם דערלאַנגט אַ זעץ מיט מיין בולאַווע אין קאָפּ, אָבער דער קאָפּ זיינער איז ניט קיין שטאַרקער געווען, איז ער צוזפּרונגען אויף שטיקלאַך...

פֿערשטעהט זיך, אַז דער גובערנאַטאָר האָט געוואָלט אַרויפֿוואַרפֿען אויף די פּאָליטישע פֿערשיקטע די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר מישעל׳ס טויט.

מען האָט אַרעסטירט עטליכע פֿון אונז, און ס׳איז קיין צווייפֿעל ניט, אַז מען וואָלט ווידער בעגאַנגען אַ שרעקליכע אינגערעכטיגקייט, ווען מען געפֿינט ניט אויס דעם ווירקליכען מערדער.

מידאָ׳ס ברודער איז ענדליך אַריינגעפֿאַלען ביי דער אַדמיניסטראַציע אין די הענד. איינער פֿון זיינע שונאים, אַ קאַנאַק, האָט איהם גע׳מסר׳ט און מען האָט איהם אַרעסטירט און אַריינגעוואָרפֿען אין טורמע.

אָבער ניט אויף לאַנג.

איין פֿריהמאָרגען האָט מען זיין קעמערל געפֿונען ליידיג.

אַליין מיט זיינע אייגענע הענד האָט ער אונטער דער ערד אויסגעגראָבען אַ דורכגאַנג און איז אַנטלאָפֿען פֿון תפיסה.

מען האָט אומזיסט אויסגעזוכט אַלע וועלדער און דעם גאַנצען באַרג; ס׳איז אונמעגליך געווען צו געפֿינען דעם קאַנאַק.

## XIV

## די קאָלאָניאַלע עקספּלואַטאַטאָרס.

ס׳איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס די קאַנאַקען האָבען אונז בעפֿרייט פֿון אַזעלכע באַנדיטען.

דורך אַ מערקווירדיגען צופֿאַל האָט זיך אימער געמאַכט, אַז אונזערע שונאים זיינען אין דערזעלבער צייט אויך געווען די פֿיינדע פֿון די שוואַרצע.

די אַדמיניסטראַציע איז געוועזן גוט צו די איינפאַכע קאַטאָרושניקעס און האָט מיט דער גרעסטער שטריינגקייט אונטערדריקט די נעגערס און די פּאָ-ליטישע פערשיקטע.

אויך די קאָלאָניסטען זיינען ניט בעסער בעהאַנדעלט געוואָרען.

פערשטעהט זיך, אַז די, וועלכע האָבען געוואָלט שפּיעלען די ראָלע פון מאָראָ׳ן, האָבען נושא חן געווען ביי דעם גובערנאַטאָר און ביי די איבעריגע בעאַמטע אין די אויגען און זיי האָבען פון דער אַדמיניסטראַציע געהאַט די גרעסטע טובות.

אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אין ניי-קאַלעדאָניען, איז די דאָר-טיגע קאָלאָניזאַציע געשטאַנען אויף אַ מורא׳דיגער שטופע. איצט, הייסט עס האָט דיזער אינזעל אויפגעבליהט, נאָר אין 1873 איז דאָס געווען אַ לאַנגער, וויסטער מדבר.

דאָס רוב קאָלאָניסטען, וואָס זיינען געקומען קיין אויסטראַליען בעאַר-בייטען די ערד, זיינען ניט געווען קיין ערד-אַרבייטער.

זיי האָבען שוין געהאַט אויסגעפּרואווט אַלע סאָרטען מלאכות אין די פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט, וואו זיי האָבען אַרומגעוואַנדערט. מיט אַמאָל האָבען זיי דערהערט, אַז עס איז דאָ אַ ניי לאַנד, וואָס דאַרף האָבען מענשליכע הענד, זי צו קולטיווירען, זיינען זיי געקומען צו פליהען אַזוי ווי אַ מתנה פוינטלאַך, זוכענדיג וואָס צו עסען.

פיעל פון דיזע אונגליקליכע, וואָס זיינען געקומען מאַכען אַ פערמעגען אויף׳ן אינזעל, האָבען דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, אַז זיי האָבען מקנא גע-ווען דעם שיקזאַל פון די פערשיקטע.

אָהן געצייג, אָהן וואָס פאַר עס איז קענטניסע, האָבען זיי זיך געפונען פערלאָרען, פערטריבען אין מיטען פון דיזער ערד, וועלכע איז פונדעסטוועגען געווען אַזוי פרוכטבאַר, אַז ס׳איז גענוג געווען צו פעריזען איין רייצעל, אום אַרויסצוקריגען צעהן זאַנגען.

אַן אונגליקליכער קאָלאָניסט מיט׳ן נאָמען ברידו, אַ מוטהיגער פראַנצויז, האָט צוזאַמענגענומען זיין לעצט ביסעל געלד און איז געקומען זוכען זיין גליק דאָ אויף דיזער ערד, וואָס מען האָט פאָרגעשטעלט אין די צייטונגען און אין די בראָשורען פאַר אַן אמת׳ע ארץ זבת חלב ודבש.

נאָר אָנקומענדיג אויף׳ן אינזעל, האָט ברידו גלייך געזעהן, וואָס פאַר פאַלשע אילוזיעס ער האָט זיך געמאַכט.

מען האָט איהם אַן עצה געגעבען זיך צו ווענדען צו איינעם פון יענע האַרצלאָזע שווינדלער, וועלכע מען האָט אין ניי-קאַלעדאָניען גערופען „אַג-ראַר-אַגענטען". דאָס זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען געמוזט פערלאָ-זען פראַנקרייך צוליעב פערשיעדענע ניט זעהר עהרליכע מאָטיווען און זיינען אַריבערגעקומען אויף׳ן אינזעל מאַכען „געשעפטען". דיזע אַגענטען פלעגען זיך אָנגעהמען צו פערזאָרגען די ניי אַריבערגעקומענע קאָלאָניסטען מיט ניי-

טיגע געצייג כלומר׳שט פֿאַר ביליגע מקחים, און ווער איז געווען צו דעם, וואָס איז אַריינגעפֿאַלען צו זיי אין די הענד!

דער „אַגענט״, אין וועמענס לאַפּעס ברידו איז אַריינגעפֿאַלען, האָט גע-הייסען נאַפּיע.

אָט ווי אַזוי ער האָט איהם בעשווינדעלט:

אַז דער קאָלאָניסט איז געקומען צו איהם און איהם דערצעהלט, וואָס ער וויל דאָ טהאָן, האָט נאַפּיע געמאַכט אַ פֿרומע, גוטע מיענע און מיט אַ שמייכעלע געזאָגט:

— מיין פֿריינד, איהר קענט דאָ מאַכען אַ היבשען פֿערמעגען, נאָר מיט איין בעדינגונג.

— דהיינו?—האָט ברידו געפֿרעגט.

— איהר מוזט האָבען אַביסעל געלד.

— דאָס האָב איך דאָך.

— אַה! איז דאָך זעהר גוט. וויפֿיעל פֿערמאָגט איהר?

— אַן ערך 3 טויזענד פֿראַנק.

— 3 טויזענד פֿראַנק, דאָס איז אַ היהשע סומע! נו, איך וועל אייך גלייך בערעכנען וואָס איהר וועט דאַרפֿען אויסגעבען. איהר מוזט האָבען געצייג, אַ וואָגען, אַ פּאָר אָקסען, און דאָס אלעס איז מורא׳דיג שווער צו קריגען, דאָ אויף׳ן אינזעל. איהר פֿערשטעהט? ס׳איז אַ נייע לאַנד, די גאַנץ געוועהנליכע זאַכען קאָסטען דאָ בראַנד טהייער... איהר וועט נעהמען זוכען אַ וואָגען, איך פֿערזיכער אייך, אַז איהר וועט איהם ניט קריגען אונטער 500 פֿראַנק. די אָקסען וועלען אייך קאָסטען צו 300 פֿראַנק אַ שטיק; נו, און די פֿערשיעדענע שטיקער געצייג וועלען אודאי אָנטרעפֿען 1500 פֿראַנק. דאָס איז אַ סך הכל פֿון 2600 פֿראַנק. איהר פֿערמאָגט 3000 פֿראַנק, האָט איהר געזאָגט. נו, וועלען אייך בלייבען 400 פֿראַנק אויף צו לעבען דאָס ערשטע יאָהר און אפשר די ערשטע צוויי יאָהר, ביז וואַנעט די ערד וועט אָנהויבען טראָגען פֿריכטע... ווי איהר זעהט איז דאָס ניט קיין גלענצענדע לאַגע.

דער אָרעמער ברידו איז געבליבען פֿערצווייפֿעלט.

נאַפּיע האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ פֿריינדליכען בליק און געזאָגט:

— איהר ווייזט מיר אויס צו זיין אַן אויסגעצייכענטער מענש, פֿול מיט קוראַזש. ס׳וואָלט געווען אַ שאָד, איהר זאָלט פֿערלירען אייער געלד און אייערע כוחות אומזיסט און אומנישט... איך וועל אייך עפּעס פֿאָרשלאָגען. אָט וואָס מיר קענען טהאָן: איהר בעגרייפֿט דאָך געוויס, אַז איך האָב אַ געוויסען איינפֿלוס דאָ אויף׳ן אינזעל.

— אָה, איך צווייפֿעל גאָרניט דערין, מיין הערר.

— דאָס, פֿאַר וואָס איהר וואָלט געדאַרפֿט בעצאָהלען 2600 פֿראַנק, קען איך בעקומען פֿאַר אַן ערך 1500 פֿראַנק. איהר קענט אויף אַזאַ׳ן אופֿן איינשפּאָרען אַ היבשע ביסעל געלד.

— אָה, איך דאַנק אייך זעהר,—האָט געענטפֿערט דער אָרעמער ברידו, שוין אריינשטעקענדיג די האַנד אין קעשענע.

— איין מינוט נאָך,—האָט זיך אָבגערופֿען דער „אַגראַר-אַגענט".—איהר פֿערשטעהט דאָך, אַז מיין צוועק איז בלויז אייך אַ טובה צו טהאָן, ווייטער גאָרנישט. נאָר איך וואָלט ניט וועלען, מען זאָל זיך דערוויסען דערפֿון, ווייל דאָס קען אַרויסרופֿען אַ געשריי. מען וועט גלייך אָנהויבען פֿרעגען, ווי קומט עס וואָס הערר נאַפּיע אינטערעסירט זיך אַזוי שטאַרק מיט דעם קאָ-לאָניסט ברידו? דאָס קען פֿיהרען צו קנאה, צו קלאָגערייען, און איך קען נאָך האָבען צרות בלויז דערפֿאַר וואָס איך האָב אייך געוואָלט טהאָן אַ טובה.

— אָה, זייט רוהיג, מיין הערר,—האָט ברידו געענטפֿערט—די זאַך וועט בלייבען בסוד.

— יאָ, קיינער דאַרף ניט וויסען וועגען דעם, וואָס מיר ריידען דאָ. אַלזאָ אָבגעמאַכט?

— איך גיב אייך מיין וואָרט דערויף.

— אַלזאָ, גיט מיר 1500 פֿראַנק. אין אַכט טאָג צייט וועט איהר האָ-בען אייער וואָגען, אייערע צוויי אָקסען און אייער געצייג.

דער אָרעמער ברידו האָט גאָרניט געהאַט גענוג ווערטער צו בעדאַנקען זיין „רעטער" און „בעל טובה". נאָר נאַפּיע האָט איהם געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— איהר וועט מיר דאַנקען שפּעטער, ווען אייער ערד וועט זיין פֿער-זעעט און איהר וואַט מאַכען אַזויפֿיעל געלד וויפֿיעל איהר ווילט.

אַכט טעג נאָך דיזען געשפּרעך האָט ברידו בעקומען דאָס, וואָס דער אַגענט האָט איהם צוגעזאָגט.

לעבען זיין שטיבעל האָט זיך אָבגעשטעלט אַ מאָדנער וואָגען, אַ טראַנ-טעוואַטע כלי, וואָס איז שוין אונגעהייער פֿיעל מאָל פֿעררריכט געוואָרען דער אויך-מיר וואָגען איז געווען געשפּאַנט צו צוויי אָרעמע, אויסגעדאַרטע אָקסען, וועלכע האָבען זיך קוים געהאַלטען אויף די פֿיס.

וואָס אָנבעלאַנגט די געצייג, איז יעדעס שטיקעל געווען דורכגעפֿרעסען פֿון זשאַווער.

מען וואָלט געשוואָרען, אַז די שטיקער ווערק-צייג האָבען זיך געוויקט אין וואַסער שעהנע עטליכע מאָנאַט צייט.

אַלעס, די געצייג, דער וואָגען און די אָקסען, האָבען העכסטענס די ווערטה געהאַט 300 פֿראַנק!

אַ קאָלאָניסט, וועלכער איז גראָד געווען דערביי, ווען מען האָט גע-בראַכט צו פֿיהרען די דאָזיגע טהייערע כלים, איז צוגעגאַנגען צו ברידו'ן און האָט איהם געזאָגט:

— מיין אָרעמער פֿריינד, דו האָסט זיך אודאי געמוזט ווענדען צו אַן „אַגראַר-אַגענט"?

— יאָ,—האָט ברידו געענטפֿערט מיט אַ מרה-שחורה׳דיגען טאָן.

— אַה, ווען איך וואָלט דיך געטראָפֿען דאַן, ווען דו ביסט אָנגעקומען אהער, וואָלט איך דיך געוואָרענט פֿאַר דיזע גנבים, די אָפֿיציעלע אַגענטען. זעהסט דו, אין אַ מאָמענט צייט זיעט דער וואָגען דיינער ציפּאַלען, דיינע אָקסען וועלען קראַפּירען און די געצייג וועט דיר סיי ווי צו קיין זאַך ניט נוצען.

— ס׳איז אמת,—האָט זיך אָבגערופֿען ברידו—אָבער וואָס טהוט מען?

— גאַנין איינפֿאַך: לאָז אָבשאַצען דאָס גאַנצע בינטעל מיט טראַנטעס און דערנאָך בעקלאָג זיך פֿאַר׳ן גובערנאַטאָר.

— ווי מיינסט דו, ער וועט מיך אויסהערען?

— מילא, וואָס קענסט דו דאָ אָנוועהרען?

ברידו האָט אָנגענומען די עצה און געטהאָן וואָס דער קאָלאָניסט האָט יהם פֿאָרגעלייגט.

אין אַ מאָנאַט אַרום האָט מען ביי איהם צוגענומען דאָס שטיק ערד, אָס מען האָט איהם פֿריהער געהאַט געגעבען.

ער איז געבליבען אָהן מיטלען צו לעבען און איז געצוואונגען געווען צו פֿערקויפֿען אַלע זאַכען, וואָס ער האָט אויפֿגעקויפֿט און פֿאַר וועלבע ער האָט בעצאָהלט אַזויפֿיעל געלד.

אַזוי איז דער דאָזיגער קאָלאָניסט, וועלכער איז געקומען קיין ניי-קאַ-לעדאָניען מיט אַ היבשע סומע, וואָס וואָלט גענוג געווען זיך צו עטאַבלי-רען דערמיט אין אָנגעהן גאַנץ פֿיין,—דיזער קאָלאָניסט איז געקומען צו אַזאַ מדרגה, אַז אום ניט צו שטאַרבען פֿון הונגער, איז ער געוואָרען אַ משרת ביי די אַרעסטאַנטען.

אָט אַזוי האָט מען אין 1873 פֿערשטאַנען די קאָלאָניזאַציע.

איך ווייס ניט, צי די לאַגע האָט זיך זייט דאַן געענדערט. איך צווייפֿעל שטאַרק אין דעם, ווייל די אַדמיניסטראַציע איז געבליבען דיזעלבע.

און דאָך, וואָס פֿאַר שאַנסען, וואָס פֿאַר מעגליכקייטען איז געוועען צו ענטוויקלען אַן אויסגעצייכענטען ישוב אין דיזער קאָלאָניע מיט אַזאַ גינסטי-גען קלימאַט!

די צאָהל פֿון די טויטע איז דאָרט געווען אַן אונבעדייטענדע.

ס׳איז אַ פּריווילעגירטער אינזעל: אַן אייביגער פֿריהלינג, אַ פֿאָלשטענ-דיג געזונדער קלימאַט, קיין שום געפֿאַהר פֿאַר ווילדע חיות און גיפֿטיגע שלאַנגען, אויסערגעוועהנליכער רייכטהום אין דער טיעפֿקייט פֿון דער ערד.

נאָר דער ביודזשעט פֿון דער קאָלאָניע ווערט אין גאַנצען אויפֿגעפֿרעסען פֿון די טשינאָווניקעס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער אָרעמער ברידו האָט זיך אַזוי לאַנג געמוטשעט, ביז וואַנעט ער האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבען.

אָבער פֿאַר'ן טויט האָט ער זיך נוקם געווען אָן דעם רויבער, וועלכער האָט איהם אונגליקליך געמאַכט.

אים צו דערהאַלטען זיין נשמה האָט ער ענדליך געמוזט זיך ערנידערי־גען און בעטלען אַ שטיקעל ברויט. איינמאָל, האָט ער געהאַט אַ געשפרעך מיט איינעם פֿון די אַרעסטאַנטען, אַ זעהר אינטעלעגענטען יונגען מענשען. ער האָט איהם דערצעהלט, וואָס מיט איהם האָט געטראָפֿען דאָ אויף'ן אינזעל, ווי ער איז אַריבערגעקומען אַהער מיט דריי טויזענד פֿראַנק און ווי אַזוי דער אַגענט האָט ביי איהם אויסגענאַרט אַ העלפֿט דערפֿון פֿאַר גאָרנישט.

— און דו האָסט שוין מעהר דעם מאַן קיינמאָל ניט געזעהן? — האָט דער אַרעסטאַנט געפֿרעגט.

— ניין,—האָט געענטפֿערט ברידו און די אויגען זיינע האָבען מיט אַמאָל אויפֿגעבליצט.—אָה! ווען איך וואָלט איהם געטראָפֿען!

— ווי רופֿט מען איהם?—האָט דער אַרעסטאַנט געפֿרעגט.

— נאַפּיע.

— נאַפּיע!... דער נאָמען איז מיר גוט בעקאַנט. כ'האָב אָפֿט געהערט, ווי די וועכטער, ריידענדיג צווישען זיך, האָבען איהם דערמאָנט. ווי האָט ער אויסגעזעהן דער נאַפּיע, וועלכען דו האָסט געקענט?

— דאָס איז געווען אַ הויכער, מאָגערער און קאַסאָקער קערל.

— אָה, דאָס איז דאָך דערזעלבער! כ'גיב מיין קאָפּ, אַז ס'איז ניט קיין אַנדערער, נאָר דער וואָס איך קען. דאָס הייסט אַלזאָ, אַז דיזער נאַפּיע איז ניט נור אַ סוחר פֿון אַלטע, צובראָכענע געצייג, נאָר דערצו נאָך אַ שפּיאָן אויך. ער קומט אָפֿט אַהער פֿון נומעאַ, וואו ער וואוינט.

— אַמאָל האָט ער געוואוינט אַויף'ן האַלב־אינזעל דיקאָס, — זאָגט ברידו.

— אָה, ס'איז קיין צווייפֿעל ניט, אַז דאָס איז איין און דערזעלבער, נאָר... קוק אָן, אָט האָסט דו איהם!

ברידו האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן פֿון אויפֿרעגונג.

— דו ווייסט, איך האָב דיר גאָרנישט געזאָגט,—האָט זיך דער אַרעס־טאַנט אָבגערופֿען און איז פֿערשוואונדען.

דערזעהענדיג ברידו'ן האָט זיך נאַפּיע געוואָלט אויסדרעהען, נאָר דער קאָלאָניסט איז גלייך צוגעגאַנגען צו דעם, וועלכער האָט איהם אַזוי געמיין בעראַבעוועט.

— אַה! ענדליך האָב איך אייך צוריקגעפֿונען, מיין העדר! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן, צוקומענדיג נאָהענט צו איהם.

נאַפּיע האָט זיך געמאַכט קוראַזש.

אָנקוקענדיג דעם קאָלאָניסט האָט ער געזאָגט:

— איך קען אייך ניט.

— אָט בעסער, אַז איהר ווילט מיך ניט דערקענען, — האָט ברידו

געזאָגט. — אָבער זאָג איך וועל אייך באַלד דערמאָנען ווער איך בין: מיט דריי יאָהר צוריק האָט זיך אַן אָרעמער קאָלאָניסט, וועלכער האָט געהאַט זיין אייגענס דריי טויזענד פראַנק, געווענדעט צו אייך וועגען אַ שטיק ערד צו בעאַרבייטען. איהר האָט איהם אויף אַ געמיינעם אופן בע׳גנב׳עט און דער-נאָך האָט איהר נאָך געמאַכט, מען זאָל ביי איהם צונעהמען דאָס שטיק ערד.

— ביי מיין וואָרט, דער מאַן איז משוגע, — האָט זיך אָבגערופען נאַפיע, זיך אומקוקענדיג אין אַלע זייטען, טאָמער וועט ער דערזעהן אַ וועכטער.

— ניין, איך בין גאָרניט משוגע.

— נאַ, געהט זיך אייער וועג, — האָט נאַפיע געזאָגט.

ברידו האָט זיך געסטאַרעט איינצוהאַלטען זיין כעס. ער האָט געוואָלט זעהן, ווי ווייט די געמיינהייט פון דיזען מאַן קען געהן.

— מיין הערר, — האָט ער ווידער אָנגעהויבען מיט אַ זעהר עניוות׳-דיגען טאָן, — איהר האָט מיר פערקויפט פאַר 1,500 פראַנק זאַכען, פאַר וועלכע מען האָט מיר געגעבען ניט מעהר ווי 80 פראַנק. זייט אַכצעהן מאָ-נאַטען, אַז איך געפין זיך אין אַ שרעקליכער גויטה.

— וואָס זשע געהט עס מיך אָן? — האָט נאַפיע געענטפערט, ציהענ-דיג מיט די פלייצעס.

— וואָלט איהר ניט געקענט מיר אָבגעבען צוריק כאָטש אַ טהייל פון דעם געלד, וואָס איהר האָט ביי מיר... אַוועקגע׳גנב׳עט?

און ברידו האָט שטאַרק בעטאָנט דאָס לעצטע וואָרט.

דער אַגענט האָט זיך כלומר׳שט געפונען בעליידיגט.

— איך האָב אייך בע׳גנב׳עט, איך!... איהר באַנדיט, איהר סמייעט צו זאָגען, אַז איך האָב אייך בע׳גנב׳עט?

דער קאָלאָניסט האָט צונויפגעלייגט די הענד און געקוקט נאַפיע׳ן גלייך אין פנים אַריין.

ס׳איז ניט געוועזן צו זעהן קיין איין וועכטער אַרום יענער געגענד.

— ווילסט דו מיר אָבגעבען דאָס געלד, וואָס דו האָסט ביי מיר גע׳-גנב׳עט אָדער ניט? — האָט ברידו אַ געשריי געטהאָן. — אויב ניט, זאָג איך דיר אַפריהער, אַז דו וועסט ניט גוט אָבשניידען!

נאַפיע האָט געוואָלט אַנטלויפען, וואָרים נאָך אַלעמען איז ער געווען אַ טרוס. נאָר ברידו האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם און האָט איהם דערשטיקט.

נאָכדעם ווי דער קאָלאָניסט האָט אָבגעטהאָן זיין שטיקעל אַרבייט, האָט ער דורכגעזוכט די קעשענעס פון זיין אָפּפער און צוגענומען דאָס גאַנצע געלד, וואָס ער האָט דאָרט געפונען. דאַן איז ער אַוועק אין אַ רעסטאָראַן און האָט זיך געהייסען געבען די בעסטע און געשמאַקסטע מאכלים. ער האָט שוין צוויי מעת-לעת ניט געהאַט פערזוכט קיין שום עסען.

אייף מאָרגען האָט מען איהם געפֿונען אויפֿגעהאַנגען אויף דעם צווייג פֿון אַ בוים.

דער אונגליקליכער האָט געוואָלט, איידער ער שטאַרבט, צום לעצטען מאָל געניסען דאָס לעבען!

— — — — — — — — — — — — — — — —

ברידו׳ס פֿאַל איז ניט געוועזען דער איינציגער פֿון דעם סאָרט.

אַלע, וועלכע זיינען אין מיין צייט אַריבערגעקומען קיין ניי קאַלעדאָניען מיט דעם צוועק זיך דאָרט צו עטאַבלירען און מאַכען געשעפֿטען, האָבען גאָר גיך געמוזט אויפֿגעבען זייערע האָפֿנונגען.

אַ טהייל פֿון זיי, וואָס זיינען געקומען פֿול מיט קוראַזש און מיט גוטע אויסזיכטען, זיינען מיט דער צייט געוואָרען אַזעלכע אָרעמע לייט, און זייער לאַגע איז געוועזען הונדערט מאָל ערגער איידער די לאַגע פֿון די פֿערשיקטע.

איך האָב געקענט אַן אַנדערן אַחוץ ברידו׳ן, וועמעס געשיכטע איז געוועזען פונקט אַזוי טרויעריג, און וועלכער האָט זיך אויסגעלאָזט אויף אַן עהנ-ליכען אופן.

אַמיעל האָט ער געהייסען. דאָס איז געוועזען אַ זעהר אינטעליגענטער יונגער מאַן, דערצו אַליין אַ גוטער אַגראָנאָם. ער האָט זיך ניט געווענדעט צו קיין „אַגראַר-אַגענט״; ער האָט איהם ניט געדאַרפֿט.

די שטיקער ערד, וואָס מען האָט איהם אָבגעבען, האָבען אויף אַ מערק-ווירדיגען אופן אויפֿגעבליהט. מען פֿלעגט קומען פֿון נומעאַ בעוואונדערן זיינע פלאַנטאַציעס פֿון קאַפֿע, פֿון מאַאיס און פֿון צוקער-שטעקלאַך.

נאָר אויב ער איז ניט נעגאַנגען צו קיין שום „אַגענט״, איז אַן „אַגענט״ געקומען צו איהם...

סאָזאַ האָט ער געהייסען, דער באַנדיט, און ער האָט מקנא געוועזען דעם קאָלאָניסט פֿאַר זיין הצלחה.

— אַז דאָס זאָל אָנגעהן אַזוי ווייטער,—האָט זיך דער אַגענט געטראַכט, —וועט אַמיעל גאָר פשוט זיך אָנשיטען מיט גאָלד. ס׳איז אַ סקאַנדאַל, אַ קאָלאָניסט זאָל אַזוי רייך ווערן דאָ אין ניי-קאַלעדאָניען. מען דאַרף מאַכען אַ סוף דערצו...

און סאָזאַ איז אַוועק צום גובערנאַטאָר.

— מיין הערר,—האָט ער געזאָגט—דאָ אויף׳ן אינזעל איז פֿאַרהאַן אַ קאָלאָניסט, וואָס מאַכט אויסגעצייכענט מיט דער ערד, וואָס מען האָט איהם אָבגעגעבען. אָבער צום בעדויערן האָט ער זיין ערפֿאָלג צו פֿערדאַנקען בלויז פערש׳ידענע געמיינע מיטלען, וועלכע ער ווענדעט אָן. ביינאַכט לויפֿט ער אַרום איבער די פֿעלדער פֿון זיינע שכנים און מאַכט אַ תל פֿון זייערע פלאַנ-טאַציעס; אַזוי אַז ער איז דער איינציגער, וואָס האָט מזל ברכה אין זיינע פֿעלדער. דאָס איז אַ סקאַנדאַל, וואָס איך געפֿין פֿאַר נייטיג אייך מיטצו-טהיילען. איהר מוזט דיזען קאָלאָניסט מיט׳ן נאָמען אַמיעל בעשטראָפֿען, אַלע

קלאָגען זיך אויף איהם, און איהר קענט זיכער זיין, אַז די קאָלאָניסטען וועלען אייך זיין דאַנקבאַר פֿאַר דער גערעכטיגקייט, וואָס איהר וועט טהאָן מיט זיי.

דער גובערנאַטאָר האָט געגלויבט סאָזאַ׳ן אויף׳ן וואָרט.

— לאָזט וויסען אַמיעל׳ן, — האָט ער געזאָגט, — אַז איך נעהם ביי איהם צו זיין גאַנצען גוט אויף אַ משך פֿון אַכצעהן מאָנאַט. אין דער צייט וועט איהר פֿערוואַלטען די ערד פֿון דיזען מאַן.

מעהר האָט סאָזאַ ניט געדאַרפֿט.

אויף מאָרגען איז אַמיעל אָהן צערעמאָניעס אַרונטערגעטריבען געוואָרען פֿון זיינע פֿעלדער.

אין יענער צייט פֿלעגט עס צוגעהן אויף אַזאַ מין שטייגער.

ס׳איז גענוג געוועזן, דער גובערנאַטאָר זאָל נור אַרויסגעבען אַ בעפֿעהל, און אַ פֿרייער מענש פֿלעגט בעהאַנדעלט ווערן אַזוי ווי אַ פֿעראורטהיילטער.

אַז מען האָט אָנגעזאָגט אַמיעל׳ן וואָס פֿאַר אַ בעפֿעהל דער גובערנאַטאָר האָט אַרויסגעגעבען וועגען איהם, האָט ער ניט פּראָטעסטירט, נאָר ער איז געוועזן צו אינטעליגענט ניט צו זעהן פֿון וואַנעט דער קלאַפּ איז איהם געקומען.

איינמאָל ביינאַכט האָט ער אָנגעקלאַפּט ביי סאָזאַ׳ן אין טהיר.

דער אַגענט האָט געמיינט, אַז דאָס קומט מען צו איהם פֿון דער אַדמיניסטראַציע, האָט ער געעפֿענט.

דערזעהענדיג אַמיעל׳ן, האָט ער געמאַכט אַ פֿערקרימטען פנים.

נאָר דער קאָלאָניסט האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. ער האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף סאָזאַ׳ן, האָט איהם געבונדען די הענד און די פֿיס מיט אַ שטריק, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. דערנאָך איז ער אַרויס אויף דרויסען, האָט גענומען אַ פֿייער-טאָפּ פֿול מיט נאָר וואָס אָנגעצונדענע האָלץ-קוילען, האָט עס אַריינגעטראָגען אין דעם צימער, וואו דער אַגענט איז געלעגען געבונדען, און דאַן איז ער אַרויס שפּאַצירען.

אין צוויי שטונדען אַרום איז ער צוריקגעקומען.

סאָזאַ איז געוועזן טויט.

דער רויך פֿון די האָלץ-קולען האָט איהם דערשטיקט.

אַמיעל האָט אַרונטערגענומען די שטריק פֿון דעם טויטען, דערנאָך האָט ער צוגעמאַכט די טהיר און איז אַוועק אַהיים.

ס׳איז געווען אַ שרעקליכע, אַ שווידערליכע ראַכע, נאָר דער אַגענט האָט זי כשר פֿערדיענט, ווייל ער האָט אָבגעטהאָן די געמיינסטע נידערטרעכטיגקייטען אויף׳ן אינזעל.

אַמיעל האָט אַזוי קונציג אָבגעאַרבייט די זאַך, אַז עס וואָלט קיינעם ניט איינגעפֿאַלען צו האָבען אַ חשד אויף איהם; מען האָט געמיינט, אַז סאָזאַ האָט זיך אַליין געמאַכט דעם טויט.

נאָר צו דעם קאָלאָניסט׳ס אונגליק האָט איהם אַ וועכטער בעמערקט ביי סאָזאַ׳ס טהיר טאַקי אין יענער נאַכט, ווען דער מאָרד איז געשעהן.

מען האָט געמאַכט אַן אונטערזוכונג און אַלעס האָט געצייגט, אַז דאָס איז ניט געווען קיין זעלבסטמאָרד. מען האָט נאָך געפֿונען די סימנים פֿון׳ם שטריק אויף סאָזאַ׳ס קערפּער. דערצו האָט מען געוואוסט, אַז דער אַגענט האָט ניט געהאַט קיין פֿייער-טאָפּ ביי זיך.

אַמיעל איז אַלזאָ אַרעסטירט געוואָרען; מען האָט איהם געשטעלט צום געריכט און פֿעראורטהיילט צום טויט.

און אָט די אַלע שווידעריליכע זאַכען וואָלטען געקענט אויסגעמיידעט ווערן, ווען דער גובערנאַטאָר וואָלט זיך אָבגעגעבען מיט מעהר אינטערעס פֿאַר די אָנגעלעגענהייטען פֿון דער קאָלאָניע.

נאָר דער גרויסער פּריץ האָט געהאַט אַנדערע זאַכען צו טהאָן.

כמעט יעדען אָווענד האָט ער געגעבען אַ באַל ביי זיך אין שטוב. און איינמאָל, ביי איינעם פֿון דיזע אונטערהאַלטונגען, האָט פּאַסירט אַ קאָמישע סצענע, וועלכע האָט געצייגט, ווי אונפֿעראַנטוואָרטליך דער דאָזיגער גובערנאַטאָר איז געווען פֿאַר דעם אַמט זיינעם.

ביי איהם אין שטוב פֿלעגט אריינקומען אַ מאַן מיט׳ן נאָמען מאַסקיראָ. אַזוי ווי ער איז געווען אַ גוטער פּיאַניסט איז ער געוואָרען אַן אָנגעזעהענער גאַסט, און ער פֿלעגט אונטערהאַלטען דעם עולם מיט זיין פּיאַנאָ-שפּיעלען. איין אָווענד האָט אַ גאַסט, אַ מיליטער-דאָקטאָר, דערקענט מאַסקיראָ׳ן, און ווי ערשטוינט איז דער גובערנאַטאָר געוואָרען, ווען ער האָט דערהערט, אַז זיין פּיאַניסט איז אַן איינפֿאַכער פֿערברעכער, וועלכער איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אייביגע קאַטאָרגע פֿאַר אַ מאָרד, וואָס ער האָט בעגאַנגען.

דער גובערנאַטאָר האָט עס ניט געוואָלט גלויבען, נאָר דער מיליטער-דאָקטאָר האָט איהם געגעבען אַלע סמנים און איהם געוויזען, אַז מאַסקיראָ איז מיט 6 מאָנאַטען פֿריהער געבראַכט געוואָרען קיין ניי-קאַלעדאָניען, און איהם איז, ווייזט אויס, געלונגען צו אַנטלויפֿען פֿון געפֿענגניס און דערנאָך ווערן אַ גאַנצער בן בית ביים גובערנאַטאָר.

ס׳איז געבליבען, אַז כדי ניט צו מאַכען קיין סקאַנדאַל ביים גובערנאַטאָר אין שטוב, זאָל מען זיך דערווייל מאַכען ניט וויסענדיג, און אַז עס וועלען געמאַכט ווערן אַלע נויטיגע אויספֿאָרשונגען וועגען דעם, וועט מען מאַסקיראָן׳ן אַרעסטירען.

אָבער די אַדמיניסטראַציע איז געקומען צו שפּעט. אַז דער פּיאַניסט האָט געדאַרפֿט אַרעסטירט ווערן, איז ער שוין אויף׳ן אינזעל ניט געווען. אַ היבשע צייט האָט מען ניט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען. ערשט אין אַ האַלב יאָהר אַרום איז מען געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז אַוועק קיין אויסטראַליען, מיטנעהמענדיג מיט זיך די פֿרוי פֿון אַ נומעאַ׳ער גרויסען האַנדעלס-מאַן.

XV.

## דער קאָלאָניסט מאַקאַי.

דאָס זיינען אין יענער צייט געווען די צושטענדע אין ניי קאַלעדאָניען. און די געשיכטע מיט דעם פּיאַניסט איז ניט געווען די ערשטע און די לעצטע. ס'איז אמת, אַז זייט דאַן האָט זיך דער גובערנאַטאָר אָנגעהויבען היטען אַביסעל, זיין אַביסעל פאָרזיכטיגער ווענען די, וואָס קומען אַריין צו איהם אין שטוב, אָבער ס'האָט איהם ווייניג וואָס געהאָלפען.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַ מיאוס'ער סקאַנדאַל ווידער ביים גובערנאַטאָר אין הויז.

ס'איז געווען אויף אַ באַל, ווי דער שטייגער איז; און בעת דער גובערנאַטאָר איז געווען שטאַרק פאַרנומען, אַמוזירענדיג זיינע פריינד, קומט צו איהם צו איינער פון די געסט און זאָגט:

— הערר גובערנאַטאָר, מיר האָט דאָ גור וואָס געטראָפען אַ מאָדנע, אַן אונגלויבליכע זאַך.

— וואָס פאָרט, מיין טהייערער פריינד?

— מען האָט מיר צוגע'גנב'עט מיין זייגער מיט דער קייט!

דער גובערנאַטאָר איז שיער ניט געפאַלען אין אונמאַכט פאַר שרעק.

איינער פון די געסט, וועלכער האָט גראָד געהערט דיזען געשפּרעך, האָט זיך אָבגערופען צו דעם בע'גנב'עטען:

— מיין הערר, ס'איז ניט כדאי צו מאַכען אַ ליאַרם פאַר אַזאַ קלייניגקייט. נעהמט זיך ניט צום האַרצען. מען האָט ביי אייך צוגע'גנב'עט אייער זייגער מים דער קייט. כ'וועל זיי אייך גלייך געפינען.

דער גובערנאַטאָר האָט בעוואונדערט דעם אונבעקאַנטען מאַן, וועלבער האָט געקענט אַזוי לייכט אויסגעפינען די גנבים.

אין אַ האַלבע שעה אַרום קומט ער צוריק צולויפען צו דעם גובערנאַטאָר און צו זיין אונגליקליכען פריינד.

— אָט האָט איהר אייך, — רופט ער זיך אָב צום בע'גנב'עטען, איהם דערלאַנגענדיג אַ זייגער מיט אַ קייט.

דער מאַן האָט גענומען די זאַכען אין דער האַנד, נאָר נאָכדעם ווי ער האָט זיי בעטראַכט א ווײַלע, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— דאָס געהערט ניט צו מיר. ס'איז ניט מיין זייגער און ס'איז אויך ניט מיין קייט.

— וואָס מאַכט עס אויס? — האָט געענטפערט דער גאַסט אביסעל צוטומעלט. — נעהמט צו, אַז מען גיט אייך.

דער גובערנאַטאָר און זיין פריינד האָבען געמאַכט אַ קרומע מיענע, נאָר זיי האָבען פאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפען שווייגען.

און אַזוי האָט זיך גנעפיהרט איבעראַל. די גאַנצע קאָלאָניע האָט זיך גע-האַלטען אויף גנבה און גזלה. די קרעמער האָבען געהאַט צו וויניג קונים און זיי האָבען געמוזט פיהרען זייטיגע, לינקע געשעפטען. דערצו האָט זיך מיט דער צייט געוויאַזעט אַ מחנה פֿון פּראַצענטניקעס, פּיאַווקעס, וועלכע האָבען אויסגעזויגען דאָס בלוט פֿון די קאָלאָניסטען. מיט איין וואָרט, אַלעס האָט געלעבט פֿון רויב, פֿון גנבה;

וואָס איז דער וואונדער, אַז אונטער דעם דאָזיגען צושטאַנד האָט זיך פֿון די קאָלאָניסטען גופא ענטוויקעלט אַ רויבער-באַנדע, אַ מחנה פֿון פֿער-צווייפעלטע מענשען, וועלכע האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ געהיימען בונד און האָבען אייגפאַך טעראָריזירט דעם אינזעל. דאָס זיינען געווען טאַקי די קאָלאָניסטען גופא, וועלכע זיינען בעשווינדעלט געוואָרען פֿון די „אַגענטען", אונטערדריקט און פֿערפֿאָלגט געוואָרען פֿון דער אַדמיניסטראַציע און אויס-געזויגען געוואָרען פֿון די פּראָצענטניקעס. אַז זיי האָבען שוין מעהר ניט געהאַט קיין שום מעגליכקייט צו לעבען פֿון זייער אַרבייט, זיינען זיי אויס פֿערצווייפלונג געוואָרען רויבער.

און זיי האָבען אָבגעטהאָן מורא'דיגע זאַכען. ביינאַכט פֿלעגען זיי בע-פֿאַלען די הייזלאַך פֿון די רייכערע קאָלאָניסטען, פֿון די קרעמער און די פּראָצענטניקעס, זיי אויסליידיגען און אָפֿטמאָל אויך אונטערצינדען זיי. און אַלעס איז געמאַכט געוואָרען אַזוי שטיל, אַזוי קונציג, אַז מען האָט ניט גע-קענט אויסגעפינען קיין איינעם פֿון דער חברה.

די אַדמיניסטראַציע האָט געטהאָן אַלעס, וואָס איז נור געווען אין איהר מעגליכקייט צו לייגען די האַנד אויף די רויבער, אָבער איהר מיה איז געווען אומזיסט. ענדליך איז דער גובערנאַטאָר אַרויס פֿון די כלים און האָט איינ-פֿאַך געהייסען שיסען אויף די קאָלאָניסטען, ניט קוקענדיג, צי זיי זיינען שול-דיג צי ניט. נאָר עס האָט ניט געהאָלפֿען.

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז די אַרעסטאַנטען גופא זיינען ניט זיכער געווען אין זייער לאַגער.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך פֿון ערגערניש אויסגעריסען די לעצטע עט-ליכע האָר, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אין קאָפּ.

— דאָס קען דאָך אַזוי ניט אָנגעהן, — האָט ער געשריען — מען מוז זיי געבען אַ ביישפּיעל, די באַנדיטען, אַ מורא'דיגען ביישפּיעל!

און ער האָט זיך צוגעגרייט פֿון דאָס ניי צו מאָבאָליזירען די סאָלדאַטען און צו שיסען רעכטס און לינקס. נאָר מיט אַמאָל האָט געטראָפֿען עפּעס, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו די אַלע סקאַנדאַלען.

מען האָט געפֿינען דעם פֿיהרער פֿון דער דאָזיגער שוואַרצער באַנדע.

דאָס איז געווען אַן אויסטראַליער מיט'ן נאָמען מאַקאַי, אַ ביטערער יונג, וועלכער איז שוין איינציגע מאָל געווען פֿעראורטהיילט צום טויט אין פֿער-שיעדענע לענדער, און ס'האָט זיך איהם אימער איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען.

אַ וועכטער האָט איהם אַרעסטירט, בעת ער האָט געהאַט בדעה אונ-טערצוציגדען אַ הייזעל פֿון אַ קאָלאָניסט.

מאַקאַי האָט זיך ניט אַזוי גרינג געלאָזט נעהמען. ער האָט פֿערוואונ-דעט דעם וועכטער, וועלכער האָט געלייגט די האַנד אויף איהם, נאָר דער סוף איז געווען, אַז מען איז איהם פֿאָרט בייגעקומען, און אַזוי גיך ווי מען האָט איהם אַרעסטירט האָט מען זיך גלייך גענומען צו זיין פּראָצעס.

דאָס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך.

מאַקאַי האָט בשום אופן ניט געוואָלט אויסגעבען די נעמען פֿון זיינע מיטהעלפֿער.

דריי מאָנאַט צייט האָט מען איהם געהאַלטען אין אַ פֿינסטערן קאַרצער. דער גובערנאַטאָר איז געווען ענטשלאָסען, איהם אָנצוטהאָן די גרעסטע יסורים, אום איהם צו מאַכען ריידען.

נאָר דער אויסטראַליער איז געווען איינער פֿון די שטאַרקע כאַראַקטערע, וועלכע לאָזען זיך ניט אָבשרעקען פֿון קיין זאַך.

מען האָט איהם אויסגעהונגערט, נאָר ער איז געבליבען שטום; מען האָט איהם אין קייטען געשלאָסען, איהם אָנגעטהאָן אַלערליי ענוים—ער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט.

די אַדמיניסטראַציע האָט צונויפֿגעקליבען גענוג בעווייזע געגען מאַקאַי'ן. מען וואָלט איהם געקענט שיקען צום עשאַפֿאָט, אָבער דעם גובערנאַטאָר האָט זיך געגלוסט מאַכען אַ גרויסען פּראָצעס. ער האָט געוואָלט אויסגעפֿי-נען די גאַנצע געהיימע באַנדע, וועלכע איז געשטאַנען אונטער מאַקאַי'ס פֿיהרערשאַפֿט.

און ער האָט זיך דערוואַרט דערויף.

איין אָוועגד האָבען צוויי וועכטער בעמערקט אין וואַלד אַ פֿערזאַמלונג פֿון ווייסע מענשען. דאָס זיינען געווען מאַקאַי'ס פֿריינד. זיי האָבען זיך בע-ראַטהען ווי אַזוי צו בעפֿרייען זייער פֿיהרער פֿון געפֿענגניס, און ס'איז בע-שלאָסען געוואָרען צו מאַכען אַן אָנפֿאַל אויף דער טורמע אינאיינעם מיט אַ מחנה קאַנאַקען, וועלכע האָבען געוואָלט בעפֿרייען עטליכע פֿון זייערע ברי-דער. די צוויי וועכטער האָבען אַלעס איבערגעגעבען דעם גובערנאַטאָר, און דער סוף איז געווען, אַז מאַקאַי'ס חברים זיינען אַריינגעפֿאַלען צו דער אַד-מיניסטראַציע אין די הענד.

מען האָט אַלזאָ געהאַט די גאַנצע „שוואַרצע באַנדע", ווי מען האָט זיי גערופֿען.

דער גובערנאַטאָר האָט געשיינט פֿאַר פֿרייד.

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, זייט ער איז געקומען קיין ניי-קאַלעדאָ-ניען, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען עפּעס אויפֿצוטהאָן.

דער טריבונאַל פֿון דער קאָלאָניע האָט זיך פֿערזאַמעלט און דער גרוי-סער פּראָצעס האָט זיך ענדליך אָנגעפֿאַנגען.

אינאיינעם זיינען געוו‍ען דרייסיג אָנגעקלאָגטע.

פֿאַר זיינע ריכטער האָט זיך מאַקאַי געהאַלטען אַזוי ענערגיש, אַזוי מוטהיג ווי מען קען זיך נור משער זיין.

— יאָ,—האָט ער געזאָגט,—איך האָב גע׳הרג׳עט מענשען, אונטער־געצונדען הייזער, און איך האָב קיין חרטה ניט אויף קיין איינציגע זאַך, וואָס איך האָב געטהאָן.

„די מענשען, וואָס איך האָב גע׳הרג׳עט, זיינען געווען „שלעכטע ברי־דער", ענגאָאיסטען, וועלכע האָבען געהאַט בלויז זיך אין זינען, און לעבענ־דיג בהרחבה האָבען זיי קיינמאָל ניט געוואָלט געבען אַ שטיקעל ברויט די אונגליקליכע, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען פֿון הונגער ס׳איז אמת, אַז איך האָב בעגאַנגען פֿערשיעדענע פֿערברעכען, נאָר איך האָב זיך גאָרניט וואָס פֿאָרצוואוואַרפֿען.

„איך בין געקומען אַהער, ווייל ניי־קאַלעדאָניען איז געווען אַ נייע קאָ־לאָניע; ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל דאָ קענען אַרבייטען און פֿערדיענען גענוג אויף צו לעבען.

„כ׳האָב געאַרבייט ווי אַ נעגער, טאָג און נאַכט, געגראָבען, געאַקערט, און אַז עס איז געקומען דער טאָג, ווען די ערד איז דורך מיין שווערער אַר־בייט פֿרוכטבאַר געוואָרען, האָט מען זי ביי מיר צוגענומען. מענשען, וועלכע איך האָב ניט געקענט און קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהן, זיינען געקו־מען און האָבען זי ביי מיר אַוועקגערויבט.

„דאַן בין איך פֿון אַן אַרבייטער געוואָרען אַ רעבעל.

„איך האָב אויף׳ן אינזעל בעגעגענט אַסך קאַמעראַדען, וועלכע האָבען זיך אויך געהאַט גענוג צו בעקלאָגען אויף דער אונגערעכטיגקייט פֿון דער אַדמיניסטראַציע.

„כ׳האָב זיי פֿערזאַמעלט אַרום מיר, און זיי אַזוי געזאָגט: „וויבאַלד מען רויבט ביי אונז אַוועק דאָס וואָס מיר פֿערמאָגען, און מיר קענען ניט לעבען פֿון אונזער אַרבייט — לאָמיר זיך אַלזאָ אָרגאַניזירען און אויספֿליגדערן די, וועלכע עקספּלואַטירען אונז."

פֿערשטעהט זיך, אַז די שפּאָגעל נייע טהעאָריע האָט געקלונגען מאָדנע די ריכטער אין די אויערן.

מאַקאַי איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צום טויט. זיינע חברים, ווידער, האָט דער קריעגס געריכט פֿער׳משפּט צו פֿערשיעדענע שטראָפֿען פֿון פֿינף ביז צוואַנציג יאָהר קאַטאָרגע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳האָט זיך מיר ניט אָנגעהויבען חלום׳ן אפילו, אַז די אידעען, וואָס מאַקאַי האָט אויסגעדריקט פֿאַר זיינע ריכטער, זאָלען מיר פֿערשאַפֿען צרות.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך איינגערעדט, אַז דאָס האָב איך אַוודאי גע־מוזט פּריידיגען פֿאַר די אויסטראַליער און זיי מאַכען פֿאַר רויבער.

ער האָט מיך געשיקט רופען און מיט אַ ברוגז'דיגען טאָן האָט ער מיר געזאָגט:

— דאָס זיינען, הייסט עס, אייערע נאַרישע אוטאָפּיעס. די קאָלאָניסטען האָבען זיך געלעבט רוהיג דאָ אויף'ן אינזעל, זייט איהר געקומען און גלייך האָבען זיי זיך אויפגעהויבען און געמאַכט אַ בונט.

כ'האָב אָנגעקוקט דעם גובערנאַטאָר מיט ערשטוינונג.

— אָה! זוכט זיך אַקאָרשט ניט אַרויסצודרעהען, כ'ווייס וואָס איך רייד. איהר האָט פּערדאָרבען די בעסטע עלעמענטען, וואָס מיר האָבען דאָ געהאַט.

— מיין הערר, — האָב איך געענטפּערט, — איהר רעדט נאַרישקייטען.

— נאַרישקייטען, זאָגט איהר? נאַרישקייטען? איהר סמייעט צו זאָגען, אַז...

— כ'האָב פון תמיד אָן געהאַט די געוואוינהייט אַרויסצוזאָגען אָפען דאָס וואָס איך דיינק. יאָ, ס'איז לעכערליך דאָס, וואָס איהר דערצעהלט דאָ. איהר זייט דאָך געווען אויף מאַקאי'ס פּראָצעס און איהר האָט, דוכט זיך, געהערט וואָס ער האָט געזאָגט. ער האָט ערקלעהרט, אַז די אונגערעכטיגקייטען פון אייערע טשינאָווניקעס האבען איהם געמאַכט פאַר אַ רעבעל. דיזער מאַן האָט געהאַט אַביסעל געלד, אַ שטיק ערד, וועלכע ער האָט בעאַרבייט און פּרוכטבאַר געמאַכט, און איהר האָט איהם בערויבט און רואינירט. שטעלט זיך פאָר, הער גובערנאַטאָר, ווען אונבעקאַנטע מענשען זאָלען קומען און צונעהמען ביי אייך אייער פלאַץ און חרוב מאַכען אייער הויז... וואָס וואָלט איהר געטהאָן?

דער גובערנאַטאָר האָט אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

— כ'האָב סאָלדאַטען, וואָס היטען מיך אָב.

— אַה, אָט דאָס איז דאָס! איהר האָט סאָלדאַטען איידער צו היטען. איהר זייט, הייסט עס, בעשיצט. נאָר אַז מאַקאַי וואָלט אויך געהאַט סאָלדאַטען, ווי מיינט איהר, וואָלט מען געקימען אויף אַזאַ גרוויזאַמען אופן אַוועקרויבען ביי איהם זיין ערד?

דער גובערנאַטאָר האָט גאָרנישט געענטפערט.

ער איז אַ ווײַלע אַרומגעגאַנגען ביי זיך אין צימער הין און צוריק. דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופען:

— יאָ, יאָ, איהר זייט אַן עקשן'טע, מען וועט אייך שוין קיינמאָל ניט איבערמאַכען.

דאַן האָט ער צוגעלייגט:

— דאָך דיינק איך ניט, אַז איהר זייט אַ שלעכטע פרוי. מען האָט אייך צודרעהט דעם מוח פון קינדווייז אויף. ס'איז אודאי ניט אייער שולד... די שלעכטע ערציהונג, שלעכטע ביישפּיעלען...

— איהר האָט אַ טעות, מיין הערר, — האָב איך געענטפערט — אויב דער מוח איז מיר צודרעהט, ווי איהר זאָגט, דאָס הייסט, אויב איך דיינק ניט

פונקט ווי איהר, איז דאָס בלויז דערפֿאַר, ווייל איך בין געווען אין דער שולע פֿון לעבען, ווייל איך האָב בעגריפֿען, אַז עס זיינען פֿאַרהאַן מענשען וואָס ליידען און אַז זיי ליידען ניט צוליעב זייער שולד, מחמת אין דער עקאָנאָמי-שער אזוי ווי אין דער פּאָליטישער אָרדנונג האָב איך בעגעגענט בלויז—אונגערעכטיגקייט. פֿון דאַן אַן האָב איך אַלזאָ אָנגעהויבען בעטראַכטען דאָס לעבען פֿון אַ ריין פֿילאָזאָפֿישען שטאַנדפּונקט. כ'האָב גענומען פריידיגען פֿאַר מיינע קאַמעראַדען די אָבשאַפֿונג פֿון אויטאָריטעט אינטער אַלע פֿאָרמען, אַ פֿרייען, אימער אויפֿלייזבאַרען אָבמאַך; די פֿרייע אַרבייט, וועלכע איז ניט אונטערוואָרפֿען וואָס פֿאַר ס'איז אויסערליכע כחות; די פֿרייהייט פֿון דעם אינדיווידואום, זיך אָרגאַניזירענדיג, לעבענדיג אינאַבהייגיג, פּראָדוצירענדיג לויט זיינע פֿעהיגקייטען און פֿערברויכענדיג לויט זיינע בעדירפֿניסען.

דער גובערנאַטאָר האָט אויסגעשמעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגען.

ער האָט ניט פֿערשטאַנען קיין איין וואָרט פֿון דעם, וואָס איך האָב נאָר וואָס געזאָגט.

— דאָס אַלעס זיינען פֿראַזען, — האָט ער געמורמעלט, — פֿראַזען, ווייטער גאָרנישט. יעדענפֿאַלס וועל איך מוזען אכטונג געבען אויף אייך. מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַז איהר האָט אויפֿגעפֿאָדערט די קאַנאַקען צו מאַכען אַ בונט.

— מען האָט אייך מן הסתם דערצעהלט נאָך אַסך אַנדערע זאַכען אויך. איהר געדיינקט דאָך נאָך אודאי, ווי אייער פֿריינד מאַראָ, דיזער סימפּאַטישער פֿערברעכער, האָט דערצעהלט, אַז איך פֿלעג אַרויפֿגעהן ביינאַכט אויף'ן באַרג מבע און דאָרטען אָנצינדען גרויסע פֿייערן...

— לאָמיר בעסער ניט ריידען פֿון מאַראָ'ן.

— וואָס שאַדט עס? לאָמיר יאָ ריידען פֿון איהם. מיינט איהר ווירקליך, אַז מיט אַזעלכע חברה-לייט וועט איהר קענען פֿיהרען די קאָלאָניע?

— ביי מיין וואָרט, איהר האָט דאָך גאָר בדעה מיר צו געבען עצות, ווי אַזוי צו רעגירען.

— וואָס קען דאָס אייך אַרען? קיינער הערט דאָך ניט וואָס מיר ריידען.

דער גובערנאַטאָר האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— איך וואָלט אייך געקענט געבען אַ מיטעל ווי אַזוי זיך אויפֿצופֿיהרען, און איהר וואָלט דאַן פֿערשפּאָרט אַרויסצורופֿען געגען אייך פֿערדרוס און פֿעראַכטונג. פֿריהער פֿון אַלצדינג מוז מען זיין גערעכט...

— וואָס זשע, ווילט איהר, הייסט עס, בעהויפּטען, אַז איך בין ניט גערעכט אין מיינע אורטהיילען און האַנדלונגען?

— געוויס זייט איהר עס ניט.

— און די בעווייזע?

— גאַנץ איינפֿאַך. אַז איהר וואָלט געהאַנדעלט לויט דער גערעכטיג-קייט, וואָלט ניט מעגליך געווען, אַז אונגליקליכע קאָלאָניסטען זאָלען קענען

אַזוי געמיין עקספלואַטירט ווערן פֿון שווינדלערישע און פֿערברעכערישע „אַגענטען".

— איהר בעלײדיגט מיינע בעאַמטע, איך קען דאָס ניט דערלאָזען.

— ניין, איך זאָג בלויז די וואַהרהייט. איהר קענט דאָך די געשיכטע פֿון דעם קאָלאָניסט ברידו?

— ברידו? ווער איז דאָס? — האָט דער גובערנאַטאָר געפֿרעגט.

— זעהט איהר שוין, איהר ווייסט אפילו ניט, וואָס עס קומט פֿאָר ביי אייך אין דער קאָלאָניע. נו, ברידו איז געווען אַן אָרעמער, גוטער מענש, וואָס איז אַריבערגעקומען אַהער מיט אַביסעל געלד.

— און האָט עס מן הסתם אויפֿגעגעסען?

— ניין, מען האָט עס ביי איהם צוגע׳גנב׳עט.

— און דער נאָמען פֿון דעם גנב?

— נאַפיע.

— אָט דער אונגליקליכער, וועלכער איז אויף אַזאַ געמיינעם אופן ער־מאָרדעט געוואָרען פֿון אַ באַנדיט.

— דער מערדער זיינער איז ניט געווען אין גאַנצען אומגערעכט.

— אַזוי, אַז איהר פֿערטהיידיגט דעם פֿערברעכען, איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידען מיט אייך.

— פֿאַרהאַן פֿערברעכען, וועלכע מוזען פֿערטהיידיגט ווערן. ברידו׳ס איז אייננס פֿון זיי. דער „אַגענט" נאַפיע האָט איהם אויף אַ געמיינעם אופן בע׳גנב׳עט, האָט איהם רואינירט. ברידו האָט זיך נוקם געווען, מען קען אויף איהם קיין פֿעראיבעל ניט האָבען. ווען אַלע עקספלואַטירטע וואָלטען בעזייטיגט זייערע עקספלואַטאַטאָרס, וואָלטען זיי, די עקספלואַטאַטאָרס הייסט עס, אפשר געוואָרען אַביסעל לייטישער.

דער גובערנאַטאָר האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און גאָרנישט גע־זאָגט.

נאָר אין אַ ווײלע אַרום האָט ער געפֿרעגט:

— וואָס איז געוואָרען פֿון דיזען ברידו?

— איהר זעהט ווי איהר ווייסט קיין זאַך ניט. ער האָט זיך אויפֿגע־האַנגען.

— ער האָט זעהר גוט געטהאָן, — האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט.

נאָר אין דער רגע איז אַריינגעקומען אַן אָפֿיציר צום גובערנאַטאָר אין שטוב.

דער גרויסער פריץ האָט זיך, ווייזט אויס, פֿערשעהמט, וואָס מען האָט איהם געפֿונען, האָבענדיג אַ געשפרעך מיט מיר, וואָרים ער האָט גלייך גע־ענדערט זיין האַלטונג. מיט אַ גראָבען טאָן האָט ער זיך געווענדעט צו מיר:

— נאַ, איהר קענט געהן, איך וועל שוין זעהן, מען זאָל אַכטונג גע־בען אויף אייך און זיך צוקוקען צו דעם, וואָס איהר טהוט.

איך האָב גאָרנישט געענטפֿערט און בין אַרויס.

— — — — — — — — — — — — — —

מאַקאַי׳ס הינריכטונג איז ניט אַריבער אַזוי לייכט.

פֿון אַ צייט אָן האָט די אַדמיניסטראַציע געהאַט גרויסע שוועריגקייטען זיך צוציקלייבען אַ תליון. איינמאָל האָט מען שוין געפֿונען איינעם, אַ פּאַריזער קצב, וואָס האָט זיך אונטערגומען אויסצופֿיהרען די אַרבייט. ער האָט גע-מיינט, אַז עס איז אַ קלייניגקייט, ווי באַלד ער האָט געקענט קוילען אָקסען, וועט איהם אויך ניט שווער אָנקומען אָבצוהאַקען מענשען די קעפּ. אָבער ער האָט אַ ביטערן טעות געהאַט. ס׳איז איהם גאָרניט געגאַנגען. ביי דעם ערשטען קאָפּ, וואָס ער האָט געדאַרפֿט אַרונטערנעהמען, האָט ער זיך אַזוי מורא׳דיג אָנגעהאָרעוועט און אַזוי באַרבאַריש צוקאַרדאַשעט דעם פֿעראור-טהיילטען, אַז עס האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ פּראָטעסט פֿון די צושויער, און דער הענקער האָט פֿערלאָרען די שטעלע.

ער האָט אפילו גע׳טענה׳ט, אַז ניט ער נאָר די גיליאָטינע איז שולדיג, אַז זי איז פֿערזשאַווערט, אַז דער מעסער איז שטומפּיג און נאָך אַזעלכע טענות, נאָר ס׳האָט איהם גאָרניט געהאָלפֿען. דער גובערנאַטאָר האָט געהיי-סען, מען זאָל זוכען אַן אַנדער הענקער.

קיין סך האָט דער פּאַריזער קצב אפילו ניט פֿערלאָרען, מחמת אין ניי-קאַלעדאָניען בעצאָהלט זיך די „מלאכה" פֿון קעפּ-שניידעריי זעהר שלעכט. קיין שטענדיגען געהאַלט קריגט דער תליון גאָרניט. ער מאַכט שטיק-אַרבייט... און בעצאָהלט קריגט ער ניט מיט מזומנים, מיט געלד, נאָר מיט לעבענס-מיטעל: צוויי פֿלעשער וויין, זעקס קעסטלאַך סאַרדינען און אַכט פֿונט וויים-ברויט— דאָס איז דער פּרייז פֿאַר יעדער הינריכטונג...

ס׳איז דוכט זיך, גאָרניט קיין סך, נאָר גאַנץ גענוג פֿאַר אַן אָרעמען איינוואוינער פֿון ניי קאַלעדאָניען, איהם צו מאַכען פֿאַר אַ הענקער.

מען וואָלט געדאַרפֿט זעהן, וואָס פֿאַר אַ געלויף ס׳איז געווען, ווען די אַדמיניסטראַציע האָט דערנאָך געלאָזט וויסען, אַז זי זוכט אַ נייעם קעפּ-שניידער. אין די צעהנדליגע זיינען זיי געקומען, די קאַנדידאַטען. מען האָט זיי געשטעלט צום עקזאַמען, און ענדליך איז איינער פֿון זיי בעשטימט גע-וואָרען אַלס הענקער.

אין דער ערשטער קאָפּ, וואָס דיזער פֿרישער תליון האָט געדאַרפֿט אָב-האַקען, איז געווען מאַקאַי׳ס. און ער האָט קיין מזל ניט געהאַט דערביי.

ווי ער האָט נור דערזעהן דעם פֿעראורטהיילטען, האָט ער גענומען צי-טערן ווי אַ בלאַט.

מאַקאַי האָט עס בעמערקט און געזאָגט:

— אויב דו ווילסט, גוטער ברודער, לאָמיר זיך בייטען מיט די פּלעצער, וועט עס בעסער געהן...

דער תליון האָט זיך כלומר׳שט געמאַכט האַרץ און איז צוגעגאַנגען צו דער גיליאָטינע, נאָר ער איז געווען אַזוי נערוועז, אַז ער האָט אַרונטערגע-לאָזט דעם מעסער, נאָך איידער דער קאָפּ פֿון דעם פֿעראורטהיילטען איז געלעגען אונטער איהם.

— צום ערשטען מאָל!—האָט מאַקאַי אַ געשריי געטהאָן מיט אַ פֿרעה-ליכען טאָן.

די צושויער זיינען געבליבען פֿערציטערטע.

ענדליך איז דאָס האַלב-קיילעכדיגע שטיק האָליץ אַרונטערגעפֿאַלען אויף מאַקאַי׳ס האַלז. ער האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבען, און פֿון דער גי-ליאָטינע האָט ער מיט אַ לאַכעדיגען קול אַרויסגעשריען:

— צום צווייטען מאָל!....

און דער תליון האָט ענדליך אָבגעטהאָן זיין אַרבייט.

דיזע האַלטונג מאַקאַי׳ס האָט שטאַרק איבערראַשט די אַרעסטאַנטען. ווי געוועהנליך האָט דיזע היגריכטונג אַרויסגערופֿען ביי זיי עראינערונגען וועגען אַנדערע קאַמעראַדען זייערע, וועלכע האָבען געהאַט דעם זעלבען סוף גאַניץ קאַלטבלוטיג האָבען זיי גערעדט פֿון די אַלע זאַכען. די אָפֿטע הינריכטונגען האָבען זיי געבראַכט דערצו, אַז זיי האָבען גאַניץ גלייכגילטיג געקוקט אויף דער גיליאָטינע. ס׳איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אין אַ פּאָר מאָנאַט אַרום נאָך מאַקאַי׳ס טויט האָט מען ווידער היגגעריכטעט צוויי מענשען פֿאַר אַ מאָרד, וואָס זיי האָבען בעגאַנגען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

## XVI

## אַ סדרה פֿון נייע צרות.

זייט דעם ווי די „שוואַרצע באַנדע" איז אַרעסטירט געוואָרען, האָט מען אַביסעל צורה געלאָזט די פֿערשיקטע, וועלכע מען האָט אַ צייט לאַנג שפּיאָ-נירט אַזוי ווי באַנדיטען.

און דאַן האָבען זיך ווידער אַמאָל גענומען יאַיוען נייע פלענער וועגען אַנטלויפֿען, נאָר מען איז געבליבען ביים טראַכטען דערפֿון.

ווי פערוסע האָט געזאָגט, צו אַנטלויפֿען איז נייטיג געוועזען אַ גוטע שיף, און די שיפֿען פֿון איגזעל זיינען געוועזען גוט בעוואַכט; מען האָט ניט געקענט צוקומען צו זיי.

דאָס לעבען האָט אָנגעהויבען ווערן מאָנאָטאָן.

עס האָבען זיך שוין מעהר ניט געמאַכט קיין געשעהעניששען, קיין קרי-גערייען מיט די וועכטער. ס׳איז אונז געוואָרען זעהר סקוטשנע.

מיר פֿלעגען אַרומלויפֿען איבער׳ן אינזעל, ניט ווימענדיג וואָס צו טהאָן מיט זיך.

איך האָב פֿון דאָס ניי איינגעפֿיהרט מיין שולע פֿאַר די קאַנאַקען ערגעץ אין אַ פֿעלד הינטער דעם שאָטען פֿון בוימער.

אַזוי ווי מען האָט מיר פֿערבאָטען צו לערנען מיט די נעגערס פֿראַנצוי-
זיש, פֿלעג איך מיט זיי זינגען, און איינער פֿון די פֿערשיקטע מיט'ן נאָמען
בערזשע פֿלעגט אינז בעגלייטען מיט זיין פֿידעל.

נאָר דער גובערנאַטאָר האָט עס ניט געוואָלט ליידען. איינמאָל האָט מען
מיר איבערגעגעבען אין זיין נאָמען, אַז איך טהאָר ניט אַריבערטרעטען אַ
געוויסען גרענעץ, אַזוי אַז מיין צוזאַמענטרעפֿען זיך מיט די קאַנאַקען איז
געוואָרען אונמעגליך.

דאָס איז געווען דום; מען האָט מיך פּשוט געוואָלט איינשליסען אין אַ
שטייג אַזוי ווי אַ ווילדע חיה. איך האָב זיך אַליוא געמאַכט ניט וויסענדיג.

דאַן האָט שוין דער גובערנאַטאָר מעהר ניט געקענט איינהאַלטען זיין כעס.

אַזוי ווי איך האָב זיך ניט געמאַכט קיין שום ווענען פֿון די בעפֿעהלען,
וואָס מען האָט מיר געגעבען, איז מען ענדליך געוואָרען גאַנץ שטריינג
צו מיר.

מען האָט מיך גאָר פּשוט פֿערשלאָסען ביי מיר אין שטיבעל און אַוועק-
געשטעלט ביי מיין טהיר צוויי שומרים צו היטען, איך זאָל ניט אַרויסגעהן.

אַכט טאָג האָב איך פֿון שטוב ניט אַרויסגעטראָטען.

ענדליך איז מיר נמאס געוואָרען צו זיין פֿערשפּאַרט; ערשט דאַן, ווען
מען איז אין תפיסה, פֿיהלט מען אויף ריכטיג דעם ווערטה פֿון דער פֿרייהייט.

איך האָב בעמערקט, אַז מיינע צוויי שומרים געפֿינען זיך אימער איינער
לעבען מיין טהיר, דער צווייטער לעבען פֿענסטער פֿון מיין שטיבעל.

אַזוי ווי די כאַטקע מיינע איז ניט געווען קיין שטאַרקע, האָט זיך מיר
איינגעגעבען צו מאַכען אין וואַנד אַ לאָך, גרויס גענוג צו קענען אַרויסגעהן
אויף דרויסען.

און ביינאַכט, בעת מיינע וועכטער זיינען געזעסען אויף זייערע פּלעצער
און געדרעמעלט, פֿלעג איך זיך שטילערהייט אַרויס־גנב'ענען אין אַוועקגעהן
צו די קאַנאַקען און אָנפֿיהרען דאָ־ט די שולע מיינע, פֿאַר וועלכע די אַדמי-
ניסטראַציע האָט מיך אַזוי גע'רודף'ט.

איך וועל קיינמאָל ניט פֿערגעסען די שעהנע אָוונדען, וואָס איך האָב
דאַן פֿערבראַכט צווישען די נעגערס. זעהר אינטערעסאַנט זיינען געווען די
שטונדען, ווען די קאַנאַקען פֿלעגען דערצעהלען זייערע מעשה'לאַך, די צווי-
בערהאַפֿטע לעגענדען זייערע. זיי זיינען אַזוי ריהרענד, אַזוי האַרציג; ס'הערט
זיך פֿון זיי אַרויס דער טיעפֿער שמערץ פֿון אַן אונטערדריקט פֿאָלק, וואָס
רייסט זיך צו רעוואָלטירען געגען זיינע פּייניגער.

איינמאָל ביינאַכט, ווען איך בין געזעסען צווישען מיינע קאַנאַקען, זיי-
נען פּלוצלינג אָנגעלאָפֿען עטליכע וועכטער. דאָס איז געווען אַן איבעראַשונג;
מיר האָבען זיך ניט געריכט אויף אַזעלכע „געסט".

אַזוי שנעל ווי איך האָב זיי דערזעהן, האָב איך זיך גלייך פֿערשטעקט
הינטער געדיכטע בוימלאַך און זיי האָבען מיך ניט בעמערקט.

ערשט שפעטער בין איך געוואָהר געוואָרען, וואָס דער דאָזיגער „בעזוך"
האָט בעדייטעט.

איינעם פֿון די שׁומרים, וועלכע האָבען מיך געהיט, האָט זיך יענע נאַכט
פֿערגלוסט אַ קוק טהאָן דורך׳ן פֿענסטער צו מיר אין שטיבעל אַריין.

אַזוי ווי ער האָט מיך ניט געזעהן, איז ער גאָר פּשוט אַריין אינעווייניג
אין איז גלייך אַרויסגעקומען צוריק מיט אַ ליאַרם.

באַלד האָט זיך די נייעס, אַז איך בין פֿערשוואונדען, צוטראָגען צווישען
אַלע וועכטער.

— לואיזע מישעל איז אַנטלאָפֿען,—האָבען געזאָגט די איינע.

— דיזע פֿרוי איז אַ כשׁיף מאַכערין,—האָבען בעמערקט די אַנדערע —זי
האָט געפֿונען אַ מיטעל, ווי אַזוי אַרויסצוגעהן פֿון איהר שטיבעל, קיינער
זאָל זי ניט בעמערקען.

פֿערשטעהט זיך, אַז מען האָט זיך גלייך אַרויסגעלאָזט אויף דער יאַגד,
מיך צו כאַפּען... נאָר אין דער צייט וואָס מען האָט מיך געזוכט, בין איך
שטילערהייט צוריקגעקומען אין לאַגער. אַזוי ווי אַ מויז האָב איך זיך אַריינ-
געגליטשט אין מיין כאַטקע און פֿערשטעלט צוריק דעם לאָך, וואָס איך האָב
געמאַכט אין וואַנד.

דערנאָך האָב איך זיך אַנידערגעלייגט אויף מיין בעטעל און געוואַרט.

באַלד האָב איך געהערט אַ שטילען גערויש אַרום מיין שטיבעל און אין
אַ ווייל׳ע אַרום האָב איך דערקענט די שטימען פֿון מיינע שומרים, וועלכע
האָבען גערעדט מיט׳ן גובערנאַטאָר.

זיי האָבען איהם פֿון בעט אַרויסגעשלעפּט מיט זייער טרעוואָגע. און אָט
איז ער אַרונטערגעקומען, דער פריץ, אום זיך צו איבערצייגען אין דער
שרעקליכער זאַך.

ס׳האָט זיך איהם גאָרניט געוואָלט גלויבען, אַז איך בין אַנטלאָפֿען.

— זייט איהר זיכער?—האָט ער איבערגעפֿרעגט די שומרים מיינע.

— אַבסאָלוט זיכער; איבעריגענס, קענט איהר זיך דאָך אַליין איבער-
צייגען דערין. קומט אַריין אין שטיבעל און איהר וועט זעהן, אַז דער פֿויגעל
איז ניטאָ...

מען האָט געעפֿענט די טהיר פֿון מיין שטיבעל. איינער פֿון די וועכטער
האָט געטראָגען אַ לאַמטערנע און איז געגאַנגען פֿאָראויס פֿאַר׳ן גובערנאַ-
טאָר, וועלכער האָט מיך מיט אַמאָל דערזעהן אויף מיין געלעגער און ער
האָט אַ געשריי געטהאָן:

— אָט איז זי דאָך!

די וועכטער האָבען אויפֿגעהויבען די אויגען און זיינען געבליבען שטעהן
ווי צומישטע.

— וואָס פֿערדרעהט איהר מיר דעם מוח?—האָט זיך דער גובערנאַטאָר
געבייזערט—וואָס זיינען דאָס פֿאַר מעשיות, האַ?

— אָבער איך זאָג אייך זיכער, הערר גובערנאַטאָר,—האָט זיך אָבגערופען איינער פון די שומרים.

— נאַ, זאָל זיין גענוג,—האָט איהם דער גובערנאַטאָר איבערגעשלאָגען די רייד.

איך האָב זיך געמאַכט, אָקוראַט ווי איך וואָלט זיך נאָר וואָס אויפגעכאַפּט פון זייערע רייד.

— ווער זייט איהר? — האָב איך אַ געשריי געטהאָן — וואָס דאַרפט איהר דאָ?

— בערוהיגט זיך, — האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט — ס׳איז אַן אָביסק.

— און זייט ווען מאַכט מען עס אָביסקעס ביי די פּערשיקטע אין די שטיבלאך?—האָב איך געפרעגט מיט אַ בייסענדען טאָן.

— ס׳איז אַ נייע געזעץ, — האָט ער געענטפערט און איז אַרויס פון שטיבעל.

איך האָב געהערט, ווי ער האָט אויף דרויסען נאָך אַמאָל אויסגעזידעלט די שומרים מיינע און זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלען זיך ניט דערוועגען מעהר שטערען זיין רוה און איהם אויפוועקען פון שלאָף.

פון יענער נאַכט אָן האָבען שוין די וועכטער, פערשטעהט זיך, מיך געהיט ווי געהעריג איז, און איך האָב ניט געקענט אַרויסגעהן פון שטוב.

נאָר דיזע לאַגע האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען האָב איך בעמערקט, אַז מיינע שומרים זיינען פערשוואונדען. איך בין אַלזאָ ווידער געוועזען פריי, נאָר מיין פרייהייט איז נאָך אלץ געוועזען בעגרענעצט: איך האָב ניט געטאָרט געהן צו די קאַנאַקען לערנען מיט זיי און פערברייגגען אין זייער געזעלשאַפט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין יענער צייט האָט אויף׳ן אינזעל אויסגעבראָכען זעהר אַן ערנסטער בונט.

איין אָוועגד האָבען זיך דריי הונדערט אַרעסטאַנטען צונויפגערעדט און זיך ענטזאָגט אַריינצוגעהן אין זייערע קעמערלאַך.

מען איז געצוואונגען געווען צו שיקען נאָך דעם מיליטער, אָבער די בונטאָווטשיקעס האָבען זיך געשטעלט געגען די סאָלדאַטען אויך און ניט נאָכגעגעבען.

איז דער גובערנאַטאָר אַליין אַרונטערגעקומען און האָט געהייסען שיסען אויף זיי.

הונדערט פופציג רעבעלען זיינען געפאַלען טויט.

אין דער צייט, וואָס דיזע אונרוהען זיינען פאָרגעקומען, האָט מען אין גאַנצען פערגעסען אָן די פּאָליטישע פערשיקטע און מען האָט זיי אויפגעהערט צו בעוואַכען.

עטליכע פֿון אונז האָבען אַלזאָ געזוכט אויכצינֿיצען דיזע געלעגענהייט אויף צו אַנטלויפֿען פֿון אינזעל.

און ס'האָט זיך זיי איינגעגעבען.

איין נאַכט זיינען זעכצעהן פֿערשיקטע אַנטלאָפֿען אויף אַ שיף, וואָס זיי האָבען געפֿונען ביים ברעג אין ביז וואַנעט די אַדמיניסטראַציע האָט זיך אומגעקוקט זיינען זיי שוין געווען ווייט אין ים.

מען האָט זיי ניט געפֿונען אין איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז זיי זיינען אַלע אָנגעקומען בשלום קיין מעלבורן, וואו זיי האָבען זיך בעזעצט.

איך וואָלט געקענט זיין צווישען דיזע אַנטלאָפֿענע אין מיר וואָלט אויף אַזאַ'ן אופן אויסגעקומען צו פֿערלאָזען דעם אינזעל אַביסעל פֿריהער, נאָר דעם טאָג, ווען מיינע פֿריינד זיינען אַוועקגעפֿאָהרען, בין איך געווען גע-פֿעהרליך קראַנק.

פֿערשטעהט זיך, אַז איך האָב עס בעדויערט פֿון גאַנצען האַרצען, נאָר ס'איז שוין ניט געווען צו העלפֿען; איך האָב אַלזאָ געמוזט ווייטער לעבען ווי עס האָט זיך געלאָזט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און די אַדמיניסטראַציע האָט ניט אויפֿגעהערט זוכען אַלערליי מיטלען, ווי אַזוי מיר צו פֿערבימערן דאָס לעבען.

כ'האָב געהאַט ביי מיר אין שטיבעל עטליכע טהיערע: פֿיער קעץ, צוויי הינטלאַך און אַ פֿויגעלע.

איין פֿריה-מאָרגען קריג איך אַ בעפֿעהל, איך זאָל גלייך פֿערטרייבען דיזע אָרעמע חיות און זיך מעהר ניט אָבגעבען מיט זיי.

וואָס פֿאַר אַן אורזאַכע האָט דער גובערנאַטאָר געהאַט צו וועלען צו-נעהמען ביי מיר אָט די טהייערע פֿריינד מיינע?—איך האָב עס ניט אָנגע-הויבען פֿערשטעהן.

מילא, האָב איך גענטפֿערט דעם, וואָס האָט מיר געבראַכט דיזען בע-פֿעהל, אַז איך וועל מיינע טהיערע ניט פֿעריאָגען פֿון זיך, און ניט קוקענדיג אויף דעם אוקאַז בלייבען זיי ביי מיר ווי ביז אַהער.

— דאַן וועט מען זיי הרג'ענען,—רופֿט זיך אָב דעם גובערנאַטאָר'ס שליח.

— כ'וואָלט געוואָלט זעהן, ווער ס'וועט סמייען עס צו טהאָן,—האָב איך געענטפֿערט.

— איהר וועט שוין זעהן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום לאָזט זיך אַ וועכטער ראַפּטום אַריין צו מיר אין שטוב.

— איך קום נעהמען די קעץ מיט די הינט,—מאַכט ער.

און ער לייגט צו די ווערטער:

— אַ בעפֿעהל פֿון דעם גובערנאַטאָר.

— געהט, זאָגט דעם גובערנאַטאָר, אַז די קעץ מיט די הינט וועלען בלייבען דאָ ביי מיר,—האָב איך געענטפערט.

— ס'הייבט זיך גאָרניט אָן,—האָט דער וועכטער געזאָגט — איך האָב אַ בעפעהל און איך מוז איהם דורכפיהרען.

— און איך זאָג אייך, אַז איהר וועט איהם ניט דורכפיהרען

אַזוי ווי דער וועכטער האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו מיינע חיה'לאַך, האָב איך געכאַפּט אַ שטיק אייזען און זיך געשטעלט איהם אין וועג.

דער בחור האָט צוריקגעטראָטען.

— ניט אַכטונג,—האָט ער זיך אָבגערופען.—דאָס הייסט זיך געבונטע-ועט. כ'וועל שיסען אויף אייך... כ'האָב אַ רעכט דערצו.

כ'האָב איהם אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגען און געזאָגט:

— שיסט, אויב איהר ווילט.

דער וועכטער איז געבליבען שטעהן אונענטשלאָסען. דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופען:

— גוט, גוט; מיר וועלען זעהן.

און ער איז נעלם געוואָרען.

כ'האָב זיך געריכט איהם ווידער צו זעהן ביי מיר אין שטיבעל מיט נאָך עטליכע פון זיינע חברים, אָבער דער טאָג איז אַריבער און קיינער האָט זיך ניט געוויזען.

אַ גאַנצער מאָנאַט איז פּערביי.

איין אָוועגד, צוריקקומענדיג אַהיים, האָב איך ניט געפונען מיינע אָרע-מע חיות.

מען האָט זיי צוגענומען אין מיין אָבוועזענהייט.

איך בין געוועזען אויסער זיך פאַר כעס.

כ'האָב ניט געוואַרט קיין מינוט און בין גלייך אַוועק צום גובערנאַטאָר און האָב פערלאַנגט, מען זאָל מיך צולאָזען צו איהם, ווייל איך האָב מיט איהם צו ריידען וועגען עפּעס וויכטיגעס.

די וועכטער, וואָס זיינען געשטאַנען בייס טהיר, האָבען זיך איינפאַך אויסגעלאַכט פון מיר.

— טראָגט זיך בעסער שוין אָב פון דאַנעט, — רופט זיך צו מיר אָב איינער פון זיי,—אַניט וועט זיין גאָרניט פריילאַך מיט אייך.

אָבער איך האָב זיי ניט צורוה געלאָזט אין געמאַכט אַזאַ ליאַרם, אַז דער גובערנאַטאָר האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך'ן פענסטער.

— וואָס טהוט זיך דאָ? וואָס וויל זי שוין ווידער האָבען, די דאָזיגע פרוי?—האָט ער געפרעגט.

אויסער זיך פאַר אויפרעגונג, האָב איך זיך פינאַנדערגעשריען:

— וואָס איך וויל? וואָס איך וויל, פרעגט איהר? נישקשה, איהר ווייסט גאַנץ גוט וואָס איך וויל, איהר האָט געהייסען צונעהמען ביי מיר מיינע

אָרעמע חיות. איהר מוזט זיי מיר אָבגעבען, גלייך אָבגעגעבען, הערט איהר?

דער גובערנאַטאָר האָט אַ ציה געטהאָן מיט די פּלייצעס אין גע- ענטפערט:

— זיי אויך אָבגעבען, דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ שווערע זאַך, ווייל... מען האָט זיי דער׳הרג עט.

— איהר האָט עס ניט געטהאָן! — האָב איך געזאָגט — ס׳איז אינ- מעגליך.

דער גובערנאַטאָר האָט צוגעמאַכט דעם פענסטער.

דאַן האָב איך זיך איינפאַך פערלאָרען און ווי אַ ווילדע האָב איך גע- נומען שרייען און ליאַרעמען.

די וועכטער האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן צו מיר און מיך אַריינגעפיהרט אין אַ קליין צימערל, בעלייכטעט פון אַ לעמפעל.

איך בין געבליבען דאָרט אַ דערשלאָגענע.

נאָר די, וועלכע האָבען זיך ווען עס איז אָבגעגעבען מיט חיות און געהאַט אַ געוויסע צערטליכקייט פאַר זיי, וועלען בעגרייפען, וואָס פאַר אַ קלאַפּ דאָס איז געווען פאַר מיר. מען האָט אַלזאָ ביי מיר אַוועקגערויבט די טהייערע וועזענס, וועמען איך האָב אַזוי ליעב געהאַט. אין דער געדאַנק, אַז עס קען געמאָלט זיין, אַז מען האָט זיי טאַקי צוגע׳הרג׳עט, האָט מיך ניט געלאָזט רוהען, כאָטש איך האָב עס בשום אופן ניט געוואָלט גלויבען.

און מערקווירדיג, בעת איך בין אַזוי געזעסען פערשפּאַרט אין מיין תפיסה, פערטיעפט אין די טרויעריגסטע געדאַנקען, האָט פּאַסירט אַ מאָדנער צופאַל, וואָס קלינגט עפּעס גאָרניט גלויבליך.

אַ שטונדע נאָבדעם ווי מען האָט מיך אַריינגעפיהרט אין קעמערל האָב איך מיט אַמאָל דערהערט אַ קוויטשעריי פון הינט און קעץ. איך האָב דערקענט מיינע חיה׳לאַך; זיי זיינען געווען פערשפּאַרט אין אַ צווייטען קעמערל לעבען מיינעם.

איך האָב זיי אָנגעהויבען רופען ביי זייערע נעמען און זייער בילען און מיאוקען איז נאָך שטאַרקער און פרעהליכער געוואָרען.

דאַן בין איך שוין געווען איבערצייגט, אַז בלויז אַ דינע הילצערנע וואַנד טהיילט מיך אָב פון מיינע ליבלינגע.

מיט אַ שפּיציגען מעסער, וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך, האָב איך אויסגעשניטען אַ לאָך אין וואַנד און מיינע הינטלאַך און קעצלאַך זיינען איינציגווייז אַריבער צו מיר אין קעמערל.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז דער גובערנאַטאָר געקומען זעהן וואָס מיט מיר טהוט זיך, און ווי ערשטוינט איז ער געוואָרען, ווען ער האָט גע- פונען די פאַמיליעטשקע מיינע לעבען מיר...

התחלת איז ער געווען זעהר אויפגעבראַכט, נאָר ער האָט זיך אַפּנים בערעכענט, אַז דער כעס זיינער וועט איהם גאָרניט העלפען, און מיט אַ ווייכען טאָן האָט ער געזאָגט:

— ווייבאַלד איהר האָט זיי געפֿונען, האַלט זיי, און געהט אַהיים, נאָר זעהט, אַז איך זאָל מעהר ניט הערעןריידען ווענגען אָט די מיאוס׳ע חיות אייערע, וואָרים דאָס מאָל מעגט איהר זיכער זיין, אַז איך וועל זיי לאָזען דערשיסען אויף טויט.

איך האָב זיך, פֿערשטעהט זיך, ניט געלאָזט לאַנג בעטען, און איך בין גלייך אַוועק אַהיים מיט מיינע חברה-לייט.

אַ צייט-לאַנג האָט מען מיך צירוה געלאָזט און ניט געטשעפּעט מיינע הינטלאַך און קעצלאַך. נאָר איין מאָל האָט איינער פֿון מיינע הינטלאַך געמאַכט אַ שפּאַס מיט אַ וועכטער: ער האָט איהם אַ ביס געטהאָן אין פּיס. איך האָב פֿערשטאַנען, אַז איצט איז אַ געפֿאַהר זיי צו האַלטען ביי מיר אין שטוב און איך האָב זיי איבערגעגעבען צו אַ בעקאַנטען קאַנאַקען-שבט. וואו מען האָט זיי אָבגעהיט און געפֿלעגט ביז וואַנעט די געשיכטע מיט׳ן וועכטער איז פֿערגעסען געוואָרען. אין איך האָב מיינע הינטלאַך און קעצעלאַך ווידער געקענט אַריינגנעהמען צו מיר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פֿון צייט צו צייט פֿלעג איך ערהאַלטען בריעף פֿון מיין מוטער, אין וועלכע זי פֿלעגט מיר אַלץ פֿערזיכערן, אַז איך וועל אין גיכען צוריקקומען קיין פֿראַנקרייך.

זי האָט מיר דערצעהלט, אַז עס הויבט אָן רוהיגער ווערן אין פראַנקרייך, און אַז די פֿעראורטהיילטע פֿון דער קאָמונע וועלען אָהן אַ שום ספק אין גיכען בעגנאַדיגט ווערן.

איהרע בריעף האָבען ביי מיר אַרויסגערופֿען אַ שמייכעל.

איך האָב ווינציג וואָס געגלויבט אין דער באַרמהאַרציגקייט פֿון אונזערע הערשער.

דערווייל איז אַוועק אַ שטיק צייט און מען האָט ניט אָנגעהויבען הערען פֿון קיין אַמניסטיע.

די אונגליקליכע, וועלכע האָבען געגלויבט און געהאָפֿט אויף איהר, זיינען אויסגעשטאָרבען, אַון דער בית עולם דאָרט אויף׳ן באַרג איז אַלץ פֿולער געוואָרען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל שפּעט ביינאַכט האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, איך האָב דערהערט אַ מורא׳דיגען געשריי, וואָס איז געקומען פון אַ וועלדעל ניט וויט פֿון מיין שטיבעל.

„דאָס מוזען די וועכטער מן הכתם ווידער אַמאָל צו׳הרג׳ענען אימיצען,” האָב איך זיך געטראַכט, און איך האָב זיך אָנגעטהאָן און בין אַרויס אַהין, פֿון וואַנעט די געשרייען זיינען געקומען.

פֿאַר מיינע אויגען איז געשטאַנען אַ מאַן, וואָס האָט געמאַכט אַלערליי משוגע׳נע העוויות, גערעדט אונפֿערשטענדליכע ווערטער און געמאַכט שרעק-

ליבע געוואַלדען. באַלד זיינען אָנגעלאָפֿען עטליבע וועכטער און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווילדער קאַמפף; זיי האָבען איהם בשום אופן ניט געקענט כאַפען. ענדליך האָט ער זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף אַ הויכען בוים און פֿון דאָרט האָט ער די וועכטער געסטראַשעט, אַז ער וועט יעדען איינעם צו-שפּאַלטען דעם קאָפּ, ווער עס וועט פּרוּוען אַרויפֿצוקריכען אויף׳ן בוים.

די וועכטער האָבען בעשלאָסען איהם אויסצוהונגערן אויבען אויף׳ן בוים. און זייער מיטעל האָט געווירקט; ער איז אַליין אַרונטער פֿון בוים און האָט זיך איבערגעגעבען צו זיי אין די הענד.

ווער איז געווען דיזער מאַן? די וועכטער האָבען אומזיסט געפֿרעגט און געפֿרעגט, אַלעס וואָס זיי האָבען געקענט דערגעהן איז געווען, אַז ער איז ניט ביים זינען. ער אַליין האָט ערקלעהרט, אַז ער געדיינקט קיין זאַך ניט, ער ווייסט נור, אַז ער איז מיט אַמאָל משוגע געוואָרען, ווי אַזוי, ווייסט ער אַליין ניט.

ערשט שפּעטער בין איך גטוואָהר געוואָרען, אַז דאָס איז געווען אַן אָפּפֿער פֿון אַ געוויסען געטראַנק, אַ מין גיפֿט, וואָס די אַרעסטאַנטען פֿלע-גען אָפֿט בענוצען, אום אויפֿצורייצען איינעם פֿון זיי און איהם מאַכען פֿאַר אַ ווילדע חיה.

גיט איינמאָל האָט עס שוין פּאַסירט, אַז מען האָט אויף אַזאַ׳ן אופן אָבגעראַמט געוויסע רשעות׳דיגע וועכטער פֿון וועג. די אַרעסטאַנטען בע-שליסען, אַז דער און דער וועכטער מוז שטאַרבען. מען וואַרפֿט גורל, ווער עס זאָל אָבטהאָן דאָס שטיקעל אַרבייט. איינער פֿון זיי קלייבט זיך אַליין אויס צו זיין דער מערדער. נאָר ער וויל ניט, ער קען ניט.

מיט טרעהרען אין די אויגען בעט ער זיך ביי זיינע קאַמעראַדען, זיי זאָלען איהם בעפֿרייען פֿון דיזער אונאַנגענעהמער אַרבייט, זיי ווילען ניט ווי-סען דערפֿון: ער מוז ערפֿילען זיין פֿליכט... ער שפּאַרט זיך איין איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל, ער וועט עס ניט טהאָן, און ווען עס זאָל איהם אפילו קאָס-טען זיין אייגען לעבען. און עס דוכט זיך, ער וועט עס קיינמאָל, קיינמאָל ניט טהאָן.

נאָר דאָ געהט צו איינער פֿון דער חברה און זאָגט:

— וואַרט אויס, ער וועט עס שוין באַלד טהאָן!

און זיך ווענדענדיג צו דעם „קאַנדידאַט" אויף מאָרד מיט אַ פֿלעשעלע אין דער האַנד, זאָגט ער:

— נאַ, טרינק!

און ער טרינקט אויס די משקה. אינסטינקטיוו טהוט ער עס, ניט בע-רעכענענדיג קיין זאַך.

נאָר אַזוי גיך ווי ער האָט אויסגעטרונקען דעם גיפֿט, ווערט ער גאָר אַן אַנדער מענש. מען דאַרף איהם שוין ניט הייסען הרג׳ענען דעם וועכטער; ער לויפֿט אַליין עס טהאָן. און ווען וואָלט געווען צו דעם, וואָס זאָל איהם ווערען אָבהאַלטען דערפֿון!

אזאַ פֿינסטערע גבורה האָט דיזער געטראַנק אין זיך.

אַז איך פֿלעג זיך אַמאָל דערמאָנען, מיט וואָס פֿאַר אַ רציחה, מיט מיט וואָס פֿאַר אַ משוגע׳נער ווילדקייט דער גענעראַל גאַליפֿע איז אַרומגע-לאָפֿען אין די גאַסען פֿון פּאַריז אין דער צייט פֿון דעם אויפֿשטאַנד אין 1871טען יאָהר, האָב איך זיך אָפֿט געפֿ־עגט, צי דער דאָזיגער בלוט-הונד פֿלעגט ניט אַקאָרשט נעהמען אַ טרונק פֿון דיזען גיפֿט, יעדעס מאָל, וואָס ער פֿלעגט זיך אַרויסלאָזען אויף די פּאַריזער.

ס׳איז פּשוט געווען אונמעגליך, אַז אַ מענש זאָל קענען אַזוי זיך, קאַלטבלוטיג, זיין אַזוי ווילד, אַזוי גרויזאַם.

ווער ס׳האָט ניט געזעהן גאַליפֿע׳ן אין דער קאַזאַרמע „די פֿלעקס״, אין דער גאַס „קליניאַנקור״ און אויף׳ן „גרענעל״, קען זיך גאָר קיין בעגריף ניט מאַכען וואָס פֿאַר אַ ווילדער טיגער דאָס איז.

איך האָב אַליין מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן, ווי ער האָט צו-שפּאָלטען די קעפּלאַך פֿון קליינע קינדער... איך האָב געזעהן, ווי ער האָט אויף דעם גרויזאַמסטען אופֿן מיט זיין שווערד דורכגעשטאָכען פֿיעלע פֿרויען!...

## XVII

# איך פֿערלאָז דעם האַלב־אינזער דיקאָס.

איין פֿריה-מאָרגען קומט דער קאַמעראַד אָברי אַריין צו מיר אין שטיבעל און זאָגט:

— איהר ווייסט, מיין גוטע לואיזע, אַז מען טראַכט גאַנץ ערנסט וועגען אונז אין פֿראַנקרייך... ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז מיר זאָלען גאָר אין גיכען האָבען אַן אַמניסטיע.

— אַן אַמניסטיע?... ווער רעדט עס פֿון אַן אַמניסטיע?—האָט אַ פֿרעג געטהאָן איינער פֿון אונזערע חברים ניט׳ן נאָמען טרינקע, וועלכער איז גראָד אַריינגעקומען צו מיר.

— אוך רייד דאָס,—האָט געענטפֿערט אָברי.

— וואָס זשע, ביסט משוגע? די קאַנאַליעס, וועלכע האָבען אונז פֿער-שיקט אַהער, וועלען אונז אַזוי גיך ניט בעגנאַדיגען... בערעכבען פֿאָרט זיי זיינען גאַנץ רוהיג און זיכער איצט, ניטאָ מעהר וואָס מורא צו האָבען פֿאַר בונטען, פֿאַר אַן אויפֿשטאַנד. אַז מען וועט אונז ערלויבען צוריקקומען קיין פֿראַנקרייך, וועט זיך אָנפֿאַנגען אַן אַגיטאַציאָן, וואָרים דו פֿערשטעהסט דאָך מן הכתם, אַז מיר אַלע, וויפֿיעל מיר זיינען דאָ, וועלען דאָך ניט זיצען מיט די הענד אין די קעשענעס און גאָרנישט טהאָן...

— דאָס איז אמת,—האָט אָברי געענטפֿערט.

— אַחוץ דעם,—האָט טרינקע געזאָגט—קען די אַמניסטיע ניט דורכ-געהן, על כל פּנים ניט איצט. פֿאַרהאַן נאָך גענוג מערדער אין פּאַריז.

טרינקע האָט אַ טעות געהאַט און ער וואָלט זיכער נשתומם געוואָרען, ווען מען זאָגט איהם דאַן, אַז ער וועט איבער אַ יאָהר שטעהן אַלס קאַנדידאַט ביי די שטאָדט-וואַהלען פון פאַריז.

און די בריעף, וואָס איך האָב ערהאַלטען פון מיין מוטער, האָבען געהאַלטען אין איין ריידען פון דער דאָזיגער אמניסטיע, אין וועלכער מיר האָבען ניט אָנגעהויבען גלויבען.

— האָף, לואיזע—האָט מיר מיין מוטער געשריבען,—פערליר ניט קיין האָפנונג; מיר וועלען זיך אין גיכען זעהן.

די אָרעמע פרוי האָט מיר ניט געשריבען, אַז זי איז אין יענער צייט געוועזען געפעהרליך קראַנק.

די פערשיקטע, וואָס האָבען פערבראַכט פינף יאָהר אויף דעם האַלב-אינזעל דיקאָס, אויב זיי האָבען נור געהאַט אין דער האַנד אַ פראָפעסיאָן, מיט וועלכער זיי זאָלען זיך קענען ערנעהרען, האָבען זיי געמעגט זיך בעזעצען אין נומעאַ, נאָר בתנאי, אַז די אַדמיניסטראַציע זאָל זיי ניט דאַרפען געבען צום לעבען.

פיעלע פון מיינע פריינד האָבען מיר געגומען איינריידען, איך זאָל זיך אַריבערציהען קיין נומעאַ.

— פאָהרט אַריבער אַהין,—האָבען זיי מיר געזאָגט—איהר וועט דאָרט יעדענפאַלס זיין גליקליכער איידער דאָ.

— וואָס זשע, איך פיהל זיך דען ניט גליקליך דאָ?—האָב איך געענטפערט.

— פאַרוואָס ווילט איהר, איך זאָל זיך געפינען צווישען די אונטערדריקער?

— איהר קענט דאָרט קריגען אַ שטעלע אַלס לעהרערין,—האָבען מיינע פריינדע געזאָגט,—און איהר קענט אויף אַזאַ'ן אופן זיין ניצליך פאַר אייערע קאַמעראַדען, דערמיט וואָס איהר וועט לערנען מיט זייערע קינדער.

איך האָב גענומען עטליכע טעג זיך מישב צו זיין.

בטבע בין איך ניט קיין ליעבהאָבערין פון ענדערונגען, יעדענפאַלס אין דעם וואָס איז שייך מיין אייגענע פערזאָן.

איך האָב אימער געפריידיגט און איך וועל אימער פריידיגען דעם גרויסען סאָציאַלען אומבייט, נאָר וואָס אַנבעלאַנגט מיך גופא, קענען די ערשיינונגען האָבען אַ קנאַפען רושם אויף מיר.

נאָר ענדליך האָב איך זיך דאָך ענטשלאָסען צו פערלאָזען דעם האַלב-אינזעל דיקאָס, און איך בין אַוועק אויפזוכען אַלע מיינע פריינד, אום זיך מיט זיי צו געזעגענען.

מיט טרעהרען אין די אויגען האָבען זיי מיר געדריקט די האַנד, און פיעלע פון זיי האָבען ביי זיך אָבגעמאַכט נאָכצוקומען קיין נומעאַ, אויב עס וועט זיך זיי איינגעבען אַרויסצוקריגען אַן ערלויבעניש דערצו.

דער גובערנאַטאָר, וועלכער איז געוועזען זעהר גליקליך וואָס ער ווערט פטור פון מיר, האָט מיך בעגעגענט מיט אַ שמייכעל אויף'ן פנים.

— אַה! איהר פֿאָרט אַוועק פֿון דאַנעט?—האָט ער געזאָגט. — ס'איז שוין ווירקליך צייט!

— כ'בין אייך, הייסט עס, געווען אין וועג?—האָב איך געפֿרעגט.

— ניין, דאָס גראָד ניט, נאָר איך וואָלט אייך בעסער וועלען האָבען ווייט פֿון מיר.

איך האָב זיך צולאַכט און דער גובערנאַטאָר איז אַוועק, ציהענדיג מיט די פּלייצעס.

איך מאָרגען אין דערפֿריה בין איך ענדליך אָבגעפֿאָהרען קיין נומעאַ.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב זיך געפֿיהלט אַביסעל צומישט, ווען איך בין אַריין אין שטאָדט; אַזוי ווי אַ בויער, וואָס קומט זעהר זעלטען פֿון דאָרף אין שטאָדט אַריין.

איך האָב שוין לאַנג אַזוי ניט געהאַט געזעהן קיין הייזער און קיין גאַסען!

דעם ערשטען בעזוך האָב איך געמאַכט דעם הערר סימאָן, דעם מעיר פֿון נומעאַ, צו וועמען איך האָב געהאַט אַ רעקאָמאַנדאַציע.

ער האָט מיך אויפֿגענומען זעהר פֿריינדליך. ער האָט געקענט מיין גאַנצע געשיכטע, און אויב ער איז ניט געווען איינפֿערשטאַנדען מיט מיינע פּאָליטישע אידעען, האָט ער עס אָבער מיט קיין האָר אפילו ניט געגעבען צו מערקען.

— איהר זייט אַ לעהרערין, כ'ווייס עס,—האָט ער געזאָגט—נאָר אום איינצופֿעפֿנען די שולע, וואָס איהר ווילט דאָ גרינדען, מוזט איהר האָבען אייערע פּאַפּירען און אייערע צייגניסע. איהר האָט זיי דאָך מן הסתם מיט זיך?

— ניין,—האָב איך געענטפֿערט.

— דאָס מאַכט ניט אויס, כ'וועל שרייבען קיין פֿראַנקרייך.

— און ווען, דיינקט איהר, וועל איך קענען עפֿענען מיין שולע?

— דאָס וועלען מיר שפּעטער זעהן. דערווייל וועל איך אייך פֿאָרשטעלען פֿאַר פֿרייליין פענאָ, די דירעקטריסע פֿון דער היגער שולע, וואו איהר וועט זיכער קענען קריגען אַ שטעלע אַלס לעהרערין.

איך האָב געדאַנקט דעם הערר סימאָן פֿאַר זיין פֿריינדשאַפֿט און זיך אָבגעזעגענט מיט איהם.

אַז איך האָב שוין געהאַלטען ביים אַרויסגעהן פֿון זיין שטוב, רופֿט ער זיך אָב צו מיר:

— פֿאָהרט אַריבער צוריק אויף'ן האַלב-אינזעל דיקאָס, נעהמט צונויף אייערע זאַכען און פֿיהרט זיי אַריבער אַהער צו אַ פֿריינד.

— די צרה איז, וואָס איך האָב דאָ אין נומעאַ קיין שום פֿריינד ניט, וואָס זאָל מיך וועלען אַריינלאָזען צו זיך אין שטוב מיט מיין „טהיער-גאָרטען" און מיט מיין גאַנצען „מוזעאום".

— פֿיהרט אַריבער אַלצדינג צו דעם אַלטען מאַלאַטאָ; דאָס איז אַן אויסגעצייכענטער מענש, אַ גוטע נשמה, וואָס זאָגט זיך קיינמאָל ניט אָב צו טהאָן אימיצען אַ טובה.

איך בין אַלזאָ צוריקגעפֿאָהרען אויף'ן האַלב-אינזעל, צוגייפֿגעפּאַקט מיינע זאַכען, און אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך ווידער אָנגעקומען קיין נומעאַ. איך בין גלייך אַריינגעפֿאָהרען צו דעם מלטען מאַלאַטאָ, וועלכער האָט מיך אויפֿגענומען מיט אַן אונבעשרייבליכער פֿרייד.

איך האָב דאָרט געפֿונען אייניגע אַלטע בעקאַנטע, מ׳ט וועלכע איך האָב געקעמפּפֿט און געל׳טען אינאיינעם און וועלכע האָבען זיך דערפֿרעהט מיט מיר.

דעם אָיוענד, וואָס איך בין אָנגעקומען קיין נימעאַ, איז דאָרט געווען אַ יום טוב. די הויפּט גאַס איז גע׳וען אילומינ׳רט מיט וועגעציאָנישע לאַמ טערנעס, מיר האָבען אַראַנזשירט אַ קאָנצערט אונטער'ן פֿרייען הימעל, און איך האָב אויף דער פּיאַנאָ בעגלייטעט עטליכע זינגער.

די קאַנאַקען פֿון נומעאַ האָבען זיך גלייך דערוואוּסט, אַז איך בין גע-קומען זיך בעזעצען אין דער שטאָדט. כאָטש זיי האָבען ניט קיין טעלעגראַף פֿינדעסטוועגען קענען זיי זעהר שנעל זיך א׳בערגעבען אַ געוויסע נייעס, וועלכע ווערט פֿערשפּרייט אַזוי ווי אַ בליץ צווישען דער שוואַרצער בעפֿעל-קערונג.

עס זיינען ניט אַריבער קיין גאַנצע צוויי שטונדען זייט איך בין אָנגע קומען און אַלע קאַנאַקען פֿון נימעאַ האָבען שוין געוואוסט, אַז איך בין דאָ.

באַלד איז דאָס הויז, וואו איך האָב זיך געפֿונען, אַרומגערינגעלט גע-וואָרען פֿון שוואַרצע, וועלכע האָבען ניט אויפֿגעהערט צו רופֿען מיין נאָמען.

איך בין אַרוי׳ס צו זיי, און זיך ווענדענדיג צו דעם עלטסטען זייערן, האָב איך גע׳אָגט:

— גיב איבער דיינע פֿריינד מיין בעסטען דאַנק און זאָג זיי, אַז זיי ווע-לען קענען קימען צו מיר אין ש׳לע יעדען זונטאָג אין דער פֿריה. איך וועל לערנען מיט זיי פֿראַנצויזיש.

דער קאַנאַקען-שעף האָט איבערגעגעבען די שוואַרצע מיין ענטפֿער, און זיי האָבען אַלע אויפֿגעהויבען די הענד אין דער לופֿטען און געיובעלט פֿאַר פֿרייד.

נאָר דיזע גאַנץ פֿריעדליכע מאַניפֿעסטאַציע איז ניט געפֿעלען געוואָרען דעם גובערנאַטאָר פֿון נומעאַ.

ער איז דורכגעפֿאָהרען אויף זיין פֿערד אין גאַס גראָד אין דעם מאָמענט, ווען די קאַנאַקען האָבען אויסגעדריקט זייער פֿריינדשאַפֿט צו מיר, און דאָס האָט איהם שטאַרק פֿערדראָסען.

צוריקקומענדיג אַהיים האָט ער גלייך אַרויסגעשיקט אַ צוואַנציג סאָל דאַטען, כדי פֿונאַנדערצוטרייבען די קאַנאַקען.

באַלד זיינען די סאָלדאַטען אָנגעקומען מיט די אויסגעשטעלטע באַיאָ-נעטען און מיט אַ רציחה האָבען זיי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף די אָרעמע קאַנאַקען.

אַז דער עלטסטער זייערער האָט פּראַקטיצירט געגען אַזאַ'ן אָנפאַל, האָט ער געקראָגען אַ זעץ אין קאָפּ. אויך פֿילע פֿון די איבעריגע שוואַרצע זיינען ניט געשאַנעוועט געוואָרען.

אומזיכט האָב איך זיך אָנגענומען פֿאַר זיי. דער אָפֿיציר, וואָס האָט קאָמאַנדירט די סאָלדאַטען האָט מיר אַ יף אַ ברוטאַלען אופן געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז איך דאַרף זיך ניט מישען, און אויב איך וועל ניט אַריינגעהן צוריק אין שטוב אַריין, וועל איך האָבען דעם זעלבען פּסק וואָס די קאַ-נאַקען.

אַזוי ווי איך בין קיינמאָל ניט געווען פֿון די שרעקעדיגע, האָב איך זיך איצט אויך ווינציג וואָס גסמאַכט פֿון דעם אָפֿיציר'ס סטראַשינקעס. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט מיך אַרעסטירט און אוועקגעפֿיהרט צום וויצע-גו-בערנאַטאָר. אַזוי ווי דיזער בעאַמטער האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ זעהר ניט העפֿליכען ויעג וועגען מיין פּערזאָן און איך האָב איהם, פֿערשטעהט זיך, ניט פֿערשוויגען, האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, אַז מען זאָל מיך פֿעצשפּארען אין אַ בעזונדערן קעמערל.

דאָס איז אַלוֹאָ געווען מיין ערשטע ערפֿאַהרונג אין נומעאַ. נישקשה פֿון אַן אָנפֿאַנג!

נאָר דאָס האָט מיך ווייניג וואָס געאַרט. די צרה איז געווען, וואָס מען האָט מיך געלאָזט זיצען פֿערשפּאַרטערהייט כמעט צוויי מעת-לעת און קיינער איז ניט געקומען געוואָהר ווערן וואָס מיט מיר טהוט זיך. איך האָב גע-קלאַפּט אין טהיר, געררופֿען, געמאַכט געוואַלדען, מען האָט מיר ניט גע-ענטפֿערט. איך האָב אָנגעהויבען טראַכטען, אַז זיי האָבען מיך מיט אַ כיוון פֿערשפּאַרט דאָ, כדי מיך צו לאָזען שטאַרבען פֿון הונגער.

ענדליך, דאָס איז שוין געווען אויף'ן דריטען טאָג, ווען איך האָב זיך ענטשלאָסען אויפֿצוברעכען די טהיר, האָב איך דערהערט ווי דער שליסעל דרעהט זיך אויף דער אַנדער זייט. די טהיר האָט זיך געעפֿענט און אַנטקע-גען מיר איז געשטאַנען אַ מאַן אָנגעטהאָן אין ציווילע קליידער מיט אַ שוואַרצער באָרד.

— וואָס טהוט איהר דאָ? — האָט ער מיך אַ פֿרעג געטהאָן.

איך האָב איהם געוואָלט דערצעהלען אַלעס וואָס מיט מיר האָט פּאַ-סירט, נאָר איך האָב זיך מישב געווען אַז דאָס טויג ניט און איך בין גע-פֿאַלען אויף אַ המצאה.

— איך האָב זיך דערשראָקען פֿאַר אַ פֿערד, — האָב איך געענטפֿערט.

— אַזוי ווי דיזע טהיר איז גראָד געווען אָפֿען, בין איך אַריין און האָב זי צו-געמאַכט. דערנאָך האָב איך זי אויף קיין פֿאַל ניט געקענט עפֿענען און קיינער האָט ניט געהערט מיין געשריי.

דער מאַן האָט געצויגען מיט די פּלייצעס. ענדליך האָט ער געזאָגט:

— גוט... געהט אַהיים!

פֿערשטעהט זיך, אַז איך האָב קיין שהיות ניט געמאַכט און בין אַוועק אַזוי שנעל ווי איך האָב נור געקענט.

נאָר אונגליקליכער ווייזע דאַרף איך זיך ביים טויער פֿון הויף גראָד אָנטרעפֿען מיט דעם, וויצע גובערנאַטאָר וואָס האָט מיך געהייסען אַריינוואַרפֿען אין קעמערל.

— זעה נאָר, וואָס טהוט איהר דאָ?—האָט ער זיך אָבגערופֿען.—איך האָב זיך גאָר פֿערגעסען אָן אייך.

— כ'האָב געקענט זעהן, אַז איהר האָט פֿערגעסען.

— אין ווער האָט אייך געעפֿענט די טהיר פֿון אייער תפיסה?

— דער גובערנאַטאָר,—האָב איך געענטפֿערט מיט עזות.

— ווי? דער גובערנאַטאָר?

— יאָ, געווים. איהר האָט זיך גאָר פֿערגעסען אָן מיר, האָב איך געמאַכט געוואַלדען, איז מען געקומען און מען האָט מיר אויפֿגעמאַכט די טהיר, און איך האָב דערצעהלט דעם גובערנאַטאָר אַלעס וואָס האָט מיט מיר געטראָפֿען.

דער וויצע-גיבערנאַטאָר האָט געמאַכט אַ קרומען פנים און איז גלייך אַריין אין הויף. ער איז געווען זעהר צורודערט. אָט אַפנים, ער האָט געמוזט איינזעהן, אַז ער האָט געמאַכט אַ מיאוס'ען פֿעהלער.

איך בין באַלד אַוועק צוריק צו דעם אַלטען מאַלאַטאָ אין הויז. דאָרט האָב איך געטראָפֿען איינעם פֿון מיינע פֿריינד מיט'ן נאָמען עטיען, וועלכער האָט מיט אונגעדולד געוואַרט צו הערען וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט.

איך האָב דערצעהלט אַלעס וואָס איז פֿאָרגעקומען.

— נישקשה, מען וועט אודאי קומען נאָך אייך,—האָט עטיען געזאָגט —דיזע לייט וועלען אייך אַזוי לייכט ניט אַרויסלאָזען פֿון האַנד. איך מיין, דאָס בעסטע וואָלט געווען, אַריבערצוגעהן צו דעם מעיר פֿין נומעאַ און איהם ערקלעהרען די גאַנצע געשיכטע. ער וועט זיך זעהן מיט'ן גובערנאַטאָר און איינאָרדנען די זאַך ווי אַם בעסטען.

נאָר אַזוי ווי מיר האָבען דאָס בעשלאָסען צו טהאָן, האָט מען מיט אַמאָל גענומען מורא'דיג קלאַפּען אין טהיר.

עטיען האָט געעפֿענט און איך בין ערשטוינט געוואָרען, דעריזעהנדיג פֿאַר מיינע אויגען דעם הויכען מאַן, וואָס האָט מיך נור וואָס בעפֿרייט פֿין מיין תפיסה.

ווען ער האָט מיך בעמערקט, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— נאַ, איהר האָט דאָס אַביסעל אַ העזה אין זיך! קומט מיט מיר, און טאַקי שוין! איהר וועט שוין זעהן ווי טהייער דאָס וועט אייך קאָסטען...

עטיען און דער אַלטער מאַלאַטאָ האָבען פראָטעסטירט, זיך געבעטען, עס האָט גאָרניט געהאָלפֿען. איך בין געצוואונגען געווען מיטצוגעהן מיט דעם מאַן.

— דאָס איז דער קאָמאַנדיר טהורור,—האָט מיר עטיען אַריינגעשושקעט אין אויער.

דיזער אָפֿיציר איז געווען דעם גיבערנאַטאָר׳ס אַן אַדיוטאַנט, כאָטש אויף׳ן פּנים האָב ער געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ בייזען מענשען, איז ער אָבער אין אמת׳ן געווען אַ גאַנץ גוטער יונג.

— איהר האָט מיר אָבגעשפּיעלט אַ פֿיינע געשיכטע, ניטאָ וואָס צו ריידען,—האָט ער מיר פֿאָרגעוואָרפֿען, בעת איך בין געגאַנגען לעבען איהם.

איך האָב זיך געוואָלט פֿערענטפֿערן, איהם ערקלעהרען די גאַנצע פּאַסירונג, נאָר ער האָט ניט געוואָלט הערען. ענדליך אָבער איז מיר דאָך געלונגען צו געווינען זיין אויפֿמערקזאַמקייט.

ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט מיך געלאָזט זיין פֿערשפּאַרט אַ צייט לאַנג אָהן עסען, האָט ער אַ קוק געגעבען אויף מיר מיט אַ בליק פֿון מיטלייד און געזאָגט:

— ערקלעהרט עס דעם גובערנאַטאָר, אייב איהר וועט האָבען אַ טשאַנס איהם צו זעהן.

ענדליך זיינען מיר אָנגעקומען.

איך האָב זיך אַלזאָ ווידער געפֿונען פֿאַר דעם וויצע גובערנאַטאָר, וועלכער האָט געברענט פֿאַר רציחה און מיט וועמען איך האָב געהאַט אַ נייעם צוזאַמענשטויס. ס׳איז קיין צווייפֿעל ניט, אַז די זאַך וואָלט זיך ניט גוט געענדיגט, ווען הערר סימאָן, דער מעיר פֿון נומעאַ, וואָלט מיר ניט געקומען צו הילף.

גלייך ווי מען האָט מיך צוגענומען פֿון מאַלאַטאָ׳ס הויז איז עטיען אַוועק צום מעיר און האָט איהם מיטגעטהיילט, וואָס מיט מיר איז געשעהן, און הערר סימאָן איז גלייך אַריבער צום וויצע-גובערנאַטאָר.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, פֿאַרוואָס מען האָט מיך אַרעסטירט, האָט ער דעם וויצע גובערנאַטאָר ערקלעהרט, אַז אויב ער האָט געהאַט אַ רעכט מיך צו פֿערשפּאַרען אין אַ קעמערל, האָט ער אָבער געהאַנדעלט געגען דעם געזעץ, דערמיט וואָס ער האָט מיך געלאָזט זיצען אַזאַ לאַנגע צייט אָהן עסען.

דער וויצע גובערנאַטאָר האָט זיך געוואָלט פֿערענטפֿערן, אָבער הערר סימאָן האָט איהם געשטעלט פֿאָלגענדען אולטימאַטום:

— איך גיב צו, אַז דיזע פֿרוי האָט אייך נוגע בכבוד געווען, אָבער מען קען פֿונדעסטוועגען ניט לאָזען מענשען אויסגעהן פֿאַר הונגער פֿאַר אַן איינפֿאַכען וואָרט, וואָס זיי ריידען זיך אַמאָל אויס. אייב איהר וועט איהר אַלזאָ גלייך ניט אַרויסלאָזען פֿריי, וועל איך זיך מוזען זעהן מיט׳ן גובערנאַטאָר, און איך צווייפֿעל, צי ער וועט אייך אונטערשטיצען אין דעם.

— אָבער דאָס האָט ער דאָך מיר אַליין געהייסען, איך זאָל איהר אַרעסטירען.

— גאַנץ מעגליך, אָבער ער האָט דאָך אייך ניט געזאָגט, אַז מען דאַרף איהר לאָזען שטאַרבען פֿאַר הונגער.

דער וויצע-גובערנאַטאָר האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— נו, זי קען געהן!

כ'האָב שוין געוואָלט אַרויסגעהן, נאָר דער וויצע-גובערנאַטאָר האָט מיך אַ רוף געטהאָן צו'ר ק.

— ווי הייסט איהר?—האָט ער געפֿרעגט—כ'האָב שיער ניט פֿערגע-סען דיזע פֿאָרמאַליטעט.

— לואיזע מישעל!

דער וויצע-גובערנאַטאָר האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן

— אַזוי, אַזוי,—האָט ער געזאָגט—זיינען מיר דאָך עפּעס אַלטע בע-קאַנטע. אייך האָב איך דאָס אַפּנים געזעהן אין דעם געפֿענגניס פֿון אָבעריוו?

— יאָ,—האָב איך געענטפֿערט.

און איך האָב זיך בעסער אַביסעל איינגעקוקט אין דעם חברה-מאַן. איך האָב איהם דערקענט, כאָטש ער איז מורא'דיג דיק געוואָרען.

דאָס איז געווען דער שפּיאָן בענאַסי, וועלכער האָט פֿערראַטהען די אָרעמע הענריעט דעלאַזש.

ווי מען זעהט, איז ער פֿאַר זיין שמוציג שטיקעל אַרבייט גאָר אויף אַ גרויסאַרטיגען אופן בעלוינט געוואָרען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

## XVIII

## אַ נייער אָרט מיט נייע צרות.

בענאַסי האָט שטאַרק חשק געהאַט זיך אַריינצולאָזען מיט מיר אין אַ געשפּרעך, נאָר איך האָב עס געמאכט קורץ מיט איהם און איך בין אַוועק אַהיים.

אויך האָב געמיינט, אַז איך בין שוין מיט איהם פֿאַרטיג, נאָר איך האָב אַ טעות געהאַט.

ס'איז מיר צוגעקומען אַ נייער פֿיינד. אָקוראַט ווי איך וואָלט געהאַט וויניג שונאים אין ניי-קאַלעדאָניען!

איך בין אַריין צו פֿריילין פענאָ אין דער שולע אַלס לעהרערין, און איך האָב זיך דאָרט געפֿונען ווי ביי זיך אין דערהיים.

ס'וועט זיין איבעריג צו זאָגען אַז איך האָב זיך מיט לייב און זעעלע אָבגעגעבען צו מיין אַרבייט אין דער קלאַסע, וואָס מען האָט געשטעלט אונטער מיין השגחה, און עס האָט ניט געדויערט לאַנג ביז וואַנעט איך האָב געוואונען די ליעבע פֿון אַלע מיינע שילערקעס.

אַלעס וואָלט געגאַנגען אַם בעסטען, ווען ניט די אינטריגעס פֿון דעם באַנדיט בענאַסי.

ביי מיר אין קלאַס האָבען זיך געפֿינען עטליכע קינדער פֿון בעאַמטע, צווישען זיי דעם גובערנאַטאָר'ס טאָכטער.

ס'איז פֿון תמיד אָן געווען מיין געוואוינהייט ניט צו מאַכען קיין שום אונטערשיעד צווישען די מענשען און נאָך ווייניגער צווישען די קינדער.

מחמת דעם האָב איך בעהאַנדעלט די טאָכטער פֿון דעם גרויסען פּריץ פֿון נומעאַ פּונקט אַזוי ווי מיינע איבעריגע שילערינען.

אָבער דיזע קליינע איז געווען אַ פֿערביסענע און זעהר שטאָלצע בתּ־יחידה, און זי האָט זיך בענאָמען מיט איה־ע חבר'טעס אַזוי שלעכט, אַז איך האָב דאָס בשום אופן ניט געקענט לאָזען אַריבערגעהן אָהן אַ בעמערקונג.

איינמאָל, ווען זי האָט מיר שטאַרק דערעפּען, רוף איך זיך אָב צו איהר:

— מיין קינד, דו מיינסט דאָך אַודאי, אַז דו ביסט דאָ מעהר יחסן'טע ווי די אַנדערע האָסט אַ טעות. אייב דיין פֿאָטער האָט גראָד דעם טשאַנס צו זיין דער גובערנאַטאָר פֿון נומעאַ, איז נאָך דערפֿון ניט געדרונגען, אַז מען דאַרף דיר אָבגעבען כבוד דערפֿאַר. דאָ ביסט דו גלייך מיט אַלע אַנדערע קינדער פֿון קלאַס.

די קליינע האָט זיך געפֿונען שטאַרק בעליידיגט פֿון מיינע ווערטער.

זי האָט זיך אויפֿגעהויבען, האָט פֿערלאָזען איהר פּלאַץ און איז אַרויס פֿון שולע.

אַן אַנדערע אויף מיין אָרט וואָלט אפשר געזוכט איהר צוריקצוהאַלטען. נאָר איך האָב זי געלאָזט גאַנץ רוהיג געהן און האָב זיך פֿאָרטגעזעצט מיין קלאַס, אַזוי ווי ס'וואָלט גאָרנישט פֿאָרגעקומען.

אויף מאָרגען אין דערפֿריה האָט מען מיך געשיקט רופֿען, ניט צום גובערנאַטאָר, נאָר צו זיין צווייטע האַנד בענאַסי.

ער האָט מיך אויפֿגענומען מיט אַ ליעבליכען שמייכעל און מיר געזאָגט:

— עס שטעלט זיך אַרויס, אַז איהר האָט בעליידיגט פֿריילין הערמיניע, דעם גובערנאַטאָר'ס טאָכטער.

כ'האָב אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

— איך? — האָב איך געענטפֿערט — האָב איך ווירקליך בעגאַנגען דיזען שרעקליכען פֿערברעכען?

— אָה! וואַרפֿט אַוועק אייערע שפּאַסען, — האָט בענאַסי געזאָגט — ס'איז ניט די צייט דערצו. איך האָב אייך געשיקט רופֿען, אום אייך צו געבען אַ וואָרנונג.

און ער האָט צוגעלייגט:

— ס'איז דאָס ערשטע און דאָס וועט זיין דאָס לעצטע מאָל.

אַזוי ווי איך האָב גאָרניט געענטפֿערט דערויף, האָט זיך אונזער געשפּרעך דערמיט געענדיגט.

ס׳איז איבעריג צו דערצעהלען, אז פֿריילין הערמיניע האָט זיך אויף מאָרגען אַזוי אויפֿגעפֿיהרט אין שולע, אַז עס איז איינפֿאַך געווען אונער-טרעגליך.

כ׳האָב זאָגאַר געהערט, ווי זי האָט אין דער היץ גערעדט וועגען מיר מיט איינע פֿון מיינע שילערקעס און זי האָט איהר געזאָגט:

— זי האָט געקראָגען נישקשה פֿון אַן אָבשניט פֿון מיין פֿאָטער.

איך האָב זיך געמאַכט נישט ווּיסענדיג, נאָר איך בין געווען ענטשלאָ-סען צו לערנען אַביסעל דרך ארץ מיט דיזער נאַרישער שטאָלצער „פֿריילין".

אַזוי ווי זי איז געווען מורא דיג פֿויל און שטאַרק הינטערשטעליג פֿאַר איהרע יאָהרען, האָב איך געהאַט אַ געלעגענהייט אַרונטערצורייסען אַביסעל איהר נאַרישען שטאָלץ.

איין טאָג האָב איך פֿערהערט אַלע שילערינען פֿון מיין קלאַס. אַז עס איז געקומען צו דער פֿריילין „גובערנאַטאָרשע" האָב איך איהר געשטעלט איינע פֿון די איינפֿאַכסטע פֿראַגען, וואָס זי האָט פֿונדעסטוועגען ניט געוואוסט ווי צו פֿערענטפֿערן.

איך האָב זיך בענוגענט דערמיט וואָס איך האָב זי צוריקגעשיקט אויף איהר פלאַץ, ציהענדיג בעת מעשה מיט די פּלייצעס.

די קליינע איז געווען אייסער זיך פֿאַר כּעס.

אויף מאָרגען האָט מען זי צוגענומען פֿון מיין קלאַס און איהר אַריינ-געגעבען צו דער דירעקטאָרשע פֿריילין פענאָ.

איך בין געווען העכסט גליקליך, וואָס דאָס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט. אַחוץ דעם וואָס איך בין לויז געוואָרען פֿון אַ שלעכטע שילערין, איז מיין קלאַס אויף אַזאַ׳ן אופן בעפֿרייט געוואָרען פֿון אַ קליינע שפּיאָנין, וועלכע וואָלט מיר געקענט אָנטהאָן די גרעסטע צרות.

נאָר מיינע צרות האָבען זיך פֿונדעסטוועגען ניט געענדיגט.

די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע פֿון נומעאַ האָט זיך פערלייגט, מיך צו פֿער-ניכטען.

ס׳איז מיר אונמעגליך צו בעשרייבען דאָ די פֿערשיעדענע יסורים, וואָס מען האָט מיר פֿערשאַפֿט. נאָר איך האָב אַלעס אַריבערגעטראָגען געדולדיג און אויף אַזאַ׳ן אופן האָב איך איינפֿאַך פֿערמאַטערט מיינע שׂונאים. ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז איך האָב זיך געפֿיהלט בערוהיגט און ס׳האָט אויס-געוויזען, אַז מען האָט זיך גאָר פֿערגעסען אָן מיר.

— — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב פֿערבראַכט מיינע אָוועגדס ביי דעם אַלטען מאַלאַטאָ אין הויז. דאָס איז געווען אַ בראַווער מאַן מיט אַ טרייען כאַראַקטער, אַן אמת עדעלע נשמה.

דאָרט אין שטוב האָב איך זיך בעקענט מיט זיין זוהן; שאַרל מאַ-לאַטאָ, וועלכער איז דאַן געווען נאָך גאָר אַ יונגער מאַן. נאָר מען האָט

שוין דערמאָלט געקענט אַרויסזעהן, וואָס פאַר אַ טיעפער דיינקער און אין דערזעלבער צייט וואָס פאַר אַ ליידענשאַפטליכער פרייהייטס קעמפער עס וועט אַרויסוואַקסען פון איהם.

ער איז שוין דאַן געוועזן דורכדרונגען פון אידעען פון וואהרהייט און גערעכטיגקייט. די מינדערסטע אונגערעכטיגקייט פלעגט איהם אויפרעגען. דער יונגער בחור׳ל האָט נאָך דערמאָלט ניט געוואוסט אויף ריכטיג, וואָס פאַר מירא׳דיגע זאַכען איהם וועט אויסקומען בייצואוואוינען אין לעבען.

איך וועל נאָך שפּעטער האָבען אַ געלעגענהייט צו ריידען פון מיין פריינד שאַרל מאַלאַטאָ, ווען איך וועל צוקומען צו די גרויסע קאַפּיטלען, וואָס איך האָב ברעה אָבציגעבען דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איין אָוועגד, אַז איך בין אַרויס פון מאַלאַטאָ׳ס הויז, האָב איך בעגע-געגנט צוויי מענשען מיט פערדעכטיגע געזיכטער. זיי האָבען מיך אָבגעשטעלט מיט פאָלגענדע ווערטער:

— מיר קענען אייך שוין פון לאַנג אָן און מיר ווייסען, אַז איהר זייט אַן אויסגעצייכענטע פרוי, וועלכע טרוימט בלויז פון איין זאַך: די אַלגעמיינע ברידערליכקייט. נאָר אונגליקליכער ווייזע זייט איהר דאָ אַרומגערינגעלט מיט שונאים. דער עיקר איז פאַרהאַן איינער, וואָס האַסט אייך צום טויט און וואָס זוכט אייך אונגליקליך צו מאַכען.

איך האָב זיך געמאַכט תם׳עוואַטע.

— און ווער קען דאָס האָבען אַזאַ האַס אַנטקעגען מיר? — האָב איך געפרעגט.—כ׳האָב דאָך קיינעם קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטהאָן.

איינער פון די צוויי אונבעקאַנטע האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און דערנאָך האָט ער גאַנץ שטיל געזאָגט:

— אייער פיינד איז אַ געוויסער בענאַסי, איהר קענט זיך גאָרניט פאָר-שטעלען, ווי ווייט דיזער מאַן האַסט אייך און ווי ער זוכט אייך צו פער-ניכטען.

— בענאַסי?—מאַך איך זיך אַלין ניט וויסענדיג — כ׳הויב נישט אָן קענען דיזען נאָמען.

די צוויי חברה-לייט זיינען געבליבען שטעהן צוטימעלט.

— וואָס!—האָבען זיי זיך אָבגערופען—איהר קענט איהם גאָרנישט?

— ניין,—האָב איך מיט העזה געענטפערט.

— ס׳אַ וואונדער,—מאַכט איינער פון זיי—ער קען אייך שוין צו גוט. ערשט נעכטען האָט ער גערעדט פון אייך אין געזאָגט, אַז ער וועט אייך אין גיכען אָבשיקען צוריק אויף דעם האַלב אינזעל דיקאָס, פון וואַנעט איהר קומט.

אויף מיין געזיכט איז געוועזן צו זעהן„ אַז איך ווער וואָס ווייטער לאַין מעהר ערשטוינט איבער דעם, וואָס איך הער.

די צוויי חברה-לייט האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. זיי האָבען זיך געפונען אין אַ שטאַרקער פערלעגענהייט.

ענדליך האָב איך זיך אָבגערופען:

— טאָ וואָס זשע ווילט איהר פּאָרט זאָגען?

א ווײלע זיינען זיי געבליבען שטיל. ניט וויסענדיג אויף'ן שטעל וואָס צו זאָגען, נאָר ענדליך האָט זיך איינער פון זיי אָבגערופען:

— אָט וואָס... בענאַסי פערפאָלגט אינז, ער טהוט אונז אָן שרעקליכע צרות. מיר ווילען פטור ווערן פון איהם.

— זעהן מען זאָל איהם אָבזאָגען פון זיין אַמט? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, — האָט איינער פון די מענער געענטפערט שטילערהייט — איהם צו'הרגענען.

— אָה! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן — איהר ווילט אַלזאָ בעגעהן אַ פערברעכען!

— פאַרהאַן פערברעכען, אָהן וועלכע מען קען ניט אויסקומען, — האָט איינער פון זיי געענטפערט.

איך האָב זיי אַלאָ אַריינגעקוקט גלייך אין פנים אַריין און געזאָגט:

— מיינע אָרעמע פריינד, אָט אַפנים איהר האַלט מיך פאַר אַ משוגע נע.

— וואָס הייסט?

— יאָ, איהר האָט אודאי געמיינט, אַז איך וועל זיך אָנכאַפּען אָן אייער פלאַן, אַז איך וועל אייך צורייזען צו הרג'ענען דעם הערר בענאַסי'ן. נאַ, איהר האָט אַ ביטערן טעות געהאַט, און איהר קענט זאָגען דעם, וואָס האָט אייך צו מיר געשיקט, אַז איך ווינש א הם גאָרניט דעם טויט.

די צוויי חברה-לייט האָבען אפילו פּראָטעסטירט און גע'טענה'ט, אַז איך פערטייטש זעהר שלעכט זייערע אַבזיכטען, נאָר איך האָב זיך ניט גע-לאָזט איבעררייזען און מיט אַ שמייכעל האָב איך געזאָגט:

— געהט אייך, און האָט כאָטש דעם מוטה איבערצוגעבען דעם הערר בענאַסי דאָס, וואָס איך'האָב אייך געזאָגט.

די פאַסטקע איז געווען צו קענטיג און דער וויצע-גובערנאַטאָר האָט געדאַרפט זיין אַן אינפאַכע בהמה צו גלויבען, אַז איך וועל זיך לאָזען אַזוי גרינג אַריינ'נאַרען אין זאַק.

אָט אַפנים די צוויי שפיאָנען האָבען איהם געמוזט איבערגעבען וואָרט ביי וואָרט אַלעס וואָס איך האָב גערעדט מיט זיי, ווארים זייט דאַן האָב איך מעהר גאָרנישט געהערט פון איהם.

כ'האָב שוין געמיינט, אַז איך בין אַבסאָלוט רוהיג. מיט אַמאָל האָט זיך געיאַוועט אַ נייער געגנער מיינער.

און דאָס מאָל אַ מעכטיגער געגנער.

דאָס איז געווען דער קעניג פון די ניקעל-מינען פון ניי-קאַלעדאָניען.

ער איז געווען אונגעהייער רייך און האָט געהאַט אַ געוואַלדיגען איינ-

פּלוס אין דער גאַנצער קאָלאָניע. דער גובערנאַטאָר פֿון נומעאַ איז געװען זײן בעסטער פֿרײנד, און ניט אומזיסט מן הסתם ..

דיזער רײַכער קאַלעדאָניער האָט געהײסען װױאַרדאָ.

אַזױ װי אַלע רײַכע פֿון דיזען סאָרט האָט ער געמאַכט זײן פֿערמעגען פֿון דער שענדליכסטער עקספּלואַטאַציע. בײַ איהם אין די מינען האָבען דאָס רוב געאַרבײט אַרעסטאַנטען. און געאַרבײט האָבען זײ שװער און ביטער, כמעט פֿאַר אומזיסט. דערצו פֿלעגט מען זײ בעהאַנדלען ערגער װי די בהמות. מען פֿלעגט זײ שלאָגען מכות רצח פֿאַר די קלענסטע קלײנינקײטען.

די אַדמיניסטראַציע איז, פֿערשטעהט זיך, געװען אײן האַנד מיט דעם הערר װױאַרדאָ, װעלכער איז געװאָרען רײַכער פֿון טאָג צו טאָג.

אין דיזער מאַן, האָב איך געזאָגט, איז געװאָרען מײן ביטערסטער פֿײנד.

זײן טאָכטער איז געװען אײנע פֿון מײנע שילערקעס.

דאָס איז געװען אַ װילדע בהיר'טע און דערצו אַ שטאָלצע, אַזױ װי דעם גובערנאַטאָר'ס טאָכטער. מען האָט זיך גאָר ניט געקענט אויסצאָהלען פֿאַר איהר אָדער בעסער געזאָגט פֿאַר איהר טאַטען, װעלכער איז, לויט איהר בעריהמעריי, געװען דער ערשטער ענטדעקער פֿון די ניקעל-מינען אויף דעם אינזעל.

מילא, האָב איך איהר אײנמאָל אַרויסגעשלאָגען פֿון קאָפּ די פֿאַ־שע אײנרײדעניש.

איך האָב פֿאָרגעלײענט אין מײן קלאַס אַן אויסצוג פֿון אַ בוך, װאו דער פּראָפֿעסער ערקלעהרט, אַז ער האָט אין 1867טען יאָהר ענטדעקט די ניקעל-מינען פֿון נײ קאַלעדאָניען.

מען קען זיך משער זײן, װאָס פֿאַר אַ מהומה ס'איז געװאָרען אין נומעאַ.

בערעכענט פֿאָרט! מען זאָל סמײען אָבלײקענען אַזאַ גוט-בעקאַנטע זאַך, אַז הערר װױאַ־דאָ איז געװען דער ערשטער, װאָס האָט ענטדעקט די אוצרות פֿון ניקעל אויף'ן אינזעל!

עטליכע טעג נאָכדעם װי דאָס האָט פּאַסירט, איז װױאַרדאָ אַלײן געקומען צו מיר אין שולע און האָט מיר געזאָגט:

— שעהנע זאַכען לערנט איהר מיט די קינדער!

— דהיינו?

— איהר דערצעהלט זײ לעבערליכע מעשיות.

— איך פֿערשטעה אײך ניט.

— נאַ, נאַ איהר װײסט גאַנץ גוט װאָס איך מײן.

— אסור, צי איך . . . .

— האָט איהר ניט געזאָגט מײן טאָכטער, אַז ניט איך האָב ענטדעקט דעם ניקעל אין נײ-קאַלעדאָניען?

כ׳האָב אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

— יאָ, — האָב איך געענטפֿערט — איך האָב עס געזאָגט. איז וואָס?

וויאַרדאָ האָט פֿערביסען די ליפּען און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— מיר שיקען דאָך ניט אונזערע קינדער אין שולע, אַז איהר זאָלט זיי דערצעהלען מעשׂיות וועגען ניקעל.

— כ׳זעה ניט איין פֿאַר וואָס ניט; דאָס איז דאָך אַ טהייל פֿון דער געאָלאָגישער געאָגראַפֿיע.

— כ׳ווייס עס, אָבער ס׳וואָלט גלייכער געווען, איהר זאָלט לערנען מיט אייערע שילערינען שרייבען און רעכענען.

— כ׳לערן אויך דיזע זאַכען מיט זיי.

— ס׳זעהט גאָרניט אויס אַזוי ווײַרים מיין טאָכטער קען קיין פּראָסטען חשבון ניט מאַכען ריכטיג.

— דאָס ווייס איך. אָבער זי איז די איינציגע פֿון דעם סאָרט ביי מיר אין קלאַס.

וויאַרדאָ האָט גאָרניט געענטפֿערט. ער האָט אויף מיר אַ וואָרף געטהאָן אַ בייזען בליק און ציהענדיג מיט די פּלייצעס איז ער אַרויס פֿון שולע.

זיין טאָכטער איז שוין מעהר צו מיר אין קלאַס ניט געקומען, און איך האָב זיך ווייניג וואָס אָבגעגעסען דאָס האַרץ דערפֿון.

נאָר דער קעניג פֿון די ניקעל-מינען האָט מיך געהאַלטען אויף׳ן זינען און ענדליך האָט ער געפֿונען אַ געלעגענהייט זיך מיט מיר אָבצורעכענען.

יעדען זונטאָג פֿאָרמיטאָג פֿלעג איך ביי מיר אין קלאַס אַראַנזשירען אַ ספּעציעלען קורס פֿאַר די קאַנאַקען פֿון ביידע געשלעכטען. דאָס האָט דעם הער וויאַרדאָ געגעבען אַ געלעגענהייט מיך צו פֿער׳מסר׳ן פֿאַר׳ן גיבער-נאַטאָר, אַז איך בענוץ די שולע אויפֿצורייצען די קאַנאַקען געגען דער אַדמיניסטראַציע.

און מע׳קען רעכענען! אָנשטאָט זיך ווענדען צו מיר און מיר פּשוט בעפֿעהלען, איך זאָל צומאַכען די זונטאָג-שולע מיינע, האָט מען געפֿונען פֿאַר פּראַקטישער אָנצוזאָגען מיינע שוואַרצע שילער, אַז דער, וואָס וועט סמייען נאָך אַמאָל בייוואוינען מיינע לעקציעס, וועט קריגען פֿינף אין צוואַנציג שמיין.

נו, ווער וואָלט עס געגלויבט? ניט קיקענדיג אויף די זען באַרבאַרישען מיטעל זיינען אַלע מיינע שילער נעכסטען זונטאָג געקומען צו מיר אין קלאַס; קיין איינער האָט ניט געפֿעהלט.

דאָס האָט מיך געריהרט ביז טרעהרען.

זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט וואָס זיי ערוואַרטעט, נאָר זיי האָבען זיך אויסגעלאַכט דערפֿון.

פֿערשטעהט זיך, אַז איך האָב אויף קיין פֿאַל ניט געוואָלט זיין די פֿעראורזאַכערין פֿון זייער פּייניגונג און איך האָב זיי פּשוט אַרויסגעשיקט און פֿערמאַכט די שולע.

אויף דרויסען האבען געוואַרט אויף זיי סאָלדאַטען, און אַזוי גיך ווי די שוואַרצע ווינען אַרויסגעקומען, האָט מען זיי אַרעסטירט, אַוועקגעפֿיהרט און אַ גרויסען הייף און זיי דאָרט געשמיסען אום׳ברחמנות׳דיג.

אַז איך האָב זיך דערוואוסט דערפֿון, האָב איך געוואָלט פּראָטעסטירען, נאָר מען האָט מיר געענטפֿערט דערמיט, וואָס מען האָט מיר אָבגעזאָגט פֿון מיין שטעלע אַלס לעהרערקע.

## XIX

## די אַמניסטיע.

אַ קורצע צייט נאָך דיזע פּאַסירונגען האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די אַמניסטיע איז דורכגעגאַנגען.

די ויערסאַילער האָבען אַלזאָ ענדליך דאָך איינגעוויליגט אָבצולאָזען זייערע אָפּפֿער, און מיר האָבען פֿאָרט געדאַרפֿט צוריקקומען קיין פֿראַנקרייך.

נאָר אין דערזעלבער צייט, וואָס מען האָט מיר מיטגעטהיילט דיזע בשורה, איז מיר אָנגעקומען אַ טרויעריגע נאַכריכט: מיין מוטער איז געלעהמט געוואָרען.

אין איהרע בריעף איז גאָרנישט געווען צו מערקען, אַז עס קען טרעפֿען אַזאַ אינגליק. מיין מוטער האָט כסדר געשריבען פֿון זיך מיט צופֿריעדענהייט, האָט זיך אויף גאָרנישט בעקלאָגט, אָקוראַט ווי ס׳וואָלט קיין שום ענדערונג ניט פֿאָרגעקומען אין איהר לעבען.

די לעצטע צייט האָב איך אפילו יאָ בעמערקט אַ שטיקעל ענדערונג אין איהר האַנדשריפֿט, וועלכע האָט אויסגעזעהן טרייסלענדיג, אָבער איך האָב געדיינקט, אַז דאָס קומט דערפֿון, וואָס מיין מוטער איז שוואַך געוואָרען אויף דער ראיה, אַז זי זעהט שוין ניט זעהר גוט, אום צו קענען שרייבען ריכטיג.

דער אמת איז אָבער געווען, אַז די אָרעמע פֿרוי איז שוין פֿון אַ צייט אָן געלעגען קראַנק און די בריעף האָט פֿאַר איהר געשריבען איינע פֿון איהרע פֿריינדינען, וועלכע האָט נאָכגעמאַכט מיין מוטער׳ס כתב אַזוי גוט ווי זי האָט נור געקענט, אום מיך ניט צו בעאונרוהיגען.

מען קען זיך אַלזאָ פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַ שמחה דאָס איז געווען פֿאַר מיר צו הערען, אַז מיר ווינען ענדליך אַמניסטירט, ניט אַזוי צוליעב דעם וואָס איך בין ענדליך געוואָרען פֿריי, נאָר דערפֿאַר וואָס איך בין ענדליך אים שטאַנד געווען זיך צו זעהן צוריק מיט דער, וועמען איך האָב אַזוי שטאַרק געליעבט.

איך בין אַריבערגעגאַנגען צו הערר סימאָן, דעם מעיר פֿון נומעאַ, וועלכער האָט זיך אימער געהאַלטען זעהר פֿריינדליך צו מיר, און איך האָב איהם געפֿרעגט, ווען איך וועל קענען אָבפֿאָהרען פֿון דאַנעט.

— אָה, אַפּריהער מיזען געמאַכט ווערען גרויסע פאָרמאַליטעטען, וועל־כע וועלען אַדאי געדויערן אַ מאָנאַט צייט, — האָט ער געענטפערט.

— אַ מאָנאַט! — האָב איך געמורמעלט.

— יאָ, איך פערשטעה, דאָס איז צו לאַנג פאַר אייך. איהר וואָלט שוין גערן געוואָלט זיין צוריק אין פראַנקרייך.

— כ׳וואָלט וואָס גיכער געוואָלט זיך זעהן מיט מיין מוטער, — האָב איך געענטפערט.

און איך האָב איהם דערצעהלט וואָס פאַר אַן אונגליק ס׳האָט געטראָפען דער אָרעמער פרוי, וועלכע איז מיר געווען אַזוי טהייער.

דער מעיר פון נומעא האָט מיר פערשפּראָכען צו טהאָן אַלעס, וואָס ער וועט זיין אים שטאַנד, אום די צערעמאָניעס זאָלען געדויערן וואָס וועניגער.

איך האָב געהאַט ביי זיך אַ סומע פון הונדערט און פופציג פראַנק, וואָס איך האָב אָבגעשפּאָרט פון מיין געהאַלט ביי פרייליין פענאָ אין שולע און פון די פריוואַט שטונדען, וואָס איך פלעג געבען. דערמיט וואָלט איך זיך שוין ווי ס׳איז געקענט דערשלאָגען קיין פראַנקרייך.

כ׳האָב פאָרגעלייגט דעם מעיר מיין פּלאַן און ער האָט מיר געזאָגט:

— אויב איהר ווילט פאָהרען אויף אייערע אייגענע הוצאות, וועט איהר קענען פערלאָזען ניי־קאַלעדאָניען אַ גוטען מאָנאַט פאַר די איבעריגע פער־שיקטע.

— איך מוז אָבפאָהרען וואָס גיכער, — האָב איך געענטפערט — כ׳מוז זעהן מיין מוטער.

אין דריי טעג אַרום האָט מיר הערר סימאָן געלאָזט וויסען, אַז עס איז פאַרהאַן אַ שיף, וואָס געהט קיין אויסטראַליען.

כ׳האָב אָבגענומען אַ פּלאַץ אויף דיזען שיף און אָנגעהויבען זיך גריי־טען צו דער רייזע.

די קאַנאַקען האָבען מיר מיט טרעהרען אין די אויגען געהאָלפען פער־פאַקען מיינע זאַכען. די אָרעמע שוואַרצע זיינען איינפאַך געווען פער־צווייפעלט.

— דו פאָהרסט אַוועק, — האָבען זיי מיר געזאָגט — דו אינז פערלאָזט אויף שטענדיג... מיר זעהר אונגליקליך, מיר בלייבען אונגליקליך!... דו גע־ווען אַזוי גוט! דו אַזוי ליעב געהאַט אָרעמע קאַנאַקען!...

און זיי האָבען מיר געבראַכט מתנות; יעדער איינער האָט גע־וואָלט, איך זאָל האָבען עפּעס אַן אָנדיינקען פון איהם. באַלד איז מיין צימער פערלייגט געוואָרען מיט אַלערליי מאָדנע טשאַטשקעס, בראַסלעטען, קופּערנע פינגערלאַך, אייזערנע אויערינגלאַך און נאָך אַזעלכע זאַכען. ס׳איז מיר אָנ־געקומען זעהר שווער צו איבערצייגען דיזע נאַאיווע, גוטע מענשען, אַז עס איז מיר אונמעגליך מיטצונעהמען אָט דעם גאַנצען באַרג מיט מתנות מיט מיר.

ענדליך איז געקומען די שטונדע, ווען דאָס שיף האָט געראַפּט אָבגעהן.

איך בין אַרויף אויף'ן דעק, בעגלייט פון עטליכע פריינד, צווישען זיי ד:ם מעיר פון נומעאַ, וועלכער איז געגאַנגען אַזוי ווייט מיט זיין פריינד-שאַפט, אַז ער האָט מיך רעקאָמאַנדירט צום קאַפּיטאַן פון שיף.

ע:דליך זיינען מיינע בעגלייטער אַרונטער צוריק אויף דער יבשה און דאָס שיף האָט זיך גענומען ריהרען.

ביסלאַכווייז האָט זיך פון מיר דערווייטערט דיזע ערד פון נוי-קאַלעדאָ-ניען, וואו איך האָב פערבראַכט עטליכע יאָהר.

נו, ווער וואָלט עס געגלויבט? כ'האָב געוויינט מיט ביטערע טרעהרען, פערלאָזענדיג דיזען אינזעל, וואו די ווערסאַילער האָבען געמיינט מיך צו בעגראָבען לעבעדיגערהייט.

איך בין געווען גליקליך, וואָס איך וועל אין גיכען קענען זיין אין פראַנק-רייך, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל דאָרט געפינען מיין מוטער. נאָר דאָך האָט מיר זעהר באַנג געטהאָן צו פערלאָזען נוי-קאַלעדאָניען, ווייל איך האָב דאָרט איבעריגעלאָזט אַזעלכע בראַווע, איבערגעבענע פריינד.

אזוי לאַנג ווי מען האָט געקענט זעהן דאָס שיף, זיינען די קאַנאַקען געבליבען שטעהן ביים ברעג.

פון ווייטען האָב איך בעמערקט זייערע שוואַרצע געשטאַלטען און א היבשע צייט האָב איך געהערט זייערע קולות.

ענדליך איז דער אינזעל פערשוואונדען פון מיינע אויגען און איך האָב קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן נור הימעל און וואַסער.

אין עטליכע טעג אַרום האָב איך פון דער ווייטענס בעמערקט פעלזען פון ראָזעווען גראַניט, וועלכע האָבען געגלאַנצט אונטער דעם שיין פון דער זונן.

דאָס איז געווען די שטאָדט סידניי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב געמיינט, אַז פערלאָזענדיג נוי-קאַלעדאָניען, בין איך ענדליך פטור געוואָרען פון די פראַנצויזישע רעגירונגס-בעאַמטע; אַז ווייניגסטענס דאָ, אין דער אויסטראַלישער שטאָדט, וועל איך ניט האָבען קיין אונאַנגענעהמ-ליכקייטען פון זיי. אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט.

באַלד ווי איך בין אָנגעקומען אין סידניי, האָב איך זיך געמוזט מעל-דען צום פראַנצויזישען קאָנזול.

— נאָך וואָס זייט איהר געקומען אַהער?—איז געווען זיין ערשטע פראַגע.

— וואָס הייסט נאָך וואָס?—האָב איך געענטפערט—איך בין געקומען אַהער, אָבוואַרטען אַ שיף קיין פראַנקרייך. כ'האָב געהערט, אַז אין פינף טעג אַרום געהט אָב אַ שיף, וועל איך אָבפאָהרען מיט איהם.

— איהר וועט ניט אָבפאָהרען מיט איהם,—האָט דער קאָנזול געזאָגט מיט כעס.

— פֿאַרוואָס, איך בעט אייך?

— ווייל איך וויל אַזוי.

— מאַלע וואָס איהר ווילט, מיין הערר. איך מוז אומבעדינגט וואָס אַם גיכסטען זיין אין פֿראַנקרייך.

דער קאָנזול האָט מיך אָנגעקוקט און געזאָגט:

— איהר זייט דאָך ניט געקומען אַהער, מיר בעפֿעהלען וואָס צו טהאָן, מיין איך?

— אָבער ענטשולדיגט, בין איך אַ פֿעראורטהיילטע אָדער אַ פֿרייע פֿרוי? יאָ צי ניין?

— איהר וועט זיין פֿריי, ווען מען וועט אייך ברייגגען קיין פֿראַנקרייך.

— ס'טהוט מיר לייד וואָס איך מוז אייך ווידערשפרעכען, נאָר מיין מיינונג איז, אַז איך בין פֿריי, זייט איך האָב פֿערלאָזען ניי-קאַלעדאָניען.

— כ'זאָג אייך, אַז ניט,—האָט אַ געשריי געטהאָן דער קאָנזול.

— אין איך זאָג אייך, אַז יאָ.

דער קאָנזול האָט געברענט פֿאַר רציחה. ווען ער קען, וואָלט ער מיך אַ לעבעדיגע אויפֿגעגעסען. נאָר ער האָט זיך בענוגענט דערמיט וואָס ער האָט מיר געהאַלטען אַ גאַנצע דרשה, מיך גע'מוסר'ט, וואָס איך האָב זיך שיין ווידער געגומען בונטעווען, אַזוי גוך ווי איך האָב נור דערשמעקט די פֿרייהייט, און אַז ווען ער וואָלט געווען אויף'ן פלאַץ פֿון די ווערסאַילער ריכטער, וואָלט ער מיך ניט אָבגע'משפט פֿערשיקט צו ווערן, נאָר מיך איינפֿאַך געלאָזט דערשיסען אויף טויט.

— אַ שעהנעם דאַנק אייך פֿאַר אייער גוט האַרץ,—האָב איך געענט-פֿערט—נאָר וואָס טויגען מיר אייערע מיינונגען וועגען מיר? וועט איהר מיך לאָזען פֿאָהרען מיט'ן נעכסטען שיף? יאָ צי ניין?

— ניין,—האָט דער קאָנזול געענטפֿערט.

— וואָס זשע דיינקט איהר מיט מיר צו טהאָן?

— איהר וועט אָבגעשיקט ווערן אין אַ מאָנאַט אַרום צוזאַמען מיט נאָך נייגצעהן פֿערשיקטע, וועלכע זיינען געקומען אַרבייטען אין סידניי.

— דאָס הייסט, אַז איך מוז דאָ בלייבען אַ מאָנאַט?

— יאָ.

— נאַ, זאָל זיין אַזוי. אָבער איך זאָג אייך פֿאָראויס, איהר וועט חרטה האָבען אויף אייער לעבערליכען בעשלוס.

דער קאָנזול איז אויפֿגעשפרונגען.

— וואָס מיינט איהר דערמיט צו זאָגען?—האָט ער אַ געשריי געטהאָן.

— כ'וועל אייך גלייך ערקלעהרען. די צייט, וואָס איך וועל זיין דאָ אין סידניי, וועל איך האַלטען פֿאָרטרעגע.

— פֿאָרטרעגע?

— יאָ.

— און איבער וואָס פאַר אַ טהעמאַ?

— וועגען דער אַדמיניסטראַציע אין ניי-קאַלעדאָניען, אין איהר מענט זיכער זיין, אַז דאָס וועט זיין זעהר אינטערעסאַנט.

דער קאָנזול איז געבליבען ערשטוינט.

— וואָס וועט איהר פאָרט דערצעהלען אין אייערע פאָ־טרעגע?—האָט ער שוין געפרעגט מיט אַ מילדערן טאָן.

— וואָס איך וועל דערצעהלען? די וואַהרהייט... כ׳וועל אַרונטעררייסען די מאַסקע פון די גובערנאַטאָרען און די אַנדערע בעאַמטע. כ׳וועל אויפּדע־קען די נידערטרעכטיגקייטען פון די הערען אַלייראָן אין ריבור. כ׳וועל ריי־דען פון די אורזאַכען, וואָס האָבען געפיהרט צו דעם אויפשטאַנד פון די קאַנאַקען און איך וועל אויך זאָגען עטליכע ווערטער מכח דעם, ווי אַזוי מען בענעהט זיך מיט די שוואַרצע...

דער קאָנזול האָט געוואָרפען אויף מיר אַ מורא דיגען בליק, אין אַ זעין געבענדיג מיט דער פויסט אָן טיש, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— איהר וועט פאָהרען ווען איהר וועט וועלען. איך וויל ניט, איהר זאָלט מיר אָנמאַכען צרות מיט אייערע דומהייטען.

כ׳האָב איהם, פערשטעהט זיך, אַוועקגעגעבען אַ גאָב פאַר זיין אונ־העפליכען טאָן און בין אַרויס פון זיין ביוראָ.

איך בין אַוועק אויפזוכען מיינע קאַמעראַדען, וועלכע האָבען זיך גע־פונען אין סידניי, און איך האָב זיי דערצעהלט וועגען דעם צוזאַמענשטויס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען מיר און דעם קאָנזול. זיי האָבען געלאַכט און זיך געפרעהט, וואָס איך האָב ניט געשאָנעוועט דיזען שלעכטען מענשען, וועלכער האָט זיי אַלעמען אָנגעטהאָן געברענטע צרות.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב זיך בענוצט מיט די עטליכע טעג וואָס איך האָב נאָך גע־האַט צו פערבלייבען אין סידניי, צו בעזוכען די שטאָדט און איהר אומ־געגענד.

כ׳האָב געמוזט בעוואונדערן מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט דיזע שטאָדט האָט זיך ענטוויקעלט. אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט האָט סידניי מעהר ניט געהאַט ווי 2600 נפשות; אין 1846 האָט זיך די בעפעל־קערונג געצעהלט ביז 40 טויזענד און דרייסיג יאָהר שפּעטער, אין 1878, איז די צאָהל פון איהרע איינוואוינער געוואַקסען ביז 300 טויזענד.

סידניי האָט זיך שוין דאַן געקענט פערגלייכען צו אַלע גרויסע שטעדט פון אייראָפּאַ, זי האָט געהאַט אַלעס, אפילו קעשענע-גנבים אויך; און אין דעם פרט האָט זי זיך ווירקליך ניט געדאַרפט שעהמען פאַר קיינער פון אונ־זערע גרויסע שטעדט.

איך אַליין בין שיער, שיער ניט געווען אָן אָפּפער פון איהרע פיקפאָקעטס. איין טאָג בין איך אַרויס אַ ווייל שפּאַצירען ביים פאָרט. מיט אַמאָל

קומט מיר אַנטקעגען אַ מאַן, עלעגאַנט געקליידעט, און שטעלט זיך אָב לעבען מיר מיט אַ פֿריינדליכען שמייכעל.

— איהר זייט אַ פראַנצויזין?—מאַטט ער — כ׳בין נאָר וואָס געוואָהר געוואָרען דערפֿון.

און דיזער מאַן, וועלכער האָט גערעדט מיט אַ שטאַרקען ענגלישע אַקצענט, רופֿט זיך אָב מיט העזה:

— איך בין אויך אַ פֿראַנצויז.

כ׳האָב איהם אָנגעקוקט מיט פֿערוואונדערונג.

— יאָ,—זאָגט ער—איהר וואונדערט זיך, ווייל מיין אויסשפּראַכע איז אַן ענגלישע. דאָס קומט דערפֿון, וואָס איך בין שוין פֿון זעהר אַ לאַנגע צייט אין אויסטראַליען.

און ער האָט מיר גענומען דערצעהלען זעהר פֿיעל אינטערעסאַנטע זאַכען. דאָס איז געווען אַ דורכגעטריבענער בחור.

אָט אַפּנים, ער האָט מיך אָנגענומען פֿאַר אַ רייכע דאַמע, וואָס איז געקומען אַהער אויף בעזוך, ווארים אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך קום פֿון ניי-קאַלעדאָניען, וואו איך בין געווען פֿערשיקט, איז ער געבליבען שטעהן ווי אַ צומישטער.

— וואָס זשע!—מאַכט ער.—אָט אַפּנים איהר זייט עס לואיזע מישעל?

— יאָ, דאָס בין איך אַליין,—האָב איך געענטפֿערט מיט אַ געלעכטער.

— כ׳האָב אַזוי פֿיעל געהערט פֿון אייך.

און ער איז געבליבען שטעהן אַ פֿערטראַכטער.

מיט אַמאָל געהט ער צו צו מיר, דערלאַנגט מיר אַ קליין שוואַרץ זעקעל און זאָגט:

— ענטשולדיגט, כ׳האָב געמיינט, איהר זייט אַ קאַפּיטאַליסטקע, נאָר אַזוי ווי איהר קומט פֿון ניי-קאַלעדאָניען, זייט איהר דאָך מן הסתם אָרעמער פֿאַר מיר...

און דאָס זאָגענדיג איז ער אַנטלאָפֿען.

מאַשינאַלנע האָב איך אַ קוק געטהאָן, וואָס דער מאַן האָט מיר געגעבען און איך האָב דערלאַנגט אַ געשריי.

דאָס האָט ער מיר אָבגעגעבען צוריק די קעשענע פֿון מיין קלייד, וואָס ער האָט אויף אַזאַ געשיקטען אופן אויסגעשניטען, בעת ער האָט מיט מיר גערעדט.

אָט דער קעשענע-גנב האָט ניט געהאַט קיין האַרץ צו בע׳גנב׳ענען אַן אונגליקליכע פֿרוי, וואָס קומט צוריק פֿון ניי-קאַלעדאָניען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיבען טעג נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען קיין סידניי האָב איך צוואַמען מיט נאָך צוואַנציג קאַמעראַדען זיך אויפֿגעזעצט אויף דעם שיף „דזשאָהן העלדער", וואָס איז אָבגעפֿאָהרען קיין לאָנדאָן.

די רייזע צוריק איז געווען פֿרעהליכער און אינטערעסאַנטער ווי אַהין. מיר זיינען דאָס מאָל געפֿאָהר׳ען דורך׳ן זועץ, און ענדליך, נאָך אַ ביטערע שטיקעל וועג, וואָס מיר האָבען געהאַט דורכצומאַכען אויף דעם ענגלישען קאַנאַל, זיינען מיר אָנגעקומען קיין לאָנדאָן.

אַ היבשע צאָהל פֿון אַלטע פֿריינד האָבען אונז אָבגעוואַרט ביים ברעג. מיר האָבען פֿערבראַכט צוזאַמען דעם ערשטען טאָג ביי אונזערע אַ פֿריינדין אין אויף מאָרגען האָט מען אונז געפֿיהרט אין דעם סאָציאַליסטישען קלוב פֿון ראָז סטריט, וואו פֿיעלע ענגלישע, דייטשע און אידישע קאַמעראַדען האָבען אונז אויפֿגענומען מיט פֿרייד.

זיי האָבען אונז בעגלייט צום וואַקזאַל קיין ניו-הייווען.

איך בין אַלזאָ געווען לעבען מיין גליק. אָט באַלד וועל איך זעהן צוריק פֿראַנקרייך, באַלד וועל איך זעהן מיין מוטער!

## ענדע פֿון צווייטען טהייל.



## דריטער טהייל.



# צוריק אין דערהיים.



# I

## מיין מוטער׳ס פֿרייד און לייד.

מען קען זיך משער זיין מיט וואָס פאַר אַן אונגעדולד, מיט וואָס פֿאַר אַ האַרץ קלאַפּעניש איך האָב זיך אויפֿגעזעצט אויף דער באַהן קיין פאַריז. דורך אַ בריעף פֿון מיין פֿריינדין מאַריע פֿערע האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אַזוי גיך ווי מיין מוטער איז נור געוואָהר געוואָרען, אַז איך קום צוריק, איז זי גאָר אַן אַנדער מענש געוואָרען. די בשורה האָט איהר אַריינגעגעבען אַ שטיק געזונד און זי האָט שוין אויסגעקוקט די מינוט מיך צו זעהן.

ס׳פֿערשטעהט זיך, אַלזאָ, פֿאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי געאיילט צו זיין אין פאַריז.

אין דיעפ האָבען מיך עטליכע פֿריינד אָבגעוואַרט אויף׳ן וואַקזאַל, אָבער איך האָב דאָרט ניט געקענט בלייבען לאַנג, און איך האָב זיך גלייך אויפֿגעזעצט אין דעם צוג, וואָס איז אָבגעגאַנגען קיין פאַריז.

אין עטליכע שטונדען אַרום בין איך געווען אין מיין מוטער׳ס אָרעמס.

איך וועל זיך ניט אונטערנעהמען צו בעשרייבען דאָ די פֿרייד אונזערע, דעם גליקליכען מאָמענט פֿון אונזער בעגעגעניש.

— אַה, מיין גוטע לואיזע! ענדליך האָב איך דיך צוריק לעבען זיך,— האָט מיין מוטער געזאָגט.—און דיזעלבע, דיזעלבע וואָס געווען. דו ווייסט, מיין קינד? דו האָסט זיך גאָרנישט געענדערט.

איך האָב דאָס ניט געקענט זאָגען וועגען מיין מוטער.

איהרע האָר זיינען געווען גאַנץ גראָה, און איהר מאָגער, אָבגעצעהרט געזיכט האָט דייטליך געצייגט, וואָס פֿאַר שמערצען זי האָט דאָס געמוזט איבערליידען אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אַוועק.

כ׳האָב אייך בעמערקט, אַז איהר רעכטע זייט איז אַזוי ווי פּאַראַליזירט, און איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען פֿון וויינען.

— וואָס וויינסט דו, לואיזע?—האָט זיך מיין מוטער אָבגערופֿען—דערפֿאַר וואָס איך בין אַביסעל קראַנק? ס׳איז גאָרנישט. כ׳דיינק גאָר אפילו ניט וועגען מיינע ווייטאָגען, אַבי איך זעה דיך און האָב דיך דאָ לעבען מיר.

אין זי האָט מיך צוגעדריקט מיט אַ פֿייערדיגער ליעבשאַפֿט צו איהר האַרצען.

איך בין געווען אי גליקליך, אי אומעטיג אין דערזעלבער צייט. גליקליך, וואָס איך קען זיין צוריק צוזאַמען מיט דער, וועמען איך האָב אַזוי ליעב געהאַט, און אומעטיג, וואָס איך האָב זי געפֿונען אַ קראַנקע, כמעט אָהן כּיחות.

כ'האָב איבערגעלאָזט מיין מוטער שטאַרק אין פֿול מיט לעבען און איך האָב געפֿונען אַן אַלטע פֿרוי.

ביי מיין מוטער אין הויז—אַ בעשיידענע דירה אויף דעם בולוואַר אָר-נאַנאָ—האָב איך זיך אויך געטראָפֿען מיט עטליכע אַלטע פֿריינד און קאַמע-ראַדען וועלכע האָבען אַודאי אויך ניט גערעכענט זיך ווען עס איז צו קענען זעהן מיט מיר.

אַז די געסט זיינען זיך צוגאַנגען און איך בין געבליבען אַליין מיט מיין מוטער און מיט מיין אַלטען פֿעטער, רופֿט זיך די אָרעמע פֿרוי אָב צו מיר:

— כ'האָף, לואיזע, אַז איצט ביסט דו שוין אויסגעהיילט און דו וועכסט זיך שוין מעהר מיט קיין פּאָליטיק ניט אָבגעבען?

איך האָב גאָרנישט געענטפֿערט.

— נו אַוודאי,—האָט דער פֿעטער מיינער געענטפֿערט פֿאַר מיר—לואיזע וועט צוריק אויפֿמאַכען איהר שולע, וועט זיך אָבגעבען מיט איהרע קינדער און ניט געהן מעהר ריידען אויף די פֿערזאַמלונגען. ניט אַזוי, מיין קינד?

כ'האָב געגעבען אַזאַ'ן ענטפֿער, וואָס קיינער האָט נישט געקענט הערען.

מיינע בראַווע עלטערן האָבען געגלויבט, אַז די שווערע יאָהרען, וואָס איך האָב פֿערבראַכט אין ניי-קאַלעדאָניען, האָבען אַודאי געמוזט שטאַרק אָבקיהלען מיין רעוואָלוציאָנערן פֿייער.

דיזע גוטע מענשען האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז איך וועל אַצונד ניט האָבען קיין אינטערעסע אין דער סאָציאַלער בעוועגונג.

איך האָב געזעהן, ווי גליקליך זיי זיינען, וואָס זיי האָבען מיך צוריק-געפֿונען, אַז איך האָב קיין האַרץ ניט געהאַט זיי צו איבערצייגען אין זייער טעות, אַריינמישען אַ טראָפּען גאַל אין זייער אייסערגעוועהנליכער פֿרייד.

אַה! וואָס פֿאַר גליקליכע אָוועגדען איך האָב פֿערבראַכט אין דעם קליינעם צימער אויף בולוואַר אָרנאַנאָ!

מיין מוטער פֿלעגט מיך פֿערוויגען, פֿערשלעפֿערן אַזוי ווי דאַן, ווען איך בין געווען אַ קליינטשקע... דאָרט... אין ווראָנקור.

זי האָט מיר דערמאָנט די זיסע טעג פֿון מיין קינדהייט.

זי האָט מיר אויך דערציהלט, וואָס פֿאַר אַן עגמת נפש זי פֿלעגט האָ-בען, ווען זי האָט ניט ערהאַלטען פֿון מיר קיין בריעף צו דער בעשטימטער צייט.

עס האָבען זיך געפֿינען באַנדיטען, וועלכע האָבען גע'פּועל'ט ביי זיך

אָנצוזטהאָן מיין מוטער די שרעקליכסטע יסורים, אום זיך נוקם צו זיין אָן מיר. אזוי פּלעגט די אָרעמע פּרוי כסדר ערהאַלטען אַנאָנימע בריעף, אין וועלכע מען האָט איהר געלאָזט וויסען, אַז איך בין דערשאָסען געוואָרען אויף דעם האַלב-אינזעל דיקאָס דערפאַר וואָס איך האָב גענומען אָנטהייל אין אַן אויפשטאַנד.

אָט די אַלע נאַרישע און שרעקליכע געשיכטען האָבען מיין מוטער פערשאַפט גענוג שמערצען. זיי האָבען איהר פערביטערט דאָס לעבען. זי האָט זיך געריכט יעדען מאָמענט צו קריגען די ידיעה, אַז איך בין טויט.

וואָס דאָס האָט דער אָרעמער פרוי אָבגעקאָסט, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען.

— — — — — — — — — — — — — — —

אַכט טאָג צייט בין איך כמעט פון שטוב-ניט אַרויס.

כ'האָב ניט געוואָלט שוין אויף דער ערשטער וואָך בעאונרוהיגען מיין מוטער. זי האָט געהאָפט און געגלויבט, אַז איך וועל ווערן צוריק א לעהרערין און אַוועקוואַרפען די פּאָליטיק, און איך האָב זיך געסטאַרעט אָבצולייגען אויף וואָס לייגנער דעם טאָג, ווען איך וועל זיך מוזען מודה זיין פאַר איהר, אַז איך בין גרייט זיך ווידער נעהמען צו מיין פראָפּאַגאַנדאַ.

אין פאַריז האָט מען דערווייל גענומען אָרגאַניזירען פיעלע פערזאַמלונגען צו פייערן דאָס צוריקקומען פון די פערשיקטע און צו שאַפען געלד, אום צו העלפען די אָרעמע אָפּפער פון דער קאָמונע, וועלכע זיינען געווען אין אַ גרויסער צאָהל.

איין אָוועגד איז מיין מוטער אַריינגעקומען מיט אימפעט צו מיר אין צימער. זי איז געווען זעהר אונרוהיג.

— וואָס הער איך, לואיזע?—רופט זי זיך אָב—דו אַראַנזשירסט אַ פערזאַמלונג אין עליזעע-מאָנמאַרטר?

— יאָ, כ'מוז עס טהאָן,—האָב איך געענטפערט.—אַסך פון די, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון ניי-קאַלעדאָניען, געפינען זיך אין אַ גרויסער נויטה. איז עס ניט אינזער פליכט, זיי צו קומען צו הילף? בעריכען פאָרט, פאַרהאַן גאַנצע פאַמיליען אָהן אַ מעגליכקייט דורכצולעבען דעם טאָג. מיר מוזען דאַרום אַראַנזשירען עטליכע פערזאַמלונגען און איינקלייבען אַביסעל געלד פאַר די אונגליקליכע. איך בין זיכער, אַז דו קענסט עס ניט נעהמען פאַר אומגוט פון מיין זייט.

— ניין,—האָט מיין מוטער געזאָגט,—נאָר כ'האָב מורא, די דאָזיגע פערזאַמלונגען זאָלען דיר ניט פיהרען דערצו צו אָרגאַניזירען נאָך אַנדערע אין בעלאַביליז קענסט דו צוריק אָנגעהמען דאָס אַמאָליגע לעבען פון געפאַהר, וואָס האָט מיר פערשאַפט אַזויפיעל צרות.

— זיי רוהיג, מוטער מיינע. מיר זיינען שוין ניט אין 1871טען יאָהר.

ס׳הערשט איצט רוה אין לאַנד, אין נישקשה, מען וועט ניט מעהר בעהאַנד-לען אַלס פערברעכער די, וועמען מען האָט אַמניסטירט.

די אָרעמע פרוי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אַזוי ווי זי וואָלט גע-צווייפעלט אין מיינע ווערטער.

זייט זי האָט מיט איהרע אייגענע אויגען געזעהן די קאָמונע, האָט זי אין גאַנצען פערלאָרען יעטװעדען גלויבען אין דער מענשליכקייט און ערעל-מוטהיגקייט פון אונזערע הערשער.

איך בין אַלזאָ אַוועק אויף דער פערזאַמלונג אין דעם „עליזעע-מאָנמאַרטר.“

דער זאַאַל איז געװען פול געפאַקט און עס איז דאָרט, פערשטעהט זיך, געװען זעהר לעבעדיג.

עטליכע רעדנער האָבען גענומען דאָס וואָרט און זיי האָבען אַלע גע-בראַנדמאַרקט די אונטערדריקער פון 1871.

אַז עס איז געקומען מיין רייהע צו ריידען, בין איך אַרויפגעפאַלען אויף גאַליפע׳ן און די אַנדערע רוצחים פון דער קאָמונע. און געענדיגט מיין רעדע מיט אַ טיעפען וואונש און אַ פעסטער איבערצייגונג, אַז די רעוואָלו-ציאָן וועט ענדליך זיעגען.

אַז איך האָב געענדיגט און שוין געוואָלט אַרונטערגעהן פון דער טריי-בונע, האָב איך דערזעהן צווישען די פערזאַמעלטע אַ בלאַסע פרוי, וועלכע איז געשטאַנען עטליכע טריט פון מיר און האָט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען.

דאָס איז געווען מיין מוטער.

זיך דורכברעכענדיג אַ וועג ביז מיר, האָט זי מיר מיט אַ מילדען טאָן פון פאָרוואורף געזאָגט:

— אָה, לואיזע, לואיזע! דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז דו וועסט מעהר נישט פריידיגען די רעוואָלוציאָן... דו וועסט זעהן, אַז אונז וועט נאָך טרעפען עפּעס אַ נייע אינגליק!

כ׳האָב בערוהיגט די אָרעמע פרוי אַזוי גוט ווי איך האָב געקענט, און אַז די פערזאַמלונג האָט זיך געענדיגט, האָבען מיר פערלאָזען דעם „עליזעע-מאָנמאַרטר“, אין דער בעגלייטונג פון אַ קאַמעראַד, וועלכער האָט מיר דער-צעהלט אויף וואָס פאַר אַ מערקווירדיגען אופן די אַמניסטיע איז דורכגע-פיהרט געוואָרען.

זי איז ניט אַזוי לייכט דורכגעגאַנגען ווי מיר האָבען געמיינט, און די, וועלכע האָבען זיך כלומר׳שט אַרויסגעשטעלט אַלס אונזער פריינד, דערמיט וואָס זיי האָבען אונז „פערצייהט אונזערע פעהלערן“, זיינען געווען אינזערע ביטערסטע געגנער.

II

## דער פּאָליציי־פּראָפּעקט אַנדריע.

די סאָציאַליסטישע גרופּען האָבען זיך גענומען אָרגאַניזירען. אין אַלע טהיילען פון דער שטאָדט זיינען יעדען אָוענד אָבגעהאַלטען געוואָרען פערזאַמלונגען.

די רעגירונג האָט געקראָגען פּחד פאַר אונז און האָט אויף אונז אָנגעשיקט אַ חברה-מאַן, וועלכען ס'וועט ניט זיין איבעריג פאָרצושטעלען פאַר מיינע לעזער.

דער דאָזיגער הערר האָט געהייסען אַנדריע.

דאָס איז געוועזען אַן אַמאָליגער אַדוואָקאַט וואָס איז שפּעטער אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט.

אין דער יוגענד איז אַנדריע געוועזען נישקשה פון אַ מענשען. די רעפּובליקאַנער האָבען געלייגט אויף איהם פיעל האָפנונג. אַלס אַדוואָקאַט האָט ער אין דער שטאָדט ליאָן געגומען אַ היבשען אָנטהייל אין דעם שטרייט געגען דעם קייזער רייך פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען, האָט זיך אָנגענומען פאַר פיעלע פּאָליטישע אָנגעקלאָגטע און האָט אויך גערעדט אויף די פערזאַמלונגען.

אין 1870 איז ער פּעראורטהיילט אין אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין געפענגניס פאַר אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטען, און מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, אין 1876טען יאָהר, ווען ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, איז שוין אַנדריע געוועזען איינער פון די ביטערסטע געגנער פון די קאָמונאַרען. ער האָט מיט אַלע כוחות בעקעמפפט די אַמניסטיע, און אַז די פערשיקטע זיינען צוריקגעקומען פון ניי-קאַלעדאָניען, האָבען זיי אין דעם דאָזיגען בורזשואַזען אַדוואָקאַט געפונען אַ דם שונא.

עטליכע מאָנאַטען איידער מיר זיינען אָנגעקומען קיין פּאַריז איז אַנדריע געוואָרען פּאָליציי פּראָפעקט.

זיך דערוויסענדיג, אַז מיר האָבען בדעה זיך צו נעהמען צו דער אַרבייט און אַראַנזשירען פערזאַמלונגען, האָט ער אָנגעפילט אונזערע גרופּען מיט נאַרישע און פייגע שפּיאָנען; ער האָט איבערהויפּט גענומען שפּיעלען די ראָלע פון אַ פּראָוואָקאַטאָר.

אום אינז צו פערניכטען, איז ער געפאַלען אויף אַ המצאה: ער האָט אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען אַ רעוואָלוציאָנערע צייטונג, וואָס האָט געשאָטען פייער אויף דער רעגירונג און אויף די קאַפּיטאַליסטען. ער האָט געפונען געניג רעדאַקטערע און שרייבער וועלכע האָבען פאַר געלד געטהאָן פאַר איהם די שמוציגסטע שפּיאָנסקע אַרבייט.

אום די לעזער זאָלען האָבען אַ שטיקעל בעגריף, וואָס פאַר אַ מין

בראַנד-צייטונג דאָס איז געווען, אָט וועל איך דאָ איבערגעבען אַן אויסצוג פֿון אַן אַרטיקעל, וואָס איז דאָרט ערשיענען:

„קאַמעראַדען,

„לאָמיר קעמפּפֿען מיט אַלע אונזערע קרעפֿטען; די אינטערדריקונג ווערט גרעסער פֿון טאָג צו טאָג. מיר זיינען בעזיעגט געוואָרען ביי דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1871, מען האָט דערטרונקען די אונזעריגע אין אַ טייך פֿון בלוט. מיר מוזען נעהמען ראַכע דערפֿאַר.

„זאָל דאָס פֿאָלק אַרונטערנעהמען די קייטען, און וועלכע עס געהט גע-שלאָסען, און זיי וואַרפֿען די רעאַקציאָנערן אין די קעפּ..."

אין דעם נוסח זיינען געווען אַלע אַרטיקלען. דאָס האָט געגעבען דעם פּאָליציי-פּרעפֿעקט די מעגליכקייט זיך צוצישמייכלען צו די הערשער און זיי פֿערזיכערן, אַז ער האַלט זיינע אויגען אָפֿען, אַז ער ווייסט אַלעס, וואָס עס טהוט זיך ביי די רעוואָלוציאָנערן און אַז ער וועט לייגען די האַנד אויף זיי, ווען עס וועט קומען די צייט דערצו.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ניט נור האָט מען מיינע קאַמעראַדען אין מיך טאָג טעגליך אַרומגערינ-געלט מיט שפּיאָנען, נאָר מען האָט אונז אויך פֿערלייםדעט.

אייף אַזאַ'ן אופן האָט מען פֿערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך פֿאָהר אין אַ קאַרעטע; אַז אום אָבצונאַרען דאָס פֿאָלק האָב איך זיך לפנים גענומען אַן אָרעמע דירה אויף דעם בולוואַר אָרנאַנאָ, נאָר איך האָב אַ רייכע וואוינונג אויף „שאַנז-עליזע".

און עס האָבען זיך געפֿונען גענוג נאַאיווע מענשען, וועלכע האָבען געגלויבט אין די אַלע נאַרישקייטען.

איינמאָל, אויף אַ פֿערזאַמלונג, האָט זיך איינער פֿון די אָנוועזענדע אויפֿ-געהויבען און מיך געפֿרעגט, צי ס'איז אמת, אַז איך האָב אַ פּלאַץ און אַז איך פֿאָהר אַרום אין אַ רייכען עקיפּאַזש.

כ'האָב אפילו ניט אויסגעהערט דיזער נאַרישער פֿראַגע; דער מאַן איז פֿערשריען געוואָרען פֿון אַלע זייטען און ער האָט געמוזט פֿערלאָזען דעם זאַאַל.

איך ווייס ניט, צי האָט דאָס דער הערר אַנדריע אַליין פֿערשפּרייט אָט די לעכערליכע געשיכטען, נאָר יעדענפֿאַלס האָבען זיי געשטאַמט פֿון זיינע שפּיאָנען.

די „רעוואָלוציאָנערע" צייטונג פֿון דער פּאָליציי איז נאָך אַלץ ערשיענען און וואָס וויטער אַלץ שאַרפֿער, מיט ברענענדערע אַר-טיקלען. דאָס איז געווען אַן איינפֿאַכער וואולקאַן, וואָס האָט געשאָסען מיט פֿייער, נאָר די לאַוואַ זיינע איז ניט אַריבער די טהירען פֿון דער רעדאַקציע.

מיר זיינען איינמאָל געווען בעלנים צו מאַכען אַ קליינע אינטערזיבונג,

אין נאָכדעם ווי מיר זיינען ארומגעגאַנגען פֿון איין ציימונג פֿערקויפֿער צום אַנדערן, האָבען מיר אויסגעפֿונען, אַז הע״ר אַנדריע׳ס בלאַט פֿלעגט זיך בסך הכל פֿערקייפֿען יעבעצעהן שטיק פֿין יעדער נימער!!

וואָס ברענענדיגער און קנאַקעדיגער די פּאָליציייסקע ציימונג איז געווען, אַלץ ריהיגער אין געלאַסענער האָבען זיך געהאַלטען אונזערע ציימונגען.

מיר פֿלעגען דאָרט דיסקוטירען איבער אונזערע אידעע, אָהן ברוטאַלי-טעט, אָהן שימפּפֿווערטער, אין דאָס האָט דעם פּאָליציי-פּרעפֿעקט שטאַרק אַראָפּגעבראַכט פֿון די כלים.

אָבער דער הערר אַנדריע האָט דאָך געדאַרפֿט ווייזען זיינע בעלי בתים, אַז ער וואַכט איבער פּאַריז, פֿלעגט ער פֿון צייט צו צייט לאָזען אַרעסטירען עטליכע וואַגאַבונדען אין זיי פֿאָרשטעלען פֿאַר געפֿעהרליכע אַנאַרכיסטען, וועלכע האָבען געהאַט בדעה צו בעגעהן אַ מורא׳דיגען אַטענטאַט.

די פֿערקויפֿטע קאַפּיטאַליסטישע און פּאָליציייסקע ציימונגען האָבען גע-האַלטען אין איין פֿערשפּרייטען לעבערליכע אין פֿאַלשע געשיכטען וועגען דער העלדישקייט פֿין דער פּאַריזער פּאָליציי, וועלכע שטעהט אויף דער וואַך אין ציטטערט בעציימענס די פֿערברעכערישע פּלענער פֿין די רעוואָלוציאָנערע באַנדיטען.

צווישען די „געפֿעהרליכע״ לייט, וואָס אַנדריע׳ס אַגענטען האָבען אין יענער צייט אַרעסטירט, האָט זיך געפֿונען איינער מיט׳ן נאָמען מעלשיאָר. ווי די בלעטער האָבען געמעלדעט, איז דאָס געווען אַ בעריהמטער אַנאַרכיסט, וועלכער האָט געהאַט בדעה צו מאַכען אַן אַטענטאַט אויף דעם פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק.

די פּאָליציי, האָט ווייטער מידיע געווען, האָט ביי מעלשיאָר׳ן אין צימער געפֿינען אַ באָמבע און נאָך אַנדערע מורא׳דיגע אינסטרומענטען.

ווי דער שטייגער איז האָט זיך דער אַרעסטירטער באַלד מודה געווען איף אַלע בעשולדיגונגען, הכלל, עס איז געווען אַן אויסגעצייכענטער זיעג פֿאַר דער פּאָליציי.

נאָר מערקווירדיג, אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מיט אַמאָל שטיל געוואָ-רען וועגען מעלשיאָר. די ציימונגען האָבען אויפֿגעהערט ריידען פֿון איהם; אַזוי ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל איף דער וועלט ניט געווען.

כדי אַביסעל צו ערגערן דעם הערר פּאָליציי פּרעפֿעקט, האָבען מיר אין אונזערע בלעטער געהאַלטען אין איין פֿרעגען: „וואו מעלשיאָר איז אַהינ-געקומען? ווען וועט זיין דער פּראָצעס זיינער? און ווען וועט מען איהם שוין אַמאָל פֿיהרען צו דער גיליאָטינע?

אַנדריע האָט געשפּרונגען פֿאַר כעס, נאָר ער האָט זיך ניט געקענט העלפֿען.

אין אַ שטיקעל צייט אַרום האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז דער דאָזיגער מעלשיאָר איז אַריבער צו דער פּאָליציי און ער האָט געקראָגען אַ שטעלע אַלס אינספּעקטאָר אין דער בריגאַדע פֿון די דעטעקטיווס.

נאָר לאַנג איז ער דאָרט ניט געווען. אַ פּאָר קאַמעראַדען האָבען זיך אונטערנומען צו לערנען מיט דעם פּערערטעהער אביסעל דיך ארין.

אין אַ שעהנעם אָווענד האָט מעלשיאָר געהאַט ביי זיך אין צימער דריי אומגעריכטע געסט. אָהן אַסך טענות האָט מען איהם געבונדען, פּערשטאָפּט דאָס מויל, ער זאָל ניט קענען מאַכען קיין געוואַלד, און דערנאָך האָט מען איהם אַריבערגעפיהרט אויף אַ׳ן אָרט, וואו פּיעלע פון אונזערע קאַמעראַדען זיינען געווען פערזאַמעלט.

דאָרט האָט מע־שיאָר אָנגעשריבען אַ בריעף צו זיין בעל הבית, דעם פּאָליציי-פּרעפּעקט אַנדריע, אַז ער ענטזאַגט זיך פון זיין אַמט, און ערשט אויף מאָרגען, אַז דער בריעף איז שוין געווען אויף׳ן ריכטיגען אָרט איז דער שפּיאָן-אַרויסגעלאָזט געוואָרען פריי.

מיר האָבען זיכער געמיינט, אַז ער וועט אודאי געהן צו אַנדריע׳ן אין איהם דערצעהלען, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט, נאָר מיר האָבען אַ טעות געהאַט. מעלשיאָר האָט מורא געקראָגען און איז אַנטלאָפען קיין ענגלאַנד.

צעהן יאָהר שפּעטער, האָב איך איהם געטראָפען אין לאָנדאָן, וואו ער האָט געהאַלטען אַ שיינק אין וואָרדור סטריט. ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז עס געהט איהם גאָר ניט שלעכט.

אַז ער האָט זיך דערוואוסט ווער איך בין, האָט ער מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— אַה, איך דערקען אייך. איהר זייט געווען צווישען די, וועלכע האָבען מיר אָבגעשפּיעלט דעם וויין מיט דעם בריעף. נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגען? איהר האָט עס אודאי ניט אין זינען געהאַט, נאָר איהר האָט מיר אומגערן געטהאָן אַ גרויסע טובה. ווען ניט איהר וואָלט איך נאָך עד היום געבליבען אַן אָרעמער געהיים-פּאָליציסט, ווערענד איצט בין איך אַ גוט-איינגעאָרדענטער קאָמערציאַנט און מאַך אויסגעצייכענטע געשעפטען.

מעלשיאָר האָט מיר אויך דערצעהלט, אַז אַנדריע האָט זיך שוין עטליכע מאָל געווענדעט צו איהם און איהם פאָרגעלייגט, ער זאָל אַרבייטען פאַר דער פראַנצויזישער פּאָליציי, אָבער איין זאַך האָט מעלשיאָר פערגעסען מיר צו דערצעהלען און דאָס איז, אַז ער איז אָנגעשטעלט געווען נייז ביי דער פראַנצויזישער נאָר ביי דער ענגלישער געהיים-פּאָליציי. ער איז געווען אַ שפּיאָן פון „סקאָטלאַנד יאַרד“.

זיין אויפגאַבע איז געווען צו שפּיאָנירען און אייסצופאָרשען די אַנאַרכיסטען, וועלכע פלעגען אַריינקומען צו איהם אין שיינק, אין פיעלע קאַמעראַדען זיינען אַריינגעפאַלען דורך איהם צו דער פּאָליציי אין די הענד.

אָבער לאַנג האָט זיין דאָפּעלטעס געשעפט, אַלס שיינקער און שפּיאָן, ניט אָנגעהאַלטען. אַז דער עולם האָט זיך דערוואוסט ווער ער איז, האָט מען אויפגעהערט קומען צו איהם, און מעלשיאָר האָט געמוזט פערקויפען דאָס ביער-הויז.

ער איז געבליבען אַן איינפאַכער דעטעקטיוו.
נאַר אויך ניט אויף זעהר לאַנג.
איין נאַכט האָט מען איהם געפונען אַ דער׳הרג׳עטען אין וויטשעפעל.

## III

## פאַר דער דזשורי.

צוזאַמען מיט עטליכע קאַמעראַדען האָב איך אינטערנומען אַן אַגיטאַציאָנס-טור איבער פראנקרייך און בעלגיען. מען האָט אונז איבעראַל געגעבען א זעהר גוטע אויפנאַהמע און אונזערע פערזאַמלונגען זיינען געוועזען ערפאָלגרייך.

אינזער ליעבען פאָליציי פּרעפעקט איז דאָס אַלעס גאָרניט געפעלען, און די שפּיאָנען זיינע האָבען ניט אויפגעהערט צו פערשפּריטען וועגען מיר אַלע סאָרטען פאַלשע קלאַנגען און מיך צו פערליימדען אויף דעם געמיינסטען אופן. די פערשידענע רעוואָלוציאָנערע פעראיינען אין קאָמיטעטען, מיט וועלכע איך בין געשטאַנען אין פערבינדונג, האָבען טאָג-טעגליך ערהאַלטען אַנאָנימע בריעף, וועלכע זיינען געווען פיל מיט שמוץ וועגען מיין פערזאָן.

די רעגירונגס-צייטונגען האָבען צונויפגענומען דיזע אַלע פערלוימדונגען און זיי צושמירט אויף אַלע טעלערלאַך.

איך, פאַר מיין אייגענע פערזאָן, האָב עס געהאַלטען פאַר איבעריג צו ענטפערן אויף אָט די אַלע שמוציגע אַטאַקען. נאָר מיינע פריינד האָבען מיך ניט צורוה געלאָזט, און איך האָב ענדליך אין עטליכע ווערטער צוריקגעשליידערט די פערלוימדונגען מיינע שונאים אין פנים אריין.

דערצו האָבען זיך אָנגערופען עטליכע בעקאַנטע מיינע, וועלכע האָבען געענטפערט אויף די אַטאַקען פון דער פאָליציי, און דאָס אַלעס האָט אויף אַ געוויסער צייט פערשטומט די רעגירונגס צייטונגען.

און אַזוי ווי מען האָט קיין מעגליכקייט ניט געהאַט מיך צו קאָמפּראָמיטירען אויף אַזאַ׳ן אופן, האָט מען געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט מיך צו קענען איבער אַ נייעס איבערגעבען אין די הענד פון געריכט.

דיזע געלעגענהייט האָט זיך ענדליך געמאַכט אין יאַנואַר 1882 ביי דער מאַניפעסטאַציע, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען לכבוד בלאַנקי׳ס יאָהרצייט.

מען האָט מיך אַרעסטירט און פאָרגעבראַכט אין פאָליציי-געריכט אויף דער אָנקלאַגע אַז איך האָב בעליידיגט די פאָליציי.

אַז דער פאָרזיצענדער האָט מיר ערקלערט אין וואָס איך ווער בעשולדיגט, האָב איך געזאָגט:

— אויב ווער עס איז דאַרף זיך בעקלאָגען, איז דאָס מיר, וועלכע זיינען בעליידיגט געוואָרען און וועמען מען האָט בעהאַנדעלט אַזוי ברוטאַל, אין דער צייט וואָס מיר האָבען זיך פערהאַלטען זעהר רוהיג. אָט וואָס האָט פּאַ-

סיט אין וואָרום איך געפֿין זיך איצט דאָ: אָנקומענדיג צום פּאָליציי-קאָמי-סאר, האָב איך געזעהן, ווי עטליכע פּאָליציסטען שלאָגען מורא'דיג אַ מאַן. ריידענ צו דיזע פּאָליציי-אַגענטען, וואָלט געווען אַן אומזין, ווייל זיי זיינען געווען צו אויפגערעגט, האָב איך זיך געווענדעט צו צוויי חברים זייערע, וועלכע האָבען אויסגעזעהן צו זיין לאַלטבליטיג, און זיי געבעטען, זיי זאָלען אַרונטערגעהן ווייל מען הרג'עט דאָרט אַ מענשען..

דער פּאָרזיצענדער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגען און ציהענדיג מיט די פּלייצעס האָט ער געזאָגט:

— די עדות, וואָס וועלען באַלד פֿאָרגערופֿען ווערען, וועלען איך ווייזען, אַז דאָס וואָס איהר דערצעהלט איז ניט ריכטיג.

און די „עדות", צוויי פּאָליציסטען, האָבען ערקלעהרט, אַז איך האָב זיך געווענדעט צו די אַגענטען פֿון דער פּאָליציי מיט שמפּיווערטער; אַז איך האָב זיי גערופֿען מערדער און נאָך אַנדערע נעמען.

איך האָב פּראָטעסטירט דאַגעגען און ערקלעהרט, אַז איך האָב זיך שוין אין מיין לעבען מודה געווען איף אַסך געפֿעהרליכערע זאַכען און אַז די ווערטער, וועלכע מען שרייבט מיר צו, זיינען ניט מיינע, קענען ניט זיין מיינע, נאָר עס האָט מיר גאָרניט געהאָלפֿען.

מען האָט מיך פֿעראורטהיילט צו פֿינפצעהן טעג געפֿענגניס.

מיין מוטער, פֿערשטעהט זיך, האָט עס ווידער געקאָסט אַ שטיק געזונד.

נאָר מעהר נאָך ווי אויף מיין מוטער האָט דיזע געשיכטע געווירקט אויף מיין גוטע פֿריינדין מאַריע פּ-ע. ווען זי האָט זיך נור דערוואוסט, אַז איך בין אַרעסטירט, איז זי שטאַרק קראַנק געוואָרען.

זייט צעהן יאָהר צייט האָט זי געליטען פֿון אַ האַרץ-פֿעהלער און די מינדעסטע אויפֿרעגונג איז פֿאַר איהר געווען געפֿעהרליך.

צו מיין טיעפֿסטען שמערץ איז די אָרעמע מאַריע שוין מעהר ניט אויפֿגעשטאַנען פֿון דיזער קראַנקהייט, און איהר טויט האָט מיך אַזוי דערשלאָגען, אַז איך האָב עטליכע מאָנאַטען נאָכאַנאַנד ניט געהאַט קיין שום מוטה און ענערגיע עפּעס צו טהאָן. איך בין געזעסען אין דערהיים און מיט מיין גוטער מוטער צוזאַמען האָב איך בעוויינט די טייערע, איבערגעבענע פֿריינדין אונזערע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביז דאַן האָט די פּאָליציי מיט אונז קיין גליק ניט געהאַט.

ניט אַכטענדיג אויף אַלע זיינע קינין שטיק, האָט זיך דעם הערר אַנדריע ניט איינגעגעבען אינז צו פֿערוויקלען אין דער גרויסער פֿערשווערונג, פֿון וועלכער ער האָט געטרוימט, און ער האָט נעביך געמוזט אַרונטערגעהן פֿון ביינקעל איידער ער האָט בעזיעגט די סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען.

זיין פּלאַן האָט איבערגענומען אַ געוויסער הערר מיט'ן נאָמען קאַמעסקאַס.

אַזוי ווי אַנדריע איז ער פֿריהער געווען אַן אַדוואָקאַט. אין פּאָליטישער

היינט איז ער בלימר׳שט געוועזן אַ רעפּובליקאַנער, נאָר ער האָט זיך געחנפה׳ט צו די רעאַקציאָנערן, און אַלס פּאָליציי-פּרעפעקט איז ער ניט געווען אַ האָר בעסער איידער אַנדריע.

און עס האָט דיזען נייעם פּאָל ציי-פּרעפעקט אָבגעגליקט. באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אויף זיין אַמט, האָט זיך איהם געמאַכט אַן אַנאַרכיסטען-פּראָצעס, וועלכער האָט אַביסעל אויפגעטרודערט דאָס לאַנד.

ס׳איז געווען אין 1883, ווען עס איז פאָרגעקומען די בעריהמטע מאַניפעסטאַציע אויף דעם „אינוואַלידען-פּלאַץ" אין פּאַריז.

די אַלטע קאַמעראַדען געדיינקען נאָך וואָס דאַן האָט זיך אָבגעטהאָ.

די רעגירונג האָט אין דיזע מאַניפעסטאַציע געוואָלט זעהן אַן אָנפאַנג פון אַ רעוואָלוציאָן.

אין דער אמת׳ן איז עס געווען גאַנץ ווייט דערפון.

די גאַנצע געשיכטע איז געווען בלויז אַ פריעדליכע פאָלקס-דעמאָנסטראַציע, נאָר מען ווייסט גאַנץ גוט, מיט וואָס די דאָזיגע דעמאָנסטראַציעס ענדיגען זיך, ווען די פּאָליציי מישט זיך אַריין אין זיי.

ווען ניט די פּאָליציי מיט די זשאַנדאַרמען וואָלט די אָרדנונג פּילייכט גאָרניט געשטערט געוואָרען.

נאָר ווי עס איז, מען האָט מיך איף דיזער מאַניפעסטאַציע אַרעסטירט אין דעם 21טען יוני 1883 בין איך געשטאַנען צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר קאַמעראַדען פאַר דער דזשורי פון דער סעין.

איך ברייננ דאָ די שליסע פון דעם זעהר לאַנגען בעשולדיגונגס-אַקט, פון וואַנעט מען וועט קענען זעהן אין וואָס מיר זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרען:

„ליאָוזע מישעל, זשאַן-זשאָזעף-עמיל פּוזשע און איוזשען מאַרוי ווערן בעשולדיגט:

1) אַז אין מערץ 1883 זיינען זיי געווען די הויפּט אָנפיהרער און אוניציאַטאָרס פון דעם רויב, וואָס איז בעגאַנגען געוואָרען פון אַ מאַסע מענשען אין מיט אָפענער געוואַלט אין דער בעקערייי פון אָזשעראָ;

2) אַז זיי האָבען אין דערזעלבער צייט איך אָרגאַניזירט אַן אָפענע, געוואַלטיגע פּלינדערונג פון ברויט אין די בעקערייען פון בושע אין מאָריסאָ.

דעם ערשטען טאָג פון פּראָצעס איז דער געריכטס- זאַאַל געווען פּוּ געפּאַקט מיט מענשען.

פריינדע און פיינדע זיינען זיך צונויפגעקומען, פעראינטערעסירט אין די פערהאַנדלונגען, וואָס האָבען דאָ געדאַרפט פאָרקומען.

נאָכדעם ווי דער פאָרזיצענדער האָט דורכגענומען מיט זיין בליק די אָנגעקלאָגטע, האָט ער מיך גענומען אויף׳ן פערהער.

— איהר ווייסט שוין ווען עס איז געווען אָנגעקלאָגט? — האָט ער מיך געפרעגט.

— יאָ, אין 1871טען יאָהר, — האָב איך געענטפערט.

— ס'קען קיין פֿראַגע ניט זיין דערפֿון. דאָס איז אָבגעוויזט געוואָרען דורך דער אַמניסטיע. זייט איהר ווען עס איז געשטאַנען אין געריכט נאָכדעם ווי איהר זייט צוריקגעקומען פֿון נײַ קאַלעדאָניען?

— יאָ, איך בין פֿעראורטהיילט געוואָרען צו 15 טעג געפֿענגניס פֿאַר דער מאַניפֿעסטאַציע, וואָס מען האָט געמאַכט לכבוד בלאַנקי'ן.

— אָט אַפֿניס איהר נעהמט אָנטהייל אין אַלע מאַניפֿעסטאַציעס? — האָט דער פֿאָרזיצענדער געפֿרעגט מיט אַן איראָנישען טאָן.

— פֿערשטעהט זיך, איך בין אימער מיט די אונגליקליכע.

— דערפֿאַר זייט איהר, הייסט עס, געווען ביי דער מאַניפֿעסטאַציע אויף דעם אינוואַלידען-פּלאַץ. וואָס פֿאַר אַ רעזולטאַט האָט איהר דערפֿון ערוואַרטעט?

— אַ פֿריעדליכע מאַניפֿעסטאַציע איז אימער אָהן אַ רעזולטאַט. נאָר איך האָב גערעכענט, אַז די רעגירונג וועט דאָ בענוצען איהרע געוועהנליכע מיטלען; און אַז די מאַניפֿעסטאַציע וועט צוטריבען ווערן מיט אַ קאַנאָן, אין עס וואָלט געווען פֿייג פֿון מיין זייט ניט צו זיין דאָרט.

— איהר האָט צונויפֿגערופֿען אייערע אָנהייגער צו דיזער מאַניפֿעסטאַציע. קענט איהר פּוזשע'ן?

— כ'האָב זיך געטראָפֿען מיט פּוזשע'ן אויף עטליכע פֿערזאַמלונגען.

— פּוזשע איז אייער סעקרעטער. ער האָט עס פֿינאַנדערגעטהיילט אין דער פּראָווינץ די בראָשורען, וועלכע פּראָפּאַגאַנדירען אייערע אידעען. ער האָט צונויפֿגענומען די נעמען פֿון אייערע מיטגליעדער.

— דאָס זיינען, ריכטיג גערעדט, ניט קיין מיטגליעדער. דאָס זיינען פּערזאָנען, וועלכע זיינען נייגיעריג זיך צו בעקענען מיט אונזערע אידעען.

— איהר זייט די אָנפֿיהרערין פֿון אַ ספּעציעלער קליינער מאַניפֿעסטאַציע, וועלכע איז פֿאָרגעקומען נאָך דער אַלגעמיינער דעמאָנסטראַציע, נאָר מיר מוזען אַפֿריהער קלאָהר ווערן וועגען דער גרויסער מאַניפֿעסטאַציע. איהר האָט זיך געלאָזט געהן צום אינוואַלידען-פּלאַץ און אויף'ן וועג האָט איהר בעגעגענט פּוזשע'ן?

— יאָ, מיין העהר.

— האָט איהר אַפֿריהער אָבגעמאַכט מיט פּוזשע'ן און מיט מאַרוי'ן צו געהן צו דער מאַניפֿעסטאַציע?

— ניין, מיין העהר, מיר האָבען זיך בלויז צופֿעליגערווייזע געטראָפֿען.

— זיינען אויף דיזער דעמאָנסטראַציע ניט געווען קיין אַנדערע אָהיין אַרבייטסלאָזע?

— יאָ, מיין העהר.

— האָט איהר געדיינקט, אַז דיזע מאַניפֿעסטאַציע וואָלט געקענט שאַפֿען אַרבייט?

— כ'האָב אייך שוין איינמאָל געזאָגט, אַז ניט. איך בין געווען דאָרט בלויז אויס פֿליכט.

— די מאַניפֿעסטאַציע איז פֿונאַנדערגעטריבען געוואָרען. גראָד אין יע-נעם מאָמענט האָט איהר געהאַט ברעה צו מאַכען אייער קליינע מאַניפֿעס-טאַציע ניט אַזוי?

— ס'איז ניט געווען קיין מאַניפֿעסטאַציע: ס'איז געווען דער געשריי פֿון די אַרבייטער, וואָס איך האָב געוואָלט, מען זאָל הערען.

— איהר האָט געבעטען אַ שוואַרצע פֿאָהן?

— יאָ, און מען האָט מיר געבראַכט צוטראָגען אַ שוואַרצע שמאַטע.

— ווער האָט עס אייך געגעבען?

— אַן אונבעקאַנטער.

— פֿינדעסטוועגען איז אַזוי ניט לייכט צו געפֿינען צופֿעליגערווייזע אַ פֿאָהן אויף דעם אינוואַלידען-פּלאַץ.

— וואָס איז דאָ פֿאַר אַ שוועריקייט? ס'איז גענוג צו האָבען שטיק שוואַרצע טוך און אַ שטעקעל פֿון אַ בעזים.

— פֿון דיזען פֿאַקט קען מען אַרויסזעהן, אַז די מאַניפֿעסטאַציע איז גע-ווען צוגעגרייט. ווער האָט צוגעגרייט די פֿאָהן?

— קיינער ניט, און אַז עס וואָלט אפילו געווען אַ בעשטימטע פערזאָן און איך וואָלט געוואוסט ווער, פֿערשטעהט איהר דאָך אַליין, אַז איך וואָלט עס אייך ניט געזאָגט.

— האָט איהר דען ניט פֿערלאָזען דעם אינוואַלידען-פּלאַץ מיט דער אַב-זיכט צו מאַכען אַ מאַניפֿעסטאַציע?

— כ'האָב זיך איינפֿאַך געשטעלט אין פֿראָנט פֿון אַ גרופּע מענשען.

— פּוזשע און מאַרוי זיינען אויך געווען צווישען זיי?

— יאָ, זיי האָבען זיך איינגעשפּאַרט, ניט אַנדערש, זיי מוזען מיך בע-שיצען, כאָטש איך האָב זיך ניט גענייטיגט דעריין.

— וואָס פֿאַר אַ ציעל האָט איהר געהאַט דערמיט, וואָס איהר האָט מאַרשירט איבער די גאַסען פֿון פּאַריז מיט אַ שוואַרצע פֿאָהן? האָט איהר געגלויבט, אַז איהר וועט אויף אַזאַ אופן שאַפֿען ברויט פֿאַר די אַרבייטער?

— ניין, נאָר איך האָב געוואָלט ווייזען, אַ עס פֿעהלט זיי ברויט, אַז זיי הונגערן. דערפֿאַר האָב איך געהאַלטען אין דער האַנד אַ שוואַרצע פֿאָהן, די פֿאָהן פֿון סטרייקס, די פֿאָהן פֿון הונגער.

אין דעם מאָמענט האָט דער פּרעזיצענדער געהייסען איינעם פֿון די גע-ריכטס-דינער צונעהמען פֿון טיש אַ שוואַרצע פֿאָהן. איך האָב דערקענט די פֿאָהן, וואָס איך האָב געטראָגען דעם 9טען מערץ אויף דער דעמאָנ-סטראַציע.

— איהר זייט צוגעקומען צו „בולוואַר כאַן זשערמען", — האָט דער פּרעזיצענדער ווייטער געזאָגט. — פֿאַרוואָס האָט איהר זיך אָבגעשטעלט ביי דער בעקערייי פֿון הערר בושע?

— כ'האָב געהאַלטען אין איין געהן, די אינגלאַך האָבען מיר דערצעהלט,

אַז מען האָט זיי געגעבען ברויט, נאָר איך האָב זיך ווינציג וואָס איינגעהערט צו דיזע איינצעלהייטען.

— איהר האָט געמיינט, אַז מען האָט זיי געשיינקט ברויט?

— יאָ, מיין העהר, די קינדער האָבען אונז דערצעהלט, אַז מען האָט זיי געגעבען ברויט און קליין-געלד. איך האָב זיך זאָגאַר געפֿיהלט זעהר ערנידעריגט דערפֿון.

— אין די מענער, וואָס זיינען געווען בעוואָפֿענט מיט שטעקענס, זיי האָט מען אויך מיט'ן גוטען ווילען געגעבען ברויט?

— מיר האָבען ניט געהאַט צווישען אונז קיין מענשען, וואָס זיינען געווען בעוואָפֿענט מיט שטעקענס, זיי זיינען ניטאָ דאָ, צווישען די אָנגעקלאָגטע!

— איהר קענט דאָך ניט אָבלייקענען דעם דאָזיגען פֿאַקט: דער עדות בושע האָט איך געזעהן אָן דער שפיצע פֿון אַ מחנה מענשען, און אַ פֿופֿצעהן אָדער צוואַנציג פֿון זיי האָבען זיך אָבגעריסען אין זיינען אַריין ראַבעווען אין קלייט, מיט געשרייען: „ברויט, אַרבייט אָדער בליי!"

— דאָס זיינען ניט געווען אינזערע. דאָס איז אַן אָנשטעל פֿון דער פּאָליציי.

— ביי אַ פֿריערדיגען פֿערהער האָט איהר געזאָגט, אַז איהר האַלט ניט פֿאַר קיין פֿערברעכען צו נעהמען ברויט.

— יאָ, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט גענומען און איך וועל קיינמאָל ניט נעהמען, זאָגאַר ווען איך זאָל שטאַרבען פֿאַר הונגער.

— בעת מען האָט אייך אַרעסטירט, אויף „פּלאַס מאָבער", האָט איהר זיך אָבגערופֿען צום פּאָליציי-מאַן: „טהוט מיר ניט קיין בייזעס, מיר פֿערלאַנגען בלויז ברויט."

— איך האָב ניט געזאָגט: „טהוט מיר ניט קיין בייזעס", נאָר אפשר האָב איך געזאָגט: „מיר פֿערלאַנגען בלויז ברויט, מיר וועלען אייך קיין בייזעס ניט טהאָן".

— הקיצור, העהר בושע'ס בעקערייי איז אין גאַנצען אויסגעפּלינדערט געוואָרען.

— איך האָב זאָגאַר ניט געזעהן די בעקערייי און איך קען ניט דעם העהר בושע.

— די קרייט שטעהט אין מיטען גאַס; זי שטעכט איינפֿאַך אויס די אויגען.

— איך האָב געקלעהרט בלויז מכח דעם עלענד און נויטה פֿון די אַר-בייטער, כ'האָב ניט אין זינען געהאַט די קראָמען פֿון די בעקער.

— איהר זייט דערנאָך צוגעקומען צו העהר אָזשעראָ'ס בעקערייי.

— איך קען ניט דעם העהר אָזשעראָ.

— האָט איהר אויפֿגעהויבען אייער פֿאָהן לעבען דיזער קראָם?

— כ'האָב איהר אויפֿגעהויבען און אַרונטערגעלאָזט שעהנע עטליכע מאָל.

— האָט איהר געזאָגט צו די מאַניפעסטאַנטען: „געהט״?

— ס׳קען זײן, איך האָב עס געזאָגט. כ׳געדיינק ניט אויף זיכער.

— וויפיעל מענשען האָט איהר געהאַט לעבען זיך?

— כ׳ווייס ניט.

— אין קורצען, הערר אָזשעראָ׳ס קראָם איז אין גאַנצען אויסגעפּלינדערט געוואָרען.

— כ׳ווייס ניט.

— ס׳איז אייך, הייסט עס, אַלץ איינס, צי יאָ צי ניין?

— אַבסאָלוט אַלץ איינס.

— איהר זייט דערנאָך אַרויף אויף בולוואַר סאַן זשערמען. האָט איהר זיך אָבגעשטעלט ביי מאָריסעס בעקערי?

— איך ווייס ניט און איך הויב ניט אָן פערשטעהן ווי קומט איהר מיר צו שטעלען אַזעלכע פראַגען.

— האָט איהר זיך צולאַכט, בעת איהר זייט געשטאַנען ביי דער דאָזיגער קלייט?

— איך ווייס ניט, וואָס דאָ איז געוועזען צו לאַכען. אפשר פון דער נויטה פון די וואָס האָבען מיך אַרומגערינגעלט?

— הקיצור, איהר הויבט אַלזאָ ניט אָן וויסען פון די אַלע זאַכען?

— ניין, מיין הערר.

— אָבער די דריי בעראַבעוועטע קאָמערציאַנטען זאָגען, אַז די מאַסע האָט געהאַנדעלט נאָך אַ געוויסען סיגנאַל, וואָס מען האָט זיי געגעבען.

— ס׳איז לעכערליך. אום צו אַרבייטען נאָך אַ געוויסען סיגנאַל, וואָלט מען דאָך געמוזט אַפריהער אָבמאַכען צווישען זיך, וואָס דער סיגנאַל איז; מען וואָלט אַלזאָ געמוזט לאָזען וויסען גאַנץ פּאַריז, אַז איך וועל אויפהויבען אין אַרונטערלאָזען די פאָהן לעבען יעדער בעקעריי.

— דאָס איז אַלזאָ געווען אַן אינסטינקטיווע פאָלקס-בעוועגונג, הייסט עס?

— ס׳איז געוועזען די אַרבייט פון עטליכע קינדער. די פערנינפטיגע מענשען, וועלכע זיינען געוועזען אַרום מיר, האָבען זיך ניט אָבגעגעבען דערמיט.

— איהר האָט איבערגעלאָזט די מאַניפעסטאַציע אויף „פלאַס מאָבער״, וואו פוזשע און מאָרוי האָבען זיך געלאָזט אַרעסטירען, כדי אייך צו רעטען. איהר זייט פערשוואונדען.

— מיינע פריינד זיינען צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל זיך ניט לאָזען אַרעסטירען יענעם טאָג.

— האָט איהר געוואוסט דערפון, אַז פוזשע האָט פערשפרייט אין דער פּראָווינץ אַ בראָשורע מיט׳ן נאָמען: „צו דער אַרמעע״?

— אין דער צייט, וואָס די אָרלעאַניסטען אַגיטירען גאָר אָפען געגען דער רעפּובליק, האָב איך געוואָלט אַגיטירען פאַר דער רעפּובליק, און ס׳איז

געווען מיין איפּטהו צו פֿערשפּרייטען די דאָזיגע בראָשורע. ס׳איז געווען אַ געשריי פֿון פֿערצווייפֿלונג.

— האָט איהר געוואוסט פֿון די ספּעציעלע פֿאָרשונגען, וועלכע פּוזשע האָט געמאַכט וועגען די צינד-שטאָפֿען?

— אַלע גיבען זיך היינט צו טאָג אָב מיט וויסענשאַפֿט. אַלע לייענען דעם „זשורנאַל פֿאַר וויסענשאַפֿט" און זוכען דאָרט מיטלען ווי אַזוי צו פֿער-בעסערן די לאַגע פֿון די אַרבייטער.

— דאָ איז ניט דער פּלאַץ אויפֿצושטעלען טהעאָריען. האָט איהר גע-האַט אַ ידיעה וועגען די פֿאָרשונגען, וואָס פּוזשע האָט געמאַכט?

— ס׳איז ניט מיין עסק צו דערגעהן, אויב מען לייענט יאָ די וויסענ-שאַפֿטליכע זשורנאַלען אָדער ניט.

נאָכדעם ווי דער פּרעזידענט האָט פֿערהערט פּוזשע׳ן, האָט ער געהיי-סען פֿאָררופֿען די עדות.

דער ערשטער איז געווען בושע, אַ בעקער-מייסטער פֿון „רי דעקאַנעט."

— דעם 9טען מערץ, איינס אַזייגער נאָכמיטאָג, — האָט ער געזאָגט — האָבען זיך אַ צוואַנציג פּערזאָנען אַריינגעריסען צו מיר אין דער בעקעריי. זיי זיינען אַלע געווען בעוואָפֿענט מיט שטעקענס מיט בלייענע קעפּ און זיי האָבען פֿערלאַנגט ברויט אָדער אַרבייט. איך האָב זיי געזאָגט: „אויב איהר ווילט ברויט, קענט איהר נעהמען, נאָר צוברעכט קיין זאַך ניט."

— דערקענט איהר די אָנגעקלאָגטע? — האָט דער פֿאָרזיצענדער גע-פֿרעגט, אָנווייזענדיג אויף מיר.

— ניין, מיין העדר.

— האָט איהר געלאָזט נעהמען אייער ברויט, ווייל איהר האָט זיך אַנדערש ניט געקענט העלפֿען?

— העדר פֿאָרזיצענדער, יעדער ווידערשטאַנד איז איינפֿאַך געווען אַרויס-געוואָרפֿען. וואָס האָב איך געקענט טהאָן געגען אַ באַנדע פֿון חברה-לייט, בעוואַפֿענט מיט שטעקענס?

— זיינען דאָס געווען קינדער, וועלכע זיינען אַריין צו אייך אין דער בעקעריי?

— ניין, העדר פֿאָרזיצענדער, דאָס זיינען געווען פֿערניגפֿטיגע מענשען. דער עולם האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

אין דעם אויגענבליק האָב איך זיך אָבגערופֿען:

— די לייט, וואָס האָבען געטראָגען שטעקענס מיט בלייענע קעפּ, זיי-נען ניט געווען אונזערע. איך ווייס פֿון וואַנען זיי זיינען געקומען.

— און פֿון וואַנען זיינען זיי אַלזאָ געקומען? — האָט דער פֿאָרזיצענדער געפֿרעגט.

— פֿון דער פּאָליציי.

נאָך בושע׳ן קומט מאַדאַם זשעראָ, אַ ברויט-הענדלערין פֿון „רי דע פֿור-סאַן זשערמען".

— דעם 9טען מערץ נאָכמיטאָג,—זאָגט זי—האָב איך געזעהן, ווי מאַדאַם לואיזע מישעל האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דער טהיר פֿון מיין קראָם. מען האָט געשריען: ברויט! ברויט!" מענער זיינען אַריין, האָבען גענומען ברויט, ביסקעטס, האָבען צובראָכען אַ טעלער און צוויי שויבען.

— זיי זיינען געוועזען איינלאַך, די, וועלכע האָבען אויסגעפּלינדערט אייער קלייט?

— אָה, עס זיינען דאָרט געווען מעהר דערוואַקסענע פּערזאָנען איידער קינדער.

— וואו איז לואיזע מישעל געווען בעת מען האָט גערויבעוועט?

— זי איז געשטאַנען פּונקט אין מיטען גאַס.

— האָט איהר פֿרייוויליג אַוועקגעגעבען אייער ברויט?

— אָה ניין, מיין העדר!

— אַן ערך וויפֿיעל מענשען האָט איהר בעמערקט אַרום אייך?

— כ'קען עס ניט זאָגען אויף ריכטיג, נאָר ס'איז געווען אַסך... ס'איז געווען אַן אמת'ער רויב.

דערנאָך קומט מאַדאַם אָזשעראָ'ס טאָכטער. זי דערצעהלט, אַז זי האָט געזעהן אָנקומען אַ מחנה פֿון מענשען און אָן דער שפּיצע פֿון זיי איז געגאַנגען אַ פֿרוי מיט אַ שוואַרצער פֿאָהן אין דער האַנד.

צוקומענדיג צו דער בעקעריי, האָט די דאָזיגע פֿרוי אַ קלאַפּ געטהאָן אָן דער ערד מיט איהר פֿאָהן, און אימיצער האָט געזאָגט: „הויבט אָן!"

דער פֿאָרזיצענדער האָט זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צו מיר, און מיט אַ שטרייגגען טאָן האָט ער געזאָגט:

— אָט האָט איהר דעם צווייטען עדות, וואָס האָט געזעהן, ווי איהר האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דער בעקעריי.

איך קען ניט נעהמען דיזע ערקלעהרונגען אין ערנסט, — האָב איך געענטפֿערט.

— איז דאָס געווען אַ פֿרויען-שטימע, וועלכע האָט געזאָגט: „הויבט אָן'?

— יאָ, העדר פּרעזידענט.

— זיינען געווען צווישען עולם נאָך אַנדערע פֿרויען אַחוץ לואיזע מישעל?

— איך האָב ניט געזעהן קיין אַנדערע.

דער בעקער-מייסטער מאָריסע און זיין פֿרוי האָבען אָבגעגעבען כמעט דיזעלבע ערקלעהרונגען וואָס די פֿריהערדיגע עדות.

אַלעס וואָס איך האָב געקענט ענטפֿערן דערויף איז געווען: ציהען מיט די פּלייצעס.

דיזע עדות זיינען ביי דער מאַניפֿעסטאַציע געווען שטאַרק צושראָקען און זיי האָבען איינפֿאַך ניט אָנגעהויבען געדיינקען וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען.

אַ פּאָליציסט פֿון דעם זעקסטען דיסטריקט האָט ערקלעהרט פֿאָלגענדעס:

— זיך דערוויסענדיג, אַז אַ באַנדע פֿין מענשען לויפֿען אַרום איבער די גאַסען מיט קולות אין געוואַלדען, האָב איך זיי גענומען נאָכיאָגען אין אויף „פּראַס מאָבער" האָב איך זיי אָנגעיאָגט. דיזע באַנדע איז אָנגעפֿיהרט געוואָרען פֿון לואיזע מישעל מיט איהרע צוויי אַדיוטאַנטען פּיזשע אין מאַרוי. כ'האָב אַרעסטירט די לעצטע צוויי און פּיזשע האָט מיך גערופֿען „פֿיגלינג" אין „קאַנאַליע" און וואָס איהר ווילט אַליין. לואיזע מישעל האָט זיך אויסגעדרעהט. און די גאַנצע באַנדע האָט געהאַלטע אין איין שרייע: „נידער מיט דער פּאָליצײ!" ענדליך האָב איך אָנגעיאָגט לואיזע מישעל. אז איך האָב איהר אַרעסטירט, האָט זי מיר איינפֿאַך געזאָגט: „טהוט מיר ניט קיין בייזעס!"

— ס'איז פֿאַלש! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן — כ'האָב עס ניט געזאָגט.

— שווייגט! — האָט דער פֿאָרזיצענדער געזאָגט.

אַ צווייטער פּאָליציכט מיט'ן נאָמען בלאַן פֿון דעם זעלבען דיסטריקט האָט ערקלעהרט, אַז די מאַניפֿעסטאַנטען האָבען געהאַט ביי זיך שטעקענס, רעוואָלווערס און מעסערס און אַז זיי האָבען געשריען: „נידער מיט דער פּאָליצײ! עס לעבע די רעוואָלוציאָן!" ער האָט אויך בעשטעטיגט, אַז איך האָב דעם ערשטען פּאָליציי־מאַן געזאָגט: „איך בעט אייך, מיין הערר, שלאָגט מיך ניט, כ'וועל געהן מיט אייך."

כ'האָב זיך מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ פּראָטעסט.

— דיזער מאַן זאָגט ליגען! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן. — איך האָב דאָס ניט געזאָגט. כ'האָב זיך קיינמאָל פֿאַר קיינעם ניט ערנידעריגט. קיינמאָל האָב איך ביי קיינעם קיין גנאַדע ניט געבעטען. איהר קענט זאָגען וואָס איהר ווילט, איהר קענט מיך פֿער'משפּט'ן, נאָר איך פֿערוועהר אייך, הערט איהר? איך פֿערוועהר אייך, מיך צו ערנידעריגען!

דער פֿאָרזיצענדער האָט ערקלעהרט, אַז די זיצונג איז אָבגעלייגט.

אויף מאָרגען איז אונזער פּראָצעס פֿאָרטגעזעצט געוואָרען.

צוערשט האָט מען אויסגעהערט דעם מאַהלער שאָסעדאַ, וועלכער האָט ערקלעהרט, אַז ער האָט מיך געזעהן פֿערביי־געהן פֿערביי מאָריסע'ס בעקעריי, זיך ניט אָבשטעלענדיג דאָרט.

דערנאָך האָט מען אויפֿגערופֿען דעם נאָמען פֿין העכרי ראָשפֿאָר.

— איין טאָג, — האָט ער ערקלעהרט, ריידענדיג פֿון די מאַניפֿעסטאַציעס פֿון מאָנאַט מערץ — האָט מיר לואיזע מישעל דערצעהלט, אַז די צייטונגען האָבען געמאַכט אַ גאַנצען ווערזען מכח אַ סומע פֿין אַ זעכציג פֿראַנק, וואָס מען האָט געפֿינען ביי איינעם פֿין די אָנגעקלאָגטע. זי האָט מיר ערקלעהרט, אַז דאָס דאָזיגע געלד איז געווען אַ קאָלעקציאָן, וואָס זי האָט געמאַכט אויף אַ פֿערזאַמלונג. דאָס אַלעס האָט מיר לואיזע מישעל דערצעהלט אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען זי איז געגאַנגען צו דעם פּאָליציי פּרעפֿעקט,

הערר קאַמעסקאַס, איז זיך אַליין איבערצייגעבען אין זיינע העגד אַלס געפּאַנ-גענע. דעם זע־בען טאָג האָט זי מיר דערצעהלט, וואָס פאַר אַ פּריעדלבען כאַראַקטער די מאַניפעסטאַציע האָט געטראָגען; זי האָט זאָגאַר ניט געוואָלט מיטנעהמען די רויטע פאָהן מיט זיך.

מיין פריינד ערנעסט ו אָנהאַ: האָט אָבגעגעבען פאָלגענדע ערקלעהרונג:

— דעם זעלבען אָוענד נאָך דער מאַניפעסטאַציע האָט מיר לואיזע מישעל דערצעהלט, אַז מען האָט ביי איהר פריינד פּיזשע געפינען אַ סומע פון זעכציג ביז זיבעציג פראַנק, ווָאס זי האָט איהם אַליין איבערגעגעבען אין אַז דאָס איז געווען דאָס געלד פון אַ קאָלעקציאָן, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף אַ פער־זאַמלונג.

און וואָגהאַן האָט צוגעלייגט:

— איך בין גליקליך, וואָס איך קען דאָ אויסדריקען מיין טיעפסטע סימ-פאַטהיע צו לואיזע מישעל.

— אַ דאַנק, — האָב איך געענטפערט — און איך וועל זעהן, אַז קיין מענש זאָל זיך ניט דאַרפען שעהמען מיט מיר.

ענדליך קריגט דער גענעראַל-פּראָקוראָר קעסניי דע באָרעפער דאָס וואָרט

מיט אַן אַקצענט פון אַ דאָרפסמאַן סטאַרעט ער זיך צו דעריווייזען, אַז איך בין אַ ווילדע היה, אַ גיפטיגע שלאַנג, אַ טיגרין, וואָס דורשט נאָך בלוט אין נאָך מענשען-פלייש, מיט איין וואָרט, אַ מאוים דיגע בריאה.

ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ זעהר גוטען רעדנער, האָט זיך דעם גענעראַל פּראָקוראָר ניט איינגעגעבען צו מאַכען וואָס פאַר עס איז ערנסטען איינדרוק אויף׳ן עולם.

נאָך איהם רעדט דער אַדוואָקאַט באַלאַנדראָ עטליכע ווערטער. ער ער-קלעהרט, אַז איך האָב בדעה אַליין צו האַלטען מיין פערטהיידיגונגס רעדע.

אין געריכטס זאַאַל איז מיט אַמאָל געוואָרען גאַנץ שטיל. איך האָב זיך אויפגעהויבען און אָנגעפאַנגען מיין רעדע:

„— דער פראָצעס, וועלכער קומט דאָ פאָר, איז אַן אמת׳ער פּאָליטי-שער פראָצעס; ניט אונז קלאָגט מען איגענטליך אָן, נאָר אַ גאַנצע פּאַרטיי ווערט אין אונז אָנגעקלאָגט, און דערפאַר האָב איך געמוזט ענטזאָגען דעם הערר באַלאַנדראָ, וועלכער האָט זיך אָנגעבאָטען מיך צו פערטהיידיגען, און אויך אונזער פריינד לאַגער, וועלכער האָט דאָ ניט לאַנג צוריק אַזוי וואַרים פערטהיידיגט אונזערע פריינדע פון ליאָן.

„דער הערר פראָקוראָר האָט געפאָדערט אָנצואווענדען געגען אונז דאָס געזעץ פון 1871. איך וויל זיך דאָ ניט אָבשטעלען צו דערגעהן, אויב דאָס געזעץ פון 1871טען יאָהר איז ניט געמאַכט געוואָרען פון די זיעגער געגען די בעזיעגטע, געגען די, וועמען זיי האָבען געדריקט און געשטיקט, וועמען זיי האָבען צומאָלען אַזוי ווי די מיהל צומאָלט די ווייץ. 1871 — דאָס איז

געווען דער מאָמענט, ווען מען האָט געיאָגט די פּעדערירטע ווי די ווילדע חיות, ווען גאַליפֿע האָט אונז געטריבען צו דער שחיטה, ווען אויף יעדען ווינקעל פֿון די פּאַ־יזער גאַסען זיינען געלעגען גאַנצע הויפֿענס מיט הרוגים.

„פֿאַ־האַן איין זאַך, וואָס ברייננגט אייך אין ערשטוינונג, וואָס שרעקט אייך איבער; ס׳טייטש, אַ פֿרוי זאָל האָבען די העזה, זיך צו פֿערטהיידיגען!

„מען איז ניט געוואוינט צו זעהן אַ פֿרוי, וואָס סמייעט צו דיינקען; מען וויל, ווי פּרודהאָן דריקט זיך אויס, אַז די פֿרוי זאָל זיין אַ בעלהבית׳טע אָדער אַ ליובאָווניצע.

„מיר האָבען גענומען די שווארצע פֿאָהן, ווייל די מאַניפֿעסטאַציע האָט געזאָלט זיין אַ ריין פֿריעדליכע, ווייל ס׳איז די פֿאָהן פֿון סטרייקס, די פֿאָהן פֿון די, וואָס הונגערן.

„האָבען מיר דען געקענט נעהמען אַן אַנדערע?!

„די רויטע פֿאָהן געפֿינט זיך אויף די בית עלמין׳ס, און מען דאַרף זי ניט נעהמען פֿון דאָרט, סיידען מען קען זי פֿערטהיידיגען.

„נון, מיר האָבען עס ניט געקענט; כ׳האָב עס אייך שוין געזאָגט און איך ווידערהאָל עס אייך נאָך אַמאָל, ס׳איז געווען אַ ריין פֿריעדליכע מאַ-ניפֿעסטאַציע.

„איך בין געגאַנגען אַהין, ווייל איך האָב געמוזט געהן אַהין.

„פֿאַרוואָס האָט מען מיך אַרעסטירט?

„איך בין אויסגעוואוזען אייראָפּאַ, זאָגענדיג, אַז איך אָנערקען ניט קיין גרענעצען, זאָגענדיג, אַז די גאַנצע מענשהייט האָט אַ רעכט צו דער ירושה פֿון דער מענשהייט.

„און די דאָזיגע ירושה וועט ניט געהערן צו אונז, וועלכע זיינען שוין צוגעוואוהנט צו לעבען אין שקלאַפֿעריי, נאָר צו די, וועלכע וועלען האָבען די פֿרייהייט און וועלכע וועלען וויסען ווי אַזוי איהר צו געניסען.

„אָט ווי אַזוי מיר פֿערטהיידיגען די רעפּובליק, און ווען מען זאָגט אונז, אַז מיר זיינען איהרע שונאים, האָבען מיר קיין אַנדער ענטפֿער ניט, נאָר אַז מיר האָבען זי געגרינדעט אויף פֿינף און דרייסיג טויזענד פֿון אונזערע הרוגים.

„איהר רעדט פֿון דיסציפּלין, פֿון סאָלדאַטען, וועלכע שיסען אויף זייערע עלצטע. ווי מיינט איהר, הערר גענעראַל-פּראָקוראָר, אַשטייגער ווען די סאָלדאַטען אין ס ע ד אַ ן, ביי דעם דייטש-פּראַנצויזישען קריעג, וואלטען גע-שאָסען אויף זייערע עלצטע, וועלכע האָבען זיי פֿערראַטהען, וואָלטען זיי ניט גוט געטהאָן?

„מיר וואָלטען פֿערשפּאָרט צו האָבען די בלאָטעס פֿון סעדאַן.

„דער הערר גענעראַל-פּראָקוראָר האָט אַזוי פֿיעל גערעדט פֿון די סאָל-דאַטען; ער האָט געלויבט די, וועלכע ברייננגען צו טראָגען די אַנאַרכיסטישע מאַניפֿעסטען צו זייערע עלצטע.

„פֿאַרהאַן עפּעס אַכך אַזַ צירען, ווייסט איהר עפּעס פֿון אַכך גענעראַלען, וועלכע זאָלען האָבען געמעלדעט ככח די מאַניפֿעסטען פֿון די אָרלעאַניסטען אין פֿין הערר באָנאַפּאַרט?

„איך קלאָג דאָ ניט אָן די אָרלעאַניסטען אָדער דעם הערר באָנאַפּאַרט; ס׳האַנדעלט זיך ניט וועגען זייערע פּערזאָנען, נאָר וועגען די אירעען זייערע.

„מען האָט בעפֿרייט דעם הערר באָנאַפּאַרט און מען קלאָגט אונז אָן; איך פֿערציה די, וועלכע בעגעהן דעם פֿערברעכען, אָבער איך ענטשולדיג ניט דעם פֿערברעכען.

„וואָס בעהערשט אינז היינט צו טאָג, אויב ניט די מאַכט, דאָס געזעץ פֿון די שטאַרקע? מיר ווילען עס איבערבייטען אוף דאָס רעכט, און דאָס איז אינזער גאַנצעס פֿערברעכען!

„איבער די טריבונאַלען, איבער די צוואַנציג יאָהר קערקער, וואָס איהר קענט צו׳משפּט׳ן, אַז איהר ווילט איז אויך איבער דעם אייביגען קערקער אפילו, זעה איך פֿאָרט ווי ס׳געהט אויף די זונן פֿון פֿרייהייט און פֿין גלייכהייט.

„אין נאָך עפּעס, אויך איתר, איהר אַליין זייט מיעד, איהר זייט אָנגעעקעלט פֿון דעם, וואָס טהוט זיך ארום אייך!... צו קען מען דען קאַלטבלוטיג צוזעהן, ווי דער פּראָלעטאַריער ליידעט שטענדיג הונגער!

„מיר האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ס׳וועט גאָרנישט ארויסקומען פֿון דער מאַניפֿעסטאַציע אויף דעם אינוואַלידען-פּלאַץ, און דאָך זיינען מיר אַהין געגאַנגען.

„מיר געפֿינען זיך היינט צו טאָג אין דעם גרעסטען עלענד און נויטה. אַזאַ רעזשים רופֿען מיר ניט רעפּובליק.

„מיר וואָלטען אָנגערופֿען רעפּובליק אַ רעזשים, וואו מען זאָל געהן פֿאָרווערטס, וואו עס זאָל הערשען גערעכטיגקייט, וואו עס זאָל זיין ברויט פֿאַר אַלעמען.

„אָבער מיט וואָס אונטערשיידעט זיך דאָס אייער רעפּובליק פֿון דעם קייזער-רייך? וואָס רעדט איהר וועגען רעדע-פֿרייהייט, וועלכע שמעקט מיט פֿינף יאָהר קערקער?

„איך האָב ניט געוואָלט, דער געשריי פֿון די אַרבייטער זאָל פֿערלאָרען געהן. איהר קענט מיט מיר טהאָן וואָס איהר ווילט; ס׳האַנדעלט זיך ניט וועגען מיר, ס׳האַנדעלט זיך וועגען אַ גרויסען טהייל פֿון פֿראַנקרייך, וועגען אַ גרויסען טהייל פֿון דער גאַנצער וועלט.

„עס עקעלט איינפֿאַך אָב צו זעהן די זעלבע ממשלה, ווי עס איז געוועזן אונטער דעם הערר באָנאַפּאַרט.

„מען האָט געמאַכט גענוג רעוואָלוציאָנען! סעדאַן האָט אונז בעפֿרייט פֿון באָנאַפּאַרט׳ן, מען האָט געמאַכט איינע דעם 18-טען מערץ. איהר וועט אַהן צווייפֿעל זעהן נאָך, און אָט דערפֿאַר געהען מיר פֿול מיט צוטרוי אַנטקעגען דער צוקונפֿט!

„אָהן אויטאָריטעט וואָלטען מיר געהאַט ליכט, וואָלטען מיר געהאַט די וואַהרהייט, וואָלטען מיר געהאַט די גערעכטיגקייט. די אויטאָריטעט, דאָס איז אַ פֿערברעכען.

„דער העררר געגעראַל־פּראָקוראָר האָט מיך בעשולדיגט, אַז איך וויל שפּיעלען די ראָלע פֿון אַ פֿיהרערין, אַז איך וויל האָבען דעם אויבען־אָן אין מיין פּאַרטיי. איך בין צו שטאָלץ דערצו, איך וויל זיך ניט ערנידעריגען; וואָרים זיין אַן עלצטער, אַן אויבער־האַר, הייסט זיך ערנידעריגען.

„ס טהוט מיר לייד, נאָר איך מוז זיך נאָך אַמאָל אומקעהרען צו די געשיכטען, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען ביי די העקערייען.

„מוז איך דערמאָנען פֿון דאָס נייע ריזע ברעקראָך, וואָס מען האָט אויסגעטהיילט די קינדער? ניט אַזאַ מין ברויט איז אונז נייטיג געווען. אַרבייטס־ברויט — אָט דאָס האָבען מיר געפֿאָדערט.

„ווי קענט איהר גאָר גלויבען, אַז פֿערנינפֿטיגע מענשען וועלען זיך אָבגעבען דערמיט, צו כאַפּען עטליכע לעבעל ברויט? אַז איינגלאַך האָבען זיך לוסטיג געמאַכט און געכאַפּט עטליכע ברעקלאַך, דאָס איז צו גלויבען, אָבער צו לוינט זיך עס גאָר צו ריידען דערפֿון?

„איך וויל בעסער ריידען פֿון וויכטיגערע זאַכען.

„זאָל די יוגענד אַרבייטען אָנשטאָט צו געהן אין די קאַפֿע־הייזער, און זי וועט זיך געוועהנען צו קעמפֿען פֿאַר דער פֿערבעסערונג פֿון דער לאַגע, אין וועלכער אַזאַ גרויסער טהייל פֿון דער מענשהייט געפֿינט זיך; זי וועט זיך נעהמען צוגרייטען די צוקונפֿט.

„וואָס איז היינט צו טאָג דאָס פֿאָטערלאַנד, וואָס זיינען די גרענעצען, אויב ניט אַ מיטעל צו פֿיהרען קריעג און צו פֿערגיסען טייכען בלוט?

„דאָס פֿאָטערלאַנד, די פֿאַמיליע פֿערשטעהען מיר אַסך ברייטער ווי איהר. אָט דאָס איז אונזער פֿערברעכען.

„מיר לעבען אין אַ זעהר ערנסטער צייט. יעדער איינער זוכט זיך זיין וועג, און אָט וואָס מיר זאָגען צו יעדען איינעם: זאָל דער שטורם אויסברעכען וואָס פֿריהער! זאָל קומען די פֿרייהייט, זאָל קומען די גלייכהייט, און מיר וועלען זיין גליקליך!"

דערמיט האָט זיך געענדיגט די זיצונג פֿון יענעם טאָג און איז אָבגעלייגט געוואָרען אויף מאָרגען.

ביינאַכט האָט זיך שטאַרק געקאָכט אין פּאַריז.

עטליכע קאַמעראַדען, פֿערשטעהענדיג, אַז מען וועט מיר אַרויסגעבען אַ זעהר שטרייגגע שטראָף, האָבען געמאַכט אַ פּלאַן מיך צו בעפֿרייען.

נאָר דיזע בראַווע פֿריינד מיינע האָבען אַפּנים פֿערגעסען, אַז די טהירען פֿון די געפֿענגניסע זיינען גוט פֿערריגעלט און מען קען אַזוי לייכט ניט צוקומען אַהין.

אויף מאָרגען, ווען די זיצונג האָט זיך געעפֿענט, האָט געהערשט אַ מורא׳דיגע אויפֿרעגונג אין געריכטס־זאַאַל.

אַלע האָבען ערוואַרטעט מיט אונגעדולד דעם אורטהייל פֿון די גע-שוואָרענע.

נאָכדעם ווי פּוזשע׳ס אַדוואָקאַט האָט געהאַלטען זיין פֿערטהיידיגונגס-רעדע, האָט פּוזשע אַליין גענומען דאָס וואָרט און ער האָט פֿערטהיידיגט זיין האַנדלונג מיט אַ מערקווירדיגער בערעדזאַמקייט.

דער גענעראַל-פּראָקוראָר האָט צולעצט אויך געהאַט צו זאָגען עטליכע ווערטער, ענטפֿערענדיג אויף אונזערע בעמערקונגען. דערנאָך האָט זיך דער פּאָרזיצענדער געווענדעט צו די אָנגעקלאָגטע און געפֿרעגט, צי זיי ווילען נאָך עפּעס זאָגען אין זייער פֿערטהיידיגונג.

איך האָב זיך אויפֿגעהויבען און געזאָגט פֿאָלגענדעס:

„—כ׳האָב בלויז עטליכע ווערטער צו זאָגען.

„איהר האָט דאָ פֿאַר זיך אַ פּאָליטישען פּראָצעס, און איהר דאַרפֿט זיך דערמיט רעכנען, אַרויסגעבענדיג אייער אורטהייל.

„מען גיט מיר די ראָלע פֿון אַ הויפּט-אָנגעקלאָגטע.

„איך נעהם עס אָן.

„יאָ, איך בין די איינציגע; איך האָב אויפֿגעמונטערט און בעגייסטערט מיינע פֿריינד. איהר דאַרפֿט קיין אַנדערן ניט פֿעראורטהיילען, אויסער מיך, מיך אַליין!

„איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב שוין לאַנג אויפֿגעאָפּפֿערט מיט מיין פּערזאָן, און אַז עס איז מיר גאַנץ גלייך, וואָס מיט מיר זאָל ניט געשעהן.

„איך זעה קיין אַנדער זאַך ניט, אויסער די רעוואָלוציאָן. איהר וועל איך דיענען מיין לעבען לאַנג; איהר בעגרים איך פֿון מיין טיעפֿען האַרצען.

„זאָל זי קומען וואָס גיכער! זאָל זי קומען און געפֿינען מענשען, אָנ-שטאָט צו קומען צו שפּעט און געפֿינען רואינען!"

אַזוי וויט ווי איך קען זיך עראינערן, האָט אין געריכטס-זאַאַל אָבגע-קלונגען אַן אַפּלאָדיסמענט, וועלכער איז גלייך פֿערשטיקט געוואָרען.

דערנאָך האָט זיך די דזשורי צוריקגעצויגען און נאָך אַ שטונדע פֿון ישוב הדעת איז זי אַריינגעקומען צוריק מיט׳ן אורטהייל.

פּוזשע, מאַרוי און איך זיינען געפֿונען געוואָרען שולדיג און אַלע אַנ-דערע זיינען בעפֿרייט געוואָרען.

אין אַ האַלבע שטונדע אַרום האָט מען אונז געלאָזט וויסען אונזערע שטראָפֿען. פּוזשע איז פֿער׳משפּט געוואָרען צו אַכט יאָהר, מאַרוי צו 1 יאָהר און איך צו זעקס יאָהר געפֿענגניס.

אַחוץ דעם האָבען מיר אַלע געדאַרפֿט ערשט נאָכדעם שטעהן אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דער פּאָליציי פֿאַר 10 יאָהר צייט.

דאַן האָט זיך דער פּאָרזיצענדער געווענדעט צו אונז און אונז ערקלעהרט, אַז מיר האָבען דריי טעג צייט צו אַפּעלירען.

— ניין, קיינמאָל ניט! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן. — איהר מאַכט נאָך די ריכטער פֿון דעם קייזערטהום.

צווישען עולם, וואָס האָט זיך געפֿונען אין געריכטס-זאַאַל, איז געוואָרען אַ שטיקעל טומעל. פֿון פֿערשיעדענע זייטען האָבען זיך געלאָזט הערען פּראָטעסטען געגען דעם אורטהייל.

עס הערען זיך די ווערטער: „לעבען זאָל לואיזע מישעל!" און אַנדערע געשרייען, און אין רעכטען מיטען פֿון דיזען גערודער ערקלעהרט דער פֿאָר-זיצענדער, אַז די זיצונג איז געשלאָסען און דערמיט איז אונזער פּראָצעס צו ענדע.

און אויף דרויסען טהוט זיך חושך.

עס האָגעלט מיט קלעפּ . . . די פּאָליציי שלאָגט רעכטס און לינקס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָן האָט מען מיך אָבגעפֿיהרט צוריק אין טורמע.

אין דעם מאָמענט, וואָס איך בין פֿערבייגעגאַנגען דעם לאַנגען קאָרידאָר, וואָס האָט געפֿיהרט צו מיין קעמערעל, איז מיין מוטער אויסגעוואַקסען פֿאַר מיינע אויגען און זיך אַריינוואַרפֿענדיג צו מיר אין די אָרעמס האָט זי מיט אַ האַרצרייסענדע שטימע געזאָגט:

— מיין אָרעמע לואיזע! ווי אונגליקליך מיר זיינען! עפּעס האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז מיר וועלען נאָך צושיידט ווערן איינע פֿון די אַנ-דערע. אָה, ס'איז שרעקליך! כ'האָב מורא, אַז דאָס מאָל וועל איך עס ניט אויסהאַלטען . . .

די טרעהרען האָבען מיר געשטיקט אין האַלז, ס'האָט קיין סך ניט גע-פֿעהלט, וואָלט איך אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ ביטער געוויין; נאָר איך האָב צונויפֿגענומען מיין גאַנצע ענערגיע און געטרייסט דער אונגליקליכער פֿרוי:

— וויין ניט, מוטער מיינע! אויב איך בין צוריקגעקומען פֿון ניי-קאַלע-דאָניען, איז דאָס זיכער ניט אום צו שטאַרבען אין אַ פֿראַנצויזישער טורמע. פֿערליר נאָר קיין האָפֿנונג ניט; די איצטיגע הערשער וועלען ניט אימער בלייבען הערשער. ס'מוז קומען אַ טאָג, און ער איז גאָר ניט אַזוי ווייט, ווען די מאַכט, וואָס אונטערדריקט היינט אַלצדינגג, וועט בעזיעגט ווערן פֿון אַן אַנדער מאַכט, ניט קיין ברוטאַלע, נאָר אַ פֿערנינפֿטיגע, די קראַפֿט פֿון וואָהר-הייט און גערעכטיגקייט. דאַן וועט דאָס, וואָס ווערט איצט בעטראַכט פֿאַר אַ פֿערברעכען, זיין אַן אַקט פֿון גערעכטיגקייט, פֿון מענשליכקייט! האָף, גוטע מוטער מיינע, האָף אויף דעם ליכטיגען מאָרגען, וועלכער וועט אין גיכען אויפֿגעהן.

## IV

## אין געפֿענגניס „סאַן לאַזאַר".

אַ וועכטער האָט מיך אויף אַ ברוטאַלען אופן אָפּגעריסען פֿון מיין מו-טער און מיך גלייך אַוועקגעפֿיהרט אין מיין קעמערל.

אַ פערטעל שעה נאָכאַנאַנד האָב איך געהערט דאָס געוויין און די זיפצען פון מיין מוטער.

די אָרעמע פרוי האָט זיך געבעטען ביי די וועכטער, מען זאָל מיך צו-ריק אַרויספיהרען צו איהר, און איך האָב געהערט ווי איינער פון זיי האָט איהר מיט אַ גראָבער שטימע געענטפערט:

— ס'איז אונמעגליך, געהט אייך!

אָה! וואָס פאַר טרויעריגע מאָמענטען איך האָב דאָס איבערגעלעבט אין דיזען קעמערל פון דער דאָזיגער טורמע!

נאָר ניט וועגען מיין פערזאָן האָט זיך דאָ געהאַנדעלט, ניט וועגען מיין פרייהייט, וועלכע איז איצט פון דאָס ניי אַוועקגערויבט געוואָרען פון מיר. אויב איך האָב אין יענעם מאָמענט געליטען, אויב איך האָב געוויינט, איז דאָס בלויז געווען צוליעב מיין מוטער, וועלכע איז געבליבען אַליין.

ווען איך וואָלט געווען אַליין אויף דער וועלט, וואָלט איך זיך ווינציג וואָס געמאַכט דערפון, וואָס איך בין ווידער געווען אין טורמע.

נאָר שרעקליך איז זיך צו פיהלען פערשפאַרט הינטער שלאָס און ריגעל, דאַן ווען מען האָט עלטערן און פריינדע, וועלכע בייגקען נאָך אייך און וויינען אויף אייער אָבוועזענהייט.

די געפאַנגענשאַפט איז אין אַ געוויסער הינזיכט אַזוי ווי דער טויט.

זי איז פיינליך און שווער אַריבערצוטראָגען הויפּטזעכליך פאַר די, וועמען מען לאָזט איבער הינטער זיך.

אַ קורצע ווייַלע נאָכדעם ווי איך בין פערהאָרטהיילט געוואָרען, איז מיין אַדוואָקאַט, אָדער ווייניגסטענס דער, וועמען מען האָט בעשטימט מיך צו פערטהיידיגען, געקומען צו מיר אין געפענגניס.

נאָכדעם ווי ער האָט מיר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט פאַר מיין רעדע, וואָס איך האָב געהאַלטען אין מיין פערטהיידיגונג, האָט ער נעזאָגט:

— איהר בעגעהט אַ פעהלער מיט דעם וואָס איהר ווילט ניט אַפּע-לירען.

— כ'וועל עס קיינמאָל ניט טהאָן! — האָב איך געענטפערט.

דער אַדוואָקאַט האָט מעהר וועגען דעם ניט גערעדט, נאָר ער האָט זיך איינפאַך בענוגענט מיט די ווערטער:

— איך בעוואונדער אייך.

אויף מאָרגען אין דערפריה האָט מען מיך אַריינגעזעצט אין אַ וואָגען אינאיינעם מיט פיער אונגליקליכע פרויען, וועלכע האָבען ניט אויפגעהערט צו לאַכען, און אין אַ האַלבע שעה אַרום האָבען זיך פאַר אונז געעפענט די טהירען פון דעם געפענגניס „סאַן לאַזאַר".

ס'איז אַלזאָ געווען בעשטימט, איך זאָל בלייבען דערווייל דאָ און וואַר-טען ביז וואַנעט מען וועט מיך אַריבערפיהרען אין אַ צענטראַל-טורמע.

וואוהין וועט מען מיך שיקען? קיין קלערמאָן, קיין רענן אָדער ערגעץ אַנדערש?

איך האָב געציטערט, מען זאָל מיך ניט אָבשיקען קיין אָבעריוו.

כ׳וויס ניט פֿאַרוואָס, נאָר דיזע טורמע האָט אימער אַרויסגערופֿען אין מיר אַ שרעק.

„סאַן לאַזאַר" איז אי אַ טורמע, אי אַ שפּיטאָל, אַזוי ווי ס׳איז דאָס איינציגע פֿרויען געפֿענגניס אין פּאַריז, מוז מען דאָרט בעגעגענען אַלע סאָר-טען אַרעסטאַנטקעס.

פֿאַראַן צוויי אָבטהיילונגען אין דיזען הויז: איינע פֿאַר געוועהנליכע פֿערברעכערינען און אַ צווייטע פֿאַר גאַסען-פֿרויען, וועלכע ווערן פֿעראור-טהיילט פֿון די „מאָראַל היטער" אויף פֿיער ביז פֿופֿצעהן טעג אַרעסט. אין דיזעביידע אָבטהיילונגען האָבען זיך דאַן, אין דער צייט וואָס איך האָב דאָרט פֿערבראַכט, געפֿונען פֿיעלע יונגע מיידלאַך, נאָך גאָר קליינע קינדער.

די אינעווייניגסטע אויפֿזיכט פֿון „סאַן לאַזאַר" ליגט זייט 1850טען יאָהר ביי די הייליגע שוועסטער אין די הענד.

איצט איז די צאָהל פֿון אַרעסטאַנטקעס אין דער דאָזיגער טורמע שוין ניט אַזוי גרויס, נאָר אין מיין צייט האָבען זיך דאָרט געפֿונען 1440 פֿרויען.

די געפֿאַנגענע פֿון דער צווייטער אָבטהיילונג און אַ טהייל פֿון דער ערשטער זיינען געצוואונגען צו אַרבייטען אין די ווערקשטאַטען פֿון דעם געפֿענגניס. דער דורכשניטליכער פֿערדיענסט זייערער איז 20 סאַנטים אַ טאָג.

ניטאָ קיין איינצעל-קעמערלאַך אין „סאַן-לאַזאַר". די אַרעסטאַנטקעס שלאָ-פֿען אין צימערן, וואו עס געפֿינען זיך פֿון דריי ביז עלף בעטען. „די גאַסען-פֿרויען" האָבען אַ געוואַלדיג גרויסען שלאָפֿצימער, וואו עס שטעהן ביז ניינציג בעטען.

אין אַלגעמיין גענומען איז די אויפֿזיכט אין „סאַן לאַזאַר" זעהר אַ שטריינגע. אין מיין צייט פֿלעגט מען פֿאַר די קלענסטע קלייניגקייט שטאַרק בעשטראָפֿט ווערן.

— — — — — — — — — — — — — — —

ווי איך בין נור אָנגעקומען אין דער דאָזיגער תפיסה, האָט מיך דער אויבער-וועכטער אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

ער האָט מיך דערקענט.

דאָס איז אויך געוועזען אַן אַלטער וועכטער פֿון דער אָבעריווער טורמע.

— אַה, איהר זייט אַלזאָ ווידער אין געפֿענגניס, — האָט ער זיך אָב-גערופֿען צו מיר.—אָט אַפּנים מען קען אייך שוין גאָרניט איבערמאַכען. וואָס האָט איהר שוין ווייטער געטהאָן? איהר האָט שוין אַוודאי אונטערגעצונדען עטליכע הייזער זינט איהר זייט צוריקגעקומען פֿון ניי-קאַלעדאָניען?

כ׳האָב געצויגען מיט די פּלייצעס.

דיזער קערל האָט אפילו קיין צייטונג ניט געלייענט און האָט ניט אָנ-געהויבען וויסען פֿון אונזער פּראָצעס, מיט וועלכען די שטאָדט האָט געקאָכט.

כ׳האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק ציזאַמען מיט אַ צעהנדליג אָרעמע פּרויען, און איך האָב געוואָרפֿען אַ בליק אויף מיינע אונגליקליכע אונבעקאַנטע פֿריינדינען אין נויטה:

דאָרט זיינען געוועזען ווייבער מיט ווייסע האָר און נאָך גאָר יונגע קינדער, נאָר אַלע זיינען זיי געזעסען רוהיג. אויף זייערע פּנים׳ער איז ניט געווען קיין שום צייכען פֿון אונרוהיגקייט.

מען האָט געקענט זעהן, אַז אָט די אַלע געפּאַנגענע קענען גאַנץ גוט די טירמע פֿון „סאַן לאַזאַר״, אַז זיי זיינען ניט דאָס ערשטע מאָל דאָ.

איך האָב זיך געפֿיהלט שטאַרק געריהרט, זעהענדיג דיזע אָרעמע וועזענס, וועמען די נויט האָט אַריינגענומען אין איהרע לאַפּעס און וויל זיי גאָרניט אָבלאָזען.

ענדליך האָט מען אונז פֿונאַנדערגעטהיילט אין אונזערע בעזונדערע אָבטהיילונגען. איך בין געוועזען אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע פֿעראורטהיילטע פֿרויען.

איך האָב דאָרט געפֿונען אַ גאַנצע מאַסע פֿון אָרעמע, דערשלאָגענע פֿרויען, דאָס רוב פֿון זיי נאָך גאָר יונגע. צווישען זיי איז זאָגאַר געווען אַ דרייצעהן יעהריגע מיידעל מיט אַ ליידענדער מיענע, וועלכע האָט ניט אויפֿגעהערט וויינען און קלאָגען אויף איהר ביטערן שיקזאַל.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו איהר און איהר געפֿרעגט:

— וואָס איז דיר, מיין קינד?

דאָס אָרעמע מיידעלע האָט אויפֿגעהויבען צו מיר איהרע שוואַרצע אויגען און געענטפֿערט:

— איך האָב גאָרנישט געטהאָן און דאָך שיקט מען מיך אַוועק אין אַ קינדער תפיסה ביז איין און צוואַנציג יאָהר.

און מיט אַ זיסער, ציטערנדער שטימע, פֿול מיט אויפֿרעגונג, האָט מיר דאָס קינד גענומען דערצעהלען איהר לעבענס געשיכטע.

ס׳איז געוועזען הערצרייסענד.

אַ יתומה איז זי געווען. דער פֿאָטער האָט חתונה געהאַט אַ צווייטען מאָל און די שטיפֿמאַמע האָט ניט געקענט ליידען דאָס קינד.

האָט מען זיך כסדר אַרומגעקריגט... ענדליך איז געקומען דאָס, וואָס האָט געדאַרפֿט קומען.

די יונגע שטיפֿמאַמע האָט געסטראַשעט, אַז זי וועט אַוועקגעהן פֿון הויז, אויב דאָס מיידעל וועט בלייבען, און דער פֿאָטער האָט זיך ניט געקענט העלפֿען. ער האָט אַרויסגעקראָגען פֿון דער פּאָליציי אַ בעפֿעהל, אַז מען זאָל דאָס קינד צונעהמען פֿון איהם, און כמעט אָהן אַ שום אונטערזוכונג האָט מען עס אַרעסטירט און פֿעראורטהיילט.

אָרים, קליין פֿויגעלע, ביי וועמען מען האָט אַוועקגערויבט די פֿרייהייט, אום עס צו פֿערשליסען אין אַ פֿינסטערער שטייג!

אין צעהן יאָהר אַרום האָב איך זיך ווידער צונויפֿגעטראָפֿען מיט איהר. זי איז ביסלאַכווייז געזונקען- וואָס ווייטער אַלץ טיעפֿער אין דעם זומפּ פֿון אויסגעלאַסענהייט.

און וויפֿיעל האָב איך זיך אָנגעזעהן אין „סאַן לאַזאַר" און אין די אַנ-דערע געפֿענגניסע מיט דיזע אָרעמע פֿרויען, וועלכע זיינען געוואָרען אָפּפֿער פֿון'ם לעבען נאָך איידער זיי האָבען געלעבט!

דער הויף פֿון דער אָבטהיילונג, וואו די פּעראזורטהיילטע פֿרויען האָבען זיך געפֿונען, איז געוועזען בעזעצט מיט גרויסע ביימער.

איך האָב זיך בעקענט מיט פֿיעלע פֿון דיזע געפֿאַנגענע און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז ניט קוקענדיג אויף זייער געזונקענהייט, האָבען זיי דאָך געהאַט גוטע הערצער. די קליינע בלויע בלום, וואָס וואַקסט אין דער פֿרויען-זעעלע, איז אַסך לעבענספֿעהיגער ווי מען שטעלט זיך פֿאָר, און מען דאַרף האָבען גענוג צרות, גענוג שטורם-ווינדען, אום זי אין גאַנצען צו פֿערניכטען.

מעהר ווי צו אַלע בין איך צוגעבונדען געוואָרען צו אַ געפֿאַנגענע מיט'ן נאָמען זשאַנין, וועלכע האָט אַזוי ווי איך געוואַרט, מען זאָל איהר אַריבער-פֿיהרען אין אַ צענטראַל-טורמע.

זשאַנין האָט זעהר ווייניג גערעדט.

זי פֿלעגט זיצען גאַנצע טעג נאָכאַנאַנד מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען און מיט צונויפֿגעלייגטע הענד, אַרויסלאָזענדיג פֿון צייט צו צייט טיעפֿע, האַרצ-רייסענדע זיפֿצען.

איך האָב פֿערשטאַנען, אַז אין איהר לעבען האָט געמוזט פֿאָרקומען אַ מורא'דיגע דראַמאַ, איינע פֿון יענע דראַמעס, וועלכע קענען קיינמאָל ניט פֿערגעסען ווערן.

מיט דער צייט האָט זשאַנין געוואונען אַביסעל צוטרוי צו מיר.

איינמאָל, ווען מיר זיינען ביידע געזעסען אויף אַ באַנק אין הויף, האָט זי מיר אָנגענומען פֿאַר די הענד און מיר געזאָגט:

— איך זעה, אַז איהר זייט אַ גוטע... איהר האָט נאָך קיינמאָל ניט הוזק געמאַכט פֿון מיר, ווי די אַנדערע.

און מיט אַ ביטערן שלוכצען האָט די אָרעמע פֿרוי אַרויסגעפלאַצט:

— אָה! איך בין אַזוי אונגליקליך, אַזוי אונגליקליך!

כ'האָב פרובירט איהר טרייסטען. דערנאָך, אַז זי האָט זיך אַביסעל בע-רוהיגט, האָב איך איהר געפֿרעגט:

— ס'איז דאָס ערשטע מאָל אַז איהר זייט דאָ?

— יאָ, — האָט זי געענטפֿערט מיט אַ שוואַכער שטימע.

אַ ווײלע זיינען מיר ביידע געבליבען שטיל, דערנאָך האָט זיך זשאַנין אָבגערופֿען:

— איך בין זעהר צו בעדויערן, מאַדאַם!

איך האָב זיך גענומען נאָכפֿרעגען ביי איהר און ענדליך האָט זי מיר דערצעהלט איהר געשיכטע.

זי איז געווען די טאָכטער פֿון בראַווע לייט, וואָס האָבען געוואוינט אויף „פֿאָבורג סענט אַנטואַן".

אַז זי איז נאָך געווען גאָר יונג, האָט זי חתונה געהאַט מיט אַן אַר-בייטער, אַ סטאָליער.

עטליכע יאָהר צייט האָבען זיי געפֿיהרט אַן אויסגעצייכענטען פֿאַמיליען-לעבען.

זי האָט געהאַט צוויי קינדערלאַך: אַ אינגעל און אַ מיידעל.

מיט אַמאָל האָט זיך דאָס רעדעל אַ דרעה געגעבען, דער מאַן איהרער, וועלכער האָט ביז דאַן געפֿיהרט אַ זעהר אָנשטענדיגען לעבען, האָט זיך פּלוצלינג גענומען שכור'ן און פֿערשפּיעלען זיין געלד אין קאָרטען.

זשאַנין, וועלכע האָט ליעב געהאַט איהר מאַן, האָט אַריבערגעטראָגען אַלצדינג און האָט זיך פֿאַר קיינעם ניט געקלאָגט.

נאָר די נויטה פֿון דער קליינער פֿאַמיליע איז וואָס וויי‏טער געוואָרען אַלץ גרעסער. דער מאַן איז שטענדיג געווען אין דרויסען, די פֿרוי האָט גע-אַרבייט אַזוי ווייט ווי זי האָט געקענט, ביז וואַנען זי איז אַנידערגעפֿאַלען קראַנק.

דאַן איז געקומען דאָס גרויסע אונגליק איבער דאָס גליקליכע, פֿריעד-ליכע הויז.

די קינדערלאַך, וועלכע זיינען איינפּאַך אויסגעגאַנגען פֿון הונגער און קעלט, האָבען געוויינט און געבעטען ברויט. מען קען זיך פֿאָרשטעלען, וואָס די אָרעמע זשאַנין האָט איבערגעלעבט אין יענע עטליכע טעג.

איין טאָג, ווען זי האָט שוין מעהר ניט געקענט אַריבערטראָגען דעם געוויין פֿון איהרע קינדער און ניט קוקענדיג אויף דער היץ-קריינק איהרער, איז זי אַראָב אין גאַס, אַריין אין אַ קראָם, האָט אויפֿגעעפֿענט דעם שופֿלאָד פֿון די געלד און אַרויסגעכאַפּט צוואַנציג פֿראַנק.

צוואַנציג פֿראַנק! דערמיט וואָלט זי געקענט ערנעהרען איהרע קינדער-לאַך עטליכע טעג צייט.

נאָר ווען די אָרעמע זשאַנין איז אַרויס פֿון קלייט מיט די געלד אין דער האַנד, האָט מען איהר געכאַפּט. ס'האָט ניט געהאָלפֿען איהר געבעט, מען האָט זי אָבגעפֿיהרט אין דער פּאָליציי.

— מיינע קינדער! מיינע אָרעמע קליינינקע קינדערלאַך!—האָט די אונ-גליקליכע מוטער געיאָמערט.—וואָס וועט ווערן פֿון זיי אָהן מיר? כ'בעט אייך, מיינע הערען, לאָזט מיך געהן אַהיים; כ'וועל זיי אומאַרמען, כ'וועל זיי איינשטילען, דערנאָך וועל איך צוריקקומען אַהער און זיך איבערגעבען צו אייך אין די הענד. איך זאָג אייך הייליג צו אַז איך וועל קומען. איך בין ניט קיין גנב'טע... דאָס האָט מיך דער הונגער געטריבען צו בעגעהן דיזע טהאַט. כ'בין געווען פֿערריקט, כ'האָב ניט געוואוסט וואָס איך טהו... די קינדערלאַך מיינע האָבען געבעטען ברויט און איך האָב זיי ניט געהאַט צו געבען...

די אונגליקליכע פֿרוי איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ סליעדראָוואַטעל.

דאָס איז געווען אַ קאַלטער, אומ׳ברחמנות׳דיגער מענש, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסען פֿון קיין זאַך נאָר דאָס וואָס ער האָט גערופֿען זיין „פּפֿליכט״.

זשאַנין איז געשטאַנען פֿאַר׳ן געריכט און איז פֿער׳משפט געוואָרען צו דריי יאָהר געפֿענגניס.

דאַן איז זי אַרויס פֿון די כלים, און זיך ווענדענדיג צו דעם פּאָרזיצענ־דען, האָט זי אויסגעשריען:

— איהר זייט אַ מיזעראַבלער קערל!

און דערפֿאַר האָט זי געקראָגען נאָך צוויי יאָהר.

דערווייל האָט מען איהר אַריינגעזעצט אין „סאַן לאַזאַר״, וואו זי האָט געדאַרפֿט וואַרטען ביז וואַנען מען וועט איהר אָבשיקען אין אַ צענטראַל־טורמע.

וואָס איז געוואָרען פֿון איהרע קינדער?

מען האָט זיי איבערגעגעבען צו דער „אַסיסטאַנס פּובליק״, דאָס הייסט צו קהל און די הענד.

מען קען זיך משער זיין דעם שמערץ פֿון דיזער מוטער, וועלכע האָט זיך געפֿיהלט אויף אייביג צושיידט פֿון די איינציגע וועזענס, וואָס זי האָט ליעב געהאַט אויף דער וועלט.

כ׳האָב פּרובירט זי טרייסטען, איהר ערקלעהרען, אַז זי וועט קענען אָבנעהמען איהרע קינדער, ווען זי וועט אַרויסקומען פֿון געפֿענגניס.

נאָר זי האָט זיך בשום אופן ניט געלאָזט טרייסטען.

— ניין, ניין, — האָט זי געזאָגט — איך ווייס, אַז איך וועל זיי שוין קיינמאָל ניט זעהן.

אַן ערך פֿופֿצעהן טעג נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען אין „סאַן לאַזאַר״ איז די אָרעמע זשאַנין געשטאָרבען.

פֿאַר׳ן טויט האָט זי מיך צוגערופֿען צו זיך, און שטילערהייט, אויף׳ן אויער, האָט זי מיר געזאָגט:

— אָה, מאַדאַם, איך בעט אייך, סטאַרעט זיך צו געפֿינען אַמאָל מיינע אָרעמע קינדער... דערצעהלט זיי, ווי טיעף איך האָב זיי געליעבט!...

זי האָט אַ ציה געטהאָן דעם אָטהעם און מיט אַ זעהר שטילער שטימע, קוים וואָס מען האָט זי געהערט, האָט זי צוגעלייגט:

— זאָגט זיי אויך דעם פּלאַץ, וואו מען וועט מיך בעגראָבען, כדי זיי זאָלען קענען אַמאָל קומען אויף מיין קבר...

אין צעהן יאָהר אַרום האָב איך זיך געטראָפֿען מיט זשאַנין׳ס קינדער.

דער זוהן איז דאַן אַלט געווען פֿופֿצעהן און די טאָכטער זעכצעהן יאָהר.

כ׳האָב זיי דערצעהלט אַלעס, וואָס איך האָב געוואוסט וועגען זייער מוטער, און דערנאָך בין איך מיט זיי אַוועק אויף דעם בית עולם פֿון „סענט־אָען״, וואו די אָרעמע זשאַנין איז געווען בעגראָבען.

די צוויי קינדער האָבען זיך גאָרניט געקענט אָברייסען פֿון זייער מו-טער'ס קבר...

ווי אָפֿט האָב איך זיך דערמאָנט אָן דיזער אָרעמער זשאַנין און דעם טרויעריגען סוף איהרען, און די גאַנצע שווידערליכקייט פֿון אונזער געזעלשאַפֿט איז מיר געשטאַנען פֿאַר די אויגען!

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב געהאַט אַ היבשע ביסעל פֿריינ-דינען אין „סאַן לאַזאַר".

אַלע אונגליקליכע פֿרויען, וועלכע האָבען געטראָגען אַ וואונד אין האַר-צען און געהאַט וואָס צו דערצעהלען וועגען זייער טרויעריגען לעבען, זיינען געקומען צו מיר. איך האָב זיי אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפֿמערק-זאַמקייט, זיי געטרייסט, און מיט דער צייט האָב איך געוואונען זייער גאַנצע ליעבשאַפֿט.

זיי האָבען מיך אַלע גערופֿען די „גוטע לואיזע" און איך בין געוועזען שטאָלץ אויף דיזען נאָמען.

נאָר דאָס איז גאָרניט געפֿעלען די אויפֿזעהער פֿון „סאַן לאַזאַר" און איבערהויפּט איינעם פֿון זיי, אַ געוויסען וועכטער מיט'ן נאָמען וויאָלאַן, וועלכער האָט געמאַכט אַ גאַנצע קאָנספּיראַציע געגען מיר.

ער האָט פֿערשפּרייט אַ סלוך, אַז איך גיב יעדען טאָג איבער דער אַד-מיניסטראַציע די סודות, וואָס מיינע פֿריינדינען פֿערטרויען מיר.

צוערשט האָט זיך קיינע פֿון זיי ניט געוואָלט גלויבען אויף מיר אַזאַ זאַך, נאָר וויאָלאַן האָט אַזוי לאַנג אינטריגירט, ביז וואַנען אַ טהייל פֿון זיי האָבען זיך איבערצייגט, אַז עס איז וואַהר.

פֿערשטעהט זיך, אַז איך האָב ניט אָנגעהויבען וויסען פֿון דיזער פֿער-שווערונג.

נאָר איינמאָל האָב איך בעמערקט, אַז אַ טהייל פֿון די געפֿאַנגענע קעהרען זיך אָב פֿון מיר, ווען איך געה צו צו זיי.

איך האָב זיי געוואָלט פֿרעגען וואָס דאָס בעדייטעט, נאָר זיי האָבען מיר גאָרניט געענטפֿערט.

דאַן האָב איך פֿערשטאַנען, אַז עפּעס געהט דאָ פֿאָר אַן אינטריגע גע-גען מיר, און איך האָב בעשלאָסען צו מאַכען אַ סוף צו דער דאָזיגער בע-העלטעניש.

איינמאָל, ווען מיר זיינען אַלע געוועזען פֿערזאַמעלט אין הויף, האָב איך זיך אַיועקגעשטעלט פונקט אַנטקעגען די געפֿאַנגענע און זיי געזאָגט:

— איך בעמערק, אַז אַ טהייל פֿון אייך מיידען מיך מיט אַ כיוון אויס... איך וויל וויסען וואָס פֿאַר אַן אורזאַכע ס'האָט געטריבען די, וועלכע האָבען מיך ביז אַהער געהאַלטען פֿאַר זייער פֿריינדין, זיי זאָלען מיט אַמאָל נעהמען צווייפֿלען אין מיין פֿריינדשאַפֿט און זיך היטען פֿאַר מיר.

אַלע האָבען געשוויגען שטיל.

— אָבער ענטפֿערט דאָך, — האָב איך ווידער געזאָגט.

איינע פֿון די פֿרויען האָט אַ טראָט געטהאָן פֿאָראויס און מיר געזאָגט:

— דו ביסט אַ שפּיאָנין, אַ מוסר׳טע...

איך בין געוועזן אויסער זיך פֿאַר אויפֿרעגונג. ס׳איז געווען דאָס ערש־ע מאָל אין מיין לעבען, וואָס מען האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט אַזאַ מין וואָרט, וואָס האָט געקענט פֿערוואונדען מיין האַרץ.

— ערקלעהרט זיך, — האָב איך געשריען, — רעדט, אָבער רעדט פֿאָרט. אַז מען מאַכט אַזאַ בעשולדיגונג, מוז מען דאָך עס בעווייזען.

די געפֿאַנגענע האָט זיך אַזוי ווי פֿערלאָרען און האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן.

— יאָ, — האָט זיך אָבגערופֿען אַ צווייטע, — דו האָסט איבערגעגע-בען די וועכטער דאָס, וואָס מיר האָבען דיר דערצעהלט. אָט האָב איך דיר אַנומאָלט דערצעהלט, אַז איך האָב דעם סליעדאָוואַטעל פֿערדרעהט אַ קאָפּ מיט פוסטע זאַכען און דו ביסט גלייך געלאָפֿען עס איבערגעבען די וועכטער פֿון טורמע.

איך בין געבליבען שטעהן אַ דערשלאָגענע, ניט וויסענדיג וואָס צו ענטפֿערן דערויף.

אַז איך בין געקומען צוריק צו זיך, האָב איך זיך אָבגערופֿען:

— זאָגט מיר וועניגסטענס דעם נאָמען פֿון דעם אָדער פֿון דער, וואָס האָט מיך בעשולדיגט.

— געה פֿרעג ביי דעם וועכטער וויאָלאַן, — האָט געענטפֿערט אַ דיקע רויטע פֿרוי, מיר וויזענדיג בעת מעשה איהר פֿויסט.

גראָד אין דעם מאָמענט האָט זיך וויאָלאַן געוויזען אויף׳ן הויף.

כ׳האָב זיך אַ לאָז געטהאָן צו איהם און איהם אָנבאַפּענדיג מיט מיינע צוויי אָרעמס, האָב איך איהם אַריינגעשריען אין געזיכט אַריין:

— דאָס האָסט דו, לומפּ איינער, דערצעהלט אויף מיר אַזעלכע גע-מיינהייטען; דו האָסט דאָס איינגערעדט מיינע חבר׳טעס, אַז איך שפּיאָניר זיי נאָך! אָבער דו קענסט דאָך מיך פֿונדעסטוועגען, האָסט דאָך מיך גע-זעהן אין דעם געפֿענגניס פֿון אָבעריוו. נאַ, רייד, דו באַנדיט! ערקלעהר זיך!

דער וועכטער איז געוואָרען בלייך ווי קאַלך. ער האָט זיך געסטאַרעט אַרויסצורייסען פֿון מיינע הענד, אָבער איך האָב איהם געהאַלטען פֿעסט.

דער מורא׳דיגער צאָרן האָט פֿערצעהנפֿאַכט מיינע קרעפֿטען.

אַזוי ווי ער האָט געשוויגען שטיל, האָב איך ווייטער געשריען:

— זיי זיך מודה, אַז דו האָסט ליגען געזאָגט, דו באַנדיט איינער! רייד, אָדער איך דערוואַרג דיך.

די פֿרויען זיינען צוגעקומען.

זיי האָבען זיך אַרומגעשטעלט אין אַ קרייז אַרום אונז.

מיט אַמאָל זיינען צוויי געפֿאַנגענע צוגעגאַנגען צו וויאָלאַנען און האָ-בען איהם געזאָגט:

— ענטפֿער דאָך, אַניט וועלען מיר וויסען, אַז דו האָסט אונז איינפֿאַך פֿערפֿיהרט מיט דיינע ליגענס.

אָנשטאָט זיך צו פֿערענטפֿערן, האָט דער באַנדיט געמאַכט אַ געוואַלד און גערופֿען צו הילף.

דאַן האָבען זיך די פֿרויען אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף איהם, איהם אַנידער־געשליידערט אויף דער ערד און איהם גערדראַפּעט מיט די נעגעל און גע־בריקעט מיט די פֿיס.

ווען ניט עטליכע געפֿענגניס-וועכטער, וועלכע זיינען גלייך אָנגעקומען צו הילף, וואָלט וויאָלאַן געבליבען אַ טויטער אונטער זייערע הענד.

איבעריג צו זאָגען, אַז דיזער קליינער בונט אונזערער איז שטריינג בע־שטראָפֿט געוואָרען, און צעהן פֿון אונז האָט מען אַריינגעזעצט אויף פֿופֿצעהן טעג אין די קאַרצערס.

אַז מיר זיינען אַרויס און איך האָב זיך ווידער אויפֿגעטראָפֿען מיט מיי־נע קאַמעראַדינען אין גייטה, האָט זיך די סיטואַציאָן אין גאַנצען געענדערט.

אַלע, איינע נאָך די אַנדערע, זיינען זיי מיר געפֿאַלען אויף'ן האַלז און מיט טרערען אין די אויגען האָבען זיי מיר געבעטען ענטשולדיגונג דער־פֿאַר וואָס זיי האָבען מיך אומזיסט חשד געווען.

— כ פֿערצייה אייך פֿון גאַנצען האַרצען,—האָב איך זיי געזאָגט—נאָר היט זיך פֿון הייגט אָן און ווייטער צו לייגען וואָס פֿאַר ס'איז געוויכט אויף די רייד פֿון די געפֿענגניס-וועכטער. דיזע באַנדיטען קוקען אויס דערויף מיר זאָלען זיך אַרומרייסען צווישען זיך, כדי זיי זאָלען קענען אַרויסקריגען פֿון אונז וועלכע ניט איז געהיימניסע. ווי אַזוי האָט איהר געקענט גלויבען, איהר, וואָס איהר קענט מיין לעבען און ווייסט, אַז איך האָב שטענדיג גע־קעמפֿט פֿאַר דער גערעכטיגקייט, פֿאַר דאָס גליק פֿון די אָרעמע און ער־נידעריגטע,—ווי אַזוי האָט איהר גאָר געקענט גלויבען, אַז איך בין געוואָרען אַ מוסר'טע ?

די אָרעמע פֿרויען האָבען איינגעבויגען די קעפּ און איינע פֿון זיי האָט מיט אַ שלוכצענדער שטימע געזאָגט:

— וויאָלאַן האָט אונז דערצעהלט אַזעלכע זאַכען, וואָס מיר האָבען קיין אַנדערן ניט געזאָגט אַחוץ אייך.

— איז דאָס מעגליך ?—האָב איך אַ געשריי געטאָהן.

— יאָ,—האָט זי געענטפֿערט.

דאָס איז איינפֿאַך געווען אונערקלעהרליך.

כ'האָב זיך גענומען אויספֿאָרשען די זאַך און אָט וואָס איך האָב גע־פֿונען :

איך פֿלעג אָפֿטמאָל זיצען מיט עטליכע געפֿאַנגענע אויף אַ באַנק, וואָס איז געשטאַנען לעבען אַ הילצערן שטיבעל. מיר פֿלעגען זיצען און ריידען גאַנץ שטיל, גלויבענדיג, אַז קיינער הערט אונז ניט. נאָר אינעווייניג, אין שטיבעל, מיט'ן אויער צום וואַנד איז כסדר געשטאַנען דער באַנדיט וויאָלאַן און האָט אויף אַזאַ'ן אופֿן געהערט אַלעס, וואָס מיר האָבען גערעדט.

V

## צווישען די „געפאַלענע" פרויען.

כ'האָב ניט אָנגעהויבען וויסען ווי לאַנג מען וועט מיך האַלטען אין דעם געפענגניס פון „סאַן לאַזאַר".

אַ טהייל פון מיינע פריינדינען האָבען מיר פערזיכערט, אַז איך וועל ניט בלייבען לאַנג דאָ און אַז מען וועט מיך אָבשיקען אין אַ צענטראַל-טורמע, אין קלערמאָן וואַהרשיינליך.

אַנדערע ווידער האָבען בעהויפטעט, אַז מען וועט מיך האַלטען ווייניגסטענס אַ יאָהר צייט אין „סאַן לאַזאַר", כדי מיך צו קענען בעסער נאָכשפּיאָנירען.

פערשטעהט זיך, אַז איך בין געווען צופריעדען וואָס לייגגער צו בלייבען אין פאַריז.

יעדע וואָך איז מיין מוטער געקומען צו מיר אויף בעזוך.

מיר פלעגען זיך צונויפטרעפען אין דעם צימער פון די אַדוואָקאַטען. דאָס איז געווען אַ שמאָלע, האַלב-פינסטערע שטוב. אין מיטען איז געשטאַנען אַ לאַנגער שוואַרצער טיש מיט צוויי רייהען שטיהלען. פון דעם וואָס איז געוועזן אויפגעשריבען אויף די וועגד האָט מען געקענט זעהן, אַז איין זייט, רעכטס, האָט בעלאַנגט צו די געפאַנגענע, און די צווייטע זייט, לינקס, צו די העררן אַדוואָקאַטען.

די טהיר פון דיזען צימער איז געווען אַ גלעזערנע, און פון דעם צענטראַל-ביוראָ, וועלכער האָט זיך געפונען פונקט אַנטקעגען, האָבען די וועכטער געקענט אַריינקוקען אַהין און זעהן אַלעס וואָס דאָרט האָט זיך געטהאָן.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, ווי אונבעקוועמליך ס'איז געוועזן אי פאַר מיין מוטער, אי פאַר מיר זיך צונויפצוטרעפען אין דעם דאָזיגען ענגען אָרט. אָפטמאָל האָבען זיך דאָרט געפונען ביז אַ צעהן געפאַנגענע. מיר פלעגען אַלזאָ מוזען ריידען גאַנץ שטיל, און ניט איינמאָל האָבען מיר געהאַט דערפאַר אַן אָבשניט פון אַ וועכטער, וועלכער איז גראָד פערבייגעגאַנגען פערביי אונז.

— ניטאָ קיין סוד'ען זיך! ס'איז פערבאָטען צו ריידען שטיל אין טורמע, —פלעגט מען אונז זאָגען.

אין די געשפרעכען אונזערע פלעגט מיין מוטער אָפטמאָל דערמאָנען די געלעגענהייט, וואָס איך האָב געהאַט צו אַנטלויפען, און זי פלעגט שטאַרק בעדויערן, וואָס איך האָב עס אַרויסגעלאָזט פון האַנד.

— ס'איז קיין צווייפעל ניט, אַז מען וואָלט דיר פערקלענערט דיין שטראָף; אָנשטאָט זעקס יאָהר וואָלסט דו אפשר געהאַט בלויז דריי יאָהר געפענגניס.

— נעהם זיך ניט אַזוי צום האַרצען, מוטער מיינע, — האָב איך איהר

געזוכט צו טרייסטען.—ווי שמערצליך עס זאָל מיר ניט זיין צו זיצען אין טורמע, איבערהויפט פון דיינעטוועגען, וואָלט איך זיך אָבער קיינמאָל ניט געקענט מוחל זיין, ווען איך וואָלט פֿערלאַנגט גנאַדע ביי די ריכטער, וועלכע האָבען מיך פעראורטהיילט. מען בעט ניט קיין פֿערצייהונג ביי די דאָזיגע לייט. זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך בין אונשולדיג, אַז אַלע בעשולדיגונגען געגען מיר זיינען פֿאַלש, און דאָך האָבען זיי מיך אַזוי שטריינג בעשטראָפֿט. דאָס איז שוין אַ פֿאָראורטהייל ביי די, וואָס הערשען איבער אונז: זיי מוזען זיין אונבאַרמהערציג געגען די, פֿאַר וועמען זיי האָבען מורא. זיי פֿיהלען גאַנץ גוט, אַז זייער מאַכט האַלט אין פֿאַלען, אַז זייער פּאַלאַץ פֿון אונגע-רעכטיגקייט קראַכט פֿון אַלע זייטען, און דאַרום האַנדלען זיי אייגפֿאַך ווי די פֿעררינקטע. זיי בעשטראָפֿען אָהן אַ פֿאַרוואָס, זיי שלאָגען רעכטס און לינקס, אַזוי ווי צושראָקענע מענשען, וועלכע זוכען אַ וועג צו אַנטלויפֿען פֿון אַ שרפה... אַלעס איז געווען צו מיין גונסטען; איך האָב געדאַרפֿט בעפֿרייט ווערן. די עדות, וואָס מען האָט אַרויסגעשטעלט געגען מיר, האָבען קיין זאַך ניט געקענט בעווייזען. מען האָט מיך פֿער׳משפט בלויז אויף השערות, אויף ניט געשטיינגענע און ניט געפּלויגענע בעהויפטונגען. דאָס וואָס זיי האָבען געזוכט איז ניט געווען צו טרעפֿען די מאַניפֿעסטאַנטין פֿון דעם „איגוואַלידען-פּלאַץ", נאָר די פּאָליטישע פֿרוי, די אַמאָליגע קעמפּפֿערין פֿון 1871טען יאָהר. היינט פֿרעג איך דיך: וואָלט עס געווען שעהן פֿון מיר צו בעטען רחמים ביי די נאָכפֿאָלגער פֿון אונזערע הייגקער, וועלכע האָבען דערשטיקט דעם אויפֿשטאַנד? ווען איך וואָלט עס געטהאָן, וואָלט איך זיך געפֿיהלט ערנידעריגט מיין לעבען לאַנג...

מיין מוטער האָט גאָרנישט געענטפֿערט.

זי האָט זיך בענוגענט דערמיט וואָס זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ טרויעריגען שמייכעל, נאָר אין איהרע אויגען האָב איך געלייענט, אַז זי פֿיהלט, ווי גערעכט איך בין.

אַז עס איז געקומען די צייט אַוועקצוגעהן, האָט זי מיך מיט ליידענ-שאַפֿט צוגעדריקט צו איהר ברוסט, און מיט אַ וויינענדיגער שטימע האָט זי געזאָגט:

— מילא, ס׳איז דאָך שוין פֿערפֿאַלען, מיין אָרימע לואיזע, לאָמיר האָפֿען!

אָרימע פֿרוי! זי האָט אַזוי אָבגעלעבט איהר גאַנץ לעבען אין איין האָפֿען!

אַ קירצע ווייל׳ע האָב איך איהר נאָכגעקוקט ווי זי איז אַוועק מיט אַן איינגעבויגענעם רוקען און מיט שווערע טריט, און אַז זי איז פֿערשוואונדען הינטער דעם קאַנטאָר פֿון די וועכטער, בין איך אַריין אין דעם קאָרידאָר, וואָס האָט געפֿיהרט צו מיין אַבטהיילונג.

דאָרט איז מיין גאַנצע ענערגיע געבראָכען געוואָרען און איך האָב זיך צואוויינט.

יאָ, כ׳האָב זיך צוואוויינט ווי אַ קליין קינד, דיינקענדיג וועגען די יסורים פֿון מיין אָרעמער מוטער.

אָט וועט זי איצט אַריינגעהן אַליין צו זיך אין דער וויסטער, פֿערלאָזע־נער וואוינונג...

גראָד אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט געגלויבט, אַז זי האָט מיך שוין אויף תמיד, בין איך אין גאַנצען אָבגעריסען געוואָרען פֿון איהר.

זי איז געוועזען קראַנק, שטאַרק אָבגעשוואַכט.

ביי יעדען בעזוך האָב איך איהר אַלץ געפֿונען שוואַכער און שוואַכער.

אָה! ווען איך וואָלט געקענט אָבגעבען צוואַנציג יאָהר פֿון מיין לעבען, אַבי נור איהר געזונד און פֿריילאַך צו מאַכען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין לעבען אין „סאַן לאַזאַר״ איז געוועזען זעהר מאָנאָטאָן.

לויט די געזעצע פֿון דער דאָזיגער טורמע, בין איך ניט געוועזען געצוואונ־גען צו טהאָן קיין שום אַרבייט.

דאָס איז אָהן צווייפֿעל ניט געפֿעלען דעם וועכטער וויאָלאַן, ווארים איינ־מאָל האָט ער מיך געשיקט רופֿען צו זיך אין ביוראָ.

ווי איך בין נור אַריינגעקומען צו איהם, רופֿט ער זיך אָב:

— ווי קומט עס וואָס איהר אַרבייט עפעס ניט, איהר?

— כ׳ווייס ניט,—האָב איך געענטפֿערט.

— אַה! איהר ווייסט ניט...

ער האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווײלע, דערנאָך האָט ער זיך אויפֿגעהויבען און געזאָגט:

— קומט מיט מיר.

ער האָט מיך אַריינגעפֿיהרט אין אַ גרויסער גאַלעריע, אין וועלכער עס האָבען זיך אויפֿגעעפֿענט אַ צעהן טהירען.

לעבען אַ קליינער אייזערנער טהיר האָט ער זיך אָבגעשטעלט, האָט אַרויסגענומען אַ שליסעל פֿון קעשענע און זי אויפֿגעעפֿענט.

מיר זיינען אַריין אין אַ שמאָלען קאָרידאָר, וואו ס׳האָט זיך געהערט אַ מורא׳דיגער טומעל, און באַלד האָב איך דערזעהן פֿאַר מיר אַ גרויסען צי־מער, פֿון וואַנעט עס האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ געדיכטער וואָלקען פֿון שטויב.

דאָס איז געווען די ווערקשטאַט, וואו מען האָט געמאַכט די מאַטראַצען.

וויאָלאַן האָט זיך געווענדעט צו אַ שוועסטער און איהר געזאָגט:

— דאָ האָט איהר אַ געפֿאַנגענע, וואָס וועט פֿון היינט און ווייטער אַרבייטען דאָ.

— גוט,—האָט די שוועסטער געזאָגט.

און מיך אָננעהמענדיג פֿאַר׳ן אָרם, האָט זי מיך צוגעפֿיהרט אין אַ ווינקעל, וואו עטליכע פֿרויען זיינען געשטאַנען אין האָבען געקלאַפּט מיט די הענד אין שטיקער שטויביגע לייווענט.

דאָרט האָט מען עס געמאַכט און איבערגעמאַכט אַלע מאַטראַצען פֿאַר די פּריוואַטע געפֿענגניסע.

דיזע ווערקשטאַט האָט געהאַט אַ שם פֿאַר די שווערסטע פֿון די ווערקשטאַטען פֿון „סאַן לאַזאַר“.

מיט קוראַזש האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבייט.

כ'האָב אָבגעאַרבייט אַן ערך אַ שעה צייט. מיט אַמאָל קומט אַריין אַ וועכטער און רופֿט:

— לואיזע מישעל!

איך בין צוגעגאַנגען צו איהם.

— געהט שוין אַרויס פֿון דאַנען,—האָט ער מיר געזאָגט. — לויט די געזעצען פֿון דער דאָזיגער טורמע, דאַרפֿט איהר ניט אַרבייטען. מען האָט איך על פּי טעות אַריינגעפֿיהרט אַהער.

— זייט איהר זיכער, אַז ס'איז געווען אַ טעות? — האָב איך געפֿרעגט.

— נו אַודאי, קומט שוין אַרויס פֿון דאַנען.

כ'האָב אַלזאָ פֿערלאָזען די ווערקשטאַט און בין אַריין צוריק אין מיין אָבטהיילונג.

דאָרט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז וויאָלאַן האָט געכאַפּט אַ מיאוס'ן אָבשניט דערפֿאַר וואָס ער האָט מיך געוואָלט צווינגען צו אַרבייטען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס די געזעצען ערלויבען עס ניט.

דער אידיאָט האָט געמיינט, אַז ער וועט דאָ מיר אָבטהאָן ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ שפּיצעל, צום סוף האָט ער גאָר זיך אַליין אָבגעטהאָן.

נאָר וויאָלאַן האָט מיך פֿונדעסטוועגען ניט אַרויסגעלאָזט פֿון זינען.

ער האָט מיר בשום אופן ניט געקענט מוחל זיין דעם שוואַרצען סוף, וואָס ער האָט צוליעב מיר געהאַט פֿון מיינע קאַמעראַדינען.

פֿון יענעם טאָג אָן האָט ער אַלזאָ קיין אויג ניט אַרונטערגענומען פֿון מיר; ער איז מיר נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט און האָט געזוכט אַ געלעגענהייט זיך אָן מיר נוקם צו זיין.

איינמאָל האָב איך פֿערלאָרען אַ בריעף אין קאָרידאָר.

דיזער בריעף, וואָס איך האָב געהאַט ביי מיר זייט מען האָט מיך אַרעסטירט, און וועלכען מען האָט צופֿעליגערווייזע ניט געפֿונען ביי מיר, ווען מען האָט מיך בעזוכט, איז, דעם אמת זאָגענדיג, געווען פֿון קנאַפּער וויכטיגקייט. איך האָב איהם ערהאַלטען, נאָך איידער איך בין אַרעסטירט געוואָרען, פֿון אַ בעלגישען קאַמעראַד, וועלכער האָט מיך גראַטולירט פֿאַר דער פֿערזאַמלונג, וואָס איך האָב אָרגאַניזירט אויף'ן מאָנמאַרטר.

נאָר וויאָלאַן האָט געמיינט, אַז מיט דיזען בריעף איז איהם אַריינגעפֿאַלען אַן אמת'ער אוצר אין די הענד, און ער איז גלייך אַוועק דערמיט צום דירעקטאָר פֿון „סאַן לאַזאַר“.

דיזער דירעקטאָר האָט מיך געשיקט רופֿען, דאָס איז געווען אַ מאַן מיט אַן אינטעליגענטען אויסזעהן, מיט אַ ביסטרען בליק, האַלב אויפֿגערעגט.

— ווי איז דאָס,—האָט ער מיר געזאָגט — איהר געפֿינט, הייסט עס, זועגען און מיטלען זיך צו לאָזען אַריינשמוגלען רעוואָלוציאָנערע בריעף אַזש אַהער אין טורמע... איהר זייט דאָך דער טייוועל אַליין!

כ'האָב זיך געוואָלט פֿערענטפֿערן, נאָר דער דירעקטאָר האָט מיר איינפֿאַך קיין צייט ניט געגעבען דערצו.

— אַזוי, הייסט עס,—האָט ער ווייטער גערעדט,—טראָצדעם וואָס מען בעוואַכט אייך די גאַנצע צייט אַזוי גוט, געלינגט אייך פֿונדעסטוועגען צו פֿיהרען קאָרעספּאָנדענציעס מיט אייערע פֿריינד, צו שטעהן אין פֿערבינדונג מיט די אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערן... ווייסט איהר, אַז דאָס איז אַ גאַנץ ערנסטע זאַך?

אַזוי ווי איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און געמוזט אַ שמייכעל טהאָן, האָט דער דירעקטאָר צוזאַמענגעלייגט די הענד, און אַ קלאַפּ טהאָנדיג מיט'ן פֿוס אָן דער ערד, האָט ער געזאָגט:

— וואָס שווייגט איהר? זאָגט כאָטש וואָס עס איז.

— כ'האָב ווייניג וואָס צו זאָגען,—האָב איך געענטפֿערט. — אָט דער בריעף איז אַן אַלטער, ס'איז גענוג אַ קוק צו טהאָן אויף'ן דאַטום...

— ריכטיג, ריכטיג,—האָט דער דירעקטאָר געמורמעלט.—נאָר ווי קומט עס, וואָס ער איז געבליבען ביי אייך? מען האָט דאָך אַ'יך אַודאי געמוזט בעזוכען בעת איהר זייט אַרעסטירט געוואָרען און ווען איהר זייט געקומען אַהער.

— וואָס זשע בין איך שולדיג? האָט מען אַפנים שלעכט געזוכט...

דער דירעקטאָר האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטהאָן אין בריעף און מיר געהייסען אַרויסגעהן. נאָר בעת איך בין שוין געווען ביים טהיר פֿון זיין ביוראָ האָט ער מיר געזאָגט:

— נאָך אַמאָל זאָלט איהר זיין פֿאָרזיכטיג און ניט פֿערלירען אייערע בריעף. דאָ איז דאָס ניט געפֿעהרליך, נאָר דאָרט, וואו מען וועט אייך אַוועקשיקען, וועט מען וואַהרשיינליך זיין שטרייגגער מיט אייך.

— און וואוהין שיקט מען מיך אָב?—האָב איך געפֿרעגט.

— קיין קלערמאָן.

— ווען?

— אין אַ צעהן טעג אַרום.

כ'האָב אַלזאָ געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט.

נאַ, וועל איך אַלזאָ ניט דאַרפֿען זיין אין אָבעריוו.

דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב פֿערלאַנגט.

כ'מיין, אַז איך וואָלט אפשר געשטאָרבען, וואַן מען שיקט מיך ווידער אַוועק אין דער דאָזיגער מורא'דיגער טורמע, וואו איך האָב אַזוי פֿיעל געליטען.

אָבעריוו איז געװען מיין ערשטע תפיסה, און די ערשטע תפיסה קען מען ניט אַזוי גרינג פֿערגעסען.

דוכט זיך, איך בין געװען אַזוי לאַנג אין ניי־קאַלעדאָניען, און דאָך, קען איך טראַכטען און ריידען פֿון יענער צייט, ניט פֿיהלענדיג דערביי קיין שום אונבעקוועמליכקייט. נאָר ביים איינציגען וואָרט „אָבעריוו" געהט מיר, ניט ווילענדיג, אַריבער אַ שוידער איבער'ן לייב.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'האָב זיך אָנגעהויבען לאַנג־ווײלען אין „סאַן לאַזאַר".

דאָרט בין איך געצוואונגען געװען צו לעבען אינאיינעם מיט די אַנדערע, און עס איז מיר אונמעגליך געװען צו געפֿינען אַ בעזונדערן רוהיגען װינקעל צו לעזען אָדער שרייבען.

אָפטמאָל פֿלעג איך איינפֿאַך בייגקען נאָך אַ קליין קעמערל, וואו איך װאָלט געקענט זיצען פֿאַר זיך אין טראַכטען איינגעשטערטערהייט.

נאָר דאָך פֿערדריסט מיך ניט אויף די צייט, וואָס איך האָב פֿערבראַכט אין „סאַן לאַזאַר".

אויב איך האָב זיך דאָרטען געמאַכט עטליכע שונאים צווישען די וועכטער, האָב איך אָבער דערפֿאַר זיך געמאַכט גענוג פֿריינד צווישען די געפֿאַנגענע און איך האָב געהאַט אַ געלעגענהייט אויף ריכטיג דורכצושטודירען אַ לעבען, וואָס איז מיר געװען לחלוטין אינבעקאַנט, דאָס לעבען פֿון די אונגליקליכע, וועלכע ווערן אָנגערופֿען די „פֿ־ייליכע פֿרויען", און וועמעס לעבען איז צוזאַמענגעוועבט פֿון ביטערקייט און פֿון שמערצען!

אָרעמע פֿרויען!

ווי מען מיסרעפרעזענטירט דאָס זייער לעבען! ווי מען איבערטרייבט דאָס וועגען זייער כאַראַקטער!

מען איז געװעהנט צו גלויבען, אַז יעדעס נאָבעלע געפֿיהל, יעדער גוטער געדאַנק איז אָבגעשטאָרבען ביי זיי, אָבגעשטאָרבען אויף אייביג.

וואָס פֿאַר אַ טעות דאָס איז!

אין די דאָזיגע צובראָכענע, פֿערגליווערטע הערצער זיינען אָפטמאָל פֿאַרהאַן גאַנצע אוצרות פֿון איידעלקייט און גרויסמוטהיגקייט.

דאַרף מען האָבען ביישפּיעלען?

איך װאָלט געקענט ברייגגען הונדערטער.

נאָר איך וועל זיך בעגנוגענען מיט פֿאָלגענדען פֿאַקט, וועלכער איז גענוג צו איבערצייגען, אַז די זאָגענאַנטע „געפֿאַלענע" פֿרויען האָבען אויך אַ נשמה.

צווישען די „פֿעראורטהיילטע פֿרויען" אין „סאַן לאַזאַר" איז געװען איינע מיט'ן נאָמען קלאַריס, וועמען איהרע חבר'טעס האָבען אַ נאָמען געגעבען „די װעלפֿין".

קלאַריס איז געװען אַ הויכע און אַ פֿעסט־געבויטע, מיט שוואַרצע האָר, מיט פֿלאַכ־פֿייערדיגע אויגען און מיט אַ קלינגענדער, גראָבער שטימע.

נאָך גאָר יונגערהייט האָט מען זי שוין אַריינגעשיקט אין אַ געפֿענגניס.

פֿערשטעהט זיך, אַז איהר כאַראַקטער איז ערגער געוואָרען, אָנשטאָט בעסער צו ווערן.

וואָרים די געפֿענגניסע הרג׳ענען אַוועק דאָס מענשליכע געוויסען, טויטען אָב די געפֿיהלען.

די פֿרויען, וועלכע ווערן פֿער׳משפט צו זיצען אין טורמע, קומען אַרויס פֿון דאָרט צורייצט און שלעכט.

עס וואָלט אפשר געווען געווען, אַז אָט די אונגליקליכע וועזענס זאָלען האָבען „אַ ליכטיגען שטראַהל פֿון דער זונן אָדער אַ וואַרעמען שטראַהל פֿון ליעבע,״ ווי דער פּאָעט זאָגט, אום זיי זאָלען ווערן ריכטיגע פֿרויען. נאָר זייער פֿינסטערע, נאַכטליכע עקזיסטענץ פֿערשטעלט זיי דעם שיין פֿון דער ליעבער זונן און די ליעבע מאַכט זיי פֿאַר אָפּפֿער!

קלאַרים האָט געהאַט אַ נאָמען פֿאַר אַ זעהר געפֿעהרליכע בריאה.

עס זיינען אַרומגעגאַנגען אויף איהר רעכנונג מורא׳דיגע, אונגלויבליכע געשיכטען.

וואָס האָט מען זיך ניט אָנדערצעהלט וועגען איהר? ! צוויי מענער האָט זי דער׳הרג׳עט און פֿיעלע פֿרויען האָט זי בעזייטיגט...

הקיצור, קלאַרים איז געווען פֿעררופֿען פֿאַר אַ טייוועל אין מענשען-געשטאַלט און זאָגאַר איהרע אייגענע קאַמעראַדינען אין געפֿענגניס האָבען געציטערט פֿאַר איהר.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זיך מיט איהר געזעהן, איז געווען אין הויף. אַ „שוועסטער״ האָט איהר עפּעס אויסגערעדט פֿאַר אַ זאַך, וואָס זי האָט ניט געטהאָן לויט די געזעצע פֿון דער טורמע. קלאַרים האָט שלעכט פֿערשטאַנען דעם אויסרייד און איז אַרויפֿגעפֿאַלען מיט כעס אויף דער וועכ-טערין.

איך בין צוגעגאַנגען צו דער געפֿאַנגענער און האָב איהר געזאָגט:

— הערט אויס, נאָך וואָס דאַרפֿט איהר זיין אַזוי אין כעס? דאָס נוצט דאָך גאָרניט.

קלאַרים האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר מיט אַן איראָנישען בליק און האָט זיך צושריען אויף׳ן קול:

— נאַ דיר אַ נייע צרה! וואָס וויל זי האָבען? וואָס זשע, איך קען דיך עפּעס!?

אַזוי ווי איך בין אָבער פּאָרט צוגעשטאַנען צו איהר, האָט זי מיך אָנ-גענומען ביי דער האַנד.

— הער אויס,—האָט זי געזאָגט—דו הער זיך בעסער אויף אַריינצו-מישען אין מיינע געשעפֿטען. כ׳האָב עס פֿיינט, הערסט דו? די „שוועסטער״ האָט מיר געמאַכט ניט קיין ריכטיגע בעמערקונג; זי זאָגט, אַז איך האָב אַרויסגענומען דעם שליסעל פֿון שלאָף-זאַאַל. דאָס איז ניט אמת, ניין, ס׳איז ניט אמת...

אין מיט אָנגעצונדענע אויגען פֿאַר כעס האָט קלאַריס געוויזען דער אָרעמער „שוועסטער“, אַ פּאָר פּויסטען.

כ׳האָב איהר כמעט מיט געיואַלד אַוועקגעצויגען אָן אַ זייט, און אַז מיר זיינען געוועו אַליין, האָב איך איהר געזאָגט:

— ס׳איז נאַריש פֿון אייך וואָס איהר קאָכט זיך אַזוי. צו וואָס נוצען די געשרייען און קללות?

— איהר זייט אַ גוטע, איהר... אָבער נישקשה, דאָס נוצט שוין גאָר גוט, זיי צו ציינען, אַז מיר האָבען קיין מורא ניט פֿאַר זיי.

— נו, און דאַן?

— דאַן... נו, וואָס זשע...

און קלאַריס איז אַנשוויגען געוואָרען.

— איהר זעהט אַליזאָ, אַז איך בין גערעכט געוועזן, — רוף איך זיך אָב צו איהר.

די געפֿאַנגענע האָט מיך אָנגעקוקט און געענטפֿערט:

— איהר... איהר זייט אַ רוהיגע פֿרוי. ניט אַלע זיינען אָבער אַזוי ווי איהר. איך האָב קיינמאָל ניט געקענט זעהן קיין אונגערעכטיגקייט און ניט אויפֿגעבראַכט ווערן דערפֿון...

כ׳האָב אַ שמייכעל געטהאָן און געענטפֿערט:

— פֿאַרהאַן פֿעלע, ווען מען מוז קענען אַריבערטראָגען די אונגערעכ-טיגקייטען; דאָס שטערט פֿונדעסטוועגען ניט צו טהאָן אַלעס מעגליכע, אום זיי צו בעקעמפֿען.

קלאַריס האָט ניט פֿערשטאַנען וואָס איך האָב געזאָגט.

און זי האָט זיך אַלץ ניט אויפֿגעהערט צו קאָכען.

ענדליך האָט זי מיר אַריינגעקוקט גלייך אין פנים אַריין און געפֿרעגט:

— אָבער ווער זייט איהר פֿאָרט, איהר?

— איך בין לואיזע מישעל.

— לואיזע מישעל! — האָט קלאַריס אַ געשריי געטהאָן. — דאָס האָט איהר עס אונטערגעצונדען אַלע פֿייער עקען פֿון פּאַריז אין דער צייט פֿון דער קאָמונע? אייך האָט מען עס פֿערשיקט קיין ניי-קאַלעדאָניען?

— ס׳איז אמת, אַז מען האָט מיך פֿערשיקט קיין ניי-קאַלעדאָניען, — האָב איך געענטפֿערט — אָבער איך האָב אין ערגעץ קיינמאָל קיין שרפה ניט געמאַכט.

— וואָס הייסט? מען האָט דאָך אייך גערופֿען די אונטערצינדערקע... כ׳געדיינק עס גאַנץ גוט. כ׳בין נאָך דאַן געוועזן אַ קליין מיידעלע, אָבער איך געדיינק עס נאָך ווי היינט. וואָס הייסט, אויב איהר האָט גאָרנישט גע-טהאָן, טאָ פֿאַר וואָס זשע האָט מען אייך פֿערשיקט?

— בלויז דערפֿאַר וואָס איך האָב געקעמפֿט מיט מיינע ברידער פֿאַר דעם זיעג פֿון דער גערעכטיגקייט.

קלאַריס האָט געצַפּענט אַ פּאָר גרויסע אויגען.

כ'האָב געזעהן, אַז זי בעגרייפט ניט אויף ריכטיג דעם זינן פון מיינע ווערטער, און איך האָב איהר אויף גיך געגעבען אַ קורצע לעקציע פון מענשליכקייט...

אַז איך האָב געענדיגט, האָט זי מיר אָנגענומען פאַר די הענד און געזאָגט:

— ס'איז ווירקליך וואַהר דאָס וואָס איהר האָט נאָר וואָס געזאָגט. יאָ, די נויטה איז די אורזאַכע פון אַלצדינג...

ווען ניט די נויטה, וואָלט איך דען געווען דאָ?

אָט זעהט, איך, וואָס איך רייד דאָ איצט פאַר אייך, וואָלט אָהן צווייפעל געווען אַ פרוי גלייך מיט אַלע אַנדערע, ווען איך וואָלט בלויז געהאַט די מעגליכקייט צו פערדיענען מיין שטיקעל ברויט דורך אַרבייט.

אָבער אין פּאַריז איז דאָס לעבען אַזוי שווער. און אַחוץ דעם מוז איך אייך זאָגען, אַז איך האָב זיך ניט געלערנט קיין שום מלאכה. איך האָב מיין גאַנצע יוגענד פערבראַכט אין די קינדער-געפענגניסע. מען האָט מיר צייטענווייז געוויזען ווי אַזוי צו נייהען, נאָר אַזוי ווייניג.

און קלאַריס האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ און געשוויגען.

— אייערע עלטערן האָבען, הייסט עס, זיך גאָרניט אָבגעגעבען מיט אייך און אייערע קינדער-יאָהרען? — האָב איך געפרעגט.

— מיינע עלטער'ן! זיי פלעגען אַרומגעהן גאַנצענע טעג פער'שכור'טערהייט.

איינמאָל, ווען מיין פאָטער איז געווען טויט-שכור, האָט ער ערמאָרדעט מיין מוטער...

מען האָט איהם פערשיקט אויף קאַטאָרגע.

און איך בין געבליבען אַליין.

כ'האָב אפילו ניט געהאַט קיין קרוב, וואָס זאָל מיך אַריינגעהמען צו זיך.

מען האָט מיך אַלזאָ אָבגעגעבען, אין „אַסיסטאַנס פּובליק”, צוזאַמען מיט אַלע פערלאָזענע קינדער.

אַז איך בין אַלט געווען דרייצעהן יאָהר, האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין אַ פאַרמע אַרום פּאַריז.

די בויערן, אין וועמעס הענד מען האָט מיך איבערגעגעבען, זיינען געווען גראָבע, ברוטאַלע מענשען.

זיי פלעגען מיך שלאָגען מכות רצח און האָבען מיר כמעט גאָרנישט געגעבען צו עסען.

נו, איז מיר ענדליך נמאס געוואָרען אַזאַ לעבען. איינמאָל האָב איך געלייגט די האַנד אויף זייערע עטליכע פראַנק און בין אַנטלאָפען דערמיט קיין פּאַריז.

פערשטעהט זיך, אַז מען האָט מיך באַלד געכאַפּט און מיך אַריינגע-

זעצט אין טורמע. דאָרט האָב איך זיך בעקענט מיט עטליכע פֿרויען, וועלכע האָבען מיך אַרייפּגעפּיהרט אויף דעם וועג, וואָס איך געה איצט.

איך בין געוואָרען אַ גאַסען-פֿרוי.

וואָס האָב איך אַנדעריש געקענט טהאָן. כ'האָב עס אַודאי ניט גע-וואָלט...

אין דעם מאָמענט האָב איך בעמערקט, ווי די טרעהרען האָבען זיך געשטעלט קלאַרים'ן אין די אויגען.

— אַזוי בין איך געזונקען פֿון טאָג צו טאָג,—האָט זי ווייטער געזאָגט —און איצט וואַרט איך, מען זאָל מיך אָבשיקען אין אַ צענטראַל טורמע— אויף צעהן יאָהר צייט.

און זי האָט מיר דערצעהלט, וואָס מיט איהר האָט געטראָפֿען. אין אַ מאָמענט פֿון אויסערגעוועהנליכער אויפֿרעגונג, און זעלבסט פֿערטהיידיגונג, האָט זי געכאַפּט אַ מעסער און געשטאָכען דעם קלעגליכען בחור, וועלכער האָט געשפּיעלט די ראָלע פֿון איהר „בעשיצער".

פֿון יענעם טאָג אָן זיינען מיר געוואָרען שטאַרק בעפֿריינדעט און וואָס ווייטער האָב איך אַלין מעהר אויסגעפֿונען, אַז דיזע „שרעקליכע בריאה" איז גאָרניט געוועזען אַזוי שרעקליך, אַז אין גרונד גענומען איז זי געוועזען אַ נאַ-איוועס ווע‏זען מיט אַ קינדעריש האַרץ.

ווען מען האָט איהר אָבגעשיקט קיין קלערמאָן, וואוהין איך האָב גע-דאַרפֿט נאָכקומען אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט זי מיך ליידענשאַפֿטליך אומ-אַרמט און מיר געזאָגט:

— אַדיע! כ'ווייס ניט, צי מיר וועלען זיך נאָך ווען עס איז זעהן, נאָר גלויבט מיר, אַז איך וועל אייך קיינמאָל ניט פֿערגעסען. איהר זייט די איינ-ציגע, וואָס האָט מיט מיר גערעדט ווי אַ מענש... אַה, ווען איך וואָלט גע-האַט אַזאַ מוטער ווי איהר זייט!

## VI

## אַ בונט אין „סאַן לאזאַר".

נאָר וויאָלאַן האָט מיך אַלין ניט אַרויסגעלאָזט פֿון אויג, וויאָלאַן, דער פֿערפֿלוכטער וועכטער, וועלכער האָט געשוואָרען מיך צו פֿערניכטען.

ז.הענדיג, אַז איך בין די פֿריינדין אין די אָנפֿערטרויטע פֿון די אונ-גליקליכע פֿרויען, וואָס איך האָב געהאַלטען פֿאַר די אָפּפֿער פֿון'ם לעבען, האָט ער אויסגעטראַכט אַ מורא'דיגען בלבול.

איין אָווענד האָב איך בעמערקט אַ שטאַרקע אויפֿרעגונג צווישען מיינע קאַמעראַדינען.

עס האָבען זיך געבילדעט קליינע גרופּעס; מען האָט זיך געשושקעט און איבערגעוואונקען זיך איינע מיט די אַנדערע.

ס'האָט זיך עפּעס געהאַלטען אין צוגרייטען.

איך בין צוגעגאַנגען צו איינער פון די געפאַנגענע און איהר געפרעגט: וואָס טהוט זיך דאָ?

— שש! — האָט זי מיר געענטפערט — איך וועל עס אייך באַלד ער-קלעהרען, אין שלאָפצימער.

ענדליך האָט געקלונגען דער גלאָק.

מיר האָבען זיך אויסגעשטעלט אין דער רייהע און זיינען שטילערהייט אַרויף די הילצערנע טרעפ, וואָס האָבען געפיהרט צום גרויסען צימער, וואו מיר פלעגען שלאָפען.

וויאָלאַן האָט אונז נאָכגעקוקט. דאָס איז זיין שטייגער געווען יעדען אָווענד. ער פלעגט זיך בעהאַלטען ערגעץ אין אַ פערשטעלטען פלאַץ, קו-קען אייף אינז אין פערצייכענען די נעמען פון די, וועלכע האָבען גערעדט און זיך געסוד'עט איינע מיט די אַנדערע.

נאָר צו זיין גרויסען בעדויערן איז יענעם אָווענד ניט געווען וועמען צו בעשטראָפען.

די געפאַנגענע האָבען זיך אַלע געהאַלטען אויסערגעוועהנליך רוהיג. דער וועכטער האָט אונז בעגלייט ביז צו דער טהיר פון שלאָפצימער. דאָרט האָט ער זיך אָבגעשטעלט.

מיר זיינען שוין מעהר ניט געווען אונטער זיין השגחה.

דאָרט האָבען די „שוועסטער" איבער־גענומען די אויפזיכט איבער אונז.

אַז מיר זיינען אַלע געלעגען אין די בעטען, האָט מען פערלאָשען די לאָמפּען אין אין שלאָפזאַאַל האָט געהערשט אַ גערדיכטער הישך.

כ'האָב שוין אָנגעפאַנגען איינצידרעמלען, מיט אַמאָל האָב איך דער-פיהלט, ווי אימיצער ציהט מיר ביים אָרם.

— וואָס ווילט איהר פון מיר? — האָב איך געפרעגט שטילערהייט.

די געפאַנגענע, וועלכע איז געווען לעבען מיין בעט, האָט אַ מורמעל געטהאָן:

— ווילט איהר אונז העלפען בעפרייען איינע פון אונזערע קאַמעראַ-דינען?

— וועלכע? — האָב איך אַ פרעג געטהאָן.

— מעלאַני... איהר ווייסט דאָך, די וואָס ווייגט שטענדיג.

— מיט פערגניגען. אָבער מיט וואָס קען איך אייך העלפען?

— אָט וואָס: הינטער אייך איז פאַרהאַן אַ פענסטער, אַ פערשלאָסע-נעם פענסטער, וואָס מיר האָבען געפ נען אַ מיטעל ווי צו עפענען. שטעהט אויף, וועלען מיר שטילערהייט אָברוקען אייער בעט. מען מוז זיין פאָרזיכטיג, איהר פערשטעהט? ווייל די שוועסטער ראָזאַליע, וועלכע שלאָפט דאָרט ביים עק פון שלאָפצימער, האָט זעהר אַ לייכטען שלאָף.

כ'האָב זיך גלייך אויפגעהויבען און מיט דער הילף פון דער געפאַנגע-

נער האָב איך אויפגעהויבען מיין בעטעל און עס אויסגעשטעלט עטליכע מעטער ווייט פון דעם פלאַץ, וואו ס'איז געשטאַנען.

דערנאָך האָט מיין חבר'טע מיט אַ מערקווירדיגער געשיקטקייט און גאַנץ שטיל אויפגעעפענט דאָס פענסטער.

דאָס דאָזיגע פענסטער איז אַרויס אין אַ געסעל לעבען פּאָבורג „סאַן דעני" און איז געווען פעראיייניגט מיט אַן אייזערנעם לייטער, וואָס האָט געדיענט פאַר די אַרבייטער אַרויפצוגעהן אויף'ן דאַך פון דער טורמע.

ס'האָט זיך געפאָדערט אַ ווירקליכער קוראַזש צו ריזיקירען און זיך אַרונטערלאָזען אויף דיזען לייטער, בתּמת אונזער שלאָפּצימער האָט זיך געפינען אויף'ן זעקסטען עטאַזש.

אין דער פינסטער האָט די, וואָס האָט זיך געוואָלט איינשטעלען אין אַרונטערלאָזען זיך אויף דיזען לייטער, געקענט גאַנץ לייכט אַרונטערפאַלען אויף דער ערד.

נאָר מעלאַני איז געווען אַ מוטהיגע פרוי.

זי האָט מיר וויפיעל מאָל געזאָגט, אַז זי וועט זיך גיכער נעהמען דאָס לעבען, איידער זיך לאָזען אָבפיהרען אין אַ צענטראַל-טורמע. זי האָט אַלזאָ בעסער אויסגעקליבען די ריזיקע פון אַן אַנטלויפען, וואָס איז געווען פערבונדען מיט אַזאַ מין געפאַהר, איידער צו בלייבען אין געפענגניס.

פאַרהאַן פרויען, וואָס האָבען אַזויפיעל קוראַזש און ענטשלאָסענקייט ווי געוויסע מענער.

באַלד האָב איך דערהערט אַ לייכטען גערויש.

דאָס איז געווען מעלאַני, וועלכע איז צוגעקומען צום פענסטער.

ציטערשט האָט זי אַ טאַפּ געטהאָן מיט דער האַנד דעם אייזערנעם לייטער, דערנאָך האָט זי שטילערהייט געזעגט:

— אַדיע, מיינע פריינדינען... אַ דאַנק!

און זי האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזען מיט ענטשלאָסענהייט.

עטליכע סעקונדען זיינען מיר געבליבען שטעהן און מיר האָבען זיך צוגעהערט מיט פערקלעמטע הערצער, ציטערנדיג מיט אַלע אונזערע גליעדער.

יעדע רגע האָבען מיר ערוואַרט צו הערען דעם גערויש פון אַ פאַל... אַ מורא'דיגען, פערצווייפעלטען געשריי.

כ'האָב זיך אָנגעבויגען איבער'ן פענסטער און געקוקט און געקוקט, טאָמער וועל איך קענען בעמערקען די געשטאַלט פון דער אונגליקליכער.

נאָר איך האָב גאָרניט געזעהן.

מיהר ניט, דער לייטער, וועלכער האָט זיך געשאָקעלט, האָט געצייגט, אַז מעלאַני האַלט נאָך אַלץ אין אַרונטערגעהן.

מיט אַמאָל האָט זיך פון הויף אויפגעהויבען אַ שרעקליכער געשריי און מיר האָבען דערהערט די דאָזיגע ווערטער:

— אַה, גנב'טע! אַה, באַנדיטקע! כ'האָב אייך געפאַקט... איהר האָט

אַודאי געמיינט, אַז מען קען אַרויסגעהן פֿון דאַנען אַזוי לייכט ווי פֿון אַ הָטעל... נאַ, נאָר ניט געבונטעוועט זיך, קומט מיט מיר.

דערנאָך האָט זיך געהערט אַ גערויש, אַ ראַנגלעריי, אַ געוויין און געבעט, דאַן איז געוואָרען שטיל...

כ'האָב אויף גיך פֿערמאַכט דאָס פֿענסטער, און מיט דער הילף פֿון אַ געפֿאַנגענע האָב איך צוריקגעשטעלט מיין בעט אויף זיין אָרט.

די שוועסטער ראָזאַליע האָט זיך ניט אויפֿגעכאַפּט.

מיר האָבען יעדע רגע ערוואַרט דעם בעזיך פֿון אַ וועכטער, נאָר די נאַכט איז אַריבער שטיל.

אין דער פֿריה, ווי מיר זיינען נור אַרונטער אין הויף פֿון דער טורמע, האָט אונז דער אויבער-וועכטער געהייסען זיך אויסשטעלען אין צוויי רייהען אַזוי ווי סאָלדאַטען, און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— די פֿין אייך, וועלכע האָבען געהאָלפֿען דער געפֿאַנגענער מעלאַני ברעזשאַן אַנטלויפֿע, זאָלען אַרויסגעהן פֿון די רייהען.

קיינער האָט זיך ניט געריהרט פֿין אָרט.

— איהר האָט מיך פֿערשטאַנען, צי ניט? — האָט דער וועכטער ווידערהאָלט.

מיר האָבען קיין ריהר ניט געטהאָן מיט קיין אבר.

— אַה, אַזוי גאָר?—האָט דער אויבער-וועכטער געשריען—גוט, איהר וועט באַלד זעהן, אַז איך וויים, ווער ס'איז די הויפּט שולדיגע. לואיזע מישעל, אַהער געהט!

כ'האָב געפֿאָלגט.

— וועט איהר אָבלייקענען, אַז איהר האָט אָנטהייל גענומען אין דער קליינער סצענע פֿון דער נאַכט?

— כ'הויב ניט אָן וויסען, וואָס איהר מיינט דאָ צו זאָגען.

דער געפֿענגניס-וועכטער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער. דערנאָך, אַז ער האָט זיך גוט אויסגעלאַכט, האָט ער מיט אַ גראָבער שטימע געזאָגט:

— איהר האַלט אונז ווירקליך פֿאַר צו נאַאיוו... אָט אַפּנים איהר מיינט, אַז מיר זעהען און מיר הערען גאָרנישט. נאַ, לאָמיך אייך זאָגען, אַז מיר האָבען שוין פֿין נעכטען אָווענד אָן געוואוסט וואָס עס פּלאַנעוועט זיך דאָ. אַ וועכטער האָט זיך אונטערגעהערט צו אַ וויכטיגען געשפּרעך צווישען אייך און דער געפֿאַנגענער מעלאַני.

— דאָס איז ווירקליך צופֿיעל!—האָב איך אַ געשריי געטהאָן אויסער זיך פֿאַר כעס.

— אָה, מאַכט זיך נאָר ניט אַזוי תם'עוואַטע. מען קען אייך, נישקשה, מען וויים וואָס פֿאַר אַ ברען איהר זייט... יאָ, איך האָב געזאָגט און איך ווידערהאָל עס נאָך אַמאָל: דאָס האָט איהר עס געמאַכט איין האַנד מיט

מעלאַני'ן. נאָך בעסער: איהר האָט עס איהר אײַנגעגעבען די גאַנצע אידעע צו אַנטלױפֿען... זי האָט גאָרניט געטראַכט דערפֿון, די אָרעמע פֿרױ. נאָר איהר האָט איהר אַרײַנגעגעבען אַזױפֿיעל מוטה, אַז זי איז ענדליך מרוצה געװאָרען דערױף.

כ'האָב זיך ניט געקענט אײַנהאַלטען, בין צוגעגאַנגען צום אױבער-װעכטער און איהם אַרײַנגעזאָגט גלײַך אין צורה אַרײַן:

— דאָס אַלעס איז פֿאַלש פֿאַלש, איהר הערט? כ'האָב ניט אָנגעהױ-בען װיסען פֿון קײן זאַך, און ניט איך האָב דאָס צוגערעדט מעלאַני'ן צו אַנטלױפֿען...איבעריגענס, װאָס פֿאַר אַן אינטערעס האָב איך דען געהאַט איהר צו געבען אַזעלכע עצות?

— װאָס װײס איך? איהר זײט אַ ביזער גײסט, זײט איהר... אַ צי-בינטעװעטע. איהר קענט זיך ניט פֿיהלען גליקליך נאָר דאַן, װען איך גיט זיך אײַן צו מאַכען אונאָרדנונגען...

כ'האָב אַ ציה געטהאָן מיט די פּלײצעס און בין צוריק אַרײַן אױף מײַן פּלאַץ אין דער רײהע.

דער איבער װעכטער האָט נאָך געהאַלטען אין אײן רײדען װײטער.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געזאָגט — מען קען אײַך... איהר מאַכט זיך בלומר'שט פֿאַר אַ הײליגע, נאָר אין גרונד גענומען זײט איהר קנאַפּ װאָס װערטה.

— כ'בין װערטה מעהר פֿון אײַך, — האָב איך אַ געשרײ געטהאָן.

— װאָס האָט איהר געזאָגט?

— אַז איהר האָט ניט געהערט, איז ניט!

איצט איז דער װעכטער געװאָרען מלא רציחה.

— זי בעלײדיגט מיך! — האָט ער געשריען — איהר האָט געהערט? זי האָט מיך בעלײדיגט. אָבער דאָס װעט ניט אַריבערגעהן אַזױ גלאַט!

און זיך װענדענדיג צו צװײ װעכטער, האָט ער געזאָגט:

— נעהמט אָט די פֿרױ און פֿיהרט זי אַרונטער אין קעלער... איך װעל צושיקען אַ בעריכט צום דירעקטאָר פֿון טורמע. מיר װעלען זעהן, צי די גע-פֿאַנגענע װעלען בעל הבית'עװען דאָ...

ניט קוקענדיג אױף מײנע פּראָטעסטען האָט מען מיך אַרונטערגעפֿיהרט אין קעלער אין דאָרט האָט מען מיך אַרײַנגעזעצט אין אײנעם פֿון די פֿינ-סטערע קאַרצעס, װאָס מען האָט געהאַלטען פֿאַר די „געפֿעהרליכע" גע-פֿאַנגענע.

כאָטש איך האָב גענוג געדולד געהאַט אַריבערצוטראָגען אַלערלײ אונ-גערעכטיגקײטען, בין איך זיך מודה, אַז דאָס מאָל בין איך געװען אױסער זיך פֿאַר צאָרן.

און ס'איז געװען פֿאַר װאָס.

איך בין שױן אױסגעצױגען אין מעהרערע געפֿענגנניסע, נאָר אַזעלכע װילדע חיות װי די װעכטער פֿון „סאַן לאַזאַר" האָב איך ניט בעגעגענט.

דער דירעקטאָר פֿון דער טורמע פֿלעגט זיך אין גאַנצען פֿערלאָזען אויף זיי. וואָס זיי פֿלעגען טהאָן איז געװען גוט. און זיי האָבען אָבגעטהאָן די גרעסטע נידערטרעכטיגקייטען.

כ׳האָב מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן, ווי אַ וועכטער פֿון „סאַן-לאַזאַר" האָט געשלאָגען מכות רצח אַן אָרעמע פֿרוי, וועלכע האָט ניט גע-וואָלט אויסקעהרען אַ קאָרידאָר.

— — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי טעג בין איך געזעסען אין קאַרצער איידער דער דירעקטאָר האָט מיך געשיקט רופֿען.

ענדליך, אין אַ נאָכמיטאָג, איז געקומען אַ וועכטער און האָט מיך אַוועקגעפֿיהרט צום פּריין, וועלכער האָט מיך אויפֿגענומען מיט אַ בייזען בליק.

— אַה! שוין ווידער אַמאָל איהר,—האָט ער זיך אָבגערופֿען.—ווי עס ווייזט אויס, האָט איהר אָבגעמאַכט ביי זיך ניט אַנדערש נאָר אַריינבריינגען אייערע רעוואָלוציאָנערע אידעען אַהער אין טורמע. אַנומאָלט האָט איהר פֿערזעעט איין אַלע ווינקעלאַך אַנאַרכיסטישע בריעף, איצט האָט איהר זיך גענומען פּריידיגען אונגעהאָרכזאַמקייט און אונאָרדנונג.

כ׳האָב דאָס מויל ניט געעפֿענט.

וואָס האָב איך געקענט ענטפֿערן אויף אַזאַ לעכערליכע רעדע?...

דער דירעקטאָר איז געוואָרען אונגעדולדיג, האָט דערלאַנגט אַ מורא׳-דיגען זעץ אין טיש און אַ געשריי געטהאָן:

— אָבער וואָרום שווייגט איהר? רעדט, ענטפֿערט, זאָגט עפּעס!

— וואָס ווילט איהר איך זאָל אייך זאָגען?—האָב איך געענטפֿערט.—ווי עס ווייזט אויס, האָט איהר געזאָגען מיר אַ פֿאָראורטהייל.

— אַ פֿאָראורטהייל? קיינמאָל ניט!—האָט דער דירעקטאָר געענטפֿערט.—פֿריהער פֿון אַלצדינג זוך איך צו זיין גערעכט, פֿערשטעהט איהר?... קיינער פֿון די, וואָס געפֿינען זיך דאָ אין טורמע, קען ניט זאָגען, אַז איך בין ווען עס איז געוועזן גוט צו איינעם אויף׳ן רעכנונג פֿון׳ם צווייטען.

— נו, אויב איהר ווילט מיך אויסהערען,—האָב איך געזאָגט—האָף איך, אַז איהר וועט זיין געצוואונגען צו אַנערקענען, אַז אייערע בעאַמטע האָבען בענאַנגען געגען מיר אַ ווירקליכע אונגערעכטיגקייט. קודם כל, לאָמיך אייך זאָגען, אַז די וועכטער אייערע קוקען אַבסאָלוט ניט אויף אייערע בע-פֿעהלען...

— וואָס הייסט?—האָט דער דירעקטאָר אַ געשריי געטהאָן און איז גע-וואָרען אַלערליי קוליערען.

— כ׳וועל עס אייך גלייך ערקלעהרען: אייער נעכטען האָט אַ וועכטער זיך גענומען דאָס רעכט מיך צו בעשטראָפֿען אָהן אייער וויסען. מיט ברו-טאַליטעט האָט ער מיך אַ נעהם געטהאָן און מיך אַרונטערגעפֿיהרט אין קעלער, וואו מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַ פֿינסטערן קאַמערל. איך

צווייפעל זעהר, צי ער האָט איך אַפּריהער אָנגעפּרעגט, אויב ער זאָל עס טהאָן.

— איהר האָט דעם דאָזיגען וועכטער פיגע בכבוד געויזען, איהר האָט איהם בעליידיגט. דערפאַר האָט ער איך בעשטראָפּט און איז דערנאָך געקומען מיר אָבגעבען רעכנינג וועגען דעם וואָס ער האָט געטהאָן.

— און איהר האָט איהם געגעבען רעכט, פערשטעהט זיך...

— ווי זשע דען האָב איך געדאַרפט טהאָן? אַ געטרייער דיענער קומט צו געהן און דערצעהלט מיר וועגען אַ סקאַנדאַל, צו וועלכען ער האָט געמוזט מאַכען אַ סוף...

— און אַ שטייגער אַז דער דאָזיגער מאַן האָט ליגען געזאָגט?

— נו יאָ, כ'ווייס שוין; איהר וועט מיר אַודאי דערצעהלען, אַז איהר זייט אַן אָפּפּער, אַן אָרעמער אָפּפּער, גאָך וועלכען אַלע וועכטער פון „סאַן לאַזאַר" יאָגען זיך נאָך אָהן אַ שום אורזאַכע... איך קען דעם דאָזיגען פזמון.

— הערט אויס, — האָב איך זיך אָבגערופען. — ווי איך זעה, זייט איהר ניט אַ האָר בעסער פון די אַנדערע דירעקטאָרען פון די געפענגניסע; איהר אונטערשטיצט אייערע וועכטער זאָגאַר ווען זיי בעגעהן געמיינהייטען. נו גוט, האָב איך מעהר ניט וואָס צו ריידען מיט אייך. הייסט, מען זאָל מיך צוריקפיהרען אין קאַרצער.

דער דירעקטאָר האָט מיך אָנגעקוקט, האָט צוזאַמענגעלייגט די אָרעמס, אַ ציה געטהאָן מיט די פלייצע און געזאָגט:

— אָבער פאַרוואָס רעדט איהר ניט? ערקלעהרט זיך. אויב איך וועל געפינען, אַז אייערע רייד האָבען אַ זינן, וועל איך מאַכען אַן אונטערזוכונג, און איהר מעגט זיכער זיין, טאָמער האָט דער וועכטער ליגען געזאָגט, וועל איך איהם ניט שאַנעווען...

— ניין, פאַרהאַן דאָ אַ וועכטער מיט'ן נאָמען וויאָלאַן, וועלכער יאָגט מיך ווי אַ ווילדע חיה...

דער דירעקטאָר האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער:

— איהר ליידעט פון אַ פערפאָלגונגס-שגעון, כ'זעה שוין. וואָרים וואָס קען דער דאָזיגער וועכטער דען האָבען צו אייך?

— כ'קען זיך מיט איהם נאָך פון דער צייט, ווען איך בין געווען אין דער טירמע פון אָבעריוו, וואו מיר האָבען ניט געלעבט פריעדליך... ניט לאַנג צוריק האָט ער געהאַט אַ שטיקעל אָבשניט פון די געפאַנגענע צוליעב אַ אינטריגע, וואָס ער האָט אויסגעאַרבייט געגען מיר, און ער קען עס מיר בשום אופן ניט מוחל זיין.

— יאָ, יאָ, כ'ווייס שוין... כ'קען דעם אָנפאַנג פון דעם בונט, וואָס איהר האָט אָרגאַניזירט דאָ.

— איהר זעהט שוין, אַז נאָך איידער איהר האָט מיך אויסגעהערט, ווייסט איהר, אַז איך בין שולדיג. לוינט זיך נאָך צו ריידען ווייטער?

— יאָ, יאָ, רעדט ווייטער.

— איהר ווייסט דאָך וואַהרשיינליך אז איינע פֿון די געפֿאַנגענע מיט'ן נאָמען מעלאַני האָט געמאַכט אַ פּערזוך צו אַנטלויפֿען?

— יאָ.

— מען האָט זי אַרעסטירט.

— כ'ווייס עס.

— נו, אָבער דאָס וואָס איהר ווייסט אפשר ניט איז, אַז מען האָט מיך בעשולדיגט, אַז איך האָב איהר געהאָלפֿען דערצו.

— וואָס איז דער וואונדער, אַז מען האָט עס געטהאָן? ס'איז פֿאַרהאַן גענוג אורזאַכען, דאָס צו גלויבען. אום צו צוקומען צום פֿענסטער, פֿון וואַנעט זי איז אַרויס, האָט מעלאַני געמוזט פֿערבייגעהן לעבען אייך, איבער-שטעלען אייער בעט איהר וועט דאָך צוגעבען, אַז דאָס איז גאָרניט גינסטיג פֿאַר אייך... איך זאָג ניט, אַז איהר האָט איהר צוגערעדט דערצו, נאָר איך גלויב, אַז איהר האָט איהר געהאָלפֿען.

— אייערע ווערטער בעהויפטען, אַז איך האָב מעלאַני'ן אויפֿגעגעבען די אידעע צו אַנטלויפֿען.

מען האָט אייך אָפֿט געזעהן אַרומגעהן מיט איהר. איהר זייט געוועזען איהר בעסטע פֿריינדין. ס'געשיקט זיך דאָך ניט, אַז זי זאָל אייך גאָר-נישט האָבען געזאָגט מכח איהר פלאַן.

— דאָך האָט זי מיר גאָרנישט געזאָגט.

— נאַ,—האָט זיך דער דירעקטאָר אָבגערופֿען מיט אַ שמייכעל, — גיט צו, אַז איהר האָט געוואוסט פֿון דעם פלאַן איהרען.

— דאָס וואָלט געהייסען זאָגען אַ ליגען. נאָר לאָמיר שוין אָננעהמען, אַז איך האָב יאָ געוואוסט, איז וואָס?

— האָט איהר געהאַט אַ גאַנץ איינפֿאַכע זאַך צו טהאָן.

— דהיינו?

— קומען צו מיר...

— אין?

— און מיר אַלעס דערצעהלען.

איך בין געוואָרען אויסער זיך פֿאַר כעס.

צוגעהענדיג גאַנץ נאָהענט צום דירעקטאָר האָב איך איהם אָנגעקוקט מיט אַ קאַלטען בליק און אַ געשריי געטהאָן:

— מיין הערר, אָט אַפנים איהר קענט מיך ניט! כ'האָב געמיינט, אַז איהר האָט מיך געקענט אורטהיילען נאָך מיין פֿערגאַנגענהייט; כ'האָב גע-רעכענט, איהר ווייסט, אַז לואיזע מישעל איז ניט פֿעהיג צו בעגעהן אַזאַ פּייגהייט. כ'זעה, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט. נו גוט, הייסט מיך אָבפֿיה-רען צוריק אין פֿינסטערן קעמערל, ס'איז מיר אַסך ליעבער איידער צו הערען אַזעלכע רייד פֿון אייך.

דער דירעקטאָר האָט אַ גאַרישען שמייכעל געטהאָן. ער האָט זיך, ווייזט אויס, געפֿינען אין אַ זעהר ניט בעקוועמער לאַגע.

— נאַ, נאַ, — האָט ער געזאָגט, — לאָמיר ניט רײדען מעהר דערפֿון. דאָס, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, האָט קיין שום וויכטיגקייט ניט. אין אַלגעמיין איז דאָ דער איינפֿיהר, אַז וויסענשאַפֿטליכע געהילפֿען זאָלען פֿון די געפֿאַנגענע... נאָר ווי באַלד איהר ווילט ניט פֿערשטעהן, אַז די אַדמיניסטראַציע נויטיגט זיך אַמאָל אין הילף ..

— גענוג, מיין העיר! — רעדט מיט מיר מעהר ניט דערפֿון; איהר מאַכט מיר בלויז אָן קריינקונג דערמיט. איהר קענט דיזען מיטעל בענוצען מיט אייערע ויעבטער, אָבער ווייסט, אַז די, וואָס איז געווען פֿערשיקט אין ניי קאַ-לעדאָניען אין איז איצט אין געפֿענגניס פֿאַר איהרע אידעען, קען ניט האָבען קיין שפּיאָנסקע נשמה...

דער דירעקטאָר האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז ער איז אַוועק אַביסעל צו ווייט און ער האָט געזוכט צוריקכאַפּען זיינע ווערטער.

— דאָס, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, איז געווען בלויז אייך אויסצו-פּרואווען, — האָט ער געזאָגט. — נו, איך זעה, אַז מען האָט אייך ריכטיג פֿאַר-געשטעלט פֿאַר מיר; אַז איהר זייט ווירקליך אַן ענערגישע פֿרוי, יאָ, אַ זעהר ענערגישע. אַלזאָ, איהר דאַרפֿט זיך ניט ערגערן אַזוי. איך נעהם אונטער אייער שטראָף, זייט איהר צופֿריעדען?

— כ'האָב ניט פֿאַרוואָס צו זיין צופֿריעדען... מען האָט מיך בעשטראָפֿט אינגערעכטערהייט. איהר זייט מבטל דיזע אונגערעכטיגקייט, איהר טהוט אַלזאָ בלויז אייער פֿליכט... אָבער דאָס איז נאָך ניט גענוג.

— אָה! וואָס נאָך?

— איך האָף, אַז איהר וועט מכבד זיין דעם בחור, וואָס האָט מיך געהייסען אַרונטערפֿיהרען אין קאַרצער אָהן אייער וויסען, ווי ער פֿערדיענט.

— דאָס איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך, בענוגענט זיך דערוויל דערמיט וואָס איהר זייט פֿריי.

— פֿריי! — האָב איך זיך אָבגערופֿען מיט אַ שמייכעל.

— יאָ, — האָט געענטפֿערט דער דירעקטאָר — סיידען איהר ווילט בעסער געהן צוריק אין פֿינסטערן קעמערל...

כ'האָב גאָרנישט געענטפֿערט דערויף און אונזער געשפּרעך האָט זיך דערמיט געענדיגט.

דער דירעקטאָר פֿון „סאַן לאַזאַר" האָט אַלזאָ איצט געוואוסט אויף ריכ-טיג ווער און וואָס איך בין, און אויך איך האָב איהם דערקענט; ער איז ניט בעסער און ניט ערגער געווען פֿון אַלע אַנדערע געפֿענגניס-דירעק-טאָרען...

נאָר לאָמיך דאָ גלייך זאָגען, אַז דיזער מאַן איז בלויז געווען אַ פּראָ-וויזאָרישער דירעקטאָר. דער ריכטיגער שעף פֿון „סאַן לאַזאַר" איז גראָד דאַן

געוועזן אָבוועזענד פֿון פּאַריז. ווי מען האָט מיר דערצײלט איז דאָס געוועזן אַ „זעהר אינטעליגענטער“ מאַן און דערצו נאָך אַ... פֿילאַנטראָפּ.

ס'טהוט מיר באַנג, וואָס איך האָב קיין געלעגענהייט ניט געהאַט זיך מיט איהם צו בעקענען.

עס וואָלט פּשוט געווען אינטערעסאַנט צו זעהן, ווי ווייט די פֿילאַנטראָפּיע פֿון אַ געפֿענגנים-דירעקטאָר קען געהן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַכט טאָג צייט האָט אין דער טורמע פֿון „סאַן לאַזאַר“ געהערשט אַן ערשטוינענדע שטילקייט.

די געפֿאַנגענע זיינען געווען ר'היג, אונטערוואָרפֿען און די וועכטער האָבען, צו זייער גרעסטען בעדויערן, ניט געהאַט קיין שום פּריטשינע, צו וואָס זיך צוצוטשעפּען און בעשטראָפֿען וועמען עס איז.

אָבער דייזע שטילקייט איז נור געווען לפנים, אויסערליך.

אין דער אמת'ן אָבער האָט זיך עטוואָס געררויעט אין דער שטיל.

אַ שטורם האָט זיך צוגעגרייט אין די בעהאַלטענע ווינקלען פֿון „סאַן לאַזאַר“.

און ער האָט אויסגעבראָכען אַ שבת-צו-נאַכט אין עסס-צימער.

די אַרעסטאַנטקעס, אָנשטאָט זיך אַנידערצוזעצען אויף זייערע געוועהנליכע פּלעצער, זיינען געבליבען שטעהן, צו דער גרעסטער ערשטוינונג פֿון די וועכטער.

דער איבער-וועכטער, וועלכער איז געווען דערביי, האָט אַ געשריי געטהאָן:

— זעצט זיך אויס אויף אייערע פּלעצער!

קיינער האָט זיך ניט געריהרט פֿון אָרט.

— האָט איהר געהערט וואָס מען רעדט צו אייך?—האָט דער אויבער-וועכטער געליאַרעמט.

די געפֿאַנגענע זיינען געבליבען שטעהן, אַזוי ווי ניט זיי מיינט מען דאָס.

— איהר ווילט אַלזאָ ניט פֿאָלגען?

— געוויס ניט,—האָבען געענטפֿערט עטליכע שטימען.— אַזוי לאַנג ווי מען וועט אונז קאָרמענען אַזוי ווי די הינט, וועלען מיר ניט געהן צום טיש.

— געהט ברייגנט די סאָלדאַטען!—האָט דער אויבער-וועכטער אַ געשריי געטהאָן צו זיינע לייט.

אָבער ווי ער האָט נור אויסגערעדט דיזע ווערטער האָט זיך אין עסס-זאַאַל אויפֿגעהויבען אַ מורא'דיגער טומעל. מאָרנע געשרייען האָבען זיך אויסגעמישט מיט משונה'דיגע, קאָמישע קולות ס'האָט אויסגעזעהן עפּעס אַזוי ווי אַ מחנה פֿון חיות וואָלט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער טורמע פֿון „סאַן לאַזאַר“.

אַנטקעגען דיזען טומעל, וואָס זיי האָבען באין אופן ניט געקענט איינ-

שטילען, ווינען די וועכטער געבליבען שטעהן אָבהענגיג; זיי האָבען איינפאַך ניט אָנגעהויבען וויסען וואָס צו טהאָן.

וואָרים אויב עס איז לייכט צו מאַכען אַ סוף פון אַ בונט, וואָס מענער אָרגאַניזירען, איז אָבער גאַנץ שווער צו אונטערדריקען אַ פרויען-אויפשטאַנד.

אין עטליכע מינוט צייט זיינען די טישען אין עסס-זאַאַל געווען איבער-געקעהרט אין די מעלער פינאַנדערגעשלידערט אין אַלע זייטען.

עטליכע וועכטער האָבען זיך געפרואווט איבערשרעקען אַ טהייל פון די צובונטעוועטע פרויען, אָבער זיי זיינען געצוואונגען געווען זיך צוריקציהען, ווייל די געפאַנגענע האָבען זיי אויפגענומען מיט אַ האָגעל פון טעלער און פערשיעדענע אַנדערע כלים, וועלכע האָבען זיי געדיענט אַלס וואַפען אין דער דאָזיגער שלאַכט.

אַז דער דירעקטאָר האָט דערהערט דעם ליאַרם, איז ער געקומען צו לויפע.

שטילערהייט, שרעקעדיג האָט ער אויפגעעפענט די טהיר פון עסס-צימער, נאָר דערזעהענדיג וואָס דאָרט טהוט זיך, האָט ער זי גאַנץ פאָרזיכטיג צוריק צוגעמאַכט און איז גלייך אַוועק צוריק צו זיך אין דער וואוינונג, וואו ער האָט זיך בעהאַלטען.

דער בונט איז אָנגעגאַנגען ווייטער.

די געפאַנגענע האָבען מיט ענערגיע אַרויסגעיאָגט די וועכטער פון עסס-זאַאַל, און זיי וואָלטען אָהן צווייפעל געבליבען די זיעגערינען אין דיזען קאַמפף, נאָר מיט אַמאָל זיינען אָנגעקומען די סאָלדאַטען.

אַז די פרויען האַבען זיי דערזעהן, האָבען זיי גענומען לויפען וואו די אויגען האָבען זיי געטראָגען.

איך בין זיי נאָכגעגאַנגען...

זיי האָבען זיך געלאָזט לויפען אין די קאָרידאָרען פון געפענגניס, האָבען אויפגעעפענט אָדער אויפגעבראָכען די טהירען און זיינען אַרונטערגעגאַנגען אין די קעלערס.

„סאַן לאַזאַר“ שטעהט אויף אַן אַלטען קירכען-קעלער, מיט פערשיעדענע הייהלען און זייטיגע קאַמערן.

אין דיזען אונטעראירדישען פלאַץ האָבען זיך די פרויען בעהאַלטען, זיי האָבען זיך דאָרט באַריקאַדירט און געוואַרט, די וועכטער מיט די סאָלדאַטען זאָלען אַרונטערקומען צו זיי.

אין שטורם בין איך כמעט געגען מיין ווילען אַרונטערגעצויגען געוואָרען צוזאַמען מיט אַלע צובונטעוועטע פרויען.

אינטערעסאַנט האָט מיר אויך געוואונדערט צווישען די, וואָס האָבען געמאַכט דעם בונט.

אָט אַפּנים מיר איז שוין בעשעהרט, תמיד צו זיין אויף דער זייט פון די רעבעלען...

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ שעה צייט זיינען מיר געווען אונטען אין דער הייהל, מיט אַמאָל האָבען מיר דערהערט אַ גרויסען גערויש איבער אונזערע קעפּ.

באַלד האָבען זיך געלאָזט הערען שווערע טריט אויף די שמאָלע טרעפּ, וואָס האָבען אַרונטערגעפיהרט צו דער טהיר פון דער הייהל, דערנאָך האָט עס געגומען מורא'דיג קלאַפּען אין די ווענד.

ס'איז געווען גאַנץ קלאָהר, אַז די אַדמיניסטראַציע פון דער טורמע קלייבט זיך צו בעלאַגערן אונזער קאַזעמאַט.

די הייהל, וואו מיר זיינען געווען בעהאַלטען, האָט געהאַט צוויי אַריינגאַנגען: די טהיר, לעבען וועלכער די סאָלדאַטען זיינען געשטאַנען, און אַ צווייטע, אַסך אַ קלענערע, וועלכע איז געלעגען ביים ברעג פון די גאַלעריע.

דיזע צוויי טהירען זיינען געווען פון אייזען און אַזוי פעסט, אַז מען וואָלט געמוזט האָבען אַ קאַנאָן זיי איינצוברעכען.

מיר זיינען געבליבען און האָבען געוואַרט.

ענדליך האָט זיך דערהערט אַ קול פון דרויסען.

דאָס איז געווען די שטימע פון דעם אויבער-וועכטער.

— עפענט אויף די טהיר!..

מיר האָבען ניט געענטפערט.

— עפענט, אָדער איהר וועט חרטה האָבען...

דערנאָך איז געוואָרען גאַנץ שטיל.

וואָס וועלען זיי טהאָן?

מיט קלאַפּענדע הערצער האָבען מיר געוואַרט.

ענדליך האָט זיך דערהערט אַן אַנדער קול. איך האָב דערקענט די שטימע פון דעם דירעקטאָר.

— מיינע דאַמען,—האָט דער פּריץ אָנגעהויבען, (ער האָט אונז שוין ניט גערופען „אַרעסטאַנטקעס")—מיינע דאַמען, איך הויב ניט אָן פערשטעהן, ווי אַזוי איהר האָט געקענט פועל'ן ביי זיך צו ווערן אַזוי אונגעהאָרזאַם. איידער איהר האָט געמאַכט דעם אויפשטאַנד, האָט איהר זיך געראַפט ווענדען צו מיר, מיר פאָרלייגען אייערע פאָדערונגען. איך פערזיכער אייך, אַז איך וואָלט געטהאָן אַלעס מעגליכע צו פערבעסערן אייער לאַגע און ענדערן צום גוטען דעם צושטאַנד אין דער טורמע. אָנשטאָט דעם האָט איהר אַרעס ציבראָכען, איהר האָט זאָגאַר געשלאָגען די וועכטער. מיינע דאַמען, איך צווייפעל, צי האָט איהר זיך אָבגעגעבען רעכנונג וועגען דער ערנסט-קייט פון אייערע מעשים. פערשטעהט איהר ניט, אַז איהר וועט שטרייננ בעשטראָפט ווערן, אויב איהר וועט זיין איגגע'עקשן'ט און זיך שטעלען געגען אונז. אַלזאָ, פאָלגט מיר, גיט זיך אונטער, עפענט אויף דיזע טהיר און קומט אַרויס.

— מען מוז ענטפערן דעם דירעקטאָר, — רופט זיך אָב איינע פון די פרויען.

— און וואָס זאָל מען איהם זאָגען? — האָט געפֿרעגט אַ אַנדערע.

— מען מוז פֿערלאַנגען פֿון איהם, ער זאָל געבען זיין וואָרט, אַז אויב מיר וועלען זיך אונטערגעבען, זאָל מען קיין איינע פֿון אונז ניט בעשטראָפֿען.

קיין איינציגע האָט ניט געסמייעט צו נעהמען דאָס וואָרט.

ענדליך זיינען די געפֿאַנגענע ציגענאַנגען צו מיר.

— רעדט איהר מיט איהם, לואיזע, — האָבען זיי געזאָגט — איהר זייט דאָך געוועהנט צו האַלטען רעדעס. דאָס וועט זיין אַסך בעסער.

אַ קורצע ווייַלע האָב איך זיך מישב געווען מיט זיך אַליין צי איך זאָל עס טהאָן, נאָר אַזוי ווי מען איז צוגעשטאַנען צו מיר פֿון אַלע זייטען, בין איך צוגעגאַנגען צו דער טהיר און הויך אויף׳ן קול האָב איך געזאָגט:

— הערר דירעקטאָר, מיר האָבען אָקאָרשט געהערט אייערע פֿריעדליכע ווערטער, און ווי עס ווייזט אויס מיינט איהר ערנסט דאָס וואָס איהר זאָגט; נאָר דאָך, איידער מיר גיבען זיך אונטער, ווילען מיר האָבען אַ גאַראַנטיע.

דער דירעקטאָר, וועלכער האָט דערקענט מיין שטימע, האָט געענטפֿערט:

— וואָס פֿאַר אַ גאַראַנטיע פֿאָדערט איהר, פֿריילין לואיזע מישעל?

— מיר פֿערלאַנגען, אַז אַלעס זאָל פֿערגעסען ווערן, — האָב איך געזאָגט — און אַז איהר זאָלט אונז ניט בעשטראָפֿען פֿאַר דעם בונט, וואָס מיר האָבען געמאַכט.

— אַה, איהר גיט אַלזאָ אַליין צו, אַז ס׳איז אַ בונט! — האָט דער דירעקטאָר מיט אַ ביטערן טאָן געזאָגט.

— יאָ, כ׳גיב עס צו... אַצונד, אויב איהר ווילט, וועלען מיר נעהמען איינציגווייז די מאָטיווען, וואָס האָבען אונז געטריבען צו מאַכען דעם אויפֿשטאַנד.

— ס׳איז נוצלאָז!

— דאָך...

— איך זאָג אייך, ס׳איז נוצלאָז. עפֿענט די טהיר. מיר וועלען זיך שוין דערנאָך דורכריידען.

— מיין הערר, — האָב איך געענטפֿערט, — איך בין ניט אַליין דאָ און איך קען ניט טהאָן וואָס איך וויל. כ׳מוז זיך אַמריהער אָנפֿרעגען ביי די איבעריגע פֿרויען.

— איהר דאַרפֿט זיי בלויז זאָגען, אַז איהר גיט זיך אונטער, וועלען זיי נאָכפֿאָלגען אייער ביישפּיעל. וויבאַלד איהר האָט זיי אַריינגעשלעפּט אין דיזע טרויעריגע געשיכטע, איז דאָך קיין צווייפֿעל ניט, אַז זיי וועלען זיך איצט צוהערן צו אייערע רייד.

— הערר דירעקטאָר, — האָב איך זיך אָבגערופֿען, — איהר האָט אַ גרויסען טעות. ניט איך האָב אַריינגעשלעפּט מיינע חבר׳טעס אין דיזע געשיכטע...

— נאַ, זוכט זיך נור ניט אַרויסצודרעהן.

— איהר מעגט מיר גלויבען, אַז איך זוך זיך ניט אַרויסצודרייהען.

איך האָב אימער געגומען אויף מיר די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון מיינע טהאַטען, נאָר דאָס מאָל בין איך געצוואונגען אייך צו זאָגען, אַז איך האָב ניט גענומען קיין שום אָנטהייל אין דיזען בונט.

— גערעט שוין גערעט, — האָט דער דירעקטאָר געענטפֿערט. — ווען איהר אייך אייננרייד ען, אַז ס'איז ווען עס איז געמאַכט געוואָרען אַן אויפֿשטאַנד, און לואיזע מישעל איז דערביי ניט געווען?

— דאָך איז דאָס די ריינע וואַהרהייט.

— נאַ, גענוג. מיר וועלען עס זעהן שפּעטער. דערווייל, עפֿענט אויף.

— מיר וועלען עפֿענען, ווען איהר וועט אונז צוזאָגען, אַז קיינע פֿון אונז וועט ניט בעשטראָפֿט ווערן.

— מיר וועלען באַלד זעהן.

כ'האָב זיך דורכגערעדט מיט מיינע קאַמעראַדינגען.

— ניין, ניין,—האָבען זיי געענטפֿערט,—מען דאַרף ניט עפֿענען, אַזוי לאַנג ווי דער דירעקטאָר וועט ניט זאָגען וואָס ער דיינקט צו טהאָן מיט אונז.

כ'האָב איבערגעגעבען דעם דירעקטאָר דיזען ענטפֿער.

— גוט, — האָט ער זיך געבייזערט. — איהר וועט ניט קענען זאָגען, אַז איך האָב זיך ניט געפּרואווט מיט אייך מיט גוטען. נאָר וויבאַלד עס איז אַזוי, וויבאַלד איהר מאַכט חוזק פֿון מיר און איהר מיסברויכט מיין געדולד, ווייס איך וואָס איך האָב צו טהאָן.

מיר האָבען אַלזאָ געהערט, ווי ער האָט אַ זאָג געטהאָן צו די סאָלדאַטען:

— ברעכט איין די דאָזיגע טהיר!

ס'האָבען זיך געלאָזט הערען מורא'דיגע קלעפּ.

נאָר די אייזערנע טהיר האָט זיך געהאַלטען פֿעסט. זי האָט זיך אַזוי פֿעסט געהאַלטען, אַז מען האָט איהר אפילו ניט געקענט אַ ריהר טהאָן פֿון אָרט.

דערפֿאַר האָבען זיך די שטיינער פֿון די זעהר דיקע ווענד גענומען ריהרען און אַרונטערפֿאַלען איינע נאָך די אַנדערע אויף די סאָלדאַטען.

דער דירעקטאָר גופא האָט געקראָגען אַ שטיין אין קאָפּ און ער האָט דערלאַנגט אַ מורא'דיגען געשריי.

מען האָט אַלזאָ געמוזט אויפֿגעבען אָט די געפֿעהרליכע אַרבייט...

אַ קורצע ווייל האָבען מיר געהערט אַ שושקעריי, אַ שטיקעל דיסקוסיאָן צווישען דעם דירעקטאָר און די וועכטער. דערנאָך זיינען די בעלאַגערער אַוועקגעגאַנגען.

— הערט איהר?—האָט זיך אָבגערופֿען איינע פֿון אונז. — איהר פֿערשטעהט אַודאי ניט, וואָס זיי פּלאַנעווען דאָ. זיי ווילען אונז אויסהונגערן... זיי וועלען אונז לאָזען דאָ, ביז וואַנען מיר וועלען זיך בעטען ביי זיי.

— אָה, די קאַנאַליעס!—האָבען געזאָגט עטליכע געפאַנגענע.
— מיר זיינען אַלע געוועזען אַביסעל צורודערט.
דער ערשטער מאָמענט פון אויפרעגונג איז אַריבער און די פרויען האָבען אָנגעהייבען קיקען קאַלטבלוטיגער אויף דער גאַנצער געשיכטע.
— כ'איז נאָך אַלעמען געווען אַ נאַרישקייט פון אונז צו מאַכען אַ בונט,—האָט זיך אָבגערופען איינע פון זיי.
— אָט האָט איהר אייך; קוקט נאָר אָן ווי זי ציטערט שוין, — האָט געענטפערט אַן אַנדערע.—מען וואָלט געקענט מיינען, אַז מיר זיינען שוין אַלע אויסגעשטאָרבען פון הונגער.
דערווייל זיינען אויסגעגאַנגען אונזערע ליכט און מיר זיינען געבליבען פאָלשטענדיג אין דער פינסטער.
דערצו האָט אָנגעהויבען ווערן מורא'דיג קאַלט.
פיעלע פון אונז האָבען גענומען בייגקען נאָך דעם שלאָף-זאַאל פון דער טורמע.
אַ טהייל האָבען זיך געפרואווט עפענען די טהיר, וואָס איז געלעגען ביים ברעג פון דער גאַלעריע, נאָר זיי האָבען עס געמוזט אויפגעבען, ווייל ס'איז ניט מעגליך געווען.
די נאַכט איז אַריבער גאַנץ טרויעריג.
אין דערפריה, ווען מיר זיינען נאָך געלעגען אויף דער ערד און גע-שלאָפען, האָבען מיר זיך פלוצלינג אויפגעכאַפּט דורך אַ מאָרגעם גערויש. ס'האָט אויסגעזעהן עפעס אַזוי ווי אַ קוואַל וואָלט געפלאָסען אין הייהל.
— איהר הערט?—האָט אַ פרעג געטהאָן איינע פון די פרויען.
— יאָ,—האָט געענטפערט אַן אַנדערע.
— וואָס קען דאָס פאָרט זיין?
— אַ וואַסער-פערפלייצונג אפשר...
— גיט אַ קיק, פאַרהאַן ווייניגסטענס ביז 10 סאַנטימעטער וואַסער אויף דער ערד.
— ווירקליך, ס'איז וואהר...
איך בין גראָד אין יענער רגע געשטאַנען ביי דער טהיר.
מיט אַמאָל האָב איך דערהערט אַ שושקעריי אויף דרויסען.
כ'האָב צוגעלייגט דעם אויער און דערהערט פאָלגענדע ווערטער:
— זיי וועלען באַלד האָבען גענוג...
דאָס האָבען די וועכטער אונז געוואָלט פערפלייצען מיט וואַסער.
דורך אַ שפּאַלט וואָס איז געווען אין וואַנד האָבען זיי אַריינגעפיהרט אַ רעהר אין אַריינגעלאָזט וואַסער אין הייהל.
— וואָס זייט איהר פערריקט דאָרט? — האָב איך אַ געשריי געטהאָן.
אַלס ענטפער האָב איך געהערט אַ ווילדען געלעכטער.
איך בין צוגעגאַנגען צו די געפאַנגענע און האָב זיי דערצעהלט וואָס דאָ טהוט זיך.

זיי זיינען געווען אויסער זיך פֿאַר צאָרן.

זיי האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן צו דער וואַנד, האָבען אָנגענומען דעם רעהר ביים ברעג און איהם גענומען ציהען צו זיך.

באַלד האָט ער זיך אין גאַנצען אָבגעריסען און ס'האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער געריודער אין די קאָרידאָרען פֿון דער טורמע.

די וועכטער זיינען פֿערפּלייצט געוואָרען.

דיזע קאָמעדיע וואָלט נאָך געקענט דויערן ווער ווייסט ווי לאַנג, ווען איינע פֿון די שוועסטער וואָלט ניט צוגעקומען צו דער אַנדער זייט טהיר און אונז געבעטען, מיר זאָלען זיך איינטערגעבען.

מיר האָבען בלויז געוואַרט אויף דיזער נייער איינפֿאָדערונג.

איינע פֿון די געפֿאַנגענע האָט קיים מיט צרות געעפֿענט די אייזערנע טהיר און מיר זיינען איינציגווייז אַרויס פֿון הייהל.

דער אויפֿשטאַנד איז געווען צו ענד.

ער האָט זיך געענדיגט אויף אַ לעכערליכען אופֿן.

ביים עק פֿון קאָרידאָר האָבען מיר געטראָפֿען דעם דירעקטאָר, אַרומגערינגעלט פֿון זיינע וועכטער.

ער האָט געהאַלטען אין איין אַרויסגעבען בעפֿעהלען וועגען די געפֿאַנגענע.

צעהן פֿרויען, צווישען וועלכע איך האָב זיך געפֿונען, זיינען פֿערהאַלטען געוואָרען. די איבעריגע האָט מען דורכגעלאָזט.

דער דירעקטאָר איז געווען צופֿריעדען. איצט האָט ער אונז געהאַט ביי זיך אין די הענד, און ער האָט אויסגעצהיילט יעדע איינע איהר שטראָף. כמעט אַלע 9 חבר'טעס מיינע האָבען געקראָגען צו פֿופֿצעהן טעג קאַרצער. נאָר מיר האָט דער דירעקטאָר געהייסען אַריינפֿיהרען אין אַ בעזונדערן קעמערל, וואו איך בין געזעסען אַ שעה צייט. דערנאָך האָט מען מיך אַוועקגעפֿיהרט צום דירעקטאָר אין ביוראָ.

אַז איך בין אַריינגעקומען צו איהם, האָב איך איהם געפֿונען זיצענדיג אויף אַ רויטען פֿאָטעל מיט אַ ציגאַר אין מויל. ער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט אין מיין זייט.

ענדליך האָט ער מיר צוגעוואָרפֿען אַ זייטיגען בליק.

— אַה, איהר זייט אַלזאָ דאָ, — האָט ער זיך אָבגערופֿען.

דאָס זאָגענדיג האָט ער אַ הוסט געטהאָן און אויסגעדרעהט דעם פֿאָטעל אַזוי אַז ער איז אויסגעקומען מיט'ן פנים פונקט אַנטקעגען מיר.

אַ היבשע ווייל האָט ער געהאַלטען אין איין בלעטערן אַ פּאַק מיט פּאַפּירען, וואָס איז געלעגען ביי איהם אויף'ן טיש. ענדליך האָט ער זיך געווענדעט צו מיר מיט די ווערטער:

— איהר זייט אַ בייזער גייסט!

איך בין געבליבען אַזוי ווי געפּלעפּט.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געזאָגט — אַ בייזער, זעהר בייזער גייסט. ווען עס וואָלטען געווען דאָ צוויי פֿרויען ווי איהר, וואָלט איך געמוזט זיך אָבזאָגען פֿון מיין שטעלע. איידער איהר זייט אָנגעקומען אַהער, איז אַלעס געגאַנגען גלאַט און גוט. די געפֿאַנגענע זיינען געווען רוהיג, געהאָרכזאַם. ס'פֿלעגט פֿאָרקומען זעלטען, אַז מען האָט אימיצען געשטראָפֿט בעשטראָפֿען. ווי איהר זייט נאָר געקומען, האָט זיך אַלעס איבערגעקעהרט מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פֿיס אַרויף. איהר האָט זיך גענומען צו אייערע אונגליקליכע חבר'טעס און איהר האָט זיי באַלד געוואונען אויף אייער זייט. ס'איז אייך ניט שווער אָנגעקומען זיי צו איבערצייגען...

— מיין העדר, — האָב איך זיך אָבגערופֿען — כ'האָב אייך שוין איינמאָל געזאַגט, אַז איך האָב דאָ ניט געשפּיעלט די ראָלע, וועלכע איהר שרייבט מיר צו.

— שווייגט שטיל! — האָט זיך דער דירעקטאָר צובייזערט — אַז איך רייד, וויל איך, מען זאָל מיר ניט איבערשלאָגען.

און מיט אַן אָנגעבלאָזענער שטימע האָט דער דירעקטאָר ווייטער געזאָגט:

— איך האָב נאָר וואָס ערקלעהרט, אַז עס איז אייך ניט שווער געווען צו איבערצייגען אייערע חבר'טעס, די געפֿאַנגענע. דיזע פֿרויען האָבען אַלע די טיעפֿסטע פֿעראַכטונג צו יעטווערען געזעץ, צו יעדער אויטאָריטעט. איהר האָט אַלזאָ געפֿונען אין זיי אַ פֿאַרטיגען באָדען צו פֿערשפּרייטען אייערע געפֿעהרליכע אידעען.

ווען איהר הייסט זיי אונטערצינדען די דאָזיגע געביידע, וואָלטען זיי אייך אויך געפֿאָלגט.

כ'זאָג אייך דעם אמת, אַז ס'וואונדערט מיך זעהר וואָס איהר האָט זיי ניט פֿאָרגעלייגט דיזען פּלאַן.

דאָס וואָלט זיך ריכטיג געפּאַסט פֿאַר אייך. אַה, אַה, אַה! „סאַן-לאַזאַר" אין פֿלאַמען! דאָס וואָלט אייך דערמאָנט די שעהנסטע טעג פֿון דער קאָמינע... יענע שרעקליכע נעכט, ווען איהר זייט אַרומגעלאָפֿען איבער די גאַסען, מיט אַ פֿאַקעל און מיט אַ קרוג קעראָסין אין די הענד, אַרומגערינגעלט פֿון אַ באַנדע פֿון בלוט-דורשטיגע פֿריינד אייערע...

כ'האָב געמיינט, אַז דער דירעקטאָר איז אַראָב פֿון זינען און איך האָב איהם בעטראַכט מיט אויפֿמערקזאַמקייט.

ער האָט בעמערקט מיין בליק און אָט אַפּנים ער האָט געמיינט, אַז זיינע ווערטער האָבען געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק.

— יאָ, יאָ,—האָט ער ווייטער גערעדט—איך קען אייך, איך קען אייך צו גוט. כ'האָב דאָ ביי מיר אַלע רעפּאָרטען, וואָס מען האָט געמאַכט וועגען אייך. נאַ, שעהנע זאַכען דערצעהלט מען זיך אָן פֿון אייך! איין זאַך נור קען איך ניט פֿערשטעהן, דאָס וואָס דאָס קריגס-געריכט פֿון ווערסאַיל איז

געווען אַזוי מילד צו אייך און דאָס וואָס די פּאַריזער דזשורי האָט אייך נאָר וואָס פֿער׳משפּט בלויז צו זעקס יאָהר געפֿענגניס.

איך האָב געוואָלט מאַכען אַ סוף צו דיזער נאַרישער דרשה.

— מיין הערר,—האָב איך זיך אָבגערופֿען—וואָס זשע, איהר האָט מיך געשיקט רופֿען אַהער, כדי מיך אויסצו׳מוסר׳ן?

— און אַז יאָ, איז וואָס?

— ס׳איז מיר גאָרנישט אינטערעסאַנט צו וויסען וואָס איהר דיינקט וועגען מיר. האַלט עס פֿאַר אייך.

דער דירעקטאָר האָט אַ פינטעל געטהאָן מיט די איגען, אָנגעצונדען זיין ציגאַר, וועלכער האָט זיך געהאַט פֿערלאָשען. דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— יאָ, כ׳פֿערשטעה, ס׳איז אייך ניט זעהר אַנגענעהם צו הערען פֿון מיר די וואַהרהייט וועגען אייך. אָבער נאָך אַלעמען מוזט איהר דאָך צוגע-בען, אַז איך בין גערעכט...

— איהר פלאַפּעלט, מיין פֿריינד,—האָב איך געענטפֿערט

דיזע פּאָר ווערטער, וועלכע זיינען געווען אַביסעל צו חצפה׳דיג—דאָס מוז איך מודה זיין,—האָבען דעם פריץ אַרויסגעבראַכט פֿון די כלים.

ער האָט זיך אַ דרעה געגעבען אין זיין פֿאָטעל, האָט אָבגעלאָזט זיין ציגאַר און אַ געשריי געטהאָן:

— איך וואָלט אייך געקענט מאַכען בעצאָהלען טהייער פֿאַר דיזער בעליידיגונג... אַה! איך פלאַפּעל, זאָגט איהר? גוט!..

ער האָט ניט געקענט ענדיגען דעם זאַץ, ווייל ער האָט זיך דערביי מורא׳דיג פֿונאַנדערגעהוסט.

כ׳האָב בעגאַנגען אַ פֿעהלער, וואָס איך האָב אַזוי צורייצט דיזען רשעות׳דיגען חברה-מאַן; מען וועט גלייך זעהן פֿאַרוואָס.

אַז ער האָט זיך אַביסעל בערוהיגט, איז ער אויפֿגעשטאַנען, צוגעגאַנ-גען אַ פּאָר טריט צו מיר און געזאָגט:

— לואיזע מישעל! פֿון היינט אָן ביז וואַנען איהר וועט אַרויס פֿון דאַנען וועט איהר ניט קענען האָבען קיין שום בעזוך דאָ אין טורמע... קיין שום בעזוך, איהר הערט?

איך בין געבליבען שטעהן אַ דערשלאָגענע.

מיין אָטהעם איז מיר פֿערגאַנגען. איך האָב זיך געמוזט אָנהאַלטען ביים טיש, אום ניט צו פֿאַלען.

קיין שום בעזוך! דאָס הייסט אַלזאָ, אַז מיין מוטער, מיין אָרעמע מו-טער וועט מיך שוין מעהר ניט קענען זעהן! עס וועט מיר זיין אומעגליך צו ריידען מיט דער אונגליקליכער פֿרוי און איהר טרייסטען. זי וועט קימען אַהער, אום מיך צו אומאַרמען, און מען וועט איהר זאָגען, אַז זי קען מיך ניט זעהן.

אָה, ווי שרעקליך דאָס איז געווען! וואָס פאַר אַ מורא׳דיגע נקמה דיזער דירעקטאָר האָט עס איסגעטראַכט פאַר מיר!

איך בין צוגעגאַנגען צו איהם.

— מיין העדר, —האָב איך געזאָגט—גיט מיר פופצעהן טעג, אַ מאָנאַט קאַרצער; הייסט מיר געבען ברויט און וואַסער, נאָר איך בעט אייך, רויבט ניט אַוועק ביי מיר דיזען פערגניגען, וואָס איך האָב פון מיין מוטער׳ס וועכענטליכען בעזוך... די אָרעמע פרוי איז אַלט און שוואַך; זי וועט עס ניט איבערהאַלטען. זי האָט מעהר קיינעם ניט אויסער מיך; איך בין איהר איינציגע טרייסט אין דער וועלט.

דער דירעקטאָר האָט געשמייכעלט.

אָט אַפּנים, ער איז צופריעדען געווען, וואָס ער האָט געטראָפען דעם ריכטיגען וועג, ווי מיך צו בעשטראָפען.

— פון היינט און ווייטער וועט איהר ניט האָבען קיין וויזיטען דאָ, —האָט ער ווידערהאָלט, אויסציהענדיג יעדעס וואָרט בעזונדער, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געוואָרט בעסער הנאה האָבען פון זיין גרויזאַמער ראַכע.

איך וואָלט זיך זיכער ניט איינגעהאַלטען און אַרויפגעפאַלען אויף דיזען באַנדיט, ווען ניט אַ וועכטער, וועלכער איז בעת מעשה אַריינגעקומען צו דעם דירעקטאָר אין צימער.

— פיהרט זי אָב צוריק, —האָט ער געזאָגט צום וועכטער.

ביי דער טהיר האָב איך זיך אמגעקעהרט מיט׳ן פנים צום דירעקטאָר און איהם געזאָגט:

— מיין העדר, צו אַלע אייערע געמיינהייטען האָט איהר נור וואָס בעגאַנגען נאָך אַ נידערטרעכטיגקייט...

דער דירעקטאָר האָט זיך געווענדעט צו דעם וועכטער, וועלכער האָט מיך געהאַלטען פאַר׳ן אָרים, מיט די ווערטער:

— איהר האָט געהערט? זי האָט מיך בעליידיגט.

— יאָ, העדר דירעקטאָר.

— גוט, כ׳וועל אייך רופען אַלס עדות.

און מען האָט מיך אָבגעפיהרט, ניט אין אַ קעמערל, ווי איך האָב ערוואַרטעט, נאָר אין הויף פון דער טורמע.

דאָרט האָב איך זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ באַנק און זיך ביטער פונאַנדערגעוויינט.

פיערע געפאַנגענע זיינען גלייך צוגעקומען צו מיר.

— וואָס איז אייך פאָרט? —האָט מיך אַ פרעג געטהאָן איינע פון זיי, מיך אָנגעהמענדיג פאַר די הענד. —וואָס האָט אייך דער דירעקטאָר אַזוינס געזאָגט, וואָס זאָל אייך האָבען פערשאַפט אַזעלכע שמערצען?

איך האָב ערקלעהרט די פרויען, וואָס צווישען מיר און דעם דירעקטאָר איז פאָרגעקומען.

זיי זיינען געוואָרען אויסער זיך פאַר כעס.

אַיועקרויבען ביי אַרעסטאַנטקעס דאָס רעכט צו עמפּפאַנגען זייע־רע פריינד,—איז דאָס ניט די שווערסטע שטראָף, וואָס מען וואָלט ניר געקענט אויסקלעהרען פאַר זיי?

ניט זעהן מעהר קיין פריינדליכע געזיכטער, ניט הערען מעהר די שטימע פון די, וועלכע זיינען אייך אַזוי טהייער. וואָס פאַר אַ מורא׳דיגע פייניגונג דאָס איז!

די וויזיטען—דאָס איז אַלעס פאַר די, וועמען די „גערעכטיגקייט" האָט אָבגעטהיילט פון דער געזעלשאַפט.

אַ דאַנק זיי איז מען אימשטאַנד אַריבער־צוטראָגען מיט וויינינער טרוי-עריגקייט, מיט וויינינער דערשלאָגענהייט, די פינסטערע טעג פון דער גע-פאַנגענשאַפט.

מיינע קאַמעראַדינען האָבען מיך שווייגענדיג בעטראַכט און איך האָב געפיהלט, אַז דיזע אָרע-ע פרויען האָבען גענומען אַ טהייל אין מיין שמערץ.

ענדליך האָט זיך איינע פון זיי מיט׳ן נאָמען זשאָרזשעט אָבגערופען צו מיר:

— וויינט ניט; איך וועל אייך געבען אַ מיטעל ווי אַזוי איהר וועט דאָך קענען זעהן זיך מיט אייער מוטער.

כ׳האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— יאָ,—האָט זשאָרזשעט ווייטער געזאָגט,—די וועכטער זיינען ביטרע, אָבער מיר זיינען אַזוי ביטרע ווי זיי. הערט מיך אָקאָרשט אויס און איהר וועט זעהן, אַז אלעס לאָזט זיך גאַנץ לייכט אַראַנזשירען. מען האָט ביי אייך אַוועקגערויבט דאָס רעכט אויפצונעהמען געסט דאָ; דאָס קומט אָפּט פאָר אין דער דאָזיגער טורמע. דאָס איז דעם הערר דירעקטאָר׳ס גרויסע שטאָף. נין, ווייסט איהר וואָס מען טהוט אַז ער לאָזט אונז ניט, מיר זאָלען זיך זעהן מיט אונזערע קרובים?

— ניין,—האָב איך געענטפערט.

— גאָר פראָסט, מען זעהט זיך מיט זיי, און ער הויבט ניט אָן וויסען דערפון.

— אָבער ווי אַזוי איז דאָס מעגליך?

— איך וועל עס אייך ערקלעהרען.

אין דער רגע איז פערבייגעגאַנגען אַ וועכטער פערביי אונז און האָט איבערגעשלאָגען אונזער געשפּרעך.

אַז ער איז אַוועק, האָט זיך זשאָרזשעט ווידער גענומען צו איהר ער-קלעהרונג:

— זיי מיינען, אַז מיר זיינען ערשט נעכטען געבאָרען געוואָ־ען און מיר ווייסען ניט ווי אַזוי זיך צו העלפען אין אַ נויטה. זיי האָבען אַ גרויסען טעות. זיי מיינען, אַז ס׳איז בלויז פאַרהאַן איין פלאַן, דער אָפיציעלער, וואו מיר קענען זיך זעהן מיט אונזערע פריינד.

אַז זיי געהמען ביי אינז אַיועק דאָס רעכט צו עמפּפאַנגען אונזערע געסט, זיינען זיי ביי זיך זיכער, אַז מיר זעהען קיין לעבעדיגע נשמה ניט אָן פאַר די אויגען.

נאַ, איהר וועט שוין זעהן, מיר האָבען מעהר ווי איין קונצ-שטיק; ניט אומזיסט איז מען געבוירען געוואָרען אין פּאַריז.

אייב די וועכטער גיבען גוט אַכטונג אויף דעם וואָס קומט פאָר אין׳ דער טירמע, קענען זיי אָבער ניט האָבען די אויגען איבעראַל.

אָט וואָס מיר האָבען אויסגעפינען.

הינטער דעם וואַש-צימער, וואָס געפינט זיך, ווי איהר ווייסט, אין דעם הייז, וואָס געהט אַרויס צו דער גאַס, איז פאַרהאַן אַ קליינע טהיר, וועלכע געהט אַרויס אין אַ געסעל לעבען „פּאָבורג סאַן דעני".

דאָס דאָזיגע טהירל איז אין זעהר אַ שלעכטען צושטאַנד, פול מיט גרויסע שפּאַלטען.

ס׳איז זעהר לייכט פון דאָרט זיך צו זעהן מיט די, וואָס געפינען זיך אויף דער אנדער זייט טהיר און צו ריידען מיט זיי. וואָס מען דאַרף, איז נור זיין אַביסעל פאָרזיכטיג; דאָס איז אַלעס. אויב איהר ווילט, וועל איך מיט אייך אַריבערגעהן אַהין נעכסטען דאָנערסטאָג.

כ׳האָב מיט פערגניגען אָנגענומען זשאָרזשעט׳ס פאָרשלאַג.

די הויפּט זאַך איז געווען ביי מיר, איך זאָל זיך ווי ס׳איז זיך קענען זעהן מיט מיין מוטער.

ענדליך איז אָנגעקומען דער דאָנערסטאָג. דעם גאַנצען מיטוואָך׳דיגען טאָג און אַ טהייל פון דער נאַכט האָב איך זיך געבראָכען דעם מוח אויסצוגעפינען אַ וועג, ווי אַזוי צו לאָזען וויסען מיין מוטער וועגען אונזער פּלאַן. וואָרים זי האָט דאָך פון קיין זאַך ניט געוואוסט, און זי וואָלט ווי געוועהנליך זיך פאָרגעשטעלט פאַר׳ן אויבער וועכטער, מען וואָלט איהר ערקלעהרט, אַז זי קען מיך ניט זעהן, און די אָרעמע פרוי וואָלט זיכער ניט אַריבערגעטראָגען דעם ביטערן שמערץ.

און איך האָב געמיינט, אַז אַלעס איז שוין פערפאַלען.

נאָר דאָנערסטאָג אין דערפריה איז מיר איינע פון די געפאַנגענע מיט׳ן נאָמען לאָראַ געקומען צו הילף.

דיזע פרוי איז נאָך מיט אַ מאָנאַט פאַר דעם בעפרייט געוואָרען, נאָר זי איז פערבליבען אין טורמע אַלס דיענסט. און זי איז געווען זעהר בעפריינדעט מיט מיר. אַז זשאָרזשעט האָט איהר דערצעהלט וועגען מיין שטראָף, איז זי צוגעקומען צו מיר און האָט מיר געזאָגט:

—מיין גוטע לואיזע, איך ווייס אַלצדינג. אַלזאָ, איהר דאַרפט זיך גאָרניט נעהמען צום האַרצען. ס׳וועט זיין רעכט. איך קען אייער מוטער. כ׳וועל איהר אָבוואַרטען אין קאָרידאָר פון דער טורמע און איהר אַלעס דערצעהלען, איך וועל איהר אויך הייסען צוגעהן צו געסעל לעבען „פּאָבורג סאַן דעני".

— איך דאַנק אייך זעהר,—האָב איך געענטפערט—אָבער מען מוז זיין פאָרזיכטיג. זאָגט מיין מוטער, זי זאָל זיך מאַכען ניט וויסענדיג און אַריינגעהן ווי געוועהנליך אין פאַר-הויז. זי מוז הערען פון דעם איבער-וועכטער אַליין, אַז זי קען מיך ניט זעהן. איהר פערשטעהט דאָך וואָס איך מיין?

— יאָ,—האָט לאָרא געענטפערט,—איך וועל טהאָן ווי איהר הייסט מיר.

אַלעס איז געגאַנגען כשורה. מיין מוטער איז צוגעקומען צו דער קליינער טהיר און מיר האָבען אַזוי זיך דורכגערעדט אַ גאַנצע האַלבע שעה, און דער צייט וואָס מיינע פריינדינען האָבען אַכטונג געגעבען, מען זאָל אונז ניט בעמערקען.

דער ערשטער דאָנערסטאָג איז אַלזאָ אַריבער גוט. איך האָב געוואַרט מיט אונגעדולד און מיט האַרץ-קלאַפעניש אויף דער קומענדער וואָך.

## VII

## אַן אַנגענעהמע ערקלעהרונג.

וויאָלאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ ידיעה מכח אַלעס, וואָס איז פאָר-געקומען אין טורמע, האָט, פערשטעהט זיך, אויך געוואוסט פון דער קליינער סצענע, וואָס האָט זיך אָבגעשפּיעלט צווישען מיר און דעם דירעקטאָר.

ביז דאַן האָט ער זיך נאָך געהאַלטען אַנטקעגען מיר נישקשה׳דיג; ער האָט ניט געוואָלט אַזוי אָפען אַרויסווייזען זיין שנאה צו מיר.

נאָר אַזוי גיך, ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דער דירעקטאָר טראָגט אויף מיר אַזאַ האַרץ, האָט ער מיך גענומען פערפאָלגען גאַנץ דירעקט, אָהן בעהעלטעניש. כ׳האָב איינפאַך ניט געקענט מאַכען קיין איין טריט, וואו דער דאָזיגער אונערטרעגליכער וועכטער זאָל מיר ניט נאָכגעהן.

איך האָב כסדר געזעהן זיינע גרינע אויגען, אויסגעגלאָצט אויף מיר. ער פלעגט מאַכען אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ טיגער, וואָס וואַרט בלויז אויף אַ געלעגענהייט זיך צו קענען אַרויפוואַרפען אויף זיין אָפּפער און איהם צורייסען אויף שטיקער.

מען קען זיך משער זיין וויפיעל איך האָב זיך אָנגעליטען פון דיזער שפּיאָנעריי, און אַזוי ווי ס׳איז מיר פשוט שווער געווען עס אַריבערצו-טראָגען האָב איך אָבגעמאַכט ביי מיר זיך דורכצוזמועסען מיט וויאָלאַנען און הערען פון איהם אַן ערקלעהרונג וועגען זיין מורא׳דיגער שנאה צו מיר.

ס׳האָט דאָך ניט געקענט זיין, ער זאָל מיך אַזוי פערפאָלגען גאָר אָהן אַ שום אורזאַכע.

איין אָוונד, ווען ער איז פערבייגעגאַנגען פערביי מיר אין אַ קאָרידאָר, האָב איך איהם אָבגעשטעלט און זיך אָבגערופען צו איהם:

— וועכטער, איך וואָלט זיך געוואָלט דורכריידען מיט אייך וועגען עטוואָס.

וויאָלאַן האָט געשמייכעלט מיט אַ נאַרישען שמייכעל און האָט מיך אָנ-געקוקט ווי אַ תם.

נאָר אין זיין בליק האָב איך בעמערקט, אַז ער האָט מורא.

דיזער פֿייגלינג האָט, ווייזט אויס, געציטערט פֿאַר אַן אָנגריף, ווייל ער האָט עטליכע מאָל בעטראַכט מיינע הענד, אָט אפנים כדי צו זיין זיכער, אייב איך האָב ניט אָנגעגרייט פֿאַר איהם אַ מעסער אָדער וואָס פֿאַר עס איז געוועהר.

— נאַ, וואָס ז׳שע? וואָס קען איך פֿאַר אייך טהאָן?—האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן מיט אַ איראָנישען טאָן—ווילט איהר ניט אַקאָרשט מיך בעטען, איך זאָל אייך העלפֿען אַנטלויפֿען פֿון דאַנען?

— ניין, ניט אין דעם געהט עס. איך וויל גאָרניט אַנטלויפֿען. מען האָט מיך פֿעראורטהיילט, וועל איך אַריבערטראָגען מיין שטראָף. נאָר דאָס וואָס איך וויל איז וויסען, פֿאַרוואָס איהר זייט מיר אזאַ דם שונא, וואָס האָב איך אייך אַזוינס געטהאָן? איז דאָס מיין שולד, אַז די געפֿאַנגענע האָבען אייך אַביסעל ניט העפֿליך בעהאַנדעלט?...

— אָה!—האָט דער וועכטער געענטפֿערט—ניט דערפֿאַר האָב איך צו אייך.

— וואָס דען ז׳שע?

וויאָלאַן האָט מיר אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגען אַריין און געענט-פֿערט:

— איך טראָג אויף אייך אַ האַרץ נאָך פֿון דער צייט, וואָס איהר זייט געוועזען אין דעם געפֿענגניס פֿון אָבערוויו.

איך בין געבליבען שטעהן אַ צוטומעלטע.

— יאָ,—האָט דער וועכטער ווייטער געזאָגט—איהר האָט מיך שיער ניט געמאַכט פֿערלירען מיין שטעלע אין יענער טורמע.

— איך?

— יאָ, איהר.

— ווי אַזוי פֿאָרט?

— אָה, מאַכט זיך נור ניט אַזוי תם׳עוואטע; איהר ווייסט גאַנץ גוט וואָס איך וויל זאָגען.

— כ׳זאָג אייך זיכער, אַז ניט.

וויאָלאַן האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווײלע. ענדליך האָט ער זיך אָב-גערופֿען:

— געדיינקט איהר, אַז די וועכטער האָבען איינמאָל געשלאָגען אַ משוגענע פֿרוי?

— יאָ, ווירקליך, כ׳קען זיך דערמאָנען. נאָר דאָס ערקלעהרט דאָך מיר נאָך ניט די אורזאַכע פֿון אייער שנאה צו מיר.

— איהר וועט גלייך הערען. דיזע פֿרוי, האָט מען דערצעהלט, האָט געקראָגען מורא׳דיגע קלעפּ, כאָטש דאָס איז קיינמאָל ניט בעוויזען געוואָ-

רען, און די געשיכטע וואָלט אַוודאי אַריגטער גלאַט, ווען איהר וואָלט מיך ניט פֿער׳מסר׳ט פֿאַר׳ן דירעקטאָר...

— וואָס זייט איהר, פֿעררינקט?—האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

— ניין, כ׳ווייס וואָס איך רייד. דאָס האָט איהר מיך בעשולדיגט. מען האָט מיך אַרומגעיאָגט אַ מאָנאַט צייט, דערנאָך בין איך געצוואונגען געווען צו פֿערלאָזען די טורמע פֿון אָבערייז. ווען איך וואָלט ניט געהאַט אַ שטיקעל פּראָטעקציע אין יוסטיין-מיניסטעריום, וואָלט מען מיך אַרויסגעטריבען ווי א הונד...

אין דער רגע האָב איך זיך דערמאָנט אין דער געשיכטע, וועגען וועלכער וויאָלאַן האָט גערעדט, און אין אַלע איהרע איינצעלהייטען.

— נאַ,—האָב איך זיך אָבגערופֿען—כ׳קען אייך פֿערזיכערן, אַז ניט איך האָב דאָס אייך גע׳מסר׳ט. איך ווייס זאָגאַר דעם נאָמען פֿון דעם, וואָס האָט אייך בעשולדיגט פֿאַר׳ן דירעקטאָר. דער צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל גראָד אין יענעם מאָמענט זיך געפֿינען הינטער אַ טהיר און הערען אַלצדינג...

ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז וויאָלאַן גלויבט מיר ניט.

— און ווער איז דאָס דער יעניגער, וואָס האָט מיך גע׳מסר׳ט?—האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן.

— איינער פֿון אייערע חברים.

— איינער פֿון מיינע חברים, זאָגט איהר? און וועלכער? זיין נאָמען? איהר קענט עס מיר ניט זאָגען, ווייל דאָס וואָס איהר זאָגט דאָ איז אַ ליגען.

— כ׳זאָג קיינמאָל קיין ליגען ניט, מיין הערר. איך לאָז איבער דיזע אַרבייט פֿאַר די געפֿענגנים וועכטער. כ׳האָב אייך געזאָגט און אך ווידער-האָל עס אייך, אַז איינער פֿון אייערע קאָלעגען און ניט קיין אַנדערער האָט אייך פֿער׳מסר׳ט פֿאַר׳ן דירעקטאָר.

— אָבער זיין נאָמען? זאָגט מיר ווייניגסטענס זיין נאָמען ..

— ער האָט געהייסען בענאַסי.

— אָה? — האָט וויאָלאַן אויסגעשריען און אַ קלאַפּ געטהאָן בעת מעשה מיט׳ן פֿוס,—איך זאָל דאָס גאָר אָנהויבען דיינקען דערפֿון! זייט איהר ווייניגסטענס זיכער, אַז דאָס וואָס איהר זאָגט איז ריכטיג?

— אַבסאָלוט זיכער. איינמאָל האָט מיך דער דירעקטאָר פֿון דער טורמע געשיקט רופֿען. אין דער צייט וואָס איך האָב געוואַרט אין זיין פֿאָר-צימער, האָב איך געהערט אַ געשפּרעך אינעווייניג. כ׳האָב דערקענט בענאַסי׳ס שטימע. אַזוי ווי דער דירעקטאָר האָט איהם אויסגערעדט פֿאַר וואָס ער האָט געשלאָגען אַ משוגע׳נע פֿריי, האָט ער מיט אַמאָל געשריי געטהאָן: „מיין הערר, איך פֿערזיכער אייך, אַז ניט איך האָב דאָס בעגאַנגען דיזע ווילדע טהאַט; דאָס איז געווען די אַרבייט פֿון מיין קאָלעגע וויאָלאַן.“

— ער האָט דאָס געזאָגט, דער הינד!

— יאָ, ער האָט עס געזאָגט.

דער וועכטער האָט געקראָגען גאָר אַן אַנדער פּנים. אויב ער איז נאָך געווען אין כעס, איז דאָס אָבער ניט געווען אויף מיר.

— כ׳גלייב אייך, — האָט ער זיך ענדליך אָבגערופען. — יאָ, כ׳גלויב אייך יעצט.

— אָבער, — האָב איך געפרעגט — ווער האָט אייך געקענט זאָגען, אַז איך האָב אייך גע׳מסר׳ט?

— ווער? טאַקי בענאַסי אַליין. ער האָט עס מיר בעוויזען מיט אַלערליי בעווייזען. ער האָט מיר זאָגאַר געצייגט אַ בריעף אייערן, וואָס ער האָט כלו׳מרש׳ט אַרויסגענומען בייב דירעקטאָר פון טיש.

— דיזער מאַן איז געווען פעהיג אויף אַלצדינג... כ׳האָב זיך מיט איהם ווידער געמאַכט אין איך קען איהם איצט צו גוט.

— וואו איז ער איצט? — האָט וויאָלאַן געפרעגט.

— אין ניי-קאַלעדאָניען.

— אַלס פערבאָרטהייטער?...

— ניין; דער הויפּט האָט געשטיגען, ער איז איצט וויצע-גובערנאַטאָר, נישקשה, בענאַסי איז אַן אייסגעצייכענטער אינטריגאַנט. ער וועט נאָך שטייגען העכער און העכער.

— יאָ, יאָ, — האָט וויאָלאַן געמורמעלט — היינט צו טאָג קענען נאָר די שורקען האָבען ערפאָלג...

— אַזוֹי, איצט האָט איהר גאָרניט צו מיר? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, — האָט געענטפערט דער וועכטער. — עס פערדריסט מיך זאָגאַר וואָס איך האָב אייך אַזוי פערפאָלגט. אָבער וואָס ווילט איהר? כ׳האָב געהאַט אַ ביטער האַרץ אויף אייך. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אייך גענוג צרות אָנגעטהאָן, זינט איהר זייט דאָ. אויב איהר קענט זיך איצט ניט זעהן מיט אייער מוטער, האָט איהר עס מיר צו פערדאַנקען. איך האָב געזאָגט דעם דירעקטאָר, אַז דאָס האָט איהר עס אָרגאַניזירט דעם בונט אין עסס-זאַאַל, צום טייוועל! וואָס האָב איך געקענט טהאָן? כ׳האָב בלויז גע-האַט איין ציעל פאַר די אויגען: די נקמה, און איך האָב זיך נוקם געווען רעכטס און לינקס.

— מיט דער הילף פון ליגענס.

— מען בענוצט זיך מיט אַלערליי וואָפען, ווען מען וויל טרעפען איי-נעם, וואָס מען האָט פיינט. נאָר... אַלעס איז יעצט צו ענד, לאָמיר מעהר ניט ריידען דערפון.

— דערווייל דאַרף איך יעצט אַריבערטראָגען אַ שטראָף, וועלכע איך האָב ניט פערדיענט.

— דאָס איז אמת, לאָמיר אַקאָרשט זעהן, ווי אַזוי געפינט מען עפּעס אויס אַ מיטעל אייך אַרויסצוציהען פון דער צרה?

— כ׳ווייס ניט...

— כ׳קען דאָך ניט קומען צים דירעקטאָר און איהם ערקלעהרען, אַז איך האָב געזאָגט אַ ליגען...

— ניין, אויב אייער געוויסען הייסט עס אייך ניט טהאָן.

וויאָלאַן האָט ניט געוואוסט וואָס פֿאַר אַן עצה זיך צו געבען.

ער האָט זיך געקראַצט אין דער פּאָטילניצע און געקלאַפּט מיט׳ן פֿוס אָן דער ערד.

ענדליך האָט ער מיר פֿאָרגעלייגט אַ פּלאַן.

— אַז איך וועל זיך מודה זיין פֿאַר׳ן דירעקטאָר, אַז איך האָב אייך אומזיכט בעשולדיגט, — האָט ער ערקלעהרט — וועל איך זיכער קריגען אַרויסגעוואָרפֿען פֿון דאַנען, און איהר פֿערשטעהט דאָך, אַז איך וויל ניט פֿערלירען מיין שטעלע. ס׳איז ניט אַזאַ טייערע מציאה מיט איהר, נאָר דאָך בין איך פֿערזיכערט מיט מיין שטיקעל ברויט... היינט צו טאָג איז אַזוי שווער צו פֿערדיענען אויף׳ן לעבען! איך וויים גאַנץ גוט, אַז איך וואָלט געראַפֿט דערצעהלען דעם דירעקטאָר אַלצדינג. דאָס וואָלט געווען גרויסמוטהיג פֿון מיין זייט. דאָך, וואָלט מיר אָבער דיזע גרויסמוטהיגקייט מיינע געקאָסט צו טהייער. אַלזאָ, הערט אויס: דאָס פֿון וואָס איהר ליידעט אַצונד אַם מייסטען איז דאָך דעם דירעקטאָר׳ס לעצטער בעפֿעהל; דאָס, וואָס איהר קענט זיך ניט זעהן מיט אייער מוטער. ניט אַזוי?

— גאַנץ ריכטיג.

— און אַשטייגער, ווען איך זאָל אייך דאָך ערלויבען זיך מיט איהר צו זעהן, ניט קוקענדיג אויף דעם דירעקטאָר׳ס בעפֿעהל? וואָס וועט איהר דאַן זאָגען?

— איך וועל זאָגען, אַז איהר האָט פֿערריכט אַ טהייל פֿון די פֿעהלערן, וואָס איהר האָט בעגאַנגען געגען מיר.

— אַלזאָ, בלייבט עס אַזוי: יעדען דאָנערסטאָג, אין דער צייט פֿון די וויזיטען, וועל איך אייך אַריינלאָזען אין דעם גרויסען קאָרידאָר, און דאָרט וועט איהר קענען ריידען מיט אייער מוטער אַזוי פֿיעל וויפֿיעל איהר וועט נור וועלען. מעהר ניט, איהר וועט דאַרפֿען האַלטען די אייגען אָפֿען און דער עיקר זיך גוט צוהערען. אַז איהר וועט הערען ווי איך דרעה מיינע שליסלען, איז אַ סימן, אַז עס איז דאָ אַ געפֿאַהר... אַלעס, וואָס איהר וועט דאַן דאַרפֿען טהאָן, איז זיך בעהאַלטען הינטער די טרעפּ, וועלכע געפֿינען זיך דאָרט אין קאָרידאָר, און וואַרטען ביז וואַנעט איך וועל צוקומען צו אייך.

— און מיין מוטער?

— אייער מוטער? נו יאָ, כ׳האָב גאָר פֿערגעסען וועגען אייער מוטער... נו, אויב מען וועט קומען און איהר פֿרעגען, וואָס זי טהוט דאָרט, זאָל זי איינפֿאַך זאָגען, אַז זי וויל זיך זעהן מיט דער „שוועסטער" ראָזאַליע. די „שוועסטער" איז אַ וואווילע פֿרוי, וועלכע איז שטאַרק בעפֿריינדעט מיט מיר, איך וועל שוין דערנאָך אַלעס אַראַנזשירען.

— אַלזאָ גוט,—האָב איך געזאָגט.

נאָר אַזוי ווי ער וואָלט זיך נאָך געוואָלט פֿערזיכערן, האָט וויאָלאַן צוגעלייגט די ווערטער:

— דערצעהלט אַקאָרשט קיינעם ניט וועגען דעם, וואָס מיר האָבען אָבגעמאַכט.

— איהר פֿערגעסט, — האָב איך געענטפֿערט, — אַז איך בין ניט קיין מוסר'טע.

— ווירקליך,—האָט ער געזאָגט.

— פֿאַר דער צייט, וואָס איך געפֿין זיך אין די טורמעס, האָב איך זיך געניגענד אָנגעזעהן מיט נידערטרעכטיגקייטען. איך וואָלט בלויז געדאַרפֿט זאָגען איין וואָרט אין די מאַכערס וואָלטען געהאַט זייער פסק. נאָר איך האָב זיך קיינמאָל ניט בענוצט מיט אַזעלכע מיטלען. איך האָב זיך בעסער גע-כטאַרעט צו ריידען מיט די, וועלכע האָבען בעגאַנגען די עולות, אין איך מעג זאָגען, אַז איך האָב אויף אַזאַ'ן איפן אויסגעמיטען געניג סקאַנדאַלען.

— יאָ,—האָט זיך וויאָלאַן אָבגערופֿען—איהר זייט אַ בראַווע פֿרוי. דאָס גיבען אַלע צו, אפילו דאָ אין טורמע. אַ שאָד, וואָס איהר זייט אַביסעל פֿעררוקט!...

— איך פֿעררוקט? ווי פֿאַלט איהר אויס דאָס צו זאָגען?

— כ'ווייס וואָס איך רייד. כ'קען זיך פֿילייכט ניט אויסדריקען ווי גע-העריג איז. נאָר אַזוי רופֿען מיר אָן אַלע רעוואָלוציאָנערן.

— מיין אָרעמער יונג,—האָב איך געענטפֿערט—ווייסט איהר, אַז אָט די רעוואָלוציאָנערן, פֿון וועמען איהר לאַכט זיך אויס, גרייטען צו דעם וועג פֿון בעפֿרייאונג און פֿון פראָגרעס? זיי טהוען אַלעס מעגליכע צו רעפֿאָר-מירען אַ געזעלשאַפֿט, וועמעס רעדער זיינען שלעכט און געפֿעהרליך, ווייל זיי דיענען בלויז צו דריקען די אָרעמע לייט... אָט נעהמט, למשל, אייך אַליין; באָטש איהר רעפרעזענטירט די אויטאָריטעט, און די העכסטע אייטאָ-ריטעט—פֿון די געפֿעננגניסע, דאָך זייט איהר דען אַליין ניט דער ערשטער אָפּפֿער טאַקי פֿון דיזער אויטאָריטעט, וועלכע איהר רעפרעזענטירט? פֿאַר די מינדערסטע קלייניגקייט קען מען אייך אַרויסוואַרפֿען אויף דער גאַס. כ'ווייס ניט, צי איהר האָט אַ פֿאַמיליע, נאָר בערעכענט פֿאָרט, וואָס וואָלט געוואָ-רען פֿון די אייעריגע, ווען איהר זאָלט פֿערלירען אייער שטעלע... איהר וואָלט דאַן געמוזט זיבען א פלאַן, איהר וואָלט געדאַרפֿט קעמפֿען טאָג פֿאַר טאָג, אום צו שאַפֿען ברויט פֿאַר דער דאָזיגער פֿאַמיליע. ערשט דאַן וואָלט איהר געזעהן וואָס פֿאַר אַן עגאָאיסטישע געזעלשאַפֿט דאָס איז. שטעלט אייך פֿאָר, איהר געהט אַרום מאָנאַטען לאַנג אָהן אַרבייט; די נויטה קלייבט זיך אַריין צו אייך אין שטוב... דאַן וואָלט איהר פֿערשטאַנען, אַז די, וואָס הליט'ן פֿון אַ סאָציאַלער אומבייטונג, זיינען אפשר ניט אַזוי פֿעררוקט ווי עס דיכט זיך אייך אויס. איך וועל אייך זאָגען נאָך מעהר: איהר, וואָס איהר

זייט איצט אַ געזעץ-היטער, אַ דיענער פֿון דער „גערעכטיגקייט" — איהר וואָלט דאַן געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנער...

וויאָלאַן האָט זיך צוגעהערט מיט אויפֿמערקזאַמקייט צו מיינע רייד און פֿון דער מיענע, וואָס ער האָט בעת מעשׂה געמאַכט, האָט זיך מיר זאָגאַר אָבגעדובט, אַז ער איז איינפֿערשטאַנען מיט פֿיעל פֿון מיינע ווערטער.

— נאַ,—האָט ער זיך אָבגערופֿען — מעגליך, אַז איהר זייט גערעכט, נאָר זעהט איהר, איך—איך האָב קיינמאָל ניט געהאַלטען פֿון די רעוואָלוציאָנען... איבעריגענס, ברייגגען זיי קיינעם קיינמאָל קיין נוצען ניט. אָט נעהמט די קאָמונע פֿון 1871...

נאָר דיזער געשפרעך אונזערער איז מיט אַמאָל איבערגעשטאָנען געוואָרען דורך דעם אויבער-וועכטער, וועלכער איז אָנגעקומען אומגעריכטערהייט.

וויאָלאַן האָט מיט אַמאָל אָנגענומען זיין געוועהנליכע שטריינגע מיענע.

— נאַ,—האָט ער זיך פֿונאַנדערגעשריען, אויסשטעלענדיג אויף מיר אַ פּאָר ביסטרע אויגען—געהט צוריק אין אייער אָבטהיילונג, און שנעל!

— וואָס האָט זי דאָ געטהאָן, די דאָזיגע פֿרוי? — האָט געפֿרעגט דער אויבער-וועכטער.

— זי האָט אָבגעבראַכט דעם שליסעל פֿון דעם בופֿעט,—האָט וויאָלאַן געענטפֿערט.

ס'איז ניט געווען דער ערשטער ליגען פֿון דעם וועכטער. נאָר דערפֿאַר איז דאָס אפשר געווען זיין ערשטע גוטע טהאַט.

פֿון דאַן אָן האָב איך זיך געקענט זעהן מיט מיין מוטער יעדען דאָנערסטאָג אין דעם אַלגעמיינעם קאָרידאָר.

ווען דיזע אונטערהאַלטונג אונזערע איז געווען צו ענדע, פֿלעגט מיין מוטער אַוועקגעהן אין דעם קליינעם געסעל ביים „פֿאָבורג סאַן דעני".

דאָרט איז אונזער געשפרעך פֿאָרטגעזעצט געוואָרען.

אויף אַזאַ'ן אופן פֿלעגען מיר פֿערברייגגען אַ היבשע צייט אינאיינעם, און פֿון דער צרה מיינער האָט זיך גאָר אויסגעלאָזט פֿאַר מיר אַ טובה.

## VIII

## פֿון „סאַן-לאַזאַר" קיין קלערמאָן.

כ'האָב אַלזאָ געהאַט איין שונא וויינינגער.

זייט דעם געשפרעך, וואָס איך האָב מיט איהם געהאַט, האָט וויאָלאַן איינפֿאַך ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן פֿאַר מיר.

נאָר דערפֿאַר האָב איך צוגעקראָגען אַ ביטערן פֿיינד אין דער פּערזאָן פֿון דעם דירעקטאָר.

ער האָט אָנגעזאָגט די וועכטער, זיי זאָלען מיך ניט אַרויסלאָזען פֿון אויג און איהם יעדען טאָג אָבגעבען בעריכטען וועגען מיר.

וואָס פֿאַר רעזולטאַטען אַזעלכע בעפֿעהלען האָבען, קען מען זיך לייכט פֿאָרשטעלען. אזוי ווי די וועכטער מוזען צושטעלען ראַפּאָרטען און צייגען, אַז זיי וויסען אַלעס, און אַזוי ווי ס'איז ניטאָ קיין ווירקליכע פֿאַקטען, איבער וואָס צו בעריכטען, קלעהרט מען אויס זאַכען פֿון קאָפּ, מען מאַכט איינפֿאַכע בלבולים, ניט געשטויגענע און ניט געפֿלויגענע מסירות.

אַזוי איז געווען מיט מיר.

כדי נישא חן צו זיין ביים דירעקטאָר אין די אויגען, האָט איינער פֿון די וועכטער אויסגעקלעהרט אויף מיר אַ לעכערליכען בלבול. ער האָט דערצעהלט דעם דירעקטאָר, אַז איך קלייב צונויף יעדע נאַכט עטליכע פֿרויען אינטען אין דער הייהל פֿון דער טורמע און דאָרט האַלט איך פֿאַר זיי פֿייערדיגע רעדעס. נאָך מעהר: לויט דעם וועכטער'ס בעריכט איז געווען אָבגעמאַכט צווישען מיר און מיינע קאַמעראַדינען, אַז מיר זאָלען אונטערצינדען דאָס געפֿענגניס אין אין דער צייט פֿון דער מהומה, זאָלען מיר מאַכען אַ פֿערזוך צו אַנטלויפֿען.

אַ פֿערנינפֿטיגער דירעקטאָר וואָלט ניט געלייגט קיין שום געוויכט אויף אַזעלכע ניט געשטויגענע און ניט געפֿלויגענע מעשיות. אָבער דער דירעקטאָר אונזערער איז געווען אַ מערקווירדיגער בהמה. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך האָב בדעה אונטערצוצינדען די טורמע, איז ער געוואָרען מלא שמחה. וואָס פֿאַר אַ גרויסע טהאַט ער וועט דאָ קענען בעגעהן דערמיט, וואָס ער וועט בעצייטענס דערשטיקען דעם אויפֿשטאַנד און צושטערן דעם מורא דיגען פּלאַן!..

אָבער צו זיין גרעסטען בעדויערן האָט ער זיך אומזיסט געפֿרעהט. ער האָט זיך ענדליך געמוזט אַרומזעהן, אַז זיינע וועכטער האָבען איהם פּשוט אַרומגעפֿיהרט פֿאַר דעם נאָז.

נאָר די באַנדיטען האָבען זיך דערביי ניט אָבגעשטעלט.

אַן אַנדער וועכטער האָט מיר געוואָלט אונטערשטעלען אַ פּאַסטקע. ער האָט געפֿינען אַ נאַאיווע פֿרוי צווישען די נייע געפֿאַנגענע און איהר אָנגערעדט, זי זאָל מיך אַריינשלעפּען אין אַ צרה...

איינמאָל, אַ זונטאָג אין דערפֿריה, ווען מיר האָבען זיך געפֿונען אין הויף, איז זי צוגעקומען צו מיר און מיט אַ רחמנית'דיגען פּנים האָט זי מיר געזאָגט:

— אָה, מיין אָרעמע פֿריינדין, ווי אונגליקליך מען איז דאָ אין דער דאָזיגער טורמע! שוין דריי טעג, אַז איך בין דאָ און מען האָט מיר נאָך קיין שטיקעל ברויט ניט געגעבען. איך שטאַרב איינפֿאַך פֿון הונגער. אַז דאָס זאָל אַזוי אָנגעהן ווייטער, וועל איך דאָס ניט אויסהאַלטען; קוים וואָס איך האַלט זיך אויף די פֿיס... וואָס פֿאַר גרויזאַמע מענשען זיינען דאָס, די אַדמיניסטראַטאָרס פֿון דעם דאָזיגען געפֿענגניס! אָה, ווען איהר וואָלט געוואָלט, וואָלט איהר מיר געקענט טהאָן אַ גרויסע טובה...

— אַשטייגער וואָס ?—האָב איך געפֿרעגט.

זי איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו מיר און געזאָגט:

— ווען איהר וואָלט געוואָלט אַזוי פֿריינדליך זיין מיר אָנשרייבען אַ בריעף...

— וואָס זשע, איהר קענט עס דען אַליין ניט טהאָן ?

— ניין, איך קען ניט שרייבען.

— אַזוי... און צו וועמען ווילט איהר עס שיקען דעם בריעף ?

— צום יוסטיץ-מיניסטער... איך בין זיכער, ס'וועט האָבען אַ ווירקינג און דער דירעקטאָר וועט קריגען דערפֿאַר אַ מיאיס'ן אָבשניט. איהר וועט עס מאַכען אָקוראַט ווי איך וואָלט שרייבען דעם בריעף און דערצעהלען אַלעס וואָס קומט דאָ פֿאָר. שרייבט, אַז מען לאָזט די אָרעמע געפֿאַנגענע אויסגעהן פֿון הונגער, אַז מען מאַטערט אונז... נישקשה, איך האָב זיך גענוג אָנגעליטען אין די דריי טעג, וואָס איך בין דאָ...

כ'האָב איינגעהערט אַלעס, וואָס די דאָזיגע פֿרוי האָט גערעדט, און איך האָב זיך אַליין געפֿרעגט, צי זי זאָגט אמת אָדער ניט. נאָר לעבען אונז האָט זיך גראָד געפֿונען אַ פֿרוי, וועלכע האָט געהערט אונזער געשפּרעך, און אָנבויגענדיג זיך צו מיר, האָט זי מיר אויף'ן אויער געזאָגט אַ סוד:

— היט זיך, דאָס איז אַ שפּיאָנין... דאָס, וואָס זי דערצעהלט אייך, איז אַ ליגען. זי זיצט לעבען מיר אין עסס-שטיב, און איך קען אייך פֿערזיכערן, אַז זי עסט מיט אַפּעטיט...

— זייט איהר זיכער אַז דאָס איז אַזוי ?—האָב איך געפֿרעגט.

— אַבסאָלוט זיכער.

זיך אומדרעהענדיג אַלזאָ צו דער בחור'טע, האָב איך איהר גאַנץ מילד געזאָגט:

— איז דאָס אמת, וואָס איך הער דאָ ?

— וואָס פֿאָרט ?

— אַז איהר הונגערט דאָ גאָרניט אַזוי שטאַרק ווי איהר שטעלט עס פֿאָר...

— אָה, איך פֿערזיכער אייך...

— אָבער... אָט די פֿרוי דאָ זיצט לעבען אייך ביים טיש און זי זאָגט, אַז איהר האָט אַן אויסגעצייכענטען אַפּעטיט.

די נאַאיווע בחור'טע האָט זיך פֿערלאָרען. זי האָט געוואָרפֿען אַ בייזען בליק אויף דער פֿרוי, וועלכע האָט איהר פֿערראַטהען, און האָט גאָרנישט געענטפֿערט.

— נאַ, וואָס האָט איהר צו ענטפֿערן דערויף ? — האָב איך געפֿרעגט.

— כ'וועל אייך באַלד אַלעס ערקלעהרען. ס'איז אמת, אַז איך קריג וואָס צו עסען דאָ, נאָר די וועכטער טהוען מיר אָן גרויסע צרות...

— נאָך וואָס האָט אייך געטויגט מיר זאָגען אַ ליגען ?

— כ'האָב געוואוסט, אַז איהר זייט אַ גוטע און אַז איהר וועט זיך ניבער אָנגעהמען פֿאַר מיר, ווען איהר וועט הע־ען, אַז מען לאָזט מיך דאָ הונגערן.

כ'האָב איהר אַרייַנגעקוקט גלייך אין געזיכט אַ־יין און געזאָגט:

— מיין אָ־עמע פֿרוי, ס'איז זעהר אַ מיאוס'ע ארבייט, די, וועלכע איהר טהוט אַצונד...

זי איז געוואָרען בלייך ווי קאַלך; זי האָט נעבּיך פֿערשטאַנען, אַז זי איז אַריינגעפֿאַלען.

— יאָ,—האָב איך ווייטער געזאָגט—דאָס, וואָס איהר טהוט, איז גאָר־ניט שעהן... איהר האָט געוואָלט, איך זאָל אייך אָנשרייבען אַ בריעף, און אָט דעם בריעף וואָלט איהר איבערגעגעבען דעם דירעקטאָר... איהר זעהט, אַז איך האָב געטראָפֿען...

— אָה, ניין, ניין, זאָג איך אייך,—האָט זי געשטאַמעלט.

— צ' וואָס טויג איך זיך אַ־ויסרעדען? ס'וועט זיין אַסך גלייכער, איהר זאָלט־מיר דערצעהלען דעם אמת.

די געפֿאַנגענע האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווייל'ע, דערנאָך האָט זי זיך צו־וויינט מיט ביטערע טרעה־ען.

— נו, יאָ,—האָט זי זיך מורה געווען — מען האָט מיר אָנגעשטעלט, איך זאָל אייך בעטען אָנשרייבען דעם בריעף.

— ווער האָט עס אייך געהייסען טהאָן?

— דער אויבער וועכטער, הערר ניקאָל.

— דאַן האָט איהר בלויז איין זאַך צו טהאָן: געהט צוריק צו דעם הערר ניקאָל און זאָגט איהם, אַז איך האָב אייך ענטזאָגט אייער ביטע, איהר קענט איהם אייך דערצעהלען, אַז איך האָב איך שטאַרק אויסגערערט פֿאַר דעם ליגען, וואָס איהר האָט געוואָלט, איך זאָל פֿאַר אייך שרייבען...

די אָרעמע פֿ־וי האָט געמיינט, אז איך מאַך חוזק פֿון איהר.

— כ'רייד דאָס גאַנץ ערנסט,—האָב איך ווייטער געזאָגט—גיט איהם ניר איבער דאָס וואָס איך זאָג אייך. וואָס קען דאָס אייך שאַדען? מען קען אייך ניט בעשטראָפֿען דערפֿאַר.

— ס'איז ריכטיג...

אין די נאַאיווע בחור'טע איז אַוועק צום אויבער-וועכטער.

כ'מיין, אַז זי האָט איהם איבערגעגעבען וואָרט ביי וואָרט וואָס איך האָב איהר געזאָגט, ווייל איך האָב גלייך בעמערקט ביי די וועכטער אויף די פּנים'ער, אַז זיי זיינען שטאַרק אונצופֿריערען.

אָט אַזעלכע קליינליכע געמיינע מיטלען האָט מען צו יענער צייט אָנגעווענדעט אין „סאַן לאַזאַר“.

אַ צייט לאַנג האָב איך ניט געקענט פֿערשטעהן פֿאַרוואָס דער דירעק־טאָר פֿון דער דאָזיגער טורמע האָט געטראָגען אַזאַ טיעפֿען האַס צו די

רעוואָלוציאָנערן פֿון 1871טען יאָהר. נאָר שפּעטער בין איך דערגאַנגען די אורזאַכע דערפֿון.

אין דער צייט פֿון דער קאָמונע האָט ער אָנטהייל גענומען אין דער ווערסאַילער אַרמעע, וואו ער איז געוועזן אַן אָפֿיציר.

איינמאָל האָט מען איהם דערטאַפּט, לויפֿענדיג אין אַ פֿערלאָזענע געסעל פֿון פּאַריז. עטליכע פֿעדערירטע האָבען איהם אַרעסטירט און אָבגעפֿיהרט אין דער נעהנטסטער סטאַציאָן, דאָרט האָט דער אָפֿיציר פֿון דער נאַציאָנאַל-וואַך איהם איבערגעגעבען צו צוועלף פֿעדערירטע אין די הענד, זיי זאָלען איהם דערשיסען.

אָבער דיזער בחור האָט געקענט שעהן ריידען, און ער האָט אַזאַ'ן איינדרוק געמאַכט אויף די קאָמונאַרען, אַז זיי האָבען איהם געשיינקט דאָס לעבען.

זיי האָבען זיך בלויז בענוגנט איהם צו ענטוואָפֿנען און איהם גע-לאָזט לויפֿען.

אַן אַנדערער וואָלט געווען דאַנקבאַר די פֿעדערירטע דערפֿאַר, אָבער דיזער באַנדיט האָט ניט געוואוסט פֿון איעלכע מענשליכע געפֿיהלען און ער האָט געטראָגען אין האַרצען אַ ווילדען האַס צו די, וועלכע האָבען איהם געשיינקט דאָס לעבען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך ווייס ניט וואָס עס וואָלט געוואָרען פֿון מיר, ווען איך דאַרף נאָך בלייבען אַ לייננגערע צייט אין „סאַן-לאַזאַר".

גליקליכערווייזע איז וויאָלאַן, איינמאָל אין אַ פֿריה-מאָרגען, געקומען מיר אָנזאָגען, אַז מען וועט מיך דעם זעלבען טאָג נאָך אַריבערפֿיהרען קיין קלערמאָן.

כ'האָב קוים אויספֿייעט אָנשרייבען אַ בריעף צו מיין מוטער און איהר מיטטהיילען די שלעכטע בשורה; אַזוי שנעל איז די זאַך געוואָרען.

אָרעמע מוטער!

ווי דיזע דערוויטערונג וועט דאָס אַביסעל זיין פֿיינליך פֿאַר איהר!

צום ערשטען מאָל אפשר זייט איך בין פֿעראורטהיילט געוואָרען, איז מיר ערשט רעכט אַרויף אויפֿ'ן זינען, אַז מען האָט ביי מיר אַוועקגערויבט די פֿרייהייט אויף זעקס יאָהר צייט.

זעקס יאָהר! וואָס וועט ווערן פֿון מיין מוטער ביז דאַן!...

אָט די טרויעריגע געדאַנקען האָבען מיר פֿערדריקט דאָס האַרץ און איך האָב זיך געמוזט פֿינאַנדערוויינען.

אין דער רגע, ווען איך בין געשטאַנען אין אַ ווינקעל און האָב שטי-לערהייט געוויינט, איז פֿערבייגעגאַנגען דער דירעקטאָר.

ער האָט מיך בעטראַכט אַ ווייל. דערנאָך, זיך ווענדענדיג צום וועכטער, וועלכער האָט איהם בעגלייט, האָט ער געזאָגט גאַנץ הויך, כדי איך זאָל הערען:

— קוק אָן, זי ווייגט... אָט אפנים מיר האָבען איהר דאָך געצאַמט אביסעל. אַ שאָד, וואָס זי פֿאָהרט אַוועק פֿון דאַנען; מיר וואָלטען פֿון איהר געקענט מאַכען אַ „וואָהלטהעטיגע שוועסטער“...

כ׳האָב איפֿגעהויבען דעם קאָפּ, אויסער זיך פֿאַר כעס, און געזאָגט:

— איהר האָט אַ טעות, אייב איהר מיינט, אַז איהר האָט מיך געצאַמט. ס׳איז אמת, אז איך וויין, אָבער ווייסט איהר וואַרום? ווייל איך דיינק וועגען אַ הייליגער פֿרוי, וועמען דיזע רעוואָלוציאָנערינג וועט פֿערשאַפֿען מורא׳דיגע יסורים. מיינט ניט, אַז אייער פֿערפֿאָלגונג אַרט מיך אַסך; כ׳האָב שוין אַריבערגעטראָגען גענוג עוולות און איך בין גרייט ווייטער צו ליידען, ווייל איך ווייס, אַז די געפֿענגניס-לייט האָבען שטיינערנע הערצער...

דער דירעקטאָר האָט גאָרנישט געענטפֿערט. ער האָט בלויז אַ נאַרישען שמייכעל געטהאָן און איז פֿערשוואונדען פֿון מיינע אויגען.

אַ קורצע ווײַלע פֿאַר מיטאָג איז דער איבער-וועכטער ניקאָל געקומען מיך נעהמען.

— קומט,—האָט ער געזאָגט—איהר וועט מאַכען אַ לאַנגע רייזע... די פּאַריזער לופֿט, האָט מען אויסגעפֿונען, פּאַסט ניט פֿאַר אייך צום געזונד און מען שיקט אייך איצט אין דער פּראָווינץ, אין אַן אויסגעצייכענטען פּלאַץ—קיין קלערמאָן... איהר וועט דאָרטען געפֿינען גרויסאַרטיגע דאַמען, וועלכע וועלען זיין גליקליך צו מאַכען אייער בעקאַנטשאַפֿט...

— עזעלקאָפּ!—האָב איך אַ מורמעל געטהאָן.

איך ווייס ניט, צי ניקאָל האָט געהערט דאָס וואָרט אָדער ניט, יעדענפֿאַלס ער האָט גאָרנישט געענטפֿערט.

— — — — — — — — — — — — — — —

מיר זיינען געווען זעקס אין דעם וואָגען, וואָס האָט אונז אָבגעפֿיהרט צו דער אייזענבאַהן: דריי יונגע מיידלאַך, צוויי אַלטע פֿרויען און איך.

אויף דעם וואָקזאַל האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום אונז אַ מחנה פֿון באַהן בעאַמטע און נייגיריגע צושויער, און יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס צו זאָגען אויף אונזער רעכנונג. איינע פֿון אונז, אַן אַלטיטשקע פֿרוי, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פֿיס, האָט ניט געהאַט קיין קרעפֿטען אַרונטערצוגעהן פֿון דעם געפֿענגניס וואָגען. די וועכטער האָבען זיך ניט גערירט פֿון אָרט, האָבען גאָר אין זינען ניט געהאַט, איהר צו העלפֿען. מיטאַמאָל געהט צו אַ יונגער אַרבייטער צו איהר און זאָגט:

— שפּאַרט זיך אָן אָן מיר, אַלטיטשקע!

די אַלטע האָט מיט אַ שמייכעל בעדאַנקט דעם אַרבייטער, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין אַקסעל און איז אויף אַזאַ׳ן אופֿן אַרונטער פֿון וואָגען.

נאָר אַזוי גיך ווי זי איז געשטאַנען אויף דער ערד, האָט זיך די אָרעמע פֿרוי ביטער פֿונאַנדערגעוויינט.

— נאַ, נאַ, אַלטיטשקע,—האָט זיך אָבגערופֿען דער יונגער מאַן, וועל-

בער איז געריהרט געוואָרען פֿון דער סצענע—איהר דאַרפֿט ניט וויינען אַזוי... ס'איז אמת, אַז איהר גייהט אין געפֿענגניס, אָבער דערפֿאַר זייט איהר כאָטש זיכער, אַז איהר וועט ניט שטאַרבען פֿון הונגער...

די אונגליקליכע האָט ניט געענטפֿערט.

אַז מיר זיינען געווען אין וואַגאָן, האָט זי זיך נאָך אַמאָל אומגעקוקט אויף'ן יונגען מאַן און פֿאַר זיך געמורמעלט:

— מיין שאַרל, מיין אָרעמער שאַרל... ער מוז שוין אודאי זיין אַזוי גרויס ווי דיזער אַרבייטער. וואו איז ער אַצונד? אָה, איך פֿיהל, אַז איך וועל זיך שוין קיינמאָל, קיינמאָל מעהר ניט זעהן מיט איהם...

איך בין צוגעגאַנגען צו איהר און געזאָגט:

— בערוהיגט זיך אין האָפֿט...

— האָפֿען! וואָס זשע, מען קען נאָך האָפֿען אין מיין עלטער? איך בין אַלט אַכט און זעכציג יאָהר און מען האָט מיך פֿעראורטהיילט צו צעהן יאָהר געפֿענגניס...

איהר לעבענסגעשיכטע איז געווען האַרצרייסענד. צו פֿערציג יאָהר איז זי געבליבען אַן אלמנה מיט צוויי קינדערלאַך: אַ אינגעל און אַ מיידעל. זי האָט געאַרבייט שווער און ביטער זיי צו ערנעהרען. דאָס מיידעל איז געווען שווינדזיכטיג, דאָס אינגעל—ווילד און ניט-ערצויגען; זי האָט קיין צייט ניט געהאַט זיך אומצוקוקען אויף איהם. נאָר ענדליך האָט זי מעהר קיין אַרבייט ניט געקענט געפֿינען, און אין דער ביטערסטער נויטה האָט זי גע'גנב'עט וואָס עס איז... מען האָט זי אַריינגעזעצט אין טורמע.

אין דער צייט וואָס זי איז געזעסען אין געפֿענגניס איז איהר מיידעל געשטאָרבען, דעם זוהן איהרען האָט מען צוגענומען אין דער „סיסטאַנס-פובליק", וואו עס פֿאַלען אַריין די אָרעמסטע יתומים. אַז די מוטער איז אַרויס פֿון טורמע איז זי געווען אַליין, עלענד ווי אַ שטיין... זי האָט געאַרבייט אין אַ פֿאַבריק.

איינמאָל האָט איהר דער פֿאָרמאַן געהייסען געהן... זי איז געווען שרעקליך פֿערביטערט, און אין אַ מאָמענט פֿון אויפֿרעגונג האָט זי געכאַפּט אַ שערל און האָט עטליכע מאָל געשטאָכען דעם פֿאָרמאַן... דערפֿאַר האָט מען איהר פֿעראורטהיילט צו צעהן יאָהר געפֿענגניס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַז מיר זיינען אָנגעקומען אין קלערמאָן, איז שוין געווען שטאָק פֿינסטער, דער ווינד האָט מורא'דיג געבלאָזען אין די בוימער און דער רעגען האָט געשמיסען אין די הייזער.

אויף'ן וואָקזאַל האָט געוואַרט אויף אונז אַן אַלטער וואָגען מיט אַ לעבערדיגען דאַך און מיט צובראָכענע ווענד.

— אָט זיינען די פּעקלאַך,—האָט זיך אָנגערופֿען איין וועכטער צום אַנדערן, אָנווייזענדיג מיט דער האַנד אויף אונז.

— וויפיעל פעק זיינען עס דאָ?

— צעהן.

דער וועכטער פֿין דעם געפֿענגניס פֿין קלערמאָן האָט אונז איבערגע־צעהלט צוויי מאָל, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— גוט; מען וועט זיי אַלזאָ אריבערפעקלען...

מען האָט אונז געהייסען אריינגעהן אין דעם געפֿענגניס־וואָגען אין מיר זיינען אַוועקגעפֿאָהרען.

כאָטש דער וועג פֿין וואָקזאַל ביז דער טורמע איז אַ גאַנץ קורצער, דאָך האָט ער מיר אויסגעוויזען גאָר אָהן אַ סוף.

צו די צרות האָט עס אַריינגערונען אין וואָגען גאַנצע עמערס וואַסער און איך בין דורכגעווייקט געוואָרען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס...

ענדליך זיינען מיר אָנגעקומען.

אַ שווערע טהיר האָט זיך אַ דרעה געטהאָן אויף איהרע פֿערזשאַווערטע זאַווערס און גלייך נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ שטימע מיט די ווערטער:

— פֿיהרט מיר צו אָט דעם פּאַק דאָרט אויף׳ן הויף. מען קען זיי ניט אַרויסלאָזען פֿון וואָגען דאָ לעבען טהיר.

איך האָב אַלזאָ גלייך דערזעהן, וואָס פֿאַר אַ העפֿליכע מענשען די וועכטער פֿון קלערמאָן זיינען.

אַז מיר זיינען געווען אויף׳ן הויף, האָט אימיצער אויפֿגעעפֿענט די טהיר פֿין וואָגען און מיר זיינען אַרויס.

— נעהמט אַקאָרשט אָט די אַלע עופֿות און פֿיהרט זיי אַריין אַהער,— האָט קאָמאַנדירט אַ וועכטער, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ פֿינסטערן ווינ־קעל פֿון הויף.

עטליכע וועכטער האָבען אונז אָנגענומען ביי די אָרעמס און אונז אַריינ־געפֿיהרט אין אַ קליין שטיבעל, בעלויכטען פֿון איין גאַז־ליכט.

ביי אַ שוואַרצען טיש איז געזעסען אַ מאַן.

דאָס איז געווען דער געפֿענגניס שרייבער.

איינע ביי איינע האָט ער אונז אויסגעפֿרעגט אונזערע נעמען.

אַז איך האָב דערמאָנט מיינעם, האָב איך דערפֿיהלט, ווי אַלע אויגען האָבען זיך אַ קעהר געטהאָן צו מיר.

— לואיזע מישעל! לואיזע מישעל!—האָט זיך אָבגערופֿען דער אויבער וועכטער, וועלכער איז געווען אָנוועזענד ביי דער דאָזיגער צערעמאָניע.

—אַזוי גאָר! אַבי איך האָב געמיינט, אַז די קאַנאַקען האָבען זי שוין לאַנג אויפֿגעפֿרעסען אין ניי־קאַלעדאָניען... אַנו, דרעהט זיך אַקאָרשט אים אַביסעל, מען זאָל איך קענען אָנקוקען... דאָס זיט איהר דאָס, הייסט עס, די אונטער־צינדערין פֿין 1871, ניט אַזוי?

איך האָב עס געהאַלטען פֿאַר נוצלאָז צו ענטפֿערן.

— וואָס ווייַ,—האָט דער וועכטער ווייטער געזאָגט — אָט אַפּנים די

צינג איז אייך פֿערגליוועׂרט, צי וואָס? ענטפֿערט דאָך אויף מיין פֿראַגע. זייט איהר דאָס די לואיזע מישעל, וואָס די גאַנצע וועלט קען, די, וואָס האָט אונטערגעצונדען גאַנץ פּאַריז, די רעוואָלוציאָנערקע, וואָס?...

— יאָ,—האָב איך געענטפֿערט — די רעוואָלוציאָנערקע, דאָס בין איך.

— אַה, צום טייפֿעל!—האָט זיך דער אויפֿזעהער געבייזערט. — איך בעדויער זעהר, וואָס איהר זייט מיר ניט געקימען פֿאַר דער האַנד, בעת איך בין געוועזען אין דער ווערסאַילער אַרמעע. אַזוי וואַהר ווי איך הייס גאָרענפֿלאָ, איך וואָלט אייך דערשאָסען, אָקוראַט ווי אַ ווילדען האָז... און נאָך מיט פֿערגניגען דערצו... האָט מען נאָך וועגן געזעהן, אַז פֿרויען זאָלען זיך מישען אין פּאָליטיק, און נאָך אין אַזאַ שמוציגער פּאָליטיק דערצו... וואו וועלען מיר אָנשפּאַרען, גרויסער גאָט! וואו וועלען מיר אויף אַזאַ'ן אופֿן אָנשפּאַרען?!

צופֿריעדען, ווייזט אויס, פֿון זיין דרשה, האָט זיך הערר גאָרענפֿלאָ שטאַרק צוהוסט, האָט אַ קוק געטהאָן אויף זיינע חברים און ווייטער געזאָגט:

— וואָס זשע האָט איהר פֿאָרט ווייטער געטהאָן, וואָס מען האָט אייך אָבגעשיקט אַהער?

—זי האָט אויסגעפּלינדערט עטליכע בעקערייען,—האָט זיך אָבגערופֿען אַ וועכטער, שטאָלץ דערויף, וואָס ער ווייסט וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט.

— ווירקליך? איהר זייט זיכער, אַז דאָס איז אַזוי?...

— נו אידאי; אַלע בלעטער האָבען עס געשריבען.

— אַה יאָ, ווירקליך,—האָט גאָרענפֿלאָ געזאָגט — מיר שיינט, אַז איך האָב עס ערגעץ וואו געלייענט.

און זיך אומקעהרענדיג מיט'ן פּנים צו מיר, האָט ער מיר מיט אַ ביי־סענדען שמייכעל געזאָגט:

— נאַ, דאָ וועט איהר ניט קענען אויספּלינדערן קיין שום בעקעריי, מחמת מען וועט אייך אַריינזעצען אין אַ קליין שטייגעל, פֿון וואַנען מען קען ניט אַזוי גרינג אַרויספֿליהען...

מען האָט מיר אָבגעגעבען דאָס קעמערל נומער 26.

ס'איז געוועזען אויף'ן ערשטען עטאַזש פֿון טורמע, אַ גאַנץ קליינער פּלאַץ, ווי מען קען זיך מישער זיין, לאַנג און שמאָל, מיט אַ פֿענסטער, פֿערשטעלט מיט אַ געדיכטער גראַטע.

אין אייזערן בעטעל מיט אַ מאַטראַץ, אַ קשעלע מיט אַ גראָע דעקע; אַ קליין הילצערן טישעל, צוגעמויערט צו דער וואַנד,—דאָס איז במעט גע־וועזען דאָס גאַנצע מעבעל, וואָס האָט זיך געפֿונען ביי מיר אין קעמערל.

— דאָס האָט איהר אייער דירה,—האָט זיך אָבגערופֿען דער וועכטער, וועלכער האָט מיך אַהין אַריינגעפֿיהרט.—מאַכט זיך דאָ אַזוי בעקוועם ווי איהר קענט נור, און האָט נור ניט קיין שלעכטע חלומות...

דערמיט איז ער אַרויס און האָט צוגעהאַקט די טהיר פֿון מיין קעמערל הינטער זיך.

איך האָב זיך אַנידערגעלייגט אויף׳ן בעטעל, נאָר איך האָב באין אופן ניט געקענט אַנשלאָפֿען ווערן.

ס׳איז מערקווירדיג, דוכט זיך, איך בין דאָך שוין געוועהנט געווען צו דער געפֿאַנגענשאַפֿט, נאָר דאָך אַז מען קומט אין אַ נייער טורמע, איז די ערשטע צייט פֿיהלט מען זיך, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט אָקאָרשט אָנגעהויבען זיצען. נאָך שרעקליכער איז די ערשטע נאַכט, וואָס מען דאַרף פֿערברייננגען אין אַ ניי קעמערל. מען פֿיהלט זיך אַזוי ווי אַ לעבעדיג בעגראָבענער... ס׳פֿעהלט לופֿט, מען ווערט שיער ניט דערשטיקט פֿון דער איינזאַמקייט...

## IX

## די ערשטע טעג אין קלערמאָן.

ערשט גאַנץ פֿריה, בעגינען צו טאָג, האָב איך גענומען איינדרעמלען.

נאָר קוים האָב איך אָנגעהויבען צומאַכען די אויגען, האָט זיך מיט אַמאָל אויפֿגעהויבען אַ מורא׳דיגער ליאַרם אין טורמע.

ס׳האָט זיך געהערט אַ סקריפּען פֿון די זאַוויעסעס, אַ קלאַפּעריי פֿון די טהירען, געשרייען פֿון די וועכטער—דאָס גאַנצע געפֿענגניס איז געגאַנגען כּאָדאָראָם.

כ׳בין אויפֿגעשטאַנען; איך האָב זיך פֿערשפּאָרט אָנטהאָן, ווייל איך בין די גאַנצע נאַכט געלעגען אין מיין בעט אַן אָנגעטהאָנענע.

אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ ידיעה מכּת דעם וואָס עס קומט פֿאָר אין די טורמעס, האָב איך אויף גיך אויפֿגעראַמט מיין קעמערל און דערנאָך האָב איך זיך אַנידערגעזעצט וואַרטען וואָס דאָ וועט זיין.

מיט אַמאָל עפֿענט זיך אויף די טהיר פֿון מיין קעמערל און איינע פֿון די אַרעסטאַנטקעס דערלאַנגט מיר אַ בעזים, מיט די ווערטער:

— קעהרט אויס אייער קעמערל, קעהרט עס אויס גוט, ווייל די וועכטער וועלען באַלד קומען זעהן, אויב ס׳איז ריין ביי אייך...

כ׳האָב גענומען דעם בעזים און מיט אַלע כּוחות אָנגעהויבען רייבען די פּאָדלאָגע פֿון מיין שטיבעל.

אַז איך האָב געדיינקט, אַז דאָס קעמערל איז שוין ריין גענוג, האָב איך זיך ווידער אַנידערגעזעצט וואַרטען...

אין דער רגע האָט זיך די טהיר ווידער אַמאָל גאַנץ פּלוצלינג געעפֿענט, און אַ וועכטער איז אַריין צו מיר אין קעמערל.

דאָס איז געווען גאָרענפּלאָ, דער, וואָס האָט מיר מיט אַ נאַכט פֿריהער געהאַלטען די בעריהמטע גאַרישע דרשה זיינע.

— וואָס זשע,—האָט ער זיך אָבגערופֿען מיט אַ גראָבען טאָן, — אָט אַזוי קעהרט איהר דאָס? אָנשטאָט מיר אָבצוריייניגען די דאָזיגע פּאָדלאָגע, זיצט איהר זיך גאָר דאָ, אַזוי ווי אַ מאַדאַם... נאַ, דאָס הייסט אַביסעל אַ פֿוילענצערין! אַלזאָ, נעהמט אַקאָרשט דעם בעזים אין דער האַנד, און אַביסעל שנעלער!

— וואָס ווילט איהר?—האָב איך געענטפֿערט — איך האָב דאָך שוין איינמאָל אויסגעקעהרט מיין שטיבעל. איהר קענט זיך גאַנץ לייכט איבערצייגען אין דעם. גיט נאָר אַ קוק דאָס בערגעל שטויב, וואָס ליגט דאָרט ביי דער טהיר...

— איך זאָג דאָך אייך, איהר זאָלט אויסקעהרען...

— וואָס הייסט? מיין קעמערל איז דאָך ריין.

— ס'מאַכט ניט אויס, קעהרט ווייטער, זאָג איך אייך...

כ'האָב גענומען דעם בעזים אין דער האַנד און אָנגעהויבען קעהרען.

פֿערשטעהט זיך, אַזוי גיך ווי דער ווערכטער איז פֿערשוואונדען, בין איך געבליבען שטעהן אויף אַן אָרט, מיט'ן בעזים אין דער האַנד, עס האַלטענדיג פֿאַר נוצלאָז זיך איינצומאַטערן אומזיסט.

נאָר גאָרענפֿלאָ האָט פֿון מיר קיין אויג ניט אַראָבגענומען.

ער איז פּלוצלינג ווידער אַריינגעשפּרונגען אין מיין קעמערל.

דאָס מאָל איז ער געווען מלא רציחה.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף מיר ווי אַ משוגע'ענער.

איך האָב געמיינט, אַז ער וועט מיך שלאָגען.

— אַה, שמוציגע אונטערצינדערין!—האָט ער געשריען,—דו הויבסט שוין אָן חוזק צו מאַכען פֿון אונז! (גאָרענפֿלאָ האָט זיך ערלויבט מיך צו דו'צען.) נאַ, וואַרט אַקאָרשט, דו אונטערצינדערין, רויבערין, כ'וועל דיר וויזען ווי צו זיין איינגע'עקשן'ט... דו וועסט אויסקעהרען, הערסט דו? אויסקעהרען ניט נור דיין קעמערל, נאָר נאָך צעהן אַנדערע קעמערלאַך, וועלכע איך וועל דיר אָנווייזען... נאַ, קום מיט מיר.

איך האָב גענוג געלעבט אין די געפֿענגניסע, אום צו וויסען, אַז די געפֿאַנגענע דאַרפֿען בלויז רייניגען זייערע אייגענע קעמערלאַך, גיט קיין פֿרעמדע.

און איך האָב זיך גאַנץ איינפֿאַך ענטזאָגט צו פֿאָלגען דעם אויפֿזעהער'ס בעפֿעהל.

גאָרענפֿלאָ איז געווען ווילד פֿאַר רציחה.

די אויגען זיינען איהם אַרויסגעקראָכען פֿון קאָפּ און ער איז געוואָרען אַלערליי קוליערען.

ער האָט איבער אַ נייעס ווידערהאָלט דעם בעפֿעהל, וואָס ער האָט מיר נאָר וואָס געגעבען.

איך האָב ווידער ענטזאָגט, אַ מאַך טהאָנדיג מיט'ן קאָפּ.

— גוט, האָט דער וועכטער געזאָגט—אויפֿשטאַנד, אונגעהאָרכזאַמקייט, איהר וועט זעהן, וואו דאָס וועט אייך פֿיהרען...

דער בחור האָט מיך שוין מעהר ניט גע׳דו׳צט.

— יאָ, יאָ, איהר וועט שוין זעהן, — האָט ער ווידערהאָלט, אַ זעץ טהאָנדיג מיט דער פֿויסט אָן דעם קליינעם טישעל מיינעם.

נאָר אַזוי ווי איך בין אַלץ געבליבען שטעהן רוהיג, מיט צונויפֿגעלייגטע אָרעמס, זיך ניט ריהרענדיג פֿון אָרט, האָט דיזער אויפֿזעהער איינפֿאַך ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן.

ער האָט מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט תם׳עוואַטע אויגען, דערנאָך איז ער זיך אַוועק, מורמלענדיג:

— מען האָט אונז געזאָגט, אַז דאָס איז אַ „רעוואָלציאָנערקע", נאָר נישקשה, איך וועל זי שוין צאַמען... און ווען איך זאָל אפילו דאַרפֿען פֿערלירען מיין נאָמען!

אָקוראַט ווי ער וואָלט געהאַט וואָס צו פֿערלירען!

ווען די טהיר פֿון מיין קעמערל האָט זיך פֿערמאַכט, האָב איך זיך אַ ווײַלע צוגעהערט, אויב קיינער שטעהט ניט לעבען טהיר. דערנאָך האָב איך אָבגעטשעפּעט דעם ביינקעל, וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט מיט אַ קייט צו דער וואַנד, און האָב איהם צוגעטראָגען צום פֿענסטער.

כ׳האָב זיך נאָך אַמאָל אונטערגעהערט.

אַזוי ווי איך האָב ניט פֿערנומען קיין שום גערוויש, בין איך אַרויף אויף׳ן הילצערנעם ביינקעל און האָב אַרויסגעקוקט פֿון פֿענסטער אויף דרויסען.

פֿאַר מיינע אויגען איז געלעגען דאָס פֿעלד, איבערגעהאַקט דאָ און דאָרט מיט עטליכע נאַקעטע ביימער. לעבען טורמע האָב איך בעמערקט אַ וועג, וואָס האָט געפֿיהרט אין שטאָדט אַריין.

עטליכע בייערן זיינען פֿערבייגעגאַנגען, פֿיהרענדיג אַ וועגעלע. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך געזעהן, ווי צוויי פֿרויען לאָזען זיך געהן אין פֿעלד אַריין, יעדע איינע מיט אַ קערבעל אויף׳ן קאָפּ.

פֿון דער ווייטענס האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ גראָע מאַסע, אַ דאָרף וואַהרשיינליך...

מען קען זיך משער זיין, וואָס פֿאַר אַ פֿרייד דאָס איז פֿאַר אַן אַרעסטאַנט, ווען ער וואַרפֿט אַ בליק אויף דער וועלט, פֿון וועלכע ער איז אָבגעריסען. אָט די מענשליכע וועזענס, וועלכע געהען און קומען, אָט די גאַנצע בעוועגונג. וואָס מען איז אַזוי מקנא,—דאָס אַלעס טרייסט אייך, דאָס גיט אייך האָפֿנונג...

דאָס דרוויכענדיגע לעבען דערמאָנט אייך אָן דעם טאָג, ווען איהר וועט קענען געניסען די פֿרייהייט, נאָך וועלכער איהר בענקט אַזוי שטאַרק פֿון דער מינוט אָן, וואָס מען רויבט זי ביי אייך אַוועק.

איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט, אַז ווען איך וואָלט ניט איבערגעלאָזט הינטער מיר מענשען, וואָס זיינען מיר אַזוי טהייער, וואָלט די געפֿאַנגענשאַפֿט פֿאַר מיר ניט געווען אַזוי שווער ווי פֿאַר אַנדערע.

איך קען גאַנץ גוט אַריבערטראָגען די איינזאַמקייט; קוים האָב איך נור ביכער, טינט און פעדער און פאַפיר, קען איך זיך פערגעסען אָן אַלעס...

אָבער ווי בעדויער איך די אונגליקליכע פרויען, וועלכע געפינען ניט קיין שום צושטרייאונג און מוזען פערברייגגען זייערע טעג, פערטיעפט אָהן אויפהער אימער אין דעם זעלבען געדאַנק, אין דעם זעלבען וואונש: צו זיין פריי.

דיזע פרויען ווערן לאַנגזאַם פערוועלקט, זיי געהען אויס ווי אַ ליכט... זייערע יסורים זיינען שרעקליך.

ווען מען וואָלט כאָטש אין די צענטראַל-טורמעס געקענט האָבען וואָס פאַר ס'איז פערבינדונגען צווישען זיך, ווען מען וואָלט כאָטש געקענט ריי-דען איינע מיט די אַנדערע, זאָל זיין אַ האַלבע שעה אין טאָג!

אָבער ניין! די אָבגעשלאָסענהייט, די איינצעל-קאַמער איז שוידערהאַפט און עס איז אָהן אַ שום ספק אַן איבערבלייבעכץ פון די אַלטע באַרבאַרישע צייטען.

די ליפען מוזען זיין געשלאָסען, אויף אימער, אויף אימער...

פאַר פינף, צעהן און אָפטמאָל פופצעהן יאָהר צייט מוז די געפאַנגענע בלייבען שטום.

און אָפט ווערט זי טאַקי דערפון אַליין שטום...

ס'קען זיין, אַז אין קלערמאָן איז ניט געוועזען אַזוי שטריינג ווי אין די אַנדערע צענטראַלע געפענגניסע, נאָר מען דאַרף ניט דיינקען, אַז די געפאַנ-גענע האָבען געהאַט אַ רעכט צו ריידען איינע מיט די אַנדערע.

דער איינציגער פלאַץ, וואו זיי האָבען געקענט עפענען דאָס מויל, איז געוועזען אין ווערקשטאַט, אי דאָס נור צו ענטפערן אויף די פראַגען פון די אויפ-זעהערינען, די וואָהלטהעטיגע „שוועסטער".

העכסטענס האָבען זיי געקענט אויסריידען צוויי, דריי ווערטער אַ טאָג...

נאָר ביסלאַכווייז האָבען זיך די אַרעסטאַנטקעס צוגעוועהנט צו זייער שיקזאַל און האָבען געפונען הונדערטער וועגען און מיטלען, ווי אַזוי צו פערקלענערן די יסורים פון דער געפאַנגענשאַפט.

אַזוי ווי ריידען איינע מיט די אַנדערע ווי אַלע מענשען ריידען, האָבען זיי ניט געקענט, האָבען זיי אויסגעטראַכט אַ מאָדנעם „אַלף-בית", וואָס האָט זיי געדיענט פאַר זייערע געשפרעכען...

צוויי טעג נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען קיין קלערמאָן, בין איך ער-שטוינט געוואָרען צו הערען, ווי ס'האַלט אין איין קלאַפען אין דער וואַנד פון מיין קעמערל.

תחילת האָב איך געמיינט, אַז דער דאָזיגער מאָדנער גערויש קומט דערפון, וואָס מען אַרבייט ערגעץ אין געפענגניס, מען פעררוכט ערגעץ-וואו אַ צובראָכענע וואַנד...

נאָר אַ וועכטער איז געוועזען אַזוי נאַריש מיר צו געבען דעם שליסעל פון דעם דאָזיגען רעטעניש.

איינמאָל, נאָכמיטאָג, רייסט זיך דער דאָזיגער וועכטער אַריין צו מיר אין שטיבעל און רופט זיך אָב צו מיר:

— אַה! כ׳האָב אייך געפּאַקט...

אַזוי ווי ער האָט דערזעהן אויף מיין פּנים, אַז איך פערשטעה עפּעס גאָרניט וואָס ער וויל, מאַכט ער:

— יאָ, יאָ, מאַכט זיך אַקאָרשט ניט אַזוי תם׳עוואַטע. איך קען מיינע לייט...

— אָבער זייט אַזוי גוט און ערקלעהרט מיר אַפריהער וואָס איהר מיינט. איך זעה ניט, וואָס איך האָב אַזוינס געטהאָן געגען די אָרדנונג פון דעם געפּענגניס.

— אַזוי! און ווער האָט עס געקלאַפּט אין וואַנד? ניט איהר?

— צו וואָס?

— אַ שעהנע פראַגע צו וואָס? צו ריידען, פערשטעהט זיך. יאָ, צו ריידען מיט אייערע שכן׳טעס. אָבער זעהט אַקאָרשט, איך זאָל אייך ניט כאַפּען, קלאַפּענדיג מיט׳ן ביינקעל אייערן, כדי זיך דורכצושמועסען מיט די אַנדערע... אַניט, וועט איהר געהן אין קאַרצער...

און דער חברה-מאַן איז מיט כעס אַרויס פון מיין קעמערל.

כ׳האָב אַליאָ ענדליך געוואוסט דאָס, וואָס איך האָב געדאַרפט וויסען. די קלעפּ זיינען, הייסט עס, געקומען פון אַ געפאַנגענע, וועלכע געפינט זיך אין אַ קעמערל לעבען מיר.

איך האָב בעשלאָסען ביי זיך איהר צו ענטפערן.

דעם „אלף-בית" פון די געפענגניסע האָב איך אפילו ניט געקענט, נאָר איך האָב פערשטאַנען, אַז עס דאַרף ניט זיין זעהר שווער איהם אויסצולערנען.

און עס האָט מיר ווירקליך לאַנג ניט גענומען.

דעם זעלבען טאָג האָט מיין שכנה ווידער גענומען קלאַפּען צו מיר. איך האָב זיך צוגעהערט און ביסלאַכווייס אויסגעפונען די בעדייטונג פון די קלעפּ. ס׳איז געווען אַן איינפאַכער וועג: איין קלאַפּ האָט בעדייטעט דער ערשטער בוכשטאַב פון׳ם „אלף-בית", צוויי—דער צווייטער און אַזוי ווייטער. אמת, אַז דאָס האָט געדויערט אַביסעל צו לאַנג, נאָר וואָס פאַר אַ בעטרעף האָט צייט, ווען מען זיצט אין אַן איינזאַמען קעמערל אין געפענגניס!

ענדליך האָב איך אויף אַזאַ׳ן אופן פערקניפּט אַ שמועס מיט מיין שכן׳טע.

— שוין לאַנג, אַז איהר זייט דאָ?—האָט זי מיך געפרעגט.

— ניין,—האָב איך געענטפערט—צוויי טעג... און איהר?

— איך? דאָס פינפטע יאָהר...

— וואָס האָט איהר אַזוינס געטהאָן?

— כ׳האָב גע׳הרג׳עט אַ לוכּפּ, וואָס האָט מיך געשלאָגען מכות רצח טאָג פאַר טאָג. און איהר, פאַרוואָס זייט איהר דאָ?

ס׳איז געווען גאַנץ שווער צו דערצעהלען דער געפֿאַנגענער די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי איך האָב אָנטהייל גענומען אין דער מאַניפֿעסטאַציע אויף דעם „אינוואַלידען-פּלאַץ״. זי וואָלט פּשוט ניט פֿערשטאַנען, ווי אַזוי מען נעהמט און מען שיקט עס אַוועק אַ פּרוי אויף זעקס יאָהר אין אַ צענטראַל-טורמע דערפֿאַר וואָס זי האָט דורכגעמאַרשירט די גאַסען פֿון פּאַריז אָן דער שפּיצע פֿון עטליכע אַרבייטסלאָזע.

איך האָב איהר דעריבער ערקלעהרט, אַז איך געפֿין זיך דאָ צוליעב אַ פּ אָ ל י ט י ש ע אַנגעלעגענהייט.

— אה!—האָט זי מיר געענטפֿערט—איהר גיט זיך אָב מיט די נאַריש-קייטען? איהר האָט, הייסט עס, קיין אַנדער זאַך ניט וואָס צו טהאָן... און אויף ווילאַנג זייט איהר פֿעראורטהיילט?

— אויף זעקס יאָהר.

—ס׳איז נישקשה פֿון אַ צייט,,, כ׳ווייס ניט וואָס איהר האָט אַזוינס גע-טהאָן, נאָר אַפּנים אַז ס׳איז געווען פֿאַרוואָס... איבעריגענס הערען זיך די ריכטער קיינמאָל ניט צו צו די ערקלעהרונגען פֿון די אָנגעקלאָגטע.

דערמיט האָט זיך געענדיגט אונזער געשפּרעך פֿאַר יענעם טאָג. ס׳האָט אונז גענומען אַ היבשע צייט, ביז וואַנען מיר זיינען דורכגעקראָכען מיט די עטליכע ווערטער.

נאָר עס איז ווערטה געווען די מיה.

איצט האָב איך אַלזאָ שוין געקענט די געפֿענגנים-שפּראַך און איך האָב געהאַט די מעגליכקייט זיך צו אונטערהאַלטען מיט ווען ניט איז פֿון די געפֿאַנגענע דאַן, ווען ס׳איז מיר געוואָרען אַביסעל אומעטיג אויף׳ן האַרצען.

איין פֿריה-מאָרגען האָב איך געפֿרעגט ביי אַ וועכטער, צי עס וואָלט ניט מעגליך געווען צו קריגען עטליכע ביכער צו לייענען.

— ביכער?—האָט ער געמורמעלט—אַה, דאָס איז ניט אַזוי לייכט צו קריגען... קודם כל מוזט איהר שרייבען אַ ביטע צום דירעקטאָר און איהם זאָגען אין אייער בריעף וואָס פֿאַר אַ בוך איהר פֿערלאַנגט.

— אום דאָס צו טהאָן,—האָב איך געענטפֿערט—וואָלט איך אַפֿריהער געדאַרפֿט בעקאַנט ווערן מיט דעם קאַטאַלאָג פֿון דער ביבליאָטהעק, נאָר... איך וועל שרייבען צום דירעקטאָר. ווילט איהר מיר שאַפֿען טינט און פּאַפּיר?

— אַזוי גאָר, אייך שאַפֿען טינט און פּאַפּיר?—האָט דער וועכטער גע-זאָגט—האָט אַפּנים איהר מיינט, אַז מען קריגט עס איינס און צוויי? מען מוז שרייבען אַ ביטע צום דירעקטאָר...

כ׳האָב אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

דער וועכטער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פֿערוואונדערטען בליק.

— ווי אַזוי ווילט איהר איך זאָל שרייבען צום דירעקטאָר, אַז איהר גיט מיר ניט מיט וואָס צו שרייבען? אַנטלייהט מיר כאָטש אַ בלייפֿעדער.

— וואַרט ביז דאָנערסטאָג?

— פֿאַרוואָס עפּעס ביז דאָנערסטאָג?

— ווייל דאָס איז דער טאָג, ווען די געפֿאַנגענע ווערן געפֿיהרט אין דער ביבליאָטהעק און דאָרט קענען זיי שרייבען זייערע בריעף.

— איך וויל אָבער שרייבען ביי מיר אין קעמערל.

— אָט אַפּנים ס׳נעהמט אייך לאַנג אָנצושרייבען אַ בריעף...

ס׳איז געווען אַ צו שווערע זאַך זיך צונויפֿצירײדען מיט דיזען אידיאָט.

ער האָט גאָרניט געקענט בעגרייפֿען, אַז מען קען האָבען אַנדערע זאַכען צו שרייבען אַחוץ בריעף.

גליקליכערוייזע איז דער דירעקטאָר אַליין אין עטליכע טעג אַרום אַראָב־געקומען אין טורמע און איז אַרומגעגאַנגען פֿון איין קעמערל אין צווייטען אויספֿרעגען די געפֿאַנגענע, צי זיי האָבען ניט וואָס עס איז צו פֿערלאַנגען פֿון איהם.

דער „בעל הבית״, ווי מען האָט איהם גערופֿען אין טורמע, האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פֿין אַ בראַווען מאַן. ער האָט געהאַט אַ גוטען אייפֿריכטיגען פּנים און אַ זעהר פֿריינדליכען בליק.

ער האָט מיר גאַנץ איינפֿאַך געזאָגט:

— כ׳האָף, אַז איך וועל זיך ניט האָבען צו בעקלאָגען אויף אייך. פֿון מיין זייט, וועל איך טהאָן אַלעס, וואָס וועט נור זיין אין מיין קראַפֿט אייך צו פֿערזיסען די ביטערקייט פֿון דער געפֿאַנגענשאַפֿט. ווינשט איהר וואָס עס איז?

— יאָ, מיין הערר,—האָב איך געענטפֿערט—כ׳וואָלט געוואָלט האָבען עטליכע ביכער און שרייב־געצייג...

— מען וועט עס אייך געבען,—האָט דער דירעקטאָר געענטפֿערט.

און ער איז אַרויס פֿון מיין קעמערל.

ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב בעגעגענט אַ פֿריינד־ליכען און ליעבענסווירדיגען מענשען אין אַ געפֿענגניס.

דאָס האָט מיר געגעבען אַביסעל מוטה.

איך האָב גלייך געדיינקט, אַז אָט דער דירעקטאָר, וועלכער איז ניט אַזוי פֿערהאַרטעוועט ווי די איבעריגע געפֿענגניס־בעאַמטע, וועט אָהן צוויי־פֿעל ערלויבען מיין מוטער צו קומען עפּטערס מיך געוואָהר ווערן.

אַזוי גיך ווי איך האָב געקראָגען טינט און פֿעדער און פּאַפּיר, האָב איך גלייך אָנגעשריבען אַ בריעף צו דער אָרעמער פֿרוי, און אום איהר ניט אָנצוטהאָן קיין עגמת נפש, האָב איך איהר געגעבען אַ רייצענדען בילד פֿון דעם געפֿענגניס פֿון קלערמאָן.

פֿערשטעהט זיך, אַז איך האָב שטאַרק איבערטריבען אין מיין בע־שרייבונג.

מען האָט געקענט בעזוכען די געפֿאַנגענע יעדען דאָנערסטאָג. נאָר ס׳וואָלט דאָך איינפֿאַך געווען אונמעגליך פֿאַר מיין מוטער צו קומען אַלע וואָך,

דערפֿאַר האָב איך געהאָפֿט, אַז ווען זי וועט קומען, וועט איהר דער דירעקטאָר ערלויבען צו בלייבען מיט מיר מעהר ווי צוואַנציג מינוטען.

אַה! מיט וואָס פֿאַר אַן אונגעדולד איך האָב דאָס ערוואַרטעט מיין מוטער׳ס בעזוך!

כ׳האָב געצעהלט די שטונדען, די מינוטען, די סעקונדען.

ענדליך איז געקומען דער דאָנערסטאָג.

אַרום מיטאג-צייט האָב איך געהערט ווי די טהירען פֿון די קעמערלאַך עפֿענען זיך.

דאָס זיינען די וועכטער געקומען נאָך די געפֿאַנגענע, אום זיי אָבצופֿיהרען אין פֿאָדער-צימער, וואו זייערע קרובים און פֿריינד האָבען געוואַרט אויף זיי.

ס׳האָט געשלאָגען צוויי אַזייגער.

מען איז ניט געקומען נאָך מיר.

וואָס איז אַזוינס געשעהן? פֿאַרוואָס איז מיין מוטער ניט געקומען?

ס׳איז געוואָרען נאַכט.

עס וואָלט מיר אונמעגליך געווען צו בעשרייבען די שרעקליכע יסורים, וואָס איך האָב דאַן איבערגעליטען. איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפֿען אויף מיין בעט און כמעט די גאַנצע נאַכט אָבגעוויינט מיט ביטערע, הייסע טרעהרען.

אַז מיין מוטער זאָל ניט קומען זיך זעהן מיט מיר, האָט ניט געקענט זיין קיין אומזיסטע זאַך. ס׳האָט געמוזט טרעפֿען עפּעס אַן אונגליק מיט איהר.

און וואָס פֿאַר אַ שרעקליכע סיטואַציאָן דאָס איז! זיך צו געפֿינען אין אַ טורמע, פֿערשפּאַרט און בעוואַכט... דיינקען וועגען אַן אונגליק, וואָס האָט וואַהרשיינליך געטראָפֿען מיט דער נעהנטסטער פּערזאָן אייערער און ניט קענען דערגעהן די ריכטיגקייט וועגען דעם!...

כ׳האָב געוואָלט ריידען מיט׳ן דירעקטאָר, איהם בעטען, ער זאָל שיקען אַ טעלעגראַמע צו מיין מוטער, איז ער ניט געווען אין טורמע און ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען, האָט ער ערשט גערדאַרפֿט קומען אויף מאָרגען אין דער פֿריה.

איך האָב אַלזאָ פֿערבראַכט אַ מורא׳דיגע נאַכט.

ענדליך, אין דערפֿריה, האָט מען מיך צוגעלאָזט צום דירעקטאָר און איך האָב איהם ערקלעהרט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

ער האָט מיר גלייך אויף׳ן שטעל ערלויבט צו שיקען אַ דעפעשע צו מיין מוטער.

אין פֿינף שעה אַרום איז אָנגעקומען אַן ענטפֿער, וואָס דער דירעקטאָר האָט מיר גלייך איבערגעגעבען. אין דיזער טעלעגראַמע האָט מיר מיין מוטער מיטגעטהיילט, אַז זי איז שטאַרק קראַנק, און אַז דער דאָקטאָר האָט איהר שטריינג פֿערזאָגט, ניט אַרויסצוגעהן פֿון שטוב.

זי האָט מיר אויך געלאָזט וויסען, אַז דאָנערסטאָג אין דערפֿריה האָט זי מיר אַרויסגעשיקט אַ דעפּעשע.

דער דירעקטאָר האָט גלייך געמאַכט אַן אונטערזוכונג און ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז גאָרענפּלאָ, אינטער וועמעס אויפֿזיכט די פּאָסט פֿון דער טורמע איז געלעגען, האָט איינפֿאַך אַריינגעשטעקט די טעלעגראַמע צו זיך אין קעשענע און זיך געמאַכט כלא ידע וועגען איהר.

אַזוי ווי דער דירעקטאָר איז ניט געווען פֿון די, וועלכע ערלויבען אַזעלכע ביטערע שפּאַסערייען, האָט ער דעם וועכטער בעשטראָפֿט מיט אַ געלד-שטראָף פֿון צעהן פֿראַנק און צוגענומען ביי איהם די פּאָסט, וועלכע ער האָט גלייך איבערגעגעבען אַן אַנדערן.

מען קען זיך משער זיין, וואָס פֿאַר אַ שנאה גאָרענפּלאָ האָט זייט דאַן געטראָגען אויף מיר, און מען וועט באַלד זעהן, ווי אַזוי ער האָט זיך נוקם געווען אָן מיר דערפֿאַר.

אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט זיך דער דירעקטאָר פֿערקיהלט און איז געוואָרען שטאַרק קראַנק.

אַזוי ווי ס׳איז ניט געווען קיין אונטער-דירעקטאָר אין דער דאָזיגער טורמע, איז די גאַנצע אויפֿזיכט אַריבער צו גאָרענפּלאָ׳ן, וועלכער איז גע-ווען דער אויבער-וועכטער פֿון קלערמאָן.

ווי דער שטייגער איז, האָט ער זיך קודם כל גענומען צו מיר.

אויף זיין אייגענער פֿעראַנטוואָרטליכקייט האָט ער איבערגעביטען מיין וואוינונג; ער האָט מיר געגעבען אַ פֿייכטען קעמערל אונטען ביים אַריינגאַנג פֿון דער טורמע.

עס וועט מיר זיין אונמעגליך צו בעשרייבען אויף ריכטיג דאָס דאָזיגע עקעלהאַפֿטע קעמערל.

פֿון די ווענד האָט עס געהאַלטען אין איין גיסען אַ גאַנצע טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, און אַלס צוגאָב האָב איך אַלע ווייַלע געהאַט אַ גאַנצע מהנה פֿון אומגעבעטענע געסט: גרויסע, מורא׳דיגע שטשירעס, וועלכע זיינען מיר אַרויפֿגעשפּרונגען אויף׳ן פּנים און אויף די הענד...

ס׳איז איינפֿאַך ניט געווען אויסצוהאַלטען.

איך האָב זיך בעקלאָגט פֿאַר׳ן וועכטער, וואָס האָט געדיענט אין דיזער נייער אָבטהיילונג.

— מיך וואונדערט זעהר, וואָס מען האָט אייך אַריבערגעפֿיהרט אַהער, —האָט ער מיר געענטפֿערט.—שוין דריי יאָהר, אַז מען פֿיהרט קיין מענשען ניט אַריין אין אָט דעם קעמערל. אָט אַפּנים, מען האָט אייך דערמיט געמוזט בעשטראָפֿען פֿאַר וואָס עס איז...

כ׳האָב געוואוסט אַזוי גוט ווי ער, אַז איך בין געווען אַן אָפּפֿער פֿון גאָרענפּלאָ׳ס נקמה, אָבער איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און גע-זאָגט:

— כ׳גלויב ניט, אַז דאָס זאָל זיין אַ שטראָף... איך האָב גאָרנישט געטהאָן אַזוינס, וואָס מען זאָל מיך דאַרפֿען בעשטראָפֿען. איך מיין גיכער, אַז דאָ מוז זיין אַ טעות אין דער גאַנצער געשיכטע. דער דירעקטאָר האָט געמוזט אָנזאָגען, מען זאָל מיך אַריבערפֿיהרען אין אַן אַנדער קעמערל; מען האָט אַוודאי ניט ריכטיג פֿערשטאַנען, וואָס ער האָט אָנגעזאָגט.

— ס׳איז מעגליך, האָט זיך אָבגערופֿען דער וועכטער, וועלכער האָט ניט אָנגעהויבען וויסען וואָס דאָ טהוט זיך.—איך וועל זיך באַלד זעהן מיט׳ן דירעקטאָר, ווייל ער שטעהט שוין היינט אויף. ווילט איהר, איך זאָל ריידען מיט איהם?

— כ׳וועל אייך זיין זעהר דאַנקבאַר דערפֿאַר,—האָב איך געענטפֿערט.

— אָבגעמאַכט, כ׳וועל איהם זאָגען אַ פאָר ווערטער וועגען דער דאָזיגער געשיכטע.

און דער געפֿענגניס וועכטער איז פֿערשוואונדען.

איך האָב זיך אַליין ניט געריכט אויף די קאָמפּליקאַציעס, צו וועלכע דיזע קליינע געשיכטע קען פֿיהרען; נאָר אין גרונד גענומען, בין איך געוועזן זעהר צופֿריעדען דערמיט, וואָס מיר וועט זיך אפשר איינגעבען צו בעצאָהלען גאָרענפֿלאָ׳ן ווי ער האָט עס פֿערדיענט.

אין אַ שטונדע אַרום זיינען צוויי וועכטער געקומען נאָך מיר און האָבען מיך צוריק אָבגעפֿיהרט אין מיין פֿריהערדיג קעמערל.

איינער פֿון זיי איז געוועזן דער, וואָס האָט וועגען מיר גערעדט מיט׳ן דירעקטאָר.

— אַה,—רופֿט ער זיך אָב צו מיר, געהענדיג אויף׳ן וועג,—ווען איך וואָלט געוואוסט, צו וועלכע קאָמפּליקאַציעס אָט די געשיכטע וועט פֿיהרען, וואָלט איך זיך גאָרנישט געמישט אין דעם.

— וואָס פֿאַר קאָמפּליקאַציעס, מיינט איהר? — האָב איך איהם געפֿרעגט.

— וואָסערע קאָמפּליקאַציעס? איהר מיינט אפנים, אַז מען האָט אייך על פי טעות אַריבערגעפֿיהרט אין דעם פֿייכטען קעמערל מיט די שטשירעס? ס׳הויבט זיך גאָרניט אָן. דאָס איז געטהאָן געוואָרען אויף גאָרענפֿלאָ׳ס בעפֿעהל... דער דירעקטאָר האָט איהם געשיקט רופֿען און האָט איהם דערפֿאַר אַוועקגעגעבען אַ שוואַרצען סוף. נאָר איצט וועל איך האָבען צו זינגען און צו זאָגען דערפֿאַר וואָס איך האָב אַריינגעשטעקט די נאָז אין זאַכען, וואָס געהען מיך ניט אָן. גאָרענפֿלאָ איז אַ ביטערער יונג; ער וועט עס מיר געוויס ניט שיינקען...

ווי איך בין נאָר אַריין צוריק צו מיר אין קעמערל, איז אַריינגעקומען גאָרענפֿלאָ.

ער איז געוועזן רויט ווי פֿייער. די אויגען זיינען איהם אַרויסגעקראָכען פֿון קאָפּ, און ער האָט געפּלאַפּעלט, ניט גערעדט, אַזוי אויפֿגערעגט איז ער געוועזן.

— אַה,—האָט ער ענדליך געזאָגט—שמוציגע אונטערצינדערין! צוליעב אייך דאַרף איך דאָס פֿערליערען מיין שטעלע דאָ אין געפֿעננגיס און ווערן אַרונטערגעזעצט... אָבער איך האָב נאָך אַ מאָנאַט צייט, יאָ, אַ גאַנצען מאָנאַט. איהר וועט זעהן, וואָס איך קען נאָך טהאָן. יאָ, איהר מעגט זיך ריכטען אויף צרות...

— אָבער, האָב איך איהם געענטפֿערט גאַנץ רוהיג,—וואָס האָב איך פֿאָרט געטהאָן, וואָס איהר פֿערפֿאָלגט מיך אַזוי?

— וואָס איהר האָט מיר געטהאָן? וואָס איהר האָט מיר געטהאָן? האַ? זי האָט נאָך די העזה צו פֿרעגען, וואָס הייסט? קודם כל האָט מען מיר צוליעב אייך געמאַכט בעצאָהלען צעהן פֿראַנק, ערשט מיט עטליכע טעג צוריק. און איצט האָט איהר געמאַכט, מען זאָל מיך אַרונטערזעצען. איהר הערט? אַרונטערזעצען! דער דירעקטאָר האָט שוין אַוועקגעשיקט זיין ראַפּאָרט. איך בין געווען אויבער-וועכטער, איצט וועט מען מיך אָבשיקען אין אַן אַנ־דער טורמע, אַלס איינפֿאַכער וועכטער. אַה, איהר שמוציגע רעוואָלוציאָנערקע, איהר וועט מיר בעצאָהלען טהייער דערפֿאַר...

אַנטקעגען אָט די נייע סטראַשונקעס האָב איך אין גאַנצען פֿערלאָרען מיין געדולד.

— אויב איהר מיינט מיך ווייטער צו פֿערפֿאָלגען,—האָב איך זיך אָב־גערופֿען צו דיזען באַנדיט, — דאַן וועל איך אייך נאָך טיעפֿער אַרונטערזע־צען... איהר הערט? ביי דער מינדעסטער בעליידיגונג פֿון אייער זייט, וועל איך זיך פֿון דאָס נייע בעקלאָגען פֿאַר'ן דירעקטאָר. איהר פֿערשטעהט וואָס איך זאָג?

גאָרענפֿלאָ האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ.

דאָס איז אודאי געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען, וואָס דער דאָזיגער געפֿעננגיס-וועכטער איז געשטאַנען ווי אַ פֿער'משפט'ער פֿאַר אַ געפֿאַנגענע.

נאָכדעם ווי ער האָט געוואָרפֿען אויף מיר אַ בייזען בליק איז ער אַרויס פֿון מיין קעמערל.

מעהר האָב איך פֿון איהם ניט געליטען.

און דאָס איז געווען בלויז אַ דאַנק דעם, וואָס אין קלערמאָן איז דאַן געווען אַ מערקווירדיגער דירעקטאָר, וועלכער איז ווירקליך געווען אַן אויס־נאַהם פֿון זיינע אַלע קאָלעגען. ווען ניט ער, וואָלט גאָרענפֿלאָ מיר אָנגע־טהאָן אַזעלכע צרות, אַז איך וואָלט זיי געהאַט צו געדיינקען אויף מיין לע־בען לאַנג.

ענדליך האָט גאָרענפֿלאָ פֿערלאָזען דאָס געפעננגיס פֿון קלערמאָן, און איך בין פּטור געוואָרען פֿון אַ ביטערן שונא.

איך וואָלט זיך כמעט געפֿיהלט גליקליך, ווען מיין מוטער וואָלט גע־קומען מיך זעהן.

נאָר איהר צושטאַנד איז נאָך ערגער געוואָרען, זי איז געווען זעהר קראַנק.

איך פֿלעג בעקומען יעדען טאָג נאַכריכטען וועגען איהר געזונד, און איך האָב געוואוסט מעהר אָדער ווייניגער אין וואָס פֿאַר אַ לאַגע זי געפֿינט זיך. מען קען זיך אַלזאָ משער זיין, וועלכע ביטערע טעג און נעכט איך האָב דאַן איבערגעלעבט. דער געדאַנק, אַז מיין גוטע מוטער קען נאָך אַזוי שטאַרבען און איך זאָל אפילו ניט האָבען די מעגליכקייט זי צו זעהן פֿאַר'ן טויט, האָט מיך געמאַטערט גאַנצע אַכט טעג צייט.

ענדליך, איין פֿריה-מאָרגען, האָב איך ערהאַלטען אַ בריעף פֿון מיין פֿעטער, אַז די קראַנקע איז בעסער, אַז זי איז גערעטעט און אין אַ פּאָפּצעהן טעג אַרום וועט זי קענען קומען זיך זעהן מיט מיר.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען, ווי דיזע בשורה האָט מיך דערפֿרעהט; כ'האָב איינפֿאַך געטאַנצט פֿון פֿערגניגען.

## X

## דעם דירעקטאָר'ס שטעל-פֿערטרעטער.

אין משך פֿון יענע טעג זיינען פֿון קלערמאָן אַנטלאָפֿען צוויי פֿרויען-געפֿאַנגענע און נאָך עטליכע האָבען זיך פֿערקוקט אויף זייערע חבר'טעס און געמאַכט אַ פֿערזוך צו אַנטלויפֿען. נאָר ס'האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען.

דאָס האָט, פֿערשטעהט זיך געפֿיהרט דערצו, אַז די געפֿאַנגענע זאָלען זעהר שטריינג בעוואַכט ווערן. מעהר פֿון אַלעמען אָבער האָט מען מיך געהיט. ס'האָט זיך פֿערשפרייט אַ קלאַנג, אַז מיינע פֿריינד האָבען זיך פֿערשוואָרען מיך צו בעפֿרייען, און אַז זיי פּלאַנעווען צו בעפֿאַלען ביינאַכט דעם געפֿענגניס פֿון קלערמאָן.

אָט די לעכערליכע בבא מעשה האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר פֿערשפרייט, און איין פֿריה-מאָרגען האָט מיך דער דירעקטאָר געשיקט רופֿען צו זיך אין ביוראָ.

נאָכדעם ווי ער האָט מיר אויסגעפֿרעגט עטליכע זאַכען, רופֿט ער זיך אָב צו מיר:

— אָט אַזוי בעצאָהלט איהר דאָס מיר פֿאַר די איינזעהעניש, וואָס איך האָב געהאַט מיט אייך ביז אַהער?

— וואָס איז דען?—האָב איך איהם געפֿרעגט.

דער דירעקטאָר האָט זיך מישב געווען אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— מען האָט מיר פֿערזיכערט, נאָר איך בין זיך מודה, אַז עס גלויבט זיך מיר עפעס גאָרניט, אַז אייערע פֿריינד פֿון פּאַריז האָבען בדעה צו בעפֿאַלען דאָס געפֿענגניס און מאַכען אַ פֿערזוך אייך אַרויסצונעהמען פֿון דאַנען.

כ'האָב אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

דער דירעקטאָר האָט מיך אָנגעקוקט מיט פֿערוואונדערטע אויגען.

— מיין הערר, — האָב איך איהם ענדליך געזאָגט — איהר מעגט זיין זיכער, אַז דאָס אַלעס איז ניט מעהר ווי אַ ליגען. אַז מען וואָלט געפֿלאַ-געוועט אַזאַ מין זאַך, מיין איך, אַז איך וואָלט געוועזן די ערשטע עס צו וויסען. נון, איך פֿערזיכער אייך, אַז ס'איז ניטאָ קיין וואָהר וואָרט אין אָט דעם כלומר'שטען פּלאַן.

— איהר פֿערזיכערט עס מיר ?

— כ'שווער עס אייך.

ס'האָט פֿונדעסטוועגען אויסגעזעהן, אַז דער דירעקטאָר איז נאָך אַלץ ניט זיכער ביי זיך.

אום איהם אין גאַנצען צו בערוהיגען, האָב איך איהם געזאָגט :

— הערט מיך אויס, מיין הערר, און גלויבט מיר, אַז איך האָב קיין שום אַבזיכט ניט אייך אָבצונאַרען. פֿאַר די לעצטע יאָהרען האָב איך זיך אָנגעזעהן מיט גענוג געפֿענגניסע און גענוג דירעקטאָרען. די אַלע, מיט וועלכע איך האָב זיך בעגעגענט פֿאַר אייך, זיינען געוועזן גרויזאַם און אונ-גערעכט געגען מיר. איהר אַליין זייט געוועזן אַן אויסנאַהם. איהר האָט מיך בעהאַנדעלט מיט גערעכטיגקייט, מיט גוטהערציגקייט, און איך וועל עס קיינמאָל נישט פֿערגעסען. ווען אַלזאָ דאָס, וואָס מען האָט אייך דערצעהלט, וואָלט אפילו געוועזן ריכטיג, ווען מיינע פֿריינד וואָלטען ווירקליך געמאַכט אַ פֿערזוך מיך פֿון דאַנען צו בעפֿרייען, וואָלט איך זיך איינפֿאַך ענטזאַגט דערפֿון... איך וועל אַרויס פֿון דער דאָזיגער טורמע אין דעם טאָג, ווען מיין שטראָף וועט זיין געענדיגט. בערוהיגט זיך אַלזאָ, און געדיינקט, אַז לואיזע מישעל איז ניט פֿעהיג אויף אַזאַ אונדאַנקבאַרען שריט. קיינמאָל, הערט איהר ? קיינמאָל וועל איך ניט פֿערשאַפֿען קיין שום שמערץ די, וועלכע האָבען מיך בעהאַנדעלט ווי אַ מענשען...

דער דירעקטאָר האָט מיר געדאַנקט, און מיך בעגלייטענדיג צום טהיר פֿון זיין ביוראָ, האָט ער געזאָגט :

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זייט אַ מערקווירדיגער כאַראַקטער, אַן ערנסטע, איבערגעגעבענע פֿרוי, נאָר איך האָב עס ניט געגלויבט. איצט זעה איך, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט...

און מיט אַ טרויעריגען טאָן האָט ער צוגעלייגט :

— ס'אַר אַ שאָד עס איז, וואָס איהר האָט זיך אַזוי שטאַרק פֿערקאָכט אין דער פּאָליטיק ! ס'קומט קיינמאָל דערפֿון קיין גוטס ניט אַרויס און מען האָט כמעט שטענדיג צו ליידען צרות דערביי.

— זעהט איהר,—האָב איך געענטפֿערט — און איך בין גראָד ניט מיט אייער מיינונג. אמת, אַז די, וועלכע ווילען זיך בענוצען מיט דער פּאָליטיק ווי מיט אַ מיטעל אַרויפֿצושטייגען אין דער הויך, ווערן זעהר אָפֿט ענטטוישט און האָבען בלויז פֿערדרוס, אָבער דאָס איז ניט מיין פֿאַל. אין גרונד גענומען

איז דאָס גאָרניט קיין פּאָליטיק, דאָס מיט וואָס איך גיב זיך אָב, נאָר מענש-ליכקייט. איך סטאַרע זיך צו געבען דעם פּאָלק צו פערשטעהן, אַז ער האָט גאָרניט צו ערוואַרטען פון אַ געזעלשאַפט, וועלכע איז זיין ביטערסטע פיינ-דין, און אַז די פרייהייטען, נאָך וועלכע ער שטרעבט, מוז ער אַליין מיט זיינע אייגענע הענד נעהמען...

— אַך, דאָס אַלעס איז דאָך בלויז אַן אוטאָפּיע, אַ פאַנטאַזיע! — האָט זיך דער דירעקטאָר אָבגערופען.

— ניט אַזאַ פאַנטאַזיע ווי איהר מיינט. אין מיטעל-אַלטער, אַז די קנעכט האָבען גע׳חלומ׳ט פון אַ בעסערער צוקונפט, האָט מען זיי דען ניט געהאַל-טען פאַר פעררי קטע? שפּעטער, אַז עס האָבען זיך געפונען מענשען, וועלכע האָבען געשטרעבט צו דער בעפרייאונג פון די מאַסען, האָט מען זיי דען ניט אָנגעקוקט ווי משוגעים? און דאָך האָבען זיך זייערע ווערטער ביסלעכ-ווייז פערווירקליכט.

— מילא, — האָט דער דירעקטאָר געענטפערט — איך וועל אייך ניט איבערשפּאַרען. איבעריגענס רעספּעקטיר איך אַלע מיינונגען, אַבי זיי זיינען נור ערנסט. איהר קענט ווייניגסטענס זיין שטאָלץ דערמיט, וואָס איהר זוכט ניט צו כאַפּען קיין פיש אין מוטנע וואַסער. ניט די אַמביציע טרייבט אייך אין קאַמפף, נאָר אַן ערנסטער פערלאַנג צו טהאָן גוטעס. איך ווינש אייך נור, איהר זאָלט ניט ווערן אַמאָל אַן אָפּפער פון אייער איידעלקייט...

אַזעלכע ווערטער צו הערען פון אַ געפענגניס-דירעקטאָר איז געווען פאַר מיר אַ געוואַלדיגע איבעראַשונג.

ביז דאַן בין איך געוועהנט געווען זיך צו טרעפען מיט בעאַמטע, וואָס זיינען געווען פול מיט פאָראורטהיילע און מיט פערביסענקייט. מען קען זיך אַלזאָ משער זיין, וואָס פאַר אַ רעספּעקט איך האָב געהאַט פאַר דיזען מאַן, וועלכער האָט רעספּעקטירט מיינע איבערצייגונגען, כאָטש ער איז ניט געווען איינפערשטאַנדען מיט זיי.

אונגליקליכערווייזע, האָב איך באַלד געקראָגען צו פיהלען, אַז ניט אַלע דירעקטאָרען זיינען גלייך.

דער גוטער דירעקטאָר פון קלערמאָן איז אַוועקגעפאָהרען אויף אַ שטי-קעל צייט און אויף זיין אָרט איז געקומען אַ געוויסער סוביעקט מיט׳ן נאָמען סערווען, אַ שמאָל-קעפּיגע, דומע בריאה, וואָס עס איז געווען ווייט צו זוכען זיין גלייכען אין דער גאַנצער וועלט.

ווי ער האָט נור איבערגענומען דעם אַמט אין זיינע הענד, האָט זיך אַלצדינג אומגעביטען אין טורמע.

די וועכטער זיינען געוואָרען גראָב, בעליידיגענד און אונערטרעגליך.

ס׳האָט אָנגעהויבען רעגענען מיט שטראָפען.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך בין צוריק אין אָבערייוו אָדער אין ניי-קאַלעדאָניען.

פֿערשטעהט זיך, אַז די ערשטע זאַך האָט זיך דער דאָזיגער פּראָוויזאָ-רישער דירעקטאָר געמומען צו מיר.

סערווען איז געווען אַן אָפֿיציר אין 1871טען יאָהר און האָט גענומען אַ גרויסען אָנטהייל אין דער אונטערדריקינג פֿון דער קאָמונע.

ער איז דאַן פֿערוואונדעט געוואָרען און מען האָט איהם געמוזט אַרונ-טערנעהמען דעם לינקען אָרם.

ער האָט אַלזאָ ניט געקענט מוחל זיין די פֿעדערירטע פֿאַר דער האַנד, וואָס ער האָט פֿערלאָרען.

ווי ער האָט זיך נור דערוואוסט, אַז איך געפֿין זיך צווישען די געפֿאַנ-גענע פֿון קלערמאָן, האָט ער מיך גלייך געשיקט רופֿען צו זיך אין ביוראָ.

— אַה, איהר זייט דאָ! — האָט ער זיך אָבגערופֿען צו מיר, ווי ער האָט מיך נור דערזעהן. — כ'האָב געהערט זעהר פֿיעל ריידען פֿון אייך.

— איך קען ניט זאָגען דאָסזעלבע וועגען אייך, — האָב איך געענט-פֿערט — ווייל איך האָב נישט די עהרע אייך צו קענען.

— נאַ, איהר וועט מיך שוין באַלד קענען, — האָט ער זיך געבייזערט.

און אַזוי ווי ער האָט בעמערקט, אַז איך קוק איהם עפּעס אָן ווי פֿער-וואונדערט, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— יאָ, יאָ; מאַכט זיך נאָר ניט אַזוי תם'עוואַטע. איהר וועט מיך גאָר גיך דערקענען. ביז אַהער האָט איהר געטהאָן דאָ וואָס איהר האָט געוואָלט. דער פֿריהערדיגער דירעקטאָר איז געווען זעהר אַ גוטער. איך בין נישט אַזוי ווי ער, דאָס זאָג איך אייך אַפֿריהער. אין פֿערלויף פֿון די דריי מאָנאַטען, וואָס איך וועל דאָ פֿערברייננגען, וועט איהר פֿון מיר האָבען קאַלטס און וואַרימס...

— נאַ, וויינינגסטענס ווייס איך מיט וועמען איך האָב צו טהאָן, — האָב איך געענטפֿערט. — איך ווייס, אַז איהר גרייט זיך צו פֿאָראויס צו זיין שטריינג מיט די, וועלכע זיינען אייך ניט סימפּאַטהיש. זעהט איהר, אייער אָפֿענהער-ציגקייט געפֿעלט מיר גראָד. נאָר ערלויבט מיר אייך צו בעמערקען, אַז דאָס וואָס איהר סטראַשעט מיר שוין איצט מיט אייערע דונערן, איז עפּעס גאָר-ניט פּאַסיג. דאָ זיינען אַלע געפֿאַנגענע גלייך. איך פֿערשטעה, אַז איהר האָט אַ רעכט צו זיין שטריינג, נאָר איך גלויב ניט, אַז איהר קענט עס זיין אַזוי סתם אין ד'ר וועלט אַריין, גאָר אָהן אַ שום אורזאַכע... אַז איהר וועט זיך האָבען מיט וואָס צו בעקלאָגען געגען מיר, וועט איהר מיר קענען בע-שטראָפֿען...

דער דירעקטאָר האָט מיר ניט געלאָזט ענדיגען:

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו מיר, אָקוראַט ווי אַ טיגער, און מאַ-כענדיג מיט זיין איינציגער האַנד, האָט ער געשריען:

— אַה! איהר רעדט מיר אַנטקעגען, איהר מיינט מיך איבערצושרעקען. נו, פֿאַר אייער ניט-אָנשטענדיגען ענטפֿער וועל איך אייך בעשטראָפֿען מיט

אכט טאָג קאַרצער... יאָ, אַכט טאָג קאַרצער. קיינער האָט מיר נאָך קיינמאָל ניט אַנטקעגען גערעדט, איהר הערט? די וואָס ווילען מיך בעהערשען, די צוברעך איך. כ'צוברעך זיי אַזוי ווי גלאָז...

ס'איז קיין צווייפעל ניט, סערוועו איז געווען משוגע אויף טויט.

זיין פלאַץ איז ניט געווען אין קלערמאַן אַלס דירעקטאָר, נאָר אין דול-הויז...

די לעכערליכע שטראָף, וועלכע ער האָט מיר געגעבען, האָט עס גע-צייגט אַם בעסטען.

אַ וועכטער האָט מיך גלייך אַוועקגעפיהרט אין קאַרצער, אין דער צייט וואָס סערוועו האָט ווייטער גערעדט צו זיך:

— אַה, כ'וועל איהר ווייזען, אָט די דאָ, ווער און וואָס איך בין. נישקשה, דער קאַפּיטאַן סערוועו וועט זיך ניט לאָזען איבערשרעקען פון אַ קאָמונאַרין...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין נייע דירה איז געווען אַ פינסטער, פייכט און פערפעסטעט קעמערל. אַ געלעגער פון ווערעמדיגע האָלץ, וואָס האָט געדיענט אַלס בעט, איז גע-ווען די גאַנצע מעבעל...

כ'האָב דאָך שוין אין מיין לעבען געזעהן קאַרצערס און איך בין, דוכט זיך, געוועהנט געווען צו אַזעלכע שטראָפען, נאָר איך מוז מודה זיין, אַז דאָס דאָזיגע קעמערל איז כמעט געווען אונערטרעגליך.

ס'האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי איינער פון יענע מורא'דיגע פלעצער, וואו די אינקוויזיטאָרען פלעגען האַלטען זייערע אָפּפער, איידער זיי פלעגען זיי נעהמען אויף'ן פערהער...

אַזוי גיך ווי דאָס דאָזיגע שרעקליכע קעמערל האָט זיך צוגעמאַכט, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף מיין „בעט" און זיך גענומען טראַכטען.

וואָס דען טהוט מען אין אַזאַ מין קאַרצער, אויב ניט טראַכטען וועגען דעם צושטאַנד, אין וועלכען מען געפינט זיך?!

נאָר מיט אַמאָל איז מיר עפּעס אַרויף אויף'ן זינען.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז געוועהנליך איז איינגעפיהרט אין די טור-מעס, אַז די, וואָס ווערן בעשטראָפט מיט קאַרצער, קענען ניט אויפנעהמען קיין בעזוך און דאַרפען זיך ניט זעהן מיט זייערע קרובים אָדער פריינדע.

און דאָ דאַרף מיין מוטער קומען צו מיר דעם נעכסטען דאָנערסטאָג!

ס'איז געווען פרייטאָג. זעקס טעג זיינען געבליבען ביז דאַן, און מען קען זיך משער זיין מיין ווייטאָג.

כ'האָב אפשר קיינמאָל, זייט איך בין געווען אין קלערמאַן, ניט גע-וויינט אַזוי ביטער, ווי דאַן. כ'האָב געוויינט הויך אויף'ן קול, איך בין געווען אויסער זיך פאַר פערדרוס.

פלוצלינג האָב איך דערהערט לעבען מיר אַ פרויען-שטימע, וועלכע האָט געזאָגט:

— ניט געהמט זיך אזוי צום הארצען; מען געהט ארויס פון קארצער אסך לייכטער ווי פון קבר...

איך האב געוואלט אויסגעפינען, ווער עס רעדט דאס צו מיר, נאר אין דער פינסטער האב איך קיינעם ניט געקענט זעהן.

— ווער איז דארט?—האב איך געפרעגט.

— א געפאנגענע ווי איהר.

— אבער וואו געפינט איהר זיך?

—אין א קעמערל לעבען אייער. כ׳האב ארויסגענומען א שטיין פון וואנד, ווארט אויס, כ׳וועל באלד אריינקומען צו אייך.

כ׳האב דערהערט א לייכטען גערויש, א שטיין איז ארונטערגעפאלען אויף דער ערד, דערנאך האב איך דערזעהן א שאטען, וועלכער איז געשטאנען פונקט אנטקעגען מיר.

איך האב זיך אויפגעהויבען.

די געפאנגענע האט מיך אנגענומען פאר׳ן ארם און מיר געזאגט:

— ס׳איז ווירקליך א גליק וואס איהר האט מיך דא געטראפען, אניט וואלט איהר זיך דא געלאנגווילט צום טויט.

— ווירקליך,—האב איך געענטפערט.

— מיט מיר וועט אייך שוין גארניט זיין סקוטשנע; כ׳וועל אייך זינגען לידער, כ׳וועל אייך שפּיעלען טהעאטער... און אויסערדעם, וועלען מיר פון צייט צו צייט מאכען א קליינעם שפאציר...

— וואוהין?... — האב איך געפרעגט.

— וואס הייסט וואוהין? אין די אונטערערדישע גענג פון דער טורמע, פערשטעהט זיך. מיר געפינען זיך דא אויף דעם פלאץ פון אן אלטען קלויסטער. איהר וועט זעהן, ס׳איז זעהר אינטערעסאנט... איך האב זאגאר געפינען אין די קעלערן א גאנץ ריינעם, ליכטיגען ארט, וואס קען אונז דיענען אלס שלאפצימער... דאן קענען מיר פון צייט צו צייט ארויסגעהן פון געפענגניס; אז מיר וועלען זיך גאר לאנגוויילען, וועלען מיר נעהמען די אייזענבאהן און זיך דורכפאהרען אביסעל קיין פאריז...

— קיין פאריז!—האב איך א געשריי געטהאן—איהר שפאסט?...

— איך שפאס גארניט, איהר וועט שוין זעהן... און אויסערדעם וועלען מיר דא האבען בעזוך; פיעל פון מיינע פריינדינען קומען אהער זיך זעהן מיט מיר.

כ׳האב ניט אנגעהויבען וויסען וואס צו טראכטען וועגען דעם.

נאר די געפאנגענע האט מיר גאר קיין צייט ניט געגעבען צו טראכטען; זי האט ווייטער גערעדט אין געדעדט אהן אן אבשטעל.

— אנימאלט,—האט זי געזאגט — זיינען מיר געווען זעכצעהן פערזאן דא אין קעלער... כ׳האב איינגעלאדען ארטיכטען פון פאריז. מיר האבען געמאכט אזא ליארם, אז איך האב געציטערט, די וועכטער זאלען ניט דער-

הערען, נאָר איך האָב זיך איבערצייגט, אַז מען הערט גאָרניט דאָ אין גע-
פענגניס. אַה, איהר וועט זעהן, ווי מען וועט זיך אַמוזירען! .. אַנומאָלט
האָבען מיר געשפּיעלט „האַמלעט", היינט אָווענד וועלען מיר שפּיעלען
„הערנאַני". דאָס וועט זיין גרויסאַרטיג, אַה! אַה! אַה!

און זי האָט מיך אָנגענומען פאַר די הענד און מיך אַרומגעדרעהט גע-
גען מיין ווילען.

דערנאָך האָט זי מיך דורך דער קליינער עפענונג אַריינגעשלעפּט צו זיך
אין קעמערל און פון דאָרט זיינען מיר אַרונטער עטליכע שמאָלע טרעפּ און
מיר האָבען זיך געפונען אין אַ גרויסער הייהל.

— וואַרט אויס,—האָט זי געזאָגט — כ׳וועל אָנצינדען אַ ליכט.

זי האָט אָנגעצונדען אַ שטיקעל וועקסענע ליכט און איך האָב מיט
שרעק דערזעהן אַ פּאָר צעהנדליג שטשורעס, וועלכע האָבען זיך אַרומגע-
גליטשט לעבען אונזערע פיס.

די געפאַנגענע האָט זיי אַ וואָרף געטהאָן אַ שטיקעל ברויט און די
שרצים האָבען זיך גלייך ארומגעקליבען אַרום דעם.

— איך וועל אייך פאָרשטעלען מיינע פריינד, — האָט זי זיך אָבגערו-
פען.—איהר זעהט אָט דעם גראָבען? דאָס איז „האמלעט"... אָט דער דאָ איז
„ראָמעאָ"... און אָט זיינען „אָפעליאַ" און „באַנקאָ"... זיי זיינען מאָדנע חברה-
לייט, האַ?...

און אַזוי ווי איינע פון שעקספּיר׳ס כשוף-מאַכערינס, האָט זי זיך גע-
נומען טאַנצען און שיטען מיט ווע־טער אָהן אַן אויפהער.

די אונגליקליכע איז געוועזן פערריקט!

זשאַנין — אַזוי האָט זי געהייסען—איז געוועזן אַן אָפּעראַ-זינגערין. אויף
ווי ווייט איך האָב געקענט אַרויסגעהמען פון די געשפּרעכען, וואָס מיר
האָבען געפיהרט, האָט זי געהאַט אַ זעהר טרויעריגע פערגאַנגענהייט. נאָך
גאָר יונגערהייט איז זי געבליבען אַ יתומה. איהר פאָטער, אַ מוזיקער, האָט
ניט געקענט פערדיענען גענוג אויף צו ערנעהרען זיין ווייב און קינד, האָט
ער זיך גענומען דאָס לעבען. באַלד נאָכדעם איז די מוטער געשטאָרבען,
און זשאַנין איז געבליבען אַליין. זי האָט זיך אָבער ווי עס איז דורכגעשלאָ-
גען איהר וועג און איז געוואָרען אַ פּראָפעסיאָנעלע זינגערין.

איהר וואַהנזין איז געקומען דורך אַ ליעבע. זי האָט חתונה געהאַט מיט
אַ יונגען טענאָר-זינגער, וועלכער האָט איהר זעהר שלעכט בעהאַנדעלט און
צולעצט גאָר אַוועקגעוואָרפען. די אָרימע פרוי האָט דעם מאַן איהרען אַזוי
ליעב געהאַט, אַז זי איז דורך דעם איינפאַך פון זינען אַראָב. אַ צייט לאַנג
איז זי אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטען אין האָט איבעראַל געזוכט איהר גע-
ליעבטען. איינמאָל, ווען זי איז געשטאַנען ביי דער אָפּעראַ-געביידע אין
פאַריז, האָט זיך איהר אָבגעדוכט, אַז זי האָט געזעהן ווי איהר מאַן געהט
אַריין אין אַ וואָגען. זי איז איהם נאָכגעלאָפען און האָט זיך אָנגעהאַנגען אָן

איהם. דאָס איז געווען אַ פּרעמדער, וועלכער האָט זיך אַביסעל געכאַמע-וועט אין איהר מאַן. מע האָט איהר אַרעסטירט און אין אַן אויסברוך פֿון ווילדען וואַהנזינן האָט זי מיט אַ שטיק אייזען דער הרג׳עט אַ פּאָליציי-מאַן. אָנשטאָט איהר אָבצושיקען אין אַ משוגעים-הויז, האָט מען זי פֿער-משפּט צו אייביגער טורמע. און דאָ, אין קלערמאָן, האָט מען קיין אַנדער אָרט ניט געפֿונען פֿאַר דער דאָזיגער אונגליקליכער פֿרוי, נאָר אין אַ פּייכ-טע, פֿינסטערן קעלער, וואו זי האָט זיך שוין געפֿונען זייט דריי מאָנאַט צייט. איבעריג צו זאָגען, אַז איהר וואַהנזינן איז דאָ געוואַקסען פֿון טאָג צו טאָג...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ענדליך האָט זיך מיין שטראָף געענדיגט און מען האָט מיך אַריבערגע-פֿיהרט צוריק אין מיין געוועהנליכען קאַמערל.

די וועכטער זיינען איצט געוואָרען מוראָ׳דיג שטריינג צו מיר.

ס׳איז שוין שטענדיג אַזוי: ווען דער דירעקטאָר נעהמט זיך דאָס רעכט צו פֿערפֿאָלגען אַ געפֿאַנגענע, דאַן טהוען איהם די וועכטער נאָך און זיי זוכען איהם נאָך אַריבערצושטייגען.

דאָס ליגט שוין אין דער טבע פֿון שקלאַפֿען זיך צו צייגען נאָך נידע-ריגער און געמיינער, ווי מען פֿערלאַנגט עס פֿון זיי.

נאָר די שקלאַפֿען פֿון קלערמאָן זיינען איינפֿאַך געוואָרען אונער-טרעגליך.

ביי דער מינדעסטער געלעגענהייט, וואָס זיי האָבען נור געהאַט, האָ-בען זיי געזיכט מיך ארויסצוברייגנען פֿון געדולד, און קיין אַנדער נאָמען האָבען זיי פֿאַר מיר ניט געהאַט נאָר „אונטערציגדעדין".

כ׳האָב אימער געהאַט גענוג געדולד, נאָר די געפֿאַנגענשאַפֿט האָט אַפֿנים נעווירקט אויף מיר און איך האָב עס ניט געקענט אַריבערטראָגען.

איין טאָג בין איך אַרויס פֿון די כלים און האָב זיך צובונטעוועט געגען די געמיינהייט פֿון די וועכטער.

איך האָב נאָר וואָס אויסגעקעהרט מיין קאַמערל, ווען אַ וועכטער מיט׳ן נאָמען מערען איז צוגעקומען און האָט מיר מיט אַ פּרעכען טאָן געזאָגט:

— איהר הויבט דאָך ניט אָן צו קענען קעהרען.

נו, זעהט איהר, בין איך בדלות, אַז איך קען ניט קעהרען; כ׳האָב איהם קיין וואָרט ניט געענטפֿערט אויף זיין נארישער בעמערקונג.

נאָר ער האָט זיך ניט בענוגעגט מיט דעם.

— כ׳זאָג אייך,—מאַכט ער ווייטער, — אַז איהר קענט ניט קעהרען. נאַט, זעהט, איהר לאָזט דאָך איבער די גאַנצע מיסט אין די ווינקלען.

דאָס, וואָס ער האָט גערופֿען מיסט, איז געווען איינפֿאַך אַזעלכע שטיק-לאַך שטויב, וועלכע זיינען פֿול געווען אין די געפֿענגניסע.

איך האָב גענומען נאָך אַמאָל דעם בעזים און זיך געשטאַרעט אַוועק-צוקעהרען דאָס, וואָס דער וועכטער האָט גערופֿען מיסט.

אַז איך האָב געענדיגט, רוף איך זיך אָב צו איהם:

— נו, איצט איז שוין גוט?

— יאָ,—האָט ער געענטפערט—ניט שלעכט. איהר מאַכט פּראָגרעס. . איהר וועט אין גיכען זיין אַ אויסגעצייכענטע גאַכען-קעהרערין; און אַז איהר וועט אַרויס פון טורמע, אַנשטאָט צו געהן אויספּלינדערן די בעקערייען, וועט איהר קענען פערדיענען געלד, ריין געגדיג די גאַסען פון פּאַריז.

און ריידענדיג האָט דער וועכטער צוריסען אַ ציימונג אין גאַנץ קליינע שטיקלאַך.

כ׳האָב געמיינט, ער וועט אַריינלייגען די צוריסענע שטיקלאַך פּאַפּיר צו זיך אין קעשענע.

אָבער ס׳האָט זיך גאָרניט אָנגעהויבען. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן אידיאָטישען בליק און אַ וואָרף געטהאָן די שטיקלאַך פּאַפּיר אין מיטען קע-מערל מיט די ווערטער:

— קעהרט ווייטער, איהר וועט זיך בעסער צוגעוועהנען דערצו.

נאַ, מעהר האָב איך שוין ניט געקענט אויסהאַלטען.

— עזעלקאָפּ!—האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

— וואָס האָט איהר געזאָגט? — האָט דער וועכטער געפרעגט מיט רציחה.

— כ׳האָב געזאָגט, אַז איהר זייט אַן עזעלקאָפּ און איך ווידערהאָל עס.

מערען איז גלייך אַרויס פון מיין קאַמערל.

אין עטליכע מינוטען אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט איינעם פון זיינע קאָלעגען.

— וועט איהר האָבען דעם מוטה צו ווידערהאָלען אין מיין פריינד׳ס אָנוועזענהייט דאָס, וואָס איהר האָט אָקאָרשט געזאָגט?—האָט ער מיט כעס געפרעגט.

— געוויס,—האָב איך געענטפערט.—כ׳האָב געזאָגט, אַז איהר זייט אַ חמור-קאָפּ, און איך האַלט זיך דערביי.

מערען איז געווען מלא רציחה.

כ׳האָב געמיינט, אַז ער וועט אויפהויבען די האַנד אויף מיר און וועט מיך וועלען שלאָגען.

— נאַ, גוט,—האָט ער זיך בענוגענט צו מורמלען. — דאָס וועט אייך טהייער קאָסטען. איהר קענט זיך פערלאָזען אויף מיר.

— טהוט וואָס איהר ווילט, — האָב איך געענטפערט — איך לאַך זיך אויס פון אייערע סטראַשונקעס.

די צוויי וועכטער זיינען זיך אַוועק.

ס׳איז געווען זיכער, אַז זיי זיינען געגאַנגען צום דירעקטאָר.

איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף מיין בעטעל און געוואַרט.

באַלד האָב איך דערהערט, ווי מען רופט אויס מיין נומער אין קאָ-רידאָר.

כ׳האָב אַ קוק געטהאָן דורך דאָס קליינע פֿענסטערל אין מיין טהיר און דערזעהן דעם אויבער-וועכטער, וועלכער האָט זיך געלאָזט געהן צו מיר.

צוקומענדיג לעבען מיין קעמערל, האָט ער אַ געשריי געטהאָן׃

— דער דירעקטאָר וויל זיך זעהן מיט „מאַדאַם די אונטערצינדערין".

און טאַקי אין דערזעלבער רגע איז ער געווען איבערווייניג ביי מיר אין קעמערל און האָט מיך אַרויסגערופֿען.

— דאָס מאָל—האָט ער געזאָגט — וועט איהר, גלויב איך האָבען צו געדיינקען...

קוים האָב איך נאָר אַריבערגעטראָטען דעם שוועל פֿון דעם דירעקטאָר׳ס ביורא, אַז ער האָט דאָס אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ גאַנצען שטראָם פֿון גראָבע ווערטער און באַליידיגונגען.

איך האָב קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

— וואָס זשע, איהר וועט גאָרניט ענטפֿערן, ווילדע חיה וואָס איהר זייט?—האָט ער געליאַרעמט.—איהר וועט ענטפֿערן צי ניט?

— איהר האָט דאָך מיר נאָך גאָרנישט געפֿרעגט — האָב איך געזאָגט מיט אַ שמייכעל, — ביז איצט האָט איהר זיך בלויז בענוגענט מיט זידעל-ווערטער און באַליידיגונגען...

דער דירעקטאָר האָט זיך, ווייזט אויס, אַביסעל בערוהיגט.

— וואָס האָב איך געהערט,—האָט ער זיך ענדליך אָבגערופֿען—איהר האָט באַליידיגט אַ וועכטער, איהר האָט איהם זאָגאַר געשלאָגען.

— מעגליך, אַז איך האָב באַליידיגט אַ וועכטער, ווי איהר זאָגט, אויב דאָס הייסט באַליידיגט אַ מענשען, אַז מען זאָגט איהם דעם אמת... נאָר איך האָב איהם ניט געשלאָגען.

— איהר זאָגט ליגען.

— איידער איהר מאַכט אַזאַ בעהויפּטונג, וואָלט גלייכער געווען, איהר זאָלט דערגעהן אויף ריכטיג וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען.

— איך בין שוין דערגאַנגען אַלעס. דער וועכטער מערען האָט מיר דערצעהלט, אַז איהר האָט איהם גערופֿען מערדער, באַנדיט, אויסוואורף, און אַז איהר האָט איהם געשלאָגען... ער האָט מיר געוויזען זיין מאַנטעל, וועלכער איז אין גאַנצען צוריסען.

— דער וועכטער מערען האָט אייך ניט דערצעהלט דעם אמת,—האָב איך געענטפערט.—אַזוי ווי ער האָט זיך אַמוזירט דערמיט וואָס ער האָט צוריסען אַ צייטונג און פֿערזעצט די שטיקלאַך פּאַפּיר ביי מיר אין קעמערל, האָב איך איהם גערופֿען עזעלקאָפּ, דאָס איז אַלעס...

— זי איז זיך מודה! זי איז זיך מודה!—העט דער דירעקטאָר אַ געשריי געטהאָן.

— איך דערצעהל אַזוי ווי ס׳איז געוועז.

— און איהר האָט זיך בלויז בענוצט מיט דעם וואָרט „עזעלקאָפּ"?

— יאָ, מיין העדר.

דער דירעקטאָר האָט אַ דריק געטהאָן אַ קנעפּעל.

אַ וועכטער איז אַריינגעקומען.

— געהט רופט מיר אַהער דעם אויפזעהער מערע̃ן, האָט דער דירעקטאָר געזאָגט.

אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז מערען אַריינגעקומען. ער האָט זיך אַזוי איינגעבויגען, בעת ער האָט בעגריסט דעם דירעקטאָר, אַז ס'האָט אויסגעוויזען, אַז ער וועט זיך איבערברעכען אויף צווייען...

— איך וואָלט וועלען, איהר זאָלט נאָך אַמאָל אָבגעבען אייער ערקלעהרונג,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט.—דיזע פרוי ערקלעהרט, אַז איהר האָט ליגען געזאָגט.

— אָה, הערר דירעקטאָר,—האָט דער וועכטער געמורמעלט—ביי דעם דאָזיגען מי־יטערישען צייכען, וואָס איך טראָג, שווער איך, יאָ, איך שווער, אַז איך האָב אייך געזאָגט דעם אמת.

— איך צווייפעל גאָרניט אין דעם... אָן אַלטער דיענער ווי איהר, אַן אַלטער סאָלדאַט ווייסט ניט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס זאָגען אַ ליגען... נאָר דערצעהלט מיר אַקאָרשט נאָך אַמאָל, אין דער אָנוועזענהייט פון אָט דער ווילדער בריאה, אַלעס וואָס איז פאָרגעקומען.

— אָט וואָס, הערר דירעקטאָר: איך בין געווען אין דער דריטער אָבטהיילונג און האָב אכטונג געגעבען, ווי מען קעהרט אויס די קעמערלאַך. איהר האָט אונז אָנגעזאָגט, גוט אַכטונג צו געבען, ס'זאָל זיין ריין אין געפענגניס, און איך סטאַרע זיך מיט אַלע כוחות אויכצופיהרען אייער בעפעהל. הקיצור, אַזוי ווי איך האָב איפּמערקזאַם געמאַכט אָט די געפאַנגענע, זי זאָל בעסער אויסקעהרען איהר שטיבעל, האָט זי אַוועקגעשטעלט דעם בעזים אין אַ ווינקעל, צונויפגעלייגט די אָרימס און זיך אויסגעלאַכט פון מיר. איך האָב איהר געזאָגט, אַז אויב זי וועט אזוי אָנגעהן, וועל איך זיין געצוואונגען אייך דערלאַנגען אַ קלאַגע אויף איהר.

— וואָס זשע האָט זי אייך געענטפערט?

— זי האָט מיר געענטפערט: „איך לאַך זיך אויס פון דיין קלאַגע, דו גראָבער יונג!"...

— אַזוי גאָר,—האָב איך זיך אַריינגעמישט—איהר האָט דאָך געזאָגט, אַז איך האָב אייך גערופען מערדער, באַנדיט, אויסוואורף.

מערען איז אַביסעל צומישט געוואָרען, נאָר אַזוי ווי דער דירעקטאָר האָט פון איהם קיין אויג ניט אַרונטערגענומען, האָט ער גלייך צוריק געקראָגען מוטה און געזאָגט:

— יאָ, זי האָט מיך בעליידיגט אין געזידעלט מיט די ערגסטע ווערטער. זי האָט מיך גערופען מערדער, באַנדיט, און זי האָט מיך אויך, מיט רעם פעקט צו מעלדען, גערופען חזיר, הערר דירעקטאָר...

איך האָב געוויאָלט פּראָטעסטירען געגען דיזער ליגנערישער ערקלעהרונג.

— שווייגט שטיל,—האָט דער דירעקטאָר אַ געשריי געטהאָן.

מערען האָט פאָרטגעזעצט:

— דערנאָך האָט זי זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף מיר, האָט מיר אויס-געריסען די קנעפּ פֿון מיין ראָק און איך האָב זיך קיים מיט צרות אַרויסגע-ריסען פֿון איהרע הענד.

— שוין גיט,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט — דאָס איז גענוג. איך גלויב אייך, מיין בראַווער מערען. צווישען אייער וואָרט און דאָס וואָרט פֿון אָט דער פֿעררינקטער, וויים איך וועמעס אויסצוקלייבען. איהר קענט געהן.

דער פֿייגעלינג האָט זיך פֿערנייגט און איז אַרויס, אָבער ער האָט ניט געקאָנט אַ קוק טהאָן אין מיין זייט, כדי ער זאָל זיך ניט בעגעגענען מיט מיין בליק.

אַז מיר זיינען געבליבען אַליין, רופֿט זיך דער דירעקטאָר אָב צו מיר:

— כ'האָב געמיינט, אַז איהר זייט בלויז אונגעהאָרזאַם, אָבער איצט וויים איך, אַז איהר זייט אַן איינפֿאַכע ליגנערין.

דערנאָך האָט ער זיך אויפֿגעהויבען און אַרומשפּאַצירענדיג איבער זיין ביוראָ, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין:

— אָט דאָס הייסט אַביסעל אַ באַנדע, די רעוואָלוציאָנערן! אַלע אַל-ציינס, ניטאָ קיין איינער, וואָס זאָל האָבען וואָס פֿאַר עס איז גוטע אייגענ-שאַפֿט. אַז זיי הרג'ענען ניט און קוילען ניט קיין מענשען אָדער זיי צינדען ניט אונטער קיין הייזער, זאָגען זיי ליגען אייף טיש און אויף בייגק... אָה, מען האָט פֿאַלשטענדיג רעכט געהאַט אין 1871, ווען מען האָט געזאָגט, אַז די דאָזיגע באַנדע איז מעהר ניט ווערטה ווי דערשאָסען צו ווערען אָהן אַ שום רחמנות. אַ שאָד וואָס מען האָט זיי ניט געקענט אַלע אויסראָטען מיט אַמאָל...

— מיין הערר, — האָב איך זיך אָבגערופֿען — איך בין ניט געקומען אַהער הערען, ווי איהר בעליידיגט מיינע ברידער.

— איהרע ברידער!—האָט דער דירעקטאָר אַ געשריי געטהאָן—זי האָט נאָך די העזה צו רופֿען די דאָזיגע לייט ברידער.

— יאָ,—האָב איך געענטפֿערט—און זיי וועלען זיין מיינע ברידער ביז דער לעצטער רגע פֿון מיין לעבען. זיי מעגען זיך האָבען אידעען, מיט וועל-כע איהר זייט ניט איינשטימיג, נאָר ס'איז אייך ניט ערלויבט זיי צו בעליי-דיגען.

דער דירעקטאָר האָט מיך אָנגעקוקט מיט תמ'עואַטע אויגען.

— וואָס ושע, איהר מיינט עס מאַק ערנסט דאָס, וואָס איהר זאָגט?

—האָט ער געפֿרעגט.

— געוויס.

— אויב אַזוי, בעדויער איך אייך זעהר. ס'איז אייער גליק, וואָס מיין

אַמט אין קלערמאָן ענדיגט זיך שוין באַלד און איך וועל מוזען אָבפּאָהרע פון דאַנען; וואָרים איהר מעגט עס וויסען, אַז איך וואָלט אייך ניט געשאָ-נעוועט, און איך קען זיך ווען מיט אייך, אז מיר וואָלט זיך איינגעגעבען צו צאַמען אַביסעל אייער ווילדקייט, מאַדאַם די רעוואָלוציאָנערקע!

— מיך צאַמט מען ניט,—האָב איך געענטפערט. — ווען איהר וואָלט מיך אפילו געמאַטערט אַזוי ווי אין די צייטען פון דער אינקוויזיציאָן, וואָלט איך זיך אויך ניט אָבגעזאָגט פון קיין איינציגער פון מיינע אידעען. איהר זייט ניט ערשטער געפענגניס-דירעקטאָר, וואָס איך זעה אין מיין לעבען. זיי האָבען מיך אַלע געוואָלט צאַמען, ווי איהר זאָגט, נאָר זיי האָבען געמוזט פערגעסען אָן דעם. אַ טהייל פון זיי זיינען זאָגאַר געווען קלוג גענוג צו פערשטעהן, אַז זיי האָבען גאָר קיין רעכט ניט צו אונטערדריקען דאָס געוויסען פון זייערע געפאַנגענע און זיך נוקם זיין אָן זיי פאַר די טעג פון דעם 1871טען יאָהר...

— איך,—האָט געענטפערט דיזער דומער קערל—איך בין דער ביטער-סטער פיינד פון דער רעוואָלוציאָן. איך האָב קיינמאָל ניט געקענט פערשטעהן, ווי אַזוי עס זאָלען זיך געפינען אויף דער וועלט מענשען, וואָס זאָלען זיין רעוואָלוציאָנערן.

— דאָך זיינען פאַראַן אַסך פון זיי.

— דאָס זאָגט איהר אזוי...

— איך זאָג דאָס וואָס איז. די אַלע, וואָס האָרעווען און ליידען, די אַלע, וואָס ניט קוקענדיג אויף זייער ענערגיע און אויף זייער קוראַזש, קע-נען זיי פונדעסטוועגען ניט שאַפען גענוג ברויט פאַר זייערע ווייבער און פאַר זייערע קינדער,—אָט די אַלע זיינען רעוואָלוציאָנערן... איהר קענט זיכער זיין, הערר דירעקטאָר, דער שטראָם פון די ליידענדע ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג, און ס'וועט קומען די שטונדע, ווען דיזער שטראָם וועט איינוואַרפען אַלע ווענד, וואָס די געזעלשאַפט האָט אויפגעשטעלט, כדי זיך צו בע-שיצען...

דער דירעקטאָר האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך פערטראַכט אַ ווײַלע, האָט ער געזאָגט:

— אַזוי? נו, און אַז דער שטראָם, פון וועלכען איהר רעדט, וועט אַוועקטראָגען די ווענד, וועלכע בעשיצען אונז, און אַז איהר וועט זיין צווי-שען די רעוואָלוציאָנערן, וועט איהר דאָך אַודאי מיך אייך האָבען ביי אייך אין די הענד... כ'קען וועטען, אַז איהר וועט מיך אָבראָטען אויף'ן פייער, ניט אַזוי?...

כ'האָב געצויגען מיט די פלייצעס.

— יענעם טאָג,—האָב איך געענטפערט — וועלען מיר האָבען עפּעס אַנדערש צו טהאָן, ווי זיך אָבצוגעבען מיט עטליכע קלעגליכע איינצעלנע ברואים...

דיזער ענטפּער האָט געשלאָסען די דעבאַטע.

דער דירעקטאָר האָט געזעהן, אַז ער וועט זיך מיט מיר ניט אויס׳טענה׳ן, האָט ער צוריק אָנגענומען זיין דירעקטאָרשע מיענע און האָט גענימען ריידען צו מיר ווי צו אַ געפאַנגענע.

— לואיזע מישעל,—האָט ער מיט אַ בייזען טאָן געזאָגט—איהר האָט בעגאַנגען אַן אקט פון רעבעליאָן, איהר האָט בעליידיגט און געשלאָגען אַ וועכטער. איך בעשטראָף אייך מיט אַ מאָנאַט קאַרצער.

כ׳האָב זיך קיין ריהר ניט געטהאָן, אַזוי וויניג האָט מיך די דאָזיגע שטראָף זיינע געאַרט.

אָבער דיזער שלעכטער מענש האָט עס בעמערקט און ער האָט געפונען אַ מיטעל, ווי אַזוי מיך צו ריהרען.

און גלייך נאָכדעם האָט ער ווייטער געזאָגט:

— כ׳האָב געהאַט בדעה פון היינט אָן אייך צו ערלויבען צו האָבען בעזוך דאָ אין טורמע. נאָר איצט קען וועגען דעם מעהר קיין רייד ניט זיין. אייער מוטער שרייבט מיר, אַז זי וועט מאָרגען קומען זיך זעהן מיט אייך. כ׳וועל היסען. מען זאָל איהר ענטפערן, אַז זי זאָל זיך ניט בעמיהען אומזיסט... אַזוי לאַנג ווי איך וועל זיין אין קלערמאָן, וועט איהר קיינעם ניט זעהן, קיינעם ניט, איהר הערט?

דיזע בשורה האָט מיר פערדריקט ביים האַרצען. מיינע אויגען זיינען פיל געוואָרען מיט טרעהרען און איך האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן צום דירעקטאָר מיט אַ געשריי:

— דאָס וואָס איהר טהוט, מיין הערר, איז אונמענשליך.

— איך ווייס עס גאַנץ גוט,—האָט ער מיט אַ שפּאָטישען טאָן געענטפערט—נאָר מיט אַזעלכע געפאַנגענע פון אייער סאָרט, מוז מען אָנגעהן מיט אַזעלכע גרויסע מיטלען...

## XI

## די צוואַנגס־יאַק.

אין אַ האַלבע שעה אַרום בין איך פון דאָס ניי געווען אין יענעם פערפעסטעטען קעמערל, לעבען דער אונגליקליכער זשאַנין.

דאָס, פאַרוואָס איך האָב געציטערט, איז אַלזאָ געקומען.

איך וועל אַלזאָ מוזען לעבען אָבגעשיידט פון אַלעמען, בעגראָבען לעבעדיגערהייט אין דער ערד.

אין פערליף פון אַ מאָנאַט צייט וועל איך ניט האָבען ניט קיין לופט און ניט קיין זונענשיין!

אָבער ניט דאָס האָט מיך געאַרט.

ניין, מיין גאַנצער עגמת נפש איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס איך קען זיך ניט זעהן מיט מיין מוטער.

כ׳האָב געוואוסט, אַז זי איז ענדליך בעסער געוואָרען און אַז זי קלייבט זיך קומען אין קלערמאַן זיך זעהן מיט מיר. נאָר איך האָב ניט געוואוסט, אַז דער דאָזיגער בעזוך איז אַזוי נאָהענט.

אָה, ס׳איז געווען פון וואָס פערריקט צו ווערען!

כ׳האָב געוויינט און געקלאָגט, אין זיך און אויף׳ן קול. צייטענווייז בין איך געוואָרען ווילד פאַר אויפרעגונג, כ׳האָב געקראַצט אָן דער טהיר פון מיין קעמערל, אָן די ווענד...

נאָר אָט אַפּנים, אַז בעקלאָגען זיך האָט מען אויך קיין רעכט ניט געהאַט אין דיזען גיהנום, וואו מען האָט מיך איינגעשלאָסען.

איין נאַכט, ווען איך האָב אַזוי געוויינט און געיאָמערט אויף מיין אומגליק, האָב איך הינטער מיין טהיר דערהערט אַ שטימע, וועלכע האָט געזאָגט:

— אויב איהר וועט ניט אויפהערן מאַכען אַזאַ גערויש, וועט מען אייך אָנטהאָן די צוואַנגס-יאַק.

די צוואַנג-יאַק!

אַבי איך האָב געמיינט, אַז די פייניגונגס-מיטלען זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען אין פראַנקרייך!

אָה! איך וועל לאַנג געדיינקען דאָס געפענגניס פון קלערמאָן.

כל זמן איך וועל לעבען וועל איך זיך דערמאָנען אָן די שמערצליכע שטונדען, וואָס איך האָב פערבראַכט אין דער דאָזיגער מורא׳דיגער טורמע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

די אָרימע זשאַנין האָט אַרונטערגענומען דעם שטיין פון איהר קעמערל און איז אַריינגעקומען צו מיר.

זעהענדיג ווי איך וויין, האָט זי אויך געוויינט מיט מיר אינאיינעם.

נאָר זיצען ביי מיר אין קעמערל, פערטיעפט אין מיינע יסורים, איז געווען אַ געפאַהר. איך האָב געוואוסט גאַנץ גוט, אַז ווען איך זאָל נאָך אַמאָל מאַכען אַ ליאַרם, וועט מען מיר זיכער אָנטהאָן די שרעקליכע צוואַנגס-יאַק. אַם בעסטען וואָלט געווען זיך מיט וואָס עס איז צו בעשעפטיגען, פער געסען אין די צרות.

און איך האָב געפונען וואָס צו טהאָן.

איך בין אַרויס מיט זשאַנינען מאַכען אַ שפּאַציר איבער דער הייהל, אויספאָרשען אַלע געהיימע ווינקעלאַך איהרע. אַ דאָס וועט זיין פאַר מיר אַ צייט-פערטרייב, האָב איך זיך געטראַכט, אַ איך וועל דערוויל זיך בעקענען מיט דעם פלאַץ, וואו מיר געפינען זיך.

אַרומגעהענדיג מיט אַ שטיקעל אָנגעצונדענע ליכט איבער דער הייהל, בין איך צוגעקומען צו אַן אַלטע אייזערנע טהיר, וועלכע איז געווען האַלב איינגעוואָרפען, און דורך וועלכער ס׳איז אַריינגעקומען אַ שטראַהל פון ליכט.

דורך איינעם פון די שפּאַלטען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין דער

דאָזיגער טהיר, האָב איך אַרויסגעקוקט און דערזעהן פֿעלדער און אַ וועג...

איך וואָלט מיט גאַנץ וועניג מיה געקענט איינוואַרפֿען אין גאַנצען דיזע טהיר. גאָר איך האָב קיין שום אַבזיכט ניט געהאַט צו אַנטלויפֿען פֿון טורמע.

ניין, אַן אַנדער געדאַנק איז מיר אַרויף אויף׳ן זינען.

ס׳איז זיכער געוועזן, אַז די דאָזיגע טהיר איז אַרויס אויף׳ן פֿעלד, אויף אַן אָרט, וואו די וועכטער קומען זעלטען.

נו, אַזוי ווי איך קען זיך ניט זעהן מיט מיין מוטער איניעווייניג אין טורמע וואָלט אָט דער פּלאַן געקענט אויסגעניצט ווערן פֿאַר איהרע וויזיטען. זי וואָלט געקענט קומען יעדעס מאָל אַהער און מיר וואָלטען געקענט דאָ ריידען וויפֿיעל מיר וואָלטען געוואָלט.

גאָר ווי אַזוי גיט מען עס איהר צו וויסען? — דאָס איז געווען אַ שווערע, שווערע פֿראַגע.

דאָך האָב איך ניט פֿערצווייפֿעלט.

כ׳האָב אַרויסגעטראַכט דעם גאַנצען פּלאַן פֿון דעם געפֿענגניס און אויף אַזאַ׳ן אופֿן בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז דיזע טהיר ליגט אויף דער זיעד-וועסטליכער זייט פֿון דער צענטראַל טורמע.

האָבענדיג דעם פּלאַן ביי זיך, האָב איך געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט צו קענען מיטטהיילען מיין מוטער וועגען דעם.

אין איצט בין איך שוין געווען בערוהיגט. וואָס האָט מיך אַצונד גע- אַרט דאָס פֿינסטערע, פֿערפֿעסטעטע קעמערל? אדרבה, איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב געציטערט, דער דירעקטאָר זאָל ניט חרטה האָבען אויף זיין שטרייענגער שטראָף אין איבערבייטען מיין וואוינונג...

אַזוי איז שוין מיט אונז מענשען. דאָס וואָס איז מיט אַ טאָג פֿריהער געווען פֿאַר אונז אַ קוואַל פֿון שמערץ און שרעק, קען אַמאָל אויף מאָרגען ווערן אַ קוואַל פֿון פרייד...

אַזוי ווי דאָס שטיקעל ליכט האָט זיך פֿערלאָשען, בין איך אַריין צוריק אין מיין קעמערל, און יענע נאַכט האָב איך רוהיג געשלאָפֿען.

אין דערפֿריה האָט מיך די גראָבע שטימע פֿון אַ וועכטער אויפֿגעוועקט. ער האָט מיר געבראַכט מיין קלעגליכען אָנבייסען.

ער האָט אויפֿגעעפֿענט די טהיר פֿון מיין קעמערל, האָט אַוועקגעלייגט אויף דער ערד אַ לעבעל ברויט מיט אַ בלעכעל וואַסער און איז זיך אַוועק, מורמלענדיג:

— זעהט אַקאָרשט איהר זאָלט ניט ברומען אַזוי ווי נעכטען, אַניט— איז די צוואַנגס-יאַק...

כ׳האָב ניט געענטפֿערט.

די אויפֿרעגונג, וועלכע האָט מיך שיער ניט דערשטיקט מיט אַ טאָג פֿריהער, איז אַריבער; די האָפֿנונג זיך צו קענען זעהן מיט מיין מוטער, האָט מיך אין גאַנצען בערוהיגט.

און דאָך בין איך נאָך ניט זיכער געווען, אַז איך וועל האָבען דאָס גליק איהר צו זעהן. ווי וועט זיין, אַז מען וועט איבערבייטען מיין קעמערל, אַז מען וועט אַרונטערנעהמען מיין שטראָף?..

און מערקווירדיג! איך האָב געציטערט ביי דעם געדאַנק, אַז דער דירעקטאָר קען נאָך חרטה האָבען אויף דעם שטריינגען שריט זיינעם און מיך לאָזען אַריבערפיהרען צוריק אין מיין געוועהנליך שטיבעל אַריין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַרום איינס אַזייגער נאָכמיטאָג איז געקומען אַ וועכטער מיך רופען.

— וואָס איז שוין ווייטער?—האָב איך געפרעגט.

— איך ווייס ניט,—האָט ער געענטפערט.

— אָבער וואו האָט מען איך געהייסען מיך פיהרען?

— צום דירעקטאָר.

„מיין גאָט", האָב איך זיך געטראַכט, „מען זאָל מיך נור ניט אַריינזעצען אין אַן אַנדער קעמערל.."

נאָך אַ גאַנצע רייהע פון טרעפ, וועלכע מיר זיינען אַרויף אין אַראָבגעגאַנגען, זיינען מיר ענדליך אָנגעקומען צום דירעקטאָר אין ביוראָ.

מען האָט מיך גלייך אַריינגעפיהרט צום פריין.

— לואיזע מישעל,—האָט זיך דער דירעקטאָר אָבגערופען צו מיר, אַזוי גיך ווי ער האָט מיך נור דערזעהן—כ'האָב פערגעסען שרייבען צו אייער מוטער, אַז איהר זייט בעשטראָפט געוואָרען. אַזוי ווי זי איז געקומען און זי וויל ניט אַנדערש נאָר איך זעהן, איז צוליעב איהר, צוליעב איהרעטוועגען אַליין, איהר הערט? האָב איך איינגעשטימט, אַז איהר זאָלט מיט איהר האָבען אַ געשפרעך פון עטליכע מינוט צייט.

— אָה, אַ דאַנק אייך, מיין הערר,—האָב איך געזאָגט, אויסער זיך פאַר פרייד.

— געהט אַריין אין פאָרצימער,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט—איהר וועט דאָרט געפינען אייער מוטער, נאָר איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, איהר וועט בלויז קענען ריידען מיט איהר פינף מינוטען צייט, ניט מעהר...

און מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל האָט ער צוגעלייגט:

— אומאַרמט איהר גוט, וואָרים איהר וועט זיך אַזוי גיך ניט זעהן מיט איהר...

אַ וועכטער האָט מיך אַריינגעפיהרט אין פאָדער-צימער און איך האָב זיך אַריינגעוואָרפען אין מיין מוטער'ס אָרעמס.

די אָרעמע פרוי האָט מיך פערוואָרפען מיט פראַגען, נאָר אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז מיר האָבען בלויז עטליכע מינוטען צייט, האָב איך, בעת דער וועכטער האָט זיך אומגעדרעהט מיט'ן רוקען צו אונז, איהר שטילערהייט געזאָגט:

— מוטער, מיר וועלען נאָך ריידען שפּעטער אַ ווייל; איצט האָבען

מיר בלייז פֿינף מינוט... אזוי גיך ווי דו וועסט אַרויסגעהן פֿון דאַנען, זאָלסט דו זיך ווענדען אין דער זיעד-יועסטליבער זייט פֿון דער טירמע, צו די פֿעל-דער צו... דאָרט וועסט דו זעהן אַן אייזערנע טהיר. איך וועל שטעהן פֿון דער אַנדער זייט, און מיר וועלען קענען ריידען וויפֿיעל מיר וועלען נור וועלען.

דאָ האָט זיך דערהערט דעם וועכטער׳ס קול:

— די פֿינף מינוטען זיינען אַריבער...

כ׳האָב אומאַרמט מיין מוטער און איהר אויף׳ן אויער געפֿרעגט:

— דו האָסט פֿערשטאַנען?

— יאָ,—האָט זי מיר געענטפֿערט.

און מיר האָבען זיך צושיידט.

אַזוי גיך ווי זי איז אַוועק, האָט מען מיך אַרונטערגעפֿיהרט אין מיין פֿינסטערן קאַמערל, אונטען אין קעלער.

דאָרט האָב איך איינגעזעסען אַ ווייַלע, ביז וואַנען דער וועכטער איז אַוועק. דערנאָך, אַז איך האָב געהערט זיינע טריט אויבען אין דעם קאָרי-דאָר איבער מיין קאַמערל, האָב איך אויף גיך אַוועקגערוקט דעם שטיין און בין אַריינגעקלאָפּען אין דער הייהל.

איך האָב ניט געהאַט קיין ליכט ביי זיך, נאָר איך בין שוין אַזוי גוט בעקאַנט געווען מיט דעם גאַנצען פּלאַן פֿון דער הייהל, אַז איך האָב אָהן שוועריגקייטען געפֿונען די אייזערנע טהיר.

מיין מוטער איז שוין געווען דאָרט.

מיט אַ שטיין האָב איך גרעסער געמאַכט איינעם פֿון די שפּאַלטען, וואָס זיינען פֿון פֿריהער געווען אין דער טהיר, און איך האָב אויף אַזאַ׳ן אופֿן געקענט זעהען זיך מיט מיין מוטער און זאָגאַר דריקען איהר האַנד.

מען קען זיך משער זיין, ווי ענטציקט איך בין געווען פֿון מיין ער-פֿינדונג.

— ס׳איז דיר עפּעס אָנגעקומען שווער צו געפֿינען אָט די טיהר? — האָב איך געפֿרעגט.

— ניין,—האָט מיין מוטער געענטפֿערט — זי געפֿינט זיך דאָ אויף׳ן מיטען וועג.

— זעהט מען איהר שטאַרק אַרויס פֿון דרויסען?

— ניין; זי איז פֿערשטעלט מיט אַ שטיין און מיט קליינע בוימלאַך, וואָס וואַקסען דאָ אַרום.

— קען מען דיך, הייסט עס, ניט זעהן?

— אַזוי ווי איך שטעה קען מען מיך ניט זעהן; מען וואָלט געמוזט צוקומען ביז אַהער.

דריי שעה נאָכאַנאַנד האָבען מיר פֿערבראַכט צוזאַמען. מיר האָבען זיך געהאַט אַזויפֿיעל צו זאָגען איינע די אַנדערע.

די אָרעמע פֿרוי האָט מיר דערצעהלט, ווי קראַנק זי איז געווען און ווי זי איז געווען נאָהענט צו שטאַרבען, נאָר איצט איז איהר בעסער געוואָרען, און פֿון דער מינוט אָן, וואָס זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי זיך איבערהויפּט געפֿיהלט גאַנץ געזונד.

איך האָב דערצעהלט מיין מוטער וועגען די צרות, וואָס איך האָב זיך אָנגעליטען זינט דער פּראָוויזאָרישער דירעקטאָר איז אָנגעקומען אין דער טורמע. די אָרעמע פֿרוי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פֿון וויינען, בעת זי האָט מיך געהערט ריידען.

— ניין,—האָט זי געזאָגט—דאָס קען לאַנג ניט אָנהאַלטען. איך וועל זעהן, ס׳זאָל נעהמען אַ סוף צו דיזע גרויזאַמקייטען. זיי וועלען דאָך דיך צו׳הרג׳ענען, אַז דאָס וועט אַזוי אָנגעהן ווייטער, מיין אָרים קינד. ווי! דו זיצסט אין אַ פֿינסטערן קעמערל? ניין, איך וועל דאָס ניט דערלאָזען! מען האָט דיך פֿער׳משפט צו איינצעל קאַמער, אָבער ניט אונטער דער ערד... דו וועסט זיך נאָך פֿערקיהלען, דו וועסט נאָך קראַנק ווערן. ניין, ס׳וועט נעהמען אַ סוף, איך זאָג עס דיר...

— ניין, מוטער מיינע, כ׳מיין, ס׳איז בעסער, אַז דו זאָלסט גאָרניט טהאָן.

— פֿאַרוואָס עפּעס?

— ווייל מען וועט מיך צוריק אַרויספֿיהרען אין מיין געוועהנליך קעמערל און איך וועל ניט קענען קימען אהער.

— איז וואָס? וועל איך זיך זעהן מיט דיר אויבען אין פּאָרצימער.

— אָהער דו ווייסט דאָך, אַז איך קען קיין בעזוך ניט האָבען. אַזוי לאַנג ווי דער איצטיגער דירעקטאָר וועט דאָ זיין, וועל איך קיין האָניג ניט לעקען... דיזער מאַן איז אַ געוועזענער אָפֿיציר פֿון דער ווערסאַילער אַרמעע און ער האַסט די רעוואָלוציאָנערן ווי דעם טויט.

— אָבער דו קענסט דאָך ניט לעבען בסדר אין אַזאַ פֿינסטערן לאָך!

— אַה, מען געוועהנט זיך צו צו אַלצדינג. איבעריגענס, איך בין ניט אַליין אין דיזען קאַרצער; כ׳האָב אַ פֿריינדין.

— אַ פֿריינדין?

— יאָ, אַן אָרעמע וואַהנזיניגע מיט׳ן נאָמען זשאַנין.

ווי שטיל איך האָב ניט אויסגערעדט איהר נאָמען, האָט די משוגענע, וועלכע איז מיר שטילערהייט נאָכגעגאַנגען, עס דאָך דערהערט.

זי איז צוגעקומען צו דער אייזערנער טהיר, האָט אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַלט און אַ געשריי געטהאָן:

— ווער איז די דאָזיגע פֿרוי?

— ס׳איז מיין מוטער,—האָב איך געענטפֿערט.

— ניין, ניין,—האָט די וואַהנזיניגע געשעפּטשעט—ס׳איז ניט דיין מאַמע, ס׳איז מיין מאַן׳ס מוטער. איך דערקען איהר.

איך האָב זיך געסטאַרעט בערוהיגען די א־נגליקליכע, נאָר זי האָט מיך ניט געוואָלט אויסהערען; און זי האָט גענומען מאַכען אַזעלכע געוואַלדען, אַז איך בין געצוואונגען געווען צו בעטען מיין מוטער, אַז זי זאָל אַוועקגעהן.

— מיר מוזען זיך דערוויילע פינאַנדערשיידען, — האָב איך געזאָגט — איך וועל דיך דאָ ערוואַרטען קומענדען דאָנערסטאָג, אַרום דריי אַזייגער. כ׳וועל זעהן, אַז זשאַנין זאָל ניט מיטקומען מיט מיר.

כ׳האָב נאָך אַמאָל געדריקט מיין מוטער די האַנד. דערנאָך האָב איך אַוועקגעשלעפט די וואַהנזיניגע מיט מיר טיעף אין דער הייהל.

זשאַנין האָט ניט אויפגעהערט שרייען. זי האָט זיך געקלאַפט מיט׳ן קאָפּ אָן וואַנד. איך האָב ניט אָנגעהויבען וויסען וואָס מען טהוט. איהרע געשרייען האָבען גאַנץ גרינג געקענט דערגרייכען ביז אַרויף אויבען. און ווי וועט זיין, אַז אַ וועכטער וועט אַרונטערקומען און וועט אויסגעפינען אַלעס, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען?...

כ׳האָב אָנגעווענדעט אַלע כוחות איינצושטילען די וואַהנזיניגע, וועלכע האָט זיך אַלין געריסען צו דער אייזערנער טהיר. ענדליך איז מיר געלונגען איהר צוצופיה׳ען ביז די טרעפּ, וואָס האָט אַרונטערגעפיהרט צו איהר אין קעמערל. דאָרט האָב איך זי איבערגעלאָזען און איך בין גלייך אַריין צו מיר אין קעמערל.

אָבער אַריינקומענדיג אַהין, האָב איך אַרויסגעלאָזען אַ מורא׳דיגען געשריי.

צוויי מענער זיינען געשטאַנען אַנטקעגען מיר.

דאָס זיינען געווען: דער אויבער-וועכטער און דער דירעקטאָר.

— פון וואַנען קומט איהר? — האָט מיך דער דירעקטאָר געפרעגט.

כ׳האָב אַרויסגעשטאַמעלט עטליכע אונפערשטענדליכע ווערטער.

— ווילט איהר ענטפערן, פון וואנען איהר קומט?

— איך בין געווען אין דעם קעמערל דאָ ביי דער זייט, — האָב איך געענטפערט — מיין שכנה איז קראַנק; ס׳איז איהר מיט אַמאָל ניט גוט געוואָרען און איך האָב עס געפונען פאַר מיין פליכט איהר צו העלפען.

— איהר זאָגט אַ ליגען, — האָט זיך דער דירעקטאָר געבייזערט.

און אַ קוק טהאָנדיג אויף דעם שטיין, וועלכער איז געווען אַוועקגערוקט, האָט ער געפרעגט:

— דאָס האָט איהר דאָס צובראָכען די וואַנד?

— ניין, — האָב איך געענטפערט — דיזע עפענונג איז שוין געווען, ווען מען האָט מיך דאָ איינגעשפאַרט.

— ס׳איז ניט ריכטיג, הערר דירעקטאָר, — האָט זיך אָבגערופען דער אייבער-וועכטער. — איידער מען פיהרט אַריין אַ געפאַנגענע אין אַ קעמערל, קיקט מען זיך אַפּיהער גוט אַרום, צי אַלעס איז ניט אין דער בעסטער אָרדנונג.

— ווילט איהר מיר פֿאָרט ערקלעהרען, וואַרום איהר האָט צובראָכען די וואַנד?—האָט זיך דער דירעקטאָר צובייזערט.—איהר האָט געוואָלט אַנטלויפֿען פֿון דאַנען, ניט אמת?

— איך שווער אייך, אַז ניט.

— אַלזאָ, ערקלעהרט זיך.

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך בין געגאַנגען העלפֿען מיין שכנה, ווען ס'איז פלוצלינג ניט גוט געוואָרען.

— איהר האָט געדאַרפֿט רופֿען די וועכטער.

— כ'האָב גערופֿען, נאָר מען האָט מיך ניט געהערט.

זשאַנין האָט דערווייל געהאַלטען אין איין שרייען:

— זי האָט מיך געשלאָגען, זי האָט מיך געשלאָגען... אָה, ווי עס טהוט מיר וועה!

— געהט ברייגגט אַהער די געפֿאַנגענע מאָליטשעוו,—האָט דער דירעקטאָר זיך אָבגערופֿען צום אויבעו-וועכטער.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זשאַנין געווען לעבען אונז.

— וואַרום וויינט איהר, מיין קינד?—האָט איהר דער דירקטאָר געפֿרעגט מיט אַ פֿאָטערליכען טאָן.

די וואַהנזיניגע האָט אָנגעצייגט אויף מיר אין געענטפֿערט:

— זי האָט מיר אויסגעדרעהט דעם אָרים.

— פֿאַרוואָס פֿאָרט?

— ווייל איך האָב געוואָלט בלייבען אונטען אין הייהל. מיר זיינען געווען צוזאַמען מיט מיין שוויגער... לעבען דער אייזערנער טהיר.

— איהר זעהט דאָך גאַנץ גוט,—האָב איך זיך אָבגערופֿען,—אַז אָט די אונגליקליכע איז ניט ביים זינען.

— שווייגט שטיל!—האָט דער דירעקטאָר אַ געשריי געטהאָן מיט כעס.

און ער האָט זיך גענומען ווייטער אויספֿרעגען זשאַנינען.

— וואָס פֿאַר אַן אייזערנע טהיר איז דאָס די, פֿון וועלכער איהר רעדט?—האָט ער געזאָגט.—וואו געפֿינט זי זיך?

— אין הייהל,—האָט געענטפֿערט די וואַהנזיניגע.

— איהר וועט אונז ווייזען, וואו דאָס איז?

— יאָ, יאָ—האָט זי מיט פֿרייד געזאָגט — מיר וועלען דאָרט געפֿינען מיין מאַן'ס מוטער, און איהר וועט מיך לאָזען אַוועקגעהן מיט איהר... ניט אַזוי, מיין העדר?

— יאָ, מיין קינד,—האָט דער דירעקטאָר געענטפֿערט.

דער אויבער-וועכטער האָט געבראַכט אַ ליכט און מיר זיינען אַלע אַרונטער אין דער הייל.

מען האָט עס גערעכענט פֿאַר געפֿעהרליך מיך צו לאָזען אַליין ביי מיר אין קאַמער.

אזוי גיך ווי ער איז אַרײנגעקומען אין הייהל, איז דער דירעקטאָר געבליבען שטעהן אַ פֿערוואונדערטער.

— אָה! — האָט ער זיך אָבגערופֿען — דאָס זיינען דאָך אמת'ע אינטער-אירדישע גענג! ווי אונפּ־אַקט־ש דאָס איז, וואָס מען האָט זיי ניט פֿער-שאָטען.

נאָך זיין ערשטוינונג האָט זיך פֿערדאָפּעלט, ווען ער איז צוגעקימען צו דער אייזערנער טהיר.

— וואָס פֿאַר אַ טורמע איז דאָס! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן — מען קען דאָך אַרויס פֿון דאַנען אַזוי לייכט ווי פֿון אַ מיהל.. נאַ, איך וועל דער-לאַנגען אַ ראַפּאָרט; מען מוז זעהן עפּעס אַ מיטעל צו די זאַכען.

זשאַנין האָט צוגעלייגט איהר געזיכט צו דער טהיר און געשריען אויף'ן קול:

— מאַדאַם! מאַדאַם! קימט צוריק מיט מאַריוס'ן (דער נאָמען פֿון איהר מאַן).

דער דירעקטאָר האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווײלע.

ענדליך האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— איצט פֿערשטעה איך אַלעס.. לואיזע מישעל איז געקומען אַהער מיט דער אַבזיכט צו אַנטלויפֿען, און אַזוי ווי איהר שכנה איז אָנגעקומען גראָד אין דער מינוט, ווען זי האָט געהאַלטען אין עפֿענען דיזע טהיר, האָט זי געמוזט אויפֿגעבען אַ הר פּלאַן. דאַן האָט זי אויסגעלאָזט דעם גאַנצען כעס איהרען צו דיזער אונגליקליכער. זי האָט איהר געשלאָגען מכות רצח... ס'איז גוט, לאָמיר אַרויפֿגעהן צוריק; כ'ווייס וואָס איך האָב צו טהאָן.

אַז מיר זיינען צוריק אַרויף צו מיר אין קעמערל, האָט דער דירעקטאָר זיך געווענדעט צו דעם אויבער-וועכטער מיט די ווערטער:

— איהר וועט זעהן, מען זאָל פֿעמאַכען אָט די עפֿנונג.

— יאָ, מיין הערר.

— נאָר דערווייל, כדי לואיזע מישעל זאָל זיך ניט פֿערגלוסטען נאָך אַמאָל צו אַנטלויפֿען, וועט איהר איהר אָנטהאָן די צוואַנגס-יאַק...

— כ'האָב געוואוסט, אַז איהר וועט עס הייסען טהאָן, הערר דירעק-טאָר, — האָט זיך דער וועכטער אָבגערופֿען מיט אַ שמייכעל.

און ער איז פֿערשוואונדען.

אַז ער איז אַוועק, האָט מיר דער דירעקטאָר געהאַלטען אַ לאַנגע דרשה און מיר געלאָזט וויסען עטליכע מאָל, אַז כל זמן ער וועט פֿערבלייבען אין קלערמאָן, וועל איך קיין האָניג ניט לעקען...

נאָר געשטאַנען איז ער העט ווייט פֿון מיר, ביי דער טהיר.

ער האָט, ווייזט אויס, מורא געהאַט, איך זאָל איהם ניט שלאָגען...

דער אידיאָט!

באַלד איז דער אויבער-וועכטער צוריקגעקומען מיט אַ גראָען זאַק אין דער האַנד.

— נאַ, קומט אַקאָרשט אַהער!—האָט ער זיך אָבגערופֿען צו מיר מיט אַ גראָבען טאָן.

איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפֿען אין אַ ווינקעל פֿון מיין קעמערל.

מיט דער הילף פֿון דעם דירעקטאָר איז דעם איבער-וועכטער געלונגען מיך אויפֿצוהויבען און מיך איינשפּאַנען אין דער צוואַנגס-יאַק.

מען ווייסט, וואָס פֿאַר אַ מאַרטער-אינסטרומענט עס איז אָט די צוואַנגס-יאַק, וועלכע מען בענוצט געוועהנליך אין אַלע דול-הייזער. דער גאַנצער קערפּער ווערט איינגעצויגען, אַלע איברים זיינען געשמיערט אין איהר קענט זיך כמעט ניט אַ ריהר טהאָן.

אַזוי גיך ווי איך בין געווען איינגעשפּאַרט אין דיזער העלישער יאַק, האָט מיך דער אויבער-וועכטער אַ וואָרף געטהאָן אויף מיין בעט מיט די ווערטער:

— נאַ, איצט, מיין איך, וועט שוין דער פֿויגעל קיין חשק ניט האָבען אַוועקצופֿליהען...

איך בין געווען אויסער זיך פֿאַר כעס און איך האָב געמאַכט מורא׳-דיגע געוואַלדען.

— קיקט נאָר אָן די ווילדע,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט—ווען זי קען, וואָלט זי אונז צוריסען אויף שטיקער...

און ער איז אַרויס מיט אַ געלעכטער, בעגלייטעט פֿון זיין געטרייען וועכטער.

צוויי שטונדען נאָכאַנאַנד האָב איך ניט אויפֿגעהערט צו שרייען און צו קלאָגען, די צוואַנגס-יאַק—דאָס איז עטוואָס שרעקליכעס, אונבעשרייבליכעס...

און וואָלט עס נאָך געווען אין דער ליכטיגקייט, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה.

אָבער זיך פֿיהלען אַזוי אונבעוועגליך אין דער פֿינסטערניש!

אַה, וואָס פֿאַר יסורים איך האָב דאָס געבראַכט אַריבערטראָגען!

דאָך האָב איך זיך ענדליך אַביסעל בערוהיגט, און זיך שלעפּענדיג אַזוי ווי איך האָב נור געקענט, בין איך קוים מיט צרות צוגעקימען צו דער וואַנד, וועלכע איז געווען פֿעראייניגט מיט זשאַנין׳ס קעמער.

איך האָב געהאַט מיין אידעע.

איך וועל רופֿען די וואַהנזיניגע, האָב איך זיך געטראַכט; זי וועט אַוועקרוקען דעם שטיין, וועלכער איז נאָך ניט געווען פֿערמויערט, און וועט מיך בעפֿרייען פֿון דער שרעקליכער צוואַנגס יאַק.

נאָר איך האָב אומזיסט גערופֿען. זשאַנין האָט ניט געענטפֿערט.

מיינע תלינים האָבען צוגענומען די וואַהנזיניגע מיט זיך און איהר וואַהר-שיינליך אַריבערגעפֿיהרט אין אַן אַנדער ווינקעל פֿון געפֿענגניס.

XII

## דער אַלטער דירעקטאָר צוריק אין קלערמאָן.

וואו נעהמט מען די ווערטער צו בעשרייבען די מירא'דיגע נאַכט, וואָס איך האָב פֿערבראַכט אין מיין פֿינסטערער, אינטע־אירדישער תפיסה!

ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטען, אַז ביים ענדע פֿון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, אין אַ פֿראַנצויזישען געפֿענגניס, וועט מען מאַרטערן די גע־פֿאַנגענע?

אין ווער ווייסט, צי דאָס איז שוין אַלעס? האָב איך זיך געטראַכט. ווער ווייסט, צי וועט מען נאָך איף מיר ניט אָנווענדען אַלע אַנדערע שווי־דערליכע מיטלען פֿון דער אינקוויזיציאָ? פֿון דעם גרוזאַמען דירעקטאָר מיט זיינע גרוזאַמע ווערטער האָט מען אַלעס געקענט ערוואַרטען.

נאָר, גליקליכערווייזע, האָב איך אימזיסט געציטערט.

אין דער צייט, וואָס איך בין געלעגען אויף מיין בעט און געקרעכצט פֿון שמערצען, איז דער ריכטיגער דירעקטאָר פֿון קלערמאָן, דער גוטער, דער מאַן מיט אַ מענשליך האַרץ, צוריקגעקומען אויף זיין אַמט.

נאָכדעם ווי ער האָט איבערגענומען דעם אַמט פֿון זיין שטעל פֿערטרע־טער, האָט ער זיך גלייך דערמאָנט אָן מיר.

פֿערשטעהט זיך, אַז דער פראָוויזאָרישער דירעקטאָר האָט וועגען מיר אָבגעגעבען אַ געפֿעהרליכען בעריכט און דערצעהלט אויף מיר די גרעסטע ליגענס, וואָס זיין פֿאַנטאַזיע האָט נור געקענט אויסקלעהרען.

דער אמת'ער דירעקטאָר האָט זיך געמאַכט, אַזוי ווי ער הערט זיך בלימר'שט צו מיט אויפֿמערקזאַמקייט צו אַלצדינג וואָס יענער האָט איהם דערצעהלט, און אַזוי גיך ווי זיין שטעל־פֿערטרעטער האָט איינגעפּאַקט זיינע זאַכען און איז אַוועקגעפֿאָהרען, האָט ער מיך געשיקט רופֿען צו זיך אין ביוראָ:

— נאַ, ווי הז־ עס מיט איך? — האָט ער זיך אָבגערופֿען מיט אַ שמייכעל—עפּעס הער איך גאָרניט קיין גוטע נייעס וועגען אייך. אָט אַפֿנים איהר האָט, אין דער צייט וואָס איך בין דאָ ניט געווען, געוואָלט מאַכען אַ גאַנצע איבערקעהרעניש דאָ אין געפֿענגניס... ווי מען טהיילט מיר מיט, זאָלט איהר האָבען געמאַכט אַ פֿערזוך צו אַנטלויפֿען דורך אַן אייזערנער טהיר אונטען אין הייהל.

— אָט דאָס אַלעס,—האָב איך געענטפֿערט—איז ליגען פֿון אָנהויב ביז'ן סוף. אין משך פֿון אייער אָבוועזענהייט האָב איך זיך אויפֿגעפֿיהרט גאַנץ רוהיג: כ'האָב קיין זאַך ניט געטהאָן, וואָס מען זאָל מיר דערפֿאַר דאַרפֿען בעשטראָפֿען...

און נאָך אַ קורצער פּויזע האָב איך ווייטער געזאָגט:

— נאָר אָט וואָס: דער דירעקטאָר, וואָס האָט פֿערנומען אייער פּלאַן, האָט זיך פֿערשוואָרען געגען מיר, ביי א הס אין די אויגען בין איך גע ווען אַ מורא׳דיגע רע־וואָלוציאָנערקע, וועלכע האָט שוין לאַנג פֿערדיענט דעם טויט, און די ווערסאַילער האָבען בעגאַנגען אַ פֿעהלער וואָס זיי האָבען מיך ניט דערשאָסען. ער האָט עס מיר ווידערהאָלט שעהנע עטליכע מאָל... פֿון דעם טאָג אָן, וואָס ער איז אָנגעקומען אַהער, האָט ער מיך אָנגעפֿאַנגען פֿער־פֿאָלגען. די וועכטער, וועמען ער האָט געהאַלטען אין איין מוסר זאָגען, האָבען אייגגעפֿיהרט זייער בעפֿעהלען פּונקט אַ־ף האָר. הקיצור, נ ט נור האָט מען מיך אומזיסט און אומנישט בעשטראָפֿט, נאָר מען האָט מיך גע־מאַרטערט אויך. ערשט מיט עט־יכע מינוט צוריק בין איך געווען אין אַ פֿינסטערן, פֿייכטען קעמערל, איינגעשמיעדט אין דער צוואַנגס־יאַק..

— גאָט מיינער! איז דאָס מעגליך?—האָט דער דירעקטאָר אַ געשריי געטהאָן, זיך אויפֿהויבענדיג בעת מעשה פֿון זיין שטוהל.

— ס׳איז די ריינע וואַהרהייט.

— איך קען דאָס גאָרניט פֿערשטעהן. אַזוי ווייט ווי איך ווייס, טהוט מען דאָ אָן די צוואַנגס־יאַק בלויז די געפֿעהרליך־וואַהנזיניגע אָדער די פֿערברע־כערישע געפֿאַנגענע.

— נו, מן הסתם האָט מען מיך אַריינגערעכנט אין איינע פֿון די דאָ־זיגע קאַטעגאָריעס.

— און דאָס אַלעס האָט מען אייך געטהאָן אומזיסט? איהר האָט זיך מיט גאָרנישט פֿערזינדיגט געגען די געזעצע פֿון דעם געפֿענגניס?

— איך פֿערזיכער אייך אַז ניט.

דער דירעקטאָר האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווייל׳ע. דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— נאַ, פֿערגעסט דאָס אַלעס. פֿון היינט אָן און ווייטער וועט איהר זיין צוריק אין אייער געוועהנליכען קעמערל, גלייך מיט אַלע אַנדערע גע־פֿאַנגענע.

— און איך וועל זיך אויך קענען זעהן מיט מיין מוטער?

— נו געוויס.

איך בין צוגעפֿאַלען צו דירעקטאָר, איהם אָנגענומען פֿאַר ביידע הענד און געזאָגט:

— אָה, אַ דאַנק, אַ דאַנק אייך, מיין העדר! איהר זייט אַזוי ליעבענס־ווירדיג...

— איך טהו בלויז מיין פֿליכט,—האָט ער געענטפֿערט.

אין דער רגע איז דער אויבער־וועכטער אַריינגעקומען צום דירעקטאָר אין ביוראָ, און אונזער געשפּרעך איז פּלוצלינג איבערשלאָגען געוואָרען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ פֿערטעל שעה אַרום בין איך געווען צוריק ביי מיר אין קעמערל,

און מען קען זיך פאָרשטעלען, ווי גליקליך איך האָב זיך געפיהלט צו גע-פינען מיינע אָרימע ביסעל געפענגניס-מעבעל ניט גערירט, אַלעס אויף אַן אָרט.

נאָר איין זאַך איז געווען וואָס האָט מיך געפרעהט מעהר ווי אַלעס אַנדערע.

איצט בין איך געווען פריי צו זעהן מיין מוטער יעדע וואָך און זיך אונטערהאַלטען מיט איהר אין דעם פאָדער-צימער פון דער טורמע.

דאָס איז געווען דאָס העכסטע גליק, אויף וואָס איך האָב נאָר געקענט האָפען.

אויף מאָרגען איז דער דירעקטאָר אריינגעקומען צו מיר אין קעמערל, געוואָהר ווערן, צי איך בין צופריעדען מיט מיין לאַגע.

איך האָב געדאַנקט דיזען בראַווען מאַן פאַר זיין פריינדליכקייט און אין איין וועג האָב איך שוין אויסגענוצט די געלעגענהייט צו ריידען מיט איהם אַ פאָר ווערטער וועגען זמאַגין, וועגען די אָרעמע וואַהנזיניגע, וועמעס פלאַן האָט געדאַרפט זיין ניט אין אַ טורמע, נאָר אין אַ קראַנקען הויז.

ער האָט מיך אויסגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך האָב ווירקליך בעמערקט, אַז דיזע געפאַנגענע איז ניט ביים קלאָהרען זינען. דערפאַר האָב איך איהר אריינגעגעבען אין שפיטאָל און אָנגעזאָגט, מען זאָל אויף איהר כפעציעל אכטונג געבען.

— ווי איהר זייט נאָר אַוועקגעפאָהרען, — האָב איך געזאָגט — האָט מען די אונגליקליכע גלייך אריינגעוואָרפען אין אַ קאַרצער, ניט קימערנדיג זיך איבער איהר צושטאַנד. מען האָט איהר גאַנץ איינפאַך אַרונטערגעשיקט אין קעלער, אין אַ פינסטערן, פייכטען קעמערל.

— ס'איז אינבעגרייפליך, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט — נאָר איך דאַנק אייך, וואָס איהר האָט מיר דאָס דערצעהלט. איך וועל זעהן וואָס איך קען טהאָן פאַר דער אונגליקליכער. אויב זי איז ווירקליך וואהנזיניג, ווי איהר זאָגט, וועל איך איהר אָבשיקען קיין פאַריז. דאָרט וועט מען איהר אַריינגעבען אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטעס-קראַנקע.

און דאָס זאָגענדיג איז דער בראַווער דירעקטאָר אַרויס פון מיין קעמערל.

מיין מוטער האָט ניט אָנגעהויבען וויסען פון דער גליקליכער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיין געפענגניס-לעבען, און איך האָב זיך צוגע-איילט, איהר עס מיטצוטהיילען.

איך האָב איהר געשריבען אַ לאַנגען בריעף, אין וועלכען איך האָב איהר דערצעהלט, אַז דער „גוטער מלאך", ווי איך האָב גערופען אונזער דירעקטאָר, איז צוריקגעקומען און אַז אַלעס האָט זיך אומגעביטען אין טורמע. איך האָב איהר אַליאָ געבעטען, זי זאָל קומען אַזוי גיך ווי זי קען נאָר.

אין דריי טעג אַרום האָב איך ערהאַלטען פון איהר אַן ענטפער,

מיין מוטער האָט מיר געשריבען, אַז כאָטש זי פיהלט זיך ניט מיט אַלע-מען, דאָך וועט זי קומען זיך זעהן מיט מיר דעם צווייטען דאָנערשטאָג פון מאָנאַט.

איך האָב נאָך געהאַט צעהן טעג צו וואַרטען.

גאָר דערווייל האָט זיך מיר געמאַכט אַן ערייגניס, וואָס איז מיר געבליבען אויף שטענדיג איינגעקריצט אין מיין זכרון.

איין פריה-מאָרגען, ווען איך האָב אויסגעקעהרט מיין קעמערל, בין איך אַרויס אין קאָרידאָר, און דאָרט אויף דער ערד האָב איך געפונען אַ שטיק צייטונג.

איך האָב עס אויף גיך אַ כאַפּ געטהאָן און עס בעהאַלטען ביי זיך.

די, וואָס זיינען אויף דער פריהייט, קענען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, וואָס דאָס איז פאַר אַ געפיהל פאַר דעם, וואָס איז אָבגעטהיילט פון דער גאַנצער וועלט, ווען מען קריגט מיט אַמאָל עפּעס נייעס פון דרויסען.

אַז איך בין אַריין צוריק צו מיר אין קעמערל, האָב איך זיך אַ ווײַלע צוגעהערט, צי קיין וועכטער געהט ניט אַרום לעבען מיין שטיבעל, דערנאָך האָב איך זיך גלייך גענומען לייענען דאָס שטיקעל בלאַט, וואָס איך האָב געפונען.

ס'איז ניט געווען קיין אַלטע צייטונג; דער דאַטום איז געווען גאָר אַ לעצטער.

נאָכדעם ווי איך בין דורכגעלאָפען די קעפּלאַך מיט די גרעסערע בוכשטאַבען, וועלכע האָבען צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט, איז מיין בליק געפאַלען אויף דעם פאָלגענדען טיטול: „די כאָלעריע אין פּאַריז".

איך האָב דערלאַנגט אַ מורא'דיגען געשריי.

אַ געדאַנק איז מיר אַרויף אויף'ן זינען, אַ שוידערליכער געדאַנק...

מיין מוטער...

גראָד האָט די מגפה געבושעוועט אין דעם קוואַרטאַל, וואו זי האָט געוואוינט.

ווי איז, אַז זי וועט אָנגעשטעקט ווערן פון דיזער געפעהרליכער קראַנקהייט!...

איך האָב גלייך אַ ציה געטהאָן דעם אַלאַרם-גלאָק, וואָס איז געווען ביי מיר אין קעמערל, און אַ וועכטער איז אַריינגעקומען.

— וואָס ווילט איהר? — האָט ער געפרעגט.

— ריידען מיט'ן דירעקטאָר.

— ער איז ניטאָ.

— ווען קומט ער צוריק?

— וואָס ווייס איך? ער זאָגט מיר קיינמאָל ניט וואו ער געהט און ווען ער דיינקט צוריק צו קומען...

— אָבער יעדענפאַלס איז ער דאָך ניט אַוועקגעפאָהרען קיין פּאַריז.

— איך האָב אייך דאָך שוין געזאָגט, אַז איך ווייס גאָרנישט.

— קענט איהר מיר גלייך לאָזען וויסען, ווען ער וועט צוריקקומען?

— יאָ, אַז איך וועל זיך ניט פערגעסען, — האָט דער וועכטער געמורמעלט.

פיער אַזייגער נאָכמיטאָג האָב איך זיך ווידער נאָכגעפרעגט איף'ן דירעקטאָר.

דערזעלבער ענטפער.

ער איז נאָך אימער געווען אָבוועזענד.

ס'איז געווען איינפאַך פעררי̇קט צו ווערן.

ענדליך, אַרום זיבען אַזייגער אין אָווענד, האָט מיר אַ וועכטער אָנגעזאָגט, אַז דער דירעקטאָר איז שוין דאָ צוריק.

איך האָב גלייך געבעטען אַן אוידיענץ.

כאָטש ס'איז ניט געווען ליט די געזעצע פון דער טירמע, אויף אַזאַ'ן אופן צו געבען די געפאַנגענע אוידיענצען, דאָך האָט דער דירעקטאָר געמאַכט אַן אויסנאַהמע מיט מיר.

— וואָס איז?—האָט ער מיך געפרעגט אַזוי גיך ווי איך בין געווען ביי איהם אין ביוראָ.

— הערר דירעקטאָר, — האָב איך געענטפערט — די כאָלריע איז אין פאַריז...

— ווער האָט עס אייך געזאָגט?

— איך ווייס עס.

— ניין, איהר האָט אַ טעות...

כ'האָב אַרויסגענומען דאָס שטיקעל ציי̇טונג, וואָס איך האָב געפונען אין קאָרידאָר.

— נאַט, זעהט,—האָב איך געזאָגט.

דער דירעקטאָר האָט אַ פינטעל געטהאָן מיט'ן אויג און געמורמעלט:

— די וועכטער האָבען געמעגט זעהן, עס זאָלען זיך ניט אַרומוואַלגערן קיין צייטונגען איבעראַל. נאָר... וויבאַלד איהר האָט עס געלייענט, קען איך ניט בעהאַלטען פון אייך די וואַהרהייט. ס'איז אמת, אַז די כאָלעריע איז אין פאַריז און זי בושעוועט דאָרט איף אַ גאַנץ ערנסטען אופן... נאָר וואָס קען דאָס אייך אַזוי בעאוּנרוהיגען?

— וואָס רעדט איהר, הערר דירעקטאָר? מיין מוטער איז דאָך אין פאַריז. זי וואוינט גראָד אין אַזאַ קוואַרטאַל, וואו די קראַנקהייט איז אַם שטאַרקסטען פערשפרייט.

— אַה, יאָ, ס'איז ריכטיג... נאָר וואָס פערלאַנגט איהר פון מיר? איך קען דאָך אייך ניט לאָזען פאָהרען קיין פאַריז.

— ניין, דאָס ניט. נאָר איהר קענט בעטען דעם יוסטיץ-מיניסטער, ער זאָל מיך לאָזען אַריבערפיהרען אין „סאַן-לאַזאַר". דאָרט וועל איך ווייניגסטענס

זיין נאָהענט פֿון מיין מוטער. איך וועל קענען האָבען אָפֿטע נאַכריכטען וועגען איהר צושטאַנד. איך האָב קרובים, וועלכע וועלען קענען קומען מיר מיטטהיילען, וואָס זי מאַכט...

— דאָס וואָס איהר פֿערלאַנגט פֿון מיר,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט — איז אוגמעגליך...

— אונמעגליך, זאָגט איהר?

— יאָ.

— וואָס הייסט? איהר האָט דאָך עפּעס אַ דעה, איהר קענט דאָך בעטען ביי דער אדמיניסטראַציע...

— איהר האָט אַ טעות.

— נו, וואָס זשע דען טהוט מען?

דער דירעקטאָר האָט ניט אַראָבגענומען קיין אויג פֿון מיר ער האָט אודאי געמוזט לייענען אויף מיין געזיכט, אַז איך לייד שרעקליכע יסורים.

ענדליך האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— די זאַך איז אַסך קאָמפּליצירטער ווי עס ווייזט אייך אויס. איהר האָט ניט געטאָרט דערגעהן, אַז די כאָלעריע איז אין פּאַריז. ווען מען זאָל זיך דערוויסען, אַז איהר האָט געלייענט אַ צייטונג, וועל איך האָבען אַן אָבשניט, און אַ גאַנץ מיאוס'ן אָבשניט, פֿערשטעהט איהר מיך.

— נאַ, דערצו איז דאָך פֿאַרהאַן אַן עצה,—האָב איך געענטפֿערט,— איך האָב דאָך געקענט דערגעהן די נייעס פֿון אַ פֿריינדין, וועלכע איז געקומען זיך זעהן מיט מיר דאָ אין טורמע...

— ס'איז אמת,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט—נאָר איך זעה אַלין ניט, ווי אַזוי מען קען זיך אויסדרעהען דערפֿון.

— נאָך מיין מיינונג נאָך, איז דאָס גאַנץ איינפֿאַך.

— איהר מיינט אַזוי?

— יאָ, זייט אַזוי פֿריינדליך און הערט מיך אויס אַ ווײַלע.

— איך הערר אייך.

— די געפֿאַנגענע, אַזוי ווייט ווי איך ווייס. האָבען דאָס רעכט צו שרייבען צום יוסטיץ-מיניסטער.

— יאָ, אָבער מיט דער בעדינגונג, אַז זייערע בריעף זאָלען דורכגעהן דורך מיין האַנד און איך זאָל אַרויפֿשטעלען אויף זיי מיין זיגעל.

— גוט, איך וועל אלזאָ אָנשרייבען אַ ביטע צום מיניסטער און זי אייך איבערגעבען. איהר וועט זי אַוועקשיקען, ניט אַזוי?

— איך פֿערשפרעך עס אייך, נאָר ווייסט איהר גאָר וואָס? שרייבט שוין אָן דעם בריעף. אָט האָט איהר טינט און פֿעדער און פּאַפּיר.

כ'האָב זיך אָהן אַסך צערעמאָניעס אַוועקגעזעצט ביים דירעקטאָר'ס טיש און אָנגעשריבען פֿאָלגענדע ביטע:

„צענטראַל-געפענגניס פון קלערמאָן
„21 נאָוועמבער 1884.

„צום יוסטיץ-מיניסטער.

„מיין הערר!

„כ'האָב קיינעם ניט אויף דער וועלט אויסער מיין מוטער.

„ווען איך וואָלט געקענט אויפהויבען מיין שטימע, וואָלטען די גרוי-זאַמסטע שונאים מיינע געבעטען פאַר מיר, מען זאָל מיך גלייך אַריבערפיה-רען קיין פאַריז, וואָרים מיין מוטער קען יעדע מינוט שטאַרבען און איך זאָל עס אפילו גאָרניט וויסען.

„איך פערלאַנג ניט, ניט קיין וויזיטען, ניט קיין בריעף אין דער טורמע, וואו מען וועט מיך אַריבערפיהרען, נאָר איך וויל זיין אין פאַריז, איינאָטהע-מען אין זיך דיזעלבע לופט, אין מיין מוטער זאָל וויסען, אַז איך בין ניט ווייט פון איהר..."

און איך האָב אינטערגעשריבען מיין נאָמען אין דעם נומער, אונטער וועלכען איך בין געווען איינגעשריבען אין דעם געפענגניס פון קלערמאָן

— גוט,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט—אייער בריעף וועט אַוועקגע-שיקט ווערן מאָרגען אין דער פריה.

— ווי מיינט איהר, מען וועט ערפילען מיין בקשה? — האָב איך געפרעגט.

— כ'קען אייך ניט זאָגען... ווען עס וואָלט זיך געווענדט אָן מיר, וואָלט איך עס זיכער געטהאָן, נאָר די ביוראָס, ווייסט איהר, די ביוראָס!...

איך בין אַריין צוריק צו מיר אין קעמערל, אַביסעל רוהיגער ווי פריהער.

עפּעס האָט מיר אַזוי ווי דאָס האַרץ געזאָגט, אַז די, וועלכע האָבען מיך פעראורטהיילט, וועלען פאָרט האָבען אַ ברעקעל מיטלייד מיט מיר.

ביז דאַן האָב איך דאָך ביי זיי קיין זאַך ניט געבעטען, די קלענסטע טובה אפילו ניט...

אַכט טעג זיינען אַריבער און איך האָב קיין ענטפער ניט ערהאַלטען.

איך האָב שוין אָנגעהויבען ווערן שטאַרק אונרוהיג.

דער דירעקטאָר האָט מיר געזוכט צו טרייסטען, האָט מיר נאָך געהיי-סייען וואַרטען.

— די פאָרמאַליטעטען זיינען אימער זעהר לאַנג, — האָט ער מיר גע-זאָגט.—אייער ביטע דאַרף אַרומוואַנדערן פון איין ביוראָ אין אַנדערן... אָבער פערלירט ניט קיין מוטה...

אַ גאַנצער מאָנאַט איז אַוועק און איך האָב גאָר קיין שום ענטפער ניט ערהאַלטען.

גליקליכערוויזע, האָבען מיר מיינע קרובים געלאָזט וויסען וואָס מיין מוטער מאַכט. זי איז געווען קראַנק, נאָר מען האָט מיר פערזיכערט, אַז זי איז ניט אָנגעגריפען פון דער כאָלעריע.

— — — — — — — — — — — — — — —

## XIII

## מיין מוטער׳ס טויט.

ענדליך, איין טאָג האָט מען מיר איבערגעגעבען אַ בריעף. ניט פֿון רעס יוסטיין-מיניסטער, נאָר פֿון מיין מוטער, און איך קען אייך פֿערזיכערן, אַז ער האָט מיר פֿערשאַפֿט מעהר פֿערגניגען ווי די ווערטער פֿון דעם מיניסטער, ווי גוט זיי וואָלטען ניט געווען.

מיין מוטער׳ס בריעף איז געווען אַ קורצער. זי האָט מיר געשריבען, אַז איך זאָל זיך ניט נעהמען אַזוי שטאַרק צום האַרצען, ווייל עס געהט איהר ניט אַזוי שלעכט ווי איך דיינק, און זי האָפֿט אין גיכען גאָר אין גאַנצען געזונד צו ווערן און קענען קומען צו מיר אויף בעזוך.

די אָרעמע טהייערע פֿרוי האָט פֿון מיר פֿערהוילען דעם אמת. זי איז געלעגען קראַנק און האָט כמעט ניט געקענט אַ ריהר טהאָן מיט קיין אבר.

נאָר דערווייל האָב איך געהאָפֿט. כ׳האָב אַלין געהאָפֿט, אַז איך וועל זי נאָך קענען זעהן, אַז זי וועט קומען מיך געוואָהר ווערן.

אָבער זי איז שוין מעהר פֿון בעט ניט אויפֿגעשטאַנען.

אַ גאַנץ יאָהר צייט איז זי געלעגען אין בעט. נאָר ביז די סאַמע לעצטע טעג איהרע האָט זי מיר נאָך אַלין פֿערזיכערט, אַז זי וועט קומען זיך זעהן מיט מיר.

ענדליך האָב איך בעקומען אַ בריעף פֿון מיינעם אַ קרוב, וועלכער האָט מיר אויסגעזאָגט דעם גאַנצען אמת, אַז מיין מוטער איז זעהר קראַנק און אַז זי ווערט פֿון טאָג צו טאָג ערגער...

איך האָב ווידער אַמאָל אָנגעשריבען אַ בריעף צום יוסטיין-מיניסטער און איהם בעשריבען מיין מוטער׳ס לאַגע.

און דעם דאָזיגען בריעף האָב איך געענדיגט מיט פֿאָלגענדע ווערטער:

„איך וויל אייך מאַכען אַ פֿאָרשלאַג: אויב איהר וועט ערלויבען, מען זאָל מיך אַריבערפֿיהרען אין איינעם פֿון די פֿאַריזער געפֿענגניסע, בין איך גרייט, פֿאַר דער דאָזיגער טובה אייערער, פֿערשיקט צו ווערן פֿון דאָס ניי קיין ניי-קאַלעדאָניען, דאַן ווען מיין מוטער וועט מעהר ניט זיין אויף דער וועלט.“

פּופֿצעהן טעג זיינען אַריבער און איך האָב פֿון דעם מיניסטער קיין שום ענטפֿער ניט געהאַט.

אַ דאַנק איינעם פֿון מיינע פֿריינד איז מיר געלונגען איהם צוצושיקען נאָך אַ בריעף, וועלכער האָט זיך געשלאָסען מיט די ווערטער:

„איך האָב אַלזאָ קיין שום ענטפֿער ניט געהאַט פֿון אייך, הערר מיניס-טער, און איך וועל וואַהרשיינליך קיינמאָל קיין ענטפֿער ניט האָבען.

„נאָר ווער ווייסט, צי איינער פֿון אייערע אייניקלאַך, אין דערזעלבער

לאַנגע וואָס איך, וועט ניט אַמאָל דאַרפֿען בעדויערן וואָס איהר האָט ניט געענטפֿערט?"

אָט דער לעצטער בריעף האָט אָהן צווייפֿעל געמוזט מאַכען אַ רושם אויף׳ן מיניסטער, ווייל מען האָט מיך אין עטליכע טעג אַרום אַרויסגענומען פֿון קלערמאָן און אַריבערגעפֿיהרט אין דער טורמע „סאַן לאַזאַר".

דאָס איז אַלזאָ געווען איין טריט פֿאָרווערטס. נאָר דאָס איז מיר ניט גענוג געווען.

איך האָב געוואָלט זעהן מיין מוטער.

וועט מען מיר ערלויבען צו געהן איהר בעזוכען? האָב איך זיך גע-טראַכט.

מען האָט נאָך בעסער געטהאָן.

איין פֿריה-מאָרגען זיינען געקומען צוויי פּאָליציי-לייט און האָבען מיך אַוועקגעפֿיהרט צו מיין מוטער אין שטוב.

איך האָב געמיינט, אַז זיי וועלען מיך גלייך צוריקפֿיהרען אין טורמע.

אָבער ניין... איך האָב געהאַט די ערלויבניס צו בלייבען לעבען דער, וועלכע איז פֿאַר מיר געווען אַלעס אין דער וועלט.

די צוויי פּאָליציסטען זיינען איך געבליבען ביי מיין מוטער אין הויז, און איך מוז צוגעבען, אַז זיי האָבען מיך איבערראַשט מיט זייער פֿריינד-ליכקייט און מיט זייערע מענשליכע האַנדלונגען.

אָנשטאָט מיר אָנצוטהאָן צרות, האָבען זיי מיר געהאָלפֿען אַרומגעהן אַרום דער קראַנקער.

דאָס זיינען געווען צוויי גיטע יונגען, און איך האָב אימער בעדויערט, וואָס זיי זיינען אַריינגעפֿאַלען אין דער געהיים-פּאָליציי.

דעם ערשטען יאַנואַר איז מיין מוטער׳ס לאַגע געוואָרען זעהר געפֿעהר-ליך. נאָר זי האָט זיך פֿונדעסטוועגען געסטאַרעט צו מאַכען אַ פֿריילינע מינע און אונז צו בערוהיגען.

— וויין ניט, מיין גוטע לואיזע,—האָט זי מיר געזאָגט—איך פֿיהל, אַז איך ווער בעסער... איך וועל זיך באַלד קענען אויפֿהויבען פֿון בעט. מיינע קרעפֿטען קומען צוריק...

אין דאָס זאָגענדיג האָט זי זיך געסטאַרעט אויפֿהויבען אַביסעל, אָבער דער קאָפּ איהרער איז צוריקגעפֿאַלען אויף׳ן קישען.

אויף מאָרגען האָט זי ניט געקענט מעהר אויסריידען קיין איין וואָרט.

דאָס איז געווען דער סוף.

דעם גאַנצען טאָג בין איך געבליבען שטעהן אויף די קניע, לעבען איהר בעט, האַלטענדיג איהרע הענד אין מינע.

איך האָב איהר געטרייסט, איך האָב צו איהר גערעדט יענע זיסע ווערטער, וועלכע קענען פֿילייכט אָנוואַרעמען די הערצער פֿון די שטאַרבענדע אין זיי דערהאַלטען נאָך אַ שטיקעל צייט ביים לעבען...

ענדליך האָט זי אויפגעהערט אָטהעמען. דאָס איז געווען די ענדע. ביינאַכט איז זי אויסגעגאַנגען.

דער לעצטער בליק איהרער איז געווען פאַר מיר...

אָרעמע, טהייערע מוטער, ווי האָב איך דיך געליעבט! דו אַליין ביסט געווען מיין לעבען, מיין האָפנונג אויף דער וועלט.

אָה, דו גרוויזאַמער, דו אומבאַרמהערציגער טויט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין מוטער'ס לויה איז געווען אַן איינפאַכע און אין דערזעלבער צייט זעהר אַן איינדרוקספולע.

אַן אונגעהייער גרויסער עולם האָט זיך פערזאַמעלט אַרום אונזער הויז. די פּאָבורגען זיינען דאָרט געווען פערטראָטען. פון אַלע זייטען איז די מאַסע אָנגעקומען, און אויף דעם „בולוואַר אָרנאַגאָ", וואו מיר האָבען געוואוינט, איז איינפאַך ניט מעגליך געווען זיך דורכצושפּאַרען. אַזוי געדיכט איז דאָרט געווען פון מענשען.

איך האָב געזאָגט אַ לעצטען אַדיע דער פערשטאָרבענער, און אין דער צייט, וואָס די לויה האָט זיך אָנגעהויבען ריהרען, האָט מען מיך צוגענומען צוריק אין „סאַן לאַזאַר".

וואָס האָט מיך איצט געאַרט די טורמע, אַזוי לאַנג ווי איך בין געווען אַליין אויף דער וועלט!

ווי מען זעהט, האָב איך ניט געקענט בייוואוינען מיין מוטערס לויה, נאָר פון די בריעף וואָס איך האָב בעקומען אין טורמע, האָב איך געזעהן, אַז דאָס איז געווען אַן אמת'ע מאַניפעסטאַציאָן פון דעם פּאַריזער פאָלק.

איך קען זאָגען, אַז זייט דער לויה פון בלאַנקי איז נאָך אַזוינס ניט געווען אין פּאַריז.

פון אַלע עקען פון דער שטאָדט האָבען זיי אַרויסגעשטראָמט גאַנצע מחנות-ווייז. דאָס איז געווען אַ געוואַלדיגער צוג פון אַ פּאָר צעהנדליג טויזענד מענשען. פון צייט צו צייט האָט מען געקענט הערען די ווערטער: „לעבען זאָל די קאָמונע!" און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אויסרופען. די פּאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט און האָט געוואָלט צושטערען די מאַניפעסטאַציע, נאָר ס'האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען. דער עולם איז געווען צו גרויס און צו ענטשלאָסען, און די פּאָליציי האָט פערשטאַנען, אַז עס וועט זיין גלייכער, צו לאָזען די לויה אָנגעהן רוהיג אָהן שטערונגען.

פערשטעהט זיך, אַז קיינער פון מיינע פריינד האָבען דאָרט ניט געפעהלט. אויף'ן בית עולם פון „לעוואַלואַ פּערע", ביים קבר, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרען פאַר מיין מוטער, האָט דער דעמאָלדיגער רעוואָלוציאָנער ערנסט ראָש געהאַלטען אַ ריהרענדע רעדע.

„ווער זיינען מיר דאָס דאָ?" האָט ער צווישען אַנדערעס געזאָגט. „ווער זיינען מיר אַרום דעם דאָזיגען ארון פון אַן איינפאַכער פרוי, וועלכע האָט קיינמאָל אין זינען ניט געהאַט צו ווערן בעריהמט?

„ווי קומט עס, וואָס די פֿערשיערענסטע רעפּובליקאַנישע ריכטונגען האָבען זיך ביי דער געלעגענהייט פֿעראייניגט?

„וואָס פֿאַר אַ געפֿיהל בעלעבט אונז אַלעמען? ווי קומט עס וואָס אונ-זערע אַלעמענס הערצער זיינען היינט צוזאַמענגעגאָסען אינאיינעם אין דעמזעלבען רעספּעקט און אין דעמזעלבען אויסדרוק פֿון פּראָטעסט און צאָרן?

„לאָמיך אייך זאָגען פֿון וואַנען דאָס קומט.

„פֿאַרהאַן אַ פֿאָהן, וועלכע איז אינז אַלעמען הייליג און וואָס דאָס פֿאָלק וויקעלט פֿינאַנדער בלויז אין געוויסע ערנסטע מאָמענטען. דאָס איז די פֿאָהן פֿון פֿרייהייט.

„דער טויטער קערפּער פֿון לואיזע מישעל׳ס מוטער איז דער סימבאָל, וואָס פֿעראייניגט אונז אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווייל ער רופֿט אַרויס ביי יעדען איינעם פֿון אונז דעם זעלבען געפֿיהל פֿון שרעק פֿאַר די, וועלכע האָבען איהר דער׳הרג׳עט.

„פֿערשטעהט זיך, אַז די מערדער האָבען ניט אויסען געוועזען די מוטער; אַז זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זיי וועלען דערמיט טרעפֿען די טאָכטער, די גוטע לואיזע, וועלכע וועט אפשר ניט אים שטאַנד זיין אַריבערצוטראָגען דיזען קלאַפּ.

„אָרעמע לואיזע מישעל!

„אָרעמע פֿרויען! די, וואָס האָבען זיי געקענט, ווייסען ווי צוגעבונדען זיי זיינען געוועזען איינע צו דער אַנדערער. די מוטער האָט ניט געקענט לע-בען אָהן דער טאָכטער. דערמיט וואָס מען האָט זי פֿון איהר צוגענומען, האָט מען זי ערמאָרדעט, און דיזער טויט קען נאָך פֿילייכט ברענגען נאָך אַן אָפּפֿער!

„נאָך איהר וועט מן הכתם קומען די רייהע פֿון קראַנקהייטען, וועלכער שמאַכטעט אין דער פֿינסטערער טירמע; דערנאָך וועלען קומען אַנדערע, וואָס זיינען ניט אַזוי בעקאַנט, נאָר וועלכע זיינען פֿונדעסטוועגען ניט ווע-ניגער אונגליקליך.

„און איהר ווילט נאָך ניט, אַז מיר זאָלען זיך פֿערזאַמלען אַרום דיזע טויטע קערפּער אין איין און דעמזעלבען געדאַנק, אין איין און דעמזעלבען געפֿיהל פֿון פּראָטעסט און פֿערטהיידיגונג

„יאָ, איך זאָג עס גאַנץ אָפֿען, מיר האָבען זיך פֿערזאַמעלט דאָ אַרום דעם אָרון פֿון דיזער פֿרוי, וועלכע איז פֿערגיפֿטעט געוואָרען פֿון שמערץ, אים אויסצודריקען אינזער געפֿיהל פֿון ראַכע און פֿון גערעכטיגקייט."

אָט די גרויסאַרטיגע לויה איז געווען פֿאַר מיר אַ שטיקעל טרייסט אין מיין אונבעשרייבליכען שמערץ.

נאָר איך האָב זיך פֿונדעסטוועגען ניט געקענט בערוהיגען. מען האָט מיך אָבגעפֿיהרט צוריק קיין קלערמאָן, און עטליכע מאָנאַטען נאָכאַנאַנד בין איך אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי אויף אַן עולם התיהו. מיין מוטער איז מיר אויף אַ רגע פֿון זינען ניט אַרויס.

## XIV

## מיין „בעגנאַדיגונג".

איך האָב גאָרניט בעמערקט ווי די צייט איז אַוועק און דער זומער איז אָנגעקומען, אַזוי פֿערזונקען בין איך געווען אין מיין שמערץ.

אַיום דעם 14טען יולי האָט מיך דער דירעקטאָר געשיקט רופֿען צו זיך אין ביוראָ און האָט מיר געזאָגט.

— כ׳האָב אַ גוטע בשורה פֿאַר אייך...

איך האָב אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ און געענטפֿערט:

— וואָס קען פֿאַר מיר זיין אַ גוטע בשורה?

— דאָך... וואָס וואָלט איהר געזאָגט וועגען אַ בעגנאַדיגונג?

כ׳האָב אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד.

— אַ בעגנאַדיגונג!—האָב איך זיך אָבגערופֿען — אַ בעגנאַדיגונג? ניין, איך וויל אויף קיין פֿאַל ניט וויסען דערפֿון. מען האָט מיך פֿעראורטהיילט צו זעקס יאָהר טורמע, און איך האָב בדעה אָבצוזיצען מיין צייט ביז׳ן לעצטען טאָג. איך וועל גאָרנישט, קיין שום טובה ניט אָננעהמען פֿון די, וועלכע רעגירען איבער אונז... אַז מיין מוטער איז געוואָרען שטאַרק קראַנק, האָב איך זיי געבעטען, מען זאָל מיך אַריבערפֿיהרען קיין פּאַריז— זיי האָבען מיין ביטע ענטזאָגט...

— דאָך... איהר זייט דאָך געווען מיט אייער מוטער אין די לעצטע מאָמענטען פֿון איהר לעבען,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט.

— יאָ, מען האָט מיך צוגעלאָזט צו מיין מוטער, בעת זי האָט שוין געגוססט, ווען ס׳איז שוין מעהר קיין שום האָפֿנונג ניט געווען, זי זאָל קענען בלייבען לעבען... אָבער פֿערשטעהט איהר דען ניט, אַז מיין מוטער איז געשטאָרבען בלויז פֿון שמערץ, יאָ, פֿון שמערץ. מיין געפֿאַנגענשאַפֿט האָט זי געטויטעט ביסלאַכווייז. זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, די אָרעמע גוטע פֿרוי, ווען זי פֿלעגט קומען מיך געוואָהר ווערן, אָבער איך האָב עס געוואוסט ווי דאָס ווירקט אויף איהר. זי האָט ניט געקענט לעבען אָהן מיר... אַזוי לאַנג ווי איך בין געווען אין ניי-קאַלעדאָניען, האָט זי געליטען, נאָר זי האָט נאָך אַלץ געהאָפֿט... נאָר מיין צווייטע פֿעראורטהיילונג האָט איהר גאָר דערשלאָגען, זי האָט אַזוי פֿיעל געהאַט געליטען! ס׳קומט אַ מאָמענט, ווען די אויסגעמוטשעטע, צואוואונדעטע זעעלע האָט מעהר קיין כוחות ניט אַריבערצוטראָגען די שמערצען... ניין, ניין, איך וויל ניט קיין בעגנאַדיגונג! איך וויל בלייבען דאָ ביז דער לעצטער מינוט. איבעריגענס, וואָס טויג מיר איצט מיין פֿרייהייט? וואָס וועל איך טהאָן דערמיט?

— איהר וועט געפֿינען צוריק אייערע פֿריינד, אייערע פֿערוואַנדטע,—

האָט געענטפֿערט דער דירעקטאָר — איהר מוזט דאָך ווי עס איז געטרייסט ווערן. זיי ווערען אייך אַביסעל פֿערזיסען אייער ביטערן שמערץ.

— איך דאַנק אייך זעהר, הערר דירעקטאָר, פֿאַר דעם אינטערעס, וואָס איהר נעהמט אין מיר, נאָר מיין בעשלוס איז געפֿאַסט... איך וויל ניט וויסען פֿון קיין בענגנאַדיגינג. איך האָב מיינע גרינדע דערפֿאַר. דערמיט וואָס זיי וועלען מיך בעגנאַדיגען, האָבען מיינע תליניס בדעה זיך ריינצואוואַשען פֿון זייער פֿערברעכען. איך בין זיי מוחל די טובה, איך וויל, זיי זאָלען זייער לעבען לאַנג טראָגען די שאַנדע פֿאַר זייערע נידערטרעכטיגע מעשים.

— גוט,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט—אויב אַזוי לאָמיר בעסער מעהר ניט ריידען וועגען דעם.

— וואָלט איהר ניט געוואָלט, איך זאָל ווייניגסטענס עפּעס טהאָן פֿאַר אייך, איך זאָל איבערבייטען אייער קעמערל, אייך אַריבערפֿיהרען אין אַ צימער דאָ אין געפֿענגניס, פֿון וואַנען איהר זאָלט קענען זעהן די ליכטיגע וועלט?

— איהר זייט ווירקליך צו גוט,—האָב איך געמורמעלט — אָבער איך וויל בלייבען, וואו איך בין. אין לאָמיך אייך זאָגען, אַז איך לאַנגווייל זיך גאָרניט אין מיין קעמערל, איך האָב דאָרט אַ פֿריינדין, אין וועמעס געזעלשאַפֿט איך לעב גאַנץ גליקליך...

דער דירעקטאָר האָט ניט געמאַכט מעהר קיין פֿערזוך מיך איבערצוריידען, אין נאָכדעם ווי ער האָט מיר געזאָגט נאָך עטליכע פֿריינדליכע ווערטער, האָט ער געהייסען, מען זאָל מיך אָבפֿיהרען צוריק אין מיין קעמערל.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין יענער צייט האָב איך פֿיעל געשריבען. איך האָב געאַרבייט אויף אַן אָבהאַנדלונג וועגען די מיטלען פֿון א פראַקטישער עוואָלוציאָן, אין דערזעלבער צייט האָב איך אויך אָנגעפֿאַנגען שרייבען אַ ביאָגראַפֿיע פֿון מיין מוטער.

איין טאָג בין איך אַרויס אין הויף שעפּען אַביסעל פֿרישע לופֿט, אַז איך בין אַריינגעקומען צוריק צו מיר אין קעמערל, בין איך ערשטוינט געוואָרען, זעהענדיג אַז מיינע מאַנוסקריפּטען זיינען ניטאָ.

ווער האָט זיי געקענט צונעהמען?

איך האָב פֿערלאַנגט צו ריידען מיט'ן דירעקטאָר, אין איך האָב איהם דערצעהלט וועגען דער גנבה.

ער האָט מיך אויסגעהערט מיט אייפֿמערקזאַמקייט אין דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך וועל מאַכען אַן אינטערזוכינג און איך פֿערשפּרעך אייך, אַז אויב איך וועל ניר אויסגעפֿינען דעם גנב, וועל איך איהם געבען זיין פּסק.

דיזע אונטערזוכונג האָט געדויערט אַ היבשע צייט.

איך האָב זיך שוין גאָר געהאַט מיאש געווען דערפֿון. מען וועט מן

הסתם קיינמאָל ניט אויסגעפֿינען דעם חברה מאַן, וועלכער האָט מיך בע׳-גנב׳עט, האָב איך זיך געטראַכט.

אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט.

מען האָט געלייגט די האַנד אויף איהם.

דאָס איז געווען אַ וועכטער מיט׳ן נאָמען פּערסיע.

דער דירעקטאָר האָט איהם געשטעלט אויף׳ן פֿערהער, ער זאָל זיך ער-קלעהרען וואָס האָט איהם געטריבען צו בעגעהן די גנבה. תחילת האָט ער געפּלאָנטערט מיט דער צונג און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען, נאָר צולעצט האָט ער זיך מודה געווען, אַז פֿון מיניסטעריום פֿון אינערן האָט מען איהם אָנגעבעטען, ער זאָל אַרויסקריגען איניגע פֿון מיינע שריפֿטען, וואָס האָבען זיך געפֿונען ביי מיר אין קעמערל.

ווי איהר זעהט, האָט מען טאַקי אין דרעזועלבער צייט, וואָס מען האָט מיך כלומר׳שט געוואָלט בעגנאַדיגען, אויך אָנגעשטעלט אַ וועכטער, ער זאָל מיר נאָכשפּיאָנירען און אַרויס׳גנב׳ענען ביי מיר מיינע שריפֿטען.

דער דירעקטאָר פֿון קלערמאָן איז געווען מורא׳דיג אויפֿגעבראַכט אויף דיזער געמיינהייט. נאָר וואָס האָט ער געקענט טהאָן?

ווען ער הויבט אויף זיין שטימע צו פּראָטעסטירען געגען דעם, וואָלט ער זיכער פֿערלאָרען זיין שטעלע

ער האָט אַלזאָ געמאַכט אַ שווייג און געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט זיך צו קענען אָברעכענען מיט דעם שפּיאָן פּערסיע.

און די געלעגענהייט האָט זיך גאָר אין גיכען געמאַכט. איינמאָל האָט דער וועכטער געשלאָגען אַ געפֿאַנגענע. דער דירעקטאָר האָט איהם געשיקט רופֿען און איהם געלאָזט וויסען, אַז ער וועט אָנגעבען אויף איהם אַ קלאַגע צו דער העכערער אַדמיניסטראַציע.

פּערסיע האָט זיך ניט גענומען צום האַרצען דערפֿון. ער איז געווען זיכער ביי זיך, אַז די אַדמיניסטראַציע אין פּאַריז וועט איהם גאָרנישט טהאָן; אַז מען וועט אָהן צווייפֿעל געדיינקען דאָס, וואָס ער האָט אַלס שפּיאָן גע-לייסטעט פֿאַר דעם מיניסטעריום.

אָבער פּערסיע האָט אַפּנים ווינציג וואָס געקענט דעם כאַראַקטער פֿון די רעגירונגס בעאַמטע.

מען האָט איהם גאַנץ איינפֿאַך אָבגעזאָגט פֿון זיין שטעל און ער האָט אפילו קיין מעגליכקייט ניט געהאַט צו פּראָטעסטירען געגען דעם...

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס יאָהר 1885—דאָס טרויער-יאָהר—האָט שוין געהאַלטען ביים סוף.

ס׳איז געווען אַרום קריסטטאָס-צייט. אין דרויסען האָט עס מורא׳דיג געשנעעט, ס׳איז געווען זעהר קאַלט.

כאָטש די קעמערלאַך אונזערע פֿלעגען כלומר׳שט געהייצט ווערן, דאָך בין איך שיער ניט פֿערפֿראָרען געוואָרען אין מיינעם.

נאָר איך האָב זיך ניט געקלאָגט.

ווארים וואָס וואָלט מיר דען אַרויסגעקומען, ווען איך קלאָג זיך?

איינגעוויקעלט אין אַ וואָלענער דעקע, פֿלעג איך זיצען גאַנצע טעג אין לייענען, ווייל ס׳איז איינפֿאַך געווען אוממעגליך צו האַלטען אַ פֿעדער אין דער האַנד.

פֿון צייט צו צייט פֿלעג איך זיך מוזען אויפֿהויבען און אַרומלויפֿען איבער׳ן קעמערל, אום זיך אַביסעל צו דערוואַרימען.

און ביינאַכט איז נאָך ערגער געווען.

דער ווינד האָט מורא׳דיג געבלאָזען, און דורך די שפּאַלטען פֿון מיין פֿענסטער איז אַריין אַ ביטערע קעלט, וואָס האָט מיר איינפֿאַך פֿערגליווערט דאָס געזיכט.

יענעם ווינטער זיינען עטליכע געפֿאַנגענע אין קלערמאָן געשטאָרבען פֿון קעלט.

כמעט יעדען טאָג האָב איך געזעהן דעם שוואַרצען וואָגען, בעדעקט מיט שנעע, וועלכער האָט געפֿיהרט אַ טויטע אויף דעם קליינעם בית עולם פֿון קלערמאָן.

נאָר ווי טרויעריג דאָס איז ניט געווען, האָט עס פֿונדעסטוועגען מיך ווייניג וואָס איבערגעשראָקען. איך האָב קיין מורא ניט געהאַט פֿאַר׳ן טויט...

איין פריה מאָרגען—כ׳מיין, ס׳איז געווען דער 5טער יאַנואַר—שיקט מיך דער דירעקטאָר רופֿען און זאָגט מיר:

— איהר ועט בעגנאַדיגט ווערן...

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך וויל ניט וויסען פֿון קיין שום בעגנאַדיגונג,—האָב איך געענטפֿערט.—כ׳וועל קיינמאָל גאָרנישט אָננעהמען פֿון אונזערע רעגירונגס-לייט.

— וואָס ווילט איהר,—האָט דער דירעקטאָר געזאָגט. — אַז מען וועט אייך בעגנאַדיגען, וועל איך דאָך זיין געצוואונגען אייך צו בעפֿרייען!

— און אַ שטייגער אַז איך וויל ניט אַרויסגעהן פֿון דאַנען?

— וועט מען אייך אַרויספֿיהרען... מ י ט ג ע וו א ל ד, אַזוי ווי מען פֿיהרט אַרויס אַ דעפּוטאַט פֿון פּאַרלאַמענט!...

כ׳האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און געמוזט אַ שמייכעל טהאָן.

דערנאָך האָב איך געפֿרעגט:

— און פֿאַרוואָס האָט מען זיך עפּעס מיט אַמאָל מישב געווען מיך דוקא צו בעגנאַדיגען?

— איהר זייט אָהנגעזעסען אַ העלפֿט פֿון אייער צייט און, ווי איהר ווייסט, קען מען אייך בעפֿרייען.

— ס׳איז ניט ריכטיג, — האָב איך געזאָגט. — איך בין פֿעראורטהיילט געוואָרען דעם 23טען יוני 1883, און עס בלייבען נאָך עטליכע חדשים ביז די העלפֿט פֿון מיין צייט... מען וויל מיט מיר מאַכען אַן אויסנאַהמע, פֿון

ויעלכער איך וויל ניט וויסען. ענטוועדער איך בין שולדיג און דאַן דאַרף איך אָבזיצען מיין צייט אין גאַנצען, אָדער איך בין אונשולדיג און דערמיט וואָס מען האָט מיך פּעראוּרטהיי׳לט, האָט מען בעגאַנגען אַן אונגערעכטיגקייט און אַן אונפּערשעמטהייט, ניטאָ קיין מיטעל-וועג...

דער דירעקטאָר האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל אָנהויבען טהאָן מיט מיר.

אָט אַפּנים ס׳איז איהם פּאָרגעקומען דאָס ערשטע מאָל צו זעהן אַ גע-פאַנגענע, וואָס זאָל ניט וועלען בעגנאַדיגט ווערן...

ער האָט פּרובירט מיך איבעררעדען.

— פאַרוואָס זאָלט איהר זיך ניט בענוצען מיט דיזער בעגנאַדיגונג? — האָט ער געזאָגט. — דערמיט וואָס איהר שפּאַרט זיך איין און ווייזט זי צוריק, בעשטראָפט איהר זיך דאָך אַליין. וואָס זשע, איהר מיינט, אַז דער יוסטיץ-מיניסטער וועט זיך מאַכען אַ צימעס פון אייער ענטזאַגונג? נאַ, פאָלגט מיך אין זייט ניט אַזוי איינגע׳עקשנ׳ט. ווער זאָגט עס אייך, אַז זיי האָבען זיך ניט בערעכענט, אַז זיי האָבען אייך געגעבען אַ צו גרויסע שטראָף?

כ׳האָב געצויגען מיט די פּלייצעס.

— ניין, — האָב איך געזאָגט — ריזע לייט האָבען ניט קיין געוויסענס-ביסע... אויב זיי ווילען מיך בעפרייען, איז דאָס נור דערפאַר, ווייל עס לוינט זיי אַזוי, ווייל זיי ווילען זיך אַרויסצייגען פאַר „גוטע הערשער" און שיטען זאַמד דעם פאָלק אין די אויגען...

— נו, נו, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט — נעהמט אָן די בעגנאַ-דיגונג.

— ניין, — האָב איך געענטפערט.

— איהר זאָגט עס ערנסט?

— זעהר ערנסט.

— אָבער ווייסט איהר, אַז איהר ברייננגט מיך אַריין אין אַ געוואַלדי-גער פערלעגענהייט?

— מיר וועלען נאָך ריידען דעריבער שפּעטער, ווען איהר וועט קריגען די אָפיציעלע נאַכריכט וועגען מיין בעגנאַדיגונג.

— הערסט, דאָס איז דאָך די צרה, וואָס זי איז שוין אָנגעקומען נעכ-טען אָוועגד, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט.

און ער האָט מיר געוויזען אַ פּאַפּיר מיט דער אויפשריפט פון רעם יוסטיץ-מיניסטעריום.

— צורייסט עס! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

דער אָרימער דירעקטאָר האָט ווירקליך ניט געוואוסט, ווי אַזוי מען פּלאָנטערט זיך דאָ אַרויס פון דער צרה.

ער האָט זיך פערטראַכט אַ ווייַלע. דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופען:

— מילא, אויך די אייגענע מעשה. אַז איהר ווילט ניט אַרויסגעהן פון

דאַגען מיט גוטען, וועל איך מוזען הייסען איך איינפאַך ארויסשטעלען פון דער אַנדער זייט טהיר...

איך האָב געבעטען צייט ביז מאָרגען זיך מישב צו זיין, אָבער דער דירעקטאָר האָט ניט געוואָלט וויסען דערפון.

ס'איז אַלזאָ געבליבען, אַז מאָרגען פאָרמיטאָג זאָל איך פערלאָזען דאָס געפענגניס פון קלערמאָן.

דערווייל בין איך געווען פריי אַרומצוגעהן איבער דער טורמע, וואו איך האָב נאָר געוואָלט.

איך האָב זיך בענוצט מיט דיזער פרייהייט, אום זיך צו זעהן מיט עט-ליכע געפאַנגענע, און איך האָב זיך איינגערנומען אויסצופיהרען פאַר זיי געוויסע זאַכען, וויכטיג אין פאריז.

אַ טהייל פון זיי האָבען מיר איבערגעגעבען בריעף, אַנדערע האָבען געשיקט בלויז גריסען.

גליקליכערווייזע, האָט עס קיין וועכטער ניט בעמערקט.

יענע נאַכט האָב איך קיין אויג ניט געקענט צומאַכען.

איך בין געווען שרעקליך אויפגערעגט דערפון וואָס מען האָט מיך איינ-פאַך געצוואונגען אָנצונעהמען אַ בעגנאַדיגונג, וועלכע איך האָב ניט גע-בעטען נאָר ענדליך האָב איך זיך מישב געווען און בין געקומען צו פאָל-גענדען שלוס:

אין געפענגניס בין איך דאָך לחלוטין איבניצליך; כ'קען קיין שום זאַך ניט טהאָן פאַר מיין פאַרטיי. אַז איך וועל זיין פריי, וועל איך קענען פון דאָס נייע אַרומפאָהרען איבער'ן לאַנד מאַכען פראָפּאַגאַנדאַ און אויף אַזאַ'ן אופן איינצוגראָבען אַביסעל מעהר די צוקונפטיגע, ווערעמדיגע געביידע פון אונ-זערע רעגירער.

איך וועל אַלזאָ צוריק אויפנעהמען מיין אַרבייט, מיין קאַמפף, וועלכער איז אונטערבראָכען געוואָרען אין מיטען. איך וועל פונאַנדערטראָגען דאָס גוטע וואָרט איבער אַלע עקען פון פראַנקרייך, איך וועל פאָהרען נאָך אויס-לאַנד... אויב די רעגירונג מיינט, אז זי וועט מיר פערשליסען דאָס מויל מיט איהר בעגנאַדיגונג, האָט זי אַ ביטערן טעות.

איך בין איהר קיין שום דאַנק ניט שולדיג, ווייל איך בין פעראורטהיילט געוואָרען אויף איינפאַכע השערות און אויף די עדות פון פעראינטערעסירטע פערזאָנען.

און איך בין געווען ענטשלאָסען ביי זיך צו פערלאָזען קלערמאָן מיט אַ גרינג האַרץ.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז דער דירעקטאָר ערשטיינס געוואָרען, ווען ער האָט געהערט פון מיר, אַז איך בין גרייט מיט מיין גוטען ווילען אַרויסצוגעהן פון טורמע.

— וועל איך, הייסט עס, פערשפּאָרען אַרויספיהרען פון דאַגען מיט געוואַלד?—האָט ער געפרעגט.

— יאָ,—האָב איך געענטפערט.

דער גוטער דירעקטאָר האָט מיר געגעבען אַלערליי גוטע עצות, האָט מיך אָנגעגעבעטען צו זיין רוהיג, זיך ניט אַריינמישען אין פּאָליטיק, צו לעבען רוהיג פאַר זיך...

— איהר זייט אַ לעהרערין, — האָט ער מיר געזאָגט — וואַרום זאָלט איהר ניט זעהן אָנקומען אין אַ שולע?

— ס'איז אונמעגליך, — האָב איך געענטפערט.

— פאַרוואָס עפּעס?

— מיין נאָמען וועט אָבשרעקען פּיעלע בורזשואַס און זיי וועלען מורא האָבען מיר אָנצוטרויען זייערע קינדער. איך בין צו ווייט פאַרקראָכען אין דעם קאַמפּף, אום צוריקצוגעהן... זאָל קומען וואָס עס וויל, איך וועל טהאָן מיין פליכט ביז'ן סאַמע סוף...

— וואָס זשע וועט זיין? וועט מען אייך ווידער שיקען אין טירמע.

— אַז מען זאָל מיך שיקען אַהער צו אייך אין געפענגניס, — האָב איך מיט אַ שמייכעל געזאָגט, — וועל איך זיך אסיר האָבען וואָס צו בעקלאָגען...

— נאַ, — האָט זיך דער דירעקטאָר אָבגערופען. — איהר זייט אונפערבעסערליך!

ער האָט מיר געדריקט די האַנד און איך בין צוריק אַריין צו מיר אין קעמערל, וואו איך האָב אויף גיך געמאַכט אַ קליין פּעקעל פון אַלע מיינע מאַנוסקריפּטען.

פונקט צעהן אַזייגער בין איך געוועזען פון דער אַנדער זייט טורמע.

באַלד אין אָנהויב בין איך געוועזען שטאַרק צומישט. איך האָב ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין. עפּעס האָט מיך די פרישע לופט אַזוי ווי פערשכור'ט. איך האָב אפילו ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ וועג איך זאָל געהן, אום צוצוקומען צום וואַקזאַל פון קלערמאָן.

איך האָב זיך געווענדעט צו עטליכע בויערן, וועלכע האָבען מיך אָנגעקוקט מיט שרעק און מיר גאָרנישט געענטפערט.

אין קלערמאָן ציטערט מען שטאַרק פאַר די בעפרייטע אַרעסטאַנטען.

— ס'איז אַ שמוציגע באַנדע, — זאָגט מען אויף זיי, — מען דאַרף ווייכען פון זיי אַזוי ווי פון אַ פּעסט.

ענדליך האָב איך אָנגעטראָפען אַן אַרבייטער.

— קאַמעראַד, — האָב איך זיך אָבגערופען צו איהם. — איך קום נאָר וואָס אַרויס פון געפענגניס און איך וויל פאָהרען צוריק קיין פּאַריז. קענט איהר מיר ניט זאָגען, ווי אַזוי מען געהט דאָ צום וואַקזאַל?

דער אַרבייטער האָט מיך אָנגעקוקט און דערנאָך האָט ער מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— מאַדמואַזעל לואיזע, קומט מיט מיר; איך וועל אייך צופיהרען צום וואַקזאַל.

— איהר קענט אַלזאָ מיין נאָמען?

— יאָ, — האָט ער געענטפֿערט. — איך בין אַ פּאַריזער, אַ מיטגליעד פֿון דער גרופּע קאָמוניסטען פֿון דעם צוואַנציגסטען אַראָנדיסמענט.

מיר האָבען זיך געדריקט די הענד.

איך האָב אַלזאָ געפֿינען אַ פֿריינד! נאָכדעם ווי איך האָב געלעבט אַ צייט לאַנג אָבגעריסען פֿון דער גאַנצער וועלט, האָב איך צוריק געפֿונען אַ בראַווען קאַמפּפֿס-גענאָסע, אַ מוטהיגען פּאַריזער אַרבייטער.

מיין פֿריינד האָט מיר ערקלעהרט, אַז ער איז געקומען קיין קלערמאָן אין אַ שליחות פֿאַר זיין בעל הבית, און אַז ער פֿאָהרט צוריק קיין פּאַריז.

— מיר וועל'ען פֿאָהרען צוזאַמען, — האָט ער געזאָגט — און מיר וועל'ען קענען ריידען. מעגליך, אַז איך וועל אייך קענען דערצעהלען עפּעס נייעס

און ווירקליך, ער האָט מיר אויף'ן וועג דערצעהלט זעהר פֿיעל אינטע-רעסאַנטע נייעס וועגען דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג.

אַז איך בין אָנגעקומען קיין פּאַריז, בין איך געווען אַזוי בעקאַנט מיט דער גאַנצער פּאָליטיק, אָקוראַט ווי איך וואָלט אויף קיין איין טאָג ניט גע-פֿעהלט אין דער הויפּט-שטאָדט.

## XV

## לוקאַ'ס אַטענטאַט.

די ערשטע עטליכע וואָכען האָב איך געפֿיהרט זעהר אַ טרויעריג לעבען אין פּאַריז. אַלצדינג, מיין מוטער'ס וואוינונג, דער קבר איהרער, וועלכען איך פֿלעג אָפֿט בעזוכען און פֿון וועלכען איך האָב זיך ניט געקענט אָברייסען, —דאָס האָט מיך געהאַלטען אין איין דערמאָנען, וואָס פֿאַר אַ טהייערע פֿריינ-דין איך האָב פֿערלאָרען, און איך האָב זיך גאָרניט געקענט טרייסטען. ציי-טענווייז איז מיר געווען אַזוי טיעף שמערצליך אויף דער נשמה, אַז איך האָב שטאַרק בעדויערט, וואָס דער טויט האָט מיך ניט צוגענומען דאָרט אין דעם געפֿענגניס פֿון קלערמאָן, איידער מען האָט מיך בעפֿרייט.

נאָר מיינע בראַווע קאַמעראַדען זיינען געווען אַזוי גוט, אַזוי פֿריינדליך צו מיר, אַז זיי האָט זיך ביסלאַכווייז איינגעגעבען מיך אַרויסצוציהען פֿון דעם יאָמערליכען צושטאַנד, אין וועלכען איך בין געווען פֿערזונקען, און ענדליך האָב איך זיך אומגעקעהרט צום לעבען, צום פּאָליטישען לעבען.

איבעראַל, און פּאַריז אין אין דער פּראָווינץ, האָט מען דאַן אָרגאַניזירט פֿערזאַמלונגען. איך בין געגאַנגען אַהין ריידען. איך האָב זיך אריינגעוואָרפֿען אין שטראָם מיט מעהר פֿייער און מיט מעהר גלויבען אין מיינע איבערציי-גונגען ווי אומער.

דאָס איז געווען אַן אינטערעסאַנטע, כאָטש אַ ביטערע צייט. טאָג פֿאַר

טאָג האָבען מיר געהאַט צוזאַמענשטויסינגען מיט דער פּאָליציי. אין „וויל-זשוויף" איז דער געשלעג געוועזען אַזוי גרויס, אַז צוויי קאַמעראַדען אונזערע זיינען גאַנץ שטאַרק פערוואונדעט געוואָרען.

די פּאָליציי האָט געטהאָן אַלעס, וואָס זי האָט נור געקענט, אום אינז ביטער צו מאַכען דאָס לעבען, האָפּענדיג אויף אַזאַ'ן אופן צו דערשטיקען אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ.

ענדליך איז געקומען די וואַהל פון סאַדי קאַרנאָ, אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

אין אָנהויב האָט מען געגלויבט, אַז זשול פּעררי וועט ערוועהלט ווערען, און דיזער קלאַנג האָט ארויסגערופען אַן אמת'ע מהומה אין פּאַריז.

דער „פּאָבורג די טאַמפּעל", דיזער בראַווער דיסטריקט, וועלכער איז אימער געוועזען דער ערשטער אין קאַמפּף, איז געוועזען, אַזוי צו זאָגען, אין אַ צושטאַנד פון רעוואָלוציאָן.

„זאָל זיין וועך עס וויל זיך, נאָר ניט זשול פּעררי!"

דאָס איז געוועזען דער געשריי פון די פּאַריזער.

איך מיין, אַז ווען דיזער מאַן וואָלט ערוועהלט געוואָרען וואָלטען זיך די שטיינער פון די טראָטואַרען אויפגעהויבען...

אַ דריי טעג צייט האָבען מיר געוואַרט מיט אונגעדולד אויף דעם רע-זולטאַט פון דיזער אויפרעגונג.

די לופט איז געוועזען פול מיט דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג.

נאָר דער שטורם האָט ניט אויסגעבראָכען אין זיין פולער קראַפט. בלויז אַ פּאָר קליינע פּאַסירונגען דאָ און דאָרט, דאָס איז געוועזען אַלעס...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך קום דאָ צו צו אַן אונגליקליכען פאַל, וועלכער האָט געמאַכט אַ גרויסען טומעל אין יענער צייט: די לוקאַ-געשיכטע.

אָט ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט:

דאָס איז געוועזען אין דער שטאָדט האַוור, וואו איך האָב געדאַרפט ריידען אויף אַ פערזאַמלונג.

אויף דער פּלאַטפאָרמע, וואו איך האָב זיך געפונען, בין איך געווען ארומגערינגעלט פון קאַמעראַדען, פון די, וועלכע האָבען אָרגאַניזירט דעם מיטינג.

איך האָב קוים אויסגעזאָגט נעהמען דאָס וואָרט, מיט אַמאָל האָב איך בעמערקט, ווי אַ מאַן הויבט זיך אויף.

צוויי בליצען האָבען אָנגעפילט דעם זאַאַל.

אַן אונבעקאַנטער האָט אויף מיר אויסגעשאָסען צוויי מאָל פון אַ רע-וואָלווער.

דער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דעם אונגליקליכען און מען וואָלט איהם צוריסען אויף שטיקער, ווען די פּאָליציי וואָלט זיך ניט אריינ-געמישט.

דער, וואָס האָט אויף מיר געשאָסען, האָט זיך גערופֿען לוקאַ.

דאָס איז געווען אַן אַרבייטער, אַ גאַנץ אינטעליגענטער ברעטאָנער, וועלכער האָט אויף קיין פֿאַל ניט געקענט ערקלעהרען זיין טהאַט.

דעם 18טען מאַי 1888 איז לוקאַ געשטאַנען פֿאַר אַ געריכט פֿון געשוואָרענע.

דער אַדוואָקאַט לאַגער איז געשטאַנען אַלס זיין פֿערטהיידיגער.

נאָך די געוועהנליכע צערעמאָניעלע פֿאָרבערייטונגען, האָט מען אַריינגעבראַכט דעם אָנגעקלאָגטען.

דאָס איז געווען אַ הייכער מאַן מיט שוואַרצע האָר, זיין געזיכט איז געווען פּראָסט, ביז אַ שמאָלען שטערן.

נאָכדעם ווי מען לייענט איבער דעם בעשולדיגונגס-אַקט, הויבט דער פֿאָרזיצענדער אָן דעם פֿערהער פֿון די עדות און צוערשט ווענדעט ער זיך צו לוקאַ'ן גופא.

— איהר וואוינט אין האַוור זייט צוועלף יאָהר,—זאָגט ער איהם.—ווי מען דערצעהלט וועגען אייך, האָט איהר זיך אימער גוט אויפֿגעפֿיהרט. נאָר דאָך זאָגט מען, אַז איהר טרינקט אָפֿט צופֿיעל אַלקאָהאָלישע געטרענקע.

— זונטאָג טרינק איך אַביסעל,—ענטפֿערט לוקאַ.

— איהר האָט אַ נאָמען פֿאַר אַ גוטען אַרבייטער. נאָר אייער כאַראַקטער, זאָגט מען, איז אַביסעל זאָנדערבאַר. איהר זייט צוריקגעצויגען, פֿינסטערליך; איהר רעדט ווייניג מיט די אַרבייטער פֿון אייער ווערקשטאַט.. דעם 22טען יאַנואַר האָט איהר זיך דערוואוסט, אַז לואיזע מישעל וועט דאָ אין האַוור האַלטען צוויי פֿאָרטרעגע; אַז זי וועט ריידען וועגען קאַפּיטאַל און אַרבייט, זייט איהר געגאַנגען אויף די צוויי פֿערזאַמלונגען.

— כ'הויב ניט אָן געדיינקען קיין זאַך,—מאַכט לוקאַ.

— לואיזע מישעל האָט גערעדט מכח דער נויטה אין פּאַריז, וועגען דער ערציהונג, וועגען קריעג, אויסדריקענדיג איהר האָפֿנונג, אַז זי וועט נאָך דערלעבען דעם טאָג, ווען דיזע וועלט-מכה וועט אָבגעשאַפֿט ווערן. וואָס איז דאָ געווען אַזוינס, וואָס האָט אייך געקענט אויפֿרייצען? דעם סליעדאָוואַטעל האָט איהר געזאָגט, אַז געוויסע זאַכען אין איהר פֿאָרטראַג זיינען אייך ניט געפֿעלען און אַז זיי האָבען זאָגאַר אַרויסגערופֿען אַ פּראָטעסט אַרום אייך.

דער אָנגעקלאָגטער שווייגט און דער פֿאָרזיצענדער זאָגט ווייטער:

— איהר זייט אַריין צו אייך אַהיים, דערנאָך זייט איהר ווידער אַרויס אין גאַס. וואו זייט איהר געגאַנגען?

לוקאַ ווערט אַביסעל צומישט און ענטפֿערט:

— אויף דרויסען האָב איך בעגעגענט אַ מאַן, מיט וועמען איך בין אַריין אין עטליכע שיינק-הייזער. איך האָב געטרונקען בראַנפֿען און צוויי אָדער דריי „אַבסענטען"... און ווייטער געדיינק איך שוין ניט וואָס מיט מיר איז פֿאָרגעקימען.

— דערנאָך,—זאָגט דער פּרעזידענט — זייט איהר געגאַנגען קויפֿען אַ רעוואָלווער. איהר האָט זאָגאַר דערצעהלט דעם געוועהר־הענדלער אַ געשיכטע... איהר האָט איהם דערצעהלט, אַז איהר קויפֿט דעם דאָזיגען רעוואָלווער פֿאַר אַ פֿריינד אייערן, וועמען ס׳קימט אויס אַרומפֿאָהרען ביינאַכט.

— גאַנץ מעגליך.

— איהר האָט געלאָזט אָנלאָדען דעם רעוואָלווער, דערנאָך זייט איהר צוריקגעגאַנגען צו דער פֿערזאַמלונג. תחילת זייט איהר געווען זעהר רוהיג. איהר האָט זיך צוגעהערט אויפֿמערקזאַם צום פֿאָרטראַג.

— איך קען זיך גאָרנישט דערמאָנען מכח דעם,—מורמעלט דער אָרעמער לוקאַ.

דער פֿאָרזיצענדער בעשרייבט דאַן די סצענע פֿון דעם אַטענטאַט און ער זאָגט:

— דאַן האָט איהר אויסגעשאָסען אויף לואיזע מישעל, איינע פֿון אייערע קוילען האָט איהר געטראָפֿען אין אויער. דאַן האָט מען אייך געשלאָגען, מען האָט אייך קוים אַרויסגעריסען ביי דער מאַסע פֿון די הענד, און לואיזע מישעל האָט געבעטען, מען זאָל אייך קיין בייזעס ניט טהאָן... ביים ערשטען פֿערהער האָט איהר געזאָגט, אַז איהר זייט אויפֿגערעגט געוואָרען דורך די ווערטער, וואָס איהר האָט געהערט פֿון דער רעדנערין.

לוקאַ ערקלעהרט ווידער, אַז ער געדיינקט עס ניט.

— איהר האָט געזאָגט, אַז איהו׳ בעדויערט דאָס, וואָס איז פֿאָרגעקומען.

— און איך בעדויער עס נאָך איצט אויך, הערר פֿאָרזיצענדער.

דערנאָך האָט מען מיך גערופֿען אָבגעבען מיין ערקלעהרונג.

אָט וואָס איך האָב געזאָגט:

— דאַן, ווען די געשיכטע האָט פּאַסירט, האָט לוקאַ אודאי געמוזט זיין אין אַ צושטאַנד פֿון פֿערשלאָפֿענקייט. ווי איינעגע האָבען מיר איבערגעגעבען איז ער ווירקליך געווען פֿערשלאָפֿען און האָט נישט געוואוסט וואָס ער טהוט... איך פֿערלאַנג אַלזאָ, מען זאָל איהם בעפֿרייען; דאָס וועט בלויז זיין אַן אַקט פֿון גערעכטיגקייט. לוקאַ איז אפשר בעאיינפֿלוסט געוואָרען פֿון עטליכע אידיאָטען, וועלכע זיינען אונפֿעהיג צו בעגרייפֿען אונזערע אידעען...

— דער מאַן האָט אויף אייך אויסגעשאָסען צוויי קוילען, — האָט מיר דער פֿאָרזיצענדער געזאָגט.

— איך האָב גאָרנישט געליטען פֿון זיי. כ׳האָב בלויז געפֿיהלט אַ קליין ביסעל היץ לעבען אויער... די צווייטע קויל האָט מיר ניט געטראָפֿען... לוקאַ האָט געשאָסען אינבעוואוסטזיינהייט, אַזוי ווי אַ קינד. ווען ער וואָלט עס געטהאָן מיט קאַלטבלוטיגקייט, וואָלט ער מיך דער׳הרג׳עט.

נאָך עטליכע עדות ווערן דאַן אויפֿגערופֿען, צווישען זיי דער וואַפֿען־

הענ־לער, ביי וועמען לוקאַ האָט געקויפט דעם רעוואָלווער, און דער דאָק־טאָר, וועלכער האָט מיר פערבינדען מיין וואונד. דערנאָך האָט דער פראָ־קוראָר דאָס וואָרט.

ער שטעלט פאָר דעם אָנגעקלאָגטען אַלס אַן אָרעמען אַרבייטער מיט אַ בעשיינקטער אינטעליגענץ, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעגעבען מיט פּאָליטיק.

— דיזער מאַן, — זאָגט ער — זיך געפינענדיג צופעליגערווייזע אויף'ן פּאָרטראַג, האָט געהערט די ווערטער „גנב" אין „מערדער" פון דער רעד־נערין. נאָך לואיזע מישעל'ס מיינונג, איז דער אָנגעקלאָגטער אַן אונבעוואוס־טער, האלב-פער'הלום'טער מענש, אָבער איהר גרויס-מוטהיגקייט דאַרף ניט האָבען קיין שום ווירקונג אויף דיזען פראָצעס. די הערן געשוואָרענע דאַר־פען ניט קוקען ניט אויף דער גרויס-מוטהיגקייט פון די אָפּפער און ניט אויף זייערע ראַבע-אידעען... אַלעס וואָס מיר פערלאַנגען איז, מען זאָל לוקאַ'ן פעראורטהיילען צו געפענגניס אויף אַ געוויסער צייט.

דערויף האָב איך ערקלעהרט, אַז ווען איך פערלאַנג, אַז מען זאָל לוקאַ'ן בעפרייען, איז דאָס ניט פון גרויסמוטהיגקייט, נאָר איינפאַך אויס גע־רעכטיגקייט.

דאַן קימט די פערטהיידיגונגס-רעדע פון דעם אַדוואָקאַט לאַגער.

— איך וויל ניט פערלייגערן דיזען פראָצעס, — זאָגט ער — און איך האָף, אַז איהר וועט ניט פעראורטהיילען דעם אָנגעקלאָגטען, וועלכער זיצט דאָ פאַר אייך.

לוקאַ איז אַן אונבעוואוסטער מענש און זיין בעפרייאונג איז אַ זעלבסט־פערשטענדליכע זאַך.

לואיזע מישעל האָט עס גלייך אויף'ן שטעל בעגריפען, ווען זי האָט צוזאָלוטיגטערהייט געזאָגט:

„דאָס איז אַ פערריקטער... לאָזט איהם לויפען."

און לאָמיך אייך זאָגען נאָך עפּעס: אויב איך שטעה דאָ אַלס פער־טהיידיגער, איז דאָס ניט, ווייל דער אָנגעקלאָגטער האָט אַזוי געוואָלט, נאָר ווייל לואיזע מישעל איז צוגעשטאַנען צו מיר און האָט מיך געבעטען, איך זאָל זיך אָננעהמען פאַר דעם אָרעמען מאַן.

נאָר וואָס איז אַזוינס לוקאַ?

ווער האָט איהם דאָס געקענט טרייבען צו דער משוגע'נער טהאַט, וועל־כע ער האָט בעגאַנגען?

לוקאַ איז אַ ברעטאָן, אַן איינפאַכע נשמה, אַ מאַן פון שטיין, ווי לו־איזע מישעל האָט זיך אויסגעדריקט.

צו צוויי און צוואַנציג יאָהר, ניט אַריינקומענדיג אין דער קאַזאַרמע, האָט ער פערלאָזען זיין דאָרף, קריינקליך, ליידענדיג און אימער בענקענדיג נאָך די שעהנע, די וואונדערבאַרע נאַטור דאָרט אין זיין היימאַטה.

זיט דאַן האָט ער געאַרבייט אין דריי פֿאַבריקען, און איבעראַל האָט מען איהם געקענט פֿאַר אַ גוטען, שטילען ארבייטער.

ער האָט געאַרבייט זעקס טעג, נאָר דעם זיבעטען האָט ער אָפּט־אָל געהאַט דאָס אונגליק זיך אַריינצולאָזען אין שכרות.

אָט דאָס איז דער, וועלכער האָט אין עטליכע מינוט געקענט ווערן אַ פֿערברעכער.

ווי אַזוי איז דאָס געקומען?

ס׳איז שווער צו געבען אַ ריכטיגען ענטפֿער אויף דיזער פֿראַגע.

מיט אַזאַ שוואַכען גייסט ווי ער האָט, איז אונמעגליך צו גלויבען, אַז דיזע נאַאיווע אינטעריגענין האָט געקענט אויפֿגעקאָכט ווערן געגען לו-איזע מישעל׳ס טהעאָריען.

אין אָנהויב האָב איך עס אויך געגלויבט, איך בין זיך מודה אין דעם, נאָר נעכטען האָב איך געהאַט אַ געשפּרעך מיט לוקאַ׳ן, און ווען איהר וואָלט געווען אויף מיין פּלאַץ, וואָלט איהר זיך איבערצייגט, אַז דיזע ער-קלעהרונג האָט קיין האַפּט ניט.

אין דעם ווייטערדיגען טהייל פֿון זיין רעדע סטאַרעט זיך דער אַדוואָ-קאַט צו בעווייזען, אַז לוקאַ איז לחלוטין ניט געווען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זיין טהאַט, אַז ער איז געווען בעטרונקען און האָט געהאַנדעלט ווי אַן איינ-פֿאַכער פֿערריקטער, און ער ענדיגט מיט פֿאָלגענדע וואַרימע ווערטער:

„איהר דאַרפֿט איהם צוריקגעבען צו די זייניגע און איהר וועט עס טהאָן.

„איך וואָלט נאָך געקענט ריידען פֿיעל, נאָר עס וועט מיר זיין גענוג אייך צו זאָגען, אַז דיזער מאַן איז שוין גענוג בעשטראָפֿט געוואָרען טאַקי דורך דער טהאַט גופא, וואָס ער האָט בעגאַנגען, דורך דעם וואָס ער איז דאָ אָנגעקלאָגט פֿאַר אייך, מיינע העררען געשוואָרענע.

„דאָס וועט ער ניט פֿערגעסען, ער וועט עס קיינמאָל ניט פֿערגעסען."

לוקאַ איז בעפֿרייט געוואָרען.

אין עטליכע טעג אַרום האָט ער מיר געשריבען פֿאָלגענדען בריעף:

„מאַדאַם!

„איך ווייס ווירקליך ניט, ווי אַזוי אויסצודריקען מיין דאַנקבאַרקייט צו אייך, ווייל איך בין אַזוי גליקליך וואָס איך בין צוריק מיט מיין פֿאַמיליע. איך בעט אייך, איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען וואָס איך האָב אייך פֿריהער ניט געשריבען, ווייל איך בין געווען אַזוי געריהרט דערפֿון וואָס איך בין צוריק לעבען מיין אָרעמער פֿרוי און מיין קינד.

„איך דיינק, אַז מיין פֿרוי וואָלט זיכער געשטאָרבען פֿון האַרצווייטאָג, ווען דאָס געדויערט נאָך אַ שטיקעל צייט.

„דאַרום, מאַדאַם, אינאיינעם מיט די טהייערסטע מיינע, וואָס איך האָב

איף דער וועלט, דאַנק איך איך פֿאַר די גוטסקייט, וואָס איהר האָט מיר געטהאָן.

„איך וועל אייך קיינמאָל ניט פֿערגעסען.

„פּיער לוקאַ.“

אָרעמער לוקאַ!

יאָ, איך ווידעי־האָל נאָך אַ מאָל, דאָס איז אַן איינפֿאַכע נשמה, אַ נאַ־איוועך מיח...

איך מיז צוגעבען, אַז מיט ווייניג אייסנאַהמען האָט כמעט די גאַנצע פּיעסע אייסגעדריקט איהר ציפֿרידענהייט מיט דעם אורטהייל פֿון האַווד.

בלויז אַ געוויסער פּינהייראָ שאַגאַס, אַ געוועזענער מיניסטער פֿון פּאָר־טוגאַל, האָט בעדויערט, וואָס לוקאַ האָט מיך ניט דער׳הרג׳עט.

איך האָב איהם קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהן און איך האָב ניט געקענט פֿערשטעהן, וואָרום ער ווינשט מיר אַזוי דעם טויט.

אָבער דיזער הערר פּינהייראָ האָט געהאַט זיין פּסק דערפֿאַר איינמאָל האָט איהם אַ פּאָ־טוגעזיישער קאַמעראַד מיט׳ן נאָמען פּינטאָ אָבגעוואַרט לעבען פּאַרלאַמענט, וואוהין ער האָט זיך געלאָזט אַריינגעהן, און האָט איהם דערלאַנגט אַ פּאָר פֿייערדיגע פּעטש.

פּינטאָ איז אַרעסטירט געוואָרען און ער האָט געקראָגען 18 מאָנאַט קערקער דערפֿאַר וואָס ער „האָט פֿערזוכט צו נעהמען דאָס לעבען פֿון דעם געוועזענעם מיניסטער“, ווי די קלאַגע האָט געלויטעט .. ביי דער פּאָרטו־געזיישער רעגירונג איז דאָס געווען אַן אויסרייד אויפֿצועפֿענען אַ קריין־צוג געגען די דאָרטיגע רעוואָלוציאָנערן, און פֿיעל פֿון אונזערע קאַמעראַדען זיי־ען דאַן אַרעסטירט געוואָרען אויף דעם כלומר׳שטען פֿערדאַכט, אַז זיי האָבען געהאָלפֿען פּינטאָ׳ן אין זיין „אַטענטאַט“.

אַזוי ווי מען וואָלט געדאַרפֿט האָבען אַ גאַנצע קאָנספּיראַציע, אויס־צופֿראַבקען אַזאַ קערל ווי פּינהייראָ די אונפֿערשעהמטע צורה!...

## XVI

## אַ פֿעררעטהער.

אין יענער צייט איז צו מיר געקומען אַ פּאָרטוגעזישער רעוואָלוציאָנער מיט׳ן נאָמען מיראַנדעז.

דאָס איז געווען אַ יונגער מאַן אַן ערך פֿינף און צוואַנציג יאָהר אַלט, מיט אַן אינטעליגענטען געזיכט, אַ פּאָר ברענענדע אויגען און אַ קלינגענדיגע שטימע.

ער איז אַנטלאָפֿען געוואָרען פֿון אַ געפֿענגניס אין ליסאַבאָן, איז אַוועק מיט אַ שיף קיין אַרגענטיניען און פֿון דאָרט איז ער געקומען קיין אייראָפּאַ, וואו ער האָט געהאָפֿט זיך צונויפֿצוטרעפֿען מיט זיינע פֿריינד.

קיינער פֿון אונז האָט קיינמאָל ניט געהערט ריידען קיין וואָרט וועגען דעם דאָזיגען מיראַנדעז, נאָר די רעוואָלוציאָנערן זיינען אַזוי גרויס אין צאָהל, אַז ס׳איז פּשוט אונמעגליך, זיי זאָלען זיך אַלע קענען איינע די אַנדערע.

און מיראַנדעז איז געוואָרען איינער פֿון אונזערע בעסטע העלפֿער. ער איז געווען איבעראַל, האָט עטליכע מאָל גערעדט אויף אינזערע פֿערזאַמלונגען און אַרויסגעצייגט אַזאַ איבערגעבענהייט צו אינזערע אידעען, אַז ער האָט ענדליך געוואונען אונזער אַלעמענס צוטרוי און פֿריינדשאַפֿט.

איינמאָל האָט ער אונז דערצעהלט זיין לעבענס געשיכטע און ער האָט פֿערשטאַנען אונז צו ריהרען ביז טרעהרען מיט דער בעשרייבינג פֿון זיינע ליידען.

ער איז געבוירען געוואָרען אין פּאָרטוגאַל.

זיין פֿאָטער איז געווען אַן אָרעמער פֿישער און מיראַנדעז האָט פֿערבראַכט זיינע קינדער-יאָהרען ביים ברעג ים.

ווען ער איז אַלט געווען פֿופֿצעהן יאָהר, האָבען זיך זיינע עלטערן אַריבערגעקליבען קיין שפּאַניען, אין דער שטאָדט באַרצעלאָנאַ.

דאָרט איז זיין פֿאָטער, וועלכער האָט זיך ביז דאַן ניט אָבגעגעבען מיט קיין שום פּאָליטיק, געקומען אין אַ געוויסער בעריהרונג מיט די שפּאַנישע סאָציאַליסטען. ער האָט זיך בעקענט מיט זייערע אידעען, און פֿון דאַן אָן איז ער געוואָרען אַ פּראָפּאַגאַנדיסט און ער פֿלעגט זעהר אָפֿט ריידען אויף רעוואָלוציאָנערע פֿערזאַמלונגען.

איין אָוועגד האָט געפּלאַצט אַ באָמבע אין אַן עפֿענטליכען פּלאַץ אין באַרצעלאָנאַ.

דער אַלטער מיראַנדעז איז אַרעסטירט געוואָרען מיט נאָך צעהן קאַמעראַדען.

ס׳איז געווען אַ לאַנגער פּראָצעס. ענדליך האָט דער אַלטער מיראַנדעז ניט געקענט אַריבערטראָגען די שוידערליכע עניים, וואָס מען האָט איהם אָנגעטהאָן, און ער האָט זיך מודה געווען אויף אַ טהאַט, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט בעגאַנגען. ער איז פֿער׳משפּט געוואָרען צום טויט דורך דער גאַראָטע.

זיין זוהן איז געווען ביי דער היגריכטונג, און ער האָט געשוואָרען זיך נוקם צו זיין אָן זיין פֿאָטער׳ס תלינים...

צו צוואַנציג יאָהר איז ער שוין געווען אויסגעקאָכט צווישען די רעוואָלוציאָנערן. ער איז געזעסען אין פֿערשיעדענע געפֿענגניסע פֿון באַרצעלאָנאַ, מאַדריד און סעווויליאַ.

ער האָט אונז געוויזען זיין לינקע האַנד, אין וועלכער עס האָבען איהם געפֿעהלט גאַנצע דריי פֿינגער, און ער האָט אונז דערצעהלט פֿאָלגענדע געשיכטע:

איינמאָל איז ער אַרעסטירט געוואָרען אין מאַדריד. אַזוי ווי ער האָט

בשום אופן ניט געוואָלט אויסגעבען די נעמען פֿון זיינע קאַמעראַדען, האָט מען איהם אָבגעשניטען אַ פֿינגער. אין צוויי וואָכען אַרום איז ער ווידער געשטעלט געוואָרען צום פֿערהער. מען האָט ווידער פֿערלאַנגט פֿון איהם, ער זאָל פֿערראַטהען זיינע פֿריינד, אָבער ער האָט זיך געהאַלטען פֿעסט און קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. דאַן האָבען די באַנדיטען איהם אָבגעשניטען נאָך צוויי פֿינגער פֿון דערזעלבער האַנד.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען וואָס פאַר אַ ווירקונג דיזע געשיכטע האָט אויף אונז געמאַכט. מיראַנדעז איז געוואָרען איינער פֿון אונזערע אינטימסטע פֿריינד, און ער האָט ווירקליך געאַרבייט אויסגעצייכענט אין דער אַגיטאַציאָנס-בעווענונג, וועלכע מיר האָבען דאַן אָנגעפֿיהרט.

ס'איז אמת, אַז מיר האָבען איהם געהאַלטען פֿאַר אַביסעל צו היציג; ער פֿלעגט רק פֿריידיגען געוואַלט מיטלען אָבער מיר האָבען זיך געקענט ערקלעהרען ווי אַזוי דאָס איז געקומען. נאָך אַזעלכע יסורים און ענוים, ווי ער איז אויסגעשטאַנען, איז ניט געווען צו ערוואַרטען פֿון איהם קיין קאַלטבלוטיגקייט...

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַזאַ געשיכטע:

אַ שפּיאָן האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט צו אונז אויף אַ פֿערזאַמלונג. מיר האָבען איהם דערקענט. תחילת האָט ער געזוכט צו לייקענען, נאָר ס'האָט איהם ניט געהאָלפֿען. ער האָט זיך געמוזט מודה זיין און ער האָט אונז איבערגעגעבען אַלך זאַכען, וואָס מיר האָבען נייטיג געדאַרפֿט וויסען.

מיראַנדעז האָט קיין אויג ניט אַרונטערגענומען פֿון דיזען געהיים פּאָליציסט, און מיט אַמאָל האָבען מיר בעמערקט, ווי ער כאַפּט אַרויס אַ מעסער פֿון קעשענע, אום איהם צו שטעכען.

— מיראַנדעז, וואָס ווילט איהר טהאָן?—האָב איך זיך אָבגערופֿען.

— גאַנץ איינפֿאַך... צורעכט מאַכען דיזען שפּיאָן.

— איהר וועט עס ניט טהאָן.

— ווער וועט עס מיך אָבהאַלטען דערפֿון?

— איך,—האָב איך געענטפֿערט.

— וואָס! איהר, לואיזע, וועט מיך ניט לאָזען הרג׳ענען דיזע קאַנאַליע?

— געוויס ניט.

— און פֿאַרוואָס עפּעס?

— ווייל אויב מיר האָבען דאָס רעכט צו רעוואָלטירען, דאַרפֿען מיר פֿונדעסטוועגען ניט זיין קיין איינפֿאַכע מערדער.

— אָבער דיזער מאַן האָט דאָך אונז אויסגעשפּיאָנירט...

— ער האָט אַ קלעגליכע בעשעפֿטיגונג, דאָס איז אַלעס...

מיראַנדעז האָט אָבער דעם מעסער ניט אַרויסגעלאָזט פֿון האַנד, און מיר האָבען דעם שפּיאָן געמוזט אַרויספֿיהרען דורך אַ הינטער-טהיר, אום צו מאַכען אַ סוף צו דער אונאַנגענעהמער סצענע.

אַז ער איז אַרויס, האָב איך זיך געווענדעט צו מיראַנדעז׳ן און איהם געזאָגט:

— מיין פריינד, אין דער צוקונפט מוזט איהר זיך אַביסעל קאָנטראָלי-רען... איך בעגרייף דעם האַס, וואָס איהר פיהלט צו דער פּאָליציי און צו די, וואָס זיינען ביי איהר אין דיענסט, נאָר מיר דאַרפען ניט אין אַ רוהיגער, פריעדליכער צייט זיך בענוצען מיט געוואַלט. איהר פערגעסט וואָס פאַר רעפרעסיעס אייער אונבערעכענטע טהאַט וואָלט געקענט אַרויסרופען. אַחוץ דעם, וואָס ווערט שוין דערפון וואָס מען הרג׳עט אַ שפּיאָן? ס׳וואַקסען אויס פופציג אויף זיין אָרט...

מיראַנדעז האָט מיר פערשפּראָכען צו זיין רוהיגער אין דער צוקונפט.

— ענטשולדיגט מיר,—האָט ער געזאָגט—נאָר איך האָב זיך ניט גע-קענט קאָנטראָלירען. ס׳איז דאָך געוועזען צוליעב די פּאָליציי-לייט וואָס מיין פאָטער איז גאַראָטירט געוואָרען אין באַרצעלאָנאַ. צוליעב זיי האָט מען מיך אַזוי געמאַטערט. כ׳האָב זיי פיינט, אַזוי ווי די רויטע אינדיאַנער האָבען פיינט די פרעמדע, די אויסלענדער, וועלכע יאָגען און פּלאָגען זיי...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין עטליכע טעג אַרום האָבען מיר אָבגעהאַלטען אַ געהיימע פערזאַמ-לונג, אום צו בעשליסען, ווער פון אונז זאָל פאָהרען קיין בריסעל אויף אַן אַגיטאַציאָנס-טור.

דריי ענערגישע און פעהיגע קאַמעראַדען זיינען אויסגעקליבען גע-וואָרען.

ס׳איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז די גענאָסען זאָלען אָבפאָהרען אויף מאָרגען, יעדער איינער אין אַ בעזונדער שטונדע, כדי ניט צו דערוועקען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי.

נור, ווי אונפערשטענדליך, ווי ערשטוינענד איז דאָס פאַר אונז געוועזען, ווען די דריי קאַמעראַדען זיינען אַרעסטירט געוואָרען טאַקי אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען זיי האָבען געדאַרפט זיך אַריינזעצען אין וואַגאָן, אום אָב-צופאָהרען קיין בריסעל!

ס׳איז ביי אונז קיין צווייפעל ניט געוועזען, אַז אימיצער האָט זיי גע׳-מסר׳ט.

נאָר ווער?

ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פעלע איז דער חשד געפאַלען גראָד אויף אונשולדיגע.

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום האָבען מיר בעשלאָסען זיך צו פערזאַמלען ביים פּלאַץ פון דער באַסטיל, אום פון דאָרט צו מאַרשירען צום בית עולם פון „פער-לאַשעז“, וואו עס ליגען אונזערע העלדען פון דער קאָמונע.

דיזער בעשלוס איז געפּאַסט געוואָרען אַזוי געהיים ווי מעגליך. דאָך, אַז מיר זיינען צוגעקומען צו דעם בעשטימטען אָרט, האָבען מיר דאָרט גע-פונען אַ גאַנצע מחנה פון פּאָליציי-לייט, פוס-געהער און רייטער.

מיר זיינען אַלזאָ ווידער אַמאָל פֿערראַטהען געוואָרען.

איצט איז ביי אונז קיין צווייפֿעל ניט געווען, אַז מיר האָבען שפּיאָנען אין אונזערע אייגענע רייהען.

מיר האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַן אונטערזוכונג. מיראַנדעז און פֿינף קאַמעראַדען זיינען בעאויפֿטראַגט געוואָרען אויפֿצופּאַסען אויף די, וועלכע מיר האָבען געהאַלטען פֿאַר פֿערדעכטיגט.

נאָר ס׳איז גאָרנישט אַרויסגעקומען דערפֿון, און מיר זיינען ווייטער פֿערראַטהען געוואָרען אַזוי ווי פֿריהער.

און ווער ווייסט, צי מיר וואָלטען ווען עס איז אויסגעפֿינען דעם באַנדיט, וועלכער האָט זיך בעהאַלטען צווישען אונז, ווען עס טרעפֿט ניט אַ צופֿאַל, וועלכער האָט איהם אונז ענטדעקט.

איינער פֿון אונזערע פֿריינד האָט בעהאַלטען ביי זיך אַן איטאַליענישען קאַמעראַד מיט׳ן נאָמען פּאַגאַנעטי, וועלכער האָט אַנטהייל גענומען אין עטליכע מאַניפֿעסטאַציעס און זיך געשלאָגען מיט דער פּאָליציי, און וועלכען מען האָט, פֿערשטעהט זיך, געזוכט מיט ליכט. דיזער פּאַגאַנעטי האָט זיך געפֿיהלט גאַנץ זיכער ביי זיין פֿריינד. נאָר פּלוצלינג, איין פֿריה מאָרגען, האָט מען איהם אַרעסטירט טאַקי אין דעם הויז, וואו ער האָט זיך בעהאַלטען.

ווער האָט איהם געקענט מסר׳ן? ס׳האָט דאָך ניט געקענט זיין דער־זעלביגער, וועלכער האָט איהם אַליין בעהאַלטען ביי זיך אין הויז. מיר האָבען איהם געקענט פֿון אַ לאַנגער צייט פֿאַר אַ זעהר בראַווען קאַמעראַד.

הקיצור, פּאַגאַנעטי איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו דריי מאָנאַט געפֿענגניס און דערנאָך אַרויסגעשיקט צו ווערען פֿון פֿראַנקרייך.

אַז ער איז אַרויסגעקומען פֿון תפיסה, איידער מען האָט איהם אָבגעפֿיהרט צום וואָקזאַל, האָב איך זיך מיט איהם געזעהן, און צווישען די עטליכע ווערטער, וואָס מיר האָבען אוספּייעט שטילערהייט צו ריידען, האָט ער מיר געזאָגט:

— מיין גוטע לואיזע, איהר זוכט דעם פֿעררעטהער, וועלכער האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט צווישען אונז? איך ווייס שוין ווער ער איז...

— זיין נאָמען, זאָגט מיר גיכער זיין נאָמען!

— מיראַנדעז...

— מיראַנדעז! ס׳איז אונמעגליך.

— איך בין זיכער דערויף. דאָס האָט ער מיך גע׳מסר׳ט. דער סליעדראָוואַט׳ל איז געווען נאַריש גענוג עס מיר צו זאָגען...

דאָס איז געווען אַלעס, וואָס פּאַגאַנעטי האָט מיר געקענט מיטהיילען. מען האָט איהם גלייך צוגענומען און איהם אָבגעשיקט קיין איטאַליען, וואו איהם האָט ערוואַרטעט נאָך אַ נייע געפֿענגניס שטראָף.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם זעלבען אָווענד האָב איך צונויפגערופען איינינע זיכערע קאַמעראַדען און איך האָב זיי איבערגעגעבען די נאַכריכט וועגען מיראַנדעז, אַזוי ווי פאַגאַנעטי האָט עס מיר דערצעהלט.

מען קען זיך משער זיין, ווי ערשטוינט זיי זיינען געבליבען. קיינער האָט זיך גאָרניט געקענט ריכטען אויף אַזאַ קלאַפּ. מיראַנדעז איז געווען דער סאַמע לעצטער, וועמען מיר וואָלטען חושד געווען.

ס׳איז געבליבען ביי אונז צו מאַכען אַ פּראָבע, און אָט וואָס איך האָב געטהאָן:

איך האָב צונויפגערופען פינף קאַמעראַדען, צווישען זיי אויך מיראַנדעז׳ן, און איך האָב זיי געזאָגט:

— דער דייטשער אַנאַרכיסט שטיינער איז נעכטען אָנגעקומען קיין פּאַריז. אַזוי ווי ער ווערט געזוכט און די היגע פּאָליציי האָט אַ בעפעהל איהם צו אַרעסטירען, בעהאַלט איך איהם ביי מיר אין הויז, נאָר שטיינער וואָלט וועלען פון צייט צו צייט זיך זעהן מיט איינינע קאַמעראַדען. איהר וועט איהם אַלזאָ בעזוכען איינציגווייז...

— גוט, —האָבען די קאַמעראַדען געענטפערט.

ס׳איז אָבגעמאַכט געוואָרען, אַז דער קאַמעראַד ב. זאָל זיך זעהן מיט שטיינער׳ן אויף מאָרגען און ג. אויף איבערמאָרגען.

דערנאָך האָבען מיר זיך צושיידט איינע פון די אַנדערע.

נאָר די קאַמעראַדען האָבען ניט אָבגעלאָזט מיראַנדעז׳ן פון די אויגען.

זיי זיינען איהם נאָכגעגאַנגען ווי אמת׳ע געהיים-פּאָליציסטען.

מיראַנדעז איז אַריין צו זיך אַהיים.

אונזערע פריינד האָבען געוואַרט לעבען זיין טהיר. אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט זיי געזאָגט, אַז ער וועט באַלד אַרויסגעהן.

אין אַ ווייַלע אַרום איז ער ווירקליך אַרויסגעקומען מיט אַ בריעף אין דער האַנד.

ב. האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויף איהם.

— וואו געהסט דו? —האָט ער איהם געפרעגט.

— וואָס מאַכט עס דיר אויס?

— איך וויל עס וויסען.

מיראַנדעז איז צוטומעלט געוואָרען. אין דער צייט וואָס ער האָט געמורמעלט אין זיך עטליכע אונפערשטענדליכע ווערטער, האָבען איהם די קאַמעראַדען אַרומגערינגעלט און צוגענומען ביי איהם דעם בריעף, וועלכען ער האָט בעהאַלטען ביי זיך אין קעשענע. דערנאָך האָבען זיי איהם אַריינגעזעצט אין אַ וואָגען און איהם געבראַכט צו מיר.

— אָט האָט איהר דעם שפּיאָן, —האָט זיך אָבגערופען ב.—מיר האָבען איהם געכאַפּט ביי דער האַנד און טאַקי אין דער רעכטער צייט. ער איז געגאַנגען אויפלייגען אַ בריעף אויף דער פּאָסט, אַ קליין בריוועלע, וואָס

דאַרף זיין אינטערעסאַנט, ווייל ס׳איז אַדרעסירט צו אַ הערר, וואָס גיט זיך שטאַרק אָב מיט אונזערע עסקים ..

כ׳האָב גענומען דעם בריעף; ער איז געווען אַדרעסירט צו דעם שעף פון דער אָבטהיילונג פון דער געהיים פאָליציי, וועלכע האָט די אויפגאבע אַכטונג צו געבען אויף די אַנאַרכיסטען. אָט וואָס דאָרט איז געשטאַנען:

„איך האָב די עהרע אייך מיטצוטהיילען, אַז דער אַנאַרכיסט שטיינער, וועלכער איז נעכטען אָנגעקומען פון דייטשלאַנד, געפינט זיך ביי לואיזע מישעל, 35 בילוואר אָרנאַנאָ. דערמיט האָב איך די עהרע צו פערבלייבען אייער זעהר געהאָרכזאַמער דיענער א.ז.וו.״

כ׳האָב אַ קוק געטהאָן אויף מיראַנדעז׳ן.

ער איז געווען בלאַס ווי אַ טויטער.

— אַזוי,—האָב איך זיך אָבגערופען, — אַזוי האָט איהר, הייסט עס, געהאַנדעלט. איהר, ווענן מיר האָבען געליעבט ווי אַ ברודער און צו ווע-מען מיר האָבען געהאַט דעם פולסטען צוטרוי, — איהר האָט אונז איינפאַך פערראַטהען...

דער באַנדיט האָט ניט געענטפערט.

— וואָס וועלען מיר טהאָן מיט איהם ?—האָט ב. געפרעגט. — כ׳מיין, ער פערדיענט אַ פסק...

— ניין,—האָב איך זיך אָבגערופען—לאָזט איהם אָב. אויב עס בלייבט איהם נאָך איבער אַ ברעקעל געוויסען, וועט איהם ניט גענוג זיין דאָס גאַנצע לעבען צו בעדויערן די נידערטרעכטיגע טהאַט, וועלכע ער האָט בע-גאַנגען. מיר האָבען געגלויבט אין איהם, ער האָט אונז אָבגענאַרט, לאָמיר עס פערגעסען.

— לואיזע,—האָט זיך ב. אָבגערופען—איהר זייט אימער צו גוט. איך פערשטעה, אַז מען קען און מען דאַרף אַמאָל איינעם מוחל זיין אויף אַ שלעכטע טהאַט, וואָס ער טהוט, אָבער פאַרהאַן פעלע, וואו דאָס איז אונ-מעגליך. ווי! אַ חברה-מאַן שפּיאָנירט אונז איום זייט צעהן מאָנאַט צייט און גיט איבער אַלעס וואָס מיר טהוען דער פאָליציי, און איהר ווילט איהם לאָזען לויפען אַזוי אָהן אַ שום בעלוינונג פאַר זיין טהייערער אַר-בייט!... אָה ניין! געדיינקט איהר נאָך דעם טאָג, ווען מיראַנדעז האָט ניט אַנדערש נאָר געוואָלט שטעכען דעם שפּיאָן, ווענן מיר האָבען געמוזט ארויספיהרען דורך אַ הינטער-טהיר? אַ שטייגער ווען מיר זאָלען איהם היינט וועלען געבען דיזעלבע שטראָף, וואָס ער האָט דאַן געוואָלט אָדער ווייניג-סטענס זיך געמאַכט, אַז ער וויל געבען זיין פאָליציי-קאַמעראַד ?

מיראַנדעז האָט געציטערט און געקוקט אויף מיר מיט אויגען פול מיט געבעט.

— ניין,—האָב איך געענטפערט—ס׳איז ניט פאַר אונז צו משפט׳ן די-זען שפּיאָן, און וואָס וועט שוין אַרויסקומען, אַז מיר וועלען איהם הרג׳-

ענען ? זאָל ער אונז זאָגען ווער ער איז, פֿון וואַנען ער קומט און מיר וועלען איהם דערנאָך דורכטרייבען פֿון דאַנען.

מיראַנדעז האָט ניט געענטפֿערט.

זעהענדיג, אַז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבען, האָט ער געקריאָגען קוראַזש און זיך געמאַכט כלא ידע מכּת דעם וואָס מען פֿ״עגט איהם.

— הער אויס,—האָט זיך אָבגערופֿען דער קאַמעראַד ב.—לואיזע שיינקט דיר דאָס לעבען, אָבער מיר, מיר זיינען פֿריי צו האַנדלען ווי מיר ווילען. אויב דו וועסט ניט ריידען, אויב דו וועסט אונז ניט דערצעהלען וועגען דיין גאַנצען שמוציגען לעבען מיט אַלע איינצעלהייטען, דערוועהג איך דיך דאָ אויף׳ן פלאַץ.

און ב., וועלכער איז געוועזן אַ ריעז, האָט אויסגעשטרעקט זיינע שטאַר-קע הענד.

דער שפּיאָן האָט פֿערשטאַנען, אַז ער איז נאָך ניט געראַטעט.

— איך בין גרייט צו ענטפֿערן,—האָט ער זיך אָבגערופֿען.

— גוט,—האָט ב. געזאָגט—נאָר גיב אַכטונג, טאָמער דערצעהלסט דו אונז זאַכען, וואָס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפֿלויגען, וועלען מיר עס וויסען, און מעגסט זיכער זיין, אַז ווען איך וועל דיך בעגעגענען ערגעץ-וואו אין אַ ווינקעל, וועסט דו זיין אַ פֿאַרטיגער...

איינער פֿון אונזערע קאַמעראַדען איז געפֿאַלען אויף אַ המצאה.

— ס׳איז קיין צווייפֿעל ניט,—האָט ער געזאָגט — אַז דיזער מיאוס׳ער שפּיאָן וועט אויסטראַכטען אַלערליי געשיכטען. נו, ס׳איז פֿאַרהאַן אַ מיטעל צו וויסען די וואַהרהייט.

— דהיינו ?

— גאַנץ איינפֿאַך. זאָל איינער פֿון אונז זיך אַריבערכאַפּען און מאַכען אַ קליינעם אָביסק ביי איהם אין דער וואוינונג ; איך בין זיכער, אַז מען וועט דאָרט געפֿינען אינטערעסאַנטע זאַכען.

דאָס איז געוועזן אַ גוטער איינפֿאַל.

מיראַנדעז האָט איבערגעגעבען זיינע שליסלען איינעם פֿון אונזערע קאַ-מעראַדען, וועלכער איז גלייך אַוועק מאַכען דעם „אָביסק״.

דערווייל האָבען מיר גענומען דעם שפּיאָן אויף׳ן פֿערהער

— פֿריהער פֿון אַלצדינג,—האָב איך איהם געפֿרעגט — ווי אַזוי הייסט איהר ? מיראַנדעז איז דאָך ניט אייער ריכטיגער נאָמען.

— ניין,—האָט ער געענטפֿערט—איך הייס רובליע.

— וואו זייט איהר געבוירען געוואָרען ?

— אין שפּאַניען. מיינע עלטערן האָבען זיך זייט יאָהרען צוריק בע-זעצט אין קאַדיז.

— און וואָס פֿאַר אַ צוועק האָט איהר געהאַט, קומענדיג אונז אויס-שפּיאָנירען ?

— איך וועל עס אייך גלייך זאָגען. אַזוי לאַנג ווי איך בין געוועזן אין שפּאַניען, האָב איך געאַרבייט מיט קוראַזש. כ'האָב פֿערדיענט גענוג אויף צו לעבען. איך בין געוועזן אַ מאַשיניסט אין בילבאַאָ, אין אַ גרויסער פֿאַבריק.

— איהר האָט געדאַרפֿט בלייבען דאָרט.

— איך וואָלט אַוראַי געבליבען, נאָר...

— נאָר וואָס?

— ס'האָט מיר פּאַסירט אַן אונגליק. מיין לינקע האַנד איז אַריינגעכאַפּט געוואָרען אין אַ מאַשין...

— אַזוי,—האָב איך זיך אָבגערופֿען—דאָס איז אַליין ניט געקומען דורך די ענוים, וואָס מען האָט אייך כלומר'שט אָנגעטהאָן אין די שפּאַנישע געפֿענגניסע?...

— ניין...

— גיט צו, אַז איהר זייט אַן אונפֿערשעהמטער מענש.

— יאָ,—האָט מיראַנדע געענטפֿערט—נאָר הערט מיך אויס, איך בעט אייך, פֿעראורטהיילט מיך ניט, איידער איהר האָט מיך אויסגעהערט.

קראַנק, פֿערשטויסען פֿון אַלעמען, וואָס האָב איך געזאָלט ווערן?

איבעראַל, וואו איך בין נור געקומען, האָט מען מיר געגעבען דעם וועג און מען האָט פֿאַר מיר געהאַט בלויז איין ענטפֿער: „דיזע פֿאַבריק איז ניט קיין אינוואַלידען־הויז."

אַזוי האָב איך אַרומגעוואַנדערט אַ לאַנגע צייט.

איך בין געוועזן אין מאַדריד, אין סעווילִיאַ, דערנאָך אין באַרצעלאָנאַ.

אין טאָג איז דאָס געקומען אַזוי ווייט, אַז איך האָב איינפֿאַך געהאַלטען ביי אויסגעהן פֿון הונגער. אָהן כוחות בין איך אַנידערגעפֿאַלען אין גאַס. אַ פֿערבייגעהער האָט מיך אויפֿגעהויבען, מיר געגעבען עפּעס צו עסען און דערנאָך האָט ער מיך אַוועקגעפֿיהרט צו זיך אַהיים.

דיזער מאַן איז געוועזן אַ פּאָליציסט פֿון באַרצעלאָנאַ.

זעהענדיג אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד איך געפֿין זיך, האָט ער מיר געזאָגט:

— איהר קענט ניט בלייבען אַזוי, איהר מוזט געפֿינען עפּעס אַרבייט.

— כ'האָב גענוג געזוכט, — האָב איך געענטפֿערט, — נאָר איך האָב גאָרנישט געקענט געפֿינען.

דער אונבעקאַנטער האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווייַלע און דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— איך וואָלט אייך געקענט געבען בעשעפֿטיגונג, איך...

איך האָב געקוקט אויף איהם מיט בליקען, פֿול מיט דאַנקבאַרקייט.

— יאָ, — האָט ער צוגעלייגט — און די אַרבייט, וואָס איך וועל אייך געבען צו טהאָן, איז ניט זעהר שווער, ס'איז גענוג צו זיין אַ בעאָבאַכטער...

— וועגען וואָס האַנדעלט זיך עס?—האָב איך געפֿרעגט.

— איך וועל עס אייך זאָגען שפּעטער,—האָט ער געענטפֿערט.

צוויי וואָכען צייט בין איך געבליבען ביי איהם אין שטוב, און ער האָט מיר געגעבען אַביסעל געלד אויך.

איך האָב ניט געקענט בלייבען כסדר ביי דיזען מאַן אויף'ן קאַרק, און איין פֿריה-מאָרגען האָב איך זיך אָבגערופֿען צו איהם:

— איהר האָט מיר געזאָגט, אַז איהר קענט מיר פֿערשאַפֿען עפּעס אַ בעשעפֿטיגונג. איך וואָלט אייך געווען דאַנקבאַר, ווען איהר טהוט עס, אויב ס'איז אייך נור מעגליך.

דאַן האָט ער מיר געזאָגט זיין נאָמען. ער האָט זיך גערופֿען גאָמעס.

— איך בין,—זאָגט ער—דער שעף פֿון דער געהיים-פּאָליציי, וועלכע האָט די אויפֿגאַבע אַכטונג צו געבען אויף די אַנאַרכיסטען..

איך בין זיך מודה, אַז איך בין געווען אַביסעל ערשטוינט, נאָר איך האָב זיך געמאַכט כלא ידע.

דער מאַן האָט מיר פֿאָרגעלייגט צו ווערן אַ שפּיאָן.

פֿאַר דער ערשטער צייט האָט ער מיר פֿאָרגעשלאָגען 25 פּעסעטאַס אַ וואָך, נאָר ער האָט מיר פֿערשפּראָכען צו פֿערדאָפּלען מיין געהאַלט, אויב איך „וועל טויגען פֿאַר איהם"...

דאָס האָט מיך צוגעצויגען.

וואָס האָב איך געקענט טהאָן?

אָבזאָגען? דאָס וואָלט געהייסען אָנפֿאַנגען פֿון דאָס ניי מיין לעבען אין עלענד און נויטה, ווידער קיקען יעדע מינוט דעם טויט און די אויגען.

איך האָב אַלזאָ אָנגענומען.

דאַן האָט זיך גאָמעס אָבגערופֿען צו מיר:

— אָט וואָס איהר וועט דאַרפֿען טהאָן. איהר זייט דאָך געווען אַן אַר-בייטער, ניט וואָהר?

— יאָ.

— איך וועל אייך אַריינגעבען אין אַ פֿאַבריק; איך וועל זיך שוין ווי עס איז אויסגלייכען מיט'ן פֿאַבריקאַנט.

— אָבער—האָב איך זיך אָבגערופֿען — מען וויל דאָך מיך אין ערגעץ ניט צונעהמען, ווייל איך בין אַ קאַליקע.

— דאָס מאַכט גאָרניט אויס. מען וועט אייך אויסזוכען אַ לייכטע אַר-בייט. קוים וועט איהר נור זיין אין פֿאַבריק, וועט איהר שליסען בעקאַנט-שאַפֿט מיט די אַרבייטער און וועט זיך סטאַרען ווערן שטאַרק בעפֿריינדעט מיט אַ טהייל פֿון זיי, וועמען איך וועל אייך אָנצייגען. דאָס זיינען פּאָלי-טיקער... געפֿעהרליכע מענשען. איהר וועט מיר איבערגעבען וואָס זיי זאָגען.

— וואָס? איהר קווינקעלט זיך? — האָט דער שעף פֿון דער געהיים-

פּאָליציי געזאָגט, יעהענדיג, אַז איך בין עזעס ניט שטאַרק צופֿרידען דער-פֿון.—איהר האָט אַ ברירה ניט אָנצונעהמען מיין פֿאָרשלאַג.

נו, גלויבט מיר, אַז ס׳איז מיר געווען זעהר שווער זיך צו ענטשליסען; איך האָב זיך געשעהמט מיט דער בעשעפֿטיגונג, וואָס ער האָט מיר פֿאָר-געלייגט און איך בין תחילת געווען גרייט איהם אָבצוזאָגען. נאָר די מורא פֿאַר נייע ליידען האָט מיך געטריבען און איך בין געוואָרען אַ שפּיאָן...

— און איהר האָט זיך גענומען אויסשפּיאָנירען אונזערע שפּאַנישע קאַ-מעראַדען?—האָב איך זיך אָבגערופֿען צו מיראַנדעז׳ן.

— יאָ,—האָט ער געענטפֿערט.

— געדיינקט איהר כאָטש די נעמען פֿון די, וועלכע זיינען דורך אייך אַרעסטירט געוואָרען.

מיראַנדעז האָט געשוויגען.

— רעדט, ענטפֿערט.

— יאָ,—האָט ער געזאָגט—איך געדיינק עטליכע נעמען.

און ער האָט אויסגערעכענט די נעמען פּאַבלאָ ריוויעראַ, באָזע סאַנדאַס, פּעטראָ פּעליגארדיאָ, ראַגאַנאַס און אַנדערע.

צווישען דיזע חברים זיינען געווען דריי, סאַנדאַס, ריוויעראַ און פּעלי-גאַרדיאָ, וועלכע זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צום טויט און הינגעריכטעט געוואָרען אין באַרצעלאָנאַ.

— אַזוי,—האָב איך זיך אָבגערופֿען צו מיראַנדעז׳ן — דאָס האָט איהר אַלזאָ גע׳מסר׳ט דיזע אונגליקליכע?

— יאָ,—האָט ער מיט אַ האַלבען מויל אַרויסגערעדט.

— ווייסט איהר כאָטש, וואָס פֿאַר אַ נידערטרעכטיגקייט איהר האָט דערמיט בעגאַנגען?

— יאָ,—האָט ער געענטפֿערט—און איך בעדויער עס...

— ער וועט עפּעס בעדויערן!—האָט אַ געשריי געטהאָן דער קאַמעראַד ב.—ווייס איך וואָס! אַזעלכע חברה-לייט בעדויערן גאָרנישט.

— אָבער פֿאַרוואָס זייט איהר ניט געבליבען אין שפּאַניען?—האָב איך ווידער געפֿרעגט מיראַנדעז׳ן — ווער האָט אייך צוגערעדט צו קומען אַהער קיין פֿראַנקרייך?

דאָ איז דער שפּיאָן געוואָרען אַביסעל צוטומעלט.

— דיזע בעשעפֿטיגונג איז מיר נמאס געוואָרען,—האָט ער ענדליך גע-ענטפֿערט — איך האָב געוואָלט אַנטלויפֿען פֿון גאָמעס׳ן, ווערן אַ פֿרייער מענש, דערפֿאַר בין איך געקומען קיין פֿראַנקרייך.

— מען וואָלט עס אסור געקענט גלויבען אויף אייך...

— נאָר אין פֿראַנקרייך,—האָט מיראַנדעז ווייטער געזאָגט — האָב איך ניט געפֿונען קיין אַרבייט...

— איטער דערזעלבער פזמון!—האָט ב. געמורמעלט.

— יעדענפֿאַלס,—האָב איך זיך אָבגערופֿען — האָבען מיר אייך אויפֿ-געגומען צווישען אינז, מיר האָבען אייך בעהאַנדעלט ווי אַ ברודער. ווען איהר וואָלט געווען אויפֿריכטיג מיט אונז און איהר וואָלט אונז דערצעהלט אייער פֿערגאַנגענהייט, וואָלט מען אייך אפשר מוחל געווען און אייך גע-פֿונען אַרבייט...

— כ׳האָב ניט געסמייעט אייך דערצעהלען ווער איך בין.

— אָנשטאָט דעם האָט איהר בעסער געזאָגט ליגען, זיך אָנגעגעבען פֿאַר אַן אָפּפֿער פֿון דער שפּאַנישער פּאָליציי. איהר האָט אַרויסגענאַרט ביי אונז אונזער צוטרוי אויף אַ געמיינעם אופן, און ניט גענוג וואָס איהר האָט אונז דערצעהלט ליגענס, האָט איהר אונז נאָך פֿערראַטהען אייך...

— יאָ,—האָט כ. געזאָגט—דיזע קאַנאַליע פֿערדיענט דעם טויט ווען אַזאַ זאַך טרעפֿט אין איטאַליען אָדער שפּאַניען, וואָלט ער שוין טרוקען ניט אָבגעשניטען...

אין דער רגע איז צוריקגעקומען דער קאַמעראַד, וועלכער איז געגאַנגען מאַכען דעם „אָביסק" ביי מיראַנדעז׳ן אין דער וואוינונג, מיטברייגענדיג מיט זיך אַ גאַנצען פּאַק מיט פּאַפּירען.

ביים שיין פֿון׳ם לאָמפּ האָבען מיר דורכגעקוקט די קאָרעספּאָנדענץ פֿון דעם שפּיאָן. מיר האָבען דאָרט געפֿונען בעריכטען, אין וועלכע ער האָט געהאַלטען אין איין שליידערן מיט ליגענס, איינער גרעסער פֿון אַנדערן.

מיך, וואָס איך בין געווען, קען איך זאָגען, זיין בעשיצערין, מיך האָט ער אָנגערופֿען „טיגרין", „בלוט דורשטיגע חיה" און ער האָט איבערגעגעבען אין מיין נאָמען ווערטער, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט אַרויסגעבראַכט פֿון מויל.

לויט זיינע בעריכטען, האָב איך בעשלאָסען צו הרג׳ענען מעהרערע בעריהמטע פּאָליציסטען. ער האָט אויסגעקלעהרט אַ קאָנספּיראַציע וועלכע איז ניט געשטויגען אין ניט געפֿלויגען. און פּונקט ווי מיר האָט ער אויך בעהאַנדעלט די איבעריגע חברים אונזערע, אויף וועמען ער האָט דערצעהלט אַלערליי לעבערליכע „מאָרד-געשיכטען".

ס׳איז אינז נמאס ומאוס געוואָרען דורכצוקוקען דעם גאַנצען פּאַק מיט מיסט ביז׳ן סוף. מיר האָבען איהם אַלזאָ אָבגעגעבען צוריק צו מיראַנדעז׳ן, וועמען כ. האָט אַרויסגעטריבען פֿון הויז, איהם אָנברעכענדיג דערביי די ביינער ווי געהעריג איז.

אַז ער איז אַוועק, האָבען מיר אָנגעשריבען אַ בריעף צו דעם שעף פֿון דער אָבטהיילונג פֿון דער געהיים-פּאָליציי, וועלכע גיט זיך אָב מיט די אַנאַרכיסטען. מיר האָבען איהם געלאָזט וויסען, אַז זיין שפּיאָן רובליע איז מיאוס אַריינגעפֿאַלען צו אונז אין די הענד, און איהם געבעטען, אַז אין דער צוקונפֿט זאָל ער זעהן קריגען שפּיאָנען, וואָס זיינען ניט אַזעלכע גרויסע פּלוידער-זעק...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מען וואָלט געקענט גלויבען, אַז נאָך דיזער געשיכטע האָט דער שפּיאָן רובליע אָדער מיראַנדעז, ווי ער האָט זיך גערופען, פערלאָרען זיין שטעלע אין דער געהיים-פּאָליציי. נאָר עס האָט זיך גאָרניט אָנגעהויבען. אדרבה, ער האָט נאָך געקראַגען אַ בעסערע שטעלע. ער איז געוואָרען אַ קאָמיסאַר פון דער געהיים פּאָליציי אין איינער פון די פּראָווינציעלע שטעדט.

איינמאָל, ווען מיר זיינען געקומען אַהין אָבהאלטען אַ מיטינג, זיינען מיר ערשטוינט געוואָרען צו זעהן דעם ראָזיגען רובליע צווישען די פערזאַמעלטע.

איינער פון די קאַמעראַדען איז צוגעקומען צו מיר און האָט מיר געזאָגט:

— אונזער אַלטער מיראַנדעז געפינט זיך דאָ אין זאַאַל און האַלט אונז נאָך אַלין אין איין שפּיאָנירען. אַשטייגער ווען מיר זאָלען איהם ביים אַרויסגעהן אָנגעהמען פאַר׳ן קאָפּ און איהם אַריינוואַרפען אין קאַנאַל..

— ניין,—האָב איך געענטפערט—איהר מוזט זיין דאַנקבאַר ריזען שפּיאָן, וויל ער איז אונז זעהר ניצליך.

— ווי אַזוי דען ?—האָט דער קאַמעראַד געפרעגט.

— גאָר פשוט, מיר קענען איהם... אַז מיר דערזעהן איהם, ווייסען מיר מיט ווע־מען מיר האָבען צו טהאָן. ס׳איז דאָך בעסער צו האָבען היגטער זיך אַ שפּיאָן, וואָס מען קען... אויף אַזאַ׳ן אופן היט מען זיך פאַר איהם.

איך מוז אָבער צוגעבען, אַז מען האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף מיינע ווערטער.

רובליע האָט ביים אַרויסגאַנג געקראָגען גוט אָנגעבראָכען די ביינער. און כ׳לעבען, ער האָט עס כשר פערדיענט!

## XVII

## די פראַנצויזישע פּאָליציי ביי דער אַרבייט.

אונזערע פערזאַמלונגען זיינען ווייטער אָבגעהאַלטען געוואָרען, ניט קוקענדיג אויף די שפּיאָנען פון דער פּאָליציי, וועלכע האָבען אונז פערביטערט דאָס לעבען.

מיר זיינען אַרומגעפאָהרען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער, די בעפעלקערונג האָט אונז איבעראַל אויפגענומען מיט ענטהוזיאַזמוס און מיר האָבען אומעטום געהאַט ערפאָלג.

איינמאָל, ווען איך בין געקומען אין דער שטאָדט סענט עטיען אָבהאַלטען אַ פערזאַמלונג, האָט מיר דער פּאָליציי-פּרעפעקט געסטראַשעט, אַז אויב איך וועל האַלטען מיין רעדע, וועט ער מיך גלייך לאָזען אַרעסטירען.

איך האָב ניט געפונען פאַר נייטיג צו ענטפערן דעם פּרעפעקט. נאָר די

פערזאַמלונג האָב איך דאָך אָבגעהאַלטען און איך בין ניט אַרעסטירט גע-וואָרען...

מעהר ניט, אָנשטאָט צו האַלטען מיין פּאָרטראַג אין דעם זאַאַל, וואָס איז פון פריהער געווען בעשטימט האָב איך פערזאַמעלט מיינע קאַמעראַ-דען אויף׳ן פרייען פעלד, און דאָרט, ביים שיין פון פאַקעלן, האָבען מיר צוויי שעה נאָכאַנאַנד דיסקוטירט וועגען אונזערע אידעען, אין דער צייט וואָס די פּאָליציי האָט בעוואַכט דעם אריינגאַנג אין זאַאַל, וואו די פערזאַמ-לונג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען...

ווי מען זעהט, האָט מען אונז אָנגעהויבען דערגעהן די יאָהרען. די פּאָליציי פון פאַריז און פון דער פּראָווינץ האָט אינז ניט אָבגעלאָזט פון אויג.

יעדעס מאָל וואָס איך האָב געדאַרפט ערגעץ פאָהרען, בין איך געווען זיכער, אַז איך האָב הינטער זיך צוויי געהיים פּאָליציסטען, וועלכע געהען מיר נאָך טריט ביי טריט.

איין טאָג האָט זיך מיר זאָגאַר געמאַכט אַ קאָמישע, פרעהליכע גע-שיכטע. איך האָב גענומען דעם צוג צו פאָהרען קיין ברעטיני, וואו איך האָב געדאַרפט האַלטען אַ פּאָרטראַג צוויי שפּיאָנען זיינען מיט מיר איינאיי-נעם אַריין אין דעמזעלבען וואַגאָן און זיי האָבען פערקניפּט אַ געשפּרעך וועגען אַלערליי נאַרישע זאַכען, וואַהרשיינליך כדי צוצוציהן מיין נייגי-ריגקייט.

ווע̇לענדיג זעהן, ווי ווייט די דומהייט פון אַ שפּיאָן געהט, האָב איך אָנטהייל גענומען אין דעם געשפּרעך, וועלכער איז, פערשטעהט זיך, סוף כל סוף אַרויף אויף דער פּאָליטיק.

דאָ בין איך געפאַלען אויף אַ המצאה:

אין דער צייט, וואָס זיי האָבען זיך גענומען אַמפּערן מכח פערשיעדענע סאָציאַלע פראַגען, האָב איך זיך געמאַכט ניט וויסענדיג, אָקוראַט ווי דאָס וואָלט מיך גאָרנישט אָנגעגאַנגען.

— דאָס אינטערעסירט אייך אַלזאָ גאָרנישט ?—האָט מיר אַ פרעג גע-טהאָן איינער פון די שפּיאָנען.

— לחלוטין ניט,—האָב איך געענטפערט.

— וואָס הייסט ? גראָד איהר, מעהר ווי יעדער אַנדערער, דאַרפט דאָך וויסען אַלעס וועגען אָט דעם סאָרט זאַכען.

— איך פערשטעה אייך ניט.

דער שפּיאָן האָט זיך פערטראַכט אַ ווײלע.

אין עטליכע סעקונדען אַרום רופט ער זיך אָב :

— וואָס זשע, איהר מאַכט חוזק פון אונז ?

— איך ?

— יאָ, איהר.

— אסור, אויב איך וויים וואָס איהר מיינט...

דאָ האָט זיך דער אַנדערער שפּיאָן אַריינגעמישט.

— הערט אויס,—מאַכט ער—וואָס טויג דער שפּאַס? איהר זייט דאָך לואיזע מישעל.

איך האָב אַרויסגעשאָסען מיט א געלעכטער.

— איך? — האָב איך אַ געשריי געטהאָן — אָבער ס׳הויבט זיך גאָר ניט אָן. רק מען נעהמט מיך אָן פאַר דער דאָזיגער רעוואָלוציאָנערקע און איך זאָג אייך דעם אמת, ס׳איז גאָרנישט אַזוי אָנגענעהם... אנומאַלט, אין רעכטען מיטען פאַריז, האָבען מיך צוויי העררען אָבגעשטעלט. זיי האָבען ניט אַנדערש געוואָלט נאָר אַז איך בין לואיזע מישעל... אָט נאָר וואָס, אויף׳ן וואַקזאַל, זיינען מיר מענשען נאָכגעגאַנגען און האָבען געשריען: „עס לעבע די רעוואָלוציאָן!״ קוים מיט צרות איז מיר געלונגען זיי געבען צו פערשטעהן, אַז זיי האָבען אַ טעות. איבעריגענס, לואיזע מישעל איז אָנגעקומען און מען האָט מיך ענדליך צורוה געלאָזט... כ׳האָב געהאַט אַ געלעגענהייט צו בעטראַכטען די דאָזיגע פרוי. ס׳איז אמת, אַז זי האָט אַביסעל עהנליכקייט אין מיר, נאָר איך מיין, אַז זי איז אַסך עלטער פון מיר... וואָס זשע, איהר הייסט עס, נעהמט מיך אויך אָן פאַר דער דאָזיגער עקעלהאַפטער אונטערצינדערין?...

די שפּיאָנען זיינען געבליבען זיצען צוטומעלטע, זיי האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט זייערע בליקען, ניט וויסענדיג וואָס צו זאָגען.

ענדליך האָט זיך איינער פון זיי אָבגערופען:

— וואָס זשע, ס׳איז טאַקי אמת דאָס, וואָס איהר דערצעהלט אונז דאָ?

— וואָס פאַר אַן אורזאַכע האָב איך דען אייך צו דערצעהלען ליגען?

— און לואיזע מישעל? זי איז דאָך פונדעסטוועגען דאָ אין דעם צוג?

— ניין, זי איז געבליבען אויף׳ן וואַקזאַל. זי האָט, ווייזט אויס, געוואַרט אויף אימיצען און זי וועט מן הסתם פאָהרען מיט׳ן צווייטען צוג...

די צוויי אידיאָטישע שפּיאָנען זיינען אַרונטער ביי דער נעכסטער סטאַציאָן, און ווער ווייסט ווי לאַנג זיי האָבען דאָרט געוואַרט אויף לואיזע מישעל?...

איך האָב שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם שפּיצעל, וואָס איך האָב אָבגעטהאָן די געהיים-פּאָליציסטען.

אַ צווייטען מאָל האָב איך זיי אָבגענאַרט אויף אַן אַנדער אופן.

דאָס איז געווען אין סאַן דעני. די קאַמעראַדען האָבען אַראַנזשירט אַ פערזאַמלונג, און די פּאָליציי האָט געקראָגען אַ בעפעהל מיך צו אַרעסטירען ביים אַריינגאַנג פון זאַאַל.

דאָס איז, דעם אמת זאָגענדיג, ניט געווען קיין אַרעסט. דער פּלאַן איז בלויז געווען מיך אָבצופיהרען אין פּאָליציי-סטאַציאָן און מיך פערהאַלטען דאָרט ביז האַלבע נאַכט, כדי איך זאָל ניט קענען האַלטען מיין רעדע.

דורך אַ פּאָליציי-מאַן, וועלכער איז געווען בעפריינדעט מיט אונז, האָ-

בעך מיר זיך דערוואוסט וועגען דיזען פּלאַן. איך בין אַלזאָ געקומען צו דער פֿערזאַמלונג, אָנגעטהאָן אין אַ ברייטען מענערשען הוט. איבער די אַקסלען האָב איך זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אַ לאַנגען שפּאַנישען מאַנטעל...

אויף אַזאַ'ן אופן, פֿערשטעלטערהייט, בין איך לייכט דורכגעגאַנגען אַלס מאַן; קיינער האָט מיך ניט אָבגעשטעלט.

און אין דער צייט, וואָס די פּלייסיגע פּאָליציסטען זיינען געשטאַנען ביים טהיר און געהאַלטען אין איין וואַרטען, איך זאָל קומען, האָב איך גערעדט אינעווייניג אין זאַאַל...

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די פּאָליציי אין סאַן דעני איז שטאַרק אויסגערעדט געוואָרען דערפֿאַר, וואָס זי האָט ניט ריכטיג אויס-געפֿיהרט דעם בעפֿעהל, וואָס זי האָט געהאַט. צוויי חברה-לייט האָבען זאָגאַר דורך דעם פֿערלאָרען זייערע שטעלעס.

נאָר מען איז קיינמאָל ניט דערגאַנגען, ווי אַזוי מיר האָט זיך איינגע-געבען אַריינצוקומען אין זאַאַל, וואו ס'איז אָבגעהאַלטען געוואָרען די פֿער-זאַמלונג.

ס'האָט קיין סך ניט געפֿעהלט, מען זאָל אַרויסלאָזען אויף מיר אַ קלאַגג, אַז איך בין אַ כשוף-מאַכערין...

אין יענער צייט האָב איך געהאַט נאָך אַ פּראָצעס.

אינאיינעם מיט זשול געד, לאַפֿאַרג און סוזיני בין איך אָנגעקלאָגט געוואָרען פֿאַר „אויפֿרייצען צו מאָרד". מען האָט מיך ניט אַרעסטירט, נאָר מיר איינפֿאַך צוגעשיקט אַ פּאַפּיר, אין וועלכען איך בין אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרען זיך צו שטעלען פֿאַר דעם געריכט פֿון דער סעין.

אַלס מיין פֿערברעכען איז אָנגעגעבען געוואָרען, אַז איך האָב אויף אַ פֿערזאַמלונג צווישען אַנדערעס געזאָגט פֿאָלגענדע ווערטער: „מען מוז זיך בעפֿרייען פֿון די מערדער; דיזע לייט, וועלכע רעגירען איבער אונז, זיינען גנבים און מערדער."

דער געריכטס-זאַאַל איז געוועזען פֿול מיט פֿריינדע און פֿיינדע, און אַזוי ווי מען האָט מורא געהאַט פֿאַר אַ מאַניפֿעסטאַציע, איז די פּאָליציי געוועזען פֿערטראָטען אין איהר פֿולער מאַכט.

ענדליך זיינען אַריינגעקומען די ריכטער און די זיצונג האָט זיך אָנגע-הויבען.

— איז דאָס אמת, — האָט מיך דער פּאָרזיצענדער געפֿרעגט, — אַז אויף אַ פֿערזאַמלונג, וועלכע איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין שאַטאָ ד'אָ צו גונ-סטען פון די אַרבייטער פֿון דעקאַזוויל, האָט איהר בעליידיגט די רעגירונג און אויפֿגערייצט צום אויפֿשטאַנד?

— איך האָב קיינמאָל ניט פֿערלייקענט מיינע טהאַטען, — האָב איך געענטפֿערט. — יאָ, איך האָב געזאָגט, אַז אונזערע רעגירער זיינען מערדער... כ'האָב עס געזאָגט, און איך זאָג עס איצט נאָך אַמאָל.

דער פּאָרזיצענדער האָט זיך אַ הויב געטהאָן פֿון שטוהל און מיט אַ געשריי געזאָגט:

— איהר אָנערקענט אַלזאָ פֿאַר ריכטיג אַלעס, אין וואָס איהר ווערט בעשולדיגט?

— לאָמיר אַפּריהער הערען, וואָס מיינע אָנקלעגער האָבען צו זאָגען, הערר פּאָרזיצענדער. אפשר גיט מען איבער אין מיין נאָמען זאַכען, וועלכע איך האָב ניט געזאָגט.

— מיר וועלען הערען די עדות

דער ערשטער עדות איז געוועזען אַ געוויסער וועראָן, אַ פּאָליציי קאָמיסאַר.

— אויף דעם בעפֿעהל פֿון דעם פּאָליציי-פּרעפֿעקט, — זאָגט ער — בין איך געגאַנגען אויף דער פֿערזאַמלונג פֿון שאַטאָ ד׳אָ. לואיזע מישעל האָט צוערשט גערעדט פֿון טאָנקין און פֿון טוניס. זי האָט געזאָגט, אַז אונזער געלד ווערט בענוצט אויף צו פֿערגיסען בלוט... זי האָט געזאָגט: מיר זיינען...

דאָ האָט זיך דער עדות אָבגעשטעלט זוכען די ווייטערדיגע ווערטער מיינע.

— כ׳האָב געזאָגט: מיר זיינען אין אַ צושטאַנד פֿון האַלז שניידעריי,— האָב איך איהם דערמאָנט.

— אָט דאָס איז דאָס,—האָט זיך דער עדות אָבגערופֿען—יאָ, דאָס זיינען די ריכטיגע ווערטער. ריידענדיג פֿון אונזערע מיניסטאָרען, האָט לואיזע מישעל געזאָגט...

— אָט די ליט זיינען מערדער! — האָב איך איהם ווידער אַרויסגעהאָלפֿען.

דער פּאָרזיצענדער האָט זיך אומגעדרעהט צו מיר.

— זיינען די דאָזיגע ווערטער ריכטיג?—האָט ער מיך געפֿרעגט.

— פֿאָלשטענדיג ריכטיג.—האָב איך געענטפֿערט.

— וואָס האָט איהר נאָך צוצוגעבען?

— גאָרנישט.

דערנאָך רעדט דער אַדוואָקאַט. אַ האַלבע שעה געדווירעט זיין רעדע און דאָס איז אויך געוועזען צופֿיעל, ווייל ער האָט גאָרנישט געזאָגט...

אַז ער האָט געענדיגט, האָט מען מיר געגעבען דאָס וואָרט, ווייל איך האָב געקראָגען די ערלויבעניש זיך אַליין צו פֿערטהיידיגען.

איך בעווייז קודם כל די אונגערעכטיגקייט, וואָס הערשט אין דער געזעלשאַפֿט, און איך ערקלעהר, אַז איך קעמפּף פֿאַר אַ בעסערער מענשהייט, אַז איך וויל גאַנץ איינפֿאַך דאָס גליק פֿון פֿאָלק.

און איך ענדיג מיט די ווערטער:

— אָט דער אַרבייט האָב איך אָבגעגעבען מיין לעבען. צו וואָס נוצט

די אָנקלאַגע געגען מיר? אַז איהר וועט מיך שוין פֿעראורטהיילען, וועט עס דען ענדערן מיין איבערצייגונג?

די דזשורי איז אַריין אין אַ בעזונדער צימער, זיך מישב זיין, און אין פֿינף און צוואַנציג מינוט אַרום איז זי אַרויסגעקומען מיט אַן אורטהייל פֿון „שולדיג" נאָר מיט מילדע אומשטענדען.

דאָ געריכט האָט מיך אַליאָ פֿעראורטהיילט צו פֿיער מאָנאַט געפֿענגניס און הונדערט פֿראַנק געלד־שטראָף. דיזעלבע שטראָף וואָס איך האָט גע־קראָגען סוזיני, געד און לאַפֿאַרג זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו זעקס מאָנאַט געפֿענגניס און הונדערט פֿראַנק געלד־שטראָף.

ניט קוקענדיג אויף די פֿערשיעדענע שטראָפֿען, וועלכע מען האָט אויף מיר אַרויפֿגעלייגט, האָב איך פֿונדעסטוועגען פֿאָרטגעזעצט מיינע פֿערזאַמ־לונגען ווי געוועהנליך.

אין יענער צייט האָט מען פֿיעל גערעדט פֿון די רעוואָלוציאָנערן סיוואָקט און בערעזאָווסקי, צוויי אָפּפֿער פֿון דער אונבאַרימהערציגער יוסטיין.

מיר האָבען אָרגאַניזירט פּראָטעסט־מיטינגען איבעראַל, די פּאָליציי האָט אונז פֿערפֿאָלגט אויף שריט און טריט. די רעגירונג האָט געגעבען אַ בע־פֿעהל, אַז מען זאָל ניט לאָזען אויסריידען קיין איין וואָרט פֿון מיטלייד צו גונסטען פֿון סיוואָקט און בערעזאָווסקי.

נאָר ניט קוקענדיג אויף דיזע אַלע בעפֿעהלען און אויף די שטריינגע מאַסרעגלען פֿון דער פּאָליציי, האָבען מיר פֿונדעסטוועגען אָנגעפֿיהרט אַ זעהר ענערגישע פּראָטעסט בעוועגונג.

יעדען אָווענד איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ פֿערזאַמלונג. נאָכדעם ווי מיר האָבען געהאַט ביז הונדערט און פֿופֿציג מיטינגען אין פּאַריז, האָבען מיר זיך אַרויסגעלאָזט אין דער פּראָווינץ.

ווי מען ווייסט, איז סיוואָקט פֿער׳משפט געוואָרען צום טויט, און מען האָט מורא געהאַט, מען זאָל ניט מאַכען קורץ די געשיכטע און איהם היני־ריכטען.

נאָר די פּראָטעסט בעוועגונג אונזערע האָט געהאַט איהר ווירקונג: סיוואָקט׳ס טויט־שטראָף איז פֿערביטען געוואָרען אויף אייביגע קאַטאָרגע.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ ביטערע צייט פֿאַר מיר. מען האָט מיך אַרומגעיאָגט אַזוי ווי אַ ווילדע חיה. אין די אילוסטרירטע צייטונגען האָט מען מיך פֿאָרגעשטעלט אין די לעכערליכסטע קאַריקאַטורען. אָט האָב איך געהאַלטען אין דער האַנד אַ ברענענדיג שטיק האָלץ, מיט וועלכען איך האָב זיך געסטאַרעט אונטערצוצינדען די גאַנצע וועלט, און אָט בין איך געווען בעוואַפֿענט מיט אַ בלוטיגען מעסער, וואָס איך האָב נאָר וואָס גע־האַט אַריינגעשטאָכען אין דעם האַרצען פֿון אַן אַלטער פֿרוי — די געזעל־שאַפֿט.

אין יענער צייט איז דאָס ערשיענען דער גרויסער מאַניפֿעסט פֿון די אַנאַרכיסטען, פֿאַר וועלכען מען האָט מיך אַזויפֿיעל פֿערפֿאָלגט.

דיזער מאַניפֿעסט איז געווען אונטערשריבען פֿון קראָפּאָטקין, גאָטהיע, באָרדאַ און דריי און פֿערציג אַנדערע קאַמעראַדען, צווישען וועלכע איך האָב זיך אויך געפֿונען.

פֿון יענעם טאָג אָן האָב איך צוגעקראָגען אַ נייעם נאָמען צו די פּיעליע, וועלכע איך האָב שוין געהאַט.

מען האָט מיך גערופֿען: לואיזע מישעל די אַ נ אַ ר כ י ס ט ק ע.

און די גוטע בורזשואַס האָבען געגימען ציטערן אימת מות פֿאַר מיר.

ביז דאַן בין איך בלויז געווען אַן אונטערצינדערין. איצט בין איך גע-וואָרען אַן אַנאַרכיסטין, און די רעגירונג האָט געפֿינען פֿאַר נייטיג מיך איצט שטאַרקער צו בעוואַכען ווי פֿריהער. מען האָט אויף מיר אָנגעשיקט אַ שפּיאָן, וועלכער איז מיר גאָר פּשוט נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט. ער האָט מיך ניט אָבגעלאָזט אויף קיין איין מינוט

דיזע שטענדיגע שפּיאָנעריי איז מיר שטאַרק ניט געפֿעלען. איך האָב קיינמאָל ניט ליעב געהאַט די פּאָליציי-לייט, זאָגאַר פֿון ווייטען, בפרט נאָך אַזוי נאָהענט ווי די געהיים פּאָליציסטען האָבען זיך אַצונד געהאַלטען פֿון מיר.

איך האָב אַלזאָ געמוזט זוכען אַ מיטעל ווי אַזוי פּטור צו ווערן דער-פֿון. מיינע קאַמעראַדען זיינען מיר געקומען צו הילף. מיר האָבען אָבגע-מאַכט, אַז ווען איך וועל אַרויסגעהן אין גאַס און דער שפּיאָן וועט מיר נעהמען נאָכגעהן, זאָלען עטליכע פֿון מיינע פֿריינד איהם פֿערהאַלטען, און ווען זיי וועלען זעהן, אַז איך בין ווייט אַוועק, זאָלען זיי איהם אָבלאָזען. אַזוי האָט מען געטהאָן עטליכע מאָל. ס'איז אַלזאָ פֿאַר די שפּיאָנען געוואָ-רען אונמעגליך נאָכצוגעהן נאָך מיר און וויסען וואָס איך טהו.

פֿערשטעהט זיך, אַז זיי האָבען דערפֿאַר געהאַט אַ פּסק פֿון זייערע עלצטע, און זיי האָבען געמוזט דערצעהלען וואָס עס קומט פֿאָר מיט זיי יעדען טאָג.

דאַן איז די פּאָליציי געפֿאַלען אויף אַ המצאה: מען האָט אָנגעשטעלט פֿרויען, וועלכע זאָלען מיך שפּיאָנירען.

דאָס איז געווען אַן אָריגינעלער איינפֿאַל; פֿאַר אַ פֿרוי היט מען זיך ניט אַזוי.

נאָר איך האָב פֿון תמיד אָן געהאַט אָפֿענע אויגען און איך האָב גלייך בעמערקט, אַז אַ פֿרוי געהט מיר שטענדיג נאָך. ניט אימער דיזעלבע, פֿער-שטעהט זיך. אַמאָל איז דאָס געווען אַ דאַמע, עלעגאַנט געקליידעט, אַמאָל אַ פֿרוי פֿון פֿאָלק אָדער גאָר אַ גאַסען מיידעל...

אָבער ס'איז מיר גרינגער געווען פּטור צו ווערן פֿון דיזען סאָרט שפּיאָ-נעריי. אָפֿטמאָל, ווען מיינע פֿערפֿאָלגערינען האָבען זיך גאָרניט געריכט דערויף, פֿלעג איך זיך אומדרעהען מיט'ן פּנים צו זיי און איך פֿלעג מיט זיי פֿערבינדען אַ געשפּרעך, און כמעט יעדעס מאָל האָבען זיי זיך מודה געווען, אַז זיי זיינען אָנגעדונגען געוואָרען מיך צו שפּיאָנירען.

די פּאָליציי האָט זיי געצאָהלט פאַר זייער מיאוס׳ער אַרבייט דריי פראַנק אַ טאָג.

איך האָב זיי געגעבען פינף פראַנק און זיי האָבען מיר געלאָזט צו-פרידען...

פיעלע קאַמעראַדען, וועלכע זיינען אויסגעוויזען געוואָרען פון זייערע לענדער, האַבען אָנגעהויבען קומען קיין פאַריז.

זיי האָבען אימער געהערט זאָגען, אַז פראַנקרייך איז אַ לאַנד פון פרייהייט און זיי זיינען געווען זיכער, אַז זיי וועלען דאָ קענען לעבען רוהיג.

אָבער זיי האָבען גלייך דערזעהן, וואָס פאַר אַ טעות זיי האָבען גע-האַט.

ס׳האָט ניט געדויערט לאַנג און זיי האָבען בעגריפען, אַז פאַריז איז ניט זיכערער פאַר זיי איידער פעטערבורג, וויען, רוים אָדער מאַדריד.

די לאַגע פון די אויסלענדישע אַנאַרכיסטען איז געווען בעזונדערס געפעהרליך.

פאַר די קלענסטע קלייניגקייט פלעגט מען זיי אַרעסטירען און זיי אַרויס-שיקען פון לאַנד גאָר אָהן אַ שום פּראָצעס.

און די פּאָליציי האָט זיך ניט אָבגעשטעלט פאַר קיין נידעריגען מיטעל צו קאָמפּראָמיטירען אַן אַנאַרכיסט.

אַלס ביישפּיעל וויל איך דאָ ברייגגען אַ פאַל וואָס האָט געטראָפען אין יענער צייט מיט אַן איטאַליענישען גענאָסע מאַנסיני.

איינמאָל האָט מען איהם אַרעסטירט און בעשולדיגט אַלס גנב.

מאַנסיני האָט ענערגיש פּראָטעסטירט געגען דער בעשולדיגונג, האָט מען אַרויסגעשטעלט אַן אונפערשעהמטען מאַן, וועלכער האָט איהם אין די אויגען בעהויפּטעט, אַז מאַנסיני האָט איהם אַרויסגע׳גנב׳עט דעם זייגער פון קעשענע.

דער איטאַליענישער גענאָסע האָט געפּרואווט זיך פערטהיידיגען, נאָר דער אונטערזוכונגס ריכטער האָט איהם אפילו קיין צייט ניט געגעבען דערצו.

— ס׳איז שוין רעכט,—האָט ער געזאָגט. — מען וויל אייך אָבפיהרען ביז דער גרענעץ...

מאַנסיני האָט פערלאַנגט, מען זאָל איהם שטעלען צום געריכט, נאָר מען האָט עס איהם ענטזאַגט.

דער אָרעמער יונג האָט געהאַט גאַנץ ערנסטע אורזאַכען צו בלייבען אין פראַנקרייך.

די איטאַליענישע, בעלגישע און דייטשע פּאָלצייען האָבען איהם גע-זוכט.

די פראַנצויזישע פּאָליציי האָט בעשלאָסען איהם אָבצופיהרען ביז דער איטאַליענישער גרענעץ.

דאָס האָט געהייסען איינפאַך איהם אַריינזואַרפען צום וואָלף אין די לאַפּעס...

מיר האָבען בעשלאָסען איהם צו ראַטעווען.

אויף אַ געהיימען מיטינג, וואָס מיר האָבען אָבגעהאַלטען אין דעם „פּאָבורג סענט אַנטואַן" איז געבליבען, אַז אַ דרייסיג גענאָסען זאָלען זיך פערזאַמלען אויף'ן וואָקזאַל, בעת מען וועט ברייגגען מאַנסיני'ן און דאָרט זאָל מען איהם אָבשלאָגען פון דער פּאָליציי.

אויף מאָרגען זיינען מיר געווען אַרום דעם ליאָנער וואָקזאַל און גע-וואַרט אויף דעם וואָגען, וואָס האָט געזאָלט ברייגגען מאַנסיני'ן.

אָבער מיר האָבען אומזיסט געוואַרט.

ענדליך האָט אונז אַ קאַמעראַד, וועלכער איז געווען בעקאַנט מיט איי-ניגע אָנגעשטעלטע פון דער אייזענבאַהן, געלאָזט וויסען, אַז די פּאָליציי האָט בעשלאָסען אָבצופיהרען מאַנסיני'ן צו דער נעכסטער סטאַציאָן און איהם אַריינזעצען דאָרט אין דעם צוג, וואָס וועט אָנקומען פון פּאַריז.

מיר האָבען גלייך גענומען עטליכע וועגען און מיר זיינען אָנגעקומען אַהין בעצייטענס.

די געשיכטע איז אונז אָנגעקומען גאַנץ לייכט. מאַנסיני איז געקומען בלויז מיט צוויי פּאָליציסטען, און אין איין אויגענבליק האָבען מיר איהם בעפרייט און איהם בעהאַלטען אין אַ זיכערן אָרט.

נאָר ווייסט איהר ווי די צייטונגען האָבען איבערגעגעבען דיזע פּאַסי-רונג? זיי האָבען דערפון געמאַכט אַן אמת'ע רויב געשיכטע. זיי האָבען דערצעהלט, אַז אַ באַנדע פון אַנאַרכיסטען, בעוואַפענט מיט רעוואָלווער, מיט מעסערס און מיט שטיינער זיינען בעפאַלען די אייזענבאַהן סטאַציאָן און געמאַכט אַ פערזוך אויסצופּלינדערן די קאַסע... צוריקגעשטויסען פון די זשאַנדאַרמען, האָבען זיי געפּרואווט אַרונטערררייסען עטליכע רעלסען, גראָד אין דער צייט, וואָס אַ צוג האָט געדאַרפט אָנקומען... אַ גליק וואָס די אייזענבאַהן-אַרבייטער האָבען עס פערבאַפּט אין צייט... און נאָך אַזעלכע מאָרד-געשיכטען.

פערשטעהט זיך, אַז זיי האָבען דערביי גע'מוסר'ט די רעגירונג, וואָס זי נעהמט צו וועניג מאַסרעגלען געגען די געפעהרליכע אַנאַרכיסטען.

און דאָס האָט כמעט די גאַנצע פּרעסע געטהאָן, אָהן אַ שום אויס-נאַהמע.

כדי צו וואַרפען נאָך אַ גרעסערן שרעק אויף דער בעפעלקערונג, האָ-בען די שפּיאָנען געלאָזט עקספּלאָדירען עטליכע לעבערליכע באָמבעס ביי די טהירען פון אייניגע ריכטער. דאָס איז פון תמיד אָן געווען די אַרבייט פון די רעגירונגען אין זייער קאַמפּף געגען דער אַנאַרכיע. פון די פופציג באָמבעס, וואָס זיינען עקספּלאָדירט געוואָרען אין פּאַריז אין יענער צייט,

זיינען געווים מעהר ווי העלפט אוועקגעלייגט געוואָרען פון געהיים-פאָלי-ציסטען.

ווי מען זעהט, האָט מען אונז דאַן געמאַכט אייגפאַך אונמעגליך זיך צו בעוועגען. מיר האָבען בעשלאָסען אָבצואוואַרטען ביז וואַנען דער שטורם וועט זיך אַביסעל איינשטילען און ביסלאַכווייז זיינען מיר זיך צופאָהרען אין אויסלאַנד, אום דאָרט צו פערשפרייטען אונזערע אידעען.

נאָך אייניגע לאַנגע פראָפּאַגאַנדאַ טורען, וואָס איך האָב געמאַכט איבער בעלגיען און שפּאַניען, בין איך אַוועק קיין ענגלאַנד.

— ענגלאַנד — האָבען מיר מיינע פריינד געזאָגט — איז אַ לאַנד פון פרייהייט, און איהר וועט זיך דאָרט פיהלען גוט.

בעגלייטעט פון מיין טרייער פריינדין ש אַ ר ל אָ ט, בין איך אין אַ שעה-נעם פריה-מאָרגען אָנגעקומען קיין דאָווער.

איך האָב געהאַט בדעה צו בלייבען בלויז עטליכע מאָנאַטען אין ענ-גלאַנד.

אונזער פאַרטיי האָט נייטיג געהאַט זיך צו אָרגאַניזירען, אָנקלייבען פרישע כוחות, און איך האָב גערעכענט, אַז אין לאָנדאָן וועט מיר זיין בע-סער ווי איבעראַל צו אַרבייטען מיט די קאַמעראַדען פאַר דער פערשפרייטונג פון דער גרויסער, ערהאַבענער אידעע, וועלכע איז אימער געוועזען דער אידעאַל פון מיין לעבען.

## ענדע פון דריטען טהייל.



I

# דער ערשטער איינדרוק.

אָנגעקומען קיין לאָנדאָן בין איך מיט אַ געפיהל פון נייגיריגקייט, פערמישט מיט פורכט.

דיזע אונגעהייער גרויסע שטאָדט, וואָס איז כמעט שטענדיג פערצויגען מיט אַ טומאַן, האָט אין זיך עטוואָס אומעטיגעס און גרויסאַרטיגעס אין איין און דערזעלבער צייט.

אין די גאַסען זעהט מען די מענשען, ווי זיי געהען און קומען, פערשמייעט און פערטהאָן אין זייערע געשעפטען.

דאָס איז אַ שטילע טהעטיגקייט.

וואָרים דער ענגלענדער האָט אין זיך דיזע אייגענשאַפט: ער קאָכט זיך ניט.

פון דעם דאָזיגען מענשליכען שטראָם, וואָס געהט אַרויף און אַראָב, הערט זיך כמעט קיין איין שטימע ניט.

בלויז די מענשען-טריט אויף די טראָטואַרען און דער גערויש פון די וועגען און די אָמניבוסען שלאָגען איבער די שטילקייט.

די פאָליסלייט, מיט ערנסטע, האַלב ברוגז׳דיגע פנים׳ער שטעהען און קוקען אויף דיזער אונאויפהערליכער בעוועגונג.

פון צייט צו צייט זעהט מען, ווי זיי נעהמען אָן פאַר דער האַנד אַן אַלטען מאַן אָדער אַ קינד און העלפען זיי אַריבערגעהן פון איין טראָטואַר אויף׳ן אַנדערן.

דאָס זיינען ניט אונזער׳ע פראַנצויזישע פאָליציי לייט. אין ענגלאַנד שפיעלען די פאָליסלייט ניט די ראָלע פון סאָלדאַטען ווי ביי אונז.

מען בעדאַרף זעהן ווי אַן ענגלישער פאָליסמאַן פיהרט אויס זיין אַמט אין גאַס און עס פערגלייכען מיט דעם אַמט פון אַ פראַנצויזישען „סערזשאַן דע וויל". וואָס פאַר אַן אונטערשיעד!

ענגלאַנד איז דאָך דאָס לאַנד פון פרייהייט. קיים שטערט מען ניט דעם צווייטען, קיים פערואוזאַכט מען ניט קיין סקאַנדאַלען, איז מען דאָ כמעט פריי צו טהאָן דאָס וואָס מען וויל.

דאָס איז געווען דער ערשטער איינדרוק מיינער, באַלד ווי איך בין אָנגעקומען קיין לאָנדאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב זיך בעזעצט אין זיעד-לאָנדאָן, אין איסט דאָליטש.

איך האָב דאָרט געפינען אַ קליין הייזעל, וואו איך האָב אַריינגעצויגען צוזאַמען מיט מיין גוטער שאַרלאָט וואַוועל, איהר ברודער און איהר פאָטער.

די ערשטע צייט האָב איך אַביסעל געליטען פון מרה שחירה, איך בין אָנגעקומען פונקט אין דער שלעכטער צייט, ווען מען זעהט זעהר זעלטען די זונן אין לאָנדאָן.

דריי חדשים נאָכאַנאַנד האָט ניט אייפגעהערט צו רעגענען.

די גאַסען אַרום מיין הויז זיינען איינפאַך פערוואַנדעלט געוואָרען אין אמת׳ע טייכען.

ס׳האָט אויסגעזעהן עפעס אַזוי ווי איך וועל נאָך מיט דער צייט דאַרפען האָבען אַ שיף אַרויסצוגעהן פון שטוב.

גליקליכערווייזע בין איך פון אימער אָן ניט געווען קיין גרויסע ליעב־האָבערין פון אויספלוגען.

מען קען מיך פערשפאַרען אין שטוב; קוים האָב איך נור ביכער צו לייענען, לאַנגוויל איך זיך שוין ניט.

די ערשטע צייט בין איך זעהר ווייניג אַרויסגעגאַנגען פון הייז, ער־שטענס, צוליעב דעם נעבעל און דעם רעגען, און צווייטענס, ווייל איך בין געווען פרעמד אין דער גרויסער שטאָדט. דאָס נייע ענגלישע לעבען איז פאַר מיר געווען אַ צו גרויסע ענדערונג און איך האָב זיך געפונען גאָר ניט היימליך אין די געדיכטע גאַסען פון לאָנדאָן.

נאָר ביסלאַכווייז האָב איך זיך צוגעוואוינט צו לאָנדאָן און צו דעם ענגלישען לעבען.

ס׳איז פאַר מיר געווען אַן אמת׳ער קוואַל פון גייסטיגען פערגניגען.

יעדען טאָג האָב איך ענטדעקט עטוואָס נייעס.

נאָר איין זאַך האָט מיר געשטערט, דאָס וואָס איך האָב ניט געקענט זיך מאַכען פערשטעהן אין דער לאַנד־שפראַך.

ס׳איז אמת, אַז איך האָב אין דער יוגענד געלערנט ענגליש, נאָר אַז איך בין געקומען אין בעריהרונג מיט די לאָנדאָנער, האָב איך אויסגעפונען, אַז זיי הויבען מיך ניט אָן פערשטעהן. איך פלעג אויסריידען זעהר שלעכט די גאַנץ געוועהנליכע ווערטער אפילו, און זעהר אָפט איז מיר אַנדערש ניט אויסגעקומען נאָר אויפשרייבען די פראַזען, וועלכע איך האָב געוואָלט אויס־ריידען אויף פאַפיר, אום מען זאָל ווי עס איז קענען וויסען וואָס איך וויל.

נאָר דיזע שוועריגקייט איז ענדליך אויך אַריבער. דריי מאָנאַט נאָך מיין אָנקומען קיין לאָנדאָן האָב איך זיך שוין געקענט ווי עס איז דורכריידען אויף ענגליש, אין אַ געבראָכענער שפראַך, פערשטעהט זיך, נאָר יעדענפאַלס

פֿערשטענדליך געגוג, און זייט דאַן האָב איך אָנגעהויבען אַרומוואַנדערן איבער לאָנדאָן. איך האָב זיך בעקענט מיט די פֿערשידענע קוואַרטאַלען פֿון דער גרויסער שטאָדט, בין געקומען און בעריהרונג מיט פֿערשידענע עלע-מענטען פֿון דער בעפֿעלקערונג.

נאַטירליך, מיין ערשטער בעזוך איז געווען אין די אַרבייטער-קוואַרטאַלען. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס מיין אייגענשאַפֿט אלס רעוואָלוציאָנערין איז געווען גאָרניט קיין גיטע רעקאָמענדאַציע אין אַ לאַנד, וואו מען איז פֿריהער פֿון אַלצדינג קאָנסערוואַטיוו, דאָך מוז איך אָנערקענען, אַז בעסער האָב איך גאָרניט געקענט אויפֿגענומען ווערן ווי צווישען די לאָנדאָנער אַרבייטער.

אין געוויסע קוואַרטאַלען האָב איך גאָר גיך זיך געמאַכט אַ נאָמען פֿאַר אַ גוטע פֿרוי: „דהי גוד וואומען" האָבען זיי מיך גערופֿען.

און וואָס זאָל איך דאָ לייקענען? ס'איז מיר ניט אונאַנגענעהם געווען צו הערען דיזען נאָמען.

האָט מען דאָך מיך אַזוי אָפֿט געטיטעלט מיט די שעהנע נעמען: „אונ-טערצינדערין", „גנב'טע" און „מערדערין"...

II

## אַ „פֿערדעכטיגער" גענאָסע.

איין פֿריה מאָרגען, דאָס איז געווען אַן ערך זעקס מאָנאַט נאָך מיין קומען קיין לאָנדאָן, האָט זיך צו מיר אין איסט דאָליטש געמעלדעט אַן אונ-בעקאַנטער, וואָס האָט איבערגעגעבען געוואָלט ריידען מיט מיר וועגען זעהר אַ וויכטיגער זאַך.

ס'איז נאַטירליך געווען איבעריג צו מאַכען אַזויפֿיעל צערעמאָניעס, אום אַריינצוקומען צו מיר אין הויז, ווייל איך האָב גאָר פּשוט אויפֿגענומען יעדען איינעם, וועלכער האָט זיך נור געוואַנדט צו מיר.

כ'האָב אַלזאָ גלייך געהייסען, מען זאָל דיזען פֿרעמדען מאַן אַריינ-לאָזען.

ער איז אַריינגעקומען מיט אַ געהיימניספֿאָלער מיענע, זיך אומקוקענדיג אין אַלע זייטען, אָקוראַט ווי מען וואָלט זיך נאָכגעיאָגט נאָך איהם און ער איז געקומען זיך בעהאַלטען ביי מיר אין שטוב.

— וואָס איז געשעהן? — האָב איך געפֿרעגט.

דער פֿרעמדער האָט מיר געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז ער וואָלט וועלען ריידען מיט מיר אַליין אונטער פֿיער אויגען.

אין צימער האָבען זיך געפֿונען מיין פֿריינדין שאַרלאָט און איהר פֿאָטער.

— איהר קענט ריידען פֿאַר דיזע פּערזאָנען, — האָב איך געזאָגט — דאָס

זייִנען פֿריינדע, און אמת׳ע פֿריינדע, פֿאַר וועלכע איך בעהאַלט זיך מיט קיין זאַך ניט.

דער אומבעקאַנטער האָט זיך ניט געקענט ענטשליסען דערצו.

איינער פֿון מיינע הינט האָט זיך אַרומגעדרעהט אַרום איהם און האָט שטילערהייט געבורטשעט. דער פֿרעמדער איז איהם, ווייזט אויס, גאָרניט געפֿעלען. און ער האָט געהאַט אַ שטאַרקען חוש הריח, דער הינד מיינער; ער האָט מעהר ווי איינמאָל דערשמעקט אַזעלכע זאַכען, אויף וועלכע מיר האָבען זיך ניט געריכט.

מיין גאַסט האָט זיך ענדליך ענטשלאָסען מיר צו זאָגען, וואָס האָט איהם איינענטליך געבראַכט צו מיר.

— איך הייס לאַנגלואַ,—האָט ער זיך אָבגערופֿען — און איך בין אַן אַנאַרכיסט.

— זעהר גוט וואָס איהר זאָגט עס מיר, — האָב איך געענטפֿערט,— מחמת איך האָב קיינמאָל ניט געהערט אויסרייִדענדיג אייער נאָמען צווישען מיינע קאַמעראַדען.

— איך וועל אייך ערקלעהרען פֿאַר וואָס, — האָט ער געזאָגט. — לאַנגלואַ איז מיין ריכטיגער נאָמען, נאָר אין די גרופּען רופֿט מען מיך בערטראַן.

איך האָב גלייך פֿערשטאַנען, אַז דער מאַן זאגט ניט דעם אמת.

דאָך האָב איך געוואָלט זעהן ווי ווייט ער וועט געהן מיט זיינע ליגענס.

— אַה, זעהר גוט,—האָב איך זיך אָבגערופֿען—און וואָס ווילט איהר פֿון מיר?

— אָט וואָס. איך בין געצוואונגען געוועזען צו אַנטלויפֿען פֿון פּאַריז, ווייל מען האָט מיך געמסר׳ט. איך בין געקומען אַהער, נאָר איך קען דאָ קיין מענשען ניט.

— און איהר ווילט, הייסט עס, איך זאָל אייך פֿאָרשטעלען אין די רעוואָלוציאָנערע גרופּען.

— ניט דוקא דאָס פֿערלאַנג איך. ס׳וואָלט געוועזען גענוג, ווען איהר קענט ריידען מיט אַ פּאָר קאַמעראַדען און מיך רעקאָמאַנדירען צו זיי, כדי איך זאָל האָבען וואו אַריינצוגעהן. ס׳איז אַזוי טרויעריג צו לעבען אין דער פֿרעמד, ווען מען האָט ניט קיין שום בעקאַנטען.

אייער וואונש וועט ערפֿילט ווערן,—האָב איך געזאָגט,—קימט איבער־מאָרגען נאָך אַמאָל צו מיר, וועל איך אייך געבען דעם אַדרעס פֿון עטליכע חברים, מיט וועלכע איך וועל רייִדען װעגען אייך.

דער פֿרעמדער האָט געדאַנקט, בעגריסט און איז אַרויסגעגאַנגען.

אַז ער איז אַוועק, רופֿט זיך שאַרלאָט אָב צו מיר;

— איהר וועט זיך דאָך ניט אָבגעבען מיט דיזען חברה־מאַן און איהם רעקאָמאַנדירען צו די קאַמעראַדען?

— דאָ האָט איהר אַ מעשׂה, — האָב איך געענטפֿערט. — דיזער מאַן איז אפשר אַ שפּיאָן, אָבער ביז וואַנען דאָס ציינט זיך ניט אַרויס קען איך איהם ניט בעטראַכטען פֿאַר אַזעלכען. מעגליך, אַז ער איז טאַקי אַ באַנדיט... אָבער ס'איז גאַנץ מעגליך, אַז ער איז אַ פּראָסטער חי וקים, אַ בראַווער יונג, וואָס ווייסט ניט פֿון קיין הינטערוועגען און פֿערשטעלענישען.

— אָבער טאָמער איז ער אַ שפּיאָן? — האָט שאַרלאָט געזאָגט.

— איז ערשט ריכטיג נייטיג איהם צו האָבען אויף'ן אויג... איין זאַך זאָלט איהר וויסען: ס'איז בעסער צו האָבען אין די גרופּען צעהן שפּיאָנען, וואָס מען קען, איידער איינעם, וואָס מען קען ניט... גלויבט מיר, איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס איך טהו, און איהר וועט זעהן, אַז מיין וועג איז דער ריכ-טיגער.

אויף מאָרגען בין איך אַריבער אין אָלד קאָמפּשאָן סטריט, אין די וועסט ענד, וואו פֿיעלע פֿון אונזערע קאַמעראַדען האָבען געוואוינט און איך האָב זיי דערצעהלט וועגען דעם בעזוך, וואָס איך האָב געהאַט.

— גוט, — האָט זיך אָבגערופֿען איינער פֿון זיי — מען וועט דעם בחור נעהמען אויף'ן פֿערהער.

ווען לאַנגלואַ אָדער בערטראַן איז געקומען צו מיר, ווי איך האָב איהם אָנגעזאָגט, האָב איך איהם געגעבען דעם אַדרעס פֿון אַ קאַמעראַד, וועל-כער האָט איהם אויפֿגענומען ווי אַ ברודער און האָט איהם ניט אָבגעלאָזט פֿון אויג.

אין צוויי מאָנאַט אַרום האָבען מיר געוואוסט אַלצדינג וועגען דיזען אינבעקאַנטען.

ס'איז ווירקליך געווען אַ קאַמעראַד, און אַן אמת'ער, און אַלעס וואָס ער האָט אונז דערצעהלט איז געווען ריכטיג אויף'ן האָר.

זעהט איהר, מען דאַרף ניט אימער אורטהיילען נאָך דעם ערשטען איינ-דרוק, וואָס אַ מענש מאַכט אויף אייך.

אָט האָט איהר אייך אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט אַלע סמנים פֿון אַ גע-היים פּאָליציסט, און דאָך איז דאָס געווען איינער פֿון די עהרליכסטע און איבערגעבענסטע קאַמעראַדען.

ער האָט געהאַט אַ גראַדען און אַן איינפֿאַכען כאַראַקטער און האָט ניט געוואוסט פֿון קיין הינטערוועגען.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער איז געקומען צו מיר, האָט ער ווירקליך געמאַכט אויף אונז אַ מאָדנעם איינדרוק, אָבער דאָס איז בלויז דערפֿאַר, ווייל בערטראַן איז אימער געווען אַן אונגעשיקטער אין לעבען.

איך וועל נאָך שפּעטער האָבען די געלעגענהייט צו ריידען מעהר וועגען דיזען מאַן. מען וועט קענען אורטהיילען פֿון זיין אַרבייט און זעהן, אַז דער, וועמען מיר האָבען פֿערדעכטיגט אַלס שפּיאָן, איז געווען דער מוטהיג-סטער און דער איבערגעבענסטער פֿון די קעמפּפֿער.

III.

## די באָמבע אין סקאָטלאַנד יאַרד.

מען געדיינקט נאָך די געוואַלטיגע אַנאַרכיסטישע פּאַסירונגען, וועלכע זיינען אין יענער צייט פאָרגעקומען אין פאַריז, און די ווילדע יאַגד, וואָס די פּאָליציי האָט דאַן אָרגאַניזירט אױ געגען די אָנהייגער פון דער פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, אױ געגען די איינפאַכע אַגיטאַטאָרס.

געיאָגט פון אַלע זייטען אַזוי ווי ווילדע חיות, האַבען זיך די אַנאַרכיסטען פערשפרייט איבער'ן אויסלאַנד, נאָר דאָס רוב פון זיי זיינען געקומען קיין ענגלאַנד, וואו זיי זיינען געװוען זיכער צו געפינען אַ רוהיגען אָרט אין צו קענען פּראָפּאַגאַנדירען וױיטער זייערע אידעען.

אין יענער צייט האָבען זיך אין לאָנדאָן געגרינדעט אַ פּאָר קלובס: די „אויטאָנאָמיע" אין דער „גראַפטאָן האָל", וואו מיר פלעגען זיך אָפט צוזיפקומען. דאָס זיינען דאָס רוב געווען אינטערנאַציאָנאַלע פערזאַמלונגען, ווייל אויסער די פראַנצויזישע זיינען אויך געווען בעלגישע און איטאַליענישע גענאָסען. אַ היבשע צייט האָבען מיר אָנגעפיהרט אַ בעוועגונג אונגעשטערטערהייט. די ענגלישע פּאָליציי האָט אפילו אין זינען ניט געהאַט אונז צו טשעפּען.

אָבער די פראַנצויזישע פּאָליציי, וועלכע האָט זיך ניט געקענט מוחל זיין וואָס זי האָט אונז אַזוי אַרויסגעלאָזט פון איהרע שמוציגע הענד, האָט אָנגעהויבען זוכען מיטלען, ווי צו בעלעסטיגען און אייך קאָמפּראָמיטירען די אַנאַרכיסטען, וועלכע האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין ענגלאַנד.

זי האָט אַריבערגעשיקט אַהער שפּיאָנען, נאָר זיי האָבען גאָרניט געקענט מאַכען מיט אונז; מיר האָבען זיי דערקענט. עס האָט ניט גענומען לאַנג און דיזע שפּיאָנען זיינע געצוואונגען געווען זיך צוריקצוציהען ערגעץ וואו אין אַ פערוואָרפענעם געגענד, ווייט פון אונזערע אויגען.

דאָך האָט עס זיי ניט אָבגעהאַלטען צו שיקען קיין פאַריז אַלערליי פאַלשע בעריכטען וועגען אונז און אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ. זיי האָבען געמעלדעט, אַז מיר מאַכען פּלענער און מיר גרייטען זיך צו צו בעגעהן געוואַלטטהאַטען און נאָך אַזעלכע לעכערליכע געשיכטען.

אין פאַריז האָט מען דאָס אַלעס אָנגענומען פאַר ערנסט, און פערשטעהט זיך, אַז מען האָט פאַר דיזע בעריכטען בעצאָהלט מיט דער פולער האַנד.

נאָר אַזוי ווי די „פערשװערונגען" און די אַטענטאַטען, וועגען וועלכע די שפּיאָנען האָבען מודיע געווען, זיינען קיינמאָל ניט צושטאַנד געקומען, האָט מען איינמאָל פאַר אַלע מאָל געמוזט זוכען אַ מיטעל, וואָס זאָל קאָמפּראָמיטירען די אַנאַרכיסטען אין לאָנדאָן.

און אַ פּאַריזער געהיים-פּאָליציכט איז געפּאַלען אויף אַ המצאה.

ער האָט זיך געווענדעט צו איינעם פון די גרויסע מאַכערס אין מיניס-טעריום פון איגערן מיט זיין פלאַן. איך גיב דאָ איבער דעם געשפּרעך, וואָס זיי האָבען געהאַט צווישען זיך, און וועלכען אַ פריינד אונזערער האָט צופעליג אונטערגעהערט.

— מיין הערר, — האָט דער שפּיאָן געזאָגט — איך מיין, אז איך האָב געפינען אַ מיטעל, ווי אַזוי צו מאַכען מען זאָל אַרויסטרייבען פון ענגלאַנד די פערברעכערישע אנאַרכיסטען.

— אַ נו, לאָמיך הערען, — האָט זיך דער מיניסטער מיט אונגעדולד אָבגערופען.

— אָט וואָס: ענגלאַנד וועט קיינמאָל ניט מרוצה ווערן אַרויסצוגעבען די פּראָפּאַגאַנדיסטען, וואָס די פראַנצויזישע רעגירונג פערלאַנגט.

— איך ווייס דאָס אַלעס, — האָט דער מיניסטער געזאָגט — רעדט ניבער, גיט מיר אייער פּלאַן.

— אָט גלייך, מיין הערר... נאָר אַפריהער מוזט איהר מיר עפּעס פער-שפּרעכען.

— וואָס זשע?

— מיר צו געבען צעהן טויזענד פראַנק.

דער מיניסטער איז געבליבען אַביסעל איבערראַשט. ער האָט זיך ניט געריכט אויף אַזאַ מין פערלאַנג.

— אָה, — האָט דער געהיים-פּאָליציסט געזאָגט, — אַז איהר וועט הערען מיין פּראָיעקט, וועט איהר קיין מינוט אפילו ניט איבערטראַכטען און מיר געבען וואָס איך פערלאַנג. שטעלט אייך פאָר, וואָס פאַר אַ גרויסאַר-טיגע זאַך דאָס וואָלט געווען פאַר אייך, ווען אייך גיט זיך איין צו מאַכען, מען זאָל אייך אַרויסגעבען אַלע פראַנצויזישע אַנאַרכיסטען, וועלכע געפינען זיך אין לאָנדאָן און וועלכע דאַרפען דאָ שטעהן צום געריכט פאַר געוויסע פּאָליטישע פערברעכען... איך דאַרף דאָך אייך ניט זאָגען, וואָס פאַר אַ נאָמען איהר וואָלט זיך דערמיט געמאַכט.

— אַלזאָ, לאָמיך הערען וואָס דאָס איז אַזוינס, אָבער גיך, ווייל מיינע מינוטען זיינען געצעהלט.

— נו, אָט וואָס, הערר מיניסטער. מיין מיטעל איז אַ גאַנץ איינפאַכער. ביז אַהער זיינען די אַנאַרכיסטען אין ענגלאַנד בעהאַנדעלט געוואָרען פונקט ווי אַלע אַנדערע בירגער פון דעם לאַנד. כל זמן זיי שטערען ניט די אָרד-נונג און בעגעהען ניט קיין אַטענטאַטען, האָבען זיי ניט וואָס מורא צו האָבען. אָבער אַשטייגער ווען אַ באָמבע זאָל אין איין שעהנעם טאָג פּלאַצען אין לאָנדאָן... אַן אונשולדיגע באָמבע, וואָס זאָל העכסטענס אַרויסרייסען עטליכע שטיינער פון אַ וואַנד... דאַן איז קיין צווייפעל ניט, אַז די ענגלישע פּאָליציי וועט ווערן שטרייננ געגען די אַנאַרכיסטען.

— דאָס איז גאַנץ ריכטיג, — האָט דער מיניסטער געענטפערט — אָבער איהר זייט דאָך ניט אַזוי נאַאיוו צו דיינקען, אַז די אַנאַרכיסטען וועלען וואַר־פען באָמבעס אין דער איינציגער שטאָדט, וואו זיי קענען זיך אויפהאַלטען און אָנפיהרען זייער פראָפּאַגאַנדאַ אונגעשטערטערהייט.

— דאָס פערשטעהט זיך פון זיך אַליין אָבער וואָס וואָלט איהר אַ שטייגער געזאָגט, ווען עס פלאַצט דאָך אַ באָמבע אין ענגלאַנד ? !

דער מיניסטער האָט ענדליך פערשטאַנען אין וואָס עס געהט דאָ.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף דעם פּאָליציסט און מיט אַ שמייכעל געפרעגט:

— וואָס זשע, דאָס וועט איהר דאָס אוועקלייגען די באָמבע ?

— איך אַליין, העררר מיניסטער.

— ס'איז זעהר אַ גוטער פּלאַן. איך גיב צו, אַז איך וואָלט גאָרניט געפאַלען דערויף.

— אַלזאָ, אָבגעמאַכט ?

— יאָ, געהט... איהר וועט קריגען אייערע צעהן־טויזענד פראַנק, פינף טויזענד איצט און דאָס איבעריגע נאָך דער עקספּלאָזיאָן, נאָר זעהט, עס זאָל קיינעם ניט פערוואונדען.

— האָט קיין מורא ניט, איך האָב געמאַכט אַ קליינע, פיינע באָמבע, וואָס וועט אָנמאַכען אַ מורא'דיגען קראַך, נאָר זי וועט קיינעם קיין בייז ניט טהאָן.

— זעהט אַקאָרשט מען זאָל אייך ניט כאַפּען, וואָרים איך זאָג אייך אַפריהער, איך וועל לייקענען שטיין און ביין...

— איהר קענט רוהיג זיין, העררר מיניסטער, איך ווייס וואָס איך האָב צו טהאָן.

מען האָט דעם שפּיאָן אָבגעצעהלט די פינף טויזענד פראַנק, און אין דריי טעג אַרום איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין לאָנדאָן, מיטפיהרענדיג מיט זיך זיין פּאָליציייסקע באָמבע.

זיין שלים־מזל האָט געוואָלט, אַז אָנקומענדיג אויף וויקטאָריאַ סטיישיאָן זאָל ער זיך צונויפטרעפען מיט אונזערן אַ קאַמעראַד, וועמען מיר האָבען אַ נאָמען געגעבען „בערטיאָן".

דיזער קאַמעראַד האָט דערקענט דעם שפּיאָן און האָט איהם זייט דאַן ניט אָבגעלאָזט פון אויג.

נאָר איינמאָל האָט זיך דעם געהיים־פּאָליציסט איינגעגעבען זיך אויס־צודרעהן און ער האָט אויף אַזאַ'ן אופן געקענט אויספיהרען זיין פּלאַן.

איינמאָל אין דערפריה האָט זיך געטהאָן חושך אין לאָנדאָן.

די צייטונג־טרעגער האָבען געשריען קולות, עטוואָס שרעקליכעס האָט פאַסירט: ניט ווייט פון סקאָטלאַנד יאַרד האָט געפּלאַצט אַ באָמבע.

זי האָט קיין מענשען ניט געטשעפּעט, נאָר אַ גרויסער קאַסטען, וואו

מען האָט געהאַלטען אַלטע פּאַפּירען, איז צושפּרונגען געוואָרען אויף שטיק-לאַך דורך דער עקספּלאָזיאָן.

גלייך איז די ענגלישע פּאָליציי געווען אויף די פּיס.

מעלוויל, דער דאַמאָלסדיגער שעף פֿון סקאָטלאַנד יאַרד, האָט אַרויס-געשיקט זיינע בעסטע שפּיאָנען, און די אַנאַרכיסטען, וועלכע זיינען ביז דאַן געווען רוהיג, זיינען פֿערפֿאָלגט געוואָרען אַזוי ווי די ווילדע חיות.

די פּאָליציי האָט געמאַכט אָביסקען אין דעם אויטאָנאָמיע-קלוב און אין גראַפֿטאָן האָל.

פֿיעלע גענאָסען זיינען אַרעסטירט געוואָרען.

דעם זעלבען אָוועגד האָבען מיר אָבגעהאַלטען אַ גרויסע פֿערזאַמלונג, וואו עטליכע פֿון אונז האָבען גענומען דאָס וואָרט.

אַז ס׳איז געקומען צו מיר, האָב איך ערקלעהרט אָט וואָס:

— קאַמעראַדען, די באַמבע פֿון סקאָטלאַנד יאַרד איז אַ שפּיאָנסקע אַרבייט; דערין קען גאָר קיין צווייפֿעל ניט זיין. דאָס האָט אַ באַנדיט זיך בענוצט מיט דיזען נידערטרעכטיגען מיטעל, אום אונז צו קאָמפּראָמיטירען. איצט וועט מען אונז אוראי פֿערפֿאָלגען און פּיליכט גאָר אַרויסשיקען פֿון אַ לאַנד, וואו מיר האָבען געלעבט רוהיג און זיכער. מיר מוזען אויסגעפֿינען דעם מאַכער פֿון דיזען לעבערליכען אַטענטאַט.

אין דער רגע האָט זיך אונזער פֿריינד „בערטיאָן“ אויפֿגעהויבען.

— איך מיין, — האָט ער געזאָגט, — אַז דער, וואָס האָט אָבגעטהאָן דיזע שטיקעל אַרבייט, איז ניט קיין אַנדערער נאָר דער פּאַסאַזשיר, וועמען איך האָב ניט לאַנג צוריק געטראָפֿען אין וויקטאָריאַ סטיישאָן. און אַ בע-וויז, אַז איך האָב קיין טעות נים, איז דאָס וואָס דער אַטענטאַט איז בע-גאַנגען געוואָרען אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב פֿאָלשטענדיג פֿערלאָרען דעם דאָזיגען חברה-מאַן פֿון אויג. איך וועל איהם אויפֿזוכען און אַז איך וועל לייגען די האַנד אויף איהם, וועל איך איהם ברייגגען אַהער און מיר וועלען איהם קענען געהמען אויף׳ן פֿערהער.

ס איז געבליבען, אַז אַזוי גיך ווי אונזער פֿריינד וועט האָבען דעם שפּיאָן אין די הענד, זאָל ער אונז גלייך לאָזען וויסען און מיר וועלען אָב-האַלטען אַ ספּעציעלען מיטינג וועגען דעם.

צוויי טעג האָבען מיר גאָרנישט געהערט פֿון אונזער פֿריינד. ענדליך האָט מען אונז צו וויסען געגעבען, אַז עס וועט זיין אַ ספּעציעלע פֿערזאַמ-לונג ערגעץ-וואו אין אַ קליינעם זאַאַל אין טשווירטש סטריט, לעבען היי-מאַרקעט.

איך האָב אָבגעגעסען אויף גיך אָבענד-ברויט און בין אַוועקגעפֿאָהרען נאָך פּיקאַדילי.

אַז איך בין געקומען, איז שוין דער זאַאַל געווען געפּאַקט מיט מענ-שען. ס׳איז דאָרט געווען זעהר לעבעדיג. ביי דער פּלאַטפֿאָרמע זיינען גע-

שטאנען אַ צעהן, צוועלף גענאָסען, וועלכע האָבען אַרומגערינגעלט אַ מאַן, וועמען איך האָב פריהער קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהן.

— דאָס איז דער שפּיאָן,—האָט מען מיר געזאָגט.

באַלד האָט מען דעם בחור גענומען אויף'ן פערהער. ער האָט תחילת ניט געוואָלט זאָגען ווי ער הייסט, האָט אָנגעגעבען אַ פאַלשען נאָמען, נאָר אַז „בערטיאָן" האָט איהם צוגעשפּארט צו דער וואַנד, האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער הייסט בוואַר און אַז ער איז אַ געהיים-פּאָליציסט.

אויך וועגען דעם צוועק פון זיין קומען קיין לאָנדאָן האָט ער אונז גע-וואָלט פערדרעהען אַ מוח. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט צוגעבען, אַז דאָס האָט ער דאָס אַנידערגעלייגט די באָמבע לעבען סקאָטלאַנד יאַרד. נאָר ס'איז איהם נישט געגאנגען.

איינער פון אונזערע קאַמעראַדען האָט זיך געפונען ניט ווייט פון דעם פּלאַץ, בעת די באָמבע האָט געפּלאַצט. ער האָט געזעהן, ווי אַ מאַן איז אַנטלאָפען, און שפּעטער אַ ווייילע האָט ער דאָרט אויף'ן וועג געפינען אַ פּעקעל פּאַפּירען, וועלכע האָבען בעלאַנגט צו בוואַר'ן.

ס'איז אַזוי געווען קלאָהר ווי דער טאָג אַז דער שפּיאָן איז געווען דער מאַכער פון דעם לעבערליכען אַטענטאַט. ער האָט עס ניט געקענט אָבלייקענען.

איצט האָבען מיר געהאַט אַ שווערע פראַגע צו לייזען: וואָס טהאָן מיט דעם חברה-מאַן?

אַ טהייל האָבען זיך געוואָלט מיט איהם אָברעכענען גלייך אויף'ן שטעל, אָבער די פערנינפטיגערע גענאָסען האָבען זיי אָבגעהאַלטען דערפון.

איבערגעבען איהם אין די הענד פון דער ענגלישער פּאָליציי איז אויך קיין פּלאַן ניט געווען.

ס'איז אַלזאָ געבליבען, אַז מען זאָל איהם האַבען אויף'ן אויג, ביז וואַנען מיר וועלען בעשליסען, ווי אַזוי זיך צו בעגעהן מיט איהם.

ווי אַזוי די ענגלישע פּאָליציי האָט געקראָגען צו וויסען וועגען דעם וואָס איז פאָרגעקומען ביי אונז אויף דער פערזאַמלונג—הויב איך נאָך איצט ניט אָן פערשטעהן.

יעדענפאַלס, אויף מאָרגען איז מעלוויל בכבודו ובעצמו געקומען צו אונז און געזאָגט:

— איך ווייס, אַז איהר האָט צווישען אייך דעם מאַכער פון דעם אַטענ-טאַט, איהר מוזט מיר איהם אַרויסגעבען.

— וואָס וועט איהר טהאָן מיט איהם? — האָט איינער פון אונז גע-פרעגט.

— מיר וועלען איהם הייגגען, — האָט מעלוויל געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

בוואַר איז ניט געהאַנגען געוואָרען, נאָר אַזוי ווי מען שפּאַסט קיינ-

מאָל ניט אין ענגלאַנד מיט אַזעלכע ערנסטע זאַכען, איז ער פּראָווירט-טהיילט געוואָרען צו פֿינף יאָהר האַרד-לייבאָר אין דער מיניסטער וויגער האָט אפּילו ניט געפֿונען פֿאַר נייטיג צו זאָגען אַ גוט וואָרט פֿאַר איהם.

איך האָב זיך נאָכהער דערוואוסט, אַז כדי צו ווירקען אויף זיינע ריכ-טער, האָט דער געהיים-פּאָליציסט „אויסגעזאָגט פֿון חדר" און דערצעהלט, אַז ער האָט אייגענטליך אויסגעפֿיהרט אַ שליחות פֿון דער פֿראַנצויזישער רעגירונג.

אַזוי ווי ענגלאַנד האָט ניט געקענט פֿער'משפּט'ן צו האַרד-לייבאָר דעם פֿראַנצויזישען מיניסטער פֿון אינערן, האָבען בוואוואַר'ס ענטרעקונגען געהאַט בלויז די ווירקונג, וואָס זיי האָבען געצייגט די ענגלענדער ווי אַזוי די פֿראַנ-צויזישע פּאָליציי שטעלט זיך ניט אָב פֿאַר די געמיינסטע מיטלען, אום צו קאָמפּראָמיטירען איהרע פּריוואַט-קעמפּפֿער.

## IV

## ווייטשעפּעל.

אַ טהייל פֿון מיין פֿרייער צייט האָב איך פֿערבראַכט ביי קראָפּאָטקינען אין הויז. איך פֿלעג אויך אָפֿט בעזוכען העגרי ראָשפֿאָר. וועלכער האָט זיך דאַן געפֿונען אין לאָנדאָן, זייענדיג אויסגעוויזען פֿון פֿראַנקרייך.

גאָר דאָס רוב פֿלעג איך אַרומוואַנדערן איבער דער שטאָדט, אין דער עיקר האָבען מיך אינטערעסירט די אָרעמע קוואַרטאַלען. די געגענד פֿון ווייטשעפּעל האָב איך געקענט מיט אַלע געסלאַך, מיט אַלע ווינקעלאַך. און יעדעס מאָל, וואָס איך פֿלעג צוריקקומען פֿון דאָרט, האָב איך געפֿיהלט, אַז מיר פֿעהלט אַ שטיק האַרץ...

אַך, דיזע אָרימקייט, דאָס דאָזיגע עלענד אין נויטה! ווער קען דאָס גאָר בעשרייבען?

אין פּאַריז פֿעהלט אויך קיין אָרימקייט ניט. נאָר דאָרט זיינען די אביונים צושפּרייט און צוזייט איבער דער גאַנצער שטאָדט, צובּיסלאַך אין יעדען אַראָנדיסמענט; מחמת דעם איז דער דלות ניט אַזוי קענטיג. אָבער דאָ, אין דעם גיהנום'שען ווייטשעפּעל, האָט זיך צונויפֿגעקליבען אַלעס מיט אַמאָל: הונגער, אָבגעריסענהייט, שמוץ און פֿערברעכען, די טיעפֿסטע גע-זונקענהייט און די ביטערסטע נויטה.

אין איינגע, פֿינסטערע און פֿערפּעסטעטע געסלאַך האַלט זיך אויף אַ מערקווירדיגע בעפֿעלקערונג.

פֿאַרהאַן דאָרט האַלב-נאַקעטע קינדערלאַך, פֿרויען, וועמען די נויטה און דער אַלקאָהאָל האָבען פֿערוואַנדעלט אין משונה'דיגע, שרעקליכע גע-שטאַלטען.

אין מיטען טאָג קען מען זעהן מענשען, אויסגעצוייגען אין גאַס. זיי שלאָפען. און די זיינען די אונגליקליכסטע פון די אונגליקליכע: זיי האָבען קיין שטיקעל פלאַץ ניט, וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגען.

ווער זייגען זיי? פון וואַנען קומען זיי?

פאַרהאַן דאָרט מענשען פון איבעראַל. דאָס איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער שטראָם פון עלענד און נויטה...

איינמאָל בין איך פערבייגעגאַנגען פעדבייא אַ ביער-הויז אין יענעם געגענד. אינעווייניג, אין רויך און שמוץ, זיינען געשטאַנען מענער און פרויען אין טראַנטעס און האָבען געטרונקען. לעבען טהיר איז מיר אנטקעגען געקומען אַן אָבגעריסענער מאַן, האָט אויסגעשטרעקט די האַנד און געבעטען אַ נדבה.

איך האָב איהם געגעבען אַ זעקס פענס.

מען האָט איהם בעראַרפּט אָנקוקען, דיזען עלענדען מענשען, אין יענער רגע. ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגען, האָט געעפּענט דאָס מויל, ניט וויסענדיג וואָס צו זאָגען פאַר ערשטוינונג. ענדליך האָט ער זיך פערנייגט און איז אַריין אין ביער-הויז.

אָט אַפנים ער האָט געמוזט דערצעהלען זיינע פריינד, אַז איך האָב איהם געגעבען דעם זעקס פענס, מחמת אין אַ ווײַלע אַרום בין איך אַרומגערינגעלט געוואָרען פון אַ גאַנצע מחנה פון אָרעמע מענער און פרויען, וועלכע האָבען מיט די אויגען און מיט די הענד געבעטען, איך זאָל זיי עפּעס געבען.

כ'האָב געהאַט ביי זיך צעהן שילינג, האָב איך זיי צוטהיילט.

פון יענעם טאָג אָן, אַז איך בין נור אַרונטערגעפאָהרען אין ווייטשעפעל, האָב איך אימער געהאַט אַרום מיר אַ גאַנצען רעדעל פון אָרעמע לייט. זיי האָבען מיך שוין אַלע געקענט.

מעהר ווי איינמאָל האָב איך געפּרואווט ריידען צו זיי, נאָר זיי האָבען מיך ניט געקענט פערשטעהן.

איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געקומען, נאָר מיין אַרומגעהן אַרום דיזע אונגליקליכע מענשען האָט זיך פערשפּרייט איבער דער שטאָדט און האָט אָנגעשפּאַרט אַזש אין די הויכע פענסטער.

און איינמאָל, געהענדיג אין רידושענט סטריט, האָב איך געהאַט אַ מערקווירדיגע איבערראַשונג.

פון אַן עלעגאַנטער קאַרעטע איז אַרויסגעשפּרונגען אַ רייכע דאַמע און איז צוגעגאַנגען גלייך צו מיר.

— מען זאָגט מיר, — האָט זי זיך אָבגערופען — אַז איהר זייט לואיזע מיטעל. איז דאָס וואַהר?

— ס'איז וואַהר, — האָב איך געענטפערט.

די אונבעקאַנטע האָט אַרויסגענומען פון אונטער'ן מאַנטעל איהרען אַ קליין זעקעלע און האָט עס מיר דערלאַנגט.

— וואָס ליגט דאָ איבעווייניג ?—האָב איך געפֿרעגט.

— וואָס זאָל דאָ זיין ? געלד...

— איך פֿערלאַנג ניט קיין נדבה...

— ניין, אָבער איך וויים, אַז איהר זייט געוועהנט צו געבען צדקה. דאָס וועט אייך צוגיין קומען צו העלפֿען אייערע אָרעמע לייט.

— אויב אַזוי נעהם איך עס אָן,—האָב איך געענטפֿערט, — נאָר קען וויניגסטענס וויסען אייער נאָמען ?

— מיין נאָמען וועט אייך סיי ווי סיי גאָרנישט זאָגען... נעהמט דאָס דאָזיגע געלד און צוטהיילט עס צווישען די נויטבעדירפֿטיגע. דאָס איז אַלעס וואָס איך פֿערלאַנג.

— אָבער דאָס וואָלט איהר דאָך געקענט אַליין טהאָן...

— ניין, — האָט די אונבעקאַנטע געענטפֿערט און זי איז גלייך אַריין צוריק אין איהר קארעטע.

איך האָב דיזע פֿרוי געזעהן נאָך עטליכע מאָל און איך וואָלט אפשר ביז אויף היינטיגען טאָג ניט געוואוסט ווער זי איז, ווען ניט אַן אומגעריכטער צופֿאַל, וועלכער האָט עס מיר ענטדעקט.

דאָס איז געווען אַ פרינצעסין פֿון דער קעניגליכער פֿאַמיליע...

מען קען זיך משער זיין וואָס פֿאַר אַן איבעררעשונג דאָס איז געווען פֿאַר מיר.

אָבער מיין אָפֿטער צוגויפֿטרעפֿען זיך מיט די אָרעמע לייט אין ווייטשעפעל, האָט מיך אריינגעצויגען אין אַן אונאַנגענעהמער געשיכטע.

ס׳האָט זיך פֿערשפרייט אַ קראַנג, אַז דאָס געלד, וואָס איך צוטהייל, קומט פֿון אירלאַנד, און אַז מיין צוועק איז אויפצורייצען דיזע הונגער-ליידער אין ענדליך מאַכען מיט זיי אַ רעוואָלוציאָן אין ענגלאַנד.

דאָס איז געווען דום, לעכערליך, אָבער אָפֿטמאָל ווערן גראָד די דומ-כטע און די לעכערליכססע זאַכען אָנגענומען ערנסט.

פֿון דאַן אָן האָט מען מיך גענומען בעוואַכען, און אַז איך פֿלעג אַרונ-טערגעהן אין ווייטשעפעל, פֿלעגען די דעטעקטיווס מיר נאָכגעהן און מיר ניט לאָזען טהיילען געלד צו די דאָרטיגע אָרימע לייט.

פֿערשטעהט זיך, אַז דאָס האָט געפֿיהרט צו געשלעגעריי צווישען די אָרעמע מענשען און דער פּאָליציי, און איך בין געצוואונגען געווען אויף אַ שטיקעל צייט אויפֿצוגעבען מיינע בעזוכען אין די איסט ענד.

נאָר איך האָב געפֿונען אַ מיטעל דערצו אויך. אויב איך בין אַליין ניט געקומען אין ווייטשעפעל, האָבען אָבער די אָרעמע לייט מיינע דורך דעם גאָרניט פֿערלאָרען: איך פֿלעג זיי צושיקען אַזוי פֿיעל ווי פֿיעל איך האָב נור געקענט דורך מיינע פֿריינד.

איך ווייס, אַז פֿיעלע וועלען זיך וואונדערן, וואָס איך האָב זיך אַזוי שטאַרק אָבגעגעבען מיט צדקה. אָבער וואָס האָב איך געקענט טהאָן ? מאַכען רע-

וואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די אונגליקליכע מענשען פון וויטשע-פּעל, איז מיר אונמעגליך געווען, און פון דער אַנדער זייט האָב איך זיי ניט געקענט לאָזען שטאַרבען פאַר הונגער.

ס'איז אמת, אַז דאָס, וואָס איך פלעג צוטהיילען, איז בלויז געווען ווי אַ טראָפּען אין ים, אָבער אַלץ איז דאָס געווען בעסער ווי גאָרנישט.

V

## די „משוגענע".

מיין הייזעל אין איכט דאָליטש איז געווען איינע פון יענע פיעלע בע-שיידענע, אַנגענעהמע וואָינונגען אין לאָנדאָן. מיר האָבען דאָרט געהאַט אַלע בעקוועמליכקייטען: אונטען אַ זאַאַל, אַן עסס-שטוב, אַ קיך, און אויבען דריי שלאָף-צימערן. מיר האָבען אויך געהאַט אַ קליינעם גאָרטען אַרום הויז.

אַזוי האָב איך דאָרט פערבראַכט זעהר אַנגענעהם מיט מיינע פריינד. ווען איך האָב ניט געהאַט וואו צו געהן, פלעג איך זיצען אין דערהיים און לעזען אָדער שרייבען. אַ טהייל פון מיין לעבענס-בעשרייבונג, וואָס מען האָט ביז אַהער געליינט, האָב איך געשריבען דאָרט אין מיין רוהיגער, קליינער וואוינונג אין איסט דאָליטש.

איך פלעג אויך גאַנץ אָפט האָבען ביי מיר קאַמעראַדען, וועלכע פלעגען קומען צו מיר אויף בעזוך. צייטענווייז זיינען מיר געזעסען און געשמועסט ביז נאָך האַלבע נאַכט, און די אָרעמע מענשען פלעגען מוזען געהן צו פוס צוריק אין די וועסט ענד.

איינמאָל, ס'איז געווען אַ קריסטמאַס-נאַכט—איך געדיינק עס נאָך ווי היינטיגען טאָג—האָב איך אַרויסגעלאָזט עטליכע קאַמעראַדען פון מיין הויז. אויף דעם טראָטואַר, אַנטקעגען מיין וואוינונג, האָב איך געפונען אַן אָרעמע פרוי, וועלכע איז געזעסען אויף'ן שנעע.

ס'האָט איהר געוואָרפען אַ צאָהן אָן אַ צאָהן פון קעלט און זי האָט אַלע ווייַלע געקרעכצט פון ווייטאָג.

— זיצט ניט דאָ,—האָב איך דער אונגליקליכער געזאָגט — איהר וועט נאָך שטאַרבען פון קעלט.

— וואו דען זאָל איך געהן?—האָט זי גענטפערט.

— איהר האָט ניט קיין וואוינונג?

— ניין...

— קומט אַריין צו מיר.

און איך האָב זי אַריינגענומען צו מיר אין עסס-צימער. די אָרעמע פרוי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פייער און איך האָב זי גענומען אויספרעגען ווער און וואָס זי איז.

זי האָט מיר געענטפֿערט אין אַ מאָדנער, געמישטער שפּראַך.

אָט האָט זי גערעדט אַ געבראָכענעם ענגליש, אָט האָט מען פֿון איהר געהערט עטליכע פֿראַנצויזישע, דייטשע אָדער שפּאַנישע ווערטער.

הקיצור, כ׳איז מיר אָנגעקומען זעהר שווער, זי פֿע־שטעהן.

ענדליך האָט זי מיר ערקלעהרט, אַז זי קומט פֿון רוסלאַנד, וואו זי האָט אַרומגעוואַנדערט איבער אַ גרויסען טהייל פֿון אייראָפּאַ.

— איהר האָט ניט קיין פֿאַמיליע?—האָב איך איהר געפֿרעגט.

זי האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד און געזאָגט:

— מיין פֿאַמיליע? איך ווייס ניט וואָס פֿון איהר איז געוואָרען.

— פֿון וואָס פֿאַר אַ לאַנד זייט איהר?

— איך בין געבוירען געוואָרען אין פֿראַנקרייך, נאָר איך בין אויפֿגעצויגען געוואָרען צוביסלאַך איבעראַל.

— פֿון וואָס האָט איהר ביז איצט געלעבט?

— כ׳האָב געטהאָן וואָס איהר ווילט אַליין; איך בין געווען אַ דיענסט, אַ וועשין, אַ הויזען-מאַכערין.

— און איהר קענט ניט געפֿינען קיין אַרבייט?

— ניין; איך בין געווען אין שפּיטאָל צוויי מאָנאַט צייט, און אַז איך בין אַרויסגעקומען האָט מען מיך אין ערגעץ ניט געוואָלט צונעהמען, ווייל אך בין געווען צו שוואַך פֿאַר זיי. כ׳האָב געפּרואווט זיך ווענדען אין אַ וואָרקהאוז, אָבער מען האָט מיך ניט געוואָלט אַריינגעהמען אַהין. אַזוי האָב איך אַרומגעוואַנדערט איבער לאָנדאָן, בעטלענדיג אַ שטיקעל ברויט, און ווער ווייסט וואָס פֿון מיר וואָלט געוואָרען, ווען איהר נעהמט מיך ניט אַריין צו אייך...

— איהר וועט בלייבען ביי מיר ביז וואַנען איהר וועט געפֿינען אַרבייט,—האָב איך דער אונגליקליכער פֿרוי געזאָגט.

און איך בין אַוועק איהר צוגרייטען אַ בעט צום שלאָפֿען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען בין איך אַריין זעהן, וואָס מיין גאַסט מאַכט.

אַז איך בין אַריינגעקומען צו איהר אין צימער, האָב אך זי געפֿונען אין איין העמד, טאַנצענדיג.

מען קען זיך משער זיין ווי ערשטוינט איך בין געוואָרען ביי דער סצענע.

ווען איך האָב זיך בעסער צוגעקוקט צו איהר, האָט זי זיך צולאַכט אויף׳ן קול.

— זי איז פֿעררוקט!—האָב איך זיך געטראַכט.

און ווירקליך, דיזע אונגליקליכע איז געווען אַביסעל אויסער׳ן זינען, נאָר אַזוי ווי זי איז בטבע געווען זעהר אַ גוטע, האָב איך זיך ענטשלאָסען זי צו האַלטען ביי מיר אין שטוב.

זי איז גאָר ניט געווען קיין פֿוילענצערין און האָט געאַרבייט דעם גאַנ-

צען טאָג, געקעהרט און געראַומט. זי האָט זעהר ליעב געהאַט די חיות און איז אַרומגעגאַנגען מיט צערטליכקייט אַרום מיינע הינט און מיינע קעץ.

אַזוי זיינען פאַרביי עטליכע מאָנאַטען.

די אָרעמע פאַרריקטע, וועלכע מיר האָבען אַ נאָמען געגעבען „פּעבע,” האָט זיך געמאַכט זעהר ניצליך אין שטוב. צייטענווייז פלעגט זי אַרומגעהן אַזוי ווי אויף אַן עולם התוהו און דאַן איז געווען שווער מיט איהר אויסצוקומען, נאָר מיר האָבען זיך געסטאַרעט צו זיין אַזוי גוט ווי נור מעגליך צו איהר.

אינזער געשפּרעך האָט זי ניט אָנגעהויבען פערשטעהן און ביי געוויסע ווערטער, גאַנץ געוועהנליכע ווערטער, דוכט זיך, פלעגט זי אַרויספּלאַצען מיט אַ געלעכטער.

זי האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט דערמאָנען קיין שום נאָמען און ניט קיין פיזיאָנאָמיע.

אַז מיר האָבען איהר אַמאָל איבערגעלאָזט אַליין אין הויז און ווען מיר האָבען איהר, צוריקקומענדיג, געפרעגט, צי אימיצער איז געווען זיך נאָכפרעגען אויף אונז, פלעגט זי תמיד ענטפערן:

— יאָ, אַ מאַן איז דאָ געווען.

— ווי הייסט ער?

— כ'ווייס ניט.

— ווי זעהט ער אויס?

— איך געדיינק ניט.

די אָרעמע פּעבע איז ווירקליך געווען פערריקט, און מיר האָבען געהאַט גרויס מיטלייד מיט איהר און זי בעהאַנדעלט, אַזוי ווי מען בעהאַנדעלט אַ קליין, שוואַך קינד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין יענער צייט האָבען די פראַנצויזישע שפּיאָנען, מיט דער הילף פון דער ענגלישער פאָליציי, אַרומגעזוכט פאָל רעקליו'ן, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אין לאָנדאָן.

די פעהיגסטע דעטעקטיווס האָבען ניט געקענט לייגען די האַנד אויף דיזען רעוואָלוציאָנער.

דאָך פלעגט פאָל רעקליו אָפט קומען אין איסט ראָליטש.

ער פלעגט קומען מיט'ן טראַמוויי און צוריקפאָהרען אויף דעם זעלבען וועג, זיך ניט בעהאַלטענדיג פאַר קיינעם.

איין אָוועגד, ווען ער איז נאָר וואָס געווען אַוועקגעגאַנגען, האָב איך פּלוצלינג דערהערט, ווי מען קלאַפּט ביי מיר אין טהיר.

ס'איז שוין געווען באַלד האַלבע נאַכט און איך האָב ניט ערוואַרטעט קיין שום בעזוך.

דאָך האָט מען געעפענט, ווייל קיינער האָט נאָך ניט אָנגעקלאַפּט אומזיסט אין מיין טהיר.

צוויי מענער זיינען אַריינגעקומען.

אויף זייער אָנבליק האָב איך גלייך דערקענט, אַז איך האָב דאָ צו טהאָן מיט שפּיאָנען.

— וואָס פֿערלאַנגט איהר, מיינע הערען?—האָב איך זיי געפֿרעגט מיט אַ שטריינגען טאָן.

אָט דער אויסדרוק „מיינע הערען" האָט זיי שטאַרק איבערראַשט.

זיי האָבען אַפּנים געמיינט, אַז אַזוי ווי איך האַלט זיי פֿאַר אַנאַרכיס-טען, וועל איך זיי מן הסתם רופֿען „גענאָסען".

אַ קורצע ווייל'ע האָבען זייביידע געשוויגען, דערנאָך האָט זיך איינער פֿון זיי אָבגערופֿען:

— מען האָט אונז געשיקט מיט אַ שליחות צו פּאָל רעקליו.

— וואָס זשע האָט עס צו טהאָן מיט מיר?—האָב איך געפֿרעגט.

— וואָס הייסט, די לאָנדאָנער קאַמעראַדען האָבען אונז געזאָגט, אַז ער איז דאָ.

— האָט מען אייך ניט ריכטיג געזאָגט.

— דאָך...

— ניטאָ קיין „דאָך", איך זאָג אייך, אַז פּאָל רעקליו איז ניטאָ דאָ.

די צוויי חברה-לייט האָבען זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע.

— ער איז דאָך אָבער געווען ביי אייך אַ פֿיער, פֿינף מאָל אין די לעצטע עטליכע טעג,—האָט זיך אָבגערופֿען איינער פֿון די שפּיאָנען.

איך האָב פֿערשטאַנען, אַז זיי ריידען ניט סתם אין דער וועלט אַריין, אַז איטיצער האָט זיי געמוזט איבערגעבען דאָס, וואָס זיי פּרעטענדירען צו-וויסען.

איך האָב זיי געוואָלט אויספּרואווען, האָב איך אַ ציה געטהאָן מיט די פּלייצעס און געזאָגט:

— מען האָט איינפֿאַך געמאַכט חוזק פֿון אייך.

נאָר די צוויי געהיים-פּאָליציסטען זיינען פֿינדעסטוועגען ניט אַוועק-געגאַנגען.

אַזוי ווי בערען אין אַ שטייג האָבען זיי זיך אַרומגעדרעהט אין קאָרי-דאָר, וואַרפֿענדיג פֿון צייט צו צייט אַ בליק אין עסס-שטוב אַריין.

ס'איז שוין געווען שפּעט, און אַזוי ווי איך האָב פֿערשטאַנען, אַז איך וועל ניט פּטור ווערן פֿון די צוויי פֿויגלען סיידען איך וועל זיי לאָזען דורכ-זוכען מיין הויז, האָב איך זיך אָבגערופֿען צו זיי:

— אויב איהר גלויבט מיר ניט, קענט איהר אַריינגעהן און זוכען.

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן פֿאַר חרפּה.

ווי נאַריש זיי זיינען געווען, האָבען זיי דאָך פֿערשטאַנען, אַז זיי זיינען דאָ מיאוס אַריינגעפֿאַלען.

זיי האָבען זיך ווי עס איז פֿערנייגט און זיינען אַרויסגעגאַנגען.

אַז זיי זיינען אַוועק, האָב איך גענומען קלעהרען וואָס דאָ איז פֿאָר־געקומען.

ווי אַזוי האָבען די שפּיאָנען געקענט וויסען, אַז רעקליו איז געוועזען ביי מיר אַ פֿיער, פֿינף מאָל?

דאָס איז געוועזען מערקווירדיג.

ס׳איז אונמעגליך געוועזען, אַז זיי זאָלען עס האָבען סתם אַזוי גע־טראָפֿען.

וואָרים דאָס איז געוועזען זיכער, אַז כאָטש זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז רעקליו איז געוועזען ביי מיר, האָבען זיי איהם אָבער ניט געזעהן.

ווען זיי זעהען איהם, וואָלטען זיי איהם געוויס אַרעסטירט.

דאָס אַלעס איז געוועזען מערקווירדיג. דאָ האָט זיכער אימיצער געמוזט עפּעס אויסגעבען. אָבער ווער?

איין זאַך איז זיכער געוועזען, אַז קיין איינציגער פֿון מיינע אינטימע פֿריינד האָט קיין איבעריג וואָרט ניט אויסגערעדט.

מיינע שכנים וויעדער, זיינען געוועזען ווייט פֿון מיר, און אַחוץ דעם זיי־נען זיי אַלע געוועזען ענגלענדער, וועלכע האָבען זיך גאָרנישט אימגעקוקט אויף מיר און האָבען אפילו ניט געוואוסט, צי ס׳איז דאָ אַ פֿאָל רעקליו אויף דער וועלט.

איך בין אַלזאָ געוועזען זעהר בעאונרוהיגט וועגען דעם.

אַזוי זיינען פֿערביי עטליכע טעג. איך האָב שוין גאָר געהאַט פֿערגע־סען דיזע געשיכטע מיט די צוויי שפּיאָנען. נאָר איין טאָג בעקום איך אַ בריעף פֿון אַ קאַמעראַד, וועלכער לאָזט מיר וויסען, אַז פֿאָל רעקליו וועט קומען צו מיר דעם זעלבען אָוועגד טאַקי.

איך האָב געהייסען, מען זאָל צוגרייטען נאַכטמאָהל פֿאַר איהם אויך, און איך בין אַראָבגעפֿאָהרען אין שטאָדט.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַביסעל ארומגעדרעהט אין די לאָנדאָנער גאַסען און איינגעקויפֿט איניגע נייטיגע זאַכען, האָב איך זיך שוין געלאָזט געהן צוריק, אום צו נעהמען דעם טראַמוויי נאָך איסט דאַליטש. מיט אַמאָל טרעף איך אָן רעקליו׳ן.

— אַה, גוטע לואיזע, — זאָגט ער — ווי גוט דאָס איז וואָס איך האָב אייך דאָ איצט געטראָפֿען, אום אייך צו זאָגען, אַז איך וועל היינט אָוועגד ניט קענען זיין ביי אייך. עטליכע קאַמעראַדען זיינען געוועזען ביי מיר און מיך איינגעלאַדען צו אַ פֿערזאַמלונג אין סאָהאָ סקוועער.

מיר האָבען נאָך גערעדט אַ פּאָר מינוט, דערנאָך בין איך אַוועקגע־פֿאָהרען אַהיים.

גלייך ווי איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, האָב איך געזאָגט:

— כ׳האָב זיך געטראָפֿען מיט רעקליו׳ן, ער קומט ניט היינט אָוועגד.

און דאָס איז געווען אַלעס.

אַרום זיבען אַזייגער האָבען מיר זיך אַוועקגעזעצט בײם טיש. דערנאָך, אַז מיר האָבען אָבגעגעסען, האָב איך זיך אנידערגעזעצט לייענען די צייטונג „טיימס".

שאַרלאָט אין איהר פּאָטער זײנען אַרויף שלאָפען, און איך בין געבליבען אַליין אין עסס־שטוב.

פּלוצלונג האָבען מײנע הינט אָנגעהויבען בילען.

איך האָב זיי געפּרואווט איינשטילען, נאָר וואָס מעהר איך האָב זיך געסטאַרעט, אַלץ שטאַרקער האָבען זיי געבולען.

כ׳איז קיין צווייפעל ניט געווען, אַז אימיצער האָט זיך געפונען בײם טהיר פון אונזער הויז.

כ׳האָב אַרונטערגעדרעהט דעם לאָמפּ און זיך צוגעהערט אַ ווײלע.

פון דער גאַס איז אַריינגעקומען אַ גערויש פון האַלב־פערדריקטע שטימען, אַ מורמלעריי.

איצט איז בײ מיר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז מענשען קלײבען זיך אַרום מײן טהיר.

כ׳האָב זיך אויפגעהויבען און בין אַרויס אין קאָרידאָר, וואָס האָט געפּהרט צו דער גאַס־טהיר.

דאָרט האָב איך אויסדריקליך געהערט פעבע׳ס שטימע.

— מאָסיע פּאָל רעקליו האָט געדאַרפט קומען היינט אָבענד, ווי איך האָב אײך צו וויסען געגעבען,—האָט זי געזאָגט.—ווייזט אויס, אַז ער האָט דערנאָך ה־טה געהאַט און אָבגעלייגט זײן בעזוך אויף אַן אַנדערס מאָל.

דערויף האָט איהר אַ מענער־שטימע געענטפערט:

— לאָזט אונז וויסען, ווען איהר וועט געוואָהר ווערן, אַז ער קומט.

— געוויס, — האָט זי געענטפערט — איהר מעגט זיך פערלאָזען אויף מיר...

און דערמיט האָט זיך געענדיגט זייער געשפּרעך.

איך האָב געלאָזט פעבע׳ן אַרויפגעהן צוריק אין איהר צימער און איהר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט יענע נאַכט.

איצט האָב איך געוואוסט, וועמען איך האָב אַריינגענומען צו מיר אין שטוב.

ווען איך העד אַליין ניט איהר שטימע, וואָלט איך עס גאָר ניט געקענט גלויבען. ס׳איז ווירקליך געווען אונגלויבליך, אַז אַ פרוי זאָל קענען שפּיעלען אַזאַ געמיינע ראָלע און אויף אַזאַ׳ן אופן בעצאָהלען פאַר אַל די זאָרגזאַמקייטען און די מוטערליכע פּפלעגע, וואָס איך און מיינע פריינד האָבען איהר געגעבען.

איין זאַך האָב איך איצט געוואָלט וויסען: ווער האָט עס אַריינגעשיקט דיזע פרוי צו מיר אין הויז.

איך בין אַרויף שלאָפֿען, נאָר איך האָב די גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט געקענט צומאַכען.

אויף מאָרגען, ווען פֿעבע איז אַריינגעקומען צו מיר אין צימער, האָט זי זיך געמאַכט „משוגע”, ווי איהר שטייגער איז געווען.

זי איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, געמאַכט אַלערליי משונה׳דיגע העוויות, איבערגעקעהרט שטוהלען, אומגעוואָרפֿען אַ טישעל און געפלאַפּעלט ווערטער אָהן אַ שום זינן.

פלוצלינג גיב איך איהר אַ פֿרעג:

— מיט ווען האָט איהר עס נעכטען ביינאַכט גערעדט?

פֿעבע האָט מיך אָנגעקוקט מיט תמ׳עוואַטע אויגען.

איך האָב ווידערהאָלט מיין פֿראַגע.

זי האָט געשוויגען אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— אַה, יאָ, כ׳האָב גערעדט נעכטען ביינאַכט; כ׳האָב זעהר פֿיעל גערעדט...

— מיט ווען?

— כ׳ווייס ניט,—האָט זי געענטפֿערט.

— וואָס הייסט, איהר ווייסט גאָר ניט?

— ניין.

— אַנו, דערמאָנט זיך אַקאָרשט.

די „משוגענע” האָט זיך כלומר׳שט פֿערטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זי אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, מורמלענדיג:

— כ׳קען זיך גאָרנישט דערמאָנען.

— אַ נס, וואָס איך האָב געהערט אַלעס וואָס מען האָט אייך געזאָגט...

פֿעבע איז געוואָרען רויט.

— יאָ,—האָב איך ווייטער געזאָגט,—כ׳האָב געהערט אייער גאַנצען געשפרעך און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז איהר זייט גאַנץ קלאָהר דאַן, ווען עס האַנדעלט זיך איבערצוגעבען דער פּאָליציי זאַכען וואָס טהוען זיך ביי מיר אין הויז...

זי איז געבליבען אַ פֿערציטערטע. זי האָט פֿערשטאַנען, אַז איך האָב אויסגעפֿונען די שרעקליכע ראָלע, וואָס זי האָט געשפיעלט דאָ ביי מיר אין שטוב. תחילת האָט זי נאָך געפרוואווט מאַכען משוגענע העוויות, טאָמער וועט עס איהר העלפֿען, אָבער איך האָב איהר געזאָגט;

— נאַ, זייט זיך בעסער מודה און זוכט מיך ניט צו פֿערפֿיהרען מיט אייערע שטיק; איך קען אייך שוין גוט. איך האָב אייך אַריינגענומען צו מיר אַלס אונגליקליכע און געטהאָן פֿאַר איך וואָס איך האָב נור געקענט, און אַלס בעלוינונג דערפֿאַר האָט איהר מיך פֿערקויפֿט... דאָס איז אַ שרעקליכע זאַך, און אויב ביי אייך איז נאָך געבליבען אַ פֿונק פֿון אָנשטענדיגקייט, האָט איהר זיך געדאַרפֿט שעהמען מיט אַזאַ מין ראָלע.

זעהענדיג, אַז זי קען מעהר גאָרניט בעהאַלטען, איז זי מיר געפֿאַלען צו די פֿיס און האָט געבעטען פֿערצייהונג.

— יאָ,—האָט זי געזאָגט — איך גיב צו, אַז דאָס וואָס איך האָב גע-טהאָן, איז געווען נידערטרעכטיג, אָבער איך האָב ווירקליך ניט געוואוסט, אַז איהר זייט אַזאַ גוטע, אַניט וואָלט איך זיך ענטזאַגט פֿון אַזאַ שמוציגער אַרבייט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זייט א שלעכטע פֿרוי, וועלכע האַלט אין איין קלעהרען פֿון פֿערברעכען און פֿון מערדערייען. מען האָט זאָגאַר געזאָגט, אַז איהר דערווערגט קליינע קינדערלאַך.

— אָבער ווער האָט עס אייך געזאָגט?

— הערין, וועלכע איך קען ניט.

— נאַ, איהר זאָגט ליגען.

— אָבער...

— איך זאָג אייך, אַז איהר ליגט... זאָגט מיר די נעהמען פֿון די, וועלכע האָבען אייך געשיקט אַהער.

פֿעבע האָט זיך געקווייגעלט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זי אַרויסגע-מורמעלט׃

— דאָס זיינען פֿראַנצויזען, וועלכע וואוינען אין ראַסעל סטריט.

— ווי הייסען זיי?

— ווייס איך ניט.

— אָבער איהר ווייסט דאָך אויף ריכטיג וואו זיי וואוינען?

— איך מיין, איך וואָלט דערקענט דאָס הויז.

— גוט,—האָב איך געזאָגט.

און איך בין אַרויס, נאָכדעם ווי איך האָב פֿערשלאָסען די „משוגע׳נע" אין צימער.

כ׳האָב פּשוט מורא געהאַט, זי זאָל ניט אַנטלויפֿען פֿון מיר.

— איך האָב אויף גיך אַוועקגעשיקט עטליכע בריעף צו איינינע קאַמע-ראַדען און איך האָב געוואַרט.

אַרום מיטאָג-צייט זיינען געקומען פֿיער פֿון זיי.

כ׳האָב זיי דערצעהלט אַלעס וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען און זיי זיינען געווען אין דער מיינונג, אַז מען מוז געוואָהר ווערען, ווער זיינען דאָס די שפּיאָנען פֿון קאַסעל סטריט.

מען האָט אַראָבגעבראַכט פֿעבע׳ן.

מיר האָבען איהר פֿון דאָס ניי גענומען אויף׳ן פֿערהער און אין אַ שטונדע אַרום זיינען מיר מיט איהר צוזאַמען אַריבערגעפֿאָהרען קיין לאָנדאָן.

ניט ווייט פֿון דער גאַס, וואו זי האָט אונז אָנגעדייטעט, האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט.

זי האָט בעטראַכט אַלע הייזער פֿון דער גאַס, איינס נאָך׳ס אַנדערע, דערנאָך האָט זי זיך אָבגעשטעלט לעבען אַ גרויסע געביידע פֿון רויטע ציגעל.

— איך מיין, אַז דאָס איז דאָ, — האָט זי זיך אָבגערופֿען.

— אויף וועלכען שטאָק וואוינען אייערע פֿריינד? — האָב איך איהר געפֿרעגט.

— אויף׳ן צווייטען, — האָט זי געענטפֿערט — נאָר לאָזט מיך אַיועק-געהן פֿון דאַנען, וואָרים אַז זיי וועלען מיך דערזעהן מיט אייך, קענען זיי מיך נאָך דער׳הרג׳ענען.

— גיין, — האָב איך געזאָגט, — איהר בלייבט מיט אונז.

— אָבער זיי קענען מיר נאָך אָנטהאָן גרויסע צרות...

— האָט קיין מורא נישט, מיר וועלען אייך בעשיצען.

אינאיינעם מיט מיינע פֿיער קאַמעראַדען אין מיט פֿעבע׳ן זיינען מיר אַרויף אויף אַ פֿינסטערע טרעפּ און מיר זיינען צוגעקומען צום צווייטען עטאַזש.

דאָרט זיינען געווען צוויי טהירען.

אין וועלכער האָבען מיר געזאָלט אָנקלאַפּען?

אונזער וועג ווייזערין האָט אונז אָנגעצייגט אויף דער טהיר רעכטס.

איינער פֿון אונזערע חברים האָט אַ שטאַרקען קלאַפּ געטהאָן אין דער הילצערנער טהיר.

מיר האָבען געהערט אַ גערויש פֿין שטימען, דערנאָך טריט, נאָר קיינער האָט ניט געעפֿענט די טהיר.

מיר האָבען אָנגעקלאַפּט אַ צווייטען מאָל, נאָר ווידער האָט מען ניט געענטפֿערט.

— זיי וועלען ניט עפֿענען, — האָט זיך איינער פֿין אונזערע קאַמעראַ-דען אָבגערופֿען גאַנץ שטיל.

— וואָס זשע טהוט מען פֿאָרט? — האָב איך געפֿרעגט.

— פֿאַרהאַן אַן עצה, — האָב איך גלייך נאָכדעם געזאָגט. — זאָלען צוויי פֿון אונז אַרונטערגעהן די טרעפּ, מאַכענדיג אַ טומעל מיט זייערע טריט. די, וואָס געפֿינען זיך אינעווייניג, וועלען מיינען, אַז מיר זיינען אַוועקגע-גאַנגען, וועלען זיי אפשר ניט מורא האָבען אַרויסצוגעהן.

דיזע עצה איז דורכגעפֿיהרט געוואָרען.

גאַנץ שטיל און געדולדיג זיינען מיר געשטאַנען אין אַ ווינקעל און געוואַרט די טהיר זאָל זיך עפֿענען.

ענדלך, אין צוויי שעה אַרום, האָבען מיר דערהערט אַ גערויש פֿון קייטען, מען האָט אָבגעריגעלט די טהיר און אַ מאַן איז אַרויס.

אַ דאַנק דער פֿינסטערניש, האָט ער אונז ניט געקענט בעמערקען.

מיר האָבען איהם געלאָזען אַרונטערגעהן די טרעפּ און מיר זיינען גלייך אַרונטער נאָך איהם.

ווי ער איז נור געווען אויף׳ן גאַס, האָט ער אַ רוף געטהאָן אַ קעב און איז פֿערשוואונדען.

איך האָב איבערגעלאָזט פֿעבע׳ן ביי די קאַמעראַדען אין די הענד און

איך מיט איינעם פֿון מיינע פֿריינד זיינען מיר ארייננעשפרונגען אין אַן אַנ דער קעב און זיך געלאָזט לויפֿען אין דערזעלבער ריכטונג, וואָס דער אונ-בעקאַנטער איז געפֿאָהרען.

ער איז דורכגעלאָפֿען פֿיעל גאַסען, ענדליך האָט ער זיך אָבגעשטעלט ביי „סקאָטלאַנד יארד".

מעהר האָבען מיר ניט געדאַרפֿט. מיר האָבען געוואוסט, מיט וועמען מיר האָבען דאָ צו טהאָן.

מיר האָבען זיך גלייך אומגעקעהרט צו ראַסעל סטריט. דאָרט זיינען מיר צוריק אַרויף אויף'ן צווייטען שטאָק פֿון דעם רויטען הויז און געוואַרט אויף אונזער חברה-מאַן.

דערווייל איז געוואָרען נאַכט, און ווי מען ווייסט, ציגרט מען אין אַסך לאָנדאָנער הייזער ניט קיין ליכט אויף די טרעפּ.

מיר זיינען אַלזאָ געזעסען זיכער, אַז קיינער וועט אונז ניט בעמערקען.

ענדליך איז דער מאַן, אויף וועמען מיר האָבען געוואַרט, צוריקגעקו-מען, און גראָד אין דער רגע, ווען ער האָט געוואָלט אויפֿשליסען זיין טהיר, האָבען זיך צוויי קאַמעראַדען אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם, איהם פֿערשטאָפּט דאָס מויל מיט אַ שטיק האָלץ, און ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער האָט זיך שטאַרק געראַנגעלט, האָט זיך אונז דאָך איינגעגעבען איהם אַרונטער-צושלעפּען אין גאַס.

אַ וואָגען איז פֿערבייגעפֿאָהרען. מיר האָבען אַהין אַריינגעוואָרפֿען אונזער אַרעסטאַנט און צוויי פֿון מיינע קאַמעראַדען האָבען זיך אַנידערגעזעצט לע-בען איהם.

— וואו פֿיהרט מען איהם? — האָט אַ פֿרעג געטהאָן איינער פֿון זיי.

— נאָך איסט דאָליטש, — האָב איך געענטפֿערט — איך קום גלייך נאָך אייך.

— אין אינאיינעם מיט מיינע אַנדערע צוויי חברים און מיט פֿעכע'ן האָבען מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַ וואָגען.

אין אַ שטונדע אַרום, אין מיין עסס צימער, איז דער אונבעקאַנטער גע-זעסען פֿאַר אונז, אַזוי ווי אַן אָנגעקלאָגטער פֿאַר אַ געריכט.

## VI

## אַביסעל שפּאַס מיט דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי.

איף מיר איז געפֿאַלען דער גורל צו פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון אַ פּאָרזיצענדען.

— אייער נאָמען? — האָב איך זיך געווענדעט צום שפּיאָן.

ער האָט מיר אָנגעקוקט און ניט געענטפֿערט קיין וואָרט.

— נאָ, ענטפֿערט דאָך.

— איך אַנערקען אייך ניט דאָס רעכט מיך אויסצופֿרעגן, — האָט ער זיך אָבגערופֿען.

— מיר נעהמען זיך אַליין דאָס דאָיגע רעכט,—האָב איך געענטפֿערט.

— און איך,—האָט דער אונבעקאַנטער געזאָגט—נעהם זיך דאָס רעכט ניט ענטפֿערן אויף אייערע פֿראַגען.

דער חברה-מאַן האָט, ווייזט אויס, אָבגעמאַכט ביי זיך ניט אונטערצו-געבען זיך אַזוי לייכט, און וויפֿיעל מען האָט איהם ניט אויסגעפֿערעגט, ער האָט גאָרנישט געוואָלט ענטפֿערן.

ס'איז אַלזאָ געבליבען איין עצה: איהם בעזוכען, פֿילייכט האָט ער עפּעס ביי זיך, וואָס זאָל אונז קענען צייגען ווי ער הייסט און מיט וואָס פֿאַר אַ סאָרט שפּיאָנעריי ער גיט זיך אָב.

איינער פֿון אינזערע קאַמעראַדען האָט אויסגעקעהרט די קעשענעס פֿון דעם אונבעקאַנטען און האָט אַרויסגענומען פֿון דאָרט אַ פּאַפּיר טאַש, פּיעלע בריעף און אַ רעוואָלווער.

מיר האָבען זיך גלייך גענומען צו די פּאַפּירען און מיר האָבען אויס-געפֿונען ווער דער בחור איז. צווישען אַנדערעס איז דאָרט געווען אַ קאַרטע מיט זיין נאָמען. ער האָט זיך גערופֿען „אַלעקסאַנדער ברינקאַר, אינספּעקטאָר פֿון דער געהיים-פּאָליציי“.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהם און איהם געזאָגט:

— איהר קענט אַלזאָ ניט אָבלייקענען אייער פּראָפֿעסיאָן.

ער האָט אַ ציה געטהאָן מיט די פּלייצעס און גאָרנישט געענטפֿערט.

צווישען די פּאַפּירען האָבען מיר אויך געפֿונען צוויי בריעף, איינעם פֿון דער פּאַריזער געהיים-פּאָליציי צו דיזען שפּיאָן, אין וועלכען ער איז אויפֿ-געפֿאָדערט געוואָרען מיך צו שפּיאָנירען, געוואָהר ווערן אַלעס וואָס איך טהו און איבערהויפּט ווער עס קומט אַריין צו מיר אין הויז. דער צווייטער בריעף איז געווען פֿון דעם שפּיאָן צו זיינע בעלי בתים, אין וועלכען ער האָט זיי געלאָזט וויסען פֿאָלגענדעס:

„לויט אייער אויפֿטראַג האָב איך די עהרע אייך מיטצוטהיילען, אַז אַזוי גיך ווי איך בין אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, האָב איך גלייך אויפֿגעזוכט לואיזע מישעל. איך האָב זיך באַלד גענומען איהר נאָכגעהן טריט ביי טריט און עס פֿרעהט מיך זעהר, וואָס איך קען אייך איבערגעבען, טאָג פֿאַר טאָג, שטונדע פֿאַר שטונדע, ווי אַזוי זי פֿערברייננגט איהר צייט.“

און ברינקאַר דערצעהלט ווייטער אין דעם בריעף אַלערליי ניט געשטוי-גענע און ניט געפֿלויגענע געשיכטען וועגען מיר און נאָך אַנדערע גענאָסען.

אַז איך האָב געענדיגט זיין בריעף, האָב איך זיך אָבגערופֿען צום שפּיאָן:

— ווייסט איהר, אַז איהר פֿערדיענט אוסר דאָס געלד, וואָס מען צאָהלט אייך פֿאַר אייער עקעלהאַפֿטער בעשעפֿטיגונג.

ברינקאַר האָט אַ נאַרישען שמייכעל געטהאָן.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבען דער פֿערהער. תחילת איז דער שפּיאָן געווען איינגע׳עקשן׳ט; ער האָט גאָרנישט געוואָלט ריידען. נאָר ענדליך איז אונז געלונגען אַרויסצוקריגען פֿון איהם אַלע וויכטיגע געהיימניסע. מיר האָבען איהם צוגעפֿגעבראַכט מיט דער „משוגע׳נער" פֿעבע, און ער האָט זיך אַלעס מודה געווען. ער האָט אונז אויך אויסגעזאָגט ווער זיינע צוויי חברים זיינען און וואו מען קען זיי געפֿינען.

דאָ האָט זיך מיר פֿערגלוסט אָבצוטהאָן דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי אַ שפּיצעל, אַז זי זאָל עס לאַנג האָבען צו געדיינקען. מיר האָבען אַוועקגע-זעצט ברינקאַר׳ן ביים שרייב-טיש און איהם געלאָזט אָנשרייבען פֿאָלגענדען בריעף צו דעם פּאַריזער פּאָליציי-פּרעפֿעקט:

„איך האָב די עהרע אייך מיטצוטהיילען, אַז לואיזע מישעל מיט נאָך דריי אַנאַרכיסטען האָבען פּלוצלינג פֿערלאָזען לאָנדאָן. זיי האָבען גענומען דעם צוג אין „טשערינג קראָס". איך האָב טעלעפֿאָנירט קיין דאָוור, און מען האָט מיר געענטפֿערט, אַז די אַנאַרכיסטען זיינען אָבגעפֿאָהרען פֿון דאָרט נאָך אָסטענד. ס׳איז קיין צווייפֿעל ניט, אַז לואיזע מישעל האָט ברעה זיך אַריינצושמוגלען קיין פֿראַנקרייך. פֿון די ידיעות, וואָס איך האָב צוגעפֿגע-קליבען, ציינט זיך אַרויס, אַז די רעוואָלוציאָנערקע אין איהרע קאַמעראַדען פֿיהרען מיט זיך עקספּלאָזיוו-שטאָפֿען. איך בין העכסט גליקליך, וואָס איך קען אייך געבען אָט די אַלע זעהר וויכטיגע נאַכריכטען."

דער שפּיאָן האָט אונטערגעשריבען זיין נאָמען אויף דיזען בריעף, וועל-כען מיר האָבען גלייך אָבגעשיקט קיין פּאַריז.

ס׳איז געווען צו ערוואַרטען, אַז ערהאַלטענדיג דיזען בעריכט, וועט זיך אין דער פּאַריזער פּאָליציי טהאָן חושך. מיר זיינען געווען זיכער, אַז מען וועט גלייך שיקען שפּיאָנען נאָך אָסטענד און מען וועט שטאַרק בעוואַכען די בעלגישע גרענעץ.

נאָר כדי דיזער שפּאַס זאָל אָנגענומען ווערן ערנסט, האָב איך געמאַכט אַזאַ פּלאַן: איך האָב פֿערלאָזען איסט דאָליטש און זיך אַריבערגעקליבען אין נאָרד לאָנדאָן ביי איינעם פֿון אונזערע גענאָסען אין הויז.

פֿערשטעהט זיך, אַז ברינקאָר׳ן האָבען מיר מיטגענומען מיט זיך, כדי ער זאָל ניט קענען דערוויל קאָרעספּאָנדירען מיט פּאַריז.

עס זיינען אַריבער אַכט טאָג.

איין פֿריה-מאָרגען האָבען מיר אין די ענגלישע צייטונגען געפֿונען פֿאָל-גענדע שטיקעל נייעס:

„לואיזע מישעל, די גרויסע רעוואָלוציאָנערין, „דהי רעד וואומען", ווי מיר רופֿען איהר דאָ, האָט פּלוצלינג פֿערלאָזען לאָנדאָן און איז אָבגעפֿאָהרען מיט עטליכע זעהר געפֿעהרליכע אַנאַרכיסטען.

„זיי זיינען אַוועק קיין אָסטענד און פֿון דאָרט וועלען זיי וואַהרשיינליך פּראָבירען זיך אַריינ׳גנב׳ענען אין פֿראַנקרייך."

מיר האָבען געמיינט לאַכען פֿון דיזע נייעס, נאָר דאָס וואָס האָט אונז נאָך מעהר אַמוזירט איז געווען אַן אַנדער ידיעה, וועלכע איז אין אַ פּאָר טעג אַרום ערשיענען אין די „דיילי ניוס". אָט וואָס דאָרט איז געשטאַנען:

„לואיזע מישעל, וועלכע האָט פֿערלאָזען ענגלאַנד אינאיינעם מיט עטליכע קאַמעראַדען איהרע, אום זיך אריינצושמוגלען קיין פֿראַנקרייך, איז אַרעסטירט געוואָרען אין דער בעלגישער שטאָדט גאַן.

„אום אָבצינאַרען די געהיים-פּאָליציי האָט זי זיך פֿערשטעלט אַלס מאַן, נאָר צוויי זעהר פֿעהיגע שפּיאָנען האָבען זי דאָך דערקענט און האָבען איהר אַרעסטירט.

„לואיזע מישעל מיט צוועלף פֿון איהרע קאַמעראַדען זיינען גלייך אָבגעפֿיהרט געוואָרען קיין פּאַריז. ווי מען זאָגט, האָט מען ביי זיי אין די זאַכען געפֿונען דריי געפֿעהרליכע באָמבעס."

איבערלעזענדיג די דאָזיגע נאַכריכט, האָבען מיר אַרויסגעשאָסען מיט אַ ווילדען געלעכטער, און ברינקאַר גופא איז געצוואונגען געווען מיטצולאַכען מיט אונז.

— — — — — — — — — — — — — — — —

גלייך נאָכדעם האָבען מיר זיך בעוויזען אין לאָנדאָן, און מען קען זיך משער זיין, ווי ערשטוינט עס זיינען געווען די, וועלכע האָבען געלייענט די נייעס אין „דיילי ניוס."

זיי האָבען גאָרניט געקענט גלויבען זייערע אייגענע אויגען.

אַז איך בין צוריקגעקומען אין איסט דאָליטש, איז מיין הויז בעלאַגערט געוואָרען פֿון רעפּאָרטערס פֿון אַלע ענגלישע צייטונגען; זיי האָבען אַלע געוואָלט וויסען, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען. איך האָב זיי ערקלעהרט, אַז די פֿראַנצויזישע פּאָליציי האָט איינפֿאַך פֿערלאָרען דעם קאָפּ.

בּרינקאַר האָט ערהאַלטען פֿינף טעלעגראַמען, איינע נאָך דער אַנדערער: דריי פֿון דעם מיניסטעריום פֿון אינערן און צוויי פֿון דער פּאַריזער פּאָליציי.

געענטפֿערט אויף די דעפּעשען האָב איך, און איהר מעגט זיכער זיין, אַז איך האָב די געשיכטע נאָך מעהר קאָמפּליצירט, און מען האָט דערפֿון ניט געקענט אַרויסקריכען.

אין פּאַריז האָט געהערשט אַן איינפֿאַכע צומישעניש, און די דאָרטיגע פּאָליציי האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, נאָר אַריבערצושיקען קיין לאָנדאָן אַ דורכגעטריבענעם שפּיאָן, אַ געוויסען הוליע, וועלכער האָט אָבער גאָרניט געקענט מאַכען, ווייל אָנשטאָט צו שפּיאָנירען די אַנאַרכיסטען האָבען די קאַמעראַדען אונזערע איהם פֿון אויג ניט אָבגעלאָזען, איהם נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט. ס'איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז הוליע'ן איז שטאַרק נמאס געוואָרען צו זיין אין לאָנדאָן און ער האָט זיך אָבגעטראָגען צוריק קיין פּאַריז.

פֿערשטעהט זיך, אַז אַוועקגעפֿאָרען איז דער שפּיאָן מלא רציחה, און ער האָט בעשלאָסען זיך נוקם צו זיין אָן די פֿערפֿלוכטע אַנאַרכיסטען.

אין אָזוענד האָט אין דער סיטי געפּלאַצט אַ באָמבע.

באַלד איז די ענגלישע פּאָליציי געוועזן אויף די פיס און דער שעף מעלוויל מיט זיינע דעטעקטיווס האָבען געמאַכט אָנפאַלען אויף אַלע קלובס אין פערזאַמלונגס-פּלעצער, וואו אַנאַרכיסטען האָבען זיך נור געפונען.

פיעלע פון אונזערע גענאָסען זיינען אין יענער צייט אַריינגעפאַלען צו דער פּאָליציי אין די הענד.

דיזער מעלוויל איז געוועזן אַ מערקווירדיגער חברה-מאַן. ער איז געוועזן איבעראַל, ביי אַלע גרויסע אָנפאַלען, און ער האָט זיך פערהאַלטען אַזוי קאַלט ווי מען קען זיך נור פאָרשטעלען, כאָטש זיינע בעפעהלען זיינען געוועזן ברוטאַל. איך האָב אַליין בייגעוואוינט אַן אָנפאַל, וואָס ער האָט געמאַכט אין „גראַפטאָן האָל". זיינע דעטעקטיווס האָבען דאַן אויף אַ גרויזאַמען אופן מיסהאַנדעלט אונזערע גענאָסען און ענדליך אַרעסטירט עטליכע פון זיי. מעלוויל איז זיך געשטאַנען רוהיג און האָט קאָמאַנדירט. אַז אַלעס איז געוועזן צו ענדע, האָט ער זיך געווענדעט צו די פערזאַמעלטע, האָט זיי בעגריסט און געזאָגט:

— אויף ווידערזעהן, מיינע הערען!

און דערמיט איז ער אַרויס פון האָל.

איך וועל נאָך שפּעטער האָבען אַ געלעגענהייט צו ריידען וועגען דיזען שעף, מיט וועמען איך האָב געהאַט אַ שעהן ביסעל שפּאַס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען וועט געוויס זיין נייגיריג צו וויסען וואָס איז געוואָרען מיט דעם שפּיאָן ברינקאַר.

פערשטעהט זיך, אַז נאָך דער געשיכטע מיט דער פּאַריזער פּאָליציי האָט ער ביי איהר אין די אויגען פערלאָרען דעם גאַנצען צוטרוי, און אין אַ שעהנעם פריה מאָרגען האָט ער געקראָגען אַ ידיעה, אַז ער איז ענטזאַגט פון זיין שטעלע, און אום זיך נוקם צו זיין און זיינע „ברויט-געבער", האָט ער אונז אויסגעגעבען אַסך געהיימניסע, וועלכע זיינען אונז שטאַרק צוניץ געקומען.

## VII.

## מיין שולע אין די וועסט ענד.

איין פרימאָרגען איז צו מיר אין איסט דאַליטש געקומען אַ מאַן מיט'ן נאָמען קיבלאָן, אַ פראַנצויז, וועלכער האָט מיר געמאַכט פאָלגענדען פאָרשלאָג:

— די יונגע פראַנצויזינען, די קינדער פון די קאַמעראַדען, וועלכע וואוינען אין לאָנדאָן, האָבען ניט קיין שולע. זיי זיינען געצוואונגען צו געהן אין די ענגלישע שולען, וואו זיי לערנען כמעט גאָרנישט. איך האָב אַלזאָ אַ פּלאַן צו עפענען אַ שולע אין לאָנדאָן. ווילט איהר מיר זיין בעהילפיג אין דעם?

— עס ווענדט זיך אויף וואָס פֿאַר בעדינגונגען.

— איהר וועט האָבען די פֿולע פֿערוואַלטונג פֿון דער שולע, וואָס מיר וועלען גרינדען, אין אייערע הענד.

— אויף אַזאַ׳ן אופן נעהם איך עס אָן.

אין עטליכע וואָכען אַרום האָבען מיר זיך איינגעאָרדענט אין אַ הויז, ניט ווייט פון שאַרלאָט כטריט, און מיר האָבען אָנגעפֿאַנגען אונזער אַרבייט.

קובלאָן איז געווען זעהר טהעטיג.

וואָס מיר אַנבעלאַנגט, קען מען זיך משער זיין, ווי גליקליך איך האָב זיך געפֿיהלט, וואָס איך האָב זיך פֿון דאָס נייע געקענט אָבגעבען מיט מיין אַלטער, בעליעבטער בעשעפֿטיגונג. אַז איך פֿלעג אַריינקומען אין קלאַס און דערזעהן פֿאַר מיינע אויגען אָט די אַלע ברונעטע און בלאָנדע קעפּלאַך פֿון מיינע שילערקעס, האָב איך זיך דערמאָנט אָן יענע גליקליכע טעג מיינע פֿאַר דער פּאַריזער קאָמונע.

אַ שטיק צייט איז מיין שולע אָנגעגאַנגען אויסגעצייכענט. מיינע שילער־קעס האָבען זיך פֿון טאָג צו טאָג פֿערמעהרט, און איך האָב זיך געפֿיהלט זעהר צופֿריעדען.

מיט אַמאָל האָב איך אָנגעהויבען בעמערקען, אַז מען דרעהט זיך עפּעס צופּיעל אַרום מיין הויז... אָבער איך בין שוין אַזוי צוגעוועהנט צו די שפּיאָ־נעריי פֿון דער פּאָליציי, אַז איך האָב זיך גאָרניט אומגעקוקט דערויף.

איך האָב געמיינט, אַז די געהיים־פּאָליציסטען שפּיאַנירען דאָס נאָך עטליכע עלטערן פֿון מיינע שילערקעס, וועלכע פֿלעגען אָפֿט קומען אָבוואַר־טען זייערע קינדער ביים אַרויסגעהן פֿון שולע.

איין טאָג, ווען איך בין צוריקגעקומען פֿון גאַס, בין איך ערשטוינט געוואָרען צו געפֿינען די פּאָליציי, וועלכע האָט געהאַלטען אין מאַכען אַן אָביסק ביי מיר אין שולע.

איך בין גלייך צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די פּאָליציסטען, וועלכער האָט אויסגעזעהן צו זיין זייער שעף, און האָב איהם געפֿרעגט, וואָס ער טהוט דאָ.

— איך האָב אַ בעפֿעהל צו מאַכען אַ הויז־זוכונג ביי אייך, — האָט ער געענטפֿערט — און איך טהו מיין פֿליכט.

איך האָב פּרובירט פּראָטעסטירען, נאָר ס׳האָט מיר גאָרנישט געהאָלפֿען.

זיי האָבען אויסגענישטערט אַלע צימערן פֿון הויז און האָבען גאָרניט געפֿונען.

— איהר זעהט אַלזאָ, — האָב איך זיי געזאָגט, — אַז אייער בעזוך איז געווען אַבסאָלוט נוצלאָז.

דער שעף האָט גאָר ניט געענטפֿערט, נאָר מיט אַמאָל רופֿט ער זיך אָב צו זיינע לייט:

— אַה! מיר האָבען שיער, שיער ניט פֿערגעסען דעם קעלער.

ער האָט אָנגעצונדען אַ לעמפּעל און איז אַראָב אונטען.

פּליצלונג האָב איך דערהערט קולות און געשריען.
די פּאָליציסטען זיינען ארויפגעקומען צוריק.
איינער פון זיי האָט געהאַלטען אין די הענד אַ מין שאַכטעל פון אייזען.
ס'האָט אויסגעזעהן, אַז דאָס איז אַ באָמבע.
תהילה האָב איך ניט געוואָלט גלויבען, נאָר אַז מען האָט מיר געוויזען,
אַז דאָס שאַכטעל איז פול מיט פולווער, האָב איך זיך געמוזט איבערצייגען,
אַז דאָס איז ווירקליך אַ באָמבע.
ווער האָט עס געקענט איינקלייגען ביי מיר אין קעלער?
אַז דער, וואָס האָט עס געטהאָן, האָט געהאַט דעם צוועק, מיך צו
קאָמפּראָמיטירען, איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט געווען. און עס האָט זיך
איהם ווירקליך איינגעגעבען.
מען האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות מיט מיר; שוין אויף מאָרגען
איז מיין שולע צוגעמאַכט געוואָרען.
אַ צורודערטע בין איך אַוועק צוריק צו מיר אַהיים, אין איסט דאַליטש.
ס'איז ניטאָ קיין ערגערע זאַך אויף דער וועלט איידער זיך צו פיהלען
אַרומגערינגעלט פון שונאים און ניט וויסען ווער זיי זיינען און וואָס זיי זיינען
אויסען.
מיין קאָפּ איז פול געווען מיט די מערקווירדיגסטע השערות און איך
האָב חושד געווען אַלערלעי מענשען, וועלכע האָבען ניט אָנגעהויבען וויסען
פון דער גאַנצער געשיכטע.
איין זאַך איז מיר געווען קלאָהר, אַז געטהאָן האָט עס איינער, וועמען
איך האָב געמוזט קענען, ווייל מען פלעגט ניט אַריינגעהן אַזוי לייכט צו מיר.
די צייטונגען זיינען, פערשטעהט זיך, געווען פול מיט דער באָמבע, און
אַ פּאָר פון זיי האָבען דערצעהלט, אַז איך האָב מיינע שילערקעס געגעבען
לעקציעס וועגען אַנאַרכיע און האָב זיי געלערנט ווי אַזוי צו מאַכען באָמבעס.
ס'איז געווען נאַריש און ווילד גענוג, אָבער וואָס האָב איך געקענט
ענטפערן דערויף?
אַרעסטירט האָט מען מיך ניט, נאָר מען האָט מיך עטליכע מאָל גערו-
פען אין געריכט און מיך גענומען אויף'ן פערהער, נאָר די ריכטער האָבען
געמוזט איינזעהן, אַז איך ווייס אַזויפיעל וועגען דער באָמבע, ווי זיי אַליין.
פון יענעם טאָג אָן האָב איך זיך פאָרגענומען זיך צו היטען פאַר פער-
דעכטיגע לייט. נאָר דאָס איז בלויז געווען אַ מאָמענטאַנער בעשלוס. באַלד
איז דאָס מיר אַרויס פון זינען און איך האָב זיך איפגעהערט היטען.
אָט אַזאַ כאַראַקטער האָב איך שוין.
איך האָב קיינמאָל ניט געקענט לעבען אין אַן אַטמאָספערע פון צופיעל
פאָרזיכטיגקייט, פון אַ שטענדיגען היטען זיך.
מיינע פריינד פלעגען מיר אָפט וואָרענען, נאָר איך פלעג זיי ענטפערן
מיט אַ שמייכעל:

— רק איהר זעהט שפּיאָנען איבעראַל; איך פֿערזיכער איך, אַז איהר נאַרט זיך אָב.

— איהר וועט שוין זעהן... — פּלעגען זיי ענטפֿערן. — עס וועט זיך אונז נאָך אַמאָל מאַכען אַ צרה דורך אייער אָפּטימיזם ..

און איך מוז צוגעבען, אַז די ווייטערדיגע פּאַסירונגען האָבען מיך גע-צוואונגען צו ענדערן מיין טאַקטיק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל, אין אַ ווינטער-אָוועגד, האָט מען אָנגעקלאַפּט ביי מיר אין טיהר.

איך בין געגאַנגען עפֿענען און איך האָב דערזעהן פֿאַר מיר צוויי פֿער-זאָנען, וועמען איך פֿלעג אָפֿט טרעפֿען ביי אונז אויף די פֿערזאַמלונגען.

איך האָב ניט געוואוסט אויף ריכטיג ווער זיי זיינען, נאָר איך האָב ווירקליך ניט געהאַט קיין שום אורזאַכע מורא צו האָבען פֿאַר זיי.

כ׳האָב זיי אַלזאָ אַריינגעפֿיהרט צו מיר אין עסס-צימער און זיי געפֿרעגט וואָס זיי האָבען צו זאָגען.

— מיין גוטע לואיזע, — האָט זיך אָבגערופֿען איינער פֿון זיי — זעהר אונאָנגענעהמע זאַכען קומען איצט פֿאָר אין לאָנדאָן פֿאַר אונזערע גענאָסען.

— וואָס פֿאָרט? — האָב איך געפֿרעגט.

— פֿיעלע קאַמעראַדען זיינען אַרעסטירט געוואָרען.

— וואו דען? — האָב איך געפרעגט.

— אַרום סאָהאָ סקווער.

— און פֿאַרוואָס האָט מען זיי אַרעסטירט?

— וואָס ווייס איך? אַליין וואָס איך קען אייך זאָגען איז, אַז די אַנאַר-כיסטען ווערן איצט געיאָגט אויף אַ מורא׳דיגען אופן. זייט מען האָט געפֿונען די באָמבע ביי אייך אין שולע, האַלט מען אונז אין איין פֿערפֿאָלגען; מען לאָזט אונז ניט אָטהעמען... „סקאָטלאַנד יארד" האָט אַרויסגעשיקט איהרע בעסטע שפּיאָנען און יעדען טאָג מאַכט מען אָביסקעס ביי אַלע אונזערע קאַמעראַדען אין די וואוינונגען. ווי איך האָב געהערט, גרייט זיך די פּאָליציי אויך צו מאַכען אָביסק ביי אייך אין הויז... מען זאָגט זאָגאַר, אַז איהר וועט אַרעסטירט ווערן.

— איז אויך פֿערפֿאַלען, — האָב איך זיך אָבגערופֿען.

— אָבער בערעכענט זיך פֿונדעסטוועגען, מען וועט אייך אַריינזעצען ערגעץ אין אַ מורא׳דיגען געפֿענגניס, און אין ענגלאַנד, ווייסט איהר דאָך, קען מען זיך ניט אַזוי לייכט בעפֿרייען פֿון תפיסה...

— איך ווייס עס, — האָב איך געענטפֿערט — אָבער וואָס קען איך דען טהאָן דערצו?

— מיר זיינען געקומען אייך פֿאָרלייגען אַ פּלאַן.

— דהיינו?

— אָט וואָס: אין אַ שטונדע אָדער העכסטענס צוויי וועלען די דעטעק-טיווס קומען... זיי טהאָרען אייך דאָ ניט געפֿינען.

— איהר ווילט איך זאָל אַנטלויפֿען? קיינמאָל אין לעבען ניט!
— אָבער...
— הערט אויס, איהר וואַרפֿט אַרויס רייד אומזיסט. איך וועל בלייבען דאָ, און אויב מען וועט מיך אַרעסטירען, נו, איז אויך פֿערפֿאַלען!
— זאָל זיין אַזוי,—האָבען זיי געענטפֿערט,—יעדענפֿאַלס, גיט אַכטונג.
מיר האָבען נאָך גערעדט אַ ווײַלע, דערנאָך זיינען די צוויי מענער אַוועק.
מיט אַ געוויסער אונרוהיגקייט האָב איך ערוואַרטעט די פּאָליציי, אָבער קיינער איז ניט געקומען.
אַכט טעג זיינען פֿערביי און ס'איז קיין שום אויסערגעוועהנליכעס ניט געשעהן.
ענדליך בין איך דורך אַ פּאָר איבערגעבענע קאַמעראַדען דערגאַנגען, וואָס דאָ האָט זיך געפּלאַנעוועט.
די צוויי חברה לייט, וועלכע זיינען געקומען צו מיר מיט אַ בעזוך, זיינען געווען איינגעשטעלטע שפּיאָנען, און זייער צוועק איז געווען פֿאָלגענדער: מיך אַוועקשיקען פֿון הויז, כדי צו קענען לייגען די האַנד אויף מיינע פּאַפּירען.
ס'איז געווען גאָרניט קיין שלעכטער פּלאַן, נאָר ער האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען.

## VIII.

## נאָך די פּאַריזער אַטענטאַטען.

ניט קוקענדיג אויף די פֿערפֿאָלגונגען, וואָס מיר האָבען געהאַט אויסצושטעהן פֿון דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי מיט דער הילף פֿון סקאָטלאַנד יאַרד, האָבען מיר פֿונדעסטוועגען פֿאָרטגעזעצט אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ. אונזערע פֿערזאַמלונגען און פֿאָרטרעגע זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען רעגעלמעסיג אין גראַפֿטאָן האָל און אין דעם אויטאָנאָמיע קלוב, און אַ שטיק צייט האָבען אונזערע אידעען אַרויסגערופֿען אַ געוויסען אינטערעס זאָגאַר אין די הויכע קרייזען. פֿערשטעהט זיך, אַז דאָס איז געווען מעהר נייגיעריגקייט אײדער אמת'ער אינטערעס.
איינמאָל האָב איך ערהאַלטען אַזאַ מין בריעף:
„מאַדאַם לואיזע מישעל איז איינגעלאַדען צו קומען האַלטען אַ פֿאָרטראַג איבער איהרע אידעען ביי מיסיס רעמינגטאָן, קלערענס טעראַס, זי ווערט ערוואַרטעט מאָרגען אַרום 8 אַזייגער אין אָוענד. אַ סומע פֿון צעהן פֿונט שטערלינג וועט איהר געגעבען ווערען פֿאַר איהרע הוצאות."
איך האָב איינפֿאַך געענטפֿערט מיסיס רעמינגטאָן, אַז אויב זי וויל באמת הערען מיינעם אַ פֿאָרטראַג איבער די אַנאַרכיסטישע אידעען, דאַרף זי בלויז זיך מטריח זיין און קומען אַן אָוענד אין גראַפֿטאָן האָל און דאָרט

וועט זי פֿאַר דער בעשײדענער סומע פֿון איין 6 פענס קענען האָבען דאָסזעלבע אויף וואָס זי איז גרייט אויסצוגעבען 10 פֿונט.

מיסיס רעמינגטאָן איז אפילו ניט געקומען, נאָר דערפֿאַר האָט געטראָ־פֿען, אַז אַנדערע ומיטגליעדער פֿון דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע האָבען צייטענווייז בעזוכט אונזערע פֿערזאַמלונגען.

אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז לאָרד ווינטשעסטער מיט אַ פּאָר פֿון זיינע פֿריינד זיינען איין אָוועגד אַראָבגעפֿאַלען אין דעם אויטאָנאָמיע-קלוב גראָד דאַן, ווען איך האָב גערעדט.

דער ענגלישער לאָרד האָט מיר אויסגעהערט מיט אייפֿמערקזאַמקייט, און אַז איך האָב געענדיגט, איז ער צוגעקומען צו מיר און האָט מיר געזאָגט:

— אייערע טהעאָריען זיינען אויסגעצייכענט און איך וואָלט מיט פֿער־גניגען צוגעשטימט צו זיי, ווען עס וואָלט נאָר מעגליך געווען, זיי צו פֿער־ווירקליכען. צום אונגליק אָבער איז אָט די נייע מענשהייט, דיזע ברידער־ליכקייט, דיזע אַלוועלטליכע אחרות,—דאָס אַלעס איז דאָך בלויז אַן אוטאָפיע.

איך האָב געפרואווט איבערצייגען דעם לאָרד, אַז ער האָט אַ טעות, אַז אונזערע אידעען זיינען גאָרניט אַזוי אונרעאַליזירבאַר ווי ער דיינקט, נאָר ער האָט גאָרניט געוואָלט הערען. און אַזוי ווי ס'איז מיר ווינציג וואָס גע־גאַנגען אין לעבען צו געווינען אַן ענגלישען לאָרד אויף מיין זייט, האָב איך מיט איהם קיין סך טענות ניט פֿערפֿיהרט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די פֿראַנצויזישע געהיים-פּאָליציי האָט געהאַלטען אין איין אַריבער־שיקען שפּיאָנען קיין לאָנדאָן, אַכטונג צו געבען אויף די אַנאַרכיסטען.

איין פֿריה-מאָרגען האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז דריי געהיים-פּאָלי־ציסטען זיינען אָנגעקומען פֿון פּאַריז און זיינען אַריינגעפֿאָהרען אין איינעם פֿון די רייכסטע לאָנדאָנער האָטעלען.

בעגלייט האָט זיי אַ שפּיאָן, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען פֿאַר אַ גאַנצען קנאַקער. ער האָט איינגערעדט זיינע בעלי בתים, אַז ער קען אַ־לע אויסלענדישע אַנאַרכיסטען אין לאָנדאָן. אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט ער קיינעם אויף'ן פנים ניט געקענט. דאָס איז געווען אַ גרויסע בהמה, און אַ פּאָר קאַמעראַדען אונזערע האָט זיך איינגעגעבען איהם אַרומצופֿיהרען ביים נאָז און ענדליך האָבען זיי איהם מיט חרפה פֿערטריבען פֿון לאָנדאָן.

גלייך ווי ער איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן האָבען זיי אין אַ קאַפֿע-הויז געשלאָסען מיט איהם בעקאַנטשאַפֿט. פֿערשטעהט זיך, אַז ער האָט זיך באַלד נאָכגעפֿרעגט ביי זיי, צו זיי קענען ניט עטליכע בעריהמטע אַנאַרכיסטען. זיי האָבען איהם ערקלעהרט, אַז זיי קענען איהם ווייזען כמעט אַלע „געפֿעהר־ליכע" אַנאַרכיסטען, וואָס געפֿינען זיך אין לאָנדאָן. זיי האָבען איהם אַרום געפֿיהרט אין גרויסאַרטיגע ביער-הייזער פֿון די וועסט ענד און זיי האָבען איהם אָנגעציינגט אויף פֿערשידענע פֿון די אַניועזענדע, איינרייידענדיג, אַז

דאָס זיינען די בעריהמטע אַנאַרכיסטען מאַלאַטעסטאַ, פּאַרמעדזשיאַני, מאַטהאַ און נאָך אַנדערע...

דער נאַרישער שפּיאָן האָט פּערצייכענט די נעמען און זיך געפּרעהט מיט דעם אוצר, וואָס ער האָט ביי זיך אין די הענד. ס'איז איהם גאָרניט איינגעפאַלען, אַז דיזע אַנאַרכיסטען, וועמעס נעמען ער האָט פערשריבען ביי זיך אין ביכעל, קומען קיינמאָל ניט אין דיזע פּלעצער...

נאָר איינמאָל האָבען איהם די קאַמעראַדען אָבגעטהאָן אויף אַ גרויס-אַרטיגען שטייגער.

זיך געפינענדיג מיט איהם צוזאַמען לעבען אַ קאַפּע-הויז אין פּיקאַדילי, איז פערבייגעגאַנגען אַ דזשענטעלמאַן, פיין געקליידעט. זיי האָבען דעם שפּיאָן איינגערעדט, אַז דאָס איז אַ געפעהרליכער אַנאַרכיסט, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון פראַנקרייך.

— אַזוי? — מאַכט ער, און ער נעהמט שטעלען פיס און געהט נאָך דעם אונבעקאַנטען. אין אַ שמאָלע געסעל האָבען זיי זיך צוזאַמענגעטראָפען. דער שפּיאָן האָט זיך גוט איינגעקוקט אין דעם מאַן און האָט געוואָלט אַוועקגעהן, נאָר יענער האָט איהם אָנגענומען פאַר'ן אָרים און איהם געהייסען מיטגעהן מיט איהם...

און ווייסט איהר ווער ס'איז געווען דער דזשענטעלמאַן, וועמען דער דומער געהיים-פּאָליציסט האָט אָנגענומען פאַר אַ געפעהרליכען אַנאַרכיסט? דאָס איז געווען דער טשיעף פון „סקאָטלאַנד יאַרד", מר. מעלוויל אַליין...

וואָס ווייטער איז געווען פערשטעהט מען דאָך. דער פראַנצויזישער שפּיאָן איז מעהר קיין טאָג ניט פערבליבען אין לאָנדאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר די ערגסטע צייט מיינע אין לאָנדאָן איז געווען דאַן, ווען אין פראַנקרייך זיינען פאָרגעקומען די בעריהמטע אַטענטאַטען פון ראַוואַשאָל, וואַיאַן, האַנרי און קאַזעריאָ. אַחוץ דאָס בושעווען פון די געהיים-פּאָליציסטען בין איך טאָג טעגליך בעלעסטיגט געוואָרען פון די פערשיעדענע רעפּאָרטערס און קאָרעספּאָנדענטען פון די פּאַריזער צייטונגען. די טהיר האָבען זיי מיר אָבגעקלאַפּט, איינער אַרויס און דער אַנדערער אַריין; און יעדער איינער וויל וויסען מיין מיינונג וועגען דעם און וועגען יענעם, און יעדער איינער רעדט אַזוי זיס און אַזוי פריינדליך, אַז מען מוז איהם ענטפערן. ווי דער שטייגער איז האָבען דיזע אונעהרליכע רעפּאָרטערס געמאַכט פון מיינעם אַ וואָרט — אַ קוואָרט. פינסטער פלעגט מיר ווערן אין די אויגען, ווען איך פלעג אויף מאָרגען קריגען די צייטונגען און לייענען „מיין" מיינונג איבער דיזע אָדער יענע פּאַסירונג. קיין איין זאַץ מיינער איז ניט געווען ריכטיג. אַלעס האָבען זיי איבערגעדרעהט מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף.

פערשטעהט זיך, אַז דאָס וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין פראַנקרייך האָט געמוזט האָבען אַ ווירקונג אויף דער לאַגע פון די קאַמעראַדען, וועלכע

האָבען זיך געפֿינען אין ענגלאַנד. מען האָט אָנגעהויבען קוקען אויף אונז מיט פֿערדעכטיגע, פֿיינדליכע אויגען. דערצו האָבען די שפּיאָנען געטהאָן אַלעס מעגליכע אונז צו קאָמפּראָמיטירען. פֿיעלע פֿון זיי האָבען זיך איינפֿאַך אויסגעגעבען פֿאַר אַנאַרכיסטען, האָבען אָבגעטהאָן אַלערליי נידערטרעכטיגקייטען אין נאָמען פֿון דעם אַנאַרכיזמוס. רעכענט מען נאָך צו די פּשוט׳ע גנבות און רויבערייען, וואָס זיינען דאָן בעגאַנגען געוואָרען פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע גנבים און רויבער, וועלכע האָבען זיך אין די געריכטס-הייזער אָנגעגעבען פֿאַר אַנאַרכיסטען, און מען קען זיך לייכט מאַכען אַ בעגריעף אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד מיר האָבען זיך דאַן געפֿונען.

אונגעפֿעהר אין יענער צייט האָט אין לאָנדאָן פּאַסירט אַ טרויעריגע געשיכטע, וועלכע איז ווערטה נאָטירט צו ווערן דאָ, ווייל זי האָט דאַן אַרויסגערופֿען אַ געוואַלדיגע אויפֿרעגונג צווישען דער בעפֿעלקערונג פֿון דער ענגלישער הויפּט-שטאָדט.

צווישען די אַנאַרכיסטען, וואָס האָבען זיך אויפֿגעהאַלטען אין לאָנדאָן, זיינען געווען צוויי ברידער מיט׳ן נאָמען בורדען.

דאָס זיינען געווען צוויי אויסגעצייכענטע, עהרליכע און איבערגעבענע יונגען, זיי זיינען געווען זעהר בעליעבט אין אונזערע גרופּען, פֿלעגען קומען צו אַלע פֿערזאַמלונגען און אָפֿט נעהמען דאָס וואָרט אין אונזערע דיסקוסיאָנען.

איין פֿריה-מאָרגען, ווען איך בין אויפֿגעשטאַנען, האָב איך געהערט אַ מורא׳דיגע נייעס.

דער אינגערער בורדען איז דער׳הרג׳עט געוואָרען אויף אַ שרעקליכען אופן.

מען האָט איהם געפֿונען אַ צוריסענעם ניט ווייט פֿון דעם אָבסערוואַטאָריום פֿון גריניטש.

פֿון די ערשטע ידיעות איבער דיזען פֿאַל האָט מען געקענט זעהן, אַז ער איז צוריסען געוואָרען פֿון אַ באָמבע, וואָס ער האָט געטראָגען אונטער זיינע קליידער.

די צייטונגען האָבען זיך אַוועקגעלאָזט מיט פֿערשיעדענע שוואַרצע בעשרייבונגען וועגען די אַנאַרכיסטען, וועגען דעם פֿאַל גופא האָבען זיי געמאַכט אַלערליי השערות. אַ טהייל פֿון זיי האָבען געשריבען, אַז בורדען האָט געהאַט בדעה צו וואַרפֿען די באָמבע אויף דעם אָבסערוואַטאָריום און אויפֿרייסען די געביידע. אַנדערע ווידער האָבען ערקלעהרט, אַז אַזוי ווי ער האָט געוואָלט פּטור ווערען פֿון דער באָמבע, וועלכע האָט איהם נאָך געקענט פֿערשאַפֿען צרות, האָט ער געוואָלט זי אַוועקוואַרפֿען ערגעץ-וואו אין גריניטש.

אָבער דאָס אַלעס זיינען בלויז געווען השערות, אויף וועלכע מען האָט ווינציג וואָס געקענט בויען.

וואָס מיר אַנבעלאַנגט, בין איך זיך מודה, אַז איך האָב ניט געוואוסט און איך ווייס נאָך איצט אויך ניט דעם מאָטיוו, וואָס האָט געטריבען דעם יונגען בורדען צו זיין פֿריה-צייטיגען שרעקליכען טויט.

ס'איז מערקווירדיג ווי איך בין אין יענער צייט געװען ארומגערינגעלט פֿון שפּיאָנערײ. איך האָב קײן טריט ניט געקענט מאַכען, ניט פֿערפֿאָלגט ערהײט.

איין טאָג בין איך מיט עטליכע קאַמעראַדען געפֿאָהרען קיין דזשערסי. מיר האָבען געװאָלט בעזוכען אַ קראַנקען גענאָסע, װעלכער האָט דאָרט גע-וואוינט. אַז מיר זיינען ארונטער פֿון שיף, איז אונז אַנטקעגען געקומען אַ פּאָליציי-בעאַמטער און האָט אונז מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— איהר וועט אַזוי גוט זיין נעהמען דאָס נעכסטע שיף און פֿאָהרען צוריק.

— פֿאַרוואָס עפּעס? — האָב איך געפֿרעגט.

— ווייל מיר ווי־ען דאָ ניט האָבען קיין אַנאַרכיסטען ביי אונז.

איך האָב זיך געמאַכט תם'עוואַטע.

— איהר האָט אַ טעות, — האָב איך זיך אָבגערופֿען — מיר זיינען ניט קיין אַנאַרכיסטען.

— אַזוי גאָר? זייט ווען איז דאָס געװאָרען, מאַדאַם לואיזע מישעל?— האָט מיר דער בעאַמטער אַ פֿרעג געטהאָן, נאָך אימער שמייכלענדיג.

איך האָב גלייך דערזעהן, אַז מ'ן האָט אַפֿריהער געמעלדעט אין דזשערסי, אַז מיר דאַרפֿען אָנקומען, און אַז עס איז אומזיסט זיך צו פֿערשטעלען. נאָך פֿיעל מיה איז מיר געלונגען צו פֿיעל'ן ביי דעם פּאָליציי-בעאַמטען, ער זאָל מיר לאָזען געהן געוואָהר וערין אונזער קראַנקען קאַמעראַד, מיט דער בע-דינגונג, פֿערשטעהט זיך, אַז איך זאָל זיך גלייך אומקעהרען און פֿאָהרען צוריק קיין לאָנדאָן.

מיינע פֿריינד האָט מען פֿערהאַלטען ביים האַפֿען.

דערווייל האָט זיך אין דזשערסי פֿערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך מיט מיינע קאַמעראַדען זיינען אַריבערגעקומען אַהין מיט באָמבעס און מיט געװעהר, און אונזער פּלאַן איז געװען, זיך אַריבערצוכאַפּען פֿון דאָרט קיין פֿראַנקרייך.

די פֿראַנצויזישע געהיים-פּאָליציי האָט ערקלעהרט, אַז זי האָט כלומר'שט געוואוסט פֿון אונזער „פּלאַן" און דערפֿאַר האָט זי אָנגעגרייט אַ מתנה פֿון שפּיאָנען אונז צו בעוואַכען...

— — — — — — — — — — — — — — —

אין יענער צייט איז צו מיר אין איסט דאַליטש געקומען אַן אַלטער קאַ-מעראַד מיט'ן נאָמען פּ. ער האָט געהאַט אַלע אורזאַכען זיך צו בעהאַלטען פֿון דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי, װעלכע איז געװען שטאַרק פֿערטראָטען אין ענגלאַנד, ווייל ער איז אַנטלאָפֿען פֿון דער שטראָף-אינזעל גיואַן, וואו ער איז געװען פֿערשיקט.

אויף מאָרגען נאָך זיין אָנקומען צו מיר האָב איך בעמערקט, ווי אַרום מיין הויז דרעהען זיך אַרום אַ פּאָר שפּיאָנען און דריי איינפֿאַכע פּאָליס-לייט. איך האָב גלייך פֿערשטאַנען וואָס זיי זוכען. ס'איז זיכער געװען, אַז

זיי וועלען בעוואַכען מיין הויז אַ פּאָר טעג, און אויב פּ. וועט ניט אַרויס-געהן, וועלען זיי זוכען אַריינצוקומען אינעווייניג און איהם אַרעסטירען.

וואָס טהוט מען? מיר האָבען זיך געהאַלטען אַן עצה און ס'איז כמעט ניט געווען קיין שום אויסוועג. ענדליך האָט פּ. אַליין געפונען אַ מיטעל. ער האָט געמאַכט אַ פּלאַן בייגאַכט אַריבערצוגעהן דורך'ן הויף צו מיין שכן אין הויז. דאָרט איז געשטאַנען אַ וואָגען אָנגעפּאַקט מיט גריגוואַרג. דיזער וואָ-גען איז גרייט אָבצופאָהרען קיין לאָנדאָן. ער האָט זיך אַלזאָ פּערשטעקט צווישען די קעפּלאַך קרויט און האָט זיך אויף אַזאַ'ן אופן אויסגעדרעהט פון דער פּאָליציי...

איך האָב שפּעטער געהערט פון איהם. ער געפינט זיך איצט אין אויס-טראַליען.

עטליכע טעג נאָכדעם ווי פּ. האָט זיך אויסגעדרעהט פון דער פּאָליציי'ס הענד, ווען די דעטעקטיווס האָבען פּערלאָרען די געדולד און ניט געוואָלט מעהר וואַרטען, האָבען זיי זיך ענטשלאָסען אַריינצוגעהן צו מיר אין הויז. אַזוי ווי זיי האָבען איהם ניט געזעהן אַרויסגעהן, זיינען זיי געווען זיכער, אַז ער איז ביי מיר.

דאָס איז געווען אַ פריה-מאָרגען, איך בין נאָך וואָס געהאַט אויפגע-שטאַנען, האָט מען אָנגעקלאַפּט ביי מיר אין טהיר. איך האָב געעפענט און צוויי הויכע ענגלישע דעטעקטיווס זיינען אַריין. זיי האָבען מיר געצייגט אַ פּאַפּיר און ערקלעהרט, אַז דאָס איז אַ בעפעהל צו אַרעסטירען דעם „מאַן", וועלכער געפינט זיך ביי מיר אין הויז. איך האָב געצויגען מיט די פּלייצעס און זיך געמאַכט, אַז איך ווייס ניט וואָס צו זאָגען. נאָך ניט קוקענדיג דע-רויף, האָבען זיי איבערגעקעהרט מיין שטוב קאַפּויער, געזוכט אין אַלע ווינ-קעלאַך און, פּערשטעהט זיך, קיינעם ניט געפונען. אַז זיי האָבען געענדיגט זייער וויסטע אַרבייט, האָב איך מיט אַ שמייכעל געפרעגט:

— מעג איך וויסען, וואָס איהר זוכט דאָ, מיינע העררן?

זיי האָבען מיר אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— וואָס מיר זוכען דאָ? — האָט זיך ענדליך אָבגערופען איינער פון זיי, — נישקשה, איהר ווייסט גאַנץ גוט וואָס מיר זוכען...

— ניין, איך הויב ניט אָן וויסען...

— מיר זוכען דעם מאַן, וואָס מען האָט בעמערקט ביי אייך דעם 18-טען פון דיזען מאָנאַט...

איך האָב אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

— יאָ, יאָ, — האָב איך געזאָגט — ס'איז אמת, אַז דיזער מאַן איז געווען ביי מיר דעם 18 טען פון דיזען מאָנאַט, נאָר אויף מאָרגען איז ער אַוועק פון דאַנען.

— וואָלטען מיר איהם דאָך בעמערקט ביים אַרויסגעהן...

— איך מיין עפּעס, אַז ניט... ער איז פֿערבייגעגאַנגען פֿערביי אייך און איהר האָט איהם ניט דערקענט.

— ס׳איז אונמעגליך.

— ער האָט זאָגאַר גערעדט מיט אייך...

— דאָס קען ניט זיין.

— יאָ, אום זיך אויסדרעהען פֿון אייערע הענד, האָט ער געפֿינען אַן איינפֿאַכען מיטעל: ער האָט זיך פֿערשטעלט פֿאַר אַ פּאָליסמאַן.

די צוויי שפּיאָנען האָבען מעהר קיין וואָרט ניט גערעדט און זיך גלייך אָבגעטראָגען.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען, ווי ענטטוישט זיי זיינען געבליבען. אין „סקאָטלאַנד יאַרד" האָט זיך איבערהויפּט געטהאָן חושך. מען האָט געמאַכט אַלערליי אינטערזוכונגען, מען האָט געוואָלט אויסגעפֿינען וועמעס שולד עס איז געוועזען, און ווי דער שטייגער איז האָט יעדער איינער געזוכט אַרויפֿצו-וואַרפֿען די שולד אויף׳ן אנדערן. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז איינער פֿון די פּאָליס-לייט, וועלכע האָבען בעוואַכט מיין הויז, האָט זיך איין אָווענד אָנגע׳-שכיר׳ט, איז ער געוועזען דאָס כפּרה הינדעל... מען האָט איהם בעשולדיגט, אַז דאָס האָט ער דאָס אַנטליהען מיין פֿריינד זיינע קליידער פֿון אַ פּאָליס-מאַן, אום זיך צו קענען רעטען. דער אָרעמער יונג האָט פֿערלאָרען זיין שטעלע אַלס „סאַרדזשענט" און מען האָט איהם אַריבערגעשיקט אַלס איינ-פֿאַכען פּאָליסמאַן אין אַן אַנדער געגענד פֿון לאָנדאָן.

## IX.

## ענגלישע רעקלאַמעס.

אַז דער ענגלענדער איז אַ בריה אויף רעקלאַמעס און אַז ער זוכט צו מאַכען געלד פֿון אַלצדינג — האָב איך פֿון לאַנג געוואוסט, נאָר דאָס זאָל געהן אַזוי ווייט, אַז מען זאָל וועלען מאַכען רעקלאַמע, אָדער, פּשוט גע-רעדט, געלד מיט מיר, האָב איך זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלען.

דאָך האָט מען עס פּרובירט.

איינמאָל איז צו מיר געקומען אַ פֿאָרשטעהער פֿון דער אַגענטור „קלאַרק" און האָט מיר געשטעלט פֿאָלגענדע פֿראַגע:

— וואָלט איהר געוואָלט אָנגעהמען אויף אַ געוויסע צייט אַ שטעלע אין אונזער אַגענטור. אויב יאָ, וויפֿיעל וואָלט איהר געוואָלט האָבען פּער טאָג?

— וואָס מיינט איהר דערמיט צו זאָגען? — האָב איך מיט ערשטוינונג געפֿרעגט.

— אָט וואָס... פֿיעל אויסלענדער, וועלכע קומען קיין לאָנדאָן, פֿרעגען זיך נאָך, וואו איהר וואוינט, און זיינען נייגיריג אייך צו זעהן, ריידען מיט

איך עטליכע מינוטען און איך פֿאַרלייגען זייערע וויזיט-קאַרטען, איהר זאָלט דערויף אָנשרייבען עטליכע ווערטער אַלס אָנדיינקען...

איך האָב אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

— מיין גוטער הערר, איהר האָט פֿערבלאָנדזשעט ניט אויף'ן ריכטיגען אָרט, — האָב איך איהם געענטפֿערט. — איך בין ניט צווישען די, וועלכע האָבען ליעב, אַז זייערע נעמען זאָלען אַרומגעטראָגען ווערען אין אַלע מיילער. די רעקלאַמע און איך זיינען פֿון תמיד אָן געוועזען צוויי שונאים... פֿיהרט אייערע געסט אויף טראַפֿאַלגאַר סקווער, אין בריטיש מוזעאום און אין די אַנדערע אינטערעסאַנטע פלעצער, וואָס געפֿינען זיך אין לאָנדאָן, נאָר מיך לאָזט צורוה.

דער פֿערטרעטער פֿון דער אַגענטור „קלאַרק" איז נעבעך אַוועק אַן ענטטוישטער.

אַז איך האָב דערצעהלט מיינע קאַמעראַדען וועגען דיזער קאָמישער געשיכטע, האָבען זיי זיך געקאַטשעט פֿון געלעכטער, נאָר אַ פּאָר פֿון זיי האָבען מיר אויסגערעדט פֿאַרוואָס איך האָב ניט אָנגענומען דעם פֿאָרשלאַג פֿון דער אַגענטור.

— איהר וואָלט אויף אַזאַ'ן אופן געקענט מאַכען פראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר אונזערע אידעען, — האָבען זיי גע'טענה'ט. — מען וואָלט זיך געקומען זעהן מיט אייך אַזוי ווי מען פֿאָהרט אויף „קבר אבות", און אויף די קאַרטען, וואָס זיי וואָלטען אייך פֿאָרגעלייגט, וואָלט איהר געקענט אָנשרייבען עטליכע גוטע אַנאַרכיסטישע פֿראַזען...

אָבער איך האָב זיי ערקלעהרט, אַז אַזאַ מין פראָפּאַגאַנדאַ איז גאָרניט ווערטה. איינצעלנע פֿראַזען און אָבגעריסענע ווערטער קענען נאָך ניט אי-בערצייגען מענשען אין דער וואַהרהייט פֿון אַ אידעע. מיר האָבען אַסך וויכ-טיגערעס צו טהאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר אָהן רעקלאַמעס האָב איך אָנגעהויבען ווערן שטאַרק בעקאַנט אין ענגלאַנד.

פֿערשטעהט זיך, אַז דאָס איז דער עיקר געוועזען נייגיריגקייט פֿון דעם עולם'ס זייט מען האָט מיר אַ נאָמען געגעבען „דהי רעד וואומאַן" (די רויטע פֿרוי), און די לאָנדאָנער האָבען געוואָלט קענען די דאָזיגע „ווילדע" פֿרוי, וועלכע ברענגט און בראָט און וויל חרוב מאַכען די גאַנצע וועלט...

אָפֿטמאָל, אין אַ זונטאָג, פֿלעגען זיך גאַנצע גרופּען פֿון פֿערבייגעהער אָבשטעלען לעבען מיין הויז און זיך אַריבערבויגען איבער דער וואַנד, כדי אַ קוק צו טהאָן אויף מיר.

מעהר איידער אַלעמען האָב איך מורא געהאַט פֿאַר די זשורנאַליסטען. מען קען זיך קוים מאַכען אַ בעגריעף, אויף וואָס פֿאַר אַ חוצפּה, אויף וואָס פֿאַר אַ קליינליכע רעקלאַמען-מאַכערייען אָט די ענגלישע רעפּאָרטערס זיינען פֿעהיג!

קוים האָבען זיי זיך נאָר אַריינגענומען אין קאָפּ זיך צו זעהן אָדער האָבען אַ געשפּרעך מיט וועמען עס איז, וועט ער זיך שוין פון זייערע הענד ניט אויסדרעהען.

אָט האָט איהר אַ פאַקט:

איינמאָל האָב איך געשיקט נאָך אַ בליי-אַרבייטער צו פערריכטען עטליכע רעהרען ביי מיר אין הויז אין איסט דאָליטש.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז געקומען אַ מאַן, וואָס האָט געטראָגען אַ לעדערן זעקעל מיט געצייג, ווי ס'איז דער שטייגער פון דעם סאָרט אַרבייטער.

איך האָב איהם געוויזען, וואָס ער דאַרף פערריכטען און בין געבליבען שטעהן לעבען איהם, אום צו זעהן, אויב ער האָט פערשטאַנען, וואָס איך האָב פערלאַנגט פון איהם.

נאָר ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב געזעהן, אַז דיזער ענגלישער בליי-אַרבייטער האָט זיך ניט געאיילט אָנצוהויבען זיין אַרבייט.

ער האָט געזעהן ניט קשה'דיג פראַנצויזיש, ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער האָט געאַרבייט אין פּאַריז, אַז ער איז פון פראַנצויזישער אָבשטאַמונג; הקיצור, אַ גאַנצען פּאַק מיט זאַכען, וועלכע האָבען מיך ניט אָנגעהויבען אינטערעסירען.

נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגענומען זיינע געצייג פון זעקעל, האָט ער אָנגעצונדען אַ קליין לעמפּעל מיט ספּירט, און נאָך אַ מער פּלאַפּלענדיג האָט ער זיך גענומען פערלייטען אַ צובראָכענע רעהר.

איך האָב בעמערקט, אַז דיזער אַרביטער איז גאָרניט געשיקט, נאָר איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסענדיג.

און אין דער צייט, וואָס ער האָט געלייט, אָדער זיך געמאַכט כלומר'שט לייטענדיג, האָט ער ניט אויפגעהערט ריידען.

ער האָט זיך גאָרניט געקענט גענוג אָבלויבען פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע איז אין זיין צייט געוועזען די בעסטע, פערשטעהט זיך. מיט אַמאָל הויבט ער מיר אָן שטעלען פראַגען וועגען דעם, ווי איך פאַס אויף די אידעאַלע געזעלשאַפט.

פערשטעהט זיך, אַז איך האָב געענטפערט. ווי דען האָב איך געקענט טהאָן?

פּלוצלינג האָט דער „בליי אַרבייטער" אַרויסגענומען פון זעקעל אַ קליין, פּיער-עקיג קעסטעלע, האָט עס צוגעשטעלט צו זיין אויג און אַ דריק געטהאָן.

— קלאַק...

ער האָט מיך אָבגעפאָטאָגראַפירט.

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב עס בעטראַכט פאַר צו חוצפה'דיג פון זיין זייט און איך האָב געוואָלט פּראָטעסטירען געגען דעם, נאָר דער „אַרבייטער" האָט זיך גלייך גענומען צונויפלייגען זיינע געצייג, און מיט אַ זעהר ליעבליכען טאָן האָט ער געזאָגט:

— מאַדאַם, ענטשולדיגט מיר וואָס איך האָב ניט געטהאָן די אַרבייט ווי עס בעדאַרף צו זיין. לאָמיך אייך זאָגען, אַז איך בין ניט קיין בליי-אַר-בייטער, נאָר אַ רעפּאָרטער פון „דיילי קראָניקל", און אַזוי ווי מיין רעדאַק-טאָר האָט זיך פערגלוסט האָבען אין אַ צייטונג אַ געשפּרעך מיט אייך, האָב איך זיך בענוצט מיט אַ טריק. איך האָב געוואוסט, אַז איהר האָט פיינט די אינטערוויוס, דערום האָב איך זיך געמוזט פערשטעלען אין דעם דאָזיגען אַרבייטער-קאָסטיום... נאָר האָט קיין מורא נישט, איך וועל אייך גלייך צו-שיקען אַ בליי-אַרבייטער. איהר ערלויבט דאָך מיר, פערצייכענען אַ פּאָר זאַכען אין מיין נאָטיץ ביכעל ?...

און נאָכדעם ווי ער האָט מיך בעגריסט מיט צערעמאָניע, איז ער זיך אַוועק זיין וועג.

אויף מאָרגען איז אין „דיילי קראָניקל" געוועןן אַ לאַנגער אַרטיקעל, וועלכער האָט געטראָגען פאָלגענדען טיטעל:

„ווי אַזוי איך האָב זיך פערשטעלט פאַר אַ בליי-אַרבייטער, כדי צו האָבען אַ געשפּרעך מיט דער „רוויטער פּרוי".

אַזוי ווי דער אַרטיקעל איז געוועןן ריכטיג און איבערהויפּט זעהר פעהיג אָנגעשריבען, האָב איך ניט געהאַט קיין אורזאַכע צו פּראָטעסטירען.

איבעריג צו זאָגען, אַז נאָך דיזען אינטערוויו, איז מיין הויז בעלאַגערט געוואָרען פון אַ מתנה כלומר׳שט „רעפּאָרטערס", נאָר אָן זייערע שיך און אָן זייערע שניפּסען האָב איך דערקענט, אַז דאָס זיינען שפּיאָנען.

איך ווייס ניט, צי האָט איהר עס בעמערקט: די געהיים פּאָליציסטען האָבען דורכשניטליך אונגעהייער גרויסע פיס און זיי געהען מיט איינגע, שטאַרק געפּאַסטע שיך, און קראַוואַטען טראָגען זיי פון אַלערליי קאָליערן פון רעגען-בויגען...

הענרי ראָשפּאָר האָט עס מיר אַמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, נאָר איך האָב זיך וווּנציג וואָס אומגעקוקט אויף זיין וואָרנונג. אָט אַזוי בין איך שוין... עפּעס גלויבט זיך מיר קיינמאָל ניט, אַז די מענשען זיינען אַזוי פערדאָרבען, ווי מען שטעלט זיי פאָר...

## X.

## אין בעלגיען.

צווישען די פערשיעדענע געשעהענישען, וועלכע האָבען זיך מיר גע-מאַכט אין משך פון מיין זיין אין לאָנדאָן, איז פאַרהאַן איינס, וואָס איך וויל ניט פערשווייגען, ווייל עס צייגט אָם בעסטען דעם גייסטעס צושטאַנד פון דער פראַנצויזישער פּאָליציי אַרום 1898-טען יאָהר.

איינער פון די קאַמעראַדען מיט׳ן נאָמען פּאָלטיע האָט מיך שטאַרק צו-געריעדט צו פאָהרען קיין אָסטענד, בעלגיען, האַלטען אַ פאָרטראָג.

אַ שטיק צייט האָב איך זיך אַלץ געקווינקעלט, נאָר ענדליך האָב איך בעשלאָסען אָנצונעהמען דעם פֿאָרשלאַג, און עס איז געבליבען מיר זאָלען צוואַמען פֿאָהרען קיין בעלגיען.

דאָס איז געווען אַ מאָנטאָג אין דערפֿריה, די וואָך פֿון פסח. מיר האָבען קיין כך פֿאָרבערייטונגען ניט געדאַרפֿט מאַכען, צונויפֿגעפּאַקט אַ פּאָר גייטיגע זאַכען און מיר זיינען אַוועק אויף׳ן וואָקזאַל.

אַז מיר זיינען אָנגעקומען אין וויקטאָריאַ סטיישיאָן, וואו מיר האָבען געדאַרפֿט נעהמען דעם צוג קיין דאָווער, האָבען מיר בעמערקט, אַז מען געהט אונז נאָך, נאָר מיר האָבען זיך ווינציג וואָס אומגעקוקט דערויף.

נאָר איין זאַך האָט יאָ צוגעצויגען אונזער אויפֿמערקזאַמקייט. מיר האָבען דערזעהן, ווי דער, וואָס איז אונז נאָכגעגאַנגען, אַ הויכער מאָגערער בחור מיט רויטע האָר, האָט פּלוצלינג אָנגעהויבען לויפֿען און אין אַ רגע איז ער פֿערשוואונדען פֿון אונזערע אויגען.

וואו איז ער געגאַנגען? פֿאַרוואָס האָט ער עס אונז עפּעס אַזוי פּלוצלינג פֿערלאָזען?

— ווער ווייס? — מאַכט פּאָלטיע — ער לויפֿט אַודאי זוכען הילף...

— אָדער געלד אויף אַ בילעט, — האָב איך מיט אַ געלעכטער בעמערקט.

— גאַנץ מעגליך...

דערווייל האָט מען פֿערמאַכט די טהירען פֿון די וואַגאָנען, און דער צוג איז געווען גרייט אָבצוגעהן.

גראָד אין דער רגע, וואָס דער צוג האָט זיך גענומען ריהרען, האָבען מיר בעמערקט ווי דער הויכער רויטער בחור איז געקומען צולויפֿען מיט אַ נידעריגער מאַן,ביידע פֿערסאָפּעטע.

— צו שפּעט! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן צו זיי, פֿאָכענדיג מיט מיין טיכעל.

ס׳איז ווירקליך געווען צו שפּעט, וואָרים ווען זיי זיינען צוגעקומען, איז שוין דער צוג געווען אַ היבשע שטרעקע פֿון זיי.

— אָט דאָס זיינען שלים-מזל׳ניקעס! — האָט זיך פּאָלטיע אָבגערופֿען.

— איך מיין אויך עפּעס אַזוי. אָט דער הויכער דאַרער בחור, וואָס זעהט אויס ווי אַ ד אָ ן ק י כ אָ ט וואָלט געמענט שכל האָבען זיך גלייך אַריינצוזעצען אין אַ וואַגאָן, אָנשטאָט צו לויפֿען זוכען זיין חבר.

— אָט אַפּנים ער קען ניט פֿאָהרען אָהן זיין ס אַ נ ט ש אָ...

מיר האָבען ביידע אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

אין אַ פּאָר שטונדען אַרום זיינען מיר אָנגעקומען קיין דאָווער. דאָרט האָבען מיר זיך אויפֿגעזעצט אויף׳ן שיף, וואָס האָט אונז געבראַכט קיין אָסטענד.

ביים האַפֿען האָט מען אונז אַ ווייכע פֿערהאַלטען, נאָר אַזוי ווי אונזערע

פאַפּירען זיינען געווען „אין אָרדנונג", מחמת איך בין ניט געפּאָהרען אויף מיין אייגענעם נאָמען נאָר אויף'ן נאָמען פון „דזשיין סטיוארד" האָט מען אונז דורכגעלאָזט.

פון שיף זיינען מיר גלייך אַוועק אין אַ קלוב, וואו די אָסטענדער גע-נאָסען פלעגען זיך צונויפקומען, און מיר האָבען אַראַנזשירט אַלעס, וואָס איז נייטיג געווען פאַר דעם פּאָרטראַג, וועלכער האָט געזאָלט געהאַלטען ווערן אין אָוועגד אין אַ גרויסען זאַאַל, לעבען פּאָרט.

די טהעמאַ פון מיין פּאָרטראַג איז תחילת געווען „די צוקינפטיגע אין די אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפט," נאָר נאָך אַ ישיב הדעת האָבען די בעל-גישע גענאָסען מיך געבעטען, איך זאָל זי ענדערן, און איך האָב בעשלאָסען צו ריידען איבער די „אוניווערזעלע האַרמאָניע."

נאָר אין אָווענד, אַז איך בין צוגעקומען צום זאַאַל, בין איך ערשטוינט געוואָרען צו געפינען אַלע טהירען פערמאַכט און בעוואַכט פון פּאָליציסטען, וועלכע האָבען פונאַנדערגעטריבען די אונגעהייערע מאַסע, וואָס איז מיך געקומען הערען.

אויף די ווענד האָב איך בעמערקט ווייסע פּלאַקאַרדען, אויף וועלכע מען האָט געקענט לייענען פאָלגענדע ווערטער: „כדי די רוה זאָל ניט גע-שטערט ווערן, איז דער פּאָרטראַג פון לואיזע מישעל פערבאָטען געוואָרען."

— ווייניגסטענס האָט מען דאָך מיר געראַפּט לאָזען וויסען פריהער, — האָב איך געזאָגט צו איינעם פון די פּאָליציי-לייט.

— געהט זיך אייער וועג, — האָט ער מיר געענטפערט.

איך האָב איינגעזעהן, אַז עס וועט זיין אומזיסט געוואָרפען מיין פּראָטעסט און איך בין אַוועק צו מיר אין האָטעל, בעגלייט פון דער גאַנצער מאַסע פערזאַמעלטע.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען אַרום זיבען אַזייגער אין דער פריה האָט מען מיר אַריינ-געבראַכט די מאָרגען-בלעטער, און ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב געפונען פאָלגענדע שטיקעל נייעס:

„לואיזע מישעל איז ווירקליך אַ פעהיגע פרוי... זי האָט אַריבערגעשיקט קיין בעלגיען אַ געוויסע דאַמע מיט'ן נאָמען „דזשיין סטיואַרד", וועלכע גיט זיך אויס פאַר דער בעריהמטער רעוואָלוציאָנערקע און וויל דאָ האַלטען פאָר-טרעגע, און אַליין דרעהט זי זיך אַרום אין די גאַסען פון פאַריז."

איך בין געבליבען זיצען ווי אַ צומישטע.

נאָר מיין ערשטוינונג איז געוואַקסען, ווען איך האָב געלייענט ווייטער.

— לואיזע מישעל, — האָט די צייטונג ווייטער געשריבען — האָט זיך בענוצט מיט דיזען טריק, כדי צו קענען אַריינקומען קיין פראַנקרייך און דאָרט פריידיגען די אונאָרדנונג און רעוואָלט. אין דיזע אונרוהיגע צייטען, ווען די באָמבע איז אויף דער טאָגעס-אָרדנונג, מוז מען דיינקען פון די טרויעריגע

פאָלגען, וואָס לואיזע מישעל'ס פלעגער קענען האָבען פאַר פראַנקרייך. זי האָט אויסגעקליבען אַ מאָמענט, ווען דער עולם איז אויפגערעגט, כדי אָנ-צופיהרען איהר עקעלהאַפטע פראָפּאַגאַנדאַ. דער טריק האָט זיך איהר גוט איינגעגעבען, נאָר מיר ווייסען פון אַ זיכערער קוועלע, אַז די פּאַריזער פּאָ-ליציי איז געוואָרענט געוואָרען אין צייט און זי האָט אַן אויג אויף דיזער געפעהרליכער אַנאַרכיסטין."

ניטאָ וואָס צו ריידען, — האָב איך זיך געטראַכט ביי זיך, — די פּאָ-ליציי איז איבעראַל אַזוי דום ווי אין פראַנקרייך.

אין זיך ווענדענדיג צו פּאָלטיע'ן, האָב איך געזאָגט:

— איהר וועט זעהן, אַז די פּאַריזער שפּיאָנען וועלען נאָך אויסגעפינען דעם פּלאַן וואו איך האַלט זיך כלומר'שט אויף אין פּאַריז...

און איך האָב קיין טעות ניט געהאַט.

אין אַ טאָג אַרום האָבען די פּאַריזער בלעטער געבראַכט אַזאַ מין שטי-קעל נייעס:

„לואיזע מישעל האָט פערלאָזען ענגלאַנד און האָט אַוועקגעשיקט אַ בריוו, וואָס טראָגט איהר נאָמען קיין בעלגיען, כדי צו פערטומלען דער פּאָ-ליציי דעם מוח. אָבער אייניגע פעהיגע געהיים פּאָליציסטען האָבען אויסגע-פינען איהר וואוינונג. מען זאָגט, אַז זי געפינט זיך ערגעץ אין דעם קוואַר-טאַל „סאַן-זשאַק" און זי וועט אודאי היינט מאָרגען אַרעסטירט ווערן.

דאָס הייסט אַביסעל ריכטיג נאָכגעשפּיאָנירט... אין דער צייט וואָס איך האָב זיך געפונען אין דער שטאָדט בריסעל, וואו מען האָט מיך געזעהן און וואו מען האָט פּרובירט מיר פערוועהרען צו ריידען, האָבען די פּאַריזער שפּיאָנען ענטדעקט מיין וואוינונג! זיי זיינען זאָגאַר זיכער געווען, אַז איך האָב געוואוינט אין דעם קוואַרטאַל „סאַן זשאַק", וואו מיין פוס איז קיינמאָל ניט געקומען.

פּאָלטיע, וועלכער האָט מיר געהאָלפען לאַכען איבער דיזער קאָמישער געשיכטע, האָט ערקלעהרט פון וואַנען דיזער פּלאָנטער האָט זיך גענומען.

ווען מיר זיינען אָבגעפאָהרען פון לאָנדאָן האָבען די צוויי שפּיאָנען אודאי געשוין טעלעפאָנירען קיין פּאַריז, אַז „לואיזע מישעל געפינט זיך אויף'ן וועג קיין פראַנקרייך". די עזעל־קעפּ האָבען זיך פערגעסען, אַז פון דאָווער קען מען אויך פאָהרען קיין בעלגיען.

אַז איך בין געקומען צוריק קיין לאָנדאָן, האָב איך אין דער צייטונג „דיילי ניוס" געפונען אַ פרישע שטיקעל נייעס, אַז צוויי געהיים-פּאָליציסטען האָבען מיך בעמערקט לעבען דער „באַסטיל" אין פּאַריז, נאָר אין דער רגע וואָס זיי האָבען געוואָלט לייגען די האַנד אויף מיר, בין איך פערשוואונדען געוואָרען ערגעץ-וואו אין אַ שמאָל געסעל און מען האָט מיר שוין מעהר אין די אויגען ניט געזעהן.

כדי זיך אַביסעל לוסטיג צו מאַכען איבער דער פּאַריזער פּאָליציי, האָב

— דער פֿאַקט איז, אַז...

— יאָ, איך בין מעהר ניט ווי אַ שאָטען פֿין מיר אַליין... כ'האָב אַזוי פֿיעל געליטען זייט צוואַנציג יאָהר!

מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק און סאָקאָנאָף האָט מיר דערצעהלט זיין געשיכטע.

זאָל ער מיר ענטשולדיגען, וואָס איך גיב אַרויס אין דער עפֿענטליכקייט דאָס וואָס ער האָט מיר דערצעהלט וועגען זיך. זיין געשיכטע איז אַן אמת'ער סאָציאַלער דאָקומענט און זי קען דיענען אַלס ביישפּיעל פֿאַר די, וועלכע האָבען ניט קיין ענערגיע...

סאָקאָנאָף איז געבוירען געוואָרען אין וואַרשוי. ער איז דער זוהן פֿון אַ פּראָפֿעסאָר פֿון דער אוניווערזיטעט און זיינע קינדערשע יאָהרען האָט ער פֿערבראַכט אין זיין פֿאָטער'ס לאַבאָראַטאָריע און אין דער קאַזאַרמע פֿון אָפֿיצירען, וואו זיין פֿעטער טראַדיקין איז געווען פּאָלקאָווניק.

איינמאָל אין מיטען נאַכט איז מען געקומען און מען האָט צוגענומען זיין פֿאָטער. וואוהין? סאָקאָנאָף האָט עס קיינמאָל ניט געוואוסט. זיין השערה איז געווען, אַז דער פֿאָטער איז געשטאָרבען אונטער די נאַגאַיקעס אין פּעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט.

אַז ער איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר איז סאָקאָנאָף, וועלכער האָט דאַן שטודירט מעדיצין אין פּעטערבורג, פֿערמישט געוואָרען אין אַ קאָנספּי-ראַציע. אַ געוויסער באַנדיט מיט'ן נאָמען וואָרמס האָט איהם גע'מסר'ט און ער איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו צעהן יאָהר געפֿענגניס. נאָר ס'האָט זיך איהם איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען און קומען קיין פּאַריז.

דאָרט האָב איך זיך דאָס מיט איהם בעקענט.

אין דער צייט פֿון דער פּאַריזער קאָמונע, איז ער געווען אַן איבערגע-בענער קעמפּפֿער אונטער דאָמבראָווסקי'ן.

בעת דער רעפּרעסיע, ווען גאַליפֿע האָט פֿערפֿלייצט די גאַסען פֿון פּאַריז מיט בלוט, מיט דעם אויסרייד צו שאַפֿען אָרדנונג, איז סאָקאָנאָף פֿער-וואונדעט געוואָרען אין דעם געגענד פֿון „אַנפֿאַן-רוזש".

די סאָלדאַטען האָבען איהם גענומען געפֿאַנגען און ער איז אָבגעפֿיהרט געוואָרען קיין ווערסאַיל. אויב מען האָט איהם ניט דערשאָסען, איז דאָס בלויז געווען צוליעב אַ טעות... די ווערסאַילער האָבען זיך צופּלאָנטערט מיט די נעמען, און צו זיין גרויסער ערשטוינונג איז סאָקאָנאָף בעפֿרייט גע-וואָרען.

ער איז געקומען צוריק קיין פּאַריז.

אָבער דאָ האָבען איהם איינינגע רוסישע שפּיאָנען דערקענט. אָנשטאָט איהם צו אַרעסטירען אויף אַ געוועהנליכען וועג, האָבען זיי איהם פֿערנאַרט אין אַ געוויסען פֿערוואָרפֿענעם געגענד פֿון פּאַריז. דאָרט האָבען זיי איהם געשלאָגען מכּות רצח. דער אָרעמער יונג איז געפֿאַלען אין אַ בעוואוסט-

לאָזען צושטאַנד, און די שפּיאָנען האָבען איהם אַריבערגעפֿיהרט אויף איינעם פֿון די פּאַריזער וואַקזאַלען, פֿון וואַנען זיי זיינען אָבגעפֿאָהרען מיט איהם קיין רוסלאַנד.

אויף אַזאַ׳ן אופן האָבען זיי פֿערשפּאַרט די צערעמאָניעס פֿון אַרויספּאָדערן דעם אונגליקליכען אויף אַ געזעצליכען וועג, וויסענדיג אַז דאָס קען זיך אָפּט פֿערשלעפּען צו לאַנג.

אַזוי גיך ווי סאָקאָנאָף איז געווען צוריק אין רוסלאַנד, האָט מען איהם פֿערשיקט קיין סיביר אויף לעבענס-לאַנג, און די שפּיאָנען, וועלכע האָבען איהם געבראַכט זיינען בעהאַנגען געוואָרען מיט מעדאַליען.

אָט די אַלע איינצעלהייטען פֿון סאָקאָנאָף׳ס לעבען זיינען מיר שוין געווען בעקאַנט. וואָס איך האָב נאָך ניט געוואוסט איז געווען זיין מאַרטירעריי אין סיביר.

ער האָט עס מיר דערצעהלט:

— אַ גאַנץ יאָהר האָט אונז גענומען דער וועג פֿון פּעטערבורג נאָך יאַקוטסק. איהר קענט זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלען די גרויזאַמקייטען, וואָס מיר האָבען געהאַט אויסצושטעהן פֿון די קאָזאַקען, וועלכע האָבען אונז געפֿיהרט. די שטיוועל האָבען זיי אונז אויסגעטהאָן אין מיט באָרוועסע פֿיס אונז געטריבען איבער׳ן אייז. נאָר שרעקליכער פֿון אַלץ זיינען געווען זייערע ווילדע מעשים, וואָס זיי האָבען אָבגעטהאָן מיט די אָרעמע פֿערשיקטע פֿרויען און עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מיר האָבען עס מעהר ניט געקענט אַריבערטראָגען. איין טאָג האָבען מיר זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף די באַנדיטען, און כאָטש מיר זיינען ניט געווען בעוואָפֿענט, האָט זיך אונז דאָך איינגעגעבען צו דער׳הרג׳ענען עטליכע פֿון זיי.

איך דאַרף אייך ניט זאָגען, ווי מען האָט זיך דערנאָך מיט אונז גערעכענט. די, וואָס מען האָט פֿערדעכטיגט אַלס די אָנפֿיהרער פֿון דעם בונט, האָט מען איינפֿאַך פֿערברענט פֿאַר אונזערע אויגען, און די איבעריגע — צווישען וועלכע איך בין געווען — האָט מען דעם גאַנצען וועג אָנגעטהאָן שרעקליכע צרות. מיר האָבען זיך ניט גערעכט צו קענען קומען לעבעדיגערהייט קיין סיביר. נאָר מיר זיינען ווירקליך געווען שטאַרקער פֿון אייזען אויסצוהאַלטען די אַלע גרויזאַמקייטען.

דער גובערנאַטאָר פֿון יאַקוטסק איז דאַן געווען אַ געוועזענער קאָזאַקען אָפֿיציר, אַ ווילדע חיה מיט׳ן נאָמען קאַליוויעוו. דיזער חברה-מאַן האָט געהאַט אַ פֿערגניגען צו מאַרטערן די פֿערשיקטע, און ער האָט זיך געטשעפּעט צו יעדען איינעם. איינמאָל האָט ער מיך אַריינגערופֿען צו זיך אין ביוראָ און אָהן אַ שום אורזאַכע האָט ער געהייסען מיך אַריינזעצען אין אַ פֿייכטען פֿינסטערן קאַזעמאַט, פֿול מיט ראַטען.

איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דאָרט בלייבען עטליכע טעג, ניט מעהר. איך בין דאָרט געבליבען ניין יאָהר.

יאָ, איך זאָג אייך נאָך אַמאָל ניין יאָהר!... און ווער ווייסט צי איך וואָלט נאָך ווען עס איז אַרויסגעקומען פון דאָרט, ווען דער באַנדיט קאַלי-וויעוו וואָלט ניט פלוצלונג געשטאָרבען.

אַז איך האָב ווידער דערזעהן די שיין פון טאָג, בין איך געפאַלען אין חלשות. מען האָט מיך צוגענומען אין שפיטאָל, וואו איך בין פערבליבען זעקס מאָנאַט צייט.

איך האָב געמיינט, אַז מיינע צרות האָבען זיך שוין געענדיגט, נאָר אויף קאַליוויעוו׳ס פלאַץ איז געקומען אַ ווילדער קאָזאַק, נאָך ווילדער ווי יענער.

הערענדיג, אַז איך בין געלעגען ניין יאָהר צייט אין אַ קאַזעמאַט, האָט ער געפרעגט, פאַרוואָס מען האָט מיך פון דאָרט אַרויסגעלאָזט, און ער האָט געוואָלט ניט אַנדערש נאָר מען זאָל מיך צוריק אַריינוואַרפען אַהין.

צום גליק האָט זיך איינער פון די הויפט-וועכטער, דער קאַפּיטאַן אָמי-דאָראָוו, אָנגענומען פאַר מיר און מען האָט מיך צוריק אַריינגעזעצט אינאיי-נעם מיט די איבעריגע אַרעסטאַנטען. דאָרט בין איך געבליבען ביז וואַנען מיר האָט זיך איינגעגעבען צו אַנטלויפען אינאיינעם מיט נאָך דריי פריינד.

עס וואָלט מיר גענומען צו לאַנג איך צו דערצעהלען אַלע איינצעלהיי-טען פון מיין אַנטלויפען. איהר קענט זיך פאָרשטעלען מיט וועלכע שוויריג-קייטען דאָס איז פערבונדען געווען. נאָר דאָס איז דאָך נאָך ניט געווען אַלעס אַרויסצוקימען פון יאַקוטסק, מען האָט געמוזט דורכמאַרשירען גאַנץ סיביר און ניט אַריינפאַלען צוריק צו די מערדער אין די הענד. אפשר הונדערט מאָל איז מיר פאָרגעקומען, אַז איך וועל שטאַרבען אין מיטען וועג. נאָר ענדליך בין איך אָנגעקומען אַהער, און ווי איהר זעהט בין איך אַ שאָטען פון זיך אַליין און איך פיהל, אַז איך וועל זיך לאַנג ניט קענען אַזוי אַרומ-דרעהען אויף דער וועלט...

## XII.

## אַ באָמבע ביי מיר אין שאַפע.

איינמאָל, אין אַ פאָרמיטאָג, איז מעלוויל, דער טשיעף אינספעקטאָר פון „סקאָטלאַנד יאַרד" אַריינגעפאַלען צו מיר אין הויז. מיט אַ פערדעכטיגען בליק האָט ער זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און געפרעגט, צי איך קען ניט אַ מאַן מיט׳ן נאָמען דיראַלאָס.

פערשטעהט זיך, אַז איך האָב ניט אָנגעהויבען קענען אַזאַ מאַן.

נאָר מעלוויל האָט מיר ניט געגלויבט. ער איז איבערצייגט, זאָגט ער, אַז ביי מיר אין שטוב געפינט זיך דיזער דיראַלאָס, אַ געפעהרליכער שפּאַ-נישער אַנאַרכיסט.

איך האָב אַלזאָ ערקלעהרט דעם טשיעף אינספעקטאָר, אַז ער קען זיכען וויפיעל ער וויל ביי מיר אין הויז און ער וועט זעהן, אַז מען האָט איהם איינפאַך אָבגענאַרט.

מעלוויל האָט זיך גענומען צו דעם אָביסק. איך בין איהם נאָכגעגאַנגען. מיט אַמאָל האָב איך געמוזט אַרויסלאָזען אַ געשריי פון איבעראַשונג.

דער טשיעף פון סקאָטלאַנד יאַרד האָט געפֿענט אַ שאַפֿע און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ באָמבע!

יאָ, אַזוי ווי איך זאָג אייך: אַ באָמבע...

דאָס איז געווען אונבעגרייפליך, נאָר דאָך איז דאָס אַזוי געוועזן.

— אויף וואָס דאַרפט איהר דיזע באָמבע? — האָט מעלוויל קאַלטבלוטיג געפרעגט.

— כ׳ווייס ניט, ווי אַזוי דאָס קומט אַהער, — האָב איך געענטפערט.

— געהט שוין, געהט...

— איך זאָג אייך זיכער...

— ווען מען וועט איהר איינריידען, — האָט זיך דער טשיעף אינספעקטאָר אָבגערופען, — אַז ביי אייך אין שטוב וועט זיך געפינען אַ באָמבע און איהר זאָלט ניט וויסען דערפון?

— דאָס איז אָבער די וואַהרהייט.

הקיצור, ס׳האָט מיר גענומען לאַנג צו איבערצייגען מעלוויל׳ן, אַז איך האָב ניט געוואוסט פון דער באָמבע. אָבער דערמיט זיינען מיר נאָך ניט פאַרטיג געוואָרען. ער האָט געוואָלט וויסען, צי האָב איך אַ חשד אויף וועמען עס איז פון די, וואָס זיינען געקומען צו מיר, אַז ער האָט דאָס ביי מיר איבערגעלאָזט די באָמבע. פערשטעהט זיך, אַז זיין השערה איז געווען, אַז דאָס האָט געטהאָן איינער פון די קאַמעראַדען, וועלכער האָט געוואָלט פטור ווערן פון אַ צרה און ער האָט קיין אַנדער וועג ניט געפונען נאָר אַוועקלייגען זי ביי מיר אין שאַפֿע... דאָס איז געווען דום און לעכערליך, און איך האָב קיין סך מיה ניט געדאַרפט האָבען צו איבערצייגען דעם טשיעף פון סקאָטלאַנד יאַרד וואָס פאַר אַ נאַרישע השערה דאָס איז.

— ווער זשע דען, מיינט איהר, האָט עס אַוועקגעלייגט ביי אייך אין שאַפֿע? — האָט ער ענדליך אַ פרעג געטהאָן.

— אַ געהיים-פּאָליציסט...

מעלוויל האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

דערנאָך האָט ער מיר ערקלעהרט, אַז עס לייגט זיך איהם פּשוט ניט אויף׳ן שכל, אַז אַן ענגלישער דעטעקטיוו פון זיינע לייט זאָל זיין פעהיג אויף אַזאַ געמיינהייט...

דערויף האָב איך געענטפערט, אַז איך מיין ניט דוקא אַן ענגלישען דעטעקטיוו, אַ פראַנצויזישער שפּיאָן איז על כל פנים יאָ פעהיג דערויף. זיי האָבען שוין אַסך ערגערע זאַכען אָבגעטהאָן, די פראַנצויזישע שפּיאָנען.

— איבעריגענס, — האָב איך זיך אָבגערופען, — אויב איהר ווילט, גיט מיר אַכט טאָג צייט, און איך בין כמעט איבערצייגט, אַז איך וועל קע־נען אייסגעפינען דעם בח״ר, וואָס האָט אָבגעטהאָן דיזע שופּטעריי.

גאָר דאָ האָט צופעליגערווייזע פּאַסירט עטוואָס, וואָס האָט געהאָלפען אויפקלעהרען די זאַך.

ריידענדיג מיט מיר האָט מעלוויל אויסגעזאָגט אַ סוד, אַז ער איז ניט געקומען צו מיר זוכען דעם „געפעהרליכען שפּאַנישען אַנאַרכיסט", ווי ער האָט כלומר׳שט ערקלעהרט, נאָר אַז ער האָט לכתחילה געוואוסט, אַז ביי מיר אין שאַפע געפינט זיך אַ באָמבע, און ער איז געקומען זי געפינען...

אַ בריעף האָט ער ערהאַלטען, אַן אַנאָנימען בריעף, וואו מען האָט איהם געגעבען צו וויסען, אַז איך גרייט צו אַן אַטענטאַט אויף סקאָטלאַנד יאַרד, און אַז ביי מיר אין אַ שאַפע געפינט זיך אַן אָנגעלאָדענע באָמבע...

איך האָב, פערשטעהט זיך, געוואָלט זעהן דעם בריעף. דער טשיעף איגספּעקטאָר האָט אפילו תחילת קיין חשק ניט געהאַט מיר איהם צו ווייזען, נאָר איך האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז דאָס איז נייטיג, ווייל עס קען מעגליך זיין, אַז איך קען די האַנדשריפט פון דעם בריעף. ער האָט אַלזאָ איינגעוויליגט.

אַז איך האָב דורכגעקוקט דעם בריעף, רופט זיך מעלוויל אָב:

— נו, די האַנדשריפט איז אייך בעקאַנט?

— ניין... נאָר איך מיין, אַז איך ווייס דאָך ווער עס איז דער מאַן וואָס האָט מיר אונטערגעוואָרפען די באָמבע...

— ווער זשע?

— דער שרייבער פון דיזען בריעף.

— פון וואַנען נעהמט איהר דאָס?

— אָט פון וואַנען: איך דערמאָן זיך איצט, אַז איך האָב מיט אַ דריי וואָכען צוריק ערהאַלטען אַ בריעף פון אַ זאָגענאַנטען קאַמעראַד, וועלכער האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם ערלויבען זיך זעהן מיט מיר. די האַנד־שריפט איז אפילו ניט געווען דיזעלבע, נאָר אויף׳ן קאָנווערט איז געווען פונקט דערזעלבער גרייז, וואָס אין דעם בריעף צו אייך: דאָס וואָרט „איסט־דאָליטש" איז געווען געשריבען מיט צוויי „ש", און איהר ווייסט דאָך, אַז מען שרייבט עס בלויז מיט אײנעם... נו, ס׳איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אַז דיזער חברה מאַן האָט עס אַוועקגעלייגט די באָמבע ביי מיר אין שאַפע און אייך דערנאָך געשריבען דעם בריעף.

— וואָס זשע, ער איז געווען ביי אייך אין שטוב?

— יאָ.

— ווייסט איהר, וואו ער געפינט זיך אַצונד?

— דערווייל ניט, נאָר ס׳וועט אונז ניט שווער זיין עס אויסצוגעפינען.

— ווירקליך?

— יאָ, קיין געהיים-פּאָליציי האָב איך אפילו ניט, נאָר אַז מען דאַרף קענען מיר אַזעלכע זאַכען נעפינען אַסך לייכטער ווי אייערע דעטעקטיווס...

מעלוויל האָט אַ ציה געטהאָן מיט די פּלייצעס. עס איז איהם אפילו ניט געפעלען די בעמערקונג מיינע, נאָר ער האָט גאָרניט געזאָגט און איז זיך אַוועק.

דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געטראַכט גלייך נאָך מעלוויל׳ס אַוועק-געהן, איז געווען אויסצוגעפינען דעם באַנדיט, וועלכער האָט אַזוי מיסברויכט מיין צוטרוי צו איהם.

ער איז געקומען צו מיר איינמאָל אין אַ פריה-מאָרגען, נאָכדעם ווי ער האָט מיר געלאָזט וויסען וועגען זיין בעזוך.

ער האָט זיך דאַן אָנגעגעבען אַלס רוס, וועלכער איז אַנטלאָפען פון זיין לאַנד צוליעב אַ פּאָליטישע אַנגעלעגענהייט.

כאָטש ער האָט קיין גרויס צוטרוי ניט אַרויסגערופען ביי מיר, דאָך האָב איך איהם אין קיין זאַך ניט חושד געווען.

דיזער פייגלינג האָט זיך בענוצט מיט אַ מאָמענט, ווען מען האָט מיך גראָד אַרויסגערופען צו מיר אין גאָרטען. דאַן האָט ער עס אַריינגעלייגט די באָמבע אין מיין שאַפע.

ערשט איצט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ער האָט עפּעס געטראָגען אונטערן אָרים, אַ פּעקעל איינגעוויקעלט אין צייטונגען. נאָר ווער האָט דאָס געקענט טרעפען וואָס דאָרט ליגט?...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיט דער הילף פון אַ קאַמעראַד, האָב איך אויסגעפונען, וואו דער חברה-מאַן וואוינט, און איך האָב איהם געשיקט רופען צו מיר.

ער איז געקומען, פערשטעהט זיך, אַז ער האָט קיין שום פערדאַכט ניט געהאַט וועגען וואָס ער ווערט גערופען. דיזע שפּיאָנען זיינען אָפטמאָל דו-מער, ווי מען קען זיך גאָר פאָרשטעלען.

נאָך אַ היבשען געשפּרעך האָבען מיר איהם צוגעדריקט צו דער וואַנד און ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז אַ פראַנצויזישער שפּיאָן און אַז ער האָט עס אָבגעטהאָן דאָס שמוציגע שטיקעל אַרבייט...

איך האָב איהם ניט געוואָלט איבערגעבען צו מעלוויל׳ן אין די הענד. איך האָב איהם בלויז געזאָגט מיין מיינונג וועגען איהם און איהם געוויזען די טהיר.

נאָר דער טשיעף אינספּעקטאָר האָט, ווייזט אויס, אויך ניט גערוהט, וואָרים ווי איך בין שפּעטער דערגאַנגען איז דער „רוס" אַריינגעפאַלען צו מעלוויל׳ן אין די הענד און האָט געהאַט אַ מיאוס׳ן פּסק פאַר זיין שמוציגער אַרבייט...

## XIII.

## די „פֿערשווערונג“ געגען די לאָרדס.

אַזוי ווי ס'איז שווער געווען אין ענגלאַנד מיך אַריינצושלעפּען אין אַ צרה, האָט מיר די פֿראַנצויזישע פּאָליציי געלאָזט וויסען, אַז איך קען פֿאָה־רען צוריק קיין פֿראַנקרייך, אַז מען וועט מיך דאָרט ניט טשעפּען.

ס'איז ניט געווען קיין אויסגעטראַכטע זאַך. מען האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבען אַן אַמנעסטיע פֿאַר די אַלע, וועלכע זיינען געווען פֿערמישט אין פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען. ראָשפֿאָר האָט זיך בענוצט דערמיט און איז צוריקגעפֿאָהרען קיין פּאַריז. נאָר איך האָב מוחל געווען די טובה.

ס'האָט מיך ניט געצויגען קיין פֿראַנקרייך.

ווען איך וואָלט געווען איינזאַם, וואָלט איך זיך אפשר אומגעקעהרט קיין פֿראַנקרייך. אָבער מיין לעבען אין לאָנדאָן איז מיר געווען אַזוי אַנגע־נעהם ווי ס'האָט נאָר געקענט זיין. איך בין געווען אַרומגערינגעלט פֿון גע־טרייע, איבערגעבענע פֿריינד, און — וואָס דאַרף מען נאָך אַ בעסערעס פֿאָטערלאַנד ווי דאָרט, וואו מען ווערט געליעבט!

נאָר יענעם יאָהר האָבען מיר געהאַט אַ ביטערן, שטרייננגען ווינטער, אין איך בין קראַנק געוואָרען, געפֿעהרליך קראַנק. איך האָב זאָגאַר גע־שוועבט צווישען לעבען און טויט, נאָר דאָס לעבען האָט געזיעגט און איך בין ענדליך געזונד געוואָרען.

די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געלעגען קראַנק, בין איך געווען אַרומ־גערינגעלט פֿון פֿיעלע פֿריינד, וועלכע זיינען געקומען פֿון אַלע זייטען מיך צו בעזוכען. אַז איך האָב זיך אָנגעהויבען פֿיהלען בעסער און איך האָב דערזעהן אַרום מיר אָט די אַלע גוטע קאַמעראַדען מיינע, האָב איך זיך ווירקליך געפֿרעהט, וואָס איך האָב זיך אויסגעדרעהט פֿון טויט... דיזע גוטע מענשען וואָלטען אַזוי פֿיעל געליטען, ווען איך וואָלט געשטאָרבען!

אַז איך בין געוואָרען פֿאָלשטענדיג געזונד, האָב איך אָנגעהויבען אַרויסגעהן אַביסעל איבער לאָנדאָן. מיינע אָרעמע לייט פֿון ווייטשעפּעל האָבען זיך זעהר דערפֿרעהט מיט מיר... מען האָט זיי געזאָגט, אַז איך בין געשטאָרבען. און ניט נאָר די אָרעמע לייט, נאָר אויך די פֿראַנצויזישע גע־היים פּאָליציסטען זיינען צופֿריעדען געווען, וואָס איך בין געבליבען לעבען. אַ טהייל פֿון זיי זיינען דאָך געזעסען איז לאָנדאָן, ספּעציעל אַכטונג צו גע־בען אויף מיר, און וואָס וואָלטען זיי געטהאָן, ווען איך שטאַרב אַוועק? מען וואָלט זיי זיכער צוריקגערופֿען קיין פֿראַנקרייך, און דערצו האָבען זיי פּשוט קיין חשק ניט געהאַט.

וואָס איז דער וואונדער? זיי האָבען אין ענגלאַנד געקראָגען צוויי מאָל אַזוי פֿיעל געהאַלט ווי אין פֿראַנקרייך!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איבעריגענס האָבען זיי געטהאָן אַלעס מעגליכע, אים זיך אויפֿצוהאַלטען וואָס לייִנגער אין לאָנדאָן.

זיי האָבען פֿערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ראָשפֿאָר האָט געהאַט ברעה צו פֿערבלייבען נאָך עטליכע מאָנאַטען אין לאָנדאָן, נאָר ער איז פּלוצלונג אַוועק-געפֿאָהרען, מורא האָבענדיג ער זאָל ניט פֿערמישט ווערן אין אַ גרויסען אַטענטאַט, וועלכער האָט זיך דאַן געהאַלטען אין צוגרייטען.

דאָס איז געווען געגוג, די פּאָליציי איז גלייך געווען אויף די פּ״ס.

מיט דער איינבילדונגס-קראַפֿט פֿון דעם פֿעהיגסטען ראָמאַנען-שרייבער האָט זי פֿאַבריצירט אַ געוואַלדיגע „פֿערשווערונג", אין וועלכער עס האָבען כלומר׳שט אַנטהייל גענומען אַלע אַנאַרכיסטען און אַ גאַנצע מאַסע פֿון אָרעמע וואַגאַבונדען, וועלכע פֿערגינען ניט די רייכע, וואָס זיי לעבען אַ גוטען טאָג אויף דער וועלט...

אַ געוויסער איטאַליענער מיט׳ן נאָמען גריוועלי, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען פֿאַר אַ „טהעטיגען אַנאַרכיסט", נאָר וועמען קיינער פֿון אונז האָט קיינמאָל ניט געוואָלט אַריינגעהמען אין קיין גרופּע, איז געווען די זעלע פֿון דיזער „קאָנספּיראַציע".

ער האָט געוואוינט ערגעץ-וואו אויף אַ דריטען עטאַזש אין אַן אַלט הויז אַרום וויטשעפּעל און האָט זיך אָנגעגעבען פֿאַר אַן אַרבייטער, אַ בלעכער. נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס בלויז געווען אַן אויסרייד.

ווי עס זאָל ניט זיין, יעדענפֿאַלס האָט זיך גריוועלי אויפֿגעפֿיהרט גע-היימניספֿאָל. אַז ער האָט געדאַרפֿט געהן אַהיים, פֿלעגט ער זיך אימער אַרומדרעהען אין פֿינסטערע געסלאַך, אָנלייגען וועג, און איידער ער איז אַריין צו זיך אין הויז, האָט ער געהאַט אַ געוואוינהייט זיך אַפֿריהער אומ-קוקען אין אַלע זייטען, צי מען שפּיאָנירט איהם ניט נאָך.

דייזע פֿערדעכטיגע שטיק האָבען צוגעצויגען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פּאָליסלייט, און „סקאָטלאַנד יאַרד" האָט בעאויפֿטראַגט אַ פּאָר שפּיאָנען אַכטונג צו געבען אויף דעם בחור. אַז גריוועלי, האָט געזעהן, אַז מען האָט אויף איהם אַן אויג, האָט ער זיך נאָך מעהר גענומען פֿערבאָרגען און ער האָט אָנגעהויבען אַריינגעהמען צו זיך אין דער וואוינונג עטליכע אָרעמע יונגען, וועלכע ער האָט, פֿערשטעהט זיך, געדאַרפֿט פֿאַר זיינע פֿינסטערע צוועקען.

ווי ס׳האָט זיך דערנאָך אַרויסגעצייגט איז גריוועלי געווען אין דיענסט פֿון דער פֿראַנצויזישער געהיים-פּאָליציי. די פֿראַנצויזישע שפּיאָנען האָבען דערווייל אַרויסגעלאָזט אַלערליי קלאַנגען, אַז די „געסט", וואָס דער איטאַ-ליענישער בלעכער נעהמט אויף ביי זיך אין דער וואוינונג, זיינען געפֿעהר-ליכע אַנאַרכיסטען און אַז עס איז קיין צווייפֿעל ניט, אַז זיי גרייטען צו אַן „אַטענטאַט".

איין ווינטער אָווענד איז דער טשיעף אינספּעקטאָר מעלוויל מיט עטליכע

פון זיינע דעטעקטיווס אומגעריכטערהייט אַריינגעפֿאַלען צו גריוועלי'ן אין צי מער. זיי האָבען דאָרט געפֿונען דעם איטאַליענער מיט זיבען אָרעמע טרעמפּס, וועמען ער האָט ערקלעהרט אַ געוויסע זאַך מיט דער הילף פֿון אויסגעשריבענע פּלענער, וועלכע זיינען געלעגען אויסגעשפּרייט אויף אַ טיש.

— וואָס טהוט איהר דאָ? — האָט מעלוויל אַ פֿרעג געטהאָן.

— איהר זעהט דאָך וואָס איך טהו, איך רייד מיט מיינע פֿריינד.

— אַזוי, איהר רעדט?... און וועגען וואָס?

— דאָס איז מיין עסק, — האָט דער „בלעכער" געענטפֿערט.

— און מיינער אויך, — האָט מעלוויל צוגעלייגט.

און זיך ווענדענדיג צו זיינע דעטעקטיווס, האָט ער געזאָגט:

— נעהמט צונויף אָט די אַלע פּאַפּירען, וואָס ליגען דאָ אויף'ן טיש און זוכט דורך דאָס גאַנצע צימער, אין די שאַפֿעס, אינטער די מעבעל און אין בעט...

אין עטליכע מינוטען איז גריוועלי'ס וואוינונג פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ באַזאַר.

דער טשיעף אינספּעקטאָר האָט געוואָרפֿען אַ בליק אויף די פּאַפּירען און געזאָגט:

— אָלרייט... איך זעה שוין, מיט וואָס דיזע לייט האָבען זיך דאָ אָבגעגעבען. איהר זייט אַלע אַרעסטירט!

אין אַ האלבע שטינדע אַרום איז גריוועלי מיט זיינע פֿריינד געווען פֿערשפּאַרט הינטער אייזערנע גראַטעס.

דיזע געשיכטע האָט, פֿערשטעהט זיך, גאַ־ניט געהאַט צו טהאָן מיט אונזער בעוועגונג. דאָך האָט מען מיך געבעטען צו קומען אין באָו סטריט פּאָליס-קאָורט, אום „פֿערהערט צו ווערן וועגען ערנסטע בעשולדיגונגען, וואָס דער „אַנאַרכיסט" גריוועלי האָט געמאַכט געגען מיר."

מיט אַ רוהיגען געוויסען בין איך אַוועק אין קאָורט.

ווי איך בין נאָר געקומען אַהין, האָט מיך איינער פֿון די געריכט-שרייבער מקבל פּנים געווען מיט עטליכע גראָבע ווערטער. איך האָב איהם ערקלעהרט, אַז ער מעג זיין אַביסעל העפֿליכער און ער האָט פֿערשטאַנען, אַז ער דאַרף שווייגען.

ער האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ באַנק און געהייסען זיצען.

איך האָב אפשר געוואַרט צוויי שעה צייט. ענדליך האָב איך דערהערט אַ שטימע, וועלכע האָט אויסגערופֿען מיין נאָמען.

איך בין אַריין אין אַ קלייניגען נידעריגען זאַאַל, וואו עס זיינען געזעסען צוויי אַלטע לייט, די ריכטער, און אַ יונגער אדוואָקאַט. ביי דער זייט, לעבען איינעם פֿון די ריכטער, איז געזעסען מעלוויל, און אַנטקעגען זיי, אויף אַ פּאָר בייגק, האָב איך בעמערקט גריוועלי'ן אין זיינע חברה-לייט.

דעם ערשטען אויף'ן פֿערהער האָט מען גענומען דעם הויפּט-אָנגעקלאָגטען, גריוועלי'ן הייסט עס.

— איהר זייט אַן אַנאַרכיסט ? — האָט איהם אַ פֿרעג געטהאָן איינער פון די צוויי אַלטע.

— יאָ.

איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און אַ געשריי געטהאָן:

— ס׳איז פֿאַלש... איך הויב ניט אָן קענען דיזען מאַן.

— שווייגט שטיל, — האָט זיך אָבגערופֿען דער געריכטס-דיענער — איהר וועט ענטפֿערן ווען מען וועט אייך פֿרעגען.

איך בין אַנשוויגען געוואָרען און גריוועלי׳ס פֿערהער איז אָנגעגאַנגען ווייטער.

מיט אַ האָניג-זיסער שטימע האָט ער געשאָטען ליגענס, איינעם נאָך׳ן אַנדערן.

אַזוי האָט ער ערקלעהרט, אַז איך בין דאָס געוועזען די הויפּט-מאַכערין פון דער „פֿערשוועהרונג“ און אַז איך האָב איהם געגעבען געלד צו דינגען מענשען, וואָס זאָלען זיין גרייט אויסצופֿיהרען דעם אַטענטאַט.

און ווייסט איהר, אין וואָס דיזער „אַטענטאַט“ איז בעשטאַנען ? איינפֿאַך, אַנידערלייגען אַן אונגעהייער גרויסע באָמבע אין די הויז אָף לאָרדס...

דאָס איז געוועזען דום און לעכערליך. איך האָב גאָר מיינע אייגענע אויערן ניט געוואָלט גלויבען.

— און וואַרום האָט איהר געהאַט בדעה צו אַטאַקירען די לאָרדס ? — האָט מען געפֿרעגט גריוועלי׳ן.

— ווייל זיי זיינען רייך...

איהר זעהט אַלזאָ, ווי דאָס האָט זיך צוגעפּאַסט צו מיינע אידעען...

דאָך בין איך געוואָרען שטאַרק בעאונרוהיגט. גריוועלי האָט געהאַט מיט-העלפֿער, און דיזע לייט, וועלכע זיינען געוועזען פֿעהיג פֿאַר געלד אָב-צוטהאָן אַלע געמיינהייטען, האָבען בעשטעטיגט זיינע רייד.

געקומען בין איך אין באָו סטריט פּאָליס-קאָורט אַ זיכערע, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען. נאָר איצט האָט מיר אָנגעהויבען ווערן אַביסעל שווער אויף׳ן האַרצען.

צייטענווייז איז גאַנץ שווער צוריקצוווייזען אַ בלבול!

נאָר גליקליכערווייזע האָב איך געהאַט מיט וואָס צו בעווייזען, אַז גרי-וועלי׳ס בעשולדיגונג האָט קיין שום גרונד ניט.

אַז עס איז געקומען מיין רייהע, און איינער פון די צוויי אַלטע לייט האָט מיך געוואָלט נעהמען אויף׳ן פֿערהער, האָב איך זיך אָבגערופֿען:

— איידער איך ענטפֿער אייך, מיין הערר, וואָלט איך זעהר געוואָלט, איהר זאָלט שטעלען גריוועלי׳ן אַ פֿראַגע.

— מיט פֿערגניגען. וואָס איז די פֿראַגע ?

— פֿרעגט איהם, וואָס פֿאַר אַ דאַטום האָב איך זיך צונויפֿגעטראָפֿען מיט איהם, אום צו ריידען מיט איהם וועגען דער קאָנספּיראַציע ?

די פֿראַגע איז געשטעלט געוואָרען.

גריוועלי האָט אויסגעזעהן שטאַרק צוטומעלט. ענדליך האָט ער געענט-פֿערט מיט א ציטערנדער, ניט זיכערער שטימע:

— דאָס איז געווען דעם 12-טען אָקטאָבער...

— איהר זייט זיכער, אַז דאָס איז געווען אין דעם טאָג? — האָט דער ריכטער געפֿרעגט.

— אַבסאָלוט זיכער...

איך האָב אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, וועלכער האָט אַריינגע-בראַכט די ענגלישע ריכטער אין אַ פֿערלעגענהייט.

— לואיזע מיטשעל,—האָט זיך אָבגערופֿען איינער פֿון די אַלטע לייט—איהר האָט קיין רעספּעקט ניט פֿאַר דעם געריכט.

— ענטשולדיגט מיר, — האָב איך געזאָגט. — איך האָב זיך ניט גע-קענט קאָנטראָלירען, ווען איך האָב דערהערט גריוועלי׳ס ענטפֿער.

— אָבער דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז דאָך ניט צום לאַכען...

— פֿאַר אייך אפשר, אָבער פֿאַר מיר איז דאָס זעהר קאָמיש.

— וואָס מיינט איהר דערמיט?

— אָט וואָס... ס׳איז איינפֿאַך געווען א גאַנץ שווערע זאַך, אַז איך זאָל דעם 12 טען אָקטאָבער זיך האָבען צונויפֿגעטראָפֿען מיט גריוועלי׳ן און גערעדט מיט איהם וועגען מיינע פלענער...

— פֿאַר וואָס עפּעס?

— ווייל אין דעם טאָג בין איך געווען אין בריסטאָל.

— איהר קענט עס בעווייזען?

— גאַנץ געוויס.

דער ריכטער האָט מיר אַלזאָ ערקלעהרט, אַז איך קען געהן אַהיים, נאָר איך זאָל צושטעלען די בעווייזע וואָס גיכער.

איך בין אַוועק אַהיים און האָב זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט צונויפֿצושטעלען די נייטיגע בעווייזע און אויף מאָרגען האָב איך זיי אַוועק-געטראָגען אין באָו סטריט פּאָליס-קאָורט.

אין אַכט טאָג אַרום האָט מען מיר ווידער געשיקט רופֿען. דאָס מאָל בין איך אויפֿגענומען געוואָרען מיט אַן אויסערגעוועהנליכער העפֿליכקייט פֿון די ריכטער. איך האָב גלייך פֿערשטאַנען, אַז זיי זיינען איבערצייגט, אַז איך האָב קיין שום שייכות ניט צו דער כלומר׳שטער „פֿערשווערונג".

גריוועלי האָט נאָך אַלין געפרואווט שיטען מיט ליגענס, נאָר ענדליך איז ער געצוואונגען געווען זיך מודה צו זיין, אַז איינגע פערזאָנען, וועלכע ער האָט כלומר׳שט ניט געקענט, האָבען איהם געגעבען געלד, ער זאָל אויסטראַכטען עפּעס אַ מין קאָנספּיראַציע, וואו איך זאָל אויך זיין פֿערמישט.

די ריכטער האָבען ניט אַנדערש נאָר געוואָלט וויסען ווער די מאַכערס פֿון דיזען שווינדעל זיינען, אין גריוועלי איז צוגעשפּאַרט געוואָרען צו דער

וואַגד. ענדליך האָט ער געגעבען דעם נאָמען פון אַ פראַנצויזישען שפּיאָן, וועלכער האָט מיט איהם געמאַכט דאָס „געשעפט"...

דער סקאַנדאַל איז אַלזאָ ענטדעקט געוואָרען.

גריוועלי'ן האָט מען פעד'משפט צו דריי מאָנאַט געפענגניס פאַר שווע-רען פאַלש, זיינע מיטהעלפער זיינען בעפרייט געוואָרען.

נאָך דער דאָזיגער געשיכטע האָט זיך פאַר מיר אָנגעפאַנגען אַ ביטער שטיקעל צייט. איניגע פראַנצויזישע שפּיאָנען האָבען זיך, ווייזט אויס, פער-לייגט מיר צו טהאָן צום טויט. איינמאָל בין איך אין „סטרענד" בעפאַלען געוואָרען פון אַ כלומר'שטען שכור, וועלכער האָט מיך בעליידיגט און גע-שלאָגען. איך האָב זיך קוים אויסגעדרעהט פון זיינע הענד. אַן אַנדערס מאָל, געהענדיג אין „אָקספאָרד סטריט" בין איך שיער ניט אַריבערגעפאָה-רען געוואָרען פון אַ וואָגען. דאָס איז ניט געווען קיין צופאַל, נאָר אַן אָב-געמאַכטע זאַך, ווייל דער קוטשער האָט זיך עטליכע מאָל געסטאַרעט אַרויפ-צופאָהרען מיט זיין וואָגען אויף מיר...

דאַן האָבען מיר מיינע פריינד געראַטהען צו פערלאָזען לאָנדאָן אויף אַ שטיקעל צייט, און איך האָב אָנגענומען זייער עצה און בעשלאָסען צו מאַכען אַ קליינע רייזע.

## XIV.

## מיין רייזע אין סקאָטלאַנד.

ווי געזאָגט, האָב איך אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון מיינע פריינד צו פערלאָזען לאָנדאָן אויף אַ שטיקעל צייט, און איך בין געפאָהרען קיין סקאָט-לאַנד.

זייט אַ לאַנגע צייט שוין האָב איך חשק געהאַט צו בעזוכען דיזעס לאַנד, און איצט, אַז עס האָט זיך געמאַכט די געלעגענהייט דערצו, בין איך געווען שטאַרק צופריעדען.

אַז איך בין אָנגעקומען קיין עדינבורג איז דאָרט געווען מורא'דיג קאַלט, אפשר צוואַנציג גראַד פראָסט, און איך בין אַריינגעטער אין אַ האָטעל, וואו איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט אָנוואַרעמען, ניט קוקענדיג אויף די געוואַלדיגע פייערס, וואָס מען האָט געהאַלטען אין איין מאַכען אין דעם קאַמין פון מיין צימער.

עדינבורג איז אַ שעהנע שטאָדט, וועלכע האָט אין זיך אַ זעהר גרויסע צאָהל אַלטע און נייע מאָנומענטען.

עס זיינען דאָרט אויך דאָ פיעלע שפּיטעלער און אַנדערע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען, נאָר עס פעהלען דאָרט אויך קיין געפענגניסע ניט:

דורך דעם איינפלוס פון איינעם פון מיינע פריינד, האָט זיך מיר איינ-געגעבען צו בעזוכען אַ סקאָטישע טורמע.

דאָס איז געוואָס שרעקליכעס.

דאָרט איז ניטאָ קיין טרעט-מיל ווי אין לאָנדאָן. נאָר דערפֿאַר זיינען דאָ אַנדערע אַרבייטען, וועלכע זיינען פונקט אַזוי שווער און ערמיעדענד, און די אַרעסטאַנטען, וועלכע קענען ניט אַרבייטען גענוג גיך, ווערן געשלאָגען אומ׳ברחמנות׳דיג פֿון ווילדע חיות, וועלכע דיענען דאָרט אַלס וועכטער.

נאָכדעם ווי איך בין דורכגעלאָפֿען אייניגע לאַנגע קאָרידאָרען, בין איך פּלוצלונג אַרויס אויף אַ קליינעם הויף, אויסגעפּלאַסטערט מיט שטיינער. איך האָב נאָך ניט איספּייעט זיך רעכט אומקוקען אַרום מיר, מיט אַמאָל זעה איך ווי אַ מאַן, אַן אַרעסטאַנט לויפֿט צו צו מיר מיט אַ געשריי:

— קאַמעראַדין! איהר זעהט, ווי אונגליקליך איך בין!

כ׳האָב זיך איינגעקוקט אין דעם מאַן.

דאָס איז געווען אַ נידעריגער, מאָגערער מענש, בלאַס ווי דער טויט.

— איהר דערקענט מיך ניט? — האָט ער געזאָגט — זוכט בעסער אין אייערע זכרונות, איהר וועט זיך פּילייכט פֿאָרט דערמאָנען.

איך האָב זיך נאָכאַמאָל איינגעקוקט אין איהם, גאַנץ אויפֿמערקזאַם, און פּלוצלינג האָב איך אַ געשריי געטהאָן:

— דירוואַל!... וואָס? איהר דאָ!

— ליידער! ווי איהר זעהט...

— אָבער וואָס האָט מיט אייך געטראָפֿען?

דער אָרעמער פֿריינד האָט מיר געוואָלט דערצעהלען אַלעס וואָס האָט מיט איהם געטראָפֿען, נאָר דער וועג-ווייזער, וועלכער איז געגאַנגען מיט מיר, האָט מיך אָנגענומען פֿאַר׳ן אָרם און געזאָגט:

— קומט, לאָמיר אַוועקגעהן פֿון דאַנען. ס׳איז שטריינג פֿערבאָטען צו ריידען מיט די אַרעסטאַנטען.

אין דערזעלבער צייט איז דער געפֿאַנגענער אויף אַ ברוטאַלען אופן אָבגעשטויסען געוואָרען אָן אַ זייט, און איך האָב געזעהן ווי מען וואַרפֿט איהם אַריין אין אַ פֿינסטערן קאַמערל.

דאָך האָט זיך מיר זעהר געוואָלט וויסען, וואָס פֿאַר אַ פֿערברעכען די-זער אונגליקליכער פֿריינר האָט בעגאַנגען און ווי אַזוי ער איז געקומען אַהין אין דעם עדינבורגער געפֿענגניס.

און אָט וואָס איך בין געוואָהר געוואָרען:

דירוואַל, וועלכער איז געווען אַ פֿראַנצויז, איז געקומען קיין סקאָטלאַנד, אום זיך אויסצודרעהען פֿון דער פּאָליציי, וועלכע האָט איהם שרעקליך פֿער-פֿאָלגט.

זיין פֿערברעכען איז בעשטאַנען אין דעם וואָס ער איז געווען אַן אַנאַר-כיסט. ווי דער שטייגער איז, האָט מען איהם בעשולדיגט אין זאַכען, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט בעגאַנגען.

נאָכדעם ווי ער האָט אַרומגעוואַנדערט כמעט אין אַלע שטעדט פֿון

ענגלאנד, איז דירוואַל געקומען קיין סקאָטלאַנד, האָפענדיג, אַז ער וועט דאָ וויינינגסטענס געפינען אַ ביסעל רוה.

אָבער די נויטה האָט איהם נאָכגעיאָגט ביז אַהער און האָט איהם ניט אָבגעלאָזט. איין טאָג, ווען ס'האָט איהם צוגעשפּאַרט דער הונגער, האָט ער געג'גנב'עט אַ ברויט פֿון אַ בעקעריי.

אין סקאָטלאַנד ווערן דיזע פֿערברעכענס שטריינג בעשטראָפֿט. דירוואַל איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אַ פּאָר יאָהר „האַרד לייבאָר".

דאָס איזווירקליך געווען צו שרעקליך! איך האָב פּרובירט געוואָהר ווערן, צי ס'וואָלט ניט מעגליך געווען, אויב ניט פֿערקירצען די שטראָף-צייט, וויינינגסטענס פֿערלייכטערן די ליידען פֿון דעם אונגליקליכען.

נאָר מען האָט מיר געענטפֿערט, אַז דאָס איז אַבסאָלוט אונמעגליך. ער איז פֿעראורטהיילט געוואָרען, מוז ער אָבזיצען די גאַנצע צייט!

איך האָב גאָרנישט געענטפֿערט דערויף, נאָר אַ געדאַנק איז מיר אַרויף אויף'ן זינען, און איך האָב ניט לאַנג געטראַכט וועגען דעם: מען דאַרף דיזען קאַמעראַד דאָך אַרויסראַטעווען פֿון געפֿענגניס!...

די, וואָס קענען מיך, ווייסען, אַז ווען איך האָב געפּאַסט אַ בעשלוס, האָט זעלטען געטראָפֿען איך זאָל איהם ניט אויספֿיהרען און ניט דערגרייכען דעם ציעל, וואָס איך האָב זיך געשטעלט.

דעם זעלבען אָווענד האָב איך צוזאַמענגערופֿען אייניגע קאַמעראַדען און זיי דערצעהלט אַלעס וועגען דעם אונגליקליכען דירוואַל אין וועגען מיין בעשלוס איהם צו בעפֿרייען. מיר האָבען אַלזאָ גלייך געמאַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו צוטרעטען צו דער אַרבייט.

דאָס איז, פֿערשטעהט זיך, גאָרניט געווען קיין גרינגע זאַך צוצוגרייטען דיזען אַנטלויפֿען פֿון דער עדינבורגער טורמע.

דאָך האָבען מיר צוזאַמענגעשטעלט פֿאָלגענדען פּלאַן:

איך וועל פֿערלאַנגען און וועל העכסט וואַהרשיינליך נאָך אַמאָל קריגען אַן ערלויבעניש צו בעזוכען דאָס געפֿענגניס.

איך וועל זיך סטאַרען פֿון דאָס ניי אָנצוטרעפֿען דירוואַל'ן און זיך מיט איהם צונויפֿריידען... אַז עס וועט נייטיג זיין, וועל איך איהם צואוואַרפֿען אַ צעטעלע.

אין עטליכע טעג אַרום האָב איך געבעטען אַ נייע ערלויבעניש, וועלכע איך האָב בעקומען, אָבער ניט אָהן גרויסע שוועריגקייטען.

און דער צופֿאַל, וועלכער האָט אונז, ווייזט אויס, געוואָלט קומען צו הילף, האָט געמאַכט, אַז איך זאָל זיך ווידער אַמאָל טרעפֿען מיט דעם אונ-גליקליכען דירוואַל.

אויסניצענדיג אַ רגע, ווען די וועכטער האָבען זיך פֿערקוקט, האָב איך איהם אויף גיך אַריינגעגליטשט אין דער האַנד אַ צעטעלע, וואָס איך האָב געהאַט פֿין פֿריהער אָנגעגרייט און אין וועלכען איך האָב איהם בעקאַנט געמאַכט מיט אַלעס, וואָס מיר האָבען בדעה צו טהאָן.

איצט, אַז עס זיינען שוין איבער פֿיעלע יאָהרען וויט דאַן, קען איך אָהן אַ שום מורא דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע.

ראשית כל האָבען מיר זיך אַוועקגעלאָזט זוכען אַ פּראָטעסטאַנטישען גלח פֿון נידעריגען וואוקס, און אַז מיר האָבען איהם געפֿינען, האָבען מיר, מיט דער הילף פֿון מזומנים נאַטירליך, גע׳פועל׳ט ביי זיין משרת, ער זאָל אונז שאַפֿען דעם פּאַסטאָר׳ס אַלטע קליידער.

אַז עס איז געקומען דער בעשטימטער טאָג, האָט זיך איינער פֿון אונזערע קאַמעראַדען אָנגעטהאָן די גלח׳ישע קליידער און איז אַריין אין געפֿענגניס, אַ זאַך, וואָס איז געווען זעהר לייכט פֿאַר די פֿאָרשטעהער פֿון דער רעליגיאָן.

ס׳האָט איהם ניט גענומען לאַנג אויסצוגעפֿינען דירוואַל׳ן, און נאָכדעם ווי ער איז מיט איהם אַוועק אין אַ פֿינסטערן ווינקעל, האָט ער איהם איבערגעגעבען זיינע קליידער, אונטער וועלכע ער האָט געטראָגען אַן אַרבייטער-קאָסטיום.

אַז דאָס איז געווען אָבגעטהאָן, האָט זיך אונזער קאַמעראַד אָנגעקלעפּט אַ פֿאַלשע באָרד און איז פֿערפֿאַלען געוואָרען ערגעץ אין טורמע, אין דער צייט וואָס דירוואַל איז מיט לאַנגזאַמע טריט און מיט דער מיענע פֿון אַ גוטען פּאַסטאָר אַרויס פֿון געפֿענגניס.

ער איז דורכגעגאַנגען אָהן אַ שום שטערונג פֿערביי די וועכטער, וועלכע האָבען איהם זאָגאַר בעגריסט מיט רעספּעקט, און אַזוי איז ער אַריבער די מורא׳דיגע טהיר, הינטער וועלכער ער וואָלט נאָך געהאַט צו ליידען אַ לאַנגע צייט.

אין אַ נאָהנטער גאַס האָבען מיר אָבגעוואַרט אונזער „פּאַסטאָר". מיר האָבען זיך גלייך אַריינגעזעצט אין אַ וואָגען און אָבגעפֿאָהרען צו דעם נאָהנטסטען וואָקזאַל.

אין עטליכע טעג אַרום איז דירוואַל אין דער שטאָדט דוגדי אַרויף אויף אַ שיף, און עטליכע מאָנאַטען שפּעטער האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז ער איז אָנגעקומען בשלום קיין אַמעריקאַ.

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער צייט, וואָס איך האָב פֿערבראַכט אין סקאָטלאַנד, האָט מיר פּאַסירט אַ מערקווירדיגע געשיכטע, וועלכע איך וועל דאָ דערמאָנען.

אַ זעהר רייכע דאַמע אין עדינבורג האָט זיך שטאַרק פֿעראינטערעסירט פֿאַר מיינע אידעען און זי איז געווען זעהר נייגעריג זיך מיט מיר צו בעקענען.

זי האָט מיך געשיקט רופֿען צו זיך אין פּאַלאַץ, און נאָכדעם ווי זי האָט זיך מיט מיר דורכגערעדט, האָט זי מיך זעהר געבעטען, איך זאָל זי ניט פֿערלאָזען, איך זאָל וואוינען ביי איהר אַזוי לאַנג ווי איך פֿערבלייב אין סקאָטלאַנד.

דעם אמת זאָגענדיג איז מיר געווען אַביסעל אינאַנגענעהם צו לעבען אין אַזאַ מין לוקסוס, נאָר מיין נייע פריינדין איז געווען אַזוי גוט צו מיר, אַז איך האָב קיין האַרץ ניט געהאַט זי איבערצולאָזען. דאָס וואָלט איהר פערשאַפט זעהר פיעל יסורים.

מיסיס טאָון — אַזוי האָט זי געהייסען — איז געווען אַ פרוי, אַן ערך פופציג יאָהר אַלט, און מיט אַ היבשער אינטעליגענץ.

אין איהר קינדהייט און דערנאָך אין איהרע יונגע יאָהרען האָבען איהר געטראָפען גרויסע אונגליקען, וועלכע האָבען איהר געמאַכט אַביסעל מרה-שחורה׳דיג.

צייטענווייז פלעג איך זי טרעפען זיצענדיג פערטראַכט לעבען אַ פאָר-טרעט.

דאָס איז געווען דאָס בילד פון מיסטער טאָון, איהר פערשטאָרבענעם מאַן.

אַז מען קען אָבזיצען שטונדען-לאַנג ביי דעם פאָרטרעט פון אַ פערזאָן, וואָס איז אייך ליעב און טהייער, — דאָס איז ביי מיר געווען אַ גאַנץ נאַ-טירליכע זאַך, און איך האָב זיך גאָרנישט געוואונדערט דערויף.

נאָר דאָס וואָס עס פלעגט מיך ערשטוינען איז געווען די אויפרעגונג, כ׳קען זאָגען די משוגעת, וואָס פלעגט קומען נאָכדעם ווי זי פלעגט אַוועק-לייגען דאָס בילד פון דער האַנד.

איינמאָל האָב איך ריזיקירט און זיך נאָכגעפרעגט ביי דער מיסיס טאָון וועגען דער אורזאַכע פון איהר שרעקליכער אויפגערעגטקייט.

אָט וואָס זי האָט מיר דערצעהלט:

איהר מאַן איז געווען אַ קאָמאַנדיר פון אַן ענגלישע קריעגס-שיף.

איין נאַכט האָט אויסגעבראָכען אַ מורא׳דיגער שטורם אויף׳ן ים און דער „פאָאם" (אַזוי האָט זיך גערופען דאָס שיף) איז אונטערגעגאַנגען.

דער קאַפּיטאַן איז דערטרונקען געוואָרען מיט אַלע שיפסלייט צוגלייך.

כאָטש דאָס איז אַ גאַנץ טרויעריגע געשיכטע, איז דאָס אָבער פאָרט ניט געווען קיין אויסערנאַטירליכע זאַך. דאָס אויסערגעוועהנליכע פאַנגט זיך ערשט אָן דאָ: מיסיס טאָון האָט געגלויבט, אַז דער מאַן איהרער איז ניט טויט און אַז ער קומט צו איהר יעדע נאַכט אויף בעזוך...

ניט קוקענדיג דערויף וואָס דאָס איז דאָך די נאַרישסטע זאַך אין דער וועלט, דאָך האָב איך ניט געוואָלט צונעהמען ביי דער גוטער פרוי איהר לעצטע אילוזיע. ס׳וואָלט געווען צו גרויזאַם עס צו טהאָן.

איין נאַכט האָב איך רוהיג געדרעמעלט ביי מיר אין צימער, מיט אַמאָל האָט מיר מיסיס טאָון אויפגעוועקט פון שלאָף.

זי איז געשטאַנען לעבען מיר מיט אַ ביסטרען בליק.

אין דער לינקער האַנד האָט זי געהאַלטען אַ ליכט און אין דער רעכ-טער — אַ רעוואָלווער.

—וואָס איז אייך געשעהן, מיין פריינדין ?—האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

— וואָס מיר איז געשעהן ? איהר וועט עס באַלד געוואָהר ווערן, מי-זעראַבלע פרוי וואָס איהר זייט !...

איך האָב געפּרואווט זי בערוהיגען, נאָר זי האָט געהאַלטען אין איי שרייען :

— אינגליקליכע, איהר וועט באַלד שטאַרבען... יאָ, כ׳וועל אייך דער-שיסען אויף טויט !...

איך האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דיזער וואַהנזיניגער און מיר האָט זיך איינגעגעבען אַרויסצורייסען ביי איהר פון דער האַנד דעם רעוואָלווער, וועלכען איך האָב אַוועקגעוואָרפען אין דעם אַנדערן עק צימער.

די אינגליקליכע פרוי איז וואָס ווייטער אַלץ ווילדער געוואָרען.

איך האָב זיך גענומען נאָכפרעגען ביי איהר וואָס זי האָט צו מיר, נאָר אייף אַלע מיינע פראַגען האָט זי געענטפערט מיט זידלערייַ און מיט אַלערליי קללות.

ענדליך האָב איך זי אַביסעל בערוהיגט. נאָך אַ מורא׳דיגען געוויין, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען אַ פערטעל שעה צייט, האָט זי מיר געזאָגט :

— שלעכטער גייסט וואָס איהר זייט... פון דעם טאָג אָן, וואָס איהר זייט דאָ, האָט מיין מאַן אויפגעהערט קומען צו מיר ווי זיין שטייגער איז געווען ביז אַהער... דאָס פערטרייבט איהר עס איהם פון דאַנען... איהר מיט אייערע טייפלישע שטיק... אָט הערט, ער שטעהט ביים טהיר און וויל ניט אריינקומען צוליעב אייך... געהט אַרויס, פערלאָזט מיין הויז און קומט ניט צוריק.

פערשטעהט זיך, אַז איך האָב ניט געוואַרט, זי זאָל עס מיר זאָגען נאָכאַמאָל. איך האָב זיך גלייך אָנגעטהאָן און אָהן צערעמאָניעס, דערנאָך האָב איך זיך אָבגעזעגענט מיט דער אָרעמער וואַהנזיניגער, וועלכע וואָלט מיך פריהער אָדער שפּעטער אודאי ערמאָרדעט אין דער צייט וואָס איך וואָלט געשלאָפען.

אין עטליכע טעג אַרום האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זי האַלט מיך אַלץ אין איין שעלטען. זי האָט אָנגעווענדעט ספּיריטואַליסטישע מיטלען, האָט אַרויסגערופען דעם גייסט פון איהר מאַן, וועלכער איז געקומען און האָט איהר געזאָגט, אַז דאָס בין איך איהם דאָס געשטאַנען אין וועג און ער האָט ניט געקענט קומען צו איהר אויף בעזוך, ווי פריהער...

## XV.

## לאָרד פערסאָנס.

אַז אונזערע אידעען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט געפינען געגוג פריינד און סימפּאַטיזירער אויך צווישען די העכערע קרייזען פון דער געזעל-שאַפט, איז אַ גוט בעקאַנטע זאַך. מיר איז אויסגעקומען זיך צו טרעפען מיט

פּיעלע מענשען, וועמעס פּראָפעסיאָן אָדער וועמעס הויכע שטעלונג אין לעבען האָט זיי געצוואונגען זיך אויסצוגעבען פאַר ביטערע געגנער פון אַלע פּראָגרעסיווע און פרייהייטליכע בעוועגונגען, און דאָך אין האַרצען זיינען זיי געווען איבערגעבענע אָנהייננער פון אונזערע אידעען.

אין לאָנדאָן האָט מיך איינמאָל בעזוכט אַ פראַנצויזישער פּאָעט, וועלכער איז בעריהמט אין דער הויכער פּאַריזער געזעלשאַפט... איך וויל ניט דערמאָנען דאָ זיין נאָמען, ווייל דאָס קען איהם פיליייכט זיין אונאַנגענעהם. עס וועט זיין גענוג צו זאָגען, אַז ער ווערט פּעררעכענט פאַר אַ גוטען בורזשואַ, פאַר אַ פריינד פון אָרדנונג.

אָבער דיזער „גוטער בורזשואַ" האָט מיר ערקלעהרט, אַז ער איז ניט אימער אַזוי געווען און אַז בעצם איז ער דאָס גאָר איצט אויך ניט, נאָר לפנים מוז ער שפּיעלען אַזאַ ראָלע, אַניט וואָלט ער קיינמאָל ניט געקענט צוקומען צו זיין איצטיגער פּאָזיציע אין לעבען. ער האָט געהאַט צוויי וועגען: אומקומען אין נויטה און ערקלעהרט ווערן אַלס „געפעהרליכער, ווילדער אַנאַרכיסט" אָדער ווערן אַ בעריהמטער פּאָעט און אָנשפּאַרען אין די הויכע פענסטער... ער האָט אויסגעקליבען דעם צווייטען וועג, כאָטש זיין האַרץ איז געבליבען מיט אונז...

פאַר מיר איז דיזע ערקלעהרונג ניט געווען קיין איבעראַשונג. האָב איך דאָך אין לאָנדאָן גופא געהאַט אַ געלעגענהייט צו זעהן לאָרדען, וועלכע זיינען שטאַרק פעראינטערעסירט אין אונזערע אידעען און סימפּאַטיזירען זאָגאַר מיט זיי.

איך וויל דאָ דערמאָנען איינעם פון זיי, דעם לאָרד פּערסאָנס, וועלכער פלעגט קומען גאַנץ אָפט צו אונזערע פערזאַמלונגען.

ער פלעגט אויסזוכען ערגעץ־וואו אַן אַלטען, אָבגעטראָגענעם מאַנטעל, זיך אָנטהאָן אַ קלעגליכען הוט, און אַזוי פלעגט ער קומען אין „אויטאָנאָמיע קלוב" אָדער אין „גראַפטאָן האָל" צו אונזערע מיטינגען.

איינמאָל האָט מיט איהם זאָגאַר פּאַסירט אַ מערקווירדיגע געשיכטע, וועלכע האָט געמאַכט אַ רעש איבער'ן גאַנצען לאַנד.

דאָס איז געווען אין די נייינציגער יאָהרען, איינמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט.

אין ענגלאַנד האָט דאַן געהערשט אַ מורא'דיגע אויפרעגונג. די אַנאַרכיסטען זיינען געווען זעהר שלעכט אָנגעשריבען ביי דער רעגירונג; די צייטונגען האָבען געהאַלטען אין איין העצען געגען אונז, און די פּאָליציי האָט אונז פערפאָלגט אויף אַ שרעקליכען אופן.

ס'איז ניט געווען קיין זעלטענע זאַך, מען זאָל אָנפאַלען אויף אונז גראָד דאַן, ווען מיר פלעגען זיך פערזאַמלען אויף אַ פּאָרטראַג אָדער אַן איינפאַכע פערזאַמלונג.

מעלוויל, דער טשיף אינספּעקטאָר פון „סקאָטלאַנד יאַרד", האָט ליעב געהאַט אונז צו מאַכען אַן איבערראשונג, און מעהר ווי איינמאָל איז ער

אַריינגעפֿאַלען צו אונז אויף אַ מיטינג גראָד אַרום האַלבע נאַכט, ווען מיר האָבען געהאַלטען ביים פֿונאַנדערגעהן זיך. ער פֿלעגט זיך אומקוקען אויף אַלע זייטען, אין דערנאָך פֿלעגט ער הייסען זיינע בעגלייטער, זיי זאָלען אַרעסטירען אַ פּאָר פֿון די פֿערזאַמעלטע, פֿערשטעהט זיך, די, וועלכע האָבען איהם אייסגעקוקט מעהר פֿערדעכטיגט איידער די איבעריגע.

ביי איינעם פֿון די דאָזיגע אומגעריכטע „בעזוכען" האָט מעלוויל געפֿונען דעם פֿערשטעלטען לאָרד פּערסאָנס. אין דעם אַלטען מאַנטעל מיט דעם אָבגעבליאַקעוועטען הוט האָט דער ענגלישער לאָרד ווירקליך אויסגעזעהן ווי אַ „געפֿעהרליכער" מענש, און ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס מעלוויל האָט געלייגט די האַנד אויף איהם.

דער לאָרד האָט ניט פּראָטעסטירט:

אַלס גוטער ענגלענדער, וועלכער רעספּעקטירט די געזעצען פֿון זיין לאַנד, האָט ער זיך געלאָזט אָבפֿיהרען אין פּאָליציי-סטאַציאָן.

אַז מען האָט איהם געפֿרעגט אויף זיין נאָמען און אַדרעס, האָט ער אַ וואָרף געטהאָן זיין וויזיט-קאַרטע ביים טשיף אינספּעקטאָר אויף'ן טיש.

מעלוויל האָט גלייך דערקענט דעם לאָרד און ער האָט גאָר ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו פֿערענטפֿע׳ן פֿאַר איהם.

— איהר דאַרפֿט זיך גאָרניט ענטשולדיגען, מיין הערר, — האָט לאָרד פּערסאָנס געזאָגט. — איהר האַנדעלט אין די אינטערעסען פֿון דער געזעלשאַפֿט, און איך, איך זוך אויך צו בעשיצען דיזע געזעלשאַפֿט, נאָר אויף אַן אַנדער אופֿן ווי איהר, דאָס הייסט, פֿיהרענדיג איהר צו איהר אידעאַל...

די פּאָליציי איז אין ערגעץ ניט געוועהנט צו האַלטען אַזעלכע זאַכען בסוד, און ענגלאַנד מאַכט ניט קיין אויסנאַהמע אין דיזער הינזיכט.

אַ רעפּאָרטער האָט דערשמעקט די גאַנצע געשיכטע, און אויף מאָרגען איז זי ערשיענען אין איינער פֿון די לאָנדאָנער צייטונגען.

דאָס איז געווען אַ מורא'דיגער סקאַנדאַל.

פֿערשטעהט זיך, אַז דאָס בלאַט האָט ניט פֿערעפֿענטליכט דעם נאָמען פֿון דעם לאָרד, נאָר דאָך איז דאָס געווען גענוג אָנצומאַכען אַן אמת'ע מהומה אין די הויכע ענגלישע קרייזען.

די גרויסע ענגלישע אַריסטאָקראַטיע האָט ענערגיש פּראָטעסטירט געגען דיזען „פֿאַלשען קלאַנג", ווי זי האָט עס אָנגערופֿען, און זי האָט ערקלעהרט, אַז קיין שום לאָרד האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט ערנידעריגט צו געהן אויף אַן אַנאַרכיסטישער פֿערזאַמלונג.

אָבער לאָרד פּערסאָנס איז געווען אַ צו עהרליכע נאַטור צו בלייבען פֿערשטעקט אין אַ ווינקעל דאַן, ווען די וואַהרהייט ווערט אַזוי געטראָטען מיט די פֿיס... ער האָט אַלזאָ אָנגעשריבען צו דער ענגלישער צייטונג אַ בריעף, אין וועלכען ער האָט אָבגעגעבען פֿאָלגענדע אינטערעסאַנטע ערקלעהרונג:

„יאָ, דאָס בין איך דאָס געווען דער ענגלישער לאָרד, וועלכער איז גע-גאַנגען אין גראַפּטאָן האָל אויף דעם אַנאַרכיסטישען מיטינג.

„איך בין דאָס געווען דער, ווען מר. מעלוויל האָט אַרעסטירט ווי אַן איינפּאַכען „דזשעק דהי ריפּער".

„נאָר איידער איהר פֿערוואַרפֿט מיך מיט שמוץ, הערט מיך בעסער אויס

„מיר זיינען אַ טויזענד מיוחסים, וועלכע לעבען דאָ אין לאָנדאָן אַזוי ווי די קעניגע, און מיר פֿיהלען זיך אַזוי גליקליך, אַז מיר פֿערגעסען גאָר זיך אומצוקוקען אויף די, וועלכע ערקלעהרען, מיט רעכט אָדער מיט אונרעכט, אַז די געזעלשאַפֿט איז שלעכט און גרויזאַם.

„איך בין אַרונטערגעגאַנגען פֿון מיין פּיעדעסטאַל, אום זיך אויסצומישען מיט די, וועלכע איהר רופֿט „המון", און לאָמיך אייך זאָגען, אַז אין „גראַפּ-טאָן האָל" האָב איך געהערט רעדנער, וועלכע האָבען געזאָגט גאַנץ פֿער-נינפֿטיגע זאַכען.

„זיי האָבען זיך געקלאָגט אויף די סאָציאַלע אונגערעכטיגקייטען. זיי געפֿינען, אַז מיר האָבען קיין שום רעכט ניט צו האָבען אַ פערמעגען דאַן, ווען זיי ליידען הונגער...

„ס'איז בלויז אַ מיינונג, וועט איהר זאָגען; איך גיב דאָס צו. אָבער לאָמיך אייך פֿערזיכערן, אַז זי איז ניט ערגער ווי אירגענד וועלכע אַנדערע מיינונג, וואָס מיר פֿערטהיידיגען אַזוי שטאַרק.

„דער פֿעהלער אין אייראָפּאַ איז דאָס, וואָס מיר בעשעפֿטיגען זיך זעהר ווייניג מיט דער לאַגע פֿון דער ליידענדער קלאַסע... אַז די אָרעמע און היימלאָזע מאַרשירען פֿערביי אונזערע פּאַלאַצען אין דער מאַניפֿעסטאַציע פֿון די אַרבייטסלאָזע, וואַרפֿען מיר זיי צו עטליכע פֿונט, און מיר מיינען, אַז מיר האָבען שוין גענוג געטהאָן פֿאַר זיי...

„נון, מיר האָבען אַ גרויסען טעות! מען דאַרף זיך ניט צופֿריעדענשטע-לען דערמיט, וואָס מען גיט די אָרעמע לייט עטליכע פענים, מען מוז זיי אַלעמען פֿערזאָרגען מיט אַרבייט...

„פֿילייכט אַז זיי וועלען קענען שטילען זייער הונגער, אַז זיי וועלען האָ-בען וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגען, אַז זיי וועלען קענען ערנעהרען זייערע פֿאַמיליען, — פֿילייכט וועלען זיי דאַן ניט זיין אַזוי ווילד, אַזוי אויפֿגעבראַכט געגען דער געזעלשאַפֿט...

„אָבער אום צו וויסען וואָס זיי ווילען און וואָס זיי נייטיגען זיך, מוז מען אַביסעל לעבען צווישען זיי.

„איך האָב פֿערבראַכט אַ פּאָר שטונדען אין זייער געזעלשאַפֿט, און דאָס האָט מיר געגעבען די געלעגענהייט צו פֿילאָזאָפֿירען אַביסעל..."

דיזע ווערטער, וועלכע זיינען, דוכט זיך, געווען אַזוי פֿערנינפֿטיג, האָ-בען אָבער די ענגלענדער גאָרניט געשמעקט...

מען איז אַרויפֿגעפֿאַלען ווי די ווילדע אויף דעם אָרעמען לאָרד.

די טהירען פֿון די סאַלאָנען האָבען זיך פֿאַר איהם פֿערמאַכט, און זיין אייגענע פֿאַמיליע האָט זיך מיט איהם געשעהמט.

זי האָט איהם ניט געקענט מוחל זיין פֿאַר דער שמאַך און שאַנד, וואָס ער האָט אַרויפֿגעצויגען אויף איהר.

אַזוי ווי ענגלאַנד איז אַ „פֿרייע מדינה" און יעדער איינער האָט אַ רעכט צו האָבען זיין מיינונג, האָט מען דעם לאָרד ניט געקענט אריינזעצען אין טורמע דערפֿאַר.

נאָר אַ מיטעל האָט מען דאָך געפֿינען, איהם צו בעזייטיגען, איהם דערוויטערן פֿון דער „הויכער געזעלשאַפֿט", פֿון וועלכער ער האָט זיך אַליין מיט זיינע רייד אויסגעשלאָסען.

מען האָט איהם ערקלעהרט פֿאַר משוגע און איהם אַריינגעגעבען אין אַ דול-הויז...

איך גיב צו, אַז דיזער סקאַנדאַל האָט געקענט אָבשרעקען די אַנדערע וואָהלהאַבענדע לייט, וועלכע האָבען געהאַט בדעה זיך אָבצוגעבען אַביסעל מיט דער סאָציאַלער פֿראַגע.

ראָטשפֿאָר, ריידענדיג איינמאָל מיט מיר וועגען דיזען פֿאַל, האָט מיר געזאָגט:

„לאָרד פערכאָנס איז ווירקליך געוועזען אַ משוגענער, מחמת ער האָט געהאַט אַן איידעל האַרץ און אַן אויפֿריכטיגען כאַראַקטער אין רעכטען מיטען פֿון אַ געזעלשאַפֿט פֿון הוילע צבוע'יאַקעס."

דיזער אָרעמער לאָרד פערסאָנס איז געוועזען פֿערשפאַרט אין אַ דול-הויז אין דעם געגענד פֿון טשעלסי.

איינמאָל האָב איך זיך נאָכגעפֿרעגט אויף איהם ביי אַ דאָקטאָר פֿון דיזען אַנשטאַלט.

— דיזער מאַן איז ניט משוגע, — האָב איך זיך אָבגערופֿען.

— וואָס מיינט איהר דערמיט? — האָט זיך דער דאָקטאָר געוואונדערט.

— דאָס וואָס איך זאָג. איך בין איבערצייגט, אַז ער איז קלאָהר ווי אַלע קלאָהרע מענשען.

— מען זעהט אַרויס, אַז איהר קענט איהם ניט, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — דאָס איז אַ געפֿעהרליכער משוגענער... ער האַלט אונז בסדר אין איין רופֿען עזעל-קעפּ...

— און ער איז, כ'לעבען, גערעכט...

— אַזוי מיינט איהר?

— יאָ... איינצושפאַרען אַזאַ געזונדען און קלאָהרען מענשען ווי לאָרד פערסאָנס, האָבען די דאָקטוירים, וועלכע האָבען איהם עקזאַמינירט, ענטווע-דער געמוזט זיין איינפֿאַכע עזלען, אָדער מען האָט זיי געמוזט געבען אַ רעכטע מטבע אין די לאַפּעס, כדי זיי זאָלען בעגעהן דיזען מורא'דיגען פֿער-ברעכען...

און די לעצטע השערה איז טאַקי געווען ריכטיג.

שפּעטער איז מען געוואָהר געוואָרען, אַז דעם לאָרד'ס פּלימעניקעס האָבען געקראָגען צוויי דאָקטויירים, וועלכע האָבען פאַר אַ רעכטע סומע ערקלעהרט דעם אונגליקליכען מענשען פאַר משוגע און האָבען איהם מיט געוואַלד אַריינגעזעצט אין דול הויז.

ס'האָט זאָגאַר געהאַלטען דערביי, עס זאָל דורך דעם אויסברעכען אַ גרויסער סקאַנדאַל, נאָר אָט אַפּנים אַז לאָרד פּערסאָנס האָט עס ניט געוואָלט און ער האָט בעסער אויסגעקליבען צו שטאַרבען אין משוגעים-הויז, איידער זיין פאַמיליע זאָל ווערן צו שאַנד און צו שפּאָט.

ווי איהר זעהט, איז ניט אזוי לייכט, ווען מען איז רייך, זיך אָבצוזאָגע-בען אַביסעל מיט די וואָס ליידען.

דאָס ווייזט עפּעס אויס אַזוי מאָדנע, אַז מען ווערט דערפאַר ערקלעהרט פאַר משוגע און מען שפּאַרט אָן אַזש אין דול-הויז...

## .XVI

## מיינע קוריאָזע שכנים.

דער בעל הבית פון מיין וואוינונג אין איסט דאָליטש איז געווען אַן אויסגעצייכענטער מענש, אַן אינטעליגענטער ענגלענדער, וועלכער האָט אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ געוועהנליכע שכנה און ס'האָט איהם ניט אָנגעהוי-בען ארען וואָס איך בין אַן אַנאַרכיסטקע. ביי איהם אין די אויגען בין איך געווען אַ פערזאָרגטע פרוי, וואָס לעבט פון גרייטען און האָט זיך איהרע פאָרטגעשריטענע אידעען, נאָר ער האָט קיין מורא ניט געהאַט פאַר מיר. אין דער צייט וואָס געוויסע שכנים מיינע האָבען געקוקט אויף מיר מיט פערדאַכט און זאָגאַר מיט שרעק, פלעגט אָט דער לענדלאָרד קומען פון צייט צו צייט פערפיהרען אַ שמיקעל געשפרעך מיט מיר.

דאָס איז געווען אַן אַמאָליגער מאַטראָז, וועלכער איז פּלוצלינג רייך געוואָרען, נאָר ער איז געבליבען אַזוי פּראָסט ווי געווען.

דערצו איז ער געווען אַן איידעלער מענש מיט אַ גוט הארץ.

איינמאָל, ווען איך האָב זיך פערענטפערט פאַר איהם פאַרוואָס איך קען איהם קיין דירה-געלד ניט צאָהלען, האָט ער מיך געפרעגט:

— וואָס זשע, איהר לעבט דען ניט פון גרייטען?

— איך? געוויס ניט.

— אָבער איהר אַרבייט דאָך ניט...

— איך שרייב ביכער און האַלט פאָרטרעגע.

— און דאָס ברייגנט עפּעס איין?..

— ווי אַמאָל...

— אָבער אַז איהר האָט ניט קיין בעשטעלונג אויף אַ בוך אָדער אַ פּאָרטראַג, פֿון וואָס לעבט איהר דאַן?

— מיינע קאַמעראַדען קומען מיר צו הילף.

דאָס איז דעם ענגלענדער זעהר געפֿעלען. ער איז געווען שטאַרק בעגייכטערט פֿון דער סאָלידאַריטעט, וועגען וועלכער איך האָב מיט איהם זעהר אָפֿט גערעדט, נאָר ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז דאָס איז איצטיגע צייטען שווער צו בעהויפּטען.

— מיר לעבען אין אַ יאָהרהונדערט פֿון עגאָאיזם, — האָט ער געזאָגט. — די, וואָס זיינען גליקליך און רייך, האַלטען זייער געלד פֿאַר זיך...

ער אַליין איז ניט געווען ווי די אַנדערע. אָבער דאָס האָט זיך געלאָזט בעגרייפֿען. ער פֿלעגט עס מיר ערקלעהרען אויף אַזאַ׳ן אופן:

— אָה, איך, זעהט איהר, דאָס איז עפּעס אַנדערש... איך בין אַמאָל געווען זעהר אינגליקליך. צוואַנציג יאָהר צייט האָב איך געאַרבייט שווער און ביטער, אין דערנאָך, פּלוצלינג, איז מיר אַריינגעפֿאַלען אַ ירושה... אָבער איך קען ניט פֿערגעסען וואָס די נויטה איז אַזוינס און איך סטאַרע זיך ווי וויים מעגליך צו העלפֿען די אונגליקליכע.

אַ פֿילאַנטראָפּ. ווייטער איז ער ניט געגאַנגען. זיין רעספּעקט פֿאַר׳ן געזעץ איז געווען זעהר גרויס. ער האָט שטאָלצירט מיט דער ענגלישער רעגירונג און מיט איהרע געזעצע.

נאָר איינמאָל האָט זיך איהם געמאַכט עפּעס, וואָס האָט אַביסעל אָבגעשוואַכט אין איהם די אַכטונג פֿאַר׳ן געזעץ. מען האָט איהם פֿערורטהיילט צו אַ גרויסער געלד-שטראָף דערפֿאַר וואָס ער האָט ניט אָבגעהיט אַ געוויסע פֿאָרשריפֿט פֿון דער רעגירונג, און אַזוי ווי ער האָט זיך געלאָזט בעטען און ניט געוואָלט אַזוי גיך בעצאָהלען, האָט מען איהם צוגעלייגט 12 טעג געפֿענגניס אויך. פֿון דאַן אָן האָט ער אָנגעהויבען האָבען אַן אַנדער מיינונג וועגען די געזעצע פֿון זיין לאַנד.

ווער ווייס? מיר וואָלטען איהם אפשר געקענט אין גאַנצען געווינען פֿאַר אונזערע איבערצייגונגען, נאָר ער איז געווען צו אַלט דערצו, און ער איז אין אַ שטיקעל צייט אַרום געשטאָרבען...

— — — — — — — — — — — — — — —

נאָר צוויי שכנים האָב איך געהאַט אין איסט דאַליטש, צוויי אַלטע ענגלענדער, אַ מאַן מיט אַ פֿרוי, וועלכע פֿלעגען מיך אָנקוקען מיט צושראָקענע אויגען, ווען איך פֿלעג פֿערבייגעהן מיט מיינע הינטלאַך פֿערביי זייער הויז.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט האָבען זיי פֿאַר מיר קיין אַנדער נאָמען ניט געהאַט, נאָר די „שווארצע פֿרוי"...

דער מאַן איז געווען אַ הויכער, מאָגערער אַלטער; זיין פֿרוי אַ דיקע פֿערזאָן מיט געגרייזעלטע האָר און מיט אַ טונקעלען געזיכט.

דיזע בראַווע לייט האָבען זיך איינגערעדט, אַז מיין שכנות איז פאַר זיי אַ געפאַהר. ביי זיי איז געווען אָבגעמאַכט ניט אַנדערש, נאָר אַז איך האָב זיך אָנגעזעצט אויף זיי און שיק אויף זיי אָן אַלערליי אומגליקען...

גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז ווען איך פלעג נור פערביינעהן זייער הויז, האָט געמוזט עפּעס פּאַסירען... ס'איז גענוג געווען איך זאָל זיך בעווייזען, און דאָס האָט פערארורזאַכט דעם טויט פון אַ הוהן, אַ קאַץ, אַ פּאַ-פּאַגיי, אָדער אַ דאַכעלקע פלעגט אַרונטערפאַלען פון דאַך, אָדער אַ שויב האָט זיך צובראָכען...

אַ שטיק צייט האָב איך ניט אָנגעהויבען וויסען פון די אַלע זאַכען, ביז וואַנען אַן ארבייטער, וועלכער האָט פערריכט עפּעס ביי מיר אין הויז, האָט עס מיר דערצעהלט.

איך האָב גלייך אָנגעשריבען אַ בריעף צו דיזע בראַווע לייט און איך האָב זיי, פערשטעהט זיך, בערוהיגט און פערזיכערט, אַז איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגען... נאָר מיין בריעף האָט זיי נאָך אַריינגעוואָרפען אין אַ גרע-סערן שרעק.

איין טאָג האָט מען ביי זיי אַרויסגע'גנב'עט זייער ביסעל געלד, וואָס זיי האָבען געהאַט אָבגעשפּאָרט, און אויף וועמען האָבען זיי געקענט אַרויפ-וואַרפען די שולד, אויב ניט אויף מיר?

מען האָט מיך געשיקט רופען אין דער פּאָליציי און איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און געמוזט אַרויספּלאַצען מיט אַ ווילדען געלעכטער, הערענדיג, אין וואָס איך ווער בעשולדיגט.

דאָך האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָ מוז עפּעס שטעקען אַ געוויסע גע-היימע אינטריגע.

אומזיסט און אומנישט האָבען די אַלטע לייט ניט געקענט אָנהייבען אויף מיר אָט די אַלע נאַרישע זאַכען. מן הכתם איז דאָ פאַרהאַן עפּעס אַ געהיימניס, האָב איך זיך געטראַכט. און דיזע געהיימע זאַך האָב איך אַזוי לאַנג געזוכט ביז וואַנען איך האָב זי אויסגעפונען.

מיכטער און מיסיס קאָקאַהער (אַזוי האָט זיך דאָס אַלטע פּאָר פּאָלק גערופען) האָבען געהאַט אַ יונגע דיענסטמיידעל מיט'ן נאָמען מערי. איינ-מאָל האָב איך איהר אויסגעזידעלט דערפאַר וואָס זי האָט געוואָרפען אַ שטיין אויף איינעם פון מיינע הינטלאַך. די דאָזיגע מערי איז געווען אַ פער-ביסענע און זי האָט עס מיר בשום אופן ניט געקענט פערגעסען. אַזוי ווי זי האָט געהאַט אַ גלאַטען צונג און געוואוסט ווי אַזוי צו נעהמען איהרע בעלי בתים, האָט זי זיי איינגערעדט, אַז איך בין אַ כישוף-מאַכערין, אַ טייוועל, וואָס איז אַראָב אויף דער ערד צו בעגעהן אַלערליי פערברעכענס...

דאָס איז געווען זעהר קאָמיש, און די דאָזיגע קליינע מערי האָט ווירק-ליך געהאַט אַ גרויסאַרטיגע פאַנטאַזיע... זי האָט זאָגאַר געהאַט צופיעל פאַנטאַזיע, און דאָס האָט זי אונגליקליך געמאַכט. די פּאָליציי האָט געמאַכט

אין אונטערזוכונג וועגען דער גנבה, און מען האָט געפֿונען דאָס גאַנצע געלד פֿון די אַלטע לייט ביי זייער דיענסט-מיידעל אין קאַסטען.

מען האָט איהר נאַטירליך אַריינגעזעצט אין טורמע, און פֿון דעם טאָג אָן וואָס זי האָט פֿערלאָזען זייער הויז, האָבען זיך די אַלטע לייט אויפֿגע-הערט שרעקען און עס האָט זיי שוין קיין שום אינגליק ניט געטראָפֿען.

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דאָס פֿלעגט מערי אַליין צובּרע-כען די שויבען, דערווערגען די היהנער, פֿער׳סמ׳ען די קעץ, נור כדי איהרע בעלי בתים זאָלען גלויבען, אַז דאָס טהו איך זיי דאָס אָב א כישוף...

די קליינע נאַר האָט אויף אַזאַ׳ן אופן געהאָפֿט מיר צו פֿערשאַפֿען אַבּי-סעל צרות אין זיך נוקם זיין אָן מיר.

נאָך אַ שכן האָב איך געהאַט, איז דאָס געווען אַ פֿערברענטער ספּי-ריטואַליסט.

אַ גאַנצען טאָג פֿלעגט ער זיך אָן עצה האַלטען מיט די טישלאַך, וועלכע ער האָט געצויגען פֿאַר דער צונג און זיי געמאַכט ריידען... און די טישלאַך האָבען איהם איבערגעגעבען פֿערשידענע מאָדנע זאַכען פֿון אַלע גרויסע ענגלישע מענער, פֿון נעלסאָן, דיקענס, שעקספּיר אָדער מילטאָן...

אין שטעלט אייך פֿאָר, איינמאָל האָט זיך שעקספּיר בעוויזען צום ספּי-ריטואַליסט און האָט איהם געוואָרענט פֿאַר מיר... „היט זיך,״ זאָגט ער, „פֿאַר לואיזע מישעל, זי איז פֿעהיג אויף אַלצדינג און צוליעב איהר איז אייער הויז אַרומגערינגעלט מיט שלעכטע גייסטער״...

זאָל מיר אסור זיין, צי איך ווייס, וואָס שעקספּיר האָט געהאַט צו מיר און פֿאַרוואָס איך בין אַזוי שלעכט געווען אין זיינע אויגען...

איין אָוועגד, ווען איך בין צוריקגעקומען פֿון גאַס אַהיים, האָב איך געפֿונען אַ מאַן, וועלכער האָט ביי מיר אין עסס-שטיב אָנגעצונדען עפּעס, וואָס האָט פֿונאַנדערגעטראָגען איבער׳ן צימער אַן עקעלהאַפֿטען רייך.

— ווער זייט איהר? — האָב איך אַ געשריי געטהאָן צו דיזען אומ-געבעטענעם גאַסט. — וואָס טהוט איהר דאָ ?...

דער מאַן האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פֿינסטערער מיענע, און ניט קו-מענדיג אין קיין שום פֿערלעגענהייט, האָט ער געענטפֿערט :

— איך טרייב אַרויס די שלעכטע גייסטער, וואָס איהר האָט אָנגעקלי-בען דאָ, און וועלכע איהר האַלט אין איין צושיקען צו מיר אין הויז...

דאָס איז געווען מיין שכן, דער ספּירימואַליסט.

איך בין שיער ניט צופּלאַצט געוואָרען פֿאַר געלעכטער און איך האָב איהם געלאָזט טהאָן ווייטער זיין לעבעדליכע אַרבייט. ס׳וואָלט געווען נאַריש פֿון מיין זייט צו פּרובירען איהם אָבהאַלטען דערפֿון.

אַז ער האָט אַרויסגעטריבען די בעהאַלטענע שלעכטע גייסטער פֿון אַלע מיינע צימערן, האָט ער זיך גאַנץ העפֿליך ענטשולדיגט פֿאַר מיר און האָט פֿאַר מיר אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ...

אויף אַזאַ'ן אופן בין איך דערגאַנגען, אַז איך האָב פֿאַר אַ שונא שעקספּיר'ן, דעם גרויסען שעקספּיר.

מען האָט ווירקליך געקענט שטאַרבען פֿאַר געלעכטער.

נאָר מיין ספּיריטואַליסט האָט ניט געטריבען קיין קאַטאָוועס.

מיט אַן ערנסטען טאָן האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— מאַדאַם, ס'איז ווירקליך געווען אַ העזה פֿון מיר אַריינצוקומען אַהער ניט אָנגעפֿרעגטערהייט, נאָר איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט. איך האָב פּשוט ניט געקענט שלאָפֿען... בייזע רוחות פֿלעגען אַרומשפּרינגען די גאַנצע נאַכט ביי מיר אין צימער... איך האָב געוואוסט, אַז זיי קומען פֿון אייך. ווען איך בעט ביי אייך די ערלויבעניש אַריינצוקומען אויסרייניגען אייער וואוינונג, וואָלט איהר עס מיר אָהן צווייפֿעל ענטזאָגט. דערפֿאַר בין איך אַריין אָהן אייער וויסען... איצט זיינען די שלעכטע גייסטער שוין פֿערניכטעט, און איך בין זיכער, אַז עס וועט אייך ניט באַנג טהאָן דערפֿאַר, ווייל זיי האָבען אייך אויך געמוזט פֿערדרעהען אַ קאָפּ...

— מיר? ס'הויבט זיך גאָרניט אָן.

— אַזוי מיינט איהר? אָבער איך ווייס וואָס איך רייד. אייערע אידעען זיינען דער בעסטער בעווייז דערויף... ווי מיינט איהר, וואָלט איהר דען געווען אַן אַנאַרכיסטין, אַן אונטערצינדערין און אַ רעוואָלוציאָנערקע, ווען די שדים און רוחות וואָלטען ניט געהאַט קיין שליטה איבער אייך?... אָבער אַלעס איז נאָך ניט געענדיגט, איהר זייט נאָך פֿער'כשוף'ט. מען מוז אייך נאָך בעפֿרייען פֿון די שלעכטע גייסטער, וועלכע האָבען זיך אַריינגעכאַפּט צו אייך אין קערפּער... פֿאַרהאַן דערצו אַן איינפֿאַכעס מיטעל.

— כ'בין אייך מוחל די טובה.

— דאָך...

— מיין הערר, אָנשטאָט מיך צו בעפֿרייען פֿון די גייסטער, בעט איך אייך, איהר זאָלט מיך גלייך בעפֿרייען פֿון אייער אָנוועזענהייט.

דער ספּיריטואַליסט האָט נאָך געוואָלט ווייטער ריידען, נאָר איך האָב איהם לאַנגזאַם צוגעפֿיהרט צו דער טהיר.

אַוועקגעהענדיג האָט ער מיר צוגעוואָרפֿען פֿאָלגענדע ווערטער:

— אַה, אָרעמע פֿרוי! אָרעמע פֿרוי וואָס איהר זייט! איך האָב געוואָלט אייער טובה און איהר האָט מיך ניט פֿערשטאַנען. וואָס קען איך טהאָן? יעדענפֿאַלס, איך בין רוהיג, איך בין בעפֿרייט פֿון די בייזע גייסטער.

און מיין אָרעמער ספּיריטואַליסט איז אַוועק. מעהר האָב איך פֿון איהם ניט געהערט.

מען קען זיך גאָרניט פֿאָרשטעלען, ווי דער ספּיריטואַליזם איז פֿערשפּרייט אין ענגלאַנד. ער האָט דאָ טויזענדער אָנהייגער.

יעדען אָוונד ווערן אין לאָנדאָן אָבגעהאַלטען ספּיריטואַליסטישע פֿערזאַמלונגען, אין וועלכע עס בעטהייליגען זיך דאָס רוב די „גרויסע לייט".

לאַרדען, באַראָנען אין וויערע פּרויען קומען זיך צונויף אַהין, זיך דורכריידען מיט די טישלאַך און זיך נאָכפרעגען ביי זיי וועגען דעם וואָס עס טהוט זיך אויף יענער וועלט...

פֿון צייט צו צייט יאַוועט זיך אַ זאָגענאַנטער „מידיום" אויף דיזע פֿער-זאמלונגען און צייגט די איינגעגלויבטע שוטים אויסערגעוועהנליכע, ערשטוי-נענדע זאַכען.. אַט רופֿט ער אַרויס פיגורען פֿון מענשען, וועלכע זיינען שוין טויט זייט יאָהרהונדערטע, און אָט לאָזט ער זיי הערען שטימען פֿון יענער זייט קבר...

די דאָזיגע „מידיומס" זיינען דאָס רוב דורכגעטריבענע שווינדלער. זיי זועהן, פֿערשטעהט זיך, גיט בעלוינט פֿאַר זייער אַרבייט און זיי מאַבען גאָל-דענע געשעפֿטען אין ענגלאַנד.

איך האָב געקענט איינעם פֿון זיי, אַ געוויסען האַריסאָן, וועלכער האָט אין איין יאָהר צייט געמאַבט ניט ווייניגער פֿון פֿופֿציג טויזענד פֿונט.

אָבער דיזער האַריסאָן איז איינפֿאַך געוועזען אַ געשיקטער שוואַרץ-קינצ-לער, ווייטער גאָרנישט. און איינמאָל האָט מען איהם טאַקי אַרעסטירט אין רידזשענט סטריט, בעת ער האָט דאָרט כלומר׳שט געוואָלט צייגען, ווי די גלעזער טאנצען אויף זיין בעפֿעהל...

אַן אַנדער ספּיריטואַליסטישער „מידיום" מיט׳ן נאָמען פּאַניפוסטאָן האָט אין אַ געוויסען מאָמענט געמאַבט אַ רעש אין לאָנדאָן, איבעראַל האָט מען גערעדט פֿון איהם. ער האָט זיך אָנגעגעבען פֿאַר אַ וואונדערבאַרען דאָקטאָר, וואָס קען אויסהיילען אַלע קראַנקהייטען, און נאָך אַן אייגענשאַפֿט האָט ער געהאַט: אַזוי ווי דער הייליגער אַנטאָניוס פֿון פּאַדואַ האָט ער געקענט אויסגעפֿינען אַלע גנבות, אַלע פֿערלאָרענע זאַכען...

אין גראָזווענער סטריט האָט ער געהאַלטען אַ קליינעם אַפּאַרטאַמענט, וואו ער פֿלעגט אויפֿנעהמען זיינע פּאַציענטען און זיינע קליענטען און זיי געבען זיינע עצות.

זיין וואוינונג איז שטענדיג געוועזען בעלאַגערט פֿון מענשען. און ער האָט זיך פֿון קיין זאַך ניט אָבגעזאָגט. די שווערסטע קרייגק איז פֿאַר איהם געוועזען אַ גאָרנישט; ער האָט זיך אָנגענומען צו קורירען די, וועמען אַלע דאָקטוירים האָבען אָבגעזאָגט דאָס לעבען... געוועהנליך איז איהם געגאַנגען ווי אַלע „געטריבע" מענשען פֿון זיין סאָרט. זייענדיג אַ דורכגעטריבענער זשוליק, האָט ער געוואוסט, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרעהען פֿון יעדער צרה און ער האָט אימער געהאַט אַן אָנגעגרייטען תירוץ, טאָמער איז איהם עפּעס ניט געלונ-גען. און עס איז איהם זעהר אָפֿט ניט געלונגען!

די נייגיריגקייט האָט מיך געצויגען זיך צו בעקענען מיט דיזען בהור. דאָס האָט מיר געקאָסט צוועלף שילינג, נאָר בנאמנות, אַז איך בעדויער עס גאָרניט, ווייל דיזער פּאַניפוסטאָן איז ווירקליך געוועזען אַמוזירענד.

צוערשט האָט ער מיך אָנגענומען פֿאַר אַ הייליגע שוועסטער, דערנאָך

פֿאַר אַ גוּ אוּוערנאַנטקע, און ענדליך בין איך געווען אַ פֿערקויפֿערין פֿון טי-קעטס ביי דער אייזענבאַהן...

אַז איך האָב איהם געזאָגט, אַז ער האָט אַ טעות און אַז איך בין גאָר לואיזע מישעל, איז ער תחילת געבליבען זיצען אַ צומישטער, נאָר דער חברה באַן האָט געהאַט אַ טייפֿלישע הוצפה אין זיך, און אַזוי ווי ער איז אַזוי מיאוס אַריינגעפֿאַלען וועלענדיג טרעפֿען די געגענוואַרט, האָט ער זיך געפרואווט מיט דער צוקונפֿט.

און ער האָט מיר נביאות געזאָגט, אַז איך וועל שטאַרבען אויף׳ן ים און אַז מיין קערפער וועט דיענען אַלס שפּייז פֿאַר די פֿיש...

מילא, מיין דאגה! זאָל זיין אויף׳ן ים אַ נפקה מינא דאָס איז, ווער עס וועט אויפפֿרעסען דעם קערפער, די פֿיש צי די ווערים... נאָר לאָמיך כאָטש וויסען, ווען דאָס וועט זיין.

— און אין וואָס פֿאַר אַן עלטער וועל איך שטאַרבען? — טהו איך אַ פֿרעג דעם דאָזיגען לוסטיגען שווינדלער.

— צו זעבציג יאָהר, — ענטפֿערט ער מיט אַ זיכערן טאָן.

— אויב אַזוי בין איך שוין זיבען יאָהר טויט, מחמת איך בין אַצונד זיבען און זעבציג יאָהר אַלט...

פֿאַניפּוסטאָן איז געוואָרען אַלערליי קוליערען און ער האָט פרובירט מיך איינרעדען, אַז איך האָב אַ טעות... איך קען ניט זיין אַזוי אַלט! כ׳מיז אידאי זיין עפּעס אַ מיאוס׳ער גרייז ביי מיר אין געבורטשיין, ווירקליך, ס׳קען ניט זיין, איך זאָל שוין זיין אַזוי ווייט אַריבער די זעבציג...

מען קען זיך מישער זיין, וואָס פֿאַר אַ מיינונג איך האָב נאָכדעם גע-קענט האָבען וועגען דיזע אַלע „מידיומס" און וועגען די אַלע ספּירימיאַליס-טישע לעכערליכקייטען. דאָס האָט פֿונדעסטוועגען ניט געשטערט געוויסע לייט צו פֿערשפּרייטען אַ קלאַנג, אַז איך בין אַ ספּירימיאַליסטין און אַז איך האַלט זיך אין איין בעראַטהען מיט די טישלאַך... אַז איך וועל שטאַרבען, וועט זיך מן הסתם געפֿינען עפּעס אַ ליג, וואָס וועט אַרויסרופֿען מיין גייסט און וועט מיך פֿאָרשטעלען פֿאַר אַן עולם פֿון נייגיריגע, איינגעגלויבטע נאַ-רען, פֿילייכט וועט מען מיר נאָך אַריינלייגען אין מויל אַ רעדע, אין וועלכער איך וועל כלומר׳שט ראַטהען דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק איינצופֿיהרען צוריק דאָס קעניגטהום אין פֿראַנקרייך. אַ קשיא אויף אַ מעשה!...

איך וועל אפשר זיין אַזוי ווי דער אָרעמער וויקטאָר הוגאָ, וועלכער הערט ניט אויף צו ריידען דורך די טישלאַך. ס׳איז דאָך ניטאָ קיין איין ספּי-ריטואַליסטישער צוזאַמענקונפֿט אין פֿראַנקרייך, וואו דער גייסט פֿון דיזען גרויסען פּאָעט זאָל זיך ניט בעווייזען פֿאַר׳ן עולם...

האָב איך דאָך אַליין בייגעוואוינט פֿאָלגענדע קאָמישע געשיכטע אויף אַ געהיימער ספּירימואַליסטישער פֿערזאַמלונג אין פאַריז. אַ טישעל האָט גע-קלאַפּט און געענטפֿערט אויף אַלע פֿראַגען... איינער פֿון די אָנוועזענדע האָט אויפֿגעשריבען אַ פֿערז פֿון אַ געדיכט.

— ווער איז דער פערפאַסער פון דיזען פערז? — האָט אַ דאַמע גע-פרעגט.

דאָס מישעל האָט אויסגעקלאַפּט:

— וויקטאָר הוגאָ.

און דער עולם איז געווען אויסער זיך פאַר ענטציקונג.

ני, איז אָבער דער דאָזיגער פערז געווען ניט וויקטאָר הוגאָ'ס, נאָר ער האָט געשטאַמט פון דער פעדער פון אַן אַנדער פראַנצויזישען פּאָעט: אַל-פרעד דע מיסע...

אָט אַזוי, אַז אויף יענער וועלט געהען אויך אָן דיזעלבע קליינליכע געשעפטען: די פּאָעטען גנב'ענען איינער ביים אַנדערן די פערזען, וואָס זיי האָבען געשריבען דאָ, אויף דער ערד...

XVII.

## מיין געהיימער בעזוך אין פאַריז.

די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען איהר גאַנג, און איינינע פון מיינע אינטימסטע פריינד האָבען מיך איינציגווייז פערלאָזען; דער טויט איז געקו-מען און האָט זיי צוגענומען פון מיר.

איך האָב געזעהן, ווי אָט די אַלע געזינדע, קרעפטיגע מענשען שטאַר-בען אַוועק לעבען מיר; און איך, די שוואַכע, איך, וואָס איך בין שוין אפשר הונדערט מאָל געווען מיט איין פוס אין קבר, — איך האָב נאָך אַלץ געלעבט.

דאָך זיינען, ווייזט אויס, געווען געניג מענשען, וועלכע האָבען ניט געקענט ליידען וואָס איך לעב אויף דער וועלט, מחמת זיי האָבען מיך מעהר ווי איינמאָל ערקלעהרט פאַר טויט. וואָס זאָג איך? זיי האָבען מיך זאָגאַר בעגראָבען. מען קען זיך משער זיין, ווי ערשטוינט איך בין געוואָרען איינ-מאָל אין אַ פריה-מאָרגען, ווען איך האָב אין די צייטונגען געפונען פאָל-גענדע צייל'ען:

„ליאיזע מישעל איז נור וואָס געשטאָרבען אין לאָנדאָן. די כוחות זיינען איהר איינפּאַך אויסגעגאַנגען. איהרע פריינד האָבען געדיינקט, אַז זי וועט זיין שטאַרק געגוג אַריבערצוטראָגען די קראַנקהייט, נאָר די בעריהמטע אַנאַר-כיסטין איז בעוויעגט געוואָרען פון'ם טויט, ניט קוקענדיג אויף די פערזעהי-דענע מיטלען, וואָס מען האָט אָנגעווענדעט זי צו ראַטעווען... דאָס איז געווען אַ בראַווע פרוי, זעהר אַ גוטע, אַן אמת'ע וועלטליכע שוועסטער פון וואָהלטהעטיגקייט... אויב זי האָט זיך צייטענווייז צו שטאַרק צוהיצט ביים ריידען, איז אָבער איין זאַך זיכער, אַז דיזע פרוי איז געווען ערנסט און אויפריכטיג.“

דערנאָך געהט אַ גאַנצער אַרטיקעל, פֿיל מיט שבחים וועגען מיין לעבע און מיין טהעטיגקייט.

אַזוי האָב איך, הייסט עס, געלייענט מיין אייגענעם הספד, נאָר דאָס איז ניט אַלעס. איך בין זאָגאַר געווען אויף מיין אייגענער לויה...

אַן אַנדער זשורנאַליסט, וועלענדיג אַריבערשטייגען זיינע קאָלעגען, האָט געבראַכט אַ פֿולען בעריכט פֿון מיין בעגרעבעניש אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען אַ גרויסאַרטיגע לויה... און שטעלט אייך פֿאָר, אַז צווישען ד׳, וואָס האָבען איהר בייגעוואוינט, האָט דער קאָרעספּאָנדענט אויסגערעכענט היבשע עטליכע מענשען, וואָס זיינען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען...

די פֿראַנצויזישע שפּיאָנען, וועלכע האָבען געוואוינט אין לאָנדאָן, זיינען געקומען צו מיר געוואָהר ווערן, צי בין איך טאַקי ווירקליך געשטאָרבען, און מען קען זיך פֿאָרשטעלען ווי צומישט זיי זיינען געבליבען, ווען זיי האָבען מיך דערזעהן אַ לעבעדיגע. תחילת האָבען זיי געקוקט אויף מיר מיט פֿערה־עכטיגע אויגען, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ גלגול... נאָר אַז זיי האָבען זיך פֿערזיכערט, אַז איך לעב ווירקליך, זיינען זיי אַוועק מיט אַ לייכטען געמיטה.

זיי האָבען גאָרניט געוואָלט, איך זאָל שטאַרבען...

דאָך, דאָס לעבען האָט מיר אָנגעהויבען ווערן שוין צו לאַנגווייליג אין לאָנדאָן. איך האָב דערפֿיהלט אַ טיעפֿען וואונש צו זעהן צוריק פֿראַנקרייך. דאָס איז ניט געווען קיין היים-וועה, קיין בייגקעניש נאָך מיין געבורטס-לאַנד. ווי אַזוי האָב איך געקענט בייגקען נאָך אַ לאַנד, וואו עס הערשט אַזויפֿיעל אונגערעכטיגקייט? נאָר איך האָב געוואָלט זיך איבערצייגען וואָס פֿאַר אַ פֿאָרטשריט די גרויסע אידעע פֿון פֿרייהייט האָט געמאַכט אין די פֿראַנצויזישע שטעדט.

נו, האָב איך אַלזאָ קיינעם קיין וואָרט ניט געזאָגט, און אין אַ שעהנעם טאָג האָב איך זיך פֿערקליידעט פֿאַר אַ מאַן, און אויף אַזאַ פֿערשטעלטען אופן האָט זיך מיר איינגעגעבען אַריינצוקומען אין פֿראַנקרייך.

איך האָב זיך אַ נאָמען געגעבען מיסטער פעמבראָק, און יעדער איינער האָט מיך אָנגענומען פֿאַר אַן אַלטען, זעהר פֿריעדליכען ענגלענדער, וואָס פֿאָהרט קיין פֿראַנקרייך וועגען זיינע געשעפֿטען.

פֿון דאָווער ביז קאַלע איז די רייזע צוגעגאַנגען אָהן אַ שום אינצידענט, נאָר אין קאַלע איז געשטאַנען אַ פּאָליציי-קאָמיסאַר, וואָס האָט ניט אַנדערש נאָר געוואָלט דערקענען אין מיר אַ דייטשען אַנאַרכיסט מיט׳ן נאָמען סוזמייז-האוזען...

מען האָט מיך אַוועקגעפֿיהרט אין דער פּאָליציי, און דאָרט, פֿערשטעהט זיך, בין איך געוואָרען שטאַרק בעאונרוהיגט וועגען מיין לאַגע. איך האָב מורא געהאַט, מען זאָל ניט אויסגעפֿינען, אַז איך בין פֿערשטעלט.

דאָס וואָלט געווען אַ שרעקליכער פּראָצעס. איך וואָלט געמוזט ער-

קלעהרען פֿארוואס איך האָב זיך דאָס פֿערשטעלט פֿאַר אַ מאַן, אין דער עיקר, נאָך וואָס איך פֿאָהר קיין פּאַריז.

מען וואָלט אין דעם געזעהן דעם שליסעל פֿון אַ מורא׳דיגער פֿערשוועָרונג, און עס וואָלט זיך מן הסתם געפֿונען אַ פֿעהיגער שפּיאָן, וואָס וואָלט מיר אונטערגעוואָרפֿען אַ באָמבע, אום מיך אַריינצושלעפּען אין אַ צרה...

נאָר אַלעס איז אַריבער אָם בעסטען. נאָך אַ פֿערהער, וואָס האָט געדויערט אַ האַלבע שעה צייט, האָט זיך דער קאָמיסאַר איבערצייגט, אַז איך הייס ווירקליך פּעמבראָק, און אַז איך בין אַן אַלטער ענגלישער דזשענטעלמען פֿון סוואָנזי.

נאָ, וואָס פֿאַר אַ בהמה דער דאָזיגער קאָמיסאַר איז דאָס געווען! יעדעס מאָל, ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם, ווער איך שיער ניט צופּלאַצט פֿון געלעכטער. אָנגעהמען לואיזע מישעל פֿאַר מיסטער פּעמבראָק, דערצו האָט מען ווירקליך געדאַרפֿט זיין שוין צו דום!

נאָר פֿאַר מיר איז דעם קאָמיסאַר׳ס דומהייט געווען אַ שטיקעל גליק... אַזוי גיך ווי מען האָט מיך אָבגעלאָזט, בין איך אַריין אין אַ צוג, וואָס איז אָבגעפֿאָהרען קיין פּאַריז און איך בין אָנגעקומען אַהין אָוועגד צייט.

גלייך ווי איך בין נור אַרויס פֿון וואָקזאַל, בין איך אַוועק אויפֿזוכען מיינע פֿריינד, און מען קען זיך פֿאָרשטעלען ווי ערשטוינט זיי זיינען געווען מיך דערזעהענדיג פּלוצלינג אין פּאַריז, און דערצו נאָך אין אַזאַ מין קאָסטיום. . .

איך דאַרף אייך ניט דערצעהלען וויפֿיעל מיר האָבען זיך דאָס אַביסעל אָנגעלאַכט פֿון דער פּאָליציי אין אַלגעמיין און בעזונדערס פֿון דעם קאָמיסאַר אין קאַלע.

אויף מאָרגען בין איך אַרויס מאַכען אַ שפּאַציר איבער פּאַריז, און איך האָב געטריבען מיין העזה אַזוי ווייט, אַז איך האָב אַרומגעשפּאַצירט אַרום דעם מיניסטעריום פֿון אינערן און אַרום דער פּרעפֿעקטור פֿון דער פּאָליציי.

איך בין זיך מודה, אַז דאָס איז געווען אַן אונפֿאָרזיכטיגקייט פֿון מיין זייט.

מען וועט גלייך זעהן וואָרום.

אויף דעם בולוואַר, ניט ווייט פֿון מיניסטעריום, בין איך פֿערבייגעגאַנגען פֿערביי אַ מאַן, וועמען איך האָב גלייך דערקענט. דאָס איז געווען איינער פֿון אונזערע קאַמעראַדען מיט׳ן נאָמען פּורסען.

ער האָט מיך אָנגעקוקט עטליכע סעקונדען, און ניט קוקענדיג דערויף וואָס איך בין געווען פֿערשטעלט, האָט ער מיך דאָך דערקענט.

— לואיזע מישעל! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן. — ווי! איהר דאָ, און פֿערשטעלט אַלס מאַן!

— שש! — האָב איך געענטפֿערט — רעדט ניט אַזוי הויך.

און איך האָב דיזען פֿריינד אַוועקגעצויגען מיט מיר אין אַ זייטיג געסעל, וואו מען האָט ניט געזעהן קיין מענשען.

געהענדיג, האָבען מיר דערווייל געדעדט.

— אָבער איך האָב דאָך גערעכענט, אַז איהר זייט אין לאָנדאָן,—האָט מיר פּורסען געזאָגט.

— זעהט איהר דאָך אַז ניט!

— און איהר בלייבט דאָ לאַנג?

— כ'ווייס ניט. כ'האָב בדעה צו פאָהרען קיין ליל און פון דאָרט קיין בעלגיען.

— איהר וועט גאָרניט אָבהאַלטען דאָ קיין פאָרטרעגע?

— פיליייכט...

— ווילט איהר, איך זאָל אייך אָרגאַניזירען אַ פערזאַמלונג?

— איז דאָס דען נייטיג?

— געוויס, געוויס... די קאַמעראַדען הויבען דאָ אָן זיך אָבצוקיה'לען... מען מוז זיי אָנוואַרימען אַביסעל. הערט אויס! אויב איהר ווילט, וועט איהר ריידען היינט אָוועגד אין מעגילמאָנטאַן. האָט קיין מורא נישט. איך וועל אָנגעהמען אַלע מיטלען, וואָס זיינען נור נייטיג, עס זאָל גאָרנישט פאַסירען. איהר וועט האַלטען אַ רעדע, און אַזוי גיך ווי איהר וועט נור ענדיגען, וועט איך אַ וואָגען גלייך אַוועקפיהרען פון דאָרט אַהיים. איז דאָס אָבגעמאַכט?

— אויב איהר ווילט...

איך בין אַריין צוריק צו די פריינד, ביי וועמען איך בין איינגעשטאַנען, און איך האָב זיי דערצעהלט דעם געשפּרעך, וואָס איך האָב געהאַט מיט פּורסענען.

אָבער שטעלט זיך פאָר מיין ערשטוינונג, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דיזער חברה מאַן איז אין דיענסט פון דער פאָליציי, און אַז די קאַמעראַדען האָבען איהם געפּאַקט ביי דער האַנד...

באַלד איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק: אָבשפּיעלען דיזען פעררעטהער אַ שטיק, אַז ער זאָל עס האָבען צו געדיינקען.

און אָט וואָס מיר האָבען בעשלאָסען צו טהאָן:

איך וועל ניט געהן צו דער פערזאַמלונג, נאָר אָנשטאָט מיר וועט מען אַריבערשיקען אַהין אַן אַלטען מאַן פון הויז. מען וועט איהם אָנטהאָן פּונקט זוי איך געה, כדי ער זאָל זיין עהנליך צו מיר.

ווי ס'איז נור נאַכט געוואָרען, האָט מען אַריינגעזעצט דעם אַלטיטשקען אין אַ וואָגען, און איינער פון אונזערע גענאָסען האָט איהם אָבגעפיהרט אויף דעם מעגילמאָנטאַן.

ווי דער וואָגען איז נור צוגעקומען צו דער טהיר פון דעם זאַאַל, וואו די פערזאַמלונג האָט געדאַרפט אָבגעהאַלטען ווערן, האָבען זיך צוויי מענער אַ לאָז געטהאָן און גלייך אַרעסטירט מיין „שטעל-פערטרעטער"...

אַזוי ווי דער אַלטיטשקער האָט ניט געוואוסט אויף ריכטיג וואָס דאָ טהוט זיך, האָט ער זיך געראַנגעלט מיט די פאָליציסטען און געמאַכט מורא'-דיגע געוואַלדען.

נאָר ס'האָט איהם גאָרנישט געהאָלפען, מען האָט איהם אָבגעפיהרט אין פּאָליציי-סטאַציאָן.

דאָרט האָט זיך אַלעס ערקלערט. מען האָט גלייך דערזעהן, אַז דער אַרעסטירטער איז אַ ווירקליכער מאַן, ניט קיין פערשטעלטער, און מען האָט איהם אָהן שהיות אַרויסגעלאָזט פריי.

דעם רעגעגאַט פורסען האָט מען אויך'ן שטעל געגעבען דעם וועג... דער פּאָליציי-פּרעפעקט האָט בשום אופן ניט געקענט מוחל זיין איינעם פון זיינע אַגענטען דערפאַר וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ טעות און אָנגעהמען אַן אַלטען מאַן פאַר לואיזע מישעל...

אָנשטאָט אָבציהאַלטען איינינע פערזאַמלונגען, ווי איך האָב פריהער געהאַט בדעה צו טהאָן, האָב איך בעשלאָסען זיך צו זעהן, ביי מיר אויף דער קוואַרטיר, מיט די טהעטיגסטע קאַמעראַדען פון דער בעוועגונג און פון זיי דערגעהן וואָס פאַר אַ פּראָגרעס אונזערע אידעען האָבען פאַר דער צייט געמאַכט אין פּאַריז און אין דער פּראָווינץ.

די אַנאַרכיע האָט געמאַכט היבשע פאָרטשריטע אין פראַנקרייך, די וואַהרהייט איז געגאַנגען פאָרווערטס, נאָר צום בעדויערן האָבען געהערשט קריגערייען צווישען די קאַמעראַדען.

ס'איז איבעראַל דאָסועלבע. די פעהיגע מענער אין אַ בעוועגונג ווערן מיט דער צייט פערהאַסט פון אונפעהיגע, אַמביציעזע מענשען, וועלכע ווילען שפּיעלען אַ ראָלע אין קענען ניט... אַזוי האָבען די פריינדע סעבאַסטיאַן פאָר, מאַטהאַ און אַנדערע געהאַט „קאָנקירענטען", וועמעס גאַנצע טהעטיגקייט איז בעשטאַנען בלויז אין שטערען די אַרבייט פון די דערמאָנטע גענאָסען.

איך האָב געטהאָן וואָס איך האָב נור געקענט איינצושטילען דיזע שטע-רער פון דער פּראָפּאַגאַנדאַ, מיט אַ טהייל פון זיי האָב איך זיך געזעהן פּערזענליך, צו אַנדערע האָב איך געשריבען, און מיר האָט זיך ענדליך איינגעגעבען צו איבערצייגען איינינע פון זיי און זייערע פעהלערן.

דערמיט האָט זיך מיין אַרבייט געענדיגט אין פּאַריז. איך האָב איינגע-זעהן, אַז עס איז געווען לעבערליך צו קומען פערשטעלטערהייט קיין פראַנק-רייך. ס'איז גאָרניט שווער געווען פאַר איינינע שפּיאָנען מיך צו דערקענען אין איך וואָלט דאַן זיכער קיין האָניג ניט געלעקט. מיין אַריינקומען בעהאַל-טענערהייט קיין פראַנקרייך, האָט געקענט פערטייטשט ווערן אַלס אַ סיגנאַל פאַר אַ געפּלאַנטען אויפשטאַנד...

איך בין אַלזאָ געפאָהרען צוריק קיין ענגלאַנד.

איך האָב גענומען דעם צוג אויף דער „גאַר די נאָרד" און אַרום מיטאָג-צייט בין איך אָנגעקומען אין קאַלע.

ביים אַרונטערגעהן האָב איך ווידער אַמאָל בעגעגענט דעם דומען קאָ-מיסאַר.

ער האָט מיך דערקענט און געגריסט. די שפּיאָנען, וואָס געפינען זיך

ביים פאָרט, האָבען מיך אַרומגערינגעלט, מיך געוואָלט פֿרעגען אויף מיינע פּאַפּירען, אָבער דער קאָמיסאַר האָט זיי פֿערשפּאָרט אַן אַרבייט...

— לאָזט דורכגעהן דיזען העהר, — האָט ער זיי געזאָגט, — איך קען איהם. דאָס איז מיסטער פּעמבראָק פֿון סוואָנזי.

איך האָב זיך פֿערגניגט ווי ס׳געהער צו זיין און בין אַרויף אויף׳ן שיף, וואָס האָט מיך געפֿיהרט קיין דאָווער.

## XVIII

## אַן אָפּפֿער פֿון דער שפּאַנישער אינקוויזיציאָן.

איין פֿריה-מאָרגען, ווען איך האָב זיך צוגעגרייט אַרויסצוגעהן אין גאַס, האָט מען אָנגעקלונגען ביי מיר אין הויז.

מיין פֿריינדין שאַרלאָט איז אַרויס עפֿנען, ביי דער טהיר איז געשטאַנען אַן אונבעקאַנטער מאַן.

— ווער זייט איהר?—האָט זי געפֿרעגט.

— איך וועל קיינעם ניט זאָגען מיין נאָמען, נור לואיזע׳ן.

— זאָגט מיר ווי איהר הייסט, אַניט וועט איהר ניט אַריינקומען אַהער.

— איך בין אַ פֿריינד.

— ווער קען דאָס מיר פֿערזיכערן?

איך האָב געהערט דיזען געשפּרעך פֿון אינעווייניג, און אַזוי ווי איך האָב געוואָלט מאַכען אַ סוף דערצו, בין איך אַרויס אין קאָרידאָר, זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך.

— וואָס איז דאָ?—האָב איך געפֿרעגט.

— אַה, דאָס זייט איהר, לואיזע!—האָט דער אונבעקאַנטער אַ געשריי געטהאָן—שטעלט זיך פֿאָר, אז מען וויל מיך ניט אַריינלאָזען צו אייך. אָט אַפּנים איך זעה אויס ווי אַ גנב...

— אַה! ווי, דאָס זייט איהר, זשאַנוויע! אָרעמער פֿריינד, כ׳האָב געמיינט, איהר זייט טויט...

— נאַ, ווי איהר זעהט לעב איך נאָך!—האָט זיך אָבגערופֿען דער גאַסט, זיך אַריינוואַרפֿענדיג אין מיינע אָרעמס.

זשאַנוויע איז געווען איינער פֿון יענע זיכערע און איבערגעבענע פריינד, וואָס מען געפֿינט זיי גאַנץ ווייניג היינט צו טאָג. ער איז געווען איינער פֿון יענע מענער, וואָס קענען האַלטען אַ סוד אין וועלכע וועלען זיך גיכער לאָזען הרג׳ענען איידער איהם אויסגעבען.

ער איז געווען מיט מיר אינאיינעם אין ביי-קאַלעדאָניען און איך האָב געהאַט די געלעגענהייט זיך צו איבערצייגען אין זיין איבערגעבענהייט און

אין זיין אויפּריכטיגקייט. וועגען זיין קוראַזש וויל איך גאָרניט ריידען. אַ מענש, וואָס האָט דיזע אייגענשאַפטען, קען ניט זיין קיין פּייגלינג.

איין פאַקט מוז איך דאָ ברייגנען, וועלכער צייגט אַם בעסטען, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער זשאַנוויע איז געווען.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַ קריעג צווישען זשאַנוויע'ן און אַ וועכטער, וועלכער האָט דעם פּערשיקטען שטאַרק בעליידיגט. שפּעטער האָבען זיי זיך בעגעגענט אויף'ן פעלד און דער וועכטער האָט גאָר אָהן טענות אויסגעשאָסען אין זשאַנוויע'ן און איהם גאַנץ שטאַרק פערוואונדעט.

אַז זשאַנוויע איז געזונד געוואָרען, האָט ער געשוואָרען צו נעהמען ראַכע פון דעם בלוט הינד. ער האָט אָבגעוואַרט אַ געלעגענהייט, און איינמאָל, ווען ער האָט איהם ווידער אָנגעטראָפען אין דער וויסטע, האָט ער איהם אַריינגעשליידערט אין איינעם פון די טיעפע גריבער, וועלכע געפינען זיך דאָרט.

קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו דער וועכטער איז אַהינגעקומען. מען האָט איהם אַרומגעזוכט און ענדליך האָט מען איהם געפונען אַ טויטען אין גרוב. ווער האָט געקענט בעגעהן דעם מאָרד? די אַדמיניסטראַציע האָט זיך געבראָכען דעם קאָפּ און ניט געקענט טרעפען. דיזער וועכטער איז געווען פערהאַסט ביי אַלע פערשיקטע און איבערהויפט ביי די פערברעכער-אַרעסטאַנטען, וועמען ער פלעגט בעהאַנדלען זעהר גרוייזאַם. דער הויפּט חשד איז אַלזאָ געפאַלען אויף דיזע אַרעסטאַנטען. אַזוי ווי מען האָט ניט געוואוסט איף ריכטיג צו וועמען זיך צו טשעפען, האָט מען אויסגעקליבען פינף פון די געפעהרליכסטע יונגען און מען האָט זיי געמוטשעט, זיי זאָלען זיך מודה זיין אין דעם מאָרד...

זיי האָבען אָבער ענערגיש פּראָטעסטירט געגען דער בעשולדיגונג און גע'טענה'ט, אַז זיי ווייסען ניט פון וואָס צו זאָגען. אַזוי ווי מען האָט אָבער פאָרט געמוזט האָבען איינעם, אויף וועמען אַרויפצולייגען די שולד, האָט מען גאַנץ איינפאַך אויסגעקליבען איינעם פון די פינף, דעם „געפעהרליבסטען" פון זיי, און מען האָט איהם גאָר אָהן צערעמאָניעס פערורטהיילט צום טויט...

אַז זשאַנוויע האָט זיך דערוואוסט, אַז אַן אונשולדיגער איז פער'משפט געוואָרען אויף זיין פלאַץ, האָט ער קיין סך ניט געטראַכט, איז אַריבער צום גובערנאַטאָר פון אינזעל און האָט איהם גאַנץ קאַלטבלוטיג געזאָגט:

— איהר האָט פערורטהיילט צום טויט דעם אַרעסטאַנט הורי... ער איז אונשולדיג.

— ווי אַזוי ווייסט איהר עס? — האָט דער גובערנאַטאָר געפרעגט.

— איך מיין, אַז איך דאַרף עס ווייסען, ווייל דאָס האָב איך אַליין גע'הרג'עט דעם וועכטער... דיזער מאַן האָט מיך בעהאַנדעלט מיט גרוייזאַמקייט, דערנאָך האָט ער אויף מיר געשאָסען, דאָס איז געווען אַ פּייגלינג; כ'האָב בעפרייט דעם אינזעל פון זיין קלעגליכער אָנוועזענהייט...

דער גובערנאַטאָר האָט תחילת געמיינט, אַז זשאַנוויע איז אַראָב פֿין זינען, נאָר דער פֿערשיקטער האָט זיך געהאַלטען ביי זיינס, ער האָט אָנגע־געבען אַלע איינצעלהייטען, ווי אַזוי ער האָט דעם וועכטער דער׳הרג׳עט, אַז מען האָט ניט געקענט צווייפֿלען אין זיינע רייד. דאַן האָט דער גובער־נאַטאָר געגעבען אַ בעפֿעהל איהם צו שליסען אין קייטען און איהם פֿער־שפאַרען אין דעם געפֿענגנים פֿין דעם אינזעל.

זשאַנוויע האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער וועט פֿעראורטהיילט ווערן צום טויט, און ער האָט זיך צוגעגרייט צו שטאַרבען.

נאָר גליקליכערווייזע האָבען עטליכע קאמעראַדען געמאַכט אַ פּלאַן איהם צו בעפֿרייען פֿון געפֿענגנים און עס האָט זיך זיי איינגעגעבען. זשאַנוויע און נאָך צוויי פֿערשיקטע זיינען אַנטלאָפֿען קיין אויסטראַליען.

זייט דאַן האָב איך פֿין איהם ניט געהערט; איך האָב ניט געוואוסט וואָס פֿון איהם איז געוואָרען.

מען קען זיך אַליין מישער זיין ווי ערשטוינט איך בין געוואָרען, ווען איך האָב איהם דערזעהן ביי מיר אין הויז.

— פֿין וואַנען קומט איהר ?—האָב איך איהם געפֿרעגט.

— פֿון באַרצעלאָנאַ...

— און ווי אַזוי האַט איהר זיך דערוואוסט פֿון מיין אַדרעס ?

— מאַלאַטעסטאַ האָט איהם מיר געגעבען.

אָבער זשאַנוויע האָט אויסגעזעהן אויסגעמאָגערט, צובראָכען; ער האָט זיך מורא׳דיג געענדערט. זיינע האָר זיינען געווען אין גאַנצען וויים און ויינע אויגען האָבען געהאַט אַ מאָדנעם בליק. איך האָב בעמערקט, אַז זיין געזיכט איז געווען פֿול מיט שניטען און וואונדען, און אַז אַלע נעגעל פֿון די הענד זיינען איהם געווען אויסגעריסען...

— וואָס האָט אייך פֿאָרט געטראָפֿען ? — האָב איך איהם געפֿרעגט

ער האָט מיך רוהיג אָנגעקוקט, און מיט אַ ביטערער שטימע האָט ער געזאָגט :

— מיין טהייערע לואיזע, איהר האָט דאָך געלייענט וועגען די שוידער־ליכע מעשים פֿון דער אינקוויזיציע ?

— נו געוויס...

— און עס האָט אייך אָהן אַ שום ספק פֿערדריקט דאָס האַרץ לייענג־דיג, און איהר האָט מיטגעפֿיהלט מיט די אונגליקליכע קרבנות פֿון די תליגים... נו, שטעלט אייך פֿאָר, אַז די דאָזיגע אינקוויזיציע, וואָס איהר האָט געהאַלטען פֿאַר טויט, עקזיסטירט נאָך איצט אין נייִנצעהנטען יאָהרהונדערט... איך קום פֿון שפאַניען, פֿון דיזער פֿערפֿלוכטער שפאַניען... ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבען זיך צו ראַטעווען פֿון מיינע הייגקער, אָבער איך בין אַ קריפעל פֿאַר מיין לעבען לאַנג. זעהט מיינע אָרעמס...

און אויפֿהויבענדיג די אַרבעל, האָט מיר זשאַנוויע געוויזען צוויי מאָגע־רע, שרעקליכע אָרעמס, בעדעקט מיט שניטען.

— זיי האָבען מיר אויסגעשניטען די נערווען פֿון די אָרעמס — האָט דער אונגליקליכער ווייטער געזאָגט. — איך האָב צוויי אָרעמס, אָבער זיי ניצען מיר אויף קיין זאַך ניט... זיי זיינען געליימט. אָט אין דעם צושטאַנד האָבען מיך געבראַכט די שפּאַנישע פּאָליציי הינט, אים מיך צווינגען זיך מודה צו זיין אין פֿערראַטהען מיינע קאַמעראַדען.

— אַה, די פֿייגלינגע! — האָב איך אויסגערופֿען.

— יאָ, יאָ, דאָס זיינען פֿייגלינגע, אָבער איך האָף, אַז דער טאָג וועט קומען, ווען דיזע באַנדיטען וועלען בעצאָהלען מיט זייער בלוט פֿאַר די ענוים, וואָס זיי האָבען אונז אָנגעטהאָן, מיינע קאַמעראַדען און מיר. זעכצעהן מאָנאַט נאָכאַנאַנד בין איך געלעגען אין אַן אונטעראירדישען קעמערל, אָהן לופֿט אין אָהן אַ שטראַהל פֿון ליכט. פֿון צייט צו צייט האָט מען מיר צוגע-וואָרפֿען אַ שטיקעל ברויט און מען האָט מיך אָפֿטמאָל געלאָזט אַכט טאָג נאָכאַנאַנד אָהן אַ טראָפּען וואַסער.

„אַז מען האָט מיך אַרויסגענומען פֿון דיזען פֿערפֿעכטעטען קעלער, איז דאָס געווען, אום מיך צו ברייגגען פֿאַר די אינקוויזיטאָרען.

„— דאָס זייט איהר דאָס געווען איינער פֿון די, וואָס האָבען געוואָרפֿען די באָמבע פֿון ראָיוערדאָר, — האָבען די ריכטער מיר געזאָגט. — זאָגט אונז גלייך די נעמען פֿון אייערע קאַמעראַדען, אַניט וועלען מיר אייך לאַנג-זאַם פֿערברענען אויף'ן פֿייער...

„תהילת האָב איך געמיינט, אַז זיי זאָגען דאָס בלויז, כדי מיך אָבצו-שרעקען, אָבער גלייך האָב איך דערזעהן, ווי איינער פֿון די באַנדיטען, וועל-כע רופֿען זיך ריכטער, האָט דערלאַנגט אַ וואונק. מען האָט געבראַכט אַן אייזעלע מיט גליהענדע קוילען. מען האָט מיך אויסגעטהאָן באָרוועס און צוגעבונדען מיינע נאַקעטע פֿיס אויף די פֿלאַמען. אַה! וואָס פֿאַר שווידערליכע יסורים איך בין דאָס אויסגעשטאַנען, מיין אָרעמע לואיזע... ענדליך בין איך געפֿאַלען אין אונמאַכט.

„אַז איך בין געקומען צו זיך, האָב איך זיך ניט געקענט האַלטען אויף די פֿיס.

„דאַן האָט מען מיך אַוועקגעלייגט אויף אַ גרויסען טיש, וואו מען האָט מיך געבונדען, און די ריכטער האָבען פֿון דאָס ניי אָנגעהויבען שרייען.

„— די נעמען, די נעמען פֿון אייערע קאַמעראַדען!

„איך האָב גאָרניט געענטפֿערט.

„דאַן האָט איינער פֿון די תלינים מיט אַ צווייגעל מיר אַרויסגעריסען אַ נאָגעל פֿון דער רעכטער האַנד.

„דיזע פּייניגונג האָט געדויערט צעהן טעג צייט. איינעם נאָך איינעם האָבען זיי מיר אויסגעריסען אַלע נעגעל."

און דער אָרעמער וואַנווע האָט מיר געציינט זיינע צוקאַליעטשעטע פֿינגער.

— אָבער דאָס איז ניט אַלעס, — האָט ער פֿאָרטגעזעצט. — ענדליך האָבען זיי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף מיר אַזוי ווי טיגערס... זעהט, זיי האָבען מיר אויסגעשניטען די נערוועך פֿון מיינע אָרעמס...

דאָס, וואָס דער אָרעמער זשאַנוויע האָט דערצעהלט, איז געווען די ריינע וואַהרהייט. קיין איין וואָרט איז ניט געווען איבערטריבען. האָט דאָך ראָצפּאָר שפּעטער אויך געזעהן די געפייניגטע פֿון באַרצעלאָנאַ און ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פֿון וויינען, ווען ער האָט געהערט וועגען די שרעקליכע יסורים פֿון דיזע אונגליקליכע.

אָה, שעהנע שפּאַניען! דו לאַנד פֿון דער זונן! דו ביסט ביז איצט היינטיגען טאָג געבליבען אַזוי גרויזאַם ווי דו ביסט געווען אין די אַלטע ציטען פֿון דער היילינער אינקוויזיציע!

גליקליכערווייזע זיינען דאָ טויזענד־ער פֿון דיינע זיהן, וועלכע גרייטען זיך צו צוברעכען די קייטען פֿון דער שקלאַפֿעריי... יעדען טאָג ווערן גרעסער די מחנות פֿון די רעבעלען. שוין הערט זיך אַ טיעפֿע מורמלעריי פֿון אונצופֿריעדענהייט, וועלכע וועט זיך גיך פֿערוואַנדלען אין אַ געשריי פֿון טריאומף. שוין גרייטען זיך דיינע זיהן אַרונטערצוואַרפֿען פֿון זיך דעם יאָך און פֿייערן דעם זיעג פֿון דער פֿרייהייט און דער ברידערליכקייט.

ציטערט, איהר תלינים, פֿינסטערע פייניגער, ציטערט!... לאַנגזאַם הויבט זיך אויף דער פֿאָלקס־שטראָם, ער רוישט, זידט, ווערט גרעסער פֿון טאָג צו טאָג, און באַלד וועט ער פֿערשלינגען די אַלטע, אָבגעלעבטע פּאַלאַצען אינאיינעם מיט די, וועלכע וואוינען אין זיי!

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

דער אָרעמער זשאַנוויע איז געבליבען עטליכע טעג ביי מיר. איך האָב איהם בעוואויגען, ער זאָל האַלטען אַ פֿאָרטראַג אין „גראַנטאָן האָל". ווען ער האָט דערצעהלט וועגען זיינע יסורים, איז דער זאַאַל פֿול געוואָרען מיט געשרייען פֿון עמפּעהרונג און צאָרן...

קיינמאָל האָב איך נאָך ניט געזעהן אַזאַ אויפֿגערעגטע, אַזאַ קאָכיגע פֿערזאַמלונג. אויף מאָרגען האָבען די פֿראַנצויזישע שפּאָנען טעלעגראַפֿירט צו זייערע בעלי בתים, אַז די לאָנדאָנער אַנאַרכיסטען „זיינען זעהר אויפֿגערעגט און מען דאַרף ערוואַרטען אַ גרויסע בעוועגונג"...

מען וועט באַלד זעהן ווי ווייט דיזע שפּיאָנען האָבען געטריבען זייער דומהייט.

זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז זשאַנוויע איז צווישען אונז, ניט וויסענדיג ווער ער איז, האָבען זיי זיך אָנגעפֿרעגט אין פֿראַנקרייך וועגען איהם, און די אַדמיניסטראַציע האָט זיי צוגעשטעלט אַלע איינצעלהייטען, וועלכע איך האָב אויבען דערצעהלט. איין זאַך בלויז האָבען זיי ניט געוואוסט: אַז זשאַנוויע איז געווען אַ קריפּעל, און אַז ער האָט זיך ניט געקענט בענוצען מיט זיינע אָרעמס.

און זיי האָבען געמאַכט אַ פּלאַן איהם אַריינצושלעפּען אין אַ צרה. זיי האָבען איהם בעשולדיגט, אַז ער האָט געהאָלפען אַ געוויסען מאַן מיט'ן נאָמען גרין אַוועקטראָגען אַ פּאָר באָמבעס אין גריניטש.

דיזע אינפאָרמאַציע ... שפּיאָנען האָבען זאָגאַר אָנגעגעבען אייגצעלהייטען וועגען דעם.

זיי האָבען פאַרזיכערט, אַז זיי האָבען געזעהן, ווי זשאַנוויע האָט גע-טראָגען צוויי אונגעהייער גרויסע באָמבעס, וועלכע ער האָט אַריינגעוואָר-פען אין דער טעמזע, אַזוי גיך ווי ער האָט זיי נור בעמערקט.

די ענגלישע פּאָליציי, וועלכע טרייבט ניט קיין קאַטאָוועס דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען באָמבעס, האָט גלייך אַרעסטירט זשאַנוויע'ן און איהם אָבגעפיהרט אין „סקאָטלאַנד יאַרד".

דאָרט האָט דער טשיעף אינספּעקטאָר מעלוויל געשטעלט דעם בעשול-דיגטען אויף'ן פערהער.

— נאָך וואָס האָט איהר געטראָגען די באָמבעס אין גריניטש? — האָט ער איהם געפרעגט.

— איך האָב גאָרנישט געטראָגען קיין גריניטש, — האָט זשאַנוויע געענטפערט.

— מען האָט אייך געזעהן...

— ס'איז פאַלש.

— דאָך, אויב איהר ווילט קען איך אייך ברייגגען די, וועלכע בעשול-דיגען אייך.

— איך וואָלט זיי געוואָלט זעהן.

מעלוויל האָט אָנגעשריבען אַ פּאָר ווערטער אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר און אין עטליכע מינוט אַרום זיינען אין דעם ביוראָ פון דעם טשיעף אַריינגעקו-מען צוויי מענער, וועלכע האָבען אויסגעזעהן זעהר צוטראָגען.

— מיינע העררן, — האָט זיך דער טשיעף-אינספּעקטאָר אָבגערופען צו זיי, — זייט אַזוי גוט און ווירערהאָלט דאָ פאַר דיזען מאַן דאָסועלבע, וואָס איהר האָט מיר דערצעהלט אייער-נעכטען.

די שפּיאָנען האָבען זיך געפונען אין אַ פערלעגענהייט.

— אָבער רעדט, רעדט, — האָט מעלוויל ניט אָבגעטראָטען פון זיי. — האָט איהר מיר געזאָגט, אַז איהר האָט זיכער געזעהן דעם מאַן, וואָס געפינט זיך דאָ, טראָגען באָמבעס, וועלכע ער האָט אַריינגעוואָרפען אין דער טעמזע — האָט איהר עס געזאָגט, צי ניט?

איינער פון די שפּיאָנען האָט זיך געמאַכט האַרץ און געענטפערט מיט פרעכהייט:

— יאָ, איך בעשטעטיג דאָס וואָס איך האָב געזאָגט.

— איהר גיט מיר אַלזאָ אייער וואָרט, — האָט מעלוויל ווייטער גע-זאָגט — אַז איהר האָט קיין טעות ניט, אַז איהר האָט ווירקליך געזעהן די-זען מאַן אין גריניטש?

— גאַנץ ריכטיג.

— און אייער פֿריינד איז אויך גרייט צו בעשטעטיגען דאָס, וואָס איהר זאָגט?

— געוויס, — האָט דער צווייטער געהיים פּאָליציסט געענטפֿערט.

זיך אומקעהרענדיג צו זשאַנוויע'ן האָט מעלוויל מיט איראָניע געזאָגט:

— ווי איהר זעהט זיינען די בעשולדיגונגען געגען אייך גאַנץ דייטליך, און אַז עס איז אייך גאַנץ שווער צו לייקענען אַצונד.

— דיזע העררען, וועלכע זיינען אַזוי זיכער אין דעם וואָס זיי ערקלערען, — האָט זיך זשאַנוויע אָנגערופֿען — וואָלטען אייך אפשר געקענט איבערגעבען די איינצעלהייטען, ווי אַזוי איך האָב געוואָרפֿען די באָמבעס, מכח וועלכע איהר רעדט דאָ?

— גאַנץ געוויס, — האָט איינער פֿון די שפּיאָנען געענטפֿערט. — איך האָב אייך גאַנץ גוט געזעהן... איהר האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און דערנאָך האָט איהר אויסגעשטרעקט דעם אָרים און אַ וואָרף געטהאָן איין באָמבע... דערנאָך די צווייטע.

זשאַנוויע האָט אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

מעלוויל איז געוואָרען אין כעס.

— וואָס איז דאָ פֿאַרהאַן וואָס צו לאַכען? —האָט ער געפֿרעגט.—איהר פֿערגעסט, אַז איהר געפֿינט זיך דאָ פֿאַר די פֿאָרשטעהער פֿון דער פּאָליציי, און אַז אייער האַלטונג קען נאָך ערגער מאַכען אייער פֿאַל.

אַלס ענטפֿער דערויף, האָט זיך זשאַנוויע אָבגערופֿען.

— הערר טשיעף אינספּעקטאָר, ס'איז דאָך פֿאַרהאַן אַ דאָקטאָר אין סקָאָטלאַנד יאַרד?

— יאָ, אָבער נאָך וואָס דיזע פֿראַגע? וואָס זשע, איהר מאַכט טאַקי חוזק פֿון אונז?

— איך מאַך ניט חוזק פֿון קיינעם. איך רייד גאַנץ ערנסט. איך בעט, איך פֿאָדער זאָגאַר, איהר זאָלט שיקען רופֿען אַ דאָקטאָר...

— איהר פֿאָדערט? האָב איך ריכטיג געהערט?

— יאָ, איך פֿאָדער.

— גיט, עס זאָל געשעהן. אָבער הערט אויס: אויב איהר מאַכט שפּאַס, וועט איהר דערנאָך זיכער חרטה האָבען דערויף... זאָל מען געהן רופֿען דעם דאָקטאָר שמידט.

און זיך ווענדענדיג נאָך אַמאָל צו זשאַנוויע'ן, האָט ער געזאָגט:

— זייט זיך מישב, פֿילייכט בעמיהט איהר אומזיסט דעם דאָקטאָר...

— איך האָב זיך שוין מישב געווען, און איהר וועט זיך גלייך איבערצייגען, אַז איך מאַך פֿון קיינעם קיין חוזק ניט.

אין אַ פֿערטעל שעה אַרום איז דער דאָקטאָר שמידט געקומען.

— איהר האָט מיך געשיקט רופֿען, הערר טשיעף אינספּעקטאָר?

— יאָ, — האָט מעלוויל געענטפערט. — דאָ איז פאַרהאַן אַ מאַן, אויף וועמען עס הייבגט אַ שווערע בעשולדיגונג און וועלכער, אָנשטאָט זיך צו פערטהיידיגען, וויל ניט אַנדערש נאָר זעהן אַ דאָקטאָר.

— אַהאַ, — האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופען — דיזער מאַן איז, הייסט עס, קראַנק? מען קען עס איהם ב׳לעבען ניט אָנזעהן אויף׳ן געזיכט. איבעריגענס, לאָמיר זעהן.

אין ער געהט צו צו זשאַגוויע׳ן און וויל איהם אונטערזוכען די ברוסט. נאָר דער קאַמעראַד פעדשפאָרט איהם אַן אַרבייט.

— הערר דאָקטאָר, — זאָגט ער — ס איז ניט נויטיג מיך צו אונטער-זוכען, איך האָב ניט קיין ברוסט פעהלער... איך בעט אייך בלויז צו בע-טראַכטען מיינע צוויי אָרעמס...

— פערקאַטשעט אייערע אַרבעל, — האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגע-רופען.

— איך קען ניט, — האָט זשאַגוויע געענטפערט.

— וואָס הייסט? אָט אַפנים איהר מאַכט חוזק...

— איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, ס׳איז מיר אונמעגליך.

מעלוויל, דער דאָקטאָר און די צוויי פראַנצויזישע געהיים-פאָליציסטען זיינען ערשטוינט געוואָרען פון אַזאַ מין חוצפה...

— ווילט איהר טהאָן וואָס מען הייסט אייך, זשאַגוויע? — האָט מעל-וויל בעפוילען.

— ס׳טהוט מיר לייד, נאָר...

— געדיינקט וואָס איהר טהוט!

זשאַגוויע האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

דאַן האָט דער דאָקטאָר מיט כעס פערקאַטשעט די אַרבעל פון דעם בעשולדיגטען און האָט אַרומגעטאַפט די אָרעמס. אין אַ מינוט אַרום האָט ער ערקלעהרט:

— די נערוועז פון זיינע אָרעמס זיינען איבערגעשניטען... ער איז אונ-מעגליך.

— אָבער, האָט זיך מעלוויל אָבגערופען, — ער מוז זיך דאָך קענען בעניצען מיט זיינע אָרעמס, ווייל מען האָט געזעהן ווי ער האָט געוואָרפען עפעס אין גריניטש...

— ווען? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— אייער-נעכטען.

דאָקטאָר שמידט האָט אַרויסגעפלאַצט מיט אַ געלעכטער.

— ס׳איז אונמעגליך. דיזער מאַן איז שוין אַ קריפעל זייט אַ לאַנגע צייט. אָט זעהט, זיינע גליעדער זיינען ווי פאַראַליזירט.

— אָלרייט, — האָט זיך מעלוויל אָבגערופען.

און זיך ווענדענדיג צו די צוויי פראַנצויזישע שפיאָנען, האָט ער געזאָגט:

— מיינע העררן, איהר זייט צוויי שעהנע חברה לייט... זייט אַזוי גוט און וואַרט אויס אַ ווייל. מיר וועלען האָבען עטוואָס גייטיגעס צו ריידען...

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו זשאַנוויע׳ן און האָט איהם געבעטען ענטשולדיגונג פאַר די אונאַנגענעהמהייטען, וואָס ער האָט איהם פערשאַפט אומזיסט, און האָט איהם ערקלעהרט, אַז ער איז פריי.

איבעריג צו זאָגען, אַז די צוויי שפּיאָנען האָבען געכאַפּט אַ מפּלה פון דעם טשיעף-אינספעקטאָר, און ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוואוסט, האָט ער זיי געמאַכט אַזוי ביטער דאָס לעבען, אַז זיי האָבען געמוזט צוריקפאָהרען קיין פראַנקרייך.

## XIX.

## אַלערליי שפּיאָנען.

ס׳איז מערקווירדיג, אָבער ס איז דאָך אַ פאַקט, אַז די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געלעבט אין ענגלאַנד, איז זעלטען אַוועק אַ וואָך איך זאָל ניט האָבען וואָס פאַר עס איז אונאַנגענעהמהייט פון די געהיים-פּאָליציסטען. ס׳האָט אויסגעזעהן עפּעס אַזוי ווי זיי פלעגען זיך בייטען, די פראַנצויזישע שפּיאָנען מיט די ענגלישע. קוים האָבען די איינע אויפגעהערט האָבען די אַנדערע אָנגעהויבען.

איינמאָל האָט זיך מיר געמאַכט אַ צופאַל, וועלכער האָט מיך געקענט אַריינשלעפּען אין אַ היבשער צרה, נאָר די אונפּאָרזיכטיגקייט פון אַ געהיים-פּאָליציסט האָט מיך געראַטעוועט.

איך בין פון אימער אָן געווען אַ פערטראַכטע. איך קוק זיך ווינציג וואָס צו צו קלייניגקייטען און צאַהל ניט קיין אויפמערקזאַמקייט אויף זיי.

אַז איך געה אַריין אין אַ מאַגאַזין עפּעס קויפען און מען גיט מיר אויסגאָב, איז מיין געוואוינהייט צו נעהמען דאָס געלד און עס אַריינלייגען אין טאַש, גיט אַ קוק געבענדיג, צי מען האָט מיר אַרויסגעגעבען וויפיעל מיר קומט, אָדער צי איז דאָס געלד אין גאַנצען ניט קיין פאַלשעס.

איך בין מודה, אַז דאָס איז ניט זעהר פּראַקטיש, איהר ועט באַלד זעהן פאַרוואָס.

איין אָוועגד, ווען איך בין געווען אין פּיקאַדילי, האָב איך גראָד געדאַרפט האָבען פּאַפּיר צים שרייבען. איך בין אַריין אין אַ קליין קלייטעל און בעשטעלט וואָס איך דאַרף. ס׳האָט אין גאַנצען בעטראָפען אַ זעקס פּענס. ניט האָבענדיג ביי זיך קיין קליין-געלד, האָב איך דעם קרעמער דערלאַנגט אַ פונט, און ער האָט מיר אַרויסגעגעבען אַ גאַנצען הויפען מיט זילבער-געלד, וואָס איך האָב אַריינגעלייגט אין מיין טאַשען-בוך, ניט אַ קוק טהאָנ-

דיג דערויף... נו, זיינען די מטבעות, וועלכע מען האָט מיר אַרויסגעגעבען, במעט אַלע געווען פֿאַלשע.

א יָה מאָרגען בין איך אַ־יין ערגעץ עפּעס קויפֿען, און איך האָב אַרויס־גענומען אַ שילינג צו בעצאָהלען.

— דאָס איז אַ פֿאַלשער שילינג, — האָט דער קרעמער געזאָגט.

— אַה, גוט, — האָב איך זיך אָבגערופֿען.

און איך נעהם אַרויס אַ צווייטען.

— אויך דער איז פֿאַלש...

ניט קומענדיג אין קיין פֿערלעגענהייט, האָב איך אַרויסגענומען אַ דריטען שילינג און איהם אַ וואָרף געטהאָן אויף'ן פֿערקויף־טיש. די מטבע האָט אָבגעגעבען פֿון זיך אַ דומפּפֿען קלאַנג.

דער קרעמער, וועלכער האָט מיך ניט געקענט, האָט אַריינגערופֿען אַ פּאָליסמאַן און איהם געזאָגט אויף ענגליש:

— איך גלויב, אַז אָט די ליידי גיט זיך אָב מיט זאַמלען פֿאַלשע געלד... טהוט איהר אַקאָרשט אַ פֿרעג וועגען דעם.

— נאַ, — האָט דער פּאָליסמאַן געזאָגט — זי וועט שוין אַלעס ער־קלערען אין פּאָליס־קאורט. איך האָב גאָרנישט וואָס צו טהאָן דערמיט.

און דער פּאָליסמאַן האָט מיך אַוועקגעפֿיהרט ווי אַ גנב'טע...

מילא, וואָס זאָל איך אייך דאָ פֿערציהען? איך בין געווען גאַנצע אָנ־דערהאַלבען טעג אין פּאָליס־סטיישאָן. תחילת האָט מען געדאַרפֿט געוואָהר ווערען ווער איך בין; דערנאָך, אַז מען האָט שוין געוואוסט וואו איך וואוין, איז מען אַוועק מאַכען אַן אָביסק ביי מיר אין הויז, מיט דער האָפֿנונג, אַז מען וועט דאָרט געפֿינען אַ גאַנצע פֿאַבריק פֿון פֿאַלשע געלד. מען האָט אָבער גאָרנישט געפֿונען, און נאָכדעם ווי מען האָט מיר עטליכע מאָל גע־נומען אויף'ן פֿערהער, האָט מען זיך ערשט דערמאָנט צו געהן זוכען דעם קרעמער, וועלכער האָט מיר געגעבען דאָס פֿאַלשע זילבער־געלד.

ווי דער שטייגער איז, איז מען געקומען צו שפּעט. דער בחור איז פֿערשוואונדען.

דאָס איז געווען אַן איטאַליענער מיט'ן נאָמען מאַזאַרעלי, וועלכער האָט אַ שטיק צייט געהאַנדעלט מיט גע'גנב'עטע זאַכען און מיט פֿאַלש געלד.

פֿערשטעהט זיך, אַז מען האָט אַנערקענט, אַז איך בין אונשולדיג און מען האָט מיך אַרויסגעלאָזט פֿריי, נאָכדעם ווי מען האָט מיך העפֿליכסט געבעטען אום ענטשולדיגונג פֿאַר די אונאַנגענעהמהייט, וועלכע מען האָט מיר פֿערשאַפֿט...

וואָלט מאַזאַרעלי געווען אַ מאַן מיט אַ גוטער רעפּוטאַציע, וואָלט איך זיך אַזוי לייכט ניט אַרויסגעדרעהט פֿון דער צרה.

נאָך אין גאַנצען אָבגעשניטען האָב איך פֿונדעסטוועגען ניט דערפֿון. אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אַרעסטירט, האָבען צוויי פֿראַנצויזישע

שפיאָנען אויסגענוצט די געלעגענהייט און אַריינגעפֿיהרט צו מיר אין הויז אַ פּאָר אינסטרומענטען צו מאַכען פֿאַלשע געלד, וואָס זיי האָבען אין געהיים אַוועקגעשטעלט ביי מיר אין קעלער.

דאָס אָבגעטהאָן, האָבען זיי אַריינגעשיקט אין „סקאָטלאַנד יאַרד" אַ מסירה און ענגלישע דעטעקטיווס זיינען געקומען צו מיר מאַכען אַן אָביסק און געפֿונען דאָס וואָס זיי האָבען געזוכט.

דאָס מאָל האָב איך ווירקליך געדיינקט, אַז איך וועל זיך ניט קענען אַרויסדרעהען פֿון דער צרה. נאָר אַ ציפֿאַל איז מיר געקומען צו הילף.

אײנער פֿון די פֿראַנצויזישע שפּיאָנען איז געווען אונפֿאָרזיכטיג גענוג צו פֿערלירען ביי מיר אין קעלער אַ שטיקעל פּאַפּיר. דאָס איז געווען אַ טהייל פֿון אַ בריעף, וואָס ער האָט ערהאַלטען פֿון דער פּאַריזער געהיים-פּאָליציי.

מען האָט דעם שפּיאָן געשיקט רופֿען אין סקאָטלאַנד יאַרד, איהם גענומען אויף׳ן פֿערהער, דערנאָך האָט מען ביי איהם אין דער וואוינונג געמאַכט אַ קליינעם אָביסק, וועלכער האָט געפֿיהרט צו אַן אינטערעסאַנטע ענטדעקונג.

אין אַ טיש קעסטעל האָט מען געפֿונען אַ ביל פֿון אַ מאַגאַזין אין ווייטשעפּעל, אויף וועלכען עס זיינען געווען פֿאָלגענדע פּאָר פֿערדעכטיגע ציילען:

„פֿערקויפֿט צו מר. דאַלסאָם, 6 גודזש סטריט: 1 אויזוועלע 4 שילינג מיט 6 פּענס, 25 פֿונט צין 5 שילינג. — טאָטאַל 9 שילינג מיט 6 פּענס."

דער שפּיאָן דאַלסאָם איז געשטעלט געוואָרען צום געריכט אין פֿער-אורטהיילט געוואָרען צו עטליכע מאָנאַט געפֿענגניס פֿאַר אַ „פֿאַלשע פֿער-לײמדונג" און מעהר האָט מען פֿון איהם אין ענגלאַנד ניט געהערט.

אין אַ צייט אַרום בין איך געווען אַן אָפּפֿער פֿון אַן עקסירענט אָדער, בעסער געזאָגט, פֿון אַ געפּלאַנטען אָנגריף.

איך בין פֿערבייגעגאַנגען אין אָלדגייט. מיט אַמאָל האָט אימיצער גע-וואָרפֿען אַ שטיין פֿון אַ פֿענסטער און מיר געטראָפֿען אין קאָפּ.

איך בין אַנידערגעפֿאַלען אין אונמאַכט אויף דער ערד.

מען האָט מיך אויפֿגעהויבען און אָבגעפֿיהרט צו מיר אַהיים, און איך בין כמעט אַ מאָנאַט צייט געלעגען צו בעט.

ענדליך בין איך געזונד געוואָרען, און איין טאָג, ווען איך בין געזעסען אין מיין קליינעם גאָרטען, וואָס האָט זיך געפֿונען ביי מיין הויז אין איסט דאָליטש, האָב איך געזעהן, ווי צוויי קאַמעראַדען קומען אַריין און שלעפּען מיט זיך אַ צושראָקענעם מאַן.

— וואָס איז געשעהן? — האָב איך געפֿרעגט.

— אָט וואָס עס איז געשעהן, מיין גוטע לואיזע, — האָט איינער פֿון די קאַמעראַדען געענטפֿערט. — טרעפֿט, וועמען מיר ברייגען אייך דאָ צו פֿיהרען. דאָס איז דער חברה-מאַן, וואָס האָט אייך געוואָרפֿען אַ שטיין אין קאָפּ...

— ווייט איהר זיכער, אַז דאָס איז אַזוי?

— אַבסאָלוט זיכער. איבעריגענס, ער האָט זיך אַליין מודה געווען... ניט אמת, אַז דו האָסט זיך מודה געווען?

דער חברה־מאַן האָט מיט אַ ציטערנדער שטימע געענטפּע־ט:

— יאָ...

— אַזוי, — רוף איך זיך אָב, — דאָס האָט איהר עס מיך געוואָלט הרג'ענען? וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָב איך אייך געטהאָן?

דער מאַן האָט ניט געענטפֿערט.

— רעדט דאָך, לאָמיר הערען אַ וואָרט פֿון אייך. האָט איהר זיך וואָס צו בעקלאָגען געגען מיר? וואָס שווייגט איהר?... ווי הייסט איהר?

— לעפּאָרט.

— וואָס איז אייער בעשעפֿטיגונג?

— דאָס איז אַן איבעריגע פֿראַגע, — רופֿט זיך אָב איינער פֿון די געגאָסען, — מען קען דאָס גלייך דערקענען אויף זיין קאָפּ... מיט אַזאַ מין שטיק קלאָץ ווי דאָס דאָזיגע קען מען קיין אַנדער זאַך ניט זיין נאָר אַ שפּיאָן..

וויפֿיעל איך האָב זיך ניט געסטאַרעט אַרויסצוקריגען אַ וואָרט פֿון דיזען חברה־מאַן, מיין מיה איז געווען אַרויסגעוואָרפֿען; ער האָט אויף קיין זאַך ניט געענטפֿערט. ענדליך האָבען מיר איהם געהייסען געהן זיין וועג, און ער האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטען...

ווען איך דערמאָן זיך אָן דיזען מאַן, קומט מיר אַרויף אויף'ן זינען לוקאַ, יענער פֿערריקטער, וועלכער האָט געמאַכט אַ פּערזוך מיך צו טויטען, ווען איך בין געווען אין האַזור. דיזע צוויי מענער האָבען געהאַט אַ מערקוויר־דיגע עהנליכקייט אין זייערע גראָבע, אונענטוויקעלטע געזיכטס־ציגע און געוויס אין זייער גייסטיגען צושטאַנד.

דיזער אונגעוויסענדער מאַן פֿון אָלרגייט איז וואַהרשיינליך געווען אַן אינ־סטרומענט אין די הענד פֿון די פֿראַנצויזישע געהיים־פּאָליציסטען, וועלכע האָבען זיך געוואָלט נוקם זיין אָן מיר פֿאַר דעם פֿיאַסקאָ וואָס זיי האָבען געהאַט, ווען דענדיג מיך אַריינשלעפּען אין די פֿאַבריקאַציע פֿון פֿאַלשע געלד, און זיי האָבען געמאַכט אַ פּלאַן מיך גאָר איינפֿאַך אָבצוראַמען פֿון וועג...

און דער יאַגד פֿון די פֿראַנצויזישע שפּיאָנען האָט אַהין ניט אויפֿגעהערט. זיי האָבען געטהאָן אַלעס מעגליכע מיר צו פֿערשאַפֿען אונאַנגענעהמליכקייטען.

איינער פֿון זיי האָט זיך איינמאָל מישב געווען און גענומען אַ וואוינונג אין איסט דאַליטש, עטליכע טריט פֿון מיין הויז.

אויף אַזאַ'ן אופֿן האָט ער פֿון זיין פֿענסטער געקענט זעהן די מענשען, וועלכע פּלעגען קומען צו מיר.

צו וואָס דאָס האָט איהם גענוצט, איז נאָך אַלעמען שווער צו פֿער־שטעהן. וואָרים מעהר ווי אויף'ן פּנים האָט ער זיך מיט מיינע געסט ניט געקענט בעקענען. ער האָט דאָך ניט געקענט וויסען ווי זיי רופֿען זיך. דערצו וואָלט ער געדאַרפֿט זיין בעקאַנט כמעט מיט אַלע לאָנדאָנער אַנאַרכיסטען.

ס'האָט אַלזאָ פֿאַר אונז ניט געשטעקט קיין אינגליק אין דעם, וואָס דער געהיים פּאָליציסט איז געוואָרען מיין שכן, און מיין מיינונג איז געוועזן מען זאָל איהם לאָזען צ־רוה, נאָר עטליכע פֿון מיינע קאַמעראַדען האָבען ניט אַנ־דערש געוואָלט נאָר איהם דערגעהן די יאָהרען, ער זאָל אַנטלויפֿען פֿון איסט דאָליטש.

און זיי האָבען לייכט דערגרייכט זייער ציעל.

געטהאָן האָבען זיי אַ גאַנץ איינפֿאַכע זאַך.

זיי האָבען זיך אַלע צונויפֿגערעדט, און איין טאָג האָט מען דעם אָרעמען שפּיאָן אָבגעקלאַפּט די טהיר פֿון זיין וואוינונג. אַלע האַלבע שעה האָט אַן אַנדערער אָנגעקלונגען. דער געהיים־פּאָליצ־סט פֿלעגט אַליין אַרויסקומען, פֿרעגען וואָס מען וויל.

— מאַדאַם לואיזע מישעל?

— כ'איז ניט דאָ, — פֿלעגט דער חברה מאַן ענטפֿערן מיט אַ בייזען טאָן.

— וואָס הייכט ניט דאָ? מען האָט דאָך מיר אָנגעצייגט דיזעס הויז.

— איך זאָג אייך, אַז איהר האָט אַ טעות. ס'איז ניט דאָ אין געגניג...

— נאַ, ווילט איהר זיין אַזוי גוט, מיין הערר, און מיר ווייזען וואו די בעריהמטע אַנאַרכיסטין וואוינט?

— איך וויים ניט, לאָזט מיך צורוה.

— ווייסט איהר, מיין הערר, אַז איהר זייט גאָרניט העפֿליך... אין ענגלאַנד איז מען געוועהנט צו האָבען צו טהאָן מיט העפֿליכע מענשען.

— איך... איך בין ניט העפֿליך, — האָט דער געהיים־פּאָליציסט געענט־פֿערט מיט בעס.

— מען קען דאָס זעהן אויף אייך.

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטען צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד, ביז וואַנען דעם שפּיאָן איז איינפֿאַך נמאס ומאוס געוואָרען צו האָבען צו טהאָן מיט די „פֿערפֿלוכטע אַנאַרכיסטען" און ער האָט זיך אַרויסגעצויגען פֿון איסט דאָליטש.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר אַן אויסנאַהמע פֿון די אַלע פֿראַנצויזישע געהיים־פּאָליציסטען, מיט וועלכע איך האָב זיך צונויפֿגעטראָפֿען אין ענגלאַנד, איז געוועזן אַ געוויסער לערמעניע. איך קען דאָ אָנגעבען זיין נאָמען, ווייל ער האָט שוין לאַנג אַוועק־געוואָרפֿען זיין עקעלהאַפֿטע בעשעפֿטיגונג און געפֿינט זיך איצט אין ניו־אָרלעאַנס, וואו ער מאַכט זיין לעבען אלס קאָמערציאַנט.

ער איז יעדענפֿאַלס געוועזן דער קליגסטער פֿון די אַלע שפּיאָנען און, ווי ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, איז ער ניט געוועזן מסוגל צו דער מיאוס'ער אַרבייט, צו וועלכער די אומשטענדען האָבען איהם פֿריהער גע־טריבען.

אָט דער לערמעניע קומט איינמאָל צו געהן צו מיר און שטעלט זיך פֿאָר אויף אַזאַ'ן אופן:

— מאַדאַם, איך בעלאַנג צו דער געהיים-פּאָליציי, און כדי איהר זאָלט מיר ניט דאַרפֿען גלויבען אויף ן וואָרט, נאַט אייך מיין קאַרטע.

— וואָס איז דער צוועק פֿון אייער בעזוך? — גיב איך אַ פֿרעג דיזען מאָדנעם בחור.

— איך וועל עס אייך גלייך זאָגען. מען גיט מיר דריי הונדערט פֿראַנק אַ מאָנאַט נאָכצושפּיאָנירען די אַנאַרכיסטען אין לאָנדאָן. נו, ווייסט איהר דאָך, אַז דיזע סומע פֿון דריי הונדערט פֿראַנק איז ניט קיין מציאה דאָ אין לאָנדאָן, וואו אלעס קאָסט אַזוי טהייער... איך האָב נעכטען געפֿונען אַן אויסגעצייכענטען פּלאַץ אין אַ האָטעל אין פּיקאַדילי, אַלס בוכהאַלטער. מען וויל מיר צאָהלען צוואַנציג פֿונט אַ מאָנאַט.

— וואָס זשע האָט דאָס מיט מיר צו טהאָן? — רוף איך זיך אָב צו דיזען לין.

— האָט געדולד אַ ווײַלע, איהר וועט באַלד זעהן. אַז איך זאָל אָננעה־מען די שטעלע אין דעם האָטעל אין פּיקאַדילי, וועל איך, פֿערשטעהט זיך, מוזען אויפֿגעבען מיין בעשעפֿטיגונג אַלס געהיים-פּאָליציסט.

— און איהר וועט טהאָן זעהר גוט...

— נו יאָ, אָבער אָט וואָס... מיינע בעלי בתים זיינען פֿעהיג אויף אַלץ־דינג. אַז זיי וועלען זיך דערוויסען, אַז איך בין אָנגעשטעלט דאָ אין לאָנדאָן, וועלען זיי זיך לייגען אין דער לייננ אין אין דער ברייט און זיך סטאַרען איך זאָל פֿערלירען מיין פּלאַץ. פֿאַר גויטה, וועלען זיי אויסטראַכטען אויף מיר וואָס איהר ווילט אַליין. זיי וועלען זאָגען, אַז איך בין אַ גנב, אַז איך בין אַנטלאָפֿען פֿון פֿראַנקרייך... קיין זאַך איז דאָך פֿאַר זיי ניט שווער. זיי קענען געפֿינען מענשען, וואָס וועלען עדות זאָגען, אַז איך האָב בעגאַנגען אַ שווינדעל...

— וואָס ציעלט איהר פֿאָרט מיט דעם אַלעמען? — האָב איך מיט אונגעדולד געפֿרעגט.

— אָט, איך קום שוין צו מיין ציעל. איך וועל ווייטער, אַזוי ווי ביז איצט, צושיקען דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי לאַנגע בעריכטען וועגען די היגע אַנאַרכיסטען, מעהר ניט, די דאָזיגע בעריכטען וועלען זיין פֿאַלשע... איך וועל רעגעלמעסיג צושיקען די נאָטיצען וואָס איהר און אייערע פֿריינד וועלען מיר איבערגעבען.

— אָבער ווי אַזוי וועלען מיר וויסען, צי די דאָזיגע נאָטיצען וועלען ווירקליך אָנקומען קיין פּאַריז?

— איהר אַליין וועט זיי אָפּקלייגען אויף דער פּאָסט.

— גוט אַלזאָ, — האָב איך געזאָגט לאַכענדיג, — איך נעהם עס אָן.

לערמעניע האָט אויף מאָרגען שוין אָנגענומען זיין נייע שטעלע. אַלע צוויי טעג פֿלעגען מיר איהם אויסשטעלען אינטערעסאַנטע געהיימע נאָטיצען וועגען דער טהעטיגקייט פֿון די לאָנדאָנער אַנאַרכיסטען, און, וואָס זאָל איך

אייך זאָגען ? ס׳איז געווען זעהר אַמוזירענד,,, מיר האָבען זיך לוסטיג גע-מאַכט איבער דער פראַנצויזישער פּאָליציי. מיר פּלעגען אויסטראַבטען די ניט געשטויגענסטע זאַכען, געמעלדעט קיין פּאַריז, אַז עס געהט אָן אַ געוואַלדיגע בעוועגונג צווישען די אויסלענדישע אַנאַרכיסטען אין לאָנדאָן, מען גרייט זיך צו פאָהרען קיין פראַנקרייך און נאָך און נאָך אַזעלכע זאַכען.

איהר קענט זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ מהומה ס׳איז געוואָרען אין פראַנצויזישען מיניסטעריום פון אינערן. טעלעגראַמעס זיינען געפלויגען פון פּאַריז קיין לאָנדאָן, פון לאָנדאָן קיין פּאַריז, די געהיים פּאָליציסטען זיינען אַרומגעלאָפען ווי די פערסם׳טע מייז אויף אַלע באַהן-סטאַציאָנען, געזוכט און געגישטערט און גאָרנישט געפונען.

און מיר האָבען זיך געהאַלטען ביי די זייטען פון געלעכטער, און מעהר פון אונז אַלעמען האָט געלאַכט לערמעניע, וועלכער האָט הנאה געהאַט פון זיין איינפאַל.

נאָר לאַנג האָט עס ניט אָנגעהאַלטען. די פראַנצויזישע שפּיאָנען האָבען זיך ענדליך דערוואוסט, אַז לערמעניע האָט אַ שטעלע אַלס בוכהאַלטער און מען האָט איהם גענומען מורא׳דיג פערפאָלגען, ביז וואַנען ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון לאָנדאָן.

ווי איך האָב שוין אויבען דערמאָנט, געפינט ער זיך איצט אין ניו-אָר-לעאַנס. אויס דאַנקבאַרקייט צו אונז, וואָס מיר האָבען איהם געהאָלפען אַרויסקריכען פון זומפּ, שיקט ער מיר אָפּט צו אַביסעל געלד פאַר מיינע אָרעמע לייט, און ער שעצט זיך גליקליך, וואָס ער איז פּטור געוואָרען פון זיין שענדליכער בעשעפטיגונג.

## XX.

## אַן אונגעלונגענער פערזוך.

איין טאָג קומט צו מיר צוגעהן מלא שמחה אַ קאַמעראַד מיט׳ן נאָמען זשאַמען.

ס׳איז געווען אַ זעלטענהייט צו זעהן אַ צופריעדענעם, פרעהליכען גע-נאָסע.

— וואָס איז אַזוינס געשעהן, זשאַמען? — האָב איך איהם אַ פרעג געטהאָן.

— מיין טהייערע לואיזע, — האָט ער מיר געענטפערט — דיטאַמפּל, זשאָרדאַן, פירו, לעפּוועל, מאַרטינאָ און איך האָבען בדעה צו גרינדען אַ פ אַ-לאַנסטער. *)

---

*) אַ קאָמונע לויט דעם סיסטעם פון שאַרל פוריע.

— אַ פֿאַלאַנסטער?

— יאָ.

— ווי פֿוריע, הייסט עס?

— ניין, מיר ווילען גרינדען אַן אַנאַרכיסטישען פֿאַלאַנסטער... דער אידעאַל, דאָס שעהנע, דאָס גוטע, די אחדות, די האַרמאָניע, — אָט דאָס זיינען די עיקרים פֿון אונזער פּראָגראַם.

— דאָס איז זעהר גוט, זשאַמען, דיזע אידעע האָט אַ גרויסאַרטיגען ציעל, אָבער איהר פֿערגעסט זיך אַפּנים גאָר אין גאַנצען, אַז מיר לעבען אין אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט פֿאַר זיך די געזעצען אין די מאַכט... זי ערלויבט ניט די אינדיווידועןן זיך צו פֿעראייניגען און צו לעבען פֿריי — מען מוז לעבען אינאיינעם מיט אַלעמען, די, וואָס ווילען זיך האַלטען אויסערהאַלב די סאָציאַלע גרענעצען, ווערן גאָר גיך צובראָכען, פֿערניכטעט, איבעריגענס, אין אַמעריקאַ וואָלט אפשר אייער אידעע געהאַט וואָס פֿאַר ס'איז שאַנסען פֿון ערפֿאָלג, אָבער ניט דאָ אין ענגלאַנד. דער ענגלענדער איז בטבע אַ פֿריינד פֿון דעם געזעץ און דורכדרונגען פֿון פּאַראָרטהיילע. וועה צו די, וועלכע ריהרען אָן די ענגלישע אָבערגלויבענס, וועלכע געפֿינען ניט, אַז די אָרדנונג פֿון ענגלאַנד איז די פֿאָלקאָמענסטע פֿון אַלע אָרדנונגען...

— מיר ווילען זעהן, מיין גוטע לואיזע. יעדענפֿאַלס וועט איהר דאָך זיך ניט ענטזאָגען אונז מיטצוהעלפֿען אין אונזער אַרבייט?

— איך, פֿערשטעהט זיך אַז איך וועל זיך ניט ענטזאַגען דערפֿון. נאָר וואָס קען איך פֿאַר אייך טהאָן?

— ריידען מיט עטליכע קאַמעראַדען און זעהן, זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן אונז.

— דאָס איז ניט שווער, און איך זאָג עס אייך צו, אָבער וואו האַלט איהר מיט אייער אונטערנעהמונג?

— מיר האָבען אָבגעדונגען אין די ווילס אַן אַלטע פֿאַרם, וועלכע מיר ווילען ביסלאַכווייז ברייינגען אין אָרדנונג. פֿאַרהאַן צווישען אונז מויערמייסטער, סטאָליאַרעס און טישלער.

— און וואָס ווייטער?

— וואָס ווייטער?

— יאָ...

— וואָס הייסט? מיר ווילען זיך דאָרט בעזעצען. יעדער קאַמעראַד וועט האָבען מיט זיך זיין פֿרוי; מיר ווילען אויפֿנעהמען קינדער אויך.

— גאַנץ שעהן. אָבער האָט איהר געטראַכט וועגען לעבענס-מיטלען?

— דאָס איז געוועזן די ערשטע זאַך, מכח וועלכער מען האָט געדאַרפֿט טראַכטען... מיר האָבען פֿאַר צעהן פֿונט אָבגעדונגען אַ גרויסע שטיק פֿעלד, ואו מיר ווילען פֿערזייען ווייץ און גרינוואַרג...

— איהר האָט אַן אַקער מאַשין?

— ניין, נאָר מיר וועלען אַליין פאַבריצירען איינע.

— און איהר וועט האָבען כּוחות אויסצוהאַלטען ביז וואַנען די ערד אייערע וועט ברייגגען פּריכטע?

— מיר וועלען זיך סטאַרען אויסצוהאַלטען... איבעריגענס, האָבען דריי גענאָססען, וועלכע מאַכען אַ שעהנעם לעבען אין לאָנדאָן, פּערשפּראָכען אונז צו העלפען.

— נון, — האָב איך זיך ענדליך אָבגערופען — זאָל זיין מיט גליק, ושאַמען!

דריי מאָנאַט שפּעטער איז דיזער גענאָססע ווידער געווען ביי מיר.

— נו, — האָב איך געזאָגט —וואָס הערט זיך מיט דעם פּאַלאַנסטער?

— ער איז פערטרונקען געוואָרען אין וואַסער...

— וואָס הייסט?

— דאָס וואָס איהר הערט... די פאַרם, וואָס מיר האָבען געדונגען, גע-פינט זיך אויף אַ זומפּיגען אָרט, אַז ס'איז געקומען די צייט פון די רעגענס, זיינען אונזערע פעלדער פערוואַנדעלט געוואָרען אין גאַנצע טייכען. אַחוץ דעם האָבען מיר אָנערקענט, אַז עס וועט זיין פאַר אונז אונמעגליך צו לעבען אויסערהאַלב דער געזעלשאַפט. אונזערע שכנים האָבען געקוקט אויף אונז מיט פערדעכטיגע, פיינדליבע אויגען. איין טאָג האָט זיך געמאַכט אַ געשיכ-טע, איינער פון אונזערע אינגלאַך האָט אויסגעריסען אַ בוריק אין אַ שכנ'-ישען פעלד, האָבען מיר געמיינט, אַז מיר וועלען געלינטשט ווערן...

— איהר זעהט אַלזאָ, אַז איך בין גערעכט געווען. איירער מען וויל לעבען אויסערהאַלב דער געזעלשאַפט, מוז מען אַפריהער צושטערען דיזע געזעלשאַפט; אַז מיר וועלען זי איבערקעהרען — און די יסודות, אויף וועל-כע זי האַלט זיך, זיינען שוין דורכגעפוילט — דאַן ערשט וועלען מיר קענען אָנפאַנגען לעבען געמיינשאַפטליך. ביז דאַן קען מען זיך ניט העלפען, איהר האָט דאָך געזעהן...

— ס'איז אמת, — האָט זיך ושאַמען אָבגערופען מיט אַ טרויעריגען טאָן. — אָבער ווי אַזוי וועט מען אַמאָל פּטור ווערן פון דיזער געזעלשאַפט?

— פריהער מוז די אידעע פון דער רעוואָלוציאָן מאַכען פאָרטשריט מיט זי געהט שוין איצט פאָרווערטס. לאָמיר האָפען...

## XXI.

## איך פערלאָז ענגלאַנד.

אין פראַנקרייך האָט אָנגעהויבען ווערן שטילער. די אַנאַרכיע האָט אויפ-געהערט אַזוי שטאַרק צו שרעקען די פּראָנצויזישע רעגירונג; די „שרעקליכע" צייטען זיינען אַריבער און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז די רוהע, וועלכע איז אַזוי טהייער פאַר די זאַטע בורזשואַס, הויבט אָן ביסלאַכווייז קומען צוריק.

דער הימעל איז געווען בלוי, און די גרויסע רויטע און שוואַרצע כמאַ-רעס, וועלכע האָבען איהם אויף אַ געוויסען מאָמענט פערשטעלט, זיינען ביסלאַכווייז פערשוואונדען און אַוועק אין די רוסישע לענדער...

איך האָב בעשלאָסען אַריינצופאָהרען צוריק קיין פאַריז.

— אָבער אונגליקליבע וואָס איהר זייט, — האָט מיר איינער פון מיינע ענגלישע פריינד געזאָגט, ווען איך האָב איהם מיטגעטהיילט מיין בעשלוס,— מען וועט אייך זיכער דאָרט אַריינזעצען אין געפענגניס.

— זאָל זיין, — האָב איך געענטפערט. — איך וויל אָבכאַפּען אַביסעל דעם אָטהעם און איינזויגען אין זיך אַביסעל לופט פון מיין געבורטס-לאַנד.

— ס'איז אַלזאָ היים-וועה?

— ניין, איך וויל האָבען אַ שטיקעל אָבוועקסלונג.

אין אַ מאָנאַט אַרום האָב איך איינגעפּאַקט מיינע זאַכען און זיך צוגע-גרייט צו דער רייזע.

ס'איז געווען אַ שעהנער פריה-מאָרגען. די זונן האָט געשיינט, פונאַנ-דערשיטענדיג איהרע ליכטיגע שטראַהלען איבער די גרויסע שוואַרצע בנינים פון לאָנדאָן... די פויגעלאַך האָבען געסווישטשעט מונטער און פרעהלאַך, און די טעמזע, וועלכע איז געוועהנליך פינסטער און מוטנע, האָט דעם פריה-מאָרגען עפּעס אויסגעזעהן קלאָהר און דורכזיכטיג — די גאַנצע הויפּט-שטאָדט פון ענגלאַנד האָט עפּעס אַזוי ווי אַראָבגעוואָרפען פון זיך איהר מרה-שחורה'דיגען, ב־רוגז'ן אָנבליק, אָקיראַט ווי זי וואָלט זיך געסטאַרעט אַרויסצורופען אין מיר אַ פערדרוס, וואָס איך פערלאָז זי.

איך בין זיך מודה, אַז עס האָט מיר ווירקליך פערדריקט בײם האַרצען, ווען איך בין אָבגעפאָהרען פון ענגלאַנד, וואו איך האָב געפונען אַזאַ ברייטע, אַזאַ גרויס-מוטהיגע גאַסטפריינדשאַפט...

אָבער ס'האָט אַנדערש ניט געקענט זיין!

איך בין אַריין אין צוג און אין צוויי שטונדען אַרום בין איך געווען אין דאָווער.

דער ים איז געווען רוהיג און אין עפּעס מעהר ווי אַ שעה צייט זיינען מיר געווען אין קאַלע.

ביים האַפען האָב איך געפונען אַ גאַנצע מחנה פון פריינד, וועלכע האָבען זיך דערוואוסט וועגען מיין קומען.

דער וואָס לעבט אַ לאַנגע צייט אין אויסלאַנד און קומט דערנאָך צוריק אין זיין לאַנד, מאַכט דורך אַ געוויסען מאָמענט פון איבעראַשונג. עפּעס פיהלט מען זיך אַזוי ווי ערשטוינט, הערענדיג די אַלט-בעקאַנטע קולות, דעם קלאַנג פון דער מוטער-שפּראַך... מען פיהלט זיך עפּעס אַזוי ווי ניי-געבוי-רען, און ס'איז אַזוי גוט, אַזוי גוט אויף'ן האַרצען.

דיזען געפיהל האָב איך געהאַט אָנקומענדיג קיין קאַלע. ווי איך בין נור אַרונטער פון שיף, האָבען מיך עטליכע געזונדע אַרבייטער אָרעמס אַ

הויב געטהאָן און מיך פשוט צוגעטראָגען צו אַ וואָגען, וואָס איז געשטאַנען אָנגעגרייט פאַר מיר, און וועלכער האָט מיך געדאַרפט אָבפיהרען צו אַ קאָמעראַד אין הויז, ווייל די גענאָסען פון קאַלע האָבען ניט געוואָלט איך זאָל גלייך אָבפאָהרען קיין פאַריז.

ווי גוט דאָס איז געווען זיך צו געפינען צוריק צווישען די אַלטע בעקאַנטע און צו הערען די קלינגענדע פריינדליכע שטימען. נאָר אימער מוז זיך מאַכען עפעס אַ צרה, וואָס זאָל קאַליע מאַכען די שעהנסטע מאָמענטען פון לעבען.

דיזע צרה האָט זיך געיאַוועט אין קאַלע אונטער דער פאָרם פון אַ קאָמיסאַר, אַ שוואַרצער מאַן, גאַנץ נידעריג און קיילעכדיג ווי אַ פעסעל.

— וואָס טהוט איהר דאָ? — האָט ער מיך געפרעגט.

— און איהר? — האָב איך געענטפערט.

— איך? איך האָב אַ רעכט דערצו.

— און איך אויך, מיין הערר.

— איהר זייט אַן אויסגעוויזענע... איהר האָט קיין רעכט ניט צוריקצוקומען קיין פראַנקרייך.

— נאַ דיר גאָר אַ נייער עסק!

— איהר וועט אַזוי גוט זיין געהן מיט מיר.

— קיינמאָל אין לעבען ניט!

— וואָס זשע, איהר שטעלט זיך דאַגעגען!

— יאָ, איך שטעל זיך דאַגעגען, — האָב איך געענטפערט.

דער עולם אַרום מיר האָט אַרויסגעפלאַצט מיט אַ מורא'דיגען געלעכטער.

דער קאָמיסאַר איז געוואָרען אין כעס, האָט אַ רוף געטהאָן צוויי פאָליציסטען און זיי געזאָגט:

— פיהרט אָב דיזע פרוי אין פאָליציי-סטאַציאָן.

— און די אורזאַכע פון דעם אַרעסט? האָב איך אַ פרעג געטהאָן.

— דאָס איבערטרעטען פון דעם אויסווייזונגס בעפעהל, — האָט זיך דער קאָמיסאַר אָבגערופען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ ווײַלע מישב געווען.

— מיין ליעבער מאַן, מען זעהט, אַז איהר זייט אין אַ האַפען-שטאָדט, ווייט פון פאַריז... איהר ווייסט דאָך גאָרניט וואָס עס טהוט זיך מיט אייך.

— דאָס וועלען מיר באַלד זעהן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ בייזער, דערווייל האָבען זיך מיינע פריינד אַרומגעשטעלט אַרום מיר, ענטשלאָסען מיך ניט צו לאָזען נעהמען.

— קאַמעראַדען, — האָב איך זיך אָבגערופען צו זיי — בלייבט רוהיג, אַלעס וועט רעכט ווערן. מען קען מיך לאַנג ניט פערהאַלטען.

און איך האָב זיך געלאָזט געהן אין פאָליציי-סטאַציאָן, בעגלייטעט פון אַ מחנה מענשען, וועלכע האָבען געשריען:

— אין וואַכער מיט'ן קאָמיסאַר!... אין קאַנאַל! וואַרפֿט איהם אַריין אין קאַנאַל!

אין פּאָליצײ-סטאַציאָן האָט זיך דער קאָמיסאַר דערפֿיהלט זיכער און ער איז געווא־ען פֿרעך.

— אַה, מאַדאַם די רעוואָלוציאָנערקע! — האָט ער געזאָגט — איך האָב אייך דאָס מאָל בײ מיר אין די הענד, און איהר וועט זיך שוין ניט אויסדרעהען.

— ווילט איהר זיך וועטען, אַז איך וועל זיך אויסדרעהען פֿון אייך, און גאָר גיך?

— ניין, איהר וועט זיך שוין ניט אויסדרעהען.

— אין איך זאָג אייך אַז יאָ. איהר האָט קיין רעכט ניט געהאַט מיך צו אַרעסטירען, האָט איהר אַ בעפֿעהל דערצו? ווייזט איהם מיר.

— איך וועל איהם האָבען גלייך אין עטליכע מינוט אַרום.

אין זיך ווענדענדיג צו איינעם פֿון זיינע סעקרעטאַרען, האָט ער געזאָגט:

— טעלעגראַפירט קיין פּאַריז...

— צים מיניסטער פֿון אינערן, — האָב איך צוגעלייגט.

מען האָט מיך אַריינגעפֿיהרט אין אַ קליין קעמערל. דאָרט האָב איך געוואַרט אַן ערך אַ האַלבע שטונדע, ווען דער קאָמיסאַר האָט מיך געשיקט רופֿען.

ער איז שוין געווען געלאַסענער.

כמעט מיט אַ העפֿליכען טאָן האָט ער מיר געזאָגט ·

— כ'האָב אַ טעות געהאַט. כ'האָב געמיינט, אַז איהר זייט פֿערראור-טהיילט געוואָרען, אָבער ווי איך דערוויס זיך איצט, זייט איהר גאָר מיט אייער גוטען ווילען אַװעקגעפֿאָהרען קיין ענגלאַנד. נו, איך האָב קיין אורזאַ-כע ניט אייך צו פֿערהאַלטען. צום ווידערזעהן!

איך האָב געוואָרפֿען אויף איהם אַ בליק פֿון פֿעראַכטונג און בין אַרויס פֿון פּאָליצײ-סטאַציאָן.

די געגנאָסען האָבען גיט אַנדערש נור געוואָלט איך זאָל בלייבען עטלי-כע טעג אין קאַלע. אָבער איך האָב קיין חשק ניט געהאַט דערצו. איך בין איצט געווען אַרומגערינגעלט פֿון שפּיאָנען, און דאָס בעסטע איז געווען אַריינצופֿאָהרען קיין פּאַריז, וואו די פּאָליצײ האָט ניט געקענט האָבען אַזאַ קאָנטראָלע איבער מיר...

אין ניט קיקענדיג אויף די פֿערשיעדענע פֿאָרשלעגע פֿון מיינע פֿריינד אין קאַלע, האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין דעם צוג און אין עטליכע שטונ-דען אַרום בין איך געווען אין פּאַריז.

## ענדע פֿון פֿיערטען טהייל.

פינפטער טהייל.



# די לעצטע יאהרען.

I.

## מיין אויפנאַהמע אין פאַריז.

אַז דער צוג איז אָנגעקומען אויף דעם „גאַר די נאָרד", האָב איך דער זעהן, אַז דער וואָקזאַל איז שוואַרץ פון מענשען.

די פאַריזער גענאָסען זיינען געקומען אין זייערע הונדערטער מיך אָב-וואַרטען.

מען ווייסט, וואָס פאַר אַ ליעבהאָבערין פון כבוד איך בין... דאָך קען איך זיך ניט צוריקהאַלטען צו זאָגען דאָ עטליכע ווערטער וועגען דעם ענ-טהוזיאַסטישען עמפפאַנג, וואָס מען האָט מיר דאַן געגעבען.

בעקאַנטע און אונבעקאַנטע לייט, פריינדע פון נעכטען און פון מאָרגען, נייגיריגע און זאָגאַר געגנער האָבען געפונען פאַר נייטיג צו זיין אָנוועזענד ביי מיין אָנקומען קיין פאַריז, אַזוי אַז דער וואַקזאַל איז ווירקליך געווען איבערפילט מיט מענשען.

אַזוי גיך ווי דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט, האָב איך דערהערט אַ מעכטיגען געשריי:

— לעבען זאָל לואיזע מישעל!

— פריינדע, — האָב איך זיך אָבגערופען צו די מאַניפעסטאַנטען— שרייט ניט „ס׳לעבע לואיזע מישעל!" דאָס האָט קיין שום בעדייטונג ניט. שרייט בעסער. „לעבען זאָל די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן!"

און אַ מעכטיגער, טויזענדפאַכער רוף האָט אָבגעהילכט איבער׳ן גאַנצען וואַקזאַל.

דער ספעציעלער קאָמיסאַר פון דעם „גאַר די נאָרד" האָט גלייך געשיקט נאָך זשאַנדאַרמען.

עפּעס אַ קלייניגקייט! דאָס איז דאָך געווען אַ גאַנץ ערנסטער פאַל... אַשטייגער ווען די עטליכע טויזענד מאַניפעסטאַנטען, וועלכע האָבען מיך בעגריסט, זאָל זיך פערגלוסטען צו מאַבען אַ נייע קאָמונע!

נאָר איידער די זשאַנדאַרמען זיינען אָנגעקומען, בין איך שוין געווען גאַנץ ווייט.

דאָך איז דיזע אויפנאַהמע, וועלכע האָט מיר פערשאַפט אַ טיעפע

פֿרייד, בעטראַכטעט געוואָרען פֿון די רעגירונג-בלעטער פֿאַר אַן אָנזאָג פֿון אַ געפֿעהרליכער, אונרוהיגער צייט אין פֿראַנקרייך.

אויף מאָרגען האָט מען אין די מיניסטעריעלע צייטונגען געקענט לייענען פֿאָלגענדע צייל ען:

„געכטען האָבען מיר אויף דעם „גאַר די נאָרד" געהאַט אַן אָנפֿאַנג פֿון אַן אויפֿשטאַנד, און ווען ניט די מאסרעגלען, וואָס דער ספּעציעלער קאָמי-סאַר פֿון דעם וואָקזאַל האָט אָנגענומען בעצייטענס, וואָלטען מיר געהאַט אַ געלעגענהייט צו זעהן, ווי גאַנצע מחנות פֿון אַנאַרכיסטען פֿערשפּרייטען זיך איבער פּאַריז, אונטער דער אָנפֿיהרערשאַפֿט פֿון לואיזע מישעל, און בעגייען די אַמאָליגע ווילדע מעשים זייערע.

„מיר האַלטען עס פֿאַר נייטיג אויפֿמערקזאַם צו מאַכען דער רעגירונג אויף דער געפֿאַהר, וואָס ליגט פֿאַר פּאַריז אין דער אָנוועזענהייט פֿון דער „רויטער יונגפֿרוי".

„מאָרגען ווערען די גאַסען זיין ביי די געפֿעהרליכע רעוואָלוציאָנערן אין די הענד. זיי וועלען אויספּלינדערן די מאַגאַזינען און מיר קענען נאָך ווידער האָבען אַ מורא'דיגען ציוויל-קריעג..."

און די טהייערע צייטונגען האָבען דער רעגירונג געגעבען פֿאָלגענדע עצה:

„די פּאָליציי מוז בעצייטענס נעהמען אַלע נייטיגע מאַסרעגלען אָבצו-שטעלען דיזע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג, אָדער בעסער געזאָגט, דיזע אַנאַר-כיסטישע געפֿאַהר ביי איהר סאַמע אָנפֿאַנג. ס'וועט זיין גענוג צוריקצושיקען לואיזע מישעל קיין ענגלאַנד. מיר זיינען געווען רוהיג, אַזוי לאַנג ווי זי איז געווען אין אויסלאַנד; מען טהאָר זי מעהר ניט טאָלערירען אין פֿראַנקרייך. פּאַרהאַן „געפֿעהרליכע חיות", וועלכע מוזען איינגעשפּאַרט ווערן, אויב מען וויל פֿערהיטען, אַז זיי זאָלען ניט אָנמאַכען קיין שוידערליכע חורבונות!"

אָה, טהייער פֿראַנקרייך! ווי גערעכט זיינען די, וועלכע האַטען דיך פֿאַר אַ לאַנד פֿון פֿרייהייט!...

איך בין שוין פֿון אַ לאַנגע צייט אָן געווען אָבגעוועהנט פֿון אַזעלכע פֿייגדליכע ווערטער. דאָס מעהר אָדער ווייניגער רוהיגע לעבען, וואָס איך האָב געפֿיהרט אין ענגלאַנד, האָט מיך געמאַכט פֿערגעסען אָן די ברוטאַלע געזעצע פֿון מיין שעהן פֿאָטערלאַנד.

איך האָב גערעכענט, אַז מען וועט ווייניגסטענס האָבען וואָס פֿאַר עס איז איינזעהעניש מיט אַ פֿרוי, וועלכע איז פֿון איהר גוטען ווילען אַוועקגע-פֿאָהרען אויף עטליכע יאָהר צייט, און וועלכע איז איצט צוריקגעקומען אין איהר לאַנד מיט די פֿריעדליכסטע אַבזיכטען.

וואָס פֿאַר אַ טעות איך האָב דאָס געהאַט!

שוין אויף מאָרגען נאָך מיין אָנקומען — וואָס זאָג איך? דעם זעלבען אָוענד איז דאָס הויז, וואו איך בין אַריינגעפֿאָהרען, בעלאַגערט געוואָרען פֿון שפּיאָנען.

איך האָב ניט געקענט מאַכען קיין איין טריט, מען זאָל מיר ניט נאָכ-געהן, און ווי אייניגע קאַמעראַדען זיינען נור צוגעגאַנגען צו מיר אויף דער גאַס, איז מיך צו בעגריסען, זיינען זיי גלייך אַרעסטירט געוואָרען.

מיין פריינד סעבאַסטיאַן פאָר, א העכסט אינטעליגענטער און ענערגישער מאַן, צוזאַמען מיט דעם בראַווען קאַמעראַד מאַטהאַ, האָט זיך איינגעגעבען מיך ווי עס איז אַרויסצופיהרען פון דער צרה. מיט זייער הילף איז מיר געלונגען זיך איבערצוציהען אויף אַן אַנדער קוואַרטיר, און די שפּיאָנען האָבען מיך פערלאָרען פון אויג.

זיי האָבען ניט געוואוסט וואו איך בין אַהינגעקומען און זיי האָבען בעשלאָסען ביי זיך, אַז איך האָב אוּדאי געמוזט אָבפאָהרען קיין ענגלאַנד.

דיזע מיינונג האָט זיך פערשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָדט. איבער-אַל האָט מען גערעכענט, אַז איך האָב פערלאָזען פראַנקרייך.

דערויף האָב איך געוואַרט.

מיינע פריינד האָבען זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט, האָבען אָר-גאַניזירט פערזאַמלונגען, וואו איך פ״עג אומגעריכטערהייט קומען ריידען.

אָבער די פערפאָלגונגען פון דער פּאָליציי האָבען זיך בעניַיט, און מיט אַזאַ מין שאַרפקייט, אַז איך האָב כמעט פערלאָרען דעם מוטה. ווען ניט מיינע פריינד, וועלכע האָבען מיך געהאַלטען אין איין אויפמונטערן, וואָלט איך אפשר צוריקגעפאָהרען אין ענגלאַנד.

נאָר ענדליך האָב איך זיך ענטשלאָסען צום קאַמפּף.

אַה! ס׳איז גאַנץ שווער אַרויפצוגעהן פון דאָס ניי אויף׳ן קאַמפּף-פּלאַץ, ווען מען איז אָבגעוועהנט דערפון, אָבער מען בעקימט גאַנץ גיך ענערגיע און מוטה, איבערהויפּט ווען מען ווערט אונטערשטיצט פון אַזעלכע צוויי טיכטיגע מענער ווי סעבאַסטיאַן פאָר און מאַטהאַ.

אַז איך פלעג זיי אימער זעהן פערטהאָן, בעשעפטיגט מיט זייער אָר-גאַניזאַציאָנס-אַרבייט, האָב איך זיך איינפאַך געמוזט שעהמען מיט מיין אונ-טהעטיגקייט, און דאָס האָט מיר געגעבען קוראַזש צו דער אַרבייט.

נאָך אַלעמען, וואָס האָב איך דאָ געהאַט מורא צו האָבען, איך, וואָס איך האָב קיינמאָל פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט געהאַט?

אַז מען וועט מיך אַריינוואַרפען אין טורמע?

דאָס וואָלט געווען אַן אונגערעכטיגקייט, אַן אונפערשעהמטהייט, און ס׳איז גאָרניט שלעכט, אַז עס זאָל זיך פון צייט צו צייט מאַכען עפּעס אַן אינגערעכטיגקייט, עפּעס אַ געמיינהייט, אום אויפצוהאַלטען ביים פאָלק און האַרצען די אידעע פון רעוואָלט, וועלכע ליגט דאָרט און וואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען זי וועט דאַרפען אַרויספּלאַצען...

וואָלטען מיר דען געהאַט די שעהנע רעוואָלוציאָנערע טעג, מיט וועלכע די געשיכטע שטאָלצירט אַזוי, ווען דער האַס און די פערביטערונג וואָלטען ניט אַמאָל געטריבען די ערנידעריגטע און אונטערדריקטע צום אויפשטאַנד?

איך האָב בעשלאָסען פון דאָס נייַ אָנצוצינדען, אָדער בעסער געזאָגט, פונאַנדערצובלאָזען דאָס פייער, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבען פערלעשען.

איך האָב אָבגעהאַלטען אין טהעאַטער „שאַטאָ ד׳אָ“ אַ פּאָרטראַג, וועלכער האָט דאַן אָנגעמאַכט אַ געוואַלדיגען טומעל.

מיר זיינען געווען אַזוי פּאָרזיכטיג און האָבען אָנגענומען אַזעלכע מיטלען, אַז די פּאָליציי האָט ניט געוואוסט פון דער פערזאַמלונג ביז מיט עטליכע מינוט איידער זי האָט זיך געענדיגט.

אָבער זי האָט זיך דערפאַר אָבגערעכענט מיט אונז ביים אַרויסגעהן.

ווען די בראַווע קאַמעראַדען, וועלכע זיינען געקומען מיך הערען, זיינען אַרויס פון טהעאַטער, איז זיי די פּאָליציי בעפאַלען מיט אַן אונערהערטער רציחה. מען האָט געשלאָגען רעכטס און לינקס. מורא׳דיג ווילד איבער דעם וואָס מען האָט זיך ביי זיי גאָרניט אָנגעפרעגט און זיי אפילו ניט צו וויסען געגעבען וועגען דער פערזאַמלונג..., האָבען זיך די פּאָליציי הינט איצט נוקם געווען אָן אינז אויף אַ מורא׳דיגען אופן.

גליקליכערווייזע זיינען קיין טויטע ניט געווען, נאָר די צאָהל פון די פערוואונדעטע איז געווען זעהר גרויס.

אַ שוואַנגערע פרוי האָט מען אויף אַ שוידערליכען אופן געשלאָגען. מען האָט ניט געשאַנעוועט ניט קיין פרויען און ניט קיין קינדער.

און פאַרוואָס אָט די אַלע ווילדע רציחות? פאַרוואָס אַזאַ בלוטיגער אָנפאַל?

גאַנץ איינפאַך דערפאַר וואָס איך האָב געהאַלטען אַ פּאָרטראַג אין אַ טהעאַטער.

מען שפּיעלט היינט צו טאָג פּיעסען, וועלכע זיינען הונדערט מאָל געפעהרליכער, איידער מיינע דעמאָלדיגע פּאָליטישע טהעאָריען זיינען געווען, און דאָך קימערט עס דער פּאָליציי גאָרניט.

די פּאָליציסטען האָבען מיט אונגעדולד געוואַרט, איך זאָל נור אַרויסקומען פון טהעאַטער, און מען האָט זיך אודאי צוגעגרייט מיר צו געבען אַזאַ שוואַרצען סוף, אַז איך זאָל האָבען צו געדיינקען פאַר דער העזה וואָס איך האָב געהאַט צו האַלטען אַ רעדע אָהן דער ערלויבעניש פון דעם הערר פּאָליציי פרעפעקט.

אָבער זיי זיינען אויך דאָ געבליבען מיט אַ נאָז...

זיי האָבען גערעכענט, אַז איך וועל אַרויסגעהן אין „רי דע מאַלט“ און זיי זיינען געווען גרייט מיך דאָרט צו עמפּפאַנגען, אָבער איך בין אַרויס פון אַן אַנדער טהיר, לעבען דעם קאַנאַל. מיינע קאַמעראַדען האָבען דאָרט געהאַלטען גרייט אַ וואָגען. איך בין אַריין און — די פּאָליציי איז געבליבען אויסגעשטעלט.

די מיניסטעריעלע בלעטער, וועלכע האָבען דאָך געמוזט וויסען, אַז זיי טהוען עפּעס פאַר דעם געלד וואָס זיי קריגען, האָבען געבראַכט אַזאַ שרעק-

ליבען בעריכט וועגען מיין פּאָרטראַג, אַז די גוטע בורזשואַס זיינען געוועזן אויסער זיך פאַר איבּערענגונג און שרעק.

אָט האָט איהר אַ קורצען אויסצוג פון דעם דאָזיגען בעריכט, וועלכער איז אויף מאָרגען ערשיענען אין אַלע צייטונגען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין דיענסט פון דער רעגירונג:

„לואיזע מישעל, וועלכע איז צוריקגעקומען פון ענגלאַנד אַסך ווילדער, אַסך בלוט דורשטיגער ווי ווען עס איז, האָט נעכטען אָבגעהאַלטען אין טהע-אַטער פון „שאַטאָ ד׳אָ“ אַ פאָרטראַג, וועלכער האָט שיער ניט געהאַט גאַנץ ביטערע פאָלגען.

„די וועלפּין פון דער אַנאַרכיע האָט געפּריידיגט דעם קאַמפּף אויף טויט און אויף לעבען, דעם ווילדען, שרעקליכען קאַמפּף, און האָט אויפגעהעצט די פערזאַמלונג צום אויפשטאַנד.

„— לאָמיר זיך פעראייניגען, — האָט זי זיי געזאָגט, — איבערצוקעהרען די אַלטע וועלט. לאָמיר הרג׳ענען, ראַבעווען, ברענען! זאָל דער דינאַמיט פערנעהמען דעם פלאַץ פון די רעדעס, זאָלען די טהאַטען קומען גלייך נאָך די רייד! צו לאַנג זיינען מיר געוועזן אונטהעטיג. קאַמעראַדען, שעהמט איהר זיך גאָרניט, צו זיצען אַזוי מיט פערלייגטע הענד און גאָרנישט טהאָן? אין דער צייט וואָס איהר זייט שטיל און רוהיג, ווערט די קאַפּיטאַליסטישע באַנדע אַלץ שטאַרקער פון טאָג צו טאָג; באַלד וועט איהר זיין אַרומגעצאַמט אַזוי ווי שאָף און מען וועט אייך פיהרען צו דער שחיטה... מען וועט אייך ניט קוילען, נאָר מען וועט אייך לאָזען שטאַרבען פאַר הונגער, אייך און די אייעריגע, דאָס וואָס איז נאָך פיעל שרעקליכער. און וואָס טהוט איהר דער-צו? גאָרנישט! ענערגיע — אָט וואָס אייך פעהלט!... אַ שטיקעל קנויט, אַביסעל דינאַמיט — און איהר וועט בעזיעגען אייערע תלינים...“

דיזע אידיאָטישע רעדע — קיין אַנדער וואָרט האָב איך ניט דערפאַר — איז געוועזן די אַרבייט פון די מיניסטעריעלע זשורנאַליסטען. איך האָב קיינמאָל ניט אַרויסגערעדט אַזעלכע דומהייטען.

פערשטעהט זיך, אַז דאָס האָט געמאַכט דעם רושם, וועלכען די פּאָלי-צייַ האָט דערפון ערוואַרטעט.

אויף מאָרגען האָט מען געקענט הערען ווי מענשען ריידען אין די גאַ-סען איבער דעם וואָס די צייטונגען האָבען געשריבען.

— ס׳איז שרעקליך!

— דיזע לואיזע מישעל וועט אונז אַלעמען לאָזען שפּרינגען אין דער לופטען מיט איהרע דינאַמיט-באָמבעס... וואָס פאַר אַ פרוי! וואָס פאַר אַ ווילדע זאַך! איך, ווען איך וואָלט געוועזן אויף דער רעגירונג׳ס פּלאַץ, וואָלט איך זי צוריק פערשיקט קיין נוי-קאַלעדאָניען...

— נוי-קאַלעדאָניען... דאָס איז צו מילד פאַר איהר. איך וואָלט איהר צוגעבונדען צו אַ סלופּ און איהר דערשאָסען אָהן רחמנות...

אָרעמע בורזשואַס! ווי זיי האָבען דאָס אַביסעל געציטערט פֿאַר מיר און ווי ווייניג זיי האָבען דאָס מיך געקענט!...

איך בין זיך מודה, אַז נאָך דיזע פֿייערדיגע אַרטיקלען איז פּשוט געווען אָ געפֿאַהר פֿאַר מיר אַרויסצוגעהן אין גאַס, ווייל עס האָט זיך דאָך געקענט געפֿינען נאָך אַ משוגע׳נער, אַ נייער לוקאַס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

II.

## ביי די קוילענגרעבער.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך געמאַכט אַ רייזע אין נאָרד-פֿראַנק-רייך אין דער געגענד פֿון די קוילענמינען.

וואָס פֿאַר אַ זעלטענע גוטע בעפֿעלקערונג די מיינערס זיינען! אָרעמע מענשען, ווען מען דריקט אַזוי שטאַרק און וועלכע קלאָגען זיך אַזוי זעל-טען...

די זונן שיינט פֿאַר אַלעמען, זאָגט מען. ניין, ס׳איז פֿאַלש! זי שיינט ניט פֿאַר די קוילענגרעבער.

אין דער צייט וואָס זי שיינט און וואַרימט אָן די ערד מיט איהרע ליעבע שטראַהלען, געפֿינט זיך דער מיינער הונדערט פֿוס אונטער דער ערד, ליגענ-דיג אויף׳ן רוקען אין אַ פֿינסטערטר גאַלעריע און האַקענדיג די שוואַרצע שטיינער פֿון אַ שוואַרצער וואַנד... אויבען לעבט מען, מען זינגט, מען איז גליקליך! ער, דער אָרעמער קוילענגרעבער, ווייסט ניט פֿון קיין לעבען, פֿון קיין שום פֿרעהליכקייט... דאָס איז דער מאַן פֿון דער נאַכט! ער איז פֿער׳-משפּט צו לעבען אין חושך. און פֿאַרוואָס? האָט ער ניט קיין רעכט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע, אויף זיין טהייל זונן?

און עפּעס אַזוי ווי די פֿינסטערע נאַכט, אין וועלכער ער איז בעגראָ-בען, וואָלט ניט געווען שרעקליך גענוג, קומט נאָך אָפּטמאָל אַ קאַטאַסטראָ-פֿע, וועלכע וואַרפֿט איין גאַנצע ווענד אין די מינען און בעגראָבט אויף אייביג דעם אונגליקליכען שוואַרצען אַרבייטער. מען וועט וואַרטען אויף איהם, זיין פֿרוי און זיינע קינדער וועלען מיט אונגעדולד אַרויסקוקען, ער זאָל קומען צוריק אַהיים, נאַר אומזיסט...

וואָס פֿאַר אַ שוידערליכער שיקזאַל דאָס איז!

מיין האַרץ איז אימער געווען פֿול מיט ליעבע און מיטלייד פֿאַר די אָרעמע קוילענגרעבער.

איך האָב זיך געסטאַרעט אין מעהרערע רעדעס, וואָס איך האָב פֿאַר זיי געהאַלטען, צו געבען צו פֿערשטעהן דיזע אונגליקליכע, דיזע אויסגע-שטויסענע פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַז די לייב-אייגענשאַפֿט איז שוין פֿון לאַנג אָבגעשאַפֿט און אַז דער שקלאַפֿען-האַנדעל עקזיסטירט מעהר ניט.

די מיינערס האָבען מיך אויסגעהערט מיט אויפֿמערקזאַמקייט; פֿיעל פֿון זיי פֿלעגען זאָגאַר איועקגעהן בעגייסטערט פֿון מיינע פֿערזאַמלונגען, אָבער אַלע זיינען אויף מאָרגען צוריק אַריין אין דער מינע... וואָס ווילט איהר? מען מוז דאָך לעבען!

נאָר גערולד, מיינע בראַווע, אונגליקליכע פֿריינד! דער טאָג וועט קומען, ווען די מינע וועט בעלאַנגען צו איך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַן ערך 15 טעג בין איך געבליבען אין דעם מינען-געגענד פֿון נאָרד-פֿראַנקרייך, וואו איך האָב אָבגעהאַלטען ביז צוואַנציג פֿערזאַמלונגען.

אין קאָט האָבען מיך די זשאַנדאַרמען אַרעסטירט אונטער דעם לעכער-ליכען אויסרייד, אַז איך האָב געפּריידיגט דעם אויפֿשטאַנד. אָבער מיינע רעדעס זיינען גאָרניט געווען אַזעלכע געפֿעהרליכע. נאָך עטליכע לאַנגווייליגע פֿערהערען האָט מען מיך געמוזט אַרויסלאָזען פֿריי, און איך בין אַריינ-געפֿאָהרען קיין בעלגיען.

נאָר דאָרט האָט מען מיך וואָהרשיינליך אונטערגע׳סמר׳ט, ווייל ווי איך האָב נור אַרויפֿגעשטעלט דעם פֿוס אויף דער בעלגישער ערד, בין איך גלייך אַרעסטירט געוואָרען.

אַ גאַנצען מאָנאַט צייט בין איך אָבגעזעסען אָהן אַ פּראָצעס, ניט ווי-סענדיג פֿאַרוואָס. די בעלגישע „גערעכטיגקייט" איז ניט בעסער פֿון דער פֿראַנצויזישער. דעם אמת זאָגענדיג, זיינען אָט די אַלע „גערעכטיגקייטען" ניט בעסער איינע פֿון דער אַנדערער.

III.

## אין שפּאַניען און האָלאַנד.

נאָכדעם ווי איך האָב געמאַכט אַ לאַנגען אַגיטאַציאָנס-טור איבער פֿראַנקרייך, האָב איך בעשלאָסען צו בעזוכען אַ פּאָר לענדער אין אייראָפּאַ, וואו אונזער בעוועגונג האָט געבליהט.

אַלס ערשטעס האָב איך אויסגעקליבען שפּאַניען. מיר האָט זיך זעהר געוואָלט בעקענען פּערזענליך מיט די דאָרטיגע אומשטענדען, אָבער ס׳האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז איך האָב לאַנג ניט געקענט פֿערבלייבען דאָרט, ווי מען וועט ווייטער זעהן.

די ערשטע שפּאַנישע שטאָדט, וואָס מיר איז אויסגעקומען דורכצופֿאָה-רען, איז נאַטירליך געווען סאַן סעבאַסטיאַן. אַ פֿריינד האָט ניט אַנדערש געוואָלט נאָר אַז איך זאָל מיטגעהן מיט איהם אויף אַ געפֿעכט טיט בופֿ-לאַקסען, וואָס איז דאָרט שטאַרק אין דער מאָדע.

בעשרייבען געטרי דיזע שוידערליכע סצענען, די פּערריקטע ווילדקייט פון די צושויער, איז ניט קיין לייכטע זאַך. מען קען זיך משער זיין, ווי דאָס האָט געווירקט אויף מיר. מען דאַרף אַלעס זעהן אין לעבען, אום צו וויסען וואָס דער מענש איז... אָבער איך בין זיכער, אַז איך וואָלט אַ צווייטען מאָל ניט געקענט בייוואוינען דיזע סצענען.

עס האָט קיין סך ניט געפעהלט וואָלט איך דאָרט אין סאַן סעבאַסטיאַן פּילייכט בעצאָהלט מיט מיין לעבען דערפאַר וואָס איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און איך האָב פּראָטעסטירט געגען דיזער ווילדקייט.

עס איז געווען גראָד אין דעם העכסטען און וויכטיגסטען מאָמענט, ווען דער בופלאַקס איז געלעגען אַ טויטער, אַ בענאָכענער מיט בלוט און זאַמד און די מאַסע האָט מיט ווילדער בעגייסטערונג אַפּלאָדירט דעם העלדישען „טאָרעאַדאָר", וועלכער איז עטליכע מאָל געווען אין דער גרעסטער געפאַהר צו פערלירען דאָס לעבען, — דאַן האָב איך אַ געשריי געטהאָן: „נידער מיט׳ן טאָרעאַדאָר!"

אין אַ סעקונדע בין איך געווען אַרומגערינגעלט פון אַ ווילדען, ציושע־טען עולם, און ווען ניט די עטליכע פריינד, וועלכע האָבען זיך געפונען לעבען מיר, וואָלט איך זיכער צוריסען געוואָרען אויף שטיקער...

גלייך ווי איך בין אָנגעקומען אין מאַדריד האָט זיך געמאַכט די פּאַסי־רונג, וועלכע האָט צושטערט מיינע פּלענער, וואָס איך האָב געהאַט אויף מיין רייזע קיין שפּאַניען.

צווישען די שפּאַנישע קאַמעראַדען, וועלכע האָבען מיך עמפּפאַנגען, איז געווען גורילאָ, אַ זוהן פון אַ הויכען בעאַמטען, אַן אויסגעצייכענ־טער יונג, פול מיט האַרץ און מיט אויפריכטיגקייט.

נאָך גאָר אַלס יונגער מאַן איז ער צוגעצויגען געוואָרען פון אונזערע טהעאָריען און ער האָט זיך איבערגעגעבען מיט דעם גאַנצען פייער פון זיין יונגער נשמה צו אונזער בעוועגונג.

מען מוז מודה זיין, אַז עס איז ניט געווען קיין זיסע זאַך פאַר דער שפּאַנישער רעגירונג צו זעהן, ווי דער זוהן פון אַ הויכען בעאַמטען ער־קלעהרט זיך אָפען אַלס אַנאַרכיסט.

תחילת האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי לייכטזיניגקייט. אָט, אַ איינגעל! האָט מען געזאָגט. ער וועט עלטער ווערן, וועט ער קיבען צום שכל און אַוועקוואַרפען די נאַרישקייטען...

אָבער מען האָט אַ ביטערן טעות געהאַט.

וואָס עלטער גורילאָ איז געוואָרען, אַלין מעהר האָט ער זיך איבער־ציינט אין דער וואַהרהייט פון די אַנאַרכיסטישע אידעען.

און ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז ער געווען איינער פון די נאָהנטסטע גענאָסען, וועלכע האָבען מיך בעגעגענט אין מאַדריד.

איין אָוועגד — דאָס איז געווען באַלד ווי איך בין אָנגעקומען — זיי־

נען מיר געווען פֿערזאַמעלט אין אַ קליינעם זאַאַל פֿון אַ רעסטאָראַנט. מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ מורא׳דיגער קראַך. די שויבען האָבען געפּלאַצט און זיינען צעפֿלויגען אין אַלע זייטען און אונזער טיש האָט זיך איבערגעקעהרט.

גוערילאָ איז גלייך אַרויסגעלאָפֿען זעהן וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען, נאָר צוויי פּאָליציסטען האָבען איהם געכאַפּט און איהם אָבגעפֿיהרט אין פּאָליציי-סטאַציאָן.

מיר האָבען די פֿריינד׳ געהאָלפֿען אַנטלויפֿען און איך האָב אויף אַזאַ׳ן אופֿן אויסגעמיטען צו פֿערזוכען דעם טעם פֿון אַ שפּאַנישען געפֿענגניס-קעמערל. נאָר דאָך האָט מען מיך אַרומגעיאָגט ווי אַ ווילדע חיה; מען האָט מיך פֿערפֿאָלגט אויף שריט און טריט און מען האָט פֿערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך בין געקומען קיין מאַדריד, ספּעציעל אום צו בעגעהן אַן אַטענטאַט. מען איז נאָך געגאַנגען ווייטער מען האָט געזאַגט, אַז די באָמבע, וועלכע האָט געפּלאַצט אויף דרויסען, איז געוואָרפֿען געוואָרען אינעווייניג אין רעסטאָראַנט פֿון איינעם פֿון די פֿערזאַמעלטע.

דער אָרעמער גוערילאָ איז געבליבען אין טורמע, ניט קוקענדיג אויף די אָנשטריינגונגען פֿון זיין פֿאָטער, וועלכער האָט זיך אָנגענומען פֿאַר איהם און זיך געסטאַרעט איהם אַרויסצוראַטעווען פֿון דער צרה. ס׳איז קיין צווייפֿעל ניט געווען, אַז דאָס האָט די מאַדרידער פּאָליציי אַליין געוואָרפֿען די באָמבע, כדי צו קאָמפּראָמיטירען די אַנאַרכיסטען און זיי צו אַרעסטירען.

פֿערשטעהענדיג, ווי געפֿעהרליך ס׳איז פֿאַר מיר צו בלייבען אין שפּאַניען, האָב איך בעשלאָסען אויפֿצוגעבען דערווייל מיינע פּלענער און איך בין אַריינגעפֿאָהרען צוריק קיין פֿראַנקרייך, וואו איך האָב פֿון דאָס נייע אָנגעפֿאַנגען אָבצוהאַלטען פֿערזאַמלונגען, און מיין הויפּט-טהעטיגקייט האָט זיך דאַן קאָנצענטרירט אויף אַן אַגיטאַציאָנס-טור, וואָס איך האָב געמאַכט צוזאַמען מיט סעבאַסטיאַן פֿאָר צו גונסטען פֿון אונזער צייטונג, דעם „ליבערטער“.

אַ שטיקעל צייט נאָכדעם האָב איך צוזאַמען מיט אינזער קאַמעראַד קריסט קאָרנעליסען אונטערנומען אַ רייזע איבער האָלאַנד. לאַנג, לאַנג איז ביי מיר אין זכרון געבליבען דער איינדרוק, וואָס דאָס דאָזיגע לאַנד האָט געמאַכט אויף מיר. אונזער אַגיטאַציאָנס-טור האָט זיך דאָס רוב קאָנצענטרירט אויף די האָלענדישע דערפֿער, וואו די בויערן שטעהען אויף אַ העכערער מדרגה פֿון ענטוויקלונג ווי ביי אונז אין פֿראַנקרייך. זיי האָבען ביבליאָטהעקען, פֿול מיט וויסענשאַפֿטליכע ביכער, אַ סאָרט פֿאָלקס-הייזער, וואו זיי האַלטען אָב זייערע פֿערזאַמלונגען און וואו אַ טהייל פֿון זיי ענטוויקלען זיך אויף אַ גרויסאַרטיגען אופֿן און זיינען געלערנטע מענער, כאָטש זיי בעזוכען ניט קיין הויך-שוהלען.

מיר פֿלעגען דאָרט יעדען טאָג אָבהאַלטען אַ פֿערזאַמלונג און אָפֿטמאָל צוויי איבער אַזעלכע טהעמאַס, וועלכע האָבען אינטערעסירט די קאַמעראַדען,

ווי למשל: די פֿרויען פֿראַגע, דער פּאַרלאַמענטאַריזם, די אַלטע וועלט און די נייע, די פֿרייהייט. אַזוי האָבען מיר דורכגערייזט כמעט גאַנץ האָלאַנד און בעזוכט די פֿערשיעדענע גרעסערע און קלענערע שטעדט און דערפֿער.

אַז אונזער אַגיטאַציאָנס-טור האָט זיך געענדיגט, זיינען מיר צוריקגעקומען קיין אַמסטערדאַם, וואו מיר האָבען געפֿונען אַלע דאָרטיגע פֿריינד מיט דאָמעלאַ ניווענהויז און זיין פֿאַמיליע. די האָלענדער קאַמעראַדען פֿון אַלע שטעדט ווייסען, אַז איך וועל זיי קיינמאָל ניט פֿערגעסען.

דיזע רייזע בילדעט אַ טהייל פֿון די בעסטע טעג פֿון מיין לעבען. אָפֿט-מאָל זעה איך זיי ביי מיר אין געדאַנק ווידער, די פֿריינדע און די פֿריינדינען אין זייער קרייז, ארומגערינגעלט מיט בלומען, אינטער די צווייגען פֿון גרויסע בוימער, אין דעם אינענדליכען האָריזאָנט, וואו מען קען קוקען און קוקען אַלין ווייטער און ווייטער, עפּעס וואָס זעהט אויס ווי די אונענדליכקייט פֿון ים.

דאָרט אין האָלאַנד מאַכט מען ניט קיין אַגיטאַציאָנס-טור צום פּראָפֿיט פֿון וואָס פֿאַר עס איז אונטערנעהמונג; די פֿערזאַמלונגען אַליין זיינען די אונטערנעהמונג. מען דאַרף ניט דינגען קיין זאַאַלען, ווייל יעדער דאָרף האָט אַן אייגענעם זאַאַל, און מען פֿערשפּאָרט אויסצוגעבען געלד פֿאַר די רעדנער אויף צו לעבען, ווייל זיי האַלטען זיך געוועהנליך אויף ביי די בויערן, וועלכע זיינען זעהר גאַסט-פֿריינדליך.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין האָלאַנד, האָט אויסגעבראָכען אַ סטרייק, וועלכער האָט געהאַט צוויי פּעריאָדען: איינע, ווען די מענער האָבען בע-שלאָסען אַריינצוגעהן צוריק צו דער אַרבייט, די צווייטע, ווען די פֿרויען האָ-בען אָרגאַניזירט אַ קאַמפּף און ניט דערלאָזען זייערע מענער אַריינצוגעהן צוריק אין די פֿאַבריקען, איידער זייערע פֿאָדערונגען זיינען ערפֿילט. דער סטרייק האָט זיך געענדיגט מיט אַ קליינעם זיעג פֿאַר די אַרבייטער. זייער לוין איז אַביסעל געהעכערט געוואָרען.

דיזע הויכע פֿרויען מיט די רוהיגע געזיכטס-ציגע, מיט זייערע בענגיל-דעטע היטעלאַך, זיינען ווירקליך שעהן ווי די בילדער פֿון דעם האָלענדישען מאַהלער רובענס, וועלכע מיר האָבען אַזוי שטאַרק בעוואונדערט אין דעם אַמסטערדאַמער מוזעאום.

וועל איך זיי נאָך אַמאָל ווידערזעהן?...

## IV.

## אַ בלעטעל פֿון אַ פֿערלאָרענעם בוך.

אין יענער צייט האָב איך געשריבען אַ בוך מיט דעם נאָמען „האַרמאָ-ניע", דאָס איז גיבער געווען אַ זאַמלונג פֿון נאָטיצען איידער אַ בוך, אין ריכטיגען זינן פֿון וואָרט. עס האָט ענטהאַלטען פֿיעלע סקיצען און פֿערזען פֿון מיין אייגענער פֿעדער און דאָ און דאָרט אַ שטיקעל זיסע מוזיק.

איבערגעבענדיג דעם איינדרוק אונטער דיזע פאָרמען, האָב איך געוואָלט וואַיזען, אַז אום דער מענש זאָל זיין פאָלקאָמען ווי אַן אָרגאַניזאַציאָן, מוז דער געדאַנק פון יעדען איינעם זיין פערבונדען דורך די אויגען, דורך דאָס וואָרט, דורך'ן אויער, וועלכער זאָל זיין אָפען פאַר דער האַרמאָניע פון די קלאַנגען.

איצט איז דאָס בוך פערלאָרען געוואָרען און ווי עס ווייזט אויס וועל איך עס שוין קיינמאָל נאָך אמאָל ניט אָנשרייבען, על כל פנים ניט אין דער דאָזיגער פאָרם, מהמת אַ פערלאָרענע זאַך איז פינקט ווי אַ זאַך, וואָס איז געענדיגט. נאָר איין בלעטעל דערפון האָב איך געפונען ביי מיר אויף'ן טיש, ווען איך בין אַמאָל געקומען צוריק פון אַן אַגיטאַציאָנס טור. ס'איז געווען געדרוקט אין דער צייטונג „ל'עגאַליטע". אָט וואָס דאָרט איז געשטאַנען:

„מיר האָט זיך אָבגעדובט, אַז איך בין געשטאָרבען, און מיין זעעלע, איבעראַשט פון איהר פרייהייט, האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט איהרע פליגלען.

„עפּעס אַ שווערע זאַך האָט מיך געשטיקט: דאָס איז געווען אונזער ליכט. אַ שאָטען האָט מיר פערשטעלט די שיין: דאָס איז געווען אונזער ליכט.

„כ'האָב אַראָבגעקיקט אויף די, וואָס בעוועגען זיך אויף דער ערד, און זיי האָבען ביי מיר אין די אויגען אויסגעזעהן ווי געשפענסטער, ווי שאָטענס; דורך די פלייש פון זייערע קערפּערס האָב איך געקענט אַרויסזעהן די מאַרך-ביינער זייערע, די מיזעראַבלע מענשליכע סקעלעטען, וועלכע האָבען אַרויס-גערופען אין מיר אַ שוידער.

„איך האָב געזויינט איבער די, וועלכע האָבען געוויינט איבער מיר.

„אַ טהייל פון דיזע וועזענס האָבען פערשפּרייט אַרום זיך ליכט, עפּעס אַזוי ווי דער גייסט וואָלט בעלויכטען דעם קערפּער; אַנדערע אָבער האָבען אויסגעזעהן אַסך פינסטערער און אונדורכזיכטיגער איידער די פינסטערע, דיקסטע ערד.

„דאָס איז געווען אַן אונבעקאַנטער אָרט, פון וואַנען איך האָב געזעהן אַנדערע שטערן און אַנדערע הימלען.

„ס'איז ניט געווען אין דיזע געגענדען ניט קיין לופט, ניט קיין ווינד, נאָר ריינער עטהער; ס'איז געווען דאָס אָרט אָהן גרענעצען, די צייט אָהן אַ סוף, די אייביגקייט.

„מיליאָנען שטערן מיט זייערע סאַטעליטען זיינען מיט זייערע הימלע אינאיינעם פערשוואונדען אין דעם אונענדליכען קרייז און האָבען זיך פער-לאָרען אַנטקעגען די זונען, וואָס יעדע איינע פון זיי וואָלט אָנגעפילט אונזער גאַנצען הימעל.

„מיליאָנען און מיליאַסען פון די דאָזיגע זונען מיט זייערע פלאַנעטען האָבען אויסגעזעהן פון ווייטען אַזוי ווי פייגעל אָדער ווי ווייסע זעגלען פון אַ שיף, וואָס ווייזען זיך דאָרט ביים האָריזאָנט.

„פֿון דיזען פלאַץ האָט מען געזעהן די פֿערגאַנגענהייט פֿול מיט שאָטען און די צוקונפֿט פֿול מיט ליעבע, און די זאַכען און די לעבעדיגע ברואים האָבען, ניט פֿיהלענדיג זאָגאַר, זיך געהאַלטען אין איין פֿערוואַנדלען.

„אַלעס איז אַרויסגעקומען פֿון דעם טויט מיט גרויסע, ווייט אָפֿענע פֿליגלען...

„דער אינזעקט אין דעם טראָפּען וואַסער, דער מענש אויף דער ערד, האָבען אָנגענומען נייע פֿאָרמען.

„און די נאַכט און דער טויט גופא זיינען געוועזן אַ האַרמאָניע, וועמעס נאָטען זיינען אונז אונבעקאַנט.

„די צייט איז פֿערגאַנגען, די יאָהרהונדערטע זיינען געשטיגען און גע-שטיגען אַזוי ווי טייכען, ווען זיי געהען אַריבער...

„נייע וועלטען האָבען זיך געבילדעט, אַלטע ערד-קוגלען זיינען פֿערפֿאַ-לען געוואָרען אין דעם וועלט-רוים.

„אַזוי פֿערוואַנדעלט זיך אַלעס און ווערט פֿון דאָס ניי געבוירען אָהן אויפֿהער אין אַן אייביגער אויפֿלעבונג, וועלכע ווערט בעגלייט פֿון אַן איי-ביגען טויט, אָקוראַט ווי צוויי וואַסער-שטראָמען אָהן אַן אָנפֿאַנג און אָהן אַן ענד, וועלכע פֿליסען איינער אַהער און דער אַנדערער אַהין אין דעם אונ-בעגרענצטען, אונענדליכען וועלט-רוים.“

## V.

## צוריק אין ענגלאַנד.

ווי מען האָט געקענט זעהן האָב איך ניט פֿערבראַכט קיין רוהיגע צייט אין פֿראַנקרייך. פֿון דעם טאָג אָן וואָס איך האָב אַרויפֿגעשטעלט מיין פֿוס אויף דער ערד פֿון מיין היימאַטה, בין איך געווען אַ ציעל פֿאַר אַלערליי אינטריגעס און פֿערפֿאָלגונגען פֿון דער פראַנצויזישער פאָליציי.

מיין וואוינונג אין פאַריז איז געווען בעוואַכט טאָג און נאַכט. אַז איך פֿלעג אַרונטערגעהן די טרעפּ, האָב איך אימער געפֿונען אַ שפּיאָן ביי דער טהיר. מען פֿלעגט שטעהן ביי מיין טהיר און זיך אונטערהערען וואָס אינע-ווייניג טהוט זיך, און די „קאָנסיערזש“, די פֿרוי וואָס גיט אַכטונג אויף'ן הויז, האָט צוליעב מיר קיין מינוט רוה ניט געהאַט: די געהיים-פּאָליציסטען האָבען זיך געהאַלטען אין איין נאָכפֿרעגען אויף מיר.

ס'האָט זיך מיר שטאַרק צוגעגעסען אַזוי אַרומגעיאָגט צו ווערן פֿון דער פּאָליציי און איך האָב בעשלאָסען צוריקצופֿאָהרען קיין ענגלאַנד און איבער-וואַרטען דאָרט אַ שטיקעל צייט ביז וואַנען עס וועט ווערן אַביסעל רוהיגער אין פֿראַנקרייך.

אָבער ווי האָב איך זיך דאָס אָבגעגאַרט, מיינענדיג צו געפינען רוה אין ענגלאַנד! איך האָב זיך גאָר פערגעסען, אַז די פראַנצויזישע שפיאָנען שפּאַרען אָן אַוש אַהין, און אַז זיי קענען מיר דאָרט אויך פערביטערן דאָס לעבען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

איין אָווענד, — דאָס איז געווען אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען צוריק קיין לאָנדאָן, — ווען איך בין געזעסען ביי מיר אין עס-שטוב, האָט זיך אַ מאַן געמעלדעט צו מיר אין געבעטען, איך זאָל איהם שיינקען עטליכע מינוט צייט; ער האָט מיר עטוואָס צו זאגען.

די וויזיט-קאַרטע, וועלכע ער האָט מיר אַריינגעשיקט, האָט געטראָגען אויף זיך פּאָלגענדען נאָמען און אַדרעס · שאַרל רואווען, שטיינשניצער, 50 רי דע מענילמאָנטאַן, פּאַריז.

איך האָב געהייסען, מען זאָל איהם אַריינלאָזען.

דאָס איז געווען אַ הויכער בחור מיט רויטליכע האָר, זעהר קורצזיכטיג. ער האָט געטראָגען ברילען.

— וואָס ווינשט איהר? — האָב איך איהם געפרעגט.

— ריידען מיט אייך אַליין.

איך האָב געבעטען שאַרלאָט׳ן און איהר פאָטער, זיי זאָלען אַרויסגעהן אַ ווײַלע, און אַז מיר זיינען געבליבען אַליין האָב איך זיך אָבגערופען צו מיין מערקווירדיגען גאַסט:

— איצט קענט איהר ריידען.

ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— כ׳האָב אייך אַריינגעשיקט אַ פאַלשע קאַרטע... איך הייס ניט רואווען.

— ווי דען איז אייער ריכטיגער נאָמען? — האָב איך געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— איך בין פאַדלעווסקי. .

— איהר?

— יאָ, איך... איהר האָט דאָך אַוודאי ערהאַלטען דעם בריעף, וואָס איך האָב אייך געשריבען אַן ערך אַ מאָנאַט צוריק?

— יאָ, כ׳האָב איהם ווירקליך ערהאַלטען, אָבער וואָס פאַר אַ מערק-ווירדיגער צופאַל ברייננגט אייך איצט אַהער?

— איך וועל עס אייך גלייך זאָגען. זייט דער געשיכטע, וועלכע האָט אָנגעמאַכט אזוי פיעל טומעל, האָב איך זיך צוריקגעצויגען פון דער עפענט-ליכקייט. איך בין ניט געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר מיין ברודער׳ס טהאַט, אָבער איהר ווייסט דאָך, אַז אין רוסלאַנד איז ניט קיין שווערע זאַך אַרויפ-צואוואַרפען אויף גאַנץ אונשולדיגע מענשען די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם, וואָס זיי רופען אָן פערברעכען, און וואָס איך רוף איינפאַך „הינריכטונג“.

— און איהר ווייסט, וואו אייער ברודער געפינט זיך יעצט?

— ניין.

— איהר האָט גאָר קיינמאָל ניט געהאַט פון איהם קיין שום נאַכריכט?

— קיינמאָל ניט.

— ער האָט זיך פיליכט גענומען דאָס לעבען.

— ער? קיינמאָל ניט...

— וואָס זשע דען?

— דאָס איז אַ געהיימניס, וואָס מיר וועלען פיליכט ווען עס איז אויס-געפינען. דערווייל בין איך געקומען ביי אייך בעטען אַ טובה.

— רעדט.

— איהר מוזט מיר לאָזען וואוינען דאָ ביי אייך אַ שטיקעל צייט.

— מיט פערגניגען.

— ס׳וועט זיי גאָר קיינמאָל ניט איינפאַלען, אַז איך האָב געקענט האָ-בען די דרייסטקייט צו קומען זיך בעהאַלטען ביי אייך אין הויז..

— פערשטעהט זיך... וואָס זשע, איהר ווערט שטאַרק פערפאָלגט?

— יאָ, זייט איך בין אין לאָנדאָן זיינען מיר די שפּיאָנען נאָכגעגאַנגען, נאָר איך מיין, אַז זיי האָבען מיך איצט פערלאָרען פון אויג.

איך האָב צוגעגרייט אַ צימער פאַר פאַדלעווסקי׳ס ברודער און ער איז געבליבען וואוינען ביי מיר.

אַכט טאָג צייט איז ער געוועזען ביי מיר אין הויז, דערנאָך, אין אַ שעה-נעם פריהמאָרגען, איז ער פערשוואונדען..., מיטנעהמענדיג מיט זיך אַ גאַנצען פעקעל פון מיינע פאַפּירען.

איך בין אַלזאָ נאָכאַמאָל בעשווינדעלט געוואָרען פון אַ שפּיאָן, און אַלץ צוליעב דעם וואָס איך האָב געהאַט צופיעל צוטרוי צו די מענשען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

און זייט דאַן האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבען אַ סדרה פון אונאַנגענעה-מע פאַסירונגען, פון מורא׳דיגע בעלעסטיגונגען. מיין הויז איז ווידער בע-לאַגערט געוואָרען, אָקוראַט ווי עס וואָלט געווען אין קאַראַנטין, און יעדעס מאָל, וואָס איך בין אַרויס אין גאַס, האָב איך געהאַט הינטער מיר אַ האַל-בען טוץ חברה לייט, וועלכע זיינען מיר נאָכגעגאַנגען און האָבען זיך אָבגע-שטעלט דאָרט, וואו איך בין געבליבען שטעהן.

ס׳איז מיר שווער געווען דאָס אַריבערצוטראָגען, כ׳האָב שטאַרק געלי-טען דערפון. דאָך האָב איך וועגען דעם קיין כך ניט גערעדט, ווייל איך האָב געוואָלט פערהיטען, אז מיינע נאָהנטע קאַמעראַדען זאָלען ניט בעגעהן וואָס פאַר עס איז געוואַלט-טהאַט געגען מיינע פערפאָלגער.

אָבער וויפיעל איך האָב זיך ניט געהיט, האָבען זיי עס דאָך בעמערקט, און וויסענדיג אַז איך וואָלט ניט דערלאָזט דערצו, האָבען זיי מיר קיין זאַך

ניט דערצעהלט, און איינמאל האָבען זיי זיך אָבגעשעכענט גאָר אויף אַן ערנסטען אופן מיט די געהיים-פּאָליציסטען.

אײן אָװענד, אַרום צעהן אַזייגער, ווען איך בין געקומען אַהיים, האָב איך לעבען מיין הויז דערזעהן מוראדיגע געשרייען. איך האָב גלייך פערשטאַנען וואָס דאָ איז געשעהן: דאָס האָבען מיינע פריינד בעצאָהלט די שפּיאָנען וואָס זיי האָט געקומט, און מיט א גוטען פּראָצענט... צוויי פון זיי זיינען אַזוי צושלאָגען געווען, אַז מען האָט זיי געמוזט אָבפיהרען אין שפּיטאָל.

פערשטעהט זיך, אַז איך האָב ניט געקענט בלייבען רוהיג נאָך אַזאַ מין געשיכטע, וועלכע האָט, ספּעציעל אין ענגלאַנד, געקענט האָבען גאָר ניט קיין גוטע רעזולטאַטען.

און איך האָב ווירקליך געהאַט פּאַר וואָס מורא צו האָבען.

אויף מאָרגען איז דער שעף פון „סקאָטלאַנד יאַרד" מר. מעלוויל, בע-גלייטעט פון דריי סאַרדזשענטס, געקומען צו מיר. ער האָט אויסגעזעהן זעהר איינגעזערגט, און דיזע איינפערגיגונג איז געווען אַ שלעכטער סימן, ווייל מעל-וויל איז געוועהנליך געווען זעהר אַ רוהיגער און געלאַסענער מאַן.

ווי ער איז נור אַריין צו מיר אין הויז, האָט ער זיך גלייך געווענדעט צו מיר און געזאָגט:

— שעהנע זאַכען טהוט איהר דאָ אָב ביי אונז...

— איך?

— יאָ, איהר. מאַכט זיך נור ניט תמ׳עוואַטע, איהר ווייסט גאַנץ גוט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ.

— אָבער איך זאָג אייך זיכער, אַז...

— נאַ, גענוג. נעכטען אָוענד זיינען עטליכע מענער בעפאַלען געוויזא-רען אין מיטען גאַס: צוויי פון זיי זיינען אין סיינט טהאָמאַס האָספּיטאָל. זיי האָבען ערקלעהרט, אַז זיי זיינען דאָס אַטאַקירט געוואָרען פון אַנאַרכיסטען, וועלכע האָבען זיי מורא׳דיג געשלאָגען.

— וואָס זשע, בין איך פּעראַנטוואָרטליך פּאַר אַלע טהאַטען, וואָס מיינע פריינד קענען בעגעהן?

— ניין, נאָר אין דעם פּאַל זייט איהר שולדיג, ווייל איהר האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אייערע ברידער, ווי איהר רופט זיי, גרייטען זיך צו אַטאַ-קירען די פראַנצויזישע געהיים-פּאָליציסטען.

איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסענדיג, פערלייגט די הענד איינע איבער די אַנדערע און אָנגעקוקט דעם שעף פון סקאָטלאַנד יאַרד מיט אַ פערוואונ-דערטען בליק.

— פּרובירט גאָרניט מיך וועלען אָבנאַרען, — האָט זיך מעלוויל אָב-גערופען, פערדרוילענדיג אַ ציגאַר. — דאָס וועט אייך גאָרנישט העלפען.

— איך וויל אייך ניט אָבנאַרען, — האָב איך געזאָגט — נאָר איך

קען דאָך איך פֿינדעסטיוועגען ניט צוגעבען אַ זאַך, וואָס איז ניט וואָהר! צו מיינע פֿריינד האָבען געלערנט דרך ארץ מיט די פֿראַנצויזישע שפּיאָנען, איז אַ זאַך וואָס איך קען ניט בעשטעטיגען און ניט אָבלייקענען, ווייל איך בין ניט בעסער בעקאַנט מיט דיזער אָנגעלעגענהייט, איידער איהר אַליין.

— נאַ, נאַ, דאָס אַלעס איז ניט מעהר ווי שפּאַס...

— ניין; איך פֿערזיכער אייך אַז ניט.

מעלוויל האָט זיך מישב געווען אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער זיך אָבגערופֿען:

— גוט, איהר וועט אַזוי גוט זיין געהן מיט מיר.

— וואוהין?

— אין סקאָטלאַנד יאַרד. שוין אַ לאַנגע צייט, אַז איהר פֿערשאַפֿט אונז צרות...

— גוט, איך געה מיט אייך, — האָב איך געענטפֿערט און זיך צוגעגרייט צו געהן.

אָבער אין דער רגע וואָס מיר האָבען שוין געדאַרפֿט אַרויסגעהן פֿון שטוב, זיינען אָנגעקומען צוויי גענאָסען: קלאַוועל און שאַרטיע.

— וואָס! איהר האָט זי אַרעסטירט? — האָבען זיי געפֿרעגט מעלוויל'ן, אָנצייגענדיג אויף מיר.

— יאָ, — האָט דער טשיעף אינספעקטאָר געענטפֿערט מיט אַ טרוקענעם טאָן.

— אין נאָמען פֿון וועלכען געזעץ, אונטער וואָס פֿאַר אַ בעשולדיגונג אַרעסטירט איהר לואיזע'ן?

— איך האָב אייך קיין זאַך ניט צו ענטפֿערן, לואיזע מישעל איז אַרעסטירט. דאָס איז אַלעס וואָס איך קען אייך זאָגען.

— און מיר אויך, הייסט עס?

— איהר! — האָט מעלוויל געזאָגט מיט ערשטוינונג.

— יאָ, מיר. אויב איהר בעשולדיגט זי, אַז זי האָט אָנטהייל גענומען אין דעם אָנפֿאַל אויף די פּאָליציסטען, נון, מיר אָנערקענען אונזער טהייל פֿון פֿעראַנטוואָרטליכקייט, ווייל מיר זיינען דאָס געווען די אָנגרייפֿער.

— איהר זייט זיך אַלזאָ אַליין מודה? — האָט דער טשיעף-אינספעקטאָר געזאָגט.

— מיר זיינען זיך מודה. נאָך מעהר, מיר אָנערקענען, אַז דאָס האָבען מיר, מיר אַליין, דורכגעבראָכען די שפּיאָנען די ביינער. לואיזע הויבט ניט אָן וויסען פֿון דער גאַנצער געשיכטע. דיזע געמיינע ברואים זיינען איהר נאָכגעגאַנגען, האָבען איהר בעלעסטיגט מיט זייער אונגעבעטענער אָנוועזענהייט. מיר האָבען אַלזאָ בעשלאָסען, זיך ניט בעראַטהענדיג מיט איהר, זי צו בעפֿרייען פֿון איהרע פֿערפֿאָלגער. דאָס איז אַלעס... ס'קען זיין, מיר האָבען געשלאָגען אַביסעל צו שטאַרק, אָבער עס שאַדט ניט, מיר בעדויערן עס ניט!

מעלוויל איז געבליבען שטעהן אַ צומישטער, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן.

ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען:

— אויב אַזוי, מיינע הערען, ווי באַלד איהר זייט זיך אַליין מודה, וועט איהר זיך דאָך ניט ענטזאָגען מיטצוגעהן מיט מיר?

— געוויס ניט; מיר זיינען גרייט צו געהן מיט איך, — האָבען די צוויי קאַמעראַדען געענטפערט.

איך האָב געוואָלט פּראָטעסטירען, געבען צו פערשטעהן די צוויי אויס-געצייכענטע פריינד מיינע, אַז זיי האָבען אַ טעות. נאָר זיי האָבען מיך ניט געוואָלט אויסהערען.

מען האָט זיי אַלזאָ צוגענומען און איך בין געבליבען זעהר בעאונרוהיגט.

די געשיכטע איז געוועזען אַן ערנסטע, אַ זעהר ערנסטע, אַן אָנגריף מיט געוועהר, קלעפּ, פּערוואונדעטע... אין ענגלאַנד שפּאַסט מען ניט מיט אַזעלכע זאַכען. ס'איז קיין צווייפעל ניט געוועזען ביי מיר, אַז מיינע צוויי פריינד וועלען פּעראורטהיילט ווערען צו געפענגניס און פיליישט אויך צו „האַרד-לייבאָר".

איך האָב ניט געוואוסט וואָס מען הויבט אָן טהאָן.

צום גליק האָט זיך געמאַכט אַ צופאַל, וועלכער האָט אַלעס געבראַכט אין אָרדנונג.

צווישען די פּערוואונדעטע שפּיאָנען זיינען געוועזען צוויי, וועלכע די ענגלישע פּאָליציי האָט אַרומגעזוכט צוליעב אַ פערברעכען, וועלכען זיי האָבען בעגאַנגען. זיי האָבען בע'גנב'עט אַ האָטעל אין פּיקאַדילי, וואו זיי האָבען געוואוינט. איצט האָט זיי דער בעל הבית פון האָטעל דערקענט.

אַלעס האָט זיך אַלזאָ געענדערט... פון אָנקלעגער זיינען די פראַנצויזישע פּאָליציסטען געוואָרען אָנגעקלאָגטע, און אַזוי ווי דער ריכטער האָט אין דער גאַנצער געשיכטע פון שאַרטיע און קלאַוועל'ס אָנגריף ניט געפונען גענוג גרונד זיי צו האַלטען אין געפענגניס, האָט מען זיי פּראָוויזאָריש בעפרייט.

די צוויי שפּיאָנען, וועלכע מען האָט דערקענט פאַר גנבים, האָבען בע-לאַנגט צו אַ גאַנצע באַנדע פון פראַנצויזישע געהיים-פּאָליציסטען, וועלכע האָבען זיך אַ צייט לאַנג אָבגעגעבען מיט גנבות. ס'איז קיין גרויסער וואונ-דער ניט. זייער געהאַלט אַלס שפּיאָנען איז זיי ווייניג געוועזען, האָבען זיי זיך צוגעקראָגען אַ צווייטע בעשעפטיגונג: בייטאָג האָבען זיי אָנגעפיהרט זייערע העצעריייען און זייערע אינטריגעס געגען די אַנאַרכיסטען, און ביינאַכט זיינען זיי געקראָכען אין די הייזער ווי די פשוט'ע גנבים... אַז דאָס איז זיי אָנגע-קומען לייכטער ווי די געוועהנליכע גנבים, פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, זייער רעפּוטאַציע אָדער, בעסער געזאָגט, זייער בייטאָגיגע בעשעפטיגונג האָט זיי בעשיצט. און ווירקליך, ווער מען האָט דאָס געקענט איינפאַלען, אַז דיזע פיינע דזשענטעל לייט, וועלכע בעזוכען די גרויסאַרטיגע קאַפע הייזער און דרעהען זיך אַרום אין די רייכע קוואַרטאַלען — אַז זיי זאָלען זיין גנבים?

דאָך האָט מען אַרום און אַרום אַ־עסטירט גאַנצע זעכצעהן שטיק פֿון דיזע פֿיינע לייט און 14 פֿון זיי זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען.

אונטער דיזע אומשטענדען דאַ־ף מען זיך ניט חידוש'ן וואָס אינזערע קאַמעראַדען קלאַזועל און שאַ־טיע האָבען זיך אייסגעדרעהט פֿון דער צ־ה. די ענגלישע ריכטער האָבען, ווייזט אויס, בעטראַכט די גאַנצע געשיכטע פֿאַר אַ פּריוואַטע רעכנונג, וואָס די צוויי אַנאַרכיסטען האָבען געהאַט מיט די געהיים-פּאָליציסטען און פֿון דער אָנקלאַגע איז גאָרנישט געוואָרען.

איבעריג צו זאָגען, אַז דיזער סקאַנדאַל האָט אויף אַ היבשען אופן דיסקרעדיטירט די פֿראַנצויזישע געהיים-פּאָליציי, און מיר האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט און זיך ווידער גענומען מיט ענערגיע צו אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ.

די פערזאַמלונגען האָבען זיך פֿון דאָס נייע אָנגעפֿאַנגען. פֿערשיעדענע רעדנער פֿון אַלערליי נאַציאָנען זיינען געקומען פּריידיגען אונזערע אידעען, און די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אויף אַ שטיקעל צייט געהאַט אָבגעשטעלט, איז ווידער אָנגעגאַנגען אויף אַ גרויסאַרטיגען אופן.

נאָר מיט אַמאָל האָט זיך ווידער געמאַכט אַ צרה, וועלכע האָט אונז געשטערט אין דער אַרבייט.

אַ כלומר'שטער רוס, וועלכער האָט זיך גערופֿען מיט'ן נאָמען דראַגאָמיראָווסקי, וועמען מיר האָבען אַלע כמעט גאָרניט געקענט, איז איינמאָל אין אַ פֿאָרמיטאָג אַרעסטירט געוואָרען לעבען „וועסטמינסטער עבי" מיט אַ באָמבע, וועלכע ער האָט געטראָגען איינגעוויקעלט אין אַ צייטונג.

איך האָב פֿון תמיד אָן געהאַט ווייניג צוטרוי צו די, וועלכע טראָגען זיך אַרום אַזוי אָפֿען מיט באָמבעס. איבעריגענס איז פֿאַרהאַן פֿעלע, וואו די באָמבע איז אין אַלגעמיין אוננוצליך. ענגלאַנד איז, נאָך מיין מיינונג, ניט געווען דער פּלאַץ פֿאַר אַזעלכע זאַכען.

און אַז דראַגאָמיראָווסקי האָט די באָמבע זיינע פֿאַבריצירט ניט אויף אַרויסצופֿיהרען פֿון ענגלאַנד האָט מען געקענט פֿערשטעהן פֿון דעם ווי ער איז מיט איהר אַרומגעגאַנגען... ער האָט אודאי ניט געהאַט בדעה זי אויף אַזאַ מין אופן, איינגעוויקעלט אין אַ צייטונג, אַוועקצופֿיהרען קיין רוסלאַנד...

יעדענפֿאַלס, דער רעזולטאַט פֿון דיזער געשיכטע איז געווען אַ געוואַלדיגע אויפֿרעגונג צווישען די געהיים-פּאָליציסטען פֿון סקאָטלאַנד יאַרד, ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה פֿון הויז-זוכונגען און זאָגאַר אַרעסטען.

ווי דער שטייגער איז, האָט מען אַריינגעוואָרפֿען אין טורמע גאַנץ אונשולדיגע מענשען.

איך האָב בעשלאָסען צו מאַכען אַ סוף צו דיזער אויפֿרעגונג, וועלכע האָט געקענט ווערן זעהר טרויעריג פֿאַר אונז אַלעמען און וועלכע איז איינפֿאַך געווען בעגרינדעט אויף אַ מיספֿערשטענדניס.

איך האָב צונויפֿגערופֿען די פּראָמינענטע גענאָסען, וועלכע האָבען גע-וואוינט אין לאָנדאָן, און זיי געשטעלט די פֿראַגע:

— קענט איהר דראַגאָמיראָווסקי'ן?

זייער ענטפֿער איז געווען אַן אַלגעמיינער.

— ניין, — האָבען זיי אַלע געענטפֿערט — מיר קענען איהם ניט.

איך האָב אַליין געמאַכט אַ שטיקעל אינטערוויוּ אין דעם קוואַר-טאַל, וואו דער דאָזיגער „רוס" האָט געוואוינט, און איך האָב אויף אַזאַ'ן אופן ערפֿאַהרען גאַנץ מערקווירדיגע זאַכען.

דראַגאָמיראָווסקי איז גאָר קיין רוס ניט געווען. ער האָט גערעדט אויס-געצייכענט פֿראַנצויזיש. וואָס אָנבעלאַנגט זיין באָמבע, זי איז געווען אונ-שעדליך...

זי איז געמאַכט געוואָרען גאַנץ איינפֿאַך נור איבערצושרעקען אַביסעל דעם עולם...

דאָס איז געווען גאַנץ פֿערדעכטיג!

צו וואָס פֿאַר אַ צוועק זאָל אַ פֿאַלשער רוס פֿאַבריצירען פֿאַלשע באָמ-בעס? צו וואָס פֿאַר אַ צוועק, איבערהויפּט, האָט ער זיך געלאָזט אַזוי נאַריש פּאַקען מיטען מיט אַ באָמבע, איינגעוויקעלט אין אַ צייטונג? ביי מיר איז קיין צווייפֿעל ניט געווען, אַז דאָ האָט געשטעקט אַ געהיימניס, אַ געהיימניס, וואָס איך האָב טאַקי גלייך נאָכדעם אויסגעפֿונען.

דאָס ענגלישע געזעץ, וואָס איז אונבאַרמהערציג געגען געוועהנליכע פֿערברעכער, איז ניט אַזוי שטרענג אַנטקעגען די מאַכער פֿון באָמבעס — דאַן ווען זיי האָבען ניט געפּלאַצט... נון, דראַגאָמיראָווסקי'ס באָמבע האָט ניט עקספּלאָדירט.

דער כלומר'שטער „רוס" האָט אַלזאָ העכסטענס געקענט קריגען אַ קליינע געפֿענגניס-שטראָף.

נאָר די אויפֿרעגונג איז געווען גרויס. די צייטונגען האָבען פֿאַנאַנדער-געשמירט די געשיכטע און דערצעהלט אַלערליי סענזאַציאָנעלע מעשיות. ענדליך האָט זיך אַרויסגעצייגט גאַנץ קלאָהר, אַז דער „רוס" איז אַ גאַנץ פּשוט'ער פֿראַנצויזישער שפּיאָן מיט'ן נאָמען סוויאָ...

ער האָט געקראָגען אַ מאָנאַט געפֿענגניס, דערנאָך האָט ער מיט חרפּה פֿערלאָזען ענגלאַנד, און אַלעס איז צוריק שטיל געוואָרען.

נאָר אונזערע פֿערזאַמלונגען האָבען זיך אויף אַ שטיק צייט אָבגעשטעלט.

## VI.

## מיין צווייטע שולע אין לאָנדאָן.

אין אַ צייט אַרום האָב איך, מיט דער הילף פֿון פֿיעלע אַלטע און נייע קאַמעראַדען, געגרינדעט די אינטערנאַציאָנעלע שולע אין די וועסט ענד פֿון לאָנדאָן.

געעפֿענט האָט זיך די שולע צוערשט אין אויטאָנאָמיע קל״ב, נאָר שפּע־טער האָבען די גענאָסען פֿון די פֿערשיעדענע גרופּען צו דיזען צוועק אָבגע־דונגען אַ ספּעציעלעס הויז אין 19 פּיטצראָי סטריט, פּיטצראָי סקווער.

די קאַמעראַדען פֿון העמערסמיטה, זיך שטיצענדיג אויף אַ רעקאָמאַנ־דאַציע פֿון די גלאזגאו׳ער גענאָסען, האָבען אונז ציגעשיקט אַלס לעהרער פֿאַר דער שולע אַ פֿראַנצויזישען אַנאַרכיסט מיט׳ן נאָמען קולאָן. אַזוי ווי דיזער קולאָן איז געווע אַ פּעיהייראַטהער מאַן און אַ פֿאָטער פֿון קינדער איז געבליבען איהם צו בעשטימען אַ וואוינינג אין דער שולע גופא.

אַ קורצע צייט שפּעטער האָבען מיר צוגעקראָגען נאָך אַ לעהרער, אַ יונגען ענגלישען גענאָסע מיט׳ן נאָמען בעל, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ קליין צימערל צום וואוינען אין שולע; און אין פֿערלויף פֿון דער גאַנצער צייט, וואָס די „אינטערנייִשיאָנאַל סקוהל” האָט אָנגעהאַלטען, האָב איך אי פֿון קולאָן׳ס אי פֿון בעל׳ס זייט אַרויסגעזעהן די גרעסטע איבערגעבענהייט.

די שולע האָט אויך געהאַט אַן אָבטהיילונג אויף צו לערנען די קינדער געוויסע פּראָפֿעסיאָנען. עס האָבען זיך געפֿינען איניגע קאַמעראַדען, טישלער, וועלכע זיינען געווען קינסטלער אין זייער פֿאַך, און וועלכע האָבען אָבגע־געבען זייער פֿרייע צייט פֿאַר אונזערע שילער.

איך האָב, אַחוץ אַנדערע אונטעררּיכטען, גענומען אויף זיך צו לערנען מיט די קינדער מוזיק אין צייכנען, נאָכפֿאָלגענדיג אַ מעטהאָדע, וועלכע איך געפֿין פֿאַר גוט און וועלכע בעשטעהט אין דעם צו געבען די קינדער אַ בעגריעף וועגען אַלגעמיינע קענטניכע, אויף אַזאַ איינפֿאַכען אופן, אַז עס זאָל בלייבען ביי זיי אין די מוחית.

אין דעם פֿערוואַלטונגס־ראַטה פֿון דער שולע האָבען מיר געהאַט אַזעל־כע פּעהיגע מענער ווי פּעטער קראָפּאָטקין, וויליאַם מאָריס און פֿערשיעדענע אַנדערע רוסישע, דייטשע, איטאַליענישע, ענגלישע און פֿראַנצויזישע פֿריינדע.

די קינדער האָבען געמאַכט היבשע פֿאָרטשריטע. איינער פֿון זיי, אַ קליינער שוועדע מיט׳ן נאָמען אָסקאַר, האָט מיך איינמאָל איבעראַשט מיר דערלאַנגענדיג אַ צייכנונג, וואָס ער האָט געמאַכט. דאָס איז געווען אַ גרופּע פֿון קעפּ, פֿאָרשטעלענדיג די אַכט שיקאַגאָ׳ער מאַרטירער, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעלאָזט עפּעס אַזוי ווי פֿון אַ פֿאַנטאַסטישען פֿער׳חלום׳טען טומאַן...

די אַרבייט איז, פֿערשטעהט זיך, נאָך געווען רויה, נאָר מען האָט געקענט אַרויסזעהן, אַז דער קליינער אָסקאַר האָט גוט געפֿיהלט דאָס וואָס ער האָט געשאַפֿען.

עהנליכע איבעראַשונגען האָב איך אָפֿטמאָל געהאַט פֿון אַנדערע קינ־דער, וועלכע האָבען געמאַכט גרויסע פֿאָרטשריטע אין מוזיק. אין אַלגעמיין האָט די שולע געקענט האָבען אַ גרויסאַרטיגע צוקונפֿט און מיר זיינען געווען פֿיל מיט האָפֿנונג. פֿון פֿראַנקרייך און פֿון פֿערשיעדענע אַנדערע לענדער אין איירָאָפּאַ האָבען מיר כסדר ערהאַלטען ערמוטהיגענדע בריעף און דאָס האָט

אונז געגעבען קוראזש אָנצוגעהן מיט אונזער וויכטיגע ערציהונגס-אַרבייט און זיך ניט אומקוקען אויף די פֿערשיעדענע אינטריגעס און פֿערליימדונגען, פֿון איניגע ביטערע פֿיינדע, וואָס די „אינטערנייישיאָנאַל סקוהל" האָט געהאַט.

נאָר ענדליך זיינען געקומען די קאָכעדיגע צייטען אין פֿראַנקרייך, וועלכע האָבען געווירקט אייף דער עקזיסטענץ פֿון אונזער שולע. אַלע קאָסטען, די דירה געלד און אַלע אַנדערע הוצאות פֿון די קלאַסען, זיינען געדעקט געוואָרען פֿון די בייטרעגע, וואָס די קלובען און די איינצעלנע קאַמעראַדען האָבען אַריינגעשיקט; אַזוי ווי פֿיעלע גענאָסען האָבען דאַן געמוזט פֿערלאָזען פֿראַנקרייך און זיינען געקומען קיין לאָנדאָן, האָט די ענערגיע פֿון די לאָנדאָנער געמוזט אָבגעגעבען ווערן זיי צו שטיצען. עס איז אַלזאָ געוואָרען גאַנץ שווער אויסצוהאַלטען די שולע און מיר זיינען געצוואונגען געווען זי אויפֿצולייזען.

אַחוץ דעם האָט זיך דאַן געמאַכט די בעריהמטע וואָלסייל געשיכטע, דורך וועלכע איניגע ענגלישע גענאָסען זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו יאָהרען פֿון געפֿענגניס. די גאַנצע אַפֿערע איז געווען די אַרבייט פֿון דער פּאָליציי. אַזוי ווי עס איז בעוויזען געוואָרען, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע שפּיאָנען האָבען געהאַט אַ פֿראַנצויז אַלס מיטהעלפֿער, האָט מען בעשולדיגט קולאָן'ען, און אַזוי ווי דאָס געריכט האָט איהם צורוה געלאָזט און ער איז געבליבען פֿריי, האָבען די גענאָסען זיך נעהאַלטען ביי זייער בעשולדיגונג.

קולאָן האָט געהאַלטען אין איין לייקענען. ס'קען זיין, אַז ווען ער וואָלט געקומען צו דער פֿערזאַמלונג דעם טאָג, וואָס מען האָט איהם גערופֿען אין אייטאָנאָמיע קלוב, וואָלט מען פֿילייכט נאָך געקענט גלויבען, אַז ער איז אונשולדיג. אָבער ער איז ניט געקומען און דערמיט האָט ער זיך אַליין פֿעראורטהיילט.

יעדענפֿאַלס האָט דאָס אויך ניט ווייניג בייגעטראָגען צו דעם אונטערגאַנג פֿון דער „אינטערנייישיאָנאַל סקוהל".

וואָס איז געוואָרען פֿון די שילער אונזערע? מיט אַ שהייל פֿון זיי האָב איך זיך שפּעטער בעגעגענט. איך האָב זיי געפֿונען אַרומטראָגענדיג צייטונגען און בראָשורען. כמעט אַלע זיינען זיי געווען צופֿריעדען זיך צו טרעפֿען מיט מיר, אַזוי ווי איך מיט זיי. זיי האָבען נאָך ניט געהאַט פֿערגעסען אָן דער שולע, וועלכע האָט אין דער קורצער צייט וואָס זי האָט עקזיסטירט, ענטוויקעלט אין זיי אַ דורשט צו לערנען און צו וויסען.

## V

## די געשיכטע פֿון דעם אָרעמען פֿאָרנאַראָ.

פֿאָרנאַראָ אָדער פּיעמאָן, ווי מען האָט איהם גערופֿען, איז געווען אַן אידעלע נשמה, ליעבענסווירדיג, אויפֿריכטיג און איבערגעבען מיט'ן גאַנצען הארצען צו זיינע איבערצייגונגען, נאָר זעהר נאַאיוו, און זיין גאַנצען לעבען

האָט ער קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צו גענִיסען קיין שום סיסטעמאַטישע אונטערריכט, אַזוי שווער אין ביטער האָט ער געאַרבייט, צוערשט אין זיין היימאַטה, אין איטאַליען, אום צו ערנעהרען זיין געליעבטע פֿרוי און זעהן, זי זאָל ליידען וואָס ווייניגער נויטה. ער האָט זי אָבער דאָך פֿערלאָרען; זי איז געשטאָרבען אין די בעסטע יונגע יאָהרען. דאַן האָט פֿאָרנאַראָ אָנגעשטריינגט אַלע זיינע כוחות צו ערציהען זיין טאָכטער, אָבער אויך זי האָט דער טויט פֿון איהם אַוועקגערויבט; דער אָרעמער מענש האָט קיין גליק ניט געהאַט.

אויסער זיך פֿאַר שמערץ, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער וועלט. אַזוי איז ער געקימען קיין ענגלאַנד, וואו ער האָט זיך אַביסעל בעקענט מיט די אידעען פֿון פֿרייהייט און גערעכטיגקייט.

ער האָט אַזויפֿיעל געליטען, דער אָרעמער פיעמאַן, אַז ער האָט געזוכט מיט אַלע כוחות צו לינדערן די שמערצען פֿון די אַנדערע. ער האָט קיינעם ניט געקענט זעהן ליידענדיג, קיין לעבעדיגע בריאה ניט. איך האָב איהם איינמאָל געזעהן, ווי ער האָט געטראָגען אין דער האַנד אַ קליין מייזעלע; פֿון אַ פּאַסטקע האָט ער עס אַרויסגענומען און עס געוואָלט אָבלאָזען אויף אַ זיכערן אָרט. „אָרעמעס ווערען," האָט ער געזאָגט, „ס'האָט גאָרנישט געטהאָן, פֿאַרוואָס זאָל מען עס מאַטערן?"

איך ער, דער אָרעמער פיעמאָן, האָט גאָרנישט געטהאָן; ווער אָבער וועט אויף איהם רחמנות האָבען?

ער האָט קיין גרעסער גליק ניט געהאַט איידער צו טהאָן וועמען עס איז פֿון די אָרעמע אַ טובה, און ווי אָרים ער איז אַליין געווען, האָט ער דאָך זעהר פֿיעל געטהאָן, אָבגעבענדיג זיין צייט אויף פֿיעלע גוטע זאַכען.

כאָטש פֿאָרנאַראָ איז געווען אַן איינפֿאַכער, כמעט אונגעהובעלטער מענש, דאָך האָט ער זעלטען וועמען עס איז גראָב אָנגעטראָפֿען. אדרבה, אין זיינע מאַניערען איז געלעגען פֿיעל העפֿליכקייט און ער איז געווען צערטליך צו אַלעמען.

אין לאָנדאָן האָט ער אויסגעפּרואווט פֿערשיעדענע זאַכען צו מאַכען אַ לעבען. התחלת האָט ער פֿערקויפֿט אייז-קרים, אָבער ס'איז איהם ניט גוט געגאַנגען מיט דיזען מסחר; האָט ער זיך געקויפֿט אַ קאַטערינקע און איז אַרומגעגאַנגען שפּיעלען איבער די גאַסען, נאָר אויך דערצו האָט ער זיך ניט אויסגעטויגט און ער האָט זיך געוואָרפֿען צו אַלערליי אַנדערע בעשעפֿטיגונגען.

אויף אונזערע פֿערזאַמלונגען פֿלעגט פיעמאָן קומען אַביסעל אַן אייסגעפּוצטער, מיט זיינע אַלטע, נאָר אָבגעבאַרשטע קליידער. ער פֿלעגט זיך סטאַרען קריגען אַ פּלאַץ אויבען, לעבען דער פּלאַטפֿאָרמע, און דאָרט איז ער געשטאַנען און געשלונגען די ווערטער פֿון די רעדנער. יאָ, ער איז געווען גליקליך, ווען ער האָט געהערט רעדען מכח די, וואָס זיינען געשטאָרבען

אין זיינען גרייט צו שטאַרבען מיט פרייד פאַר דער בעפרייאונג פון דער מענשהייט.

דאָן. מיט זיינע בלישטשענדע אייגען, אָפּטמאָל מיט אַ הווילען קאָפּ, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט בעגריסען די אידעע, זיינע האָר דאָ אין דאָרט איינגעמישט מיט ווייסע פעדים,—דעמאָלט איז פיעמאָן געווען דאָס פאָלשטענדיגע בילד פון יענע ערשטע קריסטליכע מאַרטירער. אָרעמער פיעמאָן!

דאָס איז געווען אַ לייכטער ביסען פאַר די געהיים פּאָליציסטען, וועלכע זוכען תמיד זייערע אָפּפער. זיי האָבען געהאַט דאָס וואָס זיי האָבען נור געקענט ווינשען אין דער פערזאָן פון פיעמאָן און פון נאָך אַזאַ מין איינפאַ-כען בחור מיט'ן נאָמען פאָלדי, אַ יונגער מאַן, וואָס איז שוין צו צייצעהן יאָהר געווען אַ פאָטער פון אַ פאַמיליע. דיזע צוויי מענשען זיינען אַריינגע-פאַלען אין אַ פאַסטקע, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליציי האָט זיי אונטער-געשטעלט און זיי האָבען נאָך איצט צו ליידען דערפון.

זיי זיינען ביידע פערמישט געוואָרען אין אַ באָמבען געשיכטע, וועלכע איז אָבגעאַרבייט געוואָרען פון די שפּיאָנען. מען האָט פאָלדי'ן אַרעסטירט מיט אַ ניט אָנגעפילטע באָמבע, נאָר ביי איהם אין דער וואוינונג האָט מען געפונען געוויסע „עקספּלאָזיוו-שטאָפען", וועלכע מען האָט אפילו ניט רעכט אונטערזוכט, צי זיי זיינען ווירקליך אַזוי געפעהרליך, ווי די דעטעקטיווס האָ-בען ערקלעהרט. אויך האָט מען פאָרגעשטעלט די באָמבע פאַר אַ „געפעהר-ליכע ריעזיגע מאַשין", וואָס וואָלט געקענט פערניכטען אַ האַלבע וועלט... דערצו האָט מען נאָך ביי פאָלדי'ן געפונען אייניגע נאָטיצען וועגען דינאַ-מיט, וועלכע זיינען געווען בעגלייטעט פון די שרעקליכע ווערטער: „ס'לעבע די אַנאַרכיע! נידער מיט די געזעצע און מיט די רעגירונגען!" און וואָס דאַרף מען נאָך מעהר?...

די גאַנצע געשיכטע איז, ווי איך האָב שוין געזאָגט געווען די אַרבייט פון דער פּאָליציי. נאָר דאָס ענגלישע געריכט האָט עס אָנגענומען פאַר ערנסט. אויף דעם פּראָצעס, וועלכער איז געווען דעם 17-טען אַפּריל 1894, האָט פיעמאָן גענומען אויף זיך אַלעס, וואָס די לעבערליכע אָנקלאַגע האָט נור אַרויסגעלייגט אויף די אָנגעקלאָגטע. ער האָט עס געטהאָן, כדי צו ראַ-טעווען זיין קאַמעראַד פאָלדי, און ער איז זיכער געווען, אַז ער וועט איהם אויף אַזאַ'ן אופן בעפרייען. אָבער ער האָט אַ ביטערן טעות געהאַט, דער אָרעמער פאָרנאַראָ. פאָלדי איז, ניט קוקענדיג דערויף, דאָך אָבגעריסען געוואָרען פון זיין פרוי און קינד; ער איז פעראורטהיילט געוואָרען צו צעהן יאָהר האַרד-לייבאָר. פיעמאָן'ס שטראָף איז געווען אַ דאָפּעלטע. ער האָט געקראָגען 20 יאָהר האַרד-לייבאָר.

אַ שטיק צייט האָבען מיר ניט געהערט פון פיעמאָן. איינמאָל איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז ער איז געשטאָרבען, נאָר ס'האָט זיך אונז ניט געוואָלט גלוי-

בען און מיר האָבען זיך טאַקי דערנאָך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַ פּאַלשער קלאַנג. ניין, ער איז ניט געווען טויט, נאָר ס'האָט קיין סך ניט געפעהלט, ער זאָל עס זיין. אָט וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט אין קערקער, ווי עס האָט דערנאָך דערצעהלט אַן אַרעסטאַנט, וועלכער איז געווען דערביי:

„ס'איז געווען דעם 31 טען אָקטאָבער 1894, אַרום דריי אַזייגער נאָך מיטאָג. לויט דער פיהרונג פון דעם געפענגניס, וועלכע צווינגט די געפאַנגענע צו געהן צום גאָטעס-דיענסט, זיינען זיי אַלע געווען אין דער קירכע. די וועכטער זיינען געווען אויסגעזעצט אין פיער רייהען אויף זייערע ביינק, מיט די שטעקענס אין די הענד, ניט אַרונטער-צעהמענדיג קיין אויג פון אונז.

„פיער פּאַסטאָרען, צוויי פון יעדער זייט אַלטאַר, זיינען געשטאַנען לעבען דעם הויפּט-גלח, וועלכער האָט געזאָגט זיין תפלה.

„אין דער רגע שפרינגט פאָרנאַראָ, וועלכער האָט אפשר געוואָלט שטאַרבען אונטער די קלעפּ, אַרויף אויף זיין באַנק און שרייט אויס: „אייער רעליגיאָן איז קיין אַנדער זאַך ניט נאָר היפּאָקריטסטוואָ!"

„מעהר האָט ער ניט אויספּייעט צו זאָגען. אַ האָגעל פון קלעפּ האָט זיך אַראָבגעלאָזט אויף איהם.

„אַז ער איז געבליבען ליגען אויף דער ערד אָהן אַ סימן פון לעבען אין זיך, האָבען איהם די וועכטער אַוועקגעטראָגען אויף די פּלייצעס אין זיין קעמערל, וואו ער איז געבליבען ליגען אין אונמאַכט ביז פינף אַזייגער.

„ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער דערזעהן לעבען זיך דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט איהם געהייסען אַוועקטראָגען אין שפּיטאָל.

„אַז ער איז אויסגעהיילט געוואָרען, האָט מען איהם אַריינגעזעצט אין קאַרצער אויף 42 טעג.

„דער גלח האָט זיך ענטזאַגט אויסצושליסען פאָרנאַראָ'ן פון קירכע, ווי ער האָט עס פערלאַנגט. זייט דאַן איז ער מיסהאַנדעלט געוואָרען פון די וועכטער ביי דער מינדסטער געלעגענהייט. פאַר יעטוועדען וואָרט, פאַר יעדען מאַך מיט'ן קאָפּ האָט מען איהם בעשטראָפט.

„אַרום מיטען פון 1896-טען יאָהר האָט זיך ווידער געמאַכט אַ צוזאַמענשטויס צווישען פאָרנאַראָ'ן און אַ וועכטער, וועלכער האָט איהם מיט געוואַלט געוואָלט אַריינפיהרען אין קעמערל. פאָרנאַראָ האָט דעם וועכטער דערלאַנגט אַ שטויס צוריק, און אַזוי ווי דאָס ערשטע מאָל האָט מען איהם געשלאָגען מכות רצח און צושונדען זיין לייב מיט דעם מורא'דיגען קאַנטשיק, וועלכער רופט זיך „דהי קעט אָף ניין טיילס" (די קאַץ מיט די ניין עקען).

„אַז פּיעמאָן איז אויסגעהיילט געוואָרען פון זיינע שרעקליכע וואונדען, איז זיין מוח געווען פערשלייערט און צודרעהט אַזוי ווי ביי די אַלע אונגליקליכע, וועלכע האָבען אַריבערצוטראָגען אַזעלכע שרעקליכע יסורים. נאָר אין זיין ביטערער פערצווייפלונג פלעגט ער נאָך אַלץ רעוואָלטירען געגען די ברוטאַליטעט פון די וועכטער.

„איך האָב פאַרנאַראַ'ן דאָס לעצטע מאָל געזעהן אין סעפטעמבער 1899. ער איז געווען איינגעבויגען און אַלט. דאָך גלויב איך, אַז ער לעבט נאָך."

אַזוי האָט וועגען איהם געשריבען איינער, וואָס איז אַזוי ווי ער געווען פאַראורטהיילט צו האַרד לייבאָר און האָט געהאַט אַ געלעגענהייט זיך מיט איהם נעהנטער צו בעקענען אין קערקער.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס איז געווען מיט אַ צייט צוריק.

מיר האָבען דאַן געוואוינט אויף פלאַקעט רויד, איסט דאָליטש. איינמאָל בין איך געזעסען ביי דער פיאַנאָ און האָב געזוכט אַ מאָטיוו, וואָס זאָל אויסדריקען מיינע טרויעריגע געדאַנקען. פיעמאַן וועלכער האָט ליעב געהאַט שטענדיג עפּעס צו טהאָן, איז געווען בעשעפטיגט ביי עטליכע פּאָליצעס, וואָס ער האָט געמאַכט אין איינעם פון מיינע צימערן. מיט אַמאָל טהוט ער מיך אַ רוף און זאָגט:

— איך מוז אייך עטוואָס דערצעהלען. איך האָב נאָך מיט קיינעם ניט גערעדט וועגען דעם. איהר וועט מיר זאָגען אייער מיינונג דעריבער.

און ער האָט מיר דערצעהלט מכח די פאַנטאַסטישע געהיימניספולע פלענער, אין וועלכע ער איז אַריינגעצויגען געוואָרען.

מיין גאַנצע אומעטיגקייט איז מיר פערגאַנגען און איך האָב געמוזט אַרויספּלאַצען מיט אַ געלעכטער.

— מיין אָרעמער פיעמאַן, — האָב איך זיך אָבגערופען צו איהם — איהר הערט זיך צו צו אַזעלכע דומהייטען. וואָס זשע, איהר זעהט דען ניט, אַז מען וואָלט געדאַרפט האָבען וויינינגסטענס אַ דריי, פיער פּאָליסלייט פונאַנדערצינעהמען און אַרויפצולייגען די פערשיעדענע שטיקלאַך פון דער מאַשין אויף צוויי וועגען און דאָס אַלעס אַוועקפיהרען ווער ווייסט וואו, אויף דעם בעפעהל פון מענשען, וועלכע איהר הויבט ניט אָן צו קענען! דאָס איז ווירקליך צו קינדעריש, אַריינצופאַלען אויף אַזאַ'ן אופן אין אַ פּאַסטקע !...

— אָט דאָס האָב איך טאַקי אַליין אויך געקלעהרט, — האָט ער מיר געענטפערט.

און כדי ער זאָל וואָס גיכער זיך אַרויסדרעהען פון דעם מיאוס'ן פלאָנ-טער, אין וועלכען מען האָט איהם געוואָלט אַריינשלעפען, האָב איך איהם געזאָגט:

— און ווער ווייסט וויפיעל קאַמעראַדען עס קענען נאָך דורך דעם אַריינפאַלען און וועלען האָבען אונשולדיגערהייט צו ליידען דערפון!

ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער בעגרייפט מיך און ער פערשטעהט, וואָס פאַר אַ געפאַהר עס שטעקט הינטער דיזער פערשטעלטער געשיכטע. ער האָט צוגעפגענומען זיינע געצייג, זיך געזעגענט מיט מיר און איז אַוועק.

ער איז שוין מעהר אויף דעם וועג ניט-צוריקגעקימען.

די פאַסטקע איז געוועזן גרייט און ס׳איז שוין געווען צו שפּעט זיך אַרויסצוראַטעווען דערפון.

אָרעמער פיעמאָן!

אַז איך האָב דאַן אויסגעדריקט מיין וואונש צו דערצעהלען דיזען גע-שפּרעך, האָט מיר אימיצער בעמערקט:

— דאָס וועט נאָך זיין ערגער; מען קען נאָך דערפון אָנגעהמען צו ערנסט דיזען מורא׳דיגען פּאָליצייסקען שפּאַס.

און מען האָט עס סיי ווי סיי גענומען גאַנץ ערנסט, ווייל פאָרנאַראָ שמאכט נאָך איצט אין קערקער, אויב ער איז ניט געשטאָרבען פון די שרעק-ליכע יסורים זיינע.

VI.

## די „גנבים".

איין אָוועגד, אַרום עלף אַזייגער, בין איך געבליבען זיצען אַליין ביי מיין פענסטער. שאַרלאָט, וועלכע איז געווען זעהר מיעד, איז אַריין צו זיך אין צימער שלאָפען. איך בין ניט געווען שלעפעריג און דורך׳ן פענכטער האָב איך אַרויסגעקוקט אויף דרויסען און געזעהן, ווי דער טומאַן לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָב איבער אַלע קוואַרטאַלען פון לאָנדאָן.

ביסלאַכווייז האָבען די גאַז-פלאַמען און די עלעקטרישע לאָמפּען אָנגע-נומען אַלערליי קוליערען. דער גערויש פון די וועגען און די טראַמוויים, וועלכע זיינען פערבייגעפאָהרען איבער די גאַסען, איז מיר אַריין אין די אויערן עפּעס אַזוי ווי אַן אויסגעמישטער טומעל פון מאָדנע הייזעריגע קולות. פון ווייטען האָבען די שיפען אויף דער טעמזע, וועלכע האָבען זיך געסטאַ-רעט דורכברעכען אַ וועג דורך דעם געדיכטען געבעל, נעלעכצערט די לופט מיט זייער מורא׳דיגער פייפעריי; און אָט דער גאַנצער גערויש, אָט דאָס גאַנצע לעבען, וואָס איך האָב בעמערקט אונטער מיר, האָט אַוועקגעפיהרט מיין געדאַנק קיין פאַריז, די אַנדערע גרויסע שטאָדט, וואָס איך האָב געמוזט פערלאָזען און וועלכע איך וועל שוין אפשר קיינמאָל מעהר ניט זעהן...

פאַריז, די שטאָדט, וואו איך האָב געלעבט, וואו איך האָב געליטען, וואו איך האָב געליטען, וואו איך האָב איבערגעלאָזט אַלע מיינע פריינד.

און די עראינגערונג אָן דעם אַלעמען האָט אָנגעוואָרפען אויף מיר אַ שטיקעל מרה שחורה. ביסלאַכווייז זיינען מיינע געדאַנקען געוואָרען טרויע-ריגער, ביטערער, און דאָס שטענדיגע געהן און קומען פון די לייט, וואָס איך האָב קוים געזעהן דורך׳ן נעבעל, פון דיזע גליקליכע, וועלכע זיינען געלאָפען פון זייערע תענוגים, פון די טהעאַטערע, פון די צירקען, אין די שיינקען, צו זייערע נאַכט אונטערהאַלטונגען, האָט מיך דערמאָנט אָן די

הונגעריגע, וועלכע האָבען ניט קיין ברויט, און די אונגליקליכע, וועלכע קריי-
נען ניט קיין אַרבייט, און די אַלע לייט, וועלכע האָבען שוין קיין כח ניט צו
פערדינען אויף זייער לעבען, און אַלע עלענדע, וועלכע לידען הונגער אין
קעלט; און די שעהנינקע בייבעלאַך, וועלכע האָבען ניט קיין מוטערס, און די
מוטערס, וועלכע האָבען פערלאָרען זייערע שעהנינקע בייבעלאַך.

נאָר וואָס ווייטער איז דער נעבעל געוואָרען אַלץ געדיכטער און גע-
דיכטער. לאָנדאָן האָט אייסגעזעהן אזוי ווי איינגעוויקעלט אין אַן אונגעהייער
גרויסען פייכטען שלייער. די שטערן זיינען פערשוואונדען פון מיינע אויגען
און די ליכט פון דער שטאָדט האָבען מיר אויסגעוויזען אַזוי ווי שוואַכע
פלאַמען, וואָס האַלטען זיך אין איין אייסלעשען. איך בין געוועזען אין גאַנצען
דורכגענומען פון קעלט און האָב בעשלאָסען צו געהן שלאָפען.

נאָר איך האָב ניט געקענט איינשלאָפען. דיזע אַלע געדאנקען, דיזע
אַלע עראינערונגען האָבען מיר געדריקט אויף'ן האַרצען. אַ היבשע צייט
האָב איך זיך ארומגעוואָרפען אַהין און אַהער אויף מיין געלעגער. ענדליך
בין איך אַנדרעמעלט געוואָרען, ניט פערלעשענדיג מיין לאָמפּ.

ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגען אין דעם האַלב שלאָפענדען צושטאַנד—
ווייס איך ניט. נאָר פלוצלינג האָט זיך מיר אָבגעדוכט, אַז איך הער עפּעס
אַ מאָדנעם געראויש. ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך הער, ווי מענשען שוש-
קען זיך הינטער דער טהיר פון מיין וואוינונג, ווי די טהיר עפענט זיך גאַנץ
לאַנגזאַם אויף...

אַ בעאונרוהיגטע, האָב איך זיך אויפגעזעצט אויף מיין בעט. די אויגען
אייפגעריסען פון איבעראַשונג, די אויערן אָנגעשטעלט האָב איך זיך צוגע-
הערט צו דיזען מערקווירדיגען געראויש. אַ היבשע ווייַלע בין איך אַזוי געזע-
סען און האָב זיך צוגעהערט. נאָר עס איז געוועזען שטיל. איך האָב אַודאי
געמוזט אַ טעות האָבען: דאָס האָט אַודאי געמוזט זיין אַ חלום, אַ לייכטער
קאָשמאַר, וואָס האָט זיך גענומען פון מיין צוטראָגענקייט, אָדער אפשר איז
דאָס גאָר געוועזען אַ שכן פון דעם אויבערשטען עטאַזש, וועלכער האָט זיך
פערשפּעטיגט אין איז אַצינד אַרויפגעגאַנגען צו זיך אַהיים.

אַזוי האָב איך זיך געטראַכט און זיך צוריק אַנידערגעלייגט, גרייט
איינצושלאָפען. אָבער אין אַ פּאָר מינוטען אַרום האָב איך דערהערט ווי דער
שלאָס דרעהט זיך. די טהיר האָט אַזוי ווי נאָכגעגעבען, זיך געעפענט...
כ'איז קיין צווייפעל ניט, דאָס מאָל האָב איך ניט געקענט האָבען קיין טעות,
אימיצער איז אריין צו מיר אין דער וואוינונג. אין אַ ווייַלע אַרום האָב איך
ווירקליך דערהערט לייכטע טריט אויף דעם טאַפּעט אין קאָרידאָר.

איך בין אַרונטערגעשפּרונגען פון בעט, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ קלייד,
שטילערהייט האָב איך אויפגעעפענט די טהיר און אַרויסגעקוקט אין פּאָרטי-
כער. עס איז געוועזען ליידיג; נאָר אַנטקעגען, די עסס שטוב, וועלכע האָט

אויך גערינט אַלס מיין שרייב-צימער, איז געווען גאַנץ שוואַך בעלויכטעט פון אַ לאַמטערנע.

איך האָב אַלזאָ גלייך געקענט פערשטעהן וואָס דאָ טהוט זיך. מיינע ביינאַכטיגע געסט זיינען געווען איינפאַכע גנבים, וועלכע האָבען אַודאי געמיינט, אַז זיי האָבען דאָ צו טהאָן מיט אַ רייכער דאַמע... דריי שטיק זיינען זיי געווען, איך האָב אויסדריקליך געזעהן זייערע דריי שאָטענס, וועלכע האָבען זיך אָבגעשלאָגען אויף דער וואַנד פון דעם פאָרצימער.

מיר איז געוואָרען גאַנץ שווער אויף'ן הארצען.

מאַכען אַ געוואַלד און רופען צו הילף, האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָס קען זיין געפעהרליך. דיזע גנבים, וועלכע האָבען אפשר בלויז געוואָלט מיין געלד, וואָלטען זיך נאָך געקענט אַרויפוואַרפען אויף מיר און מיך צו'הרג'ענען, אום ניט אַריינצופאַלען צו דער פאָליציי אין די הענד.

אָבער דאָרט אין עסס-שטוב איז ניט געווען קיין שום ווערטה-זאַך, וואָס עס זאָל זיין כדאי צו גנב'ענען. אונזערע כלים זיינען געווען גאַנץ איינפאַכע; דאָס ביסעל געלד, וואָס איך האָב געהאַט, איז אמת געלעגען דאָרט אויף מיין שרייב-טיש, גאָר עס איז געווען אַזאַ קליינע, אונבעדייטענדע סומע. אַז די גנבים האָבען זיך דערמיט זיכער ניט געדאַרפט צופריעדענשטעלען... צי וועלען זיי ניט אַקאָרשט געהן ווייטער און, נאָכדעם ווי זיי וועלען גאָרניט געפינען אין יענעם צימער, אַריינפאַלען צו מיר? ווער ווייסט, צי זיי וועלען זיך בענוגענען מיט די קלייניגקייטען דאָרט אין עסס-שטוב?

און אין מיין צורודערטער, אייפגערעגטער פאַנטאַזיע האָט זיך שוין גענומען מאָהלען אַ שרעקליך בילד, ווי די גנבים בעפאַלען אונז, ווי זיי שטעכען אַריין אַ מעסער דער אָרעמער שאַרלאָט'ן אין האַרצען... איך האָב שוין געזעהן, ווי זי ליגט אויף דער ערד, אין אַ טייך פון איהר אייגען בלוט...

איך האָב אַלזאָ מעהר ניט געוואַרט. אין אַ האַלב-פערריקטען צושטאַנד בין איך אַריינגעלאָפען צו שאַרלאָט'ן אין שלאָפצימער, האָב זי אויפגעוועקט, געעפענט דאָס פענסטער און גענומען שרייען מיט אַלע כוחות נאָך הילף.

כדי די גנבים זאָלען ניט אַזוי לייכט קענען צוקומען צו אינז האָב איך פערשלאָסען די טהיר, זיך פערבאַריקאַדירט מיט די מעבעל פון צימער, און איך בין געבליבען שטעהן גרייט מיט עפעס וואָס עס איז אין דער האַנד, אייפצונעהמען מיינע געפעהרליכע געסט.

איצט איז מיין מורא'דיגע צוטומעלטקייט געווען פערביי. קאַלטבלוטיג האָב איך בעטראַכט די לאַגע. איך בין געווען גרייט צו פערקויפען טהייער מיין לעבען, אויב די גנבים וועלען אַריינקומען צו מיר. יעדענפאַלס האָב איך געהאָפט, אַז ביז וואַנען זיי וועלען קענען אָבשטופען די באַריקאַדע, וועט מען דערהערען מיינע געשרייען אין גאַס.

ניט קוקענדיג אויף דעם געדיכטען נעבעל, איז מען זיך פונדעסטוועגען אויף גיך צונויפגעלאָפען פון אַלע זייטען אונז צו העלפען. איך האָב גאָרנישט

בעמערקט, נאָר איך האָב אויסדריקליך געהערט, ווי דער עולם ווערט וואָס ווייטער אַלץ גרעסער אונטער מיינע פענסטער. עטליכע שטימען האָבען אינז פערזיכערט, אַז מען קומט אונז צו הילף, מיר זאָלען זיך ניט שרעקען.

מיט אַמאָל האָב איך דערהערט אַ שטאַרקען געדויש אין עסס שטיב. די שופלאָדען האָבען זיך מיט רעש פערמאַכט. מיינע גנבים האָבען זיך, ווייזט אויס, שטאַרק דערשראָקען און זיי האָבען ענטוועדער געוואָלט אַריינ-ברעכען צו מיר אָדער אַנטלויפען, ווייל גלייך נאָכדעם האָב איך דערהערט שנעלע טריט, און דאָס מאָל גאָר ניט קיין שטילע. איך האָב זאָגאַר געהערט, ווי זיי האָבען מורא׳דיג געפּלוכט. ווייטער גאָרנישט.

ניט קוקענדיג אויף מיין גייסטעס-צושטאַנד האָבען מיך די קללות זייערע דאָך איבערראַשט. זיי זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען אין פּ־אַנצוויזיש, מיט אַ פּאַריזער אַקצענט. אָבער ס׳איז מיר ניט אַזוי שטאַרק געלעגען זיך צו פערטיעפען אין דיזער פראַגע, וואָרים וואָס פאַר אַ נפקא מינה איז דאָס ווירקליך געווען פאַר מיר, צו וועלכער נאַציאָן די דאָזיגע גנבים האָבען בעלאַנגט ? !

ענדליך זהאָבען זיך דערהערט די טריט פון די פּאָליסלייט אויף די טרעפּ פון מיין עטאַזש. איצט האָב איך שוין ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבען. אויף גיך האָב איך פונאַנדערגענומען די באַריקאַדע הינטער מיין טהיר און זיי געעפענט. זיי זיינען געווען פיער, און נאָך זיי אַ גאַנצער עולם פון מע-נער און פרויען; אַלע שכנים פון הויז זיינען דאָ געווען, יעדער איינער מיט וואָס עס איז אין דער האַנד. איך אַליין בין אויך געשטאַנען אַנטקעגען די פּאָליסלייט אין דערזעלבער פּאָזע, ווי איך האָב ערוואַרט די גנבים — מיט אַ שטיק אייזען אין דער האַנד... ס׳איז געווען אַ קאָמישע סצענע, און, דעם אבת זאָגענדיג, האָט זיך מיר, קוקענדיג דערויף, געגלוסט אַרויסשיסען מיט אַ געלעכטער.

אין עטליכע ווערטער האָב איך זיי דערצעהלט וואָס דאָ איז פאָרגעקו-מען. מען האָט איבערגעקעהרט דאָס גאַנצע הויז, געזוכט אין עסס-שטוב, אין אַלע צימערן — אומזיסט, מען האָט גאָרנישט געקענט געפינען.

און דאָך האָט מען ניט געקענט אָבלייקענען, אַז גנבים זיינען געווען ביי מיר אין שטוב. איינינע שופלאָדען פון מיין שרייב טיש זיינען געווען אָפען, די שלעסלאַך אויפגעבראָכען און אויף דער ערד האָבען זיך געוואַל-גערט גאַנצע בערג מיט פּאַפּירען.

— זיי האָבען נעביך קיין מזל ניט געהאַט, דיזע גנבים, — האָב איך זיך אָבגערופען צו די פּאָליסלייט. — אויף מיינע קולות האָבען זיי אויף גיך צוואַוואָרפען די פּאַפּירען אין אַלע זייטען, האָפענדיג, אַז זיי וועלען פאָרט געפינען וואָס פאַר ס׳איז ווערטה-זאַכען אין די דאָזיגע טיש-קעסטלאַך.

די פּאָליסלייט האָבען געמאַכט זייער ראַפּאָרט, איבערצייגט, פּונקט ווי איך אַליין, אַז מיינע גנבים האָבען זיך נעביך אָבגענאַרט און זיינען אַוועק

מיט לײדיגע הענד. דערנאָך זײנען זײ אַװעק און דער גאַנצער עולם מיט זײ.

שאַרלאָט און איך זײנען אַליזאָ װידער געבליבען אַלײן, נאָך אימער אונטער דער שרעקליכער אױפֿרעגונג, װאָס מיר האָבען נאר װאָס דורכגעמאַכט. דאָך האָבען מיר זיך ביסלאַכװײז בערוהיגט. נאָר אײדער איך בין געגאַנגען שלאָפֿען, האָב איך געװאָלט ברײנגען אין אָרדנונג מײנע צואװאָרפֿענע פּאַפּירען, זײ צוריק צונױפֿלײגען אין מײן שרײב טיש.

אײנעם בײ אײנעם האָב איך זײ פֿונאַנדערגעקליבען, אָבער װאָס פֿאַר אַן איבעראַשונג! די װיכטיגסטע, אַלע פּאָליטישע דאָקומענטען, אַלע מײנע בריעף פֿון מײנע פֿרײנד אין פֿראַנקרײך האָבען געפֿעהלט.

איך האָב אַ געשרײ געטהאָן. איצט האָב איך פֿערשטאַנען אױף ריכטיג, װאָס דאָס איז געװעזען פֿאַר אַ חתונה. די גנבים, װעלכע האָבען זיך ניט געקענט קאָנטראָלירען און אַרױסגעלאָזט בײם אַװעקגעהן עטליכע קללות אױף פֿראַנצױזיש, — מײנע געשיקטע גנבים זײנען געװעזען פּשוט׳ע שפּיאָנען.

מען האָט ניט געזוכט מײן געלד, מען האָט ניט געזוכט מײן לעבען! מען האָט בלױז געװאָלט קאָמפּראָמיטירען מײנע פֿרײנד!

## VII.

## די אָפּפֿער פֿון מאָנטכואיטש.

אין יענער צײט האָב איך זיך בעגעגענט אין לאָנדאָן מיט די לעבענגעבליבענע אָפּפֿער פֿון דער שפּאַנישער אינקװיזיציאָן, די מאַרטירער פֿון מאָנטכואיטש.

מען איז מעהר אָדער װײניגער בעקאַנט מיט דער שװידערליבער געשיכטע. אַ באָמבע איז געװאָרפֿען געװאָרען פֿון אַן אונבעקאַנטען אין אַ פּראָצעסיאָן. די שפּאַנישע רעאַקציאָן האָט זיך בענוצט מיט דיזען אױסרײד, און מען האָט אַרעסטירט ניט נור אַלע די, װעלכע זײנען געװעזען פֿערדעכטיגט אַלס אַנאַרכיסטען, נאָר זאָגאַר אײנפֿאַכע רעפּובליקאַנער.

די פֿעסטונג פֿון מאָנטכואיטש איז געװעזען אָנגעפֿילט מיט אונגליקליכע, װעלכע זײנען געמאַטערט און געפּײניגט געװאָרען מיט די שװידערליכסטע ענוים פֿון דער אינקװיזיציע, װאָס מען האָט גערעכענט פֿאַר פֿערשװאונדען.

מען האָט זײ געגעבען צו עסען געזאַלצענע פֿיש און קײן טראָפּען װאַסער צו שטילען זײער שרפֿה׳נדען דורשט; טאָג און נאַכט האָט מען זײ געצװאונגען אַרומצוגעהן, און אַז זײ האָבען זיך אָבגעשטעלט, האָט מען צושונדען זײערע לײבער מיט מורא׳דיגע ריטער; די פֿינגער פֿון די הענד און פֿיס האָט מען זײ צונױפֿגעדריקט און די נעגעל אַרױסגערסען, מיט רױטע, אָנגעברענטע אײזענס זײ דאָס פֿלײש געדראָשען — אָט דורך דיזע אַלע מיטלען האָט מען געהאָפֿט זײ צו מאַכען רײדען, זײ צװינגען זיך מודה צו

זיין אויף אַ טהאַט, וועלכע זיי האָבען ניט בעגאַנגען. אָבער דאָס אַלעס איז געווען אומזיסט.

נאָר ניט קוקענדיג דערויף האָבען די שפּאַנישע תליונים דאָך פֿעראורטהיילט אַכט פֿון די אינגליקליכע צום טויט, פֿערציג צו 20 יאָהר און 27 צו 8 יאָהר קערקער.

די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז אויפֿגעבראַכט געוואָרען געגען דיזע שווידערליכע רציחות. איבעראַל זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען פֿערזאַמלונגען, וואו די מאַסע האָט פֿערפֿלוכט די אינקוויזיטאָרען. אויך מיר אין לאָנדאָן האָבען גענומען אונזער טהייל. דער פּראָטעסט מיטינג אויף טראַפֿאַלגאַר סקווער וועט לאַנג בלייבען אין דעם געדעכטניס פֿון די ענגלישע גענאָסען.

מען ווייסט וואָס דאַן האָט פּאַסירט. אַנדזשיאָלילאָ׳ס העררליכע טהאַט האָט בעפֿרייט שפּאַניען פֿון איהר גרעסטען תליון קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ. די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט פֿריי אָבגעאָטהעמט, און אַזוי ערלעזענד האָט דיזע טהאַט געווירקט, אַז 27 פֿון אונזערע געפּייניגטע גענאָסען זיינען בעפֿרייט געוואָרען פֿון דעם גיהנום פֿון מאָנטזשואיטש און זיינען געקומען קיין לאָנדאָן.

איך וועל קיינמאָל ניט פֿערגעסען יענעם טאָג, ווען זיי זיינען אָנגעקומען אויף „יוסטאָן סטיישיאָן" פֿון ליווערפּול, — די לעבענ-געבליבענע אָפּפֿער פֿון מאָנטזשואיטש, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפֿונען די ענערגישע קעמפּפֿערין טערעזאַ קלאַרעמאָן. העררליך האָבען זיי אויסגעזעהן, דיזע שפּאַניאָלען, אָנגעטהאָן אין טראַנטעס, נאָר שטאָלץ, מיט די קעפּ אין דער הויך און פֿול מיט גלויבען און האָפֿנונג אויף דער צוקונפֿט.

# שלום.

אין איהר לעבענסבעשרייבונג איז לואיזע מישעל צוגעקומען ביז דער צווייטער העלפט פון די נײנציגער יאָהרען, די סאַמע לעצטע עמליכע יאַהרען פון איהר לעבען. זייט דאַן האָט זי געלעבט טהיילווייז צוריקגעצויגען; אין לאָנדאָן און טהיילווייז ארומפאָהרענדיג איבער פראַנקרייך אינאיינעם מיט אונזערע אונערמיעדליכע פראַנצויזישע גענאָסען סעבאסטיאַן פאָר און ערנעסט זשיראָל, פריירינענדיג אונזערע אידעען פאַר די פאָלקס־מאַסען. איבערהויפּט איז זשיראָל געווען איהר שטענדיגער בעגלייטער אין די לעצטע יאָהרען פון איהר לעבען. די לעצטע פאַר אַניטאַציאָנס־טורען האָט זי געמאַכט מיט איהם צוזאַמען, און קיין בעסערע בעשרייבונג פון דיזע לעצטע יאָהרען איהרע איידער די, וואָס זשיראָל גיט אין זיין בוך: „די גוטע לואיזע”, דאַרף מען גאָר ניט האָבען. מיר גיבען דאָ די לעצטע בלעטער פון דיזען אויסגעצייכענטען בוך אַלס שלוס פון לואיזע מישעל׳ס מערקווירדיגע לעבענסבעשרייבונג.

———

...אין יענער צייט, אַרום מאַי 1897, האָט זי אונטערנומען אַ נייעם אַגיטאַציאָנס־טור מיט סעבאסטיאַן פאָר, אין פערלויף פון וועלכען זיי האָבען צוגעצויגען צו זיך אונגעהייער גרויסע מאַסען. אין יענעם מאָמענט האָט זיך לואיזע ווירקליך געקענט ווענדען צו דער מאַסע, צום פאָלק, צו די רעוואָלוציאָנערן. באַלד נאָך די שוידערליכע ענוים פון מאָנטכואיטש, האָט זי זיך אַליין און אַלע איהרע צוהערער עלעקטריזירט, דערצעהלענדיג וועגען די שרעקליכע פערברעכענס, וואָס די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרען האָבען בע־גאַנגען. איהר ערנסטע, אויפריכטיגע עמפּעהרונג האָט אַרויסגערופען אַזוי פיעל בעגייסטערונג צווישען די מאַסען, אַז די עפענטליכע מיינונג, וועלכע איז דאַן געווען געגען די אַנאַרכיסטען, האָט אויף אַ געוויסע צייט אָנגענומען אַ פריינדליכע שטעלונג צו זיי.

לואיזע מישעל און סעבאַסטיאַן פאָר אויף דער טריבונע: דאָס דאָזיגע בילד איז גענוג געווען אויפצורייכען גאַנצע בעפעלקערונגען פון זייער פער־

שלעפּערטען צושטאַנד און פֿון זייער גלייכגילטיגקייט. דער פּראָטעסט געשריי, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען דורך זייער קרייץ-צוג, איז געווען אַזוי גרויס, אַז די תלינים האָבען זיך אויף אַ ווײלע דערשראָקען פֿאַר דער ערוואַכונג פֿון דעם אונזיוועריזעלען געוויסען... די פֿעסטונג פֿון מאָנטבואיטש האָט אַרויסגעגעבען פֿון זיך אַ טהייל פֿון איהרע מאַרטירער...

זייענדיג אַ הומאַניסטין אין דער טיעפֿסטער טיעפֿעניש פֿון איהר נשמה, האָט לואיזע מיט פֿרייד אָנטהייל גענומען אין דער אַרבייט פֿון בעפֿרייאונג אין פֿון געזעצלינקייט, פֿון גיטסקייט און פֿון ברידערליכקייט; זי האָט רעאַליזירט אַ טהייל פֿון איהר פּראָגראַם; קיין זאַך אין דער וועלט האָט איהר ניט געקענט מאַכען גליקליכער.

אין מאַי און יוני 1902 האָט לואיזע ווידער געגעבען אַ סעריע פֿון פֿאָרטרעגע, וועלכע זיינען אונגליקליכער ווייזע געווען אַ גרויסער דורכפֿאַל. דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם סוף פֿון דער דרייפֿוס-אַפֿערע. די אַנאַרכיסטען, וועלכע האָבען זיך כמעט איינשטימיג געשפּאָלטען אין צוויי לאַגערן, וואָס יעדער פֿון זיי האָט געמיינט אַז ער איז גערעכט, האָבען זיך פֿאָרגעוואָרפֿען איינע די אַנדערע, די איינע דערפֿאַר וואָס יענע האָבען זיך בעטהייליגט אין דיזער געוואַלדיגער אַגיטאַציאָן, און די אַנדערע דערפֿאַר וואָס זייערע געגנער האָבען זיך געהאַלטען ווייט דערפֿון.

עמיל זשאַנוויאָן, אַ היציגער און קאָכעדיג אויפֿריכטיגער כאַראַקטער, איז גאַנץ איינפֿאַך געווען אַן אַנטי-דרייפֿוסאַר. זיין טעמפּעראַמענט האָט געפֿיהרט דערצו, ער זאָל זיין אויף אַן אונגערעכטען אופן רשעות'דיג געגען אַסך קאַמעראַדען; זיין האַלטונג, כאָטש ער איז אָפֿט געווען גערעכט, האָט איהם אָבער כמעט שטענדיג געגעבען דאָס אויסזעהן פֿון דעם אונגערעכטען. דער עיקר איז סעבאַסטיאַן פֿאָר — כאָטש דיזער האָט מיט אַלע מעגליכקייטען אויסגעמיידעט יעטווערע פּערזענליכקייט אין דעם קריעג — אַטאַקירט געוואָרען פֿון איהם אויף אַ מורא'דיגען אופן.

אין מען האָט דאַן נאָך אַמאָל געהאַט פֿאַר זיך די קלעגליכע פֿאָלגען פֿון דעם פּאַרטיי-פֿאַנאַטיזמוס, פֿון וואָס די אַנאַרכיסטען הויפּטזעכליך האָבען געדאַרפֿט זיין — און זיינען ביז דאַן אימער געווען — אויסגעשלאָסען. די געגנאָסען האָבען זיך צוטהיילט אין צוויי לאַגערן: אין „פֿאָריסטען" און אין „זשאַנוויאָניסטען"; ס'איז געווען גאַנץ לעכערליך און דום; אָבער ס'איז דאָך געווען אַזוי. און לואיזע, די אָרעמע לואיזע, וועלכע האָט זיך ניט אָנגעהויבען אינטערעסירען מיט דער גאַנצער מחלוקה און האָט זיך ניט אָנגענומען ניט פֿאַר איין צד און ניט פֿאַר'ן אַנדערן, זי האָט פֿונדעסטוועגען געהאַט געניג צו ליידען פֿון דיזע פּאַרטיי-צאַנקערייען, דורך פֿערשיעדענע געמיינע מעשׂיות, וואָס מען האָט אויף איהר חשבון דערצעהלט, הינטער איהר רוקען, פֿערשטעהט זיך. די פֿאָרטרעגע זיינען ניט בעזוכט געוואָרען אפילו פֿון די, וועלכע האָבען זיי אַליין אָרגאַניזירט; פֿערשיעדענע מיאוס'ע

רכילות זיינען פֿערשפּרייט געוואָרען, דער זייטיגער עולם האָט דאָ ניט געזעהן די געוועהנליכע איבעריגעבענהייט און אָפּפֿערווילליגקייט פֿון די גענאָסען, און כמעט אַלע פֿערזאַמלונגען זיינען דורכגעפֿאַלען.

איין מאָל אַליזאָ — דאָס איינציגע מאָל אין איהר לעבען — איז לואיזע מישעל פֿון אייגענע גענאָסען בעהאַנדעלט געוואָרען מיט אומ׳כבוד. פֿריינדע האָבען זי צוגערעדט, זי זאָל זיך פֿערטהיידיגען, זיך רעכטפֿערטיגען; זי האָט עס אָבער ניט געוואָלט. זי האָט בעסער פֿאָרגעצויגען צו זיין פֿערדעכטיג— און אויף וואָס פֿאַר אונשולדיגען אופן! — איידער אַרויסצוריידען דאָס מינד-סטע וואָרט, צו מאַכען רעם מינדסטען שריט, וואָס וואָלט געקענט בריינגען שאָדען דער אַנאַרכיסטישער אידעע.

געקריינקט פֿון די אַלע געמיינהייטען, הערענדיג אַרום זיך אַ גאַנצע סדרה פֿון מיאוס׳ע רכילות און עקעלהאַפֿטע אינטריגעס; קענענדיג דעם אונבערעכטיגטען דורכפֿאַל נאָך דעם ערפֿאָלג, דעם קלעגליכען סוף פֿון אַן אַגיטאַציאָן, וועלכע איז געוועזן די פֿאָרטזעצונג פֿון אַן אמת׳ן טריאומפּף-מאַרש, — האָט זי דאָס דאָך אַלעס אַריבערגעטראָגען מיט אַ טיעפֿער פֿער-אַכטונג פֿאַר די אַלע בעשולדיגונגען, וועלכע זיינען אויף איהר געפֿאַלען, און אויפֿאָפּפֿערענדיג ווי אימער איהר פּערזאָן פֿאַר דער אידעע, וועלכע זי האָט ניט געוואָלט קאָמפּראָמיטירען. ליעבערשט שטאַרבען, „קראַפּירען", ווי זי פֿלעגט תמיד זאָגען — איידער בעשולדיגען אַ קאַמעראַד, איידער זיך רעכטפֿערטיגען צום שאָדען פֿון אַ מיטקעמפּפֿער, איידער בעוואַפֿענען די שונאים פֿון דער בעוועגונג, דערמיט וואָס זי וועט וואַרפֿען אַ שטראַהל פֿון ליכט אויף וואָס פֿאַר עס איז קליינער „אינטימער דראַמאַ".

געפּייניגט דורך די אויסדריקע פֿון אונגערעכטיגקייט און אונדאַנקבאַר-קייט, האָט זי דאָך געשוויגען, כאָטש ס׳האָט איהר געקאָסט גענוג טרעהרען. און פֿערזונקען אין אַ טיעפֿער מרה שחורה, איז זי ווידער אַמאָל צוריקגע-פֿאָהרען קיין לאָנדאָן און האָט זיך פֿערשלאָסען ביי זיך אין דער וואוינונג אין דאַהאָמיי סטריט.



דעם 8 טען אויגוסט 1903, האָב איך געשריבען צו לואיזע׳ן פֿאָלגענדען בריעף:

„מיין טהייערע לואיזע!

„איך זעה אין „ליבערטער", אַז איהר ווענדעט זיך צו די קאַמעראַדען פֿון געוויסע שטעדט מיט אַ פֿאָרשלאַג צו אָרגאַניזירען פֿאַר אייך פֿערזאַמ-לונגען. איך פֿון מיין זייט בין גרייט אין קורצען צו מאַכען אַ טור איבער ברעטאַין. אָפּטמאָל האָט איהר מיר געזאָגט, ווי גליקליך איהר וואָלט געווען, ווען איהר קענט געהן ריידען צו די איינוואוינער פֿון אַרמאָר (אַ געגענד אין ברעטאַין). פֿילייכט וואָלט מעגליך געווען, אַז דאַן ווען אייערע פֿאָרטרעגע

וועלען זיך ענדיגען, זאָלען מיר זיך צוזאַמענטרעפען, אום צוזאַמען אַרומפּאָה-רען איבער ברעטאַן, וואו מיר וועלען ריידען פון רעוואָלוציאָן און אַנאַרכיע?

„אין דער האָפנונג צו הערען פון אייך

„אייער איבערגעבענער קאַמעראַד,

„ע. זשיראל.״

דעם 10-טען אויגוסט האָט מיר לואיזע געענטפערט:

„מיין טהייערער זשיראל!

„נו פערשטעהט זיך, אז עס איז בעסער, מיר זאָלען זיך פעראייניגען פאַר דעם אַגיטאַציאָנס-טור, איידער יעדער פון אונז זאָל געהן אין זיין זייט. טהוט אַלזאָ וואָס איהר קענט; אָרגאַניזירט ווי איהר פערשטעהט. איך האָב צוטרוי צו אייך. לאָזט מיר בלויז וויסען דעם טאָג און די שטונדע, וואו מיר וועלען זיך טרעפען, און רעכענט אויף מיר.

„מיט פריינדשאַפט,

„לואיזע מישעל.״

אין פּיפּצעהן טעג אַרום האָבען מיר זיך צוזאַמענגעטראָפען אין קאָמפּיען; אינזער אָנפאַנג איז געווען אַ גליקליכער, און פון דעם דאָזיגען טאָג אָן האָט לואיזע מישעל געהאַט פאַר זיך דורכצופיהרען דעם פאַנטאַסטישסטען, ריה-רענדסטען און פאָלשטענדיגסטען אַגיטאַציאָנס-טור פון איהר גאַנצען לע-בען.

אין געוויסע שטעדט האָט זי די מאַסע אויפגענומען מיט בעגייסטערונג פון דער מינוט אָן וואָס מיר זיינען נור אַהין אָנגעקימען. פון אַלע זייטען האָט מען געשריען: „לעבען זאָל לואיזע מישעל!״ זי האָט זיך געלאָזט הינרייסען פון די בראַווע לייט, וועלכע האָבען איהר אויף אַזאַ'ן אופן אַרויסגעצייגט זייער סימפּאַטהיע, אין זי האָט זיך ניט אויפגעהערט צו בעטען ביי זיי ניט צו שרייען „לעבען זאָל לואיזע מישעל!״ נאָר „ס'לעבע דער גענעראַל-סטרייק!״

דערפאַר אָבער האָט מען אונז אָפטמאָל אויפגענומען גאָר אויף אַן אַנ-דער מין „וואַרעמען״ אופן. איין אָוועגד אין דער שטאָט וועינאָן, ווען מיר זיינען צוגעפאָהרען צום טהעאַטער, וואו אונזער פערזאַמלונג איז געווען, האָבען אונז הונדערטער און הונדערטער אויפגערייצטע לייט בעגעגענט מיט ווילדע געשרייען, מיט אַ פייפעריי, מיט אַ שפייעניש און מיט שטיינער זאָגאַר. דער המון האָט זיך געסטאַרעט איבערקעהרען אונזער וואָגען; דאָס איז ניט געלונגען, נאָר אַלע שויבען זיינען אויסגעבראָכען געוואָרען. אין דער צייט וואָס איך האָב געפּראָוועט אַזוי גוט ווי איך האָב נור געקענט זיך שטעלען אַנטקעגען די אָנגרייפער אינזערע, האָט זיך לואיזע, רוהיג און מיט אַ שמי-

כעל אויף די ליפען, געווענדעט צו זיי און געזאָגט: „נו, נו, קאַמעראַדען, זייט פּערנינפטיג; לאָזט אונז פֿאָהרען צו דער פּערזאַמלונג; איהר וועט האָבען דאָס וואָרט אונז צו ענטפּערן און צו ווידערלייגען דאָס וואָס מיר וועלען זאָגען."

אין דער שטאָדט רען האָט פּאַסירט דאָס, וואָס איך האָב דערצעהלט אַביסעל העכער; דאָרט האָבען מיר ווידער געהאַט אַ בעגייסטערטע אויפ-נאַהמע. אין סען-בריעק איז אונמעגליך געווען אַרונטערצוגעהן פֿון באַהן: די גאַנצע געגענד איז געווען אין אַ צושטאַנד פֿון רעוואָלוציאָן, און די ראָ-יאַליסטען האָבען מיט וואַפֿען אין די הענד געצוואונגען די האָטעלען צו פֿערמאַכען זייערע טהירען, כדי מיר זאָלען אין ערגעץ ניט קענען אַריינ-פֿאָהרען.

נאָר אין דער שטאָדט לאָריאַן האָט זיך די לאַגע נאָך מעהר קאָמפּלי-צירט. די רעגירונג האָט זיך דערשראָקען פֿאַר דער אויפרעגונג, וואָס די אָנוועזענהייט פֿון דער בעריהמטער אַגיטאַטאָרקע האָט אַרויסגערופֿען אין לאַנד, און זי האָט ערקלעהרט די שטאָדט אונטער בעלאַגערונגס-צושטאַנד. צעהן טויזענד סאָלדאַטען זיינען צונויפגעבראַכט געוואָרען אַהין. די בעלי בתים פֿון די זאַאַלען האָבען, אויף בעפֿעהל פֿון דער פּאָליציי, זיך ענטזאַגט אונז צו פֿערדינגען זייערע לאָקאַלען פֿאַר אונזערע פֿערזאַמלונגען; מען האָט אונז גאַנץ איינפֿאַך געוואָלט אונמעגליך מאַכען צו ריידען.

אַ טהייל פֿון דער אַרבייטער-בעפֿעלקערונג, וועלכע איז אויפגעבראַכט געוואָרען דורך דער דעספּאָטישער האַנדלונג פֿון דער רעגירונג, האָט גע-סטראַיקעט צו עפֿענען די לאָקאַלען מיט געוואַלט. דאָס איז געווען גענוג אַראָבצופֿיהרען פֿון זינען דעם קלענסטען און פֿערריקטעסטען פֿון אונזערע פּראָנצויזישע אַדמיראַלען; ער האָט אַרויסגערופֿען די אַרטילעריע, און דיזער „העלד" האָט זיך צוגעגרייט צו ענטפֿערן מיט קאַנאָנען אויף אונזערע רע-דעס!...

דערנאָך זיינען געקומען די שטעדט נאַנט, אַנזשער, לימאָזש, אָרלעאַן, מיט אונבעשרייבליכע אָוואַציעס. אין סען זשוניען, האָבען די האַנדשוה-אַרבייטער אויפגעהויבען לואיזע'ן אויף די שולטערן, און זי האָט געפֿיהלט די „זיסקייט" און די פֿרייד פֿון טריאומף.

אָט אַזוי איז אונז בעשעהרט געווען צו זעהן מיט אונזערע אייגענע אויגען די מערקווירדיגקייטען און די אינקאָנסעקווענצען פֿון דער מאַסע, וועלכע איז געווען באַלד פֿריינדליך, באַלד פֿיינדליך צו אונז. דער ווילדער צאָרן און די טיעפֿע פֿרייד האָבען אונז בעגעגענט איינס נאָך'ס אַנדערע; די הורראַה-געשרייען און די ערגסטע שימפּפווערטער האָבען זיך נעהאַלטען אין איין בייטען פֿון איין שטאָדט צו דער אַנדערער, צייגענדיג, ווי ניט שטאַנדהאַפטיג, ווי ווייניג בערעכענט עס איז דער גייסטעס-צושטאַנד פֿון אַ קלאַס, וואָס האַלט כלומר'שט אין אויפוואַכען, די מיינונג פֿון אַ פֿאָלק, וואָס

איז פֿעראייניגט אויף איין פּאָטערלאַנד, די פֿערנונפֿט פֿון אַ וועלט, וואָס איז, דוכט זיך, אַרויסגעקומען פֿון אַ רעוואָלוציאָן. אין אַ שטח פֿון צוואַנציג קילאָמעטער, האָט אונז דער המון אי נאָכגעיאָגט מיט ווילדע, צאָרנדיגע קולות, אי בעגריסט מיט פֿרייד... לואיזע איז געווען אויסער זיך; די אַגי-טאַציע, ווי זי איז ניט געווען, האָט איהר פֿערשאַפֿט פֿערגניגען, זי גליקליך געמאַכט און אונגעהייער פֿערשטאַרקט איהר ענטהוזיאַזם. „ס׳געהט שווערליך,“ פֿלעגט זי מיר זאָגען יעדען אין דערפֿריה. „נאָר איך גלויב, אַז דער גרוי-סער סטרייק איז נאָהענט!“ ביי די דאָזיגע ווערטער פֿלעגען זיך איהרע גרויסע אויסדרוקספֿולע און זיסע אויגען אויף אַן אונגלויבליכען אופן אָנצינ-דען. איהר געזיכט פֿלעגט נעהמען לויכטען, און אין די בעוועגונגען פֿון איהר פֿיזיאָגנאָמיע האָט מען געקענט זעהן אַן אונבעשרייבליכען אויסדרוק פֿון גלויבען און פֿון רעוואָלוציאָנערן פֿאַנאַטיזם. צונויפֿלייגענדיג איהרע הענד און אַריינקוקענדיג יענעם אין די אויגען, פֿלעגט זי אַריינפֿאַלען אין אַן אמת׳ן עקסטאַז ביי דעם געדאַנק, אַז מען וועט גאָר אין גיכען קענען איבערקעהרען די אַלטע וועלט...

איהר פֿרייד איז געווען אַזוי גרויס, נאָך אונזער אגיטאַציאָנס טור אין ברעטאַין, אַז זי האָט מיך געבעטען, איך זאָל אָרגאַניזירען אַ צווייטען טור. „איך וועל זיך שוין אַצונד ניט אָבשטעלען... איך וועל געהן ביז׳ן סאַמע סוף, ביז׳ן טאָג פֿון דעם לעצטען סטרייק, וועלכער וועט בעפֿרייען די וועלט!“

מיר האָבען אַלזאָ אַ צווייטען מאָל אָנגעהויבען אויסמעסטען גאַנץ פֿראַנק-רייך. לואיזע האָט געפֿאָדערט, אַז דיזער טור זאָל זיין וואָס לייגגער; אַז די פֿערזאַמלונגען זאָלען אָבגעהאַלטען ווערן טאָג פֿאַר טאָג; אַז די אַגיטאַציאָן זאָל אָנגעהן כסדר, אָהן אַן אויפֿהער. „איך וויל נאָך אַמאָל אויפֿהויבען די מאַסען, איידער איך „קראַפּיר“, האָט זי מיר געזאָגט, בעת איך האָב איהר פֿערלאָזען, אום צו אָרגאַניזירען דיזען נייעם אַגיטאַציאָנס-טור.

דאָס מאָל אָבער האָט זי זיך אָבגענאַרט אין איהרע כוחות... אָדער האָט זי אפשר געפֿיהלט, אַז זי געהט אַוועק פֿון דער וועלט, און זי האָט ווירקליך געוואָלט פֿאַלען אויף׳ן קאַמפּפֿס פּלאַץ, ענדיגען איהר לעבען אויף אַ פּאַר-טראַג, נאָך אַ גוטע „דערהיצונג“ אויף דער ביהנע און אַ פּלעצליכע פֿער-קיהלונג אין גאַס?

דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך גאַנץ גוט פֿערשטאַנען, אַז אָט דער לעצטער בעשלוס איהרער איז געווען פֿעסט און אַז מיר וועלען גאָר ניט קענען טהאָן געגען דעם. ס׳איז אונמעגליך געווען זי איבערצורייידען: זי וועט געהן, זי וועט געהן פֿאָרווערטס און פֿאָרווערטס, ניט קוקענדיג אויף קיין זאַך, אַליין, אייב זי וועט קיין אַנדער ברירה ניט האָבען. די רעוואָלוציאָן, דער גרויסער סטרייק זיינען פֿאַר איהר געווען נאָהענט; זי האָט זיך זיי איבער-געגעבען, זי האָט זיי אָנגעהערט מיט איהר גאַנצען לעבען: זי וועט ניט פֿערפֿעהלען איהר ציעל. אַזוי איז זי געגאַנגען פֿאָראויס, אַלס פּראָפּעטין פֿון

דער אַנאַרכיע, דורכמאַרשירענדיג דאָס לאַנד, ווי דער לעבעדיגער טימבאָל, די אָנזאָגערין פֿון אַ צוקונפֿט פֿון גערעכטיגקייט און פֿון גוטסקייט.

אָט אין פֿערלויף פֿון דיזער אַגיטאַציאָנס רייזע האָב איך זיך ערשט גע קענט אָבגעבען רעכנונג, וואָס פֿאַר אַ מאַסע ענערגיע, וואָס פֿאַר אַ קראַפֿט און וויפֿיעל אויפֿאָפּפֿערונג עס איז געלעגען אין דעם דאָזיגען פֿרויע,-אָרגאַ-ניזם. דעם אמת זאָגענדיג, איז שוין לואיזע, פֿערלאָזענדיג לאָנדאָן, געווען אָנגעגריפֿען פֿון אַ בראָנכיטיס, נאָר זי האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג, זיך געשטאַרקט און גע׳טענה׳ט, אַז זי פֿיהלט זיך גאַנץ גוט. דאָך, די וואָס האָבען זי געקענט, האָבען בעמערקט מיט וואָס פֿאַר איבערנאַטירליכע כוח ת זי האָט געקעמפפֿט געגען דער קראַנקהייט און געגען איהר אייגענעם אונ-טערגאַנג. ערשט אין דער שטאָדט טראָי, ווען זי האָט איינפֿאַך ניט געקענט אַ טראָט טהאָן מיט אַ פֿוס און זיך געמוזט אַריינלייגען אין בעט — האָט זי זיך אונטערגעגעבען.

מיר — איהר פֿריינדין שאַרלאָט און איך — האָבען אַלוא בעשלאָסען ניט צו פֿאָהרען ווייטער, און כדי איהר צו איבערצייגען אין מיין פֿעסטען בעשלוס, בין איך אַריינגעפֿאָהרען צוריק קיין פּאַריז. אין אכט טאָג אַרום האָב איך ערהאַלטען פֿון איהר אַ בריעף, אין וועלכען זי האָט מיר געשריבען, אַז אַזוי ווי זי איז שוין „פֿאָלשטענדיג אויסגעהיילט", איז זי אַריבערגעפֿאָהרען אין ווילפֿראַנש, און אַז איך בין פֿריי צו טהאָן וואָס איך וויל: מיטקומען מיט איהר אָדער בלייבען וואו איך בין... וואָס טהאָן? האָב איך זי געזאָלט לאָזען געהן אַליין? דאָס וואָלט זיכער געווען אַ שלעכטע טהאַט. איך האָב אַלוא געמוזט, אָדער גאָכפֿאָהרען לואיזע׳ן, אום אַכטונג צו געבען אויף איהר, אָדער ריזיקירען פֿערלוימדעט צו ווערן פֿון די „גיטע קאַמעראַדען", וועלכע וועלען אַודאי מאַכען אַ געוואַלד, אַז מען האָט זי אַרומגעיאָגט געגען איהר ווילען און ביז איהר לעצטען אָטהעם צוג. איך האָב בעסער אויסגעקליבען די פֿערלוימדונג, און פון דאַן אָן האָב איך ניט אָבגעלאָזט מיין אַלטע פֿריינ-דין אייף אַ טריט.



ביז דער שטאָדט טולאָן, וואו די געפֿעהרליכע לונגען-ענטצינדונג האָט זי אַנידערגעלייגט, האָט זי זיך אויף אַן ערשטוינענדען אופן געהאַלטען פֿעסט. אַ מערקווירדיגע ערשיינונג איז געווען דאָס, וואָס איהר רעדענס-קראַפֿט איז מיט אַמאָל גרעסער און שטאַרקער געוואָרען; ס׳איז עפּעס געווען אין איהר אַזוי ווי אַ לעצטער און מעכטיגער שטויס פֿון לעבען, וואו די יוגענד האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם מיסטיציזם אין די טרוימעריי; איהר שפראַך איז געוואָרען לאַסטשענד און פֿערוויגענד. אין איהר פֿאַנטאַזיע האָט זי געזעהן גאַנץ נאָהענט פֿאַר זיך אַ שטאָדט, אַ גאַנצע וועלט, וואו די מענ-שען, לעבענדיג גליקליך, אין ליעבע און אין פֿרייהייט, וועלען זיך ברידער-ליך געבען די הענד, אום צו געהן צוזאַמען צו דער לעצטער ערָאָבערונג פֿון

דער ערד, וועלכע איז נאָך ניט מילד געגוג, און פון די נאַטור-קרעפטען, וועלכע זיינען אָפּט אַזוי גרויזאַם.

„די צייט איז נאָהענט, ווען די מאַסען וועלען דערקענען זייער מאַכט און וועלען ענדליך אָבנעהמען די ערד. די מענשהייט וועט ניט געהן צוריק; פּונקט ווי מען קען ניט מאַכען דאָס ווערימעל זאָל זיך אומקעהרען צוריק צו דעם צושטאַנד פון אַ שמעטערלינג, אַזוי קען מען ניט צווינגען דעם מענשען פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט זיך אומקעהרען צוריק אין די הייהלען. מיר לעבען שוין ניט מעהר אין דער פאָר-היסטאָרישער צייט, ווען די מענשען פון איין שבט האָבען געהרג'עט זייערע פיינדע, אום זיך צו ערנעהרען פון זייער בלוט; מיר געפינען זיך אין אַ צייט, ווען די וויסענשאַפט וועט ערלייזען אַלע מענשליכע ברואים אין איבערהויפט די אונגליקליכע. איך, איך זעה ווי ער קומט, דער גרויסער סטרייק, וועלכער וועט געבען יעדען מענשען זיין אַר-בייטס-אינסטרומענט אין וועט איהם ערלויבען צו געבען זיינע קינדערלאַך אַ געהעריגע געהענהאַפּטע, ברייטע אין שטאַלצע ערציהונג. די רעגירונגען זיינען אונ-מעכטיג: דער שטאַט שטאַרבט אָב, די פּאָליטיק גוסס'עט, די נייע וועלט קומט אָן, דורך דער רעוואָלוציאָן! זאָל זי קומען מיט גליק, די אַלטע וועלט האָט געגוג אָנגעהאַלטען!"

דאָס דאָזיגע שלום-וואָרט האָט אימער אַרויסגערופען אַן אונבעשרייבליכע בעגייסטערונג ביי די פּערזאַמעלטע. עס האָט אָנגעצינדען די קאַלטעסטע, די גלייכגילטיגסטע, אין עס האָט בערוהיגט די ווילדעסטע רעאַקציאָנערן.

אין מערקווירדיג, אין טולאָן גופא, דעם זעלבען טאָג, וואָס זי האָט זיך אַנידערגעלייגט אין בעט, אים דורכצוטראָגען איהר לאַנגע און שמערצליכע לונגען-ענטצינדונג, האָט זי נאָך געהאַט קוראַזש אַרויסצורייידען דיזע ווערטער אין דער לעצטער אָנשטריינגונג איהרער. דאַן האָט זי זיך אָבגעשטעלט אַ ווייל, אום אָבצוכאַפּען דעם אָטהעם, און פאַר דריי טויזענד אַרבייטער, וועלכע האָבען איהר אַפּלאָדירט מיט אַן אונבעשרייבליכער בעגייסטערונג, האָט זי געזאָגט: „ענטשולדיגט מיר, קאַמעראַדען, איך בין עפּעס ניט געזונד, די אינפלוענצאַ האָט מיך געפּאַקט; ערלויבט מיר אַוועקצוגעהן פון דאַנען, אום צו טויטען די אינפלוענצאַ, ערוואַרטענדיג דעם טאָג, ווען מען וועט אַוועקיהרג'ענען די אַלטע בורזשואַזע געזעלשאַפט."

דאָך איז דאָס געווען אַביסעל טרויעריג, יענעם טאָג, ווען זי האָט פּער-לאָזען די טריבונע, כאָטש זי האָט זי פּערלאָזען מיט אַ זיסען שמייכעל פון צוטרוי אויף די ליפּען

אין אַ שטינדע אַרום איז די גוטע לואיזע אַריינגעפאַלען אין אַ מורא'די-גען פּיבער אין האָט זיך ארומגעוואָרפען אונטער די שרעקליכסטע קאָשמאַרען. דער דאָקטאָר בערטהאָלע, וועמען מען האָט גלייך געבראַכט צו איהר, האָט אונז גאַנץ דייטליך ערקלעהרט, אַז דאָס איז דער סוף, אַז די טויטענדע לונגען ענטצינדונג וועט געדויערן זיבען אָדער אַכט טעג, נאָר אויף'ן נייגטען

טאָג וועט מעהר ניט זיין קיין לואיזע מישעל. „דאָך", האָט ער זיך ענדליך אָבגערופען, „פאַרהאַן אָרגאַניזמען, וועלכע בעזיעגען די וויסענשאַפט; אַפּט־מאָל קומען פאָר אזעלכע ערשיינונגען, וועלכע מיר בעגרייפען ניט פאָלשטענ־דיג, און מענשען, וועמען מיר פעראורטהיילען, אַזוי צו זאָגען, צום טויט, דרעהען זיך אויס און בלייבען לעבען. ווער ווייס? לואיזע האָט אַ שטאַרקען מארך; פערלירט אַלזאָ ניט קיין מוטה אין טהוט וואָס איהר קענט פאַר אייער פריינדין."

דעם זעקסטען טאָג איז געקומען אַ צושטאַנד פון גסיסה: אַ גסיסה, וואָס האָט קיין אַנדער אויסזעהן ניט אָנגעדייטעט נאָר דעם טויט. אָבער וואָס פאַר אַ גסיסה איז דאָס אַביסעל געווען: אַן אינגלויבליכער ווידערשטאַנד, אַ געוואַלדיגער קאַמפף פון די נערווען געגען דער מאוים'דיגער קראַנקהייט, וועלכע האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר פערשטאַרקט. מיט פערצווייפלונג האָט זיך לואיזע אָנגעהאַלטען אָן לעבען, ניט דערפאַר ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר'ן טויט, נאָר מחמת דעם וואָס איהר האָט זיך געדוכט, אַז איהר לעבענס־אַרבייט איז נאָך ניט געענדיגט.

„איך וויל נאָך ניט שטאַרבען,—האָט זי גע'טענה'ט—ווייל איך ווייס אַז דער גרויסער סטרייק וועט באַלד קומען און איך וויל נעהמען אַנ־טהייל אין איהם. און אויסער דעם האָט מען מיר פאָראויסגעזאָגט—און איך גלויב עס — אַז איך וועל שטאַרבען אויף אַן אינגעהייער גרויס פעלד, וואו מען וועט קעמפפען אויף טויט און אויף לעבען."

אַזוי ווי איך בין געווען געצוואונגען אָבצופאָהרען קיין אַלזשיר, וואו מ'ס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אייניגע פערזאַמלונגען, האָב איך זי איבער־געלאָזט, זיך ראַנגלענדיג מיט'ן טויט. ביים געזעגענען האָט זי מיך אומאַרמט, און גאַנץ ביים זינען, האָט זי נאָך געהאַט גענוג קראַפט מיר צו זאָגען: „אין אַכט טאָג צייט וועל איך זיין געזונד. זאָל מען מיך דאָרט ערוואַרטען!"

פיפצעהן טעג, פיפצעהן לאַנגע טעג האָט זי זיך געראַנגעלט מיט'ן טויט, צוזאַמענגעהמענדיג אַלע איהרע כוחות צו קענען אַרויסשפייען פון זיך די טויטענדע מיקראָבען, וואָרים דערפון איז אָבגעהאַנגען אַ טהייל פון איהר רעטונג. בעשאָנקען פון דער נאַטור מיט אַן אייגענשאַפט פון איבערנאַטיר־ליכען ווידערשטאַנד, האָט זי ביסלאַכווייז אַרויסגעשפיגען דעם גיפטיגען באַציל. מיט שרעקליכע שמערצען, נאָר געדולדיג, מיט דעם גלויבען אין דער זיכערהייט, אַז זי וועט נאָך בלייבען לעבען אויף אַ שטיקעל צייט—האָט זי איהם אויסגעבראָכען. דער קאַמפף איז געווען ביטער, שרעקליך און פערצווייפעלט, נאָר געענדיגט האָט ער זיך מיט אַ זיעג פאַר דער גוטער לואיזע.

אַז זי האָט זיך אויסגעדרעהט פון טויט אין איז געזונד געוואָרען, האָט מען דאָך געקענט דיינקען, אַז די פראָפּאַגאַנדיסטין וועט זיך ענדליך אָב־שטעלען אויף אַן אָרט, אַז זי וועט ענדליך געניסען אַביסעל רוה, וואָס זי

האָט כשר פֿערדינט, אַז איהרע אַלטע יאָהרען וועלען פֿון איצט אָן פֿערלויפֿען אין רוהע, צוקוקענדיג ווי אַנדערע זיינען טהעטיג. מען האָט גאָר ניט געקענט טראַכטען דערפֿון, אַז זי וועט נאָך ווען עס איז אַרויף אויף אַ טריבונע; די פֿריינדשאַפֿט, די אַכטונג אין דער רעספּעקט, וואָס איהרע פֿריינד—און זיי זיינען געוועזען צאָהלרייך—האָבען איהר אַרויסגעצייגט, וואָלטען דאָך געקענט פֿערזיסען די לעצטע פּאָר יאָהר פֿון איהר לעבען.

אָבער זי האָט ניט אָנגעהויבען טראַכטען דערפֿון. ס'איז דען מעגליך געווען פֿאַר איהר צו ווערן שטיל און רוהיג? האָט זי דען געקענט, דערפֿאַר וואָס זי איז אַלט, זיך אַנידערזעצען און זיך רוהיג צוקוקען צו די אַלע פּאסירונגען, וועלכע האָבען, נאָך איהר אויסרעכנונג נאָך, געמוזט אָנגעהמען, אַ העראָישע ווענדונג? ניין! מעהר ווי אימער האָט זי זיך איצט געניטיגט אין טהעטיגקייט, אין בעוועגונג, אין דעם טומעלדיגען טעגליכען קאַמפּף, אין דער רייצענדער און אויפֿרעגענדער בעריהרונג מיט דער ענטוהזיאַסטישער און מורמלענדער מאַסע...

אַזוי ווי איך האָב געגלויבט, אַז זי געפֿינט זיך רוהיג ערגעץ-וואו אין אַ ווילאַ אַרום טיראָן, זיך ערהוילענדיג פֿון איהר מורא'דיגער קראַנקהייט, וואָס פֿאַר אַן איבערראַשונג איז דאָס געוועזען פֿאַר מיר, ווען איך האָב איין פֿריה מאָרגען ערהאַלטען פֿון איהר אַ קליין בריוועלע, וואו זי האָט מיר מיטגעטהיילט, אַז זי געפֿינט זיך אין דעם „האָטעל קראָנשטאַדט" אין פּאַריז, און זי האָט מיך געבעטען, איך זאָל גלייך קומען זיך זעהן מיט איהר.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען ווי נשתומם מיר זיינען אַלע געוואָרען, דערהערענדיג דיזע נייעס! וואָס, לואיזע מישעל אין פּאַריז! ס'איז דאָך נאָך קיין צוויי וואָכען ניט, אַז זי האָט זיך אויפֿגעהויבען פֿון דיזער געפֿעהרליכער קראַנקהייט! אין פֿון וואָס פֿאַר אַ קראַנקהייט! אין מיטען דערינען איז זי גאָר דאָ, נאָך אַן ערמיעדענדע רייזע פֿון איבער טויזענד קילאָמעטר! ס'איז געוועזען אונגלויבליך, און מיר האָבען גאָרניט געקענט פֿערשטעהן פֿון וואָס פֿאַר אַ מאַטעריאַל זי איז צוזאַמענגעשטעלט!

און אונזער איבערראַשונג האָט זיך נאָך פֿערדאָפּעלט, ווען זי האָט אונז מיטגעטהיילט, אַז זי איז פֿעסט ענטשלאָסען צו אונטערנעהמען אַ נייעם אַגיטאַציאָנס טור. פֿערשטעהט זיך, אַז קיינער האָט ניט געוואָלט וויסען דערפֿון. מילא, האָט זי זיך גענומען קאָכען, איז אויפֿגעבראַכט געוואָרען געגען אונז, דערנאָך איז זי זאָגאַר געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט זיך, מיט טרעהרען אין די אויגען, גענומען בעטען ביי אינז; מיר זאָלען זיך, האָט זי געזאָגט, וויניגסטענס לאָזען איבעררייידען דורך דעם פֿאַקט, אַז זי געפֿינט זיך אין נויטה, מען וועט דאָך ניט זיין אַזוי שלעכט געגען איהר, זי צו לאָזען שטאַרבען פֿין הינגער.

„מיינע הינטעלאַך און קעצעלאַך און איך", האָט זי געזאָגט, „נייטיגען

זיך אין געלד; איך בעט אייך, זשיראָל, קוקט ניט דערויף וואָס די ש־עבּ־ע וועלען קענען זאָגען, און העלפּט מיר זיך ארויסדרעהען פון אַ צרה."

איך האָב געוואוסט, אַז לואיזע האָט ווירקליך קיין סו ניט ביי זיך. אַ סובסקריפּציאָן, וואָס מען האָט געמאַכט פאַר איהר, האָט איינגעבראַכט און־געפעהר 800 פראַנק. עס וואָלט איהר גאַנץ גוט צו נייִן געקומען אויף מאָר־גען נאָך איהר קראַנקהייט. האָט אָבער ראָשפאָר זיך אָנגעבאָטען צו דעקען אַ טהייל פון די קאָסטען, וואָס די קראנקהייט האָט בעטראָפען, און לואיזע האָט מעהר ניט געדאַרפט: זי האָט גלייך צוטהיילט אַלעס, וואָס זי האָט געהאַט, צו סטרייקער און קאַמעראַ־ען, וועלכע האָבען זיך געפינען אין אַ נויטה.

איך האָב זיך אַלזאָ נאָך אַמאָל געלאָזט איבעררעדען און ניט געקענט ענטזאָגען לואיזע׳ן צו אַראַנזשירען פאַר איהר איניגע פערזאַמלונגען.

די ערשטע פערזאַמלונג נאָך איהר קראַנקהייט איז געווען: דעם 20טען מאַי 1904 אין דעם פאַריזער זאַאַל „האָטעל דע סאָס־עטע סאַוואַנט". דער אינהאַלט פון׳ם פאָרטראַג, וואָס זי האָט דאַן געהאַלטען, זוייזט אַרויס גאַנץ דייטליך לואיזע מישעל׳ס איינדרוקספולען כאַראַקטער און איהר עקסטרעמע געפיהלפולקייט. זי האָט זיך אויסגעקליבען אַ מערקווירדיגע טהעמאַ: „ביי די טהירען פון טויט". איך האַלט פאַר נייטיג איבערציגעבען דאָ איהר גאַנ־צען פאָרטראַג, אַזוי דורכדרונגען איז ער מיט די אייגענשאַפטען פון איהר גוט האַרץ און אין דערזעלבער צייט מיט אַ וואונדערבאַרער אידעאָלאָגישער איבערלעגענהייט.

## ביי די טהירען פון טויט.

עס קען מעגליך זיין, אַז יעדעס וועזען לעבט דורך ביי די טהירען פון טויט, אַזוי ווי אין אַלע פאַזען פון זיין לעבען, געוויסע סענזאַציאָנען אין שייכות מיט זיין אייגענעם איך. נאָר קיין אַלגעמיינעם שלום קען מען דער־פון ניט ציהען, איך קען בלויז ריידען פון די סענזאַציאָנען, וועלכע איך האָב דורכגעלעבט. אָט זיינען זיי:

באַלד אין אָנפאַנג, ווען מיר האָבען זיך אַרויסגעלאָזט אויף אונזער אַגיטאַציאָנס טור, האָב איך אַ־ין געגלויבט, אַז מיין ווילען וועט בעזיעגען די אינפלוענצאַ, וועלכע איך האָב אָנגעקראָגען אין אַ שטאָדט אין נאָרד־פראַנק־רייך, וואו מיר האָבען געהאַט אַ מוראדיגען שנעע־שטורם.

מיר—זשיראָל און איך—האָבען אָנגעהאַלטען יעדען אָוועגד אַ פערזאַמ־לונג. ער האָט גערעדט איבער דער טהעמאַ: „צו דער בעסערער שטאָדט" און איך איבער „עקספּראָפּריאַציאָן". איך האָב געלייגט זעהר פיעל האָפנונג אויף דעם דאָזיגען אַגיטאַציאָנס טור און איך בין געווען זיכער, אַז ער וועט מאַכען אַ בעדייטענדע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר אונזערע אידעען. אונזער רייזע־פּלאַן איז געווען זעהר אַ ברייטער און האָט אַריינגענומען אין זיך, אַחוץ פראַנקרייך, אויך אַלזשיר.

אין דער שטאָדט טראָי בין איך דאָס ערשטע מאָל קראַנק געוואָרען אויף אַ לייכטע לינגען-ענטצינדונג. דאָס איז גיך אַריבער, נאָר דער דאָקטאָר האָט מיר אויף קיין פאַל ניט געוואָלט ערלויבען צו פאָהרען האַלטען מיין פאָר-טראג אין שאָמאָן: די קאַמעראַדען זיינען געזעצן אויף געזעצן מיט דערזעלבער מיי-נונג וואָס דער דאָקטאָר, האָב איך נאָכגעגעבען.

איך פערזענליך האָב געדיינקט, אַז דאָס פּעריגנגען וואָס איך וואָלט געהאָט, זיך געפינענדיג צוריק אין שאָמאָן, וויאזוי איך האָב שטודירט, די איינציגע שטאָדט, אַהין פאריז, וואָס איך האָב געזעהן איידער איך האָב געמאַכט מיין ערשטע לאַנגע רייזע קיין ניי-קאַלעדאָניען, און וואו מען האָט מיך עריאַרט מיט אַזויפיעל ליעבע,—אַז דאָס דאָזיגע פּערגניגען וואָלט גע-וועז איהם שטאַנד מיך אין גאַנצען געזונד צו מאַכען. דורך דעם וואָס מיין ווילען איז אונטערדריקט געוואָרען, האָב איך זיך געפיהלט אַסך שוואַכער צו קענען פאָרטזעצען מיין רייזע.

נאַכדעם ווי מיר האָבען פערבראַכט נאָך אַכט טאָג אין טראָי, האָבען זיך איבעריגע פערזאַמלונגען ווידער אָנגעפאַנגען. פאַר דער צייט האָט ושׂראָל עטליכע מאָל געמוזט ריידען אַליין.

נאָך איינס אָדער צוויי מאָל האָט מיך די קראַנקהייט געפאַקט, אָבער אין דער שטאָדט טילאָן האָב איך געמיינט, אַז איך האָב שוין געזיעגט, און די לעצטע ווערטער פון איינעם פון מיינע רעדען זיינען געוויען, אַז מיר ווייזט אויס, אַז אין דעם קאַמפּף מיט דער קראַנקהייט האָב איך דאָס לעצטע וואָרט.

נאָר איין מאָל, ווען איך האָב גערעדט אין האָטעל טערמינוס. האָט זיך אַרויסגעצייגט דער געגענטהייל. מיין קראַנקהייט, די לונגען-ענטצינדונג, האָט ענדליך אויסגעבראָכען מיט אזאַ'ן ערנסטקייט, אַז איך האָב געפיהלט.·עפּעס אַזוי ווי מיין קערפּער וואָלט געווען אַ שטיק מראַנטע, און מיר האָט זיך געדיכט, אַז איך זעה עס, אַז איך קוק דערויף, פּונקט ווי איך וואָלט געקוקט אויף עפּעס אַנדערש אין דעם צושטאַנד ווערט אַלצדינג מאַטעריאַליזירט. די חושים זיינען מורא'דיג שאַרף, און צו זייער שאַרפקייט קען מען זיי נאָך בענוצען איינעם פאַר'ן אַנדערן. עפּעס האָט זיך מיר אָבגעדוכט, אַז איך קען ליינען דורך מיינע פינגער די דעפּעשען, וואָס מיין יונגע חבר'טע שאַרלאָט האָט געהאַלטען אין איהרע הענד. דאָס איז ניט געווען אונזער אַרט לעזען, נאָר אַן איינפאַכע אימפּרעסיאָן, וואָס אָנבעלאַנגט די דעפּעשען, מיין איך, אַז איך האָב דאַן געטראַכט פון וואַנען און פון וועמען זיי קומען.

איך דער געדאַנק מאַטעריאַליזירט זיך; ער ווערט אַ סימבאָל; די שפּראַך איז פערשוואונדען.

אַז מען האַלט ביי אַזאַ מדרגה, שטעהענדיג ביי דער טהיר פון טויט, האָט מען אַ דאָפּעלטעס געפיהל: אַ זעהר זאַנפטען גליטשען זיך אויף איין און דערזעלבער ליניע, אָקוראַט ווי מען וואָלט נאָכגעפאָלגט דעם וואַסער-

שטריך, און אַ מין פֿינאַנדערגיסען זיך אַזוי ווי די ריחות אָדער די קיליערען; די קליינע צעלען צולאָזען זיך און פֿערשפּרייטען זיך ווייט, ווייט.

דאָס איז די אירעע פֿון דער פֿערקערפּערונג מיט די עלעמענטען פֿון דער נאַטור. ס'איז מיר דאַן אַרויף אויף'ן געראַנק אַן איינדרוק, וואָס איך האָב געהאַט אין ניי-קאַלעדאָניען: אַ מאוים'דיגער שטורם האָט אויסגעבראָכען, דער הימעל און דער ים זיינען געוועזן שוואַרץ, שטראָמען וואַסער האָבען געפּלייצט ווי אָקעאַנען, און איך, זיך אָנגעהאַלטענדיג פֿעסט אָן אַ פֿעלז, האָב אַריינגעקוקט אין דעם דאָזיגען חושך און געפֿיהלט עפּעס אַ מין כּאַגנעט, וואָס ציהט מיך אַהין אין דעם אָבגרונד פֿון ים, וואו עס האָט זיך געהערט דער הייזעריגער ליאַרם פֿון די כוואַליעס, ווי דער געשריי פֿון ווילדע חיות, ווי דאָס צישען פֿון גיפֿטיגע שלאַנגען... איך האָב געפֿיהלט אַזוי ווי יענעם טאָג, און דערזעלבער געדאַנק איז מיר אַרויף אויף'ן זינען, אַז איך מיש זיך אויס מיט די עלעמענטען פֿון דער נאַטור.

אויך אַנדערע עראייגניסע זיינען מיר דאַן געקומען אין זכרון, צווישען זיי דער איינדרוק פֿון אַ שטיקעל מוזיק, וואָס אַן אונבעקאַנטער רוסישער רעוואָלוציאָנער האָט פֿערפֿאַסט און וואָס פֿריינד היאָ פֿלעגט שפּיעלען אויף זיין פּידעל; דערביי האָב איך געפֿיהלט עפּעס אַזוי ווי פֿאַר מיר וואָלט זיך געעפֿענט אַ חושך'דיגער תהום, וואו מען רייסט זיך און מען שטרעקט אין דער פֿינסטער אויס די אָרעמס אַרויסצוקומען... דיזע זכרונות האָבען אין זיך געהאַט מעהר שאַרפֿקייט אידער די ווייטע ווירקליכקייט.

דאַן ווען די לעצטע שטונדע ווערט ערוואַרטעט פֿון יעדען אייגעם·אַרום אייך, ווען מען ליידעט שוין מעהר ניט, אַזוי ווייניג לעבען בלייבט איבער, —דאַן ווערן אַלע חושים צונויפֿגעגאָסען אין איין חוש, וועלכער ענטהאַלט זיי אַלע אין זיך; די צייט איז איין צוזאַמענגעשמאָלצענעס שטיק, וואָס דערשטיקט אייך, די אייביגע פֿערגאַנגענהייט פֿעראייניגט זיך מיט דער געגענוואַרט און די געגענוואַרט האַלט זיך אָן דער צוקונפֿט.

וועגען דעם פֿערלויף פֿון די שטונדען און די טעג, האָב איך ניט געקענט האַלטען קיין שום רעכנונג; די צייט האָט מיר אַמאָל אויסגעוויזען לאַנג ווי די אייביגקייט און אָפֿטמאָל אַזוי קורץ, אַז איך האָב גערעכענט אַכט טאָג אָנשטאָט דריי וואָכען.

זיך געפֿינענדיג אין דעם ערגסטען צושטאַנד, איז דער געדאַנק אַם העכסטען; די גרויסע וועלט שפּרייט זיך אויס פֿאַר אייער גייסטיגען בליק ווי אַ פּאַנאָראַמאַ; די מלחמה זעהט אויס ווי אַ גרויסער פֿלעק פֿון בלוט, און די פֿערשיעדענע עפּאָכען, וואָס קומען איינע נאָך די אַנדערע, ווייזען אויס ווי די בערג-שפּיצען, וועלכע הויבען זיך אויף וואָס ווייטער אַלץ העכער.

די צוויי מענשליכע שטראָמען, וועלכע ציהען זיך איינער צו דער פֿערגאַנגענהייט, דער אַנדערער צו דער צוקונפֿט, געהען זיך זייער וועג אין

שלאָגען זיך אָן איינע אָן די אַנדערע, אַזוי ווי די מוראשקעס, ווען מען צו-גראָבט זייער נעסט. וואָס די איינע שפּאַרען זיך איין און בעגראָבען זיך אינטער די רואינען, בעת ווען די אַנדערע כאַפּען איף גיך זייערע אונענטוויקעלטע קינדערלאַך און לאָזען זיך אַוועק צו אַ נייער שטאָרט.

אָט די אַלע זאַכען קען איך גאָר־ניט אַרויסזאָגען אַזוי קלאָהר און דייט-ליך ווי זיי האָבען ווירקליך אויסגעזעהן; זיי זיינען דאַן געווען גרויס און שעהן: דאָס גאַנצע אונגליק, וואָס נעהמט זיך פון דעם אייביגען עלענד און נייטה. איז מעהר ניט געווען, פריינדשאַפט און סימפּאַטהיע הערשען איבע-ראַל; ס'דוכט זיך עפּעס אַזוי ווי די אונענדליכע ליעבע וואָלט געוואָרען איין איינציג געפיהל און עס נעהמט אייך אין גאַנצען אַרום, עס דרינגט אייך דורך. ס'איז איינע פון די כוחות פון דער צוקונפט. פון דאָרט בין איך דאָס צוריקגעקומען און איך האָב מיטגעבראַכט מיט מיר די אונענדליכע ליעבע.

פּיליכט וועט דער דיר, וואָס ערציהט זיך יעצט און וועלכער וועט זיין דער צוואַנציגסטער יאָהרהונדערט, פערשטעהן אָט די זאַכען; מיר זיינען בלויז די פּיאָנירען פון דער אידעע; די קומענדע מענשהייט, וועלכע וועט האָבען ווינט-קארטען, טעלעסקאָפּען און מיקראָסקאָפּען אָנשטאָט צלמים, און ביי וועמען דער פערדומענדער, פערשלעפערנדער מיסטיציזם וועט זיך ענטוויק-לען אין אַ ליעבע צו דעם אונבעקאַנטען, צו דער קונסט און די ערפינדונ-גען,—זי וועט די אידעע פערווירקליכען...

נאָר די צייט, ווען אַלע וועלען זיין זעלבסטבעוואוסט, איז נאָך אפשר וויט, און דער קאַמפף, אום איהר צו עראָבערן, וועט זיין ביטער און שווער, ווי ביטער און שווער עס איז מיר געווען זיך אומצוקעהרען צוריק צום לעבען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז מיר איז בעסער געוואָרען און איך האָב געפינען די אַלע אויסדריקע פון סימפּאַטהיע, וועלכע מען האָט מיר געצייגט, האָב איך זיך געפרעגט, וואָס איך קען טהאָן, אום זיי צו פערדיענען. פיליכט קען דאָס געשעהן דורך דעם וואָס איך וועל פאָרטזעצען מיין לעבען פון פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר דער אַלגעמיינער עקספּראָפּריאַציאָן, דורך דעם וואָס איך וועל אַרבייטען צו פער-קלענערן די שנאה צווישען די מענשען, נאָכדעם ווי זי האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען אַרום מיר.

* * *

אָט מיט דעם זאָנדערבאַרען גייסטעס-צושטאַנד איז לואיזע געווען גרייט נאָך עטליכע מאָנאַטען צו פערטיידיגען דער וועלט איהרע אידעען. זי האָט אַרויסגעשטעלט דעם רעוואָלוציאָנערן פּרינציפּ פון דער „עקספּראָפּריאַציאָן" אַ גאַנצען מיט איהרע טיעפע אַלטרואיסטישע געפיהלען.

מען וואָלט געקענט גלויבען, אַז זי האָט זיך געמוזט געפינען אין אַן אונבעקוועמען צושטאַנד, צו פריידיגען אין איין צייט אין דעם קלאַסען-קאַמפף אין די ליעבע צווישען אַלע מענשען — זאָגאַר צווישען עקספּלואַטירטע און עקספּלואַטאַטאָרס,—צו לייזען די צווייענדיגע פּראָבלעמע פון דער ברידער-ליכקייט אין דער אויסבייטונג פון איין מענשען דורך'ן אַנדערן... אָבער עס האָט זיך גאָרניט אָנגעהויבען; זי האָט געהאַט אַ רעדענס-אַרט, וועלכע איז געווען צוגעפּאַסט צו זיין הומאַניטער און רעוואָלוציאָנער אין איין און דער-זעלבער צייט, אַ שפּראַך, וועלכע האָט איהר ערלויבט אין איין און דער-זעלבער צייט צו בלייבען אי געוואַלטיג אי גוט. ס'איז קיין צווייפעל ניט, אַז זי איז ווייט געווען דערפון צו האָבען אַ קאַרדינאַל-פּרינציפּ, וואָס זאָל זיין ריין פון אַלע מעגליכע ווידערשפּרעכונגען; נאָר זי פלעגט ריידען דער-פון מיט אַזאַ פייער, אַז די גרויסקייט פון איהר זעעלע האָט אַריינגעבראַכט לאָגיק אין איהר רעדען.

לאָמיר זיך מודה זיין. כדי איהר ווערק זאָל בלייבען ווירקזאַם און דויערהאַפט, וואָלט זי געדאַרפט לעבען צעהן יאָהרהונדערטע. זי איז געשטאָר-בען, און איהר פילאָזאָפיע האָט ניט קיין בעשטאַנד, ווי עס וועט ניט האָבען קיין שום האַפט די פּראָפּאַגאַנדאַ פון די אַפּאָסטלען פון דער „איינציגער גוטסקייט", פון דעם איינצעלנעם „סענטימענטאַליזם". זייער איינפלוס ווערט אין דעם היסטאָרישען מאָמענט בעטראַכט בלויז ווי אַן אויסדרוק פון סימ-פּאַטהיען; דאָס זיינען די גוטע זכרונות פון דער מענשהייט, דאָס איז אַלעס. די קאַלטע פערנונפט, די אונבאַרמהערציגע פאַקטען, די שאַרפע בעאָבאַכטונג זיינען אַנדערע פאַקטאָרען פאַר דער סאָציאַלער אומוואַנדלונג. די גוטסקייט איז אַ קראַפט, אין דעם צווייפעלט קיינער ניט, נאָר ווען זי שטיצט זיך אויף די אָביעקטיווע פאַקטאָרען פון דעם לעבען און היפּטזעכליך ווען זי געפינט אַ פערנינפטיגע און נאָרמאַלע אָנווענדונג. די גוטסקייט אָהן אַ שום גרונד, ניט נעהמענדיג אין אָנבעטראַכט די צווייטע זייט, די איינפערמיגע אַלגעמיינע גוטסקייט איז אַ בעטרוג און אַ בעטרוג, וואָס ברייננגט אָפטמאָל זעהר ביטערע פאָלגען.

*
* *

פערלאָזענדיג לאָנדאָן, אים זיך מיט מיר צונויפצוטרעפען אין פּאַריז, איז לואיזע געווען אין בעסטען געזונד; ס'איז ניט געבליבען קיין שפּור אפילו פון איהר מורא'דיגער קראַנקהייט. ענטהוזיאַסטיש, איהר האַרץ פול מיט יו-גענד, איז זי געלאָפען צו דער טריבונע, וועלכע האָט זי געצויגען, מאַגנע-טיזירט אויף אַן ערשטוינענדען אופן.

אונזער לעצטער אַגיטאַציאָנס-טור פון 1904 איז געווען אַן אונאויפהער-ליכע רייזע איבער פראַנקרייך און אַלזשיר. יעדען אָווענד האָט מען געמוזט אָבהאַלטען אַ פערזאַמלונג, און אויף מאָרגען אין דערפריה שוין ווידער לוי-פען, פליהען אין אַן אַנדער געגענד, אין אַ נייער שטאָדט, וואו די מאַסע

איז געלאָפֿען פֿון אַלע זייטען הערען די גוטע לואיזע, וועמען די קראַנק-הייט האָט נאָך געמאַכט פּאָפּולערער ווי אימער. איך ווייס ניט אויף ריכטיג וויפֿיעל פּאָרטרעטע מיר האָבען געהאַלטען דיזעס מאָל, איבער הונדערט אפשר! אין די „רויטע יונגפֿרוי" איז אימער געווען אויף איהר פּאָסטען, ווידענדיג מיט אַ לעבעדיגער, פֿייערדיגער שפּראַך.

ס׳פֿלעגט פֿונדעסטוועגען טרעפֿען, אַז אין איהרער אַ רעדע האָט גע-פֿעהלט דער צוזאַמענהאַנג, די בעשטימטהייט, די קלאָהרקייט; אָבער זי האָט אימער געוואוסט, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרעהען פֿון׳ם פּלאָנטער, צוריקצוקומען צו דער טהעמאַ, ניט קוקענדיג אויף די לאַנגע און אָפֿטמאָל שטערענדע זייטיגע רייד איהרע; דערפֿאַר אָבער איז איהר שלום-וואָרט שטענדיג געווען גרויסאַרטיג און האָט געמוזט אַרויסרופֿען אַלעמענס בעגייסטערונג.

מען מוז זאָגען, אַז די טהעמאַ, וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבען: „דער אַנטי-מיליטאַריזם אין די רוסישע רעוואָלוציאָן" האָט איהר געגעבען אַ גע-לעגענהייט צו ענטוויקלען די ברייטסטע אידעען, די העכסטע רעדענס-אַרט, די שטאַרקסטע לאָגיק און דעם ריהרענדסטען סענטימענטאַליזם. אין דער ווירק-ליכקייט האָט זיך לואיזע מיט איהר גאַנצער ענערגיע אַריינגעוואָרפֿען אין אַ בעוועגונג, וואָס זי האָט בעטראַכט פֿאַר אונבעדינגט נויטיג און וועלכע האָט ניט געטאָרט אָבגעלייגט ווערן: די בעוועגונג פֿון דער „אַנטימיליטאַריסטישער אינטערנאַציאָנאַלע". דער אַנאַרכיסטישער קאָנגרעס פֿון אַמסטערדאַם, פֿון וואַנען דיזע נייע אַסאָציאַציאָן איז אַרויסגעוואַקסען, האָט איהר בעגייסטערט. זי האָט מיר מידה געווען, אַז זי פֿיהלט זיך ווידער אַזוי קאַמפּפֿס-לוסטיג ווי אַמאָל.

„זעהט איהר, זשיראָל," האָט זי מיר געזאָגט, „מיר וועלען אויפֿטהאָן אייסערגעוועהנליכעס. מיר וועלען אויפֿהויבען די וועלט מיט דער „אינטער-נאַציאָנאַלע". דאָס מאָל איז דאָס די ריכטיגע, איך פֿיהל עס; די „אַנטי-מיליטאַריסטישע אינטערנאַציאָנאַלע", אָט דאָס וועט דאָך איבערקעהרען די אַלטע וועלט!... נון, לאָמיר געהן פֿאָרווערטס, זיך ניט אָבשטעלענדיג אויף איין מאָמענט. מען מוז אָבהאַלטען יעדען טאָג אַ פֿערזאַמלונג ביז דעם קאָנגרעס פֿון אָקספֿאָרד!"

און מיר זיינען געגאַנגען און געגאַנגען, ווי די גוטע לואיזע האָט עס געוואונשען. מיר האָבען ווירקליך אָבגעהאַלטען אַ פֿערזאַמלונג יעדען טאָג, גרינדענדיג יעדען אָווענד סעקציאָנען און סעקציאָנען, צוקריגענדיג טויזענדער אַנהייגנער, פֿערשפּרייטענדיג גאַנצע פּעק מיט בראָשורען...

און די גוטע לואיזע איז געשטאָרבען פֿון דער שווערער אַרבייט! און דער קאָנגרעס פֿון אָקספֿאָרד איז ניט אָבגעהאַלטען געוואָרען! און די וועלט האָט זיך ניט אַ ריהר געטהאָן, און די „אינטערנאַציאָנאַלע" האָט קיין זאַך ניט איבערגעקעהרט! און די סאָציאַליסטען, און זאָגאַר געוויסע אַנאַרכיסטען, זיינען געוואָרען פּאַטריאָטען! אָרעמע לואיזע, דו „האָסט געגלויבט", ניט

אמת? — אָדער פּילייכט האָסט דו בלויז געוואָלט פּראָבירען גלויבען, זיך איינבילדען, כדי ניט צו ליידען אַזוי פיעל פון דער אונפערשעהמטהייט פון איינינע, פון דער פערלוימדונג פון געוויסע אַנדערע און פון דער אָבגעלאָזענקייט פון אַלעמען!

ווי מורא׳דיג וואָלט געווען איהר ענטטױשונג, ווען זי לעבט נאָך א יאָהר, זי, וועלכע האָט אין איהרע רעדען גאַנץ אָפען פּראָקלאַמירט, אַז „די סאָלדאַטען וועלען פון איצט אָן אַלע זיך ענטזאַגען צו שיסען אין אַז זיי וועלען בעזייטיגען די ווילדע גענעראַלען און אָפיצירען, וועלכע וועלען זיי טרייבען אין קריעג"; זי, וואָס זי האָט אָהן אַ שום צוריקהאַלטונג ערקלעהרט, אַז „די קינדער פון ציוואַנציגסטען יאָהרהונדערט דאַרפען מעהר ניט זיין ניט קיין מערדער, ניט קיין ערמאָרדעטע". איהר ענטטוישונג וואָלט געווען גרויס געגוג צו זעהן מיט אַמאָל דעם נייעם פּאַטריאָטיזם פון די סאָציאַליסטען אין די אונערוואַרטעטע „געוויסענסביסע" פון די אַרויפגעאַרבייטע אַנאַרכיסטען, צו דיזער שטוינענדער איבערראַשונג וואָלט זי נאָך געהאַט אַ טיעפען שמערץ צו זעהן די שוואַכע איניציאַטיווע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַנטי-מיליטאַריסטישער אַרבייטער-אַסאָסיאַציאָן, פאַר וועמעס פּראָפּאַגאַנדאַ זי האָט זיך איבערגעגעבען מיט איהר גאַנצער ענערגיע.

ס׳איז אמת, אַז אין דער צייט וואָס מיר שרייבען ווייזט אויס, אַז עס דערוועקט זיך ענדליך דאָך דער האַס פון די פעלקער צום קריעג און צום מיליטאַריזם. פילייכט, און מיר ווינשען עס פון גאַנצען האַרצען, איז דאָס ענדליך דער לעצטער שטורם, וואָס וועט אויסקעהרען אויף אייביג פון אונזער ספערע די אונטערדריקונג, דעם מאָרד און די אינגערעכטיגקייט!

ווי דער שטייגער איז, האָבען זיך אַרום איהר טויטען קערפּער אַרומגעקליבען די, וועלכע האָבען זי אויסגעלאַכט, ווען זי האָט געלעבט, און פיעלע פון די, וועלכע צורייסען זיך איהר לויבענדיג איצט, האָבען אַ קורצע צייט פאַר איהר טויט פערשפּרייט אַלערליי רכילות וועגען איהר. איין מאָנאַט איידער זי איז געשטאָרבען (מיר זיינען דאַן געווען אין מאַרסייל), האָבען איינינע פריינדע אָרגאַניזירט אַן אַנטי-מיליטאַריסטישע פערזאַמלונג. מיר האָבען גערעכענט, אז ווייניגסטענס אַלע מיטגליעדער פון דער אַנטימיליטאַריסטישער סעקציאָן פון מאַרסייל וועלען זיין אָנוועזענד; ניט נור זיינען די „גוטע קאַמעראַדען" פון דער אַנטימיליטאַריסטישער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָסיאַציאָן געבליבען אין דערהיים, נאָר זיי האָבען נאָך אַגיטירט, מען זאָל ניט קומען הערען לואיזע מישעל! מיר זיינען באָיקאָטירט געוואָרען פון די אַנטי מיליטאַריסטען גופא; דער מאָטיוו: גאַנץ איינפאַך די אייפערזוכט פון די גייסטיג-אָרעמע ברואים.

פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ מין האַנדלונג האָט איהר פערשאַפט געניג האַרצווייטאָג; קיין זאַך האָט איהר ניט געערגערט אַזוי פיעל ווי צו זעהן אַ קליינעם עולם אויף איהרע פערזאַמלונגען. נין, עס זיינען בלויז אַריבער עטליכע

שטונדען נאָכדעם ווי זי האָט אַרויסגעהויכט איהר לעצטען אָטהעם צוג, זיינען די „קאַמעראַדען" געקומען צו לויפען, צוטראָגענע, פערטרויערטע; זיי האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום אונז, זיך אָנגעבאָטען צו טהאָן אַלעס מעגליכע; דעם בעסטען קראַנץ, וואָס מען האָט נור געקענט זעהן, האָבען זיי געבראַכט. און ווער זיינען זיי דאָס געוועזען, די דאָזיגע „קאַמעראַדען"? דיזעלבע, וועלכע האָבען ערשט מיט אַ טאָג פריהער אַליין איגנאָרירט און געמאַכט, אַז אַנדערע זאָלען אויך איגנאָרירען די פערזאַמלונגען פון דער גוטער לואיזע.

איבעריגענס, זיינען די לעצטע מאָנאַטען פון דער אַלטער רעוואָלוציאָנערין פון איין זייט געוועזען אַן ערהאַבענער מאַרש צו דער צוקונפט און פון דער אַנדער זייט אַן אמת׳ע מאַרטירעריי. אויב די גרויסע אונבעקאַנטע מאַסע האָט זיך דורכשניטליך געצייגט אַכטונגספול און סימפּאַטיש צו איהר, איז אָבער אַנדערש געווען מיט די גענאָסען. וואָס האָט זי ניט איבערגעטראָגען? וואָס האָט זי זיך ניט אָנגעהערט? ס׳וועט אפשר זיין שווער צו גלויבען, נאָר דאָך איז דאָס ניט קיין גוזמא, אַז אויף קיין מענשליכען וועזען איז מען ניט געווען אַזוי איפערזיכטיג, ווי אויף לואיזע מישעל. דאָס וואָס די פּריסטער פון דעם סאָציאַליזם און פון דער אַנאַרכיע האָבען געטהאָן געגען איהר, איז ווירקליך אונערהערט. אָה, גאַנץ געהיים איז דאָס צוגעגאַנגען! כדי מען זאָל ניט קענען דערטאַפּען די היפּאָקריטען וועלכע האָבען געאַרבייט אין דער פינסטער! אויף יעדען שריט און טריט, אין יעדער שטאָדט האָבען מיר זיך בעגעגענט מיט א נייע רכילות, מיט אַ געמיינער פערלוימדונג; אונפערשעהמטע ווערטער האָבע אָבגעקלונגען אין אינזערע אויערן, איבעראַל האָט מען פערזעעט פערדאַכט, אַ סיסטעמאַטישער באָיקאָט איז אָנגעפיהרט געוואָרען, אַרטיקלען פיל מיט געמיינע אינסינואַציעס זיינען פערעפענטליכט געוואָרען ביי דער מינדעסטער געלעגענהייט אָדער אפילו ווען עס איז גאָר קיין שום געלעגענהייט ניט געווען.

פערשטעהט זיך, אַז די פערלוימדונג איז געקומען פון געוויסע זשורנאַליסטישע ביוראָס אין פּאַריז. איך האָב ביי זיך שרעקליכע בריעף, וועלכע בעווייזען, צו וואָס פאַר אַ מדרגה פון געזונקענהייט געוויסע „געטער" פון׳ם „רעוואָלוציאָניאַריזם" האָבען זיך אַרונטערגעלאָזען. איך וועל זיי קיינמאָל ניט פערעפענטליכען, ווייל איך האָב פערשפּראָכען לואיזע׳ן, אַז איך וועל זיי פערברענען. דאָס זיינען שטראָמען פון שמוץ, וואָס די „עהרליכע קעמפפער", די „אַפּאָסטאָלען פון ליעבע", די „איידעלקייט אַליין" האָבען אויסגעגאָסען אויף דיזע זעלטען גוטע פרוי. אין דער לעצטער צייט האָט זיך די נידערטרעכטיגקייט פונאַנדערגעוואַקסען אויף אַ מורא׳דיגען אופן. אַלע רשעות׳דיגע כאַראַקטערע, אַלע שווינדלען, אַלע פערריקטהייטען האָבען זיך פעראייניגט און געשטערט אונזער טהעטיגקייט און אונזערע אָנשטרענגונגען.

ס׳פלעגט פּאַסירען אַמאָל, אַז מיר פלעגען איינגעבראַכט ווערן געגען אַזויפיעל רשעות, און דאָך פלעגט לואיזע אַ מאַך טהאָן מיט דער האַנד אויף

אַלצדינג, זי האָט געוואָלט אַלעס פֿערצייהען. ווען ניט איהרע ביטעס, וואָלט ניט איין פֿאָרטגעשריטענער „אויפֿריכטיגער זשורנאַליסט" צוגעשלאָגען געוואָרען צום שאַנד קלאָץ.

נאָר סיי ווי סיי, דיזעלבע, וועלכע האָבען איהר אין געהיים בעליידיגט, פֿערלוימדעט און אויסגעלאַכט, — דיזעלבע האָבען זיך מעהר פֿון אַלעמען געשאַרט אַרום איהר טויטען קערפּער, אָרגאַניזירענדיג פֿון איהר כבוד וועגען אַ טריאומף־מאַרש אין זי דערמאָנענדיג היינט צו טאָג ביי יעדע געלעגענהייט.

זאָל זייער געוויסען, אויב זיי האָבען איינעם, זיי ניט מאַטערן און פּלאָגען!

צווישען קאַמעראַדען אָדער פֿאַר'ן עולם האָט לואיזע קיינמאָל ניט געוואָלט מודה זיין, אַז מען האָט איהר אָנגעטהאָן צרות. „נאַ, גענאָסען, לאָמיר זיך ניט אַרומרייסען, ס'איז גאָרנישט. איהר האָט זיך ניט פֿערשטאַנען איינע די אַנדערע, דאָס איז אַלעס. מען מוז מאַכען שלום!" נאָר אַז מיר פֿלעגען בלייבען אַליין, האָט די אָרעמע אַלטע געליטען שרעקליך; און איך ווייס, וואָס פֿאַר טיעפֿע, מורא'דיגע שמערצען זי האָט פֿון דעם אַלעמען געהאַט. זי האָט מעהר ווי איינמאָל געוויינט, די ג ו ט ע ל ו א י ז ע, אין פֿערלויף פֿון אינזער לעצטען טור, זיך דערמאָנענדיג אָן דער „אויסגעצייכענטער סאָלידאַריטעט" פֿון געוויסע גענאָסען.

איינמאָל, דאָס איז געוועזען אין אַלזשער, האָט זי זיך ביטער צואויינט פֿאַר מיר. און איך האָב געפּרואווט זי טרייסטען, ריידענדיג מיט איהר וועגען די רעזולטאַטען, וואָס מיר האָבען עררייכט, און וואָס מיר וועלען נאָך עררייכען. — „יאָ, מיין אָרעמער זשיראָל," האָט זי געענטפֿערט, „דאָס אַלעס איז גאַנץ שעהן; אָבער איין זאַך פֿערביטערט מיר דאָס האַרץ. מען סמייעט ניט מיך אָנגרייפֿען עפֿענטליך, נאָר אַז איך וועל שטאַרבען, וועט איהר דאָס אַלעס בעצאָהלען."

שפּעטער האָב איך בעמערקט, אַז זי איז געוועזען גערעכט; נאָר נאָך וואָס זאָל איך מאַכען אַ וועזען דערפֿון?!

. . דאָס וואָס כאַראַקטעריזירט אַם בעסטען די לעצטע אַרט און ווייזע פֿון איהר טעמפּעראַמענט, דאָס וואָס ווייזט ווי פֿעסט איבערצייגט זי איז געוועזען אין די לעצטע אויסדריקע פֿון איהר געדאַנקען־גאַנג, איז דאָס, וואָס זי האָט ביז דער לעצטער שטונדע פֿון איהר לעבען געהאַט אַן אונגעהייערן גלויבען אין דער רעוואָלוציאָן, אַן אַבסאָלוטע זיכערהייט מכח דעם ערפֿאָלג פֿון דעם ג ר ו י ס ע ן ג ע נ ע ר אַ ל ־ ס ט ר י י ק. און דאָס, וואָס האָט הויפּטזעכליך ביי־געטראָגען צו פֿערפֿעסטיגען, צו פֿעראַנקערן אין איהר דיזען גלויבען און דיזע זיכערהייט, איז געוועזען איהר רייזע אין אַלזשיר. די אַראַבער און די אידען האָבען זי אויפֿגענומען, האָבען זי אויסגעהערט זאָגאַר אין איהרע שאַרפֿסטע רעדעס. דאָס האָט איהר אויסגעוויזען אונגעהערט; זי וואָלט זיך קיינמאָל

ניט געריבט דעריף. „דאָס זיינען", פֿלעגט זי מיר זאָגען, „די ראַסען, וועלכע וואַכען אויף: זיי פֿיהלען, אַז די רעוואָלוציאָן קומט אָן. דער איסלאַם, דער מחמד׳אַניזם, וועלכען מען האָט גערעכענט פֿאַר פֿערשלאָפֿען, וועט אין גיכען זיין מיט אונז. וואָס איז שייך צו די אידען, וועט איהר זעהן, אַז זיי וועלען אונז נאָך אין גיכען איבערשטייגען!"

די גרויסע רעוואָלוציאָנערין איז נאָך קיינמאָל ניט געוועזען אַזוי גליקליך ווי דאַן, ווען זי האָט דורכגערייזט אַלזשיר. די צרות, די הינדערניסע, די שוועריגקייטען פֿון דער פּראָפּאַגאַנדאַ האָבען זי געמאַכט איבערלעבען צוריק די אַמאָליגע קאָכעדיגע צייטען פֿון איהר לעבען. און אַחוץ דעם, וואָס פֿאַר אַ פֿרייד איז דאָס געוועזען פֿאַר איהר צו דיינקען, אַז די ערוואַכונג פֿון די בעפֿעלקערונג פֿון אַלזשיר איז צו פֿערדאַנקען איהר טהעטיגקייט, איהר איבערגעבענהייט!

אָך! דיזע טיעפֿע פֿרייד, וואָס אַלע אַפּאָסטאָלען האָבען דורכגעפֿיהלט אין דעם שטענדיגען און ביטערן קאַמפּף פֿון איבערצייגונגען, אין דער אויפֿאָפּפֿערונג פֿון איהר פּערזענליכקייט און פֿון איה־ע אינטערעסען, — דיזע פֿרייד האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

נאָך אַ צוואַנציג פֿערזאַמלונגען און אַ רייזע, ויאָס דער שרייבער פֿון דיזע צייל‍ען האָט געמאַכט אין פֿיגואיג, זיינען מיר צוריקגעקומען קיין פֿראַנקרייך, דאָס געבורטס לאַנד פֿון דער רעוואָלוציאָן און פֿון דער אַנאַרכיע. וואָס פֿאַר צרות, וואָס פֿאַר אונאַנגענעהמליכקייטען און יסורים האָבען אונז דאָרט ערוואַרטעט!

אָך! דיזער לעצטער מאָנאַט פֿון דער גוטער לואיזע׳ס לעבען, מיט וועלכע מורא׳דיגע יסורים איז ער דאָס אַביסעל געזונט אָנגעפֿילט! ראשית כל, האָבען מיר פֿערלאָזען אַלזשיר אָהן אַ סאַנטים אין טאַש, אונזער אַרומפֿאָהרען און זיך אָבשטעלען איבעראַל און דערצו נאָך די געלד־שטיצע, וואָס מיר האָבען געפֿינען פֿאַר נייטיג צו געבען די אַלזשירער צייט־שריפֿט „ליבר עקזאַמען" — דאָס האָט איינגעשלונגען ביז דעם לעצטען סו אונזערן.

מיין וואונש איז געוועזען, אַז לואיזע זאָל זיך אָברוהען אַ שטיקעל צייט ערגעץ וואו אין זיעד־פֿראַנקרייך; נאָר מיר זיינען איינפֿאַך געצוואונגען געווען גלייך צו אַראַנזשירען אַ געוויסע צאָהל פֿערזאַמלונגען, אום צו שאַפֿען דאָס נייטיגע געלד פֿאַר די אונבעדינגטע באַלדיגע מאַטעריעלע בעדירפֿניסען. דאַן האָבען מיר דאָס דערפֿיהלט, ווי עס מאַניפֿעסטירט זיך געגען אונז אַ שטומע פֿיינדשאַפֿט, אַ היגטערליסטיגע קאָנספּיראַציע, וועלכע האָט זיך געוועבט אין דער שטיל און וואָס די מאַכערס איהרע האָבען זיכער ניט אַלע געהערט צו דער רעאַקציאָנערער באַנדע, געוויסע „סנאָבס פֿון דער רעוואָלוציאָן" האָבען זיך גענומען וואַרפֿען מיסטרויען אויף דיזער נאָבעלער זעעלע, וועמעס גוטסקייט און גרויסמוטהיגקייט זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט זיי פֿאָלשטענדיג צו ענטשולדיגען זייער קליינליכע אייפֿערזוכט און זייער נידעריגקייט.

אונזערע געגנער, די רעאַקציאָנערין, זיינען אָנגעפֿאַלען אויף אונז פּאָ־אויס אין זייערע צייטונגען אָדער אין אַפּישען; דאָס איז געווען גאַ ין נאַטירליך און לאָגיש פֿון זייער זייט. אָבער וואָס זאָל מען דיינקען וועגען די זאָגענאַנטע „קאָמעראַדען", וועלכע האָבען געמאַכט א טערעווואָגע אין די גרופען און אין די סינדיקאַטען, פֿאַרשפּרייטענדיג וועגען אונז אַלערליי פֿערלייםדונגען און נאַרישקייטען, כדי צו ווירקען, אַז אונזערע פֿערזאַמלונגען זאָלען בלייבען ליידיג? אַח ין טולאָן, ניס און דאָס קליינע שטעטעל אָרעזאָן, וואו די געגנאָסען האָבען אַרויסגעצייגט לואיזע'ן די ריהרענדסטע סימפּאַטיע, איז די סעריע פֿון אונזערע פֿערזאַמלונגען געווען קלעגליך. קיינמאָל זיינען ניט געקומען אַזוי ווייניג מענשען ווי דאַן.

לואיזע האָט זיך געטרייסט, דיינקענדיג וועגען די ע־אייגניסע אין רוסלאַנד, וועגען דער רעוואָלוציאָן, וואָס ווערט געבוירען אין דעם לאַנד פֿון די אָטאָקראַטישע צאַרען.

„זעהט איהר, זשיראָל," האָט זי מיר איינמאָל געזאָגט, „דאָ זיינען זיי אייזלען; זיי פֿערשטעהען ניט׳ אָט אַפּנים די געשיכטע האָט זיי אַריבערגעיאָגט. אָבער זעהט דאָרט אין רוסלאַנד, זעהט ווי שעהן עס איז! איהר וועט זעהן: אין דעם לאַנד פֿון גאָרקי און קראָפּאָטקין וועלען פֿאָרקומען הערליכע זאַכען. איך פֿיהל ווי זי שטייגט אויף, ווי זי ווערט גרויס, די רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט אַוועקקעהרען דעם צאַר אין אַלע זיינע גרויס פֿירסטען און די גאַנצע סלאַווישע ביוראָקראַטיע, און וועט איבערקעהרען דאָס דאָזיגע אונגעהייער גרויסע „טויטען הויז". וואָס עס וועט זיין ערשטוינענדער פֿון אַלעס, איז דאָס, וואָס אין מאָסקווע, אין פּעטערבורג, אין קראָנשטאַדט, אין סעוואַסטאָפּאָל וועלען די סאָלדאַטען זיין מיט'ן פֿאָלק. דיזער אָפֿיציר, וועלכער האָט געראַטהען זיינע סאָלדאַטען זיי זאָלען ניט שיסען, וועט האָבען נאָכפֿאָלגער, וועלכע וועלען איהם נאָכטהאָן, איהר קענט זיין זיכער דערויף. מען האָט איהם געהרג׳עט, ניט וואָהר? ניין, ער וועט אָבער לעבען און לעבען די גאַנצע צייט, וואָס עס וועט אָנהאַלטען דער גרויסער סלאַווישער אויפֿשטאַנד!"

ווירקליך, זי האָט געפֿיהלט, ווי ער קומט, דער אויפֿשטאַנד, וועלכער האָט דערנאָך אַרומגענומען דאָס אונגעהייערע רוסלאַנד. זי האָט פֿאָראויסגעזעהן דעם „פּאָטיאָמקין", דעם בונט פֿון די סאָלדאַטען און פֿון די בויערן, דעם אויפֿשטאַנד פֿון אַלע קלאַסען געגען דער דינאַסטיע פֿון די ראָמאַנאָוס, דעם ענטהוזיאַסטישען אַנטהייל, וואָס די סטודענטען און די געלערנטע פּראָפֿעסאָרען האָבען גענומען אין דער בעפֿרייאונג פֿון אַ פֿאָלק, וואָס איז צו לאַנג געווען פֿערשקלאַפֿט. אַזוי ווי אַ פּראָפֿעטין האָט זי אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פֿון דער מעכטיגער רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט איבערבייטען אַרעס אין אונזער צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. ביים סוף פֿון דעם דאָזיגען לאַנגען מאַרטירערטהום, וואָס איהר־לעבען איז געווען, האָט זי געמוזט פֿיהלען אַן אמת זיסע טרייסט צו זעהן, ווי עס הויבען זיך אויף די גרויסע ריכטער פֿון

דער געשיכטע, דינקמה נעהמער פֿון סאָפֿיא פעראָוסקאיא, פֿין באַלמאַשאָוו און פֿין קאַלאַיעף. די רוסישע רעוואָלוציאָן איז געוועזן דער אויפֿגעהענדער שטראָם פֿון האָפֿנונג, וואָס האָט געלאָסטישעט איהר געדאַנק, וועלכער איז פֿערביטערט געוואָרען דורך אַ האַלבען יאָהרהונדערט פֿון ענטטוישונגען און פֿין אימזיסטע יסורים. יעדען פֿריהמאָרגען, ווען זי האָט זיך נור אויפֿגעכאַפּט, האָט זי גלייך פֿערלאַנגט די צייטונגען, כדי צו וויסען, וואָס ס'טהוט זיך מכּה דער רוסיש יאַפּאַנישער מלחמה און מכּת דעם אַרבייטער-אויפֿשטאַנד. זי פֿלעגט איינפֿאַך פֿערשלינגען די נייעס. איינמאָל האָב איך זי געטראָפֿען מיט אַ צופֿריעדענעם שמייכעל אויף די ליפּען, זיך רייבענדיג די הענד. „וואָס האָט אַזוינס געטראָפֿען, לואיזע, וואָס איהר זייט אַזוי פֿרעהליך?“ האָב איך געפֿרעגט. „מען האָט געהרג'עט אַ גובערנאַטאָר,“ האָט זי געענטפֿערט, „אַ פֿערפֿלוכטען הונד, אין רוסלאַנד“.

ניט קוקענדיג אויף די דאָזיגע שטראַהלען פֿון האָפֿנונג, האָבען מיר פֿונדעסטוועגען דאָך געקענט אַרויסזעהן איהר טרויער און פֿערפֿינסטערטקייט. די אינערמידליכע פּראָפּאַגאַנדיסטין האָט דערפֿיהלט, אַז זי ווערט שוואַכער פֿון טאָג צו טאָג, אַז זי פֿערשווינדעט. איהר פֿערשטאַנד איז געבליבען קלאָהר ביז'ן כאַמע סוף, און זי האָט געהאַט דעם פֿאַלשטענדיגען אינסטינקט פֿון דעם טויט, וועלכער איז געקומען איבער איהר.

*

* *

אונזער לעצטע פֿערזאַמלונג איז געוועזן אין'ם קליינעם שטעטעל אָרע-זאָן. יענעם אָיוענד זיינען מיר ביידע מיט אַמאָל קראַנק געוואָרען. ס'איז געוועזן שטאַרק קאַלט, און כאָטש מיר זיינען געוועזן זעהר פֿאָרזיכטיג אויף דער רייזע, האָבען מיר זיך אין דער שטאָדט ניט מורא'דיג פֿערקיהלט. אין דער צייט, וואָס איך בין אָבגעקומען בלויז מיט אַ בראָנקיט, איז לואיזע'ס קראַנקהייט געוועזן אַכך ערנסטער: זי האָט געקראָגען אַ לונגען ענטצינדונג. זיך טרייבלענדיג פֿון פֿיבער, האָבען מיר פֿונדעסטוועגען אָבגעהאַלטען אונזער פֿערזאַמלונג אין אָרעזאָן, נאָר מיר זיינען געווען קאַפּוט; ווייטער איז דאָס ניט געגאַנגען.

מיר האָבען זיך געמוזט אומקעהרען קיין מאַרסייל. אָנקומענדיג אין דעם האָטעל „אָאַזיס“, איז יעדער איינער פֿון אונז אַריינגעפֿאַלען אין בעט. צו די צרות האָט נאָך מיין אייגענע פֿרוי, וועלכע איז מיטגעפֿאָהרען מיט אונז, מורא'דיג געליטען פֿין אַ האַלז-קראַנקהייט און פֿון פֿערשיעדענע אַנדערע אָנשיקענישען. אין עטליכע טעג אַרום האָב איך זיך אָנגעטהאָן אַ כּח און בין דאָך אויפֿגעשטאַנען: לואיזע האָט גע'גוסס'ט און מיין פֿרוי האָט געהאַט אַ געהירן-ענטצינדונג.

מיר זיינען געווען אַרומגערינגעלט פֿון אומעט, פֿון נויטה, פֿון ליידען און פֿון טרויער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען קען זאָגען און ווידער אַמאָל זאָגען, אַז לואיזע איז געשטאָרבען אַזוי ווי זי האָט געלעבט — אין מורא׳דיגער אָרימקייט. און וואָס מען זאָל ניט ריידען, אונזער לעצטער פינף פראַנק שטיק האָט געדיענט צו קויפען אַ באַלאָן פון זויער שטאָף. דער לעצטער פראַנק, וואָס מיר האָבען געהאַט, איז אַוועק מיט איהר לעצטען אָטהעם צוג.

פיער טעג צייט האָט מען איהר געגעבען אַלע פלעגע, וואָס זיינען נור געווען אין די מענשליכע כוחות. נאָר ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפען: אינזער זעהר טהייערע פריינדין האָט מעהר ניט געקענט לעבען.

ביז מיט איין טאָג פאַר איהר טויט האָט זי מיט אונז גערעדט זעהר פערנינפטיג, און איהרע לעצטע ווערטער זיינען געווען, ווי אימער, פול מיט האָפנונג און איבערצייגונג. זי האָט אונז מודה געווען, אַז זי האָט איבערגעגעבען העברי ראָשפאָר איהר טעסטאַמענט, בעמערקענדיג דערביי, אַז מען האָט דיזען מאַן אָבגענאַרט; אַז ווען ער וואָלט עס נור געוואָלט צוגעבען, וואָלט ער געווען אַ „געראַטעוועטער". זי האָט אויך ניט פערגעסען אונז צו בעטען, מיר זאָלען אַכטונג געבען, אַז דער פאַריזער פערלעגער זאָל אַרויסגעבען איהרע „מעמואַרען", ווי ער האָט זיך אינטערנומען. דערנאָך האָט זי, ווי אַלע גוסס׳ע, אָנגעהויבען כאָרבלען... דאַן איז זי שטיל געבליבען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דעם 10 טען יאנואַר 1905, 10 אַזייגער אין דער פריה, האָט לואיזע מישעל אויפגעהערט צו לעבען.

די גוטסקייט איז געשטאָרבען, האָט פערלאָזען די מענשען; די קריסטין אָהן אַ גאָט איז פערשוואונדען פון דער ערד.

ענדע.

---

